# שיחות קודש

## מכ"ק אדמו"ר שליט"א
## מליובאוויטש

## תשל"ח
## חלק א'



* * *

בלתי מוגה

בס"ד.

# פתח דבר

בתודה ושבח להשי"ת, הננו מוציאים לאור בהוצאה חדשה עם הוספות את ספר שיחות קודש מכ"ק אדמו"ר שליט"א ה'תשל"ה חלק א' (הכולל "הנחות" מכל השיחות שנאמר מר"ה עד מוצאי ש"פ ויקהל), והוא הכרך השלשים וחמש בסדרת ה"הנחות" (רשימות השומעים) משיחות קודש כ"ק אדמו"ר שליט"א שיצאו לאור בעזהי"ת.

בהוצאה זו השתדלנו להשלים (עד כמה שהי' באפשרותינו) את כל השיחות החסרות[1] בהוצאות קודמות, וכמבואר בפרטיות בה"פתח דבר" לכרך הראשון - שיחות קודש מכ"ק אדמו"ר שליט"א תש"י-י"א.

* * *

בכרך זה נוספו:

א) בתחילת הספר - מפתח כללי.

ג) בסוף הספר - ר"ד כ"ק אדמו"ר שליט"א - בזמנים שונים - מרשימות פרטיות של אחדים מהת'.

ד) לתועלת הלומדים והמעיינים - הוספנו בתחלת הספר מפתח מצוום לכל התוועדות בפני עצמה, תוכן השיחות דהתוועדות זו.

ה) בסוף הספר - רשימת השיחות שבספר זה שהוגהו ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א והמקומות שנדפסו שם[2].

* * *

יש להדגיש שוב ושוב, שהנחות אלו נרשמו עפ"י זכרון השומעים (בהתוועדויות שבימי החול - ע"פ "סרט הקלטה"), ואינן מוגהות ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א, ולכן אינם אלא על אחריות הרושמים בלבד, ואפשר שיש בהם טעויות ואי-הבנות.

ובמיוחד הדברים אמורים לגבי ה"הנחות פרטיות" שבהוצאה זו, שהיות ונרשמו ע"י אנשים פרטיים ולא עברו אפילו הגהה של בר סמכא, יתכן מאד שיש בהם טעויות הן בסגנון והן בהבנת הדברים.

* * *

תודתנו נתונה לכל אלו שמסרו את השיחות שבידם ע"מ לפרסמן, ולכל אלו שעזרונו בכל שלבי ההכנה לדפוס.

ויה"ר שנזכה להו"ל בקרוב את כל השיחות קודש, ע"פ התבנית המיוחלת, לרוות צמאונם של אחינו בנ"י בכל העולם כולו.

המוציאים לאור

ב"ז אדר ראשון, ה'תשמ"ו.

ברוקלין, נ.י.



---

1) ע"פ "מפתח מאמרים שיחות ומכתבים" שבעריכת הרה"ת י.י. שגלוב שי' (קה"ת, תשמ"א).

2) ולהעיר, לפעמים צויין בהשיחות ביחס לקטע מסוים "י"ל בפ"ע", והכוונה (בכמה מקומות) ללקוטי שיחות שצויינו ברשימה זו.

# מפתח

## תשל"ח חלק א'

## הוספות



* * *

## מפתח ענינים

### וזשל"ח וולע א'

### יום ב' דר"ה



### ש"פ וילך, שבת שובה



### ו' תשרי

## י"ג תשרי



## מוצאי שמחת תורה



## מוצאי ש"פ בראשית



## מוצאי ש"פ נח

## מוצאי ש"פ לך



## מוצאי ש"פ חיי שרה



## מוצאי ש"פ ויצא

## י"ט כסלו



## מוצאי ש"פ וישב



## כ"ו כסלו, ב' דחנוכה



## מוצאי ש"פ מקץ

## אור לי' טבת

דברי כבושין בתענית; התעוררות כללית לתשובה בעשרה בטבת; הוראה פרסית מענין המצור על ירושלים בעשרה בטבת; זהירות בדברי סופרים וכו'; "לא יקח שוחד" – זהירות מפשרות בעניני יר"ש וחינוך אצל העוסקים בצ"צ; הקשר ליום ג' שהוכפל בו כי טוב.

## קטע מאו לי' טבו

ע"ד איסור החזרת שטחים מארץ ישראל ע"פ הפסק דבעיר הסמוכה לספר מחללים את השבת וכו.

## עשרה בטבו

דברי כבושין: "שמרו משפט ועשו צדקה", חיזוק בתורה וצדקה, ועי"ז מביאים הגאולה.

## אור לכ"ד טבת



## מוצאי ש"פ וארא

י' שבט



מוצאי ש"פ בשלח

## ט"ו בשבט



## מוצאי ש"פ משפטים



## פורים קטן

## מוצאי ש״פ ויקהל



* * *

## לשון הברכה שאמר כ״ק אדמו״ר שליט״א
## אחרי קריאת הפ״נ כללי

**ערב ר״ה תשל״ח:**

זאל דער אויבערשטער ממלא זיין משאלות לבב כל אחד ואחת וכל בני ביתו לטובה ולברכה בטוב הנראה והנגלה,

אנהויבנדיק פון דער כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד.

און אויך ממלא זיין משאלות לבב כולם ודכל אחת ואחת אין די אלע ענינים הכללים און ענינים הפרטיים וועגן וועלכע מ׳שרייבט דא, וועגן וועלכע מ׳האט געדארפט שרייבן, וועגן וועלכע דער אויבערשטער ווייס אז מען האט זיי אויך געדארפט ארייגרעכענעו

— זאלן זיי נתמלא ווערן מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה בקרוב ממש ולמטה מעשרה טפחים,

אנהויבנדיק פון שנת אורה, און אזוי אויך אלע ברכות וואס יעדערע הויבט זיך אן מיט אן אות פון א״ב, ביז אות תי״ו — שנת תורה שנת תשובה שנת תפלה, און עאכו״כ א שנת גאולה, א גאולה פרטית און א גאולה כללית בביאת משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה ובקרוב ממש.

מ׳זאל האבן א כתיבה וחתימה טובה בטוב הנראה והנגלה כל אחד ואחת ובני ביתם, אמן וכן יהי רצון.

בס"ד. שיחת יום ב' דר"ה ה'תשל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

צוה לנגן ניגון הבעש"ט המגיד ואדה"ז (ג' תנועות). ניגון מאדה"ז (אבינו מלכנו). ניגון אדמו"ר האמצעי. ניגון הצ"צ (ימין ה'). ניגון אדמו"ר מהר"ש. ניגון אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע. הבינוני. אתה בחרתנו.

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה מן המיצר קראתי י-ה ענני במרחב י-ה.

ב. מ'האט גערעדט פריער (שיחת ליל ערב ר"ה) אז די קביעות פון ר"ה בש.ז. איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, וואס דער ענין פון הוכפל בו כי טוב איז, אז דאס איז "טוב לשמים וטוב לבריות" (קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. ועוד).

וואס לכאו' קען מען ניט וויסן וואס איז דער חידוש. וואס איז צוגעקומען אין דעם "כי טוב" פון יום השלישי -

איז וויבאלד אז ביום הראשון איז געזאגט געווארן "כי טוב", און יום ראשון איז געוועזן "יום <u>אחד</u>", דערפאר וואס דעמולט איז געוועזן מערניט ווי אלקות (פירש"י בראשית א, ה), איז דאך פארשטאנדיק, אז דער "כי טוב" וואס שטייט ביים ערשטן טאג, איז דאס "טוב <u>לשמים</u>" (וויבאלד אז ס'איז דא מערניט ווי אלקות);

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס'קומט צו ביום השלישי נאכאמאל "כי טוב" - איז דער חידוש אין דערויף אז דאס איז אויך "טוב <u>לבריות</u>".

וכמדובר כמ"פ אז יעדער רגע ועניין פון יום השלישי איז אין אן אופן אז ער האט אין זיך סיי דעם עניין פון "טוב לשמים" און סיי דעם ענין פון "טוב לבריות", ווארום בשעת מ'גיט ביי אים א פרעג וועלכער רגע איז דאס, זאגט ער אז דאס איז א רגע פון יום השלישי שהוכפל בו כי טוב, סיי "טוב לשמים" און סיי "טוב לבריות".

וואס דאס איז בנוגע צום ערשטן טאג פון ר"ה, וואס ער איז חל ביום השלישי, וואס עניינו איז "טוב לשמים וטוב לבריות",

ועד"ז איז מובן בנוגע דעם צווייטן טאג פון ר"ה - ווארום וויבאלד אז ביידע טעג פון ר"ה זיינען "יומא אריכתא", ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע (או"ח סת"ר ס"ג), מיט א גאנצע אריכות ושקו"ט בזה, וואס דערפון

- איז -

איז פארשטאנדיק, אז ביז צום לעצטן רגע פון דעם "יומא אריכתא" דר"ה, שטייט דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות" <u>בגלוי</u>.

און וויבאלד אז אידן האבן בכח צו מוסיף זיין על הקודש, איז פארשטאנדיק אז בשעת מ'האלט נאך פאר תפלת מעריב, עאכו"כ אז ס'איז פאר הבדלה – שטייט דעמולט בגלוי דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות".

ג. ובהמשך לזה – איז כאן המקום צו מעורר זיין וועגן אן ענין וואס איז (ביי מיר געווען כמה זמן) א פלא גדול:

ס'איז דאך דא דער מנהג ישראל – וואס "מנהג ישראל תורה היא" (תוד"ה נפסל מנחות כ, ב) – אז פאר חג הפסח גיט מען "מעות חטים", ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין שו"ע (אדה"ז או"ח סתכ"ט ס"ה-ז) פרטי הדינים שבזה.

וואס דער טעם אויף דערויף איז מובן בפשטות – אז אזוי ווי ס'קומט דאך א יו"ט פון זיבן טעג, עאכו"כ אין חו"ל וואס דאס איז אכט טעג, און דעמולט איז דאך ניט שייך קיין ענין פון ע"מ לקבל פרס (ענינים של פרנסה וכו'),

ונוסף לזה – ס'קומען נאך צו די הוצאות מיוחדות פון שבת ויו"ט, ווארום ס'דארף דאך זיין דער ענין פון מענגו באכילה ושתי', ועאכו"כ ווען ס'איז דא זיבן טעג, איז דאך דא צווישן זיי סיי יו"ט און סיי שבת, ובמילא זיינען דא הוצאות נוספות מערער ווי דאס איז בכל השנה –

וואס דערפאר האט מען מתקן געווען (און ס'איז געווארן אין אן אופן פון "תורה היא") אז בכל עיר ועיר זאל מען צוזאמענקלייבן מעות חטים, און מ'זאל דאס פאנאנדערטיילן צו די וואס דארפן דערצו אנקומען.

ביז וואנעט אז יעדערער איז מחוייב (און טוט טאקע אזוי) צו משתתף זיין זיך אין דעם ענין פון מעות חטים, ווי ס'דארף זיין מצד שורת הדין, ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין שו"ע (שם), ביז אז ער דארף נאך געבן לפנים משורת הדין.

ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין פון גמ"ח וצדקה, וואס דעמולט דארף דאס זיכער זיין לפנים משורת הדין, וויבאלד אז דאס איז נוגע צו א צווייטן.

און דאס דארף געגעבן ווערן בסבר פנים יפות, ווי ס'איז מודגש בנוגע צו דעם ענין פון צדקה אז דאס דארף זיין בסבר פנים יפות (שו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ג), ד.ה. אז נוסף לזה וואס דער קיום פון יעדער מצוה דארף זיין בשמחה ובטוב לבב (רמב"ם סוף הל' לולב), קומט נאך צו א הדגשה בנוגע צו מצות צדקה, אז דאס דארף זיין בסבר פנים יפות.

- ד. -

ד. ועפי"ז ווערט דאך א דבר פלא: פארוואס געפינט מען ניט דעם זעלבן ענין בנוגע צו חג הסוכות?

ואדרבה: חג הסוכות קומט דאך בהמשך צו יום הקדוש און ר"ה, וואס בר"ה זיינען אויך דא הוצאות נוספות, און ס'קען ניט זיין דער ענין פון לקבל פרס (פרנסה), ועד"ז בנוגע ליום הקדוש,

ובפרט בנוגע צו חגה"ס, וואס בחגד"ס זיינען דא גרעסערע הוצאות פון חגה"פ, ווארום בחגה"פ דארף זיין (נוסף אויף די הוצאות שבכל יו"ט) נאר דער ענין פון "פסח, מצה ומרור", וואס דאס איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, און בזמן הגלות - נאר מצה ומרור;

משא"כ בנוגע צו חגה"ס, וואס נוסף אויף די הוצאוה פון יעדן יו"ט, דארף זיין דער ענין פון בניית סוכה, און ד' מינים - זיינען דאך די הוצאות פון חגה"ס מערער פון די הוצאות פון חגה"פ.

ובפרט אז בחגה"ס קומט צו נאך א טאג - ווארום חגה"פ איז נאר זיבן טעג, און חגה"ס איז אכט טעג (און אין חו"ל - איז חגה"פ אכט טעג, און חגה"ס ניין טעג), און אעפ"כ געפינט מען ניט אז פאר סוכות זאל זיין דער זעלבער ענין ע"ד ווי מעות חטים וואס איז דא פאר פסח.

וכאמור לעיל אז דאס הויבט זיך אן פון ר"ה, וואס בד"ה זיינען אויך דא הוצאות מיוחדות - ועפ"ם המבואר בכ"מ (לקו"ת נצבים מח, סע"ב) דער ענין פון "בכסה ליום חגינו" (תהלים פא, ד), אז דער ענין פון ר"ה איז פארבונדן און גייט צוזאמען מיט סוכות, איז פארשטאנדיק, איז אויך בד"ה זיינען דא הוצאות נוספות (ע"ד ווי בחגה"ס) -

ווי ס'שטייט אין שו"ע (אדה"ז או"ח סתקפ"ג ס"ד) אז בר"ה דארף זיין דער ענין פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים" (נחמי' ח, י), וכמובן בפשטות אז נוסף אויף דעם ענין השמחה ועונג וואס איז דא בר"ה אזוי ווי בכל יו"ט, קומט נאך צו בר"ה דער ענין פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים" - און אעפ"כ געפינט מען אז ס'זאל זיין אן ענין מיוחד ע"ד ווי מעות חטים.

ה. נאכמער: אין המשך הפסוק "אכלו משמנים גו'" (וואס התחלתו ברענגט זיך אראפ אין שו"ע (שם)) שטייט: "ושלחו מנות לאין נכון לו", וואס דער פי' הפשוט אין דעדויף איז, אז מ'זאל שיקן עניני אכילה צו דעם וואס האט ניט קיין אייגענע (פירש"י עה"פ), וואס דאס איז דאך דער ענין הצדקה -

שטייט דאך אין פסוק בפירוש דער ענין פון "ושלחו מנות גו'" בנוגע צו דעם טאג פון ר"ה, איז ניט פארשטאנדיק:

- פארוואס -



הנחת הת' בלתי מוגה

פארוואס געפינט מען ניט קיין דין אז פאר ר"ה דארף מען באזארגן דעם וואס "אין נכון לו", ער זאל האבן אויף די הוצאות פון ר"ה (ע"ד ווי דער דין איז בנוגע צו פסח)?

ועד"ז בנוגע צו חגה"ס - איז דאך מבואר אין זהר (ח"ג קג, ב ואילך) אז דעמולט איז דא א הדגשה מיוחדת אויף די מצוה פון הכנסת אורחים מערער ווי אין די איבעריקע ימים טובים;

וואס אין פסוק (ראה טז, יד) שטייט: "ושמחת בחגך אתה גו' והלוי והגר והיתום והאלמנה" - די "ארבעה שלי" (פירש"י שם יא), וואס דאס איז דאך בשוה אין אלע ימים טובים; אבער אין זהר איז מען מדגיש דעם ענין פון "אושפיזין" - הכנסת אורחים - במיוחד בנוגע צו חגה"ס -

האט לכאו' געדארפט זיין דער דין, אז אזוי ווי קודם הפסח גיט מען מעות חטים צו די וואס האבן ניט קיין אייגענע, דארף מען זיי אויך געבן אויף די הוצאות פון ר"ה און חגה"ס?

ו. וההסברה בזה (בדא"פ):

בר"ה טוט מען דאך אלע ענינים וואס באווייזן אויף גדלות, און אויף א שנה טובה ומתוקה, וואס דערפאר עסט מען א תפוח מתוק בדבש, און מ'זאגט "שתחדש עלינו שנה טובה ומתוקה", און ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין שו"ע (רסתקפ"ג. שם ס"ב-ה) אז מ'עסט נאך ענינים וואס באווייזן אויף רוב וריבוי ומתיקות, און אויף כל ענינים טובים.

וואס אע"פ אז דאס איז מערניט ווי א סימן (ווי די גמ' (כריתות ו, א) נוצט טאקע דערביי דעם לשון "סימן"), קען ער דאך לכאו' יוצא זיין מיט מחשבה אליין, אדער עכ"פ מיט דיבור - איז וואס דארף מען האבן אז ס'זאל אויך זיין א ראי' בעינים, עאכו"כ לויט ווי ס'ברענגט זיך אראפ בכמה פוסקים אז ס'דארף זיין דער ענין פון אכילה בפועל -

זעט מען דאך אבער, אז בר"ה דארף זיין אן ענין של <u>פועל</u> וואס באווייזט אויף מתיקות און ריבוי, עשירות און גדלות און ראש, ביז אין אן אופן פון טוב הנראה והנגלה.

ומובן בפשטות אז בר"ה טאר ניט זיין קיין ענין וואס איז א סימן אויף אן ענין הפכי ח"ו.

ועפי"ז איז פארשטאנדיק אז מ'קען ניט מאכן קיין "מנהג ישראל" אז בערב ר"ה (אדער לפנ"ז) זאל זיין דער ענין פון "ושלחו מנות לאין נכון לו" (וויבאלד אז ס'קומט ר"ה און יום הקדוש און חגה"ס, וואס דעמולט זיינען דא הוצאות מיוחדות) - ווארום דאס איז דאך דער היפך פון א סימן טוב (אז מ'באווייזט אז ס'איז דא די מציאות פון "אין נכון לו").

- און -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

און ווייבאלד אז ס'איז דא דער מנהג בכ"מ, אז אנהויבנדיק פון ר"ח אלול זאל מען שוין דערמאנען אין א אגרת לחבירו דעם ענין פון לשנה טובה תכתב ותחתם (לקוטי מהרי"ל במקומו), איז דאך פארשטאנדיק אז מ'קען ניט מאכן א מנהג (און ס'זאל ווערן אן ענין של תורה) וואס איז א סימן אויף היפך הטוב.

ז. ס'איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: לכאו' קען-דאך זיין אן ענין של הלואה, וואס דער ענין פון גמ"ח איז דאך פאראן אויך ביי עשירים (סוכה מט, ב)?

איז דער ביאור בזה:

באותה שעה וואס דער עשיר דארף אנקומען צו דעם ענין פון גמ"ח, איז ער דאך דער היפך פון אן עשיר, ווי די גמ' (ראה ירושלמי פאה פ"ח ה"ח) זאגט אויפן פסוק "אשרי משכיל אל גו'" (תהלים מא, ב), אז באותה שעה וואס ער דארף אנקומען צום גמ"ח, איז ער דער היפך פון אן עשיר.

וואס דערפאר קען מען אויך ניט מתקן זיין אז ס'זאל זיין אין אן אופן של הלואה - ווייל בר"ה טאר מען ניט טאן קיין ענין וואס איז א סימן אויף היפך הטוב, אפי' אז דער היפך הטוב איז מערניט ווי באותה שעה.

ח. עפי"ז ווערט דאך די שאלה אויפן פסוק אין נחמי' [וואס דער אלטער רבי זאגט אין שו"ע (סתקפ"ב ס"ד) "וכן כתוב בעזרא אכלו משמנים גו'" - אבער די כוונה איז צום פסוק אין נחמי', און דאס וואס ער זאגט אז דאס שטייט אין עזרא, איז דאס דערפאר וואס נחמי' האט ניט זוכה געווען שיקרא על שמו (סנהדרין צג, ב)]: ווי אזוי' האט מען געזאגט בר"ה "שלחו מנות לאין נכון לו" - ס'איז דאך א סימן פון היפך הטוב?

איז דער ביאור בזה - ע"ד הצחות:

די גמ' (ביצה טו, ב) שטעלט זיך אויפן פסוק "אכלו משמנים ושתו ממתקים ושלחו מנות לאין נכון לו", און פרעגט: "מאי לאין נכון לו", און פארענטפערט: "למי שלא הניח עירובי תבשילין".

ד.ה. אז דא רעדט זיך וועגן אזעם וואס האט אלע ענינים מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, נאר אזוי ווי בערב ר"ה איז ער געווען ביי א חסידישן פארברייינגען, האט ער פארשלאפן און האט ניט געמאכט קיין עירוב תבשילין. אדער אויב ער איז א מוסר'ניק, איז ער געווען פארנומען בערב ר"ה מיט די התבוננות אין שפלות האדם (נאך די התבוננות אין גדלות הא-ל), און דערפאר האט ער פארגעסן מאכן אן עירוב תבשילין.

- און -

און וויבאלד אז אין פסוק רעדט זיך ניט וועגן איינעם וואס האט ניט וואס צו עסן, נאר ס׳רעדט זיך וועגן איינעם וואס האט פארגעסן מאכן אן עירוב תבשילין - איז פארשטאנדיק אז דער "שלחו מנות לאין נכון לו" איז ניט קיין סתירה דערצו וואס בר"ה טאר מען ניט מאכן קיין ענין וואס איז דער היפך פון א סימן טוב.

ס. עד"ז קען מען אויך מבאר זיין (ע"ד הצחות) די שאלה פון גמ׳ "מאי אין נכון לו" - דלכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז די שאלה "מאי אין נכון לו", אז מ׳גיט א קוק אין פירש"י עה"פ, זעט מען אז רש"י טייטשט אפ בפשטות - "לעני שאין מזומן לו מאכלו"?

איז מבאר דער מהרש"א (חדא"ג לביצה שם), אז קושיית הגמ׳ איז אויף דעם לשון "אין נכון לו" - פארוואס שטייט "אין נכון לו", לכאו׳ האט געדארפט שטיין "אין לו". און אויף דערויף ענטפערט די גמ׳ "שלא הניח עירוב תבשילין", וואס דערפאר קען מען ניט זאגן "אין לו", ווייל ער האט דאך יע, נאר "אין נכון לו", ס׳איז ניט צוגעגרייט לאכילה, ער קען זיך ניט נוצן דערמיט.

אבער ע"פ האמור לעיל (בהמאמר), קען מען מבאר זיין קושיית הגמרא בפשטות:

קושיית הגמרא איז, וויבאלד אז התורה היא נצחית, איז ווי קען מען דערמאנען בר"ה אן ענין פון "אין נכון לו" - ער האט דאך געהאט בר"ה דעם ענין פון כתיבה וחתימה טובה בנוגע צו אלע ענינים, האט ער דאך אלע ענינים וואס ער דארף האבן,

ביז וואנעט אז ס׳שטייט אין מדרש (ירושלמי ר"ה פ"א ה"ג) און ס׳ברענגט זיך אראפ אין טור (או"ח סתקפ"א), אז בערב ר"ה איז לובשים לבנים ומתעטפים לבנים, דערפאר וואס מ׳איז בטוח אז ס׳וועט זיין דער זוכים בדין; און ס׳איז דאך מבואר אין הגהות מיימוני (הל׳ תשובה פ"ג ה"ג) אז דער דין ומשפט פון ר"ה איז אויף ענינים גשמיים, איז וויבאלד אז ס׳איז געווען דער זוכים בדין, האט מען דאך אלע ענינים גשמיים -

איז ווי קען מען זאגן בר"ה דעם ענין פון "אין נכון לו", וואס דאס איז די קושיא "מאי אין נכון לו" - ווי קען זיין בר"ה אן ענין פון "אין נכון לו"?!

און די גמ׳ פארענטפערט, אז ער האט טאקע די אלע ענינים גשמיים, ס׳איז מערניט וואס ער האט פארגעסן מאכן עירוב תבשילין.

- י. -

י. דער ביאור בפשטות אויף דעם וואס איך נחמי' שטייט "שלחו מנות לאין נכון לו" בנוגע צו ר"ה, אע"פ אז לכאו' איז דאס דער היפך פון א סימן טוב:

דער פסוק רעדט דאך וועגן דעם טאג פון ר"ה אליין, ד.ה. אז מ'האלט שוין נאך קרה"ת, און נאכן דאוונען, האט עזרא געזאגט "אכלו משמנים ושתו ממתקים" - איז בנוגע צו די וואס האבן משמנים וכו', דארף מען גארניט באווארענען, אבער בנוגע צו די וואס האבן ניט, האט עזרא געזאגט "ושלחו מנות לאין נכון לו", ווארום וויבאלד אז יענער האט ניט, דארף ער אים געבן, און דאס וואס דער אויבערשטער האט אים ניט געגעבן, איז "בהדי כבשי דרחמנא למה לך" (ברכות י, א), ער דארף טאן דעם ענין פון "שלחו מנות לאין נכון לו".

און וויבאלד אז דער פסוק רעדט דאך וועגן דעם טאג פון ר"ה גופא, איז ווען מ'האלט שוין נאכן דאוונען וכו', דארף מען שוין ניט באווארענען אז מ'זאל ניט טאן קיין פעולה וואס איז דער היפך פון א סימן טוב - און דערפאר האט עזרא געזאגט "שלחו מנות לאין נכון לו".

יא. עפי"ז ווערט פארשטאנדיק דער דבר פלא - פארוואס לערנט מען ניט אפ קיין דין פון דעם פסוק "שלחו מנות לאין נכון לו" (פונקט ווי מ'לערנט אפ א דין פון תחלת הפסוק "אכלו משמנים גו'") -

וואס די הסברה בזה איז (כנ"ל): א) אין דעם פסוק רעדט זיך וועגן איינעם וואס האט פארגעסן מאכן עירוב תבשילין, און דער דין שטייט טאקע אין הל' יו"ט (ראה שו"ע סתקכ"ז ס"ז, ובט"ז שם);

ב) אין דעם פסוק רעדט זיך וועגן אמצע היום דר"ה, וואס דעמולט דארף מען ניט באווארענען דעם היפך פון א סימן טוב - אבער אין שו"ע קען מען דאס ניט אריינשטעלן; אין הל' ר"ה האט דאס ניט קיין ארט, ווייל דעמולט וועט דאס זיין דער היפך פון א סימן טוב, און דער דין אז ביו"ט דארף מען ארויסהעלפן דעם וואס האט ניט די צרכים פון דעם יו"ט - שטייט שוין אין הל' יו"ט (רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הי"ח. שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט סי"א), ומובן בפשטות אז דאס איז אויך בנוגע לר"ה, דלא גרע פון אלע איבעריקע ימים טובים.

מ'קען אבער ניט מאכן קיין הדגשה אין הל' ר"ה אויף דעם ענין פון "שלחו מנות לאין נכון לו", ווארום בפשטות האט דאך יעדער איד די כתיבה וחתימה טובה לאלתר, און מ'איז זוכה בדין בזה ביום הדין, וואס אין דערויף איז אויך נכלל אז ער האט אלע זיינע צרכים, און מ'דארף ניט אנקומען צו "שלחו מנות גו'".

- יב. -

יב. וויבאלד אז מ'געפינט זיך איצטער אין דעם סיום פון דעם "יומא אריכתא" דר"ה (אע"פ אז ס'איז נאך פאר מעריב, איז דאס נאך דעם "יומא אריכתא" דר"ה), איז אזוי ווי דעמולט (בזמן עזרא) האט מען מכריז געווען "שלחו מנות לאין נכון לו", איז כאן המקום לעורר:

אזוי ווי מ'געפינט זיך פאר סוכות, און אפי' פאר יוהכ"פ, און מ'וויל דאך האבן אז יעדערער זאל זיך קענען מתעסק זיין אין עבודת ה' אן קיינע בלבולים פון פרנסתו ופרנסת בני ביתו -

איז א דבר הכי נכון, אז גלייך נאך הבדלה, אדער עכ"פ מארגן אינדערפרי, זאל מען טראכטן וועגן "שלחו מנות לאין נכון לו" (ניט בנוגע צו דעם וואס האט פארגעסן מאכן אן עירוב - וואס בקביעות ש.ז. איז דאך דאס ניט שייך ניט בנוגע צו ר"ה, און ניט בנוגע צו סוכות, נאר "שלחו מנות לאין נכון לו") בפשטות,

ד.ה. אז אויב ס'איז דא איינער וואס "אין נכון לו" פאר די הוצאות פון יו"ט (מאיזה סיבה שתהי'), זאל מען אראפנעמען פון אים די דאגה בנוגה צו חגה"ס, אין אלע פרטים וואס מ'דארף האבן, סיי דעם ענין פון "אשה במה משמחה - בבגדים כו'", און סיי בנוגע צו די תינוקות, ווי דער אלטער רבי (שו"ע או"ח סתקכ"ט ס"ז) איז מבאר אז דער ענין פון שמחת יו"ט דארף זיין ביי יעדערער לפי ענינו.

ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון "אין שמחה אלא ביין" (פסחים קט, א), וואס דער אלטער רבי (שו"ע שם ס"ו) פסק'נט דאך אז בזמן הזה איז דאס אויך מדאורייתא, ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון "אין שמחה אלא בבשר" (פסחים שם), אע"פ אז בזמן הזה איז דאס נאר מדרבנן (שו"ע אדה"ז שם ס"ו), ביז וואנעט אז ס'איז דא א סברא (טואו"ח סקפ"ח, ובב"י וב"ח שם. שו"ע אדה"ז שם ס"י. סתקכ"ט ס"ד) אז מן התורה דארף גאר זיין פת ובשר ביחד.

און טאן דאס בדרכי נועם, און אין אן אופן פון "מתן בסתר".

וכאמור, אז די וואס ביי זיי איז אין נכון לו" - זאל מען זיי באזארגן אלץ וואס זיי דארפן האבן אז ס'זאל זיין די והותר, סיי פאר די הוצאה הרגילה, און סיי פאר די הוספה וואס קומט צו בר"ה, "אכלו משמנים גו'", ועד"ז בנוגע לימי חגה"ס, און ערב יוהכ"פ און מוצאי יוהכ"פ, וואס דעמולט (במוצאי יוהכ"פ) זאגט מען דאך "גוט יום טוב", כידוע די שיחות פון רבותינו נשיאינו בזה.

און דורך דערויף וועט דער אויבערשטער מוסיף זיין אין

- דעם -

דעס "לך ה׳ הצדקה" (דניאל ט, ז), אז ס׳וועט זיין מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, און ווי ס׳שטייט אין דעם סידור פון דעם בעש"ט "הגדושה" -

אין אלע ענינים גשמיים, און אין אלע ענינים רוחניים, ובגשמיות וברוחניות גם יחד. און אין אן אופן של הרחבה, ביז צו "ענני במרחב י-ה" - דער מרחב העצמי, ברוחניות ובגשמיות גם יחד.

יג. ומענין לענין באותו ענין:

אזוי ווי מ׳רעדט דאך וועגן א הוספה אין מבצע צדקה - איז כאן המקום דערמאנען נאכאמאל און מעורר זיין אז מ׳זאל טאן בזריזות אין אלע מבצעים:

אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל, און מבצע חינוך, מבצע תורה, מבצע תפילין, מבצע מזוזה, מבצע צדקה, מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳,

מבצע נרות שבת קודש - ובפרט אז בחגה"ס מאכט מען פיר מאל ברכת שהחיינו, וואס דאס איז נאך מערער ווי בחגה"פ, עד"ז מבצע כשרות האכו"ש,

און מבצע טהרת המשפחה - וואס דאס האט א קשר מיוחד מיט כללות הענין פון תשובה וכפרה, ווי ס׳שטייט אין דעם פרק פון יוהכ"פ (יומא פה, ב) "לפני מי אתם מטהרין ומי מטהר אתכם, אביכם שבשמים, שנאמר וזרקתי עליכם גו׳, ואומר מקוה ישראל ה׳", אז דאס איז מדה כנגד מדה, נאר כמ"פ ככה -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדער עשי׳ ופעולה אין דעם ענין פון טהרת המשפחה, איז מוסיף אין דער הצלחה פון ענין התשובה,

סיי בנוגע צו תשובה כפשוטה - דער ענין פון תשו"ת, ועד"ז בנוגע צו די תשובה וואס איז פארבונדן מיט עשי"ת - דער ענין פון תשו"ע, ובלשון הרמב"ם (הל׳ תשובה פ"ב ה"ו) אז די תשובה פון עשי"ת איז "יפה ביותר", וואס דאס איז דער ענין פון תשו"ע, וואס תשו"ע דארף דאך זיין בשמחה רבה, כמבואר אין אגה"ת (פי"א).

און דערנאך קומט דאס אראפ אין לימוד התורה, וואס דאס איז דער ענין פון מחשבה ודיבור, ביז צו דעם ענין פון "המעשה הוא העיקר" - דער ענין פון קיום המצוות, ובפרט מצות הצדקה.

און וויבאלד אז דורך דעם ענין פון תק"ש וועדט אויפגעטאן דער "ענני במרחב י-ה", דארף מען טאן אין די אלע ענינים בהרחבה אמיתית, אין אן אופן וואס איז למעלה ממדידה

- והגבלה -

והגבלה, וואס דעמולט ביס דער אויבערשטער אלע ענינים אין אן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

און אזוי ווי דער אויבערשטער וויל דאך אז בשעת ער גיט אן ענין של ברכה, זאל מען דאס מקבל זיין - ווערט דאס אין אן אופן פון השפעתי להם רוב טובה והם יכולים לקבל,

אז ס'ווערט נמשך די ברכה אמיתית, אין אן אופן פון רב טוב, ביז צו די ברכה הכללית פון ביאת משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ויבנה ביהמ"ק במקומו, ויקבץ נדחי ישראל,

וואס דעמולט וועט מקוים ווערן דאס וואס מ'זאגט אין דער הפטרה פון חג הסוכות (זכרי' יד, טז) אז ביי עמי הארץ וועט זיין דער "ועלו מדי שנה בשנה להשתחוות גו' ולחוג את חג הסוכות" - וועט דאס זיין פאר סוכות, ועאכו"כ בנוגע צו סוכות אליין.

און מ'וועט קומען צו "זמן שמחתנו" - אנהויבנדיק פון דעם "אכלו משמנים ושתו ממתקים" בר"ה, און ס'ווערט דער "מתעשרת בסופה" (ר"ה טז, ב) - גלייך נאך תק"ש (ראה אגה"ק סי"ד), און מ'איז דאס ממשיך אין עשי"ת, און אין יום הקדוש, און אין "זמן שמחתנו", ביז אין שמח"ת, ושמחת עולם על ראשם.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי כלאפצי.

ברך ברכת המזון. מעריב. הבדלה. ותילק לכאו"א מכוס של ברכה.

טרם צאתו התחיל לנגן ופרצת.

*  *  *

בס"ד. שיחת ש"פ וילך, שבת שובה ה׳תשל"ת.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. שבת שובה איז ראך ע"ד הרגיל דער ערשטער שבת פון דעם נאייעם יאר.

און אפי׳ ווען יו"ט של ר"ה איז תל להיות בשבת - איז דעמולט די הדגשה (ניט אויף דעם ענין השבת, אז דאס איז דער יום השביעי פון ימי השבוע, נאר) אויף דעם ענין פון ר"ה,

וואס אע"פ אז ס׳איז דא א נפק"מ לדין צווישן יו"ט של ר"ה שחל בשבת מיט יו"ט של ר"ה שחל בחול (ד.ה. אז די קביעות ביום השבוע (שבת) איז משפיע אויף דעם ענין פון ר"ה), איז אבער די הדגשה אויף דעם ענין פון ר"ה (און ניט אויף דעם ענין השבת), ווי מ׳זעט אין די תפלות וכו׳ אז עיקר ההדגשה איז אויף דעם ענין פון ר"ה, און דעם ענין השבת רערמאנט מען נאר בדרך אגב.

וע"ד ווי מ׳זעט אין פסוק, אז אע"פ אז ר"ה איז "בחודש השביעי <u>באחד לחורש</u>" (פינחס כט, א), דער ענין פון <u>ר"ה</u>, אעפ"כ, איז דער עיקר הדגשה אין פסוק אויף די קרבנות וואס זיינען פארבונרן מיט ר"ה, און די קרבנות וואס זיינען פארבונדן מיט ר"ח ווערן רערמאנט בלויז בדרך אגב, "מלבד עולת החדש ומנחתה" (שם ו),

איז עד"ז אויך בנוגע צו יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת, אז עיקר ההדגשה איז אויף דעם ענין פון ר"ה (ניט אויף דעם ענין השבת), און דער ענין השבת ווערט דערמאנט נאר בדרך אגב. וכנ"ל אז מ׳זעט אין די תפלות אז עיקר ההדגשה איז אויף דעם ענין פון ר"ה, בכמות ובאיכות גם יחד.

וואס דעדפון איז פארשטאנדיק, אז שבת שובה איז דער ערשטער שבת פון דעם נאייעם יאר, ווארום אפי׳ ווען ר"ה איז תל בשבת, איז דעמולט בהדגשה דער ענין פון ר"ה, און ניט דער ענין השבת - איז דער ערשטער שבת פון יאר (וואו ס׳איז מודגש דער ענין השבת) "שבת שובה".

ב. ס׳איז דא נאך אן ענין אין שבת שובה:

וויבאלד אז דער ענין פון שבת איז דאך אז "מיני׳ מתברכין כולהו יומי" (זח"ב סג, ב), איז דאך פארשטאנדיק אז שבת שובה איז דער שבת וואס פון אים ווערט מתברך דער טאג פון יוהכ"פ, ווארום יוהכ"פ איז אין ימי השבוע שלאחר שבת שובה.

און אפי׳ ווען יוהכ"פ איז תל בשבת - איז ע"ד האמור לעיל אז בשעת ר"ה איז תל בשבת, איז דעמולט עיקר ההדגשה

- אויף -

אויף דעם ענין פון ר"ה, און ניט אויף דעם ענין השבת, איז עד"ז בשעת יוהכ"פ איז חל בשבת, איז דעמולט די הדגשה ניט אויף דעם ענין השבת, נאר אויף דעם ענין פון יוהכ"פ, "אחת בשנה" (אחרי טז, לד).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון שבת שובה איז מקשר צווישן ר"ה מיט יוהכ"פ, ווארום ער איז דער ערשטער שבת שלאחרי ר"ה, און דער שבת וואס פון אים ווערט מתברך יוהכ"פ.

ג. וואס אע"פ אז ר"ה און יוהכ"פ זיינען באזונדערע ענינים, ביז וואנעט אז זיי זיינען גאר הפכים -

ווארום בר"ה דארף זיין דער ענין פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים", ווי עזרא ונחמי' האבן געזאגט (נחמי' ח, י), ד.ה. אז ס'דארף זיין דער ענין פון אכו"ש מערער ווי בשאר ימי השנה; משא"כ דער ענין פון יוהכ"פ, וואס דעמולט דארף זיין "ועניתם את נפשותיכם" (פינחס כט, ז), ד.ה. שלילת ענין האכילה דכל השנה,

און אויך: בר"ה טאר מען ניט דערמאנען קיין ענין פון סליחה ומחילה וכו' (שו"ע אדה"ז או"ח סתקפ"ד ס"ב), משא"כ ביוהכ"פ, וואס זיין נאמען ("יום <u>הכפורים</u>") גופא באווייזט אויף אן ענין של כפרה וכו' (וכידוע תורת הבעש"ט (שעהיוה"א פ"א) בנוגע צו די הדגשה וואס איז דא אין דעם ענין השם) - זיינען דאך לכאו' ר"ה און יוהכ"פ צוויי הפכים.

אבער אעפ"כ זאגט מען אז ס'איז דא א קשר צווישן ר"ה און יוהכ"פ. והביאור בזה:

סיי ר"ה און סיי יוהכ"פ זיינען פון די "עשרת ימי תשובה" (די עשרה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ), וואס די אלע טעג פון עשי"ת זיינען איין המשך און איין ענין - אז דעמולט איז דער אויבערשטער אין אן אופן פון "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" (ישעי' נה, ו. ר"ה יח, א).

דאס איז דאך אבער אן ענין כללי אין אלע עשי"ת, און ס'איז ניט פארבונדן במיוחד מיט ר"ה ויוהכ"פ -

איז נוסף לזה - קומט צו דער ענין המבואר אין לקו"ת (ר"ה נח, א) אז יוהכ"פ ווערט אנגערופן בכתוב "ראש השנה", וואס דאס איז דער פסוק אין יחזקאל (מ, א) "בראש השנה בעשירי לחודש", און ער איז מבאר דארטן אז אדרבה, ר"ה איז דער ענין הראש נאר בחיצוניות, און יוהכ"פ איז דער ענין הראש בפנימיות.

וכמדובר כמ"פ אז יעדער ענין וואס איז דא אין חלק הרמז, דרוש וסוד שבתורה, דארף זיך דאס אפשפיגלען און

- נשתלשל -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

נשתלשל ווערן אין חלק הפשט (עכ"פ ברמז) - איז עד"ז אויך בנוגע צו די שייכות פון ר"ה מיט יוהכ"פ, אז דאס דארף זיך אפשפיגלען אויך אין חלק הפשט -

וואס דאס געפינט מען בנוגע צו דעם דין פון שחרור עבדים בשנת היובל, אז בר"ה איז נאר תחלת השחרור, אז זיי ווערן באפרייט פון דעם אדון, אבער ס'איז נאך ניטא דער ענין וואס חוזרין לבתיהם; און ביוהכ"פ ווערט דער שלימות וגמר השחרור, אז חוזרין לבחיהם (ר"ה ח, ב). וואס דערפון זעט מען די שייכות צווישן ר"ה מיט יוהכ"פ (ראה לקו"ש ח"ט ע' 387 ובהנסמן שם).

און צווישן ר"ה מיט יוהכ"פ איז דא דער ענין פון שבת שובה, וואס ענינו איז, אז אין אים זיינען עולה די אלע ענינים פון ששת ימי השבוע, כולל אויך דעם ענין פון ר"ה, ביז אין אן אופן פון "ויכולו"; און פון אים ווערן מתברך ששת ימי השבוע שלאחריו, כולל אויך דעם ענין פון יוהכ"פ.

ד. דער ענין פון "שבת שובה" איז פארבונדן מיטן ערשטן שבת וואס איז געווען בפעם הראשונה (לאחרי בריאת אדה"ר), ווי ס'שטייט אין מדרש (ב"ר ספכ"ב) אז בשעת אדה"ר האט דערהערט "כחה של תשובה", האט ער גלייך געזאגט "מזמור שיר ליום השבת", וואס דערפון זעט מען אז דער ענין פון "שבת <u>שובה</u>" איז פארבונדן מיטן ערשטן שבת, וואס דעמולט האט אדה"ר געזאגט "מזמור שיר ליום השבת".

און אע"פ אז אין מדרש שטייט אז דאס איז געווען ווען אדה"ר האט געטראפן קין'ן, און האט אים געפרעגט "מה נעשה בדינך", האט אים קין געזאגט "עשיתי תשובה ונתפשרתי", האט דעמולט אדה"ר געזאגט "כך היא כחה של תשובה . . מיד עמד אדה"ר ואמר מזמור שיר ליום השבת" - איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דאס איז געווען כמה שבועות נאך דעם ערשטן שבת (און ניט גלייך אין דעם ערשטן שבת) -

אעפ"כ, דערפון וואס די גמ' (ר"ה לא, א) זאגט אז דער "שיר של יום" פון יעדן טאג, איז פארבונדן מיט די בריאה וענין וואס איז געווען אין דעם טאג (אין ששת ימי בראשית און שבעת ימי בראשית),

ביז צום שיר של יום פון יום הששי, וואס דאס איז "ה' מלך גאות לבש" (תהלים צג, א), אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס דעמולט האט אדה"ר ממליך געווען דעם אויבערשטן אויף די גאנצע וועלט -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז דער שיר של יום פון יום השבת, וואס דאס איז "מזמור שיר ליום השבת", איז פארבונדן מיטן ערשטן שבת וואס איז געווען אין שבעת ימי בראשית.

- ובפרט -

ובפרט אז ס'קומט נאך צו דער ענין אז דאס איז געזאגט געווארן ע"ש העתיד,

ווי מ'געפינט דעס ענין אויך אין חלק הפשט, וואס רש"י ברענגט אראפ בכ"מ, אנהויבנדיק פון חומש בראשית (לך יד, ז. ועוד), אז ס'זיינען דא נעמען וואס זיינען געגעבן געווארן ע"ש העתיד, און וויבאלד אז מ'געפינט דאס אין חלק הפשט, איז עאכו"כ אז אזוי איז דאס אויך בשאר חלקי התורה -

ועד"ז בנדו"ד, אז דער ענין פון "מזמור שיר ליום השבת", איז געזאגט געווארן בשבת הראשונה ע"ש העתיד.

ה. וואס דאס איז כללות הענין וואס "שבת" איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בכ"מ (אגה"ת פ"י. ד"ה לך הוי' הצדקה) אז "שבת" איז אותיות "תשב", וכידוע תורת הבעש"ט (כש"ט הוספות אות קיח) אז "תשובה" איז אותיות "שבת ו"ה".

און דאס איז אויך דער ענין וואס אין דעם ערשטן שבת איז געווען "ל"ו שעות שימשה אותה האורה, שנים עשר של ערב שבת וי"ב של לילי שבת וי"ב של שבת" (ב"ד פי"א, ב); דאס האט זיך אנגעהויבן פון יום ששי, און די נאכט פון שבת איז געווען אין אן אופן פון "לילה כיום יאיר" (תהלים קלט, יב), ובמילא קומט אויס אז "ל"ו שעות שימשה אותה האורה" -

וואס דער ענין פון "לילה כיום יאיר", איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין התשובה (ווארום דער ענין התשובה איז, אז מ'איז מהפך די ענינים בלתי רצויים, ביז אז ס'ווערט דער ענין פון "לילה כיום יאיר").

וואס עד"ז איז דאך אויך געווען ביי יצי"מ, אז דעמולט איז געווען דער ענין פון "לילה כיום יאיר" (זח"ב לח, א),

און "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" (מיכה ז, טו) - אז דעמולט וועט אויך זיין דער ענין פון "לילה כיום יאיר".

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך די עבודה פון אידן אין דעם ענין פון אתכפיא חשוכא לנהורא, ביז צו דעם ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, וואס דורך דעם טוט מען אויף אז ס'זאל זיין "מדה כנגד מדה" - דער ענין פון "לילה כיום יאיר".

און דאס וואס לע"ל וועט זיין דער ענין פון "לילה כיום יאיר", איז דאס אויך פארבונדן דערמיט וואס דעמולט וועט זיין דער ענין וואס "משיח אתא' לאתבא צדיקיא בתיובתא" (ראה זח"ג קנג, ב) - דער ענין התשובה.

ו. וויבאלד אז דער ענין פון "לילה כיום יאיר" וואס וועט

- זיין -

זיין לע"ל, איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "לאתבא צדיקיא בתיובתא", איז דערפון פארשטאנדיק אויך בנוגע צו דעם ענין פון "לילה כיום יאיר" וואס איז געווען בשבת הראשונה - וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין התשובה (וכנ"ל אז ווען אדה"ר האט דערהערט "כחה של תשובה", האט ער געזאגט "מזמור שיר ליום השבת") - אז דאס איז אויך אין אן אופן פון "לאתבא צדיקיא בתיובתא".

והביאור בזה:

לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: ווי קומט צו אדה"ר אן ענין של חטא [ווי רש"י טייטשט אפ אויפן פסוק "וידעו כי עירומים הם" (בראשית ג, ז) - "מצוה אחת היתה להם ונתערטלו הימנה"] - אדה"ר איז דאך געווען "יציר כפיו של הקב"ה" (קה"ר עה"פ ג, יא), וכמבואר בכתבי האריז"ל גודל מעלת נשמת אדה"ר, וכמובן אויך בפשטות, ווארום ס׳שטייט דאך "ויפח באפיו נשמת חיים" (בראשית ב, ז) - איז ווי קומט צו אים אן ענין של חטא?!

איז דאך ידוע דער ביאור בזה - בלשון הידוע אז דאס איז "להורות דרך תשובה", ד.ה. אז בעצם איז אדה"ר ניט געווען שייך צום גאנצן ענין, נאר כדי אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "להורות דרך תשובה", דערפאר איז ביי אים געווען אן ענין של חטא.

און ווי די גמ׳ (ע"ז ד, ב) זאגט בנוגע צו דוד המלך, אז "לא ראוי דוד לאותו מעשה", נאר ס׳איז געווען כדי אז דערפון זאל ארויסקומען דער ענין התשובה. ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו אדה"ר.

וואס דאס איז אויך דער ענין פון "לאתבא צדיקיא בתיובתא" - אז בעצם זיינען זיי אינגאנצן ניט שייך צום גאנצן ענין (ווארום זיי זיינען "צדיקיא"), ס׳איז מערניט מצד דעם ענין פון "נורא עלילה על בני אדם" (תהלים סו, ה), כדי אז ס׳זאל ארויסקומען דער ענין התשובה, כמבואר אין די דרושים וואס זיינען מבאר דעם ענין פון "נורא עלילה על בני אדם" (תו"ח תולדות יג, א).

ועד"ז איז דאס אויך בנוגע צו יעדן אידן,

- וואס "ועמך כולם צדיקים" (ישעי׳ ס, כא), און "אתם קרויים אדם" (יבמות סא, א), אז אידן ווערן אנגערופן ע"ש אדה"ר, אזן מ׳זאגט דאך "דוד מלך ישראל חי וקיים", איז מצד דערויף וואס ער איז "מלך ישראל", ווערן זיינע ענינים נמשך אין אנשי מדינתו, וואס דאס זיינען אלע אידן, ובפרט אז דוד המלך ווערט אנגערופן "נעים זמירות ישראל" -

אז בעצם איז א איד ניט שייך צו קיין ענין של חטא,

- און -

און ווי ס'שטייט אין זהר (זח"ג יג, ב) "ונפש כי תחטא – תוהא", ס'איז גאר א פלא ווי קומט צו א אידן אן ענין של חטא;

און טאמער איז דא אמאל וואס א איד דארף אנקומען צו דעם ענין פון תשובה כפשוטה – איז דאס אן ענין פון "נורא עלילה על בני אדם", אז דער אויבערשטער איז מסבב סיבות און סיבות לסיבות, כדי אז דערפון זאל ארויסקומען דער עילוי פון השובה.

ז. וואס דאס איז אויך מתאים מיטן פתגם פון דעם אלטן רבי'ן (סה"ש קיץ ה'ש"ת ע' 32), וואס מ'האט ביי אים געפרעגט וואס איז א "חסיד", האט ער געענטפערט, אז א חסיד איז דער וואס פארבייגט אויף זיך צוליב טובת הזולת,

און ער האט געבראכט אויף דערויף א מקור אין נגלה – דערפון וואס די גמ' (נדה יז, א) זאגט אז "שורפן חסיד", וואס אע"פ אז בשעה מ'פארברענט א חלק פון זיין גוף, איז דאס ניט קיין ענין של מעלה, אעפ"כ איז "חסיד שורפן", כדי אז דערפון זאל ניט ארויסקומען קיין תקלה פארן צווייטן. ד.ה. אז ער פארבייגט אויף זיך צוליב דעם זולת.

וואס אע"פ אז ס'איז מערניט ווי א <u>ספק</u>, אז ס'קען זיין אז דערפון וועט ארויסקומען א תקלה – ווארום די צפרנים זיינען מזיק (צו אן אשה מעוברת וואס גייט דורך אויף זיי) נאר אין דעם ארט וואו זיי זיינען אראפגעפאלן, אבער אויב מ'האט זיי מטלטל געווען ממקום למקום, איז ניטא אין דערויף קיין חשש (מו"ק יח, א. שו"ע אדה"ז או"ח סר"ס ס"ד) – קען ער דאך מטלטל זיין די צפרנים ממקום למקום, אדער באהאלטן זיי, כיט נאך כמה דרכים ווי אזוי מ'קען באווארענען אז ס'זאל ניט ארויסקומען קיין תקלה,

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז ס'איז דא א ספק וספק ספיקא, אפשר וועט דערפון ארויסקומען אן ענין של תקלה – איז "חסיד שורפן", ער פארבייגט אויף זיך צוליב טובה הזולה.

וואס דאס איז אויך כללות הענין פון "נורא עלילה על בני אדם" – אז מ'ברענגט אים צו אן ענין של חטא, כדי אז דערפון זאל ארויסקומען דער ענין התשובה, וואס דורך דערויף איז מען מעלה די ניצוצות וואס זיינען אראפגעפאלן למטה ביותר, וואס לולא זאת וואלטן זיי ניט געקענט נתעלה ווערן.

ח. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

ווען ס'קומט שבת שובה בכל שנה, זיינען די ענינים הוזרים לקדמותם, און זיי ווערן נמשך נאכאמאל מחדש, ווארום דורך דערויף וואס "הימים האלו נזכרים", ווערט אויפגעטאן דער "נעשים" (לב דוד פכ"ט) – אז ס'ווערט נמשך די ההעוררות אויף כללות ענין ההשובה.

– וואס –

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - וואס דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" איז פארבונדן מיט כללות ענין התשובה. והביאור בזה:

דער ענין פון "מעינותיך" און דער ענין פון "חוצה", זיינען דאך צווייי הפכים, וכמובן אויך פון דעם משל פון דעם אלטן רבי'ן (ראה לקו"ש ח"ד ע' 1256), אז מ'נעמט דעם אבן יקרה שבכתר המלך, און מ'צודייבט דאס כדי צו מציל זיין דעם בן המלך, וואס ער געפינט זיך אין א מעמד ומצב אז ער איז א "מסוכן".

וואס לכאו', ווי קומט דאס אז בנו יחידו של המלך זאל זיין אין א מעמד ומצב פון א חולה מסוכן - די גמ' (שבת נה, א) זאגט דאך "אין יסורים בלא כו'", איז ווי קומט דאס צו בנו יחידו של המלך?!

נאר דאס איז דער ענין פון "נורא עלילה על בני אדם" - כדי אז דערפון זאל ארויסקומען דער עילוי פון תשובה, וואס דורך דעם ווערט דער ענין פון "פדיון שבויים", אז מ'איז פודה די ניצוצות הקדושה וועלכע זיינען אראפגעפאלן למטה ביותר,

ובפרט בנוגע צו א אידן - מקרב זיין און דערנענטערן א אידן וואס מאיזה סיבה שתהי' איז ער געווען שלא כדבעי, זאל מען ביי אים פועל'ן דעם "והרוח תשוב אל האלקים" (קהלת יב, ז), ער זאל קומען לשרשו ומקורו, וואס דאס איז עצמות ומהות א"ס ב"ה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה, ווארום די ירידה אין "חוצה" איז כדי אז דערפון זאל ארויסקומען די מעלה פון תשובה.

ט. וואס דאס איז די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם ענין פון שבת שובה - אז דעמולט ווערן נמשך כחות און השפעות והוראות וואס גיבן א נתינת כח אויף די עבודה פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

ביז אז מ'טוט אויף דעם ענין פון "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם" (בראשית ב, א) - וואס דא שטייען "כל צבאם" בגילוי, ניט אזוי ווי אין "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", וואס דארטן שטייען "כל צבאם" בהעלם אין דעם "את" (פירש"י שם א, יד) -

ווערט אין זיי דער "ויכולו" - סיי דער ענין פון כליון ועלי', און סיי די המשכה מלמעלה פון דעם ענין פון "חמדת ימים אותו קראת", דער ענין פון תענוג.

- ד.ה. -

ד.ה. אז די עבודה ווערט אויפגעטאן אין אן אופן של עונג, וואס דאס איז דאך ענין השבת, ועאכו"כ אז ס'איז אין אן אופן פון "אין עצב בה".

און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן אז ס'איז ניטא אין דערויף קיין ענין של טרחא ועמל, ווארום ס'איז אין אן אופן אז "כל מלאכתך עשוי'" (שו"ע אדה"ז או"ח סש"ו סכ"א).

און דער אופן העבודה ווערט נמשך על כל השנה כולה,

כמבואר אין כתבי האריז"ל (שער הכוונות דרושי ר"ה (לפני דרוש הא')) אז צווישן ר"ה מיט יוהכ"פ זיינען דא שבעה ימים דצופים, ובכל יום פון די שבעה ימים ווערן נמשך די אלע עניניס פון דעם טאג אויף דעם יום המתאים לו אין ימי השבוע פון כל השנה כולה -

איז וויבאלד אז אין שבעה ימים דצופים מוז דאך זיין איין שבת אינמיטן (און מערניט ווי איין שבת, ניט קיין צוויי שבתות) - איז דאך פארשטאנדיק, אז פון שבת שובה ווערט דאס נמשך על כל שבתות השנה, און וויבאלד אז פון שבת איז "מתברכין כולהו יומי", ווערט דאס נמשך פון יעדן שבת אויף כל ימי השבוע -

אז ס'זאל זיין הצלחה רבה אין דער עבודה פון "יפוצו מעינותיך חוצה" במשך כל השנה כולה אין אן אופן של תענוג, וואס דאס איז דאך דער ענין השבת,

ביז אז מ'וועט קומען "ליום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים", ובהקדמה לזה - דער ענין פון ביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

י. בהמשך להאמור לעיל, ובהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט בר"ה וועגן דעם ענין פון "שלחו מנות לאין נכון לו" (נחמי' ח, י) - איז כאן המקום צו מבאר זיין כמה פרטים וואס מ'האט אין דערויף ניט תופס געווען.

ובהקדמה: דער "מנהג ישראל" אז מ'זאל געבן פאר פסח "מעות חטים", ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין רמ"א (שו"ע או"ח רסתכ"ט), וואס דער מקור אויף דערויף איז פון דעם ירושלמי (ב"ב פ"א סה"ד) וואס דארטן ווערט דערמאנט דער ענין פון "חיטי הפסח" -

איז דאס ניט דער ענין וואס מ'דארף אים געבן "די מחסרו אשר יחסר לו" (ראה טו, ח), ווארום דאס איז דאך די מצוה פון צדקה (און ניט דער "<u>מנהג</u> ישראל" פון געבן "מעות חטים"), און אויף דעם ענין פון "די מחסרו אשר יחסר לו", איז דא בכל עיר (וואו ס'געפינען זיך אידן) א "קופה" וואס

- פון -

פון דארטן גיט מען די עניים מזון לכל ימי השבוע, אדער אין די ערטער וואו ס'איז דא דער ענין פון "תמחוי", וואס פון דארטן גיט מען די עניים מזון לכל יום ויום (שו"ע יו"ד רסרנ"ו);

דער ענין פון דעם "מנהג ישראל" צו געבן "מעות חטים" איז - אז פאר פסח זאל מען געבן די זקוקים לזה חטים כדי זיי זאלן האבן מצה אויף פסח, ביז וואנעט אז דאס הויבט זיך אן פון "שלשים יום קודם החג", פון פורים, וואס דעמולט איז מען שוין דורש בהלכות החג (שו"ע או"ח רסתכ"ט) -

וואס וויבאלד אז דער אלטער רבי האט אריינגעשטעלט דעם ענין פון "מעות חטים" (מיט אלע פרטים שבזה) צוזאמען מיט דעם ענין וואס מ'איז דורש בהלכות החג שלשים יום קודם החג, איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "מעות חטים" הויבט זיך אן שלשים יום קודם פסח.

וואס דער אויפטו שבזה איז, אז מצד דעם ענין פון צדקה, קען מען געבן בערב פסח אויף כל ימי הפסח, און מ'דארף דאס ניט געבן א משך זמן לפני חג הפסח (ביז שלשים יום לפני הפסח), ווארום מ'קען דאך באקן מצות פסח אליין, ביז וואנעט אז ס'איז דא דער מנהג בכמה מקומות אז מ'זאל באקן די מצות ביו"ט, כדי אז די מצות זאלן זיין פרישער און געשמאקער (ראה ערוך השלחן או"ח סתנ"ח ס"ג);

און דאס איז דער אויפטו פון דעם מנהג פון "מעות חטים", אז מ'גיט די עניים חטים זיי זאלן קענען באקן מצות, שלשים יום לפני החג (אע"פ אז מצד דעם חיוב פון צדקה, קען מען דאס געבן בערב פסח).

וואס דער "מנהג" איז נאר בנוגע צו חטים דוקא (ניט בנוגע לשאר הצרכים), און אין דערויף איז דא דער דיוק אז מ'דארף געבן חטים דוקא, און ניט קיין מצות, מאיזה סיבה שתהי'. ביז וואנעט אז מ'דארף אנקומען צו א חידוש אז "נוהגין פה לחלק קמח ולא חטים" (חק יעקב סתכ"ט סק"ה), כדי אז ס'זאל זיין גרינגער די אפשריות צו הנאה האבן דערפון.

וואס דאס איז דער מנהג ישראל וואס ברענגט זיך אראפ אין שו"ע, אז מ'דארף געבן "מעות חטים".

יא. דערנאך איז דא דער מנהג וואס איז געווארן בדורות האחרונים (וואס דאס שטייט ניט אין שו"ע), אז פאר פסח זאל מען געבן די זקוקים לזה, כל צרכי החג (ניט נאר חטים). וואס מ'האט דאס אויך א נאמען געגעבן "מעות חטים", אבער דאס איז ניט דער ענין פון "מעות חטים" וואס שטייט אין שו"ע, נאר מ'גיט כל צרכי החג. און אויך אין אן אופן ווי אין "מעות חטים", אז מ'גיט דאס א משך זמן לפני החג.

- וואס -

וואס דאס איז א מנהג וואס איז געווארן בדורות האחרונים, און ס'איז נתפשט געווארן און נתקבל געווארן בכל תפוצות ישראל, וכמדובר כמ"פ דאס וואס ס'שטייט אין רמב"ם (הל' ממרים פ"ב ה"ב-ג. פ"א ה"א-ב), אז אן ענין וואס איז נתקבל געווארן בכל תפוצות ישראל, באקומט דאס דעם תוקף פון א מ"ע און א מל"ת וכו'.

און אויף דערויף האט מען מוסיף געווען א הסברה (מדעת עצמי) - אז אזוי ווי בתגה"פ זיינען דאך דא זיבן אדער אכט טעג וואס מ'ארבעט ניט, דערפאר איז געווארן דער מנהג אז מ'זאל געבן צו די זקוקים לזה כל צרכי החג.

און אויף דערויף האט מען געפרעגט: פארוואס איז דער מנהג (וואס שטייט ניט אין שו"ע) געווארן נאר בנוגע צו פסח, און ניט בנוגע צו סוכות, אז פאר סוכות זאל מען געבן כל צרכי החג צו די וואס זיינען זקוק לזה.

וואס די שאלה איז ניט בנוגע צו דעם ענין פון "מעות חטים" וואס שטייט אין שו"ע (ווארום דאס האט א שייכות מערניט ווי צו פסח), נאר די שאלה איז וועגן דעם מנהג וואס איז געווארן בדורות האחרונים (וואס שטייט ניט אין שו"ע), אז פאר פסח זאל מען געבן צרכי החג להזקוקים לזה - פארוואס געפינט מען ניט דעם מנהג בנוגע צו סוכות.

ועד"ז איז די זעלבע שאלה בנוגע צו ר"ה: וואס בנוגע צו ר"ה איז דא דער ציווי פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים" - האט לכאו' געדארפט ווערן א מנהג אז פאר ר"ה זאל מען געבן צו די ענייס צרכי החג, אז ביי זיי זאל קענען זיין דער "אכלו משמנים ושתו ממתקים".

בנוגע צו שבועות איז ניטא קיין שאלה - ווארום אע"פ אז "הכל מודים בעצרת דבעינן נמי לכם" (פסחים סח, ב), משא"כ בשאר הימים טובים וואס מ'קען דעמולט פאסטן - רעדט מען דאך אבער בנוגע צו איינעם וואס פאסט ניט ביו"ט, וואס ביי אים איז שבועות אזוי ווי יעדער יו"ט, ס'זיינען ניטא אין חג השבועות קיינע ענינים מיוחדים וואס מ'דארף האבן מערער פון שאר הימים טובים, במילא איז קיין שאלה ניט אז ס'זאל זיין דער מנהג פון געבן צרכי החג;

משא"כ אבער בנוגע צו תגה"ס, וואס אין אים זיינען דא הוצאות מיוחדות, מערער פון די הוצאות הרגילות פון שאר הימים טובים, ועד"ז בנוגע צו ר"ה, וואס ביי אים איז דא דער ציווי פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים" מערער ווי דאס איז בשאר הימים טובים - ווערט די שאלה: פארוואס געפינט מען ניט אז מ'זאל געבן צרכי החג פון סוכות און ר"ה, אזוי ווי ס'איז געווארן דער מנהג בנוגע צו פסח.

- יב. -

יב. וואס דער ענין האט ניט קיין שייכות דערמיט וואס מפרשים פרעגן: פארוואס זאגט מען "הא לחמא עניא וכו׳" בפסח דוקא, און ניט בסוכות,

און מ׳פארענטפערט: אז אזוי ווי די גמ׳ (ר"ה יא, א) זאגט "בניסן נגאלו ובניסן עתידים להגאל", און אין מדרש (שמו"ר פט"ו, יא) ווערט אפגעפסק׳נט ווי די דעה אז "בניסן עתידים להגאל" - און וויבאלד אז דער ענין הגאולה קומט דורך דעם ענין הצדקה (ב"ב י, א), דערפאר טוט מען בפסח אן ענין מיוחד של צדקה, וואס דאס איז דער ענין פון אמירת "הא לחמה עניא וכו׳".

און נאך א ביאור: וויבאלד אז חודש תשרי איז דאך חודש התשובה, און דער ענין התשובה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון צדקה, ווי ס׳שטייט "וחטאך בצדקה פרוק" (דניאל ד, כד) - איז בנוגע צו חודש תשרי דאדף מען ניט באווארענען און מעורר זיין וועגן דעם ענין פון צדקה, משא"כ בפסח (חודש ניסן) דארף מען באווארענען דעם ענין הצדקה, און דערפאר זאגט מען דעמולט "הא לחמא עניא וכו׳".

דאס האט אבער ניט קיין שייכות לענייננו - ווארום פון די אלע ביאורים וועט דאך דער זקוק לזה ניט האבן די ענינים פון אכילה ושתי׳ און צרכי החג!

יג. בנוגע צו דעם וואס מ׳האט געפדעגט, אז ס׳איז דאך דא דער דין אז אויב "אין לו מה יאכל", מעג ער ארבעטן בחוה"מ (שו"ע או"ח סתקמ"ב ס"ב),

ועד"ז בנוגע צו די ד׳ מינים, אז ער מוז דאך ניט האבן אייגענע ד׳ מינים, נאר ווי ס׳איז געווען דער מנהג בכמה קהילות, אז ס׳זיינען געווען ד׳ מינים פון דעם "קהל", און אלע פלעגן בענטשן אויף דערויף,

ועד"ז בנוגע צו א סוכה, מוז ער דאך ניט האבן קיין אייגענע סוכה, נאר ער קען יוצא זיין די מצוה פון סוכה בסוכח חבירו, ביז וואנעם ווי די גמ׳ (סוכה כז, ב) זאגט אז "ראויין כל ישדאל לישב בסוכה אחת" - איז דער ביאור בכהנ"ל:

א) בשעת חכמים מאכן א תקנה וכו׳, מאכט מען דאס ניט אין אן אופן אז דאס זאל זיין גוט נאר בדיעבד, נאר מ׳מאכט דאס אין אן אופן אז ס׳זאל זיין גוט לכתחלה,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ׳קען זיך ניט פארלאזן אויף דעם וואס בדיעבד, אויב אין לו מה יאכל, מעג ער ארבעטן בחוה"מ, ועד"ז בנוגע צו ד׳ מינים של הקהל, און סוכת חבירו - נאר ווען מ׳מאכט א תקנה דארף מען דאס מאכן אין אן אופן פון לכתחלה; ער זאל ניט דארפן ארבעטן בחוה"מ,

- ועד"ז -

ועד"ז ער זאל האבן אייגענע ד׳ מינים, און אן אייגענע סוכה.

ב) בנוגע צו צדקה זאגט מען דאך אז מ׳דארף אים געבן "די מחסרו אשר יחסר לו", ביז וואנעט ווי די גמ׳ (כתובות סז, ב) זאגט אז אויב ער איז געווען רגיל צו האבן א "סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו", דארף מען אים צושטעלן א סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב ער איז געווען רגיל צו ניט ארבעטן בחוה"מ, און ער איז געווען רגיל צו האבן אייגענע ד׳ מינים און אן אייגענע סוכה - דארף מען אים געבן אין אן אופן ער זאל ניט דארפן ארבעטן בחוה"מ, און ער זאל האבן אן אייגענע סוכה און אייגענע ד׳ מינים, ווארום דאס גייט אריין אין דעם גדר פון "די מחסרו אשר יחסר לו".

דערצו קומט צו נאך אן ענין:

בנוגע צו די ד׳ מינים, איז דא די גאנצע שקו"ט אז ס׳דארף זיין "לכם", וואס דאס איז נאר בנוגע צום ערשטן טאג, משא"כ בנוגע צו די איבעריקע טעג, וואס מ׳איז יוצא אויך דורך שואל זיין ד׳ מינים (שו"ע אדה"ז או"ח סתרמ"ט ס"ב);

אבער בנוגע צו סוכות, איז דאך דא דער ציווי פון "תשבו כעין תדורו" (סוכה כח, ב), איז פונקט אזוי ווי מ׳זאגט ניט אז "ראויין כל ישראל לישב בדירה אחת", נאר יעדערער דארף האבן זיין אייגענע דירה, איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון סוכה, אז יעדערער דארף האבן זיין אייגענע סוכה, וויבאלד אז ס׳דארף זיין "תשבו כעין תדורו".

נאך אן ענין אין דערויף - בנוגע צו די ד׳ מינים: דאס וואס מ׳קען יוצא זיין מיט די ד׳ מינים פון דעם "קהל", איז ניט דער פשט אז ווען ער בענטשט אויף די ד׳ מינים איז דאס דעם <u>קהל׳ס</u>, נאר דער "קהל" גיט דאס אים אוועק, אז ס׳ווערט זיינע א זאך, "לכם". קומט דאך אויס אז מ׳דארף טאקע האבן אז יעדערער זאל האבן זיינע אייגענע ד׳ מינים.

יד. בנוגע צו דעם וואס מ׳האט געפרעגט, אז וויבאלד אז באמצע היום פון ר"ה האט מען שוין געזאגט "שלחו מנות לאין נכון לו", וויבאלד אז דעמולט איז שוין ניטא קיין חשש פאר א סימן בלתי רצוי - איז פארוואס געפינט מען ניט אז ס׳זאל זיין א מנהג אז גלייך נאך ר"ה זאל מען געבן צרכי החג (אויף סוכות) פאר די וואס דארפן דערצו אנקומען - איז דער ביאור בזה:

ר"ה און סוכות גייען דאך בהמשך אחד, וכמבואר בכ"מ (לקו"ת נצבים מח, ב) דער ענין פון "בכסה ליום חגינו" (תהלים) -

(תהלים פא, ד), אז די ענינים וואס בר"ה שטייען זיי "בכסה", קומען ארויס בגילוי אין סוכות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד מ'האט ניט געמאכט דעם מנהג פאר ר"ה (דערפאר וואס דאס באווייזט אויף א סימן בלתי רצוי (כנ"ל בשיחת יום ב' דר"ה ס"ו)), האט מען דאס אויך ניט געמאכט פאר סוכות, ווארום וויבאלד אז ר"ה און סוכות גייען צוזאמען, איז כיון דאידתי אידתי.

וואס באמת וואלט דאך געהאט אן ארט צו קובע זיין דעם מנהג אז מ'זאל געבן צרכי החג פאר ר"ה, ווארום וויבאלד אז בר"ה דארף מען עסן א תפוח מתוק בדבש, און זאגן "שתחדש עלינו שנה טובה ומתוקה", ועד"ז דארף זיין דער ענין פון "אכלו משמנים ושתו ממתקים", וואס דאס זיינען דאך סימנים פון דעם ענין פון א שנה טובה ומתוקה, איז אויב ביי אים וועלן פעלן די צרכי החג, וועט ער דאך ניט קענען האבן די סימנים אויף דעם ענין פון א שנה טובה ומתוקה.

און אעפ"כ האט מען ניט געמאכט קיין מנהג אז פאר ר"ה זאל מען געבן צרכי החג - מטעם האמור לעיל אז ס'זאל ניט זיין קיין סימן פון היפך הטוב; איז דערפון פארשטאנדיק אז ס'האט שוין ניט קיין ארט קובע זיין דעם מנהג אויף נאך ר"ה (בנוגע צו סוכות) כנ"ל.

נאך א ביאור אין דערויף: פונקט אזוי ווי ס'איז דא דער ענין וואס מ'עסט בליל ר"ה א תפוח מתוק בדבש, אלס סימן אויף דעם ענין פון א שנה טובה ומתוקה, זיינען דאך אויך דא די טעג וואס מ'איז טובל פרוסת המוציא בדבש, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם סימן פון א שנה טובה ומתוקה.

וואס דער מנהג פון טובל זיין פרוסת המוציא בדבש, איז ביי די סעודות החשובות, וזאס דאס איז בשבת ויו"ט [ע"ד ווי דאס איז לגבי דעם ענין פון "הכנה", אז דאס איז דוקא בנוגע צו סעודות חשובות (שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס תקי"ג)], וואס צווישן זיי זיינען אויך דא די ב' ימים ראשונים פון סוכות.

איז וויבאלד אז דעמולט איז מען טובל פרוסת המוציא אין דבש, ד.ה. אז מ'דארף נאך אנקומען צו סימנים טובים וכו', איז פארשטאנדיק אז מ'קען ניט מאכן קיין מנהג מ'זאל געבן "מנות לאין נכון לו", וויבאלד אז דאס איז דער היפך פון א סימן טוב.

טו. ובנוגע לפועל:

וויבאלד אז ס'זיינען דא אזוינע וואס דארפן אנקומען צו דעם ענין פון "שלחו מנות", און דער ענין האמור לעיל אז ס'איז דער היפך פון א סימן טוב, איז דאך דאס מערניט ווי א סברא בעלמא -

- זאל -

זאל מען זעהן באזארגן די וואס האבן ניט קיין צרכי החג, אז זיי זאלן האבן אלץ וואס מ'דארף האבן בנוגע צו חג הסוכות (אע"פ אז ביז איצטער איז ניט געווען קיין שטורעם אין דערויף, און אויב מ'וועט ניט אנהויבן שטורעמען וועגן דעם, וועט איצטער אויך ניט ווערן קיין שטורעם בזה).

ועד"ז בנוגע לשנה הבאה - אויב ביז דעמולט וועט ח"ו ניט מקוים ווערן דער יעוד פון "לא יהי' בך אביון" (ראה טו, ד) - אז מ'זאל געבן צרכי החג צו די וואס דארפן האבן נאך <u>פאר ר"ה</u>.

און דאס וואס מ'האט געזאגט אז דאס איז דער היפך פון א סימן טוב - וועט מען מכריז זיין אז מ'מיינט נאר דעם ענין טוב שבזה.

וע"ד ווי די גמ' (פסחים קט, ב) זאגט בנוגע צו די ד' כוסות פון פסח, אז אע"פ אז דער ענין פון "זוגות" איז ניט קיין סימן טוב, זאגט מען אבער אז זיי זיינען זיך מצטרף נאר לטובה - וועט מען עד"ז מכריז זיין בנוגע צו דעם ענין פון "שלחו מנות", אז מ'מיינט נאר דעם ענין טוב שבזה.

און טאמער זיינען דא אזוינע קרומע קעפ וואס וועלן דאס אויסטייטשן אלס א סימן בלתי רצוי - איז מען יוצא מיט דער הכרזה אז מ'מיינט נאר דעם ענין טוב שבזה.

און טאן אין דערויף מתוך שמחה וטוב לבב, נואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון שבת שובה, ווארום דער ענין פון תשו"ע איז דאך בשמחה רבה, כמבואר אין אגה"ת (פי"א), וואס שמחה איז דאך פורץ גדר, וועט דאס פורץ זיין דעם גדר דערפון וואס דאס איז דער היפך פון א סימן טוב.

און דורך דערויף וואס מ'וועט מוסיף זיין אין דעם ענין הצדקה, וועט דער אויבערשטער מוסיף זיין אין דעם "לך ה' הצדקה" (דניאל ט, ז) -

אז ס'וועט זיין דער ענין פון עשירות, סיי בנוגע צו ענינים רוחניים, און סיי בנוגע צו ענינים גשמיים כפשוטם, למטה מעשרה טפחים, און ס'וועט זיין אין אן אופן אז "מתעשרת בסופה" (ר"ה טז, ב) - גלייך נאך תקיעות, ווי גערעדט פריער (יום ב' דר"ה).

ביז צו דער עשירות וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין "כספם וזהבם אתם" (ישעי' ס, ט).

און ס'וועט זיין דער ענין וואס מ'זאגט אין דער הפטרה פון חגה"ס "ועלו מידי שנה בשנה להשתחוות גו' ולחוג את חג הסוכות" (זכרי' יד, טז), ווי דערמאנט אין דער התוועדות פון ר"ה, ובשנה זו ממש.

* * *

טז. מאמר (כעין שיחה) ד"ה שובה ישראל.

* * *

יז. כרגיל צו אפלערנען בכל שבת (בלי נדר) אן ענין אין פירש"י בפרשת השבוע, אדער שטעלן זיך אויף אן ענין וואס רש"י איז ניט מבאר, וואס לויטן כלל וואס רש"י האט ארויסגעגעבן אז ער קומט "לפרש פשוטו של מקרא", איז מובן אז רש"י באווארענט אלע ענינים וואס זיינען דורש ביאור ע"פ פשש"מ - אדער ער זאגט "לא ידעתי" (ווי מ'געפינט במקומות מתי מספר);

און דארטן וואו מ'געפינט אן ענין וואס איז דורש ביאור און רש"י שטעלט זיך ניט אויף דעם, איז אדער אז דער ענין איז ניט קיין קושיא אין פשש"מ; אדער רש"י האט דאס שוין באווארענט לפנ"ז.

איז אויך בפרשתנו דא אן ענין הדורש ביאור לכאו' - און רש"י שטעלט זיך ניט אויף דעם.

וואס דאס איז וואס עס ווערט דערציילט אז משה האט געזאגט אידן בנוגע דעם וואס ס'וועט זיין ווען זיי וועלן קומען קיין ארץ ישראל ע"י יהושע, און האט זיי מסביר געווען ווי דארף זיין דער מצב הנפש בשעת די מלחמה אויף כיבוש הארץ - "חזקו ואמצו אל תיראו ואל תערצו מפניהם", און ער זאגט אז דאס איז א מילתא בטעמא, וואס דער טעם אויף דעם איז "כי ה"א הוא ההולך עמך לא ירפך ולא יעזבך" (פרשתנו לא, ו).

דערנאך האט משה געזאגט דעם ענין באזונדער צו יהושע'ן, אז "חזק ואמץ גו' (וויבאלד אז) ואתה תנחילנה אותם" (שם ז), און אויך דארטן שטייען צוויי לשונות (ע"ד ווי ביי אידן "אל תיראו ואל תערצו") "לא תירא ולא תחת" (שם ח).

וואס אין דערויף ווערט א תמיהה גדולה: דעם ענין (ווי דארף זיין דער מצב הנפש בעת המלחמה) געפינט מען אויך בנוגע צו א מלחמה בכלל, און א מלחמת מצוה בפרט - וואס אויף דערויף שטייען אין פ' שופטים (כ, ג) <u>פיר</u> לשונות "אל ירך לבבכם, אל תיראו, ואל תחפזו, ואל תערצו מפניהם" - איז פארוואס שטייען דא בלויז צוויי לשונות ("אל תיראו ואל תערצו")?

מ'קען ניט זאגן אז די הכפלה דארטן איז נאר לחיזוק הענין, ע"ד ווי ס'שטייט דא "חזקו ואמצו", "חזק ואמץ", וואס דאס איז לחיזוק הענין - ווארום רש"י טייטשט דאך דארטן אויס אז "ארבעה אזהרות כנגד ארבעה דברים שמלכי האומות עושים וכו'".

ולפי"ז מוז מען דאך זאגן אז אויך דאס וואס ס'שטייען

דא די ב׳ לשונות איז דאס בדיוק – איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס שטייען דא ניט אלע פיר לשונות?

מ׳קען אויך ניט זאגן אז דערמיט איז דער פסוק מרמז אויף אלע פיר ענינים (וואס מ׳האט שוין געלערנט אין פ׳ שופטים) – ווייל דעמולט וואלט געוועז גענוג ער זאל זאגן נאר איין לשון "אל תיראו", און פארלאזן זיך אז די איבעריקע זאכן געדיינקט מען פון פריער; און וויבאלד אז ער זאגט דוקא די צוויי מוז מען זאגן אז דאס איז בדיוק.

עד"ז איז די שאלה – כאמור – אויך בנוגע די צוויי לשונות וואס שטייען בנוגע צו יהושע – "לא תירא ולא תחת" –

וואס דאס וואס דא שטייט "ולא <u>תחת</u>" איז דאס דער זעלבער ענין פון "ואל <u>תערצו</u>", און רש"י דארף דאס ניט באווארענען, ע"ד ווי רש"י איז ניט מתרגם אלע ווערטער פון די פסוקים, "וידבר" און "ויאמר" וכיו"ב, ווארום ער רעדט צו א בן חמש למקרא וואס פארשטייט לשון קודש, ווייס ער אז דער ענין פון "תערצו" און "תחת" איז דער זעלבער. און ווי מ׳זעט דאס בפירוש אין תרגום אונקלוס וואס איז מתרגםביידע ווערטער מלשון "תבר", אז מ׳זאל ניט ווערן צעבראכן ביי זיך (וראה פירש"י דברים א, כט);

רש"י דארף אויך ניט באווארענען פארוואס דא שטייט דער לשון "תערצו" און דא "תחת", ווייל אין פשש"מ איז דאס ניט קיין קושיא, ווארום מ׳געפינט אזוי בכ"מ, און ע"ד ווי רש"י איז ניט מפרש פארוואס אמאל שטייט "וידבר" אמאל "ויאמר" און אמאל "ויצו" (סיידן אויב דאס איז שווער מצד דעם ענין אין פשש"מ) –

ס׳איז אבער שווער דא די זעלבע שאלה – כאמור – פארוואס שטייען נאר צוויי לשונות?

וכאמור לעיל, אז וויבאלד רש"י באווארנט דאס ניט מוז מען זאגן אז ער האט דאס שוין באווארענט פריער, אדער אז דאס איז ניט קיין קושיא אין פשש"מ –

וואס דאס קען מען דאך דא ניט זאגן, ווייל ס׳איז יע א קושיא, ואדרבה ס׳איז א קושיא גדולה – מוז מען זאגן אז רש"י האט דאס שוין באווארענט פריער, אדער דאס איז מובן מעצמו פון פשטות הכתובים, וכפי שיתבאר לקמן.

יח. בנוגע צו די הערות אין זהר – שטעלט ער זיך אויף דעם מאמר הזהר אין פ׳ וילך (רפד, ב) "כֻלהו מתגלפי בשמא דקב"ה וכל אינון מליך הוו אתיין וסלקין ונחתין ומתגלפין תמן וכל מלה ומלה הוה אתייא וכו׳", און איז מבאר אז "מה שנקט מקודם כלהו מתגלפי בשמא דקב"ה הוא בשם י"ה דכתד, ומה שנקט

– אח"כ –

אח"כ הוו אתיין וסלקין ונחתין ומתגלפין תמן הוא בשם הוי׳ שיש בו ד׳ אותיות והוא מחכ׳ ולמטה", "אתיין שהוא המשכה [מלשון אתא בוקר (לקו"ת במדבר יא, ג)] . . הוא בי׳ של שם . . נחתין הוא ג"כ המשכה הוא בו׳ של שם".

און ער איז מבאר דעם ענין בארוכה אין אותיות הקבלה, און ער איז מבאר אז דאס איז דער ענין פון "עקודים" און "נקודים".

דאס וואס עס דארף נאך האבן א ביאור איז:

א) פארוואס שרייבט ער ביי דעם ענין ההמשכה פון דעם י׳ דעם לשון "אתיין", און ביי דעם ענין ההמשכה פון דעם ו׳ - דעם לשון "נחתין"; ביידע זיינען דאך ענינים של המשכה, און פארוואס נוצט ער באזונדערע לשונות ביי ביידן?

ב) וואס איז דער לשון "כלהו מתגלפי כו׳"?

ג) אין דער הערה איז ער מבאר די ענינים אין לשון הקבלה; מ׳דארף דאך דאס אבער מבאר זיין בלשון החסידות ע"ד החסידות, און אויך די הוראה דערפון אין עבודת האדם -

וכפי שיתבאר לקמן.

יט. כאן המקום צו פארבינדן די אלע ענינים האמורים מיטן ענין פון שבת שובה (וויבאלד אז מ׳וויל פארבינדן אלם מיט דעם ענין פון שבת שובה).

וואס דער ענין פון תשובה איז פארבונדן מיט שם הוי׳, כמבואר אין אגה"ת (פ"ד);

ועד"ז זאגט מען דאך אז תשובה קדמה לעולם (פסחים נד, א. ב"ר פ"א, ד), - וואס דאס איז ע"ד הענין פון שם הוי׳ וואס ער איז קדם לשם אלקים, ווי ס׳שטייט "כי שמש ומגן ה׳ אלקים" (תהלים פד, יב), וואס "אלקים" איז פארבונדן מיט "עולם" און הוי׳ איז העכער פון עולם, ד.ה. אז שם הוי׳ איז קדם לשם אלקים,

וכמבואר בכ"מ (שעהיוה"א פ"ד) אז דער ענין פון הוי׳ ואלקים איז דאך אורות וכלים, און ס׳איז מבואר אין חסידות (המשך תער"ב ח"א פ"ח. ובכ"מ) אז "מהתעבות האור נעשה הכלי" (עם כל הביאורים שבזה), וואס דערפון איז מובן אז שם הוי׳ (אורות) איז קדם לשם אלקים (כלים).

וואס דערפון איז פאדשטאנדיק די שייכות פון שם הוי׳ מיט דעם ענין פון תשובה.

כ. בנוגע צו דעם ענין וואס תשובה קדמה לעולם, איז דאך דא ווי דאס איז פון די "שבעה דברים" אדער "עשרה דברים"

- שקדמו -

שקדמו לעולם (ראה פרדר"א פ"ג) -

וואס דערפון גופא וואס מ'זאגט "קדמו לעולם", איז מובן אז דאס האט עפעס א שייכות מיט עולם, ווארום אויב עס וואלט געווען אינגאנצן שלא בערך צו עולם, וואלט דאך ניט געווען שייך די באווארעניש אז "קדמו לעולם",

ועי"ד ווי ער זאגט אין תניא (ת"ב פ" ) אז ס'איז ניט שייך אפי' שולל זיין פון חכמה דעם ענין אז "א"א למששה בידים" - איז וויבאלד מ'זאגט אז "קדמו לעולם", איז מובן אז דאס האט עפעס א שייכות מיט עולם.

ס'איז אבער דא אין די "עשרה" (אדער "שבעה") דברים גופא, "שני דברים" וואס זיינען "קדמו" צו אלע עשרה, וואס דאס איז "תורה וישראל" (ב"ר שם), וואס זיי זיינען שלא בערך צו וועלט.

ווארום תורה איז דאך אינגאנצן שלא בערך פון וועלט, וכידוע בענין "דוד זמירות קרית להו" (סוטה לה, א. במדב"ר פ"ד, כ), אז ראם איז ווי תורה האט א שייכות צו וועלט, וואס דאס איז אן ענין של ירידה אין תורה, ווארום בעצם איז תורה אינגאנצן שלא בערך פון וועלט;

נאר בשעת דאס ווערט שוין נמשך אין וועלט "לעשות שלום בעולם" (רמב"ם סוף הל' חנוכה), דארטן גופא שטייט דאס אין אן אופן פון "קדמה לעולם", וכמאמר "אלפיים שנה קדמה תורה לברייתו של עולם" (ב"ר פ"ח, ב).

ומזה מובן אויך בנוגע צו "תשובה", אז דאס וואס מ'זאגט אז "תשובה" איז "קדמה לעולם", איז דאס שוין ווי תשובה שטייט בשייכות מיט עולם; אבער בעצם איז דער ענין התשובה באי"ע צו וועלט, למעלה מסדר השתלשלות, ווארום דער ענין התשובה איז "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה" (קהלת יב, ז. וראה לקו"ת ר"פ האזינו) - העכער פון וועלט.

ביז וואנעט מ'זאגט אז "קודם שנברא העולם הי' הוא ושמו בלבד" (פרדר"א פ"ג), איז דאך דא "הי'" און "הוא" און "שמו", איז אע"פ אז דאס איז טאקע אין אן אופן פון "בלבד", איז דאך אבער דא ווי ס'איז איידער "הי' הוא ושמו בלבד",

און אין דערויף איז שייך דער ענין התשובה ("תשוב אל האלקים אשר נתנה") - צו מעלה זיין דעם ענין פון "הי' הוא ושמו בלבד" אין עצמות ומהות.

כא. אבער כדי צו פועל'ן דעם ענין התשובה דארף דאך זיין א <u>מלחמה</u> מיט די גדרים ומדידה והגבלה פון סדר השתלשלות, וואס דאס איז דער ענין המלחמה הנ"ל (בפירש"י).

- און -

און דאס איז אויך פארבונדן מיט "כיבוש הארץ", ווארום דער ענין פון "ארץ" איז דאך כמארז"ל (ב"ר פ"ה, ח) "למה נקרא שמה ארץ שרצתה לעשות רצון קונה", מיט די ביידע פירושים אין "רצתה" - סיי לשון מרוצה סיי לשון רצון, כתורת הבעש"ט (כש"ט הוספות אות ג. וש"נ) -

וואס דער ענין פון "רצתה לעשות רצון קונה" איז דער זעלבער ענין פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה".

און דאס קומט כאמור דורך דעם ענין המלחמה מיט די מדידות והגבלות פון וועלט.

וע"ד ווי ס'איז געווען בפשטות אין כיבוש הארץ, אז מ'האט געמוזט אנקומען צו א מלחמה, און אפי' "אילו זכו" און משה רבינו וואלט אריינגעבראכט אידן אין א"י, וואלט מען אויך געדארפט אנקומען צו א מלחמה,

און ווי רש"י האט שוין מפרש געווען אין אנהויב פ' בראשית אז ס'דארף זיין "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים", ד.ה. אז מ'דארף ארויסנעמען א"י פון די אומות העולם, וואס אויף דערויף מוז מען אנקומען צו אן ענין של מלחמה, ביז אז די ארץ זאל אנהערן אז דאס איז "כח מעשיו גו'".

וואס דאס איז א עבודה נעלית ביותר, ביז אז א מלחמת מצוה בכלל, און כיבוש הארץ בפעס הראשונה בפרט, איז דאך דוחה שבת (רמב"ס הל' שבת ספ"ב), וואס דאס איז אדער מצד דעם ענין פון "גזירת הכתוב", ווי ער זאגט אין תניא (פכ"ד), אדער מצד דעם ביאור הפשוט אז מצד מעלת המצוה איז "בכלל מאתיים מנה".

כב. אע"פ אז ס'רעדט זיך דאך וועגן ענינים נעלים ביותר - דער ענין התשובה אין אן אופן וואס מ'מוז אנקומען צו א מלחמה מיט די גדרים פון סדר השתלשלות - איז אבער א שמץ מנהו שייך ביי יעדן אידן, ווארום יעדער איד האט א שמץ מנהו פון משה רבינו.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא (פמ"ב) דעם פירוש אין מאמר הגמ' (ברכות לג, ב) "לגבי משה מילתא זוטרת זוטרתי היא", אז וויבאלד דאס איז א "מילתא זוטרתי" לגבי משה רבינו, איז דאס אויך "מילתא זוטרתי" לגבי כאו"א מישראל, וואס דערפאר זאגט מען דאך "ועתה <u>ישראל</u> מה ה"א שואל מעמך כ"א ליראה" (עקב י, יב).

וע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין וואס מ'לערנט ארויס פון תחלת הכתוב "מה ה"א שואל מעמך" - "אל תקרי מה אלא מאה" (תניא רבתי בתחלתו. וראה תוד"ה מעמך מנחות מג, ב), וואס דערפון קומט ארויס דער חיוב על כאו"א "לברך מאה ברכות בכל יום", וואס דאס איז א חיוב וואס ברענגט זיך אין שו"ע

- (טושו"ע) -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

(שושו"ע או"ת רסמ"ו), ביז וואנעס מ'באווארענט ווי צו משלים זיין די מאה ברכות ביום הכפורים וכו' (שו"ע אדה"ז שם) -

איז מזה מובן אויך בנוגע צום ענין היראה (וויבאלד דאס איז א "מילתא זוטרתי" ביי משה רבינו), אז דאס איז שייך לכאו"א מישראל, אפי' אין דרא דעקבתא דמשיחא.

ואדרבה, דער ענין פון מאה ברכות (וואס דער ענין פון "מאה" איז מורה על הכתר כמבואר בכ"מ (לקו"ת צו י, א)) איז נתתקן געווארן דוקא לאחר חורבן בית ראשון (תו"א ו, א).

און ווי דער צ"צ איז מבאר (אוה"ת בראשית תקנב, א) ווי דאס שטימט מיטן מארז"ל (במדב"ר פי"ת כא) אויפן פסוק "נאום הגבר הוקם על" (ש"ב כג, א) אז דאס גייט אויף דוד המלך וואס האט מתקן געווען מאה ברכות ("על" בגימט' מאה).

וואס דאס איז ע"ד מאמר רז"ל (שבת קד, א. מגילה ב, ב) "מנצפ"ך צופים אמרום כו' שכחום וחזרו ויסדום", איז עד"ז אויך בעניננו, אז דוד'ס תקנה איז "שכחו", און דערנאך האבן דאס די אנשי כנה"ג מתקן געווען לאחרי חורבן הבית -

ד.ה. אז דוקא לאחרי החורבן, דעמולט שטייט בגלוי דער ענין פון "מאה".

ומזה מובן, כאמור, אויך בנוגע צו דער עבודה פון "כיבוש הארץ", אז דאס איז שייך לכאו"א אויך בזמן דעקבתא דמשיחא, ואדרבה.

וכידוע בענין "והאיש משה עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה" (בהעלותך יב, ג), כפי' פון אלטן רבי'ן (סה"מ תקס"ב ע' נא), ובארוכה בדרושי כ"ק מו"ח אדמו"ר (סה"מ קונטרסים ח"א ע' 106. תש"י ע' 237), אז בעיקר איז משה געווען אראפגעפאלן ביי זיך לגבי דעם דור פון עקבתא דמשיחא,

ווארום דעמולט שטייט מען במסירת נפש, ובעיקר אויף דעם ענין פון "אל יבוש מפני המלעיגים", ובפרט אז די מלעיגים זיינען אנשים פשוטים ועמי-הארצים, און אויף יעדער דבר קל מוז מען אנקומען צו מס"נ, און מ'שטייט טאקע במס"נ - פאר דעם איז משה רבינו "נפל על פניו".

און דער כח המס"נ איז מעורר ומחזק דעם ענין פון משה רבינו (דער רעיא מהימנא) שבכאו"א מישראל, אז ס'זאל זיין "אל תירא ואל תחת", און טאן אין דער עבודה פון כיבוש הארץ,

ביז מ'וועט קומען צו דער צייט פון "כי ירחיב ה' את גבולך" (ראה יב, כ) - וואס דעמולט וועט מען באקומען ארץ קיני קניזי וקדמוני (ספרי עה"פ. פירש"י עה"פ שופטים יט, ח),

- און -

און מ'וועט גיין בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו לקבל פני משיח צדקנו, בעגלא דידן.

* * *

כג. בנוגע צו פירש"י - האט שוין רש"י באווארענט דעם ענין (פארוואס דא שטייען בלויז צוויי לשונות) פריער:

אין פ' שופטים (כ, ג) זאגט רש"י אז די "ארבעה אזהרות" זיינען כנגד די "ארבעה דברים שמלכי האומות עושים" - "אל ירך לבבכם - מצהלות סוסים, אל תיראו - מהגפת התריסין, ואל תחפזו - מקול הקרנות, ואל תערצו - מקול הצווחה".

וואס דערפון פארשטייט דער בן חמש למקרא אליין, אז אויב מ'וועט וויסן אז דא זיינען געווען בלויז "הגפת התריסין" און "קול הצווחה", משא"כ "צהלות סוסים" און "קול הקרנות" וואס "תוקעין בשופרות ומיני משמיעי קול" זיינען ניט געווען, וועט זיין מובן פארוואס ס'שטייען בלויז די צוויי לשונות "אל תיראו ואל תערצו".

כד. פון וואנעט ווייסט מען אבער אז דא זיינען ניט געווען קיין "סוסים" און "קרנות" - איז דאס שוין באווארענט אין די פסוקים גופא:

מיט עטליכע פסוקים פריער שטייט דא (וילך לא, ד) "ועשה ה' להם כאשר עשה לסיחון ולעוג מלכי האמורי ולארצם", ד.ה. אז די מלחמה פון כיבוש הארץ וועט זיין ע"ד ווי די מלחמה מיט סיחון ועוג.

וואס איז געווען ביי מלחמת סיחון ומלחמת עוג? - ווייסט מען שוין פון פריער (חקת כא, כג) אז "ויאסוף סיחון את כל עמו ויצא לקראת ישראל המדברה ויבא יהצה וילחם בישראל" (און ווי רש"י זאגט דארטן אז "אמר הקב"ה מה אני מטריח על בני כל זאת לצור על כל עיר ועיר, נתן בלב כל אנשי המלחמה לצאת מן העיירות ונתקבצו כולם למקום אחד");

עד"ז האט מען געלערנט (דברים ב, לג) "ויצא סיחון לקראתנו גו'", ופירש"י "לא שלח בשביל עוג לעזור לו";

עד"ז בנוגע צו עוג'ן - האט דאך שוין רש"י געבראכט (חקת כא, לה) אז "עקר טורא בר תלתא פרסי" און "משה הרגו" -

איז דערפון מובן אז דארטן זיינען ניט געווען דער ענין פון "צהלות סוסים" און "קול קרנות":

דאס וואס מ'דארף אנקומען ביי א מלחמה צו סוסים איז דאס דאך אדער כדי צו גיין ממקום למקום אדער כדי צו קענען אנטלויפן; וויבאלד אבער אז סיחון האט געבראכט כל עמו אין "יהצה", איז ניט געווען ווייטער וואו צו גיין; און ער האט

- אויך -

אויך ניט געטראכט צו אנטלויפן, ווייל ער האט זיך בוטח געווען אין כחו ועוצם ידו, אז ער איז א גיבור (וואס דערפאר האט ער ניט גערופן עוג'ן צו זיך) - האט ער דאך ניט געדארפט האבן קיין סוסים.

ועד"ז בנוגע צו עוג, אז וויבאלד זיין אופן המלחמה איז געווען אז "עקר טורא בר תלתא פרסי כו'" - פאסט דאך ניט דער גאנצער ענין פון סוסים.

עד"ז איז אויך בנוגע צו "קרנות": וויבאלד דער גאנצער ענין איז דאך כדי צו מטיל זיין אימה ופחד אויף אידן, האבן סיחון ועוג ניט געדארפט אנקומען דערצו ווייל זיי האבן זיך בוטח געווען אין זייער גבורה, ובמילא איז ניטא וואס צו ברענגען "שופרות ומיני משמיעי קול" וכו'.

און דאס איז מובן במכ"ש וק"ו: מה-דאך אן ענין של ודאי, די עזרה פון עוג'ן, האט סיחון ניט געוואלט האבן (כמובא לעיל פון פירש"י), ווייל ער האט זיך פארלאזט אויף זיין גבורה; איז עאכו"כ אז ער האט ניט געבראכט קיין קרנות אויף מטיל אימה זיין אויף אידן, וואס דאס איז מערניט ווי אן ענין של ספק צו דאס וועט העלפן.

און דערפון איז מובן אויך בנדו"ד, אז אזוי ווי ביי סיחון ועוג זיינען ניט געווען קיין סוסים וקרנות (כנ"ל), עד"ז וועט זיין אין די מלחמה פון יהושע'ן אז ס'וועלן ניט זיין קיין סוסים וקרנות.

כה. אבער די אנדערע צוויי פרטים ("אל תיראו - מהגפת התריסין" און "ואל תערצו - מקול הצווחה") - שטייען דאך יע, והביאור בזה:

דאס וואס מ'דארף האבן "תריסין" האט דאס ניט צוטאן מיט דער גבורה פון דעם לוחם, ווארום דער ענין הגבורה האט צוטאן ווען ער שלאגט זיך מיט איינעם; אבער כדי ער זאל ניט ניזוק ווערן פון א חץ וואס מ'שיסט פון דערווייטנ'ס דורך א קשת [ווי דער בן חמש למקרא האט שוין דערפון געלערנט פריער - "אשר לקחתי מיד האמורי בחרבי ובקשתי" (ויחי מח, כב. וראה גם וירא כא, טז (בפירש"י). כ)], - דארף אפי' א גיבור גדול ביותר אנקומען צו א מגן, תריסין, ווארום דעם חץ קען מען שיסן פון דערווייטנ'ס.

אזוי ווי מ'זעט אז אידן האבן אויך געהאט כלי זיין, ווי רש"י האט שוין געזאגט אויף "וחמשים עלו בני ישראל מארץ מצרים" (בשלח יג, יח), און ווי ער האט אויך מפרש געווען בפ' דברים (א, ח) אז אילולא חטא המרגלים וואלט מען ניט געדארפט האבן קיין כלי זיין, אבער לאחרי החטא האט מען דאך געדארפט האבן כלי זיין.

- וואס -



הנחת הת' בלהי מוגה

וואס דערפון איז מובן פארוואס האבן סיחון ועוג געדארפט האבן "תריסין", א "מגן וצינה" - כדי ניט צו געטראפן ווערן פון די חצים וואס מ'שיסט פון די קשתות.

עד"ז איז מובן פארוואס האט מען געדארפט האבן "קול הצווחה" (ועד"ז "<u>הגפת</u> תריסין");

וויבאלד זיי האבן געוואלט האבן אז דער נצחון זאל זיין וואס גיכער און שנעלער, דארף מען האבן דעם "קול הצווחה", וואס דאס איז א "קול ענות <u>גבורה</u>" (ווי מ'האט שוין געלערנט פריער אז ס'איז דא "קול ענות גבורה", און ס'איז דא "קול ענות חלושה" (תשא לב, יח)), כדי אז א איד וואס געפינט זיך אין מחנה ישראל זאל וויסן אז סיחון איז א גיבור,

וואס דורך דעם וואס ס'וועט זיין דער קול הצווחה בקול ענות <u>גבורה</u> - וועט דאס מטיל אימה זיין, און דאס וועט ממהר זיין דעם נצחון המלחמה.

און באמת דארף מען דערצו ניט אנקומען, ווארום סיחון האט דאך מודיע געווען אז ער וויל ניט לאזן אידן אריבערגיין בארצו, ווי ס'שטייט "ולא נתן סיחון את ישראל עבור בגבולו" (חקת כא, כג), וואס דאס איז דער גרעסטער "קול צווחה" וואס קען מטיל אימה זיין,

[ווארום פריער איז דאך געווען "וימאן אדום נתון את ישראל עבור בגבולו ויט ישראל מעליו" (חקת כ, כא), איז אידן ווייסן טאקע אז דאס קומט מצד ציווי הקב"ה "אל תתגרו בם" (דברים ב, ה), אבער א גוי מיינט דאך אז דאס קומט מצד זיין דיבור וגבורה],

אבער נוסף לזה איז אויך בשעת המלחמה געווען דער ענין פון "קול הצווחה", "קול ענות גבורה", כדי צו ממהר זיין דעם נצחון המלחמה.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו הגפת תריסין, אז ער דארף דאך <u>באווייזן</u> אז ער האט תריסין, כדי צו מטיל אימה זיין - וואס דערפאר איז געווען דער ענין פון "<u>הגפת</u> תריסין" (וויבאלד אז ער האט שוין סיי-ווי די תריסין).

ומזה מובן אויך בנוגע צו מלחמת יהושע, אז ס'וועט זיין אין אן אופן ווי ס'איז געווען ביי מלחמת סיחון ועוג, וואס דערפאר שטייט דא נאר "אל תיראו" און "אל תערצו", וואס דאס איז פארבונדן מיט הגפת תריסין און קול הצווחה, און ס'שטייט ניט די איבעריקע צוויי לשונות (וואס זיינען פארבונדן מיט צהלות סוסים און קול הקרנות).

כו. כל הנ"ל איז דער פשט"מ וואס אין פירש"י; ס'איז דאך

- אבער -

אבער דא אין פירש"י איך אן ענין פון "יינה של תורה" און א הוראה אין עבודת ה׳.

ווארום וויבאלד מ׳שטייט דאך אין עשרת ימי תשובה, וואס ס׳שטייט דאך אין ספרי מוסר בכ"מ אז אפי׳ תלמידי חכמים וואס כל השנה איז עסקם בתורה, זיינען זיי דעמולט מוסיף אין תפלה ורחמים און אויך אין צדקה,

ווייל מ׳דארף דאך ממשיך זיין מלמעלה דעם ענין פון צדקה ורחמים, וואס דאס קומט ע"י הנהגת האדם באופן כזה -

איז דאך מובן אז וויבאלד מ׳לערנט בעשי"ת די סדרה מיט פירש"י, איז זיכער אז אין דערויף איז דא דער ענין פון יינה של תורה, און א הוראה אין עבודת האדם. וכפי שיתבאר לקמן.

כז. דער ביאור אין די הערות אויפן זהר:

דער ביאור פון די ענינים הנ"ל ע"ד ובלשון החסידות, וועט זיין פארשטאנדיק ע"פ המבואר אין דעם מאמר פון רבי׳ן נ"ע, פון ר"ה דשנת תרע"ת (וואס מ׳האט געבראכט אין דעם מאמר פון ר"ה) - וואס בקרוב ממש גייט דאס ארויס לאור עולם (און מסתמא זיינען דא אזוינע וואס האבן נאך פון פריער די מאמרים פון ר"ה).

וואס דארטן (ע׳ ו) איז מבואר, אז אין דעם ענין הרצון זיינען דא כמה דרגות - רצונות פרטיים, אבער דער <u>תוקף</u> הרצון איז אין אלע פרטים בשוה.

וואס דאס איז דער ביאור אין דעם מארז"ל "הוי זהיר במצוה קלה כבחמורה" (אבות רפ"ב), ד.ה. אז אע"פ אז תורה אליין זאגט אז דאס איז "קלה" און דאס איז "חמורה", אז ס׳איז דא די התחלקות לפרטים, דארף אבער זיין אין דערויף דער תוקף הרצון בשוה - "זהיר במצוה קלה כבחמורה" [ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט בזה אין צוואת הריב"ש (אות יז) אז "זהיר" איז מלשון זהירות ובהירות, ליכטיקייט].

ד.ה. אז ס׳דארף זיין דער ענין פון רצונות פרטיים, ווארום ס׳איז ניט גענוג ער זאל האבן א רצון כללי צו מקיים זיין רצון ה׳, נאר דער רצון דארף אראפקומען אין פרטים: אין אהבת ישראל, חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה, ביז צו אלע תרי"ג מצוות - אבער אין די אלע רצונות פרטיים, דארף זיין דער תוקף הרצון בשוה.

וואס דאס איז דער ענין פון "כולהו מתגלפי בשמא כו׳" - אז ס׳זיינען דא "<u>כולהו</u>", רצונות פרטיים, און זיי שטייען אין אן אופן פון "מתגלפי", ווי חסידות טייטשט אפ אויף דעם

- ענין -

ענין פון "גליפו", אז דאס איז דער ענין פון "תקיקה", וואס דער ענין התקיקה באווייזט אויף דעם תוקף הרצון.

וע"ד ווי ס'איז אין די לותות, וואס די אותיות זיינען געווען "חרות על הלוחות" (תשא לב, טז), אין אן אופן פון חקיקה, וואס דארטן זיינען דאך פאראן פרטים - אלע אותיות, פון דעם א' פון "אנכי", ביז צום ך' פון "לרעך", תר"ך אותיות; אבער די אלע פרטים שטייען אין אן אופן פון תקיקה.

וואס דער תילוק צווישן אותיות הכתיבה מיט אותיות החקיקה איז, אז אותיות הכתיבה זיינען א דבר נוסף אויף דער זאך, און מ'קען זיי מפריד זיין דערפון, משא"כ דער ענין פון אותיות התקיקה, וואס זיי זיינען איין זאך מיטן אבן (אויף וועלכע מ'איז זיי חוקק), און מ'קען זיי ניט מפריד זיין דערפון, ווארום דאס איז זייער גאנצער מהות.

וואס אין עבודת האדם באווייזט דער ענין התקיקה אויף דעם תוקף הרצון, און דער ענין פון קב"ע - וואס דאס דארף זיין אין אלע פרטים בשוה.

וואס דאס איז אויך די צוויי ענינים וואס זיינען דא אין כוונת המצוות: די כוונה כללית פון "אשר קדשנו במצותיו וצונו", וואס דאס איז דער תוקף הרצון וואס איז אין אלע מצוות בשוה; און די כוונה פרטית וואס איז דא אין יעדער מצוה בפ"ע.

כח. אין אותיות פון קבלה - איז דער תוקף הרצון דער ענין פון כתר, און דאס דארף דערנאך אראפקומען אין סדר השתלשלות און אין פרטים, אנהויבנדיק פון דער המשכה אין דעם ענין פון חכמה, וואס דאס איז דער יו"ד פון שם הוי', און דערנאך אין אלע ד' אותיות פון שם הוי'.

וואס כדי אז דאס זאל קענען אראפקומען אין השתלשלות, דארף זיין אן ענין של צמצום, וואס דאס איז דער ענין פון "ויקרא הוי' הוי'" און פסיק טעמא בגווייהו, וואס דאס איז דער ענין הצמצום אז ס'זאל קענען אראפקומען אין השתלשלות (שם ע' ב).

און דערנאך איז ער דאס מבאר אין די אותיות פון שם הוי' (ווי געררעדט אין דעם מאמר פון ר"ה (ד"ה מן המיצר), ובארוכה אין דעם מאמר פון דעם רבי'ן נ"ע (ע' ג)) אז דאס איז דער ענין פון דעם יו"ד פון שם הוי',

און ער איז דאס מבאר מיטן משל פון משפיע ומקבל, אז דער אור השכל ווי ער איז ביי דעם משפיע איז ער שלא בערך צום מקבל, און דער אור השכל השייך אל המקבל איז דארטן ניט ניכר - וואס דערפאר דארף זיין דער ענין הצמצום, כדי ס'זאל

- נבדל -

נבדל ווערן און נתגלה ווערן דער אור השייך אל המקבל.

און דאס איז דער ענין היו"ד פון שם הוי' - אז דער אור השייך אל המקבל ווערט נבדל ונתגלה אין אן אופן של נקודה.

וואס דער ענין ווערט אויפגעטאן דורך דעם סילוק פון דעם אור הבל"ג, וואס דעמולט ווערט נתגלה דער אור הגבול.

ווארום בשעת ס'איז מאיר דער אור הבל"ג, הערט זיך ניט אן דער ענין הגבול, נאר ער איז מעורב מיטן בל"ג (ווי דער ביאור בזה זאל נאר זיין, וואס דאס איז דאך ניט נוגע לעניננו), ווארום בשעת ס'איז מאיר דער אור הבל"ג, האט ניט קיין ארט דער ענין הגבול; אבער בשעת ס'ווערט נסתלק דער אור הבל"ג, דעמולט ווערט נבדל ונתגלה דער ענין הגבול.

כט. און דער ענין אז ס'ווערט נסתלק דער אור הבל"ג, און ס'ווערט נבדל ונתגלה דער כח הגבול - איז דאס ניט אין אן אופן אז דער אור איז יורד ונמשך למטה, נאר ס'איז אין אן אופן אז ס'ווערט נתגלה דער ענין הגבול.

וואס דערפאר זאגט מען ניט אויף דערויף דעם לשון "נחתין", וויבאלד אז דאס איז ניט אין אן אופן של ירידה, נאר דעם לשון "אתיין", מלשון "אתא בוקר" - דער ענין הגילוי.

והביאור בזה: אין דעם משפיע איז דאס טאקע אן ענין של ירידה, ווארום פריער האט מאיר געווען דער אור הבל"ג, און איצטער איז דער בל"ג נסתלק געווארן, און ס'איז מאיר דער גבול; אבער אין תיצוניות האור, דער אור השייך אל המקבל, איז דאס ניט אין אן אופן אז ער איז יורד ונמשך למטה, נאר אין אן אופן אז ער איז נבדל געווארן פון דעם בל"ג, וואס דורך דעם ווערט ער נתגלה.

וואס אין דעם ענין הגבול איז דאס ניט קיין ענין של ירידה, צי ס'איז געווען אין אן אופן וואס "נגע בו הצמצום", אזוי ווי דאס איז אין דעם עיגול הגדול (המשך תרס"ו ע' קצד), אדער ס'איז געווען אין אן אופן אז "לא נגע בו הצמצום".

ס'איז טאקע ניט ווי ס'איז געווען קודם הצמצום - ס'איז אבער ניט קיין ענין של ירידה אין חיצוניות האור, נאר פריער איז ער געווען מעורב מיטן בל"ג, און דערנאך איז ער נבדל געווארן פון דעם בל"ג, און ער ווערט נתגלה.

וואס דאס איז דער ענין פון דעם יו"ד פון שם הוי'. און דער ענין ווערט אנגערופן בשם "אתיין".

ל. דערנאך קומט דער אות ה"א פון שם הוי', וואס ענינו איז, אז דער משפיע איז מפרט ביי זיך די פרטים פון דער

- נקודה -

נקודה וואס ער גייט מגלה זיין צום מקבל, וואס דארטן איז שוין דא די השערה פון חושי המקבל, אבער דאס איז נאך אלץ ווי דאס איז אין דעם משפיע - דער ענין פון מקבל שבמשפיע.

און אע"פ אז דארטן איז שוין דא די השערה פון חושי המקבל - איז אבער דא דארטן דער ענין פון התגברות האור, ווי ער זאגט דעם לשון אין דעם מאמר פון רבי׳ן נ"ע (ע׳ ב) אז דער אור איז "בהתגברות",

און וויבאלד אז דארטן איז דער אור בהתגברות - דערפאר זאגט מען אויף דערויף "וסלקין", אז דאס איז אן ענין של סילוק ועלי׳, ווייל דאס וואס חיצוניות האור השייך אל המקבל שטייט אין אן אופן אז דער אור המשפיע איז בהתגברות, איז דאס אן ענין של עלי׳. וואס דאס איז דער ענין פון דעם אות ה"א פון שם הוי׳.

און דערנאך קומט דער ענין פון ו"ה פון שם הוי׳, וואס דאס איז שוין די המשכה אל המקבל, וואס פריער איז דא דער ענין פון דעם וא"ו וואס עניינו איז המשכה למטה, וואס די המשכה ווערט אנגערופן "ונחתין", און דערנאך קומט דאס אראפ אין דעם שטח פון כלי המקבל, וואס דאס איז דער אות ה"א אחרונה פון שם הוי׳, און אויף דערויף זאגט מען "ומתגלפין תמן".

וואס דאס איז אלץ ווי דאס איז אין אצילות, אדער בלשון פון דער הערה - ווי דאס איז אין עקודים; און דערנאך קומט דאס אראפ אין בי"ע, וואס דארטן ווערט דער "ומשם יפרד", און אויף דערויף זאגט ער "וכל מלה ומלה הוה אתיא וכו׳", אז דאס קומט אראפ אין פרטים, אין מחשבה דיבור ומעשה.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון שבת שובה - ווארום דער ענין פון תשו"ע איז אין אן אופן פון "אתדבקות רוחא ברוחא" (אגה"ת פ"ט), וואס דערנאך קומט דאס אראפ אין מחשבה דיבור ומעשה.

ויה"ר אז דורך דערויף וואס מ׳איז מבאר די עניינים בלשון החסידות און מ׳רעדט דאס בדיבור - זאל דאס אראפקומען בגילוי, וואס דאס איז דאך דער ענין החסידות, צו מגלה זיין און אראפברענגען בפועל ממש די כוונה פון דעם אויבערשטן אז ס׳זאל זיין א דירה לו ית׳ בתחתונים, וואס דאס איז דער ענין פון "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה" -

אז ס׳זאל זיין א הצלחה אין דער עבודה פון עשי"ת, בכל העניינים האמורים לעיל (חסר הסיום).

* * *

לא. בנוגע צו די יינה של תורה שבפירש"י - דארף מען ניט

- זוכן -

זוכן וואס איז די הוראה פון רעם פירש"י, ווארום ס'איז א דבר הפשוט:

מ'זאגט אידן "חזקו ואמצו אל תיראו ואל תערצו מפניהם", ס'איז ניטא וואס צו מורא האבן פאר די גויים,

וכאמור לעיל (סכ"ד) אז סיחון ועוג גייען ניט צוזאמען - וואס אע"פ אז אלע האבן געוואוסט דעם תוקף פון אידן, ווארום ס'איז דאך געווען לאחרי קי"ס, וואס דעמולט איז געווען "חיל אחז יושבי פלשת" (בשלח טו, יד), און "נמוגו כל יושבי כנען" (שם טו); און די שבעה אומות האבן אוועק-געשטעלט סיחון ועוג אלס שומרים אויף זיי (פירש"י חקת כא, כ. ר"פ בלק) -

און אעפ"כ גייען זיי ניט צוזאמען, ווארום יעדערער פון זיי פארלאזט זיך אויפן "כחי ועוצם ידי", במילא וויל ער ניט אנקומען צום צווייטן, ביז וואנעט אז ס'איז אין אן אופן פון "וסכסכתי מצרים במצרים" (ישעי' יט, ב).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'זעט אז או"ה זאגן אז זיי גייען צוזאמען - איז ניטא וואס צו נתפעל ווערן דערפון, ווארום מ'האט שוין געזעהן בעבר (ביי סיחון ועוג) אז זיי גייען ניט צוזאמען, ווארום יעדערער פארלאזט זיך אויף זיך, און וויל ניט אנקומען צום צווייטן, ביז אז ס'ווערט דער "וסכסכתי מצרים במצרים".

ועד"ז בנוגע צו עוג - וואס ער טענה'ט אז ער האט געהאלפן און געטאן א טובה צו אברהם אבינו (ווען ס'איז געווען "ויבא הפליט וגו'" (לך יד, יג)) - דארף מען וויסן אז "חסד לאומים חטאת" (משלי יד, לד), און מ'קען זיך ניט פארלאזן אויף דערויף, נאר אידן פארלאזן זיך אויפן אויבערשטן, וואס "הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל" (תהלים קכא, ד).

לכתחלה דארף מען טאקע אנהויבן מיט דעם ענין פון שלום, ווי ס'שטייט (שופטים כ, י) "וקראת אלי' לשלום" - אויב דאס איז ניט פון די שבעה אומות - ביז וואנעט אז מ'זעט אז משה רבינו האט ניט געוואלט זיך אנהויבן מיט עוג, און ער האט געדארפט האבן אויף דערויף א נתינת כח מיוחדת (חקת כא, לד ובפירש"י);

ס'איז אבער ניטא וואס צו נתפעל ווערן פאר או"ה, ווארום מ'ווייסט אז "ה' אלקיך הוא ההולך עמך".

לב. און אויב מ'האט אמאל געדארפט אנקומען צו א הוכחה אז "ה' אלקיך הוא ההולך עמך" - זעט מען אבער איצטער בפועל אז "ה' אלקיך הוא ההולך עמך".

- ווי -

ווי מ'זעט אז או"ה טועו אפ שטותים בכל יום ויום (ביז אין אן אופן פון "וסכסכתי מצרים במצרים"), ולאידך, אין דעם צווייטן צד (ביי אידן), טוט מען אויך אפ שטותים, אבער דערפון קומט גאר ארויס א הצלחה גדולה, וואס דאס איז דערפאר וואס "ה' אלקיך הוא ההולך עמך".

און ווי ער איז ממשיך אין פסוק "לא ירפך ולא יעזבך", ר.ה. אז אפי' אויב מ'וויל, וועט דאס רער אויבערשטער ניט צולאזן, "לא ירפך ולא יעזבך", און ווי רש"י טייטשט אפ "לא יתן לך רפיון להיות נעזב ממנו".

און אידן דארפן שטיין מיט א תוקף - ניט דערפאר וואס או"ה זיינען שוואך, נאר דערפאר וואס "ה' אלקיך הוא ההולך עמך", ווארום פונקט אזוי ווי ביי או"ה איז דא דער ענין פון "כחי ועוצם ידי", וואס דערפאר זיינען זיי ניט צוזאמען - דארף זיין ביי אידן היפך הענין פון "כחי ועוצם ידי" וואס איז דא ביי או"ה, וואס דאס איז דער ענין פון "ה' אלקיך הוא ההולך עמך".

און ווי מ'זעט ביי א מלך בו"ד, אז בשעת דער מלך גייט צוזאמען מיט איט, גייט ער דעמולט מיט א תוקף, ווארום ער ווייסט אז דער מלך איז צוזאמען מיט איט. ער נעמט טאקע כלי זיין, דערפאר וואס דער מלך האט געהייסן נעמען כלי זיין, אבער ניט אויף דערויף פארלאזט ער זיך, נאר ער פארלאזט זיך אויף דעם וואס דער מלך גייט צוזאמען מיט איט.

און אפי' אז ס'רערט זיך וועגן אן איש פשוט וואס ווייסט ניט און פארשטייט ניט אין חכסיסי המלוכה, אעפ"כ, בשעת ער שטייט פארן מלך, און ער זעט ווי אלע זיינען בטל צום מלך, פועל'ט דאס אויך אויף אים ער זאל שטיין בביטול צום מלך.

און ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין שו"ע בתחלתו (פון רמב"ם (מו"נ ח"ג פנ"ב)), אז ס'איז ניט דומה הנהגת האדם וועו ער געפינט זיך בביתו, צו זיין הנהגה וועו ער געפינט זיך צוזאמען מיטן מלך.

ועד"ז בנדו"ר - אז אידן שטייען מיט א תוקף דערפאר וואס מ'ווייסט אז "ה' אלקיך הוא ההולך עמך".

און בשעת מ'שטייט מיט דעם חוקף פון "ה' אלקיך הוא ההולך עמך", האט מען די הצלחה אין דעם דין ודברים ושקו"ט מיט או"ה, און "ואתה תנחילנה אותם", אז ס'ווערט דער המשך ההתנחלות בארץ, מצד דערויף וואס "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים" (תהלים קיא, ו), און אין אן אופן פון נחלה וירושה שאין לה הפסק (ב"ב קכט, ב).

- לג. -

לג. דערפון איז אויך דא א הוראה אין עבודת האדם:

בנוגע צו דעם ענין פון מלחמת היצר - קען דאך איינער טראכטן, אז וויבאלד ער האט א גרויסן יצה"ר, איז ווי וועט ער זיך קענען איינקערן מיט אים?!

אויף דערויף זאגט מען אים, אז ער דארף וויסן אז דער יצה"ר וויל אויך אז ער זאל אים ניט פאלגן, און ער זאל אים מנצח זיין, ס'איז מערניט וואס ער דארף טאן שליחותו של הקב"ה, און ווי ער זאגט אין תניא (ספ"ט. ספכ"ט) אז דאס איז כמשל הזונה וואס זי רעדט איין דעם בן המלך וכו', אבער לבו לא שלם עמו, ער וויל אז מ'זאל אים מנצח זיין.

עס דארף נאר זיין דער "ירעים עלי' בקול רעש וכו'" און "ירגיז כו'" (תניא פכ"ט), און מיט א תוקף - וואס דעמולט ווערט ער אינגאנצן נתבטל.

ועד"ז איז דאס אויך בנוגע צו עבודתו מיטן זולת:

ער קען אמאל טראכטן אז ער קען זיך ניט דערערדן מיטן צווייטן אידן, ווארום ביי אים רעדט דער יצ"ט, און ביי יענעם ענטפערט דער יצה"ר, איז ווי קען ער רעדן מיטן צווייטן אידן?!

דארף ער וויסן זיין אז באמת וויל גאר יענער זיין ווי ס'דארף צו זיין - ער דארף נאר רעדן מיט אים און מגלה זיין דאס ביי אים, און דערנאך וועט אים יענער מודה זיין און דאנקען, ביז אין אן אופן פון "בכל לבבך - בשני יצריך" (ברכות נד, א), אויף דערויף וואס ער האט אים אריינגעבראכט צו חיים אמיתיים, חיים פון תומ"צ, וואס דאס זיינען די חיים אמיתיים אויך אין עוה"ז הגשמי כפשוטו.

און אע"פ אז ער זעט אז ס'זיינען דא ווייניק מענטשן וואס זיינען זיך מתעסק מיטן זולת, און ס'זיינען דא א סאך מיט וועלכע מ'דארף טאן, ובכללות איז דאך "אתם המעט מכל העמים" (ואתחנן ז, ז) -

דארף ער דערפון ניט נתפעל ווערן, ווארום ער ווייסט אז "ה' אלקיך הוא ההולך עמך", ובמילא דארף ער טאן זיין עבודה.

לד. און פון די פרטים הנ"ל אין עבודת האדם - קומט דאס ארויס אויך בכללות, בנוגע צו כיבוש הארץ, אז מ'ווערט ניט נתפעל פאר או"ה, און ניט מצד דעם ענין פון "כחי ועוצם ידי", נאר דערפאר וואס "ה' אלקיך הוא ההולך עמך". וואס דעמולט ווערט דער "תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן" (בשלח טו, טז).

- און -

און מ׳גייט מיטן תוקף פון "אנחנו בשם ה׳ אלקינו נזכיר" (תהלים כ, ח), און "בשם אלקינו נדגל" (שם ו), ווי די צוויי לשונות אין די פסוקים.

און דעמולט וועט דער "ה׳ הושיעה המלך יעננו ביום קראנו" (שם י), אז אין דעם זעלבן טאג וואס מ׳רופט דעם אויבערשטן, "ביום קראנו", וועט דער "ה׳ הושיעה המלך יעננו".

און ווי מ׳איז דערנאך ממשיך אין די תפלה פון ימות החול - "ובא לציון גואל",

ווי די מגידים פלעגן פארענדיקן זייערע דרשות - אז ס׳וועט זיין "ובא לציון גואל ונאמר אמן", ובשמחה וטוב לבב.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

א. ווען אידן קלייבן זיך צוזאמען, ובמיוחד אין עשרת ימי תשובה - איז דאך דאס א גוטע זאך.

ובמיוחד בכמה ספרים אז וויבאלד די גמ' (ר"ה יח, א) זאגט "הכא ביחיד התם בציבור", אז אין די טעג פון עשי"ת, וואס אויף זיי זאגט מען דאך "דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב" (ישעי' נה, ו), "ביחיד אימת - אלו עשרה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ", קען א יחיד אויפטאן דאס וואס א ציבור טוט אויף בשאר ימות השנה -

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז בשעת ס'איז דא דער ענין הציבור אין עשי"ת, קען מען דעמולט אויפטאן א סאך מערער.

דערנאך איז דא דער צווייטער פי' אין גמ' (ירושלמי ברכות פ"ה ה"א. וראה ברכות ו, א) - אז דער "בהמצאו" גייט אויף בתי כנסיות ובתי מדרשות, וואס דארטן איז בכל ימות השנה דער ענין פון "בהמצאו".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת עס טרעפן זיך צוזאמען אלע דריי ענינים: א) עשרת ימי תשובה - אין זמן (שנה), ב) בבתי כנסיות ובתי מדרשות - אין מקום (עולם), ג) דער ענין הציבור - אין נפש,

- וואס דאס זיינען דאך די דריי ענינים אויף וועלכע ספר יצירה איז מייסד דעם גאנצן המשך הביאור ווי אזוי דער אויבערשטער יצר וברא את עולמו - די דריי ענינים פון עולם, שנה, ונפש (ראה אוה"ת יתרו ע' תתמז) -

וואס יעדער איינער פון די דריי ענינים ווי ער שטייט בפ"ע, טוט ער אויך אויף דעם ענין פון "בהמצאו" און "בהיותו קרוב",

איז דערפון פארשטאנדיק, אז בשעת די אלע דריי ענינים טרעפן זיך צוזאמען, איז דאס ניט נאר דריי מאל אזוי פיל, נאר בדוגמא ווי די גמ' (סוטה לד, א) זאגט אז בשעת צוויי מענטשן הויבן אויף א משא, קענען זיי אויפהויבן מערער ווי צוויי מאל אזוי פיל, ווארום יעדערער פון זיי האט זיין כח צוזאמען מיטן סיוע פון כח חבירו - איז עד"ז בנוגע צו די דריי ענינים (וואס יעדערער פון זיי פועל'ט דעם ענין פון "בהמצאו" און "בהיותו קרוב"), אז דורך זייער צירוף קומט צו ניט נאר דריי מאל אזוי פיל, נאר כמ"פ ככה.

ב. לכאו', איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען זאגן אז אין "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" זאלן זיין חילוקי דרגות, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דאס איז מערער ווי צוויי

- אדער -

אדער דריי מאל אזוי פיל?

איז דער ביאור בזה:

די גמ׳ (ר"ה שם) פסק׳נט דאך אפ אז גלייך אין דעם ערשטן טאג פון עשי"ת געפינט זיך דער אויבערשטער אין אן אופן פון "בהמצאו" און "בהיותו קרוב", און דערנאך ווען ס׳קומט דער צווייטער טאג פון עשי"ת, זאגט מען אז דער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" איז באופן נעלה יותר.

ווארום וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אידן אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "מעלין בקודש" (ברכות כח, א) - זאגט ער דאך אין מדרש (שמו"ר פ"ל, ט) אויפן פסוק "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל" (תהלים קמז, יט), אז "מה שהוא עושה אומר לישראל לעשות", אז דאס וואס דער אויבערשטער הייסט אידן טאן, איז דאס דערפאר וואס ער פירט זיך אזוי, דאס איז "דבריו" און "חוקיו ומשפטיו",

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז מצד דעם אויבערשטן איז דער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" אין אן אופן אז אין דערויף קומט צו מיום ליום (וויבאלד אז דער אויבערשטער הייסט אידן אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "מעלין בקודש").

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז ס׳קען זיין דער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" מערניס ווי מצד איין ענין - דער ענין פון זמן, אין עשי"ת, און דערנאך איז דא דער ענין וואס אין דערויף קומען צו די אנדערע צוויי ענינים - בתי כנסיות ובתי מדרשות, אין מקום, און דער ענין הציבור, אין נפש,

ביז וואנעט אז מ׳האלט שוין אין דעם זיבעטן טאג פון עשי"ת (וואס איצטער איז דאך שוין אור ליום השביעי פון עשי"ת), וואס דער יום השביעי איז דאך כולל דעם גאנצן היקף, כתשובת הרשב"א (ת"א ס"ט) הידועה -

איז דאך דעמולט דער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" ביתר שאת וביתר עוז.

ג. דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז דער "דרשו" און "קראוהו" (פון אידן) איז אויך אין אן אופן אז דאס איז כמ"פ ככה, ביז אין אן אופן פון אין ערוך - ווארום וויבאלד אז דער אויבערשטער ווערט נענטער און אנטפלעקט זיך, איז דאס גופא מעורר יעדער אידן אז ביי אים זאל זיין דער "דרשו" און "קראוהו" באופן נעלה יותר.

און ווי מ׳ברענגט (ראה דרך חיים פ"ב. ובכ"מ) אויף דערויף די דוגמא פון א ניצוץ קטן של אש, אז בשעת מ׳איז מקרב צו אים דעם מאור הגדול, א מדורה גדולה, אן אור גדול - ברענגט דאס גופא א תוספת אור ואש אין דעם ניצוץ קטן,

- מצד -

מצד קירוב מקורו ושרשו - דער מאור הגדול.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, מה-דאך אז אזוי איז דאס אין ענינים גשמיים, אין אש ואור וניצוץ גשמי, וואס די גאנצע מציאות פון גשמיות נעמט זיך דאך דערפון וואס פריער זיינען דא די ענינים ברוחניות, און דערנאך ווערט דוגמתם אויך בגשמיות,

[בלשון המדרש (זח"ב קסא, ב. וראה ב"ר בתחלתו) "אסתכל באורייתא וברא עלמא", אז דער אויבערשטער האט זיך איינגעקוקט ווי די ענינים שטייען אין תורה, און אז ער האט געזעהן אז אין תורה שטייט "יהי אור", איז געווען דער ענין פון "ויאמר אלקים יהי אור ויהי אור" -

איז דאך פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "אור" ווי דאס שטייט אין תורה, איז שלא בערך צום אור גשמי פון עוה"ז - וואס דאס איז דאך פשוטם של כתובים וואס אין מקרא יוצא מידי פשוטו, אז "ויהי אור" מיינט אז ס'איז געווארן אן אור גשמי, נוסף אויף דערויף וואס אין אים זיינען געווען די תכונות פון דעם אור שנברא ביום הראשון "שהי' אדם צופה ומביט בו מסוף העולם ועד סופו" (ב"ר פי"א, ב),

ווארום מה-דאך אז ס'איז געווען דער אור וואס "מביט בו מסוף העולם ועד סופו", איז דאך עאכו"כ אז ס'איז געווען דער אור כפשוטו, וואס דערפאר זעט מען דאך אז אויך נאך דערויף וואס דער אויבערשטער האט גונז געווען דעם אור שנברא ביום הראשון (חגיגה יב, א. ב"ר שם), איז נאך אלץ געבליבן דער ענין האור ביום השני וביום השלישי, ובכל ששת ימי בראשית, עד סוף כל העולם - וויבאלד אז אין דערויף איז אויך געווען דער אור כפשוטו],

איז דאך במכ"ש וק"ו אז אזוי טוען זיך אויף די ענינים ברוחניות -

וואס דערפאר זאגט מען אז וויבאלד אז דער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" איז ביתר שאת וביתר עוז, איז דער "דרשו" און "קראוהו" אויך ביתר שאת וביתר עוז.

ד. און וויבאלד אז דאס איז א ציווי של הקב"ה (אז ס'זאל זיין דער ענין פון "דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב") - וואס בשעת דער אויבערשטער גיט א ציווי, גיט ער אויך דעם כח אז מ'זאל דאס קענען מקיים זיין -

האט מען די הבטחה פון בורא האדם ומנהיגו, אז בשעת מ'וועט טאן אין דעם "דרשו" און "קראוהו", וועט מען מצליח זיין אין די אלע תוצאות וואס דארפן דערפון ארויסקומען, ביז צו דער עיקר התוצאה - אז דורך דערויף ווערט נתחבר דער ניצוץ מיט שרשו ומקורו - דער מאור.

- וואס -

הנחת הת' בלתי מוגה

וואס דאס איז פארבונדן רערמיט וואס ער איז מבאר בארוכה אין לקו"ת פון היינטיקע סדרה (ר"פ האזינו), אז שלימות ענין התשובה איז אז ס'זאל זיין רער ענין פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה" (קהלת יב, ז), אז זייענדיק אין דעם גוף, לאריכות ימים ושנים טובות, שטייט די נשמה אין אן אופן פון "תשוב אל האלקים אשר נתנה", אז זי ווערט פאראייניקט מיטן אויבערשטן אין דעם אופן וואס "נתנה".

וואס דאס ("נתנה") איז ראך נאך העכער פון "אתה בראתה", "אתה יצרתה" און "אתה נפחתה בי", ווי מ'זאגט אין דער ברכה אז פריער איז דא דער ענין פון "נשמה שנתת בי", און ערשט דערנאך קומט אראפ די נשמה אין א ציור וואס ווערט אנגערופן בראתה און יצרתה, ביז צו נפחתה בי -

און אעפ"כ זאגט מען אז זייענדיק א נשמה בגוף ווערט זי פאראייניקט מיט "האלקים אשר נתנה", אז זי שטייט בגלוי רא למטה אין דעם מעמד ומצב פון רוחניות ואור און טוב וקדושה, אין דעם זעלבן אופן ווי זי איז געשטאנען נאך איידער ס'איז געווען דער "אתה בראתה", ד.ה. אז אין דעם זעלבן אופן ווי זי איז געשטאנען אין דער "איגרא רמה", שטייט זי אויך אין דער "בירא עמיקתא".

ה. וואס דעמולט האט מען דעם "באור פני מלך חיים" אין אלע ענינים גשמיים כפשוטם - מיוסד אויף דערויף וואס ס'שטייט אין הגהות מיימוני (הל' תשובה פ"ג), און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין לקו"ת אין די דרושים פון ר"ה (נט, ב), אז דער דין ומשפט פון ר"ה איז גאר אויף ענינים גשמיים כפשוטם.

און נאכמער: וויבאלד אז ער ווערט פאראייניקט מיט "האלקים אשר נתנה", ווערט דאך ביי אים מקויים דער ענין פון "עבד מלך מלך" (ספרי ופירש"י דברים א, ז. וראה שבועות מז, ב) - ווערט דעמולט ביי אים דער ענין פון "אמר מלכא עקר טורא" (ראה ב"ב ג, ב),

און ווי חסידות (ראה לקו"ש ח"ט ע' 349) טייטשט אפ אז דער ענין פון "טורא" גייט אויף רעם יצר וואס איז רער היפך פון יצ"ט, וואס אויף אים זאגט מען אז "נדמה להם כהר" (סוכה נב, א) - איז בשעת אז "אמר מלכא", אז א איד שטייט אין א מעמד ומצב פון א מלך, דורך דעדויף וואס ער איז פארבונדן מיט מלך מלכי המלכים הקב"ה - ווערט דער ענין פון "עקר טורא", אז דער יצר וואס איז דער היפך פון יצ"ט ווערט אויסגעריסן ממקומו,

ר.ה. ניט אז מ'איז אים מבטל, ווארום תכלית הכוונה איז דאך אז ס'זאל זיין דער ענין פון "בכל לבבך - בשני - יצריך" -

הנחת הת' בלתי מוגה

יצריך" (ברכות נד, א), נאר דאס איז אין אן אופן אז מ'רייסט אים ארויס ממקומו, און אין אן אופן של עקירה, אינגאנצן אפגעריסן פון דארטן, און מ'שטעלט אים אריין אין א גדר פון יצ"ט.

וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "טוב מאד", ווי ער טייטשט אפ אין מדרש (ב"ר פ"ט, י) אז "והנה טוב מאד" איז דער היפך פון מלאך חיים, וואס בשעת ער ווערט "טוב", איז דאס אין אן אופן פון "טוב מאד".

וואס בנוגע צו יעדער אידן און אלע אידן מיינט דאס, אז מען פועל'ט ניט נאר דעם ענין פון "זדונות נעשו לו כשגגות", נאר אויך דעם ענין וואס "זדונות נעשו לו כזכיות" (יומא פו, ב) וואס דעמולט באקומט ער מערער מצוות, שלא בערך פון די מצוות וואס עס האט א צדיק גמור.

און ווי ס'שטייט אין ספרים אז א צדיק גמור קען האבן מערניט ווי רמ"ח מ"ע, משא"כ אבער דורך דעם ענין התשובה, וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "זדונות נעשו לו כזכיות" - האט ער די רמ"ח מ"ע, ונוסף לזה האט ער אויך די זכיות פון די ענינים וואס זיינען נהפך געווארן פון דעם היפך הזכיות.

ו. און דאס פועל'ט אויך אין וועלט - אז אויב ס'איז דא ערגעץ וואו א נקודה און א פרט און אן ענין וואס איז ניט מתאים צו מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, און צו בני חיי ומזוני רויחי פון א אידן, און ס'איז ניט מתאים צו דער צוגרייטונג צו דער גאולה האמיתית והשלימה מתוך שמחה וטוב לבב -

איז ניט נאר אז ס'ווערט בטל דער מונע ומבלבל, נאר אדרבה, ס'ווערט דער ענין פון "גם אויביו ישלים אתו" (משלי טז, ז), אז ער ווערט נתהפך צו א מסייע, ובדוגמא ווי דאס איז אין עבודת ה', אז ס'ווערט דער ענין פון "בכל לבבך - בשני יצריך", איז עד"ז אויך בנוגע לכל עניני העולם וואס ס'קען זיך אויסווייזן אז זיי זיינען ניט גוט צו א אידן און צו אידישקייט - ווערן זיי נתהפך צו אן ענין וואס איז גאר מסייע.

און דעמולט פארענדיקט מען די עבודה פון עשי"ת באופן דמוסיף והולך ואור, און מ'האט דעם "אחת בשנה יכפר" (תצוה ל, י), מיט אלע פירושים שבדבר.

און מ'גייט מקבל זיין פני משיח צדקנו, בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו, און "כספם וזהבם אתם" (ישעי' ס, ט), וואס דאס איז כולל סיי די ניצוצות הקדושה און סיי די נכסים כפשוטם.

און דאס טוט זיך אויף בזריזות - ווי יעדער ענין פון

- תומ"צ -

תומ"צ, אז בעגלא דידן איז מען זוכה צו די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

*    *    *

ז. האמור לעיל (ס"א) פון ספר יצירה, אז די גאנצע יצירה ובריאה פון וועלט, איז אויסגעשטעלט אין דריי ענינים: עולם (מקום), שנה (זמן), און נפש (דער אדם, דער איד) - איז דאס ניט נאר אן ענין וואס איז נוגע צו לימוד התורה ע"ד הסוד והרמז, נאר דאס איז אן ענין וואס איז מובן אויך בפשטות, ובפרט בנוגע צו עשי"ת.

והביאור בזה:

עשי"ת זיינען דאך - בלשון הגמ' (ר"ה יח, א) - די "עשרה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער סיום - וואס "הכל הולך אחר החתום" (ברכות יב, א) - ושלימות פון עשי"ת, איז דאס דער טאג פון יוהכ"פ.

און ווי דער רמב"ם (הל' תשובה פ"ב ה"ו-ז) איז מבאר אז ס'זיינען דא דריי זמנים בנוגע צו דעם ענין התשובה: א) "תשובה כו' יפה לעולם", בכל השנה כולה, ב) די תשובה פון עשי"ת, וואס דעמולט איז זי "יפה ביותר ומתקבלת היא מיד", ג) די תשובה פון יוהכ"פ, וואס יוהכ"פ איז א "זמן תשובה לכל כו' והוא קץ מחילה כו'", מיט אלע פרטים וואס ער איז מבאר בנוגע צו די תשובה פון יוהכ"פ.

וואס פון המשך הענינים אין רמב"ם, ובפרט דערפון וואס דער רמב"ם רעכנט אויס די אלע פרטים, איז נאכמער מודגש אז דער חותם ושלימות פון עשי"ת איז ביוהכ"פ.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די הכנה צו יוהכ"פ אין עשי"ת, דארף זיין מעין פון דעם ענין וואס עס טוט זיך אויף ביוהכ"פ - און וויבאלד אז ביוהכ"פ איז דא שלימות הקדושה פון אלע דריי ענינים פון עולם, שנה און נפש (כדלקמן), איז פארשטאנדיק אז מעין זה דארף אויך זיין אין עשי"ת.

ח. די עבודה המיוחדת פון "אחת בשנה", איז דאך עבודת הקטורת וואס איז געווען אין קודש הקדשים דורך דעם כהן גדול.

וואס אין דערויף ווערט דאך פארבונדן שלימות הקדושה אין <u>זמן</u> - "אחת בשנה", וואס יוהכ"פ ווערט דאך אנגערופן (ע"פ מנהג ישראל) "יום הקדוש", צוזאמען מיט שלימות הקדושה אין <u>מקום</u> - "קודש הקדשים", וואס אין ביהמ"ק גופא, וואס ער איז דער "מקום אשר יבחר ה'" (ראה יב, ה), איז געווען דער ארט וואס ווערט אנגערופן "קודש הקדשים",

און דארטן איז אריין שלימות הקדושה אין נפש, וואס

- דאס -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

דאס איז דער כה"ג, ובלשון הכתוב (דה"א כג, יג) "ויבדל אהרן להקדישו קדש קדשים" - וואס עבודת יוהכ"פ בכלל האט דאך געדארפט זיין דורך דעם כה"ג (ראה יומא לב, סע"ב), ועאכו"כ די עבודה המיוחדת פון די קטורת המיוחדת (וואס זי איז געווען "דקה מן הדקה" (כריתות ו, ב)) און אין דעם מקום המיוחד פון קודש הקדשים.

וואס דורך דערויף וואס ס'ווערט דער "וכסה ענן הקטורת את הכפורת" (אחרי טז, יג), טוט זיך אויף די שלימות פון עבודת יוהכ"פ, אע"פ וואס ס'זיינען דא כמה עבודות לפנ"ז און כמה עבודות לאח"ז.

וכאמור אז ענינה (פון דער עבודה מיוחדת פון "אחת בשנה") איז, אז דעמולט ווערט די פאראייניקונג פון תכלית ושלימות הקדושה, אין אלע דריי ענינים פון זמן (יוהכ"פ) און מקום (קודש הקדשים) און נפש (כה"ג).

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אויך בנוגע צו די הכנה צו יוהכ"פ אין די טעג פון עשי"ת שלפנ"ז - אז בשעת ס'איז דא די פאראייניקונג פון די אלע דריי ענינים (עולם, שנה און נפש (כנ"ל ס"א)) צוזאמען, האט דאס א חשיבות מיוחדת און א התאמה מיוחדת, וואס איז נאך מסייע צו דער עבודה פון יום הקדוש, אין קודש הקדשים, דורך דעם אידן אויף וועלכן מ'זאגט "ויבדל גו' קודש קדשים".

ט. מ'דארף דאך אבער האבן אז דאס זאל זיין ניט נאר אין די רגעים ווען מ'איז אלע צוזאמען, נאר אז דאס זאל פועל זיין סיי פאר דערויף, אויף די הכנה לזה, און סיי נאך דערויף, אז ס'זאל בלייבן א רושם דערפון אויך לאח"ז -

איז ע"ד ווי די גמ' (ברכות לא, א) זאגט "אל יפטר אדם מחבירו אלא מתוך דבר הלכה שמתוך כך זוכרהו", טייטשן דאך אפ מפרשים אז דעמולט איז דער פאנאנדערשיידן זיך ניט קיין פאנאנדערשייד אמיתי, וואדום וויבאלד אז ער געדענקט דעם דבר הלכה, געדענקט ער עי"ז דעם וואס האט אים געזאגט דעם דבר הלכה, ובמילא בלייבט צווישן זיי א קשר, און א קשר פנימי.

וואדום די תורה איז דאך אן ענין פנימי פון יעדער אידן, ביז וואנעט אז דאס איז "חיינו ואורך ימינו", דאס איז זיין חיות און זיין מציאות, וכידוע דער משל וואס ר"ע האט געזאגט, אז אידן מיט תורה איז בדוגמא ווי דגים מיט מים (שם סא, ב), וואס מציאות הדג איז דאך די מים, וואדום די דגים זיינען "נבראו מן המים" (חולין כז, ב),

ביז וואנעט אז דשב"ג זאגט אז כל שבמים אינו חוצץ (ראה זבחים כב, א. מקוואות פ"ו מ"ז ובתויו"ט), אז וויבאלד דאס איז א בריאה שבמים איז זי ניט חוצץ לגבי טבילה וכיו"ב,

- וואדום -

ווארום וויבאלד אז מציאותה איז מים, איז דאס ניט קיין חציצה, ווארום מים זיינען ניט חוצץ לגבי מים.

ד.ה. אז אפי׳ ווי זיי שטייען שוין אלס א מציאות בפ"ע - "נבראו מן המים", זאגט מען אז זייער גאנצע מציאות איז די מציאות פון מים, אז "אין חיותם אלא במים" און מיט די מים - ועד"ז זאגט מען אז די גאנצע מציאות פון א אידן איז תורה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת אידן טרעפן זיך צוזאמען, און מ׳פארבינדט דאס מיט א דבר תורה, ווערט דאס אין אן אופן "שמתוך כך זוכרהו", אז אויך נאך דעדויף וואס מ׳גייט זיך פאנאנדער כל אחד ואחת לעבודתו בקודש, איז "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳" (זח"ג צד, ב), ועאכו"כ אין די טעג פון עשי"ת וואס דעמולט איז "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" -

איז וואו ער געפינט זיך, געפינט ער זיך צוזאמען מיט די אלע וואס האבן גערעדט, געהערט און געטראכט דעם "דבר תורה".

י. און דאס איז אויך פארבונדן מיט אן ענין של תפלה - ווי דערמאנט פריער (ס"א) וואס די גמ׳ זאגט אז "בהמצאו" גייט (ניט נאר אויף בתי מדרשות, נאר) אויך אויף בתי כנסיות - דער מקום התפלה.

וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה" (ויצא כח, יב. וראה זח"א רסו, ב) - אז אלע זיינע ענינים, כולל אויך די ענינים גשמיים כפשוטם (כאמור לעיל (ס"ה) אז די תפלות ובקשות פון ר"ה נעמען ארום אויך די ענינים גשמיים כפשוטם), איז אפי׳ אז דאס איז אין א מעמד ומצב פון "מוצב ארצה", ווארום דאס זיינען ענינים גשמיים, טוט אבער אויף א איד ע"י עבודתו, דורך זיין תפלה ולימוד התורה וקיום המצוות - אז ס׳זאל זיין "וראשו מגיע השמימה",

ביז וואנעט אז דא למטה אין דעם "ארצה" - ווערט דער ענין פון "שמימה", ובלשון הידוע (תניא פל"ו. ועוד) אז מ׳מאכט אויף א דירה לו ית׳ בתחתונים, וואס דאס איז נאך העכער פון "שמים ושמי השמים",

ובלשון הכתוב (דה"ב ו, יח) "שמים ושמי השמים לא יכלכלוך ואף כי הבית הזה", וואס דאס איז (ניט קיין ענין של תמיהה, נאר) א תמיהה קיימת וואס שלמה המלך זאגט, אז "שמים ושמי השמים לא יכלכלוך", און "הבית הזה", דער ביהמ"ק, ובפרט קודש הקדשים, איז דאס אין אן אופן פון "יכלכלוך".

וכאמור, אז מ׳מאכט אויף א דירה לו ית׳ בתחתונים,

- וואס -

וואס דער ענין פון א דירה איז דאך, אז דארטן איז אכילתו ושתיתו וכו׳ [ווי מ׳זאגט בנוגע צו סוכות אז ס׳דארף זיין "תשבו כעין תדורו" (סוכה כח, ב), און ווי מ׳רעכנט אויס אין שו"ע (או"ת רסתרל"ט) די אלע ענינים וואס מ׳דארף זיי טאן אין סוכה, דערפאר וואס זיי זיינען ענינים וועלכע מ׳טוט אין א דירה] - ועד"ז איז דאס (להבדיל און כביכול) בנוגע צו דעם ענין פון דירה לו ית׳ בתחתונים.

יא. וואס דער ענין פון דירה בתחתונים ווערט דאך אויפגעטאן דורך די עבודה פון אידן,

ובפרט ווען מ׳טרעפט זיך צוזאמען, און מ׳מאכט צוזאמען א ברכה און א ברכה אחרונה, וואס דאס איז מעין ברכות התפלה [אע"פ אז ס׳איז דאך ידוע דער חילוק צווישן ברכות הנהנין (ע"ד ברכה אחרונה) מיט די ברכות פון תפלה וכו׳ (רמב"ם הל׳ ברכות פ"א ה"ד)],

און דערנאך איז אויך דא אן ענין של תורה, ובפרט אן ענין של סיום מסכת (ווי ס׳איז רגיל אין א יארצייט), און דערנאך איז מען דאס אויך מחבר מיט אן ענין של צדקה -

זיינען דעמולט דא די דריי עמודים שעליהם "העולם עומד" און "העולם קיים" (ווי ביידע לשונות אין משנה (אבות פ"א מ"ב-יח)), אנהויבנדיק פון דעם "עולם קטן זה האדם" (תנחומא פקודי ג. ועוד), און אויך דער עולם כפשוטו (וואס וועגן דערויף רעדט זיך דאך אין משנה בפשטות),

אז מ׳איז ממשיך א שנה טובה ומתוקה בכל העולם כולו, דורך דערויף וואס אידן האבן די כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, וכלשון הברכה "אלקינו מלך העולם", אז דורך דערויף וואס ער איז "אלקינו" (פון אידן), ווערט ער דערנאך "מלך העולם", און ווי מ׳זאגט אין די תפלות פון די "ימים נוראים" - "ה׳ אלקי ישראל מלך (און דורך דערויף ווערט דער) ומלכותו בכל משלה".

וכמבואר בארוכה אין די ספרים וואס זיינען מבאר די עניני מוסר ועבודת הנפש פון ר"ה (די התחלה פון עשי"ת), אז דורך דערויף וואס אידן זיינען מקיים דעם אויבערשטנ׳ס בקשה וואס ער בעט "אמרו לפני מלכיות כדי שתמליכוני עליכם" (ר"ה טז, א), איז דורך דערויף וואס ביי אידן ווערט דער ענין פון "מלכותו ברצון קבלו עליהם", זיינען זיי ממליך דעם אויבערשטן בכל העולם כולו.

און דערפאר זיינען אידן נוטל חלק בראש (ווי דער דין איז אין ענינים כיו"ב) אין אלע ענינים פון טוב וקדושה וואס ווערן נמשך בשנה זו, און בזכותם של ישראל ווערט דאס אויך נמשך בכל העולם כולו,

- ע"ד -

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו מקום, אז מתמצית א"י שותה כל העולם כולו (תענית י, א. יל"ש איוב רמז תתצח), וע"ד ווי דאס איז ביי א אידן בפרטיות, אז פון דעם חיות וואס ער האט אין עבודת ה׳, ווערט דאס נמשך אויך אין "בכל דרכיך", אז עניני הרשות זיינען ביי אים אויך אין אן אופן פון "(בכל דרכיך) דעהו" (משלי ג, ו).

יב. ואין ענין יוצא מידי פשוטו - אז ס׳ווערן נמשך כל הברכות כולם, ביז בגשמיות כפשוטו (ווי געבראכט פריער פון הגהות מיימוני), וכמדובר כמ"פ אז יעדער ענין של ברכה מוז זיך אנהויבן מיט אן אות פון אל"ף בי"ת -

ווערן נמשך אלע ברכות, אנהויבנדיק פון דעם אות א׳, אז ס׳ווערט א שנת אורה, ביז צום אות ת׳ - שנת תשובה, אנהויבנדיק פון עשי"ת, און דערנאך קומט דאס אראפ אין דעם ענין פון תורה (וואס די התחלה פון דעם ווארט תורה איז מיט א ת׳), און ס׳קומט אראפ אויך אין תפלה (וואס התחלתה איז אויך מיט א ת׳) - אז מ׳איז דאס ממשיך אין אותיות הדיבור,

וואס דאס איז דאך דער ענין הברכה און ענין האותיות, וואס אותיות ווייזן אויף דעם ענין הגילוי, "אתא בוקר" (ישעי׳ כא, יב. תו"א מב, ב. ועוד), אז זיי זיינען ממשיך די ברכות - וואס ברכה איז דאך מלשון המבריך גפן וכיו"ב (תו"א לז, ג) - ממקורם ושרשם,

און דאס ווערט נמשך למטה מעשרה טפחים, ובטוב הנראה והנגלה לעיני בשר - הצלחה רבה אין לימוד התורה און אין קיום המצוות און אין "בכל דרכיך דעהו",

ביז צו די ברכה וואס קומט נאך שנת ברכה - שנת גאולה, די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

יג. נוסף אויף דעם ענין פון תורה ותפלה (וואס מ׳האט דערמאנט פריער), איז דא דער דריטער עמוד פון די ג׳ עמודים, וואס דאס איז דער ענין פון גמ"ח (אדער דער לשון פון צדקה).

וואס דאס האט דאך א שייכות מיוחדת צו דעם זמן פון עשי"ת, ווי מ׳זעט אין רמב"ם אז נאך דערויף וואס ער איז מחלק אז ס׳זיינען דא די דריי זמנים פון תשובה: די תשובה פון כל השנה, די תשובה פון עשי"ת, און די תשובה פון יוהכ"פ (ווי דערמאנט פריער (ס"ז)),

איז ער דערנאך ממשיך (פ"ג ה"ד) און ברענגט אראפ (פון די גמ׳ אין קידושין (לט, רע"ב)) אלס א פס"ד (וואס דאס איז דאך א ספר של הלכות), אז "צריך כל אדם שיראה עצמו . . וכן כל העולם חציו זכאי וחציו חייב . . עשה מצוה אחת הרי

- הכריע -

הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה".

און דערנאך איז ער ממשיך: "ומפני ענין זה נהגו כל בית ישראל להרבות בצדקה ובמעשים טובים ולעסוק במצוות מר"ה ועד יוהכ"פ יתר מכל השנה", וואס דערפון זעט מען אז ער איז מדגיש במיוחד אז אין עשי"ת איז "נהגו כל בית ישראל להרבות בצרקה" *).

יד. אלס מאמר המוסגר - אין דערויף איז דא א דבר פלא (וואס לע"ע האב איך ניט געפונען קיין תירוץ אויף דעם):

דער דין וואס דער רמב"ם זאגט אז בעשי"ת איז "נהגו כל ישראל להרבות בצדקה", ברענגט זיך ניט אראפ ניט אין טור, און ניט אין שו"ע, און ניט אין דעם אלטן רבי׳נס שו"ע?!

דאס וואס דער אלטער רבי ברענגט דאס ניט, איז דאס ניט קיין פלא, ווארום עס ווייזט אויס פון דעם אלטן רבי׳נס שו"ע, אז ביי אים איז געווען דער כלל ניט ברענגען קיין דינים מחודשים וועלכע שטייען ניט אין די פוסקים שלפניו,

ע"ד ווי דער כלל איז אין רמב"ם אז ער ברענגט ניט קיין דינים חדשים וואס שטייען ניט אין חז"ל (חוץ פון געציילטע ערטער וואס ער איז מחדש א דין, און שרייבט דערביי "יראה לי" וכיו"ב),

איז ער"ז אויך בנוגע צום אלטן רבי׳ן, אז די זאכן וואס שטייען ניט בפירוש אין די ספרים פון וועלכע ער האט ארויסגענומען דעם תמצית ופס"ד להלכה (עכ"פ אין אחרונים וואס זיינען געווען בדור שלפניו, וועלכע ער האט אנגענומען אלס פוסקים), ברענגט ער זיי ניט בשו"ע שלו (ראה לקו"ש ח"ט ע׳ 257).

און וויבאלד אז אין טור ושו"ע ברענגט זיך ניט דער ענין אז בעשי"ת דארף מען מרבה זיין אין צדקה (אע"פ וואס

- ס׳ברענגט -

------------

*) בצפע"נ על הרמב"ם שם ציין (בתור מקור לדברי הרמב"ם) לירושלמי סוף פאה: דאותם סבין דלא הוה נוטלים רק בהנך ימים ע"ש.

אבל דייק וכותב: "ואפשר" - לשון ספק, שאינו רגיל בספריו. - ומובן כי בהירוש׳ מדובר ע"ד מקבלי הצדקה. ואולי י"ל גם ראי׳ להיפך - מדלא אמרי הסבי טעמם - דאז יש ריבוי בהנתינות.

ובכ"ז "אפשר" - כיון דיש לדחוק שזהו פי׳ אמירתם "דשותן גבן".

ס'ברענגט זיך אראפ כמה דינים והנהגות מיוחדות וואס זיינען דא אין עשי"ת) - דערפאר ברענגט דאס ניט דער אלטער רבי בשלחנו;

די שאלה איז אבער: פארוואס ברענגט זיך דאס ניט אין טור און אין שו"ע?

ובפרט אז מ'זעט בכ"מ אז דער ב"י אין שו"ע ברענגט א אראפ כמה הלכות פון רמב"ם בלשונו ממש - און דא איז ניט נאר וואס ער ברענגט ניט דעם לשון הרמב"ם, נאר ער ברענגט אינגאנצן ניט דעם ענין אז בעשי"ת דארף מען מרבה זיין בצדקה יותר מכל השנה כולה?

מ'קען ניט זאגן אז דאס ברענגט זיך ניט אראפ אין שו"ע דערפאר וואס ס'איז ניט שייך צו מגדיר זיין וואו ס'ענדיקט זיך דער חיוב הצדקה פון כל השנה כולה, און וואו ס'הויבט זיך אן דער "יתר מכל השנה" - ווארום דעמולט וועט זיין די זעלבע שאלה אויך אויפן רמב"ם.

ועוד ועיקר: אין שו"ע (יו"ד רסרמ"ט) זיינען דאך דא די גדרים והגבלות אין דעם ענין הצדקה, אז ס'דארף זיין מעשר ביז חומש, איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז ס'איז שייך געבן מערער פון דעם חיוב - בשעת מ'גיט מערער פון חומש (וואס ס'זיינען דאך דא כמה אופנים וואס מ'מעג געבן צדקה מערער פון חומש (ראה אגה"ת פ"ג)).

ובפרט אז נתינת הצדקה אין אן אופן פון חומש, איז דאך מערניט ווי א מצוה מן המובחר, און ניט קיין הכרח - קען מען דאך זאגן אז אין עשי"ת איז מען מדייק געבן א חומש, און אין דערויף באשטייט דער "יתר מכל השנה" (וואס דעמולט איז דאס מערניט ווי א מצוה מן המובחר).

טו. אבער בנוגע אלינו - איז וויבאלד אז דער רמב"ם שרייבט בפירוש אז אין עשי"ת איז "נהגו כל בית ישראל להרבות בצדקה",

און נאכמער: ער טיילט אויס דעם ענין פון צדקה במיוחד, אע"פ אז דערנאך זאגט ער אויך "ובמעשים טובים", וואס "מעשים טובים" איז דאך כולל אויך דעם ענין הצדקה; און דערנאך זאגט ער "ולעסוק במצוות", וואס דער ענין פון "מצוות" איז כולל אויך מצות הצדקה, ואדרבה, מצות הצדקה איז איינע פון די גרעסטע מצוות, ווי דער רמב"ם אליין איז מבאר בארוכה אין הל' מתנות עניים (רפ"י) די גדלות פון מצות הצדקה לגבי שאר המצוות, און איז דאס מבאר מיט אן אריכות גדולה און מיט כמה פרטים -

אעפ"כ, טיילט ער אויס און איז מדגיש דעם ענין הצדקה במיוחד, וואס ווען ער וואלט געשריבן נאר "מצוות", וואלט מען אפשר געטראכט וועגן אנדערע מצוות, און מצות הצדקה

- וואלט -

וואלט געוועז אזוי ווי במשך כל השנה כולה - איז ער מדגיש בפירוש דעם ענין הצדקה, ווארום דאס איז נוגע במיוחד צו די עבודה און די ענינים פון עשי"ת.

וואס דערפאר איז א זיכערע זאך אז דאס ווערט א הוראה לפועל - אז "מנהג כל בית ישראל (וואס "מנהג ישראל תורה הוא" (תוד"ה נפסל מנחות כ, ב), עאכו"כ "מנהג כל בית ישראל") להרבות בצדקה ובמעשים טובים ולעסוק במצוות מר"ה ועד יוהכ"פ יתר מכל השנה".

און ווי מפרשים זיינען מסביר די שייכות וואס אין עשי"ת דארף מען מרבה זיין במצוות ובמעשים טובים, צו דעם וואס דער רמב"ם זאגט פריער "צריך כל אדם שיראה עצמו . . וכן כל העולם חציו זכאי וחציו חייב" -

אז וויבאלד די גמ׳ (ר"ה טז, ב) זאגט "בינונים תלויים ועומדים" צווישן ר"ה מיט יוהכ"פ, איז נוגע מ׳זאל דעמולט מרבה זיין אין מצוות און אין מעשים טובים, כדי אז מ׳זאל מכריע זיין דעם עולם (וואס ער איז אין אן אופן פון "בינוניים") לכף זכות, און ברענגען "תשועה והצלה".

טז. וויבאלד אז מ׳רעדט דאך וועגן מצות הצדקה - איז כאן המקום צו פארבינדן דעם סיום מיט א מסכת וואס ענינה איז דער ענין הצדקה.

וואס בכלל איז דאס דער סדר "זרעים", והתחלתה - אין מסכת פאה.

[וכמדובר כמ"פ (ראה לקו"ש חי"א ע׳ 56 הע׳ 13) וואס מפרשי המשנה (פסקי ריא"ז לברכות בתחלתו) זאגן אז מסכת ברכות איז א מסכת בפ"ע, וואס דערפאר איז אפי׳ לויט דעם סדר הסדרים פון "נז"ם קט"ן" (ראה במדב"ר פי"ג, טו-טז. מדרש תהלים יט) (ניט "זמ"ן נק"ט" (תקו"ז בהקדמה. הקדמת הרמב"ם לפיהמ"ש)), אז דער ערשטער סדר איז "נזיקין", איז דעמולט מסכת ברכות אויך די ערשטע מסכת פון גאנץ ש"ס.

ווי ס׳איז פארשטאנדיק דערפון וואס ס׳שטייט אין במדב"ר (שם) אז דער ש"ס איז מתחיל במ"ם - דער מ"ם פתוחה פון "מאימתי", און איז חותם במ"ם - דער מ"ם סתומה, "מאמר סתום" (שבת קד, א) פון "ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום"].

וואס אין די ערשטע משנה פון מסכת פאה שטייט: "אלו דברים שאדם אוכל פירותיהן בעולם הזה והקרן קיימת לו לעולם הבא כו׳".

און ווי דער רמב"ם איז מפרש אין פיהמ"ש אז די מצוות וועלכע די משנה רעכנט אויס זיינען "טוב לשמים וטוב לבריות",

- וואס -

וואס דערפאר איז שכרם ניט נאר אז "הקרן קיימת לעוה"ב" (וואס דאס איז פארבונדן מיט "טוב לשמים"), נאר "אדם אוכל פירותיהם בעוה"ז", וויבאלד אז דורך קיום המצוה האט ער אריינגעפירט טוב אין עוה"ז - "טוב לבריות" (וראה לקו"ש תצא תשל"ז ס"ח).

[וואס דאס האט דאך א שייכות מיוחדת צו קביעות שנה זו, ווי גערעדט בר"ה אז די קביעות פון כל השנה כולה איז אין אן אופן אז ראשיתה והתחלתה איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, וואס אויף דערויף זאגט דאך די גמ׳ אין קידושין (מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב) אז עניננו איז אז דאס איז "טוב לשמים וטוב לבריות"].

און דער סיום פון מסכת פאה איז (אויך) בנוגע צו דינים וגדרים אין מצות הצדקה, ביז צו סיום המסכת, וואס דארטן שטייט: "כל מי שצריך ליטול (צדקה) ואינו נוטל, אינו מת מן הזקנה עד שיפרנס אחרים משלו, ועליו הכתוב אומר ברוך הגבר אשר יבטח בה׳ והי׳ ה׳ מבטחו".

[אין אונזערע משניות קומט דערנאך א גאנצע אריכות וועגן א "דיין שדן דין אמת לאמיתו", און אויך בנוגע צו הפכו, און מ׳איז מסיים מיט א דבר בלתי טוב - און דערנאך מאטערט מען זיך אויף דערויף, ווארום ס׳איז דאך דא דער כלל אז מ׳דארף מסיים זיין בדבר טוב, און מ׳זוכט פארשידענע תירוצים והסברות, און מ׳פרעגט זיי אפ, כידוע די שקו"ט אין מפרשי המשנה (ראה תוס׳ אנשי שם. תויו"ט סוף מס׳ ידים. ועוד)

אבער אין ספר המשנה וואס (מ׳שרייבט אויף דערויף אז דאס) איז נעתק געווארן פון כת"י הרמב"ם - ענדיקט זיך די משנה מיטן מאמר אז "אינו מת מן הזקנה עד שיפרנס אחרים משלו, ועליו הכתוב אומר ברוך הגבר אשר יבטח בה׳ והי׳ ה׳ מבטחו", וואס דא איז ער מסיים בדבר טוב (און דער גאנצער המשך שלאח"ז, איז געגומען געווארן פון א ברייתא שלא במקומה וכו׳, כמבואר בארוכה אין אחרונים (הובא במלאכת שלמה))].

יז. דער רמב"ם (סוף הל׳ מתנות עניים) ברענגט אראפ בספרו די הלכה פון די משנה - אבער מיט א שינוי: אין משנה ברענגט זיך אראפ אויך דער סיום הכתוב "והי׳ ה׳ מבטחו", משא"כ דער רמב"ם בספרו, ברענגט אראפ נאר התחלת הכתוב "ברוך הגבר אשר יבטח בה׳" (און ברענגט ניט דעם סיום "והי׳ ה׳ מבטחו").

וואס אין רמב"ם איז דאך יעדער ענין בדיוק - איז דאך פארשטאנדיק, אז דערמיט ענדיקט זיך שוין די ראי׳ אויף דעם דין, און מ׳דארף ניט אנקומען צום סיום הכתוב. ובפרט אז לרוב הגירסאות שברמב"ם שטייט אפי׳ ניט דער ווארט "וגו׳" נאך די ווערטער "ברוך הגבר אשר יבטח בה׳".

- וואס -

וואס אין דערויף איז דאך דא שאלת המפרשים (ראה תוס' אנשי שם סוף פאה): פון וואנעט איז די ראי' אז "איננו מת מן הזקנה עד שיפרנס אחרים משלו" - אין פסוק שטייט דאך נאר "ברוך הגבר אשר יבטח בה' והי' ה' מבטחו", איז דערפון א ראי' אז ער וועט האבן אלץ וואס ער דארף; פון וואנעט איז אבער די ראי' אז ביי אים וועט זיין דער ענין פון "יפרנס אחרים משלו"?

און מ'וויל פארענטפערן (שם) אז מ'פארלאזט זיך אויף המשך הכתובים שלאח"ז, וואס דארטן שטייט "והי' כעץ שתול על מים ועל יובל ישלח שרשיו . . ולא ימיש מעשות פרי" (ירמי' יז, ח) - וואס פירות פון אן אילן זיינען דאך שייך צו א צווייטן, איז דערפון א ראי' אז "יפרנס אחרים משלו".

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום עפ"ז האט געדארפט שטייען אין משנה דער ווארט "וגו'", וויבאלד אז די ראי' איז פון המשך הכתובים שלאח"ז - און וויבאלד אז אין משנה שטייט ניט דער ווארט "וגו'", איז דערפון פארשטאנדיק, אז מ'דארף ניט אנקומען צום המשך הכתובים שלאח"ז, נאר פון דעם פסוק "ברוך הגבר אשר יבטח בה' והי' ה' מבטחו" גופא, איז אויך דא א ראי' אז "יפרנס אחרים משלו".

עאכו"כ לויטן רמב"ם, וואס ער ברענגט ניט אפי' דעם סיום הכתוב "והי' ה' מבטחו", מערניט ווי "ברוך הגבר אשר יבטח בה'", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון די ווערטער "ברוך הגבר אשר יבטח בה'" גופא, איז שוין דא די ראי' אז "יפרנס אחרים משלו".

יח. והביאור בזה:

וויבאלד אז דא שטייט "<u>ברוך</u> הגבר אשר יבטח בה'", און ניט ווי דער לשון וואס ס'שטייט אין אנדער פסוק "והבוטח בה' חסד יסובבנו" (תהלים לב, י), אז ער וועט האבן אלץ וואס ער דארף האבן, נאר ס'שטייט א גרעסערע זאך: "<u>ברוך</u> הגבר אשר יבטח בה'", אז ער וועט זיין געבענטשט - איז פארשטאנדיק, אז די <u>ברכה</u> איז מערער ווי ס'האט געדארפט זיין מצד דעם ענין פון "מדה כנגד מדה".

ד.ה. ווען ס'וואלט ניט געשטאנען דער לשון "ברוך", נאר ע"ד ווי "חסד יסובבנו" וכיו"ב, וואלט מען געוואוסט אז ס'קומט אים שכר אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה" - וויבאלד אז ער וויל ניט נעמען מן הצדקה, גיט אים דער אויבערשטער דעם שכר אז ער זאל טאקע ניט דארפן אנקומען צו צדקה, וואס דאס איז דער שכר אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה";

אבער וויבאלד אז אין פסוק שטייט דער לשון "ברוך", וואס דאס איז דאך א ברכה <u>נוספת</u>, מערער וויפל אים קומט מצד

דעם ענין פון "מדה כנגד מדה", און דאס דארף דאך אויך זיין פארבונדן מיט דעם ענין פון צדקה (וויבאלד אז דאס איז א שכר אויף דעם וואס ער האט ניט געוואלט נעמען מן הצדקה) - איז דאך פארשטאנדיק, אז הוספת הברכה באשטייט אין דערויף וואס ער איז זוכה צו געבן צדקה לאחרים, ניט נאר אז ער וועט האבן "די מחסורו אשר יחסר לו" (ראה טו, ח); נאר "יפרנס אחרים משלו".

יט. דער ענין פון מצות צדקה דארף דאך זיין אין אן אופן אז מ'זאל אים געבן "די מחסורו אשר יחסר לו" - זאגט דאך אויף דערויף די גמ' (כתובות סז, ב), און ס'ווערט אראפגעבראכט אין פוסקים ביז אין שו"ע (יו"ד רסר"נ), אז אויב ער איז געווען רגיל צו האבן א "סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו", גייט דאס אריין אין דעם כלל פון "די מחסורו אשר יחסר לו".

וואס לכאו' איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק: ווי איז דאס מתאים מיטן כלל (וואס ווערט אויך אראפגעבראכט אין שו"ע, נאר אין הל' שבת (שו"ע אדה"ז סרמ"ב ס"ד)) פון "עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות" (שבת קיח, א)?

וואס דא רעדט זיך אפי' וועגן אן ענין של מצוה, וואס בשבת איז דאך דא די מצוה לענגו בבשר שמן ויין ישן, ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ בסוף הל' שבת (פ"ל ה"ז-ט), איז אע"פ אז ס'איז אן ענין של מצוה, זאגט מען אבער "עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות" (ער זאל ניט נעמען פון צדקה);

ולאידך, איז אפי' ווען ס'רעדט זיך ניט וועגן אן ענין של מצוה, אפי' ניט וועגן א דבר הרגיל פון דברי הרשות, נאר ס'רעדט זיך וועגן א סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו (וואס ער איז געווען רגיל אין דערויף) - זאגט מען אז דער גבאי צדקה דארף אים געבן פון קופת צדקה כדי ער זאל האבן א סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו?!

איז ידוע דער הסבר בזה: מ'זאגט טאקע דעם עני "עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות", אבער דאס היינגט אפ' אן דעם עני, ד.ה. אז אויב דער עני טענה'ט אז ער איז רגיל צו האבן בשר שמן ויין ישן, און אים הארט ניט אז ער וועט ניט מקיים זיין דעם ענין פון "עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות" -

דעמולט איז א חוב אויפן גבאי צדקה ער זאל אים געבן פון כספי צדקה (אפי' אז דורך דערויף וועט פעלן אין דער קופה) כדי ער זאל קענען האבן בשר שמן ויין ישן, ובמכ"ש וק"ו דערפון וואס ער דארף אים געבן אפי' עניני הרשות וואס ביי רוב בנ"א זיינען דאס ענינים של מותרות (וויבאלד אז ער איז געווען רגיל אין דערויף).

- כ. -

כ. וואס דאס איז אויך פארבונדן מיטן סיום המסכת, וואס דארטן שטייט אז "כל מי שצריך ליטול ואינו נוטל, אינו מת מן הזקנה עד שיפרנס אחרים משלו" -

פרעגט מען אויף דערויף (ר"ש סוף פאה): לכאו׳, איז דאס א סתירה צו דעם וואס ס׳שטייט אין ירושלמי (סוף פאה) אז "מי שהוא צריך ליטול מן הצדקה ואינו נוטל, הרי"ז שופך דמים ואסור לרחם עליו, על נפשי׳ לא חייס, על אחורניין לא כ"ש",

און דא זאגט מען להיפך, אז אויב ער דארף נעמען מן הצדקה און ער נעמט ניט, איז דאס גאר א מעלה, און ער באקומט אויף דערויף א שכר נעלה, אז נוסף דערצו וואס ער וועט האבן "די מחסורו אשר יחסר לו", וועט ער אויך מפרנס זיין אחרים משלו?

און מ׳איז מבאר (וראה רמב"ם סוף הל׳ מתנות עניים), אז ס׳איז א נפק"מ צי ער מוז טאקע אנקומען צו דעם ענין הצדקה, און ער האט דערצו קיין עצה ניט, וואס דעמולט איז אויב ער נעמט ניט מן הצדקה איז ער "כאילו שופך דמים";

משא"כ אבער אויב בשעת ער וועט זיך מתייגע זיין און וועט זיך מצטער זיין אויף פארדינען על פרנסתו, וועט ער ניט דארפן אנקומען צו די קופת צדקה - דעמולט איז א מעלה אויב ער נעמט ניט פון צדקה, און דעמולט איז ער ניט קיין "שופך דמים", ווארום ער הארעוועט און פארדינט עכ"פ פאר די הכרחיות שלו.

כא. אין דערויף קומט נאך צו א מוסר השכל - וכמדובר כמ"פ בנוגע לכללות חודש אלול, ועאכו"כ בנוגע צו עשי"ת, אז אפי׳ די וואס במשך כל השנה איז (רוב אדער כל) עסקם אין לימוד התורה, איז אין דעם זמן פון חודש אלול, ימי הסליחות און עשי"ת, נעמט מען אראפ פון דעם זמן פון לימוד התורה, און מ׳איז זיך עוסק אין תפלות ותחנונים, און ווי דער רמב"ם (הל׳ תשובה שם) איז ממשיך "ונהגו כולם לקום בלילה בעשרה ימים אלו ולהתפלל בבתי כנסיות בדברי תחנונים כו׳" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין דעם זמן במיוחד דארף מען ארויסנעמען פון יעדער ענין דעם מוסר השכל שבזה.

בנוגע צו דעם אופן ווי א איד באקומט שכרו מהקב"ה - איז דא דער אופן וואס מ׳באקומט דאס אלס אן ענין של צדקה, און ס׳איז דא דער אופן וואס מ׳באקומט דאס ניט מצד צדקה, נאר דערפאר וואס דאס קומט אים.

און ווי די גמ׳ (ברכות יז, ב) זאגט אויפן פסוק "אבירי לב הרחוקים מצדקה" (ישעי׳ מו, יב), אז דאס גייט אויף די וואס קענען באקומען פון דעם אויבערשטן כל המצטרך

- להם -

להם (ניט אין אן אופן של צדקה, נאר) אין אן אופן אז זיי קענען דאס מאנען "בזרוע", דערפאר וואס דאס קומט זיי, און אעפ"כ ווילן זיי דאס נעמען מצד צדקתו של הקב"ה.

וואס בכללות איז דאס דער חילוק צי מ'באקומט דאס דורך דעם ענין פון לימוד התורה, אדער מ'באקומט דאס דורך דעם ענין פון תפלה. והביאור בזה:

דער ענין התפלה איז אין אן אופן פון "תחנונים ידבר רש" (בלשון הכתוב (משלי יח, כג)), וואס דאס איז דער אופן וואס מ'באקומט בצדקה; משא"כ תורה וואס ענינה איז דאך דער ענין פון עשירות (ראה שיחת ש"פ נצבים השל"ד סי"ד), וואס מצד דעם ענין פון תורה קען מען מאנען ביים אויבערשטן "בזרוע",

ווארום מ'זאגט דאך אז "אם בחוקותי תלכו", וואס דאס מיינט דאך "שתהיו עמלים בתורה" (ספרא ופירש"י ר"פ בחוקותי) - האט מען דעמולט די הבטחה (און מ'קען דאס מאנען "בזרוע") פון "ונתתי גשמיכם בעתם", מיט אלע ברכות וואס מ'רעכנט אויס אין דער פרשה, ביז צו דעם ענין פון "ואולך אתכם קוממיות", וואס דאס איז דאך היפך ההנהגה פון "תחנונים ידבר רש", ווארום ער גייט אין אן אופן פון "קוממיות", און באקומט דאס "בזרוע", דערפאר וואס דאס קומט אים.

כב. וואס בכלל קען א איד מאנען אלץ וואס ער דארף האבן "בזרוע", ווארום די גמ' (שבת סז, א) זאגט דאך אז "כל ישראל בני מלכים הם", און אין דער הקדמה פון תקו"ז (בת (בהחלתה) שטייט אז "כל ישראל מלכים הם" - איז דאך פארשטאנדיק אז זיי דארפן האבן כל עניניהם באופן של הרחבה.

וכמדובר כמ"פ דאס וואס די משנה (ב"מ פג, א) זאגט אז בשעת איינער איז שוכר פועלים, וואס דעמולט דארף ער זיי געבן צרכי הסעודה, איז אויב ער נעמט ניט אוים קיין תנאי מפורש וואס ער וועט זיי געבן, איז אפי' אויב ער וועט זיי געבן א סעודה כסעודת שלמה בשעתו, האט ער אויך ניט יוצא געווען, וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן בני אברהם יצחק ויעקב -

און וויבאלד אז מ'זאגט דאך "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל" - דארף דאך זיין די הנהגה פון דעם אויבערשטן מיט אידן אויך באופן כזה, ווארום "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני" (קידושין פב, א), יעדער איד איז דאך אן עבד להקב"ה, און דער דין איז דאך אז "הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו" (שם כ, א) - איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז אפי' אויב דער אויבערשטער וועט געבן יעדער אידן סעודת שלמה בשעתו, האט ער נאך אלץ ניט יוצא געווען - און מ'קען דאס מאנען "בזרוע".

- ס'איז -.

ס׳איז אבער דא אמאל וואס א איד האט וויכטיקער דערפון - וואס דעמולט קען ער דאס תולה זיין אין זיינע מעשים, ווי די גמ׳ זאגט אין סוף קידושין "מימי לא ראיתי כו׳ אלא שהרעותי את מעשי וקיפחתי את פרנסתי".

וואס דעמולט האט ער צוויי ברירות: א) ער זאל נעמען מן הצדקה, דורך דעם ענין פון תפלה ותחנונים, און ממשיך זיין אין לימוד התורה וקיום המצוות אין דעם זעלבן אופן ווי ער האט דאס געטאן ביז דעמולט; ב) ער זאל מוסיף זיין ביגיעתו אין לימוד התורה, ביז אין אן אופן של צער, וואס דעמולט וועט ער דאס קענען באקומען (ניט אלס צדקה, נאר) "בזרוע".

כג. והביאור בזה:

דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל׳ ת"ת (פ"ג ה"ב) דאס וואס די גמ׳ (יומא לה, ב) זאגט אז "הלל מחייב עניים". וואס לכאו׳ איז ניט מובן, פארוואס איז דוקא הלל מחייב עניים, ס׳איז דאך א דין אין הל׳ ת"ת אז יעדער איד דארף לערנען תורה?

זאגט דער אלטער רבי אז דערפון גופא איז די הוכחה אז "אין כל אדם יכול לעשות כן ממש כהלל", מ׳קען אים ניט מחייב זיין ער זאל זיך פירן אזוי ווי הלל, און בשעת ער האט טרדות הפרנסה, און ער האט ניט קיין אנדער וועג סיידן פארנעמען זיך באשטימטע שעות אין עניני פרנסה, און די איבעריקע צייט לערנט ער תורה - האט ער יוצא געווען מצות ת"ת בשלימותה;

בשעת מ׳פארגלייכט אים אבער מיט הלל, דעמולט ווערט דער ענין פון "הלל מחייב עניים", אז ער איז אים מחייב "על שלא רצה לעשות כעין מעשה הלל, לחיות חיי צער", דער חיוב איז אבער נאר וואס "הלל מחייב", אבער ניט מצד הל׳ ת"ת.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנדו"ד:

עס קען סאקע זיין אז מצד דעם חיוב פון הל׳ ת"ת האט ער יוצא געווען בשלימות, און אעפ"כ זאל אים פעלן אין זיינע הצטרכות - וואס דעמולט דארף ביי אים זיין דער ענין פון תפלה, בעטן ביים אויבערשטן ער זאל אים געבן אלץ וואס ער דארף, ווי דער רמב"ם (הל׳ תפלה פ"א ה"ב) פסק׳נט אפ אז בשעת איינער פילט אז אים פעלט עפעס, איז א מ"ע מן התורה ער זאל בעטן ביים אויבערשטן אז ער זאל אים ממלא זיין און געבן כל צרכיו - אבער דעמולט באקומט ער דאס בתורת צדקה;

ס׳איז אבער דא דער אופן ההנהגה וואס ער וויל ניט באקומען בתורת צדקה, ער וויל ניט קיין "נהמא דכיסופא", אפי׳ ניט אין אן אופן אז ער האט דאס פארדינען ע"י תפלה

- ותחנונים -

ותחנונים, נאר ער וויל באקומען "בזרוע" -

איז די עצה אויף דערויף, ער זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה (ועד"ז אין הידור מצוה) אין אן אופן פון לפנים משורת הדין, בדוגמא ווי הלל האט זיך געפירט, ווי די גמ׳ (יומא שם) דערציילט באריכות אז אע"פ אז זיין מעמד ומצב איז געווען באופן כך וכך, פונדעסטוועגן האט ער געלערנט תורה וכו׳ - וואס בשעת ער וועט טאן אין לימוד התורה (ניט נאר לויט דעם וואס ער איז מחוייב מצד הל׳ ת"ת, נאר) לפנים משורת הדין, וועט ער דעמולט קענען מאנען ביים אויבערשטן "בזרוע".

וואס דאס איז דער אופן ההנהגה וואס ער דארף נעמען מן הצדקה (וויבאלד אז אים פעלט) ואינו נוטל, ווארום ער וויל דאס באקומען "בזרוע".

כד. און דעמולט זאגט מען אז "אינו מת מן הזקנה וכו׳". והביאור בזה:

ע"ד ווי די משנה (אבות ספ"ה) זאגט "בן מאה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם" - וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: א) די גמ׳ (גיטין כח, א) פסק׳נט דאך אפ אז אויב ער איז א בן מאה, איז "כיון דאיפליג איפליג", איז ווי זאגט מען דא "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם"? ב) וואס איז דא די "מילי דחסידותא", ולמאי נפק"מ?

האט מען דאך גערעדט כמ"פ דעם ביאור בזה (מיוסד אויף די מאמרים פון צ"צ (ראה אוה"ת חקת ע׳ תתיז), ומרומז אין מפרשי המשנה), אז וויבאלד ער איז איצטער "בן מאה", איז ער דאך דורכגעגאנגען די אלע שלבים שלפנ"ז, ד.ה. אז ער איז געווען "בן ארבעים לבינה", בנוגע צו בינת התורה, און דערנאך איז ער געקומען צו "בן ששים לזקנה" - "זקן זה שקנה חכמה" (קידושין לב, ב), און דערנאך איז ער געקומען צו "בן תשעים לשוח", ווי רבינו יונה טייטשט אפ אז דאס גייט אויף שיחה של תורה -

וואס דעמולט איז ווען ער קומט אן צו "בן מאה", שטייט ער אין א מעמד ומצב אז "כאילו מת ועבר ובטל מן העולם", ד.ה. אז ער האט שוין מערניט צוטאן מיט וועלטישע ענינים, ער האט צוטאן נאר מיט ענינים של קדושה, תורה און תפלה ותחנונים.

וואס דאס איז אויך דער ענין פון "אינו מת מן הזקנה": ער הערט אויף האבן צוטאן מיט עניני העולם, און ניט נאר מיט עניני העולם וואס זיינען נאר מותר ע"פ שו"ע, נאר ער האט ניט צוטאן אפי׳ מיט די ענינים וואס מ׳מאכט פון "רשות" אז ס׳זאל זיין דער "בכל דרכיך דעהו"; ער האט צוטאן מערניט

- ווי -

ווי מיט ד' אמות של תורה און ד' אמות של תפלה. וואס דאס קומט דערפאר וואס ער האט זיך אוועקגעשטעלט אין א מעמד ומצב פון "רחוקים מצדקה", נאר ער באקומט דאס "בזרוע".

און דעמולט ווערט ביי אים אויך דער ענין אז "יפרנס אחרים משלו". והביאור בזה:

דער קיום פון מצות הצדקה בשלימותה, איז דאך כמבואר אין רמב"ם (סוף הל' איסורי מזבח), און ס'ברענגט זיך אראפ אין שו"ע (יו"ד סרמ"ח), אז ס'דארף זיין "כל חלב לה'" (ויקרא ג, טז), און ער דארף געבן מן הטוב והיפה והמובחר.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ער איז מפרנס אחרים משלו (לויט ווי דער אויבערשטער וויל), גיט ער זיי אויך מן הטוב והיפה והמובחר וואס איז דא ביי אים - וואס דאס איז די הנהגה אויף ניט האבן צוטאן מיט העלם והסתר פון וועלט, נאר מפרנס זיין די וועלט מיט די ענינים פון תורה ותפלה.

כה. און דעמולט ווערט דער "ברוך הגבר אשר יבטח בה'" - אז ער פועל'ט דאס אויך ביי אנדערע ("יפרנס אחרים משלו"), ע"ד ווי די גמ' (תענית ה, ב) זאגט "אילן אילן במה אברכך . . כל נטיעות שנוטעין ממך יהיו כמותך" - איז עד"ז אויך בנוגע צו זיינע תלמידים, אז די וועלכע ער איז מפרנס ווערן אויך אין אן אופן פון טופח ע"מ להטפיח (אזוי ווי ער איז טופח ע"מ להטפיח).

און דעמולט ווערט דאס וואס ס'שטייט אין התחלת המסכת, אז "אוכל פירותיהן בעוה"ז והקרן קיימת לו לעוה"ב", און ווי מ'איז מסיים אין די ערשטע משנה אז "תלמוד תורה כנגד כולם" - אז דאס הויבט זיך אן פון לימוד התורה, און פון הפצת התורה, ביז צו הפצת המעיינות חוצה.

און דעמולט ווערט מקויים דער סיום המסכת - "ברוך הגבר אשר יבטח בה' והי' ה' מבטחו", וואס דער בטחון פון יעדער אידן און אלע אידן איז דאך, ווי מ'זאגט (און די וואס זאגן דאס ניט בדיבור - טראכטן זיי וועגן דעם) "אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח, ואע"פ שיתמהמה אחכה לו בכל יום שיבוא",

ווערט דער "והי' ה' מבטחו" - אז ס'ווערט בטל דער "יתמהמה", און משיח צדקנו קומט בעגלא דידן, ויגאלנו בגאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש.

* * *

כו. ס'איז דא נאך א לימוד עיקרי - וואס איז אויך פארבונדן מיט עשי"ת - פון א פריערדיקן דין וואס ס'שטייט אין דער משנה (כדלקמן).

- דער -

דער דין איז דאך אז "מי שיש לו מאתיים זוז לא יטול" (ער טאר ניט נעמען פון צדקה), ווארום אויב ער האט מאתיים זוז, האט ער גענוג געלט אויף צו קענען זיך אויסהאלטן.

[וכמבואר בכ"מ (ר"ש) דער טעם פון דעם מספר מאתיים זוז דוקא - אז דאס איז לויט ווי מ'רעכנט אויס די ווערד פון די סעודות וכו'.

און אויף דערויף איז דא א רמז אין כתבי האריז"ל (וואס אזוי מיינט מען דאך אז אין כתבי האריז"ל זיינען דא מערניט ווי סודות - שטייט דארטן א טעם אויף דעם מספר פון מאתיים זוז),

וואס דאס איז וואס ער זאגט אין טעמי המצוות להאריז"ל (פ' ראה) אויף מצות צדקה, אז "צדקה" איז בגימט' קצ"ט (199), וואס דערפאר איז בשעת ער האט ווייניקער פון מאתיים (קצ"ט), דעמולט איז דאס אן ענין של צדקה, אבער בשעת ער האט שוין מאתיים זוז, קען ער שוין ניט נעמען קיין צדקה].

דערנאך זאגט די משנה: "מי שיש לו חמשים זוז והוא נושא ונותן בהם, הרי זה לא יטול", וכמבואר אין ירושלמי (סוף פאה) אז די חמשים מיט וועלכע ער איז נושא ונותן, זיינען מערער פון מאתיים וואס ער איז מיט זיי ניט נושא ונותן, ווארום דורך דערויף וואס ער איז נושא ונותן בהם, וועט ער סוכ"ס האבן מערער פון מאתיים.

כז. וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין פון צדקה, וואס צדקה דארף דאך זיין מן הטוב והיפה והמובחר (כנ"ל סכ"ד), איז דאך פארשטאנדיק אז ער דארף געבן דאס וואס ביי אידן איז טוב ויפה ומובחר -

וואס דאס איז דאך דער ענין פון תורה.

ביז וואנעט אז אפי' אחאב מלך ישראל (וואס לויט ווי עס ווערט דערציילט אין תנ"ך איז ער ניט געווען פון די "מובחרים" פון אידן) האט מודיע געווען פאר אלעמען בריש גלי, אז זיין "חמדה", די טייערסטע זאך, איז דער ענין פון תורה, א ס"ת (סנהדרין קב, ב).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מה-דאך מ'דארף געבן צדקה פון ממון (הקל), איז דאך עאכו"כ אז מ'דארף געבן צדקה פון דעם טוב ויפה ומובחר וואס ער האט, וואס דאס איז תורתו ועבודתו.

און אויף דערויף זאגט מען אז אפי' אויב ער האט שוין מאתיים, אבער ער איז ניט נושא ונותן בהם, איז דאס ווייניקער פון דעם וואס האט מערניט ווי חמשים און איז נושא ונותן בהם.

- כח. -

כח. וואס דער ענין פון "מאתיים" איז דאך די שלימות צו וועלכע א מענטש וויל דערגרייכן, ווי מ'זעט דאס דערפון אז בשעת מ'גיט א דוגמא אויף א תאוה צו אן ענין מסוים, זאגט מען "מי שיש לו מנה רוצה מאתיים" (ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י), ד.ה. אז זיין השגה איז נאר ביז "מאתיים".

וואס אפי' "מאה" איז שוין אויך א שלימות אין דעם ענין המספר, כמבואר בכ"מ, וכמובן אויך מהאמור לעיל (סכ"ד) בנוגע צו דעם וואס די משנה זאגט "בן מאה כאילו מת ועבר מן ובטל מן העולם", וואס דערפון קומט דאך אויס אז דער ענין פון "מאה" איז דער ענין פון שלימות.

[וואס דערפאר רעכנט מען ניט מערער פון "מאה", אע"פ אז אין פסוק שטייט "והיו ימיו מאה ועשרים שנה" (בראשית ו, ג), און מ'זעט אז ס'זיינען געווען כו"כ וואס האבן געלעבט מערער פון מאה שנה, ביז וואנעט אז די גמ' זאגט אז ווען ער קומט אן צו בן מאה, איז "כיון דאיפליג איפליג" - ווארום דער מספר פון "מאה" איז כולל אלע דרגות, און באווייזט אויף דעם ענין השלימות].

איז אפי' ווען א מענטש שטייט שוין אין א מעמד ומצב פון שלימות - וויל ער האבן מערער דערפון וואס ער האט, וכאמור אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתיים", וואס דאס איז דאך דער טבע וואס דער אויבערשטער האט מטביע געווען בנפשו, און דער טבע טרייבט אים און איז אים מכריח ער זאל זיין א "מהלך", און ניט בלייבן במעמדו ומצבו.

און מ'מאנט ביי א אידן אז ער זאל וועלן האבן מערער (ניט אין די ענינים וואס זיינען "בארץ מתחת" - אויף דערויף דארף ער קוקן מלמעלה למטה, נאר ער זאל וועלן האבן מערער) אין די ענינים וועלכע זיינען "בשמים ממעל", אז אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "שמים", איז אפי' ווען ער האט שוין די שלימות פון "מאה", זאל ער וועלן האבן "מאתיים".

כט. און אויף דערויף זאגט מען, אז אפי' אויב ער האט שוין דערגרייכט צו "מאתיים" - איז אויב ער איז ניט נושא ונותן בהס, קומט דאס ניט צו דעם וואס האט מערניט ווי חמשים (וואס דאס איז האלב פון "מאה", חצי תאותו), נאר ער איז נושא ונותן בהס, ער מאכט דערמיט מסחר.

וואס מיט זיך אליין קען מען ניט מאכן קיין "מסחר" - אויף צו מאכן מסחר דארף מען האבן צוטאן מיט א וועלט, מ'דארף האבן צוטאן מיט א צווייטן אידן.

און דורך דערויף וואס ער האט צוטאן מיט א צווייטן אידן, און איז אים מסביר די טיפקייט און גוטסקייט פון

- זיין -

זיין סחורה – איז ניט נאר אז אים וועט גארניט פעלן דורך דעם, כמבואר אין רמב"ם (הל' מתנות עניים פ"י ה"ב), נאר נאכמער, "יש מקור ונוסף עוד" (משלי יא, כד. וראה שער המצוות להאריז"ל פ' ראה).

און ווי געבראכט פריער (סכ"ו) דאס וואס ס'שטייט אין ירושלמי, אז דורך דעם וואס ער איז נושא ונותן מיט די חמשים, וועט ער האבן לכה"פ מאתיים (אנשטאט די חמשים וואס ער האט געהאט פריער).

ל. די הוראה ומוסר וואס מ'נעמט ארויס דערפון:

ווען ס'קומט דער זמן פון עשי"ת, וואס דעמולט מאכט דאך א איד דעם "חשבון צדק", און ווי דער רמב"ם זאגט אז "נהגו כולם לקום בלילה בעשרה ימים אלו ולהתפלל בבתי כנסיות בדברי תחנונים כו'", און דעמולט איז דער "דרשו" און "קראוהו" מערער ווי דאס איז במשך כל השנה כולה –

קען דאך זיין א מציאות אז ער זאל פארגעסן אויף די אידן וואס געפינען זיך ארום אים, און ער וועט זיין פארנומען מיט זיינע "מאתיים", מיט זיין עבודה אין תומ"צ (וואס איז ניט פארבונדן מיט בין אדם לחבירו);

ניט אז אים פעלט ח"ו אין בין אדם לחבירו – אבער נאך וואס יאגט ער זיך, און אין וואס איז ער נושא ונותן – איז דאס ניט מיט וועלט, נאר מיט זיך אליין.

זאגט מען אים אז ער קען האבן אפי' הונדערט ניין און ניינציק (ניט נאר פופציק), און אעפ"כ ווערט ער אנגערופן "עני", וואס "אין עני אלא בדעה" (נדרים מא, א), און מ'דארף אויף אים רחמנות האבן, און געבן אים צדקה "די מחסורו אשר יחסר לו" –

וואס אים פעלט אן עניין עיקרי – ער ווייסט ניט אז "ואהבת לרעך כמוך – זה כלל גדול בתורה" (ספרא עה"פ קדושים יט, יח), און ער ווייסט ניט אז מ'איז ניט יוצא דערמיט וואס מ'זאגט לפני התפלה "הריני מקבל עלי מ"ע של ואהבת לרעך כמוך", נאר דאס איז מערניט ווי א התחלה און א יסוד, אויף וועלכן מ'דארף דערנאך בויען דעם בנין פון חייו בכל היום (לאחרי התפלה),

אז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" דארף איבערגעזעצט ווערן אין "המעשה הוא העיקר", דורך דערויף וואס ביי אים איז דא דער סבר פנים יפות צו א צווייטן אידן, און ער איז משיאו עצה טובה, ועד"ז בנוגע לכל הענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דיבור, ובפרט דורך דעם ענין פון לימוד התורה, אז ער ברענגט אים צו צו עבודת ה' אין לימוד התורה ועבודת התפלה, ועאכו"כ בנוגע צו צדקה כפשוטה.

- ולאידך -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ולאידך, אפי' אויב ער האלט אינגאנצן ביי האלב פון שלימות - ניט נאר אז ער האט ניט קיין "מאה", נאר ער האט מערניט ווי חמשים, אבער מיט די חמשים איז ער נושא ונותן איז דעמולט ניט נאר אז ער האט די שלימות פון "מאה", נאר ער האט אויך די שלימות פון דעם וואס "רוצה מאתיים" און וועט דערגרייכן צו די מאתיים - האט ער דאס שוין אין די חמשים מיט וועלכע ער איז נושא ונותן.

לא. וואס אין דערויף דארף מען האבן א זהירות במיוחד אין עשי"ת (און דוקא מצד פרומקייט) - ווארום דעמולט קען קומען דער "קלוגינקער" (ווי רבותינו נשיאינו רופן אן דעם יצר וואס איז דער היפך פון דעם יצ"ט (ראה גם היום יום ע' סג)). און זיך אנטאן אין בגדי צדיק גמור, און טענה'ן: קשוט עצמך.

און ער זאגט אים, אז דאס זיינען דאך די צען טעג אויף וועלכע דער אויבערשטער בעט זיך אז ס'זאל זיין "דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב" - איז ווי אזוי האסטו צייט צו פארנעמען זיך מיט א צווייטן אידן און מיט חלקו בעולם, בשעת אז דו האסט זיך נאך ניט איינגעקערט מיט זיך אליין.

ובפרט אז אין די עשרה ימים שטייט כען דאך אין אן אופן פון "תלויים ועומדים" - איז דאך דאס א מצוה עוברת וואס איז דוחה כל העניניס כולם, ובפרט אז דאס איז פארבונדן מיט זיין פקו"נ - ער זאל נכתב ונחתם ווערן אין די אלע חמשה ספרים טובים.

אויף דערויף זאגט אים די משנה, אז ער זאל וויסן זיין, אז בשעת ער וועט זיין א נושא ונותן אפי' ווען ער איז נאך ניט קיין שלם, ווען ער האט מערניט ווי חמשים זוז, חצי תאותו, וועט ער אבער זיין א נושא ונותן, און דוקא אין דעם זמן וואס דעמולט איז דער אויבערשטער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" -

וועט ער דעמולט זיכער האבן דעם "קרן קיימת לעוה"ב", פונקט ווי עס האט דער וואס איז זיך עוסק מערניט ווי מיט בין אדם למקום, און דערצו האט ער אויך "פירותיהן בעוה"ז" - וואס דוקא בעוה"ז זיינען דא די "ימים שיש בהם חפץ" (ראה קהלת יב, א. שבת קנא, ב), דארטן איז דא דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות, ביז צו הליכה מחיל אל חיל אין קיום המצוות, משא"כ בשמים (וואס תורה איז "לא בשמים היא" (ב"מ נט, ב)), אין ג"ע, איז דא נאר דער ענין פון לימוד התורה, אבער ניט דער ענין פון קיום המצווה, כמבואר בכ"מ.

און דורך דערויף וואס ביי אים איז דא דער ענין פון "נתן מלחמו לדל" (משלי כב, ט), עכ"פ צו דעם וואס איז א "דל" באותה שעה (ווי די גמ' (ראה ירושלמי סוף פאה) זאגט

- אויפן -

אויפן פסוק "אשרי משכיל אל דל" (תהלים מא, ב)), גיט ער אים "מלחמו", וואס לחם איז דער ענין פון תורה (נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1038 הע' 26) - איז ער מצליח צו ווערן אין דער דרגא פון "מאתיים".

ביז וואנעס אז ער ווער האבן נאכמער פון "מאתיים" -

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק דער דיוק וואס מפרשים (ר"ש על המשנה. פני משה ומראה הפנים לירושלמי שם) פרעגן אויף דעם וואס ער זאגט אין ירושלמי אז "חמשין דעבדין טבין ממאתיים דלא עבדין" (ווארום דא איז יטול און דא איז לא יטול), אז לכאו', האט געדארפט שטיין אז ס'איז בעסער פון קצ"ט (וואס דעמולט איז יטול), ווארום בשעת ער האט מאתיים איז דאך סיי-ווי לא יטול?

נאר אין דערויף איז דא דער רמז, אז דורך דערויף וואס ער איז נושא ונותן מיט די חמשים וואס ער האט (אפי' איידער ער איז צוגעקומען צו די שלימות פון "מאה"), ווערט ער האבן נאכמער פון דעם וואס האט "מאתיים".

לב. די כוונה בכהנ"ל איז כפשוטו (און ניט קיין ענין פון דרושים און רמזים) - אז דאס וואס מ'טומל'ט וועגן דעם ענין פון הפצת התורה והיהדות בכל מקום שידו מגעת, קען דאך קומען איינער און מסביר זיין, אז במה דברים אמורים - דוקא בנוגע לכל ימות השנה, אבער ווען ס'קומען די עשרה ימים וואס דעמולט איז דער אויבערשטער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב" - איז היתכן ער זאל לאזן דעם אויבערשטן שטיין, און ער ווערט זיך גיין פארנעמען מיט מצוות שבין אדם לחבירו?!

זאגט מען אים אז אזוי איז געווען התחלת העבודה פון אברהם אבינו, וואס "אחד הי' אברהם" (יחזקאל לג, כד), ווי עס ווערט דערציילט אין חומש (ר"פ וירא) אז בשעת ס'איז געווען דער "וירא אליו ה'", דער אויבערשטער איז געקומען צו אברהם אבינו, און מיטאמאל האט ער דערזעהן דריי ערביים, וואס מ'האט ביי זיי געדארפט באווארענען דעם אבק ע"ז שעל רגליהם (פירש"י שם יח, ד) -

האט אברהם אבינו געבעטן דעם אויבערשטן ער זאל קיין פאריבל ניט האבן, און ער איז געגאנגען פראווען דעם ענין פון הכנסת אורחים, און ער האט דאס געטאן בזריזות הכי גדולה, כמבואר אין פשטות הכתובים, ועאכו"כ לויט די ביאורים וואס זיינען דא אויף דערויף אין מדרשי חז"ל.

און ווי דער רמב"ם (הל' מתנות עניים רפ"י) שרייבט בנוגע צו מצות צדקה, אז דאס איז א מצוה גדולה, און דאס איז א סימן אויף א אידן אז ער איז פון "זרע אברהם", כמבואר שם בארוכה.

- וואס -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל מ'דארף זיין די השתדלות אין דעם ענין פון צדקה, ובפרט בנוגע לזמנים אלו - וואס זעלבסטפארשטענדליך אז מ'דארף מקיים זיין דעם "מנהג כל בית ישראל" וואס דער רמב"ם ברענגט אראפ, אז אין עשי"ת דארף מען מרבה זיין בצדקה ובמעש"ט ובמצוות ובדברי ההגונים מערער ווי בכל השנה כולה - דאס דארף אבער ניט זיין אויף דעם חשבון פון לאזן א צווייטן אידן לנפשו.

ואדרבה, איינע פון די גרעסטע ענינים אין צדקה ובמעש"ט און מצווה - איז דאס דער ענין וואס מ'איז מפיץ תורה און יהדות און די מעיינות בכל מקום שידו מגעת.

און בשעת ער איז זיך עוסק אין הפצת התורה והיהדות - איז ער מצליח אז ביי אים זאל זיין דער ענין (וואס דער אלטער רבי שרייבט אין תו"א (בתהלתו), אז דורך דעם ענין הצדקה ווערט דער ענין) פון "נעשים מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה", און ווי דער צ"צ (אוה"ת בראשית כרך ו' התרכו, ב ואילך) איז מבאר אז דאס איז ניט קיין לשון גוזמא, נאר דאס מיינט טאקע בפועל טויזנט מאל אזוי פיל.

אבי טאקע אז "לא יגעתי ומצאתי אל תאמין" (מגילה ו, ב), ער קען ניט יוצא זיין מיט קיום המצוות און דורך דעם ווערן א למדן - אבער מצות הצדקה טוט אויף אז בשעה ער וועט זיך מהייגע זיין איין שעה, וועט ער משיג זיין דאס וואס לולא מצות הצדקה וואלט ער געדארפט הארעווען אויף דערויף אלף שעות.

לג. אין דעם ענין פון הפצת התורה והיהדות, זיינען דא כמה פרטים וואס זיינען פארבונדן בביוחד מיט עשי"ת -

אז מ'זאל זעהן באזארגן אידן אז זיי זאלן וויסן וואס איז דער ענין פון עשי"ת, און מסביר זיין זיי אז דעמולט איז דער אויבערשטער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב".

ובלשון פון רבותינו נשיאינו (דרך חיים פ"ב) אז אין די צען טעג איז דער "קירוב המאור אל הניצוץ", וואס דער אויבערשטער ווערט אנגערופן "מאור", דערפאר וואס ער לייכט צו יעדער אידן - און אין די עשרה ימים איז דאס אין אן אופן אז דער אויבערשטער ווארט ניט ביז וואנעט דער ניצוץ וועט קומען צו אים, נאר דער אויבערשטער ווערט נהקרב צום ניצוץ, דארטן וואו דער ניצוץ געפינט זיך.

און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז נאך מוסיף דעם לשון "<u>ההגלות</u> המאור אל הניצוץ" (סה"מ קונטרסים ח"א ע' יא), ד.ה. אז ס'קען טאקע זיין אז ס'זאל זיין דער ענין פון <u>קירוב</u> המאור אל הניצוץ, אבער ניט אין אן אופן של גילוי, און דא איז מען מוסיף אז דאס איז אין אן אופן פון <u>ההגלות</u> המאור אל הניצוץ.

- דעם -



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

דעם ענין הבחירה נעמט מען טאקע ניט צו ביי אים, ער האט א כח עליון וואס מצד דערויף איז הרשות והיכולת נתונה בידו; מ'איז אים אבער מעורר ער זאל בוחר זיין דאס וואס ער דארף בוחר זיין.

און דעמולט דארף ניט זיין דער "ובקשתם משם", ער זאל גיין און זוכן - נאר דער "דרשו" איז אין אן אופן ווי מ'זוכט א זאך וואס געפינט זיך "בהמצאו" און "בהיותו קרוב".

און דאס איז וואס מ'דארף מסביר זיין א אידן - אז דער ענין וואס בכל השנה כולה דארף ער הארעוועןּ אויף דערויף און זוכן און פרעגן עצות, וואו מ'געפינט דאס און וואו מ'דארף דאס זוכן - איז בעשי"ת געפינט זיך דאס על ידו, וקרוב אליו ממש - ביי דעם ניצוץ.

און דערנאך זאגט מען אים אז מצדו דארף ער מאכן די כלים כדי אז דאס זאל ביי אים פועל זיין פעולתו במשך פון די עשרה ימים אלו, און דערנאך זאל דאס אויך נמשך ווערן על כל ימות השנה - וואס דעמולט פועל'ט מען אויף אים בנקל ובזריזות אז ער זאל זיך אויך מצטרף זיין צו אלע אידן, און מוסיף זיין אין צדקה ומעש"ט ומצוות און אין תפלות ותחנונים.

וואס דעמולט האט מען די מעלה פון עשי"ת, צוזאמען מיט די מעלה פון דעם ענין הציבור, און די מעלה פון בתי כנסיות ובתי מדרשות (תפלות ותחנונים), ווי גערעדט פריער (ס"א) - און מ'איז מקבל די כתיבה וחתימה טובה, ובלשון הרמב"ם - "תשועה והצלה".

און מ'איז זוכה בקרוב ממש צו דעם ענין פון "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", ובלשון הספרדים - "יראה כהן בציון", אז מ'וועט זעהן די עבודה פון דעם כה"ג אין ביהמ"ק אין דעם טאג פון "אחת בשנה"; ביוהכ"פ הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה, בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש.

* * *

לד. מ'האט דאך גערעדט פריער בנוגע צו דעם ענין פון "נושא ונותן", אז ער דארף טאן אין דערויף אע"פ וואס ער האט מערנים ווי חמשים, וואס דאס איז מערניט ווי "חצי תאותו", האלב אפי' פון "מאה", ועאכו"כ אז דאס קומט ניט צו דעם וואס ("רוצה מאתיים" און) האט "מאתיים".

וואס בכללות דארף דאס זיין בנוגע צו דעם ענין וואס איז טוב ויפה ומובחר וואס איז דא ביי א אידן - וואס דאס איז דער ענין אז ער איז מפיץ תורה ועבודה וגמ"ח, אז ער איז דאס מפיץ אין אן אופן פון "נושא ונותן".

וכידוע די שיחה פון רבותינו נשיאינו (ראה סה"מ קונטרסים ח"א רנח, א ואילך), אז די התעסקות בזה דארף זיין

- אזוי -

אזוי ווי א בעל עסק, א סוחר. וואס דער סוחר זיצט ניט ביי זיך אין חדר מלכותו אדער בהיכלו, און ווארט ביז וואנעס איינער וועט ארייגקומען און ביי אים פרעגן צי ער האט סחורה, און צי די סחורה איז א גוטע, און אפשר וויל ער דאס פארקויפן וכו׳ - ניט דאס איז די הנהגה פון "נושא ונותן";

דער אופן פון "נושא ונותן" [וואס "מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא" (ברכות נח, א), און "מנהג התגרים" ווערט א דין אין חו"מ] און "מנהג התגרים" איז, אז ער איז מחזר בעיירות, און פארקויפט-דארפן די זאכן וואס נשים - כנסת ישראל - דארפן האבן.

און ניט אז ער טוט דאס אין אן אופן פון "מהיכי תיתי", אז ער איז מציע זיין סחורה איין מאל, און טאמער וויל מען ניט די סחורה, גייט ער אוועק - ניט דאס איז דער אופן פון "משאו ומתנו באמונה"; "מנהג התגרים" איז, אז מ׳איז זיך משתדל און מ׳טוט אלע עצות אויף צו מסביר זיין יענעם דעם טיב הסחורה, ווי אזוי די סחורה איז גוט פאר אים וכו׳.

ס׳איז טאקע דא א דין אז מ׳טאר ניט צופארבן די סחורה וכו׳, וכמבואר בארוכה אין חו"מ (סרכ"ח ס"ט) די דינים ווי אזוי מ׳מעג משדל זיין דעם קונה, און ווי אזוי טאר מען ניט משדל זיין (איינרעדן) - אבער וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן "טוב סחרה מכל סחורה", דארף מען ניט האבן ער זאל דערציילן מערער ווי די זאך איז, ס׳איז גענוג אז מ׳וועט אים מסביר זיין ווי די זאך איז, וואס דעמולט וועט דאך יעדערער פארשטיין אז "טוב סחרה מכל סחורה".

ער דארף דאס נאר טאן אין אן אופן אז ס׳זאל זיין ניכר אויף אים אז ער האלט און ער ווייסט ווי אזוי אין תורה זיינען דא די אלע מעלות וועגן וועלכע ער רעדט.

און וויבאלד אז תורה איז "חכמתכם ובינתכם (אפי׳) לעיני כל העמים" (ואתחנן ד, ו) - איז א זיכערע זאך אז אויב ער וועט זיך נאר וועלן אפגעבן דערמיט, און וועט דאס טאן אין אן אופן פון "משאו ומתנו באמונה", וועט ער זיכער מצליח זיין אז מ׳וועט ביי אים צוכאפן די סחורה.

לה. און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן "כמדליק נר מנר" (במדב"ר פכ"א, טו. ספרי ופירש"י עה"פ בהעלותך יא, יז), ד.ה. אז דורך דעם וואס ער צינדט אן דעם "נר ה׳ נשמת אדם" (משלי כ, כז), די נשמה פון א צווייטן אידן - וועט ביי אים גארניט פעלן, ווארום דאס איז אין אן אופן "כמדליק נר מנר".

ואדרבה, ווי די גמ׳ (תמורה טז, א) זאגט עה"פ "מאיר עיני שניהם ה׳" (משלי כט, יג), אז דורך דערויף וואס ער איז מקרב נאך א אידן לאבינו שבשמים, ווערט דער "כאיר עיני

- שניהם -



הנחת הת׳ בלתי מוגה

שניהם ה׳", אז ביי אים קומט אויך צו אין זיין "נר ה׳ נשמת אדם", אין דעם אור פון זיין נשמה.

וכמארז"ל (תענית ז, א) "הרבה למדתי מרבותי, ומחבירי יותר מרבותי, ומתלמידי יותר מכולם", ד.ה. אז דורך דערויף וואס ער לערנט מיט זיינע תלמידים, איז ניט נאר אז ביי אים פעלט ניט, נאר אדרבה, דורך דעם קומט ביי אים צו נאכמער וויפל ער האט געהאט דערפון וואס ער האט געלערנט מרבותיו וחביריו.

ועד"ז איז דאס אויך בנוגע לכל עניני התורה - וואס עניני ההורה זיינען דאך די מצוות, ביז צום חינוך אז ס׳זאל זיין דער עניך פון "בכל דרכיך דעהו", ווי דער רמב"ם (הל׳ דעות רפ"ה) זאגט אז "החכם ניכר במאכלו וכו׳", מיט די אלע צען זאכן וואס ער רעכנט אויס - פועל׳ט ער אויפן צווייטן אידן, אז ביי אים זאל אויך זיין ניכר אז ער געהערט צום "עם חכם ונבון", ביז אז דאס איז ניכר באכילתו וכו׳, ביז "בכל דרכיך דעהו".

לו. וואס דאס איז די ריכטיקע עבודה פון עשי"ת - ער זאל מסביר זיין א אידן אז דעמולט איז דער אויבערשטער "בהמצאו" און "בהיותו קרוב", און דאס וואס ער האט דאס ביז איצטער ניט געזעהן, איז דאס מערניט ווי כדי צו מעורר זיין ביי אים אז ער איז א בן חכם, און ער ווייסט אז מ׳דארף זוכן דעם פאטער.

און ווי דער מגיד (או"ת סא, ד. וראה המשך תרס"ו ע׳ רמח) זאגט אויף דערויף דעם משל פון א פאטער וואס באהאלט זיך פון דעם קינד כדי אז דער קינד זאל אים זוכן, ועד"ז בשעת דער אויבערשטער באהאלט זיך, איז דאס נאר כדי אז דער קינד זאל אים זוכן, און בשעת דער קינד גייט אוועק שפילן זיך און זוכט ניט דעם פאטער - דעמולט איז די הארץ-ווייטאג (כביכול) ביי "צור לבבי" (תהלים עג, כו) נאך מערער ווי ס׳איז געוועזן ביז דעמולט.

און דאס איז מען מסביר א אידן אז די כוונה איז ער זאל זוכן דעם פאטער, אז ביי אים זאל זיין דער "ובקשתם", וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז ביי אים וועט זיין "ומצאת" (ואתחנן ד, כט), אפי׳ בכל השנה כולה, ועאכו"כ אין די טעג וואס דעמולט איז דער קירוב המאור אל הניצוץ, און באכמער: התגלות המאור אל הניצוץ (כנ"ל סל"ג).

לז. און דורך דערויף וואס מ׳פועל׳ט אויף א צווייטן אידן להרבות בצדקה ובמעש"ט ובמצוות ובתפלות ובתחנונים, און מ׳טוט דאס באמונה, וואס דעמולט מאכט מען פון דעם צווייטן אידן ער זאל אויך זיין א משפיע בסביבתו, סופח ע"מ להטפיח -

- זאגט -

זאגט אויף דערויף די ברייתא (תוספתא עדיות ספ"ג. וראה חסדי דוד שם. ערוך השלם ע׳ אביי), אז בשעת ער האט תלמידים און תלמידי תלמידים, דעמולט איז "גדול מרבן שמו"; ער דארף ניט האבן קיין טיטול׳ן אז מ׳זאל אים רופן רב, אדער רבי, אדער אפי׳ רבן - נאר (וויבאלד ער האט אויפגעשטעלט תלמידים און תלמידי תלמידים, איז) "שמו" אליין איז גענוג אויף מסביר זיין אז ער האט אויפגעטאן און אפגעטאן שליחותו בעולם, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני" - אויף מאכן א דירה לו ית׳ בתחתונים.

ביז וואנעט אז ער פועל׳ט אז ס׳זאל זיין "כל יושבי׳ עלי׳" - אז אלע אידן פאראייניקן זיך אין א"י ברוחניות, וואס עניינה איז דאך "שרצהה לעשות רצון קונה" (ב"ר פ"ה, ח) - אז ס׳ווערט דער יכוף כל ישראל ללכת בדרכה ולהדק בדקה,

ביז וואנעט אז דאס ברענגט אויך דעם ענין פון "קהל גדול ישובו הנה" (ירמי׳ לא, ח) בפשטות, ביז וואנעט אז עתידים עשרת השבטים להזור, ווי די גמ׳ זאגט אין דעם סיום פון מסכת סנהדרין (קי, ב במשנה).

וואס בשעת אז ס׳ווערט דער ענין פון "כל יושבי׳ עלי׳", דעמולט ווערט דער ענין פון קיום המצוות בשלימות, ווארום ס׳זיינען דאך דא מצוות וועלכע זיינען פארבונדן מיטן גדר פון "כל יושבי׳ עלי׳", וואס איינע פון זיי איז דאך מצות יובל -

איז בשעת ס׳ווערט "כל יושבי׳ עלי׳", קען זיין קיום מצות יובל - אז ס׳ווערט דער ענין פון "וקראתם דרור בארץ לכל יושבי׳" (בהר כה, י), אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, שטייט מען "ביד רמה", און אין אן אופן פון "קוממיות",

ביז וואנעט אז ס׳ווערט דער "וקראתם דרור בארץ לכל יושבי׳" כפשוטו - חירות פון כל עניני גלות הפנימי, און חירות פון כל עניני גלות כפשוטו, דורך די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובקרוב ממש.

* * *

לח. האמור לעיל בנוגע צו עשי"ת איז דאך בכל שנה ושנה בשוה; ס׳איז אבער דא בכל שנה ושנה א שינוי בנוגע צו קביעות השנים, וואס דאס איז ניט בשוה בכל השנים.

און וויבאלד אז פון יעדער זאך דארף מען דאך אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳, כתורת הבעש"ט הידועה (כש"ט הוספות אות קכז), איז דאך עאכו"כ אז ס׳דארף זיין א הוראה פון דעם ענין פון קביעות השנה, וואס דאס איז דאך אן ענין אין תורה

- ווי -

- ווי אזוי מ׳זאל קובע זיין די ראשי חדשים וראשי שנים, וואס אן דערויף הייגגט אפ קביעות המועדים פון ר"ה, יוהכ"פ, סוכות, פסח און שבועות וכו׳.

ובדוגמא ווי מ׳האט גערעדט פריער, אז קביעות השנה איז אין אן אופן אז ר"ה איז חל ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, וואס ענינו איז "טוב לשמים וטוב לבריות",

[און וויבאלד אז ר"ה איז חל אין יום השלישי, איז דאך דאס כולל את כל ימי השנה, ווארום די גמ׳ (ר"ה טז, ב) זאגט דאך אז "צדיקים גמורים נכתבים ונחתמים לאלתר" אין ספר חיים ברכה ושלום, מיט אלע ברכות וואס זיינען נכלל אין דערויף - איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דער טאג פון ר"ה איז כולל את כל ימי השנה.

און ווי מ׳זעט אויך אין די תפלות פון ר"ה, וואס דאס זאגט דאך יעדערער, אפי׳ "כגון אנא בינוני" וכיו"ב - זאגט די גמ׳ (שם) אז "מצלינן האידנא אקצירי ואמריעי", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ר"ה איז כולל את כל השנה כולה].

איז וויבאלד אז "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל" - נעמט דער אויבערשטער אויף זיך אז ס׳זאל זיין די ברכה פון דעם אויבערשטן לכל אחד ואחת מישראל, אז מ׳זאל האבן די כתיבה וחתימה טובה, סיי בנוגע צו ענינים רוחניים, וואס בכללות איז דאס בין אדם למקום (טוב לשמים), און סיי בנוגע צו ענינים גשמיים, וואס בכללות איז דאס בין אדם למקום (טוב לבריות), ביז אין ענינים גשמיים כפשוטם ממש.

וואס אין דער קביעות גופא (אז ר"ה איז חל ביום השלישי (ווי דער סימן פון טור (או"ח סתכ"ח) "פת בג המלך")) קען זיין כמה אופנים - צי דאס איז א שנה פשוטה, אדער א שנה מעוברת, וואס שנה זו איז א שנה מעוברת.

און בנוגע צו שנת העיבור גופא (ראה גם מכתב וא"ו תשרי ש.ז. ובהנסמן שם), איז א נפק"מ צי דאס איז באמצע המחזור, וואס דעמולט ווערט קלענער דער אונטערשייד צווישן מנין הלבנה מיט מנין החמה, אדער ס׳איז אין סיום המחזור (כקביעות ש.ז.), וואס דעמולט גלייכן זיי זיך אוים (רמב"ם הל׳ קידוה"ח פ"ו ה"י), און ס׳בלייבט מערניט ווי אן אונטערשייד פון א שעה מיט תפ"ה חלקים - לויטן חשבון פון שמואל, און לויטן חשבון פון ר׳ אדא בר אהבה בלייבט ניט קיין אונטערשייד, ווי דער רמב"ם איז מבאר אין הל׳ קידוש החודש (רפ"י).

לט. וואס אין דערויף זעט מען, אז וואו א איד זאל זיך נאר געפינען, אפי׳ אויב ער געפינט זיך אין "קצה הארץ", און אפי׳ אויב ער געפינט זיך אין אן אופן פון "נדחך בקצה

- השמים" -

השמים" (כלשון הסדרה (נצבים ל, ד. וראה שיחה ש"פ וילך ש.ז. סנ"ג ואילך)), וואס דאס איז נאך ווייטער פון "קצה הארץ" -

איז בנוגע צו כל עניני התורה ומצוותי' - וואס דערפון ווערט דאס נמשך דערנאך אין "בכל דרכיך דעהו" - איז ער תלוי אין א"י כפשוטו.

והביאור בזה:

בנוגע צו דעם ענין פון קביעות החדשים והשנים (וואס אין דערויף איז דאך תלוי דער חשבון העיבור), איז דא אמאל אז ס'איז דא מערניס ווי א נפק"מ פון איין מינוט אדער איין חלק, וואס לויט דעם איז מען מקדים אדער דוחה דעם ר"ח (ובמילא אויך דעם יו"ט וכו'), כמבואר בארוכה אין הל' קידוה"ח להרמב"ם, און אין די ספרים וואס זיינען זיך עוסק אין חשבון העיבור וקביעות חדשים ושנים.

וואס כללות הענין פון קידוש החודש איז דאך פארבונדן מיט ראיית מולד הלבנה, "כזה ראה וקדש" (ר"ה כ, א), וואס דעמולט זאגן בי"ד "מקודש מקודש" (שם כד, א) - דעמולט איז ר"ח, און לויט דעם איז תלוי דער ט"ו בחודש, און די קביעות פון שבועות וואס איז חמשים יום לאחרי פסח, ועד"ז בנוגע לכל המועדים פון כל השנה כולה.

וואס דעם מולד הלבנה זעט מען אין א"י, און אין ארה"ב, ועד"ז בשאר המדינות - אבער אין דערויף קען זיין א חילוק פון זעקס אדער זיבן שעות;

איז בשעת מ'איז קובע דעם ר"ח אין ארה"ב ובכל המדינות כולם, רעכנט מען זיך ניט מיט ראייה הלבנה ווי מ'זעט דאס "בכל מושבותיכם" (אין דעם ארט וואו ס'געפינט זיך דער איד וואס דארף וויסן ווען איז ר"ח), נאר מ'רעכנט זיך מיט ראיית הלבנה ווי ס'זעט א איד וואס געפינט זיך אין א"י.

און אע"פ אז איצטער איז דאך ניטא דער גאנצער ענין פון "כזה ראה וקדש", ווארום ס'איז ניטא קיין בי"ד וואס קען מקבל זיין עדות, ובפרט אין חו"ל וכו' -

אעפ"כ, ווען מ'האט קובע געווען דעם חשבון פון די ראשי שנים וחדשים בזמן הלל (ניט הלל הזקן, נאר הלל דער אמורא וואס איז געווען כמה דורות לאחריו), עד יבא מורה צדק, וואס דעמולט וועט זיין דער "ואשיבה שופטיך כבראשונה" (ישעי' א, כו), און ווי ער זאגט אין רמב"ם (הל' סנהדרין פי"ב הי"ב) "בסבריא עתידין לחזור תחילה ומשם נעתקין למקדש", און מ'וועט דעמולט מקדש זיין דעם חודש ע"פ הראי' -

האט מען קובע געווען די חשבונות און זיך גערעכנט לויט די כללים ווי מ'זעט דעם מולד הלבנה אין א"י.

- מ. -

מ. וואס דאס דערמאנט א אידן אויף דעם פארבונד וואס ער האט מיט א"י - אז ווען ס'קומט דער טאג פון ר"ה, איז נאך איידער ער שטעלט זיך דאווענען,

- וואס דער עניין התפלה איז אויך פארבונדן מיט א"י, ווארום אלע תפלות זיינען עולה "דרך ארצם" (מ"א ח, מח. וראה ברכות ל, א), דורך א"י, און אין א"י גופא - דורך ירושלים עיה"ק, און דארטן גופא - דורך דעם ביהמ"ק, ווי ס'ברענגט זיך אויך אראפ אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע אין הל' תפלה (או"ח רסצ"ד) אלס הלכה למעשה -

איז נאך איידער ער שטעלט זיך דאווענען, ווען ער גיט א פרעג וועלכער טאג איז דאס, און מ'זאגט אים אז דאס איז ר"ה, פרעגט ער: פארוואס עפעס היינט, ניט נעכטן און ניט מארגן? - זאגט מען אים אז דאס איז פארבונדן מיט ראיית מולד הלבנה ווי ס'זעט א איד וואס געפינט זיך אין אה"ק.

וואס דאס פארבינדט נאכמער די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל מיט די אידן וואס געפינען זיך אין א"י, ובשני הכיוונים:

א) אז יעדער איד וואס געפינט זיך אין חו"ל האט א חלק אין א"י, ובמילא האט ער א דעה און אים איז נוגע יעדער עניין וואס געפינט זיך אין א"י - אז דאס זאל זיין מתאים צו שמה אשר יקראו לה - "ארץ הקודש", וואס אזוי ווערט זי אנגערופן בשפת כל העמים, אפי' אויף די קאמוניסטישע שפראך (אויף רוסיש) וכיו"ב,

וואס דאס איז אויך כולל דאס וואס דער פסוק (עקב יא, יב) זאגט אז א"י איז "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", ד.ה. אז דאס איז אזא לאנד וואו מ'זעט מיט די אויגן ווי אלקות געפינט זיך דארטן,

און ס'איז אין אן אופן פון "מרשית השנה ועד אחרית שנה", אז ווי דאס שטייט בגלוי בר"ה [אפי' ביי די אידן (פאר קיין אידן געדאכט) וואס ביי זיי איז די "האלי-דייז" מערניט ווי דריי מאל א יאר, ור"ה בכללם (וואס בעשי"ת איז ניט שייך דער גאנצער עניין, ווארום מ'איז שוין נאך דער עבודה פון חודש אלול און ימי-הסליחות און ר"ה, און מ'געפינט זיך שוין אין עשי"ת, איז דאך "ועמך כולם צדיקים" (ישעי' ס, כא))] - אין דעם זעלבן אופן שטייט דאס במשך כל ימי השנה - "עד אחרית שנה",

און מ'איז מדייק "עד אחרית שנה", ד.ה. ניט נאר ביז דעם יום האחרון פון יאר, נאר ביז דעם לעצטן רגע פון דעם לעצטן טאג ("אחרית שנה"), און גלייך דערנאך הויבט זיך אן די שנה החדשה, ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן (אגה"ק סי"ד)

- "שהרי -

"שהרי באחרית שנה זו מתחלת שנה שני׳" - איז דעמולט
ווייסער "עיני ה׳ אלקיך בה גו׳".

ועד"ז (ב) ווען מ׳דארף האבן אן עזר אין א"י, איז
מעצמו מובן אז יעדער איד וואו ער זאל זיך נאר געפינען,
העלפט ער ארויס ע"פ התורה,

- וויבאלד אז תפלתו גייט דורך א"י, און דורך ירושלים
עיה"ק און מקום המקדש, אפי׳ ווען ער איז חרוב (עד שיבא
מורה צדק ויבנה ביהמ"ק במקומו), כפס"ד הרמב"ם (הל׳ ביהב"ח
פ"ו הט"ו-ז) אז "קדושת המקדש וירושלים מפני השכינה ושכינה
אינה בטילה" -

איז מובן אז יעדער איד העלפט ארויס א"י ע"פ התורה,
און אין אן אופן פון סבר פנים יפות, ובשמחה וטוב לבב - אז
דארפן זאל זיין בגלוי דער ענין פון "עיני ה׳ אלקיך בה
מרשית השנה ועד אחרית שנה".

מא. וואס דערצו דארף מען דאך אויך האבן אז ס׳זאל זיין
מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, ווי דער רמב"ם (הל׳ דעות רפ"ד)
זאגט אז "היות הגוף בריא ושלם מדרכי ה׳ הוא", ווארום אויב
ער איז רעב וצמא אדער ניט אויסגעשלאפן אדער צעטומל׳ט, קען
ער ניט דינען דעם אויבערשטן לויט ווי דער אויבערשטער וויל
אז מ׳זאל אים דינען -

ווערט דער ענין פון "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין
מחריד", דערפאר וואס "בשם אלקינו נדגול" (תהלים כ, ו) -
וואס דאס גיט די הצלחה אין דעם איין "רכב" און איין "סוס"
וואס מ׳האט, אז ס׳זאל זיין דער "תפול עליהם אימתה ופחד
(ווארום ס׳איז) בגדול זרועך (פון דעם אויבערשטן, במילא
ווערט דער) ידמו כאבן" (בשלח טו, טז) - ווארום אידן
זיינען מכריז גלוי לעין כל אז "אנחנו בשם ה׳ אלקינו <u>נזכיר</u>"
(תהלים שם ח), אדער "בשם אלקינו <u>נדגול</u>" (ווי די צוויי
לשונות אין די פסוקים - ווי גערעדט אין די פריערדיקע
התוועדות (ש"פ וילך סל"ד) בארוכה).

און די ענינים וואס מ׳דארף האבן כדי אז ס׳זאל זיין
אן אחיזה בדרך הטבע - האט מען אויך די ענינים, אבער דאס
ווערט אלץ אפגעטאן און אויפגעטאן אין אן אופן פון "ואולך
אתכם קוממיות".

מב. וכמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון מולד הלבנה -
ווערט דער ענין פון מולד הלבנה מחדש, וואס דאס גייט אויף
אידן "שהם עתידים להתחדש כמותה", ווי מ׳זאגט דאך בכל חודש,
עאכו"כ אין א חודש וואס איז בתחלת השנה, ועאכו"כ בשנת
העיבור, ובפרט אין דעם סוף המחזור, וואס דעמולט גלייכן

- זיך -

זיך אויס דער "מוניך ללבנה" מיטן מניין החמה פון "שמש ומגן ה׳ אלקים" (תהלים פד, יב).

וואס דעמולט ווערט אָ שלימות אין מנין הזמנים - דורך דערויף וואס די הנהגה ע"פ תורה איז אין אן אופן של שלימות - שלימות התורה, ביז וואנעט אז ס׳ווערט דער ענין פון "כל יושבי׳ עלי׳" - דער ענין פון שלימות עם ישראל, און ארץ ישראל לגבולותי׳ - שלימות הארץ,

ביז וואנעט אז ס׳וועט זיין דער "כי ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך", ווי ער טייטשט אפ אין ספרי (עה"פ ראה יב, כ. פירש"י שופטים יט, ח) אז דעמולט וועט מען באקומען אויך קיני קניזי וקדמוני.

וכמבואר במ"א אז די שבעה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ זיינען כנגד די שבעה אומות, און דער ענין פון עשרת ימי תשובה, וואס דאס איז כולל אויך די צוויי טעג פון ר"ה און דעם טאג פון יוהכ"פ, זיינען כנגד אלע עשרה אומות (די שבעה אומות, צוזאמען מיט קיני קניזי וקדמוני) -

נעמט מען איין אלע עשרה אומות, בגאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט מקויים ווערן - אין אן אופן פון "בעתה אחישנה" און "זכו - אחישנה" (סנהדרין צח, א) - דער "כי ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך",

אז ס׳וועט צוקומען די ארץ פון קיני קניזי וקדמוני כפשוטו, ועאכו"כ ווי די ענינים זיינען ברוחניות, כמבואר אין דעם המשך מאמרים אל תצר את מואב פון דעם מיטעלן רבי׳ן (וואס האט זיך אפגעדרוקט אין דעם לעצטן יאר).

מג. מ׳האט דאך גערעדט פריער וועגן דעם ענין פון שנת העיבור - איז דערפון דא א הוראה בפשטות:

דער ענין פון עיבור השנה איז, אז אזוי ווי אין דעם מנין הלבנה פעלט א מספר ימים לגבי דעם מנין החמה - איז אויף צו פארקלענערן דעם אונטערשייד, ביז וואנעט אז מ׳זאל זיי אויסגלייכן, איז מען מוסיף דעם חודש העיבור, וואס דורך דעם איז א איד מצליח צו פארקלענערן דעם חסרון, ביז וואנעט אז ער איז משלים דעם חשבון בשלימותו.

איז מבואר אין ספרי מוסר דער מוסר השכל דערפון:

אויב בשנים שעברו האט ביי אים געפעלט בעבודתו וואס ער דארף דינען דעם אויבערשטן - דעם "שמש ומגן ה׳ אלקים", אז ס׳זיינען געווען מספר ימים וואס האבן געדארפט זיין גאנצע און אנגעפילטע מיט תומ"צ, און מסיבה שונה ומשונה איז דאס ניט געווען -

- איז -

איז ווען ס'קומט שנת העיבור, באווייזט מען אים אויפן לות אז איצטער האט מען אים געגעבן א הזדמנות מיוחדה אויף צו ממלא זיין דעם מספר הימים בפשטות - וואס דאס דארף אים מעורר זיין ער זאל משלים זיין דאס וואס ער האט פארפעלט בשנים שעברו.

ביז וואנעט אז ער וועט משלים זיין אינגאנצן דעם חשבון הימים, ובדוגמא ווי ער טייטשט אפ אין זהר (ח"א קכט, א) אויפן פסוק "ואברהם זקן בא בימים" (חיי שרה כד, א), אז אברהם האט געבראכט אלע זיינע "ימים" אין אן אופן אז זיי זיינען געווען ראויים לשמש, וואס דער ענין פון "יום" איז דאך ווי ס'שטייט (בראשית א, ה) "ויקרא אלקים לאור יום" - דער ענין פון ליכטיקייט, אז זיי זיינען געווען ליכטיק מיט "נר מצוה ותורה אור",

ועד"ז זאגט ער אויך אין זהר פ' ויחי (רכא, ב ואילך) בנוגע צו יעקב, ובנוגע צו "יודע ה' ימי תמימים נתלתם לעולם תהי'" (תהלים לז, יח. ב"ר פנ"ח, א), כמבואר אין דער שיחה דער ווארט פון דעם בעש"ט, ווי ס'איז שוין געדרוקט בארוכה (לקו"ש ח"ד ע' 1193. ח"ה ע' 103), מיטן גאנצן ביאור בזה.

וואס דאס איז דער ענין פון שנת העיבור, אז דעמולט האט מען א התעוררות מיוחדת - צוזאמען מיט א נתינת כח - אויף צו משלים זיין אלץ וואס מ'האט פארפעלט אין די שנים שלפנ"ז, און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב.

מד. נוסף על האמור לעיל, וואס דער רמב"ם זאגט אז אין די טעג פון עשי"ת דארף מען מרבה זיין אין צדקה, און דאס דארף זיין מן הטוב והיפה והמובחר - וואס דאס איז דער ענין פון הפצת היהדות, תורה ומצוותי', און טאן אין דערויף מערער ווי מ'האט געטאן במשך כל ימות השנה -

איז כאן המקום מעורר זיין און אויסרעכנען בדיוק די ענינים כלליים, אדער ווי מ'האט דאס א נאמען געגעבן - די מבצעים כלליים: אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל, חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה,

וואס דאס איז דאך דער יסוד אויף וועלכן ס'האלט זיך דער ענין פון טהרה וקדושה בכל העולם כולו - אנהויבנדיק פון משפחות בני ישראל, וואס אויף זיי זאגט דער אויבערשטער "רק אתכם ידעתי מכל משפחות האדמה" (עמוס ג, ב).

און טאן אין דערויף אין אן אופן פון "להרבות", ביז וואנעט אז "תורת אמת" וועט מעיד זיין אויף דערויף אז דאס איז אין אן אופן פון ריבוי שלמעלה ממדידה והגבלה.

- מה. -

מה. די דריי מבצעים פון נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה - האבן א שייכות מיוחדת מיט היינטיקן צוזאמענקומען זיך, ווארום דאס איז דאך דער יארצייט נאך די מאמע, וואס איר נאמען איז געווען "חנה" -

וכמבואר בספרים (מגלה עמוקות עה"ת פ׳ שלח ד"ה ג׳ מצוות בשם הגהות מיימוני) אז "חנה" איז ר"ת פון די דריי ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט נשי ובנות ישראל, און מ׳האט זיי געגעבן די נאמנות אויף דערויף:

דער ענין פון חלה - "ראשית עריסותיכם חלה תרימו גו׳" (שלח טו, כ), וואס דאס איז דאך שייך דוקא ווען ס׳איז א כשר׳ער עסק - דער ענין פון כשרות האכו"ש, וואס דעמולט איז דא דער ענין פון "ראשית עריסותיכם חלה תרימו";

דער ענין פון נדה, וואס דאס איז דער ענין פון טהרת המשפחה;

און דער ענין פון הדלקת הנר - נרות שבת קודש.

וכאמור, אז דער ר"ת ברענגט זיך אראפ בכמה ספרים בנוגע צו חנה הנביאה - וואס דערנאך האט מען א נאמען געגעבן אידישע טעכטער על שמה, עד סוף כל הדורות.

מו. כמדובר כמ"פ אז דער ענין פון א יארצייט איז - בלשון הכתוב (קהלת ז, ב) "והחי יתן אל לבו", ובמיוחד אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם נאך וועמען מ׳פראוועט דעם יארצייט.

וכמדובר אמאל בארוכה אז דער רמב"ם (הל׳ אבל ספי"ג) פארבינדט דעם ענין פון א יארצייט מיט דעם ענין התשובה, וואס ווי עס ווייזט אויס איז דער מקור פון רמב"ם פון דעם פסוק "והחי יתן אל לבו", וואס אויף דערויף זאגט דאך דער תרגום, אז אויב "אית בידי׳ מדעם ביש ישבקיני׳ ויתוב בתיובתא קדם מרי עלמא", וואס דערפון זעט מען אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה.

וואס אין דערויף איז דא א דבר פלא: לכאו׳, וואלט געווען גענוג אז דער תרגום זאל זאגן "ישבקיני׳ ויתוב בתיובתא" (אז ער טוט תשובה) - פארוואס איז ער אבער מוסיף די ווערטער "קדם מרי עלמא"?

וואס אין דעם ענין התשובה זיינען דאך פאראן כו"כ דרגות: ס׳איז דא דער ענין פון תשובה מפני יראת העונש, ובלשון הגמ׳ (יומא פו, א) תשובה מיראה, דערנאך איז דא דער ענין פון תשובה מאהבה, ביז צו די תשובה וואס איז פארבונדן מיט יראת בושת -

- און -



הנחת הת׳ בלתי מוגה

און בשעת אז מ׳זאגט "יתוב בתיובתא קדם מרי עלמא", ד.ה. אז ער שטייט אין א מעמד ומצב פון "קדם מרי עלמא" - איז פארשטאנדיק אז דאס איז די תשובה וואס איז פארבונדן מיט יראה בושת (וואס איז העכער אפי׳ פון תשובה מאהבה),

ווארום בשעת ער שטייט פארן מלך - איז די תשובה ניט דערפאר וואס ער האט מורא פאר די ענינים פון עונשים וועלכע זיינען גאר ניטא אין היכל המלך (ווארום דאס דארף זיין אין "שעריך" (שופטים יז, ה)), און אפי׳ ווען ס׳רעדט זיך וועגן א קלענערן עונש - טוט מען דאס אויך ניט אין היכל המלך - איז וויבאלד מ׳זאגט "יתוב בתיובתא קדם מרי עלמא", איז פארשטאנדיק אז דא רעדט מען וועגן די תשובה וואס איז פארבונדן מיט יראה בושת.

וואס דאס איז די תשובה וואס איז פארבונדן מיט עשי"ת - וכמובן דערפון וואס ס׳ברענגט זיך אראפ אין טור (או"ח סתקפ"א) פון מדרש, אז "איזו אומה כאומה זו שיודעת אופי׳ של אלקי׳", אז שוין בערב ר"ה איז לובשים לבנים ומתעטפים לבנים, ווארום מ׳איז בטוח אז זוכין בדין -

איז דאך פארשטאנדיק אז דער ענין התשובה וואס קומט לאח"ז, די תשובה פון עשי"ת - איז דאס דער ענין פון תשובה מאהבה, ביז צו די תשובה וואס איז "קדם מרי עלמא", וואס דאס איז די תשובה וואס איז פארבונדן מיט יראה בושת, וואס דאס איז נאך העכער פון די תשובה מאהבה.

וכמובן פון לקו"ת (בלק עה, א ואילך) אז ס׳זיינען דא פיר דרגות אין תשובה: תשובה תתאה, און תשובה עילאה, און יעדערער פון זיי האט דעם "<u>בעל</u> תשובה" - וואס דער בעה"ב פון תשו"ע איז דער מעמד ומצב וואס א איד שטייט העכער פון דעם ענין פון תשובה מאהבה, וואס דאס קומט דורך דעדויף וואס ער שטייט אין א ביטול גמור - דער ענין פון יראה בושת.

ווארום דער ענין פון אהבה איז דאך אן ענין של תנועה און רגש (ניט דער ענין פון ביטול); בשעת ער שטייט אבער "קדם מרי עלמא" (יראה בושת), איז דעמולט ניט שייך ער זאל באווייזן אפי׳ א תנועה של אהבה, ווארום ער שטייט בביטול גמור ווי ס׳דארף זיין דער ביטול (און ווי ס׳איז בפועל) "קדם מרי עלמא".

וואס דאס איז כללות התשובה פון עשי"ת, ובלשון הרמב"ם - אז דער ענין התשובה איז זמנה בכל השנה כולה, אבער בעשי"ת איז די תשובה יפה ביותר ומתקבלת מיד.

וואס דער חילוק צווישן די תשובה פון כל השנה כולה (תשובה מיראה) מיט די תשובה פון עשי"ת (תשובה מאהבה, און נאך העכער - יראה בושת) איז, ווי גערעדט אמאל (לקו"ש ח"ו

ע׳ 54. ועוד) בארוכה, אז ביי תשובה מיראה איז "זדונות נעשו לו כשגגות", וואס דאס איז אין אן אופן פון רפואה, ווי ס׳שטייט "ארפא משובתם" (הושע יד, ה. יומא פו, א ובפירש"י), וואס ביי רפואה איז נאך "מקצת שמו עליו",

[וואס דעדפאר איז דאך דער דין אז המקדש את האשה ע"מ שאין עלי׳ מומין, און לאחרי זמן האט א רופא מרפא געווען די מומין, איז אינה מקודשת, וויבאלד אז דער אופן פון רפואה איז, אז ס׳איז נאך מקצת שמו עליו (כתובות עד, ב. שו"ע אהע"ז סל"ט ס"ו)];

משא"כ אבער בנוגע צו תשובה מאהבה, וואס דאס איז אין אן אופן אז ס׳בלייבט ניט קיין רושם דערפון וואס איז געווען פריער, ווי די גמ׳ זאגט אין יומא (יומא שם), וואס דאס איז ע"ד ווי א חכם וואס איז עוקר את הנדר מעיקרו (כתובות שם), ד.ה. אז דער אופן התשובה איז, אז עד ווערט א מציאות חדשה.

ובפרט ווען ס׳רעדט זיך וועגן די פערטע דרגא פון תשובה, דער ענין פון יראה בושת, וואס דעמולט ווערט ער אנגערופן "בעל תשובה" - דער "בעל" פון דעם ענין התשובה.

מז. אזוי ווי "המעשה הוא העיקר" - דארף זיך דער ענין האמור לעיל אויסדריקן אין מעשה בפועל -

וואס דאס איז - אז בשעת מ׳רעדט מיט א צווייטן אידן בנוגע צו די דריי מבצעים וועלכע זיינען פארבונדן במיוחד מיט נשי ובנות ישראל, ועד"ז בנוגע לשאר המבצעים, און כללות הענין פון תורה ויהדות,

איז בשעת מ׳רעדט מיט אים מיט א רגש פון אהבה - מיוסד אויף דעם ענין פון אהבת ישראל, און בשעת מעשה שטייט ער אין א תנועה פון יראה בושת, ווארום ער ווייסט אז "והנה ה׳ נצב עליו ומלא כל הארץ כבודו ומביט עליו ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא (רפמ"א)), אז בשעת ער רעדט מיט א צווייטן אידן וועגן עניני יהדות, שטייט דער אויבערשטער לעבן אים, און איז "בוחן כליות ולב אם עובדו כראוי", צי ער טוט דאס ווי עס דארף צו זיין,

און דער אלטער רבי איז מדייק און שרייבט דעם לשון "והנה ה׳ נצב עליו", ניט נאר אז דער אויבערשטער געפינט זיך לעבן אים (בדוגמא ווי דער לשון וואס ברענגט זיך אראפ אין שו"ע (או"ח בתחלתו) פון מו"נ (ח"ג פנ"ב), אז ער געפינט זיך צוזאמען מיטן מלך), נאר "נצב עליו" דוקא,

וואס ער טייטשט אפ אין מדרש (ב"ר פמ"ז, ו. פפ"ב, ו) אז דער לשון "נצב עליו" איז פארבונדן דערמיט וואס "האבות

- הן -

הן הן המרכבה", ד.ה. אז דאס וואס דער אויבערשטער איז "נצב מלך", היינגט דאס אפ (כביכול) אן דעם "תמליכוני עליכם", אז דאס איז תלוי אין דער הנהגה וואס "עובדו כראוי" אין מילוי שליחותו, וואס דאס איז דער ענין פון קיום התורה ומצוותי'.

איז בשעת ער דערמאנט זיך אז "ה' נצב עליו", און אז דער "תמליכוני עליכם" ווערט אויפגעטאן דורך דערויף וואס ער וועט רעדן מיט א צווייטן אידן בשלימות (מיט די "כליות ולב") - איז דעמולט א זיכערע זאך אז דברים היוצאים מן הלב (ובפרט נאך אין אזא אופן) איז נכנסים אל הלב ופועלים פעולתם,

אז דער "לב" פון דעם צווייטן אידן ווערט אויפגעוועקט, ביז וואנעט אז דער צווייטער ווערט אויך א משפיע, אין אן אופן פון טופח ע"מ להטפיח, אז ער ווערט א נר להאיר אויף צו אנצינדן און ליכטיק מאכן דעם "נר ה' נשמת אדם" פון א צווייטן אידן.

און ער האט פירות ופירי פירות, תלמידים און תלמידי תלמידים, עד סוף כל העולם, און ווי חסידות טייטשט דאס אפ, אז מ'מאכט א "סוף" צום העלם והסתר פון עולם, ביז אז ס'ווערט דער "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו כי פי ה' דיבר" (ישעי' מ, ה), אז יעדער "בשר", סיי פון אידן און אפי' פון ניט אידן, וועט זעהן אז "פי ה' דיבר".

מח. בשייכות מיטן יארצייט - איז דא נאך א הוראה:

ווי דערציילט כמ"פ (און איצטער וועט מען דאס דערמאנען עכ"פ בקיצור), אז בשעת מ'האט זיך געפונען אין גלות (וואס דער חינוך (מצוה ת"י) זאגט אז די יסורים פון גלות זיינען נאך שווערער פון מיתה), אז דער טאטע האט געוואלט שרייבן חידושי תורה, און דארטן איז ניט געווען ניט קיין טינט און ניט קיין פענע וכיו"ב -

האט זי (די מאמע) זיך מתעסק געווען און געקליבן גראז, און האט זיך געלערנט ווי אזוי צו מאכן דערפון טינט, דורך צוזאמענמישן מיט וואסער, אז ס'זאל ווערן א מין סארט טינט, שווארצע און בלויע און גרינע און רויטע מיט אלערליי סארטן טינט - און דורך דערויף האט ער געהאט די אפשריות צו שרייבן די חידושי תורה, עכ"פ בקיצור הכי נמרץ און מערניט דאס וואס איז מוכרח ביותר.

ווי מ'זעט דאס פון די ספרים וואס מ'האט שוין אפגעדרוקט, און ס'געפינט זיך בידי כמה וכמה - אבער ניט יעדערער ווייסט דעם אופן ווי ס'איז געשריבן געווארן, אז ס'איז געווען "מן המיצר", ביז אין א מיצר וואס מ'איז

- געווען -

געוועז אין א פנה נדחת, ביז וואנעט אז מ׳האט אפי׳ ניט געהאט קיין סינט, און מ׳האט געדארפט מאכן סינט פון גראז, ווארום ס׳איז ניט געוועז קיין אנדער עצה,

האט זי זיך מתעסק געוועז אין דערויף - ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ס׳האט געפעלט אפי׳ אין לחם צר ומים לחץ - כדי לעשות רצון בעלה, אז ער זאל האבן די מעגליכקייט צו שרייבן ענינים וביאורים וואס זיינען פארבונדן מיט סתרי תורה און רזי תורה - האט מען אפגעלייגט אלע ענינים הצדה, כדי צו אויספירן דעם ענין.

און ווי מ׳זעט אז דערנאך איז געוועז "משם אורה יוצאה" - אז סוכ"ס איז דאס ארויסגעקומען פון דארטן אין אן אופן פון "פדיון שבויים", און מ׳האט געהאט די מעגליכקייט און דעם זכות הכי גדול צו אפדרוקן און מפיץ זיין די ענינים, ביז וואנעט אז דאס איז מאיר עיני כמה וכמה וואס זיינען זיך מתעסק אין דעם לימוד פון רזי תורה ביז צו רזין דרזין, ביז אויך אין לימוד הנגלה, כמובן ופשוט ומוסבר לכל אחד וואס ווייסט וועגן דעם.

וואס דערפון איז די הוראה - אז אויב מ׳האט געטאן אין די ענינים זייענדיק אין אזא מעמד ומצב, איז דאך עאכו"כ אז בשעת דער אויבערשטער האט געבענטשט און מצליח געוועז אז מ׳געפינט זיך אין אן ארט וואס בגשמיות איז דאס אן ענין של מרחב און א מלכות של חסד,

ביז וואנעט אז ניט נאר וואס מ׳מאכט ניט קיין שוועריקייטן אויף ענינים פון אידישקייט, נאר אדרבה, מ׳איז נאך מסייע אין דערויף בכו"כ אופנים, און ניט נאר אז מ׳איז מסייע אויף דעם לימוד המוכרח, נאר אפי׳ די ישיבות אמיתיות וואו מ׳לערנט תורה ביראת שמים, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה - באקומען זיי אויך א סיוע פון "מלכותא דארעא", און מ׳נוצט דאס אויס באופן המתאים -

איז דאך עאכו"כ אז יעדערער און יעדערע האט אויף זיך די שליחות מיוחדת צו מפיץ זיין תורה און יהדות בכל מקום שידו מגעת, סיי בנוגע צו קיום מצוות מעשיות, וואס "המעשה הוא העיקר", און אויך בנוגע צו לימוד התורה און עבודת התפלה, וואס דאס זיינען ענינים וואס זיינען שייך צו דיבור, ביז אפי׳ בנוגע צו הפצת רזי תורה, נשמתא דאורייתא, ביז צו רזין דרזין, נשמתא דנשמתא דאורייתא - און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב, ומתוך הרחבה.

מס. און מ׳האט אויף דערויף די הבטחה אז בשעת מ׳וועט טאן אין די ענינים, איז א זיכערע זאך אז הקב"ה עוזרו, און זכות הרבים מסייעתו.

- ובפרט -

ובפרט לויט ווי גערעדט כמ"פ, אז אין די דורות שלפנינו, ביז אפי׳ מיט איין דוד לפנינו, האט מען געקענט טראכטן אז די הבטחה פון "לא ידח ממנו נדח" (ש"ב יד, יד), וועט זיין "בגלגול זה או בגלגול אחר" (בלשון פון דעם אלטן רבי׳ן אין תניא (ספל"ט), און אין הל׳ ת"ת (פ"ד ה"ג));

בשעת מ׳האלט אבער אין די לעצטע טעג פון גלות (אין עקבתא דמשיחא גופא - לויט אלע סימנים), קען מען דאס ניט אפלייגן אויף א "גלגול אחר", ווארום "הנה זה עומד אחר כתלנו" (שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש בלק השל"ז ס"ט), איז ניטא קיין צייט, און דאס מוז אפגעטאן ווערן "בגלגול זה".

נאר היכולת והרשות נתונה לכל אדם - און מ׳וויל אז ס׳זאל זיין דער "ובחרת בחיים", ער זאל אויסקלייבן מרצונו הטוב, און טאן סיי בנוגע לעצמו און סיי בנוגע לכל סביבתו, ביז וואנעט ער זאל זיך משתדל זיין דערגרייכן "מקצה הארץ ועד קצה הארץ",

וכידוע דער פתגם פון דעם בעש"ט (קונטרס אהבת ישראל אות ט׳), אז דער ענין פון אהבת ישראל דארף זיין אויך צו א אידן וואס ער האט אים קיינמאל ניט געזעהן און ניט געטראפן - ער האט זיך אבער דערוואוסט אז ערגעץ וואו איז דא א איד, דארף ער האבן צו אים אהבת ישראל.

און דאס דארף זיין אין אן אופן פון "ואהבת לרעך כמוך" (כלשון הפסוק (קדושים יט, יח)), וכמבואר אין ירושלמי (נדרים פ"ט ה"ד) אז דאס איז ווי צוויי הענט פון דעם זעלבן גוף, און מ׳זאגט אויף דערויף "זהו כל התורה כולה" (שבת לא, א), כמבואר בארוכה דער פי׳ בזה אין תניא פרק לב.

ג. וכן תהי׳ לנו - אז יעדערער וועט טאן וויפל ער קען, און נאכמער דערפון וואס ער קען, און מ׳האט די הבטחה אז הקב"ה עוזרו, און אז זכות הרבים מסייעתו, צוזאמען מיט דער הבטחה פון "יגעת ומצאת".

וכמדובר כמ"פ דער דיוק אין "יגעת ומצאת" - אז ער באקומט ניט נאר לפ"ע היגיעה שלו, נאר אין אן אופן פון מציאה, "ומצאת", וואס א מציאה איז דאך שלא לפ"ע היגיעה והטרחא וואס מ׳לייגט ארייז אין אויפהויבן די מציאה.

און מ׳וועט מוסיף זיין אין צדקה און אין מעשים טובים און אין מצוות און אין תפלות ותחנונים אין די עשרה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ.

און ס׳וועט מקויים ווערן די "דברי השירה הזאת" (וילך לא, ל) - וואס דאס גייט דאך אויף די שירה פון פ׳ האזינו, וואס דאס איז פרשת שבוע זה,

- ביד -

ביז צום סיום השירה - "מחצתי ואני ארפא" (האזינו לב, לט), ווי מ׳טייטשט דאס אפ אז "מחצתי" גייט אויף דעם וואס דער אויבערשטער האט געשיקט אידן אין גלות,

[וואס דער עניין וואס אידן געפינען זיך אין גלות, איז דאס ניט דערפאר וואס די גויים האבן א שליטה אויף אידן ח"ו, נאר ס׳איז מערניט דערפאר וואס "מחצתי" - דער אויבערשטער האט זיי געשיקט אין גלות] -

איז דער אויבערשטער מבטיח אז "ואני ארפא", ער וועט דאס מרפא זיין, ביז אין אן אופן אז ער וועט דאס עוקר זיין מעיקרו.

ביז ווי מ׳זאגט אין נבואת הגאולה "אודך ה׳ כי אנפת בי" (ישעי׳ יב, א) - אז אידן וועלן שטיין אין א מעמד ומצב אז מ׳וועט אפגעבן די הודאה מיטן הלל (ניט נאר אויף דעם עניין הגאולה, נאר) אויך אויף דעם "כי אנפת בי", ווארום ס׳וועט זיין דער "ישוב אפך ותנחמני" (שם) - דער "והחי יתן אל לבו", אין אן אופן פון "נחמה בכפלים" (איכ"ר ספ"א).

וואס דער עניין פון "נחמה בכפלים" איז דאך די התחלה פון די "שבעה דנחמתא", וואס זיי ענדיקן זיך לפני ר"ה - אין פ׳ נצבים שקורין לעולם לפני ר"ה (לקו"ת ר"פ נצבים),

און דערנאך קומט די הפטרה שלאח"ז, און די קריאות שלאח"ז, ביז צו די קריאה פון שמח"ת - "וזאת הברכה אשר ברך משה וגו׳" און "עד הים האחרון" (ברכה לד, ב), ווי ער טייטשט אפ אין מדרש (ספרי ופירש"י עה"פ) "עד היום האחרון",

אז ס׳איז א פעולה נמשכת פון ברכת משה, און ס׳קומט אראפ למטה מעשרה טפחים, בכל הפרטים און לויט אלע מדרשים, ביז ווי דער עניין איז כפשוטו -

אז ס׳ווערט דער "וישכון ישראל בטח בדד עין יעקב" (ברכה לג, כח) בקרוב ממש, וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס בזמן הגלות זיינען אידן "עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב" (בלק כג, ט), אז מ׳איז אפגעטיילט בנוגע לכל העניינים,

במילא קומט גלייך דער "וישכון ישראל בטח בדד עין יעקב", בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

נא. ס׳איז דאך ידוע די תורה פון דעם אלטן רבי׳ן (סה"ש תש"ב ע׳ 29) אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט - מיט פרשת השבוע וואס מ׳לייענט און מ׳לערנט די שיעורים בתורה - וואס פון שבת צו מנחה, און רעוא דרעוין, האט מען אנגעהויבן לייענען פ׳ האזינו, און דערנאך הויבט זיך אן דער יום ראשון פון פ׳ האזינו (וואס דאס איז היינטיקער טאג) און יום שני - וכו׳ -

וכו׳, ביז צו שבת פרשת האזינו.

וכמדובר כמ"פ אז שם הפרשה איז מורה וכולל דעם גאנצן תוכן פון דער פרשה - וואס דער שם הפרשה איז "האזינו" (ווי דער שם הפרשה ווערט געבראכט אין ראשונים ואחרונים, ביז אין "מנהג ישראל תורה הוא" - אין די לוחות פון כל בנ"י בכל קצווי תבל).

וואס דער לשון פון "האזנה" ווייזט אויף קירוב - ווי ס׳שטייט אין ספרי (עה"פ) אז משה רבינו האט געזאגט "האזינו השמים . . ותשמע הארץ", דערפאר וואס ער איז געווען "קרוב לשמים" און "רחוק מן הארץ" משא"כ ישעי׳ האט געזאגט "שמעו שמים והאזיני ארץ" (ישעי׳ א, ב), דערפאר וואס ער איז געווען "רחוק מן השמים" און "קרוב לארץ".

און דער נאמען פון דער סדרה איז "האזינו" - וואס דאס באווייזט אז מ׳הערט דאס ווי מ׳הערט א זאך וואס געפינט זיך בקירוב, וואס דאס איז דער נאמען פון כל עניני הסדרה; אבער ווען מ׳קוקט מעדער בפרטיות, זעט מען אז ס׳ווערט אויך דערמאנט דער ענין פון "שמיעה" וואס דאס איז מרחוק - אבער דאס איז נאר בנוגע צו עניני ארץ.

און וויבאלד אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט - איז דאך פארשטאנדיק אז דאס האט א שייכות צו יעדער אידן, אז ביי יעדער אידן איז שייך דער ענין פון "האזינו השמים . . ותשמע הארץ", אז עניני "שמים" שטייען ביי אים אין אן אופן פון "האזינו" - בקירוב, און עניני "ארץ" שטייען ביי אים אין אן אופן פון "תשמע" - מרחוק.

וואס אע"פ אז "מי הוא זה ואיזהו אשר ערב לבו" גלייכן זיך צו משה רבינו (בלשון פון דעם אלטן רבי׳ן אין תניא (פמ"ד)) - אעפ"כ, וויבאלד אז דאס איז געגעבן געווארן צו יעדער אידן עד סוף כל הדורות, איז פארשטאנדיק, אז א "שמץ מנהו" איז שייך ביי יעדער אידן.

וע"ד המבואר (תניא רפמ"ב) אז וויבאלד ביי משה רבינו איז יראה א "מילתא זוטרתי" איז מצד דערויף וואס משה רבינו איז דער "רעיא מהימנא" פון אידן, איז א "שמץ מנהו" שייך צו יעדער אידן, וואס דערפאר זאגט מען אז ביי יעדער אידן איז יראה א "מילתא זוטרתי".

ועד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו "האזינו השמים . . ותשמע הארץ" - אז מצד דערויף וואס ביי יעדער אידן בנשמתו איז דא דער ניצוץ פון משה רבינו, איז ביי אים אויך שייך דער ענין פון "האזינו השמים . . ותשמע הארץ" (דרגת משה רבינו).

- נב. -

נב. וואס דאס איז אויך וואס מ׳לייענט פ׳ האזינו אדער אין עשי"ת אדער בשבת שלאחרי יוהכ"פ, ד.ה. אז דאס איז פארבונדן מיט יוהכ"פ (אדער פאר יוהכ"פ אדער נאך יוהכ"פ), און אפי׳ ווען מ׳לייענט דאס בשבת שלאחדי יוהכ"פ (כקביעות ש.ז.) - איז אבער התחלת הקריאה פון פ׳ האזינו אין עשי"ת.

וואס דער ביאור בזה איז, אז אין דעם זמן פון עשי"ת זאגט מען א אידן אז ביי אים איז שייך דער אופן העבודה פון "קרוב לשמים" און "רחוק מן הארץ".

און ווי גערעדט אמאל (לקו"ש האזינו תשל"ג) בארוכה, אז דער ענין פון "רחוק מן הארץ", רעדט זיך ניט וועגן "ארץ" כפשוטו, נאר עס רעדט זיך וועגן די "ארץ" פון ישעי׳ הנביא (וואס ער איז געווען "קרוב לארץ").

וואס ישעי׳ האט דאך געזעהן די מרכבה, און האט געזעהן די מרכבה אין א דרגא נעלית יותר פון די מרכבה וואס יחזקאל הנביא האט געזעהן, כמבואר בכ"מ בארוכה,

און ווי די גמ׳ (חגיגה יג, ב) זאגט דעם תילוק צווישן יחזקאל מיט ישעי׳, אז יחזקאל איז בדוגמא צו א בן כפר שראה את המלך, און ישעי׳ איז בדוגמא צו א בן כרך שראה את המלך - וואס בשעת א בן כרך זעט דעם מלך, גייט ער ניט ארויס פון התפעלות, דערפאר וואס ביי אים איז דאס א דבר רגיל.

ביז וואנעט אז ישעי׳ ווערט אנגערופן דער "גדול שבנביאים" (יל"ש ישעי׳ רמז שפה) גלייך נאך משה (ראה לקו"ש ח"ט ע׳ 204 הע׳ 7), און מ׳זאגט אויף אים "משה רבך אמר כו׳", ווי די גמ׳ זאגט אין יבמות (מט, ב) די שקו"ט וואס איז געווען בדבר.

און מ׳זאגט אז דער נאמען פון "ישעי׳" איז ע"ש הישועה והגאולה (נסמן בלקו"ש פינחס תשל"ד הע׳ 17), ווי גערעדט און אויך אפגעדרוקט די שיחות בנוגע לזה.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳זאגט אז ישעי׳ איז געווען "קרוב לארץ", מיינט מען ניט דעם ענין פון "ארץ" כפשוטו, נאר ס׳רעדט זיך וועגן די "ארץ" פון ישעי׳ הנביא, וואס מקומו איז געווען אין עולם הבריאה (סידור עם, א. ביאוה"ז לאדמוהא"מ לט, סע"ד. ועוד), וואס אויף דערויף זאגט מען אז ער איז געווען "קרוב לארץ" - צו עולם הבריאה, און "רחוק מן השמים" - פון עולם האצילות.

און דערנאך קומט מען צו אנשים כערכנו, און אין זמן הגלות, און מ׳זאגט זיי, אז די "ארץ" צו וועלכע ישעי׳ איז געווען קרוב - איז וויבאלד אז מ׳געפינט זיך אין עשי"ת, דארף מען שטיין אין א מעמד ומצב וואס מ׳איז "רחוק מן הארץ" (פון ישעי׳ - דער ענין פון עולם הבריאה), און מ׳דארף זיין

- "קרוב -

"קרוב לשמים", וואס "שמים" גייט אויף עולם האצילות (וואס דאס איז "שמים" בערך צו עולם הבריאה - "ארץ").

ד.ה. אז א איד וואס געפינט זיך אין עקבתא דמשיחא, און געפינט זיך אין חו"ל, און ניט נאר בגשמיות כפשוטו, נאר אויך בנוגע לעבודתו - אז עבודתו איז (סאקע מיט מס"נ, אבער) אן עבודה וואס איז אין עולם העשי׳,

איז ווען ס׳קומט דער זמן פון עשי"ת, זאגט מען אים אז ער איז שייך ניט נאר צו די עבודה וואס אצילות שטייט ביי אים אין אן אופן פון שמיעה מרחוק,

[וואס אע"פ אז דאס איז סאקע מרחוק, הערט ער דאך אבער, ווארום אויב ניט, איז ניט שייך צו זאגן אויף דערויף "ותשמע" - נאר ער רערהערט דאס ווי מ׳דערהערט א ווייטע זאך, און דאס פועל׳ט אויף אים אין דעם אופן ווי שמיעה פועל׳ט],

נאר ער איז שייך צו די עבודה אז ענייני עולם האצילות זאלן זיין ביי אים אין אן אופן פון מקרוב - "קרוב לשמים".

נג. און דאס זאגט "תורת אמת" און "תורת חיים" - הוראה בחיים.

וואס אע"פ אז מיט זיין "לב האבן" פילט ער דאס ניט - איז דאס וואס ער פילט ניט, בייט דאס ניט די מציאות, וואס די מציאות איז, אז דער "לב בשר" פילט דאס יע, וואס דאס איז דאך ביי יעדער אידן בשלימות, אפי׳ ווען "אני ישנה בגלותא", איז אבער "לבי ער" להקב"ה ולתורה ומצוותי׳ (ראה זח"ג צה, א. שהש"ר פ"ה, ב) - וואס דאס איז שייך זאגן אויפן "לב בשר", און ווען ס׳קומט דער זמן פון עשי"ת, שטייט ער דעמולט אין אן אופן פון "האזינו השמים . . ותשמע הארץ", אז ער איז "קרוב לשמים" און "רחוק מן הארץ".

און דאס וואס ער טענה׳ט אז ער וויל דאס הערן באזניו ממש - איז קיין נפק"מ ניט צי ער הערט דאס צי ניט, ווארום די מציאות ווערט ניט נשתנה (כנ"ל), און דאס הערט פנימיות נשמתו.

וכפס"ד הרמב"ם (הל׳ גירושין ספ"ב) אז יעדער איד וויל מקיים זיין דעם רצון פון דעם אויבערשטן, ס׳איז מערניט וואס "יצרו אנסו", איז דאך פארשטאנדיק אז מצד פנימיות נשמתו הערט ער דאס יע, נאר ס׳איז מערניט וואס אינמיטן שטעלט זיך דער יצר - אבער ער קען ניט משנה זיין (ניט נאר די מציאות פון אלקות, נאר אפי׳ ניט) די מציאות פון א אידן.

וואס דערפאר זאגט מען אז בשעת מ׳איז כופה דעם יצר - ווערט דאס שוין זיין רצון אמיתי, "לרצונכם", ווארום דאס איז זיין אמת׳ע מציאות.

- וואס -

וואס דער ענין פון "כופין אותו" בדברים, האט זיך שוין אויפגעטאן ע"י התפלות ותחנונים, אין דער עבודה פון תחלת אדער סוף חודש אלול - און בעשי"ת הויבט זיך אן דער מעמד ומצב פון "האזינו השמים . . ותשמע הארץ", אז עד איז "קרוב לשמים" און "רחוק מן הארץ".

נד. וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר" - וויל מען דאס פארבינדן גלייך מיט א מעשה בפועל.

וכמדובר כמ"פ (מיוסד אויפן רמב"ן (עה"ת לך יב, ו) און דרשות הר"ן (ד"ב)), אז בשעת מ׳פארבינדט אן ענין מיט א מעשה בגשמיות, איז דאס נאכמער מזרז אז די זאך זאל מקויים ווערן און האבן א קיום ביז בגשמיות כפשוטו, וויבאלד אז מ׳האט שוין געמאכט עפעס א התחלה בגשמיות כפשוטו.

און ווי דער אלטער רבי זאגט אין לקו"ת פ׳ ויקרא בתחלתו (ב, ב ואילך), אז בשעת ס׳איז דא א אתעדל"ע (דאס וואס "בכל יום ויום בת קול יוצאת כו׳" (אבות פ"ו מ"ב)), און א איד מאכט די אתעדל"ת אויף צו איינהאלטן דאס, דעמולט איז "יולדת זכר", אז דאס ווערט אן ענין של קיימא.

עאכו"כ בנוגע צו עשי"ת, וואס דעמולט איז דאך דער קידוב המאור אל הניצוץ, ביז ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז נאך מוסיף בזה אז דעמולט איז <u>התגלות</u> המאור אל הניצוץ - דארף מען האבן א פעולה בגשמיות כפשוטו,

וואס די פעולה (אפי׳ אין איין פרט) פועל׳ט אז די התעוררות זאל זיין אן ענין של קיימא אין די עשרה ימים, און דערנאך אין כל ימות השנה, "עד אחרית שנה", וואס דאס ווערט די הכנה צו די שנה הבאה לאח"ז, אז דעמולט זאל זיין דער "מעלין בקודש", און ס׳זאל נמשך ווערן אן "אור עליון" וואס איז נאך קיינמאל ניט געווען, כמבואר אין אגה"ק (סי"ד).

נה. וואס דערפאר איז כדגיל בכמה התוועדויות, ועאכו"כ בנוגע צו א התוועדות אין עשי"ת (וואס דעמולט איז דא דער הכלית השלימות: דער ענין פון ציבור, און בבתי כנסיות ובתי מדדשות, און בעשרה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ (כנ"ל ס"א)) - וועט מען בעטן די טאנקיסטן זיי זאלן ארויפגיין און געבן יעדערן צוויי שטרות של כסף (ממון).

און וויבאלד אז היינטיקן יאר האט זיך אנגעהויבן ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות - זאל מען געבן איין שטר אויף ענינים פון בין אדם למקום, טוב לשמים - געבן דאס אויף צדקה, און דער צווייטער שטר זאל זיין אויף טוב לבריות, טאן דערמיט כטוב בעיניו.

און דאס זאל נאכמער פארגרעסערן דעם "לך ה׳ הצדקה"

- (דניאל -

(דניאל ט, ז), און ס׳זאל נאכמער פארבינדן דעם מאור מיטן ניצוץ, ביז וואנעט אז ס׳וועט זיין דער ענין פון "ישראל וקוב"ה כולא חד" (זח"ג עג, א), צוזאמען מיט אורייתא און דורך אורייתא, אין אן אופן פון "תלת קשרין" - ישראל באורייתא, ואורייתא בקוב"ה, וקוב"ה בישראל כמדובר כמ"פ (לקו"ש מסעי תשל"ו סי"א).

און מ׳זאל אוועקגיין מיטן "חוט המשולש" פון די ג׳ קשרים, און די דריי ענינים פון "להרבות בצדקה ובמעשים טובים . . ובמצוות", און די דריי עמודים פון תורה עבודה וגמ"ח, ובפרט די ג׳ מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט נשי ובנות ישראל, וואס דער ר"ת שלהם איז "חנה", וואס זיי זיינען די יסודות אויף וועלכע ס׳ווערט געבויט כל עם ישראל, און אויך בנוגע צו אלע עשרה מבצעים.

און דאס זאל אראפברענגען בקרוב ממש דעם "כי ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך", בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס ער וועט אונז ברענגען קוממיות לארצנו - אין ארץ שבעה אומות, און גלייך נאך דערויף וועט זיין דער "כי ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך", אז מ׳וועט האבן אויך קיני קניזי וקדמוני, למטה מעשרה טפחים ובפשטות, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

נו. מ׳האט דאך גערעדט פריער וועגן דעם ענין הצדקה - אז דאס זאל זיין די התחלה אויף צו אויפהויבן די אלע ענינים,

און ווי מ׳ברענגט אויף דערויף (תו"א ד, א) די דוגמא אז בשעת מ׳וויל אויפהויבן א גאנצן בנין, הויבט מען אן פון דעם תחתית הבנין דוקא, און דורך דערויף הויבט מען אויף דעם גאנצן בנין, כידוע דער משל אויף "ושקל בפלס הרים" (ישעי׳ מ, יב).

וכמבואר בכ"מ (תו"א שם) אז דורך דערויף וואס ביי אדה"ר איז געווען דער "ויפח באפיו נשמת חיים" (בראשית ב, ז) אין א גוף פון דומם, איז געווארן אן עילוי אין אלע דרגות פון דומם צומח חי, ביז אויך מדבר.

ועד"ז איז דאס אויך בנוגע צו דעם ענין הצדקה, כמבואר אין תו"א (בתחלתו) בארוכה דער ענין פון "צדקה תרומם גוי" (משלי יד, לד), וואס דער ענין הצדקה איז פארבונדן מיט דעם ענין הרגל, ווי די גמ׳ (סנהדרין קי, א) זאגט אז "היקום אשר ברגליהם" (עקב יא, ו) גייט אויף דעם ענין הממון, "שמעמידו על רגליו" -

איז בשעת מ׳הויבט אן פון דעם ענין הצדקה, פון דעם עקב שברגל - פועל׳ט דאס און עס הויבט אויף די אלע מבצעים און אלע ענינים.

- נז. -

נז. וואס דאס איז אויך כולל דעם מבצע פון מבטל זיין דעם - אזוי גערופענעם - חוק פון "מיהו יהודי", כמדובר כמ"פ בארוכה אז דאס איז אן ענין שאין לו יסוד ומציאות בשום אופן, ס'איז מערניט ווי אן ענין של אחיזת עינים, כדי אז א איד זאל באווייזן אז ער ווערט ניט נתפעל פאר ענינים של שטות.

וכידוע אז ס'זיינען דא אזוינע וואס זאגן, אז בשעת מ'זאגט א קליינעם ליגן, קען מען זיך דינגען צי מ'וועט גלויבן צי ניט; אבער בשעת מ'זאגט א גרויסן ליגן, טראכט דאך יעדערער אז וויבאלד דאס איז, לכאו', א גרויסן ליגן, און אעפ"כ זאגט דאס איימיצער, איז דאך א סימן אז דאס האט עפעס א מציאות, ווארום קיינעם וועט דאך ניט איינפאלן זאגן אן ענין וואס אין לו כל מציאות!

וואס אלע ענינים של שטותים וועלכע נעמען זיך פון דעם יצה"ר, דערפאר וואס "נכנס בו רוח שטות" (סוטה ג, א), קומען זיי ניט צו דעם שטות - ווארום דאס איז אן ענין וואס איז היפך שכל הישר, און אפי' היפך פון דעם שכל פון א גוי (להבדיל) - מ'רעדט שוין ניט וועגן צדק און יושר,

וואס אפי' א גוי א פשוט שבפשוטים, איז בשעה מ'וועט אים זאגן וואס גיור איז, וועט ער גלייך זאגן אין אותיות פשוטים אז דאס מוז זיין כהלכה, און אויב ניט, איז דאס ניט קיין ענין של גיור - און אעפ"כ איז שוין יארן נאכאנאנד וואס מ'טומל'ט וועגן דעם.

וכאמור לעיל - דער ווארט וואס שטאמט פון דעם צורר היהודים היטלער ימ"ש וזכרו - אז מ'דארף זאגן דוקא א גרויסן ליגן, ווארום דעמולט האט מען א סיכוי אז דאס וועט נתקבל ווערן - האט מען אפגעטאן דעם גרעסטן אומגליק רח"ל היל"ה, אויף אריינווארפן אין וועלט א געדאנק אז ס'קען זיין א גיור היפך ההלכה.

וואס דאס איז דאך א הושך כפול ומכופל - ס'איז אן ענין וואס איז נאכמער פון היפך השכל הכי פשוט, און אן ענין וואס אין לו כל הסברה וכל הוכן - און אעפ"כ, זאגן דאס אזוינע מענטשן וואס אין אנדערע זאכן רעדן זיי צו דער זאך, במילא מיינט מען אז דאס איז א סימן אז ס'איז אן ענין אין וועלכן מ'דארף זיך דינגען.

דארף מען וויסן זיין אז ס'איז מערניט וואס ס'איז צוגעקומען נאך א נסיון אז מ'זאל ניט נתפעל ווערן פון "מה יאמרו" וכו', נאר מ'דארף זאגן מיט א פשיטות הכי גמורה, אז ס'איז ניטא וועגן וואס צו דינגען זיך, ווארום ס'איז אן ענין שאינו במציאות, ס'איז מערניט וואס "נכנס בו רוח שטות" כפשוטו,

- ווארום -

ווארום דאס איז א זאך וואס גויים ווילן ניט, און אידן ווילן דאס ניט - נאר ס'זיינען דא אזוינע וואס האבן זיך איינגע'עקש'נט אז זיי דארפן באווייזן אז זיי וועלן דורכפירן א זאך וואס איז די גרעסטע אומזין וואס קען זיין, און ניט נאר מצד פרומקייט, נאר מצד שכל הפשוט, און אעפ"כ, וויל ער זיך איינשפארן און וויל דורכפירן אז כן יקום, מאכן פון דעם גרעסטן אומזין א חוק ולא יעבור רח"ל!

וכאמור אז דאס איז אזא חושך כפול ומכופל, אז ס'איז שוין יארן נאכאנאנד וואס זיי אליין ווייסן אז דאס איז דער גרעסטער אומזין, און אעפ"כ שטייט מען בעקשנות - אויף צו חרוב מאכן אידן רח"ל, און חרוב מאכן גויים רח"ל, חרוב מאכן די חסידי או"ה, און חרוב מאכן את כל המציאות - אבי אז זיי זאלן קענען זאגן אז זיי האבן אויסגעפירט - דאס איז די איינציקע "תועלת" וואס איז דא אין דערויף (אויב מ'קען דאס אנרופן בשם "תועלת").

נח. וכמדובר כמ"פ, אז וויבאלד מ'האלט זיך דאך אין "תורת אמת", וואס זי איז "תורת חיים" - א הוראה בחיים, איז א זיכערע זאך אז מ'וועט מנצח זיין,

נאר ס'איז א שאד וואס מ'דארף רעדן אן איבעריקן רגע, א איבעריקע "שעתא חדא ורגע חדא" - אויף די ענינים, וואס מ'קען נוצן די צייט אויף ענינים של בנין, ביז צו בנין כפשוטו אין ענינים גשמיים, און מ'נוצט דאס אויף צו רעדן וועגן ענינים פון הירוס וחורבן רח"ל, און ענינים וואס זיינען ניט פארבונדן מיט א אידישע נשמה,

און ס'איז אפי' ניט פארבונדן מיט א גוי - כל זמן אז מ'גיט אים ניט קיין שוחד ער זאל מסכים זיין אז מ'זאל אים פארשרייבן אלס א יהודי, ווען ער אליין שרייט אז ער האט ביי זיך די געטשקע און דאס היינגט אין ווינקל, און ער האט דאס אין אה"ק, און שעמט זיך ניט באווייזן דאס.

און דער וואס זעט דאס ביי אים, שעמט זיך ניט צו זאגן אז ער האט אים פארשריבן אלס א יהודי, וויסנדיק אז ביי יענעם היינגט די געטשקע,

און ער האט הינטער זיך פלוני בן פלוני און פלונית בת פלוני, וואס זיי ווילן איינרעדן זיך אז דאס איז אן ענין פון צדק - אע"פ וואס אלע (און זיי אויך בכללם) ווייסן אז דאס איז אן ענין של הירוס וחורבן, און הידוס וחורבן פון דעם שכל פון א נארמאלן מענטשן.

ויה"ר אז אזוי ווי מ'געפינט זיך אין די טעג וואס דעמולט איז דער קירוב המאור אל הניצוץ - איז בדרכי נועם ובדרכי שלום ובטוב הנראה והנגלה, זאלן זיי זעהן דעם מעמד

- ומצב -

ומצב אין וועלכן זיי האבן זיך ארייגעשלעפט (אויך די וואס מסיבות שונות ומשונות זיינען זיי אין דערויף תומך),

און זיי זאלן דערקענען דעם אמת אז זיי האבן ניט אין דערויף קיין הסברה - מערניט ווי די עקשנות אז ס'זאל זיין "דידי' נצח", במילא קען חרוב ווערן די גאנצע מציאות, אבי ער זאל אויספירן ס'זאל זיין ווי ער האט זיך ארויסגעכאפט מיט א ווארט, ניט באטראכטער-הייד.

און מ'זאל יוצא זיין מיט די צייט און געזונט וואס מ'האט אויף דערויף געפאטערט בעבר, ומכאן ולהבא וועלן זיי דאס פארשטיין און זיין צופרידן דערפון, און די שבעים אומות וועלן אויך זיין צופרידן דערפון - ווי זיי שטייען אלס שבעים אומות, און זיי (די או"ה) וועלן מקיים זיין זייערע שבע מצוות ב"נ, מיט אלע סעיפים ופרטים שבזה, און "המבדיל בין ישראל לעמים" - אז אידן וועלן מקיים זיין די תרי"ג מצוות לויט ווי דער אויבערשטער וויל, ובשמחה וטוב לבב, ומתוך מנוחה.

נס. אויף צו אנהויבן מיט אן ענין של צדקה, ווי געדעט פריער (סנ"ד) כדי צו מקשר זיין מיט א פעולה גשמית אויך דעם ענין - איז ווי ס'איז רגיל אין דער התוועדות פון וא"ו תשרי, וועט מען מאכן א מגבית וואס איז פארבונדן מיטן נאמען, און דערפון זאל מען ארויסהעלפן נשים ובנות (ווי גערעדט אמאל בארוכה),

ובפרט אויף צו ארויסהעלפן זיי אין עסקנותם אין די דריי מבצעים המיוחדים להם: מבצע נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה.

וואס דאס איז נוסף על כללות הענין פון חינוך - וואס מ'זעט דאך בפועל אז וועו דער קינד איז בגיל רך, וואס דעמולט הויבט זיך אן דער ענין החינוך, איז ער "צריך לאמו" (בלשון הגמ' (עירובין פב, א)), איז דאך פארשטאנדיק אז ביי זיי איז שייך נאכמער דער ענין פון חינוך.

ועד"ז אויך בנוגע צו מבצע אהבת ישראל - זעט מען דאך בפשטות אז די ענינים וואס זיינען תלוי אין רגש הלב, זיינען דא ביי נשים מערער ווי ביי אנשים, וואס דערפאר איז "איש דרכו לכבוש ואין אשה דרכה לכבוש" (ווי די גמ' זאגט אין יבמות (סה, ב)).

מסתמא וועט מען פאנאנדערטיילן פתקאות, און די וואס ווילן קענען אנשרייבן שמם ושם אמם כדי להזכירם על הציון - און מ'זאל זיך מתנדב זיין מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה פון יעדער אידן, ובלשון הידוע - כנדבת לבו הטהור.

- ס. -

ס. און דאס זאל מוסיף זיין בברכתו של הקב"ה, וואס מדתו של הקב"ה איז דאך מדה כנגד מדה, נאר כמ"פ ככה - אז דער אויבערשטער וועט געבן יעדערן מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, און בגשמיות וברוחניות גם יחד.

און ווי ס'שטייט אין דעם סידור פון בעש"ט (און די זעלבע גירסא איז דא אין כמה סידורים ישנים) "הגדושה" (מיט א גימ"ל) - אז ס'וועט זיין ניט נאר "די מחסורו אשר יחסר לו", נאר אויך "אתה מחוייב להעשירו" (ראה כתובות סז, ב), וואָרום "לי הכסף ולי הזהב" (חגי ב, ח) ברוחניות, און "לי הכסף ולי הזהב" בגשמיות.

און דאס וועט אראפקומען למטה מעשרה טפחים ובעגלא דידן - אז יעדערער און אלע צוזאמען און גאנץ כלל ישראל, וועלן האבן די חתימה וגמר חתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, אין בני חיי ומזוני, ובכולם אין אן אופן פון רויחי,

און אין אן אופן פון "זמן שמחתנו" - די שמחה כפולה פון "ישמח ישראל בעושיו" און "ישמח ה' במעשיו" (לקו"ת שמע"צ פד, א),

ביז צו די שמחה פון "שמחת תורה" - תורתו של משיח, שיבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, וילמד תורה את כל העם כולו, ובמהרה בימינו ממש.

צוה לנגן האפ קאזאק. לכתחילה אריבער. הושיעה את עמך. ופרצת. ניעט ניעט ניקאווא.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

## בס״ד. לשון הברכה שאמר כ״ק אדמו״ר שליט״א ערב יו״כ אחר תפלת המנחה, ה׳תשל״ח

דער אויבערשטער זאָל בענטשן און מצליח זיין[1] כל אחד ואחת בתוככי כלל ישראל מיט אַ חתימה און גמר חתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים בכל המצטרך להם בגשמיות וברוחניות, און בגשמיות וברוחניות גם יחד.

און אַזוי ווי דער יאָר האָט זיך אָנגעהויבן ביום שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות — זאָל דאָס נאָך מער מוסיף זיין (און מדגיש זיין[2]) סיי בגשמיות סיי ברוחניות, און ווי זיי גייען גם יחד.

וואָס דאָס איז אויך כולל אַ עזר מלמעלה, און אַ אתערותא דלתתא כמה פעמים ככה, און נאָך דערויף אַ אתערותא דלעילא כמה פעמים ככה, אין תשובה אמיתית, תשובה עילאה, וואָס דאָס איז דאָך תשובה מתוך שמחה וטוב לבב, און קומען (ווי ער איז מבאר אין תניא) בלימוד התורה און בעבודת התפלה און בכל עניני דיבור און בענינים של מעשה בפועל, ובפרט ענין הגמ״ח וצדקה.

אַזוי ווי ס׳איז אַ שלמות (שנת) העיבור[3] — זאָל נשלם ווערן דער מנין ללבנה צוזאַמען מיט מנין לשמש[4] הוי׳, אַז זיי זאָלן זיין אין אַן אופן וואָס מתאימים יחד, וואָס דאָס וועט ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה, מיד הן נגאלין, ובשמחה ובטוב לבב,

און אויך אין די לעצטע טעג פון גלות זאָל שוין זיין אין אַן אופן פון „ואולך אתכם קוממיות״, אַז מתוך שלום ומנוחה אמיתית, מנוחת הנפש ומנוחת הגוף גם יחד, זאָל זיין שלימות התורה שלימות העם און שלימות הארץ[5], ארץ ישראל לגבולותי׳,

און עס זאָל זיין דער קיבוץ נדחי ישראל ע״י משיח צדקנו, בהקדם און דורך דעם וואָס יעדער איד וועט מקבץ זיין זיינע ניצוצות מכל מקום שהם, מתוך שמחה וטוב לבב ומתוך הרחבה,

ובנערינו ובזקנינו ובבנינו ובבנותינו, און כספם וזהבם אתם, וועט זיין דער קהל גדול ישובו הנה כפשוטה, בגאולה האמתית והשלימה, ובמהרה בימינו ממש.

---

1) ראה אוה״ת בראשית רעח, א־ב.

2) איך שכל אחד כלול מהשני.

3) דנשלם המחזור (קטן) דאז „ישלמו שני החמה עם שני הלבנה״ (רמב״ם הל׳ קדה״ח רפ״ו).

4) ראה רמב״ם הל׳ קדה״ח בתחלתו.

5) ראה לקו״ת תבוא ד״ה זה היום.

## בס"ד. לשון ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להתלמידים שיחיו ערב יוהכ"פ לפני כל נדרי, ה'תשל"ח

דער אויבערשטער זאל בענטשן און מצליח זיין יעדערן פון אייך בתוככי כלל ישראל,

נוסף אויף די ברכה האמורה (אחרי תפלת מנחה), וואס יעדערער פון אייך איז אין דערויף נכלל,

עס זאל זיין —

וידבר גו' דבר גו' יברכך גו' יאר גו' ישא גו' ושמו גו' ואני אברכם,

עס זאל אראפקומען ביי יעדערן פון אייך, און ביי אלעמען צוזאמען, ובכל מקום וואו זיי געפינען זיך — תלמידים, און אידן עוסקים בתורה —

הצלחה רבה ומופלגה אין לימוד התורה, סיי נגלה און סיי חסידות, און דער לימוד זאל זיין מביא לידי מעשה — קיום המצוות, און קיום המצוות בהידור, ובהידור אמיתי,

וכ"ז בהקדמת עבודת התפלה.

און אזוי ווי ס'איז דאך א שנת העיבור, און א שנת העיבור בשלימותה (כאמור לעיל), און אזוי ווי אין תורה גופא איז דאך אויך דא „שמש ולבנה" — תושב"כ ותושבע"פ —

זאל ביי יעדערן פון אייך, און ביי אלע לומדי תורה, זיין די השלמה מלאה פון דעם „מונין ללבנה" מיטן „מונין לחמה",

און דאס זאל נאך מוסיף זיין בכל הענינים האמורים אין דער ברכה פון פריער, און די ברכה פון איצטער.

ס'זאל זיין א שנת תורה, סיי נגלה און סיי חסידות,

און דאס זאל זיין אין אן אופן המאיר בגלוי — א שנת אורה,

ובכל אלו זאל זיין א שנת ברכה והמשכה ביז למטה מטה, אויף לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

איר זאלט זיין חסידים יראי שמים ולומדים, און נרות להאיר, און טאן די אלע ענינים באופן דמוסיף והולך ואור, ובשמחה ובטוב לבב.

און יעדער איד, און אלע אידן, און איר בכלל — זאלן בקרוב זוכה זיין ללמוד תורתו של משיח,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, וילמד תורה את כל העם כולו —

ובפרט ווי די לוחות האחרונות שניתנו ביוהכ"פ, ביום הקדוש — באופן דכפליים לתושי'.

בס"ד. שיחת ש"פ האזינו, י"ב תשרי ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. בנוגע צו די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, וואס דער שבת איז דאך איינער פון די ד' ימים - איז דאך דא דער סיפור הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (סה"מ תש"ט ע' 42), אז זיין פאטער, דער רבי נ"ע, האט אים געזאגט אז ענינם פון די ד' ימים (וואס זיי זיינען כנגד די ד' אותיות פון שם הוי' (סה"מ תשי"א ע' 42)) איז, אז איצטער דארף מען ערשט תשובה טאן.

וואס "איצטער" מיינט נאך יוהכ"פ, ד.ה. אע"פ אז מ'שטייט שוין נאך יוהכ"פ, וואס דעמולט איז געווען דער ענין פון "סלחתי כדברך" (שלח יד, כ), און ווי רש"י (תשא לג, יא) טייטשט אפ אז דאס איז געווען אין אן אופן פון "בשמחה ובלב שלם", וואס דאס איז דאך תכלית השלימות אין דעם ענין התשובה - אעפ"כ, ווען מ'קומט צו די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, זאגט מען אז איצטער דארף מען ערשט תשובה טאן.

ב. ד.ה. אז אע"פ וואס מ'האלט שוין נאך עבודת התשובה פון יוהכ"פ -

וואס בנוגע לכללות ענין התשובה זאגט מען דאך אז "במקום שבעלי תשובה עומדים אפי' צדיקים גמורים אין יכולין לעמוד שם" (דמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד. ברכות לד, ב), וכמבואר אין תניא (פ"ז) אז דאס איז געזאגט געווארן אויף א "תשובה שלימה" (וואס אין דערויף זיינען דא כמה דרגות, און דאס איז געזאגט געווארן אפי' אויף די דרגא הנמוכה פון די תשובה);

דערנאך קומט נאך צו די מעלה מיוחדת וואס איז דא אין די תשובה פון יוהכ"פ, ווי דער דמב"ם (הל' תשובה פ"ב ה"ו-ז) זאגט "אע"פ שהתשובה והצעקה יפה לעולם, בעשדה הימים שבין ד"ה ליוהכ"פ יפה היא ביותר ומתקבלת היא מיד", ד.ה. אז ס'איז דא דער ענין התשובה ווי דאס איז במשך כל השנה, און ס'איז דא א העכערע דרגא אין תשובה - ווי דאס איז אין עשי"ת,

און דערנאך איז ער ממשיך אז ס'איז דא נאך א העכערע דרגא אין דעם ענין התשובה, וואס דאס איז די תשובה פון יוהכ"פ, ווי ער זאגט דארטן אז "יום הכפורים הוא זמן תשובה לכל . . והוא קץ מחילה וסליחה לישראל" (מיט אלע פרטים וואס ער דערמאנט אויס דארטן).

און אין די תשובה פון יוהכ"פ גופא זיינען אויך דא כמה דרגות - וואס דאס איז דאך וואס מ'זאגט אז יוהכ"פ איז א יום שנתחייב בחמש תפלות, וואס דער אויפטו פון יוהכ"פ

- איז -

איז אז דעמולט איז דא דער ענין פון תפלת נעילה,

וואס שלימות ענין התפלה איז דאך ג' תפלות, כנגד די ג' אבות, וואס "תפלות אבות תקנום" (ברכות כו, ב), וואס דאס איז דאך דא בכל יום; דערנאך קומט צו בשבת ויו"ט תפלת מוסף, וואס דאס איז די תפלה רביעית; און דער אויפטו פון יוהכ"פ, "אחת בשנה", איז, אז דעמולט קומט צו די תפלה חמישית, תפלת נעילה.

וואס דער ענין התפלה איז דאך מלשון "תופל" (תו"א עט, ד), דער ענין פון התחברות, אז ער איז זיך מתחבר מיט דעם צו וועמען ער איז מתפלל, ביז אין אן אופן פון "אליו ולא למדותיו" (פרדס של"ב פ"ב בשם הספרי) - און אין דערויף איז דא דער תכלית השלימות אין ענין התפלה, וואס דאס איז ביוהכ"פ, יום שנתחייב בחמש תפלות, וואס דאס איז דער ענין פון תפלת נעילה.

איז דאך לכאו' ניט פארשטאנדיק:

נאך דערויף וואס מ'האט שוין דעם ענין התשובה, ביז אין אן אופן פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה" (קהלת יב, ז), וואס דאס איז די תשובה פון יוהכ"פ, און מ'האלט שוין נאך תפלת נעילה, וואס דעמולט זאגט מען "שמע ישראל גו'" פעם אחת, און "ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" ג"פ, און "ה' הוא האלקים" ז"פ, כמבואר בכ"מ (ראה לקו"ת שבת שובה סה, ג ואילך. שמע"צ פה, ב) גודל העלי' שבזה, צוזאמען מיט די המשכה וואס ווערט אויפגעטאן עי"ז -

איז ווי קומט דאס אז גלייך לאחרי תפלת נעילה (אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות) זאגט מען אז איצטער דארף מען ערשט תשובה טאן?!

ג. והביאור בזה:

ס'איז דא די רשימה פון דעם רבי'ן מהר"ש - דער בעל ההילולא פון י"ג תשרי, וואס היינט איז דאך ערב י"ג תשרי - פון פ' האזינו תרמ"א, אויף כנשר יעיר קנו (ווי ס'איז געדרוקט בהמשך צו די מאמרים פון שנת תר"מ (יונתי תר"ם ע' מד-ה)),

וואס דארטן איז ער מבאר (בקיצור, ווי ס'פאסט פאר א רשימה), אז שורש הכלים איז פון דעם רשימו, און ער פארבינדט דאס מיט דעם ענין פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה", אז "האלקים אשר נתנה" (דער שרש פון נשמות ישראל) איז בחי' טה"ע, וואס דאס איז דער ענין פון רשימו.

און ער איז דארטן מבאר (בקיצור, אין אן אופן של רשימה), אז אין דעם ענין הרשימו זיינען דא צוויי פירושים:

- א) דאס -

א) דאס איז מערניט ווי א רושם פון דעם וואס איז געוועזן פריער (אע"פ אז דאס איז טאקע א רושם פון דעם אוא"ס שהי' ממלא מקום החלל, איז דאס אבער מערניט ווי א רושם), ב) דאס איז א רושם פון אלץ, וואס וויבאלד אז דאס איז א רושם פון אלץ, כולל אויך פון דעם אוא"ס, וואס ער איז דער א"ס האמיתי, איז ער אויך אין אן אופן פון א"ס, און אין אים איז ניט שייך צו מחלק זיין צווישן חיוהי און גרמוהי, און ס'איז ניט שייך קיין חילוקי שמות וכו'.

און וויבאלד אז ער איז מבאר אז דער ענין פון "והדוח תשוב אל האלקים אשר נתנה", דער ענין התשובה, איז פארבונדן מיט דעם ענין הרשימו (בחי' טה"ע) - איז ע"ד ווי מ'זאגט אז וויבאלד דער רשימו איז א רושם פון דעם אוא"ס שהי' ממלא מקום החלל, איז ער אויך אין אן אופן פון א"ס, איז עד"ז פאדשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין התשובה ("והרוח תשוב גו'", דער ענין הדשימו), אז דאס איז אויך אין אן אופן פון א"ס, בלי גבול.

וואס דעדפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' נאך דערויף וואס מ'האלט שוין ביי דרגת התשובה פון יוהכ"פ, און לאחר תפלת נעילה וכו', אעפ"כ זאגט מען אז איצטעד דארף מען ערשט תשובה טאן, ווארום וויבאלד אז אין דעם ענין פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה" זיינען דא ריבוי דרגות עד א"ס, איז דאך פארשטאנדיק, אז אין וועלכע דרגא ער זאל נאר האלטן, קען ער אלעמאל ווערן נאך העכער, עד א"ס.

ד. דער ענין פון התחלקות און ריבוי דרגות (ע"ד האמור לעיל בנוגע לענין התשובה) איז שייך נאר בנוגע צו דעם ענין פון ברכת המצוות און כוונת המצוות, משא"כ אבער אין דעם ענין המעשה, וואס "המעשה הוא העיקר" - אין דערויף זיינען ניטא קיינע חילוקים, נאר אלע זיינען בהשוואה.

און ווי מ'זעט בפשטות, אז אין קיום המצווה בפועל, איז ניטא קיין חילוק צווישן דעם פשוט שבפשוטים מיטן נעלה שבנעלים ומשובח שבמשובחים - ביידע לייגן די זעלבע תפילין, מיט די זעלבע ד' פרשיות וכו', און די זעלבע רצועות, און די זעלבע הנחת התפילין - על היד כנגד הלב ועל הראש במקום שמוחו של תינוק רופס (שו"ע אדה"ז או"ח סכ"ז סי"ד); דער חילוק צווישן זיי איז נאר בנוגע צו ברכת המצוות, עאכו"כ בנוגע צו כוונת המצוות, אבער ניט בנוגע למעשה המצוות בפועל.

וואס דער עיקר איז דאך דער ענין המעשה בפועל, וכמבואר אין תניא (פל"ז), אז אויב ער וועט מכוון זיין אלע כוונות, ביז צו "אליו ולא למדותיו", ער וועט אבער ח"ו ניט מקיים זיין די מצוה במעשה בפועל - איז דאס ניט דער רצון ה', נאר דער עיקר איז מעשה המצוות בפועל, און אין דערויף

- זיינען -

זיינען אלע בהשוואה, ווי געבראכט פריער די דוגמא אז דער פשוט שבפשוטים מיטן גדול שבגדולים לייגן די זעלבע פאר תפילין.

און וויבאלד מ'זאגט אז "הוקשה כל התורה כולה לתפילין" (קידושין לה, א), איז דערפון פארשטאנדיק אויך בנוגע לשאר המצוות, ביז וואנעט אויך בנוגע צו לימוד התורה, אז אין דעריף זיינען אויך ניטא קיינע חילוקים.

ה. וואס אע"פ אז אין לימוד התורה זיינען לכאו' דא חילוקים צווישן ראשיכם שבטיכם וזקניכם מיטן חוטב עציך ושואב מימיך - וואס אלע אידן זיינען טאקע מחוייב אין לימוד התורה, כמבואר אין הל' ת"ת, אבער אין דעריף זיינען דא חילוקים צווישן איינעם מיטן צווייטן,

ובמכ"ש וק"ו מהאמור לעיל אז אין כוונת המצוות זיינען דא חילוקים, און ס'איז ניט ביי אלעמען בשוה -

ווארום דער ענין פון כוונת המצוות, איז דאך תלוי אין דעם רגש שבלב, וואס מצד דעם ענין פון "רחמנא לבא בעי" (סנהדרין קו, ב), קען זיין דער רגש הלב פון אן איש פשוט פונקט אזוי ווי ביי א גדול שבישראל;

משא"כ אבער בנוגע צו דעם ענין פון הבנה והשגה, וואס דאס איז דאך תלוי אין דעם ענין היגיעה, ווארום "לא יגעתי ומצאתי אל תאמין" (מגילה ו, ב), וואס דער ענין היגיעה איז דאך, כמבואר בכ"מ (ראה ד"ה ואברהם זקן הרס"ו) אז מ'איז מעורר און מ'רופט ארויס די כחות הנעלמים שבנפש,

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז אויב מ'האט אים ניט געגעבן קיין כחות נעלים (מאיזה סיבה שהיי'), וועט ניט העלפן זיין רצון און זיין החלטה וכו' צו דעם ענין פון הבנה והשגה, וויבאלד אז מ'האט אים ניט געגעבן קיין כחות אויף דעריף,

[וע"ד המבואר אין תניא (פי"ד) אז ניט יעדערער קען ווערן א צדיק, ווארום ניט יעדערן גיט מען די כחות אויף דעריף, ס'קען נאר זיין אז "כולי האי ואולי" וועט ער זוכה זיין "לבחי' רוח משרש איזה צדיק <u>שתתעבר</u> בו" (מערניט ווי בבחי' עיבור)],

און וויבאלד אז "אין דיעותיהם שוות" (ברכות נח, א. סנהדרין לח, א), איז פארשטאנדיק אז ס'זיינען דא חילוקים בנוגע צו דעם ענין פון הבנה והשגה, ווארום זיין הבנה והשגה קען נאר זיין לויט די כחות וואס מ'האט אים געגעבן.

וכאמור, אז בנוגע צו דעם ענין פון כוונת המצוות, וואס דאס איז תלוי אין דעם רגש שבלב - קען אמאל זיין אז

- ביי -

ביי דעם פשוט שבפשוטים זאל זיין דער רגש הלב טיף און ברייט און ליינג אזוי ווי ביים "מבחר מין האנושי" (ראה פיהמ"ש פ׳ חלק יסוד ה"ז),

עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך אין דעם זמן פון עשי"ת, וואס דעמולט איז מאיר בגלוי דער ענין פון "בקשו פני", וואס דאס איז דער ענין פון פנימיות הלב - איז דאך פארשטאנדיק אז אין פנימיות הלב זיינען ניטא קיין חילוקים צווישן איין איד מיטן צווייטן.

ובפרט ע"פ המבואר אין תניא פרק לב אז "אב אחד לכולנה" - וואס ווי זיי שטייען אין דעם "אב אחד", איז דאך ניט שייך קיין התחלקות, עאכו"כ ווי זיי שטייען אין דער דרגא וואס איז נאך העכער פון "אב", וואס דאס איז דער ענין פון רצון וכו׳, און נאך העכער דערפון - איז זיכער אז דארטן איז ניט שייך קיין ענין של התחלקות (ראה שיחת ש"פ נצבים תשל"ז ס"ב).

וואס דאס איז אלץ בנוגע צו דעם ענין פון רגש שבלב, משא"כ אבער בנוגע צו דעם ענין פון הבנה והשגה - איז פארשטאנדיק בפשטות, אז ביי דעם פשוט שבפשוטים, וואס מ׳האט אים ניט געגעבן קיין כחות נעלים ביותר, קען ביי אים ניט זיין דער ענין פון הבנה והשגה אזוי ווי ביים גדול שבגדולים, וואס ער האט באקומען כחות נעלים ביותר.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז מה-דאך אז אין דעם ענין פון רגש שבלב (כוונת המצוות) זיינען דא חילוקים, אע"פ אז ס׳קען זיין אז ביים איש פשוט זאל זיין דער רגש הלב אזוי ווי ביים גדול שבישראל; איז דאך עאכו"כ אז אין דעם ענין פון הבנה והשגה זיינען דא חילוקים, וויבאלד אז ס׳קען ניט זיין אז דער איש פשוט זאל האבן די זעלבע הבנה והשגה אזוי ווי דער גדול שבישראל, ווארום מ׳האט אים ניט געגעבן די כחות אויף דערויף.

ו. וואס דאס איז אלץ בנוגע צו דעם ענין פון כוונת המצוות, און דער ענין פון הבנה והשגה - אבער בנוגע לענינגו, דער ענין המעשה, וואס "המעשה הוא העיקר" - איז אין דערויף ניטא קיינע חילוקים, נאר ס׳איז ביי אלעמען בשוה.

וכמובן בפשטות, אז בנוגע צו דעם ענין פון הבנה והשגה דארף מען האבן אויף דערויף "דעתא צילותא", און בשעת ס׳איז ניטא די "דעתא צילותא" איז דאס מבלבל כו׳, ועד"ז בנוגע לכוונת הלב, קען דאך זיין דער ענין פון דאגות וטרדות מצד דעם ענין פון "מרובים צרכי עמך ודעתם קצרה" (ווי דער אלטער רבי איז מבאר דעם ענין אין תו"א (כו, רע"ג. וראה ד"ה מים רבים תרל"ו בתחלתו));

- משא"כ -

משא"כ אבער בנוגע צו דעם ענין המעשה - איז אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען, קען ביי אים אלעמאל זיין דער ענין פון מעשה המצוות, ווארום דער כח המעשה איז דאך דא ביי אלעמען בשוה.

ביז וואנעט אז כח המעשה איז דא אפי' ביי א בהמה, ניט נאר ביי די בהמה שבאדם, נאר אפי' ביי א בהמה כפשוטה (ביז וואנעט אז ס'זיינען דא ענינים בהלכה וואס זיינען פארבונדן מיטן כח המעשה פון א בהמה - ועאכו"כ בנוגע צו "אדם אתם" (יבמות סא, א), ע"ש אדמה לעליון (של"ה חלק תושב"כ סוף הדרוש צאן יוסף. ובכ"מ), אז ס'איז זיכער דא ביי יעדערן דער כח המעשה, וואס דערפאר זאגט מען אז בנוגע צו מעשה המצוות זיינען אלע בשוה.

ז. און אע"פ אז אין דעם ענין המעשה איז ניטא קיין חילוקים, אעפ"כ, איז אבער פארשטאנדיק, אז בשעת מ'טוט די זעלבע מעשה א צווייטן מאל, איז מצד דעם ציווי פון "מעלין בקודש" (ברכות כח, א), איז דאס באופן נעלה יותר.

ד.ה. אז אע"פ אז ער האט געטאן די זעלבע מעשה מיט א טאג פריער, אדער אפי' מיט א רגע פריער, אעפ"כ, ווען ער טוט די מעשה המצוה דעם צווייטן מאל, איז וויבאלד אז דאס קומט נאך די פריערדיקע מעשה, דארף דאס זיין באופן נעלה יותר, מצד דעם ענין פון "מעלין בקודש".

וע"ד המבואר אין אגה"ק (סי"ד), אז בכל ר"ה ווערט נמשך אן "אור חדש עליון יותר שלא הי' מאיד עדיין מימי עולם אור עליון כזה", אע"פ אז דאס איז לכאו' דער זעלבער ר"ה אזוי ווי דער ר"ה פון שנה שעברה -

איז עד"ז בנוגע צו מעשה המצוות, אז אע"פ אז דאס איז לכאו' די זעלבע מעשה, ער לייגט די זעלבע תפילין וכו' - אעפ"כ, מצד דעם ענין פון "מעלין בקודש", איז דאס באופן נעלה יותר פון דעם מעשה המצוה שלפנ"ז, אע"פ אז פריער האט ער אויך מקיים געווען די מצוה <u>בשלימות</u>.

ועד"ז איז דאס אויך בנוגע צו דעם ענין התשובה, אז אע"פ אז ער האלט שוין ביי דעם ענין התשובה, און זיין תשובה איז געווען בשלימות - זאגט מען אים אבער, אז אין תשובה זיינען דא דיבוי דרגות עד א"ס, ובמילא דארף ביי אים זיין דער ענין התשובה באופן נעלה יותר, אע"פ אז זיין פריערדיקע תשובה איז אויך געווען אין אן אופן פון שלימות.

וואס דאס איז דער ענין פון די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, אז איצטער דארף מען ערשט תשובה טאן - ד.ה. אז אפי' נאך דערויף וואס מ'האלט שוין ביי דרגת התשובה פון יוהכ"פ, ביז צו דעם ענין פון תפלת נעילה, וואס דעמולט איז

- דער -

דער ענין פון "נעילת שערים" (עם כל הפירושים שבזה), זאגט
מען אבער אז איצטער דארף מען ערשט תשובה טאן, ווארום אין
תשובה זיינען דא ריבוי דרגות עד א"ס.

ח. האמור לעיל איז פארבונדן מיט א דבר פלא וואס מ'געפינט
בנוגע צו די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות:

ס'שטייט אין מדרש (ויק"ר פ"ל, ז) אויפן פסוק "ולקחתם
לכם ביום הראשון" (אמור כג, מ) - "ביום הראשון זה ט"ו,
ואתה אומר ביום הראשון . . הקב"ה אומר לישראל מאן דאזיל
אזל, מן הכא ולהלן נחיל חושבנא, ומיום הכפורים עד החג כל
ישראל עסוקין במצוות, זה עוסק בסוכתו וזה בלולבו".

ד.ה. אז ט"ו תשרי ווערט אנגערופן "יום הראשון",
דערפאר וואס דאס איז דער "ראשון לחשבון עוונות" (תנחומא
אמור כט) - ווארום ביוהכ"פ האט דאך דער אויבערשטער מוחל
געווען אויף אלע ענינים, וואס דאס איז דאך דער פי' פון
"יום הכפורים" - מלשון כפרה, און אין די ד' ימים שבין
יוהכ"פ לסוכות איז א איד ניט שייך צו אן ענין של עון,
ווארום "כל ישראל עסוקין במצוות", וואס דערפאר איז דער
"ראשון לחשבון עוונות" בט"ו בתשרי.

ט. וואס דא איז דער דיוק אז "<u>כל</u> ישראל עסוקין במצוות",
ניט נאר יחידי סגולה, נאר אלע אידן זיינען דעמולט ניט
שייך צו אן ענין של עון, און ס'איז ניט דער טייטש אז
דעמולט טוט מען גארניט, ניט קיין ענין של עון, און ניט
קיין ענין של מצוה, נאר מ'זאגט אז "<u>כל</u> ישראל עסוקין במצוות".

וואס דאס איז דאך א דבר פלא וואס מ'געפינט ניט בנוגע
אנדערע טעג פון יאר, און ער זאגט דאס אין מדרש - וואס
כמבואר אין אגה"ק (סכ"ג) איז "רוב סודות התורה גנוזין בה",
און אויך "מדות טובות" - וואס דאס איז דאך דער גרעסטער
לימוד זכות וואס מ'קען געפינען אויף אידן, אז במשך ד'
ימים אלו זיינען "<u>כל</u> ישראל עסוקין במצוות".

און וויבאלד אז "התורה כללות ופרטות ניתנה" (פירש"י
ר"פ בהר), איז דערפון פארשטאנדיק, אז פונקט אזוי ווי
מ'זאגט אז "<u>כל</u> ישראל עסוקין במצוות", אלע דרגות וואס
זיינען דא אין כללות ישראל, פון ראשיכם שבטיכם ביז חוטב
עציך ושואב מימיך, איז עד"ז אויך בפרטיות ביי יעדן אידן,
אז אלע דרגות שבו זיינען עסוקין במצוות, ניט נאר דער
"אתרוג" שבו, אדער דער "לולב" און "הדס" שבו, נאר אפי'
די "ערבה" שבו איז אויך עסוק במצוות.

און מ'איז מדייק אז דער קיום המצוות איז אין אן אופן
פון "<u>עסוקין</u> במצוות", און ווי גערעדט אין די פריערדיקע

- התוועדות -

התוועדות (וא"ו תשרי) דעם ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (סה"מ קונטרסים ח"א רנח, ב ואילך), מיוסד אויף דעם וואס דער ב"ח (טואו"ח סמ"ז) איז מדייק אין דעם נוסח הברכה "לעסוק בדברי תורה" (און ניט ווי ס'פאסט לכאו' פאר אן ענין של שכל - "ללמוד תורה", "לדבר דברי תורה" וכיו"ב) -

אז דער ענין פון אן "עסק" איז, אז ער ליגט אין דערויף אינגאנצן, ביז וואנעט אז אפי' ווען ער שלאפט, חלומ'ט זיך אים וועגן די ענינים פון דעם עסק, עאכו"כ ווען ער איז ער, און ער טוט אנדערע ענינים, איז שטענדיק "דעתו" אויף דעם עסק, און ער טראכט די גאנצע צייט ווי אזוי קען ער פארבעסערן דעם עסק וכו'.

און דאס איז וואס מ'זאגט אז אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, זיינען "כל ישראל עסוקין במצוות" - אז דער קיום המצוות איז אין אן אופן של "עסק".

י. וואס בפשטות גייט דער "עסוקין במצוות" אויף דעם ענין פון סוכה און ד' מינים, וואס אע"פ אז די מצוה קען מען מקיים זיין ערשט בט"ו בחודש - טוט מען אבער דעמולט אין די הכנה והכשר צו די מצוה.

און נאכמער: בנוגע צו דעם ענין פון סוכה שטייט דאך "חג הסוכות תעשה לך" (ראה טז, יג), ד.ה. אז עשיית הסוכה איז אויך א מצוה (העמק שאלה לשאילתות סקס"ט), ביז וואנעט אז דער אלטער רבי (שו"ע או"ח דסתרמ"א) ברענגט הסברות פארוואס מ'מאכט ניט קיין ברכת שהחיינו אויף עשיית הסוכה, און ער זאגט אז דאס איז (ניט דערפאר וואס דאס איז ניט קיין מצוה ח"ו, נאר) דערפאר וואס דאס איז תחלת און אמצע המצוה, און גמר המצוה איז די ישיבה בסוכה - אבער עשיית הסוכה איז אויך א (חלק פון דער) מצוה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די ד' מינים, אז וויבאלד ס'דארף זיין "ולקחתם לכם - משלכם" (סוכה כט, ב), איז כדי אז די ד' מינים זאלן זיין "שלכם", דארף מען דאס צוגרייטן פאר יו"ט - און אויף דערויף זאגט מען אז אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, איז "כל ישראל עסוקין במצוות".

יא. די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

ווען ס'קומען די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, ווערט דער ענין פון "והימים האלו נזכרים ונעשים" (לב דוד פכ"ט) - אז דעמולט גיט מען א אידן די נתינת כח ער זאל ניט זיין שייך צו אן ענין של עון (ווארום אין די ד' ימים איז א איד ניט שייך צו קיין ענין של עון, כנ"ל), און ביי אים זאל זיין דער ענין פון "עסוקין במצוות".

- עד -

ער דארף נאר זעהן ניט קאליע מאכן דאס וואס מ'גיט אים מלמעלה - ווארום דעם ענין הבחירה נעמט מען דאך ניט צו ביי אים; מ'זאגט נאר אז אויב ער וועט זיך פירן ע"פ דרך הטבע, וועט ער שטיין אין א מעמד ומצב אז ביי אים וועט ניט זיין שייך קיין ענין של עון.

און דער ענין איז שייך לכל אחד ואחת מישראל, ווארום דא רעדט זיך דאך וועגן דעם ענין פון מעשה המצוות בפועל, "כל ישראל עסוקין במצוות", וואס דער ענין פון קיום המצוות בפועל איז שייך ביי אלע אידן בשוה (כנ"ל ס"ד).

יב. און כדי אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות באופן המתאים, אז ס'זאל זיין "עסוקין במצוות" וכו', דארף ער דאך האבן אויף דערויף א סיוע מלמעלה -

איז איינע פון די עצות לזה - ער זאל זעהן אז ביי א צווייטן אידן זאל זיין דער ענין פון "עסוקין במצוות", וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "כל המבקש רחמים על חבירו כו' הוא נענה תחלה" (ב"ק צב, א).

וואס "המבקש רחמים על חבירו" מיינט, אז אלץ וואס ער קען טאן פאר אים ער זאל האבן דעם ענין פון "עסוקין במצוות", טוט ער דאס אליין, און אויף די ענינים וואס ער קען ניט טאן, אויף דערויף איז ער מתפלל על חבירו.

און דעמולט איז "הוא נענה תחלה" - אז ער האט דעם סיוע ונתינת כח מלמעלה אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון "עסוקין במצוות" כדבעי.

וואס דאס איז די התעוררות בנוגע צו כללות ענין המבצעים, ובמיוחד בנוגע צו דעם ענין שהזמן גרמא - די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט מצות סוכה און ד' מינים, און אויך דער ענין פון "ושמחת בחגך" (ראה טז, יד), וואס דאס איז דאך א מ"ע מדאורייתא אויך בזמן הזה (שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט ס"ו-ז), עאכו"כ בנוגע צו די ד' מינים, וואס אויף זיי שטייט בפירוש "ושמחתם לפני ה' אלקיכם" (אמור כג, מ).

און אויף דערויף זאגט מען, אז בשעת ער וועט זעהן אז א צווייטער איד זאל האבן א סוכה און ד' מינים וכו', און ביי אים זאל זיין דער ענין פון "עסוקין במצוות", דעמולט איז "הוא נענה תחלה", אז ער וועט האבן דעם סיוע מלמעלה אז ביי אים וועט זיין דער ענין פון "עסוקין במצוות" באופן המתאים.

יג. און בקרוב ממש וועט מען קומען צו "ויהי בשלם סכו" (תהלים) -

(תהלים עו, ג), וואס אין דעם פסוק רופט ער אן דעם ביהמ"ק השלישי מיטן נאמען "סכו",

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם וואס ס'שטייט (אמור כג, מג) "כי בסכות הושבתי את בנ"י בהוציאי אותם מארץ מצרים" -

און "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" (מיכה ז, טו), בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

יד. האמור לעיל בנוגע די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, איז דאך בכל שנה ושנה; ס'איז אבער דא שינויים משנה לשנה בנוגע צו די קביעות פון די ד' ימים בימי השבוע.

וואס אע"פ אז דער ענין פון די ד' ימים איז פארבונדן מיט די קביעות בימי החודש, ווארום יוהכ"פ איז דאך בעשירי לחודש און סוכות איז בחמשה עשר בחודש - אעפ"כ האט דאך די קביעות בימות השבוע א ווירקונג אויף די ענינים פון ימי החודש.

וכידוע די ראי' ע"ז פון דעם דין אז "יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת במקדש היו תוקעין כו'" (ר"ה כט, ב), ועד"ז "יו"ט הראשון של חג שחל להיות בשבת וכו'" (סוכה מא, ב) - וואס ווי דער ביאור בזה זאל נאר זיין, זעט מען דאך דערפון אז די קביעות בימות השבוע האט א השפעה אויף די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער קביעות אין ימי השנה - ומזה מובן אויך בעניננו.

וואס די ד' ימים קענען דאך זיין אין אן אופן אז ס'זאל אינגאנצן ניט זיין קיין שבת ביניהם, ועי"ד הקביעות ווען יוהכ"פ איז חל להיות בשבת (וואס דעמולט איז אין די ד' ימים שלאחרי יוהכ"פ ניטא קיין שבת);

און אין דערויף גופא (ווען ס'איז דא א שבת צווישן די ד' ימים) קען זיין די קביעות פון דעם שבת בימי החודש בכמה אופנים - וואס פון די יעדע פרטים דארף דאך זיין א הוראה אין עבודת האדם, וכתורת הבעש"ט הידועה.

ובפרט אז יעדער טאג האט דאך זיין ענין, ווי מ'זאגט אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'" (זח"ג צד, ב), און ווי חסידות ברענגט אראפ בכ"מ דאס וואס דער רמב"ן שרייבט בפירושו עה"ת אנהויב בראשית (ב, ג), אז יעדער טאג פון ימי בראשית איז פארבונדן מיט די אלף שנה שכנגדו (אין די "שית אלפי שנין הוה עלמא כו'" (ר"ה לא, א)), וואס דערפאר קען מען אפלערנען פון דעם טאג אויף דעם אלף, און פון דעם אלף אויפן טאג,

- וואס -

וואס דערמיט איז מען אויך מבאר דאס וואס באלף הראשון היו ניזונין בחסדו של הקב"ה (פסחים קיח, א), און ס'איז געווען אריכות ימים וכו' - ווייל דאס איז כנגד דעם יום הראשון וואס ענינו איז חסד, ומזה מובן בנוגע לכל יום, אז יעדער טאג האט זיך זיין ענין.

וואס מכ"ז איז מובן אז ס'איז דא א הוראה דערפון וואס בקביעות שנה זו איז דא א שבת אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ עד סוכות, און אויך א הוראה פון די קביעות פון דעם שבת בימי החודש (וואס קען זיין בכמה אופנים, כנ"ל) - וואס בשנה זו איז דאס בי"ב תשרי.

טו. די הוראה פון דעם ענין פון שבת בפשטות, איז:

דער ענין פון שבת איז דאך, ווי ס'ברענגט זיך אין שו"ע (אדה"ז או"ח סש"ו סכ"א) אז דעמולט איז "כל מלאכתך עשוי'".

וואס בשבת דארף דאך אויך זיין דער ענין פון <u>עבודת</u> האדם לקונו, ווארום וויבאלד אז מ'זאגט "אני נבראתי לשמש את קוני" (קידושין פב, א), דארף דאך זיין בכל רגע ורגע וואס ער איז נברא דער "לשמש את קוני", ביז אז ס'דארף זיין "בכל דרכיך דעהו", און כמובן פון הלכות דעות להרמב"ם (ספ"ג) אז דאס דארף זיין אפי' בשינתו, עאכו"כ באכילתו ובשתיתו - קען מען דאך ניט זאגן אז בשבת איז ניטא דער ענין פון עבודת האדם -

נאר דער ביאור אין דעם וואס מ'זאגט אז בשבת איז "כל מלאכתך עשוי'" - איז, אז זיין עבודה בשבת איז אין אן אופן פון "כל מלאכתך עשוי'", ד.ה. אין אן אופן של תענוג - וואס דאס איז דאך ענינו של שבת.

וואס נוסף אויף דעם ביאור פון חסידות אויף "וקראת לשבת עונג" (ישעי' נח, יג), אז ער דארף ממשיך זיין דעם ענין העונג אין שבת, וכמדובר כמ"פ דער דיוק במארז"ל (שבת קיח, סע"א) "כל המענג את השבת" און ניט "כל המתענג בשבת", אז דאס מיינט אז ער איז ממשיך דעם תענוג אין שבת -

איז (נוסף לזה) אויך דא דער ענין וואס שבת איז "תמדת ימים אותו קראת", אז שבת איז דער ענין פון תענוג.

וואס דערפאר זאגט מען אז אלע ענינים פון שבת זיינען אין אן אופן פון תענוג, ביז וואנעט אז אפי' "שינה בשבת תענוג", עאכו"כ דער ענין פון אכו"ש - וויבאלד אז כל ענין השבת איז דער ענין פון תענוג.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו עבודת האדם לקונו שבשבת, אז אע"פ אז ס'איז טאקע אן ענין של

- עבודה -

עבודה, ביז אין אן אופן ווי ער זאגט אין תו"א (משפטים עו, א) אז דאס איז מלשון עיבוד עורות, וואס דאס איז אן ענין של יגיעה וכו׳ - פונדעסטוועגן איז דאס מתוך תענוג (ככל עניני השבת).

און ווי פארשטאנדיק במכ"ש וק"ו פון דעם ענין פון א תענית בשבת, אז אויב ער וויל פאסטן באמיתיות, ווערט דאס ביי אים אן אמת׳ער תענוג (ראה שו"ע אדה"ז או"ח סרפ"ח ס"ג), עאכו"כ ווען ס׳קומט בהמשך צום ענין פון "שבת שבתון" (יוהכ"פ), וואס דער אלטער רבי איז דאך מבאר אין לקו"ת (שה"ש יד, ב) אז דאס איז דער ענין פון "לההיותם ברעב" (תהלים לג, יט), ד.ה. דער רעב אליין פון יוהכ"פ איז אן ענין של תיות, וואס חיות איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין העונג, כמבואר בכ"מ (ראה לקו"ת ויקרא נב, א. ובכ"מ).

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז ס׳קען זיין דער ענין פון <u>עבודת</u> האדם לקונו, אן ענין של עבודה ויגיעה, און אעפ"כ זאל דאס זיין אין אן אופן של תענוג.

ביז ווי ער איז מבאר אין המשך תרס"ו (ד"ה אחרי הוי׳ ס"ע שכה ואילך), אז דער ענין פון אן עבד נאמן איז, אז ער האט דעם ענין התענוג, און זיין תענוג איז תענוג האדון, און צוזאמען דערמיט איז ביי אים דער ענין העבדות בשלימות.

ומזה מובן די הוראה דערפון בנוגע צו דער עבודה פון די ד׳ ימים שבין יוהכ"פ לסוכות - אז וויבאלד ס׳איז דא אין זיי א שבת, איז דערפון די הוראה אז די עבודה דארף זיין מתוך העונג.

טז. די הוראה פון דעם ענין פון י"ב תשרי:

ס׳בדענגט זיך אין ספרים (דבר יום ביומו) שיטת הפרקי דר"א (פכ"ט) וואס ברענגט זיך אין תוס׳ אין ר"ה (יא, א ד"ה אלא), וואס פון תוס׳ איז משמע אז סוגיית הגמ׳ דארטן גייט לויט דער שיטה פון דעם פרדר"א - אז בנוגע צו אברהם אבינו שטייט "בעצם היום הזה נימול אברהם" (לך יז, כו), און אויך בנוגע צו יוהכ"פ שטייט דער לשון "בעצם היום הזה" (אמור כג, כה) - לערנט מען דערפון ארויס אז אברהם אבינו האט זיך גע׳מל׳ט ביום הכפורים.

וואס לפי"ז (כמבואר בספרים הנ"ל) קומט אויס אז דער יום השלישי למילתו, וואס דעמולט איז געווען דער "וירא אליו הוי׳" (ר"פ וירא), ווי רש"י ברענגט דארטן אראפ פון דער גמ׳ אין בבא מציעא (פו, ב) אז דאס איז געווען ביום השלישי למילתו - איז געווען בי"ב תשרי.

און וויבאלד אז "אחד הי׳ אברהם ויירש את הארץ"

- (יחזקאל -

(יחזקאל לג, כד), איז מובן אז פון אברהם׳ן איז דאס א הוראה צו אלע אידן וואס זיי זיינען בני אברהם יצחק ויעקב, ובמשך כל הדורות; ועד"ז בנוגע צו די גרים, וואס זיי זיינען זיך מתייחס צו אברהם אבינו נאך מערער, ווארום "אברהם תחלה לגרים" (סוכה מט, ב) -

וואס די הוראה דערפון איז:

דער רמב"ם (הל׳ דעות רפ"ר) איז דאך מבאר אז א זאך וואס איז פארבונדן מיט חלישות הגוף, קען דאס זיין א סתירה צו עבודת ה׳ -

זעט מען אבער אז בשעת ס׳רעדט זיך וועגן א אידן, ברענגט דאס גאר דעם גרעסטן גילוי, און ווי דאס איז געווען ביי אברהם אבינו, אז דוקא ביום השלישי למילתו איז ביי אים געווען דער "וירא אליו הוי׳", וואס דאס איז א גילוי הכי נעלה.

און ווי רש"י ברענגט אראפ אויף "התהלך לפני והי׳ תמים" (לך יז, א), אז דורך דעם ענין המילה האט זיך אויפגעטאן דער ענין התמימות ביי אברהם אבינו - וואס בשעת אברהם האט דערהערט דעם ציווי פון "והי׳ תמים", האט ער זיך דערשראקן, היתכן אז ביז איצטער איז ער ניט געווען קיין "תמים", און אויף דערויף האט אים דער אויבערשטער געזאגט אז ביז איצטער האט נאך ביי אים געפעלט דער ענין המילה, און דורך דעם ענין המילה וועט ביי אים זיין דער ענין התמימות -

און דוקא נאך דערויף האט געקענט זיין דער גילוי הכי נעלה פון "וירא אליו ה׳".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה, אז אפי׳ ווען ס׳איז דא אן ענין וואס לכאו׳ איז דאס פארבונדן מיט חלישות הגוף וכו׳ - זאגט מען אבער אז ביי א אידן ברענגט דאס צום גילוי הכי נעלה, ביז צום ענין פון "וירא אליו ה׳".

יז. אין דעם ענין פון "וירא אליו הוי׳", איז דאך ידוע די מעשה וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט אויפן רבי׳ן נ"ע (דאה לקו"ש ח"ה ע׳ 86 ואילך), אז אלס קינד איז ער אריין צום צ"צ, און האט געוויינט פארוואס באווייזט זיך ניט דער אויבערשטער צו אונז, אזוי ווי ער האט זיך באוויזן צו אברהם אבינו.

און דער צ"צ האט דאס אנגענומען מיט דער גאנצער ערנסקייט, און האט געזאגט א תורה: אז ווען א איד, א צדיק גמור, איז מחליט צו ניין און ניינציק יאר, אז ער דארף זיך מל זיין, איז ער ווערד אז דער אויבערשטער זאל זיך צו אים

- באוויזן -

באווייזן. און דאס איז געווארן א תורה פון צ"צ, וואס איז דערנאך נמשך געווארן ביז און דורך נשיא דורנו לכל ישראל ובכל העולם כולו.

וואס דערפון זעט מען אז פון דעם ענין פון "וירא אליו ה׳" וואס איז געווען ביי אברהם אבינו, איז דערנאך ארויסגעקומען טויזנטער יארן לאח"ז, אז דאס האט מעורר געווען א אידיש קינד צו דמעות אמיתיים אויף דעם וואס דער אויבערשטער באווייזט זיך ניט צו אים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין רופט ארויס דמעות אמיתיים ביי יעדער אידישן קינד, ווארום וויבאלד אזוי איז געווען ביי א נשיא בישראל, איז נמשך לכאו"א מישראל. און אע"פ אז דאס איז געווען בקטנותו, איז דאך אבער "בוצין בוצין מקטפי׳ ידיע" (ברכות מח, א), ובפרט אז דערפון איז דערנאך ארויסגעקומען א תורה פון צמח צדק.

וואס די הוראה איז שייך לכאו"א מישראל, אע"פ אז דאס רעדט זיך וועגן די בכי׳ פון א קינד - ווארום אזוי ווי ס׳איז דא בכללות דער סדר פון "בן חמש למקרא" וכו׳, איז דאס אויך דא בפרטיות בכל יום ויום, און בכל יום דארף מען דורכגיין מחדש דעם גאנצן סדר השתלשלות פון בן חמש למקרא וכו׳.

וואס דערפאר זעט מען אז אפי׳ דער וואס האלט שוין בסוף פון בן מאה ועשרים שנה, דארף ביי אים זיין בכל יום פריער אן ענין של מקרא, דערנאך אן ענין של משנה, און דערנאך גמרא -

וואס די הסברה בזה איז, ווייל בכל יום ווערט ער נברא מחדש, ווי מ׳זאגט (שו"ע אדה"ז או"ח רס"ד) לגבי דעם ענין פון מודה אני און ברכות השחר, אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס בכל יום איז ער א ברי׳ חדשה, כקטן שנולד - ובמילא דארף זיין בכל יום דער סדר פון בן חמש למקרא וכו׳.

ומזה מובן גם בענינגו, אז ביי יעדערן איז שייך בכל יום דער ענין וואס א קינד וויינט אויף דעם וואס ביי אים איז ניטא דער "וירא אליו ה׳".

יח. און דער מענה פון צ"צ איז אויך פארבונדן עם האמור לעיל, אז דער ענין פון די ד׳ ימים שבין יוהכ"פ לסוכות איז, אז איצטער דארף מען ערשט תשובה טאן. והביאור בזה:

נאך יוהכ"פ שטייט דאך א איד אין א מעמד ומצב פון "לאתבא צדיקיא בתיובהא", ווארום ׳אלע אידן זיינען דאך "צדיקים גמורים", ווארום "ועמך כולם צדיקים" (ישעי׳ ס, כא), און ס׳קומט נאך צו ביי זיי מעלת התשובה פון יוהכ"פ,

- וואס -

וואס דאס איז דער ענין פון "לאתבא צדיקיא בתיובתא".

און אעפ"כ, זאגט מען גלייך נאך יוהכ"פ, אז איצטער דארף מען ערשט תשובה טאן, ד.ה. אז מ'כאפט זיך אז ס'דארף נאך זיין דער ענין התשובה,

און ניט נאר די תשובה וואס איז פארבונדן מיטן יו"ד פון שם הוי' וואס דאס איז דער ענין פון יר"ע, ירא בושת, און ניט נאר די תשובה וואס איז פארבונדן מיטן ה"א עילאה פון שם הוי', נאר אפי' די תשובה וואס איז פארבונדן מיטן ה"א תתאה וואס דאס איז דער ענין פון תשו"ת (אגה"ת פ"ד) - כאפט ער זיך (נאך יוהכ"פ) אז ביי אים דארף נאך זיין דער ענין פון תשו"ת.

וואס דאס איז ע"ד פתגם הצ"צ אז א איד א צדיק, איז מחליט צו ניין און ניינציק יאר, אז ער דארף זיך מל זיין (ע"ד הנ"ל אז נאך יוהכ"פ כאפט עד זיך אז איצטער דארף מען ערשט תשובה טאן) - און דעמולט איז דא רער ענין פון "וירא אליו ה'".

וואס דאס איז די הוראה הכללית מהאמור, און דערצו קומט נאך צו אז י"ב תשרי איז בשבת, וואס ענין השבת איז דאך דער ענין העונג - ומזה מובן אז די געגועים צו "וירא אליו ה'" זיינען אין אן אופן של תענוג.

יט. דערביי קומט נאך צו א הודאה נפלאה בנוגע לפועל:

פון דעם ענין פון "וירא אליו ה'" לערנט די גמ' (שבת קכז, א) ארויס אן ענין של הלכה והוראה בנוגע לפועל לכל ישראל בכל הדורות - אז "גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה", וואס דאס לערנט מען ארויס דערפון וואס בשעת ס'איז געווען דער "וירא אליו ה'" און ס'זיינען געקומען צו אברהם אבינו אורחים, האט ער געבעטן ביים אויבערשטן סליחה ומחילה - ער זאל צווארטן (פירש"י וירא יח, ג), און איז געגאנגען פארנעמען זיך מיט הכנסת אורחים.

וואס דער כללות הענין פון הכנסת אורחים איז דאך פארבונדן מיט "צדקה" און "גמילות חסדים", וואס דאס איז ראך דער כללות ענין המבצעים;

און דערצו קומט נאך צו בהמשך להמדובר לעיל (אנהויבנדיק פון ר"ה (יום ב' דר"ה ושבת שובה)) וועגן דעם ענין אז מ'זאל באזארגן מיט צרכי החג, מאכל ומשתה וכו', צו די זקוקים לזה. וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט הכנסת אורחים - ווארום הכנסת אורחים קען זיין אויף צוויי אופנים:

איין אופן איז, אז ער לאדענט טאקע איין יענעם לביתו און ער גיט אים אלץ ובסבר פנים יפות וכו'; אבער

- פונדעסטוועגן -

פונדעסטוועגן איז דאך דאס ניט אין אן אופן פון מתן בסתר, ואדרבה, דאס איז בפרסום הכי גדול אז ער ברענגט אורחים לביתו, ובפרט בסוכות וואס דעמולט איז דא דער ענין האושפיזין;

ס'איז אבער דא דער צווייטער אופן אין דערויף, כמדובר לעיל, אז מ'באזארגט די הזקוקים לזה בכל צרכי החג, און אין אן אופן פון מתן בסתר, ביז צו די שלימות פון מתן בסתר - אז דער נותן ווייסט ניט ווער דער מקבל איז און דער מקבל ווייסט ניט ווער איז דער נותן (ראה שו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ז).

ובפרט אז ס'רעדט זיך וועגן שמחת יו"ט, וואס מ'זעט דאך בפועל, אז ס'איז אינו בדומה די שמחה בשעת ער געפינט זיך ביי א צווייטן, וואס אע"פ אז יענער גיט אים אלץ און בסבר פנים יפות - פונדעסטוועגן איז דאס אן ענין וואס ער איז סמוך על שלחן אחרים; משא"כ ווען ער געפינט זיך ביי זיך, און אהינצו ברענגט מען אים צרכי החג בהרחבה וכו', דעמולט האט ער שמחת יו"ט בשלימות.

וואס דאס איז די הוראה לפועל מהנ"ל, אז מ'זאל מספק זיין צרכי שמחת החג לכל או"א פון די זקוקים לזה, וואס די שמחה פון יו"ט איז דאך א מ"ע מה"ת, ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ בשו"ע שלו (או"ח סתקכ"ט ס"ו-ז) אז בזמן הזה דארף אויך זיין דער ענין פון שתיית יין מה"ת, ווארום "אין שמחה אלא ביין" (פסחים קט, א), און אויך דער ענין פון בשר איז דאך דא בזמן הזה עכ"פ מדרבנן -

ובמילא מובן אז ס'איז ניט גענוג וואס מ'איז מסביר יענעם דעם גודל העילוי פון שמחת יו"ט וכו' - ווייל פון די אלע הסברות וועט ער דאך ניט האבן דעם ענין השמחה בפועל, נאר אויך דערויף דארף מען האבן יין גשמי, און אויך מספק זיין כל צרכי החג כדי ס'זאל קענען זיין שמחת יו"ט אין אן אופן פון "ושמחת בחגך".

און וויבאלד אז דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין שו"ע (שם ס"ד) אז דער ענין פון שמח"ת יו"ט דארף זיין אויך ביי נשים וקטנים, ווי ער איז מבאר דארטן די ענינים מיט וועלכע מ'איז משמח - איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף באזארגן די זקוקים לזה מיט צרכי החג, אין אן אופן אז ס'זאל זיין דער ענין השמחה אויך ביי די נשים וקטנים.

כ. וע"פ מארז"ל המתפלל על חבירו הוא נענה תחלה, איז מובן אז כדי ער זאל פועל'ן ביי זיך דעם ענין השמחה בשלימות,

וואס דער ענין השמחה איז דאך למעלה מכל הגבלות, ווי פארשטאנדיק דערפון וואס שמחה פורץ גדר - אפי' אנדערע גדרים, ועאכו"כ אז דער ענין השמחה גופא איז למעלה מכל הגדרים, ובפרט אז דער ענין השמחה איז דאך בספירת הבינה,

- וואס -

וואס די ווערט אנגערופן "רחובות הנהר", און איז מקבל פון "מרחב האמיתי" -

דארף זיין דער מחפלל על חבירו, פועל'ן ביי א צווייטן אידן דעם ענין השמחה וכו'.

און דורך דערויף וואס ער איז משמח די "ארבעה שלי" (אדער "חמשה שלי", ווי די צוויי גירסאות בזה), איז דער אויבערשטער משמח די "ארבעה (אדער "חמשה") שלך" (פירש"י ראה טז, יא).

און דאס ווערט אין אן אופן אז "הוא נענה תחלה", כמדובר כמ"פ פון דרושי רבותינו נשיאינו (סד"ה זה היום תרס"ו), אז דער ענין ההתחלה איז נאך העכער פון דעם ראש וואס פון אים ווערט דערנאך נמשך דער סוף, וכמבואר בענין "סוף מעשה במחשבה תחלה" -

איז וויבאלד אז מ'זאגט ניט "נענה בראשונה" נאר "נענה תחלה", איז מובן אז ער איז נענה פון אזא מקום וואס איז לגמרי שלא בערך פון דער תפלה.

כא. וואס דאס איז כללות העבודה פון די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, וואס זיינען כנגד די ד' אותיות פון שם הוי', וואס וויבאלד אז דאס רעדט זיך וועגן לאחרי יוהכ"פ איז מובן אז דאס איז דער שם הוי' שלמעלה מהשתלשלות.

און ווי מ'זאגט אין דער היינטיקער הפטרה (ש"ב כב, כט) "כי אתה נרי הוי' והוי' יגי' חשכי" - כמבואר אין דרושי חנוכה (תו"א מא, א) אז דאס איז דער ענין פון "והוי'" בתוספת וא"ו, וואס איז העכער פון הוי' סתם -

וואס דערפון ווערט דער "יגי' חשכי", ווי דאס טוט זיך אויף לאחרי יוהכ"פ, וואס דעמולט איז דאך (ניט נאר אז ס'ווערן בטל די ענינים הפכיים, נאר) זדונות נעשו כזכיות, וואס דאס איז דער ענין פון "יגי' חשכי".

און דערפון קומט מען צו דעם "והוי' יגי' חשכי" פון לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין דער "לילה כיום יאיר" (תהלים קלט, יב), בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובעגלא דידן.

כב. מאמר (כעין שיחה) ד"ה כנשר יעיר קנו וגו'.

* * *

כג. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק מיט פירש"י בפרשת השבוע - ובפרשתנו זיינען דא עטליכע פסוקים וואס רעדן וועגן דעם זעלבן ענין, און רש"י איז מאריך בזה בפירושו,

- און -

און בשעת מ'קוקט אין פירש"י, זעט מען אז ס'איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק.

וואס דאס איז אין דעם פסוק "ירכיבהו על במתי ארץ וגו'" (לב, יג).

שטעלט זיך רש"י אויף התחלת הפסוק, און זאגט: "כל המקרא כתרגומו" (אז דער פי' פון דעם גאנצן פסוק איז אזוי ווי דער תרגום טייטשט אפ).

וויבאלד אז רש"י זאגט אז דער פי' פון פסוק איז "כתרגומו" - דארף ער שוין גארניט מפרש זיין, ווייל ער האט שוין געזאגט אז דער פי' איז כתרגומו, אדער, ער זאל מעתיק זיין בפירושו דאס וואס ס'שטייט אין תרגום -

זעט מען אבער אז נאך דערויף וואס רש"י זאגט אז "כל המקרא כתרגומו", איז ער מפרש אלע פרטים וואס שטייען אין פסוק, און דער פי' איז ניט ווי דער פי' פון תרגום, ווארום דער תרגום לערנט אז "ויאכל תנובות שדי" גייט אויף כיבוש א"י, אז ס'וועט זיין "ואוכלינון בזת סנאיהון" (מ'וועט האבן די בזה און שלל פון דעם שונא וכו'), און רש"י לערנט כפשוטו, אז דאס גייט אויף די פירות פון א"י, און אז ס'וועט זיין "דבש מסלע ושמן מחלמיש צור גו'".

איז דאך ניט פארשטאנדיק: רש"י הויבט אן אז "כל המקרא כתרגומו", און דערנאך זאגט ער א פי' באופן שונה פון דעם תרגום?!

דערנאך בסיום הענין (שם יד), זאגט רש"י: "ועוד יש לפרש שני מקראות הללו אחר תרגום של אונקלוס (און טאמער וועט מען א טעות האבן און ניט וויסן וואס פאר א תרגום ער מיינט, איז ער מעתיק התחלת פי' התרגום) אשרינון על תוקפי ארעא וגו'".

וואס דאס איז אן ענין תמוה לגמרי, און מ'געפינט ניט אין רש"י אן ענין וואס איז עד"ז - ער זאל אנהויבן אז "כל המקרא כתרגומו", און דערנאך זאל ער זאגן אן אנדער פירוש, ניט ווי דער תרגום, און דערנאך זאל ער מסיים זיין אז מ'קען דאס אויך לערנען לויט דעם פי' פון דעם תרגום.

בתור קס"ד הי' אפשר לתרץ דכוונת רש"י במ"ש "כל המקרא כתרגומו" היא לתיב"ע *), ולכן כותב "כתרגומו" סתם,

- משא"כ -

---

*) ברלינר (רש"י עה"ת - נ.י. תשי"ט - ע' 433) כותב ש"לא הי' מכיר (רש"י) את ת"י" "ואכ"מ להאריך בראיות".

אבל כל זמן שלא יתבררו ויבחנו הראיות - איפכא

- מסתברא -

משא"כ בפסוק שלפנ"ז ושלאח"ז מפרש "אונקלוס".

אבל אינו, כי תמוה ביותר לומר שב"תרגום" סתם כוונתו לתיב"ע, ודוקא דאונקלוס יפרש!

כד. דערנאך איז דא כמה ענינים בלתי מובנים בפרטי פירש"י:

רש"י שטעלט זיך אויפן צווייטן פסוק: "חמאת בקר וגו׳", און טייטשט אפ: "חמאת בקר וחלב צאן - זה הי׳ בימי שלמה, שנאמר (מ"א ה, ג) עשרה בקר בריאים ועשרים בקר רעי ומאה צאן", "עם חלב כרים - זה הי׳ בימי עשרת השבטים, שנאמר (עמוס ו, ד) ואוכלים כרים מצאן", "חלב כליות חטה - זה הי׳ שלמה, שנאמר (מ"א שם ב) ויהי לחם שלמה וגו׳", "ודם ענב תשתה חמר - בימי עשרת השבטים השותים במזרקי יין (עמוס שם ו)".

איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק:

א) וואס דארף רש"י אויסטייטשן ווען איז דאס געווען בפועל - מ׳האט דאך שוין געהאט כו"כ הבטחות אין פ׳ בחוקותי און אין פ׳ תבוא, און רש"י זאגט דארטן ניט ווען איז די הבטחה מקוים געווארן (סיידן ווען דאס איז נוגע אין פשש"מ), וכמובן בפשטות פאדוואס דארף רש"י ניט זאגן ווען דאס איז מקוים געווארן - ווייל ווייבאלד ס׳שטייט א הבטחה אין תורה, ווייסט דאס <u>זיכער</u> מקוים ווערן - איז צוליב וואס דארף רש"י זאגן ווען יעדער זאך איז מקוים געווארן בפועל, און ער זאגט דאס נאך <u>פיר</u> מאל?

ב) די קלאץ קושיא: משמעות ותוכן ענין השירה איז דאך, אז בשעת אידן וועלן זיך פירן לויט ווי דער אויבערשטער וויל, וועלן זיי דעמולט האבן אלע ענינים טובים -

איז דאס וואס רש"י זאגט אז בימי שלמה איז געווען דער ענין פון "חמאת בקר וחלב צאן", און "חלב כליות חטה", איז פארשטאנדיק, ווארום בימי שלמה האבן אידן מקיים געווען תומ"צ כדבעי;

אבער דאס וואס רש"י זאגט אז "חלב כרים" און "דם ענב תשתה חמר", איז געווען בימי עשרת השבטים, און ברענגט אויף דערויף די פסוקים פון עמוס "ואוכלים כרים מצאן", און "השותים במזרקי יין" - איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

- בשעת -

------------

מסתברא, כי בכ"מ בפרש"י עה"ת בדבר שאין לומר שבלי מקור נאמר - אין מקור אחר לדברי רש"י כ"א תיב"ע, וכמו בראשית ד, טו ד"ה וישם (ובפרט דרש"י משנה בזה מפדר"א פכ"א שם).

ויש לחפש בספרים החוקרים עד"ז ואינם תח"י.

בשעת מ׳גיט א קוק אין די פסוקים פון עמוס, זעט מען אז דארטן רעדט זיך וועגן א מעמד ומצב וואס מ׳האט ניט געטאן רצון ה׳, ווי דער פסוק (שם א) רופט זיי אן "השאננים בציון גו׳", אז אע"פ אז זיי טוען היפך רצון ה׳, אעפ"כ נעמען זיי דאס ניט צום הארצן, און זיי זיינען אין א מעמד ומצב פון "שאננים", וואס ראס באשטייט אין רערויף וואס "אוכלים כרים מצאן", און "שותים במזרקי יין";

איז דאך אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: אין דער שירה וויל מען דאך ארויסברענגען אז בשעת מ׳וועט מקיים זיין רצון ה׳, רעמולט וועט מען האבן אלע גוטע זאכן - איז ווי אזוי זאגט רש"י אז "חלב כרים" און "דם ענב תשתה חמר" איז געווען "בימי עשרת השבטים" - דעמולט האט מען דאך געטאן היפך רצון ה׳?!

[און אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט די פסוקים אין עמוס - ברענגט דאך אבער רש"י די פסוקים הנ"ל, און ער וויל אז דער בן חמש זאל זעהן וואס דארטן שטייט].

כה. אויך איז ניט פארשטאנדיק:

אויף "ויניקהו דבש מסלע" זאגט רש"י: "מעשה באחד שאמר לבנו בסיכני הבא לי קציעות מן החבית, הלך ומצא הדבש צף על פי׳, אמר לו זו של דבש היא, אמר לו השקע ידך לתוכה ואתה מעלה קציעות מתוכה". און אויף "שמן מחלמיש צור" טייטשט אפ רש"י: "אלו זיתים של גוש חלב".

וואס דער פי׳ בפשטות אין "שמן מחלמיש צור - אלו זיתים של גוש חלב" איז - אז דער מקום פון "גוש חלב" איז געווען א "חלמיש צור", א שטיינערנר באדן, הארטע ערד, און אעפ"כ זיינען דארטן געווען זיתים וואס פון זיי האט מען שמן, וואס דאס מיינט "שמן מחלמיש צור".

ועפי"ז קען מען דאך זאגן בפשטות, אז דאס איז אויך דער טייטש פון "ויניקהו דבש מסלע", אז דער ארט פון "סיכני" איז געווען א "סלע", הארטע ערד, און אעפ"כ זיינען דארטן געווען תמרים - וואס "קציעות" איז דאך אויסגעטריקנטע תמרים, וואס פון זיי האט מען דבש - ווי רש"י האט שוין געזאגט פריער (ר"פ תבוא) אז דאס וואס א"י איז "ארץ גו׳ ודבש", מיינט דאס "דבש תמרים" *).

- און -

------------

*) ואף שרש"י עצמו מפרש בכ"מ בש"ס ש"קציעות" הם תאנים, ומוכרח הוא בתענית כג, א, ועפי"ז יוקשה דהרי צ"ל ראי׳ על תמרים (כפרש"י ר"פ תבוא) -

- י"ל -

און ווי מ'זעט טאקע אין ספרי, אז דארטן שטייט:
"ויניקהו דבש מסלע - כגון סיכני וחברותי'" (דער ארט וואס
האט געהייסן סיכני, און די ערטער ארום סיכני), וואס דער
פי' בזה איז, אז "סיכני"איז געווען א "סלע", און אעפ"כ
איז דארטן געווען דבש פון תמרים.

איז דאך ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף רש"י האבן
די גאנצע אריכות הסיפור - לכאו' האט ער געדארפט זאגן
בפשטות אז דאס גייט אויף די תמרים פון סיכני (ע"ד ווי ער
טייטשט אויף "שמן מחלמיש צור" - "אלו זיתים של גוש חלב",
וכנ"ל, אז אזוי שטייט טאקע אין ספרי)?

און אע"פ אז אין ספרי שטייט טאקע די גאנצע אריכות
הסיפור וואס רש"י ברענגט אראפ - איז דאך אבער ענינו של
רש"י ניט אראפברענגען דאס וואס ס'שטייט אין ספרי, נאר
מפרש זיין פשש"מ, האט ער געדארפט זאגן בפשטות, אז דאס
גייט אויף די תמרים פון סיכני, און ניט ברענגען די גאנצע
אריכות הסיפור?

ס'זיינען דא מפרשים (שפ"ח) וואס ווילן לערנען אז
"סלע" גייט אויף די "קציעות", ווארום בשעת די תמרים
זיינען מיובשים זיינען זיי קשים כסלע, און דער פי' פון
"ויניקהו דבש מסלע" איז, אז פון דעם "סלע", פון די קציעות,
איז געווען דבש.

איז אע"פ אז דאס זאגן טאקע מפרשי רש"י, איז אבער
במחילתם, קען מען אזוי ניט זאגן אין פשש"מ, ווארום:
א) ביי אנשים כערכנו ווייסט מען אז בשעת פון קציעות איז דא
דא דבש, איז עס ניט קיין ענין של נס, א נס וואלט געווען
ווען ס'וואלט געווען דערפון א ריבוי דבש;

ב) ועיקר: אויב רש"י לערנט אז "ויניקהו דבש מסלע"
גייט אויף די קציעות אליין, וואס דערפאר ברענגט ער די
גאנצע אריכות הסיפור, דארף ער אזוי לערנען אויך בנוגע צו
"שמן מחלמיש צור" - האט דאך רש"י געדארפט ברענגען א סיפור
בנוגע צו שמן, ע"ד הסיפור וואס ער ברענגט בנוגע צו דבש,
און אויב ער געפינט ניט אזא סיפור, האט ער געדארפט זאגן
"לא ידעתי" -

- איז -

---

י"ל בשנים: א) ויומתק ג"ז דאין רש"י מפרש לבן חמש
באיזה פרי, אף שמפרשו לבן ט"ו בגמרא - דקציעה מל' המקצע,
ושייך בכל פרי ובכל מקום לפי ענינו - ובמילא מובן שבכאן
- תמרים.

ב) מקרא "תאנה . . ודבש" מובן שיש יותר דבש בתמרים
מבתאנים - ועפ"ז אפילו את"ל דקציעות רק בתאנים - ה"ז כש"כ
וק"ו: ומה בתאנים כ"כ דבש, עאכו"כ בתמרים.

איז דאך דערפון מוכח אז רש"י לערנט ניט אזוי, נאר ער לערנט בפשטות, אז דער ארט איז געווען א "סלע" און א "חלמיש צור", און אעפ"כ זיינען דארטן געווען תמרים ("דבש") און זיתים ("שמן") - איז דאך ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס ברענגט ער די גאנצע אריכות הסיפור אויף "ויניקהו דבש מסלע"?

מיט נאך כמה דיוקים בזה.

וכמדובר כמ"פ, אז די אלע ענינים דארפן זיין פארשטאנדיק בפשטות צום בן חמש למקרא, און ער דארף ניטווארטן ביז ער וועט אנהויבן לערנען גמרא, ועאכו"כ ניט ווארטן ביז וואנעט ער וועט לערנען ספרי -

נאר ס'דארף זיין פארשטאנדיק בפשטות אין פשש"מ, אדער דערפון וואס רש"י האט אים שוין געזאגט לפנ"ז.

וכפי שיתבאר לקמן.

כו. אין די הערות אויפן זהר אין פ' האזינו (ע' תסד ואילך), שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר (רחצ, ב) "כי חלק ה' עמו יעקב חבל נחלתו, דלא יהב להו לרברבא ולא למלאכא ולא לממנא אחרא וכו'", ד.ה. אז אידן זיינען ניט איבערגעגעבן געווארן צו מלאכים וכו'.

און ער איז מבאר די דריי לשונות רברבא, מלאכא און ממנא אחרא - אז "רברבא הוא השרפים שבבריאה . . מלאכא הוא החיות שביצירה . . ממנא הוא האופנים שבעשי'".

דערנאך פרעגט ער אויף דעם וואס שטייט ווייטער אין זהר (שם) "ואין עמו א-ל נכר, דלא דבר להו לישרא לא מלאכא ולא ממנא אחרא", וואס דא שטייען נאר די צוויי ענינים פון מלאכא און ממנא, "ולא הזכיר רברבא"?

און ער איז מבאר אז דאס איז דערפאר וואס דארטן שטעלט ער זיך אויפן פסוק "אין עמו א-ל נכר", און דער ענין פון "א-ל נכר" איז מצד עה"ד טו"ר, וואס דאס הויבט זיך אן פון עולם היצירה ולמטה, משא"כ אין עולם הבריאה איז ניט שייך צו זאגן "א-ל נכר", וואס דערפאר שטייט דארטן ניט "רברבא", ווארום רברבא גייט אויף די שרפים שבעולם הבריאה, און אויף עולם הבריאה איז ניט שייך זאגן "א-ל נכר".

ס'איז נאך אבער ניט פארשטאנדיק: אין זהר ר"פ האזינו (רפו, ב) שטייט: "זכאה חולקהון דישראל . . דלא יהב לון קב"ה לא למלאכא ולא לשליטא אחרא '. הה"ד כי חלק ה' עמו, וכתיב כי יעקב בחר לו י-ה" -

וואס דא שטייט ניט דער פסוק "ואין עמו א-ל נכר", און

- אעפ"כ -

אעפ"כ שטייען דארטן מערניט ווי צוויי לשונות, און ס'ווערט ניט דערמאנט דער ענין פון רברבא, איז ניט מובן פארוואס שטייט דארטן ניט דער ענין פון רברבא?

ואדרבה: דארטן ברענגט זיך דאך דער פסוק "כי יעקב בחר לו י-ה", וואס דאס איז דאך א העכערע דרגא פון "כי חלק הוי' עמו" וואס ברענגט זיך אראפ אין דעם זהר הנ"ל, ווארום שם י-ה איז העכער פון שם הוי'

כמבואר בכ"מ בנוגע צו דעם שם בן ששה אותיות - "כי בי-ה הוי' צור עולמים" (ישעי' כו, ד), אז שם י-ה איז העכער פון שם הוי',

וואס אין שם הוי' גופא איז דער י-ה העכער פון דעם ו-ה, ווי גערעדט אין דעם מאמר ד"ה מן המיצר (דיום ב' דר"ה), ווארום דער ה"א עילאה איז העכער פון דעם ה"א תתאה, עאכו"כ ווען דער ה"א עילאה שטייט צוזאמען מיטן יו"ד,

וואס דאס איז בנוגע צו שם הוי' גופא, אז דער י-ה שבו איז העכער פון דעם ו-ה שבו, ועאכו"כ אז ווען דער שם י-ה איז בפ"ע (ניט צוזאמען מיטן ו-ה), איז ער דאך זיכער באופן נעלה ביותר, העכער פון דעם י-ה שבשם הוי'.

איז מה-דאך אז בשעת ס'ברענגט זיך דער פסוק "כי חלק הוי' עמו", דארף מען באווארענען אז אידן האט מען ניט איבערגעגעבן צו "דברבא" (שבעולם הבריאה), איז דאך עאכו"כ אז בשעת ס'ברענגט זיך דער פסוק "כי יעקב בחר לו י-ה", וואס י-ה איז העכער פון שם הוי' - דארף מען זיכער באווארענען אז אידן האט מען ניט איבערגעגעבן צו "דברבא" -

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט זיך ניט אין זהר ר"פ האזינו (וואו ס'ווערט דערמאנט דער פסוק "כי יעקב בחר לו י-ה") דער ענין פון דברבא, אזוי ווי אין דעם צווייטן ארט וואו ער זאגט אלע ג' לשונות (דברבא, מלאכא און ממנא)?

וכפי שיתבאר לקמן.

* * *

כז. דער ביאור אין פירש"י:

ביי רש"י איז געווען שווער: וויבאלד אז מ'האט שוין געלערנט פריער אז א"י איז אן "ארץ זבת חלב ודבש", און "ארץ חטה ושעורה וגו'", דארף מען דאך זאגן אז אין די פסוקים וואס רעדן וועגן דעם שבח פון א"י, רעדן זיך ענינים נפלאים וואס פריער האט מען פון זיי ניט געוואוסט,

ווארום דער פסוק פון "ארץ חטה גו' ודבש" איז געזאגט געווארן (אויך) קודם שנכנסו בנ"י לא"י - און ניט אלס שכר

על הנהגתם הטובה, משא"כ בשירת האזינו, וואס תוכנה איז דער ענין השכר אויף הנהגה טובה -

איז לכאו׳, אין וואס באשטייען די ענינים נפלאים וואס קומען צו אין שירת האזינו?

נאך אן ענין וויל רש"י באווארענען (און דאס האט אים געהארט נאכמער פון די פריערדיקע זאך):

פון די פסוקים שלפנ"ז איז פארשטאנדיק, אז די פסוקים דערציילן וועגן די מאורעות וואס האבן געטראפן איינע נאך די אנדערע, און אין א סדר פון צעד אחר צעד, פריער איין זאך, און דערנאך דאס וואס האט געטראפן גלייך לאח"ז.

כמובן פון די פסוקים "ימצאהו בארץ מדבר וגו׳", וואס דאס גייט אויף דעם זמן וואס אידן זיינען געווען אין מדבר, און דערנאך קומט דער פסוק "ה׳ בדד ינחנו וגו׳", ווי רש"י טייטשט אפ "ה׳ בדד ובטח נהגם במדבר", וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס בלעם האט געזאגט אויף אידן "הן עם לבדד ישכון" (בלק כג, ט), וואס דאס איז געווען בסוף שנת הארבעים וואס מ׳איז געווען אין מדבר.

און דערנאך קומט דער פסוק "ירכיבהו על במתי ארץ", וואס דאס רעדט זיך וועגן די כניסה לא"י, וואס דאס איז געווען גלייך נאך די ארבעים שנה וואס אידן זיינען געווען אין מדבר. ועד"ז דער המשך הפסוק "ויאכל תנובות שדי", איז געווען גלייך נאך די כניסה לארץ, ווארום גלייך ווי מ׳איז אריין אין א"י, האט מען שוין געגעסן די פירות פון א"י, וואס דאס איז דער ענין פון "תנובות שדי", ווי רש"י טייטשט אפ "אלו פירות א"י שקלים לנוב כו׳".

ועפי"ז דארף מען זאגן אז דער פסוק "חמאת בקר וגו׳" וואס קומט גלייך לאח"ז, איז געווען אין סדר הזמנים אויך גלייך נאך דערויף, ד.ה. גלייך נאך די כניסה אין א"י.

כח. און דאס וויל רש"י באווארענען אז דער ענין פון "חמאת בקר וגו׳" איז ניט געווען גלייך נאך דערויף וואס מ׳איז אריין אין א"י, נאר "זה הי׳ בימי שלמה", ועד"ז בנוגע צו "חלב כרים", אז "זה הי׳ בימי עשרת השבטים", און ניט גלייך לאחרי הכניסה לא"י.

וואס אע"פ אז אפי׳ אויב רש"י וועט זאגן אז דאס איז געווען גלייך נאך די כניסה לא"י, וועט ביים בן חמש למקרא ניט זיין קיין קושיא אויף דערויף, ווארום ער האט נאך ניט געלערנט ספר שופטים, וואו ס׳ווערט דערציילט וועגן די בלבולים וכו׳ וואס אידן האבן געהאט זייענדיק אין א"י ביז דעם זמן פון שלמה - אבער אעפ"כ, וויל רש"י זאגן דעם בן

- חמש -

הכש למקרא ווי די זאך איז באמת, וואס דערפאר באווארענט
ער אז דאס איז ניט געווען גלייך נאך די כניסה לארץ, נאר
"בימי שלמה".

ד.ה. אז דאס וואס רש"י זאגט "זה הי׳ בימי שלמה", איז
דאס ניט דערפאר וואס רש"י וויל ברענגען א ראי׳ אז די
הבטחה איז מקוים געווארן - ווארום דאס וואס דער אויבערשטער
האט מבטיח געווען, וועט זיכער מקוים ווערן,

וואס דערפאר דארף רש"י ניט מפרש זיין וואו זיינען
נתקיים געווארן אלע הבטחות שבתורה - ברכת יצחק ליעקב,
ברכת יעקב לבניו, און די הבטחות פון שירת הים -

נאר דערמיט וויל רש"י באווארענען אז מ׳זאל ניט
מיינען אז דאס איז געווען גלייך נאך די כניסה לארץ, נאר
"זה הי׳ בימי שלמה".

כט. וואס דערמיט ווערט אויך פארשטאנדיק אז די פסוקים
שבפרשתנו רעדן ניט וועגן מעלת א"י בצד עצמה (וואס דאס
ווייסט מען כוין דערפון וואס שטייט פריער - לפני כניסתם
לארץ) - נאר די פסוקים רעדן וועגן די מעלות נפלאות וואס
זיינען צוגעקומען אין א"י לאח"ז (בימי שלמה).

ועפי"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס ס׳שטייט אין פסוק
"ירכיבהו על במתי ארץ <u>ויאכל</u> תנובות שדי", און דערנאך איז
ער ממשיך אן ענין <u>נוסף</u> - "<u>ויניקהו</u> דבש מסלע וגו׳" (און
ניט "ויאכל תנובות שדי ודבש מסלע וגו׳") - ווארום דא קומט
צו אן ענין <u>נוסף</u>. אלס שכר אויף די הנהגה טובה פון אידן.

וואס דער שכר איז: א) דאס וואס כבשו "במתי ארץ",
שפירוש"י קליפ כו׳, און ב) נוסף אויף דעם <u>טבע</u> פון א"י
(הנ"ל, ובפרט לעי׳ דלהלן) - איז <u>ניתוסף</u> געווארן בכניסתם:
"<u>הבאת</u> בקר גו׳ <u>בליות</u> הטה", וכן "דבש <u>מסלע</u>", וואס דאס איז
נוסף אויפן טבע פון א"י, כהדגשתו אז אע"פ אז דאס איז א
<u>סלע</u>, אעפ"כ איז געווען "דבש מסלע" *).

ל. און בדרך אגב באווארענט רש"י דאס וואס מ׳וואלט
געקענט זאגן, אז דאס איז געווען בזמן התנאים והאמוראים,
ווי די גמ׳ זאגט אין תענית (כג, רע"א) אז בזמן ר"ש בן שטח
זיינען געווען "חטים בכליות", ועד"ז איז דא א גאנצע סוגיא
אין כתובות (קיא, ב ואילך) וואס דארטן ווערן דערציילט,
בנוגע צו פסוקים שבפרשתנו, ענינים נפלאים בנוגע צום שבח
פון א"י, ווי ס׳איז געווען בזמן התנאים והאמוראים -

באווארענט רש"י אז מ׳קען ניט זאגן אז כוונת הפסוק

- איז -

---

*) ועפ"ז יומתק מ"ש "וישמן ישורון" ולא העמים שלפניו.

איז צו דעם וואס איז געווען בזמן התנאים והאמוראים -
ווארום דאס איז דאך געווען בזמן הגלות, וואס דעמולט איז
דער ענין פון קיום התומ"צ ניט געווען בשלימות (וכנ"ל אז
תוכן השירה איז, דער שכר וואס אידן וועלן האבן דערפאר
וואס מ'וועט מקיים זיין רצון ה');

נאר דאס איז געווען "בימי שלמה", וואס דעמולט האבן
אידן מקיים געווען רצון ה' כדבעי - און דאס וואס ס'איז
געווען אזא ענין בזמן התנאים והאמוראים, איז דער פי' בזה,
אז דער מעמד ומצב וואס איז געווען בימי שלמה, איז נמשך
געווארן אויך ביז דעם זמן התנאים והאמוראים, דאס איז אבער
געווען בזמן שלמה.

און ס'איז ניט דער טייטש אז פאר ימי שלמה איז ניט
געווען דער ענין - ווארום ס'איז ניט מסתבר צו זאגן אז פון
די כניסה לארץ ביז ימי שלמה איז ניט געווען דער ענין פון
"חמאת בקר וגו'", ובפרט ווי ס'שטייט (דה"א כח, יא-יט) אז
אלע ענינים וואס זיינען געווען ביי שלמה, זיינען געקומען
דורך דערויף וואס דוד האט דאס צוגעגרייט -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פאר ימי שלמה איז
אויך געווען דער ענין, און דאס וואס רש"י זאגט "זה הי'
בימי שלמה" - איז דער ביאור בזה, אז בנוגע צו דעם זמן
וואס איז געווען <u>פאר</u> ימי שלמה, געפינט מען ניט בפירוש
אין פסוק אז ס'זאל זיין דער ענין פון "חמאת בקר וגו'";
דעם ערשטן מאל וואו דער ענין שטייט בפירוש אין פסוק, איז
דאס בנוגע צו שלמה, ווי רש"י ברענגט די ראי' פון פסוק,
וואס דערפאר זאגט רש"י "זה הי' בימי שלמה".

לא. און אין דערויף איז רש"י מדייק "זה הי' <u>בימי</u> שלמה"
(ניט אז אזוי איז געווען ביי שלמה, נאר "<u>בימי</u> שלמה").
והביאור בזה:

וויבאלד אז תוכן השירה איז, אז בשעת אידן וועלן
מקיים זיין רצון ה', וועלן זיי באקומען אלע ענינים טובים,
איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: וואס איז די ראי' דערפון וואס
ס'איז געווען ביי שלמה המלך, אז אזוי וועט אויך זיין
בנוגע צו יעדן אידן?

און אויב מצד דערויף וואס אזוי איז געווען ביי שלמה
המלך - דארף מען ניט אנקומען צו די דוגמא פון שלמה המלך
דוקא, מ'קען ברענגען א דוגמא אויך פון איינעם וואס איז
געווען בזמן הגלות - וואס דאס איז וואס מ'זאגט בנוגע צו
רבינו הקדוש, אז "לא פסקו מעל שולחנו לא חזרת ולא צנון לא
בימות החמה ולא בימות הגשמים" (ע"ז יא, א), און ווי רש"י

- האט -

האט דאס שוין געבראכט בפירושו עה"ת (תולדות כה, כג).

און די קושיא באווארענט רש"י דערמיט וואס ער זאגט "זה הי' בימי שלמה". והביאור בזה:

דאס וואס ס'שטייט אין פסוק אז ביי שלמה איז געווען "עשרה בקר בריאים ועשרים בקר רעי ומאה צאן", איז דאך דער פי' בזה, ניט אז שלמה איז געווען א רועה צאן (אזוי ווי דוד), און אין זיין צאן איז געווען "עשרה בקר בריאים וגו'", נאר דער פי' בזה איז, אז אידן האבן צוגעשטעלט צו שלמה המלך (צו זיין סעודה) "עשרה בקר בריאים וגו'".

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז (ס'איז ניט דער טייטש אז שלמה האט געהאט די "עשרה בקר בריאים וגו'", נאר אז) אידן האבן געהאט "עשרה בקר בריאים וגו'", און זיי האבן דאס צוגעשטעלט צו שלמה המלך.

און דאס איז רש"י מדייק מיט די ווערטער "זה הי' בימי שלמה" - אז "בימי שלמה" האבן אידן געהאט "עשרה בקר בריאים וגו'", און זיי האבן דאס צוגעשטעלט צו שלמה המלך.

לב. דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברענגט פון פסוק אז ס'איז געווען "עשרה בקר בריאים ועשרים בקר רעי וגו'" - איז:

אין פסוק בפרשתנו שטייט דאך "חמאת בקר", וואס דאס מיינט די מובחרים שבבקר, און דערפאר ברענגט רש"י די ראי' דערפון וואס ביי שלמה איז געווען "עשרה בקר בריאים ועשרים בקר רעי", ד.ה. אז ס'איז געווען "בקר רעי", וואס דאס איז סתם בקר, און ס'איז געווען "בקר בריאים", וואס דאס זיינען די מובחרים שבבקר (ראה פירש"י שם) - איז דערפון די ראי' אז בימי שלמה איז געווען "חמאת בקר" *).

עד"ז בנוגע צו "חלב כליות חטה" וואס רש"י זאגט אויף דערויף "זה הי' בימי שלמה", און ער ברענגט אויף דערויף די ראי' דערפון וואס שטייט אין פסוק "ויהי לחם שלמה וגו'" - וואס בהמשך הפסוק שטייט: "ויהי לחם שלמה שלשים כור סולת וששים כור קמח".

וואס דא איז אויך ע"ד האמור לעיל ביי בקר: ס'איז דא קמח סתם, און ס'איז דא "סולת", וואס דאס איז א קמח משובח ביותר - וואס דאס איז אויך דער פי' פון "חלב כליות חטה", אז די חטה איז געווען משובחת ביותר.

- לג. -

---

*) ומ"ש רש"י "חמאת בקר - הוא שומן הנקלט מע"ג החלב" - הרי"ד תוס' ביאור לפירושו (שהכוונה למובחר שבבקר), כדמוכח מפירושו ב"כליות", ועוד.

לג. מ׳דארף נאך אבער פארשטיין: בנוגע צו "חמאת בקר", ברענגט רש"י די ראי׳ פון פסוק, און איז אויך מעתיק וואס ס׳שטייט אין פסוק: "עשרה בקר בריאים ועשרים בקר רעי וגו׳", משא"כ אבער בנוגע צו "חלב כליות חטה", ברענגט רש"י פון פסוק נאר די ווערטער "ויהי לחם שלמה", און ער ברענגט ניט דעם המשך הכתוב (וואס לחם שלמה איז געווען), ער איז דאס נאר מרמז מיטן "וגו׳" - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט ניט רש"י דעם המשך הפסוק וואס דערפון האט מען די ראי׳ (ע"ד ווי ביי בקר)?

איז דער ביאור בזה:

דאס וואס ס׳שטייט אין פסוק "ויהי לחם שלמה ליום אחד", גייט דאס סיי אויף דעם וואס ס׳שטייט אין דעם פסוק "שלשים כור סולת וששים כור קמח", און סיי אויף דעם וואס ס׳שטייט אין דעם פסוק שלאח"ז "עשרה בקר בריאים ועשרים בקר רעי וגו׳", וואס דאס ווערט אויך נכלל אין "לחם שלמה".

און ווי רש"י האט שוין געזאגט פריער (ויצא לא, נד) אז דער ענין פון "לחם" איז כולל די גאנצע סעודה, איז עד"ז אויך בנוגע צו "לחם שלמה", אז דאס איז כולל די גאנצע סעודה, און די "עשרה בקר בריאים וגו׳".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק פארוואס קען רש"י ניט ברענגען דעם המשך הפסוק, נאר ער מוז ברענגען נאר די ווערטער "ויהי לחם שלמה (און דעם המשך הכתוב איז ער מרמז מיטן) וגו׳". והביאור בזה:

ווען רש"י וואלט געבראכט דעם פסוק "ויהי לחם שלמה ליום אחד שלשים כור סולת וששים כור קמח", וואלט דער בן חמש למקרא געקענט מיינען אז רש"י האלט אז נאר דער ענין גייט ארייז אין "לחם שלמה" (און ניט די "עשרה בקר וגו׳"), וואס דאס איז בסתירה צו דעם וואס רש"י האט שוין געזאגט אז "לחם" איז כולל די גאנצע סעודה.

און דערפאר זאגט רש"י נאר "ויהי לחם שלמה <u>וגו׳</u>", וואס בשעת דער בן חמש למקרא וועט ארייגקוקן אין פסוק, וועט ער זעהן אז דארטן שטייט "שלשים כור סולת וששים כור קמח" - אבער רש"י וויל דאס ניט מעתיק זיין, כדי דער בן חמש זאל ניט האבן קיין טעות אז אין "לחם שלמה" גייט ארייז נאר דער סולת וקמח, און ניט די בקר.

לד. בנוגע צו דעם וואס רש"י זאגט אז "חלב כרים" און "דם ענב תשתה חמר", איז געווען "בימי עשרת השבטים", וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: דעמולט האט מען דאך געטאן היפך רצון ה׳ - איז דער ביאור בזה:

- אין -

אין דעם פסוק שלאח"ז (פרשתנו לב, טו) שטייט: "וישמן ישורון ויבעט", ד.ה. אז ס'קען אמאל זיין אז פון דעם "וישמן" (וואס מ'האט אלע גוטע זאכן) זאל ארויסקומען דער ענין פון "ויבעט".

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די "עשרת השבטים", אז ביי זיי איז געווען דער ענין פון "וישמן ישורון ויבעט", אז מצד דערויף וואס זיי האבן געהאט אלע גוטע ענינים, איז ביי זיי ארויסגעקומען דער "ויבעט".

עס מוז טאקע ניט זיין באופן כזה (אז פון דעם "וישמן" זאל ארויסקומען דער "ויבעט"), ס'קען אבער אמאל זיין באופן כזה.

ועפי"ז קומט אויס אז דער פי' אין די פסוקים דארטן איז, ניט נאר אז מ'האט צו זיי גע'טענה'ט אז זיי זיינען "שאננים", און זיי האבן אלע גוטע זאכן, און אעפ"כ טוען זיי היפך רצון ה' - נאר דאס איז גאר א <u>סיבה</u>, אז מצד דערויף וואס זיי האבן געהאט אלע גוטע זאכן, איז ביי זיי געווארן דער ענין פון "וישמן ישורון ויבעט".

לה. דער ביאור אין דעם וואס בנוגע צו "ויניקהו דבש מסלע" דארף רש"י ברענגען די גאנצע אריכות הסיפור:

פון לשון הפסוק "ויניקהו דבש מסלע" איז משמע, אז פון דעם "סלע", האט מען גלייך דעם "דבש", און מ'דארף ניט אנקומען צו קיין פעולה נוספת.

אבער לכאו', איז דאך די מציאות ניט אזוי, נאר מ'דארף אויסקוועטשן די המרים כדי אז פון זיי זאל ארויסקומען דבש -

אויף דערויף ברענגט רש"י דעם גאנצן סיפור, וואס דערפון זעט מען אז פון די קציעות האט מען גלייך געהאט די דבש, אן קיין פעולה נוספת - ווארום יענער האט אריינגעלייגט אין חבית "קציעות" (ניט קיין דבש), און דערנאך האט מען געזעהן אז "הדבש צף על פי'", אן קיין פעולה נוספה, ווארום יענער האט דאך ניט געוואוסט אז דארטן איז דא דבש, והראי', אז ער האט אים ניט באווארענט לכתחלה ער זאל וויסן אז אין דעם דבש זיינען דא קציעות, ד.ה. אז דער דבש איז ארויסגעקומען פון די קציעות אן זיין פעולה.

אבער עפי"ז איז ניט פארשטאנדיק: דער "ויניקהו" גייט דאך (ניט נאר אויף "דבש מסלע", נאר) אויך אויף "<u>ו</u>שמן מחלמיש צור" - דארף מען דאך זאגן אז ביי די זיתים איז אויך באופן כזה, אז גלייך פון דעם "חלמיש צור" האט מען די שמן, אן קיין פעולה נוספת - האט דאך רש"י געדארפט ברענגען א דוגמא אויף דעם וואס מ'האט געהאט שמן פון זיתים אן קיין

- פעולה -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

פעולה (ע"ד ווי ער ברענגט די דוגמא בנוגע צו דבש)?

האט דאס רש"י באווארענט בפירושו לפנ"ז:

איך אנהויב פ' תבוא טייטשט אפ רש"י אויף "זית שמן" - "זית אגורי ששמנו אגור בתוכו", וואס דער פי' בזה איז, אז די שמן געפינט זיך אין דעם זית, איך אן אופן אז מ'דארף ניט האבן קיין פעולה צו ארויסנעמען די שמן פון דעם זית, נאר ער גייט ארויס פון זיך אליין.

וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו ענבים, אז ס'שטייט "ודם ענב תשתה חמר", ד.ה. אז פון די ענבים האט מען גלייך די יין, אן קיין פעולה נוספת, איז עד"ז אויך בנוגע צו זיתים.

און דאס וואס מ'געפינט אז ביי ענבים דארף זיין דער ענין פון סחיטה, כדי אז פון זיי זאל ארויסקומען יין, ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין פ' וישב (מ, יא) "ואקח את הענבים ואשחט אותם אל כוס פרעה" - איז דאס דוקא ווען מ'וויל האבן א ריבוי יין, משא"כ אבער ווען מ'וויל נאר האבן ווייניק יין, דארף מען אויף דערויף ניט האבן קיין פעולה.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו זיתים, אז גלייך ווי "מגרגרו בראש הזית כו'", האט ער שוין דעם שמן, אן קיין פעולה נוספת. משא"כ אבער בנוגע צו תמרים, וואס ע"פ טבע דארף מען אנקומען צו א פעולה נוספת כדי מ'זאל האבן די דבש - וואס דערפאר דארף רש"י ברענגען דעם סיפור הנ"ל, וואס דארטן זעט מען אז ס'איז געווען אן ענין של נס, אז פון די תמרים האט מען גלייך געהאט דבש, אן קיין פעולה נוספת *).

- לו. -

---

*) נאך שבפ' בא (יג, ה) פרש"י: "ארץ זבת חלב ודבש - חלב זב מן העזים והדבש זב מן התמרים ומן התאנים" -

כנראה "זב" הוא ע"י החום (ראה פרש"י בנכמרו (מקץ מג, ל. וראה לקו"ש מקץ תשל"ו, ושם ס"ח)) כשנתכווצה התמרה (בדוגמת - כובש) במילא יוצא וזב הדבש שהוא רב מאד כמו בחלב עזים - משא"כ ב"אגור".

ומכיון שבמציאות, בכל הפירות הנ"ל (שאפילו בן ה' רואם) הנה בתאנים ותמרים - אין הדבש אגור, בענבים - אגור ובזיתים - ב' מינים. ובפרש"י (תבוא שם) - שבא"י האגור, וכנ"ל, פשיטא שאין לחדש נס ושלא נזכר בשום מקום, שהיו תמרים שהדבש אגור בהם כיין בענבים - ולכן צריך רש"י להביא הסיפור הנ"ל, שהחידוש בו, דגם בסיכני - בסלע - צומח וגם בריבוי (כנ"ל).

לו. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

אין זהר ר"פ האזינו שטעלט ער זיך אויפן פסוק "כתפוח בעצי היער כן דודי בין הבנים וגו׳" (שה"ש ב, ג), וואס דער ענין פון "עצי היער" גייט אויף "כל חילין עילאין ותתאין".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז דער זעלבער תוכן פון "ואין עמו א-ל נכר", ד.ה. אז ס׳רעדט זיך ניט וועגן "עצמות", און אפי׳ ניט וועגן שם הוי׳, נאר וועגן די דרגות שלמטה מזה, וואס אויף דערויף זאגט מען אז דער אויבערשטער איז "כתפוח בעצי היער".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו אידן מיט או"ה, אז "כשושנה בין החוחים כן רעיתי בין הבנות" (שה"ש שם ב).

ועפי"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ברענגט ער ניט דארטן דעם ענין פון "רברבא" - ווארום דער תוכן פון "כתפוח בעצי היער גו׳" איז דער זעלבער ווי דער תוכן פון "ואין עמו א-ל נכר" ברענגט ער ניט דעם ענין פון "רברבא", ווארום אין בריאה איז ניט שייך דער ענין פון "א-ל נכר", איז עד"ז אויך בנוגע צו "כתפוח בעצי היער".

לז. ס׳איז אבער דא דער פי׳ פון רמ"ז אויפן זהר אין ר"פ האזינו, וואס דארטן טייטשט ער אפ אז מלאכא מיינט "מלאך מן היצירה", און שליטא אחרא גייט אויף "אורות הבריאה שהם השרפים".

ועפי"ז איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט ער ניט אין זהר א דריטער לשון, שולל זיין אויך דעם ענין פון עולם העשי׳?

איז דער ביאור בזה: ער זאגט דאך אין זוהר: "זכאה הולקהון דישראל מכל עמין עכו"ם דהא כל שאר עמין אתיהיבו לרברבן כו׳", ופי׳ הרמ"ז "הם הע׳ שרים שהרי כל הסט"א עיקרה בעולם העשי׳" *) - איז דאך פארשטאנדיק אז ב׳דארף שוין ניט באווארענען דעם ענין פון עולם העשי׳.

לח. דער צ"צ אין די רשימות אויף תהלים (יהל אור ע׳ הקי) ברענגט אראפ דעם זהר "כתפוח בעצי היער כו׳ דלא יהב לון קב"ה לא למלאכא כו׳ כי חלק כו׳ וכתיב כי יעקב בחר לו י-ה", און ער ברענגט אז "הרמ"ז שם האריך, ופי׳ כי י-ה הם הו"ב, הם בהרו ובירר הניצוצים שנפלו מעולם הנקודים שמהם נעשו נש"י כו׳", ד.ה. אז אין דעם פסוק רעדט זיך וועגן דעם ענין פון בירור הניצוצות, וואס דאס איז פארבונדן מיט י-ה, חו"ב, ווארום "בחכמה אתברירו" (אגה"ק סכ"ח).

- ועפי"ז -

------------

*) ומה שפירש בלקוטי לוי"צ ש"רברבן" קאי על השרפים שבעולם הבריאה - הרי"ז משום ששם מפרט דרגין.

ועפי"ז קען מען מבאר זיין דאס וואס ער ברענגט ניט דעם ענין פון "דברבא" וואס גייט אויף עולם הבריאה - ווארום דער ענין פון בירורים איז שייך נאר אין עולם היצירה, וואס דארטן איז טוב ורע אין אן אופן פון מחצה על מחצה, משא"כ אין עולם הבריאה איז ניט שייך דער ענין הבירורים.

און מ׳קען דאס אויך מבאר זיין באופן אחר, אבער אין כאן מקומו.

לט. און דער עיקר וואס איז נוגע צו אונז איז - אז מ׳זאגט "כי חלק ה׳ עמו יעקב חבל נחלתו", און "כי יעקב בחר לו י-ה", ד.ה. אז אפי׳ ווען ס׳דעדט זיך וועגן "יעקב", ניט דער שם המעלה פון אידן, "ישראל", וואס דאס איז פארבונדן מיט "שרית עם אלקים גו׳" (וישלח לב, כט), נאר דער שם "יעקב", מלשון עקב, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "וידו אוחזת בעקב עשו" (תולדות כה, כו),

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, וואס דעמולט איז דא דער ענין פון "וידו אוחזת בעקב עשו" -

איז אויך דעמולט זאגט מען אז "כי חלק ה׳ עמו יעקב חבל נחלתו", און נאכמער: "כי יעקב בחר לו י-ה", וואס י-ה איז נאך העכער פון שם הוי׳, איז אפי׳ ביי "יעקב" דא דער ענין פון "בחר לו י-ה".

און מ׳זאגט אז "יעקב חבל נחלתו", וואס דאס איז פארבונדן מיט די שלשה אבות, אברהם, יצחק און יעקב, "כחבל הזה שהוא עשוי בג׳ גדילים" (פירש"י האזינו לב, ט), וואס דעמולט איז דא דער ענין פון "והחוט המשולש לא במהרה ינתק" (קהלת ד, יב).

און צוזאמען דערמיט איז אויך דא דער "חוט המשולש" פון תשובה, תפלה און צדקה (וואס איצטער קומט מען דאך פון עשי"ת), צוזאמען מיט די זאכן וואס שטייען אין די מחזורים אויף "ותשובה ותפלה וצדקה" מיט קליינע ווערטער, און צוזאמען מיטן "חוט המשולש" פון ישראל אורייתא וקוב"ה כולא חד.

וואס דורך די דריי ענינים טוט מען אויף אז אויך אין זמן הגלות, און אין דער דרגא פון "יעקב", זאל זיין דער ענין כון "יעקב חבל נחלתו", און "כי יעקב בחר לו י-ה".

ביז אז ס׳ווערט דער ענין פון "וגם אויביו ישלים אתו" (משלי טז, ז), מיטביידע פירושים וואס זיינען דא אין "ישלים" - מלשון שלום, און מלשון שלימות, ע"ד הענין פון זדונות נעשו לו כזכיות (וואס טוט זיך אויף ביוהכ"פ), אז

- ניט -

ניט נאר וואס די זדונות ווערן בטל, נאר זיי ווערן נהפך לזכיות.

און נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, שטייען אידן אין אן אופן פון "קוממיות", און ניט נאר וואס מ'שטייט אין אן אופן פון "קוממיות", נאר ס'איז אין אן אופן פון "ואולך אתכם קוממיות", ביז אין אן אופן פון הליכה אמיתית - בלי גבול און באין ערוך.

ביז אז מ'קומט צום "ואולך אתכם קוממיות" כפשוטו, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה, און ווי דער דין איז (שו"ע או"ח סקפ"ג ס"י), אז א ברכה מעין שלש דארף מען מאכן בישיבה.

* * *

הנחת הת' בלתי מוגה

בס"ד. שיחת י"ג תשרי, אור לערב חגה"ס ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

צוה לנגן לכתחילה אריבער. ושמחת בחגך. אתה בחרתנו. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת. ניגון של שמח"ת.

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה בסוכות תשבו שבעת ימים (המאמר הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א ויו"ל בקונטרס בפ"ע).

ב. ס'איז דאך דא דער בריוו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס איז געשריבן געווארן אין דעם טאג פון "בשם השם" (וואס אזוי ווערט דאך אנגערופן דער טאג פון מחרת יוהכ"פ) אין שנת תרפ"ט,

ד.ה. אין דעם ערשטן מחרת יוהכ"פ וואס ער איז געווען אין א מעמד ומצב וואס ער האט געקענט שרייבן און פאנאנדערשיקן בכל קצווי תבל מבלי כל מפריע ומגביל, און אויך פארלאנגען די אלע ענינים וועלכע ער שרייבט אין דעם בריוו, דערפאר וואס מ'האט זיך שוין געפונען אין א מעמד ומצב וואס די ענינים האבן געקענט זיין בתכלית השלימות,

שרייבט ער דארטן אז ער האט א "בקשה פרטית", א פרטיות'דיקע בקשה, צו יעדערן וועמען ער שרייבט דעם בריוו (וואס דער בריוו איז דאך א מכתב <u>כללי</u>) - אז בשעת ס'וועלן קומען די טעג פון חגה"ס, זאל מען מאכן ענינים של שמחה און א התוועדות של שמחה, און ווי ער רעכנט אויס דארטן אז ס'זאל זיין סיי בשמחת בית השואבה, און אין שמע"צ ושמח"ת.

ג. וויבאלד אז ער האט געהייסן אפדרוקן דעם בריוו (נוסף אויף דערויף וואס מ'האט דאס דעמולט מפרסם געווען), איז דערפון פארשטאנדיק, אז בכל שנה ושנה ווען ס'קומען ימים אלו, איז די "בקשה פרטית" בתקפה עומדת.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז די אלע ברכות והבטחות וועלכע ער שרייבט דערנאך אין דעם זעלבן בריוו (וואס ראס וועט אראפקומען בגלוי למטה מעשרה טפחים ע"י ההנהגה האמורה, וואס די נקודה בזה איז, אז מ'זאל מאכן ענינים של שמחה און א התוועדות של שמחה, ביז שמחת כל בנ"י) - זיינען אלע ברכות והבטחות און נתינת כח אויך אין אן אופן אז בתקפם עומדים.

וואס אע"פ אז דאס איז געשריבן געווארן אין א משך זמן לפנ"ז, און אין אן אנדער מדינה (זואו ער האט זיך דעמולט געפונען) - איז אבער דער בריוו מלכתחלה פאנאנדערגעשיקט געווארן בכל מקום וואו מ'האט נאר געקענט דערגרייכן,

- און -

און דורך דערויף וואס מ׳האט געהייסן מעתיק זיין דעם בריוו, און דערנאך אויך אפדרוקן - איז ע"פ מאמר הצ"צ וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט איבערגעזאגט כמ"פ (לקו"ש ח"ב ע׳ 522) אז אן ענין וואס קומט אראפ בדפוס איז דאס לדורות, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א בקשה פרטית לדורות, און א נתינת כח לדורות, און די ברכות והבטחות (וועלכע זיינען דערמיט פארבונדן) זיינען אויך לדורות.

עאכו"כ אז איצטער געפינען זיך כו"כ וואס האבן זוכה געווען זיין אין יענעם טאג (אין שנת תרפ"ט) אין זיינע ד׳ אמות, און האבן גלייך געזעהן און געלייענט דעם בריוו, און זיכער האבן זיי גלייך מקיים געווען דעם תוכן המכתב -

ווערט דאס די נקודה המקשרת וואס פארבינדט דעם ענין ווי דאס שטייט אין משפיע, דער כותב המכתב, אז ס׳זאל אראפקומען אין דעם מקבל, אין דעם וואס וועט ליינען דעם מכתב,

און ס׳זאל אראפקומען אין אן אופן וואס איז מתאים צו דעם רצון פון דעם משפיע (דער כותב המכתב) - אז ס׳זאל זיין א שמחה אמיתית, ובפרט ע"ז ניט קיין שמחה וואס איז באהאלטענער-הייד בחדרי חדרים, נאר צוזאמען מיט א שמחה אמיתית זאל דאס אויך זיין א שמחה כפשוטה, אז די שמחה זאל זיין ניכר אויף דעם פנים און אויף די מעשים.

און ווי ס׳שטייט אין פוסקים אז מ׳זעט בטבע האדם אז ווען איז ער שמח - דוקא ווען ער געפינט זיך (ניט ביחידות, נאר) מיט נאך כו"כ מענטשן, ביז וואנעט אז דורך דערויף וואס ער געפינט זיך צוזאמען מיט בנך ובתך עבדך ואמתך, ביז צו די ארבעה (וחמשה) פון דעם אויבערשטן (פירש"י ראה טז, יא), איז דאס מוסיף אין דער שמחה וואס ער האט געהאט מצ"ע פון פריער.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע למילוי בקשה זו - אין וואס פאר אן אופן דאס דארף זיין.

און די וואס ווילן וויסן בפרטיות דאס וואס ס׳שטייט אין דעם בריוו, און מדייק זיין אין דערויף וכו׳ - איז דער בריוו שוין געדרוקט, און איז איבערגעדרוקט געווארן אין ספר המאמרים תשי"א, און דער וואס האט דעם בריוו, קען דאס געבן צו די וואס וועלן דאס ביי אים בעטן, און מ׳קען דאס אויך באקומען אין מזכירות.

וואס דורך דעם וואס מ׳וועט ליינען דעם בריוו, וועט דאס אריינציען נאכמער אין דעם ענין, און מ׳וועט נאכמער מוסיף זיין אין דערויף, מצד דערויף וואס אותיות מחכימות - דורך דערויף וואס מ׳וועט ליינען און מדייק זיין אין דעם

- בריוו -

בריוו, און דער עיקר איז אז מ'וועט דאס מקיים זיין, ווארום "המעשה הוא העיקר". און דאס וועט מוסיף זיין אין המשכת הברכות און אין קיום ההבטחות.

ד. כאמור לעיל אז אין דעם ענין השמחה איז וואס מערעד מענטשן צוזאמען איז די שמחה אלץ גרעסער - דארף מען פועל'ן דעם ענין השמחה אויך ביי א צווייטן אידן.

און אויך: וויבאלד אז אויף יעדער ענין דארף מען האבן סייעתא דשמיא, ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון שמחת יו"ט, אז כדי די שמחה זאל זיין ווי ס'דארף צו זיין, כמבואר אין הל' יו"ט (רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הכ"א. שו"ע אדה"ז או"ח ססתקכ"ט) [וואס דאס גייט דאך אויך אויף שמחת בית השואבה, אע"פ אז מ'זאגט "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו" (סוכה נא, א)], דארף מען האבן אויף דערויף סייעתא דשמיא -

איז ווי גערעדט אין דער שבת'דיקער התוועדות (ש"פ האזינו סי"ב) אז ס'איז דא דער מארז"ל אז "כל המבקש רחמים על חבירו כו' הוא נענה תחלה" (ב"ק צב, א) - אז בשעה מ'וועט זיך משתדל זיין פועל'ן ביי א צווייטן דעם ענין השמחה, און נאך דערויף וואס ער טוט אלץ וואס ס'איז תלוי אין אים, בעט ער און איז מתפלל צום אויבערשטן אז דער אויבערשטער זאל בענטשן אז זיינע דייד וואס ער רעדט מיטן צווייטן אויף אים משמח זיין און אים צוציען זאלן מצליח זיין -

דעמולט ווערט דער ענין אז "הוא נענה תחלה", אז ביי אים וועט זיין דער ענין השמחה אין אן אופן פון "נענה" - בכחו של הקב"ה, וואס ער איז דאך דער מקור פון כל הענינים וכל הברכות, ועאכו"כ אז ער איז דער אמח'ער מקור פון שמחה פורץ גדר, ווארום דער ענין פון פורץ זיין אלע גדרים איז שייך דוקא בנוגע צום אויבערשטן אליין.

ביז וואנעט אז מצד די פארבונדקייט מיטן אויבערשטן, איז יעדער איד פורץ כל הגדרים, ע"י שמחה של תורה און שמחה של מצוה, ובפרט א שמחה וואס איז פארבונדן מיט "ושמחת בחגך" פון חגה"ס, וואס אויף סוכות שטייט אין פסוק דריי מאל "שמחה", ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין יל"ש (אמור רמז תרנד) אז דוקא ביי "חג האסיף" (חגה"ס) שטייט ג"פ שמחה, ווי גערעדט אמאל בארוכה.

און ווי מ'זעט אויך בפשטות אז אין דעם ענין פון שמחה גייט מען מדרגא לדרגא, ביז וואנעט אז מ'קומט צו די שמחה פון שמח"ת, וואס דעמולט איז א שמחה שאין למעלה הימנה, אפי' מערער פון שמחת בית השואבה, אע"פ אז מ'זאגט אז "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו".

- ה. -

ה. וואס דערפאר וויל מען מעורר זיין נאכאמאל וועגן דעם ענין השמחה - מיוסד אויפן בריוו, וואס דאס איז דאך א "בקשה פרטית" - וואס אפי׳ אויב ס׳וואלט געווען אן אמירה סתם, איז דאס אויך א ציווי און א נתינת כח, עאכו"כ אז מ׳איז נאך דערצו מוסיף דעם לשון פון "בקשה", און מ׳זאגט נאך אז דאס איז א "בקשה פרטית",

און ער איז נאך מדגיש אז ס׳איז ניט גענוג דאס וואס ער אליין וועט זיין שמח בשמחה אמיתית, און ס׳איז אויך ניט מספיק דאס וואס ס׳וועט זיין א שמחה אמיתית ביי אים און ביי בני ביתו, נאר ווי ער איז דאדטן מסביר ומרחיב כמה פרטים בדבר, אז ס׳זאל זיין א התוועדות של שמחה פון כו"כ ביחד -

איז א זיכערע זאך אז אויב מ׳וועט נאר וועלן, וועט מען דאס קענען אויספירן בשלימות, ביז אין תכלית השלימות, און אין אן אופן פון א שמחה אמיתית וואס זי איז פורץ כל הגדרים, אפי׳ די גדרים וואס ער האט זיך אליין געשטעלט אז ער כאן וועט ער זיך משתדל זיין, און דערנאך איז וויבאלד ער האט געטאן כל מה שביכלתו, איז וואס קען ער טאן מערער - וואס דאס גופא איז אויך א גדר וואס ער שטעלט זיך אליין, ובמילא, בשעת ביי אים איז דא א שמחה אמיתית, איז דאס פורץ אויך דעם גדר וואס ער האט זיך אליין געשטעלט.

און דאס וואס ער טענה׳ט אז ער האט שוין געטאן כל מה שביכלתו - דארף ער וויסן אז דאס איז ניט ביכלתו (שלו), נאר דאס ווערט אויפגעטאן ע"י היכולת פון דעם כותב המכתב - כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס ביי אים איז געווען די ברכה והצלחה מלמעלה (כמדובר ומסופר בכ"מ), ביז פון מקור כל המקורות, וואס דערפאר איז די יכולת שלו געווען אין אן אופן בלתי מוגבל אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו.

און ווי מ׳האט געזעהן אין דעם חג הגאולה שלו, אז ס׳איז געווען אין אן אופן פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא, און ווי זיי האבן אליין געזאגט אז דורך דעם מאסר איז צוגעקומען א יו"ט ביי אידן, וואס דאס האבן געזאגט די וואס האבן גורם געווען דעם ענין המאסר בדרך הטבע.

און ווי מ׳האט דאס אויך געזעהן בנוגע למצב הבריאות שלו - כידוע צו די וואס האבן גערעדט מיט די רופאים (וועגן די זאך האט זיך עדשט אנגעהויבן), אז מצב הבריאות שלו איז געווען שלא כדבעי, און מ׳ווייסט דאס וואס די דופאים האבן דעמולט געזאגט, וואס דאס איז געווען מיט 18 יאר איידער ס׳איז געווען דער סיום פון עבודתו בחיים חיותו בעלמא דין - און אעפ"כ האט ער מוסיף געווען בעבודתו 18 יאר לאח"ז, סיי בנוגע לעבודתו און סיי בנוגע לעבודתו עם הזולת ביז

- בנוגע -

בנוגע לכל העולם כולו, ואדרבה, אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אויף דערויף "מה זרעו בחיים אף הוא בחיים" (תענית ה, ב), וואס די כוונה בזה איז דאך אז "הוא בחיים" דא למטה, ווארום מ'דארף ניט אויפטאן קיין חידוש אז "יעקב אבינו לא מת" אין עולמות העליונים, ווארום מאי קמ"ל, יעדער איד איז דאך א נצחי, ווי מ'זאגט "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב" (סנהדרין צ, א), עאכו"כ בנוגע צו די אבות וואס "האבות הן הן המרכבה" (ב"ר פמ"ז, ו),

נאר דער חידוש איז, אז "אף הוא בחיים" בפשטות, למטה מעשרה טפחים, ביז וואנעט אז די גמ' (תענית שם) פרעגט א שאלה: אויב אזוי איז וואס איז געוועזן דער ענין וואס "חנטו חנטייא", מיט אלע פרטים וואס די גמ' רעכנט אויס דארטן.

ו. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער בריוו איז שוין געדרוקט געווארן, און איז נתפשט געווארן, און מ'וועט זיכער מקיים זיין את הכתוב בו - ווערן בטל לגמרי אלע ענינים און זהירות'ן וואס די דאקטורים האבן געזאגט בנוגע צו די הנהגה, אז מ'זאל זיך ניט איינמאטערן וכו' וכו', ואדרבה, דאס ווערט אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור, ביז וואנעט אז דאס איז הולך ומתגבר.

ביז וואנעט אז מ'וועט איינעמען איינגאנצן די גאנצע וועלט אין דעם ענין, און אין אן אופן ווי מ'זאגט אויף תורה בכלל, אז ס'וועט זיין דער ענין פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים" (ישעי' יא, ט),

וואס ס'איז דאך ניט דער טייטש אז אין דעם "ים" זיינען ניטא קיין ברואים - ווארום אין ים זיינען דא ברואים, ואדרבה, "כל מה שיש ביבשה יש בים" (חולין קכז, א), נאר דער חילוק איז, אז אין דעם ים איז טאקע דא דער נברא מיט אלע זיינע אברים וגידים וכו', נאר ס'איז אין אן אופן פון "כמים לים מכסים", אז די אלע וואס זיינען ארום אים ביז צו די גאנצע וועלט, זעהן זיי נאר די מים, אע"פ אז דארטן איז דא דער נברא.

און ווי דערמאנט אין די פריערדיקע התוועדות (וא"ו תשרי) דאס וואס חסידות ברענגט אויף דערויף א ראי' פון הלכה, דערפון וואס רשב"ג זאגט אז "כל שהוא מבריית המים טהור" (מקוואות פ"ו מ"ז), און איננו חוצץ (ראה זבחים כב, א. רמב"ם הל' מקוואות פ"ח הי"א),

ד.ה. אז וויבאלד דאס איז א נברא פון מים (ראה חולין כז, ב), איז אע"פ אז דערפון איז געווארן א נברא, וואס מ'זעט אים און מ'קען ראס עסן, ניט טרינקען ווי מים, נאר

- אן -

אן ענין של אכילה [מ'מאכט טאקע אויף דערויף די ברכה "שהכל נהי' בדברו", אבער ניט דערפאר וואס די דגים זיינען מים, נאר דערפאר וואס זיי האבן ניט קיין ברכה מיוחדת] -

איז דאס טאקע אן ענין וואס פון די מים איז געווארן א נברא, אבער אעפ"כ, בנוגע צו די מציאות פון תורה, זאגט רשב"ג אז דאס איז א מציאות פון מים.

וואס דאס איז אויך דער משל וואס ר"ע האט געזאגט, אז א איד מיט תורה איז בדוגמא ווי א דג מיט מים, אז דאס איז מקום חיותו (ברכות סא, ב).

וואס דאס איז ניט בדוגמא ווי א מענטש האט חיות פון דעם אויר, וואס אע"פ אז ער האט טאקע חיות פון דעם אויר, איז ער אבער ניט קיין אויר, ועד"ז בשעת מ'זאגט אז "לא על הלחם לבדו יחי' האדם" (עקב ח, ג), און "לחם לבב אנוש יסעד" (תהלים קד, טו), וועט דאך אבער קיינער ניט זאגן אז א מענטש איז לחם;

משא"כ אבער בנוגע צו נבראים שבים, זאגט מען אויף דערויף אז "כל שהוא מבריית המים טהור" און איננו חוצץ, ד.ה. אז זייער מציאות איז דער ענין המים.

וואס אזוי דארף זיין בנוגע לכל עניני התורה ומצוותי', ועד"ז בנוגע לעניננו - אז מ'איז מקיים דעם ציווי פון דעם בדיוו אין אן אופן אז ווען מ'דערזעט א אידן, זעט מען בגלוי אז ער איז מקיים דעם ציווי פון שמחה, כמבואר בארוכה אין דעם בריוו, און ער איז דאס מקיים אין אן אופן אז ס'זעט זיך אן ניט די מציאות פון דעם אדם השמח, נאר ס'זעט זיך אן די מציאות פון שמחה.

וואס דאס איז דאך אן ענין וואס דארף ניט האבן קיין הסברה, ווארום יעדערער פילט דאס ביי זיך, און ער קען דאס זעהן אויך אויפן צווייטן:

ס'איז דא אמאל ווען א מענטש איז טאקע אין א תנועה של שמחה, אבער אעפ"כ, זעט זיך אן מערער דער מענטש מיט זיינע תכונות, ווי ס'זעט זיך אן תנועת השמחה שבו; ס'איז אבער דא אמאל ווען די שמחה נעמט אים דורך אינגאנצן, וואס דעמולט זעט זיך אן ביי אים תנועת השמחה מערער ווי ס'זעהן זיך אן די תנועות העיקריות שבו אין אן אנדער זמן.

וואס בכל הזמנים כולם קען זיין אז עיקרו איז גאר אן ענין של חכמה והסברה, און ביי א צווייטן איז דער עיקר דער ענין הזכרון און בקיאות, און ביי א דריטן איז דער עיקר דאס וואס ער קאכט זיך אין מסחר, און דאס איז זיין גאנצער חיות;

אבער ווען ס'קומט דער זמן וואס ער איז מקיים דעם

- ציווי -

ציוורי פון שמחה אין אן אופן ווי דער כותב המכתב וויל - איז דאס אין אן אופן אז בשעת מ'גיט א קוק אויף אים, זעט מען ניט דעם סוחר, ניט דעם למדן, ניט דעם ראש ישיבה, ניט דעם משפיע וכו', מ'זעט נאר אז דאס איז א מציאות וואס שטייט אין אן אופן של שמחה.

וכאמור לעיל אז דער ענין השמחה דארף זיין אין אן אופן ווי ס'וועט זיין לע"ל, אז "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", ד.ה. אז לע"ל וועט טאקע זיין א גרויסע וועלט, אין אן אופן פון "גדלו מעשיך" און "רבו מעשיך", ס'וועט אבער זיין אין אן אופן פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים",

אז די גאנצע וועלט מיט אלע פרטים אירע, וועט זיין צוגעדעקט מיט "דעה את ה'", אין אן אופן ווי די מים זיינען מכסה די דגים, אז אע"פ אז ס'איז דא די מציאות פון דעם דג, און מ'זעט אז ער האט "סנפיר וקשקשת", און פונקט ווי ער האט דעם "ראש", האט ער אויך דעם צווייטן קצה פון דעם גוף - אעפ"כ, איז ער צוגעדעקט מיט די מים, אין אן אופן אז מ'זעט נאר די מציאות פון די מים,

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין השמחה, אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "כמים לים מכסים", אז מ'זעט ניט די מציאות פון דעם מענטשן, נאר מ'זעט מערניט ווי די מציאות פון די שמחה.

ז. און ווי דערציילט אמאל באריכה דאס וואס חסידים פלעגן דערציילן ביי א פארברייינגען, אז אמאל אין רוסלאנד זיינען חסידים געגאנגען פון א פארבריינגען, און ס'איז שוין געווען שפעט ביינאכט, און מ'האט פארגעסן אויפן עולם ומלואו, אז די וועלט שלאפט, איז מען געגאנגען אין גאס און געזונגען.

האט מען אנגעטראפן א פאליסמאן - וואס דעמולט איז א איד בכלל געשטאנען אין א תנועה של פחד פאר א פאליציייסקי (וואס דא ווערט דאס אנגערופן א פאליסמאן), ווארום ס'איז געווען אונטערן צאר, וואס דער יחס צו אידן איז געווען ניט כדבעי למהוי -

איז בשעת ער האט דערהערט אז ס'איז א געשריי מיט א געזינגעריי וכו', האט ער גלייך א געשריי-געטאן "קטא אידיאט" (ד.ה. ווער גייט דא).

די חסידים זיינען דאך געשטאנען אין זייער וועלט - איז אבער ווען מ'פרעגט א שאלה, דארף מען ענטפערן [ווארום ס'איז דא א דרגא אין שמחה וואס ער ענטפערט אויף דעם וואס מ'פרעגט ביי אים], איז בשעת דער חסיד האט געהערט די שאלה

- "קטא -

"קטא אידיאט", וואס די צווייי ווערטער האט ער געקענט אויך אויף דוסיש - האט ער אים גענטפערט "ביטול אידיאט"!

וואס דער חסיד האט דאך ניט געוואלט זאגן קיין ליגן ח"ו, ס'איז אים קיינמאל ניט איינגעפאלן, און ער האט אויך ניט געוואלט אויספיינען זיך פאר דעם פאליסמאן, ווארום יענער האט זיך בכלל ניט פאנאנדערגעקליבן וואס איז "ביטול", ער האט דערצו קיין שייכות ניט געהאט;

נאר בשעת מ'האט ביי אים געפרעגט "קטא אידיאט", איז געווען דער מענה אין אן אופן טבעי אז ווער גייט - ביטול גייט, ד.ה. אז ער גייט, ס'גייט א מציאות, אבער ווער גייט - פילט ער אז ביטול גייט.

וכידוע אויך דער סיפור וואס מ'דערציילט אויף דעם אלטן רבי'נס א חסיד ר' בנימין קלעצקער (לקו"ש ח"י ע' 105) - וואס דאס איז דאך א סיפור פון דעם אלטן רבי'נס א חסיד, במילא קען מען דאך טראכטן אז ווער קען זיך צו אים גלייכן;

איז דאך אבער דער סיפור הנ"ל פון חסידים וואס זיינען ניט געווען קרואים בשם, זיי האבן פון זיך ניט געמאכט, און מ'האט פון זיי אויך ניט געמאכט, און אעפ"כ דערציילט מען בפשטות, אז בשעת מ'האט געטראפן א פארשטייער פון דעם "צאר" (וואס ביי זיי איז געווען אפגעלייגט אז ווען ס'גייט דורך א פאליציייסקי איז דאס א פארשטייער פון דעם "צאר" אליין, און אז ער פרעגט ביי אים עפעס, דארף ער אים ענטפערן דעם אמת) - זאגט ער אים אז ס'גייט ביטול.

ח. און מ'דערמאנט דאס איצטער, דערפאר וואס אע"פ אז מ'געפינט זיך אין א מדינת הרווחה, און דער אויבערשטער האט איינגעשטעלט אין אן אופן אז ס'איז די ומספיק און מ'קען יוצא זיין מיט יראת ה', וואס דעמולט דארף מען ניט האבן קיינע ענינים של יראה אחרת,

וואס דאס איז ניט דערפאר וואס ער איז צוגעקומען דערצו ע"י עבודה, נאר דערפאר וואס מ'געפינט זיך אין א מלכות של חסד, און ע"ד הרגיל זיינען ניטא קיינע סיבות פארוואס מ'זאל שטיין אין א תנועה של יראה ופחד - מערניט ווי בלשון הכתוב "פחדו בציון חטאים" (ישעי' לג, יד), ווי די גמ' (ברכות ס, א) ברענגט דאס אראפ, אז אויב ס'איז דא דער ענין פון "פחדו", און ער געפינט זיך "בציון", צווישן אידן, איז א סימן אז דאס איז פארבונדן מיט אן ענין של "חטאים",

איז וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס ס'איז דא מערניט ווי דער ענין פון יראת ה', ובפרט ווען מ'נעמט אן אויף זיך עול תורה, וואס דעמולט נעמט אראפ דער

- אויבערשטער -

איבערשטער פון אים עול מלכות ועול דרך ארץ, ווי ס'שטייט
אין משנה (אבות פ"ג מ"ה) -

שטייט ער דעמולט אין א תנועה פון יראת ה' און אהבת
ה' בבת אחת, און ווי ס'שטייט אין ספרי (עה"כ ואתחנן ו, ה)
אז בכל עניני העולם איז אויב ס'איז דא דער ענין פון יראה,
קען ניט זיין דער ענין פון אהבה, וויבאלד אז אהבה ויראה
זיינען א סתירה זל"ז, וואס דאס איז נאר בנוגע צו כל עניני
העולם; אבער אין עבודת ה' איז דא דער ענין פון אהבת ה'
און יראת ה' בבת אחת.

און דעמולט קומט אויך ארויס באופן טבעי דער ענין
השמחה, ווארום יראת ה' שטייט ביי אים צוזאמען מיט אהבת ה',
וואס אהבת ה' איז דאך פארבונדן מיט עבודת ה' בשמחה ובטוב
לבב,

וואס דאס איז דאך געזאגט געווארן בנוגע לכל השנה
כולה, עאכו"כ ווען מ'קומט צו "זמן שמחתנו", דער יו"ט וואס
ביי אים שטייט ג"פ שמחה,

ועאכו"כ ווען מ'האט א בקשה פרטית מיט א נתינה כח
במיוחד פון נשיא דורנו, וואס דברי צדיקים קיימים לעד
ופועלים פעולתם, ובשמחה ובטוב לבב.

* * *

ט. בהמשך להמדובר לעיל, קומט נאך צו דער ענין וואס
מ'וויל מעורר זיין עוה"פ אויף אן ענין וואס מ'האט זיך
שוין אזוי נוהג געווען בשנים שעברו - אז מ'זאל איסנוצן
די זמנים פון חוה"מ אויף צו באזוכן אויך אנדערע ערטער.

וואס דארטן דארף מען האבן א תוספת בנוגע צו דעם ענין
פון שמחה, ווארום ווי די שמחה זאל נאר זיין גרויס, איז דא
אלעמאל א מקום להוספה בזה, ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן
שמחה של תורה און שמחה של מצוה, וואס תומ"צ זיינען דאך
למעלה ממדידה והגבלה, איז פארשטאנדיק אז מ'קען אלעמאל
מוסיף זיין אין דער שמחה.

און ווי מ'זעט דאך אז ע"פ דין און ע"פ שו"ע איז א
"פנים חדשות" פארבונדן מיט אן ענין של שמחה (ראה כתובות
ז, סע"ב. שו"ע אהע"ז סס"ב ס"ז), אז דעמולט ווערט לייכטער
און טיפער די שמחה וואס ווערט דורך דערויף ארויסגערופן.

און ווי מ'זעט אויך בפשטות, אז בשעת מ'קומט צוגייין
אדער מ'קומט צופארן ממקום רחוק כדי להשתתף בשמחתו, איז
דאס גופא מעודד ומוסיף ומעורר דעם צו וועמען מ'קומט, אז
ביי אים זאל צוקומען אין דעם ענין השמחה.

וואס דאס איז אויך כולל (און ניט נאר "כולל", נאר

- אדרבה -

אדרבה, דאס איז גאר אן "עיקר") אז מ'זאל באזוכן די אידן וואס געפינען זיך אין בתי כלא אדער אין בתי רופאים (ווי מ'רופט דאס אן דא בתי חולים), און מ'זאל זיי משמח זיין בשמחת יו"ט.

און אין דערויף קומט נאך צו דער ענין פון די ד' מינים, ובפרט בנוגע צו יום הראשון, וואס דעמולט קומט נאך צו ברכת שהחיינו.

און אפי' בנוגע צו די וואס מ'קען צו זיי ניט אנקומען ביו"ט (אדער אז זיי האבן די ד' מינים בלא"ה) - איז דאך דער ענין פון ד' מינים א מצוה בכל יום פון חגה"ס, ועאכו"כ בנוגע צו דעם ענין השמחה, ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין הל' יו"ט (סתקכ"ט ס"ו) אז דער ענין השמחה איז א מ"ע מן התורה בכל יום פון חגה"ס, כולל אויך בחוה"מ.

ובפרט אז אין די טעג פון חוה"מ קען מען אויך צוקומען אין אזוינע ערטער וואס מ'קען ניט צוקומען רגלי, ווארום בחוה"מ קען מען דאך פארן אהינצו - קען מען אויסנוצן די מעגליכקייט אויף צו מוסיף זיין בשמחת יו"ט אויך אין די ערטער, ועד"ז בנוגע צו בתי רופאים און בתי כלא.

און וויבאלד אז "תורה אחת לכולנה" - פאר יעדער אידן בכל קצווי תבל, איז דאך פארשטאנדיק אז המדובר איצטער, און דאס וואס ס'האט זיך גערעדט פאר א יארן עד"ז, מיינט מען דאס, און מ'ווענדעט זיך, און אין אן אופן פון א "בקשה פרטית" (בלשון ווי נשיא דורנו שרייבט אין דעם בריוו) - לכל אחד ואחת וואס געפינט זיך אפי' בקצווי תבל.

י. און אע"פ אז דאס איז אן ענין שהזמן גרמא - דארף אבער זיין דער ענין השמחה אויך ביי נשים ובנות, ווי מ'זאגט דאך אז ס'דארף זיין "בעלה משמחה" (ר"ה ו, ב), און ווי מ'זעט בפועל אז מ'איז משמח נשים ובנות ניט ווייניקער פון די שמחה וואס איז דא ביי אנשים ובנים.

ובפרט נאך ווי מ'זעט בפועל די חביבות פון מצות סוכה און נטילת ד' מינים, וואס איז געווארן בדורות האחרונים ביי נשי ובנות ישראל.

ועד"ז דארף זיין דער ענין פון שמחת יו"ט אפי' בנוגע לקטנים, ווי מ'זעט בפועל דעם מנהג ישראל (וואס "מנהג ישראל תורה היא" (תוד"ה נפסל מנחות כ, ב)), אז מ'איז זיך משתדל אז אויך קטנים וקטנות (אויב נאר הגיעו לחינוך) זאלן וויסן וועגן דעם יו"ט און וועגן שמחת יו"ט, און מ'גיט זיי ענינים לפי ערכם פון וועלכע זיי זאלן זיין בשמחה, כמבואר אין שו"ע (אדה"ז סתקכ"ט ס"ז).

וואס דערפאר איז האמור לעיל חל אויך אויף נשים ובנות

- אז -

- אז בשעת זיי וועלן ארייגצינצען נאך נשים ובנות אין דעם עניין פון שמחת יו"ט, וועט ביי זיי זיין דער עניין פון "כל המתפלל בעד חבירו הוא נענה תחלה", וואס דער עניין איז דא סיי בנוגע צו אנשים און סיי בנוגע צו נשים (ובמדה שוה), ווארום זיל בתר טעמא.

און אין די ערטער וואו ס'געפינען זיך מערניט ווי פרויען, איז בעסער אז אהינצו זאלן גיין מערניט ווי פרויען, מפני כו"כ טעמים פשוטים.

יא. וכאמור לעיל אז די כוונה בזה איז דער עניין המעשה בפועל, ניט ער זאל יוצא זיין דערמיט וואס ער וועט לערנען די הלכות וועלכע זיינען פארבונדן דערמיט, און דערנאך וועט ער טענה'ן אז "כל העוסק בתורת עולה כאילו הקריב כו'" (מנחות קי, א) - דארף מען דא ניט האבן דעם "כאילו", נאר מ'דארף האבן אז דער צווייטער זאל זיין שמח בפועל, און פון זיין לומדות וועט ביים צווייטן ניט ארויסקומען קיין עניין של שמחה.

ווי מ'זעט במעשה בפועל אז אפי' אויב ער וועט לערנען מיט די גאנצע התלהבות די הלכות ווי אזוי מ'דארף משמח זיין דעם חבר, קען טאקע זיין אז אין עוה"ב וועט ער האבן אלע עולמות וואס געהערן דערצו, אבער דעם חבר וועט דערפון ניט צוקומען קיין עניין של שמחה, אזוי איז דער מצב אין עוה"ז הגשמי, צי ס'דארף זיין אזוי אדער ס'דארף ניט זיין אזוי, אבער אזוי איז די מעשה בפועל, און מ'דארף דאך האבן אז דער חבר זאל טאקע זיין שמח בפועל.

וכאן המקום להעיר אז די ענינים דארפן האבן א סידור והסתדרות מבעוד מועד, וואס דערפאר דארף מען אנהויבן צוגרייטן די תכניות בזה וואס פריער, ווי אזוי און ווען און וואו צו באזוכן.

ובפרט נאך אז אין דער קביעות פון היינטיקעד יאר איז דא א שבת אינמיטן חוה"מ, דארף מען דאך באווארענען אז אלע ענינים זאלן זיין בשלימות, און אויך אז דער עניין השמחה זאל זיין בשלימות.

וואס אנשטאט אז אין דערויף זאל זיין א כפל, אז כו"כ מענטשן זאלן באזוכן איין אדם - איז דאך בעסער אז מ'זאל זיך פאנאנדערטיילן אין אן אופן אז בכל מקום זאלן טאקע אנקומען רבים, עכ"פ שנים ומה טוב אז ס'זאלן זיין שלשה, אבער ביחד ע"ז זאל מען אויך דערגרייכן וואס מערער ערטער.

וכאמור לעיל אז דאס מיינט מען סיי די וואס געפינען זיך דא, און סיי די וואס געפינען זיך בכל מדינה זו, און סיי די אלע וואס הערן דאס אדער מ'וועט דאס זיי איבערגעבן -

- וואס -

וואס דאס איז א בקשה פרטית פון דעם רבי'ן נשיא דורנו, וואס ער געפינט זיך אין עולם האמת, און פון דארטן זעט ער וואס ס'טוט זיך דא, און זיכער וועט ער מקיים זיין זיינע הבטחות, צוזאמען מיט זיינע ברכות, צו די אלע וואס וועלן טאן די אלע ענינים, און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב ובהרחבה.

יב. עאכו"כ בנוגע צו ארצנו הקדושה, וואס דארטן דארפן דאך זיין אלע ענינים בשלימות, ווארום א"י איז דאך "ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורמון גו'" (עקב ח, ח), און "לא תחסר כל בה" (שם ט), איז דאך פארשטאנדיק אז אין דער צייט וואס מ'דארף האבן דעם ענין השמחה ביתר שאת וביתר עוז, דארף דאס זיין אין אה"ק נאכמער ביתר שאת וביתר עוז.

וואס דערפאר איז די אלע ענינים וועגן וועלכע מ'האט גערעדט פריער, זיינען אויך בנוגע צו א"י, און דארטן דארף דאס זיין ביתר שאת וביתר עוז.

ובמיוחד משמח זיין די אידן וואס האבן זוכה געווען אז דער אויבערשטער האט זיי אויסגעקליבן און זיי שטייען און זיינען מגין אויף אה"ק והדרים עלי', ביז צו הגנה בגופם כפשוטו,

און דער אויבערשטער זאל מצליח זיין אז דאס גופא וואס זיי שטייען און געפינען זיך דארטן אין דער מציאות, זאל דאס מטיל זיין אימה ופחד, ביז וואנעט אז ס'וועט זיין "ידמו כאבן" - די אלע וואס טראכטן אדער ווילן ח"ו טאן ניט קיין גוטע זאך א אידן, בכל מקום וואו אידן געפינען זיך,

וועט מען יוצא זיין מיט דעם "תפול עליהם אימתה ופחד" (בשלח טו, טז), ביז וואנעט אז ס'וועט זיין דער ענין פון "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד" (בחוקותי כו, ו), ביז וואנעט אז אפי' חרב של שלום לא תעבור בארצכם (פירש"י שם. תענית כב, ב) -

איז דאך פארשטאנדיק, אז די אידן דארף מען משמח זיין כמ"פ ככה.

יג. און מיט דער הסברה (בנוגע צו אלעמען, ועאכו"כ בנוגע צו זיי) אז "ה' אלקיך מתהלך בקרב מחניך גו' והי' מחניך קדוש" (תצא כג, טו) - וואס דערפאר איז אויך דא א שמחה של קדושה, ובמילא איז דאס א שמחה אמיתית, ווארום קודש מוז דאך זיין אמת, ובפרט אז בנוגע צו חגה"ס זאגט אונז "תורת אמת" און "תורת חיים" אז ס'שטייט שמחה ג"פ, וואס בג"פ הוי חזקה.

וואס די הסברה איז פארשטאנדיק אויך בשכל הפשוט (און ס'איז ניט קיין ענין של גזירת הכתוב) - ווי מ'זעט בפועל

- אז -

אז בשעת דער צד שכנגד (ווען ער האט נאך עפעס א מציאות) דערזעט אז אידן שטייען אין א תנועה של שמחה, א שמחה גדולה ואמיתית, און א שמחה וואס איז דורכגענומען מיט א קשר נצחי מיט די תורה הנצחית, און מיטן אויבערשטן וואס "ה׳ אלקים אמת הוא אלקים חיים" (ירמי׳ י, י) -

איז דאס גופא מטיל אימה ופחד אויפן צד שכנגד, ביז וואנעט אז זיי קענען זיך ניט פארטשעפען מיט אידן, ווארום "אין אומה כאומה זו שיודעת אופי׳ של אלקי׳" (ירושלמי ר"ה פ"א ה"ג. טואו"ח סתקפ"א) - מ׳זעט אז אינמיטן א טאג (וואס יענער ווייסט ניט פון קיינע ענינים) איז מען שמח, און מ׳זאגט א פריילעכער ניגון, און מ׳גייט א ריקוד, וואס די איינציקע סיבה אויף דערויף איז, דערפאר וואס זיי זיינען בטוחים אז דער אויבערשטער איז "מתהלך בקרב מחניך".

וואס דאס פועל׳ט אויף או"ה - דורך דעם שר ומזל שלמעלה, און שרים במרום - אז ביי זיי ווערט דער ענין פון ביטול לגבי אידן.

און ווי מ׳זאגט בנוגע צו חגה"ס, אז דעמולט ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "הללו את ה׳ כל גוים שבחוהו כל האמים" (תהלים קיז, א. וראה ד"ה הללו תשל"א), וואס דאס ווערט אויפגעטאן ביי אלע שבעים אומות, אויך די וואס געפינען זיך בקצווי תבל (לגבי א"י), און דאס איז אין אן אופן אז זיי שעמען זיך ניט צו זאגן אז פארוואס זיינען זיי משבח דעם אויבערשטן - דערפאר וואס "גבר <u>עלינו</u> חסדו ואמת ה׳ לעולם".

וואס די התחלה בזה הויבט זיך אן דערפון וואס א איד איז מכריז בגלוי לעין כל, אז ער איז שמח בהקב"ה, און איז שמח בתורתו ובמצוותיו של הקב"ה, ביז וואנעט אז דאס שטייט ביי אים אין אן אופן פון שמחה גלוי׳.

וואס דעמולט איז נוסף אויף זיין יכולת, מצד דעם ענין פון "כוחי ועוצם ידי" - וואס בנוגע לזה קען דאך דער ניט איד אנהויבן אויסמעסטן ווער איז גרעסער און שטארקער - זאגט מען אים אז ער האט צוטאן (ניט מיטן עם, נאר) מיט "ה׳ אלקיך", וואס ער איז "מתהלך בקרב מחניך להצילך ולתת אויבך לפניך" (תצא שם).

יד. ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק אז ווען ס׳קומט אויס א אידן רעדן מיט קיין ניט אידן - איז ער בטוח אז ער וועט מצליח זיין, ווען ער הויבט אן מיט די התחלה והקדמה (און אין אן אופן אז מ׳זעט אז ער מיינט דאס טאקע, און לעבט דערמיט) אז "ה׳ אלקיך מתהלך בקרב מחניך להצילך ולתת אויבך לפניך".

- וואס -

וואס וואו א איד געפינט זיך, און ווי אלט ער זאל נאר זיין, און מיט וואס ער זאל זיך נאר פארנעמען - איז "תורת אמת" מעיד אויף אים אז ער איז א "יוצא צבא בישראל".

וואס אין דערויף זעט מען דאך א דבר פלא:

בשעת מ'האט געציילט אידן, ווערן געבראכט צוויי תנאים בנוגע צו דעם מנין: א) "מבן עשרים שנה", ב) "כל יוצא צבא" (במדבר א, ג. וראה מדרש הגדול עה"פ). און ס'האט זיך ארויסגעוויזן אז ביידע מספרים (דער מספר פון די אידן וואס זיינען געווען פון בן עשרים ביז בן ששים, מיטן מספר פון די יוצאי צבא) זיינען געווען בשוה.

וואס בנוגע צו א יוצא צבא בישראל זיינען דאך פאראן כמה הגבלות - בנוגע צו מחוסר אבר, מיט נאך כמה ענינים, ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין די פוסקים וואס רעדן וועגן די ענינים (וראה גם ספרי עה"פ שופטים יט, יט) -

און אעפ"כ, האט מען געזעהן אז צווישן העכער זעקס הונדערט טויזנט אידן, איז ניט געווען קיין איין און איינציקער איד וואס ביי אים זאלן ניט זיין די אלע תנאים במילואם; אויב ער איז נאר געווען א בן עשרים, איז ער שוין געווען א יוצא צבא בישראל.

און אע"פ אז דערנאך זיינען געווען פארשידענע זאכן וואס האבן גורם געווען אז ס'זאל זיין א שינוי צווישן דעם מספר אידן וואס זיינען געווען פון בן עשרים ביז בן ששים, מיטן מספר פון די אידן וואס זיינען געווען יוצאי צבא בישראל -

איז דאס נאר בנוגע צו די ענינים ווי זיי זיינען בפשטות; אבער בנוגע צו דעם צבא הרוחני, גיט "תורה אמת" די הבטחה, צוזאמען מיט די יכולת און נתינת כח, אז בשעת א איד ווערט "בר מצוה", וואס דעמולט ווערט ער מחוייב במצוות (און נאך פריער - משהגיע לחינוך, וואס דעמולט איז אביו מחוייב לחנכו בנוגע צו לימוד התורה, ועד"ז בנוגע לשאר המצוות (עכ"פ מדרבנן (הל' ת"ת לאדה"ז בתחלתו))) -

ווערט ער שוין א "יוצא צבא בישראל", ער האט שוין א שייכות צו נעמען "וואפן" - דעם אידישן "וואפן", וואס דאס איז דער ענין פון תומ"צ (אדער אז ער איז עכ"פ אזא וואס מ'איז אים מחנך ער זאל זיין א "יוצא צבא בישראל").

וואס דאס זאגט מען אויף יעדער אידן, אן קיין איין און איינציקער אויסנאם, ס'איז מערניט וואס ס'קען זיין אז איינער דארף האבן א לימוד אויף דערויף, בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי די לויים אז מ'האט געדארפט לערנען א משך זמן פון חמש שנים כדי אז ס'זאל זיין דער "לשרת בקודש" (תצוה

- כח, -

כח, מג. פירש"י בהעלותך ח, כד) - אין וועלט גופא זאל זיין "בקודש"; ועד"ז איז דא דער ענין וואס ס'דארף זיין "איש את רעהו יעזורו" (ישעי' מא, ו), וואס איין איד דארף ארויסהעלפן דעם צווייטן אידן אין דעם ענין.

טו. און ווען ס'קומט צו טרעפן זיך מיט קיין ניט אידן - דארף דאס זיין אין אן אופן אז "כל רואיהם יכירום כי הם זרע ברך ה'" (ישעי' סא, ט), און ער טאר זיך דערמיט ניט שעמען ח"ו, נאר אדרבה, ער זאגט גלוי לעין כל אז ער איז א בן אברהם יצחק ויעקב,

און נאכמער: ער זאגט אז ער איז געשטאנען אין מעמד הר סיני, און דעמולט האט אים דער אויבערשטער געזאגט (אלס יחיד) "אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים", און זינט דעמולט איז בטל געווארן דער גדר פון עבדות ביי אידן.

און ווי גערעדט בארוכה (שיחת י"ב תמוז תשל"ז סי"ג. וראה לקו"ש מסעי תשל"ז הע' 17) דאס וואס דער מהר"ל מפראג (בספרו גבורות ה' (פס"א)) איז מבאר (בלשונו ובסגנונו), אז זינט יצי"מ קען ניט זיין קיין מציאות אז א איד זאל זיין אן עבד.

און ווי גערעדט דעמולט בארוכה, אז דאס איז אן איינפאכער דין אין שו"ע חו"מ - ווארום וויבאלד אז א איד איז געווארן אן עבד להקב"ה ביי מעמד הר סיני, זאגט דער אויבערשטער אז "שטרי קודם", ובמילא קען א איד ניט זיין קיין עבד ביי א צווייטן.

און וויבאלד אז ער איז עבדו של הקב"ה, זאגט דער אויבערשטער אז עבדות ביי אים איז אן ענין של חירות, ואדרבה, "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה" (אבות פ"ו מ"ב).

טז. ולא לדרשה קאתינא, נאר דער עיקר איז דער מעשה בפועל - בנוגע צו די אידן וואס דארפן רעדן מיט קיין ניט אידן, סיי אין אה"ק און סיי דא, איז כדי אז ס'זאל זיין בהצלחה, אין אן אופן פון "להצילך ולתת אויבך לפניך", דארף זיין די התחלה בזה דורך דעם וואס ער הויבט אן דערמיט וואס "ה' אלקיך מתהלך בקרב מחניך" (און דער הערער דארף זעהן אז ער מיינט דאס מיט אן אמת).

וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך (ובמילא ווערט דער) ויראו ממך" (הבוא כח, י), און ס'ווערט דער "ונתתי שלום בארץ", וואס בשעת ס'איז דא דער ענין פון שלום זיינען שוין דא אלע ברכות המנויות בפרשה (פירש"י בחוקותי כו, ו), ביז צו "ואולך אתכם קוממיות".

- יז. -

יז. וואס דורך דעם ווערט אויך די הנהגה פון אידן גופא באופן כזה - אז מ'איז מצליח בנוגע צו דעם ענין פון שלימות הארץ (וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיט שלימות התורה און שלימות העם), אז מ'וועט באזעצן גאנץ א"י, א"י לגבולותי'.

ובדוגמא ווי מ'זאגט בנוגע צו תומ"צ כפשוטם, אז מ'דארף טאן דעם מעשה בפועל, ווארום "המעשה הוא העיקר", איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון שלימות הארץ, אז מ'דארף טאן דעם מעשה בפועל - באזעצן כל א"י כולה, און מ'וועט מצליח זיין אין דערויף.

און טאן דאס אין אן אופן פון "אל תתגרה בגוי קטן", ועאכו"כ בנוגע צו א "גוי גדול", ד.ה. ניט ער זאל קומען רייצן זיך, און זאגן הערט זיך איין: איך האב געטאן איימיצן אויף צו להכעיס, און איך האב אויסגעפירט, און איך וועל פון יענעם ניט נתפעל - ניט אין דערויף באשטייט שלימות הארץ;

שלימות הארץ באשטייט אין דעם וואס אידן באזעצן גאנץ א"י לגבולותי', וויבאלד אז גאנץ א"י געהערט צו אידן, יעדער שטח פון א"י, אפי' א טפח, עאכו"כ אן אמה, ועאכו"כ ד' אמות, געהערט דאס צו אידן, און קיינער האט דערצו קיין שייכות ניט.

בשעת ער וויל אבער באווייזן "כוחי ועוצם ידי", און איז מכריז בפה גדול ובפה מלא און מיטן גאנצן שטורעם, אז ער האט אפגעטאן דעם ענין, א צווייטן ענין, א דריטן ענין - העלפט דאס גארניט צו צו דעם ענין, נאר אדרבה, ווארום בשעת ער רופט ארויס ביי זיך דעם רגש פון "כוחי ועוצם ידי", רופט דאס ארויס ביי דעם ניט אידן אז ער דארף אויך באווייזן זיין "כוחי ועוצם ידי", און ער פארמעסט זיך וועמעס "כוחי ועוצם ידי" איז גרעסער.

משא"כ אבער בשעת מ'וועט טאן אין דערויף במעשה בפועל - וואס פון דעם מעשה בפועל וועלן די ניט אידן וויסן, און זיי ווייסן אויך בלא"ה, מ'וועט אבער ניט מאכן דערפון קיין ענין וואס מ'וויל זיך רייצן און באווייזן דעם "כוחי ועוצם ידי" - דעמולט וועט מען מצליח זיין אין דערויף.

ובפרט אויב דאס וועט געטאן ווערן צוזאמען מיט דער הכרזה אז מ'געפינט זיך נאך אין גלות, ווארום ס'איז נאך קודם הגאולה (אפי' קודם אתחלתא דגאולה), ואדרבה, ס'איז א חושך כפול ומכופל פון גלות, און מ'האט אויף זיך דעם ציווי פון "דינא דמלכותא דינא" (גיטין י, ב) - אין ענינים וואס רירן ניט אן אין יראת שמים,

און מ'האט אויף זיך דעם ציווי פון "אל תתגרה בגוי קטן", ועאכו"כ בנוגע צו "גוי גדול", עאכו"כ בנוגע צו

- יעדער -

יעדער אידן וואס געפינט זיך אין א מדינה מסוימת וואו דער אויבערשטער האט אים אהינצו געשיקט, וואס ס'איז דאך "מה' מצעדי גבר כוננו ודרכו יחפץ" (תהלים לז, מג) - דארף ער זיך רעכנען מיטן שר שלמעלה פון יענע מדינה, וואס ער האט זיינע באי כח דא למטה, וואס "מזלייהו חזי", און דורך זיי קומען אראפ די ענינים ווי זיי זיינען ביים שר שלמעלה.

וואס בנוגע צו ענינים פון יר"ש און תומ"צ, ובעניננו - דאס וואס גאנץ א"י געהערט צו אידן, אין דערויף איז ניט שייך דער ענין פון "דינא דמלכותא דינא", ווארום אויף דערויף זיינען גויים ניט קיין בעה"ב'ים;

בשעת מ'זאגט אבער א אידן: וואס דארפסטו זיך רייצן, און וואס דארפסטו זיך בארימען און זאגן "כוחי ועוצם ידי" - איז דאס א טענה שאין עלי' תשובה, און וויבאלד אז אין עלי' תשובה, שלעפט דאס אויך ארייך די ענינים וואס מ'מעג זיי טאן, און נאכמער: וואס <u>מ'דארף</u> זיי טאן.

יח. און ווי מ'זעט דאס אויך בפועל:

ביז איצטער האט מען דאך אויך באזעצט דעם שטח און יענעם שטח, און ס'איז ניט געווען קיין סוד נאר אלע האבן געוואוסט דערפון -

איז כ"ז מ'האט געשוויגן און ניט געטומלט וועגן דערויף, איז בשעת ס'איז געקומען דער וואס וויל טומלען וועגן דערויף אין דער עיר הבירה צי אין אן אנדער עיר הבירה, האט מען זיך געמאכט ניט ווימנדיק;

מ'האט געזאגט אז מ'וועט חוקר ודורש זיין, מ'וועט מאכן א קאמיטע, מ'וועט מאכן אן אסיפה, און אויף דער אסיפה וועט מען מחליט זיין אז מ'דארף מאכן נאך אן אסיפה, און אזוי וואלט מען געצויגן ביז וואנעט משיח צדקנו וועט קומען.

וואס אזוי קען דאס אנגיין, און ס'וועט אנגיין, ווארום "דבר אלקינו יקום לעולם" (ישעי' מ, ח) - א"י געהערט צום עם עולם אין אן אופן פון נחלת עולם, ווארום ס'איז געגעבן געווארן פון אלקי עולם.

און דא זעט מען דעם חילוק צווישן די שיטה וואס איז מצליח, מיט די צווייטע שיטה וועלכע האט געבראכט היפך ההצלחה:

בשעת מ'האט געטאן מעשים בפועל היפך פון רצון פלוני בן פלוני, נאר אין אן אופן וואס מ'האט זיך ניט גערייצט, איז דאס דורכגעגאנגען בשקט, ווארום ער אליין ווייסט אז ער קען זיך ניט פארטשעפען, ווייל ס'וועט זיך אנהויבן א גאנצע קושיא און א טומל, וואס אים פעלט דאס ניט אויס, ווארום ער האט אנדערע "טראבעל" (ווי זיי זאגן אין דער מדינה),

- ובמילא -

ובמילא איז אלץ דורכגעגאנגען בשקט, און ס'איז געווען אין אן אופן פון הולך ומוסיף - נאך א נקודה און נאך א שטח;

בשעת מ'האט אבער אנגעהויבן שרייבן וועגן דעדויף אין די צייטונגען, און מאכן הצהרות, און רייצן זיך וכו' - דא האבן זיך אנגעהויבן אלע צרות!

יט. וואס דערפאר איז מה שעבר עבר, און אזוי ווי תשובה העלפט דאך, איז עכ"פ מכאן ולהבא זאל זיין די הנהגה אין אן אופן אז מ'וועט זיך פארבינדן מיט "ה' אלקיך מתהלך בקרב מחניך", און ממשיך זיין ביתר שאת וביתר עוז אין באזעצן וואס מערער נקודות, און באזעצן במעשה בפועל, ווארום "המעשה הוא העיקר".

און טאמער וועט מען ביי אים פרעגן: וואס טוסטו און וואס רעכנסטו טאן וכו' - איז בכלל דער וואס פירט אונטערהאנדלונגען, דארף מען אים ניט לערנען ווי אזוי ער זאל זיך משתמש זיין פון אן ענטפער.

ובפרט נאך אז אויב מ'וועט אים זאגן וואס ער זאל ענטפערן, וועט דאס אים מסתמא ניט געפעלן, וויבאלד אז דאס איז ניט זיין המצאה.

מ'דארף נאר האבן אז ער זאל טראכטן אין דער ריכטונג, און ס'איז ניט אזוי נוגע דאס וואס ער וועט זאגן בדיבור, דער עיקר איז דער ענין פון מעשה בפועל.

וואס בנוגע למעשה בפועל דארף דאס זיין אין אן אופן פון הולך ומוסיף וכובש, אז מ'וועט באזעצן וואס מערער ערטער, און די התיישבות וועט זיין צוזאמען מיט ישיבות פון תורה, און וויבאלד אז "לימוד מביא לידי מעשה", וועט אויך זיין דער ענין פון קיום המצוות בהידור. -

וואס דורך דעם "הקול קול יעקב" אין די בתי כנסיות ובתי מדרשות, וועט זיין נאכמער בגלוי דער ענין פון "ה' אלקיך מתהלך בקרב מחניך".

וכאמור לעיל אז מ'זאל באזעצן וואס מערער שטחים, אבער אין אן אופן פון בחשאי ובלחש (ע"ד ווי גערעדט פריער (שיחות יום ב' דר"ה ודשבת שובה ס"ד) בנוגע צו דעם ענין פון "מתן בסתר"), וואס דעמולט וועט דאס דורכגיין בשלום, וויבאלד אז כלפי חוץ וועט מען דאס טאן אין אן אופן אז מ'וועט זיך ניט רייצן, און מ'וועט ניט מאכן קיין הצהרות, און ניט באווייזן דעם "כוחי ועוצם ידי" (וואס דעמולט קען מען האבן א טענה כנ"ל).

וכאמור לעיל אז מ'זעט בפועל אז די שיטה פון טאן בחשאי, און ניט דערציילן וועגן דעם, און זיך משתמש זיין

- פון -

פון אן ענטפער - האט דאס מצליח געווען; און די צווייטע שיטה האט געבראכט ענינים פון היפך השלום, און היפך מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, מיט אלע שווערקייטן וואס מ'האט איצטער.

כ. און דאס וואס ס'דארף זיין בגלוי איז - אז "אנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר" (תהלים כ, ח), וואס "נזכיר" מיינט דאך א זכירה בפועל, ביז אז דאס קומט אראפ אין אן אופן של דיבור,

און "בשם אלקינו נדגול" (שם ו), ד.ה. אז אפי' בשעת מ'דארף באווייזן אז מ'האט נשק (ווארום מ'איז דאך פארבונדן מיט דרכי הטבע) - איז אבער דער "דגל" אין אן אופן אז דארטן שטייט אז דא גייען "שבטי י-ה", צבאות ישראל, צבאות ה',

[בדוגמא ווי ס'שטייט אין מדרש (במדב"ר פ"ב, ז) אז דער דגל פון יעדער שבט איז געווען פארבונדן מיט חלקו בארץ, וואס דערפאר איז געווען אזא פארב און אזא צורה, ארי' וכו', ווי ער רעכנט אויס אין מדרש].

און דעמולט וועט מען ניט דארפן אנקומען צו ענינים של מלחמה בפועל ח"ו, און אפי' ניט צו ענינים של תגרה (קריגן זיך בגלוי), נאר מ'וועט יוצא זיין דערמיט וואס מ'האט כלי זין.

און ווי רש"י (דברים א, ח) ברענגט אראפ אז ווען אלץ וואלט געווען כדבעי, וואלט מען אפי' ניט געדארפט אנקומען צו כלי זין, אבער אזוי ווי ס'איז געווען דער חטא המרגלים, דארף מען אנקומען צו כלי זין - אבער די כלי זין דארף מען ניט נוצן, נאר מ'איז יוצא דערמיט וואס מ'האט די כלי זין.

און ביחד ע"ז איז מען הולך וכובש, ביז וואנעט אז מ'וועט כובש זיין גאנץ א"י לגבולותי', און מ'וועט דערפון מאכן אן "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב), אז אין יעדער טאג וועט דארטן זיין אזוי ווי אין דעם טאג פון "ראשית השנה" - ר"ה, וואס דעמולט טרייסלט זיך דאך יעדער איד מפני פחד ה' והדר גאונו (איך וואס פאר אן אופן ער זאל נאר זיין במשך כל השנה כולה) - וועט אזוי אויך זיין "מרשית השנה ועד אחרית שנה", יעדער טאג פון יאר.

און מתוך שמחה וטוב לבב וועט מען מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום המצוות, און אין ישוב א"י ע"פ התורה,

און דאס וועט זיין די הכנה קרובה - צוזאמען מיטן ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - צו דעם ענין פון "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", וקאתי מר דא מלכא משיחא,

וואס ביי אים וועט זיין דער ענין פון יכוף כל ישראל ללכת בדרכה ולחזק בדקה, וילחום מלחמת ה' וינצח, ויבנה

- ביהמ"ק -

ביהמ"ק במקומו, ויקבץ נדחי ישראל, און דעמולט וועט זיין דער ענין פון "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו׳ לעבדו שכם אחד" (צפני׳ ג, ט), בגאולה האמיתית והשלימה -

אז ס׳וועט זיך ענדיקן דער חושך כפול ומכופל פון גלות, און די וואס ווילן זיך איינרעדן אז ס׳איז שוין אתחלתא דגאולה, וועלן זיי אויך מודה זיין אז ס׳איז א חושך כפול ומכופל, ביז וואנעט אז ס׳איז נאך קיינמאל ניט געווען אזא חושך אז מ׳זאל זאגן אויף א חושך כפול ומכופל אז דאס איז אתחלתא דגאולה.

וואס דאס וועט אראפנעמען דעם לעצטן עיכוב וואס איז דא אויף דער גאולה, ביז וואנעט אז מ׳וועט קומען צו שלימות הגאולה ע"י משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

כא. כמדובר כמ"פ אז מ׳וויל פארבינדן יעדער ענין גלייך מיט א מעשה בפועל,

און אויך דערמאנען וועגן אלע מבצעים, ובפרט נאך אז ס׳איז דאך אור לערב חגה"ס, וואס דעמולט זיינען דא במיוחד צוויי פון די מבצעים:

א) ס׳ברענגט זיך אראפ אין ספרים (סידור רנז, ג. ועוד) אז בערב סוכות איז א מצוה להרבות בצדקה (וואס דאס איז דער ענין פון מבצע צדקה),

ב) בערב סוכות דארף מען זיך גרייטן צו מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נרות יו"ט, צוזאמען מיט ברכת שהחיינו, און אין חו"ל קומט נאך צו דער צווייטער טאג יו"ט, און דערנאך איז דא די מצוה פון הדלקת נרות פון "ביום השמיני עצרת תהי׳ לכם", צוזאמען מיט ברכת שהחיינו, וויבאלד אז שמע"צ איז א רגל בפ"ע (סוכה מז, א), און אין חו"ל - אויך בשמח"ת, און בקביעות ש.ז. קומט דאך צו דער שבת פון חוה"מ סוכות, במילא איז דא נאכאמאל די מצוה פון הדלקת נרות -

וואס דערפאר איז דאס דער זמן המתאים ומיוחד ומסוגל אויף מעורר זיין נאכאמאל אויף די מצוה פון הדלקת נרות יו"ט, און דערנאך נרות שבת, און דערנאך נרות יו"ט שלאח"ז, און אויך אויף די נרות שבת ויו"ט של כל השנה כולה,

וואס אויף דערויף שטייט דאך אין ילקוט (יל"ש ר"פ בהעלותך) "אם שמרתם נרות של שבת אני מראה לכם נרות של ציון".

כב. וכמדובר כמ"פ אז קביעות ש.ז. איז אז התחלתה איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, וואס ענינו איז "טוב לשמים וטוב לבריות" - וואס צווישן די מבצעים זיינען דא אזוינע וואס ענינם איז "טוב לשמים", און ס׳זיינען דא אזוינע וואס ענינם איז "טוב לבריות":

- אנהויבנדיק -

אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל, חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, און אויך די זאכן וואס זיינען געגעבן געווארן צו נשי ובנות ישראל: נרות שבת קודש ויו"ט, כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה.

און אויך דער ענין פון מבטל זיין דעם ענין פון "מיהו יהודי", וואס א גיור שלא כהלכה איז מלכתחלה ניט קיין מציאות של גיור, די איין און איינציקע מציאות פון גיור איז דוקא אויב דאס איז א גיור כהלכה -

וואס דוקא דורך דעם ברענגט מען אחדות אמיתית ביי אידן - וואס אויף דעם ענין האחדות איז דא א הדגשה מיוחדה בחגה"ס, ווי געבראכט פריער (בהמאמר) אז "כל ישראל ראויים לישב בסוכה אחת" (סוכה כז, ב).

וואס דערפאר זאל מען אויסנוצן די שעות וואס זיינען נאך געבליבן ביז חגה"ס אויף מרבה זיין בכל מבצעים אלו, און די זאכן וואס מ׳קען טאן אין דערויף אויך ביו"ט און בחוה"מ און בשבת חוה"מ און אין די ימים שלאח"ז, הושענא רבה, שמע"צ און שמח"ת - זאל מען דעמולט ממשיך זיין טאן אין די אלע ענינים.

און ס׳זאל זיין אין אן אופן פון טופח ע"מ להטפיח - אויף די טעג פון כל השנה כולה, אז ס׳זאל זיין א שנה של שמחה, אנהויבנדיק פון א שנה של אורה און שנה של ברכה, ביז צו א שנה של תורה, תשובה ותפלה, און מ׳איז מסיים - ולכל לראש - מיט א שנה של גאולה, בגאולה האמיתית והשלימה.

און אלס התחלה בזה (נוסף אויף די התעוררות בדיבור) - וועט מען בעטן אז די טאנקיסטן זאלן ארויפגיין (ווי דער סדר הרגיל בזה), און דער גאנצער עולם וועט בלייבן זיצן על מקומו, און זיי וועלן נעמען און פאנאנדערטיילן צוויי שטרות לכל אחד (ועד"ז לכל אחת, ע"י נשים ובנות), איין שטר זאל זיין פארבונדן מיט "טוב לשמים", און איין שטר מיט "טוב לבריות".

און דאס זאל מוסיף זיין אין כל עניני ההכנה וואס מ׳דארף נאך האבן - די הכנה צו ערב סוכות, און די הכנה בערב סוכות צו סוכות, און די הכנה אין "זמן שמחתנו" אויף ממשיך זיין די שמחה על כל השנה כולה -

אז ס׳זאל זיין א שנה של שמחה, שמחה של תורה און שמחה של מצוות, און שמחה אין כל הענינים, ביז אין "בכל דרכיך דעהו",

ביז אז מ׳וועט האבן די "שמחת עולם על ראשם" - די שמחה אמיתית פון די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

- כ"ק -



<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

כ"ק אדמו"ר שליט"א שאל: וואו איז דער "פארטיזאן".
והתחיל לנגן ניעט ניקאווא.

* * *

כג. מ'האט דאך גערעדט פריער בנוגע צו דעם ענין השמחה, אז ס'שטייט אין ספרים, און מ'זעט אויך בפשטות, אז בשעת די שמחה איז "ברוב עם", און בהשתתפות פון אלע סוגים, דעמולט איז דאס א שמחה גדולה ביותר.

[וואס ס'איז דאך דא די מעלה אין דעם ענין פון "קרא", און ס'איז דא די מעלה אין דעם ענין פון "סברא" (ראה שד"ח מערכת הכללים ערך ס' כלל ס"ג) - אבער בנוגע לענינינו, זעט מען דאס סיי אין "קרא" (אז ס'שטייט אזוי אין ספרים), און סיי אין "סברא" (אז מ'זעט דאס בפשטות)].

וויבאלד אז דערווייל זיינען נאך אידן מפוזר אין גלות, און א טייל אידן געפינען זיך אין א"י - איז לכאו', ווי אזוי קען דעמולט זיין א שמחה וואס איז בהשתתפות כולם -

זיינען דא אויף דערויף די דרכים ואופנים וועלכע מ'האט צוגעטראכט אין די שנים הכי אחרונים (טויזנטער יארן נאך מ"ת) - וואס דאס איז א טעלעפאן, צי אנדערע קאמוניקיישן דורך וועלכע איינער קען הערן דיבורו של השני, וואס דורך דערויף קען מען פארבינדן איין אידן מיט א צווייטן אידן, אע"פ אז ביניהם איז דא א מרחק גשמי גדול ביותר.

וואס אע"פ אז די זאכן זיינען נתחדש געווארן דוקא אין דעם זמן הכי אחרון - איז דאך אבער דא דער דבר משנה אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו" (אבות ספ"ו), ד.ה. אז אפי' א זאך צו וועלכע מ'האט זיך דערטראכט אין די זמנים הכי אחרונים, איז א זיכערע זאך אז "לא בראו אלא לכבודו", ד.ה. אז דער תכלית פון דער זאך איז, אז מ'זאל דאס אויסנוצן לכבודו של הקב"ה.

כד. וואס אע"פ אז בנוגע צו מצוות התלויות בדיבור, ע"ד ווי הערן קריאת המגילה, אדער אנדערע ענינים וואס אין זיי זאגט מען אז "שומע כעונה" - איז בשעת מ'הערט דאס דורך א טעלעפאן וכיו"ב, איז א דבר ברור אז מ'איז דערמיט ניט יוצא, כמדובר כמ"פ (ראה לקו"ש ח"ט ע' 336),

וואס דאס איז דערפאר וואס אין מצוות התלויות בדיבור דארף מען האבן אז ס'זאל זיין דיבורו של <u>אדם</u>, און א טעלעפאן וכיו"ב איז ניט קיין קול אדם, מערניט וואס דורך דעם קול האדם ווערט א שינוי אין דער מתכת, אדער אין דעם דראט אדער אין דעם אויר וואס איז דא בינתיים, און דורך דערויף ווערט א שינוי אין א מתכת וכיו"ב וואס געפינט זיך אין דעם ארט וואו דער שומע געפינט זיך, און דער שינוי וואס ווערט

- אין -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

אין דער מתכת, איז גורם אז ס'זאל ארויסקומען א קול פון דעם מתכת.

ד.ה. אז דער קול האדם פועל'ט א שינוי אין א'מתכת אדער א פלאסטיק וכיו"ב, און דער שינוי במקום זה פועל'ט א שינוי אין א דומם וואס געפינט זיך במקום שני, און דער שינוי פון דעם דומם איז משמיע קול, בדוגמא ווי מ'קלאפט אויף א תוף וכיו"ב, "צלצל שמע" און "צלצלי תרועה" - וואס דער קול איז בדוגמא צו א קול אדם, ס'איז אבער ניט קיין קול אדם.

וואס דאס איז אפי' ניט אזוי ווי איינער איז תוקע לתוך הבור - וואס דארטן איז דאס טאקע א קול אדם, נאר ווי דער קול אדם האט זיך אפגעקלאפט אין כתלי הבור און כתלי הדות, משא"כ דא ווערט דאך אויס קול אדם, נאר דער קול האדם פועל'ט א שינוי אין דער מתכת וכו', און דערפון קומט ארויס א קול וואס איז דומה לקול אדם.

וואס דערפאר איז בנוגע צו די ענינים וואס מ'דארף האבן א קול אדם, צי קריאת המגילה, אדער הערן א ברכה וכיו"ב וואס "שומע כעונה" - איז קיין ספק ניט אז דורך א טעלעפאן וכיו"ב איז מען ניט יוצא כלל וכלל,

און דאס וואס מ'זעט אין די שו"ת פון די שנים שלפנ"ז אז מ'האט גע'פסק'נט באופן אחר - זעט מען פון דעם אופן וסגנון השאלה אז בשעת מ'האט זיי מסביר געווען ווי אזוי א טעלעפאן ארבעט, האט מען זיי ניט מסביר געווען ווי די מעשה איז בפועל, קומט דאך אויס אז דער פס"ד איז ניט געווען בנוגע צו די מציאות, נאר בנוגע צו א מציאות שאינה.

וואס דאס איז אלץ בנוגע צו אן ענין אין וועלכן מ'דארף האבן שמיעת קול אדם, אדער שמיעת קול שופר (און ניט קיין קול פון א מתכת וואס ווערט דורך קול השופר - אויב מ'וואלט אפי' געמעגט בלאזן דורך א טעלעפאן);

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן אן ענין של רגש הלב, וואס דער רגש ווערט נתעורר דורך דערויף וואס ער הערט א זאך וואס שטייט אין א ספר, אדער א זאך וואס מ'האט געהערט בע"פ פון נשיא הדור וכיו"ב, אדער אז מ'הערט א ניגון וואס דער ניגון איז מעורר א זכרון אדער רגש הלב אדער הבנה והסברה במוח, ועד"ז ווען מ'גיט איבער א דבר שכל ע"י טעלעפאן וכיו"ב -

איז דארטן ניט נוגע דער ענין פון שמיעת קול אדם, נאר ס'איז נוגע אז מ'זאל הערן אזא זאך וואס וועט מעורר זיין דעם רגש, אדער אז ס'וועט ביי אים דערמאנען א זכרון פון ימי קדם, אדער אז ס'וועט אים מודיע זיין א הסברה בשכל אין לימוד התורה, אדער א הסברה אין קיום המצוות, אדער א הסברה אין עבודת התפלה.

- און -

און ּאויף דערויף זאגט מען אז ס׳דארף זיין "קבל את האמת ממי שאומרה" - ס׳איז ניט נוגע צי ער הערט דעם קול האדם, צי ער הערט כחו וכח כחו,

[וואס א טעלעפאן איז אפי׳ ניט קיין ענין פון כח כחו, ווארום דאס איז ניט קיין קול אדם, און אפי׳ ניט כח כחו פון קול האדם, נאר עס ווערט א מציאות חדשה של קול דורך תנועת הדומם],

דארף מען ניט האבן אז ס׳זאל זיין כחו וכו׳ (אזוי ווי ביי נטילת ידים (ראה שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ט סי"ד)), נאר דא איז נוגע אז צו זיין שכל זאל אנקומען (דורך שמיעת האוזן) א סברא ושכל וואס שטייט אין תושב"כ אדער אין תושבע"פ, וואס דאס וועט ביי אים מעורר זיין ער זאל טראכטן און זיך מתבונן זיין אין דערויף, און דערפון וועלן ארויסקומען די תוצאות וועלכע קומען ארויס פון דעם שכל, אדער פון דעם ניגון.

איז במילא ניט קיין נפק"מ אויב די זאך גיט זיך איבער דורך אן ענין של דומם - דער עיקר איז אז די זאך גיט זיך איבער אזוי ווי מ׳דארף איר איבערגעבן - אזוי ווי זי שטייט אין תושב"כ אדער אין תושבע"פ, אדער א ציווי ובקשה פרטית פון נשיא דורנו,

ווי געזעדט פריער בנוגע צו מאכן א התוועדות און ענינים של שמחה בחגה"ס און בחוה"מ סוכות, און בשמע"צ און שמח"ת, און בשבת בראשית, ווי ער זאגט אין דעם בריוו אז שבת בראשית איז די השלמה ותוספת פון די ימים טובים, און דערנאך ממשיך זיין דאס על כל השנה כולה.

כה. ואדרבה, דורך דערויף וואס מ׳נוצט די ענינים וואס זיינען נתחדש געווארן לאחרונה, קומט ארויס א מעלה:

בשעת מ׳שיקט א זאך דורך א בריוו, אדער דורך א שליח, דארף נעמען צייט ביז וואנעט דאס קומט אן בכל מקום, און מ׳קען ניט באווייזן אז ס׳זאל אנקומען פאר יו"ט אדער פאר שבת וכיו"ב; משא"כ אבער ווען מ׳נוצט זיך מיט די ענינים, איז ברגע כמימרא און בשעתא חדא וברגע חדא דערגרייכט דאס בכל קצווי תבל.

און דוקא דורך דערויף קען מען אויספירן אז אידן זאלן שטיין בערב חגה"ס אין דעם זעלבן מעמד ומצב, אע"פ אז צווישן זיי איז דא דער ריחוק מקום גשמי, וואס ווען מ׳וואלט געגאנגען צו-פוס, וואלט גענומען כו"כ וואכן ביז וואנעט מ׳וואלט אנגעקומען אהינצו (לויטן חשבון אז מהלך אדם בינוני איז עשרה פרסאות ליום (פסחים צד, א)), און אפי׳ ווען מ׳וואלט געפארן בסוסים ובגמלים (ווי די גמ׳ (שם)

- ברענגט -

ברענגט די דוגמא) וואלט דאס אויך גענומען כמה ימים, און אפי׳ ווען מ׳פליט אהינצו, אדער מ׳שיקט א בריוו באופן הכי זריז, וואלט דאס אויך ניט אנקומען אין דעם זמן וואס געפינט זיך אין ערב חגה"ס.

ועד"ז בשאר ימות השנה, נוצט מען די ענינים וואס דער אויבערשטער האט באשאפן בעולמו, אויך דעם ענין פון טעלעפאן און רדיו און אנדערע קאמוניקיישאן, און מ׳נוצט דאס צוליב דעם ענין וואס אויף דערויף זיינען זיי באשאפן געווארן, וואס מ׳דארף דאך ניט זוכן צוליב וואס האט זיי דער אויבערשטער באשאפן, ווארום ס׳איז א דבר משנה (און ברייתא) אין פרק "קנין תורה", אז "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו" - אז דורך דערויף זאל ניתוסף ווערן אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, און אין שמחה של תורה ושמחה של מצוה.

וכאמור, אז דורך דערויף האט מען די מעגליכקייט אז בכל קצווי תבל, אויך אין אה"ק, און אין ירושלים עיה"ק, ובכל מקום ומקום וואוהין מ׳קען נאר דערגרייכן - זאלן אלע צוזאמען בבת אחת מחליט זיין א החלטה טובה בנוגע צו מוסיף זיין אין לימוד ההורה און אין קיום המצווה, און אין שמחה של תורה ושמחה של מצוה.

און מ׳זאל אנהויבן טאן אין דערויף נאך בערב חגה"ס, וואס דאס איז דער זמן המסוגל לזה, ווארום דאס איז דער סיום וחותם פון די ד׳ ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, וואס אויף יענעם זמן איז דאך תורה מעיד אז "כל ישראל עסוקין במצוות" (ויק"ר פ"ל, ז).

און ס׳איז ניטא קיין אנדער וועג ווי אזוי מ׳זאל דאס קענען אויספירן בשעתא חדא וברגע חדא - נאר דורך דעם וואס מ׳נוצט אויס לתכליתם ובשלימותם די ענינים וואס דער אויבערשטער האט באשאפן, וואס "לא בראו אלא לכבודו".

און וויבאלד אז מ׳ווייסט אז בשעתא חדא וברגע חדא הערט מען דאס בכו"כ מקומות, און ס׳איז זיכער אז דארטן איז מען אויך מחליט החלטות טובות, ווארום כל ישראל זיינען בהזקת כשרות אפי׳ כל השנה כולה, עאכו"כ לאחרי העבודה פון חודש אלול, און די י"ב ימים האחרונים פון חודש אלול, און ימי הסליחות, און ימי ר"ה, און די עשרה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ, און די ד׳ ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, וואס דעמולט זיינען "כל ישראל עסוקין במצוות" -

וואס דאס איז נאכמער מוסיף אין די החלטות טובות פון יעדערן וואו ער געפינט זיך בכל מקום שהוא - אז ס׳זאל אראפקומען למטה מעשרה טפחים בנוגע צו מחשבה, און פון מחשבה זאל דאס אראפקומען אין דיבור, און פון דיבור אין מעשה, וואס "המעשה הוא העיקר", ומתוך שמחה וטוב לבב.

- און -

און מ'וועט מבטל זיין די הפסקים פון מקום וזמן ביי אלע אידן, און ס'וועט ווערן ניט נאר דער ענין פון "כל ישראל ראויים לישב בסוכה אחת", נאר דער ענין אז מ'וועט זיצן בסוכת עורו של לויתן, בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

צוה לנגן האפ קאזאק.

*   *   *

כו. וויבאלד אז מ'הערט דאך בכ"מ דאס וואס מ'רעדט איצטער, וכמדובר אז דאס פאראיינציקט אלע אידן אין אן אופן אז "כל ישראל ראויים לישב בסוכה אחת", און פון דעם "ראויים" זאל דאס אויך אראפקומען בפועל,

איז (וויבאלד אז ביו"ט קען מען ניט רעדן אויף אזא אופן, איז) כאן המקום צו מעורר זיין וועגן דעם ענין פון "קרן השנה", וואס די פרטים בזה זיינען דאך ידוע (ראה לקו"ש ח"ב ע' 65 ואילך), און אויך בנוגע צו די שיעורים הידועים פון חומש תהלים און תניא (כידוע די פרטים בזה) -

אז מ'זאל מחליט זיין סאך אין די אלע ענינים, און די וואס האבן דאס שוין געטאן לפנ"ז, איז מה טוב אז זיי זאלן מעורר זיין די וואס מאיזה סיבה שתהי' האבן זיי נאך ניט אנגעהויבן סאך די ענינים - אז זיי זאלן לערנען די שיעורים פון חת"ת, און אויך בנוגע צו דעם ענין פון "קרן השנה",

ועד"ז בנוגע צו אלע מבצעים, און דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות בהידור ומתוך שמחה וטוב לבב, שמחה של תורה ושמחה של מצוה (כנ"ל).

ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צו דעם יעוד וואס מ'זאגט גלייך אין דער הפטרה פון יום הראשון דסוכות (ווי דערמאנט פריער (שיחת יום ב' דר"ה סי"ג)), אז ביי כל עמי הארץ וועט זיין דער "ועלו מידי שנה בשנה להשתחוות למלך ה' צבאות ולחוג את חג הסוכות" (זכרי' יד, טז) - אין ביהמ"ק השלישי, וואס ער איז דער "מקדש אד' כוננו ידיך" (בשלח טו, יז ובפירש"י),

בביאת משיח צדקנו, יגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובשמחה וטוב לבב.

צוה (לר' ש. אזימאוו) לנגן האדרת והאמונה.

צוה לנגן ופרצת.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו צוה לנגן ושמחת בחגך.

*   *   *

## בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א — בחדרו — לאנשי כפר חב"ד שי', בעת מסירת האתרוגים ע"י באי כח הכפר שי', יום ב', ערב חגה"ס, ה'תשל"ח.

דער אויבערשטער זאָל בענטשן און מצליח זיין אַז ס'זאָל זיין אַ שנה טובה ומבורכת,

און לויט דעם סימן פון די אַלע ד' מינים — ביי יעדער אידן און ביי אַלע אידן פון די אַלע ד' סוגים[1],

און ס'זאָל נמשך ווערן למטה מעשרה טפחים בגשמיות ממש, נוסף אויף עיקר ההמשכה ברוחניות.

און לויט די קביעות השנה אַז סיי ר"ה און סיי סוכות הויבן זיך אָן ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב — זאָל אין דעם אַלעם נמשך ווערן אין אַן אופן פון "טוב לשמים וטוב לבריות"[2], ובאופן דמוסיף והולך ואור,

פון שנת אורה ביז שנת תורה, תשובה תפלה, און שנת גאולה, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואָס דעמולט וועט מען מקיים זיין אַלע מצוות, כולל אויך די מצוה, כמצות רצונך, כמבואר באריכה אין מאמרי חסידות און מאמרי חז"ל[3].

און הערן בשורות טובות אין עניני אה"ק בכלל, און אין די ענינים פון מושבות חב"ד דאָרטן במיוחד, און בשורות טובות בנוגע צו יעדער אידן און אַלע אידן בכל קצוי תבל ארצך[4].

---

1) ראה ויק"ר פ"ל, יב.

2) ראה קידושין מ, א. אוה"ת בראשית לג, ב. ועוד.

3) ראה תו"ח ר"פ ויחי. המשך וככה תרל"ז פי"ז ואילך.

4) ראה לקו"ת ס"פ במדבר, תורת לוי יצחק לנזיר (ע' מז).

## בס״ד. שיחת מוצאי שמחת תורה — בחדרו — ה׳תשל״ח.

א. אַזוי ווי מצד אַ סיבה רעדט מען נאָך הבדלה, קען מען נוצן אויך אַזוינע דרכים וואָס גיבן איבער דאָס וואָס מ׳רעדט אויך למקומות רחוקים

— רחוקים בגשמיות, אָבער (זעלבסטפאַרשטענדליך) קרובים ברוחניות, און ביי אידן איז דאָך דאָס (רוחניות) דער עיקר, ווארום ס׳איז דאָך עושים נשמתם עיקר וגופם טפל ווי דער אלטער רבי זאָגט אין תניא [1] —

וואָס דורך דערויף ווערט אַ קשר און אַ פאַרבונדנקייט און אַ התאחדות צווישן די אַלע וואָס הערן, ווארום מ׳הערט דאָך דעם זעלבן ענין.

ובפרט נאָך אַז דאָס רעדט זיך וועגן אַן ענין פון תורה, וואָס תורה ווערט דאָך אָנגערופן „תורה אחת״, מצד דערויף וואָס זי איז געגעבן געוואָרן פון „הוי׳ אחד״, און געגעבן געוואָרן צו „גוי אחד בארץ״, ווי דער אלטער רבי טייטשט אָפּ [2] אַז דער ענין פון „אחד״ באַ אידן איז אפילו ווען זיי געפינען זיך „בארץ״ (באַ בעלי עסקים אויף אַ כשר׳ן אופן, ווי דאָס איז די הנהגה פון זבולון, תומכי תורה, ביז אפילו באַ די וואָס זיינען נאָך (דערווייל) ווייט פון דער הנהגה),

איז אין די רגעים וואָס מען הערט, ווערן אַלע פאַרבונדן דורך דברי אלקים חיים, דורך אַן ענין פון תורה, ווארום עס ווערן דאָך גע׳חזר׳ט דברים הנאמרים פון רבותינו נשיאינו נשיאי ישראל.

ב. נאָך אַן ענין ועיקרי: וויבאַלד דער קשר ווערט אויפגעטאָן דורך תורה, און אין תורה איז דאָך אַן עיקר גדול דער „ברכו בתורה תחלה״ [3], אַז מ׳איז ממשיך [„ברכו מלשון המשכת בריכה״] דעם נותן התורה אין תורה [4], וואָס דאָרט איז ניט שייך קיין התחלקות — איז וויבאַלד אַז אין דעם ענין וואָס פאַראייניקט זיי איז ניטאָ אינגאַנצן דער גדר פון התחלקות, דעריבער, איז אויך דייער פאַראייניקונג אין אַזאַ אופן שלמעלה מגדר התחלקות.

ובפרט נאָך אַז מען וויל אַז די דברים הנאמרים זאָלן (ווי כל עניני תורה) אַראָפּקומען בהבנה והשגה, דורך דערויף וואָס מען וועט דערנאָך זיך מתבונן זיין אין זיי — ווערט דאָך דורך דעם אַ „יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו

---

1) פרק לב.

2) אגה״ק ס״ט. תו״א כז, סע״ד.

3) ב״מ פה, רע״ב. נדרים פא, א.

4) לקו״ת ראה כט, א. וראה גם לקו״ת מסעי צא, ד. ובכ״מ.

נמצא כלל" (אַז דער שכל מיטן מושכל מיטן משכיל ווערן איין זאַך [5]), ווי דער אלטער רבי איז מבאר באריכות אין תניא [6].

ג. ונוסף לזה: אויך מצד דעם זמן — געפינט מען זיך דאַך אין חודש תשרי, ובפרט נאָך אַז ס'איז בהמשך צו שמע"צ (ושמח"ת), וואָס „ביום השמיני עצרת גו' והקרבתם גו' פר אחד" [7].

דלכאורה: וויבאַלד דער „והקרבתם" איז פאַרבונדן מיט „ביום השמיני", האָט מען דאָך געדאַרפט מקריב זיין כמה פרים, בהמשך למספר הפרים שביום השביעי [אַזוי ווי בשבעת ימי הסוכות וואָס דער מספר הפרים שבכל יום איז בהמשך צום מספר הפרים דיום שלפניו (באופן דפוחת והולך)] — און פונדעסטוועגן איז מען מקריב „פר אחד", ס'איז אַ מספר אָבער וואָס ווייזט [8] אויף אַ דרגא שלמעלה מענין המספר והתחלקות.

ועד"ז איז אויך בנוגע צום זמן פון שמע"צ, אַז ער איז „יום אחד" (וואָס ווייזט אויף למעלה מהתחלקות) [9].

ד. מאמר ד"ה להבין ענין שמח"ת.

ה. איידער מען גייט זיך פאַנאַנדער בגשמיות — איז כאן המקום דערמאַנען נאָך אַמאָל וועגן די שיעורים הידועים פון חומש תהלים און תניא,

און אויך וועגן דעם ענין פון קרן השנה, ווי שוין גערעדט כמה פעמים די פרטי הדבר [10],

און אויך דערמאַנען און מעורר זיין אויף די מבצעים, אַנהויבנדיק פון „מבצע אהבת ישראל"

— וואָס אויך אין דעריף איז אונטערגעשטראָכן דער ענין האחדות [ביז התאחדות אמיתית] פון כל אחד מבני ישראל, ניט קוקנדיק אויף זייער התחלקות אין אַנדערע ענינים, כמבואר באריכות אין תניא פרק לב —

---

5) ראה מו"נ ח"א פס"ח. סהמ"צ (להצ"צ) מצות האמנת אלקות פ"ג ואילך. ושי"נ ובנוד"ד מתאים יותר שכל וכו' (אפילו קודם בואו להמסקנא דיעה כו').

6) פ"ה.

7) פינחס כט, לה־לו. וראה סוכה נה, ב: פר יחידי למה כנגד אומה יחידה. וראה בחיי ס"פ פינחס. חדא"ג מהרש"א בסוכה שם. לקו"ש ח"ט ע' 233.

8) ראה תו"א שבהערה הבאה.

9) ראה תו"א קי, רע"א (לענין יום אחד דשבועות. וראה שהש"ר פ"ז, ב (ב), ועד"ז הוא בתנחומא פינחס טו: ראוי' היתה עצרת . . כנגד העצרת של פסח כו' (הובא בהמאמר)).

10) וראה באריכות לקו"ש ח"ב ס"ע 651 ואילך.

און דערנאָך קומט דאָס אַראָפּ אין „מבצע חינוך", „מבצע תורה", „מבצע תפילין", „מבצע מזוזה", „מבצע צדקה", און „בית מלא ספרים — יבנה וחכמי'",

און אויך די מצוות וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן במיוחד צו נשי ובנות ישראל, וואָס יעדערע פון זיי איז די עקרת הבית פון איר פרטית'דיקע הויז און אויך פון בית ישראל כולו: „מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", „מבצע כשרות האכילה ושתי'", און „מבצע טהרת המשפחה".

און דאָס וועט ברענגען בקרוב ממש דעם מבצע הכי גדול וואָס דער אויבערשטער אַליין וועט טאָן — „ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל" [11], ווי רש"י טייטשט אָפּ [12], אַז דער אויבערשטער נעמט יעדער אידן פאַרן האַנט און פירט אים אַרויס פון גלות און ברענגט אים אין ארצנו הקדושה, ארץ אשר גו' עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה [13],

ובקרוב ממש, ובשמחה ובטוב לבב, קהל גדול ישובו הנה [14],

און ווי ס'שטייט בנוגע צו די גאולה האחרונה, וואָס זי וועט זיין בקרוב ממש, אַז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות [15], און דער אויבערשטער וועט זיי אַלעמען אַרויסנעמען, בחסד וברחמים ובטוב הנראה והנגלה, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

---

11) ישעי' כז, יב.
12) נצבים ל, ג.
13) עקב יא, יב.
14) ירמי' לא, ח.
15) ראה בארוכה לקו"ש חי"א ע' 1 ואילך. ושי"נ.

## בס״ד. שיחת מוצאי שבת בראשית – בחדרו – ה׳תשל״ח.

א. בהמשך צו דעם וואס מ׳האט גערעדט במוצאי שמח״ת — וואס (מוצאי) שבת בראשית קומט בתור השלמה צו שמח״ת און שמע״צ און (אויך) צו די מועדים שלפנ״ז, ווי געשריבן (און אפגעדרוקט) אין דעם מכתב פון רבי׳ן נשיא דורנו [1] — דערפאר איז צוגעפאסט, אז אויך איצטער (במוצאי שבת בראשית) זאל מען ריידן אין אזא אופן, אז די דברים הנאמרים זאלן דערגרייכן אין די זעלבע צייט אויך למקומות רחוקים (בגשמיות), וואס דאס פועל׳ט א קשר און א התאחדות צווישן די אלע וואס הערן די רייד, ווי דער־קלערט בארוכה במוצאי שמח״ת.

ובפרט נאך אז דער „ויעקב הלך לדרכו״ שבמוצאי שבת בראשית איז אין אן אופן וואס מען גייט זיך פאנאנדער (בחיצוניות), יעדער איינער אין זיין עבודה פרטית — נאך מער ווי במוצאי שמח״ת (כדלקמן) — דערפאר איז במוצאי שבת בראשית נאך מער נוגע צו מדגיש זיין דעם קשר און התאחדות פון אלע אידן.

ב. שוין גערעדט אמאל בארוכה [2], אז אין דעם ענין פון „ויעקב הלך לדרכו״ וואס הויבט זיך אן נאך דעם ווי בר״ה וביוהכ״פ באקומען אלע אידן, און יעדער איד, די כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה

— וואס אין דעם „ויעקב הלך לדרכו״ ווערן אונטערגעשטראכן צוויי קצוות [3]: פון איין זייט איז דער פירוש פון „ויעקב הלך לדרכו״ אז דער איד גייט צו זיין וועג, צו זיינע וואכעדיקע ענינים (אויף מאכן פון זיי א דירה לו ית׳, דורך „כל מעשיך לשם שמים״ [4] און „בכל דרכיך דעהו״ [5]), וואס מצד דערויף איז דא (און דארף זיין) א התחלקות צווישן איין אידן מיטן צווייטן; אבער ביחד עם זה איז פון דעם וואס אויף אלע אידן צוזאמען זאגט מען דוקא דעם לשון „ויעקב הלך לדרכו״, לשון יחיד [6], שטרייכט עס אונטער ווי אלע אידן (טראץ דעם וואס (בחיצוניות) זיינען זיי בהתחלקות) זיינען זיי א „גוי אחד״ —

זיינען פאראן כמה דרגות און זמנים:

די התחלה פון „ויעקב הלך לדרכו״ איז במוצאי יוהכ״פ.

אין די עשרה ימים שבין ר״ה ליוהכ״פ, כאטש אז אויך דעמולט זיינען דא כמה עבודות אין וועלכע עס זיינען אויסגעטיילט ראשיכם שבטיכם פון חוטב עציך און שואב מימיך — איז דאך אבער „אתם נצבים היום כולכם״, אז אין דעם טאג פון ר״ה [וואס „היום״ גייט אויף ר״ה [7]] זיינען אלע צען סוגים (פון „ראשיכם״ ביז „שואב מימיך״) אין אן אופן פון „כולכם״, „לאחדים כאחד״ [7];

עד״ז (אבל לא ממש), איז אויך אין די טעג שלאחרי ר״ה ביז יוהכ״פ,

ובפרט ביוהכ״פ: וויבאלד יוהכ״פ איז דער „אחת בשנה״ [8], בחינה „אחת״ ד„שנה״ [און די עבודה (המיוחדת) דיוהכ״פ איז אין „קודש הקדשים״,

---

1) דמחרת יוהכ״פ תרפ״ט (נדפס בסה״מ תשי״א ע׳ 48).

2) ראה שיחת י״ג תשרי ושבת בראשית תשל״ה. ד׳ מ״ח תשל״ז. ועוד.

3) ראה עד״ז שיחת מוצאי שבת בראשית תשל״ה (נדפסה בלקו״ש ח״ט בתחלתו).

4) אבות פ״ב מי״ב.

5) משלי ג, ו.

6) אע״פ שבהעבודה המתחילה עתה — החידוש הוא ההתחלקות והריבוי.

7) לקו״ת ר״פ נצבים.

8) אחרי טז, לד.

בחינת „אחת״ ד„עולם״, און ווערט געטאָן און אויפגעטאָן דורכן כהן גדול, בחינת „אחת״ ד„נפש״ *)], זיינען דעריבער אַלע אידן דעמולט אין אַ התאחדות גמורה.

בשעת עס קומט אָבער מוצאי יוהכ״פ, ווען אידן הויבן זיך אָן פאַנאַנדערגיין, יעדער איד איז פאַרנומען מיט צו־גרייטן זיין סוכה [10] און זיינע ד׳ מינים (ולקחתם לכם, משלכם [11]) — דאַן הויבט זיך אָן דער סדר פון „ויעקב הלך לדרכו״, און ווי מען געפינט בדרושי רבותינו נשיאינו [12], אַז דער ענין פון „ויעקב הלך לדרכו״ הויבט זיך אָן גלייך במוצאי יוהכ״פ.

ג. די צווייטע דרגא אין „ויעקב הלך לדרכו״ איז במוצאי שמחת תורה:

אין די ד׳ ימים שבין יוהכ״פ לסוכות, וויבאַלד אַז דעמולט איז „כל ישראל עסוקים במצוות״ [13] — שטייען דאָך במילא אַלע אידן אין אַ התאחדות, וואָרום אַלע מצוות קומען דאָך פון זעלבן בעל הרצון, יחידו של עולם.

[ובפרט אַז די מצוות אין וועלכע אידן זיינען עסוקים בד׳ ימים אלו — סוכה און ד׳ מינים — ווייזן אויף ענין האחדות. ווי גערעדט פריער [14], אַז אויף סוכה שטייט „ראוים כל ישראל לישב בסוכה אחת״ [15], און אויך די מצוה פון נטילת ד׳ מינים איז (נוסף אויף דעם וואָס יעדער מין באַזונדער ווייזט אויף אחדות) צו פאַראייניקן אַלע פיר מינים, וואָס ווייזן אויף די פאַרשידענע פיר סוגים פון אידן [16], אַז זיי זאָלן ווערן אַן אגודה אחת — „וייעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם״.

און דוקא ווען ס׳איז דאָ דער „כולם״ (אויך די אידן שנמשלו לערבה שאין בה לא טעם ולא ריח [16]. וואָרום צו די מצוה „ולקחתם לכם״ מוז מען אָנקומען צו די ערבה ניט ווייניקער ווי צום אתרוג), און אין אַן אופן פון „אגודה אחת״ — דאַן דוקא ווערט דער „לעשות רצונך בלבב שלם״].

עד״ז איז אויך בנוגע צו די טעג פון חג הסוכות, אַז וויבאַלד [17] אַז דעמולט איז „מועדים לשמחה״ מצד דערויף וואָס אלקות שטייט בגילוי [18] — ובפרט אַז ימי חג הסוכות זיינען זמן שמחתנו, די שמחה כפולה פון „ישמח הוי׳ במעשיו״ און „ישמח ישראל בעושיו״ [19],

ועאכו״כ בשמע״צ ושמח״ת וואָס דעמולט איז (נוסף אויף דעם ענין פון

---

9) כמשנ״ת בארוכה בהמאמרים ד״ה בסוכות תשבו (סעיף ז) וד״ה להבין ענין שמח״ת (סעיף ג) ע. ז.

10) דמכיון ש„תשבו כעין תדורו״ (או״ח סתרל״ט) — הרי צ״ל לכל אחד סוכה בפ״ע, בדוגמת מה שבכל השנה דר בדירה שלו. — ובפרט שגם עשייתו הסוכה היא מצוה (שו״ע אדה״ז רסתרמ״א), ובכיו״ב מצוה בו יותר מבשלוחו. ועד שרשב״י הפסיק גם לעשיית סוכה (ירוש׳ ברכות פ״א ה״ב. שבת פ״א ה״ב).

בירושלמי שם, שהפסיק גם לעשיית לולב, שגם עשיית הלולב היא מצוה [שלכן לדעת הירושלמי (ברכות פ״ט ה״ג) מברכין לעשות לולב. וגם להבבלי יש לומר שעשיית הלולב היא מצוה * (וראה חדא״ג מהרש״א סוכה מה, א: עשיית לולב באגודה .. היא מצוה כאילו בנה מזבח). והא דאין מברכים על זה — יש לומר, שזהו „לפי שעשייתה אינה גמר המצוה״ (כמ״ש בשו״ע אדה״ז שם בנוגע עשיית סוכה). וראה לקו״ש ח״ב ע׳ 214].

11) אמור כג, מ. סוכה מא, ב. או״ח סתרמ״ט (וראה ירושלמי שבההערה הקודמת).

12) וככה תרל״ז רפצ״ו.

*) שעפ״ז מובן מה שרשב״י הפסיק לעשיית לולב גם להבבלי, דאין סברא לומר דהבבלי פליג על הירושלמי (גם) בענין דמציאות האם רשב״י הפסיק לעשייה (ולאפושי במחלוקת).

13) ויק״ר פ״ל, ז.

14) בד״ה בסוכות תשבו (סעיף ט, סי״ד), להבין ענין שמח״ת (ס״ג).

15) סוכה כז, ב.

16) ויק״ר שם, יב.

17) נוסף על זה מה שהמצוות דחגה״ס (סוכה וד׳ מינים) מורים על ענין האחדות, כנ״ל בפנים.

18) ראה לקו״ת צו יא, ד. שמע״צ פח, ד. ובכ״מ.

19) ראה לקו״ת שמע״צ שם ואילך.

„מועדים לשמחה" און „זמן שמחתנו" [20]) מודגש די אחדות און העדר ההתחלקות נאך מערער ווי בסוכות, וכמרז"ל [21], אז די התאחדות פון אידן וואס דריקט זיך אויס אין הקרבת „פר אחד" בשמע"צ איז אז אלע אידן זיינען אן „אומה יחידה" (באופן ד„יחיד" שלמעלה מ„אחד" [22]), ביז אז די התאחדות איז שולל דעם „(קשה עלי) פרידתכם" [23] אויך לאחרי שמע"צ ושמח"ת [24]

וואס דאס (שבשמע"צ ושמח"ת מושלל בתכלית ענין הפירוד וההתחלקות) דריקט זיך אויס אויך אין דעם וואס דער אופן השמחה דשמע"צ ושמח"ת איז דורך ריקוד ברגלים [25]. וואס אין דעם (רגלים) גלייכן זיך אויס אלע אידן פון ראשיכם שבטיכם ביז חוטב עציך ושואב מימיך

[ואדרבה, אין דעם איז מודגש די מעלה פון די אידן וואס זיינען בבחי' רגלים. בדוגמת ענין הריקוד כפשוטו, אז דורך דעם וואס די פיס טאנצן — דורך דעם דוקא הויבט זיך (און טאנצט) אויך די קאפ],

וואס דערפון איז מובן בפשטות, אז (טראץ דעם וואס אידן זיינען צושפרייט אין פארשידענע ערטער, פונדעסטוועגן, איז) בשעת א איד פראוועט שמח"ת אין חו"ל און א צווייטער איד פראוועט שמח"ת אין אה"ק ת"ו, איז עס ניט א צווייטער איד נאר דאס איז (צוזאמען מיט'ן ערשטן) אן „אומה יחידה". און די איינציקייט זעט זיך אן בגלוי, דורך די ריקודים.

און לאחרי שמח"ת, ווען מען גייט פון דער שמחה (און קדושה) פון „זמן שמחתנו" דסוכות און שמע"צ ושמח"ת, און מען גייט אריין אין וואכעדיקן יאר — דאן דארף מען (נאכאמאל) מדגיש זיין דעם ענין האחדות, אז די אחדות פון אידן וואס איז געווען בגילוי בשמע"צ ובשמח"ת זאל נמשך ווערן, און זאל זיין ניכר בגילוי, אויך לאחרי שמע"צ ושמח"ת.

וואס דאס איז אויך פון די טעמים אויף דעם מנהג צו מכריז זיין במוצאי שמח"ת „ויעקב הלך לדרכו" [26] — צו מדגיש זיין, און געבן דעם נתינת כח, אז אויך נאך שמח"ת ווען א איד גייט „לדרכו" אויך בעניני הרשות (ניט ווי דער „ויעקב הלך לדרכו" שבמוצאי יוהכ"פ, וואס (אויך) דער „דרכו" איז בענין המצוות) [27], איז עס „ויעקב הלך לדרכו" בלשון יחיד, אז אויך דעמולט זאל זיין ניכר ווי אלע אידן זיינען א „גוי אחד (אויך) בארץ" [28].

ד. אעפ"כ איז אויך במוצאי שמח"ת קומט עס ניט צו די הדגשה אויף ענין האחדות וואס עס פאדערט זיך במוצאי שבת בראשית:

וויבאלד אז בשבת איז דער „ויכולו" (בכל הפירושים שבזה [29]) פון די ששת ימים שלפני השבת — איז דאך פארשטאנדיק, אז די עבודה פון שמע"צ ושמח"ת (וואס דער „ויכולו" פון די עבודה איז בשבת בראשית) איז (עכ"פ) מאיר אויך אין די טעג שלאחרי שמח"ת ביז שבת בראשית ועד בכלל,

ואדרבה: בשבת בראשית, זיינען די ענינים דשמע"צ ושמח"ת (באופן ד„ויכולו" — ) בתכלית השלימות.

---

20) שגם בזה יש יתרון בשמע"צ על חגה"ס (ראה לקו"ת שם פט, א).

21) סוכה נה, ב.

22) בדיוק לשון רז"ל (סוכה שם): „פר יחידי כו' אומה יחידה" — אף שבכתוב (פינחס כט, לו) נאמר „פר אחד".

23) פירש"י עה"ת אמור כג, לו. פינחס שם. בחיי פינחס כט, לה.

24) דעפ"ז מובן התיקון ד„עכבו עוד יום אחד" לקשה עלי כו'. וראה בארוכה לקו"ש חי"ט ע' 234.

25) ראה גם לקו"ש שם ע' 233.

26) לקו"ש ח"י ע' 192. ושי"נ.

27) כמשנ"ת בד"ה להבין ענין שמח"ת ס"ז.

28) ראה אגה"ק ס"ט. תו"א כז, סע"ד.

29) ראה אוה"ת ד"ה ויכולו (בראשית מב, ב ואילך).

וואס דערפאר זעט מען אויך במוחש, אז טראָץ דעם וואס לאחרי שמח"ת הויבן זיך אָן ימי החול, פונדעסטוועגן, איז ביז שבת בראשית — פילט זיך נאָך ניט קיין אמת'ע וואָכעדיקייט: גלייך אויף מאָרגן פון שמח"ת איז „אסרו חג"[30], און דערנאָך (ווען עס ווערט נעענטער צו שבת בראשית) איז מען פאַרנומען מיט מאַכן הכנות צו שבת בראשית. און בכלל איז מען נאָך דורכגענומען בימים אלו מיט דער יו"ט־דיקייט פון (חגה"ס, ובפרט, פון) שמע"צ ושמח"ת.

און דערפאַר איז בשעת עס קומט מוצאי שבת בראשית, וואָס דעמולט הויבט זיך אָן פילן די וואָכעדיקייט פון די ימי החול שבמשך השנה — איז נוגע נאָך מער צו מכריז זיין (נאָכאַמאָל) „ויעקב הלך לדרכו"

— און די הכרזה דאַרף זיין אין אזא אופן אַז זי זאָל דורכנעמען די מחשבה דיבור ומעשה, והמעשה הוא העיקר —

אַז אע"פ אַז יעדער איד האָט זיין תפקיד און שליחות מיוחדת אויף צו מאַכן פון חלקו בעולם (פון זיין חלק) א דירה לו ית'[31], פונדעסטוועגן איז עס „ויעקב הלך לדרכו" ילשון יחיד. ביז (ווי גערעדט פריער[32]), אַז במשך כל ימי השנה, דאַרף זיך הערן אז מען איז אַט ערשט געקומען פון דעם „יום אחד" דשמע"צ, וואָס אין אים שטייט בגלוי ווי אַזוי אידן זיינען אַן „אומה יחידה".

• • •

ה. שוין גערעדט אַמאָל באריכות[33], אַז נוסף צום תוכן פון „ויעקב הלך לדרכו" (וואָס אין אַלע דריי ווערטער צוזאַמען), איז אויך אין יעדער וואָרט פאַרזיך פאַראַן אַ הוראה, ביז צו אַ הוראה עיקרית און אַ הוראה נפלאה.

„ויעקב":

דער נאָמען „יעקב" איז ניט דער שם המעלה פון אידן [אַזוי ווי דער נאָמען „ישראל", וואָס איז על שם „כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל"[34]], נאָר אדרבה מלשון „עקב", און נאָכמער: דער נאָמען יעקב איז על שם „וידו אחזת בעקב עשו"[35]. דאָס הייסט, אַז דער נאָמען יעקב באַצייכנט ווי אַ איד פאַר־נעמט זיך (ובאופן דאחיזה) מיט עניני העולם, מיט ענינים פון „נחלת גוים"[36] (עשו), אויף מאַכן פון זיי „נחלת יעקב".

און אע"פ אַז דאָס איז לכאורה אַ נידעריקע מדריגה — איז אָבער אין אמת'ן, אַז אין דעם באַשטייט דער תכלית השלימות. וואָרום כשם ווי אין כללות העולמות איז דאָך „נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים"[37], און ווי דער אַלטער רבי איז מבאר[38] אַז דער תכלית הכוונה איז ניט אין עולמות העליונים נאָר אין עוה"ז הגשמי „שאין תחתון למטה ממנו" — עד"ז איז אויך אין דעם „עולם מלא" וואָס בא יעדער אידן בפרט[39], אַז דער תכלית הכוונה איז אין דעם כח הכי תחתון „שאין תחתון למטה ממנו" פון זיין ציור קומה.

וואָס דאָס איז אויך וואָס דער נאָמען יעקב הויבט זיך אָן מיט אַ יו"ד, וואָס גייט אויף דעם יו"ד פון שם הוי'[40]

---

30) ראה שו"ע אדה"ז סתכ"ט ס"ז.
31) ראה תניא פל"ו (מה, א).
32) בד"ה להבין ענין שמח"ת ס"ה.
33) לקו"ש ח"י ע' 195. מכתב ד' מ"ח תשל"ז.

34) וישלח לב, כט.
35) תולדות כה, כו.
36) ראה רש"י ר"פ בראשית.
37) תנחומא נשא טז. במדב"ר פי"ג, ו. ועוד.
38) תניא פל"ו.
39) סנהדרין לז, א (במשנה).
40) ראה תו"א (כא, א. כט, א) שהיו"ד דיעקב היא בחי' חכמה, ובאוה"ת ויצא (קצב, א בשוה"ג) שהיא היו"ד דשם הוי'.

[וואס אין שם הוי' גופא (וואס ער איז דער „שם המפורש" [41], „שם העצם" [42] און „שם המיוחד" [43]) איז ער (דער יו"ד) דער עיקר [44], ביז אז (כפי המובן בשעהיוה"א [45]) ער איז למעלה מהתחלקות, העכער אפילו פון דעם אופן ההתחלקות שבשם הוי'],

וואס אין אים איז אויך דא דער קוצו של יו"ד, וואס איז העכער פון כל ציור (אפילו פון ציור דיו"ד),

און דער יו"ד (מיטן קוצו של יו"ד) ווערט נמשך אין בחינת „עקב" [46], און די המשכה איז אין אזא אופן אז דער עקב ווערט (אין ווארט) אייך זאך מיטן יו"ד (און קוצו של יו"ד),

און נאך מער: דער יו"ד איז דער „ראש" פון ווארט, וואס כשם ווי א ראש איז כולל דעם חיות פון אלע איברי הגוף, וואס דערפאר פירט ער אן מיט זיי אויך לאחרי ווי זיי זיינען א „מהות בפ"ע" [47] — עד"ז איז אויך בנוגע צום יו"ד פון יעקב, אז (א) דער יו"ד איז כולל אויך דעם „עקב", און (ב) אויך לאחרי ווי דער „עקב" שטייט בגלוי [ביז ווי מען זעט עס בפשטות אין דעם ווארט יעקב, אז די אותיות עקב זיינען דער רוב (ושורש) התיבה, און זיי זיינען מער מודגש (אין דעם ווארט) ווי דער יו"ד] ווערט ער אנגעפירט פון דעם יו"ד מיטן קוצו של יו"ד.

ו. „הלך":

די הוראה פונעם ווארט „הלך" איז אז ניט בלויז וואס ער טוט זיין עבודה, נאר אז ער האלט אין איין „גייך" און עולה זיין העכער און העכער.

און נאך מער: וויבאלד אז דער ווארט „הלך" שטייט אין תורת אמת [48] — מיינט דאך דאס הליכה אמיתית, וואס ענינה איז [49] אז מען גייט אוועק לגמרי פון דעם פריערדיקן ארט און מדריגה. דאס הייסט, אז די מדריגה אין וועלכע ער איז עולה איז שלא בערך צו דער מדריגה הקודמת (ווארום בשעת די עלי' איז בערך, איז ער נאך אלץ ניט אוועק־געגאנגען באמת ממקומו — הייסט עס נאך אלץ מיטן נאמען „עמידה").

ז. „לדרכו":

אמיתית הענין פון דרך איז אז די פארבינדט דעם ווייטסטן ווינקל פון מדינת המלך מיטן עיר הבירה, ביז מיטן היכל המלך, ביז מיטן (קיטון — דער) חדר המיוחד פון מלך [50].

דערפון איז מובן אויך בנוגע צו „(ויעקב הלך) לדרכו", אז אע"פ אז נאך שבת בראשית גייט אוועק א איד פון די מועדים דחודש תשרי און גייט אריין אין עניני הרשות און עובדין דחול (כנ"ל סעיף ד'), טוט ער עס אבער אין אן אופן פון „דרכו" — א דרך וואס איז מחבר זיינע עובדין דחול מיטן קיטון המלך מלכי המלכים הקב"ה, ביז אז אלע זיינע

41) סוטה לח, א. סנהדרין ס, א. רמב"ם הל' יסוה"ת פי"ו ה"ב.

42) כ"מ הל' עכו"ם פי"ה ה"ז. פרדס ש"ס. מו"נ ח"א פס"א ואילך. עיקרים מאמר ב' פכ"ת.

43) סוטה שם. כנהדרין שם.

44) ראה שעהיוה"א פ"ב: שכל אות הקודמת בצירוף היא הגוברת והיא העיקר.

45) ראה שעהיוה"א רפ"ד, שהיו"ד דשם הוי' מורה על הפעולה שהיא בלשון הוה ותמיד. וראה ליחת יס"כ תשל"ה — הדרן ע"ס הרמב"ם (ע"פ תלוי"צ למס' מדות כ"ע ערב ואילך (וראה שם ע' קטז)), שהטעם לזה שענין התמידות שבההתהוות נרמז באות יו"ד דוקא, הוא לפי שאות יו"ד מורה על ספירת החכמה, וב„מדריגת החכמה" [„אחד האמתי" — תניא פל"ה בהגהה] אין שייך שינוי (והתחלקות).

46) תו"א שבהערה 40.

47) עט"ר בתחלתו.

48) ויצא לב, ב.

49) ראה תו"א ס"פ וישב. אוה"ת שם. המשך תרס"ו ע' תצז. ובכ"מ.

50) ביאוה"ז ר"פ וישלח. ד"ה הוי' יחתו תרפ"ס. תקעו תשי"ז. ועוד.

ענינים ווערן א דירה לו ית׳, לו לעצמותו.

וואס דאס איז אויך די הדגשה אינעם ווארט „לדרכו״ (זיין דרך), אז די „וועג״ אין וועלכע דער איד גייט במשך דעם גאנצן וואכעדיקן יאר, איז עס „דרכו״ — זיין וועג, די ספעציעלע וועג פון א אידן, וואס דער רצון פון א אידן איז (כפס״ד הרמב״ם [51]) צו דורכפירן דעם אויבערשטנס רצון, וואס נתאוה הקב״ה להיות לו ית׳ דירה בתחתונים,

צו פארבינדן דעם וויטסטן ווינקל פון סדר השתלשלות [וואס דאס איז דער עוה״ז הגשמי „התחתון במדריגה שאין תחתון למטה ממנו״ [52], און אין עוה״ז גופא — די עניני הרשות ועובדין דחול], און מאכן פון אים א דירה לו ית׳.

ח. און דער כח אויפן „דרך״ [צו פארבינדן דעם תחתון שאין תחתון למטה ממנו מיטן קיטון המלך] איז — תורה [52]. וכידוע [53], אז דורך אורייתא ווערן ישראל וקוב״ה כולא חד.

וואס דאס איז אויך וואס „אורייתא״ איז נוטריקון „אור ייתא״ [54]:

אין תורה איז דאך (גנוז [55] פון) דעם אור שנברא ביום הראשון, ביז צום אור שהבדילו לעצמו, וואס דאס גייט אויף דעם „אור עצמי שאינו בגדר להאיר בעולמות״ [56], בחי׳ אור שלגלות עצמותו [57],

ביז אויך דער אור ווי ער איז כלול אין מאור, וואס זייענדיק כלול אין מאור איז ער ניט „אור״ נאר „מאור״, ווי ער זאגט אין שעהיוה״א [58] אז ער איז „עצם אחד ממש עם גוף המאור המאיר ואין לו שום מציאות כלל בפני עצמו״,

ביז אויך דער אור ווי ער איז כלול אין עצמות, וואס ער איז העכער [59] אויך פון „מאור״,

איז דורך „אורייתא״ ווערט דער „אור ייתא״, אז תורה ברייננגט אראפ דעם אור הנ״ל, אין יעדער פרט פון דעם וויטסטן ווינקל, סיי פון „עולם״ סיי פון „שנה״ סיי פון „נפש״.

ט. אזוי ווי המעשה הוא העיקר — איז דער סיכום פון כל הנ״ל בנוגע למעשה בפועל, אז בכל מקום ומקום, ביז אין א פינה נדחת, דארף מען מפיץ זיין תורה ויהדות, אנהויבנדיק פון די ענינים כלליים,

וואס אין דעם גייען אריין אויך די שיעורים הידועים פון חומש תהלים און תניא, און נתינת הצדקה בכל יום (דורך תורם זיין צדקה אויף „קרן השנה״ [60], וכיו״ב),

ופשיטא, אז דערמיט ווערן געמיינט די מבצעים הידועים, אנהויבנדיק פון „מבצע אהבת ישראל״, וואס שטרייכט אונטער ווי אלע אידן זיינען איין זאך (כמבואר אין תניא פרק לב),

און דערנאך קומט דאס אראפ אין „מבצע חינוך״, „מבצע תורה״, „מבצע תפילין״, „מבצע מזוזה״, „מבצע צדקה״, און „בית מלא ספרים — יבנה וחכמי׳״,

און אויך די מצוות וואס זיינען

---

51) הל׳ גירושין ספ״ב.

52) להעיר מתו״א ס״פ ויצא (בענין ויעקב הלך לדרכו): דתורה אקרי דרך.

53) ראה זח״ג עג, א.

54) סה״ש תש״ד ריש ע׳ 116.

55) מדרש רות בזהר חדש פה, א (עייג״כ זח״א רסד, א. זח״ב קמט, א), ובדגל מחנה אפרים פ׳ בראשית בשם הבעש״ט. כתר ש״ט (קרוב לתחלתו) הה״מ בשם הבעש״ט כו׳ (באריכות). ובכ״מ. וראה לקו״ת במדבר יח, ד. שם דברים פט, ד. ספר החקירה סה, א. וכל העב תרצ״ב ס״ג. ועוד.

56) סה״מ עת״ר ע׳ צב.

57) המשך תער״ב פמ״ח.

58) פ״י. וראה לקו״ב (להר״י שי׳ קארף) לתניא שם.

59) המשך תרס״ו ע׳ קפא. ס״ע תסג ואילך. ובכ״מ.

60) ראה בארוכה לקו״ש ח״ב ע׳ 651 ואילך.

איבערגעגעבן געוואָרן במיוחד צו נשי ובנות ישראל

[וואָס יעדערע פון זיי איז די עקרת הבית פון איר פּרטית'דיקע הויז און אויך פון בית ישראל כולו (ביז אַז דער גאַנצער אידישער פאָלק איז בדוגמת אשה און עקרת הבית צום אויבערשטן [61])]:

„מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", „מבצע כשרות האכילה ושתי'", און „מבצע טהרת המשפחה",

וואָס דער מבצע טהרת המשפחה (און אַזוי אויך די אַנדערע מבצעים) היילן צו נאָך מער דעם קיום היעוד „וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם גו'" [62], וואָס וועט זיין בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

יוד. נאָך אַ נקודה עיקרית בהנ"ל: די עבודה הנ"ל (צו מפיץ זיין תורה און יהדות ביז אין אַ פּינה נדחת) — דאַרף געטאָן ווערן בשמחה ובטוב לבב. דאע"פ וואָס מ'געפינט זיך נאָך אין גלות

[און חס ושלום צו זאָגן אַז ס'איז שוין דאָ די אתחלתא דגאולה. און ווי דער רמב"ם [63] פּסק'נט אַפּ בפס"ד ברור (וכל מפרשיו — הב"י וכו' — שתקו (והודו [64]) לו בזה) אַז די אתחלתא דגאולה („ויקבץ נדחי ישראל") וועט זיך אָנפאַנגען ערשט לאחרי ביאת המשיח, און דורך אים, און נאָך דעם וואָס „יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה וילחום מלחמת ה'", און נאָך דעם ווי „בנה מקדש במקומו"]

און אין גלות גופא געפינט מען זיך אין עקבתא דמשיחא, חושך כפול ומכופל,

פונדעסטוועגן, האָבנדיק די שליחות און נתינת כח פון אויבערשטן צו מפיץ זיין תורה ויהדות, צוזאַמען מיט דער הבטחה אַז דורך דעם וועט מען מאַכן אַ סוף צום גלות,

איז די דאָזיגע בשורה טובה גיט אַריין אַ חיות און אַ שמחה אין דער עבודה פון הפצת התורה והיהדות

[ע"ד ווי עס שטייט בא יעקב'ן (וואָס זיין נשמה איז כולל אַלע נשמות [65]) „וישא יעקב רגליו" [66], אַז טראָץ דעם וואָס ער איז געגאַנגען קיין חרן, חרון אַף של מקום בעולם [67], פונדעסטוועגן „משנתבשר בשורה טובה כו' נשא לבו את רגליו ונעשה קל ללכת" [68]],

וואָס דער ענין השמחה דריקט זיך אויס אין דעם אַז מען טוט עס בזריזות, ביז צו זריזות נפלאה [69],

וואָס דאָס וועט אויך מזרז זיין (און אויך בזריזות נפלאה) די אתחלתא דגאולה, און דערנאָך די גאולה שלימה, אַז עס וועט זיין „אחישנה" אין דעם „אחישנה" גופא [70],

אַז בקרוב ממש, און אויך „בעגלא דידן" (בלשון תרגום), וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה דורך משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו במהרה בימינו ממש ובעגלא דידן.

יא. מאמר ד"ה בראשית ברא.

---

61) בחז"ל ובמפרשים לשה"ש.

62) יחזקאל לו, כה.

63) הל' מלכים ספי"א. וראה בארוכה לקו"ש ח"ה ע' 149 בהערה.

64) ראה משל"מ הל' כלאים פ"ט ה"א, ובס' שנסמנו בשד"ח כללי הפוסקים ס"ו סק"א.

65) אגה"ק ס"ז.

66) ויצא כט, א.

67) פרש"י ס"פ נח. וראה לקו"ש נח תשל"ז הערה 3, 7.

68) פרש"י ויצא שם.

69) אגה"ק סכ"א.

70) מכיון ש„אחישנה" תלוי ב„זכו" (סנהדרין צח, א).

יב. שוין גערעדט פיל מאל, אז אלע ענינים וואס רש״י ברענגט בפירושו עה״ת (אפילו ווען ער ברענגט עס פון מאמרי חז״ל) זיינען פשוטו של מקרא [ווי רש״י אליין זאגט כמה וכמה פעמים [71] „ואני לא באתי אלא לפשוטו״], וואס איז פארשטאנדיק אויך צו א „בן [72] חמש למקרא״.

דערפון איז מובן, אז דער תירוץ וואס רש״י ברענגט פארענטפערן די טענה „לסטים אתם שכבשתם ארצות שבעה גויים״, אז וויבאלד „כל הארץ של הקב״ה היא״ דעריבער איז „ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו״ — איז דער תירוץ (וויבאלד אז רש״י האט אים ארייגעשטעלט בפירושו עה״ת) מובן גאר בפשטות, ביז אויך צו א פינף יאריקן קינד.

און נאך מער: וויבאלד אז רש״י זאגט עס אלס ענטפער צו אומות העולם — „שאם יאמרו אומות העולם לישראל כו׳ הם אומרים להם״ — איז פארשטאנדיק, אז בשעת מען וועט עס זאגן צו אומות העולם [און מען וועט עס ניט פאר־וואכערן, נאר זאגן זיי דברים כהווייתם, אזוי ווי עס שטייט אין תורת אמת], וועלן אויך זיי אנערקענען דעם אמת פון דעם דאזיקן ענטפער,

ביז אז זיי וועלן צוהעלפן אז עס זאל מקויים ווערן דער „לתת להם נחלת גוים״, וויסנדיק אז דאס איז אויך אן עילוי און חשיבות פאר זיי, ביז אז „והיו מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך״ [73], אז אפילו די וואס פירן אן מיט די אומות העולם (מלכים און שרותיהם) וועלן זיך בעטן און משתדל זיין, און גרויסן זיך דערמיט, וואס זיי קענען זיין עכ״פ „אומניך״ און „מיניקותיך״.

יג. און דאס וואס מען זעט אז מען האט געזאגט צו אחדים פון אוה״ע דעם אויבנדערמאנטן ענטפער (וואס שטייט אין פירש״י), און זיי זיינען געבליבן פאר׳עקשנ׳ט אין זייער טענה „לסטים אתם״

איז עס אדער מצד דערויף וואס דער וואס האט זיי געגעבן דעם ענטפער הנ״ל איז עס ביי אים ניט געווען דברים היוצאים מן הלב, אדער עס קען זיין אז זיין ענטפער איז (מצד איזה סיבה) נאך ניט דערגאנגען צום שר פון דער אומה.

ס׳איז אבער א זיכערע זאך, אז וויבאלד דער ענטפער הנ״ל איז ארויס־געקומען בגילוי (דורך דעם וואס מען האט עס געזאגט פאר די אומות דא למטה), וועט ער אנקומען (וסו״ס בזריזות) און דערגרייכן אויך צו זייערע שרים שלמעלה

[וואס זיי דערהערן דעם אמת פון דעם ענטפער, אפילו אויב ס׳איז ניט קיין דברים היוצאים מן הלב],

און דורך דעם וועט עס אראפקומען אין דעם לב מלכים ושרים שלמטה, אז אויך זיי וועלן מחליט זיין (אדער וויסנ־דיק דעם טעם דערפון, אדער ניט וויסנ־דיק), אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי׳ געהערט צו אידן.

ובכדי צו דורכפירן דאס בפועל, פאדערט זיך בלויז אז אידן זאלן שטיין מיט א תוקף בנוגע צו שלימות הארץ (צוזאמען מיט שלימות התורה און שלימות העם).

יד. וויבאלד אז מען קען ניט ווארטן ביז אז אלע וועלן שטיין מיטן תוקף הנ״ל — איז דאך דא דער פסק דין [74] אז כל העולם כולו איז נידון על פי רובו, און אז כל העולם כולו שטייט אין א מצב שקול מחצה על מחצה [75]

---

71) פרש״י בראשית ג, ח. וראה בהנסמן בלקו״ש ח״ה ע׳ 1 הע׳ 1.

72) אבות פ״ה מכ״ב.

73) ישעי׳ מט, כג.

74) רמב״ם הל׳ תשובה פ״ג ה״ב.

75) שם ה״ד.

{וואס דאס וואס תורת אמת זאגט אז א אידן אז ער זאל קוקן אויף זיך און אויף דער גאנצער וועלט אז זיי זיינען שקול [76], איז עס ווייל דער אמת איז אזוי, אז „כל השנה כולה", אלע מאל איז „כל אדם" און „כל העולם" אין א מצב פון מחצה על מחצה [76]],

וואס דעריבער איז א פסק דין ברור [76], אז דורך איין פעולה טובה („מצוה אחת") וואס א איד טוט, סיי במעשה סיי בדיבור סיי במחשבה, איז ער מכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, און ער איז גורם לו ולהם תשועה והצלה.

טו. ויהי רצון, אז כל האמור לעיל בנוגע צו פעולות טובות במעשה דיבור ומחשבה, אנהויבנדיק פון די ענינים און מבצעים כלליים (ראה לעיל סעיף ט'), זאל זיין באופן דמוסיף והולך ואור,

און ווי דער רבי נשיא דורנו שרייבט אין בריף [1] א דבר נפלא, אז בשבת בראשית דארף זיין ניט נאר „כעין השלמה" נאר אויך א „תוספת", און אז די הוספה וואס מען דארף מוסיף זיין בשבת בראשית איז ב„אור כי טוב", וואס דער לשון „אור כי טוב" [77] שטייט אויף דעם אור שנברא ביום ראשון [78],

וואס דערפון איז מובן, אז שבת בראשית גיט דעם כח צו יעדער אידן, אפילו צו א פשוט שבפשוטים, צו אויפ־טאן (דורך איין פעולה טובה, במעשה או בדיבור או במחשבה) א הוספה אין „אור כי טוב",

און ממשיך זיין דעם אור על כל השנה כולה, אז עס זאל זיין א שנת אורה, און דערנאך אויך די אלע איבעריקע ענינים טובים וואס הויבן זיך אן מיט די אותיות פון אל"ף בי"ת, ביז צו שנת תורה,

ביז עס וועט זיין דער מבצע הכי גדול, שנת גאולה — גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

• • •

טז. כנהוג בכל שנה, זאל מען אויך היינט טיילן בשליחותי בקבוקים של משקה צו די וואס פארן אין שליחות, און צו די וואס פארן אין מוסדות — בכדי זיי זאלן מיטנעמען מיט זיך פון חודש תשרי אין וועלכן מען איז געווען צוזאמען, עכ"פ א מקצת פון דעם חודש, ווארום כשאתה תופס במקצתו אתה תופס בכולו.

יז. אזוי ווי מען דארף דאך פאר־בינדן יעדער ענין מיט א פעולה גשמית [79] — איז בקשר צום ענין הגאולה וואס מען האט גערעדט פריער, איז א דבר הכי נכון וטוב — ובפרט נאך במוצאי שבת בראשית — צו פראווען א סעודת מלוה מלכא, וואס ווערט אנגע־רופן (און איז) „סעודתא דדוד מלכא משיחא" [80],

צו אראפברייגען אים בשמחה ובטוב לבב, אז ער זאל נתגלה ווערן למטה מעשרה טפחים, ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובקרוב ממש.

---

76) ראה שם ה"ב: ושקול זה אינו לפי כו'.

77) בראשית א, ד.

78) ראה בארוכה בכ"ז שיחת שבת בראשית תשי"א (נדפסה בלקו"ש ח"ב ע' 443 ואילך).

79) ראה רמב"ן לך יב, ו. וראה לבוש לרקנטי לך שם. דרשות הר"ן דרוש ב'.

80) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב). פע"ח סוף שער השבת.

## בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ נח – בחדרו – ה'תשל"ח

א. קומענדיק פון סיום חודש תשרי, חודש השביעי

— שביעי (אויך) מלשון שובע[1], ווי דער מדרש זאגט[2]: „שהוא משובע בכל", אז דער חודש איז אנגעזעטיקט מיט אלע ברכות און מיט אלע גוטע זאכן, סיי בגשמיות סיי ברוחניות.

און זייענדיק א חודש כללי[3], ווערן נמשך, די אלע ענינים מיט וועלכע ער איז „משובע", בכל השנה כולה[4] —

צוזאמען דערמיט וואס איצטער (במוצאי שבת) איז אויך דער סיום און אפשלוס פון א וואך

— וואס סיי דער אפשלוס פון דער וואך, סיי דער אפשלוס פון חודש (השביעי) איז (ווי אין אלע ענינים פון קדושה, וואס עס דארף זיין „מעלין בקודש"[5]) אויך א התחלה פון אן עלי', אז עס זאל זיין נאך העכער און נאך בעסער ווי ס'איז געווען ביז איצטער —

איז כאן המקום והזמן צו מאכן א סך־הכל פון דער נקודה העיקרית וואס האט זיך גערעדט אין די פריערדיקע שיחות[6], אז דער ענין כללי וואס מען נעמט מיט פון חודש תשרי על כל השנה כולה איז — די עבודה פון „ויעקב הלך לדרכו"

[וואס נוסף צום תוכן הכללי פון „ויעקב הלך לדרכו" (וואס אין אלע דריי ווערטער צוזאמען), זיינען פאראן אויך ענינים און הוראות פרטיות אין יעדן ווארט באזונדער (אין „ויעקב", אין „הלך" און אין „לדרכו"[7]). וואס יעדער פרט (פון די דריי ענינים) גיט אויך צו אין דעם תוכן הכללי פון „ויעקב הלך לדרכו"],

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת מיטן סיום און אפשלוס פון דער וואך פון פרשת נח — די וואך וואס נאך שבת בראשית כדלקמן (סעיף ב' ואילך),

און דאס האט אויך א שייכות מיוחדת מיטן תוכן פון פרשת נח [וואס ס'איז דאך ידוע דער ווארט פון אלטן רבי'ן[8] אז מען דארף לעבן מיט דער פרשה פון דער וואך], כדלקמן (סעיף ד' ואילך).

ב. אע"פ אז דער „ויעקב הלך לדרכו" שבמוצאי שמחת תורה איז שוין אויך בנוגע צו עניני הרשות ועובדין דחול[9] („לדרכו" בפשטות), ביז אז דער־נאך במוצאי שבת בראשית הויבט זיך שוין אן פילן דער חול פון די ימות החול[10]

פונדעסטוועגן, איז בשעת עס קומט מוצאי שבת פרשת נח — טוט זיך אויף א נייער ענין אין „ויעקב הלך לדרכו", וואס איז ניטא במוצאי שבת בראשית.

[נוסף אויף דעם וואס לויט דעם מכתב הידוע[11] אז בשבת בראשית דארף זיין ניט נאר „כעין השלמה" נאר אויך א „תוספת", ביז צו א „תוספת" אין „אור כי

1) ראה גם הערות לתניא ע' נח.
2) ויק"ר פכ"ט, ח. וראה ד"ה יו"ט של ר"ה תש"ת בתחלתו.
3) אוה"ת סוכות ע' אתשנו. ברכה ס"ע אתתסו ואילך. ד"ה צהר תעשה תש"ב פ"ג. ועוד.
4) ובלשון הבעש"ט (היום יום ע' צ): שהוא המושבע והמשביע .. על כל השנה.
5) ברכות כח, א. ושי"נ.
6) דמוצאי שמח"ת ודמוצאי שבת בראשית.
7) כמשנ"ת באריכה בשיחת מוצאי שבת בראשית ס"ה ואילך.
8) סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.
9) ראה ד"ה להבין ענין שמח"ת ש.ז. סעיף ה. שיחה הנ"ל ס"ג.
10) ראה שיחה הנ"ל ס"ד.
11) דמחרת יוהכ"פ תרפ"ס (נדפס בסה"מ תש"א ע' 48).

טוב", וואס דאס (דער לשון "אור כי טוב") שטייט[12] אויפן אור שנברא ביום הראשון — קומט דאך אויס, אז ביז (מוצאי) שבת בראשית איז דא (ובמילא — גובר) דער "ויעקב הלך לדרכו" לויטן פירוש[13] אז "לדרכו" איז "בחי' תורה ומצות, דתורה אקרי[14] דרך", ווארום דעם אור שנברא ביום ראשון איז דאך "גנזו בתורה"[15]].

והביאור בזה[15*]:

במוצאי שבת בראשית, אע"פ אז א איד איז מחליט בהחלטה תקיפה [און די החלטה איז באופן של שלימות. ובפרט נאך אז עס קומט נאך דער עבודה פון חודש תשרי] אז בא אים זאל זיין די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" [אז זיין גיין אין די עובדין דחול ("לדרכו" בפשטות) זאל זיין "לדרכו" פון יעקב'ן, די ספעציעלע וועג פון א אידן, די וועג פון תורה ומצות], פונדעסטוועגן, וויבאלד אז דאס איז בלויז בהחלטתו, און ס'איז נאך ניט געקומען בפועל ממש — איז "אל יתהלל חוגר כמפתח"[16]:

משא"כ במוצאי שבת פרשת נח, לאחרי ווי עס איז שוין א דורך א גאנצע וואך (פון מוצאי שבת בראשית) וואס אין יעדער טאג פון דער וואך איז "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[17]

— וואס דער היקף פון שבעת ימי השבוע איז כולל כל משך הזמן [וכידוע[18] דער טעם אויף דעם וואס יעדער וואך הויבט מען אן ציילן: יום ראשון, יום שני וכו' (אע"פ אז ס'זיינען שוין דורכגעגאנגען אלפים ורבבות ימים פון ברה"ע), ווייל יעדער וואך חזר'ן זיך איבער די זעלבע ימי ההיקף] —

דעמולט קען שוין זיין "יתהלל", וויבאלד אז מען איז שוין אין א מצב פון "מפתח".

ג. לכאורה קען מען פרעגן אויף דעם: דער טעם (בפשטות) פון "אל יתהלל חוגר כמפתח" איז[19] מצד דעם וואס אפילו בשעת ער (דער חוגר) איז א גבור וכו', איז מען נאך ניט זיכער בבירור גמור, ס'איז נאך דא א מקום לספק, צי ער וועט מנצח זיין. ולפי זה:

וויבאלד אז כל ישראל זיינען בחזקת כשרות[20] [וואס אויף חזקה פארלאזט מען זיך בנוגע צו די גרעסטע ענינים[21]], איז דאך במילא זיכער אז די החלטות וואס אידן האבן מחליט געווען במוצאי שבת בראשית, וועלן זיי דורכפירן בפועל — טא וואס איז דער אויפטו פון דעם "ויעקב הלך לדרכו" (בנוגע צו יעקב'ן) ווי ער איז שוין בפועל (במוצאי ש"פ נח) אויף דער החלטה בזה (שבמוצאי שבת בראשית)?

איז דער ביאור אין דעם: דער תכלית העילוי והשלימות פון יעדער ענין איז, אז ער זאל זיין ניט בלויז "בכח" נאר ער זאל קומען "בפועל" (אפילו ווען דער "בכח" איז אין אזא אופן אז ס'איז זיכער

---

12) בראשית א, ד.

13) תו"א כ"פ ויצא.

14) קדושין ב, ב.

15) נסמן בשיחה הנ"ל הע' 55.

15*) יעיד ענין בזה: בכיון שחודש תשרי הוא חודש כללי (כנ"ל. ובהנסמן בהערה 3) — הרי ענין "ויעקב הלך לדרכו", בעבודה פרטית, מתחיל בעיקר לאחרי חודש תשרי.

ומכיון שה"ויכולו" של הימים דסיום חודש תשרי הוא בשבת פרשת נח [שבת הראשונה שלאחרי חודש תשרי] היינו, דעד אז מאיר עדיין הענין דחודש הכללי — נמצא [ע"ד המבואר לעיל (בשיחת מוצאי שבת בראשית ס"ד)] שעיקר הענין ד"ויעקב הלך לדרכו" מתחיל במוצאי ש"פ נח.

16) מ"א כ, יא.

17) זח"ג צד, ב.

18) ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד (סעיף יו"ד). וראה גם לקו"ת שה"ש כה, א.

19) ראה רש"י מלכים שם: שאינו יודע אם ינצח כו'.

20) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב. וראה גם הל' יסוה"ת ספ"ז.

21) כמובן גם מזה שסומכין על עדותן בנוגע לכל דבר (ראה לח"מ להל' קדה"ח שם).

אז ביכלתו לבוא לידי פועל), כדלקמן (סעיף ד׳ ואילך). איז דעריבער, וויבאלד אז במוצאי שבת בראשית איז נאך ניטא דער בפועל פון „ויעקב הלך לדרכו״ (אע״פ אז מען איז שוין זיכער אז דער־נאך וועט זיין דער בפועל), איז עס נאך ניט דער תכלית השלימות.

ד. א הוכחה אויף דעם (אז דער תכלית השלימות פון יעדער ענין איז דוקא ווען ער קומט בפועל) איז פון כללות ענין הבריאה

[וואס דאס (ענין הבריאה) האט א שייכות מיוחדת מיט חודש תשרי (אותיות רשית*[21] וראש שלו — ראש השנה), ובפרט מיט (שמח״ת און) שבת בראשית ווען מען לייענט „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ״, אז די שמים וארץ וכל צבאיהם ווערן באשאפן מחדש. ווארום וויבאלד אז תורת אמת זאגט „בכל יום יהיו (בעיניך) חדשים״[22] — איז דאך דער אמת אזוי, אז בכל שנה ווען מען לייענט אין תורה בראשית ברא וגו׳ ווערט באשאפן די גאנצע וועלט מחדש.

און אע״פ אז א איד האט בחירה חפ־שית צי ער זאל מקיים זיין דעם ציווי „בכל יום יהיו בעיניך חדשים״ — איז דאך די בחירה בלויז בנוגע צו אים, אז בא אים זאלן זיי זיין „חדשים״: דאס וואס דברי תורה זיינען אלע מאל „חדשים״ (און אז בכל שנה, ווען מען לייענט בראשית ברא וגו׳, ווערן באשאפן שמים וארץ וכל צבאיהם מחדש) — איז ניט אפהענגיק בבחירתו: און דאס וואס עס פאדערט זיך פון אים אז ער זאל בוחר זיין, איז אז אויך ער זאל אנערקענען דעם אמת, לעבן מיט אים, און איבערלעבן פון דאסניי דעם ענין אין תורה וועלכן ער לערנט],

וואס איינער פון די טעמים אויף דער בריאה איז (ווי ער זאגט אין זהר[23]) „בגין דישתמודעון לי״, און בלשון הע״ח[24] — „שיתגלו שלימות כחותיו וכו׳״, אז די „כחות״ פון אויבערשטן זאלן ארויסקומען בגילוי, ובפועל.

ולכאורה איז ניט מובן: בשעת עס רעדט זיך וועגן א כח מוגבל, וואס איז שייך אז ער זאל (מצד איזה טעם) ניט קענען קומען לפועל — איז פאר־שטאנדיק, אז ס׳איז דא א מעלה אין דעם וואס ער ווערט נתגלה בפועל: וויבאלד אבער אז „כחותיו״ ית׳ זיינען אן קיינע הגבלות, און ס׳איז ניט שייך אז עס זאל זיין אן ענין וואס זאל זיי מונע זיין פון קומען לפועל — איז וואס פאר א עילוי קומט צו דורכן „שיתגלו כו׳״ (דורך זייער קומען לפועל)?

בשלמא להטעם[25], אז די כוונה איז מצד דעם וואס „נתאוה הקב״ה להיות לו ית׳ דירה בתחתונים״[26] — איז פאר־שטאנדיק, אז ס׳איז ניט מספיק דאס וואס מצד כחו ית׳ קען זיין „דירה בתחתונים״, וויבאלד אז מען וויל האבן (ניט דעם גילוי פון כחו ית׳ (אז ער קען זיך געפינען אויך „בתחתונים״), נאר די מציאות פון) „דירה בתחתונים״[27], דארף זיין א פעולה בתחתונים[27]:

---

*21) אוה״ת סוכות שבהערה 3.

22) פרש״י יתרו יט, א. עקב יא, יג. תבוא כו, טז.

23) פרשת בא מב, ב.

24) שער ההקדמות הקדמה ג. וממ״ש בע״ח שם „וכבר נתבאר טעם זה בספר הזהר .. וגם בס׳ בא כו׳״, מובן שבכללות הו״ע אחד עם „בגין דישתמודעון לי״. וראה גם המשך תרס״ו ע׳ ז, ד״ה שוקיו עמודי שש תשי״ב פ״ח, אשר ענין „יתגלו כו׳״ הוא פירוש במאה״ז „בגין כו׳״.

25) המשך תרס״ו שם. ד״ה שוקיו הנ״ל פ״ט. התיווך של ביאור זה עם הביאור שבזהר וע״ח שם — ראה המשך תרס״ו ע׳ תמו (הובא לקמן הערה 28). לקו״ש ח״י ע׳ 21 הערה 69.

26) תנחומא נשא טז. במדב״ר פי״ג, ו. תניא פל״ו.

27) ואפילו אתל״ש שאין בזה מעלה ושלימות — הרי הענין ד„נתאוה״ הוא למעלה מהטעם.

משא״כ לטעם הבריאה אַז דאָס איז „שיתגלו שלימות כחותיו כו׳״ (אַרויסבאַקומען די שלימות כחותיו של הקב״ה), איז ניט מובן (כנ״ל): וואָס פאַר אַ עילוי קומט צו דורכן „שיתגלו כו׳״ [28]?

ה. עד״ז געפינט מען אויך בנוגע צו ירידת הנשמה בגוף (שהי׳ בר״ה — ויפח באפיו נשמת חיים — נשמת אדה״ר שכוללת כל הנשמות [29] — ושקורין עד״ז בשמח״ת ובפ׳ בראשית), אַז איינער פון די טעמים אויף דעם איז [30], בכדי אַז די כחות פון דער נשמה [צו זיין פאַרבונדן מיטן אויבערשטן, אפילו ווען זי איז אין אַ גוף גשמי וכו׳] זאָלן אַרויסקומען בפועל ובגילוי.

וכידוע [31] המשל פון אַ מלך וואָס האָט געהאַט אַ בן יחיד מושלם בכל המעלות, און האָט אים אַוועקגעשיקט למקום רחוק, בכדי אַרויסצוברענגען זיינע כשרונות מן הכח אל הפועל, ווי ער קען זיך מפרנס זיין מיגיע כפיו און דאַרף ניט אָנקומען צו נכסי אביו.

ולכאורה: וויבאַלד אַז דער מלך ווייס די כשרונות הנעלים פון בנו יחידו — ובפרט ווי דאָס איז אין נמשל, וואָס דער מלך איז יודע עתידות און ווייס בודאות אַז יעדע נשמה וועט אַרויסברענגען אירע כחות בגילוי וכמ״ש [32] לבלתי ידח ממנו נדח — איז צוליב וואָס דאַרף ער אים שיקן למקום רחוק, מאיגרא רמה לבירא עמיקתא [33], ובפרט בשעת אַז דאָס (ירידת הנשמה בגוף) איז אַן ענין של הכרח פאַר דער נשמה (כמרז״ל [34] על כרחך אתה חי), היפך ענין התענוג והרצון וכו׳?

ו. זעט מען דערפון, אַז אפילו ווען אויך פריער איז ניטאָ קיין ספק און ספק ספיקא אַז די כחות פון דעם בן מלך קענען און וועלן אַרויסקומען בפועל — איז ניט מספיק דער „בכח״, און מען דאַרף האָבן אַז דער בכח זאָל קומען לידי פועל.

ועד״ז אפילו בנוגע לכחותיו ית׳ (וואָס אין זיי איז דאָך אודאי ניט שייך קיין שום ספק ח״ו אַז זיי קענען קומען

---

28) בהמשך תרס״ו שם (ע׳ ה) ובד״ה למען ידעו תש״ב (פט״ז), שה״א לומר שזו (הענין ד„יתגלו שלימות כחותיו כו׳״) היא תכלית הכוונה האמיתית״, כי למעלה „אין כח חסר פועל״ — הרי מדגיש „האמיתית״ — וכמבואר בסוף ההמשך (ע׳ תמו) דיתגלו וכו׳ הוא הטעם בנשמות דאצילות ובאצילות.

ועוד י״ל דהשאלה שבפנים השיחה אינה השאלה שבתרס״ו ותש״ב שם. כי זה מה שלמעלה „אין כח חסר פועל״ — הכוונה בזה היא שמצד הכח נעשה כבר גם הפועל [וכמובא בתרס״ו שם מפרדס שי״א פ״ג: כאשר עלה ברצונו כו׳ אז נאצל ונצטייר כו׳. וראה בארוכה ד״ה שובה, ולקחתם אעת״ר], והשאלה שם היא, שמצד הטעם ד„יתגלו שלימות כחותיו כו׳״ מספיק הפועל כמו שהוא כלול בהכח (הע״ס שנאצלו באוא״ס לפני הצמצום) ואין צריך להפועל כמו שהוא מחוץ להכח (ושאלה זו היא גם להביאור דלקמן ס״ו): משא״כ השאלה שבפנים השיחה (שמכיון שהכח הוא בלתי מוגבל, אין מתוסף בו שלימות) היא — גם על כללות ענין ה„פועל״ (גם כמו שכלול בה„כח״).

29) שער הגלגולים הקדמה וא״ו ואילך. ובכ״מ. וראה שמו״ר פ״מ, ג.

30) בתניא פל״ז (מח, ב), שירידת הנשמה למטה היא בכדי לתקן את הגוף ונה״ב וחלקו בעולם [וזה בא בהמשך להמבואר שם פל״ו שתכלית הבריאה הוא שיהי׳ לו ית׳ דירה בתחתונים]. ובכ״מ מבואר (ראה קונטרס ומעין מ״ו פ״א. וירח ש״ת (ע׳ ח), ד״ה ומעין תש״ו ספ״ג. וראה גם דרמ״צ קמ, ב. קנד, א) שירידת הנשמה למטה היא (גם*) לצורך הנשמה, ירידה צורך עלי׳, ושהעלי׳ שלה היא מצד זה שגם בהיותה מלובשת בגוף ונה״ב שמעלים ומסתיר כו׳ מ״מ היא עומדת בנסיון ועוסקת בתומ״צ כו׳.

וי״ש לומר, שב׳ ענינים אלו הם דוגמת ב׳ הטעמים דסיבת הבריאה: „יתגלו שלימות כחותיו כו׳״, ו„דירה בתחתונים״.

31) ראה המשך תרס״ו ס״ע שפ ואילך.

32) ש״ב יד, יד.

33) לשון הגמרא — חגיגה ה, ב.

34) אבות ספ״ד.

*) בד״ה וירח שם. שה„תכלית״ דירידת הנשמה למטה היא עליית הנשמה. וה„כוונה״ בירידת הנשמה למטה היא לזכך ולברר את הגוף ונה״ט.

בפועל), אז דער רצון העליון איז אז זיי זאלן קומען בפועל, כנ"ל סעיף ד'.

וואס דערפון איז מובן אויך בעניננו: אע"פ אז אויך במוצאי שבת בראשית איז מען זיכער אז די החלטה פון א אידן (צו טאן אין דער עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו") וועט קומען בפועל — און נאך מער: אז ער וועט אפטאן די עבודה הנ"ל בתכלית השלימות, בשמחה ובטוב לבב — פונדעסטוועגן, קומט עס ניט צו דער שלימות שבמוצאי שבת פרשת נח, ווען די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" איז שוין דא (במשך פון א גאנצע וואך, שבעת ימי ההיקף) בפועל [35].

ז. כאמור לעיל (סוף סעיף א') איז דער ענין פון "ויעקב הלך לדרכו" האט א שייכות מיוחדת מיט די ענינים פון פרשת נח. ובהקדים:

שוין גערעדט כמה פעמים [36] בנוגע צו די שמות הסדרות, אז (אע"פ וואס בפשטות איז דער נאמען פון יעדער סדרה על שם ההתחלה) וויבאלד זיי זיינען נעמען ע"פ תורה [ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט [37] אז שמו אשר יקראו לו בלה"ק איז מהוה מחי' ומקיים דעם דבר הנקרא בהשם], איז דער נאמען פון יעדער סדרה ברייננט ארויס דעם תוכן פון דער גאנצער סדרה.

א ראי' מוכחת אויף דעם איז [38] פון דעם נאמען פון אונזער סדרה — נח: אויב די שמות הסדרות וואלטן געווען נאר מצד התחלתם — וואלט מען געדארפט רופן די סדרה (ניט מיטן נאמען "נח", נאר) "תולדות" (ווארום דער ווארט "תולדות" איז נעענטער צו תחלת הסדרה ווי דער ווארט "נח"), און פ' "תולדות" שלאחרי' — אויף מבדיל זיין איר פון אונזער פרשה — "יצחק".

דערפון וואס די סדרה הייסט מיטן נאמען נח איז מוכח, אז דאס איז מצד דערויף וואס דער ווארט "נח" ברייננט ארויס דעם תוכן פון דער סדרה.

ח. ולכאורה איז ניט מובן: "נח" איז (ע"ש זה ינחמנו) פון לשון מנוחה [39] און "נייחא" [40]; היינט ווי קען מען זאגן אז דער נאמען "נח" ברייננט ארויס דעם תוכן פון דער סדרה, בשעת אז כמה ורוב הענינים שבפרשתנו — והתחלתה וסופה, מבול און הפלגה [41] — זיינען היפך ענין המנוחה און נייחא?

איז דער ביאור אין דעם: די כוונה פנימית פון מבול און הפלגה איז אז דורך זיי זאל ווערן "נייחא דרוחא". אע"פ וואס זיי זיינען ענינים בלתי רצויים — איז אבער דורך דעם וואס א איד איז זיך מתגבר אויף די העלמות והסתרים, קומט אים צו א תוספת בעבודתו, דורך דעם וואס ער איז מברר און נעמט ארויס די ניצוצות הקדושה וועלכע געפינען זיך אין די העלמות והסתרים פון מבול און הפלגה

[וע"ד מאמר רז"ל [42] "עשרה דורות מנח ועד אברהם כו' עד שבא אברהם אבינו וקבל שכר כולם", אז אברהם אבינו [וואס "אחד הי' אברהם" [43]] האט מקבל געווען דעם שכר פון די אלע עשרה דורות, כולל אויך דעם דור הפלגה]

---

35) להעיר מרמב"ן וירא כב, א (הובא בלקו"ת ראה יט. רע"ג), שטעם הנסיון (הגם שהכל גלוי לפניו ית' ויודע בראש מה שיהי' בסוף) הוא כדי להיות לאדם שכר מעשה טוב ולא שכר לב טוב בלבד.

36) ראה בארוכה לקו"ש ח"ה ע' 58. 355. ועוד.

37) שעהיוה"א פ"א.

38) ראה גם לקו"ש שם ע' 355.

39) רש"י בראשית ה, כט.

40) ראה ב"ר פ"ל, ה (ובמ"כ שם). תו"א ריש פרשתנו.

41) ודורות שביניהם ג"כ "מכעיסין ובאין" (אבות פ"ה מ"ב).

42) אבות שם. וראה לקו"ש פ' לך לך תשל"ז.

43) יחזקאל לג, כד. — (וכהמשך הכתוב) ויירש את הארץ.

וואס דאס איז אויך דער טעם פון דעם וואס די מי המבול ווערן אנגערופן מיטן נאמען „מי נח"[44], ווײַלע דער מבול איז געקומען „לטהר את הארץ", וואס דורך דעם איז געווארן „נײַחא דרוחא"[45] [וואס נביאים (און הפטורה) — איז דאך גלה סודו אל עבדיו הנביאים[46] — ברײַנגען ארויס בגלוי די כוונה פון דער זאך, איז אין נביא (הפטורה) ווערן זיי אנגערופן (ניט „מי המבול", נאר) „מי נח" על שם התכלית, צו שאפן „נײַחא דרוחא"],

ביז ווי מען זעט בפשטות, אז דורך דעם וואס נח איז „צדיק תמים הי' בדורותיו" איז ניט נאר וואס דער מבול האט אים ניט אנגערירט לרעה ח"ו, נאר אדרבה — „ראה עולם חדש"[47], ס'איז בא עם צוגעקומען א חידוש בעולם,

ביז אז (דורך עבודתו של נח לאחרי המבול, איז) „וירח הוי' את ריח הניחח"[48] („ניחח" איז נח"ר לפני, „נײַחא דרוחא"), וואס דאס האט געבראכט א תוקף (עילוי[49]) אין עולם, אז ס'איז ניט שייך קיין הפסק וביטול אין סדרי העולם[50],

ביז אז דער אויבערשטער האט כורת ברית געווען אויף דעם[51], און האט געמאכט אן אות ברית אויף דעם (קשת) „לדורות עולם"[52],

ביז (עקבתא דמשיחא) די צײַט ווען דער קשת וועט זײַן „בגוונין נהירין", וואס „כדין צפי לי' למשיח"[53].

ט. און דאס איז אויך די שייכות פון פרשת נח מיטן ענין פון „ויעקב הלך לדרכו":

בשעת א איד גייט פון חודש תשרי און גייט ארײַן אין די עובדין דחול במשך דעם גאנצן וואכעדיקן יאר, קען ער דאך זיך דערשרעקן פאר די „מים רבים" פון וועלט, די „טרדות הפרנסה והמחשבות שבעניני עוה"ז"[54] — אויף דעם איז די הוראה פון פרשת נח, אז די „מים רבים" ווערן גאר אנגערופן „מי נח", ווײַל דורך זיי ווערט דער „נײַחא דרוחא".

און די וועג דערצו איז „בא אל התיבה גו'", כפירוש הבעש"ט[55] — ארײַנגיין אין די ווערטער (תיבה) פון תפלה און תורה: בשעת א איד שטעלט זיך אוועק מיט א תוקף אויף (ניט נתפעל ווערן פון די „מים רבים", און) „להכניס את עצמו בהתיבות דתפלה ותורה ולהדבק בהם"[55] — איז ניט נאר וואס ער ווערט געראטעוועט פון די מי המבול, נאר נאך מער: די „מים רבים" גופא ווערן „מי נח" „נײַחא דרוחא", דורך זיי קומט צו אן עילוי[56] אין די תיבות התפלה והתורה,

ביז אז דער „נײַחא דרוחא" איז ניט בלויז אין די תיבות התפלה והתורה (וואס קומט דורך די מים רבים), נאר אויך אין זײַנע עניני הרשות,

ווי עס שטייט אין מדרש[57] (בנוגע צו דעם וואס עס שטייט „נח נח" צוויי מאל) „נײַחא לעליונים נײַחא לתחתונים", אז

---

44) ישעי' נד, ט.

45) תו"א ריש פרשתנו (סע"ג ואילך).

46) עמוס ג, ז.

47) ויק"ר פ"ל, ח.

48) פרשתנו ח, כא.

49) ראה בארוכה לקו"ש פ' נח תשל"ז, שהתוקף שנעשה בעולם לאחרי המבול („לא ישבותו") הוא מצד הטהרה והזיכוך שנעשה בו ע"י המבול.

50) פרשתנו שם, כא-כב.

51) שם ט, ח ואילך.

52) שם, יב.

53) זח"א עב, ב.

54) תו"א ריש פרשתנו.

55) הובא בד"ה צהר תעשה תרצ"ה בתחילתו. וראה גם הוספות לכתר שם טוב (קה"ת) ע' 12.

56) ראה תו"א ט, סע"א: „וזהו ותלך התבה על פני המים דוקא ותרם התבה כו' שע"י המים דוקא מתעלות תיבה התפלה ועולה למעלה מעלה".

57) ב"ר פ"ל, ה.

דער „נייחא" איז ניט בלויז אין עניני התורה ומצוותי' („עליונים") נאר אויך אין זיינע עניני רשות („תחתונים"),

ביז אז ער דערזעהט אן „עולם חדש", אז ער טוט אויף א חידוש אין דער בריאה, בדוגמת „השמים החדשים והארץ החדשה"[58] וואס וועלן זיין לעתיד לבוא.

יזד. מאמר ד"ה מים רבים.

יא. ווי גערעדט כמה פעמים, אז בשעת ס'איז דא א (געוויסע) התעוררות — דארף מען איר פארבינדן מיט אן ענין פרטי[59]. וואס דורך דעם וואס זי האט אן „אחיזה" אין אן ענין פרטי, איז בנקל (ובודאות) יותר אז זי זאל אראפקומען אין א מעשה בפועל.

ובנוגע לעניננו: בכדי צו מאכן לייכטער אז די התעוררות הנ"ל אין דעם ענין פון „ויעקב הלך לדרכו" זאל קומען אין א מעשה בפועל (ובאופן של זריזות) — איז כדאי צו פארבינדן איר מיט א הוראה פרטית וועלכע איז שייך צו דעם יאר ביחוד [וואס „את הכל עשה יפה בעתו"[60]],

ובפרט נאך, אז כשם ווי כללות הענין פון „ויעקב הלך לדרכו" האט א שייכות מיוחדת מיט פרשת נח (כנ"ל סעיף ט'), אזוי אויך די הוראה פרטית דשנה זו ביחוד — האט אויך א שייכות מיוחדת מיט (אן ענין אין) פרשת נח (כדלקמן סעיף טו).

יב. פון די ענינים המיוחדים שבשנה זו איז — אז דער יאר איז א עיבור־יאר, וואס דער ענין פון א עיבור־יאר איז צו אויסגלייכן שנת הלבנה מיט שנת החמה. און נאך מער: היינטיקער יאר איז א ספעציעלער עיבור־יאר — דער לעצטער יאר פון א מחזור קטן, וואס דאן איז די אויסגלייכונג (פון שנת הלבנה מיט שנת החמה) בתכלית השלימות, ווי דערקלערט בארוכה (בצירוף המראי מקומות) אין דעם מכתב כללי[61].

די הוראה דערפון אין עבודת האדם, איז (ווי דערקלערט במכתב הנ"ל):

בא יעדער אידן דארפן זיין די צוויי אופני עבודה, שבדוגמת השמש והירח: פאראן ענינים און צייטן, וואס ער דארף זיין א משפיע — בדוגמת השמש וואס איז משפיע בכח עצמו; און פאראן ענינים און צייטן, וואס פריער דארף ער זיין א מקבל און ערשט לאחרי זה דארף ער משפיע זיין דאס וואס ער האט מקבל געווען — בדוגמת הלבנה וואס (זי האט ניט קיין אייגענע ליכטיקייט, נאר) נאך דעם ווי זי איז מקבל און באקומט די ליכטיקייט פון שמש איז זי משפיע און לייכט (דעם אור וואס זי איז מקבל) לארץ ולדרים עלי'.

[וואס די צוויי אופני עבודה, ווי זיי זיינען בכללות — איז עס אויך די עבודה פון לימוד התורה וקיום המצוות, און די עבודה פון „כל מעשיך לשם שמים"[62] און „בכל"[63] דרכיך דעהו"[64]: לימוד התורה וקיום המצוות — „שמש", ווארום תורה און מצוות זיינען ליכטיק מצד עצמם כמ"ש[65] כי נר מצוה ותורה אור; משא"כ די עניני רשות („מעשיך" און „דרכיך") — וויבאלד אז מצד עצמם זיינען זיי ניט ליכטיק, און א איד טראגט אריין אין זיי אור (דורך דעם וואס ער

---

58) ישעי' סו, כב. וראה ד"ה בראשית ברא ש.ז. הערה 28.

59) להעיר גם מקונטרס העבודה פ"ז.

60) קהלת ג, יא.

61) דהוי"ו תשרי. וראה גם שיחת ו' תשרי ש.ז.

62) אבות פ"ב מי"ב.

63) משלי ג, ו.

64) להעיר מלקו"ת ר"ה (סב, ג) ואוה"ת האזינו (ס"ע קב ואילך) שבחינת הנשמה שלמעלה היא בחי' שמש, ובחינת הנשמה המלובשת בגוף היא בחי' לבנה.

65) משלי ו, כג.

טוט זיי „לשם שמים" און אין אַן אופן פון „דעהו") — זיינען זיי בדוגמת לבנה[65*]].

און אע"פ אַז יעדער איינער פון די צוויי אופני עבודה (אויך ווי ער איז פאַרזיך) איז אַן ענין נעלה ביותר, ביז אַן ענין בשלימותו — בדוגמת שנת החמה און שנת הלבנה, וואָס יעדע פון זיי (שנת החמה אליין, און שנת הלבנה אליין) ווערט גערעכנט (בכו"כ עניני תורת אמת) אַלס אַ שנה שלימה[66] —

איז אָבער דאָ די ספּעציעלע הוראה פון שנת העיבור, ובפרט פון שנת העיבור שבסיום מחזור קטן, אַז מען דאַרף פאַרבינדן ביידע עבודות צוזאַמען.

וואָס דאָס (די פאַרבינדונג) ברענגט אַריין אַ העכערע שלימות אין יעדער איינער פון זיי — סיי אין דער עבודה פון „שמש", סיי אין דער עבודה פון „לבנה",

ובצירוף שניהם יחד[67], ווערט די אמת'ע שלימות. ווי די משנה זאָגט[68] „(שנה) תמימה — להביא את חודש העיבור", אַז דורכן חודש העיבור וואָס איז מחבר (און מאחד) שנת הלבנה מיט שנת החמה — ווערט די אמת'ע „שנה תמימה", תכלית התמימות והשלימות.

יג. די שייכות פון דער הוראה (הנ"ל) המיוחדת לשנה זו (אַלס שנת העיבור, און סיום מחזור קטן) אַלס פּרט פון דער הוראה כללית פון „ויעקב הלך לדרכו" (שבכל שנה ושנה):

ווי גערעדט פריער, איז בחודש תשרי אַ איד פאַרנומען (בעיקר) מיט ענינים רוחניים פון תורה ומצוותי', וואָס זיינען בדוגמת השמש. און דערנאָך (נאָך שמחת תורה, ובפרט במוצאי שבת בראשית, ועאכו"כ לאחרי סיום חודש תשרי[69]) הויבט זיך אָן דער „ויעקב הלך לדרכו" אין עניני הרשות ועובדין דחול, וואָס זיינען בדוגמת לבנה[69*].

און ווי גערעדט פריער[70], אַז אע"פ אַז דער „ויעקב הלך לדרכו" איז — בחיצוניות — אַ ירידה, איז אָבער דאָ אין דעם אַ מעלה אויף דער עבודה דחודש תשרי, וואָס דורך דעם דוקא פירט זיך אויס די כוונה פון „דירה בתחתונים".

איז אין דעם קומט צו די הוראה פרטית (הנ"ל) פון שנת העיבור און סיום מחזור קטן: אע"פ אַז יעדע איינע פון די צוויי עבודות — סיי די עבודה פון התעסקות אין עניני קדושה (שמש) שבחודש תשרי (ודוגמתה בכל השנה), סיי די עבודה פון בירור עניני הרשות (לבנה) שבמשך כל השנה — איז אַן עבודה שלימה ונעלית,

פונדעסטוועגן, פאָדערט זיך פון אַ אידן, אַז בא אים זאָלן זיין פאַרבונדן ביידע עבודות צוזאַמען: אויך גייענדיק „לדרכו" בעניני הרשות — זאָל ער זיך ניט באַגנוגענען דערמיט וואָס ער טוט עס אין אַן אופן פון „כל מעשיך לשם

---

65*) עוד אופן בשני עבודות אלו: שמש — עבודת הצדיקים, ולבנה — עבודת הבעלי תשובה (אוה"ת זאתחנן ע' קי). וענין החיבור ד(שנת ה)חמה ו(שנת ה)לבנה [ההוראה דשנת העיבור, כדלקמן בפנים] — הוא דוגמת ענין (ראה זח"ג קנג, ב. לקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש ג, סע"ב) „לאתבא צדיקיא בתיובתא".

66) ראה ערכין לא, ב. ורש"נ. אוה"ת לתהלים עה"פ תורת ה' תמימה.

67) שע"ז מיתוסף אור העולה על כולנה (ראה שעהיוה"א פ"ב. ובכ"מ).

68) ערכין לא, א.

69) ראה לעיל הערה 15*.

69*) להעיר גם מהמבואר בהמאמר (סעיף ד'), שע"י הירידה ב„מים רבים" מגיעים לענין התשובה. וגם מצד זה שייך ענין „ויעקב הלך לדרכו" ללבנה — כי ההליכה „לדרכו" בעובדין דחול במשך השנה הו"ע הירידה במים רבים (כנ"ל סעיף ט'), ולבנה הו"ע עבודת הבע"ת (כנ"ל הערה 65*).

70) בשיחת מוצאי שבת בראשית ס"ה.

שמים" ביז צו „בכל דרכיך דעהו" (אע"פ אז דאס איז אן ענין נעלה ביותר, ביז אז אין דעם איז דא א מעלה (כנ"ל) אפילו אויף דער עבודה פון חודש תשרי), נאר ער זאל זיין (בעת מעשה) דורכגענומען אויך [70*] מיטן ענין פון חודש תשרי, ווען ער איז געווען אינגאנצן פארנומען מיט עניני קדושה.

יד. די הוראה הנ"ל המיוחדת לשנה זו — אז דער „ויעקב הלך לדרכו" דארף זיין אין אזא אופן אז די ענינים רוחניים מיט די ענינים גשמיים (באופן ד„לשם שמים" און „דעהו") זאלן זיין פארבונדן צוזאמען — איז אויך אנגעוויזן אין דעם, וואס דער ראש-השנה פון דעם יאר [און אויך דער טאג פון י"ט כסלו, וואס ער איז דער ראש-השנה לחסידות[71]] איז ביום השלישי — יום שהוכפל בו כי טוב[72], טוב לשמים וטוב לבריות[73].

און ווי גערעדט פריער[74], אז דער אויפטו פון „יום שהוכפל בו כי טוב" איז [ניט בלויז אז אין אים זיינען דא סיי דער „טוב לשמים" סיי דער „טוב לבריות", נאר אויך] אז דיביידע טוב'ס (וואס אין אים) זיינען פארבונדן און פאראייניקט צוזאמען.

ביז אז יעדער רגע און יעדער פעולה שביום זה — איז א רגע און א פעולה פון א טאג וואס ער איז טוב לשמים ולבריות גם יחד.

און וויבאלד אז ראש השנה איז דער קאפ פון דעם יאר, וואס ער (איז כולל, און) פירט אן מיט'ן גאנצן יאר[75] — איז דאך פארשטאנדיק, אז כל יום און כל ענין שבשנה זו, דארף זיין דורכ-גענומען פון ביידע ענינים: פון „טוב לשמים" (שבדוגמת ענין שנת החמה), און פון „טוב לבריות" (שבדוגמת ענין שנת הלבנה),

און אין אן אופן אז פון ביידע צוזאמען ווערט איין זאך (יאר) — „שנה תמימה".

טו. ענין הנ"ל איז מרומז אויך אין פירוש רש"י בפרשתנו:

אין פסוק „ובחודש השני בשבעה ועשרים יום לחודש יבשה הארץ"[76], זאגט רש"י, אז דאס וואס דער מבול האט אויפגעהערט („יבשה הארץ") „בשבעה ועשרים" — און ער האט זיך אנגעפאנגען „בחודש השני בשבעה עשר יום לחודש"[77] — זיינען עס די „י"א ימים שהחמה יתירה על הלבנה, שמשפט דור המבול שנה תמימה הי'".

ולכאורה: דער מבול וואס האט אויפ-געהערט „בשבעה ועשרים" באווייזט אז דער משפט פון דור המבול איז געווען א יאר פון שנת החמה — האט דאך רש"י געדארפט זאגן „שמשפט דור המבול שנת החמה הי'", פארוואס זאגט ער דעם לשון „שנה תמימה"[77*]?

נאר דערמיט איז ער מרמז, אז די ירידה אין „מים רבים" פון וועלט וואס הויבט זיך אן בעיקר „בחודש השני" („זה מרחשון"[78])

---

70*) מהדוגמאות לדבר י"ל „שלשה שאכלו על שלחן אחד ואמרו עליו ד"ת כאילו אכלו משלחנו של מקום" (אבות פ"ג, מ"ג).

71) אגה"ק של כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע לחג הגאולה די"ט בסלו תרס"ב — נדפסה בהיום יום בתחלתו. ובכ"מ.

72) רש"י בראשית א, ז.

73) קדושין מ, א. ובאוה"ת (בראשית לג, ב. משפטים ע' איקנז. ועוד) מקשר זה עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

74) בליל ערב ר"ה, וביום ב' דר"ה.

75) עטרת ראש בתחלתו.

76) פרשתנו ח, יד.

77) שם ז, יא.

77*) ע"ד הפשט י"ל (בדוחק) — דאם הי' אומר „שנת החמה" עדיין חסר ביאור למה לא שנת הלבנה, לכן אומר „שנה תמימה" (יותר משנת הלבנה).

78) דעת ר"א (ר"ה יא, סע"ב) — הובא בפירש"י עה"ת שם. וראה אוה"ת נח (סט, א) שקו"ט בב' הדעות בדעת ר"א.

— ווי געגעדס פריער[79], אז דער „ויעקב הלך לדרכו" וואס א איד גייט פון חודש תשרי [שגם הוא נרמז בפרשתנו וכמבואר בזהר[80] אויפן פסוק „ותנח התיבה בחודש השביעי גו'"[81], אז „בחודש השביעי" גייט אויף חודש תשרי, וואס דאן איז „בשבעה עשר", ווי דער צ"צ איז מבאר בזה[82] אז דאס גייט אויף עשרת ימי תשובה און שבעת ימי הסוכות] איז בדוגמת די „מים רבים" פון מבול —

איז דער תכלית פון דער ירידה (מבול) איז אז עס זאל ווערן א „שנה תמימה" — דער חיבור פון שנת הלבנה[83] („טוב לבריות") מיט שנת החמה („טוב לשמים").

און דאס איז רש"י מרמז „שנה תמימה", און ניט „שנת החמה": דער ענין הירידה אין די „מים רבים" פון מי המבול — „טרדות הפרנסה והמחשבות שבענייני עוה"ז"[84] — איז ניט דער ענין פון „שנת החמה", אדרבה: דאס איז דער ענין פון „שנת הלבנה". נאר אין דערויף ווערט צוגעגעבן דער ענין פון „שנת החמה" [די „י"א ימים שהחמה יתירה על הלבנה"], אז די עבודה פון בירור עניני הרשות שבמשך כל השנה (שנת הלבנה) זאל זיין דורכגענומען מיט די רוחניות און קדושה פון חודש תשרי (שנת החמה), וואס דורך דעם ווערט די תכיכות איז שלימות פון (שנת הלבנה, אז זי ווערט א) — „שנה תמימה".

טז. בכדי צו מקשר זיין נאכמער[85] די התעוררות פון „ויעקב הלך לדרכו", וואס איז פארבונדן מיט „בא אל התיבה" וואס גייט אויף תיבות התפלה והתורה[86], מיט אן ענין פרטי — איז א דבר טוב ונכון, אז יעדערער זאל זיך משתדל זיין, אז עס זאל צוקומען בעירו (און אויב מעגליך אויך בסביבתו) לכל הפחות איין מוסד וואס איז פארבונדן מיט תפלה און איין מוסד וואס איז פאר־בונדן מיט תורה.

זעלבסטפארשטענדליך, אז יעדערער דארף זיך משתדל זיין צו מחזק זיין און מבסס זיין די מוסדות התורה והתפלה וועלכע זיינען שוין דא בעירו, אז זיי זאלן זיין וואס גרעסער וכו', יגדיל ויאדיר[87],

אבער אזוי ווי עס גייט א נייער יאר — דארף מען זעהן אז עס זאל צוקומען (בעירו און בסביבתו) א מוסד חדש פון תפלה און א מוסד חדש פון תורה.

און דאס דארף געשען ווערן אין אן אופן פון „בא אל התיבה" — „אריינ־גיין" אין דעם בכל מציאותו, ובלשון הבעש"ט[88]: „להכניס את עצמו . . ולה־דבק", ביז אז ניט נאר ער אליין זאל זיין פארקאכט אין דעם, נאר בלשון הכתוב[89]: „אתה ובניך ואשתך ונשי בניך אתך" — אריינעמען אין דערויף אלע זיינע נאענטע וכו' — בכל מקום שידו מגעת.

און וויבאלד אז „מצוה גוררת מצוה"[90] — איז מובן, אז די השתדלות בהקמת מוסדות חדשים, וועט ברייגען אויך א הצלחה נוספת אין אלע ענינים פון תורה ומצוות — ובפרט אין די מבצעים כלליים, אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל,

79) סעי' ט'.
80) ח"ג קכה, ב. ־ח, ב.
81) פרשתנו ח, ד.
82) אוה"ת נח ע' א.
83) להעיר מתורת הה"מ (וביאוריה באוה"ת (ואתחנן ע' כם ואילך. ר"ה ע' את ואילך)] ד"ה ועיני' מאירות כשמש ־ (אוה"ת פד, ד).
84) בהנ"ל סעי' יא.

85) כנ"ל סעי' ט'.
86) ע"פ לשון הכתוב — ישעי' מב, כא.
87) הובא לעיל שם.
88) פרשתנו ו, יח.
89) אבות פ"ד מ"ב.

און דורך דעם — הצלחה אויך אין די ענינים הגשמיים [וואָרום די ענינים הגשמיים ווערן דאָך נשתלשל פון די ענינים הרוחניים], און עס וועט זיין „נייחא לעליונים (ענינים הרוחניים) נייחא לתחתונים[89] (ענינים הגשמיים)".

און אין אַן אופן אַז ביידע זאַכן וועלן גיין צוזאַמען — בהתאם צו אַ יאָר וואָס זיין „ראש" איז „טוב לשמים וטוב לבר־יות", ביז באופן אַז ביידע ענינים זיינען פאַרבונדן און פאַראייניקט.

יז. נאָך אַן ענין וואָס איז פאַרבונדן מיט דער עבודה פון „בא אל התיבה" — תיבת נח:

אין תיבת נח זיינען געווען אַלע חיות און אַלע בהמות צוזאַמען, און אעפ"כ „לא עשו רעה זל"ז ולא השחיתו זל"ז" — בדוגמת ומעין פון „וגר זאב עם כבש וגו'"[90] און „לא ירעו ולא ישחיתו"[91] וואָס וועט זיין לע"ל[92].

וואָס דערפאַר שטייט[93] אַז תיבת נח איז די מ"ם סתומה פון „לםרבה המשרה"[94] וואָס וועט זיין לע"ל, וואָס דאַן וועט זיין „ולשלום אין קץ"[94].

די הוראה דערפון אין עבודת האדם:

בשעת אַ איד איז מחליט מיט אַ תוקף אויף ניט נתפעל ווערן פון די „מי המבול" פון וועלט (וואָס קענען שטערן צו עבודת ה') און „אַריינגייך אין „תיבת נח" — „בא אל התיבה", ובלשון הבעש"ט: „להכניס את עצמו בהתיבות דתפלה ותורה ולהדבק בהם" — האָט ער דאַן דעם עזר וסיוע של הקב"ה אַז „גם אויביו ישלים אתו"[95], אַז ניט בלויז וואָס די „מי המבול" פון וועלט וועלן אים ניט שטערן פון עבודת ה' — „לא ירעו ולא ישחיתו", נאָר נאָך מער: זיי וועלן צוגעבן שלימות בעבודתו — „ישלים" מלשון שלימות,

ועפ"ד הידוע[96] בענין הנסיונות, אַז ווען אַ איד שטעלט זיך אַוועק מיט אַ תוקף אויף ניט נתפעל ווערן פון די נסיונות — דאַן ווערט נתגלה ווי די כוונה פנימית פון די נסיונות גופא איז (נסיון מל' ארים נסי[97]) אַז דורך זיי זאָל צו־קומען אַ תוספת און אַן עילוי בעבודתו,

וואָס אַזוי איז אויך בעניננו: דורך דער החלטה בתוקף אויף ניט נתפעל ווערן פון די „מים רבים", ווערט נתגלה תכלית הכוונה שבהם (וואָס דאָס איז זייער אמת'ע מציאות) אַז זיי זיינען „מי נח", זיי ברענגען „נייחא דרוחא"[98],

ביז — צוויי מאָל (נח, מלשון) נייחא, כלשון המדרש „נייחא לעליונים נייחא לתחתונים"

סיי „לעליונים" און „לתחתונים" ווי זיי זיינען אין עבודת ה', כאמור לעיל[99] אַז „עליונים" מיינט די עבודה פון תומ"צ, און „תחתונים" מיינט די עבודה פון „כל מעשיך לשם שמים" און „בכל דרכיך דעהו";

סיי „לעליונים" און „לתחתונים" בכ־ללות יותר, כאמור לעיל[100], אַז „על־יונים" מיינט עבודת ה' (בכלל, כולל די עבודה אין עניני הרשות), און „תחתונים" מיינט די ענינים הגשמיים כפשוטם — בני חיי ומזוני (ובכולהו) רויחי.

יח. די ענינים וואָס זיינען דאָ בנפש זיינען דאָך אויך פאַראַן אין עולם

(90) ישעי' יא, ו.
(91) שם, ט.
(92) וככה תרל"ז פצ"ה.
(93) אוה"ת נח (כרך ב') תרע, א.
(94) ישעי' ט, ו.
(95) משלי טז, ז.

(96) ד"ה וידעת תרנ"ז. ובכ"מ.
(97) ישעי' מט, כב. וראה תו"א ע, סע"ד. ד"ה כי מנסה התש"ת.
(98) כנ"ל ס"ח.
(99) סעיף ס'.
(100) סעיף טז.

(מקום) — איז דער ענין פון „נייחא בעליונים נייחא בתחתונים" פאראן אויך אין עולם:

ארץ ישראל, וואס דער אויבערשטער האט איר אויסגעקליבן פון כל הארצות[101] [ביז אז עיני ה' אלקיך בה שטענדיק, מרשית השנה ועד אחרית שנה[102]] — איז „עליונים" פון „עולם"[103], און שאר הארצות — „תחתונים". און אויף דעם זאגט מען אז סיי „לעליונים" סיי „לתחתונים" איז „נייחא":

„נייחא לעליונים": „ונתתי שלום בארץ גו' וחרב לא תעבור בארצכם"[104], כולל אויך אז אלע וועלן אנערקענען אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' געהערט צו אידן

[וכמדובר לעיל[105], אז בשעת אידן וועלן זאגן מיט א תוקף אז גאנץ ארץ ישראל איז א נחלת עולם וואס איז געגעבן געווארן פון אלקי עולם צום עם עולם, וועלן די אומות העולם אנער־קענען דעם אמת פון דעם, און דאס וועט פועל'ן אז ניט נאר וואס זיי וועלן ניט מנגד זיין צו דעם („לא ירעו ולא ישחיתו") נאר זיי וועלן נאך מסייע זיין אין דעם],

און „נייחא לתחתונים", אז אויך אין חוץ לארץ, וואו נאר אידן געפינען זיך [וואס אפילו דארט וואו עס געפינט זיך בלויז איין איד (כמרז"ל[106] אפילו אחד מכם גולה לברברי' ואחד מכם גולה לסמטרי'), איז אויף אים האלט זיך די גאנצע מדינה], וועלן זיי האבן מנוחה אמיתית, און טאן בכל עניני יהדות אן קיינע שטערונגען, און בשמחה וטוב לבב.

יט. ס'איז דאך המעשה הוא העיקר[107] — דער סיכום פון כל הנ"ל: יעדער איד — סיי אין אי", סיי אין חו"ל — דארף זיך נעמען מיט א תוקף אויף ניט נתפעל ווערן פון קיינע מניעות ועיכובים און דורכפירן די שליחות פון אויבערשטן [און שלוחו של אדם כמותו[108]] צו מאכן די וועלט פאר א דירה לו ית', ביז אז די וועלט ווערט איבערגעמאכט דורך עם, עס ווערט „השמים החדשים והארץ החדשה"[58],

און דורך דעם וואס אידן וועלן דאס טאן מיט א תוקף, ניט רעכענענדיק זיך דערמיט וואס עס ווייזט זיך אויס אז עס זיינען דא מניעות ועיכובים — וועט זיין (כנ"ל ס"יז) דער „גם אויביו ישלים אתו", ע"ד ווי ס'איז געווען בתיבת נח.

און דאס איז אויך א הכנה טובה און א כלי מתאימה [ביז צו א כלי באופן דאבר וואס איז (ניט בלויז מקבל נאר אויך) ממשיך[109], און באופן פון „אחישנה" אין דעם „אחישנה" גופא[110]] צו „וגר זאב עם כבש" וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו [וואס בתיבת נח איז עס געווען נאר „בתיבה", און „לפי שעה", משא"כ לע"ל וועט עס זיין אויך אין (גאנץ) עולם ובאופן נצחי[111]],

און דערנאך — אויך קיום היעוד ד„השמים החדשים והארץ החדשה"[112],

און אויך כסיום הכתוב[112] „כן יעמוד זרעכם ושמכם", וואָרום די „שמים

---

101) תנחומא ראה ח.

102) עקב יא, יב.

103) כמרז"ל (זבחים נד, ב) א"י גבוה מכל הארצות — הובא בפרש"י עה"ת (דברים א, כה).

104) בחוקותי כו, ו.

105) בשיחת מוצאי שבת בראשית סעיף יב ואילך.

106) שהש"ר פ"ב, ח.

107) אבות פ"א מי"ז.

108) ברכות לד, א. ושי"נ. ובלקו"ת ויקרא (א, ג), שכ"ה גם בנוגע לשלוחו של אדם העליון.

109) תו"א קיד, ב. לקו"ת ראה כב, סע"ד. ד"ה אדון עולם תש"ג פ"ז. ובכ"מ.

110) מכיון ש„אחישנה" תלוי ב„זכו" (סנהדרין צח, א).

111) וכבה תרל"ז ספצ"ז.

112) ישעי' סו, כב.

החדשים" און די „ארץ החדשה" ווערן אויפגעטאָן דורך יעדער אידן, פון „ראשיכם שבטיכם" ביז „חוטב עציך ושואב מימיך".

כ. אַפּטייטשן ענין הנ"ל (סעיף יט) אין פשוט'ע אותיות —

דורך דעם וואָס אידן וועלן מחליט זיין ובתוקף צו דורכפירן דעם אויבערשטנס שליחות (ניט רעכענענ־דיק זיך מיט קיינע שטערונגען) — וועט מען, בקרוב ממש, און בעגלא דידן, פאַרענדיקן דעם גלות, און מקבל זיין פני משיח צדקנו, און אין אַן אופן פון מנוחה ומתוך שמחה וטוב לבב.

וואָס דאָס האָט אויך אַ שייכות מיוחדת מיט מוצש"ק, וואָרום במוצש"ק, פּראַוועט מען דאָך סעודת מלוה מלכא, וואָס זי איז פאַרבונדן מיט שמחה כמנהג ישראל[113], און זי ווערט אָנגערופן (און איז) „סעודתא דדוד מלכא משיחא"[114] (זי איז פאַרבונדן מיט דוד'ן אַלס „מלכא משיחא") — דעריבער איז עס אויך אַ הכנה און כלי צו אַראָפּברענגען „מלכא משיחא" (אין אַן אופן פון) מתוך שמחה וטוב לבב.

כא. און דאָס ברענגט אַרויס נאָכ־מער בגלוי דעם „ניחא לעליונים ניחא לתחתונים" בכל הפירושים שבזה (וואָס נאָר אַ טייל פון זיי זיינען דערמאָנט געוואָרן פריער).

און ברענגט אויך, אַז דער „רוב טוב" וואָס איז נמשך געוואָרן בחודש השביעי [„המושבע והמשביע"][115] זאָל נמשך ווערן בגילוי אין די חדשים שלאחרי חודש תשרי, אָנהויבנדיק פון חודש חשון.

אַז אָנהויבנדיק פון „סעודתא דדוד מלכא משיחא" וואָס אין היינטיקן מוצאי שבת.

די גאולה פרטית[116] (פון יעדער אידן), וואָס זי איז אויך אַ הכנה צו דער גאולה הכללית ע"י משיח צדקנו, דוד מלכא משיחא.

אַז עס ווערט אַ שבוע טוב און אַ חודש טוב און אַ שנה טובה בכל הפרטים והענינים, ביז אין תכלית השלימות פון גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו „בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותינו"[117], „קהל גדול ישובו הנה"[118].

---

113) ראה בסי' האריז"ל במקומו „יש לשמוח בסעודה זו כמו בסעודת שבת". שו"ע אדה"ז סי' ש ס"ב.

114) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב). פע"ח סוף שער השבת.

115) היום יום ע' 3.

116) אגה"ק סי"ד.

117) בא י"ד, ט.

118) ירמי' לא, ח.

## בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ לך לך – בחדרו – ה'תשל"ח

א. שוין גערעדט כמה פעמים[1] בנוגע צו שמות הסדרות, אַז דער נאָמען פון יעדער סדרה ברענגט אַרויס דעם תוכן פון דער גאַנצער סדרה. [ביז אַז דער נאָמען פון יעדער סדרה איז אויך איר חיות, כתורת הבעש"ט[2] אַז זה שמו אשר יקראו לו בלשון הקודש איז מהווה מחי' און מקיים די זאַך הנקרא בשם זה].

דערפון איז פאַרשטאַנדיק בנוגע לפרשתנו — לך לך, אַז וויבאַלד דער נאָמען פון דער סדרה איז „לך (לך)", ענין ההליכה, אַז דער תוכן (און חיות) פון דער סדרה איז ענין ההליכה.

וע"פ תורת כ"ק אדמו"ר הזקן[3] אַז מען דאַרף לעבן מיט פרשת השבוע — איז מובן, אַז דער ענין מיט וועלכן אַ איד דאַרף לעבן במשך כל ימי השבוע דפרשת לך לך (כולל אויך דעם זמן פון מוצאי שבת[4]), איז ענין ההליכה.

ב. פון דעם איז מובן בפשטות די שייכות מיוחדת פון שבוע דפרשת לך לך מיט די ענינים וואָס מען האָט גערעדט אין די פריערדיקע שיחות און מאמרים (אָנהייבנדיק פון מוצאי שמח"ת) בנוגע צו „ויעקב הלך לדרכו"

וואָרום פון די הרגשות עיקריות אין „ויעקב הלך לדרכו" איז[5] אַז די עבודה דאַרף זיין אין אַן אופן פון „הלך".

ואדרבה, בשבוע דפרשת לך לך קומט נאָך צו אַ הוספה אין דעם: אין די פריערדיקע וואָכן האָט מען נאָר געוואוסט און פאַרשטאַנען אַז עס דאַרף זיין „ויעקב הלך לדרכו"; און אין פרשת לך לך איז דאָס (בהדגשה ו)בגילוי, מצד דערויף וואָס דאָס (ענין ההליכה) ווערט אַרויסגעגעבן בגילוי אין שם הסדרה.

און וויבאַלד אַז מוצאי שבת איז מחבר דעם שבת שלפנ"ז [וואָס מיטן לשון „שבת (שלפנ"ז)" דאָ מיינט מען אויך די גאַנצע וואָך, „שבת" מלשון שבוע] מיט דער קומענדיקער וואָך — איז דערפון מובן, אַז במוצאי שבת פרשת לך לך, דאַרף מען מיטנעמען דעם ענין ההליכה (ווי ער איז בהדגשה ובגילוי אין פרשת לך לך) אויף די קומענדיקע ימים (שבועות וחדשים).

[און נאָך מער: אַז בימים הבאים דאַרף דאָס נאָך זיין מיט אַ הוספה, כהציווי „מעלין בקודש"[6]].

ג. ולכאורה איז ניט מובן: ע"פ מה שנתבאר לעיל[7] בנוגע די כמה דרגות וואָס אין „ויעקב הלך לדרכו" — אַז דער „ויעקב הלך לדרכו" שבמוצאי שבת בראשית איז אין אַן

---

1) ראה גם שיחת מוצאי ש"פ נח ס"ז ובהנסמן שם.

2) שעהיוה"א פ"א.

3) סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.

4) כשמו: „מוצאי שבת פ' לך" — ומלוה (הולך ביחד עם) השבת דפ' לך.

5) ראה בארוכה שיחת מוצאי שבת בראשית ס"ו.

6) ברכות כח, א. וש"נ.

7) שיחה הנ"ל סעיף ב־ד. שיחת מוצאי ש"פ נח ס"ב.

אופן אַז מען גייט שוין „לדרכו" ממש (אויך אין עובדין דחול), וואָס אין דעם באַשטייט דער חידוש אין „ויעקב הלך לדרכו" ווי ער איז במוצאי שבת בראשית לגבי ווי ער איז במוצאי יוהכ"פ, און אפילו לגבי ווי ער איז במוצאי שמח"ת.

און דערנאָך במוצאי שבת פרשת נח קומט צו אַ חידוש נוסף (אפילו לגבי מוצאי שבת בראשית), אַז דער „ויעקב הלך לדרכו" [ווי ער איז שוין באופן פון „לדרכו" ממש, וואָס האָט זיך אויפגעטאָן במוצאי שבת בראשית] איז שוין געקומען אויך בפועל (במשך כל שבעת ימי ההיקף) —

איז וואָס איז שייך אַז ב(מוצאי שבת) פרשת לך לך זאָל נאָך צוקומען אין דעם און דערצו נאָך — אַ הוספה עיקרית ?

וואָלט מען געזאָגט אַז די הוספה איז מצד דערויף וואָס אין אַלע עניני קדושה דאַרף מען האַלטן אין מוסיף זיין (כהציווי „מעלין בקודש" [6]) — וואָלט קיין קשיא ניט געווען, וואָרום דאָס איז נאָר אַ הוספה און העלאה אין דעם ענין פון „ויעקב הלך לדרכו" דמוצאי ש"פ נח; וויבאַלד אָבער אַז מען זאָגט אַז די הוספה וואָס דאַרף צוקומען ב(מוצאי שבת) פרשת לך לך איז מצד דעם ענין פון פרשת „לך לך" (ווייל דער שם הסדרה איז מדגיש דעם ענין ההליכה, כנ"ל) — פאָדערט זיך ביאור: וויבאַלד אַז דער „ויעקב הלך לדרכו" ווי ער איז במוצאי ש"פ נח איז שוין (לכאורה) די העכסטע דרגא, טאָ ווי איז שייך אַז עס זאָל צוקומען אויף דעם אַ הוספה בתוכן עיקרי (וחדש) ?

ד. וועט מען עס פאַרשטיין בהקדים, וואָס די הדגשה אין „ויעקב הלך לדרכו" איז: (א) אַז דער „הלך" זאָל זיין „לדרכו" (סתם, אָן אויסנאַם) — אַז אַלע ענינים פון „דרכו" זאָלן זיין באופן דהליכה; (ב) אַז דער „הלך לדרכו" זאָל זיין אין אַזאַ אופן ווי „יעקב" טוט עס.

און די צוויי ענינים זיינען פאַרבונדן זה בזה. והביאור בזה:

נוסף צו דעם וואָס דער שם „יעקב" (יו"ד עקב) ווייזט אויף דערויף, אַז ער (ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז בבחינת עקב) ווערט אָנגעפירט פון דעם יו"ד דשם הוי', וואָס אין שם הוי' גופא [וואָס שם הוי' (בכלל) איז למעלה מהתחלקות] ווייזט דער יו"ד אויף ענין התמידות (למעלה מהתחלקות ושינויים [8]), כמשנ"ת לעיל [9] בארוכה,

איז דאָ נאָך אַן ענין אין דעם שם „יעקב", אַז ער איז פאַרבונדן מיטן תואר „עבד" [10]. און ווי מען זאָגט אויך יעדער מוצאי שבת קודש [אָנהויבנדיק פון מוצש"ק פ' בראשית, דער ערשטער מוצש"ק שלאחרי שמח"ת [11]] „אל [12] תירא עבדי יעקב" [13], אַז יעקב איז פאַרבונדן מיט „עבדי".

און וויבאַלד אַז די עבודה פון אַן „עבד" איז בכל הענינים בשוה, כדלקמן (סעיף ה') — דעריבער איז

8) וגם מצד זה, ההליכה „לדרכו" היא בכל הענינים בשוה.

9) שיחת מוצאי ש"פ בראשית ס"ה.

10) לקו"ת בלק ע, רע"ג. המשך תרס"ו ע' רכה. שח. ובכ"מ.

11) ראה ד"ה בראשית ברא ש.ז. סעיף ה'.

12) לשון הכתוב — ישעי' מד, יב. ירמי' ל, י"ד. ועוד.

13) לקו"ת שם עב, ב — הובא (גם) בד"ה הנ"ל שם.

דער „ויעקב הלך לדרכו" (דער הילוך פון „עבדי יעקב") איז אַזאַ אופן, אַז דער הילוך איז אין אַלע ענינים פון „דרכו", ביז אַז בכל הענינים איז דאָס בשוה.

ה. דער אויפטו פון עבודה דבחי' עבד אויף קיום המצוות בכלל (שלא בדרגא זו) — אע"פ אַז אויך דער קיום המצוות בכלל, טוט זיי אַ איד בשליחותו של הקב"ה [נוסף צו דעם וואָס די מצוות זיינען שלוחים של הקב"ה [14]], וואָס „שלוחו של אדם (העליון [15]) כמותו":

אין דעם ענין השליחות זיינען דאָ דריי (אופנים) מדריגות [16]:

א) אויך בשעת עשיית השליחות איז דער שליח אַ מציאות בפני עצמו, און די מעשה השליחות איז זיך מתייחס צו אים (צום שליח). און דער ענין פון „שלוחו של אדם כמותו" איז נאָר אַז זיין עשי' איז כאילו ווי דער משלח וואָלט דאָס געטאָן.

ב) אַ העכערע מדריגה: אַז די מעשה גופא איז זיך מתייחס צום משלח. דאָס הייסט, אַז (ניט דער שליח טוט עס, נאָר) דער משלח טוט עס דורך אים.

ג) נאָך אַ העכערע מדריגה: אַז (ניט נאָר די עשיית השליח און זיין כח המעשה, נאָר אויך) דער שליח גופא איז דער משלח.

און דאָס איז דער אויפטו פון אַן „עבד" אויף אַ „שליח":

אין שליחות קען דאָך זיין כמה מדריגות. און ווײַבאַלד אַז אַלע דריי מדריגות הנ"ל זיינען אופנים אין זעלבן ענין (ענין השליחות) — איז דערפון פאַרשטאַנדיק, אַז אפילו אין דער העכסטער מדריגה (וואָס דער שליח גופא איז דער משלח) איז שייך צו אָפטיילן דעם שליח פון משלח [17]:

משא"כ אַן עבד איז ניט קיין מציאות בפני עצמו כלל, און כל מציאותו [ובמילא, הכחות שלו — פון זיין כח המעשה ביז זיין כח התענוג] איז די מציאות פון דעם אדון [18].

וואָס דערפאַר איז „מה שקנה עבד קנה רבו" [19] [אַז אַלץ נאָר וואָס דער עבד האָט („מה שקנה", וואָס עס זאָל נאָר ניט זיין) איז „קנה רבו"], ביז אַז דאָס ווערט (לדיעה אחת) נקנה מלכתחילה צו רבו [20].

און ווײַבאַלד אַז כל מציאותו פון

---

14) תנחומא ויגש ו.

15) לקו"ת ויקרא א, ג (בנוגע לנש"י). ובתנחומא שם (הובא בלקו"ת שם ב, א) — בנוגע למצוות.

16) בהבא לקמן — ראה בארוכה לקח טוב (למהר"י ענגיל) כלל א. ובהמצויין שם. (וראה לקו"ש ח"ח ע' 367 הע' 24, שמשו"ע אדה"ז סרס"ג סכ"ה בקו"א משמע כאופן הג').

ענינם של ג' מדריגות אלו בעבודת האדם — ראה לקו"ש ח"ט ע' 323 ואילך. חי"ב ע' 148.

17) כדמוכח גם מזה שיחס השליח להמשלח (גם לפי אופן הג' שהשליח עצמו הוא המשלח) — הוא רק בנוגע לענין השליחות, ולא בנוגע לשאר ענייניו *. הלא כעבד, שכל „מה שקנה עבד קנה רבו", כדלקמן בפנים.

18) ראה בארוכה המשך תרס"ו ע' שכר שכח.

19) פסחים פח, ב. קידושין כג, ב.

20) ראה רשב"א לקידושין שם.

---

*) ולהעיר דגם לדעת ר' שילא ד„אין שליח נעשה עד (לפי דהוה לי' כגופי" (קידושין מג, א), לפי דס"ל (כאופן הג') דהשליח נחשב כגוף המשלח א"כ הוא עצמו הבעלים ואין יכול להעשות עד" (לקח טוב שם ס"א), יכול הוא להעיד להמשלח בענינים שאינם שייכים לשליחותו.

דעם עבד איז די מציאות האדון — איז במילא ניט שייך אַז באַ אים זאָל זיין אַ חילוק (מצדו) פון איין עבודה ביז די צווייטע [21] (וויבאַלד אַז ער איז ניט קיין מציאות לעצמו כלל).

ו. דערפון איז אויך פאַרשטאַנדיק בנוגע צו „ויעקב הלך לדרכו", אַז דער הילוך פון „ויעקב הלך לדרכו" — וויבאַלד אַז ענינו פון „יעקב" איז „עבדי יעקב" (כנ"ל ס"ד) — איז בכל עניניו, און בכל עניניו בשוה:

דער ענין ההליכה קען זיין בנוגע צו בלויז איין כח [בנוגע צו כח המעשה (כח הכי תחתון) וכו' — ביז בנוגע צו כח התענוג (כח הכי נעלה)], אַז זיין עבודה איצטער אין דעם כח — איז שלא בערך צו עבודתו אין דעם כח ווי ס'איז געווען פריער (וואָס דאָס איז אמיתית ענין ההליכה, אַז ער גייט אַוועק לגמרי פון זיין פריערדיקן מעמד ומצב) [5],

איז אע"פ אַז אויך ווען דער „הילוך" (עבודה שלמעלה ממדידה והגבלה) איז בלויז אין איין כח (מעשה, דיבור, מחשבה, מדות, שכל, רצון אָדער תענוג), איז עס אַ ענין נעלה ביותר, וואָרום באַ אים איז שוין פאַראַן (בנוגע לכח אחד עכ"פ) די עבודה פון „בכל מאודך" — קומט עס אָבער ניט (און — שלא בערך) צו די מדריגה ווען דער „הילוך" איז בכל עניניו:

בשעת אַז דער „בכל מאודך" איז באַ אים נאָר אין איין כח, אָדער אפילו אין רובם (אָבער ניט אין אַלע), איז [נוסף אויף דעם וואָס ס'איז נאָך פאַרבליבן באַ אים אַן ענין וואָס (זיין עבודה) איז במדידה והגבלה] וויבאַלד אַז זיין עצם מציאות האָט ער נאָך ניט איבערגעשטעלט (וואָס דערפאַר איז באַ אים פאַרבליבן איין כח (עכ"פ) במדידה והגבלה), איז עס נאָך ניט דער אמיתית הענין פון „בכל מאודך".

און אין דעם באַשטייט דער עילוי אין דער הליכה פון „לך לך" אויף די הליכה פון „ויעקב (ניט זאָגנדיק דערביי — עבדי) הלך לדרכו" וואָס פאַר פרשת לך לך — וואָרום אין די הוראה „לך לך" איז מודגש בגילוי [22] אַז דער ענין ההליכה דאַרף זיין בכל הענינים, כדלקמן.

ז. אויף אברהם אבינו [וואָס צו אים איז געזאָגט געוואָרן דער ציווי „לך לך" (און אויך דער סיפור פון כל קורות ועניני אברהם אבינו הויבט זיך אָן בעיקר אין פרשת לך לך)] שטייט [23], אַז ער איז געווען „נדיב בממונו בגופו ובנפשו",

דאָס הייסט, אַז זיין עבודה — וואָס זיין עבודה (עיקרית) איז געווען בקו החסד [24] (נדיבות) — האָט אים דורכגענומען בכל מציאותו ובכל עניניו, וואָס כל זה באַשטייט און טיילט זיך אין די דריי חלוקות ממון, גוף און נפש.

[און די נדיבות און חסד פון אברהם איז געווען בלי גבול [25], העכער פון

---

21) המשך הנ"ל ע' שכא־שכב.

22) משא"כ ב„ויעקב הלך לדרכו" — רק משמע כן (שההליכה צריכה להיות בכל ענייניו) מענין „ויעקב הלך לדרכו" (כנ"ל ס"ד), אבל אין זה מודגש בגילוי.

23) ארחות צדיקים שער י.

24) ורק מצד זה ש„כל המדות כלולות זו מזו", הי' בו גם מדת הגבורה (אגה"ק סי"ג. ובכ"מ).

25) ראה תו"א יב, א (ובהגהות הצ"צ לשם — אוה"ת לך לך (כ"ד) תרצג, א). אוה"ת וירא צ, ב. צג, ב.

מדידה והגבלה [26]

וכמרז״ל [27] אַז מען לערנט אָפּ פון אברהס'ן — אַז הכנסת אורחים איז „גדולה מהקבלת פני שכינה" (וואָס „הקבלה פני שכינה" מיינט, אַז עס ווערט נתקבל (בפנימיות) „פני שכינה", בחי׳ פנימיות דשכינה) — ווײַלע שכינה (כולל אויך „פני שכינה") איז „על שם ששוכנת ומתלבשת תוך כל עלמין" [28], און זיין חסד איז העכער פון הגבלה [29]],

אין די נדיבות פון אברהם אבינו אין יעדער ענין פון די דריי הנ״ל — סיי „בממונו", סיי „בגופו", סיי „בנפשו" — איז געווען (ניט נדיבות סתם, נאָר) באופן פון זיין נדיבות (נדיבות דאברהם אבינו), למעלה ממדידה והגבלה [30]].

וואָס פון דעם איז מובן, אַז דער ציווי „לך לך" וואָס איז געזאָגט געוואָרן צו אברהם אבינו איז — אַז די הליכה זאָל זיין אין אַלע זיינע כחות.

און ווײַבאַלד אַז דער ציווי „לך לך" וואָס איז געזאָגט געוואָרן צו אברהם אבינו איז אויך אַ הוראה צו יעדער אידן (כדלקמן סעיף יב), אַז אויך בײַ אים זאָל זיין דער „לך לך" בדוגמא ווי ס'איז געווען בײַ אברהם אבינו — איז דעריבער פאַרשטאַנדיק, אַז אויך די הוראה „לך לך" צו יעדער אידן איז, אַז די הליכה זאָל זיין אין אַלע זיינע ענינים.

ח. ענין הנ״ל — אַז דער ציווי „לך לך" (ניט נאָר צו אברהם אבינו, נאָר אויך צו יעדער אידן) איז בנוגע צו אַלע זיינע כחות — קומט אַרויס נאָך מער בהדגשה אין די ווערטער שלאחרי זה „מארצך וממולדתך ומבית אביך", וואָס טייטשן אָפּ דעם „לך לך": אַז דער הילוך („לך לך") דאַרף זיין סיי בנוגע צו „ארצך" (רצון [31]), סיי בנוגע צו „מולדתך" (מדות [31]), סיי בנוגע צו „בית אביך" (מוחין [31]),

אַז די אַלע דריי ענינים הנ״ל [וואָס זיי זיינען כללות כל הכחות] זאָלן זיין ניט ווי זיי זיינען מצד הטבע (כאָטש אַז-דאָס רעדט זיך וועגן טבע דאברהם אבינו [31]), נאָר זיי זאָלן זיין אין אַ אופן פון „לך", בבחינת הליכה שלמעלה ממדידה והגבלה (העכער אפילו פון מדידה והגבלה דאברהם אבינו),

ביז אַז די עלי׳ (והילוך) אין אַלע זיינע כחות איז אין אַן אופן אַז זיי זיינען שלא בערך [5] לגבי ווי זיי זיינען געווען פריער.

---

26) באוה״ת לך לך שם ובאוה״ת וירא צג, ב, שהבל״ג דחסדו של אברהם היא למעלה גם מהמדידה והגבלה דחסד דאצילות.

27) שבת קכז, א. רמב״ם הל׳ אבל פי״ד ה״ב.

28) תניא פמ״א (נז, ב).

29) הכנסת אורחים דכל אחד גדולה מהקבלת פני שכינה (אף שהחסד הוא מוגבל) — לפי „שלמדין" זה מאברהם אבינו (כבפנים), שממנו נמשך הכח בכל אחד מישראל, שבעשיית החסד שלו יהי׳ מעין הענינים (והמעלות) שבעשיית החסד דאברהם.

ועפ״ז יומתק: (א) מ״ש הרמב״ם שם „שנאמר וירא והנה שלשה אנשים" (אף שבכלל אין דרכו להביא המקודות של ההלכות). (ב) מה שמקדים „והוא החק שחקקו אברהם אבינו כו׳". (וראה לקו״ש ח״ג ע׳ 765 ואילך הביאור בדברי הרמב״ם שם באופן אחר).

30) ראה ד״ה אשר ברא תרפ״ט ס״ד וה׳. ד״ה כל הנהנה תרפ״ט ס״י. וראה אוה״ת וירא (צ. ב), שמקשר הנדיבות דאברהם אבינו בממונו בגופו ובנפשו, עם זה שהחסד דאברהם הי׳ בלי גבול.

31) ראה סד״ה לך לך תש״ה.

וואָס דערפאַר זאָגט ער „לך גו׳ מארצך וממולדתך ומבית אביך", אַז ער זאָל אַוועקגיין פון „ארצך" „מולדתך" און „בית אביך" — וואָרום די כחות הנ״ל ווי זיי זיינען מצד הטבע (דאברהם אבינו) [„ארצך" „מולדתך" און „בית אביך"] זיינען ניט בערך[5] לגבי ווי זיי זיינען נאָך דער עבודה פון „לך".

ט. דער „הילוך" (שלא בערך) וואָס עס דאַרף זיין אין אַלע כחות און עניני הנפש — „ארצך", „מולדתך" און „בית אביך" — איז דער פסוק מבאר דורך זיין צוגעבן דעם וואָרט „לך", אַז דער „לך" דאַרף זיין „לך". והביאור בזה:

אין „לך" זיינען פאַראַן כמה פירושים. ומהם: (א) „לך — להנאתך"[32]; (ב) „לך — לעצמך, לשרשך ומקורך"[33]. וואָס לויט ביידע פירושים, איז מודגש אין דעם וואָרט „לך", אַז די הליכה וואָס דאַרף זיין (אין אַלע כחות ועניני הנפש) איז אַ שינוי שלא בערך לגבי ווי זיי זיינען געווען פריער:

„לך — להנאתך" מיינט, אַז טראָץ דעם וואָס עס מאָנט זיך פון אים אַז ער זאָל אַוועקגיין פון זיין פריערדיקן מעמד ומצב (אַרויסגיין פון זיך) — פונדעסטוועגן, וויבאַלד אַז דאָס איז דעם אויבערשטנס רצון, ווערט דאָס זיין הנאה און תענוג.

וואָס דאָס איז דער ענין פון אַן עבד, אַז זיין תענוג איז דער תענוג האדון[34].

וואָס דערפון איז מובן דער גודל העילוי (והשינוי) וואָס ווערט דורך די הליכה פון „לך לך" — וואָרום דער אויפטו פון אַן עבד (אויף קיום התומ״צ סתם) איז שלא בערך (כנ״ל סעיף ה׳);

און עד״ז (און נאָך מער) איז לויטן צווייטן פירוש אין „לך" — „לעצמך, לשרשך ומקורך". וואָרום ענין ההליכה לשרשו ומקורו איז דער ענין פון תשובה בבחינת „והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה"[35], און דער אויפטו וואָס אין עבודת התשובה (ובפרט אין תשובה דבחינת „והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה") אויף עבודת הצדיקים, איז שלא בערך[36].

יו״ד. נאָך אַן ענין אין דער הוראה הנ״ל (סוף סעיף ו׳ ואילך) [וואָס קומט צו אין פרשת לך לך אין דעם ענין פון „ויעקב הלך לדרכו" (לגבי ווי ער איז געווען פריער, אָנהויבנדיק פון מוצאי יוהכ״פ)] אַז די הליכה דאַרף זיין אין אַלע כחות וענינים:

אפילו אויב דאָס וואָס במשך כל הזמן (פון מוצאי יוהכ״פ אָן) האָט ער גע׳פועל׳ט בא זיך דעם ענין ההליכה נאָר אין איין ענין אָדער אין כמה ענינים (אָבער ניט בכולם), איז עס געווען מצד דערויף וואָס אַלע זיינע אַנדערע ענינים זיינען בתכלית השלימות (מצד מעמדו ומצבו, ווי ער שטייט אין זיין מציאות), און דעריבער האָט זיך בא אים ניט געפאָדערט (בנוגע צו די ענינים) דער ענין פון הליכה (צו אַרויסגיין פון זיך),

פונדעסטוועגן, וויבאַלד אַז די

32) פרש״י ריש פרשתנו.

33) ראה אוה״ת לך לך (כ״ד) תרפ, סע״ב. המשך תרס״ו ע׳ סז, שצז. ד״ה לך לך תש״ב. תש״ה. ובכ״מ.

34) המשך תרס״ו ס״ע שכה ואילך.

35) קהלת יב, ז. לקו״ת ר״פ האזינו.

36) ראה בארוכה ד״ה מים רבים ש.ז. ס״ד.

הוראה „לך לך״ (אַז דער ענין ההליכה זאָל זיין אין אַלע ענינים, און ווי דער פסוק טייטשט אויס: „מארצך וממולדתך ומבית אביך״) איז צו יעדער אידן [אויך צו אַזאַ וואָס איז בדרגא נעלית ביותר, ביז אַז די הוראה בפשטות איז געווען צו אברהם אבינו] — איז מובן, אַז בשעת עס קומט פרשת לך לך, פאָדערט זיך פון יעדער אידן דער ענין ההליכה אויך אין די ענינים וואָס מצד מציאותו זיינען זיי בתכלית השלימות.

וכמבואר בתו״א [37] בנוגע צו דעם וואָס ר׳ חנינא בן תרדיון האָט געפרעגט „מה אני לחיי העוה״ב״, און מען האָט אים געענטפערט „כלום מעשה בא לידך״ [38] — אַז ער האָט זיך געפידערט ווי בנימין הצדיק [39] — אע״פ אַז רחב״ת האָט זיך מוסר נפש געווען אויף עסק התורה [38] — בכדי צו מאַכן זיכער, אַז זיין מס״נ אויף עסק התורה איז ניט מצד הטבע, אפילו ניט מצד טבע נפשו האלקית (וואָס דאָס איז דער פירוש הפנימי בתו״א).

וואָס דאָס איז אויך דער אויפטו פון „עובד אלקים״ אויף „אשר לא עבדו״ [40] — הגם אַז אויך „אשר לא עבדו״ איז „לא עבר מימיו שום עבירה קלה וגם קיים כל המצוות כו׳״ [41] — אַז אַן „עובד אלקים״ האָרעוועט [ביז צו אַ יגיעה גדולה ביותר, כמובן אויך פון דעם וואָס עבודה איז פון לשון עיבוד עורות [42], וואָס עיבוד עורות איז אַ גרויסע האָרעוואַניע] אויף משנה זיין טבע מדותיו [43].

וואָס דער פנימיות הפירוש בזה איז, אַז ער האָרעוועט צו משנה זיין אויך טבע מדותיו דנפשו האלקית [וכידוע בענין „לשנות טבע מדותיו״ [44]] — וואָס דעריבער איז זיין האָרעוואַניע ביגיעה גדולה ביותר (כנ״ל), וואָרום משנה זיין די טבע המדות דנפש האלקית איז אַ סאַך שווערער ווי צו משנה זיין די טבע המדות דנפש הבהמית.

יא. און אויך די הוראה אויף דעם ענין — האָט מען פון אברהם אבינו:

דאָס וואָס אברהם אבינו איז געווען בטבעו אַן איש החסד — איז עס מצד דערויף וואָס ער איז געווען אַ מרכבה צו מדת החסד דאצילות [וכדאיתא בספר הבהיר [45], אַז מדת החסד דאצילות האָט געזאָגט „אברהם עומד ומשמש במקומי״],

און פונדעסטוועגן זאָגט מען, אַז דאָס וואָס אברהם אבינו האָט געטאָן טוב וחסד, איז עס געווען ניט „מצד טבעו הטוב״, נאָר „בשביל שהוא רצון ה׳״ [46].

---

37) יט, סע״ב ואילך. דרך חיים פא, סע״א ואילך.

38) ע״ז יח, א.

39) ולא כגבאי צדקה סתם (ראה ב״ב י, ע״ב ושם יא, א).

40) לשון הכתוב — מלאכי ג, יח.

41) תניא פט״ו. — ע״פ המבואר בכ״מ (תו״א פט, ג. קיד, ד. ועוד) דיש מעלה באתכפיא לגבי אתהפכא — ה״ז גם מעלת עובד אלקים לגבי „עבד ה׳״, צדיק.

42) תו״א עו, א.

43) ראה תניא שם. תו״א שם. קיד, ד.

44) ראה „התמים״ ח״ג ע׳ סו.

45) נדפס בהשמטות לזח״א רסד, רע״ב. וראה ד״ה בחודש השלישי תש״ב ס״ב (ובכ״מ). ושם (ס״ב ואילך), ש(בכמה ענינים) „גדלה מדת החסד דאברהם על מדת החסד דאצילות״. וראה לעיל הערה 26.

46) ד״ה למען דעת תר״ץ (סה״מ קונטרסים פד, א). וראה עד״ז קונטרס ומעין מ״א פ״ב.

און דאָס איז אַרויסגעקומען נאָך מער בהדגשה נאָך דעם ווי ער האָט געהאַט דעם ציווי „לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך", צו „אָפּטרייסן" לשרשו — העכער פון זיין שכל ומדות (דקדושה [31], שמצד נפשו האלקית).

יב. וויבאַלד אַז בײַ יעדער אידן איז דאָ בירושה דער ענין פון יעדער איינעם פון די אבות (וואָס דערפאַר איז „אין [47] קורין אבות אלא לשלשה") [48], ביז יעדער איד קען זאָגן „מתי יגיעו מעשיי למעשה אבותי אברהם יצחק ויעקב" [49],

ועאכו"כ אַז בײַ יעדער אידן איז דאָ בירושה דער ענין פון אברהם אבינו — וואָס אויף אים שטייט „אחד הי' אברהם" [50], „האדם הגדול בענקים" [51]

[וכידוע אַז די אהבה מסותרת וואָס איז דאָ בײַ יעדער אידן בירושה מאבותינו [52] (פון אַלע אבות), קומט זי בעיקר פון אברהם אבינו [53] „שהוא השרש הראשון לנש"י והוא הרועה הראשון" [54]],

איז דעריבער פאַרשטאַנדיק, אַז דער ציווי „לך לך" [צו פועל'ן דעם ענין ההליכה בכל הכחות] וואָס איז געזאָגט געוואָרן צו אברהם אבינו, איז אויך אַ ציווי און נתינת כח (וואָרום ציווי הקב"ה איז אויך אַ נתינת כח [55]) צו יעדער אידן,

אַז ער זאָל דורכפירן דעם „ויעקב הלך לדרכו" אין אַלע זיינע כחות,

אָנהויבנדיק פון כח המעשה [כולל אויך כח הדיבור און כח המחשבה, וואָס אויך ענינם איז לבוש ועשי'], וואָס המעשה הוא העיקר [56],

און דערנאָך — אויך אין אַלע עשר כחות פנימיים (שכל ומדות), און אויך אין די כחות מקיפים (רצון ותענוג).

און דורך דעם וואָס זיין עבודה בכל הכחות והענינים שלו איז אין אַן אופן פון הליכה, וואָס דאַן איז זיין עבודה (בכל הכחות והענינים שלו) בשלימות

— ברענגט דאָס אויך די המשכה מלמעלה (אַז כאָטש דער „לדרכו" איז אין עובדין דחול) מען זאָל אים געבן שלימות בכל עניניו, און ווי עס שטייט בײַ יעקב'ן

[וואָס נוסף צו דעם וואָס מעשה אבות (בכלל) זיינען „סימן לבנים" [57], איז ער דאָך דער „בחיר שבאבות" [58] ומטתו שלימה [59], איז די ענינים וואָס ווערן דערציילט אין תורה בנוגע צו יעקב אבינו זיינען ביתר שאת „סימן לבנים" [60].

ובפרט אַז ענין הנ"ל איז פאַרבונדן מיט „ויעקב הלך לדרכו"]

אַז אע"פ אַז ער איז געווען אין חרן בײַ לבן'נען, און געהאַט אויך צו טאָן

(47 ברכות טז, ב.

(48 תו"א ר"פ וארא.

(49 תדבא"ר פכ"ה.

(50 יחזקאל לג, כד.

(51 יהושע יד, טו. ובב"ר פי"ד, ו (ובפרש"י עה"כ מ„מדרש אגדה"): זה אברהם.

(52 תניא פי"ח.

(53 להעיר גם מלקו"ת סוכות עח, ד. שמע"צ פט, ב.

(54 תו"ח שמות תקלז, סע"ב.

(55 ראה במדב"ר פי"ב, ג (ובתנחומא נשא יא): איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן.

(56 אבות פ"א מי"ז.

(57 תנחומא לך לך ט. ב"ר פ"מ, ו.

(58 ב"ר פע"ו, א. שער הפסוקים להאריז"ל תולדות כז, כה. ועוד.

(59 ויק"ר פל"ו, ה.

(60 ראה בארוכה לקו"ש ח"ג ע' 788. ח"ד ע' 1051 (בהע' 18).

מיט עשרן, פונדעסטוועגן ,,ויבא יעקב שלם" [61] — ,,שלם בגופו", ,,שלם בממונו" און ,,שלם בתורתו" [62].

יג. מאמר ד"ה ויאמר גו' לך לך.

יד. אין היינטיקער סדרה ווערט דערציילט אַז (פריער) האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אברהם אבינו ,,לזרעך אתן את הארץ הזאת" [63], ,,אתן" לשון עתיד; אָבער דערנאָך — נאָך דעם ווי אברהם אבינו איז געגאַנגען בארץ לארכה ולרחבה [64] — האָט אים דער אויבערשטער געזאָגט ,,לזרעך נתתי את הארץ הזאת" [65], ,,נתתי" לשון עבר, ,,כבר נתתי" [66].

און פון דעמולט אָן האָבן אידן באַקומען הארץ הזאת בפועל [דער אויבערשטער האָט צוגעזאָגט באופן כך אַז דאָס האָט זיך שוין אָפגעטאָן בפועל, ווי רש"י איז מפרש בפירושו על התורה.

און וויבאַלד אַז פירוש רש"י איז פשוטו של מקרא — איז פאַרשטאַנדיק אַז ענין הנ"ל (אַז פון דעמולט אָן האָבן אידן באַקומען ארץ ישראל בפועל) איז מובן גאָר בפשטות, ביז צו אַ פינף יאָריקן קינד].

וואָס דערפאַר איז בעת כיבוש יהושע האָבן די בכורים גענומען פי שנים — אע"פ אַז ,,אין הבכור נוטל פי שנים בראוי כבמוחזק" [67] — ווייל

61) וישלח לג, יח.

62) פרש"י שם.

63) יב, ז.

64) יג, יז. וראה ב"ב ק, א.

65) טו, יח.

66) ירושלמי חלה פ"ב ה"א. ובב"ר (והובא ברש"י) עה"פ: מאמרו של הקב"ה מעשה.

67) ב"ב קיט, א. וש"נ.

,,ארץ ישראל מוחזקת היא" [68].

טו. נאָך אַן ענין אין דעם:

וויבאַלד אַז דער ,,לזרעך נתתי את הארץ הזאת" איז געווען אין אַן אופן פון כריתת ברית [65] — וואָס אין אַ כריתת ברית איז ניט שייך קיין שינויים — איז פאַרשטאַנדיק, אַז אויך נאָך דעם וואָס ,,מפני חטאינו גלינו מארצנו" איז פאַרבליבן (בכל השלימות והתוקף) דער ,,לזרעך נתתי את הארץ הזאת".

וכמובן (אויך) פון דעם לשון ,,גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו" (גופא), אַז אויך לאחרי ווי ,,גלינו" און ,,נתרחקנו" איז עס ,,ארצנו" און ,,אדמתנו" (אונזער לאנד און אונזער ערד), ביז אַז דער דין איז (לכמה דעות [69]), אַז יעדער איד (אויך שבחוץ

68) ב"ב שם.

69) שו"ת מהר"ם ב"ר ברוך סי' תקל. ס' השטרות לר"י ברצלוני ע' 43. אוצר הגאונים קידושין סי' קמרקנא.

ואף שהתוספות (ב"ב מד, ב ד"ה דלא) רא"ש (ב"מ פ"ד ס"ג — הובא בב"י. ת"מ חו"מ סו"ס קיג) ורמב"ם (הל' שלוחין פ"ג ה"ז) חולקים על זה, ועד שבשו"ע — בהדינים דפרוזבול (חו"מ סי' סז. שו"ע אדה"ז שם הל' הלואה סל"ה. וראה דרישה שם סקכ"ד), קנין אגב קרקע (שם סו"ס קיג. וראה ב"י שם) והרשאה (שם ריש סקכ"ג) לא מכרה דיעה זו — הרי

נוסף על זה ש(כמדובר כמ"פ) המדובר בשיחות הוא לפעמים אליבא דדיעה אחת — אע"פ שאין הפס"ד כן (ע"ד הביאור בלקו"ת (נצבים מה, סע"א) בענין שופר יעל פשוט. ועוד) — הרי בנדו"ד עוד ענין ועיקרי:

בנוגע לפרוזבול והרשאה — כיון שלא הוברר חלקו אא"פ לגבות מהקרקע *, משא"כ בתוכן המדובר בפנים (תוד"ד דכאו"א בנוגע לא"י) — נוגע רק שיש לו בעלות בה.

*) ואולי נכלל זה ב,,אינו ברשותו" שברמב"ם שם. ודוחק.

לארץ) האָט אַ חלק (די אמות [69*]) אין ארץ ישראל (אויך בשעת הגלות, וואָרום „קרקע [70] אינה נגזלת" [71]).

עס איז נאָר אַז בכדי צו אַרויס־ברענגען דאָס בגילוי בעיני בשר, פאָדערט זיך דער „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה" (כדלקמן סעיף כ׳).

טז. שוין גערעדט כמה פעמים, אַז דער ענין פון כיבוש ארץ ישראל איז דאָ (כפשוטו און אויך) ברוחניות: נוסף צו דעם וואָס יעדער איד דאַרף „כובש" זיין די עשר אומות שבנפשו — די ז׳ אומות וואָס דאָס זיינען די ז׳ מדות, און „את הקני ואת הקניזי ואת הקדמוני" וואָס דאָס זיינען די ג׳ מוחין [72] — דאַרף ער אויך „כובש" זיין חלקו בעולם, און מאַכן דערפון „ארץ ישראל" און „ארץ הקודש" — אַ דירה לו ית׳.

ואע״פ אַז פון דעם וואָס מען רופט עס אָן מיטן נאָמען „ארץ ישראל" ווייזט עס אַז דאָס רעדט זיך וועגן ענינים ארציים [ביז אַז דאָס איז (איידער אַ איד מאַכט דערפון אַ דירה לו ית׳) „נחלת גוים" [72*]] — איז ווײַבאַלד אָבער אַז אידן זיינען „ארץ חפץ" [73], אַז זיי זיינען כולל די צוויי קצוות פון „ארץ" און „חפץ"

וואס „ארץ" איז קצה הכי תחתון [ווי עס שטייט דער לשון בנוגע צו ארץ „שהכל דשים עלי'" [73*], אַז יעדער ענין („הכל") שטייט העכער פון ארץ, ביז אין אַן אופן וואָס „דשים עלי'"], און „חפץ" איז קצה הכי עליון [וואָרום „חפץ" איז פאַרבונדן מיט תענוג [74], וואָס איז העכער (אפילו) פון רצון],

איז מצד דערויף וואָס אידן (גופא) זיינען כולל פון די צוויי קצוות „ארץ" און „חפץ" (חפץ ה׳), [ואע״פ אַז מצד הגוף וואָס ער איז „מן התחתונים" [75] זיינען זיי „ארץ", איז אָבער מצד הנפש וואָס ער איז „מן העליונים" [75] זיינען זיי „חפץ ה׳"] — האָבן זיי בכח צו מאַכן פון די ענינים ארציים (ביז צו „נחלת גוים") אַ דירה לו ית׳ [76]:

יז. נאָך אַן ענין אין דעם:

---

69*) כ״ה ברוב המקומות שבהערה הקודמת. ובדרישה שם: אמה. ולהעיר מהמבואר בספר פענח רזא (חיי שרה כג, טז), דהי׳ שקל דאברהם — הי״ז ס׳ רבוא אמה (ע״פ החשבון דשדה חומר שעורים).

70) סוכה ל, ב. ושי״נ.

71) תוספות ב״ב שם. שו״ת מהר״ם שם. אוצר הגאונים שם.

ואף ש„מלך אפילו נכרי שכבש איזו מדינה במלחמה קונה אותה" (הל׳ הפקר לאדה״ז ס״ב. ושי״נ), הרי בעלות דנ״נ — שבאה במקום בעלות דצדקי׳ — היא כללית דכל המדינה. אבל שניהם אינם שוללים בעלות היחיד על הקרקע שלו (משא״כ „נהרות ויערים" שבהל׳ הפקר שם).

72) ראה בארוכה ד״ה אל תצר את מואב ע׳ 11 ואילך. ובכ״מ.

72*) תהלים קיא, ו. רש״י ר״פ בראשית.

73) מלאכי ג, יב.

73*) ראה ב״ר פמ״א, ט: ומה עפר עשוי׳ דייש. ובמ״כ שם: הכל דשין עלי׳. ובתו״א מג, סע״ד: שהיא (הארץ) מדרס תחת כפות רגלי הכל.

74) לקו״ת שה״ש ד״ה לבבתני ספ״א (ושי״נ). שו״ת הצ״צ אה״ע ח״ב סי׳ רסג. תעד. ולהעיר מאגה״ק סכ״ט (קמט, ב), שרצון זה הוא חיצוניות דתענוג.

75) ב״ר פ״ח, יא. פי״ב, ח. וראה תו״א ג, ד ואילך. קונטרס ומעין מט״ו. המשך תרס״ו ע׳ תצה. ובכ״מ.

76) ראה עד״ז תו״א שם (ד, א) ובהמשך הנ״ל שם, שע״י שהנשמה נתלבשה בגוף שמבחי׳ דומם היותר תחתון מכולם, ביכלתה להעלות את כללות העולם.

ס'איז ידוע [77] פירוש הבעש"ט אויפן פסוק „כי תהיו אתם ארץ חפץ" [73]: „אַזוי ווי די גרעסטע חכמים וועלן אייביג ניט דערגיין די גרויסע טבעיות'דיקע אוצרות, וועלכע השי"ת האָט טובע געווען בארץ, אַז הכל הי' מן העפר [78], אָט אַזוי קען קיינער ניט דערגיין די גרויסע אוצרות וואָס ליגן אין אידן, וואָס זיי זיינען דעם אייבערשטנ'ס ב"ה ארץ חפץ".

דערפון איז פאַרשטאַנדיק בנוגע צו די צוויי קצוות פון „ארץ" און „חפץ", אַז ניט נאָר וואָס דער „ארץ" וואָס אין אידן איז ניט סותר צום „חפץ ה'" וואס אין זיי, נאָר אדרבה:

כשם ווי אין ארץ כפשוטה, איז די גרעסטע טבעיות'דיקע אוצרות האָט דער אייבערשטער מטביע געווען דווקא אין ארץ (ד„הכל הי' מן העפר") — אַזוי איז אויך בנוגע צו אידן, אַז דווקא מצד דעם „ארץ" (גוף) שבהם ברייגנט זיך אַרויס (מער) דער חפץ ה' וואָס אין זיי. וכמבואר בכ"מ, אַז דווקא דורך דעם וואָס די נשמה איז יורד למטה, ווערט נמשך [79] איר שרש האמיתי ווי זי איז מושרש אין עצמות [80]. ביז אַז (אויך) אין דעם גוף הגשמי (ארץ) גופא, אין אים דווקא איז די בחירת העצמות [81].

און כשם ווי דאָס איז בנוגע דעם „ארץ חפץ" פון אידן גופא — עד"ז איז עס אויך בנוגע צום „ארץ חפץ" וואָס אידן דאַרפן ממשיך זיין אלקות (חפץ ה') אין חלקם בעולם (ארץ) און מאַכן פון עס אַ דירה לו ית': מצד די „גשמיות" וואָס אין חלקם בעולם, געפינט זיך אין דערויף דער כח העצמות [82]. און די עבודה פון אידן איז צו מגלה זיין דעם כח העצמות וואָס געפינט זיך אין דעם ארץ הגשמי.

חי. לאחרי כל זה קען מען דאָך טענה'ן: כל הנ"ל איז בהעלם, אָבער דאָס וואָס ער זעט בגילוי, איז — אַ וועלט וואָס הקליפות גוברים בו [83]. דאָס הייסט, אַז ניט בלויז וואָס ער זעט ניט ווי דורך זיין עבודה איז ער מזכך די וועלט און מאַכט פון איר „ארץ ישראל", נאָר אדרבה, ער זעט גאָר דעם היפך, אַז דער חושך שטאַרקט זיך מיום ליום [84] [בדוגמת „והכנעני אז בארץ" וואָס „הי' הולך וכובש את א"י מזרעו של שם" [85]]. טאָ ווי קען עס זיין אַז ער וועט כובש זיין די וועלט און מאַכן פון איר ארץ ישראל?

אויף דעם איז די הוראה: אַז בשעת אַ איד ווערט ניט נתפעל פון „והכנעני אז בארץ", און גייט אַרויס אין וועלט על מנת לכובשה,

און טוט עס (ניט ח"ו מיטן הרגש פון „כוחי ועוצם ידי גר"י" [86], נאָר) אַלס שלוחו של הקב"ה, און נאָכמער

---

77) היום יום ע' נד. ובכ"מ (הובא בהוספות לכתר ש"ט (הוצאת קה"ת) טז, ב).

78) קהלת ג, כ.

79) להעיר גם מהמבואר בד"ה זה היום תשי"ו פ"ב, שהטעם שנקרא אדם על שם האדמה — הגם שלכאו' הי' ראוי לקרותו ע"ש הצורה שהוא מדבר ולא ע"ש החומר שהוא אדמה — כי אדרבה, ענין זה שנפשו ירדה ונתלבשה בגוף גשמי (אדמה) מבטא מעלת נשמתו, דכל הגבוה ביותר יורד למטה ביותר. וראה גם תו"א שם ד, ב.

80) המשך תרס"ו ע' תצב ואילך. ובכ"מ.

81) תורת שלום ע' 120.

82) ראה אגה"ק ס"כ (קל, ב. ושם קלב, רע"א ואילך, שזהו המעלה שביסוד העפר הגשמי).

83) ראה תניא פ"ו (יו"ד, סע"ב).

84) ראה סוטה מט, א.

85) פרשתנו יב, ו. פרש"י שם.

86) עקב ח, יז.

אַלס עבדו של הקב״ה [87], וואָס דער אויבערשטער האָט אים אָנגעזאָגט „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה", צוזאַמען מיט דער הבטחה „כי לך אתננה"

איז בשעת ער הירבט אָן מקיים זיין דעם ציווי — ווערט עס און ער דערזעט עס אַז ס'איז „לזרעך נתתי — כבר נתתי".

עס ווערן בטל די העלמות והסתרים, און נאָך מער — זיי ווערן און זיינען מסייע. ווי געדערדט פריער [88] בפירוש גם אויביו ישלים אתו [89] („ישלים" אויך מלשון שלימות), ניט נאָר וואָס זיי שטערן ניט, נאָר זיי גיבן נאָך צו שלימות.

יט. ס'איז דאָך אין ענין יוצא מידי פשוטו — איז כל הנ״ל אויך בנוגע צו ארץ ישראל כפשוטה: טראָץ דעם וואָס עס דוכט זיך אויס אַז ס'זיינען דאָ אַזוינע פון אומות העולם וואָס זיינען מערער אויף געוויסע חלקים פון ארץ ישראל, ביז אַז זיי טענה'ן „לסטים אתם" [90] — דאַרף מען ניט רעכענען זיך דערמיט,

וואָרום ווייבאַלד אַז דער אויבער־שטער אַליין זאָגט „לזרעך נתתי את הארץ הזאת", איז „כהמס דונג מפני אש גו' מפני אלקים" [91].

און נאָך מער: דאָס וואָס עס זיינען דאָ אַזעלכע וואָס זיינען מערער כו' — איז עס נאָר זמנית און למראית עין, אָבער בפנימיות ובאמיתית ווייסן אויך זיי [91*] [און ווי רש״י האָט שוין מודיע געווען אַז איידן „אומרים להם" (צו אַלע או״ה), אַז דאָס וואָס „ברצונו נתנה להם" (לפי שעה) איז בכדי אַז דערנאָך זאָל זיין „ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו" [90]] אַז גאַנץ ארץ ישראל לגבולותי' געהערט צו איידן.

כ. ובכדי אַרויסברענגען דאָס בגילוי, באַדערט זיך דער „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה" — באַזעצן אַלע שטחים פון ארץ ישראל ובפרט — אין די שטחים וועלכע עס זיינען דאָ מערערים אויף זיי,

און אַז די התיישבות זאָל זיין אין אַן אופן אַזוי ווי ס'איז געווען בא אברהם אבינו (וואָס מעשה אבות סימן לבנים [57]), אַז קומענדיק און גייענדיק (התהלך) אין ארץ ישראל איז „ויבן שם מזבח לה' גו'" [92]: אין די אַלע ערטער זאָל מען בויען אַ מקום תורה און אַ מקום תפלה [93], און אויך אַ מקוה טהרה.

און דורך דעם וואָס עס וועט זיין דער „התהלך בארץ לארכה ולרחבה" — וועט מען זעהן בגילוי בעיני בשר אַז „לזרעך נתתי את הארץ הזאת", און אַז אויך די אומות העולם אַנערקענען דאָס,

און אפילו אויב לשעה קלה וועט זיין דער „רגשו גוים ולאומים יהגו" [94] — איז דער אמת איז אַז זיי אַליין ווייסן אַז דאָס איז (כסיום הכתוב [94]) „ריק", און דאָס וואָס „רגשו" און

87) ראה לעיל סעיף ה' המעלה דעבד על שליח.

88) שיחות מוצאי ש״פ נח סעיף יז.

89) משלי טז, ז.

90) פרש״י ר״פ בראשית.

91) תהלים סח, ג.

91*) להעיר ממרז״ל (מגילה ג, א. וש״נ) דאע״ג דאינהו לא חזו כיון דמולייהו חזו — נופלת עליהם חרדה גדולה כו'.

92) יב, דח.

93) ראה מגילה כז, א.

94) תהלים ב, א.

„יהגו" איז עס בלויז מצד דעם וואָס זיי ווילן יוצא זיין פאַר אימעצען.

נאָר בכדי מען זאָל זעהן בגילוי אַז אויך די אומות העולם ווייסן אַז (דער „רגשו" און „יהגו") איז „ריק" — דאַרפן אידן וויזן אַז דאָס וואָס זיי זאָגן אַז גאַנץ ארץ ישראל געהערט צו זיי, מיינען זיי דאָס מיט אַן אמת

— און פשיטא ניט איינלאָדען, ח"ו, אַ לחץ פון די אומות, דורך דער הנהגה מורה צו באַזעצן זיך נאָר אין געציילטע עטלעכע נקודות,

וואָס דורך דער הנהגה ווייזט מען אַז מען רעכנט זיך מיט דער טענה פון די מעדערים

און ס'איז ניטאָ קיין סברא בשכל ובמציאות צו מחלק זיין די עטלעכע נקודות פון אַלע איבעריקע — וואָרום דער „רגשו" און „יהגו" איז פונקט דער זעלבער באַם באַזעצן עטלעכע נקודות און באַם באַזעצן כל אורך הגבול וכל השטחים.

בשעת מען וועט גיין מיטן אמת — וועט מען ניט האָבן אין דעם קיין שוועריקייטן, וויבאַלד אַז „לזרעך נתתי את הארץ הזאת", „כבר נתתי".

כא. מען זאָל נאָר ניט מכריז זיין כ"ז בקול רם, די התיישבות אין די שטחים זאָל זיין אָן רעש והמולה, עס איז נוגע די מעשה ההתיישבות בפועל. בנוגע צו למעלה אַז אידן האָבן מחליט געווען ווי עס דאַרף זיין — איז דאָך כלפי שמיא גליא, און בנוגע צו למטה — איז המעשה הוא העיקר.

און דעריבער דאַרף ניט זיין דער רעש שבזה, ועאכו"כ ניט די התפארות אַז „כוחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[86], ואדרבה: די התפארות אַז „כוחי ועוצם ידי גר" קען ח"ו קאַליע מאַכן. נוסף וואָס דאָס איז ניט אמת.

מען דאַרף וויסן אַז מען טוט עס בשליחותו ובכחו של הקב"ה, וואָס דורך דעם קומט צו תוקף יותר אין דער מעשה ההתיישבות. ולגבי כחו של הקב"ה איז ניט שייך קיין מניעות ח"ו.

כב. בשעת מען וועט גיין מיט דעם וועג, איז ניט נאָר אַז זיי וועלן סוף סוף ניט מערער זיין [ועאכו"כ אַז עס וועט ניט קאָסטן ח"ו קיינע קרבנות, אפילו ניט אַ נפש אחת מישראל (וואס אַ נפש אחת איז אַן עולם מלא[95]), און אפילו ניט פאַרוואונדעט ווערן ח"ו, אַן אופן פון „קטלא פלגא"[96]],

נאָר אדרבה: דאָס וועט ברייַנגען דעם „הללו את ה' כל גוים שבחוהו כל האומים, כי גבר עלינו חסדו גו'"[97]

[ובפרט אַז מען קומט איצט פון חג הסוכות[98], וואָס זיבן טעג נאָכאַנאַנד (שבעת ימי ההיקף, וואָס זיינען כולל כל משך הזמן[99]), און אויך גלייך דערנאָך בהמשך — בשמיני (שומר ההיקף) עצרת ושמח"ת, האָט מען געזאָגט הלל גמור],

אַז אויך די „גוים" און „אומים" וועלן זאָגן און לויבן בגילוי לעין כל, אַז „גבר עלינו חסדו", אַז דער חסד ה' האָט זיך געשטאַרקט „עלינו" — אויף אַלע אידן שבכל מרחבי תבל, ובפרט

---

95) סנהדרין לז, א במשנה.

96) לשון הגמרא ב"ק סה, א.

97) תהלים קיז.

98) וראה ד"ה בסוכות תשבו תשל"ו סוס"ח (ובהנסמן שם), השייכות ד„הללו את ה' כל גוים" לתגה"ס.

99) ראה שיחת מוצאי ש"פ נח ס"ב ובהנסמן שם.

אויף די אידן וואָס געפינען זיך אין ארץ אשר גו׳ עיני ה״א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה[100],

זיי וועלן מסייע זיין אידן (ניט נאָר דאָס וואָס זיי האָבן שוין מבטיח געווען, נאָר) כל הסיוע (בממון וכיו״ב) וואָס אידן דאַרפן דערווייל אָנקומען צו זיי, מצד דערויף וואָס מען געפינט זיך אין גלות.

כג. וואָרום, כמדובר כמ״פ[101], מען געפינט זיך נאָך אין גלות, ס׳איז נאָך פאַר דער אתחלתא דגאולה.

וכדמוכח פון דעם גופא וואָס (למרבה הפלא ותמי׳ גדולה ביותר, מהולה בצער גדול) אַז ביז איצטער האָט מען זיך ניט באַזעצט אין אַלע שטחים פון ארץ ישראל — אע״פ אַז אַזאַ הנהגה איז היפך השכל הישר, וואָרום (כנ״ל סעיף כ׳) דערמיט איז מען נאָר מזמין אַ לחץ תמידי.

מען שרעקט זיך פאַר אַ קול עלה נדף. דער קול עלה נדף קומט דאָך פון אַן אינו יהודי, איז מצד דעם חושך כפול ומכופל פון גלות איז דאָ אַזוינע וואָס פאַלן באַ זיך אַראָפּ פאַר דעם אינו יהודי (כאָטש אַז בשכל הבריא, ווייס מען אַז ס׳איז בלויז אַ קול עלה נדף).

דאָס איז אַ חושך כפול ומכופל אין דעם חושך הגלות גופא. דער גלות מצד עצמו איז — כידוע[102] — נאָר „די גופים זיינען געגאַנגען אין גלות״, ניט די נשמות. און עס קומען אַ מתי מספר פון אידן, און שלעפּן אַריין אויך די נשמה אין גלות, אַז אויך די (די נשמה) זאָל זיין נכנע פאַר אַ אינו יהודי.

דאָס וואָס איז געווען ביז איצטער — איז אין צעקין על העבר. אָבער מכאן ולהבא איז יהי רצון אַז יערה עליהם רוח ממרום, אויך אויף די מתי מספר הנ״ל, אַז זיי זאָלן (ניט נאָר ניט מבלבל זיין, נאָר זיי זאָלן) מסייע זיין אַז אידן זאָלן זיך באַזעצן אין אַלע שטחים פון ארץ ישראל, און אַז מען זאָל דאָס ניט אָפּלייגן נאָר טאָן דאָס תיכף ומיד, בשעתא חדא וביומא חדא ממש (שזה דוקא יגדיל ההצלחה).

און דוקא דאָס איז די וועג צו „ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד גו׳״[103] און כל הברכות המנויות בפרשת בחוקותי, ביז צו „ואולך אתכם קוממיות״[104],

אַז נאָך ווייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, וועט דער אויבערשטער פירן און מאַכן גיין יעדער אידן [סיי די אידן שבחו״ל, סיי די אידן שבאה״ק ת״ו] „קוממיות״ — „בקומה זקופה״[105],

און דאָס וועט זיין אַ הכנה צום „קץ שם לחושך״[106], אַז דער אויבערשטער וועט מאַכן אַ סוף צום חושך הגלות

[דורך דעם וואָס אידן וועלן (מאַכן ליכטיג דורך) בויען בכל השטחים אַ מקום תורה און מקום תפלה, וואָס ווערן אָנגערופן „בית גדול״[93] וועלכער קומט בהמשך צו „בית המלך״[107], דוד מלכא משיחא

---

100) עקב יא, יב.

101) וראה גם שיחת מוצאי שבת בראשית סעיף יו״ד.

102) לקו״ד ח״ד תרצב, א.

103) בחוקותי כו, ו.

104) שם, יג.

105) פרש״י בחוקותי שם (מתו״כ).

106) איוב כח, ג.

107) מ״ב כה, ט.

און דורך דעם וואָס מען וועט בויען בכל השטחים אַ מקוה טהרה, וואָס דאָס איז אַ הכנה צו („מקוה ישראל ה'" [108] און) „וזרקתי עליכם מים טהורים גו'" [109],

ביז אַז דער חושך גופא וועט נהפך ווערן לאור, ולילה כיום יאיר [110],

אַז בקרוב ממש וועט קומען משיח צדקנו און יבנה מקדש במקומו און (דערנאָך) יקבץ נדחי ישראל [111], ביז אַז „יתקן את העולם כולו לעבוד את ה' ביחד שנאמר [112] כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה' ולעבדו [113] שכם אחד" [111],

עס וועט זיין „והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך" [114], און „והיתה לה' המלוכה" [115].

108) ירמי' יז, יג. משנה סוף יומא.

109) יחזקאל לו, כה. יומא שם. וראה ד"ה אשריכם (אוה"ת יוהכ"פ ע' א'תקעו ואילך). סיום דמס' יומא (לקו"ש אחרי תשל"ו ס"ז ואילך).

110) תהלים קלט, יב.

111) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.

112) צפני' ג, ט.

113) ראה ד"ה להבין ענין שמח"ת ש.ז. הע' 35.

114) ישעי' מט, כג.

115) עובדי' א, כא.

כד. וואָס דאָס האָט אויך אַ קשר מיוחד מיט מוצאי שבת קודש, וואָרום במוצש"ק פראַוועט מען דאָך סעודת מלוה מלכא, וואָס זי ווערט אויך אָנגערופן (און איז) „סעודתא דדוד מלכא משיחא" [116].

און מען זאָגט דעמולט (אָדער מען רעדט אין דעם ענין) „אל [12]תירא עבדי יעקב" [117] — אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו מורא האָבן, וואָרום דער אויבערשטער גייט מיט מיט יעדער אידן, ווי גייען צוזאַמען, נאָך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות

און דערנאָך נעמט דער אויבער־שטער יעדער אידן (ניט קוקענדיק אויף זיין מעמד ומצב) און פירט אים אַרויס פון גלות (ווי רש"י איז עס מבאר [118] בפשטות, אויף פאַר אַ קליין קינד),

בקרוב ממש און בעגלא דידן.

116) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב). סע"ת סוף שער השבת.

117) לקו"ת בלק עב, ב. וראה ד"ה בראשית ברא ש.ז. הע' 23, שבחב"ד אין נוהגים לומר „אל תירא גו'".

118) נצבים ל, ג.

## השמטה

בע' ס. בהערה 69 בשוה"ג בסופה צ"ל: — אבל להעיר מחידושי חת"ס (ירושלים תשי"ס) לב"ק ע' א (בשוה"ג). וראה כלי חמדה (להר"ד פלאצקי) פ' תבוא (ע', סע"ד ואילך).

בע' ע"ג שיטה המתחלת דארפן, אחרי תיבת וויזן, צ"ל: **.

ובהערות שם:

**94) ובפרט, שהקס"ד שלהם בזה [ד"רגשי' ו"יהגו"] הוא (כהמשך הכתובים בתהלים שם) "יתייצבו גו' על ה' ועל משיחו" (לנתק את בני' מה' —) "ננתקה את מוסרותימו — אלו תפלין של יד ונשליכה ממנו עבותימו — אלו תפלין של ראש" *, שמצות תפלין היא מצוה כללית (קדושין לה, א) — הרי בודאי שצריך להיות בתוקף, שלא להתפעל מזה.

*) מדרש תהלים עה"פ (ב, ג).

בירושלמי ע"ז פ"ב ה"א: "זו מצות תפלין וזו מצות ציצית" — וגם מצות ציצית היא מצוה כללית (מנחות מג, ב) — אלא שבירושלמי שם הוא שב"נ יחזרו מהמצות (תפלין וציצית) שיקבלו עליהם.

## בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ חיי שרה, מבה"ח כסלו – בחדרו – ה'תשל"ח.

א. ס'איז מוצאי שבת קודש, און אין דערויף קומט צו נאך דער פרט — אז ס'איז דער מוצאי שבת קודש פון ש"פ חיי שרה, און אויך א דריטער ענין — דער מוצאי שבת קודש פון שבת מברכים חודש כסלו.

וע"פ תורת הבעש"ט [1] אז יעדער ענין איז א הוראה אין עבודת ה' — איז פארשטאנדיק, אז אין יעדער ענין פון די דריי ענינים הנ"ל, איז דא א הוראה פאר אלע אידן און פאר יעדער אידן אין עבודת ה' [וואס דאס איז תכלית בריאתו, כמרז"ל [2] אני נבראתי לשמש את קוני].

און וויבאלד אז די אלע דריי הוראות האבן זיך צוזאמען געטראפן בבת אחת — איז מובן [3], אז אין די אלע דריי הוראות איז דא א צד השוה וואס איז זיי מאחד,

און אז דער צד השוה האט אין זיך א חשיבות מיוחדת, וואס איז העכער [4] (ביז צו העכער באין ערוך [5]) אפילו פון די חשיבות וואס אין יעדער הוראה בפני עצמה.

ב. דער סדר פון די דריי ענינים הנ"ל —

אע"פ אז לכאורה קומט צום אלעם ערשטן דער "בשותפ'דיגער" ענין פון די אלע דריי, דער ענין פון מוצאי שבת קודש, און דערנאך ווערט אין דעם ניתוסף אז דאס איז א מוצאי ש"ק פון שבת פרשת חיי שרה און פון שבת מברכים (כסלו),

איז אבער ע"פ הידוע בגודל מעלת התורה [אפילו אויף מעלת המצוות [6]], איז פארשטאנדיק, אז דער ענין הכי חשוב אין (יעדער) מוצאי ש"ק איז די פרשה בתורה וואס מען לייענט בשבת [וואס אויך מוצאי שבת איז שייך צו דער פרשה [7]],

וואס פון דעם איז פארשטאנדיק בנוגע צום סדר (החשיבות) פון די דריי ענינים הנ"ל וואס אין היינטיקן מוצאי ש"ק, אז דער ערשטער ענין אין אים איז — וואס ער איז שייך צו (א פרשה ב)תורה, ובפרטיות [וואס דאס איז נוגע במיוחד צו היינטיקן מוצאי שבת, ובפרט ע"פ תורת כ"ק אדה"ז [8] אז מען דארף לעבן מיט דער פרשת השבוע] — צו פרשת חיי שרה:

ואע"פ אז בכל מוצאי ש"ק זיינען דא כמה דינים און מנהגי ישראל (וואס אויך מנהג ישראל תורה היא [9]), זיינען די דינים און מנהגים (בלויז) מצות, וואס קומען ניט צו די מעלה פון תורה [*]

[בפרט צו תורה ווי זי ווערט געלייענט בציבור, און מיט א ברכה לפני ולאחרי,

וואס נוסף צום גודל העילוי פון ברכות בכלל (כמבואר בתו"א [10] ובדרושי

---

1) היום יום ע' נב.

2) קידושין בסופה.

3) שהרי כל הענינים (ומכ"ש עניני תומ"צ) אינם באקראי ח"ו, כ"א בהשגחה פרטית.

4) ע"ד המבואר בשעהיחה"א פ"ב בענין אור העולה על כולנה.

5) להעיר מהמשך תער"ב פכ"ד־כ"ח שנוסף על האור הכללי המתלבש בהפרסים בבחי' אור פנימי — יש גם אור כללי "שהוא בבחי' בל"ג ממש". ועד שהצמצום באור זה (בפירוד הפרסים) הוא (לא בבחי' מיעוט, כ"א) בבחי' סילוק.

6) מו"ק ט, רע"ב.

7) ראה שיחת מוצאי ש"פ לך לך הערה ג.

8) סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.

9) ראה תוד"ה נפסל — מנחות כ, ב. ירושלמי פסחים פ"ד ה"א.

10) ד"ה להבין ענין הברכות (תו"א ו, א ואילך).

רבותינו נשיאינו [11], איז דאָ אַ מעלה מיוחדת אין ברכת התורה („ברכו בתורה תחלה" [12]), ביז אַז אין דעם איז תלוי קיום הארץ [13]):

דערנאָך קומט דער ענין פון מוצאי שבת קודש — וואָס דער נאָמען — שמו אשר יקראו לו בלה"ק „מוצאי שבת קודש" איז מדגיש (נאָר) דעם זמן פון מוצש"ק (און ניט די דינים ומנהגים שבו [14]),

און דערנאָך קומט דער ענין פון מוצאי שבת מברכים חודש כסלו, וואָס אויך אין דעם זיינען דאָ צוויי ענינים [ועד"ז אויך צוויי ענינים אין קריאת התורה וואָס אין דעם ש"ק]: דער ענין פון ברכת החודש (בכלל), וואָס ברכת החודש האָט אַ שייכות (ובדוגמת) צו קידוש החודש [15]; און דער ענין הפרטי (וואָס איז נוגע במיוחד היינט) — וואָס מען בענטשט חודש כסלו.

ג. אין פרשת חיי שרה גופא — זיינען פאַראַן דריי ענינים כלליים:

צום אַלעם ערשטן — דער ענין פון חיי שרה [וואָס נוסף צו דעם וואָס ער איז דער ערשטער ענין פון דער סדרה, איז (ווי גערעדט כמה פעמים [16] בנוגע צו שמות הסדרות, איז) ער אויך דער נאָמען וואָס גיט אַרויס די נקודה התיכונית פון אַלע ענינים פון דער סדרה]:

דערנאָך — דער ענין פון „ואברהם זקן גו'" [17] (וואָס קומט בתור הקדמה [18] צו) „ויאמר אברהם אל עבדו וגו'" [19] (וואָס אברהם האָט געזאָגט אליעזר'ן צו ברייננען רבקה'ן):

און דערנאָך — די „פרשה של שיחת אליעזר" וואָס איז אַ פרשה ארוכה און אַ פרשה חשובה, ווי רש"י [20] זאָגט אַז דער טעם פון דעם וואָס די פרש'. איז „כפולה בתורה" איז ווייל „יפה שיחתן של עבדי אבות כו' מתורתן של בנים", אַז ניט נאָר וואָס זי איז יפה בכלל, נאָר אַז איר יופי איז גרעסער אפילו פון דעם יופי פון „תורתן של בנים".

ד. וויבאַלד אַז אַלע דריי ענינים הנ"ל זיינען פאַראייניקט אין דער זעלבער סדרה — איז פאַרשטאַנדיק (ע"ד הנ"ל ס"א), אַז אין די אַלע דריי ענינים איז דאָ אַ צד השוה.

און וויבאַלד אַז די אַנדערע צוויי ענינים „ואברהם זקן" און „פרשה של שיחת אליעזר" זיינען חלקים (פרטים) פון (פרשת) חיי שרה [וכנ"ל (סעיף ג') אַז דער נאָמען „חיי שרה" גיט אַרויס דעם תוכן פון אַלע ענינים פון דער סדרה] — איז פאַרשטאַנדיק, אַז די הוראה פון „חיי שרה" איז אַ הוראה כללית; און די הוראה פון „ואברהם זקן" און פון „פרשה של שיחת אליעזר" זיינען פרטים וואָס קומען צו אין דער הוראה (כללית) פון „חיי שרה".

ה. מאמר ד"ה ואברהם זקן בא בימים.

ו. די הוראה פון „ואברהם זקן בא בימים" [וואָס האָט זיך גערעדט אין מאמר, מיוסד אויף מאמרי רבותינו נשיאינו]

11) ד"ה הנ"ל באוה"ת בראשית (כ"ג תקנא, א ואילך). המשך תער"ב אדם לברך תרל"ח. ובכ"מ.

12) שהי"ע נעלה ביותר — ראה ב"ח או"ח סמ"ז. לקו"ת כסעי' צא, ד. ראה כס, א. ובכ"מ.

13) ב"מ פה, סע"א ואילך. נדרי"ב פא, א.

14) משא"כ הפרשה — שהרי כל מוצש"ק נקרא „מוצאי שבת פרשת...".

15) ראה באריכה לקו"ש ח"ט ע' 187 ואילך ובהנסמן שם.

16) וראה גם שיחת מוצאי ש"פ נח ס"ז ובהנסמן שם בהע' 36.

17) פרשתנו כד, א.

18) פרש"י שם.

19) פרשתנו כד, ב ואילך.

20) שם, מב.

— אז די מעלה פון דער עבודה פון „בא בימים" [אויפטאן אין די „ימים", זמן] איז גרעסער אפילו פון דער מעלה וואס אין דער עבודה פון „זקן" [אע"פ אז דער ענין פון „זקן" איז בדוגמת בחי' „עתיק יומין" [21] —

איז (כנ"ל סעיף ד') א פרט וואס קומט צו אין דער הוראה (כללית) פון „חיי שרה" (כדלקמן סעיף יד).

ז. וועט מען עס פארשטיין בהקדים וואס רש"י זאגט אויף „שני חיי שרה" [22] „כולן שוין לטובה" — אז ניט נאר וואס אלע אירע יארן זיינען געווען גוטע יארן, נאר אויך אז „כולן שוין לטובה" (אז אין אלע אירע יארן איז געווען א גלייכקייט אין דעם טוב).

וואס פון דעם לשון „כולן שוין לטובה" איז פארשטאנדיק, אז ניט נאר וואס דער (זעלבער) טוב וואס אין אירע פריערדיקע יארן איז געווען אויך אין אירע שפעטערדיקע יארן (ווי רש"י זאגט פריער [23] „בת ק' כבת כ' לחטא כו' ובת כ' כבת ז' ליופי"), נאר אויך לאידך גיסא: אז אויך אירע פריערדיקע יארן זיינען געווען „שוין לטובה" צו אירע שפעטערדיקע יארן [24].

ולכאורה איז ניט מובן: ס'איז דאך א דבר פשוט אז שרה האט געהאלטן אין עולה זיין מדרגא לדרגא [אזוי ווי אלע צדיקים [25], וואס „ילכו מחיל אל חיל" [26]] — סא ווי קען מען זאגן [27], אז דער טוב פון אירע פריערדיקע יארן איז בשוה צו דעם טוב פון אירע שפעטערדיקע יארן?

ח. נוסף צו דעם וואס בא שרה'ן (ווי ביי אלע צדיקים) איז געווען די הליכה מחיל אל חיל — זיינען געווען ביי איר אויך כמה שינויים כלליים, דורך וועלכע זי איז נתעלה געווארן (ביז — שלא בערך) לגבי ווי זי איז געווען פריער:

בשעת ס'איז געווען דער „וילך אברם כאשר דבר אליו ה' גו'" [28] (אז ער האט מקיים געווען דעם ציווי „לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך גו'" [29]) און דער־ביי איז „ויקח אברם את שרי אשתו גו'" [30] — איז זי נתעלה געווארן שלא בערך. וואָרום ס'איז דאך מובן, אז די עילויים פון „לך לך" [31] [און אויך דער שכר „ואעשך לגוי גדול וגו' (ביז) והי' ברכה" [32]] האבן זיך אויפגעטאן אויך בא שרה'ן;

דערנאך, בשעת ס'איז נשתנה געווארן איר נאמען פון „שרי" צו „שרה" [33] — איז זי ווידער נתעלה געווארן שלא בערך. וכמובן אויך אין פשטות הכתובים דער גודל העילוי פון „שרה", וואס מיינט „שרה על כל" [34] (אויף אלע ענינים), אויף „שרי", וואס מיינט „שרי לי" [34] (בלויז צו אברהמ'ן).

וואס עפ"ז איז נאכמער ניט פאר־שטאנדיק וואס רש"י זאגט „כולן שוין לטובה": ווי קען מען פארגלייכן די יארן ווען זי האט געהייסן „שרי", און עאכו"כ

21) ראה ב"ר ספנ"ח. רש"י ומ"כ שם.

22) פרשתנו כג, א.

23) בד"ה ויהיו חיי שרה. גו'.

24) ועפ"ז מובן בפשטות ההוספה ד„כולן שוין לטובה" על „בת ק' כבת כ' כו'" — נוסף על מה שיש לומר, שההוספה היא ש„כולן שוין כו'" ולא רק „כבת כ' ו„כבת ז'" (בכ"ף הדמיון). וראה לקו"ש ח"ה פרשת חיי שרה ובהוספות שם.

25) בגמרא שבהערה הבאה: תלמידי חכמים. אבל בתי' לתהלים פד, ח (שמשם למדים בגמרא שם ש„אין להם מנוחה כו'"): „אולין צדיקיא". וראה לקו"ש כ"ף ס"ח תשל"ז.

26) תהלים שם. סוף מס' ברכות. סוף מס' מו"ק.

27) ובפרט שהלשון „ילכו גו'" מורה על עלי' שבאין ערוך (ד"ה צרור תר"ס. וראה גם תו"א ס"פ וישב. ובכ"מ).

28) לך לך יב, ד.

29) שם, א.

30) שם, ה.

31) ראה בארוכה בד"ה לך לך ובשיחת מוצאי ש"פ לך לך ש.ז. ובהנסמן שם.

32) לך לך שם, ב.

33) שם יז, טו.

34) פרש"י שם.

די יאָרן איידער ס'איז געווען דער „לך לך", צו די שפּעטערדיקע יאָרן (ווען ס'איז שוין געווען בּאַ איר די עילויים וואָס האָבּן זיך אויפגעטאָן דורך „לך לך", און ווען זי האָט שוין געהייסן „שרה") און זאָגן אַז זיי זיינען „כולן שוין"?

ט. די שאלה איז נאָך גרעסער: פון דעם אליין וואָס רש"י זאָגט „בת ק' כבת כ' לחטא כו' ובת כ' כבת ז' ליופי", איז פאַרשטאַנדיק דער עילוי וואָס איז געווען אין איר ווען זי איז געווען בת כ' לגבי ווי זי איז געווען בת ז', און דער עילוי ווען זי איז געווען בת ק' לגבי ווי זי איז געווען בת כ':

וויבּאַלד אַז אין די יאָרן ווען זי איז געווען עלטער פון בת ז' איז איר יופי געווען באופן של חידוש (וואָרום מצד טבע הגוף רופט אַרויס דער עלטער ווערן מיעוט היופי) — איז פאַר־שטאַנדיק, אַז דאָן איז בּיי איר געווען אַזאַ עבודה נעלית וואָס האָט גע'פּועל'ט אַ שינוי בטבע הגוף [35].

ועד"ז איז אויך בנוגע צו די שפּעטער־דיקע יאָרן ווען זי איז געווען עלטער פון בת כ', אַז וויבּאַלד אַז דאָס וואָס אויך דאָן איז זי געווען „בלא חטא" איז עס געווען מצד איר עבודה — האָט דאָך געדאַרפט צוקומען אַט די עבודה — אַ הוספה און אַ העכערע מדריגה ווי זי איז געווען בּיז בת כ'.

[ויש לומר, אַז דער חילוק פון די דריי דרגות הנ"ל איז מרומז אויך אין דעם וואָס דער פּסוק טיילט אויס די יאָרן פון שרה'ן אין דריי סוגים — „מאה שנה", „עשרים שנה" און „שבע שנים" — וואָס „כל אחד נדרש לעצמו" [36]].

ועד"ז איז אויך בנוגע צו אירע לעצטע זיבּן און צוואַנציק יאָר — נאָכדעם וואָס זי האָט שוין דערגרייכט צו די דרגא פון „מאה שנה", וואָס מאה איז שלימות המספר [37] (והעבודה) — אַז איר עבודה דאָן איז געווען בדרגת השלימות (העכער פון הגבלות פון „עולם" [38]).

ועאכו"כ בעת הסתלקותה — וואָס דאָן איז זי געשטאַנען אין נאָך אַ העכערן עילוי, וואָרום [נוסף צו דעם וואָס בעת ההסתלקות קלייבּן זיך צו־זאַמען „כל מעשיו כו' אשר עבד כל ימי חייו" [39]] דאָן איז בּיי איר צוגעקומען אויך דער ענין העילוי דורך „בשורת העקידה" [40].

וואָס ע"פ כהנ"ל איז ניט פאַר־שטאַנדיק וואָס רש"י זאָגט „כולן שוין לטובה": ווי קען מען זאָגן אַז די ערשטע „שבע שנים" (כולל אויך דעם ערשטן יאָר) זיינען בשוה צו די לעצטע יאָרן (כולל אויך וואָס נאָך „מאה שנה"), בּיז צום זמן הסתלקותה?

יוד. איז די נקודת הביאור אין דעם: יעדע זאַך וואָס שרה האָט געטאָן איז איר עבודה געווען בתכלית השלימות לויט אירע כחות און מעגלעכקייטן וואָס זי האָט געהאַט דעמולט — דעריבּער זיינען זיי אַלע „שוין לטובה", מצד דערויף וואָס אין אַלע אירע מעשים האָט זי ממלא געווען בשלימות בקשת הקב"ה

---

35) ראה גו"א ריש פרשתנו ד"ה בת עשרים. וראה לקו"ש ח"ה ע' 97 ואילך ובהע' 22, שהעדר השינוי בנוגע ליופי דשרה (שפעלה ע"י עבודתה הי' (לא רק מצד אור הנשמה, כ"א גם) מצד הגוף עצמו.

36) פרש"י ריש פרשתנו. ובראב"ם שם: „פירוש כל כלל מתפרש לעצמו ואינו מתחבר עם הכללים האחרים .. משום דשנה שנה לחלק משמע".

37) ואף שיש אלף ורבבה — הרי מספרים אלו הם בודי (מקיפים), אבל בנרי"ן (פנימיים) — מאה הוא שלימות המספר (ראה לקו"ת ברכה צג, רע"ג). וראה זהר רי"פ חיי (קכג, א): מאה שנה כללא דכולא. לקו"ת צו יוד, א. ביאוה"ז (לאדהאמ"צ ולהצ"צ) לזהר שם.

38) וכמדובר כמ"פ (לקו"ש ח"א ע' 26. ח"ה ע' 307. ועוד) בפירוש מרז"ל (אבות ספ"ה) „בן מאה שנה כאילו מת ועבר ובטל מן העולם".

39) אגה"ק סי' זך (קמז. סע"א). וראה גם סידור שער הל"ג בעומר (דש, סע"ב ואילך).

40) פרש"י פרשתנו כג, ב. וראה לקמן סעי' טו.

וואס „איני מבקש כו׳ אלא לפי כחך״ [41].

אבער דער תירוץ איז ניט מספיק. ווײלע לפי זה קומט אויס, אז שוין זײנען אלע אירע מעשׂים — פון דעם אבער וואס מען זאגט א מעלה אויף שרה׳ן — דורך איבערחזר׳ן — שני ח״ש אז „כולן — די שני — שוין לטובה״ — איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א מעלה מיוחדת וואס שרה האט אויפגעטאן דורך איר עבודה אין „שני ח״ש״ — אין אירע יארן.

יא. והענין: נוסף צו דעם וואס די עבודה פון שרה׳ן איז אלעמאל געווען בתכלית השלימות (לויט אירע כחות דאן), איז די עבודה געווען אין אירע יארן, און די עבודה פון די פריערדיקע יארן איז געווען (ביי איר) אויך א הקדמה און א הכנה צו דער העכערער עבודה פון די שפעטערדיקע יארן.

און אזוי אויך לאידך גיסא: איר עבודה אין דעם שפעטערדיקן זמן איז געווען (ניט נאר אין א העכערן אופן, לויט אירע כחות וואס זי האט געהאט דעמולט, נאר אויך) אין אזא אופן אז די האט מעלה געווען אירע פריערדיקע עבודות און יארן, אז אויך זיי זײנען נתעלה געווארן אין דער העכערער מדריגה (פון איר שפעטערדיקער דרגא) [42].

און ווײבאלד אז אויך אירע ערשטע יארן זײנען סו״ס נתעלה געווארן אין דער מדריגה נעלית אין וועלכע זי איז געווען בהסתלקותה — דעריבער, איז (לאחרי ווי זיי זײנען נתעלה געווארן) „כולן שוין לטובה״ [43].

יב. אע״פ אז דער ענין פון „כולן שוין לטובה״ איז א מעלה וואס מען זאגט אויף שרה׳ן [וואס זי האט אויפגעטאן ע״י עבודתה צו מעלה זײן אירע פריערדיקע שנים ועבודות אין דער העכערער מדריגה, כנ״ל],

ווײבאלד אבער אז דאס שטייט אין תורה (לשון הוראה [44]) ווערט עס א לימוד (און א נתינת כח [45]) צו יעדער אידן [ובפרט צו נשי ובנות ישראל, וואס יעדערע פון זיי ווערט אנגערופן בת שרה וכו׳],

אז בשעת מען ווערט עלטער און עס קומט צו א גרעסערע ידיעה און גרעסערע כחות אין עבודת ה׳ — זאל מען אויפטאן אז עלי׳ אויך אין די שנים והתומ״צ וואס מען האט געטאן פריער (איידער מען האט געהאט די גרעסערע ידיעה און כחות).

יג. קען מען דאך מיינען: ווײבאלד אז אפילו ווען מען הארעוועט בכל יום ויום אז די עבודה זאל זײן בשלימות (לויט די כחות שביום זה), דארף מען איר (והזמן) מעלה זײן אין די העכערע מדריגה צו וועלכע מען וועט צוקומען שפעטער — איז במילא ניט נוגע (אויף אזוי פיל) צו הארעווען בכל יום מיט אלע כחות אז די עבודה זאל זײן בשלימות, ווארום אפילו ווען עס וועט „פעלן״ אין דער עבודה, האט מען בכח צו משלים זײן דאס שפעטער —

אויף דעם קומט די הוראה פון סדר

41) במדב״ר פי״ב, ג.

42) להעיר מהמבואר בלקו״ש ח״ז ע׳ 236 ואילך. שמכיון שבני״ אינם „אמצעי״ לאיזה ענין אחר כ״א התכלית הוא בהם עצמם ובכל הענינים שבהם, לכן: לאחרי שאיזה ענין שבהם מביא למדריגה נעלית יותר — הרי הענין הקודם הוא לא רק „אמצעי״ למדריגה הנעלית, כי אם, שהוא עצמו מתעלה במדריגה זו, מכיון שזה (מדריגה הנעלית) הוא התכלית ואמיתית מציאותו של הענין הקודם עצמו.

43) ועפ״ז אולי י״ל מה שבהענין ד„כולן שוין לטובה״ נאמר רק שכל שנותי׳ של שרה היו „שוין לטובה״ — ולא ששרה היתה שוה במשך כל שנותי׳ (כמו בענין „בת ק׳ כבת כ׳ כו׳ ובת כ׳ כבת ז׳״) — כי מכיון שהיו בה כו״כ (שינויים ו)עליות, יתכן לומר רק שהשנים (לאחרי שנתעלו) הם „כולן שוין לטובה״ — ועצ״ע נקודת החילוק בין הזמן והאדם, באם ישנו.

44) ראה זח״ג נג, ב.

45) כמובן מהמדובר שבהערה 41.

הענינים אין פסוק: פריער שטייט „מאה שנה ועשרים שנה ושבע שנים", וואס „לכן נכתב שנה בכל כלל וכלל לומר לך שכל אחד נדרש לעצמו" [46] — אז יעדער זמן באזונדער דארף און מוז זיין בשלימות (לויט די דרגא פון די כחות וואס מ'גיט אין דעם זמן):

און ערשט לאחרי זה „שני חיי שרה — כולן שוין לטובה" — אז דוקא לאחרי זה און דורך דעם וואס יעדער זמן באזונדער איז בשלימות, קען מען נתעלה ווערן אין דער העכערער מדריגה פון דעם שפעטערדיקן זמן.

יד. און דאס איז דער צד השוה פון דער הוראה פון „(ואברהם זקן) בא בימים" מיט דער הוראה פון „חיי שרה" — וואָרום אויך די הוראה פון „בא בימים" איז (ווי גערעדט אין מאמר) אז עס דארף זיין „כל הימים שלמים" [47],

אז [ניט נאר וואס אין יעדער טאג דארף זיין עבודה („כל יומא ויומא עביד עבידתי'" [48]), נאר אויך אז] יעדער טאג דארף זיין א שלם — פולער און פולקאמענער [49], אז אלע רגעים פון טאג (און אויך אלע כחות וואס זיינען דא ביום זה) זאלן זיין אנגעפילט מיט עבודת ה' בשלימות.

און אין דער הוראה פון „(ואברהם זקן) בא בימים" קומט צו נאך א פרט [ווי גערעדט פריער (סעיף ד') אז די הוראות פון די ענינים פרטיים שבפרשתנו זיינען פרטים וואס קומען צו אין דער הוראה (כללית) פון „חיי שרה"]:

דאס וואס יעדער זמן דארף זיין אנגעפילט מיט עבודת ה' איז עס (ניט נאר צוליב דעם ענין העבודה, נאר אויך, און בעיקר) צוליב דעם זמן גופא (ווי גערעדט בארוכה אין מאמר).

וואס דאס איז אויך דער דיוק הלשון „יומין שלימין" — אז מען דארף אויפטאן אז די טעג זאלן זיין בשלימות.

טו. נאך א צד השוה אין די הוראות פון די צוויי ענינים הנ"ל [„חיי שרה" און „ואברהם זקן בא בימים"], וואס אויך אין דעם ענין קומט צו א פרט נוסף אין דער הוראה פון „ואברהם זקן בא בימים" אויף דער הוראה פון „חיי שרה":

אין דער פרשה „ויהיו חיי שרה" (די פרשה ראשונה פון דער סדרה) ווערט דערציילט אז ווען שרה האט געהערט „בשורת העקידה" איז „פרחה נשמתה" [50]. וואס דער פשט אין דעם איז

[ניט אז בשורת העקידה האט גע'פועל'ט אין איר אן ענין בלתי רצוי, ח"ו — וויבאלד אז דער ענין העקידה איז אן ענין נעלה ביותר, און ער האט אויפגעטאן אן עילוי נפלא בא יצחק'ן און אויך ביי אברהם'ן (כמבואר בכמה דרושים) — קען מען דאך ניט זאגן, אז בנוגע צו שרה'ן האט ער גע'פועל'ט היפך העילוי, ח"ו. נאר דער פשט אין דעם איז],

אז דער ענין (פון בשורת) העקידה האט אין איר אויפגעטאן אן עילוי גדול ביותר, וואס איז העכער פון דרגת הנשמה ווי זי איז מלובש בגוף — „פרחה נשמתה" [50*].

און אע"פ אז ענין העקידה (וואס האט געבראכט דעם עילוי פון „פרחה נשמתה") ווערט דערציילט אין פרשת וירא — איז אבער דער עילוי פון „פרחה נשמתה" שטייט ערשט אין פרשת חיי שרה:

אז דוקא דורך דעם וואס אלע אירע יארן זיינען געווען בתכלית השלימות ביז אז אויך די פריערדיקע יארן זיינען נתעלה געווארן אין דער שלימות ווי זי

---

46) פרש"י ר"פ פרשתנו.

47) תו"א עט, ב — ע"פ זח"א רכד, א.

48) זח"ג צד, ב.

49) ראה המכתב כללי דח"י אלול התשל"ז (נדפס בלקו"ש מכתבים כלליים לר"ה תשל"ח).

50) פרש"י פרשתנו כג, ב.

50*) ע"ד מרז"ל (שבת פח, ב) דעל כל דבור פרחה נשמתן.

איז געווען בגמר עבודתה (כנ״ל סעיף יא) — האט זי געקענט צוקומען צום עילוי פון „פרחה נשמתה״.

לאחרי זה (וויבאלד אז „פרחה נשמתה״ איז א רגע (טייל) פון שני חיי שרה — וואס „כולן שוין לטובה״) — איז דאן געווארן כולן שוין אין דעם עילוי פון „פרחה נשמתה״.

וואס איז טאקע דער טעם פון דעם — איז דאס ווערט פארשטאנדיק פון ענין „ואברהם זקן בא בימים״, כדלקמן.

טז. כאמור לעיל [51] — פון דעם וואס פריער זאגט דער פסוק „ואברהם זקן״ און דערנאך איז ער מוסיף „בא בימים״, איז מוכח אז אע״פ אז דער ענין פון „זקן״ איז א מדריגה נעלית, ביז אז מען פארבינדט עס מיט בחינת „עתיק יומין״ — פונדעססוועגן, איז דורך דער עבודה פון „בא בימים״, וואס אברהם האט גע׳פועל׳ט אין די „ימים״ אז זיי זאלן זיין בשלימות, איז ער נתעלה געווארן נאך העכער.

און דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס דער עילוי פון „פרחה נשמתה״ איז געקומען דוקא (כנ״ל סט״ז) דורך דעם וואס אלע אירע פריערדיקע יארן זיינען געווען בשלימות, „כולן שוין לטובה״:

דער עילוי פון „פרחה נשמתה״ — העכער (און מובדל) פון דרגת הנשמה המלובשת בגוף — איז בדוגמת בחינת „עתיק יומין״ וואס ער איז נעתק ונבדל פון „יומין״ [52]. און היות אז דער ענין פון „בא בימים״ איז העכער פון דעם ענין פון „זקן״ וואס איז בדוגמת בחינת „עתיק יומין״ [52] — דעריבער קומט נאך דעם עילוי פון „פרחה נשמתה״ (בדוגמת ענין „זקן״) — דער עילוי פון „כולן שוין לטובה״ (בדוגמת „בא בימים״) — נוסף אויף אייגענער שלימות ביז דער שלימות פון „פרחה נשמתה״ אויך די שלימות און דער זעלבער טוב אין די שנים [53], וואָרום דער ענין פון כל השנים „שוין לטובה״ און „בא בימים״ און העכער פון דעם ענין פון „זקן״ ופרחה נשמתה.

• • •

יז. עד״ז איז אויך בנוגע צום דריטן כללות׳דיקן ענין פון היינטיקער סדרה — „פרשה של שיחת אליעזר״, וואס פון איר לערנט מען אפ [54] אז „יפה שיחתן של עבדי אבות כו׳ מתורתן של בנים״, אז די הוראה פון „יפה שיחתן כו׳״ איז פארבונדן (אין איר איז דא א „צד השוה״) מיט די הוראות פון די פריערדיקע צוויי ענינים כלליים — „חיי שרה״ און „ואברהם זקן בא בימים״ (כדלקמן סעיף כב), און אז אין דער הוראה פון „יפה שיחתן כו׳״ קומט צו א הוספה אויף די פריערדיקע צוויי הוראות (כדלקמן סעיף כה ואילך).

יח. ווערט מען עס פארשטיין בהקדים דעם פירוש אין מרז״ל הנ״ל „יפה שיחתן של עבדי אבות כו׳ מתורתן של בנים״ — ווי איז שייך צו זאגן אז אין „שיחה״ זאל זיין א יתרון לגבי תורה?

די קשיא איז נאך גרעסער: „תורתן של בנים״ מיינט דאך תורה ווי זי איז לאחרי מ״ת [וכדמוכח פון דעם וואס „יפה שיחתן כו׳ מתורתן של בנים״ קומט בתור ביאור אויף דעם וואס „הרבה גופי תורה לא ניתנו אלא ברמיזה״ [55], וואס דאס רעדט זיך דאך וועגן „גופי תורה״ שלאחרי מ״ת], איז תמוה: אפילו תורה ווי זי איז געווען פאר מ״ת איז ניט בערך צו תורה ווי זי איז לאחרי מ״ת [56] — איז ווי קען מען זאגן אז די „שיחה״ פון יענעם זמן (שלפני מ״ת) איז „יפה״ פון

---

51) בהמאמר — נעתק לעיל סעיף ו.

52) לקו״ת ר״ה סא, ג. דרמ״צ לס, רע״א. ועוד.

53) ז״ל דבאברהם נזכר ימים ובשרה — שנה, דימים הוא בד״א (ול׳ זכר) ושנה במל׳ (ול׳ נקבה).

54) ראה שהש״ר פ״א, ג: כל השירות שאמרו לפניך האבות ריחות היו כו׳. ובד״ה לריח שמניך תשי״ז בתחלתו: שירים קאי על התורה .. שכל ענין לימוד התורה שלהם הוא רק ריחות לבד.

דער תורה שלאחרי מ"ת ?

נאך מער: לאחרי מ"ת — זיינען דא צוויי כללות'דיקע מדריגות אין לימוד התורה: ווי זי איז "תורת ה'", און ווי זי ווערט "תורתו" [55] (פון דעם אדם הלומד, ביז אז ער ווערט בעה"ב אויף איר), וואס דאס איז דער תכלית העילוי אין לימוד התורה: און אעפ"כ זאגט מען, אז "שיחתן של עבדי אבות" איז יפה ניט נאר פון תורה (ווי זי איז לאחרי מ"ת) סתם, נאר אפילו פון תורה ע"י הלימוד באופן אז די תורה ווערט "תורתו" (זייער תורה) ?

יט. ווערט מען עס פארשטיין ע"פ המבואר אין חסידות [56], אז דער ענין פון "שיחתן של עבדי אבות" איז פארבונדן מיט דעם ענין פון די עשרה מאמרות שבהם נברא העולם, וואס לגבי דעם אויבערשטן זיינען זיי "מילין דהדיוטא" [57] און דערפאר ווערן זיי אנגערופן "שיחה" (ווי עס שטייט [58] "הוא שח ויהי").

און וויבאלד אז אלע ענינים שלמעלה ווערן נמשך דורך די ענינים אין עבודת האדם וואס זיינען בדוגמתם (וכפי' הה"מ [59] ואדה"ז [60] בהמשנה [61] "דע: מה למעלה (הוא) ממך") — דעריבער, איז בכדי צו "אויפטאן", כביכול, די "שיחה" למעלה, די עשרה מאמרות — איז ניט מספיק דער ענין פון לימוד התורה, נאר עס דארף זיין די עבודה פון "שיחתן", אז אידן זאלן זיך פארנעמען מיט עניני העולם [62] ("מילין דהדיוטא") אין אן אופן פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" [63] און "בכל דרכיך דעהו" [64].

[בדוגמת די שיחה פון אליעזר עבד אברהם, וואס אע"פ אז ער האט גערעדט ענינים פשוטים (בחיצוניות [65]) און צו אנשים פשוטים (לבן און בתואל), איז אבער געווען ניכר בגילוי אז ער רעדט עס מצד דעם וואס ער איז פון "עבדי אבות", עבדו של אברהם, און ווי ער האט געזאגט גלייך בתחילת וראשית דיבורו "עבד אברהם אנכי" [66]]

וואס דורך דעם טוט מען אויף אויך למעלה די "שיחה" אין "ענינים פשוטים" ("מילין דהדיוטא"), אז דער אויבערשטער זאל "זאגן" די עשרה מאמרות — עס זאל זיין דער "המחדש [67] בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית".

כ. דאס איז אויך איינער פון די ביאורים אין דעם וואס "שיחתן (של עבדי אבות)" איז געשריבן אין תורה באריכות, "שנים וג' דפים" [68] — ניט ווי

55) קידושין לב, רע"ב. ע"ז יט, א.

56) ראה בארוכה אוה"ת פרשתנו קכט, סע"א ואילך.

57) זח"ג קמט, ב. וראה בארוכה לקו"ת אחרי כה, ב.

58) פיט דר"ה ויוהכ"פ — הובא באוה"ת שם (קכט, ב).

59) או"ת קיב, ב.

60) סה"ש תש"ד ע' 23. היום יום ע' נג.

61) אבות פ"ב מ"א.

62) באוה"ת שם, ש"שיחה" הו"ע התפלה. אבל יש לומר, שבכללות * — גם העסק בענינים גשמיים ("לשם שמים") נכלל ב"שיחה". וכ"מ מאוה"ת נ"ך (כ"ב) ע' תתקיז, שמקשר ענין "כל העוסק בתורה נכסיו מצליחין לו" עם ענין "שיחת חולין של ת"ח" [וכפרט לפי המובא לקמן הע' 85 ש"שיחת חולין של ת"ח" שייך לענין "יפה שיחתן כו'"].

ועפ"ז יש לתווך בפשטות הביאור באוה"ת שם עם משנ"ב במעלת ופעולת עמל מלאכה (ששת ימים תעשה מלאכה) — בד"ה אר"א כל אדם לעמל נברא תרפ"ט.

ולהעיר גם מזה ש"שיחתן של עבדי אבות" (בפשטות) איננה ענין תפלה (שהרי תפלת אליעזר "הקרה נא גו'" היא רק כמה פסוקים).

63) אבות פ"ב מי"ב.

64) משלי ג, ו.

65) משא"כ בפנימיות — שהרי דברי אליעזר הם פרשה בתורה. וראה זח"ג קנב, א.

66) פרשתנו כד, לד.

67) נוסח התפלה — סוף ברכת יוצר.

68) ב"ר פ"ס, ח.

*) משא"כ בפרטיות, שאז מחולקים בין "(עסק) מלאכה, שיחה, תורה" — ראה ד"ה אר"א כו' שבפנים ההערה. ובכ"מ. וראה גם לקו"ש לך לך תשל"ז.

„תורתן (של בנים)", וואס „הרבה [69] גופי תורה לא ניתנו אלא ברמיזה":

וויבאלד אז די וועלט, עלמא דאתגליא, מוז אנקומען בכל יום פון אלע ימי ההיקף ובכל מקום פון די מעשה בראשית צו די עשרה מאמרות [70], צו די „שיחה" שלמעלה — דארף דעריבער זיין אויך די עבודה פון „שיחתן" [דער „מעשיך" און „דרכיך", אין אן אופן פון „לשם שמים" און „דעהו"] אין אן אופן פון „אריכות" [69*].

משא"כ די עבודה פון „תורתן", לימוד התורה (און קיום מצוותי׳) — וויבאלד אז תורה איז חכמתו ורצונו של הקב"ה וואס איז העכער פון עולם און ניט אין דער מדידה פון עולם (און דער לימוד התורה (וקיום המצוות) איז בכדי צו ממשיך זיין אין וועלט אן „אור חדש" וואס איז העכער פון עולם [71]) — איז דעריבער גענוג א רמיזא, די לחכימא (ועניניו) ברמיזא [72].

כא. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין וואס עס שטייט „יפה שיחתן כו' מתורתן כו'", און ווי דאס איז ניט בסתירה צו דעם וואס שטייט אז „(עמל) תורה" איז העכער פון „(עמל) שיחה" [73] — ווייל ס'איז דא א מעלה אין תורה אויף שיחה, און א מעלה אין שיחה אויף תורה:

די מעלה אין עמל תורה אויף עמל שיחה איז — וואס דורך עמל שיחה איז מען ממשיך (כנ"ל סעיף כ) (בלויז) די שיחה שלמעלה, די עשרה מאמרות וואס זיינען „מילין דהדיוטא". משא"כ דורך עמל תורה איז מען ממשיך (כנ"ל שם) אן „אור חדש" וואס איז העכער פון עולם:

עס איז דא אבער אויך א יתרון אין „שיחתן" אויף „תורתן" [74], ווייל<br>וויבאלד אז דורך דעם טוט מען אויף דעם „המחדש כו' תמיד מעשה בראשית" (וואס אין דעם איז ניטא קיין שינוי) — דריקט זיך דורך דעם אויס דער ענין פון „לא [74*] שניתי".

כב. דאס איז אויך דער קשר און „צד השוה" פון „פרשה של שיחת אליעזר" מיטן ענין „ואברהם זקן בא בימים" [וואס קומט בתור הקדמה צו דער פרשה [75]], און אויך מיט „חיי שרה" [וואס די פרשה של שיחת אליעזר איז א טייל פון דער סדרה „חיי שרה"]:

די מעלה פון „שני חיי שרה" אויף דעם ענין פון „פרחה נשמתה", און אזוי אויך די מעלה פון „בא בימים" אויף „זקן", איז (כנ"ל [76] בארוכה) מצד דערויף וואס דורך דער עבודה פון „שני חיי שרה" און די עבודה פון „בא בימים" — צו אויפטאן אין דעם זמן אז ער זאל זיין בשלימות [אז די „שני חיי שרה" זאלן זיין „כולן שוין לטובה" און אז די „ימים" זאלן זיין „יומין שלימין"] טוט מען אויף דעם בירור ותיקון העולם, וואס דער גדר פון עולם איז (מקום און) זמן [א] — ניט ווי דער ענין פון „פרחה

69) ראה בארוכה שעהיוה"א בתחלתו. ובכ"מ.

69*) ראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג: המהלך בדרך זו כל ימיו עובד את ה' תמיד.

70) אוה"ת פרשתנו שם. ובכ"מ.

71) וכיון שדי ברמיזא — הרי הוספה ע"ז, כל יתר — כנטול דמי.

72) סנהדרין צט, ב.

73) להעיר גם מאוה"ת שם (סע"ב ואילך) שמקשר „ענין חסידים הראשונים שהיו שוהין בתפלתן תשעה שעות ביום ובטלו עסק התורה זמן רב בכל יום" [היינו, שהתפלה (שיחה — ראה לעיל הערה 62) הי' אצלם זמן ארוך יותר מתורה] עם ענין „יפה שיחתן כו' מתורתן כו'".

74) מלאכי ג, ו.

ולהעיר מהמדובר כמ"פ (וראה גם ד"ה החודש תרס"ו) בענין המעלה שבהנהגה טבעית על הנהגה ניסית, שמכיון שהנהגת הטבע היא באופן ד„לא ישבותו" נגלה בה ענין „לא שניתי" — והרי מהעניינים שבאים ע"י התורה הו"ע הנהגה ניסית (ראה אוה"ת שם (סכט, ב): „עמל תורה כו' ולכן התנאים והאמוראים היו עושים נסים מופלאים").

75) בהמאמר סעיף ח ופ. לעיל (בהשיחה) סעיף יד ופג.

76) שעהיוה"א פ"ז (פד, א). וראה לקמן סוף סעיף כג.

נשמתה" און "עתיק יומין" ("זקן") וואס איז נעתק ונבדל פון יומין [76]:

און אויך די מעלה פון "שיחתן" אויף "תורתן" איז (כנ"ל סכ"א) מצד דערויף וואס (דוקא) די עבודה פון "שיחתן" איז פארבונדן און טוט אויף אין עולם.

כג. דער טעם פון דעם וואס מען פארבינדט דעם ענין פון "שיחתן" וואס טוט אויף די ("שיחה" שלמעלה —) עשרה מאמרות שבהם נברא העולם מיט זמן דוקא ("שני חיי שרה" און "בא בימים") — אע"פ אז דער גדר פון עולם איז ניט נאר זמן נאר אויך מקום [77]:

יעדע "התהוות" [כולל אויך התהוות פון מקום] איז א "שינוי" לגבי קודם [78] ההתהוות [79]. ובמילא קומט אויס, אז פאר יעדער התהוות (אויך די התהוות פון מקום), איז שוין געווען די מציאות פון א ענין וואס איז דערנאך נשתנה געווארן — וואס דאס איז (תוכן ענין ה)זמן.

[ואע"פ אז זמן איז פארבונדן מיט מקום [80] [כמובן אויך פון דעם וואס שטייט אין תניא [81] אז ביידע (זמן און מקום) נעמען זיך פון זעלבן שרש, ספירת המלכות] — אעפ"כ איז מובן (כנ"ל) אז אין דעם גופא קומט זמן פאר מקום].

ועפ"ז איז פארשטאנדיק וואס מען איז מדגיש בעיקר די עבודה פון אויפטאן אין זמן — "יומין שלימין" — ווייל די ערשטע מציאות פון עולם [וואס פון איר פאנגען זיך אן אלע נמצאים] איז זמן.

כד. נאך אן ענין אין דער שייכות פון "יפה שיחתן כו'" מיטן ענין פון זמן ["שני חיי שרה" און "בא בימים"]:

די עשרה מאמרות — די "שיחה" שלמעלה, מיט דער שלימות שבזה [82] וואס איז געקומען דורך (דער מנוחה פון) שבת, וואס טוט זיך אויף כביכול דורך דער עבודה פון "שיחתן" — איז געווען במשך פון זיבן טעג — שבעת ימי ההיקף, וואס זיינען כולל דעם גאנצן מציאות פון זמן [83].

און נאך מער: יעדער אמירה פון די עשרה מאמרות איז געווען פארבונדן מיט א זמן (יום) מיוחד, ווי עס שטייט אין זהר [84]: "כל יומא ויומא עביד עבידתי'", און זייער שלימות — מיט יום השבת.

ועפ"ז קומט אויס, אז די שייכות פון דער "שיחה" שלמעלה (וואס קומט דורך דער עבודה פון "שיחתן") צום ענין הזמן איז [ניט נאר מצד דערויף ווייל דער עולם וואס ווערט נתהוה פון די עשרה מאמרות ("שיחה") איז און הויבט זיך אן מיטן מציאות פון זמן (כנ"ל סכ"ג), נאר אויך] מצד דערויף וואס די עשרה מאמרות גופא זיינען פארבונדן מיט זמן.

כה. פון די הוראות וואס קומען צו אין "פרשה של שיחת אליעזר" אויף "שני חיי שרה" און "ואברהם זקן בא בימים" — איז דער דיוק פון "יפה שיחתן של עבדי אבות כו'":

דער לשון "עבדי אבות" איז א טעם אויף דעם "יפה" — אז דאס וואס "יפה שיחתן של עבדי אבות כו' מתורתן של בנים" איז עס ניט נאר מצד דער מעלה וואס איז דא אין שיחה לגבי תורה נאר

77) עוד טעם על זה — ראה בהמאמר סעיף ח ובהערה 67.

78) וזה שייך לומר אפילו בהתהוות דרגע הראשון דהזמן, אף שאין שייך לקרותו עבר ממש — כיון שזהו בגדרי הזמן — אבל יש בזה קדימה ואיחור. ועד"ס סיבה ומסובב בשכל. ועוד.

79) ראה גם המשך תער"ב ח"א ע' שלס: דכל מה שנתהוה הוי בגדרי זמן .. שנתהוה מן ההעדר להוי' הרי הי' זמן שלא הי' ונתהוה ונתחדש.

80) לקו"ת ברכה צח, א.

81) שעהיוה"א שם.

82) וכמרז"ל הובא בפרש"י עה"ת (בראשית ב, ב): מה הי' העולם חסר מנוחה כו'. ובב"ר (פ"י, ט) ששבת הוא כמו התותם בטבעת — והרי התותם משנה כל הטבעת.

83) ראה שיחת מוצאי ש"פ נח סעיף ב ובהנסמן שם בהערה 18.

84) ח"ג צד, ב.

אויך מצד דעם יתרון וואס איז דא אין „עבדים" אויף „בנים".

דאס הייסט, אז אע"פ אז די מעלה וואס איז דא אין שיחה לגבי תורה, איז אויך דא בשיחתן של בנים לגבי תורתן [85] — פונדעסטוועגן, איז דער אמתית היופי אין דער שיחה פון עבדים.

כו. דער ביאור אין דעם:

די עבודה פון אן עבד (ע"ד הרגיל [86]) איז — אן „עבודה גרועה" (אזוי ווי חטיבת עצים וכה"ג), וואס איז ניט „מכבוד האדון לעשות בעצמו". וואס אין עבודת ה' איז דאס דער ענין פון עבודת הבירורים, וואס אידן פארנעמען זיך מיט עניני העולם ובפרט אין „מעשיך" און „דרכיך" וואס איז בא עם אין אן אופן פון „לשם שמים" און „דעהו". וואס דורך דעם טוען זיי אויף (כנ"ל סעיף יט) למעלה דעם ענין פון עשרה מאמרות — וואס דאס איז א ירידה והשפלה (בדוגמת „עבודה גרועה") כביכול לגבי דעם אייבערשטן, ווארום „לאו [87] אורחא דמלכא לאשתעי במילי דהדיוטא" [*].

און דאס איז דער יתרון אין „שיחתן של עבדים" אויף „שיחתן של בנים":

דאס וואס אידן ווערן אנגערופן מיטן נאמען „בנים" — איז עס פארבונדן מיטן ענין פון תורה [88] [כמובן אויך פון דעם וואס שטייט אין תניא [89], אז דאס וואס נשמות ישראל זיינען „בנים", איז עס מצד דערויף וואס זיי ווערן נמשך פון „מחשבתו וחכמתו ית'", בדוגמה ווי א בן וואס ווערט נמשך פון „מוח האב"].

און דעריבער איז אויך „שיחתן של בנים" פארבונדן מיט תורה

[בדוגמת „שיחת חולין [90] של תלמידי חכמים" [91], וואס ווייבאלד אז דאס איז א שיחת חולין פון תלמידי חכמים — איז „צריכה לימוד" [92], מצד דערויף וואס זי איז די „נובלות" פון זייער חכמה („מותרי מוחיך") [93]],

דאס הייסט, אז ווען תלמידי חכמים („בנים") טוען אין עניני העולם [וואס דאס איז דער ענין פון זייער „שיחתך" (כנ"ל שם)] — איז עס ניט דער תחתון שאין תחתון למטה ממנו, (ניט אמיתית הענין) פון „מעשיך" און „דרכיך" [ובמילא ניט דער אמיתית הענין פון „עולם" מלשון העלם [94]], ווייבאלד אז זייער עסק בעניני העולם (מלכתחילה) איז נאר צוליב תורה [95], אדער בלי' הרמב"ם [96] אין אן אופן אז „במאכלו וכו' איז החכם ניכר (וואס דאס איז היפך העלם העולם).

85) שלכן, הענין ד„יפה שיחתך" מובא גם לענין „שיחת חולין של ת"ח" ולענין „הגדות שבגמרא" (אוה"ת נ"ך ע' תפב).

ולהעיר, שכ"ה גם בפשוטו של מקרא — ראה לקו"ש פקודי תשל"ו, דזה מה שלא הוזקק רש"י לפרש הטעם מה שמעשה המשכן נכפל כמה פעמים הוא לפי שסיפור מעשה המשכן הו"ע של „שיחה", ולכן מבין זה הבן חמש (למקרא) ממה שכבר פירש רש"י בפ' ח"ש.

86) בהמשך תרס"ו שבהערה הבאה, שיש גם עבד „שעובד במלאכות דקים ושכליים שהאדון בעצמו הי' עושה". אבל מובן שעבד זה אינו ע"ד הרגיל [ובפרט לפי המבואר שם ע' שלב, שהו"ע „עבד נאמן"].

87) ראה בכ"ז המשך תרס"ו ע' ל"לב.

88) ראה המשך הנ"ל ע' שסד. ובכ"מ.

89) רפ"ב.

90) כ"ה הלשון בע"ז יט, ב. וכ"ה גם לפי גירסא אחת בסוכה יט. ב. וכן מובא גם באוה"ת נ"ך (כ"ב) ע' תתקיז מסוכה שם [*].

91) וראה לעיל הערה 85, שזה שייך לענין „יפה שיחתן כו'".

92) סוכה שם. ובע"ז שם: צריכה תלמוד.

93) לקו"ת נצבים נב, ב. תצא לז, א.

94) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ.

95) ראה אוה"ת נ"ך שם שהטעם מה שכל העוסק בתורה נכסיו מצליחין לו" (ע"ז שם), הוא „בי נמשכו רק בשביל עסק התורה". ושם לפנ"ז: „גם החולין שלו נק' חולין שנעשו על טהרת הקודש .. אינן חול ממש אלא כמו חול המועד".

96) הל' דעות רפ"ה.

[*] להעיר גם מלקו"ת נצבים נב, ב: „ארז"ל שיחת חולין של ת"ח צריכה לימוד". שכוונתו לכאורה היא למרז"ל בסוכה שם (מכיון שהלשון בע"ז הוא „תלמוד" ולא „לימוד").

און וויבאלד אז די כוונה פון „דירה בתחתונים" איז אז אויך די עניני העולם („עולם" מלשון העלם) וועלכע הערן זיך אן פאר א מציאות לעצמם זאלן ווערן א דירה לו ית' — דעריבער איז דא א יתרון [97] אין דער עבודה פון „שיחתן של עבדים", וואס זייערע עניני הרשות זיינען „מעשיך" און „דרכיך" ממש [וויבאלד אז זיי טוען עס מצד זייער טבע, וואס א מענטש איז מתאוה בטבעו [98] צו ענינים גשמיים].

דורך דעם וואס א איד פועל'ט אז זיין אכילה ושתי' וכיו"ב, אויך ווען ער איז אויסן די „גשמיות" דערפון, זאלן זיין „לשם שמים" ביז אין אן אופן פון „דעהו" — פועל'ט ער אויך אין די „תחתונים" („שאין תחתון למטה מהם" — די) עניני העולם וואס הערן זיך אן פאר א מציאות לעצמם, אז זיי זאלן ווערן א דירה לו ית'.

כז. ענין הנ"ל אין „שיחתן של עבדים" איז פארבונדן אויך דערמיט וואס די עבודה פון אן עבד איז בדרך קבלת עול [99].

ווארום ווי איז עס טאקע מעגלעך, אז אויך אכו"ש וכיו"ב וואס ער טוט מצד דערויף וואס בטבעו איז ער מתאוה צו זיי, זאלן זיין „לשם שמים" — איז עס (בלויז) מצד דערויף וואס אן עבד פאלגט אויס דעם ציווי האדון בדרך קבלת עול, און דעריבער — איז ער מקיים דעם ציווי „וכל מעשיך יהיו לשם שמים" מצד קבלת עול מלכות שמים [100].

כח. וויבאלד אז בא יעדער אידן דארפן זיין אלע סארטן עבודות, דעריבער, איז אויך בא בעלי עסקים [וואס זיינען בדוגמת „עבדים", וואס פארנעמען זיך מיט „עבודה גרועה" — ובפרט בערך התורה] דארף זיין דער ענין פון עסק התורה

[בדוגמת ווי אליעזר וואס אע"פ אז ער איז געווען „עבד אברהם", איז ער געווען „דולה ומשקה מתורת רבו" [101]]

און אז דער עסק התורה זאל זיין ניט נאר בדרך קבלת עול (מצד דעם חיוב פון מצות תלמוד תורה), נאר אז ער זאל האבן א געשמאק אין דעם — אזוי ווי א „בן" וואס זיין ענין איז תורה;

און אזוי אויך לאידך גיסא: אויך בא די וואס זיינען בבחינת „בנים", דארף זיין זייער עבודה (ניט מצד זייער געשמאק, נאר) מצד קבלת עול מלכות שמים — כשם ווי מען וואלט מקיים געווען דעם ציווי פון אויבערשטן „אילו נצטווינו לחטוב עצים", מצד קבלת עול [102].

אעפ"כ איז דא א חילוק וואס איז דער

---

97) ראה עד"ז לקו"ש ח"ה ע' 25 ואילך בענין המעלה של הפרשת מעשר של אברהם על הפרשת מעשר דיצחק — כי זריעת הדגן דיצחק הי' מלכתחילה בשביל הפרשת מעשר.

98) שלפעמים תאוה זו (משא"כ תאוה חומרי'ת) צ"ל בשביל קיום העולם (ראה יומא סט, ב: נקטלי' ליצרא דעבירה) כליא עלמא).

99) ראה לעיל סעיף ס. שענין „שיחתן של עבדים" הוא דוגמת מה שהעבד עובד „עבודה גרועה" (כמו חסיבת עצים) שאינה „מכבוד האדון לעשות בעצמו". וראה המשך הנ"ל ע' שלב. שעבודה זו שייכת לעבד פשוט (משא"כ העבודה דנקיבת מרגליות וכיו"ב שייכת לעבד נאמן), ועפ"ז מודגשת יותר השייכות ד„שיחתן של עבדים" לענין הקב"ע — כי ענין הקב"ע הוא (בעיקר) בעבד פשוט, כמבואר בהמשך הנ"ל ע' שי ואילך.

100) והגם דזה גופא מה שעסקו בעניני רשות הוא מצד זה שבטבעו הוא מתאוה לזה, מורה לכאורה שכוונתו בזה היא לתועלת עצמו (ולא לשם שמים), מ"מ מצד הקבלת עול שלו יכול לפעול בעצמו שכוונתו „לשם שמים" תהי' באמת — כי מכיון שעבד הפשוט הוא בטל „בכל עצם מהותו כאילו .. אינו נברא בעולם רק למלאכה ושירות לאדונו והי' נחשב כרכושו וקנין כספו ממש" (המשך הנ"ל שם), לכן שייך, שכוונתו „לשם שמים" תהי' באמת גם בענינים אלו שעשייתו אותם (לכתחילה) היא לתועלת עצמו — מכיון שגם מהות עצמו שלו הוא „רק למלאכה ושירות לאדונו". ועצ"ע.

101) פרש"י לך לך טו, ב.

102) ראה לקו"ת שלח מ, א. המשך תרס"ו ע' נד.

עיקר: בא בנים איז דער עיקר חכמתו ית׳ (קיום באהבה[102]) תורה, בא עבדים — קבלת עול (עבודה ביראה), לחטוב עצים, שיחה,

און „כל אדם צ״ל בשתי בחי׳ ומדריגות״[103] הנ״ל.

• • •

כט. די הוראה עיקרית בנוגע לפועל פון כל האמור לעיל אין פשוט׳ע אותיות, און בנוגע צו „ויעקב הלך לדרכו״ — איז אין צוויי ענינים:

א) די הדגשה אין „לדרכו״ — אז ס׳איז ניט מספיק דער „ויעקב הלך לדרכו״ לויטן פירוש[104] פון „לדרכו״ „בחי׳ תורה ומצות, דתורה אקרי[105] דרך״, נאר עס דארף זיין אויך די הליכה „לדרכו״ בפשטות — אין די עניני העולם ועובדין דחול, צו מאכן (אויך) פון זיי א דירה לו ית׳,

ווי גערעדט פריער בארוכה, אז דער צד השוה פון אלע דריי ענינים כלליים פון היינטיקער סדרה [„שני חיי שרה״, „בא בימים״ און „יפה שיחתן״] איז — די הדגשה אז מען דארף אויפטאן אין די עניני העולם.

ב) די הדגשה אין „הלך״ — אז מען דארף גיין בזריזות, האלטן אין איין גיין און ניט אפשטעלן זיך אויף קיין איין רגע. ווארום וויבאלד אז אלע דריי ענינים הנ״ל [כולל אויך דעם ענין פון „יפה שיחתן״[106]] זיינען מדגיש דעם גודל החשיבות פון זמן — איז דאך פארשטאנדיק אז מען דארף מייקר זיין כל רגע.

און וויבאלד אזביידע הוראות זיינען מודגש אין דער סדרה (וואס מען האט היינט געלייענט) דריי מאל, וואס בתלתא זימני הוי חזקה[107] — איז דאך פארשטאנדיק דער חוזק וגודל הנתינת כח וואס די סדרה גיט צו יעדער אידן אויף דורכפירן בפועל כל הוראות הנ״ל.

ל. אזוי ווי המעשה הוא העיקר — איז דער סיכום פון די הוראות הנ״ל בנוגע למעשה בפועל:

א איד טאר זיך ניט מסתפק זיין מיט דעם וואס ער אליין פירט זיך כדבעי, און אפילו ניט מיט דעם וואס ער פאר־נעמט זיך מיט אזוינע אידן וואס זיינען בערכו, נאר בכל מקום ומקום, ביז אין דעם מקום הכי תחתון (ברוחניות), דארף ער מפיץ זיין תורה ויהדות, אנ־הויבנדיק פון די ענינים כלליים,

וואס הייבן זיך אן מיט „מבצע אהבת ישראל״, און דערנאך קומט דאס אראפ אין „מבצע חינוך״, „מבצע תורה״, „מבצע תפילין״, „מבצע מזוזה״, „מבצע צדקה״, און „בית מלא ספרים — יבנה וחכמי׳״,

און די דריי מצוות וואס עליהם נשען כל בית ישראל, וואס מען האט פארטרויט צו נשי ובנות ישראל: „מבצע נרות שבת קודש ויו״ט״, „מבצע כשרות האכילה ושתי׳״, און „מבצע טהרת המשפחה״

וואס די דריי מצוות האבן אויך א שייכות מיוחדת צו היינטיקער סדרה, ווי מפרשים זאגן[108] אז די דריי זאכן וואס רש״י ברייננט בפרשתנו[109] בנוגע שרה ורבקה — „נר דלוק מערב שבת לערב שבת״, „ברכה מצוי׳ בעיסה״, און „ענן קשור על האוהל״ — זיינען פארבונדן מיט די דריי מצוות הנ״ל,

און ווי גערעדט אמאל בארוכה[110], אז דורכן קיום מצוות הנ״ל פון יעדע

103) תניא פמ״א.

104) תו״א ס״פ ויצא.

105) קידושין ב, ב.

106) ראה לעיל סעיף כד.

107) ב״מ ט, ב.

108) חזקוני (ריב״א), רע״ב, גו״א ועוד עה״פ. וראה לקו״ש ס׳ ח״ט תשל״ד ס״י.

109) כד, סז.

110) וראה גם לקו״ש שם ס״ז.

אידישע טאָכטער — איז מצד דעם וואָס זי איז בת שרה רבקה (רחל ולאה) — טועט זיך אויף באַ איר ברוחניות די דריי ענינים הנ"ל.

לא. קען אימעצער מיינען: אמת טאַקע אַז מען דאַרף טאָן בכל הנ"ל — אָבער וואָס איז די איילעניש? און כאָטש טאַקע אַז זריזין מקדימים למצוות [111] — איז דאָך אָבער דער ענין הזריזות ניט נוגע צו דעם עצם קיום המצוה, טאָ וואָס איז אַזוי דער הכרח צו טאָן דאָס דוקא איצטער גלייך — עס "מאַכט ניט אויס" אַז מען וועט עס טאָן מיט אַ שעה שפּעטער, אָדער אפילו מיט אַ טאָג שפּעטער.

דערצו מאַכט ער נאָך אַ "חשבון": וויבאַלד אַז מקיים זיין די מצוה מער בהידור וכיו"ב איז וויכטיקער פאַר דעם ענין הזריזות (בנוגע לכמה ענינים) [112] — איז דאָך "בעסער", אַז ער זאָל אָפּלייגן די אַרבעט אין הפצת התורה והיהדות אויף "מאָרגן", ווען ער וועט ניט האָבן קיין טרדות און האָבן אַ רוהיקע קאָפּ — וואָס דאַן וועט ער קענען אויפטאָן בעבודתו אַ סך מער.

איי וואָס עס קען זיין אַז אויף מאָרגן וועט ער זיין טרוד — איז מה רעש: וועט ער זיין אַ אנוס, איז אונס רחמנא פטרי' [113].

ווען דער חיוב פון דער הפצת התורה והיהדות וואָלט געווען פאַרבונדן דוקא מיטן זמן פון דער שעה אָדער פון דעם טאָג, ס'איז מער ניט וואָס שפּעטער קען ער עס משלים זיין — וואָלט טאַקע ניט געהאָלפן טענת אונס [ווי מען געפינט באַ כמה מצוות, וואָס זייער חיוב מצד עצמם איז בתחילת זמן מסוים, און דאָס וואָס מען קען עס טאָן שפּעטער איז עס נאָר בגדר תשלומין — אַז אפילו ווען ער איז געווען אַ אנוס בזמן התשלומין פטר'ט עס אים ניט [114]]:

וויבאַלד אָבער אַז דער חיוב פון הפצת התורה והיהדות איז ניט פאַרבונדן מיט אַ זמן מסוים, במילא — טענה'ט ער — אַז דאָס איז בדוגמת ווי די מצוות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט כללות המשך זמן מסוים (און ניט מיט תחילתו דוקא), אַז אפילו ווען במשך כל הזמן האָט ער ניט געוואָלט מקיים זיין די מצוה, און ברגע האחרון איז ער געווען אַ אנוס — איז ניטאָ אויף אים קיין חיוב [115], דאונס רחמנא פטרי'.

אויף דעם קומט די צווייטע הוראה (פון די דריי ענינים שבפרשתנו) — דער גודל החשיבות פון זמן, וואָס פון דעם איז פאַרשטאַנדיק (כנ"ל סכ"ט) אַז מען דאַרף מייקר זיין כל רגע ורגע, און ניט אָפּלייגן אויף שפּעטער — און מצד כמה טעמים:

(א) עס קען דאָך זיין (כנ"ל) אַז אין אַ רגע שפּעטער וועט ער דאָס ניט קענען טאָן

[און ווי דער רבי נשיא דורנו זאָגט אין דעם מאמר פון יום ההילולא [115]: "דמי הוא היודע עתו וזמנו". דאָס מיינט, אַז אפילו ווען ער וועט מאריך ימים זיין ביז מאה ועשרים שנה, איז אָבער "מי הוא היודע" צי אין דעם שפּעטערדיקן עת וזמן וועט ער עס קענען טאָן],

וואָס דאַן איז אפילו אין די ענינים וואָס (זיינען ניט פאַרבונדן מיט קיין זמן מסויים, ובמילא איז) "אונס רחמנא פטרי'", וועט פעלן דער ענין וואָס ער האָט געדאַרפט אויפטאָן [וואָרום אונס כמאן דעביד לא אמרינן [116]].

(ב) וויבאַלד אַז אַלע ענינים זיינען

---

111) פסחים ד, א. ועוד.

112) ראה שד"ח כללים מע' ז כלל א"ג. מע' פ' כלל לס. וראה לקו"ש ס' ואתחנן תשל"ז ס"ו ובהנסמן שם.

113) ב"ק כח, ב. ועוד.

114) צפע"נ לרמב"ם הל' נערה בתולה פ"א ה"ז. הפלאה השמטות (נד, סע"ב ואילך). ועוד.

115) ד"ה באתי לגני תש"ת ס"ה.

116) ירושלמי קידושין פ"ג ה"ב.

בהשגחה פרטית, איז פון דעם גופא וואס מען האט אים געגעבן בשעה זו די מעגלעכקייט און די געלעגנהייט צו טאן א געווויסן ענין — איז עס אן אנווייזונג מלמעלה אז ער דארף עס טאן איצטער. וכמרז"ל [117]: מצוה הבאה לידך אל תחמיצנה.

(ג) וויבאלד אז א איד דארף אויפטאן אויך אין זמן, אז זיינע טעג (כולל אויך שעות [118] ורגעים) זאלן זיין „יומין שלימין" — איז אפילו אויב ער וואלט געווען זיכער אז די מצוה וועט ניט „נתחמץ" ווערן און ער וועט איר קענען טאן אויך שפעטער בשלימות — וועלן דאך אבער זיינע ימים ניט זיין קיין שלמים.

לב. נאך אן ענין אין דעם:

וויבאלד אז ענין הנ"ל (צו אויפטאן אין וועלט) איז פארבונדן מיט עבודת עבד [ווי גערעדט פריער בארוכה בענין יפה שיחתן של עבדי אבות, אז די עבודה פון „שיחתן" איז בירור עניני העולם, און דאס איז פארבונדן מיט „עבדי אבות"] — זעט מען דאך בפועל, אז בשעת אן עבד כשר האט א מעגלעכ־קייט לשמש את אדונו, לייגט ער עס ניט אפ אויף שפעטער נאר ער טוט עס גלייך בא דער ערשטער געלעגנהייט.

און דאס וואס ער לייגט ניט אפ אויף שפעטער נאר ער טוט עס גלייך ובזריזות — ווייזט עס [119] אויף דעם תענוג וואס ער האט אין דעם, תענוג האדון [120],

וואס דער תענוג איז מוסיף אויך אין דער עשי' בפועל (כנראה במוחש), און בשעת אז דער תענוג איז בשלימות — איז אויך די עשי' בשלימות.

• • •

לג. די הוראה כללית פון [דעם צד השוה פון די אלע דריי ענינים פון] פרשתנו — אז מען דארף אויפטאן אין די עניני העולם — איז פארבונדן אויך (כנ"ל סעיף א) מיט דעם ענין פון מוצאי שבת קודש, און מיטן ענין פון [מוצאי שבת מברכים] חודש כסלו. והביאור בזה:

די צוויי ענינים פון תורה מיט שיחה [ועד"ז: די צוויי ענינים פון „פרחה נשמתה" און „שני חיי שרה", און די צוויי ענינים פון „זקן" און „בא בימים"] ווי זיי זיינען אין דעם זמן פון שבעת ימי ההיקף — איז עס שבת און ששת ימי החול:

שבת, וויבאלד אז דאן שטייט מען העכער פון וועלט — איז בכלל דער ענין פון תורה. כמובן אויך פון דעם וואס די גמרא זאגט [121] אז לכולי עלמא בשבת ניתנה תורה, און פון דעם וואס שטייט אין זהר [122] (ומרומז אויך אין גמרא [123]) אז א תלמיד חכם ווערט אנגערופן שבת:

און ששת ימי החול, וויבאלד אז דאן האט מען צוטאן מיט עובדין דחול, און נאך מער: אפילו די תורה ומצוות פון ימי החול דארפן אנקומען צום שבת (שלאחריהם) אז זיי זאלן נתעלה ווערן למעלה [124] — איז בכללות דער ענין פון „שיחה".

און דאס איז די שייכות פון דער הוראה כללית הנ"ל פון פרשת ח"ש מיט מוצאי שבת קודש:

וויבאלד אז במוצאי שבת גייט מען איבער פון בחינת תורה צו בחינת שיחה

[וואס דער שינוי איז אויך בנוגע צום ענין פון זמן. ווארום שבת איז „למעלה מבחי' זמן" [125] און במוצאי שבת הויבט

117) ראה מכילתא (הובא בפרש"י) בא יב, יז.
118) ראה אוה"ת בלק ריש ע' תתקמס.
119) ראה אגה"ק סכ"א.
120) ראה המשך תרס"ו ע' שכו.

121) שבת פו, ב.
122) ח"ג כס, א.
123) שבת קיט, א. וראה לקו"ש ח"א ע' 40.
124) לקו"ת בהר מא, א. ובכ"מ.
125) לקו"ת שה"ש כה, א. ובכ"מ.

זיך אן (בחי׳) זמן. ביז אז דער שינוי (בנוגע לזמן) שבמוצאי שבת איז אויך בפשטות: וואס שבת (כולל כל זמן ההיקף) ווערט אן ענין פון עבר, און מוצאי שבת, התחלת זמן והיקף חדש — אן ענין פון הוה]

קען דאך א איד מורא האבן פון דער ירידה אין עניני העולם (בחי׳ שיחה) —

זאגט מען אויף דעם אז ער האט ניט וואס צו מורא האבן — „אל תירא עבדי יעקב"[126] — ווארום די ירידה איז צורך עלי׳, אז דוקא דורך דער ירידה אין דער „שיחה" פון ימי החול וועט ער נתעלה ווערן נאך העכער פון ענין התורה (דשבת שלפניו), „יפה שיחתן כו׳ מתורתן כו׳".

לד. עד״ז (און נאך מער[127]) איז אויך בנוגע צו חודש כסלו: אין דעם ענין פון חנוכה [וואס דאס איז עיקר ענינו פון חודש כסלו (אזוי ווי יעדער חודש, וואס עיקר ענינו איז די מועדים שבו)], גיט זיך ארויס דער גודל העלי׳ וואס ווערט דורך דער ירידה אין עולם:

אין יענעם זמן (פאר דעם נס פון חנוכה) איז געווען א חושך בעולם, ביז אז אומות העולם האבן געקענט זאגן צו אידן „כתבו לכם על קרן השור וכו׳"[128]. אבער דער חושך האט געבראכט צו א העכערן אור, צו „והוי׳ יגי׳ חשכי"[129] — „והוי׳" (בתוספת וא״ו)[130],

וכמבואר בכ״מ, אז די העלמות והסתרים וכו׳ האבן ארויסגערופן בא אידן דעם ענין פון מס״נ[131],

ביז אז דערפון איז ארויסגעקומען דער ענין פון נרות חנוכה וואס זיינען העכער אפילו פון נרות המקדש, כמובן (אויך) פון דעם וואס דוקא נרות חנוכה (משא״כ נרות המקדש) „אינן בטלין לעולם"[132].

• • •

לה. אע״פ אז די הדגשה (עיקרית) אין אלע דריי כללות׳דיקע ענינים פון היינטיקער סדרה איז מעלת בירור העולם — זעט מען אבער ווי אין דעם ענין פון „שני חיי שרה" ווערט דער־מאנט (בפירוש רש״י[133]) אויך דער ענין פון „פרחה נשמתה": אזוי אויך אין צווייטן ענין, שטייט ניט בלויז „בא בימים" נאר אויך „זקן": און אזוי אויך בנוגע צום דריטן ענין — פרשה של שיחת אליעזר, וואס אע״פ אז אין דער פרשה איז מודגש דער ענין פון „יפה שיחתן כו׳", איז דאך אליעזר געווען ניט נאר „עבד אברהם" נאר אויך „דולה ומשקה מתורת רבו״,

וואס פון דעם קומט ארויס די הוראה, אז עס דארפן זיין ביידע אופני עבודה — בדוגמת ווי גערעדט פריער (סעיף כח) אז בא יעדער אידן דארף זיין סיי די עבודה פון „בן", סיי די עבודה פון „עבד".

לו. די הוראה האט א שייכות מיוחדת צו שנה זו ביחוד:

ווי גערעדט פריער[134], אז די קביעות פון ראש השנה פון דעם יאר [וואס ער איז דער „קאפ" פון דעם יאר, און פירט אן מיט כל ימי השנה[135]]

— סיי דער ראש השנה כפשוטו, סיי דער טאג פון י״ט כסלו, וואס ער איז דער ראש השנה לתורת החסידות ולדרכי החסידות[136] —

---

126) לשון הכתוב — ישעי׳ מד, ב. ירמי׳ ל, יו״ד. ועוד. וראה לקו״ת בלק עב, א.

127) דמכיון שהירידה ד(לפני) חנוכה היא בענין החושך דלעו״ז (כדלקמן בפנים) — גם העלי׳ היא ביותר.

128) ירושלמי חגיגה פ״ב ה״ב. ב״ר פ״ב, ז. ועוד.

129) ש״ב כב, כט.

130) תו״א מא, ב. שי״א מג, א ואילך.

131) וראה הקדמת שערי אורה.

132) רמב״ן ר״פ בהעלותך.

133) פרשתנו כג, ב.

134) בשיחת מוצאי ש״פ נח ס״ד. ועוד.

135) עס״ד בתחלתו.

136) ראה היום יום בסופו.

איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב [137], טוב לשמים וטוב לבריות [138].

וואס די צוויי ענינים „(טוב ל)שמים" און „(טוב ל)בריות" — זיינען בדוגמת ווי די צוויי ענינים פון תורה און שיחה: „שמים" — איז דער ענין פון „תורה", „מן השמים השמיעך את קולך" [139]; און „בריות", וואס פ"י אז זייער איינציקע מעלה איז נאר דאס וואס זיי זיינען „בריות" [140] — איז דער ענין פון „שיחה".

און אויף דעם זאגט מען אז די צוויי עבודות פון תורה און שיחה [„פרחה נשמתה" און „שני חיי שרה": „זקן" און „בא בימים"] דארפן זיין צוזאמען — ווי גערעדט פריער [41], אז דער אויפטו פון „יום שהוכפל בו כי טוב" איז [ניט נאר אז אין אים זיינען דא סיי דער „טוב לשמים" סיי דער „טוב לבריות", נאר אויך] אז דיביידע טוב'ס (וואס אין אים) זיינען פארבונדן און פאראייניקט צוזאמען.

לז. ענין הנ"ל האט אויך א שייכות מיוחדת צו היינטיקן מוצאי שבת — און מצד צוויי ענינים:

א) אין (ראש חודש ועד"ז אין) שבת מברכים החודש זיינען כלול כל ימי החודש [140*], ובפרט די חגים ומועדים שבו. וואס דערפון איז מובן אז היינטיקער שבת האט א שייכות מיוחדת צום „חג החגים" [141] י"ט בסלו וואס זיין קביעות איז (כנ"ל) ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

ב) בשבת זיינען עולה ונכלל די אלע טעג פון דער פריערדיקער וואך [141*]. ובמילא, האט דער היינטיקער שבת א שייכות מיוחדת צום טאג פון כ"ף חשון — דער יום הולדת פון רבי"ן (מהורש"ב) נ"ע — וואס אויך זיין קביעות (בשנה זו) איז געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות.

וואס ענין הנ"ל — די התאחדות פון „טוב לשמים" מיט „טוב לבריות" — איז מודגש אין כמה פעולות פון דעם בעל יום ההולדת, ובפרט — אין ישיבת „תומכי תמימים" וואס ער האט מייסד געווען.

און ווי גערעדט כמה פעמים [142], אז דער תפקיד פון „תמימים" איז — אז צו־זאמען מיט זייער אייגענער עבודה בלימוד הנגלה והחסידות ובעבודת התפלה („טוב לשמים"), זאלן זיי זיין אויך „נרות להאיר" — באלייכטן די וואס זיינען מחוץ להם, ביז באלייכטן אויך די „בריות".

לח. ענין הנ"ל איז מרומז אויך אין דעם נאמען פון רבי"ן נ"ע [וואס דער נאמען פון א מענטשן ווייזט אויף זיין ענין [143]]:

דער ערשטער נאמען פון רבי"ן נ"ע — ווייזט אויף דעם ענין וואס „התורה ניתנה לעשות שלום בעולם" [144], אויפ־טאן אין וועלט אז זי זאל זיין שלום (פארבונדן) מיט תורה;

און זיין צווייטער נאמען, וואס אין

137) רש"י בראשית א, ז.

138) קידושין מ, א. ובאוה"ת (בראשית לג, ב. משפטים ע' ארקנ. ועוד) מקשר זה עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

139) ואתחנן ד, לו. וראה יתרו כ, יט: מן השמים דברתי עמכם.

140) ראה תענית כ. סע"א ואילך. תניא פרק לב.

140*) ראש חודש כולל כל ימי החודש (שלכן נקרא ראש חודש ולא תחילת החודש), ושבת שלפניו — שבת מברכים — כולל בתוכו יום הר"ח בתור ראש חודש [נוסף על מה שיום השבת כולל את כל ימי השבוע שלאחריו], כי בו „מברכים" — גם מלשון (ברכה ו)המשכה — את ראש החודש.

141) הקדמה לחוברת י"ט כסלו. וראה לקו"ש ח"ה ע' 436 ואילך.

141*) ראה אוה"ת בראשית ד"ה ויכולו (מב, ב ואילך).

142) וראה גם שיחת אחש"פ תשל"ז. ושם, שנוסף לזה שצ"ל ב' העבודות — שתיהן „יעמדו יחדיו".

143) ראה בארוכה לקו"ש ח"י ע' 35־36 ובהנסמן שם.

144) רמב"ם סוף הל' חנוכה.

אים איז דאָ סיי אַ שם בלשון הקודש און סיי אַ שם בלע״ז — און פון ביידן צוזאַמען ווערט איין וואָרט (ווי מען זעט דאָס אויך בחתימתו הקדושה) — ווייזט עס אויך, ווי פון לע״ז מיט (לשון) קודש ווערט איין זאַך.

• • •

לט. אַ נתינת כח נוספת צו דורכפירן בל האמור לעיל, האָט מען פון פרשת ואלה תולדות יצחק — וואָס מען האָט אָנגעהויבן צו לייענען דעם שבת אין דעם זמן פון רעוא דרעוין:

בשעת מען זאָגט אַ אידן אַז עס דאַרף זיין דער „ויעקב הלך לדרכו", ער דאַרף אַרויסגיין אין וועלט, און אין אַזאַ וועלט וואָס דאָרטן איז דאָ (ניט נאָר יעקב נאָר אויך) עשו וואָס איז „יודע ציד"[145] און „איש שדה"[146], און אדרבה: ס'איז גאָר אקדמי' טעניתי'[147],

ובפרט נאָך ווי זי איז בזמן הגלות, גלות אדום [„עשו הוא אדום"[148]], און אין דעם גופא — אין זמן פון סיום הגלות, חושך כפול ומכופל, קען מען דאָך מורא האָבן —

איז מען מכריז ומודיע „ואלה תולדות יצחק" — וואָס פירושו איז (ווי רש״י זאָגט) „יעקב ועשו האמורים בפרשה" (וואָס פון די „ינה של תורה" וואָס אין דער פרש״י איז):

דאָס וואָס ס'איז פאַראַן די מציאות פון „(יעקב ו)עשו" איז זיין גאַנצע מציאות[149] דאָס וואָס ער איז „תולדות יצחק": אַזוי ווי עס דאַרף זיך דורכפירן ענינו של יצחק[150], צחוק עשה לי אלקים, שמחה ותענוג[151], וואָס די שמחה ותענוג שלמעלה (וואָס דער תענוג איז דער תענוג פון די צדיקים — כולל שרה און יצחק) איז דוקא אין דער עבודה פון „אתכפיא ואתהפכא חשוכא לנהורא"[152]

[וואָס דאָס איז אויך דער דיוק „צחוק עשה לי אלקים", ווײַלע דער צחוק ותענוג שלמעלה טוט זיך אויף („עשה לי") דוקא דורכן בירור ההסתר פון שם אלקים[152*]]

וואָס בכדי אַז דאָס זאָל זיך דורכפירן בפועל, דאַרף מען האָבן אַז יעקב [וואָס ער (און נאָר ער) איז זרעו של יצחק[153]] זאָל זיין אין אַזאַ אופן אַז „ידו אוחזת בעקב עשו"[154] — צוליב דעם איז דאָ עשו, און דאָס איז זיין גאַנצע מציאות.

וואָס דאָס איז אויך וואָס רש״י איז מדייק „יעקב ועשו", פריער יעקב און דערנאָך עשו — אע״פ אַז דער סדר ווי זיי זיינען „אמורים בפרשה" איז פריער עשו און דערנאָך יעקב — ווײַלע[155] וויבאַלד אַז די גאַנצע מציאות פון עשו'ן איז צוליב יעקב'ן (כנ״ל), קומט דאָך יעקב פאַר עשו[156].

מ. און דאָס איז אויך מרומז בפרש״י „יעקב ועשו האמורים בפרשה" [נוסף אויף נאָך אַן ענין: וואָס איז (יעקב און) עשו — דאָס געזאָגטע אין (אַ טייל פון דער) פרשה (תורה), זיין מציאות איז

---

145) תולדות כה, כז. וראה פרש״י שם.

146) תולדות שם. וראה אוה״ת עה״פ.

147) זח״א קעס, ב.

148) וישלח לו, א. ח.

149) ראה תניא פכ״ז.

150) ו„עיקר תולדותיהם של צדיקים מע״ט" (פרש״י נח ו, ט).

151) וירא כא, ו ובמפרשים שם.

152) תניא שם. תו״א יז, ד ואילך.

152*) תו״א שם.

153) נדרים לא, א. פרש״י ויצא כח, טו. ולהעיר דבשו״ע אדה״ז (או״ח סתקצ״א ס״ב), ד„סברא הראשונה [„דאם יאמר לזרעו תזכור יהי׳ גם עשו בכלל"] הוא עיקר משום דבתפלת ימים נוראים יש לנו לפרש בענין שלא יהא שום ספק בבקשתנו" — וכ״כ בסידורו (וכ״ה בפע״ח וסי׳ האריז״ל) קבע הנוסח „ועקידת יצחק לזרעו .. תזכור" (ולא לזרעו של יעקב), שמזה משמע דזה שעשו „אינו נחשב מזרעו של יצחק כלל" — אין שייך בזה ספק.

154) תולדות כה, כו.

155) הביאור בזה ע״פ פשוטו של מקרא — ראה לקו״ש ח״ה ע׳ 116 ואילך.

156) וראה רש״י תולדות שם.

תורה:

בכדי אז תורה זאל זיין בשלימות דארף אין איר זיין אויך די פסוקים (און פרשה) וואס ריידן וועגן עשו׳ן [אזוי ווי די פסוקים „אנכי הוי׳ אלקיך גו׳״ [157] — אזוי ווי עס שטייט [158] בנוגע צום פסוק [159] „ותמנע היתה פלגש״ (וואס אויך דער פסוק איז אין דעם סיפור פון תולדות עשו) — קומט דאס אויבענ־גענואגטע]

בכדי עס זאל זיך דורכפירן די כוונה פון דירה בתחתונים, דער „ונגלה כבוד הוי׳ וראו כל בשר גו׳״ [160] וואס וועט זיין לע״ל — וואס דער ענין איז דאך פאר־בונדן מיט תורה [ווי ער זאגט אין תניא [161]: (א) אז צוליב דעם האט דער אויבערשטער געגעבן תורה אידן, בכדי זיי זאלן קענען מקבל זיין דעם „אור ה׳ הנגלה לעתיד בלי שום לבוש״. (ב) אז א „מעין״ פון דעם גילוי דלעתיד איז געווען בשעת מתן תורה] — צוליב דעם איז דא די מציאות פון עשו, בכדי עס זאל זיין „אתכפיא סט״א ואתהפכא חשוכא לנהורא״, וואס דאס וועט ברייינגען דעם גילוי דלעתיד.

מא. קען מען דאך אבער מיינען: כל הנ״ל איז ווי עשו איז מצד שרשו והכוונה, וואס די כוונה וועט נשלם ווערן ערשט לע״ל [וואס דאן וועט זיין דער „ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו״ [162]]: אבער דערווייל איז דאך עשו מנגד וכו׳ — איז ווי קען זיין איצט דער „אל תירא עבדי יעקב״?

אויף דעם זאגט מען אז עשו איז „תולדות יצחק״: אע״פ אז דער נאמען יצחק איז „על שם העתיד״, ווייל דער „גילוי הצחוק והתענוג״ [וואס טוט זיך אויף דורכן (גילוי ה)העלם פון שם אלקים, ביז ווי דאס קומט ארויס אין עשו] וועט זיין ערשט לעתיד לבוא [163],

פונדעסטוועגן, איז פון דעם גופא וואס מען רופט אים אן איצטער מיטן נאמען יצחק „על שם העתיד״ און מען זעט בגלוי — און אויך עשו וייס דער־פון און ברימט זיך דערמיט וואס ער איז „תולדות יצחק״ — איז מובן, אז אויך איצטער איז בגילוי אז מציאותו של עשו איז (די כוונה וואס עשו וועט נשלם ווערן לעתיד —) דאס וואס ער איז „תולדות יצחק״ און „אמור בפרשה״.

אזוי איז אויך בנוגע צו דעם וואס לעתיד וועלן אידן זאגן צו יצחקן „כי אתה אבינו״ [164] מצד דעם וואס ער וועט מציל זיין אידן פון גלות — אז מעין פון דעם ענין איז שוין דא איצטער: זיי־ענדיק נאך אין גלות, איז ער מגין אויף אידן [164*], און פון דעם קומט דערנאך ארויס — דאס וואס ער איז זיי מציל פון גלות.

מב. און אויך דעם ענין איז רש״י מרמז אין „יעקב ועשו האמורים בפרשה״: „פרשה״ איז (אויך) פון לשון „הפרשה״.

אע״פ אז די תורה ווי זי איז דא למטה איז זי באופן דהפרשה, דביקות בלתי ניכרת [165] — ובפרט פסוקים אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן מעשה עשו — פונדעסטוועגן, דורך דעם וואס א איד לערנט בתורה (ווי זי איז דא למטה)

157) יתרו כ, ב.

158) רמב״ם סנהדרין פי׳ חלק יסוד השמיני. וראה סנהדרין צט, ב.

159) וישלח לו, יב.

160) ישעי׳ מ, ה.

161) פל״ז.

162) עובדי׳ א, כא.

163) תו״א יח, א.

164) ישעי׳ סג, טז. שבת פט, ב. ולהעיר מתו״א כא, סע״ג, דזה „שיאמרו לעתיד על יצחק דוקא כי אתה אבינו״ שייך לענין הצחוק והתענוג „שיתגלה לעתיד״.

164*) להעיר מענין אמירת פ׳ העקידה בכל יום (וראה שו״ע אדה״ז תאו״ח ס״א), ובחותם ברכת זכרונות: ועקדת יצחק לזרעו היום ברחמים תזכור. וראה שבת (שם) דמסיים וחותם: הא קריבית נפשי קמך.

165) ראה המשך תער״ב ח״א פקע״ס.

דעם ענין „ואלה תולדות יצחק — יעקב ועשו", און אפילו ווי ער לערנט עס באופן פשוט — טוט ער דורך דעם אויך (כדלקמן סעיף מד) אז עס זאל זיך אנ־הערן אז כל מציאותו של עשו איז „תולדות יצחק" און „אמור בפרשה".

ועוד בזה: דא רעדט זיך וועגן עשו'ן ווי ער שטייט אין א מצב פון הבדלה והפרשה, אז אין אים הערט זיך ניט אן זיין שרש און כוונה — און אעפ"כ איז ער „תולדות יצחק" און „אמור בפרשה" (אין א פרשה פון תורה), אז א איד האט בכח צו זען אויך אין עשו'ן ווי ער איז דא למטה מופרש פון שרשו [און נאך מער: אז ער האט בכח צו פועל'ן עס אויך אין עשו'ן (כדלקמן סעיף מד)], אז כל מציאותו איז דאס וואס ער איז „תולדות יצחק" און „אמור בפרשה" (אין תורה).

מג. נאך אן ענין אין דעם: דער לשון „האמורים בפרשה" (מלשון הפרשה) באציט זיך דאך (ניט נאר צו „ועשו" נאר) אויך צו יעקב. וואס דערמיט איז רש"י מרמז:

כל הנ"ל רעדט זיך וועגן א נשמה (יעקב) ווי זי איז דא למטה מלובש אין א גוף, וואס דאן איז זי אין אן אופן של הפרשה [ווי גערעדט [166] אז בשעת די נשמה ווערט א נברא (און עאכו"כ ווי זי קומט אראפ למטה) שטייט זי אין א דביקות בלתי ניכרת],

און אעפ"כ — האט זי אויך במצב זה בכח צו זען, און פועל'ן אויך אויף עשו'ן, אז כל מציאותו איז „אמור בפרשה".

מד. אזוי ווי תורה איז דאך בעה"ב אויף וועלט [166*] — איז בשעת עס קומט פרשת תולדות און אידן לייענען און לערנען די פרשה, טוען זיי אויף דורך דעם אז אויך אין וועלט, ביז אין עשו'ן, זאל זיך הערן, אז מציאותו איז צוליב תורה און צוליב אידן.

דאס הייסט, אז ניט נאר וואס דורך דעם „הקול קול יעקב" [167] איז „אין ידי עשו שולטות" [168], נאר נאך מער: ווי־באלד אז „לא ברא הקב"ה דבר אחד בעולמו לבטלה" [169], איז נאך דעם ווי מען פועל'ט אין זיי דעם ערשטן שלב אז זיי זאלן ניט שולט זיין ח"ו (ביז אפילו אז לא יעלה על מחשבתם כלל) — וועט מען פועל'ן אין זיי א העכערן ענין, אז זיי (די ידים) זאלן מסייע זיין אידן,

אז נאך ווייענדיק אין סיום פון זמן הגלות, וועלן זיי ניט נאר ניט מבלבל זיין נאר אדרבה: זיי וועלן מסייע זיין צו יעדער אידן און צו אלע אידן — סיי צו די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל, ועאכו"כ צו די אידן וואס געפינען זיך אין ארץ הקודש, ארץ אשר גו' עיני הוי' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה [170] — בכל הענינים הדרושים, אז אידן זאלן קענען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות מתוך הרחבה, און אין אן אופן פון „מלכתחילה אריבער" [170*].

מה. ובכדי דאס צו פועל'ן — דארף זיין דער „אל תירא עבדי יעקב", ניט מורא האבן און ניט נתפעל ווערן פון קיינע בלבולים, וואָרום (כאמור לעיל) די גאנצע מציאות פון עשו (כולל אלע העלמות והסתרים) איז נאר בכדי אז יעקב זאל קענען דורכפירן זיין שליחות.

וואס דערפון קומט אויך די תוצאה בנוגע צו ארצנו הקדושה, וואס מען האט גערעדט פריער [171] אז אידן דארפן זיך באזעצן אין אלע שטחים פון ארץ ישראל, און אין דעם אופן ווי אברהם

---

166) בהמאמר ס"ג.

166*) להעיר מפרדל עה"פ לא"ל גומר עלי (ירוש' נדרים פ"ו ה"ח. ועוד).

167) תולדות כז, כב.

168) ב"ר פס"ה, כ.

169) שבת עז, ב.

170) עקב יא, יב.

170*) ראה לקו"ש ח"א ע' 124. ח"ב ע' 186. ועוד.

171) בשיחות מוצאי ש"פ לך לך סעיף כ.

אבינו האט עס געטאן און געמאכט א „סימן לבנים" — „ויבן שם מזבח להוי'"[172]: אז אין די אלע ערטער זאל מען בויען א מקום תורה און א מקום תפלה

[וואס משחרב ביהמ"ק [ביז ביאת המשיח, וואס ערשט דעמולט וועט זיין דער ביהמ"ק השלישי, ניט לפני זה, ווי דער קלארער פס"ד ברמב"ם[173] אין דעם] איז אין לו להקב"ה בעולמו אלא ד' אמות של הלכה[174] — מקום תורה; און עד"ז איז בנוגע צו מקום תפלה, וואס תפלות זיינען דאך כנגד קרבנות[175] (מזבח)],

און אויך א מקוה טהרה, וואס דאס איז דאך נוגע אפילו לאנשים, אז בכדי די תפלות זאלן זיין כדבעי איז נוגע אז עס זאל זיין טהרה [וכתשובת הרמב"ם הידועה[176], אז אע"פ וואס ער פסקנט[177] אז טבילה איז ניט מעכב און „בטלה תקנה זו" פונדעסטוועגן האט ער קיינ־מאל ניט מבטל געווען טבילת עזרא], ובפרט לויטן ביאור פון אלטן רבי'ן[178],

ועאכו"כ אז דאס איז א הכרח גמור צו טהרת בנות ישראל. ובפרט אז דאס איז דאך נוגע צו „יכלו כל נשמות שב(אוצר הקרוי) גוף" וואס דעמולט איז „בן דוד באי'"[178*].

און דורך דער התיישבות אין אלע שטחים פון ארץ ישראל (און באופן האמור) — וועט מען פועל'ן (כנ"ל) אויך אויף די אומות העולם, אז זיי זאלן מסייע זיין אין דעם. ווארום אויך זיי וועלן „דערהערך (מצד דעם - וואס „מזלייהו חזו'"[179]) אז די מציאות פון עשו איז צוליב העלפן יעקבן.

און דאס וועט זיין אויך א הכנה קרובה צו דעם קיבוץ פון כל בני ובנות ישראל, שלימות העם, לארץ ישראל השלימה בביאת (און דורך) משיח צדקנו, וואס נאך דעם וועט אויך זיין דער „ירחיב הוי' את גבולך"[180] — אז די ארץ ישראל השלימה וועט ווערן בהרחבה, דורך דעם וואס עס וועט נתוסף ווערן קני קניזי וקדמוני.

מו. אזוי ווי אלע ענינים דלעתיד טוען זיך אויף דורך מעשינו ועבודתנו אין זמן הגלות[181] — פאדערט זיך, פון יעדן אידן, אז זיין עבודה זאל זיין (בהוספה אויף — שלימות, אויך) אין אן אופן פון „ירחיב": נוסף אויף דעם וואס מען איז מחוייב ע"פ דין און ע"פ ציווי רבותינו נשיאינו (וואס איז שוין געווארן בגדר דין ו„דבר משנה" (כפס"ד הידוע[182])) — זאל ער נאך מוסיף זיין מדילי', לפנים משורת הדין,

וואס דאס האט אויך א קשר מיוחד מיט חנוכה, ווארום בחנוכה איז דאך א „מנהג פשוט"[183] ביי אלע אידן, אויך ביי אנשים פשוטים, צו פירן זיך ווי „מהדרין מן המהדרין",

וואס די הנהגה („מנהג פשוט") פאר־בונדן מיט פשיטות הנשמה וואס איז דא בא יעדער אידן איז ממשיך אויך פון פשיטות העצמות, וואס דעמולט ווערן בטל אלע מדידות והגבלות.

---

172) לך לך יב, ז"ח.
173) הל' מלכים פי"א (בתחלת וסוף הפרק).
174) ברכות ח, ב.
175) שם ת, א. — כן להעיר אשר בתי כנסיות הם „מקדש מעט" (מגילה כט, א).
176) אגרת הרמב"ם לר' פינחס ב"ר משולם — נדפסה בשו"ת הרמב"ם ליפסיא סי' קמ. אגרות הרמב"ם ע' 178 ואילך. וראה גם רבינו יונה ברכות כב, א.
177) הל' תפלה פ"ד ה"ד וה"ה.
178) לקו"ת דברים מג, סע"ב. מאה שערים ד"ה הרי"ף כ.
178*) יבמות סב, סע"א.
179) ראה מגילה ג, א. ושי"נ.
180) שופטים יט, ח. ספרי הובא בפרש"י שם.
181) תניא רפל"ז.
182) ראה הל' ת"ת לאדה"ז רפ"ב (ומציין לשו"ע הרמ"א ר"ס כה).
183) רמ"א או"ח סתרע"א ס"ב.

אז אידן שטייען נאך בסוף זמן הגלות בקומה זקופה און גרייטן זיך צו מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין אני מראה לכם נרות של ציון [184] — די ד' נרות המקדש, און אויך די שמונה נרות חנוכה ווי זיי וועלן זיין לעתיד (וואס הנרות הללו „אינן בטילין לעולם" [גגג]),

אויך דעם כנור של שמונה נימין [185], וואס איז א הכנה אויך צום כינור של עשר נימין [186] [בדוגמת ווי דער כיבוש פון שבעה אומות איז א הכנה צום כיבוש פון ארץ עשר אומות],

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

---

184) ילק"ש ר"פ בהעלותך.

185) ערכין יג, ב. וראה לקו"ת תזריע כג, ד. וראה אוה"ת חנוכה שכו, ב (ולהעיר מלקו"ת שם כב.

א. שמציין לסדו"ח ת"ר נר חנוכה בענין שמונה נסיכי אדם. וכן בתו"א סדו"ח ת"ר כ"ח (לד, ג): „ועמ"ש ע"פ למנצח על השמינית") שמקשר ענין ח' נרות חנוכה עם כנור של ח' נימין.

186) ערכין שם.

## תיקון טעות

לשיחת מוצאי ש"פ נח:

ע' ג שו"ה זיין א, נדפס בתחתונים י', וצ"ל בתחתונים.

ע' יב' הע' 108 נדפס ברכות לד, א. וצ"ל ברכות לד, ב.

לשיחת מוצאי ש"פ לך לך:

ע' ב הע' 12, נדפס ישעי' מה, יב וצ"ל ישעי' סה, ב.

ע' ג שו"ה פון נדפס איז וצ"ל און

ע' ה שו"ה וכמרדיל נדפס וכמרדיל וצ"ל (וכמרדיל

ע' ה שו"ה וכמרדיל נדפס פון וצ"ל פון),

ע' ו שו"ה (בונגע נדפס (בונגע וצ"ל (בנוגע

ע' י הע' 71, נדפס ס"ב וצ"ל ס"ג.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ ויצא, ט׳ כסלו, אור ליו"ד כסלו
- בחדרו - ה׳תשל"ת.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. ס׳איז דאך מוצאי שבת פ׳ ויצא, און לויט די קביעות פון שנה זו קומט דאס אויס ביו"ד כסלו - דער יום הגאולה פון דעם מיטעלן רבי׳ן, בנו וממלא מקומו פון דעם אלטן רבי׳ן - וואס יום הגאולה שלו (פון דעם אלטן רבי׳ן) קומט אויך אויס בחודש כסלו (דער חודש השלישי פון חדשי החורף), בי"ט כסלו.

וכידוע דער קשר צווישן די גאולה פון דעם אלטן רבי׳ן מיט די גאולה פון דעם מיטעלן רבי׳ן - סיי מצד סיבת המאסר כפשוטו, ועאכו"כ לויט פנימיות הענינים.

ובפרט לויט דעם וואס דער אלטער רבי שרייבט במכתבו (נדפס בהיום יום ע׳ ד) אז זיין גאולה איז געווען "כשקריתי בס׳ תהלים בפסוק פדה בשלום נפשי", און ער איז מדגיש אז דאס איז געווען "קודם שהתחלתי פסוק שלאחריו" -

און די גאולה פון דעם מיטעלן רבי׳ן איז אויך פארבונדן מיטן פסוק "פדה בשלום נפשי", ווארום דער פסוק "פדה בשלום נפשי" איז פון די מזמורי תהלים פון דעם שיעור תהלים חדשי פון יום העשירי בחודש (יו"ד כסלו), וכמבואר בכ"מ (בית רבי (אידיש ח"ב פ"ח)) די שייכות פון די גאולה פון יו"ד כסלו צו דעם ענין פון "פדה בשלום נפשי".

און וויבאלד אז מוצאי ש"פ ויצא איז ביו"ד כסלו - איז דאס אויך פארבונדן מיט ט׳ כסלו (ש"פ ויצא), ווארום מוצאי שבת איז דאך פארבונדן מיטן שבת (ביז אז ער ווערט אנגערופן מוצאי ש"פ ויצא),

וואס ט׳ כסלו איז דער יום ההילולא פון דעם מיטעלן רבי׳ן, און אויך דער יום ההולדת שלו, וכידוע דער מארז"ל (ר"ה יא, א) "הקב"ה יושב וממלא שנותיהם של צדיקים מיום ליום כו׳", ווי מ׳געפינט דאס ביי משה רבינו, ועד"ז אויך ביים מיטעלן רבי׳ן.

ב. אין מאמרי רבותינו נשיאינו אויף פ׳ ויצא - איז דער עדשטער מאמר פון דעם אלטן רבי׳ן אין תו"א, און פון דעם מיטעלן רבי׳ן אין תו"ח, איז אויפן פסוק "ושבתי בשלום אל בית אבי" (ויצא כח, כא),

נאר דער מיטעלער רבי איז דעדצו מקדים אויך התחלת הענין, וואס דאס הויבט זיך אן אין דעם פריערדיקן פסוק (שם, כ) "וידר יעקב נדר לאמר" - אע"פ אז אין דעם מאמר איז ער ניט מבאר דעם ענין פון "וידר יעקב נדר" - נאר דער ביאור

- הענין -

הענין פון "וידר יעקב נדר" איז דא בארוכה אין די מאמרים פון דעם צ"צ (אוה"ת ויצא תתנא, ב ואילך), וואס ער איז געווען ממלא מקומו פון דעם מיטעלן רבי'ן, און פון דעם אלטן רבי'ן

וכידוע (סה"ש תש"א ע' 148) וואס חסידים האבן געזאגט בשעת די הכתרה פון דעם צ"צ אלס ממלא מקומו פון דעם מיטעלן רבי'ן און פון דעם אלטן רבי'ן - אז "איש מזריע תחלה יולדת נקבה" (ברכות ס, א) גייט דאס אויפן טאכטער פון דעם אלטן רבי'ן, און "אשה מזרעת תחלה יולדת זכר" (שם) גייט דאס אויפן צ"צ,

און דער פתגם איז געווען איינער פון די טעמים וכו' וואס האבן געבראכט צו דער הכתרה פון דעם צ"צ אלס ממלא מקומו פון דעם מיטעלן רבי'ן און פון דעם אלטן רבי'ן -

וכמדובר כמ"פ (שיחת ש"פ וירא תשל"ז. ועוד) אז וויבאלד דער לשון "ממלא מקום" איז א לשון פון חז"ל (שבת נא, א. כתובות קג, ב), ביז אז דאס ברענגט זיך אראפ להלכה (רמב"ם הל' מלכים פ"א ה"ז) - איז פארשטאנדיק אז דער לשון איז בדיוק (אזוי ווי אלע מאמרי רז"ל, עאכו"כ מארז"ל וואס זיינען פארבונדן מיט פסקי דינים להלכה), אז ער איז ממלא דעם מקום פון דעם פריערדיקן בכל הנקודות והענינים.

ג. מאמר (כעין שיחה) ד"ה ושבתי בשלום.

* * *

ד. אזוי ווי יעדער ענין וויל מען דאך פארבינדן מיט "כל מעשיך לשם שמים" (אבות פ"ב מי"ב) און מיט "בכל דרכיך דעהו" (משלי ג, ו), ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט (היום יום ע' נב. כש"ט הוספות סקכ"ז ואילך) אז יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט איז א הוראה אין עבודת ה' -

איז כאן המקום צו מבאר זיין א הוראה אין עבודת ה' פון די מאורעות הכי אחרונות

- וואס זיינען פארבונדן מיט ארץ הקודש, ובמילא זיינען זיי נוגע צו יעדער אידן, אויך צו די אידן וואס געפינען זיך אין חוץ לארץ,

ווי גערעדט פריער (שיחת מוצאי ש"פ לך סי"ד-טו) בארוכה, אז פון ברית בין הבתרים אן, ווען דער אויבערשטער האט געזאגט "לזרעך נתתי את הארץ הזאת" (לך טו, יח) ("נתתי" לשון עבר) "כבר נתתי" (ירושלמי חלה פ"ב ה"א), האט יעדער איד (אויך שבחוץ לארץ) א חלק אין ארץ ישראל הגשמית, ועאכו"כ אין ארץ ישראל הרוחנית - ירושלים של מעלה -

- ווערכע -

וועלכע האבן ארויסגערופן א טומל אין גאנץ וועלט, וואס אלע טראכטן און זאגן פארשידענע סברות ווי צו אויפקלערן דעם פלא וואס א שר וכיו"ב (שבדוגמת מלך) פון מצרים [ע"ש שהם מצירות לישראל" (ב"ר פט"ז, ה) - בעבר] האט געטאן א דבר חידוש, וואס קיינער [פון די וואס גייען אין חשבונות בדרכי הטבע] האט זיך ניט געריכט אז עס קען פאסירן אזא זאך.

ה. אין דעם מאורע הנ"ל, זיינען דא צוויי חלקים כּללים: א) דאס וואס דער שר האט געטאן בפועל - וואס דאס האבן אלע געהערט; ב) דער טעם, פארוואס ער האט דאס געטאן - וואס דאס איז ניט קיין דבר גלוי, ביז אז (כנ"ל) אלע זוכן פארשידענע סברות אין דעם.

ואע"פ אז אין בײדע חלקים זיינען דא הוראות אין עבודת ה' - ווארום וויבאלד אז אלע ענינים זיינען בהשגחה פרטית פון דעם אויבערשטן, איז דאך זיכער אז אין יעדער פרט שבמאורע הנ"ל (ווי אין אלע מאורעות) איז דא א הוראה אין עבודת ה' - פונדעסטוועגן, איז דא א חילוק עיקרי צווישן זיי:

דער ערשטער חלק פון דעם מאורע - וויבאלד אז דער בעש"ט האט ארויסגעגעבן א הוראה צו יעדער אידן עד סוף כל הדורות, אז יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט איז דאס א הוראה אין עבודת ה' [ווארום דאס וואס מ'האט געמאכט מלמעלה אז ער זאל וויסן דערפון, איז דאס בכדי ער זאל אפלערנען דערפון א הוראה אין עבודת ה'] - איז זיכער: (א) אז א איד דארף זיך מתבונן זיין אין דעם, (ב) אז מען גיט אים א סיוע מלמעלה אויף צו אפלערנען די הוראה אמיתית שבזה;

משא"כ דער צווייטער חלק וואס אין דעם מאורע - וויבאלד אז דאס האט מען אים ניט באוויזן מלמעלה, איז: (א) ניטא קיין חיוב והכרח צו זיך מתבונן זיין אין דעם בכדי צו ארויסנעמען דערפון א הוראה אין עבודת ה' [אזוי ווי יעדער ענין שבעולם, וואס אע"פ אז מען קען אים טאקע אויסנוצן אין עבודת ה', איז דאס אבער א ענין של רשות],

(ב) ס'איז ניט מוכרח אז מען זאל אים מסייע זיין מלמעלה אז ער זאל פארשטיין דעם טעם האמיתי פון דעם מאורע (און ארויסנעמען דערפון די הוראה אמיתית).

ו. אעפ"כ, וויבאלד אז אויך דער טעם המאורע גיט א תועלת אין עבודת ה', ובפרט אז דאס איז מוסיף אין דער הוראה וואס מען דארף אפלערנען פון דעם פועל המאורע (דורך דעם וואס מ'האט א אמת'ן פארשטעלונג אין פרטי המאורע) -

- איז -

איז כדאי צו זיך מתבונן זיין וואס איז דער ביאור אין דעם טעם המאורע, הגם אז (וויבאלד ס'איז ניט מוכרח אז אויך אויף דעם זאל מען מסייע זיין מלמעלה) קען מען ניט וויסן דער ביאור אין דעם בודאות.

[דעם ביאור אין גוף המאורע - וויבאלד אז דאס איז נוגע צו דער הוראה וואס מען דארף אפלערנען, ובמילא איז דא אויף דעם (זיכער) א סיוע מלמעלה - קען מען וויסן בודאות,

[ואע"פ אז דאס וואס איז נוגע צו וויסן איז די הוראה פון דעם מאורע - פונדעסטוועגן, וויבאלד אז דער אופן המסקנא איז כפי אופן ההתבוננות והשקו"ט (און בשעת אז די התבוננות איז בדרך עקלתון איז אויך די מסקנא באופן כזה), גיט מען דעריבער א סיוע מלמעלה צו האבן אויך די אמת'ע הבנה אין דעם מאורע גופא],

משא"כ דעם ביאור אין דעם טעם המאורע, קען מען וויסן נאר בדרך אפשר, כנ"ל].

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז דורך דער התבוננות אין דעם טעם המאורע קומט ארויס אזא ביאור פון וועלכן מ'לערנט אפ א הוראה אין עבודת ה' - לייגט זיך צו זאגן, אז דאס איז א ביאור אמיתי.

ז. די הוראה פון כללות (גוף) המאורע הנ"ל:

לויט אלע חשבונות פון דרכי הטבע האט ניט געהאט קיין ארט דער מאורע הנ"ל. וכאמור לעיל, אז די אלע וואס פארנעמען זיך מיט חשבונות פון תכסיסי מלוכה האבן זיך ניט געריכט אז עס קען פאסירן אזא זאך, און אויך איצטער (לאחרי המאורע) וואונדערן זיי זיך אויף דעם.

און דאס איז א קלארער באווייז, אז יש מנהיג לבירה זו, וואס ער איז ניט געבונדן ח"ו מיט קיינע מדידות והגבלות פון טבע.

און וויבאלד אז "לב מלכים ושרים ביד ה'" (ע"פ משלי כא, א) - אפי' אידישע מלכים ושרים, ובפרט אז דא רעדט זיך וועגן אזא וואס ער איז ניט קיין בעל בחירה - האט במילא געקענט ארויסקומען אזא זאך וואס לויט אלע חשבונות הטבע (ותכסיסי מלוכה) איז עס מופרך לגמרי.

און דאס אליין איז א הוראה עיקרית אין עבודת האדם לקונו - אז מען קען ניט בויען אויף חשבונות פון שכל, ווארום אפי' אין א זאך וואס איז אויסגערעכנט בתכלית השלימות לויט אלע חשבונות - קען דער אויבערשטער מאכן אז בפועל ובגלוי לעיני בשר זאל זיין דער היפך הגמור פון דעם וואס מען האט אויסגערעכנט.

- ח. -



הנחת הת' בלתי מוגה

ח. אע"פ אז די זאך וואס ער האט געטאן איז דאס מצד דעם וואס ער איז ניט קיין בעל בחירה [נוסף אויף דעם וואס "לב מלכים ושרים ביד ה'"] - פונדעסטוועגן, איז דאך זיכער אז דאס האט געהאט אן אחיזה אין טבע, אז ער האט געהאט א "חשבון" דערביי.

וע"פ האמור לעיל אז מען דארף זיך מתבונן זיין (אויך) אין דעם טעם המאורע, בכדי צו אפלערנען אויך דערפון א הוראה אין עבודת ה' - דארף מען זיך ארייבטראכטן (אויך) אין דעם "חשבון" וואס ער האט געהאט (און אפלערנען דערפון א הוראה).

וואס ווי ס'לייגט זיך בפשטות, איז זיין "חשבון":

אזוי ווי ער איז געווען א "מנהיג" וואס איז עומד ברשות עצמו, און לעצטנס האט מען אנגעהויבן אנווייזן אים וואס ער דארף טאן און ווי אזוי ער דארף זיך פירן

- סיי פון וואשינגטאן, וואס קאכט זיך (און יאגט זיך נאך) אין דעם אז אלע זאלן וויסן אז זי פירט אן מיט דער וועלט, און אז אלע (קליינע) מדינות דארפן זיך פירן לויט די הוראות וואס די וועט געבן - כולל אויך די הוראות בנוגע קירוב צו שלום,

סיי פון די (אסיפות פון די) מלוכות וואס רופן זיך ערביים (כאטש אז אין אמת'ן זיינען זיי גארניט קיין ערביים נאר אן "ערב רב" פון פארשידענע פעלקער: מצריים, ישמעאלים, וכו') -

האט דאס ביי אים ארויסגערופן צו ווייזן אז ער שטעלט על דעת עצמו און טוט כרצונו, און רעכנט זיך ניט, ניט מיט די אראבישע מלוכות, און אפי' ניט מיט וואשינגטאן - כאטש אז ער דארף אנקומען צו איר זי זאל אים ארויסהעלפן אין געלט, נשק וכו'.

און ענין הנ"ל (צו ווייזן אז ער איז עומד ברשות עצמו) איז ביי אים אויף אזוי פיל, אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס גלייך ווי ער האט געזאגט זיין החלטה בהנ"ל האט ער געהאט התנגדות פון אלע זייטן

[פון כמה מלוכות האט ער געהאט א התנגדות בגלוי, און פון כמה מלוכות (וואס עס פאסט זיי ניט צו זאגן אפן אז זיי זיינען מנגד צו א ענין של "שלום") האט מען אים געזאגט אז מען איז קאלט דערצו און מרמז געווען אים ברמז בדור אז ער זאל דאס ניט טאן,

ביז אז ס'איז אויך געווען א לחץ פון וואשינגטאן ער זאל ניט פארן, זאגנדיק אז זיי וועלן טענה'ן פאר אים אלע טענות וואס ער וויל זאגן] -

- איז -

הנחת הת' בלתי מוגה

איז משעה לשעה האט ער זיך ארויסגעשטעלט מיט מער תוקף צו באווייזן אז ער איז עומד ברשות עצמו.

און אזוי ווי חוצפה מהני, איז דער תוקף הנ"ל האט אים ארויסגעהאלפן צו שטארקן זיין מעמד ומצב סיי אין זיי מדינה גופא, סיי אין אנדערע מדינות -

אז אנשטאט דעם וואס במשך כמה שנים איז ער געווען כעני המחזר על הפתחים, ארומגעלאפן אין כמה ערטער אז מען זאל אים געבן אן עצה (נוסף צו זיין בקשה אז מען זאל אים געבן געלט און נשק וכיו"ב), איז איצטער געווארן פונקט דער היפך;

הכל משכימים לפתחו און מען פראוועט פועל'ן ביי אים אז ער זאל עפעס נאכגעבן, און לאזן דעם צווייטן ער זאל אויך הייסן א מנהיג וכו'. ביז אז מ'רעכנט זיך מיט אים ניט נאר אין די מדינות הערביים, נאר אפי' אין ארצות הברית און אין מועצות הברית (וואס זיי ווערן אנגערופן בשם מלוכות הכי אדירות).

און דא איז ניט נוגע ווי ס'וועלן זיין דערנאך די תוצאות דערפון - דא איז נוגע דאס וואס איצטער האט זיך שויך פארשטארקט זיין מצב [סיי אין זיין אייגענע מדינה, סיי אין אנדערע מדינות, ביז אין מלוכות הכי אדירות], ווארום דורך זיין מעשה, האט ער באוויזן אז (למרות כל ההתנגדות, איז) בשעת ער וויל, דארפן זיך אלע צוהערן צו אים, ווארום אויב ניט, איז ווער ווייסט וואס ער קען נאך אפטאן בהמשך לזה.

ט. וואס דערפון קומט ארויס א הוראה פשוטה ובדורה:

כאטש מ'געפינט זיך אין אזא מעמד ומצב וואס מ'דארף אנקומען צו געלט, צו געווער, ביז אפי' צו אן עצה טובה [און מ'דארף אנקומען צו נאך ענינים, וואס מ'דארף דאס ניט זאגן בגלוי, ודי לחכימא ברמיזא] -

פונדעסטוועגן, בשעת ס'קומט צו אן ענין וואס ס'איז בעסער פאר ארץ הקודש, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב), און פאר אידן, דארף מען זיך ניט רעכנען מיט קיין לחץ, און מ'דארף גיין מיט א תוקף, וואס דאס וועט (ניט נאר ניט ברענגען קיין תוצאות בלתי רצויות ח"ו, נאר אדרבה: דאס וועט) נאך פארגרעסערן דעם מעמד ומצב און חשיבות פון אידן בעיני העמים.

אילו זכינו, וואלט מען ניט דארפן אנקומען צו א אינו יהודי אויף אפלערנען זיך פון איס, און מען וואלט אליין געהאט תקיפות מצד דערויף וואס מען איז פארבונדן מיט ממה"מ הקב"ה;

- וויבאלד -

וויבאלד אבער אז לא זכינו, און ביז איצטער האט מען
ליידער נאכגעגעבן כמה עניני לחץ [ביז אז מ'האט פארקוקט
אפי' אויף פיקוח נפשות, כדלקמן (ס"י)], האט דער אויבערשטער
אנגעוויזן די הוראה ווי א איד דארף זיך פירן, דורך דעם
מאורע הנ"ל.

און הלואי זאל דער מאורע וואס מ'האט געזעהן בעיני
בשר (אז דוקא דורך די וועג פון גיין מיט א תוקף קען מען
מער אויפטאן) פועל'ן אויף די אידן וואס ביז איצטער זיינען
זיי געווען "הירא ורך הלבב" (שופטים כ, ח) און געשראקן
זיך פאר "קול עלה נדף" (בחוקותי כו, לו) - מצד דערויף
וואס דער "קול עלה נדף" קומט פון א אינו יהודי - און
געהאלטן אין איין מזמין זיין א לחץ נוסף,

אז פון היינט אן זאלן זיי גיין מיט א תוקף און מכריז
זיין גלוי לעין כל אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי'

[וואס וויבאלד אז די גבולות פון ארץ ישראל זיינען
אויסגערעכנט אין תורה שבכתב (מסעי לד, א ואילך. יהושע טו
ואילך), ווייסן דערפון אויך אומות העולם (וכמבואר בכ"מ
(ראה בשד"ח כרך ז' ע' א'תקטו ואילך) אז תושב"כ מעגן
לערנען אויך אוה"ע [וואס דערפאר האט מען איר איבערגעזעצט
בשבעים לשון (שד"ח שם בשם מאו"ש פ' חקת)], עכ"פ ס'איז
ניטא דערביי דער תוקף האיסור אזוי ווי ביי תושבע"פ]

געהערט צו אידן, וכשמה אשר יקראו לה בלשון הקודש:
ארץ ישראל.

י. אויף וויפל ס'איז ניט אויסגעהאלטן די שיטה פון
אונטערגעבן זיך אונטער א לחץ - קען מען זעהן אויך פון דעם
וואס ס'איז געווען שוין בעבר, אין מלחמת יום הכפורים.

כמה שעות פאר התחלת המלחמה [און לדעת כמה - כמה ימים
פאר די מלחמה] האט מען געהאט ידיעות ברורות אז די אראבער
גרייטן זיך אויף מלחמה. מ'האט אפי' געוואוסט אז זיי
זיינען צוגעגרייט מיט מיליטער פוןביידע זייטן (סיי פון
מצרים, סיי פון דער צווייטער זייט) בכדי צו אנפאלן ח"ו
אויף ארץ הקודש און אויף אידן הדרים עלי'.

זיינען געקומען מומחים לתכסיסי מלחמה און געזאגט
(אלע פה אחד): אז אויב מ'וועט נאר מגייס זיין די אנשי
הצבא (פון אידן), ועאכו"כ אויב מען וועט מאכן א מלחמת-מנע
(פרעווענטיוו-וואר), איז א דבר ברור (ע"פ חשבון דתכסיסי
מלחמה), אז ניט נאר וואס דער אנפאל פון דעם צד שכנגד וועט
ניט מצליח זיין, נאר אדרבה - דאס וועט ברענגען זייער מפלה.

[ס'קען זיין, אז זיי וועלן זיך דערשרעקן און בכלל

- ניט -



הנחת הח' בלתי מוגה

ניט מאכן קיין התקפה; און אפי' אויב זיי וועלן יע מאכן א ההקפה, וועט דאס ניט מצליח זיין, און אדרבה.

איז אע"פ אז כל המומחים לתכסיסי מלחמה האבן אלע געזאגט פה אחד אז מ'מוז מאכן וואס שנעלער א מלחמת-מנע, ועכ"פ א גיוס - זיינען געקומען אזוינע וואס האבן ניט קיין ידיעה אין תכסיסי מלחמה [זייער מומחיות איז אין תכסיסי מלוכה - פאליטיק, אבער ניט אין תכסיסי מלחמה], און מחליט געווען (און דורכגעפירט אזוי בפועל) פונקט דעם היפך:

מ'זאל מודיע זיין אין וואשינגטאן, אז מען ווייסט אז דער צד שכנגד איז גרייט אויף מאכן אן אנפאל, און פונדעסטוועגן איז ניט נאר וואס מען וועט ניט מאכן קיין מלחמה-מנע, נאר מען וועט ניט מאכן אפי' קיין פולן גיוס, בכדי אז מ'זאל ניט באטראכט ווערן ווי "אגרעסערס".

[זייער טענה קעגן מאכן א התקפה - האט אויך קיין ארט ניט, ווארום בשעה דער צד שכנגד שטייט גרייט אויף מאכן אן אנפאל - איז דאך די התקפה קעגן זיי ניט קיין "אגרעסייע" נאר א מלחמת-מנע (און "הבא להרגך השכם להרגו" (סנהדרין עב, א. פירש"י משפטים כב, א));

אבער זייער טענה קעגן גיוס, בכדי אז ס'זאל ניט הייסן קיין "אגרעסייע" - האט דאך ניט קיין ארט אפי' לדידהו, ווארום גיוס איז ניט קיין התקפה].

און די תוצאות וואס ס'זיינען ארויסגעקומען פון דער הנהגה איז - דער היפך הקיום פון הונדערטער אידישע נפשות וואס זיינען אומגעקומען אין מלחמת יוהכ"פ הי"ד, וואס אפי' נפש אחת מישראל איז אן עולם מלא (סנהדרין לז, א).

יא. ביז איצטער האב איך ניט געוואלט רעדן וועגן דעם מגלוי, ווארום מ'דארף זיך אויסהיטן פון צו רעדן אויף א אידן אן ענין בלתי רצוי [ובפרט אז דער ענין בלתי רצוי איז אן ענין פון היפך פיקוח נפשות פון הונדערטער אידן],

אבער אזוי ווי כל הנ"ל איז שוין סיי-ווי נתפרסם געווארן אין כמה ספרים (וואס דאס איז דער פרסום הכי גדול, ווארום יעדערער וואס וויל קען דאס באקומען) - דערמאן איך דאס, בכדי צו אפלערנען דערפון, אז מ'זאל ניט באגיין ח"ו נאכאמאל דעם זעלבן טעות.

מ'דארף וויסן קלאר, אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ פון הונדערטער אידן, וואס יעדער איינער פון זיי איז אן "עולם מלא" - איז ע"פ תורת אמת און תורת חיים דארף מען טאן כפי הוראת המומחים בזה, וואס בנדו"ד זיינען דאס די מומחים בתכסיסי מלחמה. און בשעת אז ס'קומען פאליטיקער און

- שטערן -

שטערן פון צו טאן כהחלטת המומחים בתכסיסי מלחמה - נעמען זיי אויף זיך די אחריות פון פיקוח נפשות.

און דאס וואס ס'זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן אז אדרבה: היות ווי ס'איז אן ענין פון פיקוח נפשות, און בכדי צו באקומען נשק דארף מען אנקומען צו וואשינגטאן, דארף מען זיך רעכנען מיט די מומחים בתכסיסי מלוכה -

איז דאס א טענה וואס האט ניט קיין ארט אין מציאות, און ווי מען זעט דאס טאקע פון די מאורעות שבמלחמת יום הכפורים:

אזוי ווי מ'האט דאך געזוכט א הצדקה אויף דעם וואס מען האט ניט צוגעלאזט צו טאן די החלטה פון די מומחים בתכסיסי מלחמה - איז מען געפאלן אויף א המצאה:

אזוי ווי אויפן נייגטן טאג, אדער אויפן אכטן טאג (פון מלחמת יוהכ"פ), איז אנגעקומען נשק פון ארה"ב - האט מען גע'טענה'ט, אז דאס וואס מ'האט באקומען נשק, איז דאס דערפאר וואס מ'האט געוויזן אז מ'איז ניט קיין "אגרעסערס".

מ'פארגעסט אבער א גאר פשוט'ן חשבון: אויב מ'וואלט ארויסגעקומען מיט א מלחמת-מנע, און עאכו"כ אויב מ'וואלט דאס געטאן נאך מיט עטליכע שעה פריער (זינט מ'האט געהאט די ידיעה בדורה אז דער צד שכנגד איז גרייט אויף מאכן אן אנפאל) - וואלט מען (ע"פ טבע) פארענדיקט דעם נצחון המלחמה א סאך פריער [ווי מ'האט דאס געזעהן בפועל אין מלחמת ששת הימים], און ס'וואלט געווען גענוג דער נשק וואס איז געווען אנגעגרייט פון פריער.

יב. פון כל הנ"ל איז מובן, אז יעדער רב וואס האט אמאל געזאגט א חוות דעת בענין זה (אדער בענין הדומה לענין זה),

- וואס דעמולט קען ער ניט טענה'ן, אז ער וועט זיך משתמט זיין פון ארויסגעבן א פס"ד בנוגע להנ"ל [ובמכ"ש וק"ו פון א דין תורה אין עניני ממון (אפי' ווען דאס האנדלט זיך וועגן איין פרוטה), אז לאחרי ווי "נזקק לדין" טאר ער זיך ניט מסלק זיין, אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן א גבר אלים (חו"מ רסי"ב. תומים ונתיבות שם)] -

וועט מען זיך זיכער ארייננטראכטן בכל האמור לעיל, און ארויסגעבן א קלארן פס"ד צי מעג מען אפגעבן א חלק פון יהודה ושומרון אדער ניט. וואס דא איז נוגע ניט נאר דער ענין פון "לא תחנם" (רמב"ם הל' ע"ז פ"י ה"ג-ד. שו"ע יו"ד סקנ"א ס"ח ובט"ז שם), נאר - אן ענין פון פיקוח נפשות.

ופשוט, אז כשם ווי ביי א חולי רח"ל, אפי' ווען דאס איז נוגע נאר צו איין אבר פון איין אידן, איז א דין מפורש

- אין -

אין שו"ע (או"ח ססכ"ח. סחרי"ח) אז דער איינציקער מיינונג מיט וועלכן מ'דארף זיך רעכענען איז דער מיינונג פון א רופא מומחה (און ס'איז כלל ניט נוגע דער מיינונג פון גוטע פריינד),

– און דא איז ניט מספיק אזא וואז האט נאר א ידיעה אין חכמת הרפואה, נאר מ'דארף האבן אזא וואס איז זיך עוסק בפועל בעניני רפואה (ווארום "אין חכם כבעל הנסיון" (הובא בעקידה שי"ד)) דאחמחי גברא. און נאכמער: מ'דארף האבן אזא וואס איז זיך עוסק בעניני רפואה בזמן האחרון, און ווייסט די עניני רפואה וואס מ'האט אויסגעפונען בזמן הכי אחרון –

עד"ז איז אויך בנוגע פקו"נ וואס איז פארבונדן מיט מלחמה, אז דער איינציקער מיינונג מיט וועלכן מ'דארף זיך רעכענען ע"פ תורה, איז דער מיינונג פון א מומחה בעניני מלחמה וואס איז זיך עוסק אין דעם בפועל איצטער, און ווייסט די אלע תכסיסים בזמן הכי אחרון.

און די וועלכע זיינען ניט קיין מומחים אין עניני מלחמה – אפי' ווען זיי זיינען גוטע פריינד, און אפי' גרויסע גוטע פריינד – איז ניטא וואס צו רעכענען זיך מיט זייער מיינונג, און עאכו"כ ווען זיי האבן א נגיעה.

יג. פשוט אז האמור לעיל איז ניט קיין ענין פון העדר הכבוד פאר רבנים – ווארום באמת דארפן זיי ניט אנקומען צו מיין התעוררות און זירוז בזה, ווארום וויבאלד זיי זיינען רבנים מוסמכים – ווייסן זיי זיכער דעס דין הנ"ל (אז לאחרי ווי א רב האט שוין ארויסגעזאגט זיין חוות דעת בזה, קען ער זיך ניט משחמט זיין), און פירן זיך זיכער ע"פ שו"ע,

ובפרט נאך אז וויבאלד דאס איז אן ענין פון פקו"נ לכו"כ מישראל – איז דאך זיכער אז דאס רירט אן יעדער רב עד מיצוי הנפש, ובמילא דארפן זיי ניט אנקומען אז איימיצער זאל זיי מזרז זיין אויף דעס.

ס'איז מערניט אז היות ווי בכדי צו ארויסגעבן א פס"ד בהנ"ל דארף מען דאך וויסן די פרטי הענינים בזה – איז בכדי צו פארשפארן זיי ארבעט (לחקור ולדרוש) דערציילט מען זיי די ידיעות וואס מ'האט אין דערויף (לאחרי החקירה ודרישה), סיי דאס וואס די מומחים לעניני מלחמה זאגן אז יעדער שעל וואס מ'גיט אפ פון דער גדה מערבית שטעלט איין אין סכנה רח"ל הונדערטער אידן, סיי די תוצאות וואס זיינען געווען ווען מ'האט ניט גערעכנט זיך מיטן מיינונג פון די מומחים לעניני מלחמה.

און אויב זיי ווילן זיך ניט פארלאזן אויף מיינע ידיעות – זאלן זיי אליין חוקר ודורש זיין אין דעס.

– און –



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

און וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע אין טעג - וועלן זיי זיכער מאכן די חקירה ודרישה בהקדם הכי אפשרי ובזירוז הכי אפשרי (ווארום ס'איז דאך אן ענין וואס איז נוגע צו פיקוח נפשות), און בהתאם לויט די ידיעות ברורות (ע"פ המציאות וואס איז געווען ביז איצטער) - ארויסגעבן א פס"ד ברור:

צי צוליב פיקוח נפשות דארף מען נאכגעבן א לחץ פון א ניט אידן וואס געפינט זיך במדינה פלונית, אדער א לחץ פון אידן וואס זיינען "הירא ורך הלבב" (מצד דעדויף וואס זיי טענה'ן אז זיי זיינען מומחים אין חכסיסי מלוכה), אדער אז מצד פיקוח נפשות טאר מען ניט אפגעבן קיין אייך שעל פון יהודה ושומרון, ווי ס'זאגן די מומחים לעניני מלחמה.

און דער עיקר איז (כאמור), אז מ'טאר זיך ניט רעכנען מיט דער מיינונג פון די מומחים אין עניני מלוכה, און איידער מ'גייט עפעס טאן, דארף מען וויסן וואס האלטן די מומחים אין חכסיסי מלחמה -

וואס זיי זאגן דאך, אז יעדער שעל וואס מ'גיט אפ פון יהודה ושומרון (און פון גאנץ ארץ ישראל לגבולותי'), שטעלט אייך אין סכנה רח"ל כו"כ פון בנ"י

- ניט אריינגייענדיק אין דעם ענין פון "ברית בין הבתרים" וכו' - נאר ס'איז אן ענין של סכנה בפועל רח"ל פון כו"כ מבנ"י, לויט ווי די מומחים לחכסיסי מלחמה זאגן, און לויט די חשבונות פון "אין סומכין על הנס" (ראה פסחים סד,ב).

און כאמור לעיל, אז וויבאלד ס'איז אן ענין וואס איז נוגע אין טעג - קען מען ניט אפלייגן די חקירה ודרישה און דעם פס"ד, און מ'וועט זיכער גלייך ארויסגעבן א פס"ד ברור לכאן אדער לכאן.

יד. ענין הנ"ל איז אויך א הוראה צו די וואס האבן א דעה אין דעם דין ודברים וואס מ'גייט איצטער פארהאנדלען מיט דעם אינו יהודי וואס איז געקומען אין ארץ ישראל:

ס'איז ניטא וואס צו נתפעל ווערן אויב בתחלת הדיוק וועט ער פארלאנגען גאר גרויסע דרישות - ווארום אזוי איז דער דרך, אז מ'פארלאנגט א סאך מער, בכדי אז ס'זאל זיין אויף וואס צו דינגען זיך.

און נאכמער: די אלע דרישות וואס ער פאדערט בנוגע די אנדערע אראבישע מדינות - זיינען נאר מן השפה ולחוץ.

אים איז נוגע נאר "לגרמי'" - דער מצב פון זיין מדינה, נאר היות אז ער האט געהאט פריער א לחץ אז ער זאל ניט פארן און אעפ"כ איז ער יע געפארן, האט ער געמוזט צוזאגן אז ער

- וועט -

וועט מאנען לטובת כולם. אבער דאס איז אים כלל ניט נוגע. ואדרבה, ער וויל גאר ניט אז זיי זאלן ווערן שטארקער, ווארום דורך דעם וועט נתמעט ווערן זיין דמות.

ופשיטא אז זיינע דרישות בנוגע צו די פאלאסטינער זיינען נאר לפנים וועגן - ווארום זייער לחץ איז גאר אויף די אנדערע אראבישע מדינות (וואו זיי געפינען זיך), און דאס וואס ער רעדט וועגן די פאלאסטינער איז דאס נאר מצד דעם וואס ער דארף יוצא זיין פאר יענע מדינות.

און דעריבער, בשעת מען וועט זיך שטעלן מיט א תוקף און זאגן דעם אמת אז מצד פקו"נ קען מען בשום אופן ניט אפגעבן קיין איין שעל פון יהודה ושומרון - וועט ער גאר זיין צופרידן פון דעם.

די איינציקע זאך וואס ער מיינט טאקע - איז זיין דרישה בנוגע צו מדבר סיני. און בנוגע צו דעם - דארף מען זיך נאכפרעגן ביי די מומחים לעניני מלחמה (וואס עס רירט יע אן אין עניני בטחון און וואס רירט ניט אן אין עניני בטחון), און וועגן די שטחים וואס רירן ניט אן אין עניני בטחון קען מען פארהאנדלען.

טו. עד"ז איז אויך בנוגע צום לחץ פון די וואס זיצן אין ארה"ב אדער אין מועצות הברית - אז זיי זיינען כלל ניט פאראינטערעסירט אז מען זאל אפגעבן שטחים פון ארץ ישראל צו סוריא אדער צו ירדן אדער צו לבנון. ווארום זיי וועלן גארניט פארדינען פון דעם, ואדרבה: אויב יענע מדינות וועלן ווערן שטארקער - וועלן זיי זיך ווייניקער רעכנען מיט זיי.

און דאס וואס זיי טומלען און מאנען אז מען זאל אומקערן די שטחים, איז דאס נאר אויף צו יוצא זיין.

ופשיטא אז אזוי איז אויך בנוגע זייערע דרישות וועגן די אזוי גערופענע פאלאסטינער - ווארום זיי דארפן גארניט יוצא זיין פאר די פאלאסטינער, און זיי ווילן נאר יוצא זיין פאר אנדערע (מצד א לחץ פון אויל, וכיו"ב) וועמען די פאלאסטינער זיינען מבלבל און לוחץ.

וואס דערפאר איז בשעת מ'וועט זיך שטעלן מיט א תוקף און זאגן אז מען קען ניט אפגעבן קיין איין שעל פון יהודה ושומרון, ווארום דורך דעם שטעלט מען אין סכנה בפועל אידן וואס געפינען זיך אין ירושלים, בני ברק, חדרה, חיפה, תל אביב, כפר חב"ד וכו', און כל ארץ ישראל והדרים עלי', וואס דארטן געפינען זיך כו"כ פעמים ס"ר מבנ"י כ"י - וועלן זיי גאר זיין צופרידן דערפון.

ובפרט אז מ'וועט נאך טאן דערצו א מעשה בפועל -

- מ'וועט -

וכאמור, אז וויבאלד דער ענין הגאולה איז פארבונדן מיט "הוכפל בו כי טוב - טוב לשמים וטוב לבריות", דערפאר איז אין דעם מכתב וואס איז פארבונדן מיט די גאולה, שרייבט ער סיי וועגן דעם ענין פון "טוב לשמים", און סיי וועגן דעם ענין פון "טוב לבריות".

י. בקשר צו דעם ענין פון "טוב לבריות" וואס איז פארבונדן מיט די גאולה פון י"ט כסלו, איז דא אין דערויף נאך א הוראה נפלאה, פון אן ענין וואס האט געטראפן בהתחלת הגאולה, וואס לכאו' איז דאס א דבר תמוה ביותר:

נאך דערויף וואס ס'איז געווען די גאולה בשלימותה, ובפשטות - אז ער האט געקענט גיין וואוהין ער האט געוואלט (וואס דאס איז דאך דער היפך פון בית האסורים), האט מען ביי אים געפרעגט וואוהין וויל ער גיין? האט ער געזאגט אז ער וויל גיין צו דער אכסניא פון דעם און דעם חסיד.

אין דעם זעלבן בנין וואו ס'האט געלעבט דער חסיד, האט אויך געלעבט איינער פון גדולי המתנגדים - און דא האט געטראפן (בלשון העולם - מלשון העלם והסתר) א "טעות", אז אנשטאט אריינפירן דעם אלטן רבי'ן צו דער דירה פון דעם חסיד, האט מען אים אריינגעפירט צו דער דירה פון דעם מתנגד.

און דער אלטער רבי איז דארטן געווען דריי שעה, און דער מתנגד האט אים מצער געווען וכו', ביז וואנעט אז דער אלטער רבי האט געזאגט, אז דער צער וואס ער האט געהאט במשך פון די דריי שעה, איז געווען גרעסער פון דעם צער וואס ער האט געהאט פון דעם גאנצן מאסר (ראה ספר התולדות אדה"ז ע' ריב ואילך).

יא. וואס לכאו' איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען טרעפן א טעות (בכלל, ובפרט) ביי א נשיא בישראל?!

ובפרט אז בהמשך צו דעם סיפור קומט די אריכות הביאור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (לקו"ד (ת"א) לז, ב), אז דער גאנצער ענין המאסר איז געווען בהסכם פון דעם אלטן רבי'ן, און ווען דער אלטער רבי וואלט ניט מסכים געווען, וואלט ניט געקענט פאסירן דער גאנצער ענין המאסר.

און ווי ער ברענגט די ראי' פון א מעשה בפועל: אז ווען מ'איז געפארן אין פטערבורג, איז פרייטאג, זעקס שעה פאר זמן הדלקת נרות, האט דער אלטער רבי ניט געוואלט פארן ווייטער, און בשעת דער בא כח המלוכה (וואס האט אים געפירט אין פטערבורג) האט ניט מסכים געווען אפשטעלן זיך, איז צובראכן געווארן די "אקסין", און אז מ'האט פאראכטן די "אקסין" איז אוועקגעגאנגען א פערד, און אז מ'האט געבראכט

- נאייע -

נאייע פערד האבן זיי ניט געקענט רירן דעם וואגען פון ארט - דערפאר וואס דער אלטער רבי האט ניט מסכים געווען אז מ'זאל פארן ווייטער.

איז דאך איינגאנצן ניט פארשטאנדיק: אויב מ'האט געמוזט האבן זיין הסכמה אויף כללות ענין המאסר, איז ווי קען זיין אז נאך דעריויף וואס ער איז שוין ארויסגעגאנגען פון מאסר, זאל זיין אן ענין של "טעות", און ער זאל זיין דריי שעה אין אזא מעמד ומצב וואס ער האט געהאט מער צער ווי בשעת ער איז געווען במאסר?!

מוז מען דאך זאגן בפשטות, אז דער טעות איז געווען ביי די אידן וואס האבן אים געפירט, אבער ח"ו צו זאגן אז דאס איז געווען א טעות למעלה ח"ו, אדער א טעות למטה ביי דעם אלטן רבי'ן וכיו"ב.

יב. אעפ"כ, פאדערט זיך נאך אלץ א הסברה בדבד:

כמדובר לעיל - לויט דעם ביאור פון רבותינו נשיאינו - אז עיקר ענין הגאולה האט זיך אויפגעטאן דורך דעריויף וואס ס'איז געווארן דער פס"ד למעלה אז ס'דארף זיין דער ענין פון הפצת המעיינות חוצה,

[וכידוע הסיפור (לקו"ש ח"י ע' 223) אז בשעת דער אלטער רבי איז געווען אין מאסר, זיינען צו אים געקומען דער בעש"ט מיטן מגיד, און זיי האבן אים געזאגט אז סיבת המאסר איז, דערפאר וואס ס'איז דא א קטרוג למעלה אויף דעם וואס ער איז מפיץ חסידות בגילוי;

און אז ער האט ביי זיי געפרעגט צי ער זאל מפסיק זיין, האבן זיי אים געזאגט, אז ער זאל ווייטער ממשיך זיין, ואדרבה, נאכמער ווי ס'איז געווען פריער],

און דערנאך איז דאס אראפגעקומען דורך דעם מלאך ושר המדינה (וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין העלם והסתר פון וועלט), ובמילא - דורך דעם שלטון המדינה, און ס'איז געווען די גאולה בפשטות.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: נאך דעריויף וואס ס'איז שוין געווען דער ענין הגאולה בשלימותה (סיי מצד למעלה, און סיי מצד למטה) - איז צוליב וואס האט מען געדארפט האבן אז ער זאל זיצן נאך דריי שעה, און אין אן אופן אז אין די דריי שעה זאל ער האבן א גרעסערן צער פון דעם צער וואס ער האט געהאט פון כללות ענין המאסר?

וכמובן בפשטות, אז פונקט אזוי ווי בנוגע צו מאסר, האט מען דאך געוואוסט וואס איז די כוונה און דער תכלית שבזה,

מ'ועט באזעצן אידן אין אלע שטחים פון ארץ ישראל, און זאגן אז ס'איז שוין לאחרי המעשה - וועלן זיי גאר זיין צופרידן, און זיי וועלן זאגן צו די פאר וועמען זיי דארפן יוצא זיין, אז מ'זאל זיי אויפהערן טומלען, ווארום ס'איז ניט ביי זיי אין די הענט, ווייל ס'איז שוין לאחרי המעשה.

און די איינציקע וועג ווי אזוי מ'קען שולל זיין די סכנה, און באווארענען דעם פקו"נ פון די אידן וואס געפינען זיך אין א"י - איז דאס דורך דעם וואס מ'ועט זאגן בתוקף אז מ'קען ניט אפגעבן קיין שעל פון יהודה ושומרון, און טאן (צוזאמען דערמיט) אויך א מעשה בפועל - באזעצן אידן אין גאנץ יהודה ושומרון, און טאן דאס בשעתא חדא וברגע חדא, ועכ"פ ביומא חדא,

וואס בשעת מ'ועט דאס אפטאן גלייך במעשה בפועל, וועלן זיי גאר זיין צופרידן דערפון, און זיי וועלן זאגן צו די וואס טומלען זיי, אז ס'איז שוין לאחרי המעשה, און זיי קענען שוין גארניט טאן אין דערויף.

און ס'איז ניט דער טייטש אז דורך דעם גייט מען אנטקעגן די אוה"ע - ווארום זיי אליין ווארטן אז מ'זאל ניט איבער'חזר'ן די טעויות וואס מ'האט געמאכט לפנ"ז - אויף נאכגעבן זיי אין זאכן וואס זיי האבן קיינמאל ניט געגלויבט אז מ'ועט דאס טאן, ווארום דאס איז היפך הטובה פון אידן בגלוי,

נאר אדרבה, זיי וועלן גאר זיין צופרידן דערפון, כאמור אז זיי וועלן זאגן צו די וואס זיינען לוחץ אויף זיי, אז ס'איז שוין לאחרי המעשה.

און ס'איז אויך ניטא וואס צו מורא האבן אז דורך דעם וואס מ'ועט זאגן דעם אמת'ן ווארט בנוגע צו א"י, וועט דאס פועל'ן א רוגזה אין וואשינגטאן כלפי אידן וואס געפינען זיך אין ארה"ב - ווי מ'האט געזעהן בפועל אז בשעת מ'האט געזאגט אין וואשינגטאן א דבר ברור אז ס'האט זיך געביטן די לאגע, און מ'דארף אראפנעמען דעם לחץ אויף א"י, האט מען שוין אראפגענומען א גרויסן טייל פון דעם לחץ, ואדרבה, מ'האט צוגעזאגט נאך זאכן נוסף אויף די הבטחות וואס זיינען געווען לפנ"ז.

טז. כמדובר כמ"פ, אז דער גאנצער ענין האט קיין שייכות ניט צו אתחלתא דגאולה, וואס דאס וועט זיין ערשט בביאת משיח צדקנו און דורך אים, כפס"ד ברור פון רמב"ם (הל' מלכים ספי"א), און דערווייילע געפינט מען זיך נאך אין גלות חושך כפול ומכופל.

און ווי מ'זעט דאס אויך פון דעם גופא וואס מ'שרעקט

- זיך -

זיך פאר א "קול עלה נדף", ביז אז ס׳זיינען דא אזוינע וואס בסתר לבבם האלטן זיי (און זיי האבן דאס אויך מרמז געווען) אז מען קען אפגעבן (באיזה צורה שתהי׳) א טייל אדער גאנץ ירושלים העתיקה, צוזאמען׳מיטן הר הבית און מקום המקדש וכו׳.

ואע"פ אז די כניסה למקום המקדש איצטער איז אסור בהחלט בלי שום ספק (רמב"ם הל׳ ביהב"ח פ"ז הט"ז. וראה שם ה"ז) - איז דאך דאס אבער מקום מקדשנו, און מעולם לא זזה שכינה מכותל מערבי (שמו"ר פ"ב, ב. ושי"נ).

איז כל זמן אז ברצון הבורא איז דאס געווען ביי ניט אידן - איז דא דער ענין פון "לא יעלו בחומה" (כתובות קיא, א); אבער בשעת אז דער אויבערשטער האט דאס אפגעגעבן אין אידישע הענט - איז א זיכערע זאך אז מען טאר עס ניט אפגעבן, מצד דעם איסור פון "לא תחנם".

ובפרט אז דורך אפגעבן ח"ו א טייל פון ירושלים העתיקה, שטעלט מען אין סכנה רח"ל אלע אידן וואס געפינען זיך אין ירושלים העתיקה, און אויך אין ירושלים החדשה.

ועוד ועיקר בזה: אויב מ׳וועט נאכגעבן דעם צד שכנגד אין אן ענין וואס מען טאר ניט נאכגעבן - איז ניט נאר וואס דאס איז ניט קיין וועג אויף צו פארהיטן פון א מלחמה, נאר אדרבה, ווי מען האט דאס געזעהן בא אלע דריי מלחמות - וואס "בתלתא זימני הוי חזקה" (ב"מ קו, ב) - אז דער נאכגעבן זיי האט פארגרעסערט זייער חוצפה צו פאדערן אלץ מער און מער, און ס׳איז געווען א הכנה צו א כיבוש נוסף שלהם.

ועוד, ועיקר: די אלע חשבונות אז דורך נאכגעבן וועט מען דערגרייכן צו שלום וכיו"ב - זיינען נאר אן ענין פון "שמא" און "ספק" (לויט ווי ס׳ווייזט זיך אויס ע"פ החשבון פון בשר ודם); משא"כ האמור לעיל [אז דורך אפגעבן שטחים פון יהודה ושומרון שטעלט מען איין אין סכנה היל"ת די אידן וואס געפינען זיך אין אלע שטחים פון א"י] איז אן ענין של ודאי, ווי ס׳זאגן די מומחים לעניני מלחמה, וואס ע"פ תורה דארף מען זיך פארלאזן אויף זיי [און ווי מען האט געזעהן בפועל בעבר במלחמת יום הכפורים] - איז דאך אין ספק מוציא מידי ודאי.

יז. ויה"ר אז מען זאל יוצא זיין מיט א מלחמה בדברים, און שקו"ט וכיו"ב. און אז מען זאל זיך פירן אין אלע ענינים ע"פ תורתנו וואס זי ווערט אנגערופן "לקח טוב" (משלי ד, ב),

כולל אויך די התיישבות פון אידן אין אלע שטחים פון א"י, און בויען דארטן א "מזבח לה׳" - א מקום תורה און א מקום תפלה און א מקוה טהרה (ווי גערעדט פריער (בשיחת מוצאי ש"פ לך ס"כ. מוצאי ש"פ ח"ש סמ"ה) בארוכה), וואס

- דורך -

דורך דעם ווערט "ושכנתי בתוכם" (תרומה כה, ח. וראה ר"ח שער האהבה פ"ו. ובכ"מ) - וואס דאס איז די איינציקע וועג אויף צו אויסמיידן מלחמות מכאן ולהבא.

און דעמולט וועט זיין דער ענין פון "ונתתי שלום בארץ" (בחוקותי כו, ב), ביז אז אפי' "חרב של שלום לא תעבור בארצכם" (תענית כב, ב), און זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות וועט שוין זיין דער מעמד ומצב פון "ושכבתם ואין מחריד" (בחוקותי שם), סיי ביי די אידן וואס געפינען זיך אין א"י, סיי ביי די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל.

און דאס וועט ברענגען אז נאך זייענדיק אין זמן הגלות וועט זיין "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם" (בא י, כג), אזוי ווי ס'איז געווען בא אידן נאך זייענדיק אין גלות מצרים.

און מען וועט זיך גרייטן צו די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס ער וועט פארענדיקן דעם חושך הגלות, און דעמולט וועט זיין די אתחלתא דגאולה, ווי דער רמב"ם (הל' מלכים ספי"א) פסק'נט אז "יבנה מקדש במקומו" און דערנאך "יקבץ נדחי ישראל", וואס דעמולט איז ער "משיח בודאי",

און כל הנ"ל - בקרוב ממש.

* * *

יח. מ'האט דאך געערדט פריער (ס"א) אז די התוועדות איז פארבונדן מיט יום הגאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן, וואס ער איז געווען ממלא מקומו פון אביו, דער אלטער רבי, וואס יום הגאולה שלו איז בי"ט כסלו הבא עלינו ועל כל ישראל (בכל מקום שהם) לטובה.

וואס דערפאר איז כאן המקום לעורר אז מ'זאל מאכן די הכנות המתאימות צו י"ט כסלו אין די ימים שלפנ"ז, אין אן אופן פון "ויפרוץ האיש מאד מאד" (ויצא ל, מג) - אין אן אופן פון "ופרצת" (שם כח, יד),

ועד"ז בנוגע צו די התוועדות פון יו"ד כסלו - אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "ופרצת", אנהויבנדיק פון דעם ענין פון הפצת המעיינות חוצה - די מעיינות פון תורת הבעש"ט, און תלמידיו - די תורה פון דעם אלטן רבי'ן און פון בנו וממלא מקומו, דער מיטעלער רבי, וואס דער יו"ט און חגיגה שלהם איז ביו"ד און י"ט כסלו.

און די התוועדויות זאלן זיין אין אן אופן אז דערפון וועט ארויסקומען דער "המעשה הוא העיקר" - לימוד תורתם, און לימוד התורה בכלל, און קיום המצוות בהידור.

וכמדובר כמ"פ (ראה לקו"ש ח"י ע' 230) בנוגע צו די

- התוועדויות -



הנחת הת' בלתי מוגה

התוועדויות פון יו"ד וי"ט כסלו - אז ס'איז דא א מעלה ווען מ'מאכט די התוועדות בכו"כ מקומות, וואס דעמולט קענען קומען צו דער התוועדות אויך די זקנים ונמושות וואס פאר זיי איז ווייט צו גיין למקום רחוק בגשמיות; און ס'איז דא א מעלה ווען מ'מאכט די התוועדות במקום אחד מרכזי, וואס דעמולט איז דאס אין אן אופן פון "ברוב עם הדרת מלך" (משלי יד, כח).

וואס דערפאר איז די עצה (סיי בנוגע צו די התוועדות פון יו"ד כסלו (אדער אסרו חג פון יו"ד כסלו), סיי בנוגע צו די התוועדות פון י"ט כסלו) - אז מ'זאל מאכן איין התוועדות במקום מרכזי, און איין התוועדות בכו"כ מקומות,

וואס דורך דעם וועט דאס זיין אין אן אופן אז דאס וועט דערגרייכן אין "חוצה" - אויך צו די אידן וואס מאיזה סיבה שתהי' געפינען זיי זיך דערווייילע אין "חוצה" - וועט מען זיי אויך אריינעמען אינעווייניק,

ביז אין אן אופן אז זיי וועלן אויך מיטטאנצן אין דעם ענין פון "ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה" - וואס דאס איז דאך גלייך אין דער התחלה פון פ' ויצא, וואס איצטער איז מוצאי ש"פ ויצא.

און דאס איז אויך כולל אז מ'זאל אנהויבן מבעוד מועד די הכנות צו ימי חנוכה הבאים לקראתנו לשלום - אז מ'זאל מזכה זיין יעדער אידן און אלע אידן מיט די מצוה פון נר חנוכה, ביז אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין, וואס די הנהגה איז דאך געווארן א "מנהג פשוט" ביי אלע אידן (רמ"א או"ח סתרע"א ס"ב).

און דורך די התעסקות אין די אלע ענינים וועט זיין ביאת משיח צדקנו בעגלא דידן, ווי ס'שטייט אין אגרת הבעש"ט הידועה (נדפסה בסוף ספר בן פורת יוסף. ובכ"מ) אז לכשיפוצו מעינותיך חוצה, וועט זיין קאתי מר דא מלכא משיחא -

יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* *

*

בס"ד. שיחת י"ט כסלו ה'תשל"ח.          <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א.   אע"פ אז די זאכן וועלכע מ'גייט רעדן בתחלת ההתוועדות זיינען שוין געזאגט געווארן אין יעדער התוועדות פון י"ט כסלו - און דער טבע (וואס דער אויבערשטער האט געמאכט אז אזוי זאל זיין דער טבע) פון בנ"א איז דאך, אז מ'האט א געשמאק אין דברים <u>חדשים</u> דוקא,

ביז אז דער ענין (אז מ'האט א געשמאק אין דברים חדשים דוקא) איז דא אפי' בנוגע צו לימוד תורה,

[וואס תורה איז דאך חכמתו ורצונו של הקב"ה (תניא פ"ד) - און דאס שטייט בגילוי ביז אז אפי' ניט אידן אנערקענען אז אידן זיינען "עם <u>חכם</u> ונבון" (ואתחנן ד, ו) - דערפאר וואס אידן זיינען פארבונדן מיט תורה (חכמתו ורצונו של הקב"ה), און תורה האט זיי געמאכט פאר א מציאות

ווארום מ"ת האט גע'פועל'ט ביי זיי דעם ענין הגירות, וואס דערפאר לערנט מען אפ דיני גירות פון מ"ת (יבמות מו, א-ב), ביז אז מ'זאגט אויפן טאג פון מ"ת "היום הזה נהיית לעם" (תבוא כז, ט. וראה ברכות סג, ב)],

אז כדי דער לימוד התורה זאל זיין מיט א געשמאק, לויט ווי דער אויבערשטער וויל - איז אע"פ וואס לאו ברשיעי עסקינן (ראה יומא ו, א. וש"נ), און "ועמך כולם צדיקים" (ישעי' ס, כא), אעפ"כ, דארף מען האבן די באווארעניש אז בכל יום יהיו בעיניך <u>כחדשים</u> (ספרי ופירש"י עה"פ ואתחנן ו, ו), און (לויט די צווייטע גירסא (פירש"י תבוא כו, טז) איז נאכמער: "בכל יום יהיו בעיניך <u>חדשים</u>" (אן א כ"ף הדמיון), וויבאלד אז טבע האדם איז אז ער האט א געשמאק אין דברים חדשים דוקא.

איז אע"פ אז טבע בנ"א איז, אז מ'האט א געשמאק אין דברים חדשים דוקא, פונדעסטוועגן, איז אבער פארשטאנדיק, אז צום אלעם ערשטן דארף זיין דער ענין היסודי פון י"ט כסלו, וואס דאס איז די נקודה המשותפת וואס איז גלייך בכל זמני ההתוועדות פון י"ט כסלו; און ערשט דערנאך קומט די הוספה וחידוש מיוחד וואס איז דא בשנה זו.

ב.   והביאור בזה:

אין יעדער ענין וואס איז נשנה מזמן לזמן, איז דא די נקודה המשותפת וואס איז גלייך אין אלע זמנים; און ס'איז דא דער ענין מיוחד וואס קומט צו אין <u>דעם</u> זמן.

ובפרט לויט דעם ציווי פון "מעלין בקודש" (ברכות כח, א. וש"נ) - אז יעדער ענין של קדושה וואס מ'טוט איט דעם צווייטן מאל, דארף דאס זיין (ניט מיטן זעלבן חיות ותוקף

- ווי -

ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה, נאר) מיט אן עלי' והוספה בדבר.

ביז אז די עלי' ("מעלין בקודש") איז אין אן אופן אז דאס איז שלא בערך צום פריערדיקן מעמד ומצב, כמבואר בכ"מ (ראה המשך תרס"ו ע' תצז. ובכ"מ) אז אמיתית הענין פון "עלי'" איז, אז דאס איז אין אן אופן וואס איז שלא בערך צום מעמד ומצב הקודם.

אבער לאידך גיסא, איז פארשטאנדיק, אז פריער דארף זיין די נקודה המשותפת וואס איז בשוה אין אלע זמנים (ודרגות), און דערנאך קומט צו די הוספה בזה - "מעלין בקודש".

וכמובן פון דעם לשון "מעלין בקודש" גופא, אז ס'איז שוין דא א מציאות פון "קודש", און אין דערויף איז מען מוסיף ביז אין אן אופן פון "מעלין (בקודש)" (וכנ"ל אז אמיתית הענין פון "עלי'" איז אין אן אופן וואס איז שלא בערך צו די פריערדיקע דרגא) -

אבער התחלת העלי' איז דאך דאס וואס מ'גייט אוועק פון דעם ארט אויף וועלכן מ'איז געשטאנען פריער, וואס ער איז אויך געווען א מקום קדוש (מעלין בקודש);

און דער ענין (וואס מ'גייט פון א פריערדיקן מקום קדוש) ווערט דער יסוד והתחלה, און דאס גיט אויך דעם כח אז מ'זאל דערנאך גיין "מחיל אל חיל", ביז אין אן אופן וואס איז באין ערוך - עלי' אמיתית.

וואס דערפאר הויבט מען אן מיט די נקודה המשותפת וואס איז בשוה אין אלע זמנים, וואס דאס איז דער פריערדיקער מקום קדוש אין וועלכן ער איז געשטאנען; און דערנאך קומט צו די עלי' והוספה בזה, מצד דעם ציווי פון "מעלין בקודש".

ג. דעם ענין (אז פריער דארף זיין די נקודה המשותפת, און דערנאך קומט צו די הוספה מיוחדת) געפינט מען אויך אין דעם ענין פון לימוד התורה:

אויף תורה שטייט דאך (איוב יא, ט) "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים", און ווי מ'זעט אויך בפשטות, אז לימוד התורה איז אין אן אופן פון "הפך בה והפך בה" (אבות פ"ה מכ"א),

ד.ה. אז דעם זעלבן ענין אין תורה וואס ער האט געלערנט פריער, חזר'ט ער אויף דעם נאכאמאל, און דערנאך, איז דורך דעם "הפך בה והפך בה", קומט ביי אים צו נאך א חידוש, ביז אין אן אופן פון "(יגעתי ו)מצאתי" (מגילה ו, ב).

[וכמדובר כמ"פ דער דיוק הלשון "(יגעתי ו)מצאתי" - אז דאס איז אין אן אופן פון א "מציאה", ד.ה. אז דאס איז שלא לפ"ע היגיעה שלו,

- וואס -

וואס ביי א מציאה דארף ער אויך האבן די טרחא פון אויפהויבן די מציאה, אדער "נפל עלי׳" (ראה ב"מ י, רע"ב) - וואס דאס זיינען די אופנים דורך וועלכע מ׳איז קונה די מציאה - איז דאך אבער די טרחא איינגאנצן שלא בערך צו די מציאה וואס ער באקומט דורך דערויף.

וואס דערפון זעט מען אז אין לימוד התורה דארף פריער זיין דער אופן הלימוד וואס ער חזר׳ט איבער אויף דעם וואס ער האט שוין געלערנט פריער, און ערשט דערנאך קומט ביי אים צו דער חידוש והוספה בזה (דורך דעם "הפך בה והפך בה").

ד. ועד"ז איז דאס אויך בנוגע לכל המועדים שבשנה (וואס זיי זיינען חוזרים ונשנים משנה לשנה) - אז פריער איז דא די נקודה המשותפת (ווי דאס איז בפשטות הענינים) וואס איז בשוה בכל שנה ושנה;

און דערנאך קומט צו דער חידוש מיוחד שבשנה זו - אדער מצד די קביעות המיוחדת שבשנה זו, אדער מצד דערויף וואס במשך הזמן וואס איז דורכגעגאנגען פון שנה שעברה, האט מען געטאן כו"כ ענינים וואס גיבן צו א הבנה עמוקה יותר אין די ענינים וואס זיינען דא מידי שנה בשנה - פארשטייט ער דאס טיפער, ביז אז די טיפקייט איז אין אן אופן של "מציאה" בערך צו זיין פריערדיקע הבנה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו י"ט כסלו - אז פריער דארף מען איבערחזר׳ן דעם ענין היסודי פון י"ט כסלו, וואס דאס איז בכל התוועדות פון י"ט כסלו בשוה, און דורך דערויף קען מען צוקומען צו די הוספה מיוחדת וואס עס קומט צו בש.ז. (כדלקמן ס"ח).

ה. דער ענין פון י"ט כסלו איז דאך דער יום הגאולה פון דעם אלטן רבי׳ן - בעל התניא והשו"ע - פון דעם גלות און מאסר אין וועלכן ער איז געווען פריער.

וואס די סיבה האמיתית אויף דעם ענין המאסר איז געווען דאס וואס דער אלטער רבי האט אראפגעבראכט אין וועלט בגילוי אן אור שלם וחזק ותקיף יותר, וואס דערפאר האט זיך דער העלם והסתר פון עולם מלשון העלם (לקו"ת שלח לז, ד) - געשטעלט אנטקעגן דעם.

וכמבואר בכמה שיחות פון רבותינו נשיאינו, ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (תו"ש ע׳ 43-44. לקו"ד (ח"ר) (ח"ר) תשנב, א. שם (ח"א) כט, א. לקו"ש ח"י ע׳ 223. ח"א ע׳ 74) - וואס זיי זיינען געווען ממלאי מקומו פון דעם אלטן רבי׳ן - אז ס׳איז געווען א קטרוג למעלה אויף דעם וואס מ׳גייט מגלה זיין אין וועלט דעם אור פון פנימיות התורה, און דאס האט

- ארויסגערופן -

ארויסגערופן דעס ענין המאסר דא למטה [אע"פ אז זיי האבן ניט פארשטאנען אמיתית הענין, אעפ"כ, מצד דערויף וואס "מזלייהו חזו" (מגילה ג, א. וש"נ), איז דאס אראפגעקומען אין גזירת המלכות דא למטה].

און בשעת ס'איז געווארן דער ענין הגאולה למעלה, ד.ה. אז למעלה איז ארויס דער פס"ד אז דאס איז די צייט וואס ס'דארף זיין דער ענין פון הפצת המעיינות תוצה (וכמדובר כמ"פ (לקו"ש ח"ד ע' 1119 ואילך. ח"ה ע' 432 ואילך) די פירושים בזה) - איז געווארן דער ענין הגאולה דא למטה (וויבאלד אז אלע ענינים למטה זיינען "נשתלשלו מהן"), ביז אז חירות ניתנה לו, מיט אלע פרטי הגאולה, כידוע ומסופר און ס'איז שוין דא בדפוס.

ו. אע"פ אז דער גילוי פון פנימיות התורה האט זיך שוין אנגעהויבן פון זמן האריז"ל (ניט נאר פון דעם אלטן רבי'ן), ווי דער אריז"ל האט געזאגט אז "בדורות אלו האחרונים מותר ומצוה לגלות זאת החכמה" (אגה"ק סכ"ו (קמב, ב)) -

איז אבער דער גילוי פון פנימיות התורה בזמן האריז"ל געווען אין אן אופן אז ס'איז ניט געווען קיין הכרח אז מ'דארף דאס פארשטיין אין חכמה בינה ודעת פון נה"א, אין אן אופן וואס זי קען דאס געבן צו פארשטיין צום נפש השכלית,

נאר ס'איז געווען אין אן אופן פון "וצדיק באמונתו יחי'" (חבקוק ב, ד) - "אל תקרי יחי' (התי"ת בשבא) אלא יחי'" (התי"ת בפתח) (ראה לקו"ש ח"ב ע' 475, 500. וש"נ), ד.ה. אז ביי דעם צדיק (וואס ער איז פון די יחידי סגולה שבדור) דארף זיין דער ענין פון פנימיות התורה בתכלית השלימות (כולל דעם ענין פון הבנה והשגה), און ער איז "מחי'" די אלע אידן וואס פארבינדן זיך מיט אים [דורך "באמונתו" - וואס זיי האבן אמונה אין אים, און ער האט אמונה אין זיי], אע"פ וואס ביי זיי איז דער ענין פון פנימיות התורה נאר אין אן אופן פון אמונה, און ניט בהבנה והשגה.

וואס דער ענין האט אויך מאיר געווען דעם העלם והסתר פון וועלט, וויבאלד אז ס'האט זיך אנגעהויבן דער גילוי פון פנימיות התורה [וואס שלימות הגילוי פון פנימיות התורה וועט זיין אין דעם לימוד פון פנימיות התורה וואס מ'וועט לערנען מפי משיח צדקנו], און אין אן אופן פון "לגלות" - גילוי אמיתי.

[ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן "עם חכם ונבון", וואס דעמולט איז אע"פ אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט אמונה שלימה ותמימה - קומט דאס אבער אראפ אויך אין זייערע תכונות, וואס ער איז "חכם ונבון"].

דער אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן איז אבער געווען, אז

- ער -

עד האט אדאפגעטראגן דעם אור פון פנימיות התורה אין אן אופן וואס מ'פארשטייט דאס בשכל פון נה"א, און זי גיט דאס צו פארשטיין דעם נפש השכלית פון דעם אדם, וואס דורך דערויף קומט דאס אראפ אין מחשבה דיבור ומעשה, אין רמ"ח אברים ושס"ה גידים גשמיים פון דעם גוף הגשמי, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

וואס דאס איז דאך דער ביאור אין דעם לשון פון תקו"ז (ת"י בסופו) "יתפרנסון מהאי חיבורא דילך כד אתגלי לתתא בדרא בתראה בסוף יומיא ובגינא וקראתם דרור בארץ גו'"

[און ווי ס'שטייט אין זהר (ח"ג קכד, ב (ברע"מ)) "בהאי חיבורא דילך כו' יפקון בי' מן גלותא ברחמי"],

ווי ער איז מבאר אין כסא מלך (לתקו"ז שם), אז "בדרא בתראה דוקא קרוב לימות המשיח כו' יתפרנסון כו' יפורשו מאמריו העמוקים . . וילמדו פירושי המאמרים כו'".

וואס דאס איז דער לשון "יתפרנסון", אז דאס איז אן אופן של פרנסה - בדוגמא ווי אכילה ושתי', וואס דאס ווערט דאך דם ובשר כבשרו, אזוי דארף זיין דער אופן הלימוד פון ספר הזהר (און די ספרים שלאחריו אין פנימיות התורה) אין דרא דעקבתא דמשיחא - אין אן אופן פון "יתפרנסון", אז דאס ווערט דם ובשר כבשרו פון דעם נפש השכלית, דורך דערויף וואס פריער ווערט דאס דם ובשר כבשרו פון נה"א (בכהנ"ל ראה לקו"ש ח"ז ע' 206).

און אויף דעם אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן (אראפטראגן דעם אור פון פנימיות התורה אין אן אופן פון "יתפרנסון") איז געווען א קטרוג למעלה, וואס דערפון איז ארויסגעקומען דער מאסר דא למטה, און בשעת אז דער קטרוג איז נתבטל געווארן, און מ'האט גע'פסק'נט אז ס'דארף זיין דער ענין פון הפצת המעיינות חוצה, איז געווארן די גאולה פון דעם מאסר כפשוטו (כנ"ל ס"ה).

ז. כמדובר כמ"פ (וראה גם מכתב כ' כסלו ש.ז.), אז אלע מועדים וימים טובים, און ענינים וואס תורה פארבינדט זיי מיט זאכן וואס זיינען געווען אין זמנים שעברו, איז אע"פ אז לכאו' איז דאס אן ענין של זכרון אויף אן ענין וואס האט געטראפן בעבר,

[ע"ד ווי דער יו"ט פון פסח, וואס ענינו איז "זכר ליציאת מצרים", ועד"ז שבועות, "זמן מתן תורתנו" - א זכרון אויף דעם ענין פון מ"ת, ועד"ז סוכות - א זכרון אויף דעם וואס "בסוכות הושבתי את בנ"י גו'" (אמור כג, מג. וראה שו"ע אדה"ז ריש הל' סוכה)],

איז אבער די כוונה פון דעם זכרון - אז דאס זאל ווערן

- א לעבעדיקע -

א לעבעדיקע זאך (ראה גם לקו"ש ח"ז ע' 261, 270), סיי אין חב"ד שבנפשו, און סיי אין מדות שבלב, ביז אין מחשבה דיבור ומעשה, והמעשה הוא העיקר (אבות פ"א מי"ז).

[וכמובן (אז די כוונה פון דעם זכרון איז אז ס'זאל אראפקומען אין מעשה בפועל) דערפון וואס שנו חכמים במשנתם אז "המעשה הוא העיקר" - ווארום דער ענין פון זכרון איז אן ענין שבשכל, במילא דארף דאס אראפקומען אין דעם "(המעשה הוא ה)עיקר", אז דער זכרון דריקט זיך אויס אין מעשה בפועל].

ביז וואנעט אז דאס נעמט דורך זיינע עניני הרשות - בדוגמא ווי דאס איז בנוגע לכל עניני התורה, אז זיי דארפן אראפקומען אויך אין עניני הרשות, אין אן אופן אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" (אבות פ"ב מי"ב), און "בכל דרכיך דעהו" (משלי ג, ו. וראה לקו"ש ח"ג ע' 907. ועוד), ביז אז דאס ווערט א פס"ד אין שו"ע (טושו"ע או"ח סרל"א).

ד.ה. אז דער זכרון איז אין אן אופן, אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס דאס איז אן ענין וואס האט געטראפן בעבר - ווערט דאס ביי אים א לעבעדיקער זכרון וואס באלעבט אים בהווה בחיי היום יום.

ובדוגמא ווי מ'זעט דאס בחג הפסח, אז בנוגע צו די "שלשה דברים" (פסח, מצה ומרור) וואס עניינם איז דערמאנען ענינים וואס זיינען געווען בעבר (פסחים קטז, ב) - איז נוסף אויף דעם מעשה (האכילה) וואס באווייזט אויף זכרון העבר, זאגט מען (אלס הקדמה דערצו) אז "בכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים" [און ווי דער בעל הגאולה איז מוסיף אין תניא (פמ"ז) "כאילו הוא עצמו יצא היום ממצרים"] - אז דאס איז ביי אים א לעבעדיקער זכרון.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו אלע מועדים וימים טובים, כולל אויך די ימים טובים וואס זיינען אנגענומען געווארן מצד "מנהג ישראל תורה הוא" (ראה תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב), און זיינען נתפשט געווארן בתפוצות ישראל, וואס דעמולט באקומען זיי דעם תוקף פון אן ענין וואס איז מן התורה, כפס"ד הרמב"ם (הל' ממרים פ"ב ה"ב. וראה ג"כ פ"א ה"ב) הידוע - ובנוגע לעניננו: דער יו"ט פון י"ט כסלו -

אז די כוונה בזה איז, אז דער דערמאנען זיך אויף דעם וואס איז געווען "בימים ההם בזמן הזה" - אין י"ט כסלו פון שנת תקנ"ט (און דער זכרון דארף נאך זיין ביתר שאת וביתר עוז, מצד דעם ציווי פון "מעלין בקודש") - ווערט דאס ביי אים אן ענין וואס איז מחי' זיין מחשבה דיבור ומעשה שבכל יום ויום, אנהויבנדיק פון דעם טאג פון י"ט כסלו, וואס דאס איז דער "(בימים ההם ב)זמן הזה".

- ח. -

ח. האמור לעיל איז דאך די נקודה המשותפת וואס איז דא בכל י"ט כסלו - און בש.ז. קומט צו אן ענין מיוחד, אז די קביעות פון י"ט כסלו אין ימי השבוע, איז אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה - ביום השלישי.

און וויבאלד אז דער בעל הגאולה שרייבט במכתבו (נדפס בהיום יום בתחלתו) אז די גאולה איז געווען בי"ט כסלו און ביום השלישי (ניט נאר אז די גאולה איז געווען בי"ט כסלו, נאר ער איז מדגיש אז דאס איז געווען ביום השלישי) - איז דערפון פארשטאנדיק, אז בשעת די קביעות איז מתאים (ניט נאר מצד דעם יום בחודש, נאר) אויך מצד דעם יום בשבוע (אַז דאָס איז ביום השלישי), זיינען דעמולט די ענינים פון י"ט כסלו ביתר שאת וביתר עוז.

און די הוראה בנוגע למעשה בפועל וואס קומט ארוים דערפון וואס די גאולה איז געווען ביום השלישי - איז דער בעל הגאולה אליין מדגיש במכתבו (האמור), דערמיט וואס ער שרייבט אז די גאולה איז געווען ב"יום ג' שֶהוכפל בו כי טוב" (ראה פירש"י בראשית א, ז).

[וכמובן בפשטות אז דער אלטער רבי איז ניט אויסן אין דעם מכתב דערמאנען א מדרש רז"ל מצד דערויף וואס דאס האט א שייכות צו יום השלישי סתם - נאר דאס איז דערפאר וואס דער ענין הגאולה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "הוכפל בו כי טוב" (ראה לקמן ס"ט ואילך), און דערפון איז פארשטאנדיק דער מסובב וואס דארף דערנאך ארויסקומען דורך די התבוננות אין די מאורעות פון י"ט כסלו - אויך אין דעם ענין פון "הוכפל בו כי טוב"].

וואס דער ענין פון "<u>הוכפל</u> בו כי טוב" איז - "טוב לשמים וטוב לבריות" (קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. ועוד).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער לימוד בנוגע למעשה בפועל וואס קומט ארוים פון דעם ענין הגאולה פון י"ט כסלו, איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "הוכפל בו כי טוב - טוב לשמים וטוב לבריות".

ט. ע"פ האמור לעיל (ס"ח) אז די גאולה פון י"ט כסלו איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "הוכפל בו כי טוב - טוב לשמים וטוב לבריות", קען מען אויך מבאר זיין דאס וואס מ'געפינט אז אין דעם מכתב וואס דער בעל הגאולה האט געשריבן אחר ביאתו מפטערבורג,(אגה"ק ס"ב), רעדט זיך סיי וועגן דעם ענין פון "טוב לשמים", און סיי וועגן דעם ענין פון "טוב לבריות".

[וואס דער מכתב איז געדרוקט געווארן ע"י בניו (ממלאי

- מקומו) -

מקומו), און זיי האבן צוגעשטעלט די קעפל "אחר ביאתו מפ"ב" - איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז כללות ענין המכתב האט א שייכות צו דעם ענין הגאולה.

ועאכו"כ ווי דאס ווערט אויסגעטייטשט בפרטיות אין דעם מכתב - וואס דארטן זעט מען נאכמער דעם קישור פנימי פון דעם מכתב מיט דעם ענין הגאולה].

וואס דארטן איז ער מבאר, אז "בכל חסד וחסד שהקב"ה עושה לאדם צריך להיות שפל רוח במאד כו' וכל הקרוב אל ה' ביתר שאת והגבה למעלה מעלה, צריך להיות יותר שפל רוח כו'".

ד.ה. אז בשעת ס'איז דא דער ענין פון "חסד שהקב"ה עושה לאדם", אז ער זעט אן ענין של נס,

[ועד"ז איז אויך ווען מ'זעט אן ענין פון השגחה פרטית - וואס דעם ענין פון השגח"פ זעט מען דאך בכל יום ויום - אויב ער איז נאר אין אן אופן פון "החכם עיניו בראשו" (קהלת ב, יד), אז ער איז זיך מתבונן ווי ביי אים איז דורכגעגאנגען דער טאג וכו'],

וואס דעמולט ווערט ער "קרוב אל ה' ביתר שאת" - דארף דאס ביי אים פועל'ן ער זאל זיין "שפל רוח" נאכמער וויפל ער איז געווען ביז דעמולט.

וואס דאס איז דאך אן ענין וואס עיקרו איז בין אדם למקום - "טוב לשמים";

און דערנאך איז ער ממשיך (אין דעם זעלבן מכתב, ובהמשך אחד) "לבלתי רום לבבם מאחיהם כו' ולא להרחיב עליהם פה או לשרוק עליהם ת"ו" (אז דאס זאל ניט ארויסרופן א הנהגה בלתי רצוי' צו "בריות"), נאר די הנהגה זאל זיין באופן כזה, אז דאס זאל ברענגען אז "וכולי האי ואולי יתן ה' בלב אחיהם כמים הפנים גו'"

[דאס וואס ער שרייבט "וכולי האי ואולי" און ניט בודאות - איז דאס דערפאר וואס "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים" (ברכות לג, ב), במילא קען מען ניט זאגן בודאות אויף א צווייטן אידן אז ער וועט זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין;

מ'קען נאר האפן אז ס'וועט זיין אזוי, וואס דערפאר זאגט ער "וכולי האי ואולי", און דאס גופא וואס מ'האפט אז ס'וועט אזוי זיין, פועל'ט דאס ביי יענעם ער זאל זיך פירן ווי ס'דארף צו זיין],

אז מ'וועט ווערן אינגאנצן בשלום, ביז צו א שלום בתכלית השלימות - "שלום" מלשון שלימות.

וואס דאס איז די נקודה פון "טוב לבריות".

- וכאמור -

[וואס דאס האט מען געזעהן ווען ס'איז געווען די גאולה, און ס'האט זיך אנגעהויבן דער ענין פון הפצת המעיינות תוצה ביתר שאת וביתר עוז - וכידוע דער פתגם פון דעם רבי'ן (מוהרש"ב) נ"ע (תו"ש ע' 112), אז ביי אים לייגט זיך אז אמיתית הענין פון "יפוצו מעינותיך תוצה" האט זיך אנגעהויבן נאך פעטערבורג];

איז עד"ז בנוגע צו אלע פרטים וואס זיינען דערמיט פארבונדן, כולל אויך דער מאורע וואס איז געווען אין די דריי שעה שלאחרי המאסר - אז אין דערויף איז אויך דא די כוונה ותכלית שבזה.

יג. דעם ביאור בזה דארף מען זוכן אין פרטי המאורע וואס איז געווען אין די דריי שעה:

חסידים דערציילן (ראה ספר התולדות אדה"ז שם), אז נאך די דריי שעה, ווען מ'איז אריין אין די דירה פון דעם מתנגד, און מ'האט דארטן געטראפן דעם אלטן רבי'ן, איז ווען מ'האט געוואלט גיין פון דארטן, האט דער אלטער רבי געזאגט אז צוליב כבוד אכסניא (וואס ער איז געווען דארטן כמה שעות), איז וויבאלד אז יענער האט צוגעגרייט טיי, וועט ער דאס טרינקען. [די מעשה האב איך ניט געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אבער איך האב דאס געהערט פון כו"כ חסידים, און מיטן זעלבן נוסח].

וואס די נקודה פון טרינקען טיי נאך אזוינע דריי שעה - איז דער ענין פון "טוב לבריות" (כדלקמן סט"ו).

יד. דער ענין פון "(טוב ל)בריות" איז דאך ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אין תניא (פל"ב), אז דייער איינציקע מעלה איז, וואס זיי זיינען "בריות" של הקב"ה, און קיין אנדער מעלה האבן זיי ניט.

און נאכמער: וויבאלד אז ער איז א בעל בחירה, האט ער דאך די מעלה פון "הן האדם הי' כאחד ממנו" (בראשית ג, כב), ווי דער אלטער רבי (לקו"ת אמור לח, ב - מיוסד על הרמב"ם הל' תשובה רפ"ה) טייטשט אפ, אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין הבחירה, וואס דערפאר איז ער "כאחד ממנו" - איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ער טוט אן ענין בלתי רצוי, איז ער נאך נידעריקער אפי' פון א "ברי'" סתם.

און אויף דערויף זאגט מען אז ס'דארף זיין די הנהגה פון "טוב (אפי') לבריות", ביז אפי' צו אזוינע "בריות" וואס זיינען נאך נידעריקער פון "ברי'" סתם (וויבאלד זיי האבן דעם ענין הבחירה, און זיי נוצן דאס אויף אן ענין הפכי).

טו. און די הנהגה פון "טוב לבריות" זעט מען בהדגשה בסיפור הנ"ל:

דער מתנגד האט דאך געוואוסט אז דער אלטער רבי איז ארויסגעגאנגען פון מאסר, און ער האט דאס געזעהן בעיני בשר, און אעפ"כ האט ער מצער געווען דעם אלטן רבי'ן מיט אלע ענינים (כדי צו פועל'ן אז ביי אים זאל זיין דער מצב (ניט ווי לאחרי הגאולה, נאר) ווי ס'איז געווען פריער בעת המאסר), וואס דאס איז דאך אן ענין וואס איז היפך פון שכל הפשוט! און אעפ"כ האט ער דאס געטאן!

און נאכמער: ער האט נאך געמיינט אז ער טוט דערמיט א גוטע זאך - כדי אז דער נוסח התפלה זאל בלייבן אזוי ווי ס'איז געווען פריער וכו', ד.ה. אז דער העלם והסתר פון דעם "א-ל זר אשר בקרבך" (ראה שבת קה, ב) איז ביי אים געווען עד כדי כך, אז ער האט געקענט זאגן אויף "חושך" אז דאס איז "אור", און אויף "מר" אז דאס איז "מתוק" וכו' (ראה ישעי' ה, כ).

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז יענער איז געווען אין דער דרגא פון "בריות", ביז צו אזוינע "בריות" וואס האבן ארויסגענוצט זייער בחירה באופן כך וכך (וואס דאס איז נאך נידעריקער פון "בריות" סתם (כנ"ל סי"ד)) -

און אעפ"כ, איז ביי דעם אלטן רבי'ן געווען דער ענין פון "טוב לבריות" עד כדי כך, אז ער האט זיך ניט באגנוגנט דערמיט וואס ער האט געשריבן אין דעם מכתב לאחר ביאתו מפעטערבורג, אז "לא להרחיב עליהם פה או לשרוק עליהם ח"ו", נאר ער האט אליין באווי‌זן ווי עס דארף זיין די הנהגה -

אז ניט קוקנדיק אויף די אלע ענינים וואס דער מתנגד האט אים געטאן, און ווויסנדיק (ווי ער האט אליין געזאגט) אז אין די דריי שעה האט ער געהאט א גרעסערן צער פון דעם צער וואס ער האט געהאט זייענדיק אין מאסר - איז אבער ביי אים געווען די הנהגה אין אן אופן פון "טוב לבריות" - ניט אנרירן אין כבוד אכסניא. און ניט אז ער איז יוצא מיט אן ענין של מחשבה ודיבור, נאר דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל.

טז. וואס דאס איז די הוראה נפלאה וואס עס קומט צו פון דעם סיפור

[וואס וויבאלד אז מ'האט געהערט דעם סיפור, דארף מען דערפון ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה', כתורת הבעש"ט (היום יום ע' נב. וראה כתר ש"ט הוספות אות קכז ואילך) אז יעדער זאך וואס א איד הערט אדער זעט איז דא אין דערויף א הוראה בעבודתו לבוראו] -

- אויף -

אויף וויפל ס'דארף זיין דער ענין פון "טוב לבריות"; אז אפי' אין אזא מעמד ומצב ווי ס'איז געווען ביי דעם אלטן רבי'ן - דארף אויך זיין די הנהגה אין אן אופן פון "טוב לבריות".

וואס אע"פ אז קיינער קען זיך ניט גלייכן צו דעם אופן העבודה פון דעם אלטן רבי'ן [ובפרט זייענדיק אין דעם מעמד ומצב נאך דערויף וואס דער בעש"ט און דער מגיד זיינען געקומען צו אים, און האבן אים געגעבן א נתינת כח אויף דעם ענין פון הפצת המעיינות חוצה] -

פונדעסטוועגן, נאך דערויף וואס דער אלטער רבי האט פותח און סולל געווען דעם דרך - קען זיין דער אופן העבודה ביי יעדער אידן.

און דער עיקר איז, אז וויבאלד מ'דערציילט בשמו די אלע פרטים, און א איד הערט די מאורעות - "מעשיהם של צדיקים" - איז דערפון גופא פארשטאנדיק, אז דאס איז א הוראה פאר __אים__ אין זיין עבודה להקב"ה.

ר.ה. אז נוסף אויף די הוראה פון כללות ענין המאסר והגאולה - דער ענין פון הפצת המעיינות חוצה, קומט נאך צו די הוראה בנוגע צו די הנהגה אין אן אופן פון "טוב לבריות" -

און צוזאמען דערמיט וואס עס דארף זיין דער ענין פון "הוכח תוכיח את עמיתך" (קדושים יט, יז), בדרכי נועם ובדרכי שלום, מיט אלע פרטים שבזה (ראה שו"ע ארה"ז או"ח סקנ"ו ס"ח), עאכו"כ באווארענען אז אנדערע זאלן זיך ניט אפלערנען פון דעם וואס פירט זיך שלא כדבעי (ווארום זיי זעהן דאך אז מ'האט אים ניט אפגעטאן כמעשהו (ווי חסידים האבן גערעכנט אז מ'דארף טאן), קענען זיי דאך מיינען אז דאס איז א גוטע זאך וכו'),

איז צוזאמען דערמיט מאנט מען פון אים אז זיין הנהגה זאל זיין אין אן אופן פון "טוב לבריות".

און ווי ער ברענגט אין תניא (ספי"ב) פון זהר (ח"א רא, ב) אז די הנהגה שבין אדם לחבירו דארף זיין ע"ד די הנהגה פון "יוסף עם אחיו" - אזוי דארף זיין די הנהגה פון יעדער אידן, אויך בדורנו זה אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות.

[וואס דער ענין פון "יוסף" (און אחיו) האט א שייכות מיוחדת צום אלטן רבי'ן - כידוע דער פתגם פון חסידים אויף "ויקנאו בו אחיו ואביו שמר את הדבר" (וישב לז, יא), אז "ויקנאו בו אחיו" גייט אויפן אלטן רבי'ן מיט ("אחיו") שאר תלמידי המגיד, און "ואביו שמר את הדבר" גייט אויפן מגיד אליין, כידוע אז דער מגיד [וואס י"ט כסלו איז זיין יום - הילולא] -

הילולא] האט געהאט א יחס מיוחד צום אלטן רבי'ן, כמסופר בכ"מ (ראה לקו"ש ח"י ע' 2-101 ובהנסמן שם)].

יז. די הוראה בפשטות מכל הנ"ל:

ווען די קביעות פון י"ט כסלו איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב - איז דעמולט דער זמן המתאים אויף מתבונן זיין זיך נאכאמאל אין דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות", און מוסיף זיין אין דערויף ביתר שאת וביתר עוז.

וכמדובר לעיל (ס"ט) אז אין דעם מכתב וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין הגאולה, האט דער אלטער רבי געשריבן סיי וועגן דעם ענין פון "טוב לשמים", און סיי וועגן דעם ענין פון "טוב לבריות";

און אזוי איז געווען זיין הנהגה בעצמו, נאך איידער ער האט געשריבן די אגה"ק (וועגן "טוב לשמים" און "טוב לבריות"),

[וארום "צדיקים דומין לבוראן" (ב"ר פס"ז, ח. ועוד), איז אזוי ווי דער אויבערשטער איז "מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל" (תהלים קמז, יט), "מה שהוא עושה הוא אומר לישראל לעשות" (שמו"ר פ"ל, ט), איז עד"ז אויך בנוגע צו צדיקים, אז פריער ווערט דאס "דבריו" און "חוקיו ומשפטיו", און ערשט דערנאך איז ער מצווה לאחרים לעשות],

כאמור לעיל (סס"ו) אז צוזאמען מיט באווארענען אז דאס זאל ניט אנרירן דעם ענין פון הפצת המעיינות חוצה וכו', איז זיין הנהגה געווען אין אן אופן פון "טוב לבריות", ניט קוקנדיק אויף די אלע ענינים וואס מ'האט אים געטאן.

יח. און בשעת אז די הנהגה איז אין אן אופן פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות" - האט מען די הבטחה וואס דער אלטער רבי - א נשיא בישראל - שרייבט אין דער אגה"ק, אז "כולי האי ואולי יתן ה' בלב אחיהם כמים הפנים גו'", ווארום וויבאלד אז ס'איז א דבר ברור אז "לבלתי ידח ממנו נדח" (שמואל ב' יד, יד), איז א זיכערע זאך אז אלע וועלן מודה זיין אין "חכמת האמת" - פנימיות התורה, וואס דאס איז דער "אמת לאמיתו" פון "תורת אמת".

וואס בזמנו פון דעם אלטן רבי'ן, איז וויבאלד אז ס'איז נאך געווען א סאך צייט לפני ביאת משיח צדקנו - האט דאס געקענט זיין (בלשון הידוע (תניא ספל"ט. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ה"ג)) "בגלגול זה או בגלגול אחר";

אבער ווען מ'האלט שוין אין דעם זמן וואס "הנה זה עומד אחר כתלנו" (שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש ח"ז ע' 104 הע'

38), וואס לויט אלע סימנים פון מסכת סוטה (בסופה) זעט מען אז אין עקבתא דמשיחא גופא איז דאס "עקבתא דעקבתא", דאס זיינען די לעצטע טעג און רגעים לפני ביאת משיח צדקנו - מוז דאס זיין "בגלגול זה", און נאכמער: ס'מוז זיין במהרה בימינו, ווארום משיח צדקנו קומט צוגיין במהרה בימינו -

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

יט. נוסף אויף דעם מכתב וואס אין אים שרייבט דער בעל הגאולה אז די גאולה איז געווען ביום ג' שהוכפל בו כי טוב (וואס אין דעם איז דאך מודגש דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות" (כנ"ל ס"ח)), און נוסף אויף דעם מכתב וואס ער האט געשריבן אחר ביאתו מפעטערבורג (וואס דארטן רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות" (כנ"ל ס"ט)) -

זיינען דא נאך כמה אגרות קודש פון דעם בעל הגאולה אין וועלכע ער איז מאריך וועגן גודל הזכות פון מצות צדקה (אגה"ק ס"ד. ס"ח. ועוד), ובפרט די צדקה וואס איז פארבונדן מיט אה"ק (וואס זי איז פארבונדן מיט "ארצות החיים" (שם ס"ח)), ביז אז "היא שעמדה לנו לפדות חיי נפשנו כו' ותעמוד לנו לעד" (שם ס"ד),

[וכידוע אויף וויפל דער בעל הגאולה האט זיך געקאכט און געטאן אין שיקן געלט צו די כוללים וואס זיינען געווען אין א"י, ואין כאן המקום להאריך וועגן דעם גודל המס"נ מיט וועלכע דאס איז געווען פארבונדן].

און וויבאלד אז דער ענין הצדקה בכלל, ובפרט די צדקה וואס איז פארבונדן מיט אה"ק - האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין הגאולה, וכנ"ל אז "היא שעמדה לנו כו'",

איז דאך פארשטאנדיק, אז [נוסף לזה אז וויבאלד די אגרות הנ"ל זיינען געדרוקט געווארן ע"י בני המחבר (וממלא מקומו), און זיינען נתפשט געווארן און אנגעקומען לכאו"א - איז (לויט תורת הבעש"ט הנ"ל (סס"ז)) דאס א הוראה פאר יעדער אידן בעבודתו לקונו - איז נוסף לזה מובן, אז] די תוצאות וועלכע דארפן ארויסקומען פון די התבוננות אין דעם ענין פון יום הגאולה - דארפן זיין פארבונדן מיט דעם ענין הצדקה בכלל, ובפדט מיט צדקת א"י.

כ. נאך אן ענין אין די אגרות קודש, וואס מ'פארבינדט אים מיט י"ט כסלו:

אין דער לעצטער אגרת פון די אגרוה קודש (קו"א בסופו)

- דערט -

רעדט דער בעל הגאולה וועגן דעם ענין פון חלוקת הש"ס:
"לגמור כל הש"ס בכל שנה ושנה ובכל עיר ועיר לחלק המסכתות
. . ואם איזה מנין קטן מהכיל יצרפו אליהם אנשים מאיזה
מנין גדול".

און חסידים זיינען מבאר, אז דער אלטער רבי פארבינדט
דעם ענין פון חלוקת הש"ס מיט יום הגאולה שלו - וואס
דערפאר איז נתקבל געווארן און נתפשט געווארן דער מנהג צו
מאכן די חלוקת הש"ס בי"ט כסלו (ראה לקו"ד ח"ד ע' תקצח),
און אפי' אין די ערטער וואס מפני סיבות האט מען ניט
געמאכט חלוקת הש"ס בי"ט כסלו - איז שוין צוריק נתפשט
געווארן דער מנהג צו מאכן חלוקת הש"ס בי"ט כסלו (ראה שיחת
י"ט כסלו תשי"ג).

וואס חלוקת הש"ס בי"ט כסלו קומט לאחרי סיום לימוד
הש"ס וואס מ'האט געענדיקט אויף זיך בי"ט כסלו שלפנ"ז.

כא. דער קשר ושייכות צווישן די דריי ענינים (י"ט כסלו,
צדקה און חלוקת הש"ס):

דער ענין פון י"ט כסלו איז דאך פארבונדן מיט די
גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ווארום דער ענין
פון "יפוצו מעינותיך חוצה" האט זיך דאך אנגעהויבן נאך
פעטערבורג - די גאולה פון י"ט כסלו (כנ"ל סי"ב), און דורך
"יפוצו מעינותיך חוצה" איז "קאתי מר דא מלכא משיחא",
כמבואר אין אגרת הבעש"ט (נדפסה בסוף הספר בן פורת יוסף.
ובכ"מ) הידועה [וכנ"ל (ס"ו) אז ס'שטייט אין זהר "בהאי
חיבורא דילך כו' יפקון בי' מן גלותא ברחמי"].

און ווי גערעדט פריער (שם) אז דער ענין פון "יפוצו
מעינותיך חוצה" ווערט אויפגעטאן דוקא דורך דערויף וואס
דער לימוד פון פנימיות התורה איז אין אן אופן פון
"יתפרנסון" - אז דאס קומט אראפ אין הבנה והשגה דוקא, ביז
אז דאס איז מובן אפי' צו דעם פשוט שבפשוטים שבישראל.

ווארום וויבאלד אז דער פשוט שבפשוטים שבישראל דארף
אויך ארויסגיין פון גלות

[ואדרבה: כל זמן וואס ער געפינט זיך נאך אין גלות,
האלט ער אפ די גאולה פון כל עם ישראל, צוזאמען מיט די
גאולה פון "שכינתא בגלותא" (כמרז"ל (מגילה כט, א. זח"א קכ,
ב) "בכל מקום שגלו שכינה עמהן כו'", וואס דערפאר שטייט
"ושב ה' אלקיך את שבותך" (נצבים ל, ג), "והשיב לא נאמר
אלא ושב" (מגילה שם)),

ווארום די גאולה פון גלות האחרון (גלות ארום) וועט
דאך זיין (ניט אזוי ווי די גאולה פון שאר הגליות (בבל

- ויון -

וידן ומדי ופרס), נאר) אזוי ווי די גאולה פון יצי"מ - אז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות, ווי ס'שטייט (ישעי' כז, יב) "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י", אויך "האובדים בארץ אשור והנדחים בארץ מצרים" (ישעי' שם, יג. וראה לקו"ת ר"ה ס, א) -

איז דאך פארשטאנדיק, אז כל זמן וואס רער פשוט שבפשוטים שבישראל געפינט זיך נאך אין גלות, האלט ער אפ רערמיט די גאולה פון כל בנ"י, צוזאמען מיט די גאולה פון שכינתא,

ראַרף זיין דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" אין אן אופן אז דאס זאל אנקומען ביז צו דעם פשוט שבפשוטים שבישראל, אין זיין הבנה והשגה.

און דעמולט וועלן אלע אידן ארויסגיין פון גלות, און מ'וועט מיטנעמען מיט זיך אלע ניצוצות הקדושה, כולל אויך די ניצוצות קרושה וועלכע זיינען פארבונדן מיט "כספם וזהבם" - וואס רערפאר וועט דאך זיין "כספם וזהבם אתם" (ישעי' ס, ט) - ועאכו"כ "בנערינו בולל די "נערים - שמנוערים מן המצוות" (סוטה מו, ב) ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו" (בא י, ט).

כב. עפי"ז וועט מען פארשטיין דעם קשר ושייכות פון י"ט כסלו צו דעם ענין הצדקה און חלוקת הש"ס - וואַרום רער ענין הגאולה (וואס קומט דורך "יפוצו מעינותיך חוצה" - דער אויפטו פון י"ט כסלו) ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" (ישעי' א, כז) - וואס דאס האט א שייכות צום ענין הצדקה און חלוקת הש"ס.

והביאור בזה:

אויפן פסוק "ציון <u>במשפט</u> תפדה", ברענגט אראפ דער בעל הגאולה (לקו"ת ר"פ דברים) דעם אפטייטש פון תרגום (עה"פ וישב מ, יג) - "כהלכתא", וואס דאס איז דער ענין פון לימוד התורה בכלל, ובפרט דער ענין פון משניות, כמרז"ל (ויק"ר פ"ז, ג) "אין הגליות הללו מתכנסות אלא בזכות המשניות, שנאמר (הושע ח, י) גם כי <u>יתנו</u> (מלשון תנא - משנה (מ"כ לויק"ר שם)) בגוים עתה אקבצם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר פון "ציון <u>במשפט</u> תפדה" צו דעם ענין פון חלוקת הש"ס - וואַרום דער ענין פון "במשפט" איז דאך דער ענין פון לימוד <u>המשניות</u> - חלוקת הש"ס.

און דערנאך קומט רער ענין פון "ושבי' <u>בצדקה</u>" - דער ענין הצדקה.

ובפרט די צדקה וואס איז פארבונדן מיט אה"ק, וואס די

- איז -

איז דאך מכוון כנגד "ארצות החיים" שלמעלה, כמרז"ל (תנחומא ר"פ פקודי) אז "ירושלים מכוונת למעלה כמו ירושלים של מטה" [וואס דערפאר זיינען אלע תפלות [וואס ענין התפלה איז "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה" (ויצא כח, יב. וראה זח"א רסו, ב. זח"ג שו, ב. תקו"ז תי' מה) - ער איז מעלה די תומ"צ וואס מ'האט געטאן קודם התפלה, און ער גיט דעם כח אויף קיום התומ"צ שלאחרי התפלה] עולה למעלה "דרך ארצם" (מלכים א' ח, מח) און דרך ירושלים און דרך קודש הקדשים (ברכות ל, א. שו"ע או"ח רסצ"ד)].

כג. אין דעם ענין הצדקה, איז דאך דא צדקה כפשוטה - בממון, און ס'איז אויך דא דער ענין הצדקה וואס ער איז מפייס דעם עני.

וואס דער ענין פון מפייס זיין דעם עני, איז נאך גרעסער פון געבן אים צדקה בממון, ווי די גמ' (ב"ב ט, א) זאגט "הנותן פרוטה לעני מתברך בשש ברכות, והמפייסו בדברים מתברך בי"א ברכות".

וואס דער "פיוס" באשטייט אין דעם וואס ער איז מעודד את רוחו און איז אים מחזק, ער זאל ניט נתפעל ווערן דערפון וואס ער געפינט זיך אין א מעמד ומצב (וואס בעיני בשר קוקט אויס) אז ער איז אן עני (ווארום ער דארף אנקומען צו אן עזר וסיוע וכיו"ב) -

דורך דעם וואס ער גיט אים צו פארשטיין מעלת העני - אז תפלת העני איז קודמה לתפלת העשיר (ראה זח"א קסח, ב), ווארום זיין תפלה איז אין אן אופן פון "תפלה לעני כי יעטוף ולפני ה' ישפוך שיחו" (תהלים קב, א). וכידוע דער סיפור אין מדרש (ויק"ר פ"ג, ה) בנוגע צו די מעלה פון קרבן העוף פון אן עני לגבי דעם קרבן שור פון דעם עשיר.

כד. כאמור לעיל (סי"ט-כב) אז ס'איז דא א מעלה מיוחדת בנוגע צו צדקת א"י - איז נוסף אויף דעם ענין פון צדקה כפשוטה, איז אויך דא אן ענין של עידוד ונתינת כח וואס איז נוגע במיוחד אין מצב ההווה:

אזוי ווי מ'געפינט זיך אין גלות (און אין גלות גופא - אין גלות אדום), חושך כפול ומכופל, וואס דערפאר ווייזט זיך אויס לעיני בשר אז מ'דארף אנקומען צו "חסד לאומים" -

דארף מען וויסן אז "חסד לאומים <u>חטאת</u>" (משלי יד, לד. וראה ב"ב י, ב), ווארום "לגרמייהו עבדין" (תקו"ז ת"ו. שם ת"ל. הב"א ספ"א). - און די ענינים וואס אידן באקומען דורך זיי, דארף מען וויסן דעם אמת אז מ'באקומט דאס פון דעם אויבערשטן, וואס "לא ינום ולא יישן שומר ישראל" (תהלים

- קכא, ד) -

קכא, ד), און זיי זיינען מערניט ווי א "גרזן ביד החוצב בו", א שליח וואס איז ניט קיין בעל בחירה, נאר ווי א גרזן לגבי דעם חוצב בו (אין ענינים פון טוב הנראה והנגלה).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'האט ניט קיין ארט מתרפס זיין זיך לגבי דעם "גרזן", און מאכן דערפון אן "עבודה זרה" - אפי' ווען מ'טוט דאס צוזאמען מיט אן ענין של תפלה להקב"ה, עאכו"כ ניט מאכן דערפון דעם עיקר - רעדן נאר צום "גרזן", און ניט צו דעם "חוצב בו".

וואס אפי' ווען מ'מאכט פון דעם "גרזן" אן "עבודה זרה" צוזאמען מיט אן ענין של תפלה להקב"ה - איז דאך דאס אן ענין של "שיתוף", וואס לכו"ע זיינען אידן נצטווה געווארן על השיתוף [ניט ווי בנוגע צו בני נח,- וואס אין דערויף איז דא א מחלוקת אין פוסקים (נסמן בד"ה מים רבים תשי"ז (קונטרס מאמרים ע' נב-נג) בהע') צי זיי זיינען נצטווה געווארן על השיתוף], און ביי אידן איז דאס אן ענין של ע"ז.

[וואס דאס איז נוסף לזה וואס דער רמב"ם (ריש הל' ע"ז) איז מבאר, אז דער גאנצער ענין פון ע"ז איז געווארן דורך דעם וואס פריער איז געווען אן ענין של שיתוף - וואס מ'האט גערעכנט אז די כוכבים ומזלות קענען משפיע זיין

און מ'ברענגט נאך א ראי' פון תורה, אז ס'שטייט (ברכה לג, יד) "ממגד תבואות שמש וממגד גרש ירחים" - און ווי מ'זעט בפועל אז כדי די צמיחה זאל מצליח זיין, דארף מען אנקומען צום שמש וירח],

וואס דערפאר דארף מען מתפלל זיין און מקריב זיין קרבנות צו די כוכבים ומזלות (אן ענין של שיתוף), און דערנאך האט מען אינגאנצן פארגעסן אויפן אויבערשטן, און געמאכט פון די כוכבים ומזלות אן עיקר - ע"ז ממש.

און ווי הושע זאגט בנבואתו הידועה והמפורסמת "כי אמרה אלכה אחרי מאהבי נותני לחמי ומימי צמרי ופשתי גו'" (הושע ב, ז), און "היא לא ידעה כי אנכי נתתי לה הדגן והתירוש והיצהר" (שם, י)].

וואס אפי' ווען מ'טוט דאס בשוגג, איז דאס אויך אן ענין של ע"ז - די נפק"מ איז נאר לגבי דעם עונש, אז בשוגג איז דא א לייכטערער עונש וכו' [און ביי א תינוק שנשבה לבין העכו"ם איז אינגאנצן ניטא קיין ענין של עונש (ראה שבת סח, ב)];

ס'איז אבער ניט משנה די מציאות אז דאס איז אן ענין של ע"ז, און דאס ברענגט ניט קיין שום תועלת [וואס דערפאר ווערן זיי אנגערופן "אלקים אחרים" (יתרו כ, ג) - "שהם אחרים לעובדיהם צועקים אליהם ואינם עונין אותם" (מכילתא ופירש"י עה"פ)].



הנחת הת' בלתי מוגה

כה. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף ניט נתפעל ווערן דערפון וואס מ'דארף אנקומען צו די וואס זיינען ניט קיין בעלי בחירה,

ואדרבה: דורך דערויף וואס מ'וועט שטיין בתוקף [אבער אין אן אופן פון "אל תתגרה בגוי קטן" (ראה פסחים קיג, א), עאכו"כ מיט א גוי וואס איז מער פון א קטן, אדער מיט כו"כ גויים], און מ'וועט זיך פארבינדן בקשר חזק ואמיץ מיטן אויבערשטן -

איז זויבאלד אז "לב מלכים ושרים ביד ה'" (ע"פ משלי כא, א), ובפרט אז "מזלייהו חזו" - באקומט מען פון זיי אלץ וואס מ'דארף האבן, וואס זיי מיינען אז זיי גיבן צדקה, דער אמת איז אבער אז דאס באקומט מען פון דעם אויבערשטן, וואס "לא ינום ולא יישן שומר ישראל" - נאר וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, באקומט מען דאס דורך זיי, אלס שלוחים פון דעם אויבערשטן.

און וויבאלד אז דאס גיט דער אויבערשטער - גיט ער "מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה" (אפי' ווען מ'באקומט דאס דורך די שלוחים), און אין אן אופן פון "כל הנותן בעין יפה נותן" (ראה ב"ב נג, א) - ניט נאר דעם עיקר, נאר אויך דעם דבר הטפל, און טפל דטפל, ווערט דאס אלץ אפגעגעבן צום מקבל, אין אן אופן של נתינה.

און וויבאלד אז מ'באקומט אלע ענינים פון מלך מלכי המלכים הקב"ה - שטייט מען אין די לעצטע רגעים פון גלות אין אן אופן של מנוחה ושמחה וטוב לבב, און מ'קען זיך עוסק זיין אין לימוד התורה, סיי נגלה דתורה, סיי פנימיות התורה - שנתגלתה בדורנו בתורת החסידות, און אין קיום המצוות בהידור, ביז אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין - אין ימי החנוכה הממשמשין ובאין,

וואס דער ענין פון חנוכה נעמט זיך דאך פון דעם נס וואס איז געווען אין ביהמ"ק -

און מען קומט בקרוב ממש - אין אן אופן פון "ותחזינה עינינו" - אין ביהמ"ק השלישי שיבנה ע"י משיח צדקנו (ראה לקו"ש חי"א ע' 185 הע' 42), און נאכמער: "מקדש אד' כוננו ידיך" (בשלח טו, יז. ובפירש"י) - דורך דעם אויבערשטן אליין (לקו"ש שם הע' 39), וואס דעמולט וועט זיין "ויהי בשלם סכו" (תהלים עו, ג).

וואס דעמולט וועט זיין דער סיום הגלות, און ס'וועט זיך אנהויבן דער ענין פון "יקבץ נדחי ישראל", כפס"ד ברור אין רמב"ם סוף הל' מלכים,

און ווי ער איז דערנאך ממשיך, אז דעמולט וועט זיין

- "ומלאה -

"ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים" (ישעי׳ יא, ט), בקרוב בימינו ממש, בעגלא דידן.

* * *

כו. בהמשך צו דעם וואס מ׳האט גערעדט פריער (ס"כ) וועגן חלוקת הש"ס און סיום הש"ס - אז ס׳איז איינגעפירט געווארן מ׳זאל מאכן חלוקת הש"ס (ובמילא אויך סיום הש"ס) בי"ט כסלו,

[אע"פ אז ס׳איז געוועזן א זמן וואס מצד כמה סיבות האט מען דאס געמאכט לאחרי י"ט כסלו, איז אבער דערנאך נתחדש געווארן דער מנהג (וואס בכמה מקומות איז דאס געוועזן די גאנצע צייט, אן א הפסק) צו מאכן חלוקת הש"ס בי"ט כסלו] -

וועט מען איצטער מאכן א סיום.

אויף וועלכע מסכת מ׳זאל מאכן דעם סיום - קען מען דאך אויסקלייבן איין מסכת פון "ששים המה מלכות - אלו ששים מסכתות" (ראה שהש"ר עה"פ ו, ט),

[ובפרטיות, זיינען פאראן ס"ג מסכתות, וואָרום בנוגע צו "סיומים", רעכנט מען די מסכתות ב"ק ב"מ און ב"ב אלס דריי באזונדערע מסכתות. וכמרומז אויך אין זהר (ח"ג קצח, א) וואס ער טייטשט אפ יעדן ענין אין דעם פסוק אין פ׳ משפטים (כב, ח), אז דאס גייט אויף א באזונדער מסכת] -

איז צוליב כמה טעמים, האט מען אויסגעקליבן מאכן א סיום אויף די ששה סדרי משנה.

כז. וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס צווישן די ביכלאך וואס זיינען ארויס לאחרונה ממאסר לגאולה, איז דא א ביכל כתי"ק פון דעם רבי׳ן מהר"ש (דער זיידע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו), און דארטן איז דא א מאמר [אע"פ אז דער מאמר איז שוין געדרוקט במ"א (ד"ה מאימתי קורין תרמ"ב. ביום השני תרכ"ט) - איז דאס אבער בנוסח אחר] וואס הויבט זיך אן מיטן מארז"ל (במדב"ר פט"ו-טז) אז דער ש"ס הויבט זיך אן מיט א מ"ם - "מאימתי", און ענדיקט זיך מיט א מ"ם - "ה׳ יברך את עמו בשלום". וואס דאס איז דאך דער סיום פון די ששה סדרי משנה.

וכמבואר אין מדרש (במדב"ר שם) אז פתח במ"ם און סיים במ"ם איז בגימט׳ שמונים, און ער איז מבאר אז די ראשי אותיות פון די ששה סדרים "עולים שמונים".

[וואס אין דערויף איז מודגש ווי די התחלה וסיום איז כולל אלע ענינים שבינתיים - וויבאלד אז דאס איז א התחלה וסיום פון אן ענין שבקדושה (ובפרט אן ענין בתורה), וואס אין קדושה איז יעדער ענין מיט א סדר וחשבון (וואָרום דער

- ארט -

ארט וואס דארטן איז ניטא קיין חשבון, איז דאס דער ענין
פון היפך הקדושה, בלשון הפסוק (קהלת ט, י) "אין גו׳
חשבון גו׳"].

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די גמ׳ (שבת
קד, א) טייטשט אפ אז ס׳איז דא א מ"ם פתוחה און א מ"ם
סתומה - "מאמר פתוח" און "מאמר סתום", וואס דאס גייט אויף
נגלה דתורה ("מאמר פתוח") און פנימיות התורה ("מאמר סתום"
- ווארום פנימיות התורה ווערט אנגערופן (בלשון הזהר (ח"ג
עג, א)) "סתים דאורייתא") (פירש"י שם. וראה ד"ה מאימתי
קורין וביום השני הנ"ל).

כח. ובהקדמה:

ס׳איז ידוע די שקו"ט אין אחרונים צי מ׳קען מאכן א
סיום אויף א מסכת פון משניות.

ס׳זיינען דא אחרונים וואס ברענגען א ראי׳ [וואס
לכאו׳, איז די ראי׳ פארשטאנדיק גאר בפשטות] דערפון וואס
די גמ׳ (שבת קיח, סע"ב ואילך) זאגט: "אמר אביי תיתי לי
דכי חזינא צורבא מרבנן דשלים מסכתי׳ עבידנא יומא טבא
לרבנן" -

אז וויבאלד אביי איז געווען אין די דורות שלפני
רבינא ורב אשי וואס זיי האבן מסדר געווען און חותם געווען
דעם ש"ס, איז דאך פארשטאנדיק, אז "שלים מסכתי׳" מיינט דעם
לימוד המשניות.

אבער אפי׳ בהתבוננות קלה (און ביי אנשים כערכנו) זעט
מען אז די ראי׳ איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק, ווארום:

אע"פ אז דאס איז טאקע געווען קודם חתימת התלמוד, איז
אבער פארשטאנדיק, אז דער לימוד המשניות איז געווען מיט א
פלפול ושקו"ט וכו׳, וואס דאס איז דער ענין הגמרא.

און ווי די גמ׳ (סוכה כח, א) זאגט "הוויות דאביי
ורבא" - ד.ה. אז דער אופן הלימוד פון אביי איז געווען מיט
א פלפול ושקו"ט וכו׳.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז "שלים מסכתי׳",
דער לימוד המשניות, איז געווען אין אן אופן של פלפול
ושקו"ט וכו׳. - טאקע ניט אין אן אופן פון "בישרא שמינא"
ווי ס׳איז געווען ביי רבא (ווי די גמ׳ (ב"ב כב, א) זאגט
"אדמגרמיהו גרמי בי אביי תו אכלו בישרא שמינא בי רבא") -
אבער "הוויות דאביי ורבא" איז אויך אן ענין של פלפול
ושקו"ט. וואס דאס איז דאך דער ענין הגמרא.

און אע"פ אז רש"י טייטשט אפ "דשלים מסכתי׳ - שגרסה",

- וואס -

וואס לכאו׳ איז דאס ניט דער אופן הלימוד פון "למיסבר" (מיט א שקו"ט וכו׳) -

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז רש"י (ד"ה עבידנא) זאגט אז אביי "ראש ישיבה הי׳", און "עבידנא יומא טבא לרבנן" מיינט "לתלמידים" - איז דאך פארשטאנדיק, אז דער אופן הלימוד אין זיין ישיבה איז געווען אין אן אופן פון "הוויות דאביי ורבא".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון די גמ׳ הנ"ל איז ניטא קיין ראי׳ אז מ׳קען מאכן א סיום אויף א מסכת פון משניות.

אבער אעפ"כ, ווען מ׳מאכט א סיום אויף ששה סדרי משנה, איז [נוסף לזה וואס דער סיום פון מסכת בדכות איז מיטן זעלבן פסוק - "ה׳ יברך את עמו בשלום", איז נוסף לזה] ווען מ׳לערנט אלע ששה סדרי משנה, לערנט מען דאך ניט נאר די מסכתות שיש עליהם גמרא, נאר אויך די מסכתות שאין עליהם גמרא - ע"ד ווי מסכת עוקצין (וואס האט ניט קיין גמרא, מערניט ווי מפרשי המשנה שלאחרי חתימת התלמוד),

איז בשעת מ׳וויל מסיים זיין אלע ס"ג מסכתות (ניט אפשטעלן זיך ביי מסכת נדה) - לערנט מען אויך מסכת עוקצין, און דעמולט מאכט מען א סיום אויף משניות (ווארום ס׳איז ניטא קיין גמרא).

ועוד ועיקר: אפי׳ לויט די דעות וואס האלטן אז ס׳איז ניט מספיק א סיום אויף א מסכת פון משניות [וואס די נפק"מ איז לגבי תענית בכורים וכיו"ב] - איז אבער "מנהג ישראל" וואס איז נתפשט געווארן בכל תפוצות ישראל, אז ווען מ׳מאכט א סיום אויף גאנץ ששה סדרי משנה (אפי׳ אן לימוד הגמרא), איז דעמולט דא דער ענין פון "עבידנא יומא טבא לרבנן", מיט אלע ענינים המסתעפים מזה.

כט. בסוף מסכת עוקצין (פ"ג מי"א) זאגט די משנה: "חלות דבש מאימתי מיטמאות משום משקה (זינט ווען ווערן זיי פאררעכנט ווי משקה לענין קבלת טומאה), ב"ש אומרים משיחרחר (ווי דער רמב"ם טייטשט אפ אז דאס איז מלשון "לחדחר ריב" - "מכיון שיתעורר הדיב עם הדבורים ויתחיל לגרשם") [אדער ווי די צווייטע גירסא (גירסת י"א בפידוש רב האי גאון, ר"ש, רא"ש, ועוד) "משיהרהר", פון ווען ער טראכט צו אדויסנעמען דעם דבש], ב"ה אומרים משידסק" (ד.ה. אז זיין מחשבה, און אפי׳ התחלת הפעולה אליין, איז נאך ניט מספיק, נאר מ׳דארף האבן ער זאל מדסק זיין די חלות דבש, ביז אז "ישתות הדבש").

דערנאך קומט די לעצטע משנה (מי"ב): "א"ר יהושע בן לוי עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ג׳ מאות ועשרה עולמות, שנאמר להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא. אר"ש בן

- חלפתא -

חלפתא לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום, שנאמר ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום".

שטעלט זיך דאך גלייך די שאלה: וואס איז דער קשר צווישןביידע משניות?

[וואס די גמרא זוכט דאך א קשר צווישן צוויי משניות אפי' צווישן די לעצטע משנה פון איין מסכת, מיט די ערשטע משנה פון די מסכת שלאחרי' (ווי די גמ' פרעגט בכ"מ, מאי טעמא וואס בשעת דער תנא קומט פון איין מסכת הויבט ער אן די מסכת שלאחרי' מיט די משנה),

איז דאך עאכו"כ אז צוויי משניות אין דעם זעלבן פרק - דארפן האבן א שייכות צווישן זיך. ולכאו', זיינען די צוויי משניות הנ"ל באזונדערע ענינים וואס האבן ניט קיין שייכות צווישן זיך].

אפי' לויט דעם וואס מפרשים (רמב"ם. ועוד) טייטשן אפ, אז ווען מ'קומט צום סיום פון תושבע"פ, דערציילט די משנה וועגן דעם שכר וואס מ'וועט באקומען אויף דערויף ("עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ג' מאות ועשרה עולמות"), וואס עפי"ז איז לכאו' ניט מוכרח אז ס'זאל האבן א קשר צו די משנה שלפני' -

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז ס'זיינען פאראן כללים און דינים להלכה וועלכע נעמען זיך דערפון וואס די משנה שטייט פריער און די משנה שטייט שפעטער - איז פארשטאנדיק אז ס'דארף זיין עפעס א שייכות צווישן ביידע משניות.

עד"ז דארף זיין א שייכות צווישן ביידע פאלן פון די לעצטע משנה ("עתיד הקב"ה להנחיל כו'", און "לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום כו'"),

ובפרט אז לכאו' האט דאס געדארפט זיין בסדר הפוך, ו[וארום ריב"ל איז געווען כמה דורות לאחרי ר"ש בן חלפתא [כמובן פון גמ' (שבת קנב, א ובפירש"י) אז ר"ש בן חלפתא איז געווען א זקן בימי רבינו הקדוש, און ריב"ל איז געווען אין דעם דור שבין התנאים והאמוראים (ראה סה"ד בערכו)] - און אעפ"כ איז די משנה מקדים דעם מאמר פון ריב"ל פאר דעם מאמר פון ר"ש בן חלפתא (ווי מפרשים (תויו"ט) שטעלן זיך אויף דעם דיוק).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז דא א שייכות צווישן די ביידע פאלן, און זייער סדר דארף זיין באופן כזה דוקא.

ל. אין דעם מאמר פון ריב"ל זיינען דא כמה דיוקים, וואס זיינען לכאו' אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

- א) וואס -

א) וואס איז די הפלאה וגודל השכר פון "ג׳ מאות ועשרה עולמות" - ס׳רעדט זיך דאך וועגן א "צדיק" (וואס תורת אמת רופט אים אן בשם "צדיק"), און אין דעם מעמד ומצב ווי ס׳וועט זיין לעתיד לבוא ("עתיד הקב"ה להנחיל כו׳"), וואס דעמולט וועלן דאך זיין "מעדנים מצויין כעפר, ולא יהי׳ עסק כל העולם אלא לדעת את ה׳ בלבד . . וישיגו דעת בוראם" (ווי דער רמב"ם זאגט בסוף "ידו החזקה");

און אעפ"כ זאגט מען אז אין וואס באשטייט דער שכר פון דעם צדיק לע"ל - ניט קיין ענין פון הבנת וידיעת הבורא, נאר "ג׳ מאות ועשרה עולמות"?!

ב) דיוק הלשון "עתיד הקב"ה להנחיל כו׳" (ניט דער לשון פון "שכר" וכיו"ב) - וואס דער ענין הנחלה איז דאך דער היפך פון ענין השכר:

דער ענין פון "שכר" קומט ע"י עבודה דוקא, ווי מ׳זאגט (עירובין כב, א) "היום לעשותם למחר לקבל שכרם"; משא"כ דער ענין פון "נחלה" איז ניט פארבונדן מיט קיין ענין של עבודה, אויב ער איז נאר א יורש ע"פ דין פון תורת אמת, איז ער יורש את כל הנכסים (סיידן וועז ס׳איז דא נאך א יורש) און ס׳איז קיין נפק"מ ניט וואס ער טוט און ווי ער טוט וכו׳ -

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס שטייט דא דער לשון "להנחיל", און ניט דער לשון פון "שכר"?

ג) דעם פסוק "להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא" ברענגט די משנה אלס ראי׳ צו דעם וואס "עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ג׳ מאות ועשרה עולמות",

וואס די ראי׳ לזה איז פון "להנחיל אוהבי יש", ווארום לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער חידוש אז דער אויבערשטער קען באצאלן שכר ("להנחיל אוהבי יש")? - מוז מען דאך זאגן אז דער חידוש באשטייט אין דעם וואס "יש" (ניט אז ס׳איז דא שכר צו באצאלן די "אוהבי", נאר) - אז דער שכר איז "ג׳ מאות ועשרה עולמות" (ווי די גמ׳ (סנהדרין ק, סע"א) זאגט "יש בגימט׳ תלת מאה ועשרה הוי׳");

ס׳איז אבער ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס ברענגט אראפ די גמ׳ דעם סיום הכתוב "ואוצרותיהם אמלא"?

ד) אין "ואוצרותיהם אמלא" גופא איז אויך ניט פארשטאנדיק:

מפרשים (רע"ב לאבות פ"ה מי"ט (הובא בתויו"ט כאן)) טייטשן אז "ואוצרותיהם אמלא" מיינט די אוצרות שבעוה"ז. איז ניט פארשטאנדיק: א) מאי קמ"ל, זיכער קען דער אויבערשטער ממלא זיין די אוצרות פון די צדיקים?!

- ב) וועז -

ב) ווען מ'זאגט "ואוצרותיהם אמלא" (נאך "להנחיל אוהבי יש") - בוא"ו המוסיף, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז נאך א גרעסערע זאך פון "להנחיל אוהבי יש";

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" איז דאך דער שכר פון "ג' מאות ועשרה עולמות", וואס בשעת די גמ' (סנהדרין שם) פרעגט ווי קען א בשר ודם פארנעמען אזוי פיל שכר, דארף די גמ' אנקומען צו דעם תירוץ אז "נותן הקב"ה כח בצדיקים לקבל טובתן" (שם, ב), ד.ה. אז דאס איז אזא גרויסער שכר ביז אז דער אויבערשטער דארף געבן כח אז מ'זאל קענען מקבל זיין דעם שכר.

עאכו"כ לויט פירוש הרמב"ם אז דער ענין פון "יש" גייט אויף "מציאות התמידי" און "מציאות האמיתי", וואס דאס איז אמיתית ענין היש [ס'איז קשה לכוון ווי אזוי שטימט דאס מיט דעם וואס די גמ' זאגט אין סנהדרין, אז יש איז בגימט' ג' מאות ועשרה, אבער אזוי טייטשט אפ דער רמב"ם], וואס דאס איז דאך אן ענין נעלה ביותר.

איז דאך ניט פארשטאנדיק: וואס איז מען דערנאך מוסיף "ואוצרותיהם אמלא", אז דער אויבערשטער וועט געבן ניט נאר "ג' מאות ועשרה עולמות" (אדער כפי' הרמב"ם - מציאות האמיתי), נאר נאכמער: ער וועט ממלא זיין די אוצרות פון א <u>בשר ודם</u> (וואס זיי זיינען במרידה והגבלה וכו')?!

לא. אין דעם מאמר פון ר"ש בן חלפתא זיינען אויך דא כמה דיוקים:

א) וואס איז דער דיוק "לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה <u>לישראל</u> אלא השלום" - לכאו' איז "שלום" אן ענין של ברכה ניט נאר פאר אידן, נאר אויך פאר ניט אידן, ווי רש"י ברענגט אראפ אין פ' בחוקותי (כו, ו) פון תו"כ אז "שלום שקול כנגד הכל" - וואס אזוי איז דאס אויך ביי ניט אידן?

ב) וואס איז דער דיוק "לא <u>מצא</u> הקב"ה כו'" - לכאו' איז דאס ניט קיין ענין וואס דער אויבערשטער דארף ארומגיין און <u>זוכן</u>; ע"פ שכל פון בשר ודם (אפי' פון ניט אידן) איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון שלום איז א כלי המחזיק ברכה?

[ס'איז דא א גירסא אין כת"י המשנה "אין כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום" - אבער ברוב הכת"י, און אין די רפוסים, איז די גירסא: "לא <u>מצא</u> הקב"ה כלי מחזיק ברכה <u>לישראל</u> אלא השלום" (ביידע דיוקים הנ"ל)].

ג) ר"ש בן חלפתא ברענגט א ראי' דערפון וואס ס'שטייט "ה' יברך את עמו בשלום" - איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס ברענגט ער אויך התחלת הכתוב "ה' עוז לעמו יתן"?

- אבער -

אבער די קושיא קען מען מיישב זיין בדוחק עכ"פ:

אזוי ווי די גמ׳ (סנהדרין שם) זאגט אז דער אויבערשטער גיט כח צו די צדיקים אז זיי זאלן קענען מקבל זיין דעם שכר פון "ג׳ מאות ועשרה עולמות" - איז עד"ז אין פסוק: דער פסוק איז מקדים "ה׳ עוז לעמו יתן", וואס דודך דערויף קענען זיי מקבל זיין אלע ברכות - דורך דעם כלי המחזיק ברכה, וואס דאס איז דער ענין השלום.

ד) די קושיא העיקרית: דער מאמר "לא מצא הקב"ה כו׳ אלא השלום", קומט דאך בהמשך צו דעם וואס שטייט פריער "עתיד הקב"ה להנחיל כו׳", ד.ה. אז דא רעדט זיך (אויך) וועגן דעם זמן פון לע"ל.

איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז שייך לע"ל דער ענין פון שלום? - דעם ענין השלום דארף מען האבן ווען ס׳זיינען דא צוויי צדדים וואס פירן א מחלוקת און א מלחמה צווישן זיך, דעמולט זאגט מען אז ס׳איז דא דער ענין פון "פדה בשלום נפשי מקרב לי" (תהלים נה, יט);

אבער לע"ל וועט דאך זיין דער ענין פון "וכתתו חרבותם לאתים" (ישעי׳ ב, ד), און "את רוח הטומאה אעביר מן הארץ" (זכרי׳ יג, ב), און דעמולט וועט זיין דער מצב אז "לא יהי׳ שם לא רעב ולא מלחמה, ולא קנאה ותחרות" (וואס די אלע ענינים זיינען שייך אין דעם זמן וואס איז קודם ביאת משיח צדקנו), און ס׳וועט זיין "מעדנים מצויין כעפר", "ולא יהי׳ עסק כל העולם אלא לדעת את ה׳ בלבד" - איז וואס דארף מען דעמולט באווארענען דעם ענין פון שלום?

און אעפ"כ זאגט מען, אז ניט נאר אין דעם זמן פון מ"ת, ווען או"ה זיינען געקומען צו בלעם, און ס׳איז געווען דער "רגשו גוים ולאומים יהגו", האט זיי בלעם געזאגט אז "ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום", אז דער אויבערשטער גיט אידן תורה (זבחים קטז, א. יל"ש ר"פ יתרו);

נאר אפי׳ נאך דערויף וואס "עתיד הקב"ה להנחיל כו׳ ג׳ מאות ועשרה עולמות" - וואס דעמולט איז דאך ניט שייך קיין ענין פון היפך השלום, אדער עכ"פ "אין גזירת המלכות ואין שלום" (לשון הגמ׳ ר"ה יח, ב) - באווארנט מען אויך אז בשעת דער אויבערשטער וויל געבן די ברכה, דארף ער פריער געבן א כלי דורך וועלכע מ׳וועט קענען נעמען די ברכה, וואס דער כלי איז דער ענין השלום.

לב. צו פארשטיין כהנ"ל - דארף מען מקדים זיין נאך א קושיא:

מ׳האט דערמאנט פריער (סכ"ס) דעם פירוש המפרשים אז בשעת מ׳קומט צום סיום פון תושבע"פ, זאגט די משנה דעם שכר וואס מ׳וועט באקומען דערפאר - "ג׳ מאות ועשרה עולמות".

- איז -

איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: נאך דערויף וואס מ׳האט שוין אפגעלערנט גאנץ ששה סדרי משנה, און מ׳שטייט אין א דרגא וואס תורת אמת זאגט אז ער איז א צדיק - איז מיט וואס דערנעמט מען אים - מיט אן ענין של "שכר" ("ג׳ מאות ועשרה עולמות"), וואס לפי"ז קומט דאך אויס אז עבודתו איז געווען על מנת לקבל פרס?

- בשעת מ׳האלט אין תחלת העבודה, דארף טאקע זיין דער אופן העבודה ע"מ לקבל פרס, ווי דער רמב"ם איז מאריך אין פיהמ"ש (לסנהדרין פ"י ד"ה וכת חמישית) אז ווען ער איז נאך א תינוק (בדעת), גיט מען אים ממתקים און ממון און גדולה וכו׳;

אבער דא האלט מען דאך (ניט אין תחלת ששה סדרי משנה, נאר) אין דעם סיום פון גאנץ ששה סדרי משנה, ער האט שוין אפגעלערנט גאנץ ששה סדרי משנה - וואס דאס איז כללות העבודה פון תורה ומצוותי׳, און לאחרי כ"ז דערציילט מען אים די גרויסע זאך וואס ער האט אויפגעטאן - אז ער וועט האבן "ג׳ מאות ועשרה עולמות" - אן עבודה ע"מ לקבל פרס?

נאכמער: אין פסוק שטייט "להנחיל אוהבי יש" (ניט סתם לומדי תורה ומקיימי מצוות), וואס עבודה מאהבה איז דאך שלימות העבודה (כמבואר אין פיהמ"ש להרמב"ם (שם) אז דאס איז די "כת חמישית", שלימות העבודה),

און ווי דער רמב"ס איז מבאר אין הל׳ תשובה (פ"י ה"ה) אז דער ענין פון עבודה מאהבה איז אן עבודה לשמה, און ער איז מבאר אז פריער דארף זיין די עבודה אין אן אופן פון שלא לשמה, ביז וואנעט ער וועט צוקומען צו די מעלה פון עבודה לשמה, עבודה מאהבה, וואס דאס איז די מעלה פון אברהם אבינו, וואס ער ווערט אנגערופן "אברהם אוהבי" (ישעי׳ מא, ח. שם ה"ב).

איז דאך ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן "אוהבי" - איז וואס רעדט מען וועגן דעם ענין פון "שכר", דער ענין פון שכר איז דאך דער היפך פון אופן העבודה פון "אוהבי", וואס זייער עבודה איז שלא ע"מ לקבל פרס, עבודה מאהבה?

לג. איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק פון דיוק הלשון "להנחיל" דוקא, און ניט קיין ענין של שכר:

ווען ס׳וואלט זיך גערעדט וועגן אן ענין של "שכר", דעמולט וואלט ניט געקענט שטיין דער לשון "להנחיל", וכנ"ל (ס"ל) אז דער ענין פון "נחלה" איז ניט פארבונדן מיט זיין עבודה, משא"כ דער ענין פון "שכר" וואס ער באקומט פאר עבודתו - נאר דא רעדט זיך טאקע ניט וועגן "שכר" [וו]ארום

- דא -

דא רעדט זיך ראך וועגן "אוהבי", וואס עבודתם איז שלא ע"מ לקבל פרס], נאר וועגן דעם ענין פון "נחלה" ("להנחיל").

וואס דער ענין פון "נחלה" איז, ווי דער ראגטשאווער איז מאריך בכ"מ (שו"ת צ"פ דווינסק ח"א ס"י קיח), אז א יורש איז ניט קיין באזונדערע מציאות וואס באקומט די נכסים פון דעם מוריש, נאר "תחת אבותיך יהיו בניך" (תהלים מה, יז. ב"ב קנט, א), דער יורש שטייט במקום המוריש.

און דאס איז דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" - ער שטייט במקום המוריש; וויבאלד אז ער לערנט חכמתו של הקב"ה, און ער טוט רצונו של הקב"ה (ער איז מקיים מצוות, וואס "מצוה" איז מלשון צוותא וחיבור (לקו"ת בחוקותי מה, ג)), און ער טוט דאס ניט צוליב זייטיקע ענינים, מערנים דערפאר וואס "קדשנו במצותיו וצונו" - דעמולט ווערט ער איין זאך מיטן אויבערשטן, ער איז עומד במקום המוריש (ניט אז ער באקומט א זייטיקער ענין של "שכר", נאר אן ענין של "נחלה" - ער איז עומד במקום המוריש).

לד. וואס דאס איז אויך דער דיוק "להנחיל אוהבי יש", ווי געבראכט פריער (ס"ל) דעם פירוש הרמב"ם אז "יש" מיינט די מציאות התמידי און מציאות האמיתי - דער ענין הנצחיות:

דלכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי איז שייך דער ענין הנצחיות ביי נבראים - נברא מיט נצחיות זיינען דאך הפכים, ווארום יעדער ענין של בריאה איז דאך קדמה ההעדר, און וויבאלד אז ער האט א התחלה, מוז ער האבן אויך א סוף - איז ווי איז שייך ביי נבראים דער ענין הנצחיות?

איז דער ביאור בזה:

וויבאלד אז א איד איז "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר" (ישעי' ס, כא), ער קומט פון אמיתית הנצחיות וואס דאס איז דער אויבערשטער - גיט דאס אים די מעגליכקייט, אז דורך דעריף וואס ער איז לומד תורה, וואס תורה איז חכמתו של הקב"ה, און "הוא וחכמתו אחד" [כמבואר אין רמב"ם (הל' יסוה"ת פ"ב ה"י), ובפרט אין ספר התניא (פ"ב) פון בעל הגאולה], און דער לימוד התורה איז אין אן אופן אז דאס ווערט "דם ובשר כבשרו", כמ"ש (תהלים מ, ט) "ותורתך בתוך מעי" (ראה תניא פ"ה), ועד"ז בנוגע לקיום המצוות, ועאכו"כ אז דאס ווערט געטאן מתוך אהבת ה' -

ווערט ביי אים דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש", אז ער ווערט די מציאות פון דעם מוריש, איין מציאות פון דעם אויבערשטן, ובמילא איז ער א "יש", ער האט דעם ענין הנצחיות, וויבאלד אז ער איז איין זאך מיטן אויבערשטן.

- לה. -

לה. ובדוגמא ווי ס'שטייט אין ירושלמי (ביכורים פ"ג ה"ג) "והוי' בהיכל קדשו דא ר' יצחק ב"ר לעזר", און אין זהר (ת"ב לח, א) - "מאן פני האדון הוי' דא רשב"י", וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי' אזוי קען מען זאגן אויף א נברא (רשב"י וכו') אז דאס איז "פני האדון הוי'"?

איז דאך דער ביאור בזה, אז דאס איז דערפאר וואס ער איז געווארן אוים מציאות פאר זיך, ווארום זיין גאנצע מציאות איז נאר "לשמש את קוני" (קידושין בסופה), ובדוגמת מציאות העבד וואס ער איז ניט קיין מציאות פאר זיך, נאר כל מציאותו איז מערניט ווי מציאות האדון (ראה המשך תרס"ו ע' שכו-ז).

און ווי גערעדט אמאל בארוכה (קונטרס מוצאי ש"פ לך ס"ה. וש"נ) בנוגע צו דעם ענין פון שליחות, אז אמיתית ענין השליח - וואס "שלוחו של אדם כמותו" (ברכות לד, ב. וש"נ) - איז, ניט נאר אז דאס איז כאילו ווי דער משלח וואלט געטאן, און ניט נאר אז דער מעשה גופא איז זיך מתייחס צום משלח, נאר אז די גאנצע מציאות פון דעם שליח איז "כמותו" (ביז "כמותו דהמשלח ממש" - ווי דער אלטער רבי איז מוסיף (לקו"ת ויקרא א, ג)) פון דעם "משלח", וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך "כבדו את המצוות שהן שלוחי" (תנחומא ויגש ו).

לו. ע"פ הנ"ל איז פארשטאנדיק דער ענין נפלא וואס ריב"ל איז מחדש (ווען מ'קומט צום סיום פון די ששה סדרי משנה):

ביז איצטער האט זיך אלץ גערעדט וועגן דעם ענין פון "שכר", ביז צום שכר הכי נעלה - ג"ע התחתון און ג"ע עליון, "ילכו מחיל אל חיל" (ברכות ומו"ק בסופם) וכו';

דערנאך זאגט ריב"ל אז "עתיד הקב"ה <u>להנחיל</u> לכל צדיק וצדיק ג' מאות ועשרה עולמות כו'" - אז ס'וועט זיין דער ענין פון "נחלה", אז ער ווערט איין מציאות מיטן אויבערשטן, ער שטייט במקום המוריש.

[און אין דערויף איז דא דער דיוק פון "(להנחיל אוהבי) <u>יש</u>" - כידוע די ביאורים אויפן מספר פון "ש"י" אין מפרשי המשנה (תוי"ט. ועוד), און נאכמער אין קבלה ותסידות (ראה סה"מ ה'ש"ת ע' 49 ואילך. ועוד), ואין כאן המקום להאריך בזה].

לז. אין דערויף קומט נאך צו דער דיוק אין דעם וואס די משנה זאגט "עתיד הקב"ה להנחיל לכל <u>צדיק וצדיק</u> כו'":

ס'זיינען דא מפרשים גדולי ישראל (תוי"ט בשם בנו) וואס טייטשן אז "צדיק וצדיק" מיינט צדיק גמור און צדיק שאינו גמור (וואס דאס זיינען צוויי דרגות אין צדיקים,

- ווי -



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

ווי די גמרא איז מחלק צווישן זיי בתחלת מסכת ברכות (ז, א)).

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום דעמולט וואלט געווען געגוג אז ס'וואלט געשטאנען "לכל צדיק", וואס בשעת מ'איז מדייק "לכל צדיק", איז פארשטאנדיק, אז דאס גייט אויף אלע דרגות פון א צדיק, כולל א צדיק שאינו גמור - און צוליב דעם דארף ניט שטיין "לכל צדיק וצדיק".

וואס דערפאר דארף מען זאגן אז "צדיק וצדיק" גייט אויף צדיקים און בעלי תשובה,

וואס א בע"ת ווערט אויך אנגערופן בשם "צדיק", כמובן פון דעם דין אז "המקדש את האשה ע"מ שאני צדיק גמור, אפי' רשע גמור מקודשת, שמא הרהר תשובה" (קידושין מט, ב) - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אע"פ אז ער איז א בע"ת (און ער האט דאך געזאגט "ע"מ שאני צדיק"), ווערט ער אבער אויך אנגערופן בשם "צדיק".

ווארום ס'איז דא דער ענין פון "שלום שלום לרחוק ולקרוב" (ישעי' נז, יט) - "לרחוק שנעשה קרוב" (ראה ברכות לד, ב), אז דאס איז אויך אן ענין של "שלום".

וכמבואר אין תניא (פכ"ז) אז ס'איז דא דער ענין פון "ועשה לי מטעמים" - "שני מיני נחת רוח"; די עבודה פון א צדיק כפשוטו; און די עבודה פון א בע"ת - דער צווייטער ענין אין צדיק,

און מ'זאגט אויף דערויף "לכל צדיק וצדיק" - די אלע דרגות וואס זיינען דא אין ביידע צדיקים (צדיק ובע"ת), ווארום אזוי ווי ס'איז דא כמה דרגות אין צדיקים (וואס כללותם איז צדיק גמור און צדיק שאינו גמור), איז עד"ז בנוגע צו בע"ת, אז אין דערויף זיינען דא כמה דרגות, ווי די גמ' רעכנט זיי אויס בסוף מסכת יומא (פו, א ואילך) - און דאס מיינט "לכל צדיק וצדיק" - צו יעדער דרגא וואס איז דא אין ביידע סוגים פון צדיקים.

לח. נאך דערויף וואס מ'זאגט דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש" (וואס ענינו איז אז מ'ווערט אייך דאך מיטן אויבערשטן - דער ענין פון "נחלה" (כנ"ל סל"ג)), זאגט מען א גרעסערן ענין - "ואוצרותיהם אמלא". והביאור בזה:

דער ענין פון "אוצר" בכלל האט דאך צוויי מייטשן: דער מקום (אדער כלי) וואו ס'ליגט דער דבר יקר ביותר, ווערט אנגערופן "אוצר"; און דער דבר יקר אליין ווערט אויך אנגערופן "אוצר".

וואס זיינען די "אוצרותיהם" פון צדיקים (וואס אויף דערויף זאגט מען דעם חידוש, אז ס'וועט זיין ניט נאר דער

- "להנחיל -

"להנחיל אוהבי יש", נאר אויך "אוצרותיהם אמלא") -

איז דאס פארשטאנדיק דערפון וואס די גמ׳ (ברכות לג, ב) זאגט: "אין לו להקב"ה בבית גנזיו אלא אוצר של יראת שמים, שנאמר יראת ה׳ היא אוצרו".

דער ביאור פארוואס איז דער ענין פון יראת שמים אן ענין של "אוצר" ביי דעם אויבערשטן:

וויבאלד אז "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים" (ברכות שם), ד.ה. אז דער אויבערשטער דארף אנקומען (כביכול) צו די בחירה חפשית פון א אידן, אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון יראת שמים,

איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון "יראת שמים" איז די איינציקע זאך אויף וועלכע ס׳איז שייך זאגן אז דאס איז אן "אוצר" ביים אויבערשטן - ווארום אויף קיין זאך איז ניט שייך זאגן אז ביים אויבערשטן איז דאס א דבר יקר, וויבאלד אז "הכל בידי שמים"; די איינציקע זאך וואס איז ניט "בידי שמים", איז דאס דער ענין פון "יראת שמים", און דערפאר איז דאס ביים אויבערשטן א דבר יקר, אן "אוצר" (ראה בחיי ס"פ תבוא).

און וויבאלד אז א איד איז "אדמה לעליון" (של"ה כ, ב. ועוד), איז פארשטאנדיק, אז דער "אוצר" פון א אידן איז אויך דער ענין פון "יראת שמים",

ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא (פמ"ב (ס, א)), אז ביי יעדער אידן איז דא דער "אוצר של יראת שמים", נאר דאס איז "צפון ומוסתר" אין "מצפוני בינת הלב", און ס׳דארף זיין דער ענין פון "תבקשנה ככסף וכמטמונים תחפשנה", ער דארף זיך מתייגע זיין ביגיעה עצומה צו ארויסברענגען דעם "אוצר של יראת שמים" מן הכח אל הפועל, ביז אז דאס זאל פועל׳ן אויף די מחשבה דיבור ומעשה שלו.

לט. עפי"ז (אז דער ענין פון יראת שמים איז ניט "בידי שמים") ווערט א שאלה:

דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש", אז ער שטייט במקום המוריש, און דער אויבערשטער גיט אים אפ זיך אליין - "אנא נפשי כתבית יהבית" (שבת קה, א), און ווי ס׳שטייט אין מדרש (ויק"ר פ"ל, יג. שמו"ר ר"פ תרומה. שם לג, ו. ועוד) עה"פ "ויקחו לי תרומה" (תרומה כה, ב) - "<u>אותי</u> אתם לוקחים" - איז דאס אלץ פארבונדן מיט ענינים וואס זיינען "בידי שמים", ד.ה. אז בנוגע צו ענינים וואס זיינען "בידי שמים", איז בענוג דאס וואס ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן.

[ו]ואס דאס איז דאך דער ענין פון "נחלה", אז וויבאלד

- דער -

דער יורש איז בדוגמת המוריש - בנו, אדער בתו (ווען "אין לו בן"), אדער איינער פון די איבעריקע יורשים - ווערט ער במקום המוריש;

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן דעם ענין פון "יראת שמים", וואס דאס איז ניט "בידי שמים" - איז דאך ניט געגוג דאס וואס ער וועט ווערן במקום המוריש, ווארום ער האט דאך אויפגעטאן אן ענין וואס איז ניט "בידי שמים" (העכער פון דעם מוריש (כביכול)).

בסגנון אחר קצת: מיט וואס קען דער אויבערשטער (כביכול) באצאלן אויף דעם ענין פון "יראת שמים" - אויב ער וועט באצאלן מיט אן ענין וואס ער האט, איז דאך דאס ניט בדוגמת הענין פון "יראת שמים" (דער ענין וואס אויף אים קומט די "נחלה"), ווארום דער ענין פון "יראת שמים" (וואס ער האט אויפגעטאן) איז ניט "בידי שמים"?

מ. אויף דערויף זאגט מען "ואוצרותיהם אמלא" - וואס "אוצרותיהם" גייט דאך אויף דעם ענין פון ירא"ש (כנ"ל סל"ח), און דאס איז דער דיוק "אוצרותיהם" - אז דאס איז אן ענין וואס איז נאר בכחו פון א אידן - אז דער אויבערשטער באצאלט אויך תמורת דעם "אוצר של יראת שמים":

פריער איז דא דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש", אז דער אויבערשטער גיט אפ זיך אליין (וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון אהבה - "להנחיל אוהבי"); און דערנאך גיט דער אויבערשטער אן ענין וואס איז (כביכול) נאך העכער פון די דרגא פון "שמים" - וויבאלד אז ער האט דעם ענין פון יראת שמים וואס איז ניט "בידי שמים".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "(להנחיל) אוהבי" - דער ענין פון אהבת ה' (וואס שטייט בפירוש אין פסוק), כמבואר בכ"מ, ובפרט אין תניא (ספי"ט), אז ס'איז דא דער ענין פון "דחילו הנכלל ברחימו"

- וכמבואר אין ספרי (עה"פ ואתחנן ו, ה) אז אין ענינים של עוה"ז, איז ניט שייך אז ס'זאל זיין אהבה צוזאמען מיט יראה, אבער בנוגע צום אויבערשטן איז דא דער ציווי "ואהבת את ה' אלקיך" (ואתחנן שם), און צוזאמען דערמיט אויך דער ציווי "את ה' אלקיך תירא" (שם, יג).

און דאס איז דער חידוש וואס איז דא אין "אוצרותיהם אמלא" - אז דער אויבערשטער גיט אפ ניט נאר זיך אליין ("להנחיל אוהבי יש"), נאר נאכמער: ער גיט אפ אפי' אן ענין וואס איז ניט "בידי שמים" (העכער פון בחי' "שמים").

וואס לכאו' איז דאך דאס א דבר מבהיל (זאגן אז ס'איז

- דא -

דא אן ענין וואס איז העכער פון "בידי שמים") - זאגט דאך אבער די גמ׳ (מו"ק טז, ב. וש"נ) אז ס׳איז דא דער ענין וואס "הקב"ה גוזר וצדיק מבטל", ביז ווי די גמ׳ (ב"מ נט, ב) זאגט "מאי עביד קוב"ה . .׳קא חייך ואמר נצחוני בני נצחוני" -

אז מ׳האט מנצח געווען (כביכול) דעם אויבערשטן, ער זאל געבן ניט נאר די "ג׳ מאות ועשרה עולמות", נאר אויך דעם ענין פון "אוצרותיהם אמלא" - ער זאל געבן אן ענין וואס איז העכער פון "בידי שמים", וואס דאס קומט פאר "אוצרותיה**ם**" פון בשר ודם דוקא (וויבאלד אז "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים"), און ער גיט דאס אין אן אופן פון "אמלא" - אינגאנצן פול *.

מא. האמור לעיל (סל"ג) אז "להנחיל אוהבי יש" מיינט אז ער שטייט במקום המוריש, ער ווערט איין מציאות מיטן אויבערשטן, ד.ה. אז זייענדיק א מציאות של נברא (ניט אז ער ווערט אוים נברא) איז ער איין זאך מיטן אויבערשטן

[וואדום ס׳איז ניט דער טייטש אז ווען ער באקומט די ש"י עולמות ווערט ער אויס מציאות נברא, נאר אדרבה, ווי געברענגט פריער (ס"ל) וואס די גמ׳ (סנהדרין שם) זאגט אז "נותן הקב"ה כח בצדיקים לקבל טובתן"] -

ווערט דאס אויפגעטאן דוקא דורך ירידת הנשמה למטה, אז דורך ירידתה למטה, וואס די ירידה איז דאך צורך עלי׳, ווערט אין איר אויפגעטאן דער עילוי, אז זייענדיק א מציאות של נברא (וואס דאס איז ניטא קודם הירידה למטה), ווערט זי איין מציאות מיטן אויבערשטן, במקום המוריש.

[ע"ד דער אויפטו פון מ"ת, אז פריער איז סדר השתלשלות געווען אין אן אופן אז "כמנהגו נוהג"; ס׳זיינען געווען "עליונים", און ס׳זיינען געווען "תחתונים", און צווישן זיי איז ניט געווען קיין שייכות, "עליונים לא ירדו לתחתונים ותחתונים לא יעלו לעליונים" (שמו"ר פי"ב, ג. תנחומא וארא טו), בורא איז בורא, און נברא איז נברא,

און מ"ת האט אויפגעטאן דעם חיבור צווישן עליונים מיט תחתונים, אז די עליונים ווערן נמשך למטה צו די תחתונים, און די תחתונים ווערן אזוי ווי די עליונים, און אין אן אופן פון "ואני המתחיל" (שם), כמ"ש "וירד ה׳ על הר סיני" (יתרו יט, כ).

וואס דאס איז ע"ד הענין פון ירידת הנשמה למטה,

- וואדום -

------------

*) לשלימות הענין - ראה שיחת מוצאי ש"פ וישב, מבה"ח טבת. ושיחת מוצאי ש"פ מקץ, שבת חנוכה ש.ז.

ווארום דער אויפטו וואס איז געווארן במ"ת אין תורה גופא, איז דער ענין פון "המעשה אשר יעשון" - די ירידה אין ענין המעשה, אין תחתונים].

מב. ווערט דאך די שאלה: צוליב וואס דארף מען האבן דעם ענין פון ירידת הנשמה למטה בפועל; דער אויבערשטער ווייסט דאך אז ע"י הירידה וועט מען ממלא זיין די שליחות פון לימוד התורה וקיום המצוות, און ער ווייסט אויך אז די ירידה למטה מאיגרא רמה לבירא עמיקתא איז אן ענין של צער גדול, און ס'איז פארבונדן מיט געוואלדיקע יסורים, ביז וואנעט אז מ'זאגט "ע"כ אתה חי" (אבות ספ"ד) - איז צוליב וואס דארף זיין דער ענין פון ירידת הנשמה למטה?

- ווען ס'וואלט געווען א ספק צי די נשמה וועט אויספירן תכלית ירידתה, דעמולט מוז מען טאקע שיקן די נשמה למטה, ווארום ס'איז ניטא קיין אנדער ברירה (כביכול), מ'דארף זעהן צי זי וועט אויספירן די כוונה; וויבאלד אבער אז דער אויבערשטער איז יודע עתידות (אפי' ווען דאס קומט שוין אראפ אין זמן, איז ער אויך יודע עתידות), ווייסט ער אז די נשמה וועט מקיים זיין תומ"צ, און וועט צוקומען צו די דרגא פון א צדיק, "אוהבי", איז צוליב וואס דארף מען מצער זיין די נשמה?

איז דער ביאור בזה: דאס וואס דער אויבערשטער ווייסט אז די נשמה בירידתה למטה וועט אויספירן די כוונה, איז דאס מערניס ווי "בכח", און מ'דארף האבן אז דער "בכח" זאל אראפקומען "בפועל" (ראה ג"כ קונטרס מוצאי ש"פ נח ס"ה-ו).

מג. ע"פ האמור לעיל, אז דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" (אז א נברא זאל ווערן איין מציאות מיטן אויבערשטן) ווערט אויפגעטאן דורך ירידת הנשמה למטה דוקא, און מ'דארף האבן דעם "בפועל" (ניט נאר "בכח") פון ירידת הנשמה למטה - וועט מען פארשטיין דעם קשר פון די משנה "אמר ריב"ל עתיד הקב"ה להנחיל כו'", צו די משנה שלפני' "תלות דבש כו'":

אין די משנה פון "תלות דבש" איז דאך דא א מחלוקת צווישן ב"ש מיט ב"ה. וכמדובר כמ"פ (לקו"ש ח"ו ע' 70 ואילך) אז מ'געפינט כו"כ פלוגתות צווישן ב"ש מיט ב"ה, וואס דער יסוד פון זייער מחלוקת באשטייט אין דעם, אז ב"ש האלטן "אזלינן בתר בכח", און ב"ה האלטן "אזלינן בתר בפועל".

איינע פון די פלוגתות פון ב"ש און ב"ה, איז בנוגע צו נרות חנוכה: ב"ש האלטן אז "יום ראשון מדליק שמונה, מכאן ואילך פוחת והולך", און ב"ה האלטן אז "יום ראשון מדליק אחד, מכאן ואילך מוסיף והולך" (שבת כא, ב).

- און -

און דער ביאור אין זייער מחלוקת איז: ב"ש האלטן אז מ'גייט נאך דעם "בכח", איז וויבאלד אז דער ערשטער טאג פון חנוכה איז כולל אין זיך "בכח" אלע איבעריקע טעג, צינדט מען אן ביום הראשון שמונה נרות, און ביום השמיני וואס דעמולט איז דא "בכח" מערניט ווי איין טאג, צינדט מען אן נר אחד; אבער ב"ה האלטן אז מ'גייט נאך דעם "בפועל", איז וויבאלד אז ביום הראשון איז דא "בפועל" מערניט ווי איין טאג, צינדט מען אן מערניט ווי נר אחד, און ביום השמיני וואס דעמולט זיינען דא "בפועל" אלע שמונה ימים, צינדט מען אן שמונה נרות.

ועד"ז איז זייער פלוגתא בנוגע צו "חלות דבש":

"ב"ש אומרים משיהרהר" (אדער "משיחרחר"), ווארום דעמולט איז דאס שוין משקה "<u>בכח</u>"; "ב"ה אומרים משירסק", ווארום זיי האלטן אז מ'גייט נאך דעם "בפועל", און ערשט "משירסק" ווערט דאס משקה "<u>בפועל</u>" *.

מד. ועפי"ז איז פארשטאנדיק דער קשר פון די משנה פון "חלות דבש", מיט די משנה פון "עתיד הקב"ה להנחיל כו'" – ווארום דער ענין פון "<u>להנחיל</u> אוהבי יש" איז אויך פארבונדן מיטן ענין פון "בכח" און "בפועל":

מ'האט גערעדט פריער (סמ"א) אז דער ענין פון "<u>להנחיל</u> אוהבי יש" (אז א נברא זאל ווערן איין מציאות מיטן אויבערשטן, במקום המוריש) ווערט אויפגעטאן דורך ירידה הנשמה למטה "<u>בפועל</u>";

קודם ירידתה למטה, האט זי טאקע אלע ענינים, דאס איז אבער אין אן אופן פון "בכח", איז אע"פ אז אין דעם "בכח" איז כלול דער גאנצער "בפועל", ביז וואנעט אז לדעת ב"ש גייט מען נאך דעם "בכח", אעפ"כ, ווען מ'האלט ווי ב"ה (וואס "נוחין ועלובין היו" (עירובין יג, ב)), העלפט ניט דער "בכח", נאר מ'דארף האבן אז דאס זאל אראפקומען "בפועל" **.

און דעמולט דארף מען נאך ווארטן אויף לע"ל – ווארום אין עוה"ז, איידער מ'האט מסיים געווען די עבודה, איז דאס נאך ניטא; ערשט לע"ל וועט זיך אויפטאן דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא".

- מה. -

---

*) לשלימות הענין – ראה שיחת מוצאי ש"פ וישב, מבה"ח טבת. ושיחת מוצאי ש"פ מקץ, שבת חנוכה ש.ז.

**) הביאור בזה לשיטת ב"ש – נתבאר בשיחת מוצאי ש"פ מקץ, שבת חנוכה ש.ז.

מה. דערנאך איז די משנה ממשיך: "לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום, שנאמר ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום". והביאור בזה:

כאמור לעיל (סל"ג), איז דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" - אז ער ווערט איין מציאות מיטן אויבערשטן, במקום המוריש. איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען סאקע זיין אז שטייענדיק למטה אין א מציאות של נברא (נאך דעם "ויפח באפיו נשמת חיים" (בראשית ב, ז)) מדוד ומוגבל, זאל ער זיין איין זאך מיטן אויבערשטן, במקום המוריש?!

- דער אויבערשטער איז סאקע "כל יכול", אבער דא רעדט זיך (ניט ווי דער ענין בלייבט בדרגתו של הקב"ה, נאר) ווי דאס קומט אראפ אין נבראים, ד.ה. אז א נברא זאל זיין "כל יכול";

אז זייענדיק א נברא מדוד ומוגבל, א נשמה בגוף

[וכידוע די פלוגתא צווישן דעם רמב"ם מיטן רמב"ן בנוגע צו לע"ל, אז דער רמב"ם (בפיהמ"ש סנהדרין פי"א ד"ה ועתה אחל. הל׳ תשובה פ"ח ה"ב) האלט אז עיקר השכר וועט זיין אין עוה"ב וואס "אין בו לא אכילה ולא שתי׳ כו׳" (ברכות יז, א), ניט קיין נשמה בגוף, און דער רמב"ן (בשער הגמול) האלט אז עיקר השכר וועט זיין צו נשמות בגופים, ווארום וויבאלד אז מ׳האט מקיים געווען תומ"צ מיטן גוף, דארף דער גוף באקומען דעם שכר אויף דערויף, ביז צו דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש". - און די מסקנא בלייבט דאך כשיטת הרמב"ן - א נשמה בגוף דוקא (לקו"ת צו טו, ג. ש"ש ס"ה סע"ד. דרמ"צ יד, ב. וראה תשובות וביאורים ע׳ 57 הע׳ 23)],

זאל ביי אים זיין דער "להנחיל אוהבי יש" - ער זאל זיין במקום המוריש, בדוגמת הבורא - איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק ווי אזוי קען דאס זיין?

און די שאלה הנ"ל, איז ניט נאר אז די וועט בלייבן אויך לע"ל, נאר אדרבה, דעמולט וועט גאר ווערן עיקר השאלה: ווארום כל זמן אז דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" איז נאך ניט בגלוי, ס׳איז מערניט וואס מ׳האט אין דערויף אמונה - איז די קושיא ניט אזוי גרויס, ווארום אמונה קען דאס פארטראגן;

אבער לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" בגלוי (און מ׳וועט דאס דארפן פארשטיין בשכל, ביז אז ס׳וועט ווערן דם ובשר כבשרו) - ווערט ערשט די שאלה ווי אזוי קען זיין אז א נברא זאל ווערן איין זאך מיטן אויבערשטן, בדוגמת הבורא?

- מו. -

מו. אויף דערויף זאגט די משנה: "לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא כו׳":

א נברא מצד עצמו, קען ניט דורכפירן דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש" (ער זאל זיין במקום המוריש); נאר אזוי ווי דער אויבערשטער וויל דאך אז אידן זאלן באקומען שכר, ביז צו תכלית השלימות - "להנחיל אוהבי יש", זיי זאלן זיין בדוגמת הבורא, במקום המוריש - דארף דער אויבערשטער גיין און זוכן א "כלי" דורך וועלכן מ׳וועט קענען אויפנעמען דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש". און דער "כלי מחזיק ברכה" צו דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש", איז דער ענין פון "שלום", כדלקמן (סמ"ז).

ד.ה. אז דא רעדט זיך ניט וועגן די ברכה פון שלום, ווארום דער ענין איז שייך ניט נאר ביי אידן, נאר אויך ביי או"ה, ווארום דאס וואס "שלום שקול כנגד הכל", איז פארשטאנדיק בשכל בפשטות, און דאס איז סיי ביי אידן סיי ביי ניט אידן (להבדיל);

נאר דא רעדט זיך וועגן דעם ענין פון שלום (ניט אלס ברכה בפ"ע, נאר) אלס "כלי מחזיק ברכה" צו דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש".

און דערפאר זאגט מען אז דאס איז "כלי מחזיק ברכה לישראל" דוקא, ווארום דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" (אז ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן - א מציאות נצחי) איז שייך נאר ביי אידן, משא"כ ביי או"ה וואס זיי זיינען מוגבלים, ניט קיין נצחיים

[בנוגע צו חסידי או"ה זאגט טאקע דער רמב"ם (הל׳ מלכים ספ"ח) אז "יש להם חלק לעוה"ב" - איז אבער פארשטאנדיק, אז ס׳איז דא א נפק"מ צווישן דעם חלק פון אידן מיטן חלק פון די חסידי או"ה, כמבואר אין זהר (ז"ח רות עח, ד) ובכ"מ, ואין כאן המקום להאריך בזה].

בשעת ס׳רעדט זיך אבער וועגן אידן, וואס זיי זיינען "בנים אתם לה׳ אלקיכם" (ראה יד, א), און "בני בכורי ישראל" (שמות ד, כב) - ביי זיי איז דא דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש", ווארום א בן איז דאך יורש נכסי אביו, ביז אז "תחת אבותיך יהיו בניך", אז ער ווערט די מציאות פון דעם מוריש -

אויף דערויף דארף דער אויבערשטער געפינען א "כלי" וועלכע זאל מאחד זיין די מציאות הנברא, וואס ער איז א מציאות מוגבלת, מיט מציאות הבורא (כביכול), דער בלי גבול האמיתי.

און דאס איז אויך דער דיוק הלשון "כלי מחזיק ברכה" -

- אז -



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אז רער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" קומט אראפ אין א "כלי", באופן של מדידה והגבלה (וואס דאס איז דער ענין הכלי, ווארום אן ענין וואס איז למעלה ממדידה והגבלה, איז ניט קיין כלי) ווארום זייענדיק א מציאות של נברא מדוד ומוגבל, ווערט ביי אים דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" (כנ"ל סכ"ה)

מז. און דער "כלי מחזיק ברכה" (אויף דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש") איז דער ענין פון "שלום". והביאור בזה:

דער ענין פון "שלום" איז דאך, אז ס'זיינען דא צוויי ענינים וואס זיינען מנגדים זל"ז, און ניט נאר אז זיי זיינען מנגדים זל"ז, נאר נאכמער: זיי האבן א מלחמה צווישן זיך - און דער ענין פון "שלום" איז דער "דבר המחבר ומתווך ב׳ קצוות הפכיים" (אגה"ק ס"ל).

ועד"ז בעניננו: כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" - אז א נברא און אן ענין של גבול זאל ווערן איין זאך מיטן בורא ובל"ג (וואס דאס איז דער ענין פון "להנחיל", אז ער איז במקום המוריש) - דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון "שלום", ווארום ס'איז ניטא קיין גרעסערע מלחמה ווי די מלחמה וואס איז דא צווישן גבול מיט בלי גבול.

וכמבואר אין תניא (פמ"ח), ומובן אויך בפשטות אז "לגבי דבר שהוא בבחי׳ בלי גבול ומספר כלל, אין כנגדו שום ערך במספרים, שאפי׳ אלף אלפי אלפים וריבוא רבבות אינן אפי׳ כערך מספר אחד לגבי אלף אלפי אלפים ורבוא רבבות, אלא כלא ממש חשיבי", ד.ה. אז לגבי בל"ג איז ניטא קיין נפק"מ צווישן אחד מיט אלף אלפי אלפים כו׳, ביידע האבן דעם זעלבן ניט-באטרעף; ניט דעם זעלבן באטרעף, נאר דעם זעלבן ניט-באטרעף.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז די התנגדות ומלחמה וואס איז דא צווישן גבול מיט בל"ג איז די גרעסטע וואס קען זיין, ווארום לגבי דעם בל"ג האט דער גבול קיין באטרעף ניט.

און דא זאגט מען אז ס'ווערט דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" - אז דער נברא וגבול ווערט איין זאך מיטן בורא ובל"ג, ניט נאר אז ס'איז ניטא קיין מלחמה צווישן זיי, נאר זיי ווערן איין מציאות, "ישראל (אורייתא) וקוב"ה כולא חד"

וואס אויף דערויף דארף מען אנקומען צו אמיתית ענין השלום, און דוקא דער אויבערשטער קען דאס טאן - "ה׳ יברך את עמו בשלום".

מח. אלס הקדמה צו "ה׳ יברך את עמו בשלום", ברענגט די משנה אויך התחלת הכתוב "ה׳ עוז לעמו יתן". והביאור בזה:

- ס'שטייט -

ס'שטייט אין מדרש (שמו"ר פ"ח, א) "מהו לבושו של הקב"ה עוז, שנאמר לבש ה' עוז". און דעם לבוש האט דער אויבערשטער אוועקגעגעבן צו אידן, ווי ס'שטייט "ה' עוז לעמו יתן".

און כדי אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש", אז ער זאל ווערן איין מציאות מיטן אויבערשטן, און ס'זאל אראפקומען (בפנימיות) אין א כלי (וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "שלום", וואס ער איז דער "כלי מחזיק ברכה") - דארף פריער זיין דער ענין פון "ה' עוז לעמו יתן", אז אידן באקומען לבושו של הקב"ה, אן ענין של מקיף, און ערשט דערנאך קען זיין דער ענין פון "ה' יברך את עמו בשלום", וואס דאס איז דער "כלי" דורך וועלכן אידן ווערן איין מציאות מיטן אויבערשטן ("להנחיל אוהבי יש").

ועד"מ: איידער מ'לערנט א חכמה מסוימת, דארף מען פריער לערנען דעם אל"ף בי"ת (וואס איז א אל"ף, און וואס איז א בי"ת, און קמץ א אָ וכו'), וואס דאס איז ניט קיין ענין של הבנה והשגה; און נאך דערויף וואס ער קען שוין דעם אל"ף בי"ת, קען ביי אים זיין דער ענין פון הבנה והשגה אין דעם שכל המלובש אין די אותיות.

ועד"ז בנוגע צו דעם אופן הלימוד אין תורה, אז פריער לערנט מען די כללים שבתורה, די השכלות ראשונות, וואס דעמולט האט ער דעם ענין מערניט ווי באופן מקיף, ווארום ער ווייסט נאר דעם כלל שבתורה (די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהם וכו'), און דאס איז נאך ניט אראפגעקומען אין א דין פרטי; און ערשט דערנאך קען ער לערנען פרטי הדבר וכו'.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בעניננו - אז פריער דארף זיין דער ענין פון "ה' עוז לעמו יתן", אז אידן באקומען לבושו של הקב"ה, אן ענין של מקיף, און ערשט דערנאך קען זיין דער ענין (פון "ה' יברך את עמו בשלום", וואס דאס איז דער "כלי מחזיק ברכה" אויף דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש") אז זיי זאלן ווערן איין זאך מיטן אויבערשטן.

מט. כמדובר כמ"פ אז ס'איז דא דער ענין פון "נעוץ סופן בתחילתן" (ספר יצירה פ"א מ"ז) - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'דארף זיין א קשר ושייכות צווישן דעם סיום פון ששה סדרי משנה מיט די התחלה פון ששה סדרי משנה.

וע"פ האמור לעיל (סמ"ג-ד) אז אין די לעצטע צוויי משניות (די משנה פון "חלות דבש", און די משנה "עתיד הקב"ה להנחיל כו'") רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "בכח" און "בפועל" - קען מען זאגן אז די ערשטע משנה פון ששה סדרי

- משנה -

משנה, "מאימתי קורין את שמע בערבית", רעדט זיך אויך וועגן דעם ענין פון "בכח" און "בפועל".

והביאור בזה:

דער ענין פון ק"ש איז דאך דער ענין פון "קבלת עול מלכות שמים" (ראה ברכות יג, א), איז לכאו' ניט פארשטאנדיק, צוליב וואס דארף מען האבן דעם ענין פון ק"ש בערבית;

דאס וואס מ'דארף האבן דעם ענין פון ק"ש בשחרית, איז פארשטאנדיק, ווארום איידער ביי אים איז דא דער "יצא אדם לפעלו ולעבודתו" (תהלים קד, כג), דארף ער מקבל זיין אויף זיך עול מלכות שמים, כדי אז עבודתו במשך כל היום זאל זיין ווי ס'דארף צו זיין;

אבער ווען ס'קומט די צייט פון ערבית, וואס דעמולט דארף זיין "בשכבך", ער לייגט זיך שלאפן - איז צוליב וואס דארף מען דעמולט האבן דעם ענין פון (ק"ש) קבלת עול מלכות שמים? - דעמולט דארף זיין דער "בידך אפקיד רוחי", ער דארף מאכן א חשבון צדק ווי אזוי איז ביי אים דורכגעגאנגען דער גאנצער טאג; אבער צוליב וואס דארף מען דעמולט האבן דעם ענין פון קבלת עול מלכות שמים - ער גייט דאך שלאפן?

איז דער ביאור בזה: דער ענין פון קבלת עול מלכות שמים ווי דאס איז בתחלת היום, איז מערניט ווי "בכח", ד.ה. אז איידער ער גייט אוועק אין וועלט, איז ער מקבל אויף זיך עול מלכות שמים, ער איז ממליך דעם אויבערשטן אין די ז' רקיעים וארץ און ד' רוחות העולם (ברכות שם, ב), אבער דאס איז נאר "בכח", ווייל ס'איז נאך קודם העבודה;

בשעת ס'קומט אבער "עדי ערב", דער זמן פון "בשכבך", דארף ער דאך מאכן דעם חשבון צדק מכל מה שעבר עליו במשך היום, און אז ער כאפט זיך אז ס'איז געווען עפעס אן ענין שלא כדבעי, ער האט געטאן א זאך ניט טראכטנדיק בשעת מעשה אז דאס איז "לשם שמים", אדער "בכל דרכיך דעהו" - קען ער דעמולט משלים זיין די ענינים בשעתא חדא וברגעא חדא, דורך דערויף וואס ער איז מקבל אויף זיך עול מלכות שמים (בנוגע צו די ענינים וואס האבן ביי אים געפעלט),

ד.ה. אז די קבלת עול מלכות שמים פון ערבית, איז אין אן אופן פון "בפועל", ווארום דעמולט איז די קבלת עול מלכות שמים (ניט אזוי ווי בשחרית אז ס'איז מערניט ווי "בכח", וויבאלד אז דאס איז קודם העבודה, נאר) אין אן אופן אז ער איז גלייך משלים די ענינים וואס האבן געפעלט במשך פון דעם טאג.

ב. אין דעם ענין פון ק"ש בערבית (וואס ענינה איז קבלת

- עול -

עול מלכות שמים "בפועל") גופא, איז אויך דא דער ענין פון "בכח" און "בפועל", און אין דערויף איז די פלוגתא פון ר"א מיט די חכמים ור"ג בנוגע צו דעם סוף זמן ק"ש של ערבית:

ר"א האלט "עד סוף האשמורה הראשונה", און די חכמים ור"ג האלטן אז דער זמן (מדאורייתא) איז "עד שיעלה עמוד השחר" (נאר די חכמים האבן געמאכט א גדר "עד חצות"). והביאור בזה:

ר"א וואס ער איז מתלמידי ב"ש (וואס לדעת כמה מפרשי הש"ס (רש"י ד"ה שמותי ותוס' ד"ה דר"א דשמותי - שבת קל, ב) איז דער אפטייטש פון "שמותי הוא" (שבת שם) אז ער איז מתלמידי ב"ש), זאגט ער "עד סוף האשמורה הראשונה", ווארום גלייך ביי די אשמורה ראשונה איז שוין דא "בכח" די גאנצע נאכט, און שיטת ב"ש איז דאך אז מ'גייט נאך דעם "בכח".

און ר"ג וואס ער איז מתלמידי ב"ה (יבמות סו, א) - ועד"ז איז דעת חכמים (כנ"ל) - זאגט ער "עד שיעלה עמוד השחר", ווארום שיטת ב"ה איז אז מ'גייט נאך דעם "בפועל", וואס דערפאר איז כל זמן אז ס'איז נאך ניט דורכגעגאנגען דער "בפועל" פון די (גאנצע) נאכט, קען מען נאך אלץ מתקן זיין, און זאגן "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד".

נא. ויה"ר אז נאך שטייענדיק אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, וואס דער גלות ווערט אנגערופן בשם "לילה" (תו"א נ, סע"ד ואילך), ועאכו"כ ווי דער גלות איז בדורות הכי אחרונים ובתקופתנו זו, אז אין לילה גופא איז דאס אין אן אופן פון "וימש חושך" (בא י, כא) - זאל מען מהפך זיין דעם חושך הגלות,

דורך דערויף וואס מ'וועט זיך עוסק זיין אין לימוד התורה, און אין אן אופן פון "ברכו בתורה תחלה" (ב"מ פה, רע"ב. נדרים פא, א), אז פריער פארבינדט ער זיך מיט "נותן התורה", וואס דאס איז דער ענין פון עבודת התפלה, און דערנאך לערנט ער תורה, און דערנאך איז דער לימוד מביא לידי מעשה - דער ענין פון קיום המצוות,

וואס דורך דערויף ווערט גלייך דער ענין פון "פדה בשלום נפשי" - די גאולה הפרטית פון יעדערן פון די לומדי תורה ומקיימי מצוות, און דאס ברענגט אראפ אויך די גאולה כפשוטה.

און אע"פ אז מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים" (ישעי' ס, ב), וועט אבער זיין דער ענין פון "ועליך יזרח ה'" (שם), אז ביי יעדער אידן און ביי אלע אידן וועט זיין דער "והי' לך ה' לאור עולם" (שם, יט).

- און -

און דאס זאל אראפקומען בפועל למטה מעשרה טפחים, אז "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם" (בא שם, כג), נאך אין די לעצטע טעג וואס מ'געפינט זיך אין מצרים - וואס "כל המלכיות נקראות ע"ש מצרים שהם מצירים לישראל" (ב"ר פט"ז, ה).

און ס'וועט זיין דער "וינצלו את מצרים" (בא יב, לו) - אז מ'וועט מיטנעמען אלע ענינים טובים וואס געפינען זיך בכל מקום שהוא, און אין אן אופן אז ס'וועט בלייבן "כמצודה שאין בה דגן וכמצולה שאין בה דגים" (ברכות ט, ב).

ביז ס'וועט זיין דער "ובנ"י יוצאים ביד רמה" (בשלח יד, ח) - און "כימי צאתך מארץ מצרים (ביז אין אן אופן פון) אראנו נפלאות" (מיכה ז, טו) - אז מ'וועט ארויסגיין "ביד רמה" מקבל זיין פני משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

נב. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה פדה בשלום נפשי.

* * *

נג. מ'האט דאך גערעדט פריער (סכ"ב) אז דער ענין פון חלוקת הש"ס איז פארבונדן מיט "ציון <u>במשפט</u> תפדה", און אויך וועגן דעם ענין הצדקה, אז אויף דערויף זאגט מען "ושבי' בצדקה" -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין די לעצטע טעג פון גלוה, דארף מען מוסיף זיין סיי אין דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה" - דער ענין פון לימוד התורה, און סיי אין דעם ענין פון "ושבי' בצדקה" - דער ענין הצדקה,

[ובפרט לויט די קביעות פון ש.ז. אז י"ט כסלו איז חל ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב (אזוי ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה) - "טוב לשמים וטוב לבריות", איז נאכמער בהדגשה אז ס'דארף זיין א הוספה סיי אין דעם ענין פון לימוד התורה - "טוב לשמים", און סיי אין דעם ענין הצדקה - "טוב לבריות"],

וואס דורך די הוספה אין "במשפט" און אין "בצדקה" - וועדט א הוספה אין דעם "(בעתה) <u>אחישנה</u>" (ישעי' ס, כב. סנה' צח, א), אז דער אויבערשטער היילט צו די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

נד. ובהמשך לזה - איז כרגיל בכל התוועדות פון י"ט כסלו, אז מ'זאל פאנאנדערטיילן צעטלען, כדי אז יעדערער זאל זיך קענען משתתף זיין אין חלוקת הש"ס, דורך דעם וואס ער נעמט איין מסכת פון ש"ס, וואס דורך דעם איז ער זיך משתתף אין לימוד <u>כל</u> הש"ס.

- וכמדובר -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

וכמדובר כמ"פ (ראה לקו"ש ח"י ע' 267 ובהנסמן שם) אז דורך דעם וואס מ'איז זיך משתתף אין חלוקת הש"ס, האט ער אויך א שייכות צו דעם לימוד הש"ס פון די אנדערע משתתפים אין דער חלוקה, און עס ווערט פאררעכנט כאילו ווי ער האט געלערנט כל הש"ס כולו.

וואס יעדער ענין דארף דאך האבן דוגמתו אין הלכה - געפינט מען בנוגע צו עשיית מלאכה בשבת, אז א מלאכה שעשאוה שנים, איז אויב ס'איז א מלאכה וואס קען ניט געטאן ווערן ע"י אחד ("זה אינו יכול וזה אינו יכול"), זיינען שניהם חייבים (שבת צב, ב ואילך. רמב"ם הל' שבת פ"א הט"ז), פונקט ווי יעדערער פון זיי וואלט געטאן די גאנצע מלאכה, וויבאלד אז אופן עשיית מלאכה זו איז בשנים דוקא.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון חלוקת הש"ס:

מצד דערויף וואס מ'האט דעם חיוב פון לערנען שאר חלקי התורה, און מ'טוט אין קיום המצוות, ביז אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין, ובפרט אז מ'טוט אין די מבצעים כלליים,

אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל, מבצע חינוך, מבצע תורה, מבצע מזוזה, מבצע צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און די דריי מבצעים וואס זיינען שייך במיוחד צו נשי ובנות ישראל: מבצע נרות שבת קודש ויו"ט, מבצע כשרות האכו"ש, און טהרת המשפחה -

בלייבט דאך ניט קיין צייט צו מסיים זיין כל הש"ס כולו במשך שנה אחת. ובפרט אז אופן לימודו איז בעיון וביגיעה גדולה ביותר, וואס דעמולט איז אפי' אויב "תורתו אומנתו", קען ער אויך ניט מסיים זיין כל הש"ס כולו במשך שנה אחת.

[ומי לנו גדול פון ר' אשי (וואס ער איז געווען דער מסיים וחותם הש"ס, און אין ש"ס גופא - תלמוד בבלי) - וואס ביי אים האט גענומען דרייסיג יאר אפלערנען כל הש"ס אין מהדורא קמא, און נאך דרייסיג יאר - מהדורא בתרא, וויבאלד אז "ירחי כלה" איז געווען צוויי חדשים א יאר, און אין יעדן חודש האט מען געלערנט איין מסכת (ראה רשב"ם ר"ה מהדו"ב - ב"ב קנז, ב)].

און וויבאלד אז לימוד כל הש"ס איז אן ענין וואס קען ניט געטאן ווערן ע"י אחד, נאר מ'מוז אנקומען צו חלוקת הש"ס, איז דאך פארשטאנדיק, אז דעמולט איז דאס כאילו ווי יעדערער פון די משתתפים אין דער חלוקה האט געלערנט כל הש"ס כולו, וויבאלד אז דאס איז א מלאכה וואס קען ניט געטאן ווערן ע"י אחד.

- נה. -

נה. ובנוגע צו דעם ענין הצדקה - איז כרגיל בכמה התוועדויות, ובפרט אין א התוועדות פון י"ט כסלו, ווען מען בעסק אז די וואס זיינען זיך עוסק בזירוז אין די מבצעים - ווי מ'רופט זיי אן בשם "טאנקיסטן" - זאלן ארויסגיין און מיטנעמען פון דאנעט שטרות של ממון, און געבן יעדערן פון די מסובים צוויי שטרות: איין שטר אויף צו געבן אויף אן ענין פון "טוב לשמים", און איין שטר אויף אן ענין פון "טוב לבריות". ומה טוב אז מ'זאל מוסיף זיין מדילי' אויף די צוויי שטרות, און טאן דערמיט אן ענין פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות".

און טאן דאס אין אן אופן של זריזות, וואס דער ענין הזריזות אין אלע ענינים פון תורה ומצוותי', איז דאך אן ענין הכי גדול - ווי דער בעל הגאולה איז מבאר אין אגה"ק סימן כ"א [וואס חסידים גיבן אויף דערויף דעם סימן "אך טוב לישראל" (לשון הכתוב - תהלים עג, א)], אז "זריזותי' דאברהם אבינו ע"ה היא העומדת לעד לנו ולבנינו עד עולם (נאכמער פון דעם ענין העקידה גופא, ווארום) כי העקידה עצמה אינה נחשבת כ"כ לנסיון גדול לערך מעלת אברהם אבינו",

און ער איז אויך מבאר, אז דער ענין הזריזות באווייזט אויף "שמחתו וחפצו למלאות רצון קונו כו'" - דער ענין פון אהבת ה' (וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש").

נו. ויה"ר אז דורך דער החלטה (וואס מ'איז איצט מחליט) אויף מוסיף זיין אין "במשפט" און "בצדקה" - זאל מקוים ווערן בקרוב ממש דער "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה", בגאולה האמיתית והשלימה, למטה מעשרה טפחים, יבוא ויגאלנו תיכף ומיד, וכפס"ד הרמב"ם (הל' תשובה פ"ז ה"ה) "הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה בסוף גלותן ומיד הן נגאלין",

און "מיד" אין אן אופן ווי דאס איז אפי' לויט די מדידה פון בשר ודם - "מיד" כפשוטו,

אפי' ווען ס'איז דא די שאלה אז פריער דארף קומען אלי' הנביא וכו' (ראה עירובין מג, ב) - איז כמדובר כמ"פ, אויב ס'וועט בלייבן א שאלה וקושיא, וועט דאס אלי' הנביא פארענטפערן.

וכאמור, אז דער עיקר איז - אז ס'זאל זיין די גאולה האמיתית והשלימה פון כל אחד ואחת מבנ"י, און פון כל ישראל כולם, בעגלא דידן, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

נז. נוסף אויף דעם וואס מ'האט דערמאנט פריער (סנ"ד) די

- אלע -

אלע מבצעים - איז כאן המקום להזכיר בנוגע צו דעם וואס ס'האט זיך גערעדט אין די פריערדיקע התוועדות (מוצאי ש"פ ויצא, ט' כסלו) אז מ'זאל זיך משתדל זיין אז די התוועדות פון י"ט כסלו זאל זיין ס'יי אין א מקום מרכזי, און סיי אין באזונדערע ערטער (ויש בזה מה שאין בזה, ווי גערעדט דעמולט בארוכה (וראה גם לקו"ש ח"י ע' 230)) -

אז די וואס האבן דאס ניט געטאן אין י"ט כסלו (מאיזה סיבה שתהי'), זאלן זיי דאס טאן אין די ימים שלאח"ז, ובפרט אז די ימים שלאח"ז ציען זיך אריין אויך אין ימי חנוכה.

נח. ממבצע למבצע ומענין לענין באותו ענין - איז כאן המקום מזרז זיין אויף אן ענין שהזמן גרמא - דער ענין פון "מבצע חנוכה",

אז יעדער בית בישראל - סיי ביי די אידן וואס געפינען זיך דא, סיי ביי די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל בכלל, ועאכו"כ ביי די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב) - זאל ווערן ליכטיק מיט "נר מצוה ותורה אור" (משלי ו, כג) דנרות חנוכה,

און אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור מיום ליום, ווי ס'איז געווארן דער "מנהג פשוט" צו מקיים זיין די מצוה אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין (רמ"א או"ח סתרע"א ס"ב).

כולל אויך אז מ'זאל זיך משתדל זיין בנוגע צו די וואס געפינען זיך אין בית הרופאים אדער אין בית האסורים, אז זיי זאלן קענען מקיים זיין די מצוה פון "נר חנוכה" כתיקונה, ביז אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין.

און אז מ'וועט זיך משתדל זיין בזה בעוד מועד, וועט מען דאס קענען דורכפירן בכל מקום ומקום, ווי עס האט באוויזן דער נסיון בשנה שעברה, אז דארטן וואו מ'האט זיך משתדל געווען בעוד מועד וכדבעי, האט מען מצליח געווען.

נט. און דער ענין פון "נרות חנוכה" זאל זיין א הכנה קרובה צו "נרות ציון",

ע"ד ווי נרות שבת קודש (ויו"ט) זיינען א הכנה קרובה צו "נרות ציון", ווי ס'שטייט אין מדרש (ילק"ש ר"פ בהעלותך) "אם שמרתם נרות שבת אני מראה לכם נרות של ציון",

עד"ז זיינען "נרות חנוכה" אויך א הכנה קרובה צו "נרות ציון" - ווארום סיבתם (פון נרות חנוכה) איז דאך דער נס וואס האט געטראפן אין נרות המנורה <u>שבביהמ"ק</u> - "והדליקו נרות בחצרות קדשך"

- אע"פ -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

אע"פ אז ס'איז דא דער פירוש בזה אז דאס גייט ניט אויף די נרות שבביהמ"ק (ראה לקו"ש ח"י ע' 279 בהע') - איז אבער אין ענין יוצא מידי פשוטו, אז דאס איז פארבונדן מיט די נרות פון ביהמ"ק.

ובקרוב ממש ומה טוב אז ס'זאל זיין תיכף ומיד (כנ"ל סנ"ו), ועכ"פ בעגלא דידן זאל מען זוכה זיין זעהן "נרות ציון" צוזאמען מיט "נרות חנוכה", וואס "הנרות הללו אינן בטלין לעולם" (רמב"ן ר"פ בהעלותך).

און פון שמונה נרות חנוכה וועט מען קומען צו דעם ענין פון כנור של שמונה נימין (ערכין יג, ב. וראה לקו"ת תזריע כא, ד. וראה אוה"ת חנוכה שכו, ב), בביאת משיח צדקנו - וואס ער איז פון די שמונה נסיכי אדם (מיכה ה, ד. סוכה נב, ב) - בדוגמת שמונת ימי חנוכה, כמבואר בארוכה אין דרושי חנוכה (תו"א מקץ לד, א. דרמ"צ מצות נ"ח. ועוד).

און נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות זאל זיין "לכל בנ"י הי' אור במושבותם" (בא י, כג), און ארויסגיין בקומה זקופה וביד רמה מקבל זיין פני משיח צדקנו, בקרוב בימינו ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא רביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי. האפ קאזאק. לכתחילה אריבער. ניגון של שמח"ת (ניגון הקפות של אביו רלוי"צ ז"ל).

* * *

ס. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין הצדקה -

איז די וואס וועלן טאן אין "מבצע חנוכה", סיי די וואס געפינען זיך דא, און אויך די וואס פארן פון דער שטאט אין אנדערע שטעט, ועאכו"כ די וואס פארן אין אנדערע מדינות,

זאלן מארגן ארייגנגיין אין מזכירות, און יעדערער פון זיי וועט באקומען (א מספר שלם פון) עשר שקלים, אויף מיטנעמען דאס אין די מקומות וואו מ'וועט טאן אין "מבצע חנוכה".

ויה"ר אז די הכנות צו "מבצע חנוכה" זאלן זיין אין אן אופן פון "מלכתחילה אריבער", עאכו"כ וועגן יעדערער (פון די וואס פארן) וועט קומען למקומו, זאל דאס ביי אים זיין מלכתחילה אריבער ביתר שאת וביתר עוז, עאכו"כ בנוגע צו "מבצע חנוכה" עצמו, וואס ענינו איז דאך אז מ'איז מוסיף בכל יום נאך א נר,

ביז אז ס'וועט זיין דער "ולילה כיום יאיר" (תהלים קלט, יב), און "והי' לך ה' לאור עולם" (ישעי' ס, יט).

- וכאמור -

וכאמור לעיל (סנ"ט) אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות מצרים - וואס "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים" - וועט זיין "לכל בנ"י הי' אור במושבותם",

און "כימי צאתך מארץ מצרים" (מיכה ז, טו), אז גלייך נאך דערויף איז געווען דער ענין פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה" (בשלת יד, ח) - זאל אזוי זיין בימינו אלו, למטה מעשרה טפחים כפשוטו, אין אן אופן פון "ביד רמה" און בקומה זקופה, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

סא. צוה לנגן הושיעה את עמך.

דער ענין (פון הושיעה את עמך) האט א שייכות מיוחדת צו די אידן וואס געפינען זיך מאחורי מסך הברזל [וואס במדינה ההיא איז דאך געווען דער מאסר והגאולה פון בעל הגאולה] - אז בקרוב ממש זאלן זיי זעהן בגלוי דעם ענין פון "הושיעה את עמך" (תהלים כח, ט), ביז אז ס'וועט זיין "ורעם ונשאם" - א נשיאת ראש בכל המובנים.

און בתוך כלל ישראל זאלן זיי זוכה זיין זעהן בעיני בשר די גאולה הפרטית און די גאולה הכללית, אז מ'וועט גיין אלע צוזאמען מקבל זיין פני משיח צדקנו,

כולל אויך די "הנצנים נראו בארץ" (שה"ש ב, יב) - די עולים חדשים וואס געפינען זיך שוין אין אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", וואס זיי האבן דורכגעטראטן די וועג, און פורץ געווען דעם גדר.

און דאס וועט ממהר זיין דעם "עלה הפורץ לפניהם" (מיכה ב, יג), וואס דאס גייט דאך אויף משיח צדקנו (ראה ב"ר פפ"ה, יד ובפירש"י שם), וואס ער וועט פורץ זיין אלע מדידות והגבלות, סיי בנוגע צו עבודה רוחנית, סיי בנוגע צו עבודה כפשוטה, סיי בנוגע צו חיים כפשוטם - אז אלע ענינים זאלן זיין מתוך הרחבה ומתוך הרווחה, בכל הפרטים ובכל המובנים.

ובפרט בנוגע צו ירושלים עיר קדשנו - כלשון הכתוב (וואס דאס איז דאך הבטחתו של הקב"ה) "<u>פרזות</u> תשב ירושלים" (זכרי' ב, ח).

צוה לנגן פרזות תשב ירושלים.

* * *

סב. ווי דערמאנט כמ"פ - אז די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט אמאל געזאגט, אז דאס

- איז -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

איז ניט קיין ענין של יציאה, נאר ס'איז מערניט ווי א הפסק צווישן התוועדות שמחה זו צו די התוועדות הבאה לקראתנו בקרוב ממש.

ביז אז מ'וועט קומען צו די התוועדות הכללית - אז אלע אידן וועלן זיך צוזאמענקלייבן ביחד, און דער אויבערשטער "יושב ביניהם" (תענית בסופה), און ביי יעדער אידן וועט זיין דער ענין פון "ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה' קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו" (ישעי' כה, יט), איך אן אופן פון "מראה באצבע ואומר זה" (תענית שם. וראה פירש"י בשלח טו, ב) -

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

*  *  *

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ וישב, מבה"ח טבת - בתדרו - ה'תשל"ת.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך מוצאי שבת קודש - מלוה מלכה - פון דעם שבת שלאחרי י"ט כסלו.

וואס וויבאלד אז בשבת זיינען עולה אלע ענינים פון ששת ימי המעשה - ובפרט די ענינים פון תומ"צ - אין דער דרגא פון שבת, ביז אין דער דרגא פון רעוא דרעוין און נאך העכער,

איז פארשטאנדיק, אז דאס איז דער זמן המסוגל והמתאים צו משלים זיין (אויך בפשטות) די ענינים וואס מסיבות איז ניט אויסגעקומען משלים זיין אין דער התוועדות פון י"ט כסלו, סיי בנוגע צו די ענינים פון נגלה, און סיי בנוגע צו די ענינים פון חסידות.

ב. נאך אן ענין אין דעם שבת - אז דאס איז שבת מברכים חודש טבת.

ונוסף לזה: שבת איז דאך דער טאג וואס "מיני' מתברכין כולהו יומין" (זח"ב סג, ב) - די ששה ימים שלאחריו, וואס ביום השני הויבט זיך אן דער ערשטער טאג פון ימי חנוכה,

וואס כללות ימי חנוכה ווערן נכלל אין יום הראשון דחנוכה, כמבואר אין שערי אורה (יז, ב), וכמובן אויך בפשטות, ווארום ביום הראשון פון חנוכה האט מען דאך געפונען דעם פך שמן וואס פון אים האט מען אנגעצונדן די נרות במשך פון אלע שמונה ימים.

און דער ענין פון חנוכה הויבט זיך שוין אן פון יום ראשון (שלאחרי שבת זה), ערב חנוכה, כמנהג ישראל אז מ'הויבט אן צוגרייטן די מנורה און דעם שמן פון חנוכה - בערב חנוכה.

ונוסף לזה: חנוכה איז דאך מלשון "חנו כ"ה" - דעמולט איז געווען די חני' פון די מלחמה שלפנ"ז (תקו"ז תי"ג. טואו"ת סהר"ע), וואס די מלחמה האט זיך געענדיקט בכ"ד בכסלו (כמובא אויך אין תו"א (ס"פ וישב)) - און כ"ד כסלו (יום ראשון) הויבט זיך דאך אן פון דעם מוצאי שבת.

ג. דער ענין פון י"ט כסלו (וואס ענינים זיינען עולה אין דעם שבת) האט א שייכות צו (די ימים שלאחריו, ביז צו) ימי חנוכה (וועלכע זיינען "מתברכין" פון דעם שבת) - ווארום דער ענין הגאולה וואס האט זיך אנגעהויבן בי"ט כסלו, איז נמשך געווארן ביז אין ימי חנוכה:

- כמסופר -

כמסופר אין לקו"ד (ח"א כט, א) פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, איז די גאולה געווען בי"ט כסלו "בעת תפלת מנחה",

און דערנאך זיינען דורכגעגאנגען די ג׳ שעות וואס ער איז געווען בדירת המתנגד (וואס אע"פ אז ער איז שוין ארויסגעגאנגען פון בית האסורים, זיינען אבער געווען די דריי שעה וואס דעמולט איז ער געווען אין א מצב וואס איז ניט מתאים צו גאולה בשלימותה, און אפי׳ ניט מתאים צו א גאולה ווי ס׳דארף צו זיין),

קומט דאך אויס אז בשעת ער איז אנגעקומען צו דירת החסיד (פון אנ"ש), איז דאס שוין געווען אין דער נאכט פון כ׳ כסלו (ווארום אין ימי החורף אין פעטערבורג (וואס דארטן איז געווען דער מאסר והגאולה), איז דריי שעה נאך "עת תפלת מנחה" שוין לאנג אין דער נאכט).

עאכו"כ אז מ׳וועט נאך מוסיף זיין דעם זמן הנסיעה מיטן שיפל, פון דעם "פעטראפאוולסקי קרעפאסט" (וואו ס׳איז געווען דער מאסר) אין שטאט (וואס דאס איז געווען אויף א אינזל, און פון דארטן האט מען געדארפט פארן מיט א שיפל, כדי צו אנקומען אין שטאט) - בהוספה אויף די ג׳ שעות, איז זיכער אז די גאולה פון י"ט כסלו האט זיך געצויגן אין דער נאכט פון כ׳ כסלו.

ו[ואס] דאס (אז דער ענין פון י"ט כסלו איז אויך בכ׳ כסלו) איז נאכמער בהדגשה ע"פ המסופר אין לקו"ד (שם מב, א ואילך) אז "למחר (פון י"ט כסלו) ביום ד׳" (וואס י"ט כסלו איז דעמולט געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב), האט דער אלטער רבי געזאגט: "ביום הרביעי איז נטלו המאורות, אבער בו ביום איז נתלו המאורות".

וואס דער ענין פון "נטלו המאורות" איז פארבונדן מיט די הסתלקות פון דעם בעש"ט, וואס דאס איז געווען ביום הרביעי; און "נתלו המאורות" איז פארבונדן מיט די גאולה פון דעם אלטן רבי׳ן

ו[ואס] דער אלטער רבי איז דאך געווען "ממלא מקומו" פון דעם בעש"ט, וכידוע (היום יום ע׳ נז. לקו"ד שם מא, ב) אז ער האט אים אנגערופן בשם "זיידע".

ובפרט אז דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" (אין אן אופן פון "יפוצו") האט זיך אויפגעטאן בעיקר דורך דעם אלטן רבי׳ן, ווארום תורת חסידות חב"ד גיט אדורים די ענינים פון פנימיות התורה אין אן אופן של "הפצה" - אז ס׳זאל אראפקומען אין הבנה והשגה, אין חכמה בינה ודעת (ראה לקו"ש ח"ז ע׳ 206),

ובפרט לויט ווי דערמאנט אין די פריערדיקע התוועדות

- (שיחת -

(שיחת י"ט כסלו סי"ב) דאס וואס דער רבי נ"ע האט געזאגט, אז ביי אים לייגט זיך אז אמיתית הענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" האט זיך אנגעהויבן נאך (דעם מאסר וגאולה פון) פעטערבורג (תו"ש ע' 112).

וואס דאס איז אויך געווען ביום הרביעי (כ' כסלו), ווארום די גאולה (האט זיך טאקע אנגעהויבן בי"ט כסלו, אבער זי) איז נמשך געווארן בכ' כסלו, וואס דעמולט איז צוגעקומען מער שלימות אין דער גאולה (כנ"ל).

און דערנאך איז דער ענין הגאולה נמשך געווארן ביז אין ימי חנוכה, ווארום דער אלטער רבי איז צוריק געקומען למקומו - עכ"פ לפלך שלו (וואס פון דארטן איז ער געפירט געווארן אין מאסר), אין וויטעבסק - אין ימי חנוכה, און ער איז דארטן געבליבן כל ימי החנוכה (כמסופר אין לקו"ד (יב, א)) - וואס דעמולט איז געווארן שלימות הגאולה שלו (ראה גם מכתב כ' כסלו ש.ז.).

ונוסף לזה: דער מאמר "ברוך שעשה נסים לאבותינו בימים ההם בזמן הזה" (וואס דער אלטער רבי האט געזאגט בי"ט כסלו תק"ס) - וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט י"ט כסלו (ווי עס ווערט אויסגעטייטשט אין דער שיחה (לקו"ד שם כא, א) אז דאס גייט אויף י"ט כסלו) - "איז בהמשך צו דעם מאמר בכ"ה בכסלו, וואס כ"ק רבינו הגדול האט געזאגט בחנוכה תקנ"ט בוויטעבסק בנסיעתו חזרה מפעטערבורג" (לקו"ד שם).

וואס מכהנ"ל זעט מען בגלוי ובהדגשה דעם קשר ושייכות פון י"ט כסלו מיט ימי חנוכה - ווארום דעמולט איז געווארן שלימות הגאולה.

ד. האמור לעיל (די שייכות פון י"ט כסלו מיט חנוכה) איז פארבונדן דערמיט וואס דער נס חנוכה איז געווען דער נס השמן:

"שמן" איז ראך דער ענין פון חכמה, וואס דאס איז נאך העכער פון "יין", וואס ענינו איז דער ענין פון בינה (לקו"ת שה"ש ב, ד. בהעלותך לב, א),

וואס דער ענין פון יין האט א שייכות צו פורים, וואס דערפאר איז "חייב איניש לבסומי בפוריא" (מגילה ז, ב), ווי רש"י טייטשט אפ "לבסומי - להשתכר ביין"; משא"כ חנוכה וואס ענינו איז דער ענין פון שמן,

וואס "שמן" באווייזט אויף "רזין דרזין דאורייתא" (ראה ברכות נז, א. זח"ג לט, א. לקו"ת שה"ש שם. אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך. ועוד), וואס דאס איז אמיתית הענין פון "מעינותיך" - וואס דאס איז נתגלה געווארן דורך דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

- וואס -

וואס עיקר הענין פון לימוד פנימיות התורה, רזין דרזין, וועט זיין בביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון "ישקני מנשיקות פיהו" (שה"ש א, ב ובפירש"י), אז משיח ילמד תורה את כל העם כולו (לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו)

[בדוגמא ווי דאס איז ביי כללות הענין פון מ"ת [וואס דאס איז כולל סיי מ"ת פון נגלה דתורה און סיי מ"ת פון פנימיות התורה, ווארום נאכאמאל מ"ת וועט ניט זיין (ד"ה ויאמר משה תש"ט פ"ו. המשך תרס"ו ע' כג. ע' תקמו. לקו"ש יתרו תשל"ו ס"ט ובהע' 56)], אז אע"פ אז "כבר הי' לעולמים מעין זה במ"ת", וועט אבער זיין עיקר השכר בימות המשיח דוקא (תניא פל"ו),

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם גילוי פון פנימיות התורה, תורת החסידות, אז בעיקר וועט דאס זיין בימות המשיח, וואס דעמולט וועט זיין דער לימוד פון פנימיות התורה אין אן אופן פון ראי' (שער האמונה פ"ס. סה"מ תרצ"ט ע' 208) און ביי כל העם כולו, אין אן אופן פון "כי כולם ידעו אותי למקטנם ועד גדולם" (ירמי' לא, לג), ווארום ס'וועט זיין "מלאה הארץ דעה את ה'" (ישעי' יא, ט)] -

אבער דאס הייגנט אפ במעשינו ועבודתנו אין די שית אלפי שנין דהוה עלמא, ובפרט אין זמן הגלות (תניא רפל"ז), ובפרטי פרטיות בענין זה - אין די עבודה פון הפצת המעיינות חוצה.

וכמבואר אין די אגה"ק פון דעם בעש"ט (נדפסה בסו"ס בן פורת יוסף. ובכ"מ), אז לכשיפוצו מעינותיך חוצה, דעמולט וועט זיין "קאתי מר דא מלכא משיחא".

* * *

ה. כאמור לעיל (ס"א) אז איצטער איז דער זמן אויף משלים זיין די ענינים וואס מ'האט גערעדט בי"ט כסלו - וועט מען אנהויבן מיטן ענין אין נגלה, בנוגע צו דעם סיום פון רי ששה סדרי משנה.

וואס מ'האט דאך מבאר געווען די שייכות צווישן די לעצטע צוויי משניות (די משנה פון "חלות דבש", און די משנה "עתיד הקב"ה להנחיל כו'") - אז אין ביידע רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "בכח" און "בפועל" (כנ"ל סמ"ד בארוכה).

ועפי"ז וואלט מען געקענט לכאו' מבאר זיין די שייכות פון די לעצטע צוויי משניות (הנ"ל) צו די משנה שלפנ"ז:

"כוורת דבורים ר' אליעזר אומר הרי היא כקרקע וכותבין עלי' פרוזבול ואינה מקבלת טומאה במקומה כו', וחכמים

- אומרים -

אומרים אינה כקרקע ואין כותבין עלי' פרוזבול ומקבלת טומאה במקומה" – אז דייער מחלוקת איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "בכח" און "בפועל":

בשעת מ'שטעלט אוועק די כוורת, איז די כוונה בזה (ניט אז ס'זאל אזוי בלייבן, נאר) אז דערנאך זאל מען ארויסנעמען פון דארטן דעם דבש [וואס דאס איז די כוונה אין דעם "יגיע כפיך" וואס ער לייגט אריין אין דערויף – כדי אז ס'זאל זיין דער "כי תאכל", אדער דעם דבש אליין, אדער דאס וואס ער וועט קויפן דורך דערויף וואס ער וועט פארקויפן דעם דבש].

ד.ה. אז די כוורת אליין איז מערניט ווי א טפל צום עיקר הענין, וואס דאס איז דער דבש, ע"ד ווי א כלי איז טפל צו דעם אוכל וואס געפינט זיך בתוכו [ווי דער דין איז בנוגע צו הוצאה בשבת, אז אויב ער האט ארויסגענומען אן אוכל פחות מכשיעור אין א כלי וואס האט דעם שיעור, איז ער פטור, וויבאלד אז דער כלי איז טפל צום אוכל, און דער אוכל איז פחות מכשיעור (שבת צג, סע"ב. רמב"ם הל' שבת ספי"ח)].

וואס דער ענין (אז כוונת הכוורת איז דער דבש וואס מ'וועט פון איר ארויסנעמען) איז איצטער נאר "בכח", ווארום דערווייילע האט מען נאך ניט ארויסגענומען דעם דבש.

און אין דערויף באשטייט די מחלוקת צווישן ר"א מיט חכמים: ר"א האלט אז מ'גייט נאך דעם "בפועל", וואס מצד דעם "בפועל" איז די כוורת איצטער א דבר קבוע, און דערפאר איז "הרי היא כקרקע"; און חכמים האלטן אז מ'גייט נאך דעם "בכח", און דערפאר זאגן זיי אז "אינה כקרקע", ווארום אע"פ אז איצטער איז זי א דבר קבוע, אבער וויבאלד אז די כוונה איז (ניט די כוורה אליין, נאר) דער דבש, און דער דבש איז ניט קיין קבוע, קוקט מען ניט אויף די כוורת ווי א דבר קבוע, ווארום מ'גייט נאך דעם "בכח", און "בכח" איז דאס שוין ניט קיין דבר קבוע.

אבער עפי"ז וועט דאך אויסקומען אז מוחלפת השיטה – ווארום ר"א איז דאך מתלמידי ב"ש [ווי גערעדט אין די פריערדיקע התוועדות (שיחת י"ט כסלו ס"נ) בנוגע צו שיטת ר"א אין די ערשטע משנה אין ש"ס], וואס שיטת ב"ש איז דאך אז מ'גייט נאך דעם "בכח", און דא האלט ר"א אז מ'גייט נאך דעם "בפועל", וואס דערפאר איז "הרי היא כקרקע"; און חכמים – וואס דאס איז שיטת ב"ה – האלטן אז מ'גייט נאך דעם "בכח", וואס דערפאר איז "אינה כקרקע", אע"פ אז שיטת ב"ה איז אז מ'גייט נאך דעם "בפועל".

וואס דערפאר קען מען ניט זאגן אז די מחלוקת פון ר"א מיט חכמים איז אז די משנה פון "כוורת" איז פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל" – ווארום דעמולט וועט אויסקומען אז

– מוחלפת –

מוחלפת השיטה *.

ו. נוסף לזה - זיינען נאך דא כמה ראיות אין גוף הדבר אז די מחלוקת פון ר"א מיט חכמים אין די משנה פון "כוורת" איז ניט פארבונדן מיט דעם ענין פון "בכח" און "בפועל":

מ'געפינט נאך א פלוגתא צווישן ר"א וחכמים אין מסכת כלים (פט"ו מ"ב): "דף של נחתומים שקבעו בכותל ר' אליעזר מטהר (ווייל ער האלט אז וויבאלד דאס איז קבוע בכותל האט דאס א דין פון קרקע), וחכמים מטמאים" (ווייל זיי האלטן אז דאס האט א דין פון א דבר המטלטל).

און אין דער משנה קען מען ניט זאגן אז דאס איז פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל", ד.ה. אז שיטת חכמים איז, אז וויבאלד די כוונה פון דעם דף איז צוליב דעם פת וואס מ'לייגט ארויף אויף אים, האט ניט דער דף קיין דין של קבוע, וויבאלד אז מ'גייט נאך דעם "בכח" -

ווארום דארטן ווערט ניט געברואכט בהמשך לזה א דין וועגן דעם פת, וואס דעמולט וואלט מען געקענט זאגן אז דאס איז פארבונדן דערמיט וואס די כוונה פון דעם דף איז צוליב דעם פת (ע"ד ווי מ'וויל זאגן אין דער משנה פון "כוורת", וואס דארטן ווערט געברואכט לאח"ז א דין וועגן "חלות דבש", וואס דאס איז די כוונה פון די כוורת).

ונוסף לזה: בנוגע צו "כוורת" איז מבואר אין תוספתא (סוף עוקצין) און אין מפרשים (רע"ב מ"י), אז אויב די כוורת איז געווען מחובר בטיט, האלטן אלע אז דאס האט א דין ווי קרקע, און אויב זי איז געווען מונחת ע"ג יסודות, האלטן אלע אז דאס האט א דין פון מטלטלין, די מחלוקת איז נאר אויב ס'איז געווען מונח ע"ג קרקע און ניט מחובר בטיט;

אבער ביי "דף של נחתומים" זיינען ניטא די אלע חילוקים, נאר אפי' אויב "קבעו בכותל" איז אויך דא די זעלבע מחלוקת - קען מען דאך ניט זאגן אז די הסברה פון שיטת חכמים איז, וויבאלד אז מ'גייט נאך דעם "בכח" און די כוונה פון דעם דף איז צוליב דעם פת, ווארום דער דף איז דאך קבוע ממש, און ביי קבוע ממש וועט ניט העלפן דאס וואס זיין כוונה איז צו דעם דבר המטלטל.

במילא דארף מען דאך זאגן אז די מחלוקת פון ר"א און חכמים איז בכללות: צי מחובר לקרקע איז אזוי ווי קרקע אדער ניט - און ס'איז ניט קיין נפק"מ צי דאס איז געמאכט געווארן

- צוליב -

------------

*) לשלימות הענין - ראה שיחת מוצאי ש"פ מקץ, שבת חנוכה ש.ז.

צוליב א דבר קבוע אדער צוליב א דבר המטלטל.

און וויבאלד אז די מחלוקת פון ר"א וחכמים אין דער משנה פון "דף של נחתומים" איז צי מחובר לקרקע הוי כקרקע (און ניט וועגן דעם ענין פון "בכח" און "בפועל"), איז מסתבר לומר אז זייער מחלוקת אין "כוורת" איז אויך צי מחובר לקרקע הוי כקרקע, און ס'איז ניט פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל" (כל סעיף זה אינו ברור).

ז. נאך א הוכחה אז מ'קען ניט זאגן אז די מחלוקת פון ר"א און חכמים אין "כוורת" איז פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל":

דאס וואס לשיטת ב"ש גייט מען נאך דעם "בכח" - איז דאך דאס פארבונדן מיט א פעולה מסוימת, ע"ד ווי בנוגע צו "חלות דבש", אז ס'דארף זיין די פעולה פון "יחרחר" (אדער עכ"פ "יהרהר"), וואס די פעולה באווייזט שוין אויף דעם "בפועל" פון דעם דבש (ווארום ער טוט א פעולה וואס איז פארבונדן מיט הוצאת הדבש וואס ער וועט טאן לאח"ז), וואס דערפאר האלטן ב"ש אז דאס האט שוין א דין פון משקה, אע"פ אז איצטער איז דאס נאך "בכח";

אבער ביי די "כוורת" איז דאך ניט געווען קיין פעולה וואס זאל באווייזן אויף דעם "בפועל" פון דעם דבש - איז דאך זיכער אז דא וועלן ב"ש אויך ניט האלטן אז מ'גייט נאך דעם "בכח", ווארום כל זמן אז ער האט נאך ניט געטאן קיין פעולה וואס באווייזט אויפן "בפועל" (וואס וועט זיין שפעטער), איז דאס נאך ניט "בכח".

[לכאו'] וואלט מען געקענט פרעגן: לויט די גירסא "משיהרהר" איז דאך אויך ניט געווען קיין פעולה, מערניט ווי מחשבה אליין?

געפינט מען אבער נאך א מחלוקת צווישן ב"ש מיט ב"ה, וואס דארטן זעט מען אז לויט שיטת ב"ש העלפט מחשבה:

"<u>החושב</u> לשלוח יד בפקדון, ב"ש אומרים חייב, וב"ה אומרים איננו חייב עד שישלח בו יד" (ב"מ ספ"ג), וואס דערפון זעט מען אז לויט שיטת ב"ש העלפט מחשבה אליין אזוי ווי א פעולה.

ובפרט אז ס'זיינען דא מפרשים (תפא"י) וואס טייטשן אז "משיהרהר" מיינט אז ס'זאל זיין אן ענין של דיבור, וואס לויט זיי דארף מען זאגן אז "<u>החושב</u> לשלוח יד בפקדון" מיינט אויך אן ענין של דיבור.

אבער צו די משנה פון "כוורת" האט דאס ניט קיין שייכות, ווארום אויב מ'וועט זאגן אז דא איז געווען א מחשבה אז ס'זאל ניט בלייבן קיין דבר קבוע (א מחשבה אויף

- ארויסנעמען -

ארויסנעמען דעם דבש), ווען דאך אויסקומען אז העיקר חסר מן המשנה, ווארום אין משנה ווערט אינגאנצן ניט דערמאנט אז ס'איז געווען א מחשבה אויף ארויסנעמען דעם דבש].

מ'קען ניט זאגן אז די פעולה וואס איז דא ביי "כוורת" באשטייט אין דערויף וואס ער האט איר ניט מחבר געווען לקרקע בטיט - ווארום אין דערויף איז ניטא קיין פעולה, דאס איז מערניט ווי העדר הפעולה.

ח. נאך א הוכחה אז מ'קען ניט זאגן אז די מחלוקת פון ר"א מיט חכמים אין "כוורת" איז פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל":

ברוב המקומות וואו מ'געפינט די מחלוקת פון ב"ש מיט ב"ה בנוגע צו "בכח" און "בפועל", איז דער לשון (ניט אז לויט ב"ש איז דער דין באופן כך, און לויט ב"ה באופן כך, נאר) אזוי ווי אין די משנה פון "חלוף דבש", אז ביידע האלטן אז סוכ"ס ווערט דבש א משקה, נאר זייער מחלוקת איז זינט ווען ווערט דאס משקה: "ב"ש אומרים משיחרחר (שוין דעמולט ווערט דאס משקה), ב"ה אומרים משירסק" (ערשט דעמולט ווערט דאס משקה).

ועפי"ז האט געדארפט זיין דער לשון אין די משנה פון "כוורת" באופן כזה: אז ר"א האלט "הרי היא כקרקע" נאך איידער ער איז דאס מחבר בטיט, און חכמים האלטן אז דאס ווערט כקרקע ערשט דעמולט ווען ער ווען דאס מחבר זיין לקרקע בטיט;

און וויבאלד אז לשון המשנה איז "ר"א אומר הרי היא כקרקע כו' וחכמים אומרים אינה כקרקע" (און ניט אז דאס ווערט קרקע משיחבר בטיט) - איז דערפון מוכח אז זייער מחלוקת איז ניט פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל".

וואס דערפאר דארף מען זאגן אז די מחלוקת פון ר"א מיט חכמים אין "כוורת" איז (ניט פארבונדן מיטן לשיטתו פון "בכח" און "בפועל", נאר) פארבונדן מיט זייער פלוגתא צי מחובר לקרקע איז כקרקע אדער ניט [ווי דער ב"ח (טור חו"מ סצ"ה) ברענגט אראפ אז מ'געפינט צוויי משניות אין וועלכע ר"א האלט אז מחובר לקרקע איז כקרקע - די משנה פון כוורת, און די משנה פון דף של נחתומים].

ט. בנוגע צו דעם וואס די משנה זאגט: "אמר ריב"ל עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ג' מאות ועשרה עולמות, שנאמר להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא" - האט מען געפרעגט (בשיחת י"ט כסלו ס"ל): צוליב וואס ברענגט ריב"ל דעם סיום הפסוק "ואוצרותיהם אמלא"; ער וויל דאך ברענגען א ראי' אז "עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ג' מאות

- ועשרה -

ועשרה עולמות", דארף ער ברענגען נאר התחלת הכתוב "להנחיל אוהבי יש", צוליב וואס ברענגט ער אויך סיום הפסוק "ואוצרותיהם אמלא"?

לכאו׳ וואלט מען געקענט ענטפערן, אז "ואוצרותיהם אמלא" איז דער סיום המאמר פון ריב"ל, ר.ה. אז ריב"ל זאגט: "עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ג׳ מאות ועשרה עולמות, ואוצרותיהם אמלא", נאר אינמיטן ברענגט ער א ראי׳ פון פסוק "להנחיל אוהבי יש" (און דערנאך איז ער מסיים "ואוצרותיהם אמלא", וואס דאס איז סיי סיום המאמר שלו, און סיי סיום הפסוק).

[ווי מ׳געפינט אז א תנא באנוצט זיך במאמרו מיט לשון הכתוב, ווי די משנה (פאה פ"ב מ"ב) זאגט "וכל ההרים אשר במעדר יעדרון", וואס דאס איז דאך א לשון פון פסוק (ישעי׳ ז, כה) (ראה לקו"ש ויצא תשל"ז הע׳ 59).]

וואס בנוגע צו די משנה אין עוקצין, וואלט מען געקענט פארענטפערן באופן הנ"ל (עכ"פ לחידודי); אבער אין די סוגיא אין סנהדרין (ק, א), קען מען אזוי ניט פארענטפערן:

דארטן זאגט די גמרא: "עתיד הקב"ה ליתן לכל צדיק וצדיק ג׳ מאות ועשרה עולמות, שנאמר להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא, יש בגימטריא תלת מאה ועשרה הוי" -

איז וויבאלד ער סיימט אפ די ראי׳ (אז יש איז בגימט׳ ג׳ מאות ועשרה) ערשט נאך דערויף וואס ער ברענגט "ואוצרותיהם אמלא", איז פארשטאנדיק, אז "ואוצרותיהם אמלא" איז ניט המשך המאמר נאר סיום הפסוק, ווארום אויב ס׳וואלט געווען דער המשך המאמר, וואלט ער געדארפט פריער פארענדיקן די ראי׳ פון "להנחיל אוהבי יש" (אז "יש" איז בגימט׳ ג׳ מאות ועשרה), און ערשט דערנאך ממשיך זיין "ואוצרותיהם אמלא" - איז דאך דערפון מוכח אז דאס איז ניט המשך המאמר, נאר ער ברענגט אויך דעם סיום הפסוק.

בדוחק וואלט מען געקענט זאגן אז ער ברענגט סיום הפסוק ליופי המליצה - ס׳איז אבער דא א הסברה פשוטה בדבר:

אין דעם פסוק "להנחיל אוהבי יש" שטייט נאר אז דער אויבערשטער קען און האט געגוג אויף מנחיל זיין "לאוהבי" (ראה מפרשים עה"פ (משלי ח, כא)), ס׳שטייט אבער ניט אז דער אויבערשטער וועט דאס טאקע טאן;

און דערפאר ברענגט מען אויך דעם סיום הפסוק "ואוצדותיהם אמלא" - ניט נאר אז מ׳דערציילט גרולתו של הקב"ה אז ער קען מנחיל זיין ג׳ מאות ועשרה עולמות, נאר אז דער אויבערשטער וועט דאס טאקע טאן - "ואוצרותיהם אמלא", אז ער וועט ממלא זיין די אוצרות, כולל אויך רעם עניין פון

- "להנחיל" -

"להנחיל אוהבי יש" *.

* * *

י. מאמר (כעין שיחה) ד"ה שלום רב.

* * *

יא. מ'האט דאך גערעדט פריער (ס"ד) אז דער ענין פון חנוכה איז דער ענין השמן.

וואס אע"פ אז ס'איז אויך געווען דער נס פון נצחון המלחמה - איז אבער דער ערשטער ענין מיט וועלכן ס'הויבט זיך אן דער ערשטער רגע פון חנוכה - דער ענין פון הדלקת נר חנוכה (וואס דאס איז פארבונדן מיט נס השמן):

נאך איידער ער זאגט "ועל הנסים" אין די ערשטע תפלה (אדער ברכת המזון) פון חנוכה, עאכו"כ איידער ער זאגט "הלל" (וואס דאס איז ערשט למחרתו בתפלה) - איז שוין דא די מצוה פון "להדליק נר חנוכה", וואס דאס איז דאך נקבע געווארן און איז פארבונדן מיטן נס שאירע בשמן.

יב. די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, קען מען דאך מקיים זיין מיט כו"כ סוגי שמן (שבת כג, א. שו"ע או"ח רסתרע"ג) - איז דאך אבער דער נס געווען אין שמן זית דוקא.

ג'וי.אזוי קומט ארויס דער שמן פון דעם זית - איז דאס דורך דעם ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא, כמבואר אין דרושי חנוכה (תו"א לה, ד), וכמרז"ל (מנחות נג, ב) אז זית אינו מוציא שמנו אלא ע"י כתישה,

[וואס דער מאמר ווערט דאך געבראכט אויך בנוגע צו די גאולה פון י"ט כסלו, כמבואר אין די שיחה פון רבי'ן נ"ע (תו"ש ע' 26)].

און דאס איז אויך דער ענין וואס חנוכה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "והוי' יגי' חשכי", "וַהוי'" - בהוספת וא"ו, וואס דאס איז העכער פון הוי' סתם, און דורך דערויף ווערט אויפגעטאן (ניט נאר דער ענין פון "כי אתה הוי' נרי" (שם), נאר אויך) דער "והוי' יגי' חשכי" - אז דער חושך אליין ווערט אור, אתהפכא חשוכא לנהורא, כמבואר אין דרושי חנוכה (תו"א מא, א ואילך. שערי אורה מד, א. ועוד).

יג. וואס דאס (ענין הכתישה) איז בדוגמא להמדובר לעיל (בהמאמר) אז די עבודה פון תפלה איז דער ענין פון "ונפשי

- כעפר -

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת מוצאי ש"פ כקץ, שבת חנוכה ש.ז.

כעפר לכל תהי׳", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "מגורי אביו" - דער ענין היראה (תו"א כז, ב), וואס די יראה פועל׳ט אויף אים א ביטול אז ער ווערט אויס מציאות בפ"ע -

אדער אין דעם אופן העבודה פון אן עבד (כמבואר בארוכה אין המשך תרס"ו (ע׳ שכו-ז)), אדער אין דעם אופן העבודה פון א בן (ווי דערמאנט פריער אין דעם מאמר) - דער ענין פון בן שהוא ג"כ עבד (כמבואר אין תניא (פמ"א)), אז א איד קומט צו דער דרגא אז ער איז סיי א בן און סיי אן עבד.

וואס דער ענין איז שייך צו יעדער אידן, ווי מ׳זאגט אין נוסח התפלה "אם כבנים אם כעבדים", וואס דער פי׳ הפנימי בזה (נוסף צום פי׳ הפשוט אדער "כבנים" אדער "כעבדים") איז, אז סוכ"ס וועט יעדערער צוקומען סיי צו די דרגא פון בן און סיי צו די דרגא פון עבד,

עאכו"כ לויט די הבטחה פון "להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא", אז דער אויבערשטער איז ממלא משאלות לבבו של כאו"א - וועט ער זיכער צוקומען צו תכלית השלימות אין דרגת עבד, און צו תכלית השלימות אין דרגת בן.

יד. ע"פ האמור לעיל (וועגן דעם אופן העבודה אז ער ווערט אויס מציאות בפ"ע) וועט מען פארשטיין דעם קשר ושייכות פון דעם ענין הדבש (המדובר לעיל ס"ה) צו דעם ענין פון "עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ש"י עולמות, שנאמר להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא":

מ׳האט גערעדט פריער (שיחת י"ט כסלו סל"ג) אז דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" איז, אז ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן, ביז ווי דער פי׳ הרמב"ם (שם סל"ד) אז דאס איז דער ענין פון יש הנצחי, וואס דאס איז אויך דער ענין פון יש האמיתי [און נאך דערויף קומט דער ענין פון "אוצרותיהם אמלא", וואס דאס איז נאך העכער פון "להנחיל אוהבי יש", ווארום דאס קומט אלס שכר אויף דעם ענין פון יר"ש, וואס "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים", כנ"ל בארוכה].

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "דבורים":

דער ענין פון "דבורים" איז, כמבואר אין מדרש (דב"ר פ"א, ו) עה"פ "אלה הדברים" (דברים א, א), "אמר הקב"ה כדבורים היו בני כו׳ מה הדבורה הזאת כל מה שהיא מסגלת מסגלת לבעלי׳, כך כל מה שישראל מסגלין מצוות ומעשים טובים הם מסגלין לאביהם שבשמים" (ווי דער אלטער רבי איז דאס מבאר בארוכה אין לקו"ת פ׳ ראה (כח, סע"ר)).

- וככבואר -

וכמבואר אין לקו"ת (שם), אז דאס איז דער אופן העבודה וואס לימוד התורה וקיום המצוות שלו איז דאס מערניש ווי בכדי למלאות רצון הבורא, אדער בלשון פון דעם אלטן רבי'ן - אז "נתאווה הקב"ה להיות לו דירה בתחתונים" (תניא פל"ו), איז ער מקיים תומ"צ כדי צו ממלא זיין די תאוה פון דעם אויבערשטן.

נאר וויבאלד אז "אין הקב"ה מקפח שכר כל ברי'" (מכילתא הובא בפירש"י משפטים כב, ט) - האט ער (דער אדם) אויך דעם שכר אויף זיין עבודה - די עלי' נפלאה וואס קומט ארוים ע"י ירידתו למטה;

אבער ניט דאס (זיין שכר) איז דער תכלית המכוון פון בריאת האדם, נאר דער תכלית איז צוליב דעם אויבערשטן, ווי ער ברענגט דארטן (לקו"ת שם) מאמר המשנה (אבות ספ"ו) "כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש" - כמדובר לעיל אז אופן עבודתו איז שלא ע"מ לקבל פרס, עבודה מאהבה ("מסגלין לאביהם שבשמים"), כמבואר אין רמב"ם הל' תשובה (פ"י ה"ה), ועד"ז בנוגע צו לימוד התורה, אז לימוד התורה שלו איז אין אן אופן פון "אוהבי תורתך";

און דעמולט האט ער דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש" - אז ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן. - דאס ווערט טאקע אנגערופן בשם המושאל "שכר", וויבאלד אז דאס קומט אלס "מסובב" פון זיין עבודה, אבער עיקר הענין איז דאס וואס ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן (ע"ד ענין הדבורה וואס "מסגלת לבעלי'").

וואס דאס איז דער אופן העבודה פון אן עבד, אז ער איז ניט קיין מציאות לעצמו, נאר כל מציאותו איז מציאות האדון;

וע"פ המבואר לעיל (בהמאמר), איז דער ענין פאראן אויך אין עבודת הבן, וואס ביי אים קען אויך זיין דער אופן הביטול אז כל מציאותו איז מציאות האב, וואס דעמולט איז עבודתו אויך בשלימות.

סו. און בשעת אז עבודתו איז אין אן אופן פון "דבורים" (כנ"ל) - קומט דערפון ארוים דער ענין פון דבש:

דבש איז דאך א משקה (מכשירין פ"ו מ"ד).

וואס כללות הענין פון משקה,' איז פארשטאנדיק דערפון וואס ס'איז מבואר בכ"מ בנוגע צום עיקר ענין המשקה, דער ענין פון "מים", אז ענינם איז צו פאנאנדערפירן און צוברענגען כל עניני המאכל לכל חלקי הגוף,

- וואס -

וואס דאס איז דאך כללות ענין המים, אז זיי זיינען "יורדין ממקום גבוה למקום נמוך" (תניא פ"ד), וואס דאס באווייזט אויף שלילת ענין ההתנשאות, כמבואר בכו"כ דרושים (ראה גם לקו"ת ר"ה סא, ג) - וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין הדבש, אז ענינו איז אז ער איז יורד ממקום גבוה למקום נמוך (וויבאלד אז ער איז א משקה).

און דאס איז וואס מ'זאגט אז בשעת עבודתו איז אין אן אופן פון "דבורים" - אז זיין עבודה איז צוליב דעם אויבערשטן, צוליב דעם תענוג העליון וואס ווערט פון קיום התומ"צ - קומט דערפון ארויס דער ענין פון דבש,

אז ס'ווערט נמשך מגבוה לנמוך - פון תכלית השלימות, תענוג האדון והאב, ביז צום נמוך ביותר, ובלשון פון תניא (פל"ו) אין דעם תחתון שאין תחתון למטה הימנו.

* * *

טז. בנוגע צו דעם ענין וואס נרות חנוכה צינדט מען אן "משתשקע החמה" (שבת כא, ב) דוקא, משא"כ נרות המנורה בביהמ"ק (ועד"ז נרות שבת קודש) וואס מ'צינדט זיי אן מבעוד יום - זיינען מבאר רבותינו נשיאינו (ראה אוה"ת בראשית (כ"ה) תתקמה, ב ואילך. ועוד) אז דאס איז דערפאר וואס דער אויפטו פון חנוכה איז, אז ס'ווערט דער ענין פון "והוי' יגי' חשכי", אז דער חושך ווערט נתהפך לאור - וואס דערפאר צינדט מען אן נרות חנוכה "משתשקע החמה" דוקא.

ביז אז ס'ווערט דער ענין פון "כליא רגלא דתרמודאי" (שבת שם) - ווי חסידות (אוה"ת חנוכה (כ"ה) ע' 1882. ועוד) טייטשט אפ - מיוסד אויף ספרי קבלה (עמה"מ שער קרית ארבע ר"פ קיא. קה"י בערכו) - אז "תרמוד" איז אותיות "מורדת" - ווערט דער ענין פון "כליא רגלא דתרמודאי", אז ס'ווערט אינגאנצן בטל אפי' די אפשריות אויף אן ענין של מרידה, ווארום ס'ווערט דער ענין פון "והוי' יגי' חשכי".

און ס'ווערט דער ענין פון "והוי' יגי' חשכי" נאך זייענדיק אין זמן הגלות - אזוי ווי ס'איז געווען אין דעם זמן פון חנוכה, אז ס'איז נאך אלץ געבליבן "מלכות יון הרשעה", מערניט וואס מ'האט זיי מנצח געווען; און אויך נאך דערויף איז מען געבליבן תחת ממשלת שאר או"ה, ביז צו גלות זה האחרון,

ביז אז בקרוב ממש וועט מען קומען צום קיום היעוד פון "לילה כיום יאיר" (תהלים קלט, יב), בביאת משיח צדקנו.

יז. וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער סדרה וואס מ'האט אנגעהויבן ליינען צו מנחה, אין רעוא דרעוין פון ש"ק פ' וישב - "ויהי מקץ שנתיים ימים",

- ווי -

ווי ער ברענגט אראפ אין אוה"ת (ר"פ מקץ (שלח, ב)) דעם פירוש האריז"ל (ל"ת ר"פ מקץ) אז "ויהי מקץ שנתיים ימים", גייט אויף דעם ענין פון "ותעמוד לגורלך לקץ הימין" (דניאל יב, יג) - וואס דאס גייט אויף ביאת משיח צדקנו.

וואס דעמולט וועט דאך זיין דער ענין פון "כנור של שמונה נימין" (ערכין יג, ב), וואס דאס איז כנגד שמונת ימי חנוכה (תו"א מקץ לד, א. דרמ"צ מצות נ"ח. ועוד), און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון ביאת משיח צדקנו, וואס ער איז פון די "שמונה נסיכי אדם" (מיכה ה, ד. סוכה נב, ב).

יח. און דעמולט וועט מקוים ווערן ביי יעדער אידן דער ענין פון "דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל" (בלק כד, יז) -

וואס בפשטות גייט דאס אויף משיח (תרגום ורמב"ן שם. ירושלמי תענית פ"ד ה"ה) - איז אבער מבואר אין מאור עינים (ס"פ פינחס) [מיוסד אויף דעם וואס ס'שטייט אין ירושלמי (מעשר שני פ"ד ה"ו) אז ווען מ'האט געזעהן בחלום אז "בלע חד כוכב", האט מען געזאגט אז דאס גייט אויף א אידן, ווי ס'שטייט "דרך כוכב מיעקב"], אז דאס גייט אויך אויף יעדער אידן, ווארום ביי יעדער אידן איז פאראן א ניצוץ פון משיח,

וואס דאס איז דער ענין פון יחידה שבנפש וואס איז דא ביי יעדער אידן (משא"כ ביי או"ה - "בבואה דבבואה לית להו" (לקו"ת תצא לז, ג)),

וואס דאס ווערט נתעורר ביי יעדער אידן ע"י עבודתו במס"נ - אז זייענדיק א נשמה בגוף, ומתוך הרחבה, ביז אין אן אופן פון ישיבה בשלוה, שטייט ער אין א תנועה פון מס"נ אמיתי, מסירת הנפש והרצון והתענוג.

און דורך דעם וואס ער איז מגלה די יחידה שבנפשו, וואס דאס איז דער ניצוץ משיח וואס איז דא ביי אים - ווערט נתגלה די נשמה כללית פון משיח צדקנו, א נשמה בגוף כפשוטו, ווי דער רמב"ם (הל' מלכים פי"א ה"ד) זאגט אז יעמוד מלך מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו כו', ויכוף כל ישראל לילך בדרכה ולחזק בדקה, וילחום מלחמת ה' וינצח, ויבנה מקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל, און איז מסיים אז דעמולט וועט זיין "והיתה לה' המלוכה" (עובדי' א, כא).

יט. און דער "מקץ שנתיים ימים" - וואס דאס גייט אויפן "קץ הימין" (כנ"ל סי"ז) - וועט זיין בעגלא דידן,

בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי יעקב - "וישלח יעקב מלאכים אל עשו אחיו", דערפאר וואס מצדו איז ער שוין געווען מוכשר אז משיח זאל אראפקומען בגילוי לכמה מעשרה

- טפחים -

טפחים, און עשו זאל ווערן "אחיו", ביז צו שלימות כל הבירורים (כמבואר בארוכה אין די דרושים פון וישלח (תו"א ר"פ וישלח. תו"ח וישלח מא, ג)).

וואס דעמולט איז דאס נאך געווען בתחלת העבודה, קודם מ"ת, און מערניט ווי מצד יעקב אליין, אבער "הצאן והבקר עלות עלי" (וישלח לג, יג);

בשעת מ'געפינט זיך אבער אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, און נאך אלע ענינים בלתי רצויים וועלכע מ'איז שוין דורכגעגאנגען בכמה מקומות, ובפרט אין די מדינות וואס זיינען מאחורי מסך הברזל, און אויך ווי ס'איז איצטער דער מצב אין אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב), אז ס'איז נאך דא די מציאות פון "רגשו גוים ולאומים יהגו" -

איז דאך זיכער אז מ'געפינט זיך שוין אין די לעצטע רגעים פון גלות, און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט געזאגט אז "הנה זה עומד אחר כתלנו" (שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש ח"ז ע' 104 הע' 38) - וועט דאך זיין דער "מקץ שנתיים ימים" בעגלא דידן.

כ. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צו די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

און פון די נרות חנוכה וואס "אינן בטלין לעולם" (רמב"ן ר"פ בהעלותך) וועט מען זוכה זיין צו זעהן "נרות ציון" - די נרות פון ביהמ"ק השלישי (ראה שיחת י"ט כסלו סנ"ט),

וואס דער ביהמ"ק השלישי וועט דאך זיין א נצחי - ווי ס'שטייט "מקדש אד' כוננו ידיך" (בשלח טו, יז ובפירש"י), וואס דאס גייט אויפן ביהמ"ק השלישי (ראה פירש"י ותוס' סוכה מא, סע"א. תוד"ה אין - שבועות טו, רע"ב) - וועט ער זיין א נצחי, דערפאר וואס "כוננו <u>ידיך</u>" (פון דעם אויבערשטן), און דער אויבערשטער איז א נצחי און למעלה מגדר הזמן, וועט דער ביהמ"ק אויך זיין א נצחי,

און עד"ז אויך די אידן וואס העלפן בויען דעם ביהמ"ק השלישי - דורך דערויף וואס מ'בויט דעם ביהמ"ק הרוחני (אויף וועלכן ס'שטייט "ושכנתי <u>בתוכם</u>" (תרומה כה, ח. וראה ר"ח שער האהבה פ"ו)) - וועלן זיי אויך זיין נצחיים.

און מ'גייט מדרגא לדרגא, ביז אז מ'קומט אן צו די דרגא אז מ'האט דיביידע טייטשן אין מגורי אביו (ווי גערעדט פריער (בהמאמר)):

אז ער האט דעם "אוצר של יראת שמים", און דאס שטייט

- ביי -

ביי אים בגלוי; און אין דערויף זעט מען ווי אזוי זיינע "אוצרות" זיינען אנגעפילט מיט די ניצוצות קדושה וואס ער האט צוזאמענגעקליבן אין "ארץ כנען", און געמאכט דערפון "ארץ מגורי אביו".

און דעמולט ווערט ביי אים סיי דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש", און סיי דער ענין פון "אוצרותיהם אמלא" - אז ס'ווערט דער ענין פון ישראל אורייתא וקוב"ה כולא חד (ראה זח"ג עג, א) בגלוי, ביז אין אן אופן אז "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך" (תבוא כח, י),

ביז אז ס'ווערט דער קיום היעוד "עתידין צדיקים שנקראין על שמו של הקב"ה" און "עתידין צדיקים שאומרים לפניהם קדוש" (ב"ב עה, ב), בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

כא. כאן המקום מעורר זיין אויף אן ענין שהזמן גרמא - דער ענין פון "מבצע חנוכה" (וויבאלד אז מוצאי שבת זה איז ערב חנוכה).

און ווי גערעדט פריער וועגן די מעלה פון נר חנוכה - און דער ענין עיקרי שבזה איז, דער ענין פון "אשר קדשנו במצותיו וצונו להדליק נר חנוכה" - אז מ'גייט מקיים זיין א מצוה פון דעם אויבערשטן, וואס "מצוה" איז מלשון צוותא וחיבור (לקו"ת בחוקותי מה, ג) - דורך דערויף ווערט מען איין זאך (כביכול) מיטן אויבערשטן,

וואס דער ענין ווערט אויפגעטאן ביי יעדער אידן ווען ער איז מקיים די מצוה, אע"פ אז ניט יעדערער פילט דאס בפועל, עאכו"כ אז דאס איז נאך ניט אנגעקומען אין "חלקו בעולם", וואס דערפאר קען נאך דארטן זיין דער מצב פון "משתשקע החמה" - אעפ"כ, דורך קיום המצוה, ווערט ער אין אן אופן פון צוותא וחיבור מיטן אויבערשטן.

און דורך קיום המצוה טוט ער אויף אין חלקו בעולם, ובפרט בנוגע צו די מצוה פון נר חנוכה - כמבואר אין של"ה (חלק תושב"כ פ' וישב דרוש צאן יוסף בהגה"ה) אז דער ענין פון חנוכה פועל'ט בכל העולם כולו. און ווי דאס איז אויך בפשטות, אז נר חנוכה דארף מען אנצינדן "על פתח ביתו מבחוץ" (שבת כא, ב).

און ווי גערעדט פריער (סס"ד) אז דער ענין פון נר חנוכה פועל'ט אז ס'ווערט "כליא רגלא דתרמודאי מן השוק", אז אפי' אין "שוק" ווערט דער ענין פון "כליא רגלא דתרמודאי", אז ס'איז אינגאנצן ניטא די מציאות פון מרידה, ווארום "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד" (צפני' ג, ט), און "והיתה לה' המלוכה".

- וואס -

וואס בשעת אז מ'טוט אין די הכנות צו דער מצוה, איז
דאס שוין אויך מעין המצוה, עאכו"כ אז מ'וועט זיך משתדל
זיין אז נאך א איד און נאך א איד זאל מקיים זיין די מצוה
בשלימותה.

וואס דאס איז כולל אויך די וואס געפינען זיך אין א
גלות פרטי (נוסף על כללות זמן הגלות) - צי אין בית
האסורים, אדער אין בית הרופאים - אז זיי זאלן אויך קענען
מקיים זיין די מצוה פון נר חנוכה בשלימותה, ובשמחה וטוב לבב.

כב. און אויך מעורר זיין אז מ'זאל מוסיף זיין ביתר שאת
וביתר עוז אין אלע מבצעים:

אנהויבנדיק פון מבצע אהבת ישראל ("אוהבי תורתך"),
און מבצע חינוך, מבצע תורה, מבצע תפילין, מבצע מזוזה,
מבצע צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי',

מבצע נרות שבת קודש - וואס דאס האט א שייכות מיוחדת
צו מוצאי שבת קודש, ווארום דער נר פון שבת מאכט ליכטיק
דעם לילה פון יום השבת, און במוצש"ק דארף מען אנהויבן
באווארענען וועגן נאך א נר, בדוגמא ווי דערציילט אין מדרש
(ב"ר פי"א, ב) בנוגע צו אדה"ר, וואס דערפאר איז דעמולט דא
דער ענין פון נר של הבדלה;

און דער נר של הבדלה האט א שייכות צו נר שבת, ווארום
דער ענין פון נר של הבדלה איז מבדיל זיין "בין יום השביעי
לששת ימי המעשה" - איז דא די הבדלה בין יום השביעי לששת
ימי המעשה שלאחריו, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם נר
של הבדלה; און ס'איז דא די הבדלה בין יום השביעי לששת ימי
המעשה שלפניו [וואס דאס איז פארבונדן מיט די הבדלה בין
יום השביעי לששת ימי המעשה שלאחריו, ע"ד ווי די גמ' זאגט
אז אלע הבדלות זיינען תד הוא], וואס דאס ווערט אויפגעטאן
דורך הדלקת נרות שבת קודש ע"י נשי ובנות ישראל

[וואס דער ענין פון הדלקת נרות שבת פון נשי ובנות
ישראל, איז פאר דעם ענין פון קבלת שבת פון דעם בעל ואב,
כמובן פון שו"ע, און ווי די הנהגה איז בפשטות בכל בית
מישראל - ד.ה. אז די הבדלה בין יום השביעי לששת ימי המעשה
שלפניו, ווערט אויפגעטאן דורך הדלקת נרות שבת קודש],

מבצע כשרות האכו"ש, און מבצע טהרת המשפחה - וואס דאס
איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יכלו כל נשמות ש(באוצר
ששמו) גוף", וואס דעמולט איז "בן דוד בא" (יבמות סב, סע"א
ובפירש"י).

כג. דער ענין פון חנוכה האט ראך א שייכות מיוהדת מיט
מבצע צדקה, כמבואר אין אחרונים (מג"א ריש הל' חנוכה) אז

- בחנוכה -

בחנוכה איז "נוהגין הנערים העניים לסבב על הפהחים כו׳".

און מ׳קען דאס מקשר זיין (עכ"פ בדא"פ) מיט דעם מנהג ישראל אז בחנוכה גיט מען "מעות חנוכה" (חנוכה געלט).

וואס אע"פ אז מ׳זוכט דעם מקור צו דעם מנהג - האט מען אבער געזעהן אז רבותינו נשיאינו האבן זיך נוהג געווען געבן "מעות חנוכה" לבניהם ובנותיהם, אפי׳ נאך דערויף וואס זיי האבן שוין חתונה געהאט [ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט זיך געפירט בנוגע צו זיינע איידים׳ס און טעכטער],

און וויבאלד אז זיי האבן געוואלט און האבן געהייסן מ׳זאל מפרסם זיין זייער הנהגה - איז דערפון פארשטאנדיק אז דאס איז אזא מנהג וואס אויף אים איז א זיכערע זאך אז "מנהג ישראל תורה הוא" (תוד"ה נפסל מנחות כ, ב).

און ווי גערעדט אמאל (ראה לקו"ש ח"ה ע׳ 443 הע׳ 15) בארוכה, די שייכות פון דעם ענין המעות צו חנוכה דוקא (וואס מ׳געפינט ניט ביי אנדערע ימים טובים אן ענין וואס איז בדוגמא צו "מעות חנוכה") - אז בשעת דער רמב"ם (הל׳ חנוכה רפ"ג) איז מבאר אין וואס ס׳איז באשטאנען גזירת היונים, דערמאנט ער אויך דעם ענין פון "פשטו ידם בממונם".

וואס דערפאר באווייזט א איד בחנוכה, אז ניט נאר אז ס׳איז ניטא קיין ענין פון פשיטה יד של לעו"ז ח"ו, נאר אדרבה, ביי אים איז א יד המחלקת צדקה, און א יד וואס איז מקיים בממונו א "מנהג ישראל" פון געבן "דמי חנוכה".

און דערפאר דערמאנט מען איצטער וועגן דעם מנהג פון "מעות חנוכה" - כדי אז בשעת מ׳וועט מעורר זיין וועגן דעם קיום פון מצוות חנוכה מיט אלע פרטים שבזה, אנהויבנדיק פון הדלקת נר חנוכה, און אמירת "ועל הנסים" אין ברכת המזון און אין תפלה, און דער ענין פון הלל והודאה וכו׳ - זאל מען אויך מעורר זיין וועגן דעם ענין פון נתינת "מעות חנוכה", און דארטן וואו מ׳דארף - זאל מען אויך געבן מטבעות אדער שטרות כדי אז מ׳זאל קענען מקיים זיין דעם מנהג.

וואס וויבאלד אז דאס איז א "מנהג ישראל (וואס) תורה הוא" - ווערט דאס אן ענין של מצוה, ועכ"פ א מצוה לשמוע דברי חכמים - כ"ק מו"ח אדמו"ר, און זיין פאטער (דער רבי נ"ע), און נשיאי ישראל, אז מ׳זאל זיך נוהג זיין אין נתינת "מעות חנוכה".

כד. כמדובר כמ"פ אז "המעשה הוא העיקר" - אז בכל עניני תורה ומצוותי׳ זאל זיין דער ענין פון מוסיף והולך, און טאן אין דערויף במרץ, וואס דעמולט וועט דער אויבערשטער מצליח זיין אז ס׳וועט זיין "יגעתי ומצאתי" (מגילה ו, ב),

- אין -

אין אן אופן של מציאה, נאכמער פון זיין יגיעה אין די מבצעים ובכל ענינים טובים,

אנהויבנדיק פון ערב ימי החנוכה, בנוגע צו אלע ענינים פון תומ"צ, ובפרט בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חנוכה - משפיע זיין אויף יעדער אידן און אויף אלע אידן, בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו, בכל מקום שידו מגעת, אז יעדערער פון זיי זאל באלייכטן דעם "פתח ביתו מבחוץ" דורך "נר מצוה ותורה אור", אנהויבנדיק פון נרות חנוכה, ביז צו כללות הענין פון "נר מצוה ותורה אור" - מפיץ זיין יהדות און תורה ומצוותי' בכל מקום שידו מגעת.

וואס די התעסקות בכהנ"ל וועט מקרב זיין און צוהיילן דעם "אתישנה" פון ביאת משיח צדקנו, וואס ער איז פון די "שמונה נסיכי אדם", און דעמולט וועט זיין דער "כנור של שמונה נימין" (כנ"ל סי"ז) - וואס דאס הויבט זיך אן מיט די מצוה פון נר חנוכה, א מצוה וואס איז זיך מתפשט אין די שמונה ימים.

כה. אם הדברים אמורים בנוגע לכל מקום, איז דאך עאכו"כ בנוגע צו אה"ק, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב), וואדוס דארטן איז נאכמער נוגע אז ס׳זאל זיין דער ענין פון ביטול התושך,

וכמובן בפשטות, אז בשעת ס׳פעלט אור ח"ו אין פלטרין של מלך, איז דאס א סאך מער נוגע ווי בשעת ס׳פעלט אור אין א בית וואס געפינט זיך "מבחוץ" פון בית המלך,

און אויב אויף די גאנצע וועלט שטייט "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים" (ישעי׳ יא, ט), איז עאכו"כ בנוגע צו די "ארץ" הידועה, ארץ הקודש, אז דארטן דארף זיין (נאך אין די איצטערדיקע טעג) דער ענין פון "כמים לים מכסים", וואס "אין מים אלא תורה" (ב"ק יז, א) -

אז די ארץ און די דרים עלי׳ זאלן זיין אינגאנצן ע"פ תורה, ביז וואנעט אז יעדערער פון זיי וועט ווערן א מציאות של תורה, דורך דערויף וואס "נקראת על שמו" (ראה קידושין לב, רע"ב), וואדוס ער האט געלערנט תורה ווי ס׳דארף צו זיין, אז ביי אים איז געווען דער ענין פון "ברכו בתורה תחלה" (ב"מ פה, רע"ב. נדרים פא, א).

וואס דערפאר איז דארטן מער נוגע אז מ׳זאל מאכן ליכטיק "על פתח ביתו מבחוץ" בפשטות.

און בשעה מ׳וועט באלייכטן "על פתח ביתו מבחוץ", וועט דאס דערגרייכן אויך "מבחוץ", פון גבולותה א"י, און די אומות שמסביב לא"י וועלן דערזעהן ווי אזוי גאנץ ארץ ישראל

- לגבולותי׳ -

לגבולותי' איז ליכטיק מיט "נר מצוה ותורה אור",

[וארום דאס איז א ליכטיקייט וואס הויבט זיך אן און איז פארבונדן מיט א נה"ג גשמי, ווארום די מצוה פון נר חנוכה איז מען מקיים דוקא דורך דעם וואס די ליכטיקייט ווערט געזעהן בעיני בשר, און נאכמער: ס'איז ניט מספיק אז ער אליין זעט דאס, נאר אויך בני ביתו דארפן דאס זעהן, ביז אז אפי' דער עובר ושב וואס גייט דורך "מבחוץ" זאל דאס אויך דערזעהן],

און אז כל הארץ איז "מלאה הארץ דעה את ה'", און בכל מקום אין א"י האט מען אנגעצונדן נרות חנוכה "על פתח ביתו מבחוץ", איין ליכט בלילה הראשונה, וואס דעמולט איז שוין געווארן ליכטיק בחוץ, און דערנאך בלילה השני' איז מען מוסיף נאך א ליכט [ווארום איצטער איז געווארן א "מנהג פשוט" צו פירן זיך אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין (רמ"א או"ח סתרע"א ס"ב)].

און דעמולט וועט ווערן "והי' לך ה' לאור עולם" (ישעי' ס, יט), אז אלע פעלקער וועלן דערזעהן ווי אזוי ביי אידן לייכט "אור ה'", ובפרט בנוגע צו אה"ק, אז די גאנצע לאנד איז באלויכטן מיט "נר מצוה ותורה אור" בכלל, און מיט נרות חנוכה במיוחד, דורך דעם וואס יעדער איד איז מקיים בפועל די מצוה פון הדלקת נר חנוכה "על פתח ביתו מבחוץ" -

וועט דאס פועל'ן אויף די או"ה - דורך דעם וואס "מזלייהו חזו" (מגילה ג, א)

[וואס איצטער איז דאס געווארן אן ענין וואס איז בפשטות, ווי מ'זעט אז ס'טרעפן זיך לטובת ישראל אזוינע ענינים וואס האבן ניט קיין הסברה בדרך הטבע, מערניט מצד דערויף וואס "לב מלכים ושרים ביד ה'" (ע"פ משלי כא, א), ווי מ'זעט די השגחה פרטית בעיני בשר] -

אז דאס וואס ס'זיינען דא אזוינע וואס טראכטן אז זיי קענען עפעס אנרירן ח"ו אין די ליכטיקע לאנד - ארץ הקודש, וועלן זיי אליין דערזעהן אז דאס איז "ריק", ואין בזה ממש כלל וכלל.

ביז אז ס'וועט זיין "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך" (ישעי' מט, כג), אז זיי וועלן נאך צוהעלפן אידן אין די לעצטע טעג פון גלות, אז ביי אידן זאל קענען זיין "ושכבתם ואין מחריד" (בחוקותי כו, ו) - דורך דעם וואס זיי וועלן באשיצן אידן פון די אלע ענינים בלתי רצויים, און דורך דעם וועלן זיך אידן קענען פארנעמען מיט לימוד התורה וקיום המצוות אן פיזור הנפש, ווי דער רמב"ם איז מסיים ספרו יד החזקה.

- ואין -

ואין ענין יוצא מידי פשוטו - אז גדול זכותה פון קיום מצות נר חנוכה, אויף צו מוסיף זיין נאכמער אין בטחון הארץ בפשטות ובכל המובנים, וכאמור, אז דורך דעם וואס יעדער איד וועט זיך משתדל זיין אז אלע אידן ארום אים זאלן אנצינדן נרות חנוכה "על פתח ביתו מבחוץ" - וועט מען גלייך דערזעהן אז ס'איז צוגעקומען ליכטיקייט בכל הארץ לגבולותי',

וכמדובר כמ"פ (ראה שיחת ש"פ מקץ תשל"ד) אז אויך חכמי הטבעיים זאגן אז בשעת ס'ווערט ליכטיקער אין איין נקודה בעולם, מוז (סוכ"ס) צוקומען א תוספת אור אפי' אין א פנה נדחת בעולם, וויבאלד אז דאס איז דער זעלבער עולם, איין עולם וואס איז באשאפן געווארן דורך ה' אלקים אמת, וואס ער איז ה' אחד.

און דורך דערויף וועט אויך צוקומען אין דעם "אמת ה' לעולם" (תהלים קיז, ב), ביז אז מ'וועט זעהן דעם אמת בעיני בשר, בביאת משיח צדקנו.

כו. ויה"ר אז די אלע פעולות האמורות זאלן געטאן ווערן בשמחה ובטוב לבב, וואס שמחה איז דאך פורץ גדר, וועלן די פעולות זיין אין אן אופן פון למעלה ממדידה והגבלה.

און דאס וועט אויך פורץ זיין גדרי הגלות פון עקבתא דמשיחא, וואס מ'געפינט זיך נאך אין גלות קודם כל עניני גאולה בגשמיות, אפי' ניט אתחלתא דגאולה [מערניט וואס די נשמה איז מלכתחלה ניט געגאנגען אין גלות (לקו"ד ח"ד תרצב, א), און מזמן לזמן איז די נשמה גואל (ברוחניות) די ניצוצות קדושה פון חלקו בעולם].

און דורך דעם וועט מען פארברענען די לעצטע שיריים פון כתלי הגלות, און ס'וועט זיין "קץ שם לחושך" (איוב כח, ג), אז ס'ווערט פארענדיקט דער גלות, און ס'הויבט זיך אן אתחלתא דגאולה, און דערנאך די גאולה בשלימותה,

ביז אז ס'וועט זיין אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא, בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

## בס"ד. שיחת יום ג' ב' דחנוכה, אחרי תפלת מנחה, תשל"ח
## – בבית-הכנסת –

א. אזוי ווי ס'איז דאך יום השלישי שהוכפל בו כי טוב[1], און ס'איז דער ערשטער יום השלישי שלאחרי י"ט כסלו, וואס אויך י"ט כסלו בשנה זו איז געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות[2],

אזוי ווי די קביעות פון י"ט כסלו בפעם הראשונה (תקנ"ט), ווען ס'איז געווען די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן, וואס "לא אותו בלבד גאל הקב"ה"[3] נאר יעדער אידן און אלע אידן עד סוף כל הדורות.

ובמיוחד, אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט הפצת המעיינות חוצה — די הפצה פון פנימיות התורה און אויך די הפצה פון נגלה דתורה [ווארום פנימיות התורה נעמט מיט זיך מיט אויך נגלה דתורה, פונקט ווי די נשמה נעמט מיט זיך מיט דעם גוף[4]],

[און ווי געזעען אין דער התוועדות פון י"ט כסלו, אז הפצת פנימיות התורה ברייינגט אויך א (הוספה) הפצה אין נגלה דתורה, ביז ווי דאס קומט ארויס אויך אין דער תקנה קבועה לדורות פון חלוקת הש"ס[5], וואס איז נקבע געווארן בקשר צו י"ט כסלו, אז בי"ט כסלו[6] טיילט מען פאנאנדער דעם ש"ס על מנת ללמדו במשך כל השנה און מסיים זיין אים צו י"ט כסלו לשנה הבאה],

און ווייבאלד אז לימוד מביא לידי מעשה[7], וואס המעשה הוא העיקר[8] — איז די הפצת התורה חוצה [פון פנימיות התורה און פון נגלה דתורה] ברייינגט אויך די הפצה פון קיום המצוות חוצה, אז אויך אין חוצה זאל אנקומען דער ענין פון קיום המצוות בהידור.

ב. וואס דאס (דער ענין פון קיום המצוות בהידור) האט אויך א קשר מיוחד מיט ימי חנוכה, כפסק הרמ"א[9], אז ס'איז א "מנהג פשוט" בא אלע אידן צו מקיים זיין די מצוה פון נרות חנוכה אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין.

און לויטן כלל הידוע אז יעדער מצוה איז כולל אין זיך אלע מצוות

[וואס דערפאר איז העוסק במצוה פטור מן המצוה[10], ווייל דורך זיין מקיים זיין א מצוה איז ער מקיים מעין פון אלע מצוות, כמבואר במאמרי דא"ח

---

1) פרש"י בראשית א, ז.

2) קדושין מ, א. וכאוה"ת (בראשית לג, ב. בהוצאת תש"ל אי' תקנ"ז. ועוד) בקשר זה עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

3) עיין לשון כ"ק בית אדמו"ר בכתבו לחגיגת (חג גאולתו) י"ט כסלו בפעם הראשונה. וראה גם בכתבי כ"ק אדה"ז בנוגע לי"ט כסלו (נדפסו בספר התולדות אדה"ז ע' ריח"ט. ובכ"מ): "כי אנכי .. עיקר ההלחמה .. על תורת הבעש"ט: "לא עלי לבדי הי' הדבר הזה כי אם על הבעש"ט ותלמידיו ותלמידי תלמידיו".

4) ראה זח"ג קנב, א. דנגלא דתורה ופנימיות התורה הם גוף ונשמה.

5) אגה"ק של כ"ק אדה"ז — נדפסה בסוף ספר התניא (קסג, א). וראה שיחת י"ט כסלו תשכ"ג — שבליובאוויטש הי' משך זמן שנדחה מפני טרדות יו"כ וכיון שאין הטרדות כאן כדאי להחליף כו'.

6) אלא שמפני סיבות — היו כמה פעמים שעשו החלוקה לאחרי יט"כ.

7) קדושין מ, ב.

8) אבות פ"א מי"ז.

9) או"ח סתרע"א ס"ב.

10) סוכה כה, א. ושי"נ. וראה שד"ח כללים מע' הע' כלל סה (וכלל נא אות י"ד) שלכמה שיטות דין זה הוא גם בעוסק במצוה דרבנן (כמו נ"ח) דפטור ממצוה דאורייתא.

פון רבותינו נשיאינו [11])

איז פאַרשטאַנדיק, אַז דער „מנהג פשוט" הנ"ל בנוגע צו מצות חנוכה איז אַ הוראה אויך בנוגע צו אַלע מצוות,

אַז פון חנוכה (צוזאַמען מיט י"ט כסלו) דאַרף מען מיטנעמען די הוראה און נתינת כח אויף צו מפיץ זיין דעם ענין פון מהדרין מן המהדרין, בכל המצות במשך כל השנה כולה,

ביז צו ימי חנוכה בשנה הבאה, הבאים עלינו ועל כל ישראל לטובה ולברכה, וואָס דעמולט וועט מען מוסיף זיין און מעלה זיין בקודש [12] נאָך מער ווי בשנה זו.

און אויך דער ענין [די הוראה פון „מהדרין מן המהדרין" בנוגע צו אַלע מצוות, וואָס מען נעמט אַרויס פון ימי חנוכה] איז פאַרבונדן מיט דער גאולה פון י"ט כסלו — וואָרום די שלימות הגאולה, ווען דער אַלטער רבי איז געקומען צוריק פון פעטערבורג (דער אָרט וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן מאסר) אין זיין פלך (וויטעבסק) [13] — איז געווען בחנוכה.

וכמבואר בסיפור הגאולה [14] אַז דער אַלטער רבי איז אָנגעקומען אין וויטעבסק „ביום ג' ב' דחנוכה" [וואָס דעמולט איז געוואָרן שבעה ימים [15] פון דעם יום השלישי י"ט כסלו] און „התעכב שם כל ימי החנוכה".

ג. אע"פ אַז דער ענין פון „מהדרין מן המהדרין" איז פאַרבונדן מיט כללות ימי החנוכה — איז אָבער דאָ אין דעם [16] אַ מעלה מיוחדת אין יום ב' דחנוכה, מצד דעריף וואָס דעמולט איז די התחלה פון ענין זה בפועל:

ביום הראשון דחנוכה קען זיין נאָר די החלטה אויף מקיים זיין די מצוה באופן דמהדרין מן המהדרין (און די החלטה קען זיין אפילו פאַר חנוכה [17]) — דאָס קען אָבער ניט זיין בפועל, וואָרום ביום הראשון איז מען מדליק נאָר איין נר: ביום הג' דחנוכה (ובימים שלאחריו) — איז ניטאָ קיין חידוש אין דער הנהגה פון „מהדרין מן המהדרין", וואָרום די הנהגה איז שוין געווען פריער ביום ב': און אין דעם באַשטייט די מעלה פון יום ב' דחנוכה, וואָס דאַן איז די התחלה [18] פון דעם ענין („מהדרין מן המהדרין") בפועל [19].

און אויך דער ענין האָט אַ קשר מיוחד מיט דער גאולה פון י"ט כסלו, כאמור לעיל אַז דער אַלטער רבי איז אָנגע־קומען קיין וויטעבסק (פלך שלו) „ביום ג' ב' דחנוכה"

[וואָס נוסף לזה וואָס עס ליגט זיך בשכל אַז ער איז אָנגעקומען אַהין מבעוד יום [און ביז דעם זמן פון „משתשקע החמה" איז דאָך נאָך שייך צו נר ב' דחנוכה [20]] — איז דאָך דאָס

---

11) המשך תרס"ו ע' סח. ובכ"מ.

12) ובפרט ד„מעלין בקודש" שייך במיוחד למצות נ"ח (שבת כא, ב) ונעשה מנהג פשוט לכאו"א (כנ"ל בפנים).

13) ראה ברכות הנהנין לאדה"ז (פי"ג ה"ה): לא יברך החולה (ברכת הגומל) עד שיחזור לבוריו לגמרי.

14) לקו"ד ח"א יב, א.

15) היקף שלם.

16) נוסף על החילוק שבין יום הא' דחנוכה והימים שלאחריו — לדעת כו"כ — בנוגע לנס דחנוכה (ביום א' שנמצא פך, בימים שלאחריו הנס בשמן. ועוד).

17) אבל אז אין עדיין זמן מצות וחיובי חנוכה וכידוע החילוק בזה בכמה ענינים (ראה לקח טוב להרי"ע ענגל כלל ר או"ח ג. צפע"נ להרמב"ם הל' שבועות פ"ה הט"ז).

18) ע"ד ענין „פתח" — פתיחת הצנור (ראה ד"ה כי כאשר השמים תרע"ח).

19) וראה בארוכה במעלת הבפועל על הכח במאמר ושיחת מוצש"ק פ' נח ש. ז. ושיחת י"ט כסלו ש. ז.

20) והא דבביהכנ"ס מדליקין ב' נרות קודם השקיעה — הרי זה מצד פרסומי ניסא דיום ג'.

כפשטות הלשון אין דעם סיפור, אז דאס איז געווען „ביום ג׳ ב׳ דחנוכה״]

וואס דער קשר פון די צוויי ענינים — די (שלימות ה)גאולה די״ט כסלו, און ב׳ דחנוכה — איז: די הפצת המעיינות פון פנימיות התורה (ענין י״ט כסלו) קומט ארויס (כנ״ל סעיף א׳) אויך אין הפצה פון נגלה דתורה, און אין דער הפצה פון קיום המצוות בהידור, בשלימות ההידור — מהדרין מן המהדרין, און דאס איז ניט נאר בכח ובהחלטה, נאר — בפועל.

ד. די הוראה פון כל הנ״ל בנוגע לפועל:

די מצוה פון נר חנוכה איז דאך פון די מצוות וואס זיינען דער עיקר הענין פון „נר [21] מצוה״ [22] — איז פון דעם קיום מצות נר חנוכה באופן דמהדרין מן המהדרין, וואס הויבט זיך אן בפועל ביום ב׳ דחנוכה,

וואס קומט נאך דער הקדמה פון „ותורה [21] אור״ — דער לימוד התורה אין עניני חנוכה (ווארום (גדול) תלמוד (ש)מביא לידי מעשה ׳) —

דארף מען מיטנעמען אויך בנוגע כל עניני תורה ומצוות, אז מען זאל זיי טאן אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין, און אז דאס זאל זיין בפועל.

ה. מובן, אז די התחלה בהנ״ל דארף זיין פון די מצוות כלליות, וואס אין זיי זיינען די מבצעים הידועים: „מבצע אהבת ישראל״, „מבצע חינוך״, „מבצע תורה״, „מבצע תפילין״, „מבצע מזוזה״, „מבצע צדקה״, „בית מלא ספרים — יבנה וחכמי״״,

און די מצוות וואס זיינען איבער־געגעבן געווארן במיוחד צו נשי ובנות ישראל

[נאך מער ווי כו״כ מצוות וואס אין זיי זיינען נשים בשוה צו אנשים. און אפילו מער ווי מצות נר חנוכה וואס האט א שייכות מיוחדת צו נשי ישראל מצד דערויף וואס „נעשה נס על ידיהם״ [23], משא״כ די מצוות דלקמן זיינען איבער־געגעבן געווארן במיוחד צו נשי ובנות ישראל [24]]:

„מבצע נרות שבת קודש ויו״ט״, „מבצע כשרות האכילה ושתי״״, און „מבצע טהרת המשפחה״,

אז מען זאל מפיץ זיין די צעהן ענינים הנ״ל ביז אין חוצה, ביז אז יעדער איד זאל זיי מקיים זיין אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין.

ו. און וויבאלד אז מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל [25], וועלן די מבצעים וואס אידן טועהן ממהר זיין — מוסיף זיין „אחישנה״ אין דעם „אחישנה״ גופא [26] — אז דער איבערשטער וועט מקיים זיין זיין מבצע (דער מבצע הכי גדול והכי עיקרי והכי פנימי) — מבצע הגאולה, וואס איז נאר בידו של הקב״ה,

אז בקרוב ממש וועט זיין „ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל״ [27], אז דער אויבערשטער אליין וועט נעמען יעדער אידן באזונדער און ארויסנעמען אים פון גלות און ברענגען אים אין דער גאולה האמיתית והשלימה,

ובמהרה בימינו, און בעגלא דידן, און למטה מעשרה טפחים,

---

21) משלי ו, כג.

22) ראה שבת כג, ב. וברש״י שם. וראה לקו״ש פ׳ תזריע תשל״ז ס״ה.

23) או״ח סי׳ עתר בתחלתו ובמג״א שם.

24) ראה ב״ר ספי״ז. תנחומא ר״פ נח יס״פ מצורע.

25) תהלים קמז, יט. שמו״ר פ״ל. ט. ובהבשד תרס״ו ר״ש ע׳ תיט: דמה שהוא עושה זהו ע״י שמצוה לישראל לעשות.

26) מבואר ש„אחישנה״ תלוי ב„זכו״ (סנהדרין צח, א).

27) ישעי׳ כז, יב. וראה רש״י נצבים ל, ג.

און בטוב הנראה והנגלה, ובאופן ד„ושמחת [28] עולם על ראשם".

ז. בכדי צו פארבינדן כל האמור לעיל מיט אן ענין של פועל [29] — וועט מען געבן איצטער מעות חנוכה (צו יעדערן וואס וועט וועלן באקומען), וואס דאס איז דאך א מנהג ישראל, וואס מנהג ישראל תורה היא [30] — נוסף דערצו וואס מען געפינט אויף דעם כמה רמזים אויך אין נגלה דתורה [31].

און וויבאלד אז דער מנהג איז פארבונדן מיט ממון, וואס „במעות אלו הי' יכול לקנות חיי נפשו" — איז בשעת מען גיט עס אוועק בכדי צו מקיים זיין א מנהג ישראל (וואס „תורה היא") איז מען „נותן חיי נפשו לה'", ובמילא איז מען מקרב דורך דעם די גאולה [כמובן מהמבואר בספר תניא קדישא [32] דער טעם פון דעם וואס צדקה איז מקרב [33] די גאולה].

ח. אזוי ווי חנוכה איז דאך פארבונדן מיט „על פתח ביתו מבחוץ" — וועט מען די מעות חנוכה געבן על פתח ביהכנ"ס וביהמ"ד, וואס דאס איז די ד' אמות אין וועלכע דער רבי נשיא דורנו האט מנהיג געווען כללות עם ישראל, צוזאמען מיט חסידיו ואנ"ש ההולכים בעקבותיו,

און אין אן אופן וואס דאס האט פועל געווען על כל המקומות ועל כל הזמנים ביז ביאת משיח צדקנו, און אויך נאך דעם.

מען וועט געבן יעדער איינעם שקל אחד, אז ער זאל טאן דערמיט כפי הטוב בעיניו, אין אן ענין פון „טוב לשמים וטוב לבריות".

דיכער וועט יעדערער מוסיף זיין מדילי', און די הוספה וועט זיין אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין,

און וויבאלד אז גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה [34] — וועט דאס נאך מער צו היילן די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

און — בשמחה ובטוב לבב.

---

28) ישעי' לה, י־יד. נא, יא.

29) להעיר מרמב"ן עה"ת לך יב, ו. וראה לבוש על הרקנטי לך שם. דרשות הר"ן דרוש ב.

30) תוד"ה נפסל מנחות כ, ב.

31) וראה לקו"ש אגרות ע' שנח.

32) פל"ז (מח, ב ואילך).

33) ב"ב י, א.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ מקץ, שבת חנוכה, אדר"ח טבת ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך א זמן וואס אין אים זיינען דא כו"כ ענינים:

א) ימי חנוכה - וואס איצטער האלט מען שוין קרוב צום סיום וחותם פון ימי חנוכה, וואס "הכל הולך אחר החיתום" (ברכות יג, א),

ב) מוצאי שבת קודש - וואס בימי חנוכה מוז דאך זיין א שבת באמצע, ווארום ס'קען דאך ניט זיין אז ס'זאלן דורכגיין שמונה ימים אן א שבת ביניהם (ביז אז ס'איז דא אמאל וואס בימי חנוכה זיינען דא צוויי שבתות),

ג) ראש חודש פון דעם חודש העשירי (חודש טבת) - וואס דאס איז אויך בהכרח אז בימי חנוכה זאל זיין ר"ח טבת, וויבאלד אז ימי חנוכה הויבן זיך אן בכ"ה כסלו, און זיי ציען זיך במשך פון שמונה ימים.

וואס דאס איז ניט קיין הכרח אז אלע דריי ענינים זאלן זיין צוזאמען (ווארום ר"ח טבת מוז ניט זיין פארבונדן מיט מוצאי שבת) - און אין דער קביעוה האט מען אלע דריי ענינים צוזאמען.

און וויבאלד אז אלע דריי ענינים זיינען ענינים של קדושה - איז פארשטאנדיק, אז יעדערער פון זיי איז מחזק דעם צווייטן; און פון דעם צירוף פון אלע דריי ענינים קומט נאך צו דער "אור העולה על כולנה", וואס דער "אור העולה על כולנה" איז נאך העכער און גרעסער פון די דריי ענינים עצמם (שעהיוה"א פי"ב).

ב. דער ערשטער ענין (מיט וועלכן מ'דארף אנהויבן) איז דער ענין פון ימי חנוכה, ווארום ימי חנוכה האבן זיך שוין אנגעהויבן לפני כמה ימים (און איצטער האלט מען שוין קרוב צום סיום וחותם פון ימי חנוכה), משא"כ דער ענין פון ר"ח טבת, וואס האט זיך אנגעהויבן פון שבת, ועאכו"כ דער ענין פון מוצאי שבת, וואס דאס האט זיך אנגעהויבן ערשט איצטער. און דערפאר וועט מען אנהויבן מיט דעם ענין פון ימי חנוכה.

דער ענין פון חנוכה איז דאך ווי די גמ' (שבת כא, ב) זאגט "קבעום ועשאום ימים טובים בהלל והודאה". און ווי ער זאגט אין טור (או"ח סתר"ע) "לא קבעום אלא להלל ולהודות ולא למשתה ושמחה".

וכידוע די שאלה בזה (וואס ווערט געברענגט אין ראשונים ואחרונים (ראה ב"ח או"ח סעת"ר), ביז אין די מאמרים פון חנוכה פון רבותינו נשיאינו (אוה"ת חנוכה (כ"ה) תקסו, ב)):

- וויבאלד -

וויבאלד אז עיקר הנס איז געווען דער ענין פון נצחון המלחמה, איז פארוואס האט מען ניט מתקן געווען קיין ענין של משתה ושמחה?

- דער נס השמן און דער ענין פון נרות חנוכה באווייזט טאקע אויף די מלחמה רוחנית וואס איז דעמולט געווען; אבער דעמולט זיינען דאך אויך געווען גזירות אויף ענינים גשמיים כפשוטם (אזוי ווי בפורים),

[ווי דער רמב"ם (הל' חנוכה רפ"ג) איז מאריך אין דעם לחץ וואס אידן האבן דעמולט געהאט בנוגע צו ענינים גשמיים, "פשטו ידם בממונם וכו' ולחצום לחץ גדול" (ניט אזוי ווי דער ט"ז (או"ח סעת"ר ס"ג) זאגט אז בפורים האט מען קובע געווען דעם ענין פון משתה ושמחה דערפאר וואס דעמולט איז געווען אן ענין פון הצלת הגוף, משא"כ בחנוכה)],

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט מען ניט מתקן געווען קיין ענין של משתה ושמחה צוליב דעם נצחון המלחמה?

איז דאך דער ביאור בזה (ראה לקו"ש ח"י ע' 144 הע' 18), אז דער לחץ וואס איז געווען בנוגע צו ענינים גשמיים ועניני הגוף איז געקומען אלס תוצאה פון די מלחמה רוחנית, וואס דערפאר גייט מען נאך עיקר הענין - דער ענין הרוחני שבזה, און דערפאר האט מען ניט קובע געווען דעם ענין פון משתה ושמחה בחנוכה.

אבער שיטת הרמב"ם (הל' חנוכה פ"ג ה"ג) איז, אז ימי חנוכה זיינען "ימי שמחה והלל". און ווי ס'ווערט געבראכט אין אחרונים (יש"ש לב"ק פ"ז סל"ז) אז (לדעת הרמב"ם איז) "אותן סעודות שעושים בימי חנוכה . . הם סעודות מצוה".

ביז אז ס'איז גאר דא א סברא אז ס'דארף זיין סעודה בשר (לקו"ש ח"י ע' 142 הע' 6), וויבאלד אז "אין שמחה אלא בבשר ואין שמחה אלא ביין" (פסחים קט, א).

ג. וואס דערפאר איז ראוי ונכון אז בימי חנוכה זאל אויך זיין אן ענין של שמחה (כמה פעמים, אדער עכ"פ פעם אחת) - טאקע ניט בתור חיוב, ווארום ס'ווערט דאך אפגע'פסק'נט להלכה (טור שם) אז "ריבוי הסעודות שמרבים בהם הן סעודות הרשות", אבער ס'זאל זיין דער ענין השמחה

[ווארום דער רמב"ם (וואס ער זאגט אז ימי חנוכה זיינען "ימי שמחה והלל") איז דאך א פוסק גדול, ביז אז ער איז איינער פון די דריי פוסקים וואס כדעת הרוב מהם פסק'נט דער ב"י אין שו"ע די פסקי דינים (ראה הקדמת הב"י לשו"ע)].

ובפרט אז דער רמ"א איז דאך מסיים זיין חיבור אויף שו"ע או"ח מיטן פסוק "וטוב לב משתה תמיד" (משלי ט, טו),

- וואס -



הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'דארף זיין דער ענין השמחה.

און וויבאלד אז די שמחה פון חנוכה איז ניט קיין ענין של חיוב - איז דאס א שמחה גדולה ביותר.

ועפ"ד המבואר (לקו"ת סוכות פ, ג) בנוגע צו גורל השמחה פון "הקפות", אז דאס איז א גרעסערע שמחה פון שמחת בית השואבה, ווארום דער ענין פון שמחת בית השואבה איז הלכה למשה מסיני (וואס דערפאר איז דאס טאקע א גרעסערע שמחה פון די שמחה פון "מועדים לשמחה" וועלכע שטייט בפירוש אין תושב"כ), און דער ענין פון הקפות איז מערניט ווי א "מנהג";

וואס דערפון איז פארשטאנדיק גודל מעלת השמחה וואס מ'פראוועט בימי חנוכה, אפי' לגבי די מעלה פון הקפות - ווארום דער ענין השמחה פון "הקפות" ווערט שוין אראפגעבראכט אין רמ"א (או"ח סתרס"ט) ובכ"מ, משא"כ דער ענין השמחה פון ימי חנוכה, וואס דאס איז א מנהג נוסף.

ד. אע"פ אז לכאו' דארף מען זיך היטן פון איינפירן נייע מנהגים (סיידן ווען דאס קומט פון א מקור הכי נאמן וכו'), ובפרט אז ביי רבותינו נשיאינו האט מען ניט געזעהן אז זיי זאלן מאכן אן ענין של שמחה בחנוכה -

ווארום אויב ביי זיי וואלט געווען דער ענין השמחה בימי חנוכה, וואלט מען דערפון געוואוסט, ווארום בשעת ס'רעדט זיך וועגן ענינים פנימיים, קען מען ניט וויסן ווי אזוי איז געווען זייער הנהגה בנוגע לעצמם, אבער בשעת ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין השמחה, וואס דער ענין השמחה איז דאך דוקא ווען ער איז משתף אחרים אין דער שמחה

[במבואר בכ"מ (סידור רנז, רע"ג. וראה המשך שמח תשמח תרנ"ז ע' 51), אז דער ענין השמחה איז דוקא ווען ער איז משתף אנדערע אין דער שמחה, און ווי דער דין איז בנוגע צו שמחת יו"ט, אז ווען איז דאס א שמחה אמיתית - דוקא ווען ער איז מצרף אויך די "ארבעה שלך" און די "ארבעה שלי" (ספרי ופירש"י עה"פ ראה טז, יא. וראה רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הי"ח)] -

קען מען דאך ניט זאגן אז ביי זיי איז געווען דער ענין השמחה (בימי חנוכה) בחדרי חדרים - ווארום דעמולט איז דאס ניט דער ענין השמחה.

און וויבאלד אז מ'געפינט ניט אז ביי רבותינו נשיאינו איז געווען אן ענין של שמחה בימי חנוכה, איז פארשטאנדיק אז ס'איז טאקע ניט געווען, ווארום ס'איז ניט שייך אז די שמחה זאל זיין פאר זיך בחדרי חדרים.

ובפרט אז אויף יערערן פון זיי (רבותינו נשיאינו) זאגט מען דאך "טוב עין הוא יבורך כי נתן מלחמו לדל" (משלי

- כב, ט. -

כב, ט. וראה נדרים לח, א), וואס דערפאר זעט מען דאך אז אלע ענינים פון וועלכע עס קען זיין אן ענין של טובה, האבן זיי מפרסם געווען (צי א ביסל פריער אדער א ביסל שפעטער), וכידוע די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (ראה סה"מ חש"ה ע׳ 226. תש"י ע׳ 271) אז איצטער איז שוין דער זמן לגלוח -

און אעפ"כ געפינט מען ניט אז זיי האבן מגלה געווען אז בחנוכה דארף מען מאכן אן ענין של שמחה - דארף מען זיך לכאו׳ היטן פון איינפירן נייע מנהגים - אבער אעפ"כ זאגט מען אז בחנוכה דארף זיין אן ענין של שמחה.

ה. והביאור בזה:

וויבאלד אז מ׳געפינט זיך אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, און מ׳דארף אנקומען צו דעם ענין פון "והוי׳ יגי׳ חשכי" (ש"ב כב, כט),

- אלעמאל האט מען אויך געדארפט אנקומען צו "והוי׳ יגי׳ חשכי" [וכמבואר אין דרושי חנוכה (תו"א מא, א) אז חנוכה טוט אויף דעם ענין פון "והוי׳ יגי׳ חשכי" - איז דאך דאס געזאגט געווארן אויף ימי חנוכה בכל הזמנים], אבער אין דרא דעקבתא דמשיחא איז נאך צוגעקומען אין דעם "חשכי" כמה פעמים ככה, ביז אין אן אופן פון "וימש חושך" (בא י, כא), ואין צורך להאריך בדבר, ווארום אז מ׳קוקט זיך ארום וואס ס׳טוט זיך זעט מען דעם גודל החושך פון דעם זמן פון עקבתא דמשיחא,

איז אע"פ אז מ׳טאר ניט ארייננפאלן אין יאוש ח"ו, ובפרט אז ס׳איז א זיכערע זאך אז "אנן נצוחייא" (ויק"ר פ"ל, ב), אז חומ"צ און אידישקייט וועלן זיכער מנצח זיין, ביז צו א נצחון כפשוטו, אז ס׳וועט זיין "מסרת גבורים ביד חלשים ורבים ביד מעטים וכו׳" -

איז אבער צוזאמען דערמיט, וויבאלד אז יעדערער זוכט דאך עצות ווי אזוי צו מאכן לייכטער די עבודה, סיי בנוגע צו זיך און סיי בנוגע צו אנדערע -

פאדערט זיך אן ענין של שמחה נוספה, וואס דאס וועט פורץ זיין גדרי הגלות הפנימי, און דורך דערויף וועט דאס אויך פורץ זיין גדרי הגלות כפשוטו - וואס דערפאר דארף זיין בחנוכה אן ענין של שמחה.

[וואס דאס איז ניט קיין ענין וואס מ׳איז מוסיף נאך א מצוה ח"ו, אדער אפי׳ א מצוה מדרבנן, אדער אפי׳ מוסיף זיין נאך ענינים וואס דארפן האבן אן אישור פון גדולי ישראל רוקא - נאר מ׳זאגט לכתחלה אז מ׳טוט דאס דערפאר וואס

- מ׳זוכט -

מ'זוכט וועגן ווי אזוי צו פורץ זיין גדרי הגלות].

ו. וואס אע"פ אז "הנצנים נראו בארץ" (שה"ש ב, יז), און ע"פ מאמר רבותינו נשיאינו (היום יום ע' קז) אז אזוי ווי מ'דארף וויסן חסרונות עצמו דארף מען אויך וויסן מעלות עצמו - טאר מען דאך ניט לייקענען ח"ו דאס וואס ס'האט זיך אויפגעטאן אין הפצת המעיינות חוצה און אין הפצת היהדות בכלל, אין לימוד התורה וקיום מצוותי', בשנים הכי אחרונות דוקא,

וואס דער ענין דארף דאך אריינברענגען א שמחה גדולה ביותר - אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס דער חושך איז געווארן באופן כך וכך, האט מען דורכגעבראכן דעם חושך, ביז אז די "מעיינות" דערגרייכן אין אזוינע ערטער און צו אזוינע מענטשן וואס מ'האט קיינמאל ניט משער געווען אז זיי וועלן לערנען חסידות בפשטות, און בחיות ובשקידה והתמדה,

ועד"ז בנוגע צו הפצת היהדות בכלל, אין לימוד התורה וקיום מצוותי', אז ס'איז געווארן אין אן אופן פון הולך ומתפשט, והולך ומוסיף ואור -

אבער צוזאמען דערמיט, דארף מען דאך האבן אז די "מעיינות" זאלן אנקומען צו יעדער אידן, ווארום וויבאלד אז מ'האלט שוין אין עקבתא דעקבתא דמשיחא, און די איינציקע אידן צו וועלכע די "מעיינות" זיינען נאך ניט דערגאנגען, זיינען מעכב רח"ל די גאולה פון שכינתא בגלותא און די גאולה פון כלל ישראל (ראה שיחת י"ט כסלו ש.ז. סכ"א),

איז דאך פארשטאנדיק, אז יעדערער דארף טאן כל התלוי בו כדי אז די "מעיינות" זאלן דערגרייכן אויך צו די (איינציקע) אידן וואס צו זיי איז דאס נאך ניט דערגאנגען,

וואס דעמולט וועלן פארענדיקט ווערן די "פכים קטנים", און בשעתא חדא וברגע חדא וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס דערפאר איז אע"פ אז מ'ווייסט אז מ'האט אויפגעטאן גדולות ונפלאות, וכאמור אז מ'טאר ניט אונטערשאצן מעלות עצמו, ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן די פעולות וואס אנדערע טוען,

[בנוגע צו זיך, ווייסט ער אז ער האט געקענט טאן מערער, אבער בנוגע צו אנדערע - איז בשעת ער קוקט זיך צו אין וועלכע סביבה יענער געפינט זיך, און וואס עס טוט זיך אין וועלט ארום אים, און ער זעט אז אעפ"כ גיט יענער אצבעו הקטנה און נאכמער אויף צו פארשפרייטן "נר מצוה ותורה אור" (משלי ו, כג), איז פארשטאנדיק אז "הקב"ה חדי" אויף יעדער

- תנועה -

תנועה פון בנים ובנות גדולים וקטנים, וואס זיי טוען אין הפצת התורה והיהדות] -

ווייסט מען דאך אבער אז ס'זיינען געבליבן געציילטע נקודות וואס זיינען נאך ניט באלויכטן געווארן מיט "נר מצוה ותורה אור", וואס זיי זיינען מעכב דעם ענין פון "קץ שם לחושך" (איוב כח, ג),

[ובמילא סוט דאס ווי נאכמער, ווארום ס'זיינען געבליבן מערניט ווי געציילטע נקודות, און אעפ"כ זיינען זיי נאך דא],

און דערפאר פארערט זיך אז ס'זאל זיין א שמחה נוספת, וואס זי וועט דורכברעכן אויך די לעצטע נקודות, ביז וואנעט אז דאס וועט פארפלייצן די וואכעדיקייט און דעם חושך וואס איז נאך געבליבן אין נקודות מסוימות שבעולם.

ז. און דאס וועט דורכברעכן דעם חושך פון וועלט, ביז אז דער ענין פון "והי' לך ה' לאור עולם" (ישעי' ס, יט) וועט דערגרייכן אין די גאנצע וועלט, ניט נאר אין רובו ככולו, נאר אין כולו ממש.

און ס'וועט מקוים ווערן דער "ואתם תלוקטו לאחר אחר בנ"י" (שם כז, יב), בקרוב ממש ובעגלא דידן, ובשמחה ובטוב לבב,

ובפרט אז מ'וועט מוסיף זיין אין דער שמחה פון חנוכה, אז ס'וועט זיין א שמחה גדולה ביותר, נאך גרעסער פון די שמחה פון הקפות פון שמע"צ, און אפי' גרעסער פון די שמחה פון הקפות פון שמח"ת (כנ"ל ס"ג).

און דאס וועט אראפשווינקען די לעצטע נקודה פון "חול" - וואכעדיקייט און זאמדיקייט, און נאך אנדערע זאכן, וואס זיינען מכסה אויף דעם "הון יקר" וואס איז דא ביי יעדער אידן מקטנם ועד גדולם,

ביז אז דער "הון יקר" וועט אנהויבן שיינען בגלוי לעיני בשר, און דאס וועט ליכטיק מאכן די ד' אמות און חלקו בעולם של כל אחד ואחת מבנ"י, און כל העולם כולו,

ביז אז נאך זייענדיק אין די לעצטע רגעים פון גלות וועט זיין "כי מלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים" (שם יא, ט).

און פון די שמחה פון ימי חנוכה - וועט מען טאנצן מקבל זיין פני משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

- ח. -

ח. מ'האט דאך גערעדט פריער (ס"ד) אז אמיתית ענין השמחה איז דוקא ווען ער איז משתף אחרים אין זיין שמחה - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו די שמחה וואס איז דא אין א צוזאמענקלייבן זיך פון כו"כ מבנ"י יחד,

וואס בשעת זיי קלייבן זיך צוזאמען, ווערן זיי איין מציאות, בדוגמא ווי דאס איז בנוגע צו תפלה בציבור (וואס דוקא דעמולט קען מען זאגן קדושה וכו'), אז ס'ווערט איין מציאות של ציבור (ראה לקו"ש בהעלותך תשל"ז ס"י), אז אויף זיי איז אויך חל דער ענין הנ"ל, אז ווען איז זייער שמחה א שמחה אמיתית, דוקא ווען זיי זיינען משתף אחרים אין דער שמחה.

ובנוגע לפועל: יעדערער פון די וואס געפינען זיך דא, כולל אויך די וואס הערן דורך די פארשידענע אופנים במקומות אחרים,

וואס זייער הערן איז זיי מייחד צוזאמען מיט די וואס געפינען זיך דא, און די וואס געפינען זיך דא ווערן נתאחד מיט די וואס געפינען זיך דארטן - וויבאלד אז אלע צוזאמען הערן אן ענין של תורה, וואס תורה איז למעלה פון די הגבלות פון זמן ומקום.

וכמדובר כמ"פ די ראי' לזה - פון דעם מארז"ל (ברכות לא, א) "אל יפטר אדם מחבירו אלא מתוך דבר הלכה", וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען האבן אריכות הלשון "אל יפטר אדם מחבירו אלא מתוך דבר הלכה", ס'האט געקענט שטיין "יפטר אדם מחבירו מתוך דבר הלכה"?

איז דאך ידוע דער ביאור בזה, אז ווי אזוי קען מען פועל'ן דעם "אל יפטר אדם מחבירו", אז אויך ווען מ'גייט זיך פאנאנדער בגשמיות זאל מען אבער בלייבן צוזאמען - ווערט דאס אויפגעטאן דורך דעם ענין פון "דבר הלכה", וואס דעמולט איז "אל יפטר אדם מחבירו",

וואָרום וויבאלד אז ביידע טראכטן דעם זעלבן ענין אין תורה, און תורה איז דאך למעלה פון זמן ומקום, איז אע"פ אז זיי געפינען זיך בריחוק מקום גשמי איינער פון דעם צווייטן, ווערן זיי נתאחד דורך דעם ענין אין תורה וועגן וועלכן זיי טראכטן -

וויבאלד אז די תורה ווערט ביי זיי אין אן אופן פון "ותורתך בתוך מעי" (תהלים מ, ט), כמבואר אין תניא (פ"ה) אז דאס ווערט איין זאך מיטן אדם המשכיל - ועד"ז איז. פארשטאנדיק בנוגע צו צוויי מענטשן וואס לערנען דעם זעלבן מושכל אין תורה, אז זיי ווערן נתאחד איינער מיטן צווייטן, וויבאלד אז דער מושכל מיט וועלכן יעדערער פון זיי ווערט נתאחד איז דער זעלבער.

- וואס -

וואס דערפאר איז אפי׳ ווען מ׳הערט דאס בריחוק מקום, און דאס איז ניט דער זעלבער קול, נאר דער קול מאכט א שינוי אין דעם מתכת, און דער שינוי המתכת גיט זיך איבער אין אן אנדער מתכת, און פון דעם שינוי אין דעם צווייטן מתכת ווערט א שינוי אין דעם אויר, און פון דעם קומט ארויס דער קול,

אעפ"כ, וויבאלד אז דא איז ניט נוגע אז ס׳זאל זיין דער זעלבער קול (אזוי ווי בנוגע צו קריאת המגילה, אדער שמיעת קול שופר וכיו"ב), נאר דא איז נוגע דער דבר שכל - איז וויבאלד אז דער שכל איז דער זעלבער, איז אפי׳ ווען מ׳געפינט זיך בריחוק מקום, ווערט מען בשעתא חדא וברגע חדא איין מציאות ממש.

וואס דערפאר איז סיי בנוגע צו די וואס געפינען זיך דא, און סיי בנוגע צו די וואס הערן דאס במקומות אחרים (וואס זיי ווערן נתאחד מיט די וואס געפינען זיך דא, כנ"ל) -

איז כדי אז ביי זיי זאל זיין א שמחה אמיתית, דארפן זיי משתף זיין אנדערע אידן אין דער שמחה.

און דערויף האט מען די ברירה מיט וועלכן ענין צו משמח זיין: ס׳זיינען דא אזוינע וואס זיי וועט מער דערנעמען אז מ׳וועט מיט זיי רעדן וועגן עניני חנוכה, און ס׳זיינען דא אזוינע וואס זיי וועט מער דערנעמען אז מ׳וועט מיט זיי רעדן וועגן דעם ענין פון מוצאי שבת קודש, און סעודתא דדוד מלכא משיחא, און ס׳זיינען דא אזוינע וואס זיי וועט מער דערנעמען אז מ׳וועט מיט זיי רעדן וועגן דעם ענין פון ר"ח (טבת) - אדער וועגן צוויי פון די דריי ענינים, אדער וועגן אלע דריי ענינים -

האט מען די ברירה וועלכן ענין מ׳זאל אויסקלייבן - און ס׳איז א זיכערע זאך אז ביי יעדער אידן וועט מען קענען געפינען א נקודה דורך וועלכע מ׳וועט אים קענען מעורר זיין אז ביי אים זאל זיין א שמחה אמיתית, ווארום אפי׳ אין דעם מעמד ומצב פון "אני ישנה - בגלותא" איז אבער "לבי ער" (שה"ש ה, ב. וראה זח"ג צה, א).

ט. און דורך דערויף וואס מ׳וועט משמח זיין נאך א אידן און נאך א אידן, ביז אז כל עם בנ"י (בכל מקום שהם) וועלן שטיין אין א תנועה של שמחה אמיתית - וואס איז פארבונדן מיט תורת אמת, און (וויבאלד אז לימוד מביא לידי מעשה (קידושין מ, ב)) מיט מצוות התורה, וואס זיי זיינען געגעבן געווארן פון "ה׳ אלקים אמת" (ירמי׳ י, י) -

וועט דאס ממשיך זיין דעם "אמת ה׳ לעולם" (תהלים קיז, ב), אז ס׳וועט ווערן פרייליכער אין וועלט בפשטות - אין די

- ענינים -

ענינים פון בני חיי ומזוני, ובכולם - רויחי,

און אויך בפשטות - אז יעדערער וועט דערפילן אז דאס זיינען די לעצטע רגעים פון גלות, און באלד וועט נתגלה ווערן דער ענין פון "ושמחת עולם על ראשם" (ישעי' לה, י).

י. און די שמחה וועט מזרז זיין און מגלה זיין די אמת'ע שמחה פון "ישמח ישראל בעושיו" (תהלים קמט, ב) און "ישמח ה' במעשיו" (שם קד, לא) - כמבואר אין דרושי רבותינו נשיאינו (לקו"ת שמע"צ פח, ד) די ביידע שמחות, בנוגע צו "זמן שמחתנו" - חג הסוכות.

וואס דער ענין פון חג הסוכות ("זמן שמחתנו") האט א שייכות מיוחדת צו ימי חנוכה (תו"א לד, ב. אוה"ת חנוכה דש, ב ואילך), ווארום חנוכה איז שמונה ימים אזוי ווי חגה"ס (צוזאמען מיט שמע"צ), און לשיטת ב"ש (שבת כא, ב) דארף זיין הדלקת נ"ח אין אן אופן פון "פוחת והולך כפרי החג", און ווי דער צ"צ (אוה"ת שם (כ"ה) תתקמב, ב) איז מבאר אז אפי' לשיטת ב"ה איז חנוכה אויך פארבונדן מיט "פרי החג", נאר צוליב דעם ענין פון "מעלין בקודש" האלט ער אז הדלקת נ"ח דארף זיין אין אן אופן פון "מוסיף והולך".

און ביידע שמחות פון "זמן שמחתנו" איז מען ממשיך אויך בימי חנוכה [וואס אע"פ אז ביידע שטייען בלשון עתיד - "ישמח" (כמבואר אין לקו"ת (שם פט, א ואילך) טעם הדבר), זאגט מען דאך אבער אז סוכות ווערט אנגערופן בפועל ובהווה "זמן שמחתנו"],

אז אע"פ אז מ'געפינט זיך אין דעם מעמד ומצב פון "משחשקע החמה", ווארום מ'געפינט זיך נאך אין חושך הגלות - אעפ"כ איז מען מוסיף אין ליכטיקייט מיום ליום ומלילה ללילה "על פתח ביתו מבחוץ",

ביז צו די שבעה נרות וועלכע מ'האט היינט אנגעצונדן - בדוגמת שבעת הנרות פון די מנורה שבביהמ"ק, און מ'גרייט זיך צו הדלקת נר השמיני אין "זאת חנוכה" -

וואס "זאת חנוכה", דער יום השמיני פון חנוכה, איז מדגיש נאכמער דעם ענין פון "שמונה נסיכי אדם" (מיכה ה, ד), וואס איינער פון זיי איז דאך משיח צדקנו (סוכה נב, ב), כמבואר בארוכה אין די דרושים (תו"א לג, ג ואילך) די שייכות פון "שמונה נסיכי אדם" צו שמונת ימי חנוכה.

און דורך דערויף ווערט נתעורר דער ניצוץ משיח וואס איז דא ביי יעדער אידן (ווי גערעדט אין דער ההתוועדות הקודמת (דכוצאי ש"פ וישב סי"ט)), און דאס איז מעורר די התגלות פון משיח צדקנו, וואס אין אים איז דא א ניצוץ פון

- נשכת -

נשמת כאו"א בבנ"י - וואס דורך דעם פאראייניקן זיך אלע אידן צוזאמען, און אלע צוזאמען גייען ארויס פון גלות צו די גאולה האמיתית והשלימה.

יא. וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס גלייך נאך דער התוועדות וועט מען מפיץ זיין דעם ענין השמחה דורך משתף זיין נאך אידן אין דער שמחה של מצוה - אדער די מצוה פון חנוכה, אדער די מצוה פון מוצאי שבת קודש, אדער די מצוה פון ר"ח, אדער כולם ביחד, און טאן דאס אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור.

והמעשה הוא העיקר (וכמדובר כמ"פ אז פון יעדער צוזאמענקומען זיך דארף ארויסקומען אן ענין בנוגע למעשה בפועל) - אז גלייך נאך דער התוועדות זאל יעדערער טאן כל התלוי בו אויף צו משמח זיין אידן (וואס צו זיי איז דאס נאך ניט דערגאנגען) אין דער שמחה אמיתית,

צוזאמען מיט דער הסברה אז דאס זיינען די לעצטע רגעים פון גלות, און אט אט קומט משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין "ושמחת עולם על ראשם".

* * *

יב. ס'איז דא א שייכות מיוחדת צווישן חנוכה, שבת און ר"ח [נוסף על האמור לעיל (ס"א) אז וויבאלד חנוכה איז שמונה ימים, און הויבט זיך אן בכ"ה כסלו (וואס סיי דער זמן הנס און סיי דער משך הזמן איז דאס בהשגח"פ און ע"פ תורה) - מוז זיין אין ימי חנוכה א שבת און ר"ח]:

ס'ברענגט זיך אראפ אין ספרים (דבש לפי להחיד"א מע' ח' אות ז') אז ס'זיינען געווען דריי גזירות אויף אידן בזמן ההוא, וסימנך "חמש" - חודש, מילה און שבת.

[וכמבואר אין מגילת אנטיוכוס די אלע פרטים ווי אזוי ס'זיינען געווען די גזירות הנ"ל,

וואס אע"פ אז מגילת אנטיוכוס ווערט ניט געבראכט אלס מקור וכו' - איז דאס אבער אראפגעבראכט און געדרוקט אין אלטע מחזורים פון ספרדים (מחזור שאלוניקי 1568. סדר תפלה לספרדים ווין תק"פ. סידור "עבודת ישראל" לר"י בער), ובכמה קהילות ווערט זי אויך געליינט, ביז אז דער לבוש (סעת"ר ס"ב) ברענגט אויך אראפ "מעשה אנטיוכוס",

וואס דעדפאר קען מען דאס ברענגען אלס ראי' והוכחה צו די מציאות וואס איז דעמולט געווען].

וואס דער ענין פון חודש און שבת איז פארבונדן מיט דעם ענין פון חנוכה, וויבאלד אז בחנוכה מוז זיין א שבת

- און -

און ר"ה (כנ"ל) - וואס איז אבער דער קשר צווישן דעם ענין המילה מיט חנוכה?

איז דא אין דערויף א.רמז כללי (ראה כלבו הל׳ חנוכה): חנוכה איז דאך שמונה ימים, ועד"ז איז דער ענין המילה פארבונדן מיט שמונה ימים, ווי ס׳שטייט (תזריע יב, ג) "וביום השמיני ימול בשר ערלתו".

ונוסף לזה: די גזירה אויף מצות מילה איז געווען דערפאר וואס דאס איז דער "אות" וואס איז מבדיל בין ישראל לעמים.

וכידוע פון סיפורי הימים ההם אז ביי די יונים איז געווען דער ענין פון הגברת החומר על הצורה, און הגברת הגוף על הנשמה, און מ׳האט זיך געבריימט מיטן יופי הגוף, אפי׳ אז פאר די נשמה איז א גועל נפש זעהן די חלקי הגוף וואס דארפן זיין מכוסה,

און וועז זיי פלעגן זיך צוזאמענקומען אין דעם ארט וואו ס׳איז געווען "ויאבק איש עמו" (להבדיל פון דעם "ויאבק איש עמו" וואס ווערט דערציילט אין חומש (וישלח לב, כה)), און לויט די מנהגים שלהם האט דאס געדארפט זיין בעירום דוקא - איז דאך גלייך געווען ניכר אויף א אידן אז ער איז א איד,

און וויבאלד אז די מתייוונים האבן דאס ניט געקענט פארטראגן - האט דאס מעורר געווען און געגעבן א נתינת מקום אז ס׳זאל קענען זיין א גזירה אויף דעם ענין פון מילה, וואס דאס איז דער ענין המבדיל בין ישראל לעמים.

יג. וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר", איז פארשטאנדיק אז דערפון דארף זיין א הוראה בנוגע לימינו אלו:

דער ענין פון מילה איז דאך איינער פון די תנאים אין "גיור כהלכה", און אפי׳ ביי אן אשה וואס ביי איר איז געווען טבילה אליין - איז דורך דער טבילה ווערט זי "כמאן דמהילא דמיא" (ע"ז כז, א), משא"כ פאר די טבילה וואס דעמולט האט זי ניט געהאט קיין שייכות לענין המילה.

[ע"ד ווי דער דין איז אז "קונם שאני נהנה לערלים כו׳ אסור במולי עכו"ם" (נדרים לא, ב) ווארום ביי אים איז ניט שייך דער גאנצער ענין המילה -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ביי א אשה וואס איז ניט קיין אידישע, איז ניט שייך צו זאגן "כמאן דמהילא דמיא", וויבאלד אז זי איז ניט שייך צו כללות ענין המילה (ווארום זי איז ניט קיין אידישע) - נאר דורך די טבילה ווערט זי "כמאן דמהילא דמיא"].

- וכאמור -

וכאמור אז רער ענין פון גיור כהלכה ווערט דורך מילה וטבילה, און דאס איז פארבונדן מיט קבלת כל המצוות - און ס'דארף זיין א ב"ד וואס ער קען מגייר זיין כהלכה.

ד.ה. אז צום אלעם ערשטן דארף יעדערער פון דעם ב"ד גלויבן באמונה שלימה אז יעדער אות פון תושב"כ און יעדער פירוש פון תושבע"פ איז מפי הגבורה, ווי דער רמב"ם (הל' תשובה פ"ג ה"ח) פסק'נט אז אויב איינער זאגט אויף איין אות פון תושב"כ אדער אויף אן ענין פון תושבע"פ אז (דאס איז טאקע א גוטע זאך, אבער) משה רבינו האט דאס געזאגט מפי עצמו - איז דאס היפך ענין האמונה לגמרי, ובמילא איז פארשטאנדיק אז ער קען ניט זיין אין קיין ב"ד, און זיין גיור איז היפך ההלכה.

יד. וואס ראס איז מעורר נאכאמאל אויף דעם ענין פון גיור כהלכה - וואס ס'זיינען דא אזוינע וואס מיינען אז וויבאלד ס'איז שוין דורכגעגאנגען מערער פון דריי יאר און מ'האט דאס ניט מתקן געווען, איז שוין דא א חזקה רח"ל אויף אויספירן אן ענין וואס איז היפך פון "דבר אלקינו" - דארף מען וויסן אז "דבר אלקינו יקום לעולם" (ישעי' מ, ח).

און ס'איז א זיכערע זאך אז די וואס פראווען דערפון גלייך-ווערטלעך, און מאכן דערמיט מסחרים, מ'וויל דאס פארקויפן פאר דעם ענין צי פאר א צווייטן ענין וכו' - פארטשעפעט מען זיך מיטן אויבערשטן אליין!

וואס דער אויבערשטער האט געגעבן כל התורה כולה, ווי געבראכט פריער (סי"ג) פון רמב"ם, אז יעדער ענין וואס שטייט אין תושבע"פ איז דאס תורה מן השמים, אפי' מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש, ועאכו"כ א דין מפורש אין ש"ס ופוסקים ביז אין שו"ע.

ואין לנו עסק עמהם - דאס איז אן ענין וואס איז צווישן זיי מיטן אויבערשטן, און דער אויבערשטער ווייסט מה שבלבו של חבירו

[וואס דאס גייט אויף יעדער אידן, ווארום יעדער איד ווערט אנגערופן "חבירו" של הקב"ה, ווי רש"י (שבת לא, א ד"ה דעלך) ברענגט אראפ פון מדרש (שמו"ר רפכ"ז) אז "רעך ורע אביך (משלי כז, י) - זה הקב"ה"],

במילא ווייסט ער צי מ'מאכט א אמת'ן מסחר מיט "מיהו יהודי", אדער מ'מאכט ניט קיין אמת'ן מסחר, און צי די חשבונות וואס מ'זאגט זיינען ע"פ'תורת אמת אדער ניט - ואין להאריך ברבר וואס איז ניט נאר מצער, נאר ממש מבהיל!

וכאמור כמ"פ אז מ'דארף ניט אוועקגעבן צייט אויף רערן

- וועגן -

וועגן דעם, און ס׳פעלן ניט קיין ענינים של עצמה נפש, וואס מ׳דארף נאך מוסיף זיין נאך אן ענין וואס איז שלא בערך אז מ׳זאל יוצא זיין דערמיט וואס מ׳זאגט אז דאס איז "עצמת נפש";

ס׳איז מערניט וואס מ׳וויל דערמאנען אז מ׳האלט איצטער אין ימי חנוכה, וואס חנוכה פועל׳ט אז אפי׳ "בחוץ" ווערט ליכטיק מיט די ליכטיקייט פון "נר מצוה ותורה אור" - תורת אמת, וואס דארטן איז ניט שייך קיינע מסחרים, און ס׳איז ניט שייך קיין ענין של "שוחד", אפי׳ ניט קיין שוחד אז מ׳וועט מקיים זיין אן אנדער מצוה, און דערפאר זאל מען קענען טאן אן עבירה - ווארום דער אויבערשטער "לא יקח שוחד" (עקב י, יז).

[וכידוע דער מאמר פון גדולי ישראל, אז לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק וואס איז שייך ביים אויבערשטן אן ענין של שוחד, ס׳איז דאך "לי הכסף ולי הזהב" (חגי ב, ח), און "לה׳ הארץ ומלואה תבל ויושבי בה" (תהלים כד, א)?!

איז דער ביאור בזה: אז דער איינציקער "שוחד" וועלכן מ׳קען געבן דעם אויבערשטן, איז דאס דער ענין פון יראת שמים, ווארום "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים" (ברכות לג, ב. וראה ג"כ שיחת י"ט כסלו ש.ז. סל"ח) - ער זאגט דעם אויבערשטן אז ער וועט פראוועץ אן ענין של יר"ש, ער וועט מקיים זיין א מצוה, און דערפאר זאל דער אויבערשטער ווערן משוחד און מוותר זיין אים אויף אן עבירה - און אויף דערויף זאגט מען אז דער אויבערשטער נעמט ניט קיין שוחד].

און ס׳איז אויך ניט שייך צו זאגן "אחטא ואשוב" - היינט איז ער מסכים טאן די עבירה, און דערנאך וועט ס׳וועט זיין א זמן מתאים וועט ער תשובה טאן אויף דערויף - ווארום "האומר אחטא ואשוב כו׳ אין מספיקין כו׳" (יומא פה, ב).

טו. כאמור לעיל (סי"ב) אז חנוכה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מילה, וויבאלד אז איינע פון די גזירות וואס איז דעמולט געווען, איז געווען אויף דעם ענין המילה -

וואס דער ענין פון מילה איז דאך דער "אות ברית" (לך יז, יא) אז מ׳איז פארבונדן מיטן אויבערשטן, און דער "אות" פון מילה איז מערער בהדגשה ווי דער ענין פון שבת און ר"ח, ווארום זיי זיינען אותות רוחניים, און ניט קיין ענין וואס איז ניכר אין דעם <u>בשר</u>, משא"כ ענין המילה איז אן "אות" וואס איז ניכר אין דעם <u>בשר</u>.

און דאס (ענין ה"אות" שבמילה) איז אויך פארבונדן מיט חנוכה, ווארום דער ענין פון חנוכה איז דאך פארבונדן מיט טהרת ביהמ"ק, וואס ענינו פון דעם ביהמ"ק איז, אז "משם אורה יוצאה לעולם" (ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה), און דארטן

- איז -

איז די "עדות כו׳ לבאי עולם שהשכינה שורה בישראל" (שבת כב, ב) -

טז. און דורך די ענינים הנ"ל פון שבת און ד"ח (און מילה) - וועט זיין דער ענין פון "והי׳ מידי חודש בחדשו ומידי שבת בשבתו יבוא כל בשר להשתחוות לפני" (ישעי׳ סו, כג) [וואס דער פסוק איז פון איינע פון די הפטרות פון היינטיקן שבת - די הפטרה פון שבת ר"ח].

און ווי ער זאגט אויף דערויף אין מדרש (יל"ש ישעי׳ רמז תקג. וראה ד"ה והי׳ מדי חדש תשל"ז בהערה), אז בכל ערב שבת וועלן אידן קומען אין ביהמ"ק (בדוגמא ווי דאס איז אין די ג׳ רגלים), און דערנאך במוצאי שבת איז חוזרין לבתיהם.

און וויבאלד אז מ׳זאגט דאס אין א נבואה, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז תלוי במעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות (הניא רפל"ז).

יז. ויה"ד אז מ׳זאל טאן אין אלע פעולות הנ"ל, כולל אויך די פעולות אין די מבצעים, אנהויבנדיק פון "מבצע חנוכה", וואס ער איז כולל אין זיך אלע איבעריקע מבצעים, וויבאלד אז מ׳געפינט זיך אין ימי חנוכה [ובדוגמא ווי דאס איז אין דעם ענין האושפיזין, אז יעדערער פון זיי אין זיין טאג איז כולל אלע איבעדיקע, וויבאלד אז דאס איז זמנו],

אנהויבנדיק פון "מבצע חינוך", וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיט חנוכה, ווארום "חנוכה" איז מלשון חינוך, כמבואר בכ"מ (תו"א כט, ד),

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה" (וואס דאס (טהרת המשפחה) איז דאך איינע פון די גזירות וואס מ׳האט דעמולט גוזר געווען, כמבואר אין מדרז"ל).

און טאן דאס לויט דער הוראה פון כללות הענין דחנוכה - אז א איד טוט און איז זיך משתדל בנוגע צו דעם ענין פון הפצת "נר מצוה ותורה אור", און אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור, אז וויפל ער האט נאר געטאן אין דערויף ביז איצטער, און אפי׳ אז ער האט שוין געטאן אין דערויף בתכלית השלימות - איז וועז ס׳קומט דער יום שלאח"ז, זאגט מען אים אז ס׳איז נאך זיכער דא וואס צו מוסיף זיין אין דער השתדלות בענין זה.

וואס דורך די אלע מבצעים, איז מען שולל ומבטל די לעצטע שיריים וואס זיינען נאך געבליבן פון גלוה, וכאמור

- לעיל -

לעיל (ס"ז) אז דאס שווייגקט אפ די לעצטע ענינים וואס זיינען נאך ניט קדוש ביז על טהרת הקודש, ועאכו"כ די ענינים אין וועלכע ס'פעלט נאך דער ענין הטהרה בכלל, און ס'ווערט דער ענין פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ" (זכרי' יג, ב).

ביז אז ס'וועט זיין דער ענין פון "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו כי פי ה' דיבר" (ישעי' מ, ה) - אז מ'וועט דאס זעהן בגילוי, בקרוב ממש, נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, ועאכו"כ דערנאך - בביאת משיח צדקנו.

* * *

יח. מ'האט דאך גערעדט פריער בנוגע צו דעם ענין השמחה וואס דארף זיין בחנוכה, וואס דאס איז דאך אן ענין פון "טוב לשמים", ווארום דאס איז אן ענין פון שמחת יו"ט - דארף אבער זיין צוזאמען דערמיט אויך דער ענין פון "טוב לבריות", אז ער איז משתף בשמחתו אויך אנדערע אידן, ואדרבה, דוקא דעמולט איז <u>זיין</u> שמחה א שמחה אמיתית (כנ"ל ס"ד).

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם וואס מ'האט גערעדט פריער בארוכה (שיחת י"ט כסלו סכ"ב), אז כדי ס'זאל זיין דער ענין הגאולה, דארף זיין דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" (ישעי' א, כז), וואס דאס זיינען די צוויי ענינים פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות", ווארום "ציון <u>במשפט</u> תפדה" איז דער ענין פון תורה (לקו"ת ר"פ דברים), "טוב לשמים", און "ושבי' בצדקה" איז דער ענין פון "טוב לבריות".

ועד"ז געפינט מען אויך אין חנוכה די צוויי ענינים פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות" - דער ענין פון "נר חנוכה" איז "טוב לשמים", ביז וואנעט אז "אין לנו רשות להשתמש בהן"; און צוזאמען דערמיט איז דא דער "מנהג ישראל תורה הוא" צו געבן "מעות חנוכה", וואס דאס איז דער ענין פון "טוב לבריות".

און אין דעם ענין פון נרות חנוכה גופא איז אויך דא דער ענין פון "טוב לבריות" - וואס דאס איז דער ענין פון "<u>מבצע</u> חנוכה", מ'זאל זיך משתדל זיין אז כל אחד ואחת מבנ"י זאלן מקיים זיין די מצוה פון הדלקת נר חנוכה, ועד"ז בנוגע לשאר הענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חנוכה.

יט. האמור לעיל (דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות") האט אויך א שייכות צו ר"ה טבת (כאמור לעיל (ס"א) אז בחנוכה מוז זיין ר"ח טבת) - לויט די קביעות פון שנה זו:

יעדער חודש האט דאך אין זיך ימים מיוחדים, אדער עכ"פ

- יום -

יום אחד מיוחד - ובנוגע צו חודש טבת, איז דאס עשרה בטבת, וואס ער ווערט אנגערופן "צום העשירי" (זכרי' ח, יט. ר"ה יח, ב), על שם החודש - חודש העשירי (טבת).

וואס די קביעות פון עשרה בטבת בש.ז. איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב - ע"ד ווי ר"ה איז געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, ועד"ז י"ט כסלו, ר"ה לחסידות, איז אויך געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

וואס אע"פ אז עשרה בטבת איז דאך אן ענין פון היפך השמחה, ובמילא אויך היפך הטוב - איז לויט דעם וואס דער רמב"ם (ריש הל' תעניות. וראה שם פ"א הי"ז) זאגט אז כללות ענין התענית איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה, איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד עשרה בטבת איז ביום השלישי, דארף זיין דער ענין התשובה בנוגע צו דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות".

וואס כללות ענין התענית איז פארבונדן מיט "טוב לשמים וטוב לבריות", ווארום דער ענין התענית איז דאך דער ענין התשובה, "קרעו לבבכם ואל בגדיכם" (יואל ב, יג) - "טוב לשמים", און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין הצדקה, ווי ס'שטייט "וחטאך בצדקה פרוק" (דניאל ד, כד), כמבואר אין רמב"ם (הל' תשובה פ"ב ה"ד), ובארוכה אין אגה"ת פון דעם אלטן רבי'ן (פ"ג (צב, ב)), וואס דאס איז דער ענין פון "טוב לבריות".

וואס דאס איז בנוגע לענין התענית בכלל - ועאכו"כ ווען דער תענית איז חל ביום השלישי, וואס דעמולט שטייט נאכמער בהדגשה דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות".

כ. בנוגע צו "עשרה בטבת" (וואס ער איז איינער פון די ד' צומות) געפינט מען א תוקף מיוחד מערער פון אלע איבעריקע תעניות (אפי' מערער פון תשעה באב, וואס ער איז דאך דער הכי חמור פון די ד' צומות):

ס'שטייט אין אבודרהם (הל' תעניות - הובא בב"י או"ח סתק"נ): "אפי' הי' חל (עשרה בטבת) בשבת, לא היו יכולין לדחותו ליום אחר, מפני שנאמר בו בעצם היום הזה (יחזקאל כד, ב) כמו ביום הכפורים".

און אע"פ אז די הלכה איז ניט אזוי, נאר ווען ס'וואלט געקענט זיין אז עשירי בטבת זאל חל זיין בשבת, וואלט דאס שבת דוחה געווען (שו"ע או"ח סתק"נ ס"ג. וראה ב"י שם) - איז דאך דאס אבער א קס"ד פון א פוסק (ס'איז מערניט וואס להלכה איז דאס ניט נהקבל געווארן). משא"כ בנוגע לשאר הצומות, וואס מלכתחלה איז גאר ניטא קיין קס"ד אז זיי זאלן דוחה זיין את השבת. וואס דערפון זעט מען דעם תוקף פון עשרה בטבת לגבי שאר הצומות.

- כאמור -

כאמור לעיל אז ס'איז דא א תוקף מיוחד אין עשרה בטבת, וואס דערפאר איז דא א קס"ד עד זאל דוחה זיין את השבת אזוי ווי יוהכ"פ - איז דא נאך א שייכות מיוהדה צווישן עשרה בטבת מיט יוהכ"פ:

סיי עשרה בטבת און סיי יוהכ"פ זיינען בעשירי בחודש [וכמבואר בארוכה אין דרושי יוהכ"פ (סידור רנס, ד. אוה"ת סוכות ע' א'תשנג) די מעלה מיוחדת פון "בעשור לחודש" (אמור כג, כז)]; און ביי ביידע איז דער ר"ת שלהם (וואס ער איז כולל כל ימי החודש) ביו"ט - ר"ח תשרי איז בר"ה, און ר"ת טבת איז בחנוכה (ד.ה. אז נוסף צו די מעלה וואס ר"ח האט מצ"ע, קומט נאך צו די מעלה פון ר"ה און חנוכה), וואס דער ענין איז דא מערניט ווי ביי די צוויי חדשים תשרי און טבת (וראה לקו"ש ויגש ש.ז. סס"ז ובהע' 80).

כא. ובנוגע אלינו: די אלע צומות וועלן דאך נתהפך ווערן "לששון ולשמחה ולמועדים טובים" (זכרי' ח, יט), ווי דער רמב"ם זאגט בסוף הל' תעניות: "כל הצומות האלו עתידים ליבטל לימות המשיח, ולא עוד אלא שהם עתידים להיות ימים טובים וימי ששון ושמחה".

און וויבאלד אז "לפום צערא אגרא" (אבות פ"ה מכ"א), איז דאך פארשטאנדיק אז וויבאלד עשרה בטבת האט א תוקף מיוחד (בדוגמא צו דעם תוקף פון יוהכ"פ (כנ"ל)) - וועט ער נתהפך ווערן "לששון ולשמחה ולמועדים טובים" נאכמער ווי אלע איבעריקע צומות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה - אז ווען מ'געפינט זיך אין די ימים שלפני עשרה בטבת (אנהויבנדיק פון ר"ח טבת, וואס דאס האט שוין א שייכות צו עשרה בטבת), דארף יעדערער טאן כל התלוי בו אז עשרה בטבת פון שנת תשל"ח זאל שוין זיין אין אן אופן פון "ששון ושמחה ומועדים טובים".

וכאמור אז מ'זאל טאן אין דעם קו פון "טוב לשמים וטוב לבריות", וויבאלד אז עשרה בטבת איז חל ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, ובפרט אז דער ר"ה פון כל השנה כולה, און אויך י"ט כסלו, וואס ער איז דער ר"ה לחסידות פון כל השנה כולה, איז אויך געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב (כנ"ל סי"ט).

כב. מ'האט דאך דערמאנט פריער (סי"ח) אז דער ענין פון לימוד התורה איז "טוב לשמים" - איז כאן המקום צו מוסיף זיין בנוגע צו דעם הדרן וואס מ'האט געערדט בי"ט כסלו (וויבאלד אז כמה פרטים זיינען געבליבן ניט מבואר), און אויך פארענטפערן די שאלות וואס מ'האט געפרעגט אויף דערויף.

אין דעם סיום פון מסכת עוקצין איז דא די משנה וואס

- רעדט -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

רעדט וועגן דעם דין פון "כוורת", און דערנאך איז דא די משנה וואס רעדט וועגן דעם דין פון "חלות דבש", און דערנאך קומט די לעצטע משנה: "אמר ריב"ל עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ג׳ מאות ועשרה עולמות, שנאמר להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא. אמר ר"ש בן חלפתא לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום, שנאמר ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום".

[ו]ואס דאס איז בדוגמא צו דעם סיום פון הל׳ חנוכה אין רמב"ם, וואס דארט שטייט: "גדול השלום שכל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם, שנאמר דרכי׳ דרכי נועם וכל נתיבותי׳ שלום".

און ווי גערעדט אמאל באריכה (ראה לקו"ש ח"ח ע׳ 350) דעם ביאור פארוואס ברענגט ניט דער רמב"ם דעם פסוק "ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום", נאר ער ברענגט דעם פסוק "דרכי׳ דרכי נועם וכל נתיבותי׳ שלום" (ווי די גמ׳ (גיטין נט, ב) ברענגט אראפ דעם פסוק, וואס דערפאר ברענגט דאס אויך דער רמב"ם), ואין כאן המקום להאריך בזה].

און מ׳האט מבאר געווען (שיחת מוצאי ש"פ וישב ס"ה ואילך), אז מ׳קען ניט זאגן אז די מחלוקת פון ר"א מיט חכמים אין די משנה פון "כוורת" איז בנוגע צו דעם ענין פון "בכח" און "בפועל" (אזוי ווי די מחלוקת פון ב"ש און ב"ה אין די משנה פון "חלות דבש") - ווארום דעמולט וועט אויסקומען אז מוחלפת השיטה:

ר"א, וואס ער איז מתלמידי ב"ש (וואס דערפאר זאגט מען אויף אים "שמותי הוא", כנ"ל), האלט ער אז מ׳גייט נאך דעם "בפועל", און חכמים, וואס דאס איז דעת ב"ה, האלטן אז מ׳גייט נאך דעם "בכח" - וואס דאס איז היפך שיטתם, ווארום אומעטום האלטן ב"ש אז מ׳גייט נאך דעם "בכח", און ב"ה האלטן אז מ׳גייט נאך דעם "בפועל" (ראה לקו"ש ח"ו ע׳ 70 ואילך).

וואס דער קס"ד זאגן אז די מחלוקת פון ר"א מיט חכמים אין די משנה פון "כוורת" איז פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל", אע"פ אז דעמולט קומט אוים אז מחלפא שיטתייהו - איז פארבונדן דערמיט וואס מ׳געפינט צוויי משניות אין מסכת ביצה, וואס דארט קומט אויך אוים אז מחלפי שיטתייהו דב"ש וב"ה:

די משנה (ביצה לד, סע"א ואילך) זאגט: "אמר ר"א עומד אדם על המוקצה ערב שבת בשביעית ואומר מכאן אני אוכל למחר, וחכמים אומרים עד שירשום ויאמר מכאן ועד כאן".

ד.ה. אז ר"א, וואס האלט כשיטת ב"ש, האלט אז ס׳איז

- גענוג -

געגוג זיין אמירה אליין, "בכה"; און חכמים, וואס זיי האלטן כשיטת ב"ה, האלטן "עד שירשום", ווארום מ׳דארף האבן דעם "בפועל".

ברענגט אראפ תוס׳ (ד"ה ואומר - שם, רע"ב) קושית הירושלמי (ביצה ספ"ד) אז מחלפא שיטתייהו דב"ש, ווארום אין א פריערדיקע משנה (שם י, א) שטייט: "ב"ש אומרים לא יטול (יונים ביו"ט) אא"כ נענע מבעוד יום, וב"ה אומרים עומד ואומר זה וזה אני נוטל" -

וואס דערפון זעט מען אז מחלפא שיטתייהו, אז ב"ש האלטן אז מ׳דארף האבן דעם "בפועל" - "<u>נענע</u> מבעוד יום", און ב"ה האלטן אז ס׳איז געגוג דער "בכח" - "עומד <u>ואומר</u> זה וזה אני נוטל".

און דערפאר איז געווען דער קס"ד צו זאגן אז די מחלוקת פון ר"א מיט חכמים אין די משנה פון "כוורת" איז פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל", אע"פ אז דעמולט קומט אויס אז מחלפי שיטתייהו.

אבער כאמור לעיל אז (נוסף דערצו וואס ס׳וועט אויסקומען אז מוחלפת השיטה) ס׳איז דא כמה הוכחות אין עצם הענין אז מ׳קען ניט זאגן אז זייער מחלוקת איז פארבונדן מיט "בכח" און "בפועל", נאר מ׳דארף זאגן אז זייער מחלוקת איז צי מחובר לקרקע הוי כקרקע אדער ניט, כנ"ל בארוכה.

כג. בנוגע צו דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש" - האט מען דאך מבאר געווען (שיחת י"ט כסלו סמ"ד) אז דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "בכח" און "בפועל", ווארום דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש", ער זאל זיין במקום המוריש, איין זאך מיטן אויבערשטן - טוט זיך אויף דורך ירידת הנשמה למטה "בפועל" דוקא.

וואס אויף דערויף האט מען געפרעגט: וואס איז דער ביאור לשיטת ב"ש (וואס זיי האלטן אז ס׳איז געגוג דער "בכח") אויף דעם ענין פון ירידת הנשמה למטה?

- דאס איז דאך זיכער אז אויך לשיטת ב"ש דארף מען האבן ירידת הנשמה למטה <u>בפועל</u> (און ס׳איז ניט געגוג דאס וואס "בכח" קען די נשמה אויספירן תכלית ירידתה), והראי׳, אז ס׳איז דא ירידת הנשמה למטה <u>בפועל</u>; און אויך לשיטת ב"ש דארף שטימען דער פסוק "להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא", וואס דאס מיינט אז <u>לע"ל</u> וועט זיין דער ענין השכר, צוליב עבודת הנשמה למטה <u>בפועל</u>;

איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז לשיטת ב"ש איז געגוג דאס וואס דער ענין איז דא "בכח" - איז צוליב וואס

- דארף -



<u>נתח הת׳ בלתי מוגה:</u>

דארף מען האבן ירידת הנשמה למטה בפועל, און צוליב וואס דארף מען ווארטן מיט נתינת השכר ביז ס'וועט זיין עבודת הנשמה למטה בפועל - ס'איז לכאו' בנוגע דאס וואס די נשמה האט "בכח" אז דורך ירידתה למטה וועט זי אויספירן דעם אויבערשטנ'ס כוונה?

כד. איז דער ביאור בזה:

ווען זאגן ב"ש אז ס'איז בנוגע ווי דער ענין שטייט "בכח" און מ'דארף ניט האבן דעם "בפועל" - דוקא ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס געפינט זיך אין זיין בעה"ב'שקייט, ד.ה. ווייבאלד די "חלות דבש" זיינען זיינע, און אז ער וויל, קען ער מאכן פון זיי משקה - דארף מען ניט אנקומען דערצו אז ער זאל דערפון מאכן משקה "בפועל", נאר ס'איז בנוגע "משיחרחר" (אדער אפי' "משיהדהר"), ווען דער ענין שטייט נאך "בכח" (משא"כ ווען די "חלות דבש" זיינען ניט זיינע, וואס דעמולט איז דאס ניט שייך).

ועד"ז איז אויך בנוגע צו ירידת הנשמה למטה: בנוגע צו די מעלה וואס קומט צו אין דער נשמה ע"י ירידתה למטה, אויף דערויף זאגן ב"ש אז ס'איז בנוגע ווי דער ענין שטייט "בכח", און מ'דארף ניט האבן דעם "בפועל", ווארום דער אויבערשטער ווייסט אז אויב ס'וועט זיין ירידת הנשמה בפועל וועט זיך דורכפירן די כוונה, במילא איז בנוגע ווי דאס שטייט "בכח", און מ'קען אים שוין געבן שכר אויף דערויף;

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן די כוונה פון "דירה בתחתונים" - איז ניט בנוגע דאס וואס די נשמה האט "בכח" אז דורך ירידתה למטה וועט זי אויפטאן א דירה בתחתונים, ווארום דעמולט בלייבט נאך דער "תחתון" במעמדו ומצבו, און דער ענין פון "דירה בתחתונים" איז אז מ'זאל איבערמאכן דעם "תחתון".

- ער קען טאקע באקומען שכר אויף דעם וואס ער האט "בכח" צו אויפטאן דעם ענין, אבער כל זמן אז דער ענין קומט ניט אראפ "בפועל", איז דאס ניט קיין "דירה בתחתונים"; אז ער וועט טראכטן און זאגן וכו' אז ער וויל מאכן פון דעם קלף תפילין - איז דאס טאקע ביי אים "בכח" (און ער קען אפי' באקומען שכר אויף דעם), אבער דער קלף בלייבט כמו שהוא, ניט קיין קלף של תפילין.

און ווי גערעדט פריער בארוכה (שיחת מוצאי ש"פ נח ס"ד), אז בנוגע צו דעם ענין פון "דירה בתחתונים", איז ניט מספיק דאס וואס מצד כחו ית' (וואס למעלה איז דאך אין כח חסר פועל, און אפי' מצד למטה - איז דאך שיטת ב"ש אז ס'איז בנוגע ווי דאס איז "בכח") קען זיין דער ענין פון "דירה

- בתחתונים" -

בתחתונים", נאר ס'דארף טאקע זיין א <u>פעולה</u> אין די "תחתונים" אז זיי זאלן ווערן א "דירה".

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז לדעת ב"ש איז אע"פ אז מצד דעם עילוי וואס ווערט אויפגעטאן אין דער נשמה ע"י ירידתה למטה איז געגוג ווי דאס שטייט "בכח" (ראה ג"כ שיחה הנ"ל ס"ה ובהע' 30) - דארף מען אבער האבן דעם ענין פון ירידת הנשמה למטה "בפועל" כדי ס'זאל זיך אויפטאן די כוונה פון "דירה בתחתונים".

ועד"ז איז אויך בנוגע לענין השכר: וויבאלד אז מ'וויל אים געבן שכר אויך פאר דעם וואס ער האט אויפגעטאן <u>בפועל</u> דעם ענין פון "דירה בתחתונים" - דארף מען האבן דעם ענין פון ירידת הנשמה למטה בפועל.

כה. און דאס איז די מחלוקת פון ב"ש מיט ב"ה:

לויט ב"ה דארף מען האבן דעם ענין פון ירידת הנשמה למטה אויך צוליב דעם עילוי וואס די נשמה האט ע"י ירידתה, ווארום דאס וואס דער ענין איז דא "בכח" איז ניט גענוג, נאר מ'דארף האבן דעם "בפועל"; און דערצו קומט נאך צו דער ענין פון "דירה בתחתונים".

ד.ה. אז זיין עבודה איז טאקע צוליב דעם אויבערשטן, אויף צו אויפטאן דעם ענין פון "דירה בתחתונים", און ער טראכט ניט וועגן דעם שכר, אזוי ווי א "רבורה" וואס זי איז "מסגל לבעלי'" (דב"ר פ"א, ו); אבער צוזאמען דערמיט איז אויך דא דער שכר וואס <u>ער</u> באקומט פאר עבודתו - דער עילוי וואס ווערט אין דער נשמה גופא ע"י ירידתה למטה.

משא"כ לויט ב"ש, קומט גארניט צו אין דער נשמה אליין דורך ירידתה למטה, ווארום מצד די נשמה אליין איז גענוג ווי דער ענין שטייט "בכח" - און דאס וואס מ'דארף האבן דעם ענין פון ירידת הנשמה למטה, איז דאס <u>נאר</u> מצד די כוונה פון "דירה בתחתונים".

כו. דערפון איז פארשטאנדיק, אז לויט שיטת ב"ש קען מען אויספירן דעם ענין פון קיום התומ"צ <u>לשמה</u> בתכלית ההידור, נאכמער ווי לויט שיטת ב"ה:

לשיטת ב"ש איז ניט שייך בכלל אז עבודתו זאל זיין צוליב דעם ענין פון שכר - דער עילוי וואס וועט צוקומען אין אים, ווארום אין דער נשמה אליין קומט גארניט צו דורך ירידתה למטה (כנ"ל), איז עבודתו <u>נאר</u> צוליב דעם ענין פון "דירה בתחתונים", און דער גאנצער צער וואס די נשמה האט פון ירידתה למטה, און זיין דא "שבעים שנה ואם בגבורות שמונים שנה" (תהלים צ, י), ביז "והיו ימיו מאה ועשרים שנה"

- (בראשית -

(בראשית ו, ג) - ווייבאלד אז "כל הדרכים בחזקת סכנה" (ירושלמי ברכות פ"ד ה"ד) - איז דאס מערניס ווי צוליב דעם ענין פון "דירה בתחתונים";

משא"כ לשיטת ב"ה, איז אע"פ אז ער טראכט ניט וועגן דעם שכר, און עבודתו איז צוליב דעם ענין פון "דירה בתחתונים" (לשמה און שלא ע"מ לקבל פרס) - איז דאך אבער אויך דא דער שכר און עילוי וואס ווערט אין דער נשמה אליין (ווארום לשיטת ב"ה איז ניט געווען ווי דער ענין שטייט "בכח"), ובמילא איז פארשטאנדיק אז לשיטת ב"ש קען מען אויספירן דעם ענין פון קיום התומ"צ <u>לשמה</u> מערער ווי לשיטת ב"ה.

כז. עפי"ז וועט מען פארשטיין דעם חילוק צווישן די משנה אין סוף עוקצין מיט די גמרא אין סנהדרין (ק, א), וואס דארטן שטייט דער זעלבער ענין, אבער דארטן שטייט "אמרי במערבא משמי' דרבא בר מרי, עתיד הקב"ה <u>ליתן</u> לכל צדיק וצדיק ג' מאות ועשרה עולמות, שנאמר להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא, יש בגימטריא תלת מאה ועשרה הוי" -

וואס לכאו' איז ניט מובן: פארוואס איז ער משנה דעם לשון המשנה, און זאגט "עתיד הקב"ה <u>ליתן</u> כו'" און ניט "להנחיל"?

- דאס וואס ער איז מוסיף אז "יש בגימטריא תלת מאה ועשרה עולמות הוי", איז ניט קיין קושיא, ווארום אלעמאל זיינען די אמוראים מוסיף ביאור אין דברי התנאים - די שאלה איז אבער פארוואס זאגט ער "ליתן" און ניט "להנחיל".

און מ'דארף זאגן אז כללות החידוש פון דעם אמורא אויף דברי התנא, באשטייט אין דעם ווארט "ליתן" - ווארום לכאו' איז ניט פארשטאנדיק וואס איז דער אמורא מוסיף אויף דברי התנא, ובפשטות איז דאך ניט מסתבר צו זאגן אז דער גאנצער חידוש פון דעם אמורא באשטייט אין דעם וואס ער טייטשט אפ אז "יש בגימטריא תלת מאה ועשרה הוי" - מוז מען זאגן אז זיין חידוש באשטייט אין דעם וואס ער זאגט "ליתן" און ניט "להנחיל" (כדלקמן).

כח. והביאור בזה:

אין דער סוגיא אין סנהדרין רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "מדה כנגד מדה", ווי די גמרא זאגט לפנ"ז "כל המרעיב עצמו על דברי תורה בעוה"ז הקב"ה משביעו לעוה"ב", און עד"ז לאח"ז זאגט די גמרא "אדם נותן מלא עומסו לעני בעוה"ז הקב"ה נותן לו מלא עומסו לעוה"ב" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס די גמ' זאגט "עתיד הקב"ה ליתן

- לכל -

לכל צדיק כו׳", איז אויך אן ענין פון "מדה כנגד מדה".

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז ס׳רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש", אז ער ווערט במקום המוריש, און ס׳רעדט זיך וועגן דעם ענין פון יש האמיתי (כנ"ל בארוכה) - איז ווי איז שייך אז אין דערויף זאל זיין דער ענין פון "מדה כנגד מדה"?

איז דער ביאור בזה, אז דאס גייט לשיטת ב"ש - וואס לשיטתם איז דער ענין פון ירידת הנשמה למטה ניט צוליב זיך, ווארום ס׳איז געגוג ווי דער ענין שטייט "בכח" [און יעדער איד האט "בכח" צו מקיים זיין רצון הקב"ה, כפס"ד הרמב"ם (הל׳ גירושין ספ"ב) אז גט מעושה בישראל כשר, דערפאר וואס יעדער איד וויל מקיים זיין רצון הבורא], ובמילא קומט דאך אויס אז עבודת הנשמה בירידתה למטה איז מערניט ווי פאר דעם אויבערשטן אליין, ווארום ער אליין האט דערפון גארניט (כנ"ל סכ"ד);

און דערפאר גיט אים דער אויבערשטער זיך אליין (וואס דאס איז דער ענין פון "להנחיל", אז ער ווערט במקום המוריש) אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה": וויבאלד אז עבודתו איז געווען מערניט ווי פאר דעם אויבערשטן אליין, גיט אים דער אויבערשטער זיך אליין.

משא"כ לדעת ב"ה איז דאס ניט אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה", ווארום לדעת ב"ה טוט אויף דער ענין פון ירידת הנשמה למטה אויך אין דער נשמה אליין (ווארום מ׳דארף אנקומען צום "בפועל" וויבאלד אז דער "בכח" איז ניט געגוג), קומט דאך אויס אז עבודתו איז ניט נאר צוליב דעם אויבערשטן אליין, נאר אויך צוליב זיך, וואס דערפאר קען זיין א מציאות פון א צדיק וואס טראכט ניט נאר בנוגע צום אויבערשטן (ער זאל אויפטאן דעם ענין פון "דירה בתחתונים"), נאר אויך וועגן זיך, עכ"פ בדרך טפל.

און אע"פ אז ער טראכט אינגאנצן ניט וועגן דעם שכר וואס ער וועט האבן, נאר ער טוט עבודתו צוליב דעם אויבערשטן אליין [וואס וועגן דעם אופן רעדט זיך אין דער משנה, ווארום אז מ׳האלט שוין בסיום פון ששה סדרי משנה, וואס דעמולט דערגרייכט מען צו תכלית השלימות - איז ניט שייך צו זאגן אז עבודתו איז ע"מ לקבל פרס, אז ער טראכט וועגן דעם שכר וואס ער וועט באקומען], וואס דערפאר באקומט ער טאקע דעם ענין פון "להנחיל אוהבי יש", אז ער ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן -

איז דאס אבער ניט אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה", ווארום אע"פ אז ער טראכט טאקע ניט וועגן דעם שכר (דער עילוי וואס ווערט אויפגעטאן בנשמתו), איז דאך דאס אבער אן

- עבודה -

עבודה וואס פועל'ט אן עילוי אויך אין אים (ווארום מ'דארף אנקומען צום "בפועל"), ניט קיין עבודה וואס כל ענינה איז מערניט ווי צו אויפטאן דעם ענין פון "דירה בתחתונים";

משא"כ לשיטת ב"ש, איז דאך דאס אן עבודה וואס כל ענינה איז מערניט ווי צו אויפטאן דעם ענין פון "דירה בתחתונים" (ניט נאר אז ער טראכט וועגן דערויף און ניט וועגן דעם שכר שלו, נאר דאס איז כל ענינה פון דער עבודה, וויבאלד אז ביי אים קומט ניט צו קיין עילוי (כנ"ל)) - און דערפאר ווערט דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" (אז ער ווערט אייך זאך מיטן אויבערשטן, במקום המוריש) אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה", ווארום דאס איז אן עבודה וואס ענינה איז מערניט ווי פאר דעם אויבערשטן אליין, לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

כט. עפי"ז וועט מען פארשטיין דאס וואס די גמ' אין סנהדרין איז משנה פון לשון המשנה, און זאגט: "עתיד הקב"ה ליתן לכל צדיק וצדיק ג' מאות ועשרה עולמות, שנאמר להנחיל גו'":

בשעת מ'זאגט אז "עתיד הקב"ה ליתן כו' שנאמר להנחיל גו'" - האט מען סיי די מעלה פון "נחלה", אז ער ווערט במקום המוריש, און סיי די מעלה פון "מתנה", וואס "כל הנותן בעין יפה נותן" (ראה ב"ב נג, א).

וואס ס'איז דאך דא א מעלה אין דעם ענין פון "מתנה" לגבי דעם ענין פון "ירושה", כמבואר בכ"מ (המשך וככה תרל"ז פס"ו ואילך) אז אין תורה זיינען דא דריי ענינים: א) "מורשה קהלת יעקב - אן ענין של ירושה, ב) די מעלה וואס קומט צו דורך "יגעתי ומצאתי" (מגילה ו, ב), ג) דער ענין פון "מתן תורה" - אן ענין של "מתנה", וואס דער ענין המתנה איז דער ענין הכי נעלה שבתורה.

און וויבאלד אז די סוגיא אין סנהדרין רעדט לויט שיטת ב"ש, וואס אופן עבודתו איז אז ער טוט דאס מערניט ווי צוליב דעם אויבערשטן, וואס דערפאר קומט אים דער ענין פון "להנחיל אוהבי יש" אלס "מדה כנגד מדה" - איז וויבאלד אז עבודתו איז באופן נעלה ביותר, באקומט ער אויך דעם ענין פון "ליתן", מתנה, נוסף צו דעם ענין פון "להנחיל", דער ענין הירושה.

משא"כ די משנה אין עוקצין, וואס זי רעדט לשיטת ב"ה [ווארום די משנה זאגט א פס"ד להלכה, דארף דאס זיין לשיטת ב"ה], און לשיטת ב"ה איז די עבודה ניט באופן נעלה כ"כ [וואס דערפאר איז דער ענין פון "להנחיל גו'" ניט אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה" (כנ"ל)] - האט ער נאר די מעלה

- פון -

פון "להנחיל", נחלה, און ניט די מעלה פון מחנה, און
דערפאר זאגט די משנה "עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק כו׳"
(ניט "ליתן").

ל. מ׳האט דאך גערעדט פריער (שיחת ש"פ וישב ס"ט) דעם
ביאור פארוואס ברענגט מען אויך דעם סיום הפסוק "ואוצרותיהם
אמלא" - ובנוגע לזה, זעט מען אז אמאל קען מען האבן פון זהר
א ביאור אין א מאמר פון א תנא אדער אמורא:

אין דער הקדמה פון זהר (ו, א) שטייט: "יש יו"ד עילאה
ושי"ן עילאה למהוי לך אוצרין מלייא", ד.ה. אז דער זהר
טייטשט אפ דעם פסוק "להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא",
אז וויבאלד "להנחיל אוהבי יש", דערפאר איז "אוצרותיהם אמלא".

ועפי"ז איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ערשטן האלבן פסוק
שטייט נאר אז דער אויבערשטער קען "להנחיל אוהבי יש",
ס׳שטייט אבער ניט אז דער אויבערשטער וועט דאס טאקע טאן;
און דאס איז מוסיף דער צווייטער טייל פון פסוק, אז דערפאר
וועט טאקע זיין "ואוצרותיהם אמלא". ועפי"ז איז מובן
פארוואס מ׳ברענגט דעם צווייטן האלבן פסוק, סיי אין משנה
און סיי אין גמרא.

ועד"ז נאך כו"כ פרטים וואס וועלן נתבאר ווערן דורך
דעם מאמר הזהר - וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

* * *

לא. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ת"ר מצות נר חנוכה כו׳.

* * *

לב. מ׳האט גערעדט פריער (בהמאמר) אז דער ענין פון נר
חנוכה איז פארבונדן מיט "משתקע החמה", און אעפ"כ מאכט א
איד ליכטיק "על פתח ביתו מבחוץ", ד.ה. ניט נאר אז ביי אים
אין הויז זאל זיין ליכטיק, נאר אפי׳ "בחוץ", ביז אז ער
מאכט ליכטיק אויך דעם "שוק", און אין אן אופן "עד דכליא
ריגלא דתרמודאי" (שבת כא, ב), אז ער פועל׳ט אפי׳ אויף די
אוה"ע וואס גייען אין דעם "שוק".

וואס אפי׳ ווען א איד גייט אין "שוק", איז ער דאך
אויך ניט במדריגתו אין וועלכע ער געפינט זיך ווען ער איז
אין ביהכ"נ וביהמ"ד - איז דאך עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך
וועגן אוה"ע, און זיי געפינען זיך (ניט אין רשות היחיד,
וואס דעמולט קענען זיי שטיין אין דער דרגא פון חסידי
אוה"ע, נאר) אין "שוק",

און זיי שטייען אין אן אופן פון "תרמודאי", וואס
"תרמודאי" זיינען געווען א אומה וואס האט אפגעטאן די אלע

- שוועריקייטן -

שווריקייטן בנוגע צום ביהמ"ק, ווי די גמ' זאגט אין יבמות (טז, ב. וראה ב"ר פנ"ו, יא. ירושלמי תענית פ"ד ה"ה. איכ"ר עה"פ ב, ד) - כידוע די צוויי דעות שבזה (ראה מהרז"ו לב"ר שם. זח"ג רלג, ב), וואס אין כאן המקום להאריך בזה -

באלייכם א איד דעם "פתח ביתו מבחוץ", און דאס פועל'ט אפי' אויף די אוה"ע וואס געפינען זיך אין "שוק", ביז אז ס'פועל'ט אפי' אויף די "תרמודאי" - אז ס'ווערט כליא ריגלא דתרמודאי מן השוק.

וכאמור אז ס'דארף זיין דער ענין פון "טוב לשמים" און אויך דער ענין פון "טוב לבריות" - אז ער האט צוטאן אויך מיט אזוינע וואס זייער איינציקע מעלה איז אז זיי זיינען נבראים של הקב"ה, וואס דאס איז דער ענין פון "טוב לבריות" - וואס בערך צו דעם ענין פון "טוב לשמים", איז דאס אן עבודה וואס מ'טוט איר "בחוץ".

און אויך ווען ער באלייכט דעם "חוץ", דארף ער וויסן אז די ליכטיקייט קומט פון "פתח <u>ביתו</u>", וואס זיין "בית" איז בדוגמת דעם ביהמ"ק הכללי פון אלע אידן, ווארום יעדער אידישע הויז איז א ביהמ"ק אויף וועלכן דער אויבערשטער זאגט "ושכנתי בתוכם" (תרומה כה, ח. וראה ר"ח שער האהבה פ"ו. ובכ"מ).

און אזוי ווי דער ביהמ"ק הכללי איז געווען דער ארט וואס "משם אורה יוצאה לעולם" (ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה), דורך די "חלוני שקופים אטומים" (מ"א ו, ד. וראה מנחות פו, ב ובפירש"י ד"ה שקופים), וואס דורך זיי איז געווארן ליכטיק בכל העולם כולו - עד"ז בנוגע צו יעדער בית בישראל, אז ער דארף מאכן ליכטיק דעם גלות ארום זיך, ביז אז דאס וועט דערגרייכן אפי' צו "תרמודאי" - צו די וואס דערווייליג האבן נאך נים קיין שייכות צו "נר מצוה ותורה אור".

לג. וואס דערפון איז די הוראה צו די אלע וואס פארנעמען זיך מיט עסקנות ציבורית - אז זיי דארפן וויסן אז דאס וואס זיי טוען אין דערויף, איז דאס "באמונה" - מצד דערויף וואס ער גלויבט אין דעם אויבערשטן,

[נוסף צום פירוש הפשוט אין "עוסקים בצרכי ציבור באמונה" - אז די עסקנות איז באמונה, אז ער טוט דאס נים צוליב פארשידענע פניות בלתי טהורות],

וואס וויבאלד אז ער גלויבט אין דעם אויבערשטן, און ער זעט אז דער אויבערשטער האט אים אוועקגעשטעלט אין א מעמד ומצב וואס ער קען טאן אין עסקנות ציבורית, איז דאס פאר אים א הוכחה אז ער דארף טאן אין דערויף.

- און -

און בשעת ער גייט טאן אין עסקנות ציבורית מערניט מצד דערויף וואס ער איז "מאמין בחי העולמים" (ירושלמי - הובא בתוד"ה אמונת שבת לא, א), איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניט שייך אז ביי אים זאלן זיין ענינים של פניות און שוחד וכו', ווארום זיין גאנצע כוונה אין דעם וואס ער טוט אין עסקנות ציבורית, איז דאך מערניט דערפאר וואס ער גלויבט אין דעם אויבערשטן.

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל, אז ווען ער באלייכט דעם "חוץ", דארף ער וויסן אז דאס קומט פון "פתח ביתו".

ועד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו די וואס טוען אין הפצת המעיינות חוצה - וואס אע"פ אז זיי זיינען מפיץ ענינים פון תורה, איז דאך אבער אין תורה גופא פאראן דאס וואס ער לערנט בעצמו, און דאס וואס ער לערנט מיטן זולת, וואס בערך זל"ז איז דאס ע"ד הענין פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות" - און אין דערויף איז אויך דא די הוראה הנ"ל.

לד. ובכל ענינים אלו גיט "חנוכה" די הוראה און התעוררות אז ביי יעדער אידן דארף ווערן די הנהגה אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין א "מנהג פשוט" (כלשון הרמ"א (שו"ע או"ח סתרע"א ס"ב)),

אז אע"פ אז אין דעם טאג האט ער אפגעטאן עבודתו בשלימות, ער האט אנגעצונדן ביום השני פון חנוכה צוויי ליכטלעך, וואס דעמולט איז דאך תורת אמת מעיד אויף אים אז ער האט דאס געטאן אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין -

איז בשעת ס'איז דורכגעגאנגען עטליכע שעה און ס'איז געקומען דער יום השלישי פון חנוכה, איז אויב ער וועט בלייבן אין זיין פריערדיקן מעמד ומצב (ער וועט אנצינדן נאר צוויי ליכטלעך), זאגט מען אז ער איז נפל ממדריגתו רח"ל,

ד.ה. אז אע"פ אז ער טוט (לכאו') די זעלבע זאך וואס ער האט געטאן נעכטן, און נעכטן האט מען אים געזאגט אז דאס איז מהדרין מן המהדרין - דארף ער וויסן אז וויבאלד ער איז געווארן עלטער מיט א טאג, איז דער אופן העבודה פון נעכטן ניט מספיק פאר היינט, און אויב ער בלייבט במעמדו ומצבו ווי ער איז געשטאנען נעכטן, ווערט ער אויס מהדרין מן המהדרין. והנמשל בזה מובן, ואין להאריך בזה.

און וויבאלד אז דאס איז א דין אין שו"ע (אז יעדער טאג דארף מען מוסיף זיין), איז פארשטאנדיק, אז יעדערער האט דעם כח צו דורכפירן דעם ענין, אז אע"פ אז ער האט שוין געטאן פריער בשלימות, איז וויבאלד ער איז געווארן עלטער מיט א טאג, דארף ער מוסיף זיין בעבודתו, אז ס'זאל ווערן אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין לפי מעמדו ומצבו אין דעם יום שלאח"ז,

- ומיום -



הנחת הח' בלתי מוגה

ומיום ליום איז ער מוסיף בעבודתו און גייט "מחיל אל חיל", ביז וואנעט אז ס'גייען דורך אלע שבעה ימים פון חנוכה - שבעת ימי ההיקף, און אויך יום השמיני דחנוכה, וואס ער איז למעלה פון שבעת ימי ההיקף.

וכמבואר בכ"מ אז אפי' אין דער עבודה פון מס"נ איז אויך דא דער ענין פון "ילכו מחיל אל חיל" - פון תי' אין יחידה, און אפי' אין יחידה גופא זיינען אויך דא כמה דרגות, וויבאלד אז אין מס"נ זיינען דא דרגות.

ובלשון הרגיל (תו"א לס, ד. דרמ"צ קכג, ב. ועוד) אז ס'איז דא דער ענין פון "מאד שלך", אז במדריגתו איז דאס אן ענין פון "מאד", העכער פון מדידה והגבלה, אבער לגבי א צווייטן איז דאס אן ענין שבמדידה והגבלה.

וואס דער פי' פון א "צווייטער", איז ניט דוקא א צווייטער איד, נאר אפי' ביי אים גופא, ווען ער ווערט עלטער מיט א טאג אדער א שעה אדער אפי' א רגע, איז דער ענין וואס איז געווען ביי אים פריער אן ענין פון "מאד", איז לגבי מעמדו ומצבו איצטער, איז דאס שוין אן ענין שבמדידה והגבלה.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק אז ער דארף מוסיף זיין בעבודתו, און צוקומען צו א דרגא וואס לגבי מעמדו ומצבו איצטער זאל דאס זיין אין אן אופן פון "מאד" - ווארום דער חילוק צווישן די עבודה פון "בכל מאדך" מיט די עבודה וואס איז ניט "בכל מאדך" (וואס דאס איז דער חילוק צווישן פרשה ראשונה של ק"ש, וואו ס'שטייט "בכל מאדך", מיט פרשה שני' של ק"ש, וואו ס'שטייט ניט "בכל מאדך"), איז דאך דער חילוק צווישן "עושין רצונו של מקום" מיט "אין עושין רצונו של מקום" (ברכות לד, ב) - ובמילא איז פארשטאנדיק אז ער דארף צוקומען צו דעם אופן העבודה פון "בכל מאדך".

לה. וכאן המקום מעורר זיין בנוגע צו די אידן וואס תפקידם איז, אז זיי שטייען "על פתח ביתו מבחוץ", און זיינען מגין אויף כו"כ פעמים כפליים כיוצאי מצרים אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב),

[וואס גאנץ אה"ק איז א משכן פארן אויבערשטן, און פאר יעדער אידן וואו ער זאל זיך נאר געפינען, ווארום זיינע תפלות און זיינע תומ"צ זיינען עולה למעלה "דרך ארצם" (מ"א ח, מח), ווי ס'ווערט אראפגעבראכט אין דעם אלטן רבי'נס שו"ע (או"ח רסצ"ד) אלס פס"ד אין הלכה],

וואס יעדער ענין איז דאך בהשגח"פ, ועאכו"כ א זאך וואס איז נוגע צו הגנה והצלה פון אידן, אז ס'זאל קענען

- זיין -

זיין "ושכבהם ואין מחריד" (בחוקותי כו, ו) -

איז די אידן וואס די השגחה העליונה האט זיי אוועקגעשטעלט אין אזא מעמד ומצב אז זיי שטייען על הגבולות פון ארץ ישראל לגבולותי', און זיינען מגין אויף אידן - דארף מען זיי מעורר זיין (און זיכער וועט דאס פועל'ן אויף יעדערן פון זיי) אז זיי זאלן וויסן אז זייער שטארקייט און ליכטיקייט באקומען זיי פון "נר מצוה ותורה אור",

און אז זיי שטייען "על פתח ביתו מבחוץ", דארפן זיי וויסן אז זייער שטארקייט נעמט זיך פון דעם "בית" - פון די פנימיות פון ארץ ישראל, וואס די איז מכוונת כנגד "ארצות החיים" שלמעלה (אגה"ק ס"ח (קיג, ב)), און "ירושלים מכוונת למעלה כמו ירושלים של מטה" (תנחומא ר"פ פקודי).

לו. און מ'פועל'ט אז ס'זאל זיין "כליא ריגלא דתרמודאי" - וואס ס'זיינען דאך דא אזוינע טפשים פון אוה"ע וואס ווילן מורד זיין אין דעם אויבערשטנ'ס רצון, וואס "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו" (פירש"י ר"פ בראשית), דער אויבערשטער האט אפגעגעבן גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' צו אידן, ווי ס'שטייט (תהלים קיא, ו) "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים" -

איז דורך דערויף וואס א איד שטייט "על פתח ביתו מבחוץ", און ער מאכט ליכטיק זיין "נר ה' נשמת אדם" (משלי כ, כז) מיט די ליכטיקייט פון "נר מצוה ותורה אור", ביז ווי דער ענין איז כפשוטו - אז ער צינדט אן די חנוכה ליכטלעך - דערזעהט מען דאס אויך מעבר לגבול, און דאס פועל'ט דעם ענין פון "כליא ריגלא דתרמודאי", אז ס'ווערט אינגאנצן בטל דער געדאנק פון מורד זיין אין דעם אויבערשטן - וואס ער האט אפגעגעבן גאנץ א"י צו אלע אידן.

וכמדובר כמ"פ אז איצטער איז דער מעמד ומצב אז אויב מ'גיט אפ איין שעל פון א"י, איז דאס אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון כמ"פ ששים רבוא מישראל וואס געפינען זיך אין א"י -

וואס אפי' ווען מ'געפינט זיך אין גלות, און אפי' ווען מ'האט ניט דעם כח פון סנהדרין אויף שיקן אידן בצבא אין מלחמת הרשות וכיו"ב - טאר מען ניט איינשטעלן אין סכנה אפי' נפש אחת מישראל (אפי' ווען מ'געפינט זיך אין חו"ל, ועאכו"כ בנוגע צו אה"ק),

וכמדובר כמ"פ אז די אנשי הצבא, וואס זיי זיינען די מומחים לאותו דבר, זאגן אז במצב ההווה איז יעדער שעל פון ארץ ישראל לגבולותי' נוגע צו פקו"נ פון כו"כ מישראל.

לז. וכאמור, אז די אידן וואס שטייען "על פתח ביתו מבחוץ"

- על -

- על הגבולות פון א"י, וועלן פארשטארקן זייער "נר ה׳ נשמת אדם" דורך דעם ענין פון "נר מצוה ותורה אור", אנהויבנדיק פון הדלקת נר חנוכה כפשוטו, וואס דאס דערזעהן אויך עיני בשר,

ועד"ז אויך דער ענין פון תפילין, וואס אויף דערויף שטייט דאך "וראו כל עמי הארץ כי שם ה׳ נקרא עליך ויראו ממך" (תבוא כח, י. וראה ברכות ו, א) - וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין" (קידושין לה, א), וואס דאס איז כללות הענין פון תורה ומצותי׳.

און דורך דעם וועט מען פועל׳ן דעם "כליא ריגלא דתרמודאי", אז ס׳וועט מלכתחלה בטל ווערן דער "עוצו עצה", און אין אן אופן פון "ותופר" - ווי "הפרה" פון א חכם, וואס ער איז עוקר את הדבר מלמפרע (כתובות עד, ב);

און דערנאך וועט זיין דער "כליא ריגלא דתרמודאי" לויטן אפטייטש פון די רביים (סה"מ תר"ל ע׳ מז. תרע"ח ע׳ קיח) - אז די תרמודאי וועלן שטיין אין א כליון, אז זיי וועלן נאכלויפן יעדער אידן און אלע אידן אויף ארויסהעלפן זיי אין לימוד התורה וקיום המצוות, און זעהן אז מ׳זאל קענען פארענדיקן די לעצטע טעג פון גלות אין אן אופן אז "לא יהי׳ שם לא רעב ולא מלחמה, ולא קנאה ותחרות", ווי דער רמב"ם זאגט אין סוף הל׳ מלכים.

און דאס וועט זיין די הקדמה קרובה צום "קץ שם לחושך" (איוב כח, ג), אז מ׳וועט פארענדיקן דעם חושך פון גלות, דורך ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיך אנהויבן די אתחלתא דגאולה, און דערנאך די גאולה האמיתית והשלימה.

און ס׳וועט זיין דער יבנה ביהמ"ק במקומו, און דערנאך ויקבץ נדחי ישראל, ווי דער רמב"ם פסק׳נט אפ א פס"ד ברור בזה.

און יעדערער פון אונז, בתוככי כלל ישראל, וועט דאס זעהן בעיני בשר, "בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותנו" (בא י, ט) - אז יעדערער וועט מיטנעמען כל בני ביתו, און תלמידיו ומושפעיו ביז צו חלקו בעולם, ובשמחה וטוב לבב.

צוה לנגן הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ניגון של שמח"ת (ניגון אביו רלוי"צ ז"ל).

* * *

לח. די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

וואס דאס (די ברכה אחרונה) איז מערניט ווי א הפסק, ווארום מ׳וועט זיכער ממשיך זיין אין דער ההוועדות, ווי

- גערעדט -

גערעדט פריער (ס"ח) אז מ׳זאל משתף זיין אין דער שמחה - פון חנוכה, ר"ח און מוצש"ק - נאך כו"כ אידן, און דער עניין פון מוצש"ק ציט זיך דאך ביז יום השלישי (ראה שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ס"ח),

ביז אז מ׳וועט פון דער שמחה אריינטאנצן מקבל זיין פני משיח צדקנו מתוך שמחה וטוב לבב, ובקרוב ממש -

נאר דערוויילע דארף מען מאכן א ברכה אחרונה, וויבאלד אז ס׳איז יותר משיעור עיכול (ראה שם סקפ"ד ס"ג).

סרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* *

*

## בס"ד. שיחה לתלמידי כתות הראשונות דהישיבות ולתלמידי של"ה שי׳ –

## בדר"ח טבת, ז׳ דחנוכה, אחרי תפלת מנחה, ה׳תשל"ח

## – בבית הכנסת –

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומארז"ל[1]].

נאך דעם מאכן די ברכה און אנצינדן די חנוכה ליכט, יעדן טאג פון חנוכה

[אנהויבנדיק פון דעם ערשטן טאג, וואס דעמולט מאכט מען אויך ברכת „שהחיינו", ד.ה. אז מען לויבט דעם אויבערשטן וואס ער האט אונז געגעבן די מעגליכקייט צו מקיים זיין די טייערע מצוה[2],

און די ברכה גייט אויף דעם מקיים זיין די מצוה יעדן טאג פון די אכט טעג[3], און במיוחד אויף (די אכט נרות פון) דעם אכטן טאג[4], וואס דעמולט איז דער אפשלוס[5] פון ימי חנוכה[6],

און פון דעמולט (ימי ונרות חנוכה) נעמט מען מיט ליכטיקייט און כח אויף אלע טעג פונעם יאר (ביז צו חנוכה פון נעקסטן יאר, וואס דעמולט וועט מען נאך מוסיף זיין אין ליכטיקייט[7]) — אויף צוגעבן אין ליכטיקייט און הייליקייט און אידישקייט]

זאגט מען „הנרות הללו אנו מדליקין כו'", ד.ה. אז די ליכטלעך וואס מיר צינדן, דערמאנען אונז אויף די זאכן וואס האבן געטראפן „בימים ההם" —

און דערפון דארף מען אויך אפלערנען אויף „בזמן הזה", אויף אונזערע צייטן און אונזערע טעג — דאס וואס איז נוגע יעדערן אין זיין אויפפירונג טאג־טעגליך, אין זיין טאג־טעגליכן לעבן,

און ווי באוואוסט דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[8], אז מען דארף זיך צוהערן וואס די ליכטלעך — נרות חנוכה — דערציילן.

ב. די מצוה פון נרות חנוכה (אזוי ווי אלע מצוות) דערציילט גאר א סך זאכן — איינע פון די דערציילונגען איז כדאי צו דערמאנען דא בפרט:

די ליכטלעך פון חנוכה דערציילן און דערמאנען יעדערן פון אונז, און ספעציעל קינדער, אז דער אויבערשטער האט אנגעצונדן א „נר ה' נשמת אדם"[9], א אידישע[10] ליכטיקע נשמה, און האט איר אריינגעגעבן אין יעדער אידישן קינד גלייך ווען ער איז געבארן געווארן[11],

---

1) נדפסו בחוברת „י"ב פסוקים ומארז"ל" (ברוקלין, תשל"ז).

2) כי „מצות נ"ח מצוה חביבה היא עד מאד" (רמב"ם הל׳ חנוכה פ"ד הי"ב).

3) שכמ"א מהם מחוייב בברכת שהחיינו (שלכן אם לא ברך בליל א׳ מברכה בשאר הלילות — טושו"ע או"ח רסתרע"ו).

4) השיחה היתה ביום ז׳ דחנוכה אחרי תפלת מנחה בביהכנ"ס שהדליקו אז שמונה נרות.

5) והכל הולך אחר החתום (ברכות יב. א).

6) נוסף על שאז לדעת כ"ה — וכן הפס"ד — מספר הכי גדול דנ"ח, ולכן גם האורה גדולה יותר. וראה שו"ע או"ח סרס"ג, ס"ח.

7) כהציווי „מעלין בקודש" (ברכות כח, א). ולהעיר שבכל שנה נתחדש ויורד „אור חדש עליון יותר שלא הי׳ עדיין מימי עולם" (אגה"ק סי"ד).

שאור עליון יותר זה — נמשך אח"כ בכל ימות ועניני השנה.

8) שיחת כ"ז כסלו תש"ז (נדפסה בהוספה בקונטרס ד"ה ברוך שעשה נסים, ברוקלין, תשי"א).

9) משלי כ, כז.

10) שנקרא „אדם" (יבמות סא, רע"א).

11) שלכן שייך שמשביעין אותו אז תהי צדיק כו׳

און בשעת דער קינד וואקסט — ווערט די ליכטיקייט פון דעם „נר ה' נשמת אדם" אלץ שטארקער און ליכטיקער [11].

וואס דאס (די שטארקייט און ליכטיקייט) ווערט בפרט דורך דעם וואס א אידיש קינד פירט זיך (אלס קינד, און דערנאך (ווען ער וואקסט אויס) אלס ערוואקסענער, וואס פירט זיך לויט ווי מ'האט אים איינגעוואוינט אין זיינע ערציאונגס יארן[12]) לויט „נר מצוה ותורה אור" [13],

ד.ה. לויט דער ליכט פון דעם אויבערשטן וואס ער האט אים געגעבן אויף אנצינדן (אויפהאלטן) דערמיט דעם „נר ה' נשמת אדם" [14] —

וואס דאס איז דער ענין פון קיום המצוות — „נר מצוה", און דאס קומט דורך דערויף וואס פריער לערנט ער תורה — „ותירה אור", ווארום תורה מאכט אים ליכטיק ער זאל וויסן ווי אזוי ער דארף זיך אויפפירן אין זיין טאן, אין זיין רעדן, און אפילו אין זיין טראכטן.

ג. און דאס אלץ — די נשמה, די מצוות און די תורה — האט דער אויבערשטער פארטרויט יעדער אידישן קינד, אינגעלע און מיידעלע,

וואס זיי פירן זיך און ערציען זיך אליין, דורך דערויף וואס זיי פאלגן „כהניך הקדושים" — זייערע לערערס [15]:

וואס לערנען מיט זיי הייליקע זאכן — די הייליקע תורה וואס איז געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, און (ווי צו מקיים זיין) אירע הייליקע מצוות.

און דער אויבערשטער פארלאזט זיך און גיט כח יעדן קינד, אז פון קינד־ווייז־אן זאל ער זיך אוועקשטעלן אין א ליכטיקן לעבן,

און אין אן אופן ווי די ליכטיקייט פון די חנוכה ליכט, אז פון טאג צו טאג זאל ער צוגעבן אין דער ליכטיקייט פון אידישקייט [16].

וואס דאס ווערט (כאמור) דורך דערויף וואס ער פאלגט זיינע לערערס, און פירט זיך לויט ווי מ'דארף זיך פירן — לויט דעם אנזאג פון „אבינו שבשמים" — פון דעם אויבערשטן וואס איז יעדערנס פאטער („אבינו"), כאטש ער געפינט זיך אין הימל („שבשמים"), ווארום ער איז אויך „בארץ", און מיט יעדער קינד באזונדער, ובפרט דורך דער נפש האלקית („נר ה' נשמת אדם") וואס איז דא ביי יעדער קינד.

און דורך דערויף מאכט דער קינד ליכטיק די הויז אין וועלכער ער איז געבארן געווארן און וואו ער הא־דערוועט זיך, און דעם בית־הספר וואו ער לערנט תורה ומצוות, און אויך ארום זיך, אפילו „בחוץ" [17].

ד. ולסך־הכל: איינע פון די דערציי־לונגען פון „הנרות הללו" איז, אז זיי דערמאנען אויף דער נשמה־ליכט וואס דער אויבערשטער האט געגעבן יעדן קינד,

און צוזאמען דערמיט אויף „נר מצוה ותורה אור" — אויף די טייערסטע זאך

(נדה ל, כע"ב) — ובשו"ע אדה"ז חאו"ח בהדו"ת סוס"ד מבאר הדרגות בכניסת נפה"א לגוף עד כ"ב שיעשה הגוף בפ"ע (גם בעת השינה) קדוש.

11) ראה שו"ע אדה"ז שם.

12) כמ"ש (משלי כב. ו) חנוך לנער גו' כי יזקין לא יסור ממנה.

13) שם ו. כג.

14) להעיר מזח"ג (קפז, א): נהורא דבראשו אצטריך לאדלקא ואינון עובדין טבאן — הובא ונתבאר בתניא פל"ה (מד, א ואילך).

15) שזהו מתפקידי הכהן ומכמ"ש: ותורה יבקשו מפיהו (מלאכי ב, ז. וראה בי"ק יז, א: שפתי כהן כו' הרב כו'). וראה ברכה לג, י.

16) ראה רמ"א (או"ח סתרע"א ס"ב) ש"המנהג פשוט" לקיים מצות נ"ח באופן דמהדרין מן המהדרין.

17) כדין הדלקת נ"ח שצ"ל „על פתח ביתו מבחוץ" (שבת כא, ב).

וואס דער אייבערשטער האט, און האט דאס אים אפגעגעבן — „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[18] (ווי מ'האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומארז"ל), און האט דאס אפגעגעבן אין אן אופן פון ירושה, אויף אייביק, ער זאל איר לערנען און מקיים זיין וואס אין איר שטייט —

וואס דורך דערויף וועט זיין ליכטיק אויך בגשמיות (אין אלע הינזיכטן) ביים קינד: אין דער הויז וואו ער איז געבארן געווארן און האדעוועט זיך: ליכטיג ביי זיינע עלטערן און לערערס, און ביים גאנצן אידישן פאלק

„בזמן הזה" — אין איצטיקע צייטן, ווי דאס איז געווען „בימים ההם" — אין יענע צייטן און אין יענע דורות.

• • •

ה. א צווייטע לערנונג פון דעם ענין פון חנוכה צו אידישע קינדער[18*]:

א אידיש קינד דארף וויסן, אז אע"פ וואס אויב מ'וועט ציילן די גופים (די גשמיות) וועט מען זעהן אז אידישע קינדער זיינען „מעטים"[19] לגבי קינדער פון די אנדערע פעלקער וואס זיי זיינען „רבים"[19] [ווארום דער אידישער פאלק איז דאך „המעט מכל העמים"[20], איין פאלק צווישן אזוי פיל אנדערע פעלקער],

און ווייבאלד[21] אז זיי זיינען „מעטים", זיינען זיי אויך „חלשים" (שוואכע) לגבי די וואס זייער צאל (פון זייערע גופים) איז מערער ובמילא זיינען זיי „גבורים" —

פונדעסטוועגן האט ער אינגאנצן ניט וואס צו שרעקן זיך, ווארום דאס איז מערניט ווי אין גוף (כנ"ל) — אין די אידישע קינדער האבן אבער אין זיך דעם „חלק אלקה ממעל" (א נשמה וואס איז א טייל פון דעם אייבערשטן. וואס דאס איז זייער ליכט);

וואס דערפאר איז אזוי ווי דער אייבערשטער פירט אן מיט דער גאנצער וועלט און קיינער קען זיך ניט שטעלן קעגן אים, אזוי איז בא יעדער אידיש קינד, דורך דעם וואס ער האלט ליכטיק און שטארק אידישקייט, וואס דעמולט שיינט ביי אים זיין נשמה (כנ"ל ס"ב) — ווערט „מסרת גבורים ביד חלשים"[22], אז דער אויבערשטער גיט איבער אין „זיין האנט" די אלע וואס ארום אים.

אז ניט נאר וואס זיי קענען ניט האבן אויף אים קיין ווירקונג ח"ו ער זאל זיך פירן ניט ווי א אידיש קינד דארף זיך פירן, נאר אדרבה: ער ווערט פאר זיי א ביישפיל, און זיי לערנען זיך פון אים ווי אזוי מ'דארף זיך פירן, מיט ערלעכקייט, מיט גוטסקייט, און מיט אלע גוטע זאכן וואס אויך ניט־אידישע קינדער דארפן זיך אויפפירן.

ער באלייכט אויך דעם „בחוץ" (כנ"ל ס"ג), אז די אויסערליכע וועלט זאל ווערן בעסער און ליכטיקער ווי זי איז געווען איידער דער קינד האט געטאן די מצוה.

ו. און דאס לערנען אונז די ליכטעלעך — וואס זיי דערציילן אז „בימי מתתיהו" איז געווען אין דער וועלט א מלכות וואס האט געוואלט „להשכיחם תורתך", מאכן אידן פארגעסן די תורה ח"ו, „ולהעבירם מחוקי רצונך", זעהן אז אידן זאלן ניט מקיים זיין ח"ו דעם

---

18) ברכה לג, ד.

18*) וגם לגדולים. אף ששכלם גדול יותר וכוחם שליט על לבם בכל ייתר.

19) הודאת „על הנסים".

20) ואתחנן ז, ז.

21) נוסף על הייתם „המעט בכל העמים" וחלשים — בגשם יחיבר (ראה זח"ג ריבא, א).

22) איכ"ר א, ב. יבמנא (רפ"ב) ביר"ח תיבת „בפס".

אויבערשטנס מצוות, און זיי זיינען געווען „גבורים" און „רבים" קעגן מתתיהו מיט זיינע קינדער —

איז דורך דערויף וואס מתתיהו און זיינע קינדער האבן זיך געהאלטן ביי אידישקייט, און האבן זיך פאר קיינעם ניט געשראקן און געזאגט „מי לה' אלי"[23], אז יעדערער וואס גלויבט אין דעם אויבערשטן זאל זיך מיט זיי פאראייניקן —

האבן זיי מנצח געווען, און איינגענומען גאנץ ארץ ישראל, און ניט צוגעלאזט דארטן די אלע וואס האבן געוואלט „להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך".

ז. אין אנדערע ווערטער: אין די צייטן פון מתתיהו ובניו איז געווען א גאר גרויסער נסיון, ווארום מלכות יון איז געקומען מיט א גרויסער ארמיי (ווי דערציילט אין מדרשי חז"ל), און מתתיהו ובניו זיינען געווען קליין, סיי אין צאל פון גופים, סיי אין צאל פון כלי נשק (וואפן) מיט וועלכע מ'דארף פירן מלחמה —

און פונדעסטוועגן זיינען זיי בייגעשטאנען דעם נסיון — זיי זיינען ארויס אין מלחמה, און אנגעשריבן אויף זייער דגל „מכבי" — „מי כמוך באלים ה'"[24], אז מען קען ניט פארגלייכן ח"ו די מעכטיקע און שטארקע אין דער וועלט מיטן אויבערשטן,

און דורך דעם איז געקומען דער נצחון המלחמה (אויך) אין איינפאכן זין, און ס'איז געווען א „תשועה גדולה" (ווי מ'זאגט אין „ועל הנסים"), און ווי מ'זאגט אויף דעס אין „הנרות הללו" — „על נסיך ועל נפלאותיך ועל ישועותיך".

ח. דערפון איז אויך די לערנונג אויף היינטיקע צייטן:

איצטער האט דער אויבערשטער רחמנות געהאט, און האט אוועקגעשטעלט יעדערן פון אונז, פון אייך, און אלע אידישע קינדער, אין אן אופן אז זיי זאלן ניט האבן אזוינע שווערע נסיונות ח"ו:

זיי קענען אבער האבן אנדערע נסיונות, ווי צום ביישפיל, ווען דער יצה"ר קומט און זאגט אז אנשטאט לערנען תורה דארף מען אפגעבן די צייט אויף שפילן „גיימס" (שפילערייען) און ענלעכע זאכן, אזוי ווי עס טוען די („רבים") ניט־אידישע קינדער ארום אים — „להשכיחם תורתך", דער יצה"ר וויל אים מאכן פארגעסן (אז ער דארף לערנען) תורה,

ועד"ז, אין אן ענלעכן אופן: ער זעט א „קענדי" (אדער אן אנדער דבר מאכל) וואס די ניט־אידישע קינדער ארום אים עסן, דארף א אידיש קינד וויסן צי דאס איז א כשר'ע „קענדי" — וויל דער יצה"ר אראפפירן אים פון דעם וועג ח"ו, „להעבירם מחוקי רצונך", און זאגט אים אז וויבאלד די ניט־אידישע קינדער וואס לעבן אויף דער זעלבער גאס עסן די „קענדי" ניט קוקנדיק צי דאס איז כשר צי ניט, זאל ער זיך אויך פירן אזוי —

שטעלט זיך א אידיש קינד מיט מסירת נפש, ער גיט אפ זיין רצון (ווילן)[25], און הערט זיך ניט צו צום יצר וואס וויל אים איינרעדן אז די „קענדי" איז זייער געשמאק, און דער „גיים" איז זייער אינטערעסאנט, און ער שטעלט זיך מיט דער גאנצער שטארקייט, און ער איז מנצח די אלע נסיונות — ובפרט פארגלייכנדיג זיי בערך די נסיונות וועלכע זיינען געווען דעמולט,

און אין אן אופן פון „נסיך" און „נפלאותיך" און „ישועותיך" — אז אפילו ווען אים ווייזט זיך אויס אז דאס

23) יוסיפון רפ"כ (לשון הכתוב — תשא לב, כו).

24) צמח דוד וסדה"ד בשם י"א. שער ישכר בשם „ראשונים" (לשון הכתוב — בשלח טו, יא).

25) דמס"נ פירושו (גם) בסירת הרצון (תו"א לז, ב. ועוד).

איז א שווערער נסיון, ווארום ער האט א שטארקן יצר, און לעבט אין א שכונה וואס האט ווייניק קינדער וואס לערנען תורה און פירן זיך לויטן אידישן וועג — באווייזט אים דער אויבערשטער „נסיך" און „נפלאותיך" און „ישועותיך", און ער איז מנצח דעם יצר.

און דערנאך פילט ער זיך גליק־לעך[25*] דערפון וואס ער איז בייגעשטאנען דעם נסיון, און האט זיך געפירט ווי מתתיהו ובניו.

און האט זוכה געווען אז ביי אים לייכט נאך שטארקער די ליכט פון „נר ה' נשמת אדם" און „נר מצוה ותורה אור".

• • •

ט. נאך א לערנונג פון די ליכטלעך:

די ליכטלעך פון חנוכה נעמען זיך דאך פון (דעם נס אין) די ליכט וואס מ'האט אנגעצונדן אין דער מנורה פון ביהמ"ק.

און דערפון איז די לערנונג, אז כאטש מיר געפינען זיך איצטער אין גלות, איז דורך דערויף וואס מ'מאכט ליכטיקער און שטארקער דעם „נר ה' נשמת אדם" (די הייליקע און ג־טלעכע נשמה וואס איז דא ביי יעדער קינד), דורך דערויף וואס ער מאכט ליכטיקער און שטארקער דעם „נר מצוה ותורה אור", זיין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות (כנ"ל ס"ב) —

וועט זיין — אזוי ווי ס'איז געווען „בימים ההם" — „באו בניך לדביר ביתך ופינו את היכלך וטהרו את מקדשך", מ'האט אויפגעשטעלט א הייליקן און א ריינעם ביהמ"ק, „והדליקו נרות בחצרות קדשך", און מ'האט אנגעצונדן ליכט אין די הויפן[26] פון דעם הייליקן ביהמ"ק.

י. וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס יעדערער וועט צוגעבן אין דער ליכטיקייט פון זיין נשמה[27], דורך צוגעבן אין דער ליכטיקייט פון „נר מצוה ותורה אור" —

אזוי ווי מ'האט גערעדט איצטער אין אלע דריי זאכן פון תפלה, תורה און צדקה: מ'האט געדאווענט: און נאכן דאווענען האט מען געלערנט פסוקים פון תושב"כ און מארז"ל פון תושבע"פ — תורה; און מ'וועט אויך טיילן חנוכה געלט, וואס דערמיט וועט דאך זיכער יעדער קינד טאן צדקה[28].

יא. און דערנאך וועט מען מיט־נעמען די „דערציילונגען" הנ"ל אין אלע טעג וואס קומען נאך די טעג פון חנוכה —

וואס דאס וועט נאך צוהיילן די גאולה האמיתית והשלימה, אז ס'וועט זיין „קץ שם לחושך"[29], אז דער אויבערשטער וועט פארענדיקן די פינסטערניש פון גלות, און וועט ברייגען משיח צדקנו,

אין דער אמת'ער און פולקאמענער גאולה, וואס דעמולט וועט דער אויבערשטער ברייגען יעדערן פון אייך און פון אונז, און דעם גאנצן אידישן פאלק — אין ארץ ישראל הקדושה און אין ירושלים עיר הקודש און אין דביר ביתך — ביהמ"ק השלישי, אין „חצרות קדשך".

און דעמולט וועט זיין די אמת'ע שמחה — אז יעדערער פון אייך,

---

25*) ועד כדי „להודות ולהלל לשמך הגדול".

26) ראה לקו"ש ח"י ע' 279 בהערה.

27) שעי"ז נעשה „ושכנתי בתוכם" — בתוך כל אחד, ביהמ"ק הרוחני הפרטי (ראה בהמצויין לעיל הערה 10). וזהו הכנה והקדמה לבאו לדביר ביתך כו' — בפשוטו — כדלקמן בפנים.

28) להעיר מהשייכות דמצות צדקה לחנוכה — ראה נ"כ שו"ע או"ח סו"ס עת"ר (לקו"ש ח"ה ע' 443 הערה 15־16). וראה שיחת מוצאי ש"פ וישב ס.ז. דאפ"ל שזהו המקור להמנהג דנתינת „מעות חנוכה".

29) איוב כח, ג.

צוזאמען מיטן גאנצן אידישן פאלק, וועט זעהן[30] ווי אזוי די כהנים צינדן אן די נרות המנורה פון ביהמ"ק השלישי.

יב. און גרייטן זיך אויף צוקומען דערצו — צוזאמען מיט די לערערס און די מדריכים וואס האבן אייך געלערנט און געפירט אין דער וועג פון אידישקייט — בשמחה ובטוב לבב, מיט פרייליכקייט און מיט א גוטער הארץ, און מיט לעבעדיקייט,

און אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור, מאכן ליכטיקער און נאך ליכטיקער אין די לעצטע טעג פון גלות,

און בקרוב ממש זוכה זיין גיין צוזאמען מיט משיח צדקנו אין דער גאולה האמיתית והשלימה, און זעהן דעם ביהמ"ק און די כהנים און די מנורה מיט די נרות המנורה, בקרוב ממש.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן „מעות חנוכה" לחלק להילדים והילדות שיחיו].

30) ולא עוד אלא שעדות היא לבאי עולם כו׳ (שבת כב, ב. ובמנחות פו, ב: לכל באי עולם).

בס"ד. שיחת זאת חנוכה ה'תשל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. אזוי ווי מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות (דמוצאי ש"פ מקץ, שבת חנוכה ש.ז.) אז בימי חנוכה דארף זיין דער ענין השמחה

[און ווי געבראכט פון מהרש"ל (יש"ש לב"ק פ"ז סל"ז. וראה גם ב"ח לטואו"ח סו"ס עת"ר. סתרפ"ב), אז לדעת הרמב"ם (הל' חנוכה פ"ג ה"ג) איז "אותן סעודות שעושים בימי חנוכה . . הם סעודות מצוה" - ובפרט א סעודה אין וועלכע ס'וועלן זיך רעדן דברי תורה פון חכמינו ז"ל, ובפרט פון רבותינו נשיאינו],

וואס דער ענין השמחה איז דאך פארבונדן מיט "כוס של ברכה", ווארום "אין אומרים שירה אלא על היין" (ברכות לה, א. וש"נ) -

וועט מען זיך איצט וואשן לסעודה, און די אלע וואס וועלן זיך אויך וואשן צו דער סעודה - איז תבא עליהם ברכה - דורך דעם "כוס של <u>ברכה</u>", און ממשיך זיין די ברכה אויך צו די וואס וועלן זיך (מאיזה טעם שיהי') ניט וואשן צו דער סעודה.

און ממשיך זיין די ברכה פון דעם אויבערשטן אליין - דער מקור הברכות, על כל בני ובנות ישראל בכל מקום שהם,

צוזאמען מיטן "כלי מחזיק ברכה" וואס דאס איז דער ענין השלום, כמרז"ל (עוקצין בסופה) "לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום, שנאמר (תהלים כט, יא) ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום".

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה. ואחר שאכל פרוסת המוציא, נתן את החלות שלו עבור הקהל].

ב. בנוגע צו דעם ענין השמחה בימי חנוכה - איז אע"פ אז ס'איז א שווערע זאך מחדש זיין אן ענין וואס מ'האט ניט געזעהן ביי רבותינו נשיאינו,

אעפ"כ, וויבאלד אז דאס איז געטאן געווארן בהסכם הרבים, און אין א ביהכ"נ וביהמ"ד, און דערנאך איז הוכיח סופו על תחלתו אז דאס איז א גוטע זאך, והראי', אז דערפון איז ארויסגעקומען א התעוררות אויף לימוד התורה, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה, און א התעוררות אויף קיום המצוות, ביז צו קיום המצוות בהידור ובחיות -

גיט דאס א נתינת כח צו ממשיך זיין און מוסיף זיין בזה.

און וויבאלד אז מ'האלט שוין אין דעם סיום וחותם פון ימי חנוכה, "זאת חנוכה" [ווי דער צ"צ (ד"ה ברוך שעשה נסים

ספ"ד (אוה"ת חנוכה (כ"ה) תתקסב, א)) איז מבאר דעם ענין פון "זאת חנוכה" - פארבינדס מען דעם ענין השמחה מיט א סעודה, וואס דעמולט איז דא דער ענין פון ברכת המזון, און וויבאלד אז ס'איז בעשרה, איז דאך דא (לכל הדעות) אויך דער ענין פון "כוס של ברכה" (ראה שו"ע אדה"ז האו"ח רסקפ"ב).

און זיכער וועט זיין הסכמת הרבים אויך אויף דעם חידוש.

ג. און וויבאלד אז דאס איז א חידוש וואס דורך אים וועט צוקומען אין לימוד התורה, נגלה וחסידות, און אין קיום המצוות בהידור - איז כן ירבו אזוינע חידושים.

וכמובן (אז מ'קען מחדש זיין אן ענין - ווען דערפון קומט ארויס א התעוררות אין עניני תומ"צ) דערפון וואס דער רבי נ"ע (קונטרס עה"ח ע' 87 ואילך) איז מזהיר אז מ'זאל ניט זאגן קיין אייגענע פירושים אין ספר התניא קדישא, און אעפ"כ זאגט ער אז אויב דערפון קומט ארויס א הוספה אין יראת שמים וכו', איז דא א היתר זאגן פירושים

ווילסנדיק דעם מעמד ומצב וואס איז דעמולט געווען - אז ווען מ'האט געזאגט אז ס'איז דא א היתר אויף זאגן פירושים, איז דאס גלייך געווארן אן ענין של פועל (ע"י כו"כ) בדור ההוא, און דערנאך איז דאס אויך נמשך געווארן אין דעם דור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו,

ובמכ"ש וק"ו בנוגע לנדו"ד - דער ענין השמחה בימי חנוכה, אז וויבאלד אז פון דעם חידוש קומט צו א התעוררות אין עניני תומ"צ וכנ"ל (ס"ב) אז מ'האט געזעהן "מעשה רב" (ראה שבת כא, א. וראה ב"ב קל, ב) אז דערפון איז שוין ארויסגעקומען פעולות טובות בנוגע למעשה בפועל - איז א זיכערע זאך אז מ'דארף דאס טאן.

וכאמור לעיל אז מ'טוט דאס ניט בתורת קביעות און ניט בתורת חיוב וכו' - נאר דערפאר וואס מ'זוכט עצות ווי אזוי צו פורץ זיין גדרי הגלות,

און אז ניט קוקנדיק אויף דעם מעמד ומצב פון "משתשקע החמה", זאל ניתוסף ווערן באופן דמוסיף והולך ואור, סיי אין הפצת המעיינות חוצה, סיי אין דער הפצה פון נגלה דתורה חוצה, און סיי אין הפצת קיום המצוות בהידור (ביז צו מהדרין מן המהדרין) חוצה -

איז דאך פארשטאנדיק אז כל הדרכים וואס פירן צו דער תכלית, זיינען רצויים טובים ונכונים.

ד. ויה"ר אז פון דעם מעשה, וואס בערך צו גודל הענין פון הפצת התורה ומצוותי' ביז אין אן אופן פון מהדרין מן

- המהדרין -

המהדרין איז דאס א מעשה "קטן" -

זאל זיין דער "הקטן יהי׳ לאלף" (ישעי׳ ס, כב), ביז צום סיום הכתוב "אני ה׳ בעתה אחישנה", עם כל הפירושים שבזה,

והעיקר - כפשטות הכתוב - אז ביאת משיח צדקנו זאל זיין אין אן אופן פון "אחישנה" (ראה סנהדרין צח, א), יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש, ובעגלא דידן.

* * *

ה. מ׳האט גערעדט אמאל בארוכה (ראה ג"כ לקו"ש ח"י ע׳ 318 בהערה) וועגן די מעלה פון "זאת חנוכה" - אז מ׳זעט דאס פון די קריאה המיוחדת פון "זאת חנוכה"

[וכידוע דער פתגם פון דעם אלטן רבי׳ן (סה"ש תש"ב ע׳ 29) אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט - מיט פרשת השבוע, ועאכו"כ בנוגע צו קריאת התורה דיום זה]:

די קריאה פון "זאת חנוכה" איז כמ"פ ככה מער בכמות פון דער קריאה פון שאר ימי חנוכה,

ונוסף לזה: בסיום הקריאה פון "זאת חנוכה" ווערט אויסגערעכנט דער "סך-הכל" פון קרבנות הנשיאים - וואס דאס איז כולל די קרבנות וועגן וועלכע מ׳האט געליינט אין אלע שבעת ימי חנוכה שלפנ"ז.

ד.ה. אז נוסף צו מעלת יום השמיני מצ"ע וואס ער איז העכער פון די שבעה ימים שלפניו [כמבואר אין דרושי חנוכה (ד"ה ברוך שעשה נסים הנ"ל) אז שמונה ימי חנוכה זיינען בדוגמת שמונת ימי המילואים - און יום השמיני למילואים איז דאך א סאך העכער פון שבעת ימי המילואים (ראה ד"ה ויהי ביום השמיני חש"ר. ועוד), ומזה מובן בנוגע צו די מעלה פון יום השמיני דחנוכה] -

קומט נאך צו אין אים די מעלות הנ"ל: (א) די קריאה איז מער בכמות (ווארום נוסף צו פרשת הנשיא דיום השמיני לייענט מען אויך די פרשיות פון די נשיאים פון די ימים שלאח"ז, "ביום התשיעי" און "ביום העשירי" וכו׳); און (ב) דעמולט לייענט מען דעם "סך-הכל" פון <u>כל</u> קרבנות הנשיאים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די מעלה פון "זאת חנוכה" לגבי שאר ימי חנוכה (ווארום די ענינים פון חנוכה זיינען מרומז און מ׳נעמט זיי ארויס פון קרבנות הנשיאים - די קריאה בתורה פון ימי חנוכה).

ו. און אע"פ אז ס׳איז מבואר אין לקו"ת (נשא כט, ב. צו ח, ב) אז יום ראשון פון הקרבת הנשיאים האט אויך די מעלה

- אז -

אז ער איז כולל די קרבנות הנשיאים פון די ימים שלאח"ז (אזוי ווי דער יום השמיני), וואס דערפאר שטייט (נשא ז, פד) "זאת חנוכה המזבח ביום המשח אותו",

ועד"ז איז דאך אויך בנוגע צו חנוכה, אז עיקר הנס איז געווען ביום הראשון, און ער איז כולל אין זיך כל הימים שלאחריו, כמבואר אין שערי אורה (יז, ב), ומובן אויך בפשטות, ווארום דעם פך השמן האט מען דאך געפונען ביום הראשון און דערנאך איז "נעשה <u>בו</u> נס והדליקו <u>ממנו</u> שמונה ימים" (שבת כא, ב) -

איז אבער דא די מעלה פון יום השמיני לגבי יום הראשון:

דאס וואס יום הראשון דחנוכה איז כולל אין זיך כל ימי חנוכה, איז דאס מערניט ווי "בכח" (און "בפועל" איז דא מערניט ווי דער יום הראשון); משא"כ ביום השמיני וואס דעמולט קומען ארויס אלע שמונה ימים "בפועל" ובגילוי, [וואס דערפאר צינדט מען דאך ביום השמיני שמונה נרות, "כנגד ימים היוצאין" (שבת שם. וראה לקו"ש ח"ו ע' 73)],

און ווי מ'זעט דאס (אויך) דערפון וואס דעמולט לייענט מען דעם "סך-הכל" פון קרבנות הנשיאים <u>דכל</u> הימים שלפנ"ז [און אויך די קרבנות פון די ימים שלאח"ז - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז זיי האבן אויך א שייכות צום יום השמיני].

ז. נאך דערויף וואס מ'לייענט דעם "סך-הכל" פון קרבנות הנשיאים - איז מען ממשיך די פרשה פון "בהעלותך את הנרות" (בהעלותך ח, ב), וואס דארט רעדט זיך וועגן הדלקת המנורה אין ביהמ"ק. והביאור בזה:

דער ענין פון נרות חנוכה [וואס דאס איז פארבונדן מיט קרבנות הנשיאים - די קריאה פון ימי חנוכה] איז א הקדמה והכנה צו הדלקת המנורה אין ביהמ"ק השלישי [וואס דער ציווי "בהעלותך את הנרות" איז דאך אויך בנוגע צום ביהמ"ק השלישי],

ווארום פון דעם "והוי' יגי' חשכי" (ש"ב כב, כט) [דער חושך פון זמן הגלות, "משתקע החמה" (שבת שם. וראה המשך מצה זו תר"ס ספ"ר) וואס טוט זיך אויף דורך נרות חנוכה (ראה תו"א מקץ מא, א ואילך. ובכ"מ), קומט מען צום "ולילה כיום יאיר" (תהלים קלט, יב) וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער ביהמ"ק השלישי, "מקדש אד' כוננו ידיך" (בשלח טו, יז), און הדלקת המנורה.

[וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'זאגט אויף נרות חנוכה אז "הנרות הללו אינם בטלים לעולם" (רמב"ן ר"פ בהעלותך) - ע"ד ווי דער ביהמ"ק השלישי וואס ער איז א בנין נצחי (ראה פירש"י בשלח טו, יז. פירש"י ותוס' סוכה

מא, סע"א. תוד"ה אין - שבועות טו, רע"ב].

און וויבאלד אז פון נרות חנוכה קומט מען צו הדלקת המנורה אין ביהמ"ק השלישי (ראה ג"כ שיחת י"ט כסלו ש.ז. (סנ"ט)) - איז נאך דערויף וואס מ'לייענט וועגן קרבנות הנשיאים [וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון חנוכה], איז מען ממשיך די פרשה פון "בהעלותך את הנרות" [וואס אין דערויף ווערט נכלל דער ציווי פון הדלקת המנורה בביהמ"ק השלישי].

ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין זעהן הדלקת המנורה אין ביהמ"ק השלישי דורך אהרן הכהן [וואדום רעמולט וועט זיין "משה ואהרן עמהם" (ראה תור"ה אחד - פסחים קיד, ב)], און זעהן דאס בעיני בשר - "ותחזינה עינינו" - א נשמה בגוף.

און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו" (בא י, ט), בקרוב ממש ובעגלא דידן.

* * *

ח. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה מצותה משתשקע החמה כו'.

* * *

ט. בקשר להמדובר לעיל (ס"א) וועגן דעם ענין השמחה בחנוכה, און אין אן אופן של שמחה -

שטייט אין ירושלמי (ברכות פ"ז ה"ד - ע"פ גירסת ראבי"ה (הובא בהגהות מיימוני לרמב"ם הל' ברכות פ"ב הי"ג (סק"ח). לחם משנה שם ה"ו. וראה עמודי שלמה לירושלמי שם. אהבת ציון וירושלים לירושלמי שם)) בנוגע צו ברכת המזון: "טעה ולא הזכיר של ר"ח בברכת המזון אין מחזירין אותו, בד"א בר"ח אבל בשבתות וי"ט <u>בחנוכה</u> ופורים <u>שאי אפשר לו בלא אכילה</u> חוזר ומזכיר", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז לדעת הירושלמי איז דא א חיוב פראוועז א סעודה בחנוכה.

און אע"פ אז בנוגע לפועל איז דער דין ניט אזוי (טושו"ע או"ח רסתרפ"ב. שו"ע אדה"ז שם סקפ"ז ס"ח) - איז ראך אבער דא דער ענין פון "אלו ואלו דברי אלקים חיים" (עירובין יג, ב), ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות (לקו"ת קרח נד, רע"ג) אז ס'איז דא דער ענין פון הלכה כב"ש אין עולמות העליונים, און אזוי וועט דאס אויך זיין לע"ל (מדרש שמואל לאבות פ"ה מי"ט. מק"מ לזח"א יז, ב. לקו"ת שם),

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ירושלמי הנ"ל, אז אע"פ אז די הלכה בפועל איז ניט אזוי, איז אבער דא א נתינת מקום צו דעם ענין, וויבאלד אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים".

- ונוסף -

ונוסף לזה: ע"ד ווי די גמ׳ זאגט אז באחרי׳ דרב נהוג כרב (ראה שבת יט, ב), איז פארשטאנדיק אז באחרי׳ דירושלמי נהוג כירושלמי, ובאחרי׳ דרמב"ם נהוג כרמב"ם;

און וויבאלד אז דער יחוד וואס ווערט אויפגעטאן דורך א מצוה איז "נצחי לעולם ועד" (תניא פכ"ה (לב, א)), איז פארשטאנדיק, אז די מצוה פון מאכן א סעודה של שמחה [וואס איז געווען באחרי׳ דהירושלמי און באחרי׳ פון דעם רמב"ם] איז קיים ועומד אויך איצטער, ווארום דאס איז אן ענין "נצחי לעולם ועד".

י. וויבאלד אז כללות ימי חנוכה זיינען בדוגמת שמונת ימי חג הסוכות (תו"א מקץ לד, א. וראה בארוכה בהמאמר) (כולל דעם טאג פון שמע"צ) - איז דאך פארשטאנדיק, אז "זאת חנוכה" איז בדוגמת שמיני עצרת [וכנ"ל (ס"ה) אז "זאת חנוכה" איז בדוגמת יום השמיני למילואים].

וואס דערפאר איז אזוי ווי מ׳דערמאנט דאך בכל שנה בשמע"צ ושמח"ת וועגן דעם ענין פון "קרן השנה" (ראה בארוכה לקו"ש ח"ב ס"ע 651 ואילך) וכו׳ - איז כאן המקום מעורר זיין וועגן דעם מגבית וואס איז פארבונדן מיט י"ט כסלו און ימי חנוכה.

און בשעת אז מ׳טוט דאס מתוך שמחה, און א שמחה גלוי׳, ביז צו א שמחה וואס איז פארבונדן מיט "כוס של ברכה" - איז וויבאלד אז שמחה פורץ גדר (ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע׳ 49 ואילך), איז פארשטאנדיק, אז וויפל ער האט נאר מחליט געווען צו געבן אויף דער מגבית [און אפי׳ אויב ער האט שוין געגעבן בפועל], איז ער נאך מוסיף בזה (וויבאלד אז ער טוט דאס מתוך שמחה, און שמחה פורץ גדר).

און דעמולט גיט אים דער אויבערשטער כמה פעמים ככה -

נוסף אויף דערויף וואס ער דארף געבן ע"פ דין - ווען מ׳גיט "החמישית לפרעה" ["דאתפרעו ואתגליין מני׳ כל נהורין" (זח"א רי, א) (כנ"ל בהמאמר)], וואס דעמולט דארף דער אויבערשטער געבן "ארבע הידות תהי׳ לכם" (ויגש מז, כד. וראה לקו"ת שה"ש ו, ד) -

איז דער אויבערשטער מוסיף מדילי׳ נאך מערער פון "ארבע הידות תהי׳ לכם".

יא. ויה"ר אז דער אויבערשטער זאל ניט ווארטן אויף די התעוררות מלמטה - נאר ער זאל גלייך געבן אלע ענינים "מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה", ביז ווי ס׳שטייט אין דעם סידור פון דעם בעש"ט (ועד"ז אין כמה סידורים ישנים) "הגדושה" (בגימ"ל).

- וכברז"ל -



הנחת הת׳ בלתי מוגה

וכמרז"ל (סנהדרין ק, סע"א) "אדם נותן מלא עומסו לעני בעוה"ז הקב"ה נותן לו מלא עומסו לעוה"ב", און אידן נעמען דאס דורך דערויף וואס "נותן הקב"ה כח בצדיקים לקבל טובתן" (שם, ב),

ביז אין אן אופן אז "עתיד הקב"ה להנחיל לכל צדיק וצדיק ג׳ מאות ועשרה עולמות, שנאמר (משלי ח, כא) להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא" (עוקצין בסופה),

און גלייך נאך דערויף: "אמר ר"ש בן חלפתא לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום, שנאמר ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום",

אז דער אויבערשטער וועט געבן "עוז" אמיתי נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, אז מ׳זאל קענען ביישטיין דעם חושך הגלות

[אע"פ אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות וועט זיין "לכל בנ"י הי׳ אור במושבותם" (בא י, כג) - איז דאך דאס אבער שלא בערך צום אור וואס וועט זיין בגאולה האמיתית והשלימה, ווען ס׳וועט זיין דער "והוי׳ יגי׳ חשכי",

ובמילא שטייט א איד אין אן אופן פון "מיצר" (בערך צום עילוי פון לע"ל) - וויסנדיק אז אט אט וועט ער באקומען "ג׳ מאות ועשרה עולמות" און "ואוצרותיהם אמלא" (מיט אלע פירושים שבזה)].

וכאמור, אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, גיט דער אויבערשטער הרחבה אין בני חיי ומזוני (ובכולם אין אן אופן פון) רויחי, און גיט דאס "מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה".

יב. און ס׳זאל זיין דער ענין פון שלימות העם - שלימות פון אידן בכל מקום שהם, צוזאמען מיט שלימות התורה - לימוד התורה בשלימות, סיי נגלה און סיי תסידות, צוזאמען מיט שלימות הארץ - ארץ ישראל לגבולותי׳.

ובקרוב ממש וועט זיין "ודוד עבדי נשיא להם לעולם" (יחזקאל לז, כה) [ווי מ׳זאגט אין דער הפטרה פון היינטיקע סדרה], און מ׳וועט גיין צוזאמען מיט אים - אין אן אופן פון "ואולך אתכם קוממיות" (בחוקותי כו, יג) - אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב), די ארץ פון שבעה עמים,

ותיכף ומיד - אין אן אופן פון "אחישנה" - וועט זיין דער "ירחיב ה"א את גבולך" (שופטים יט, ח), אז מ׳וועט באקומען אויך די ארץ פון קני קניזי וקדמוני (ספרי ופירש"י עה"כ).

- וואס -

וואס דאס (דער כיבוש פון קני קניזי וקדמוני) ווערט
דורך דערויף וואס אידן וועלן מוסיף זיין אין דער עבודה
מיט חב"ד שבנפש, ווארום די ג' כחות חב"ד זיינען בדוגמא צו
די ג' אומות קני קניזי וקדמוני (ראה בארוכה ד"ה אל תצר את
מואב לכ"ק אדמהאמ"צ).

און טאן אין די אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

יג. בהמשך להאמור לעיל (ס"י) אז "זאת חנוכה" איז
פארבונדן מיט שמע"צ -

און אזוי ווי מ'געפינט בכמה ספרים (אבודרהם סדר
הדלקת נר חנוכה. ובכ"מ) א שקו"ט פארוואס מאכט מען ניט
בחנוכה יו"ט שני של גליות,

איז אע"פ אז ס'זיינען דא כמה תירוצים ע"ז - איז דאך
אבער ידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (לקו"ש ח"א ע'
116) אז א קס"ד און א שאלה אין תורה איז אויך "תורה" -

איז דעריבער כדאי אז מ'זאל ממשיך זיין אין אלע
ענינים פון "זאת חנוכה" אויך ביום התשיעי [ובפרט ע"פ
האמור אז ימי חנוכה זיינען בדוגמת חגה"ס, און "זאת חנוכה"
איז בדוגמת שמע"צ - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי
ווי נאך שמע"צ איז דא דער (באזונדער) טאג פון שמח"ת, איז
עד"ז אויך בנוגע צו "זאת חנוכה"] -

בנוגע צו די ענינים האמורים לעיל (ס"ג): הפצת
המעיינות חוצה, הפצת נגלה דתורה חוצה, און הפצת קיום
המצוות בהידור - ביז צו מהדרין מן המהדרין - חוצה.

וואס וויפל מ'האט נאר געטאן אין די ענינים ביז
איצטער - איז דאך בודאי ובודאי אז מ'קען אויפטאן נאכמער,
און וויבאלד אז מ'קען - דארף מען טאקע אויפטאן נאכמאר,
ביז אין אן אופן פון אין ערוך.

און דאס (דער ענין פון הפצת המעיינות והתורה
ומצוותי') וועט צוהיילן ביאת משיח צדקנו, וואס ער וועט
פארענדיקן דעם חושך הגלות, און ס'וועט זיך אנהויבן די
אתחלתא דגאולה און די גאולה האמיתית והשלימה אין אן אופן
פון "אחישנה",

ובמילא וועט עשרה בטבת בעגל"ט נהפך ווערן "לששון
ולשמחה ולמועדים טובים" (זכרי' ח, יט. וראה בארוכה לקו"ש
ויגש ש.ז. ס"ג ואילך), ובקרוב ממש.

יד. אזוי ווי מ'האט זיך דאך געוואשן צו דער סעודה, און
ברכת המזון בעשרה איז דאך פארבונדן מיט "כוס של ברכה"
(כנ"ל ס"ב) -

- וועט -

וועט מען טיילן (לאחרי ברכת המזון) פון דעם "כוס של ברכה" לכאו"א (סיי די וואס האבן זיך געוואשן, סיי די וואס האבן זיך ניט געוואשן) - אזוי ווי מ'איז זיך נוהג במוצאי שמח"ת.

און מ'וועט אויך געבן בקבוקים של משקה צו די שלוחים וואס פארן למקומות אחרים, און צו די וואס זיינען פארבונדן מיט די מוסדות - אזוי ווי מ'איז זיך נוהג במוצאי שמח"ת.

וואס אע"פ אז דאס (חלוקת כוס של ברכה ובקבוקי משקה) איז געטאן געווארן במוצאי שמח"ת ובמוצאי שבת בראשית (ראה שיחת מוצאי שבת בראשית ש.ז. סט"ז) במילואו ובשלימות דורך "שלוחו של אדם כמותו" (ברכות לד, ב. וש"נ) - אעפ"כ, וויבאלד אז מ'רעכנט און מ'האפט אז דורך דערויף וועט צוקומען אין די ענינים פון תורה ויראת שמים, וועט מען דאס טאן אין אן אופן פון "כפליים לתושי'" (ראה שמו"ר רפמ"ו).

סו. ויה"ר - בנוסח הידוע - שיפעול בי ובהשומעים, ביי יעדערן פון אונז, און ביי אלעמען צוזאמען, ובכל מקום וואו ס'וועט דערגרייכן - בנוגע לכל עניני טוב וקדושה.

און ס'זאל זיין מתוך בריאות נכונה בגשמיות וברוחניות גם יחד, אין בני חיי ומזוני, ובכולם - רויחי.

און כל הנ"ל זאל זיין א הכנה קרובה צו די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס אויף אים שטייט "עלה הפורץ לפניהם" (מיכה ב, יג. וראה פידש"י לב"ר פפ"ה, יד).

צוה לנגן ופרצת. פדזות תשב ירושלים.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ברך ברכת המזון. ואח"כ חילק בידו הק' לכאו"א מהנאספים מ"כוס של ברכה".

אחרי חלוקת הכוס של ברכה אמר: אזוי ווי ס'איז שוין "משתשקע החמה" פון "זאת חנוכה" - זאל מען ערשט מוסיף זיין אין "נר מצוה ותורה אור" (משלי ו, כג), ובאופן דמהדרין מן המהדרין, ובהצלחה רבה ומופלגה - ביז ביאת משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, און אויך נאך דערויף.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

## בס"ד. משיחות אור ליום ג' פ' ויחי, עשרה בטבת, יהפך לשמחה – בחדרו – ה'תשל"ח

א. דער ענין פון א תענית איז, ווי דער רמב"ם[1] זאגט „מדרכי התשובה הוא" — וואס אזוי איז אויך בנוגע צו די ד' צומות, אז די זיינען „כדי לעורר הלבבות לפתוח דרכי התשובה"[2].

דערפאר איז געווען א מנהג[3] בכמה קהלות אז ביום התענית [בזמן[4] תפלת מנחה[5]] פלעגט מען זאגן דברי כבושין[6], אויף מעורר זיין צו תשובה.

מצד סיבות שונות איז דער מנהג געבליבן, ליידער, נאר אין געציילטע ערטער[7].

א לימוד זכות אויף דעם (וואס ברוב המקומות טוט מען עס ניט), ווארום מ'דארף ניט האבן קיין גרעסערע „דברי כבושין" ווי די הפטרה וואס מען זאגט אין א תענית צבור צו מנחה,

און ס'איז דארף[8] א יום מלאכה ואין להסדיח[8*],

זעט מען דאך אבער במוחש, אז די התעוררות פון (זאגן אדער) הערן א נוסח קבוע (דההפטרה) ובלשון הקודש וכו' איז ניט בדומה צו דער התעוררות פון די דברי כבושין וואס זיינען ניט בנוסח קבוע, זיינען בשפה המדוברת וכו'.

ובפרט אז אין די דברי כבושין וואס מען פלעגט זאגן בתענית צבור, פלעגט מעןריידן בפירוש (אויך) וועגן ענינים העומדים על הפרק.

ב. און דאס איז אויך איינע פון די מטרות פון דעם איצטיקן ריידן:

אזוי ווי ס'איז געבליבן עטלעכע שעות ביז צו דער התחלה פון „צום העשירי" [וואס הייבט זיך אן ערשט אינדערפרי]

— איז כדאי צו מעורר זיין אויף דעם מנהג הנ"ל, אז אין די ערטער וואו מען קען עס אויספירן, זאל מען זאגן נאך מנחה (א פאר ווערטער, לכה"פ) „דברי כבושין", אדער א מזמור תהלים המתאים לענינים אלו,

און אין די ערטער וואס מצד טרחא דצבורא [אדער מצד ביטול מלאכה[9], וכיו"ב] קען מען עס ניט אויספירן — זאל מען טראכטן עכ"פ במחשבה אן ענין פון „דברי כבושין",

און וויבאלד אז „רחמנא לבא בעי"[9*] — ובפרט אין ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תשובה, וואס „עיקר

---

1) הלכות תעניות פ"א ה"ב.

2) שם רפ"ה.

3) ראה זכרונות כ"ק מו"ח אדמו"ר (ספר הזכרונות ח"א ע' 233. 268. „התמים" ח"ד לו, ד).

4) ראה ערוך השולחן או"ח (סתקע"ס ס"ג): „וכן בכל תענית או בער"ח כשאומרים דברי מוסר יאמרו קודם תפלת מנחה" (וכנראה שהוא ע"פ המשנה שבהערה 6).

5) אבל לא בשחרית — משום ביטול מלאכה. בדוגמת ההפטורה [„דרשו". שהיא „מדרכי התשובה"], שאין מפטירין אותה בשחרית „משום ביטול מלאכה לעם" (לבוש או"ח סתקס"ו ס"ב).

6) ראה תענית רפ"ב. שו"ע או"ח סו"ס תקע"ו (סתקע"ס ס"א).

7) וכבר תמה בכיו"ב במג"א שם (סו"ס תקע"ו). וראה נו"כ השו"ע שם.

8) ע"פ הנ"ל בהערה 5.

8*) משא"כ בדורות הקודמים שלתפלת מנחה (בימי צום) כבר גמרו מלאכתן.

9) ובפרט במדינות אלו, שהימים דתקופת טבת הם קצרים.

9*) הובא בב"מ — והוא ע"פ (גירסת רש"י ב)סנהדרין ט, ב.

התשובה בלב"[10] — איז "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[10*].

ג. ואע"פ אז דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[11], אז פון דעם לשון "מצרפה למעשה" (און ניט "כאילו עשאה") איז מוכח אז מען דארף האבן א מעשה צו וועלכער מ'איז מצרף די מחשבה [און דער אויפטו פון "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה" איז אז די מחשבה און די מעשה זאלן ניט זיין באזונדער, נאר אז די מחשבה זאל נצטרף ווערן און נתחבר ווערן צו דער מעשה, וואס דאן ווערט עס א דבר שלם],

איז דאך ידוע[12] דער פירוש אין "השלך על ה' יהבך והוא יכלכלך"[12*], אז בשעת דער בטחון אין דעם אויבערשטן איז ווי עס דארף צו זיין, ביז אז דאס איז אין אן אופן פון "השלך על ה' יהבך", איז דעמולט "והוא יכלכלך", אז דער אויבערשטער שטעלט צו אויך די כלים אין וועלכע עס זאל אראפקומען ברכתו של הקב"ה בטוב הנראה והנגלה,

וואס דערפון איז מובן אויך בנוגע צו ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט רוחניות [ווי"ל דאדרבה, בענינים רוחניים איז דאס נאך ביתר שאת וביתר עוז], אז בשעת דער אויבערשטער זעט [וואס "ה' יראה ללבב"[13]] אז די מחשבה טובה [שבלב] איז בתוקף ובאמת — איז "והוא יכלכלך", אז דער אויבערשטער איז מזמין כמה ענינים וסיבות אז ער זאל טאן אויך א מעשה[14] [און אז דאס זאל אנקומען בקל — עכ"פ בערך עבודתו לפנ"ז ולאח"ז],

ובנוגע לענינגו: אז דער אויבערשטער וועט צושטעלן די "כלים" אז מען זאל טאן מעש"ט בפועל, והקב"ה מצרפן.

ד. און אין דער תשובה — ביז צו תשובה מאהבה וואס טוט אויף ניט נאר אז די עונות ווערן בטל ["נעקר עונו מתחלתו"[15]], נאר נאך מער: אז די זדונות גופא ווערן נהפך צו זכיות[16],

וואס דאס וועט אויך ברייגען[17] דעם קיום היעוד אז "כל הצומות האלו עתידים ליבטל"[18], און נאך מער "ולא עוד אלא שהם עתידים להיות ימים טובים[19] וימי ששון ושמחה"[18], ביז אז (ניט נאר די ימי הצומות, נאר) אויך דער ענין הצום גופא וועט נהפך ווערן לטוב, לששון ולשמחה[20].

ה. די התעוררות אויף תשובה אין די ד' צומות איז דאך פארבונדן מיט "זכרון דברים אלו"[21] וואס האבן פאסירט בפעם

---

10) תניא פכ"ט (לו, ב).

10*) קידושין מ, א.

11) ספס"ז.

12) ראה כד"ה ולא זכר תרפ"ח.

12*) תהלים נה, כג. ולהעיר, שפסוק זה הוא בשיעור תהלים (החדשי) דעשירי בטבת.

13) ש"א טז, ז.

14) ראה ד"ה בטח בה' תש"ב ע' 87: "והפירוש האמיתי דמצרפה למעשה הוא דכאשר איש ישראל חושב לעשות איזה דבר בליפוד התורה בקיום המצוות .. הקב"ה מצרף כמה ענינים בהשגחה פרטית שיבוא לידי מעשה".

15) פרש"י ד"ה כאן מאהבה — יומא פו, א.

16) שם פו, ב. וראה בארוכה לקו"ש אחרי תשל"ז ס"ד, שענין זה דזדונות נעשים כזכיות הוא אופן נעלה יותר בתשובה מאהבה גופא מהתשובה דאהבה שעל ידה נעקר עונו מתחלתו.

17) ועפ"ז יומתק מ"ש הרמב"ם (סוף הל' תעניות) "כל הצומות האלו עתידים ליבטל כו'" — אף שספר היד הוא (רק) "הלכות" (כמ"ש הרמב"ם בהקדמתו) — כי זה נוגע להתענית שהוא "כדי .. לפתוח דרכי התשובה" שתהי' עד כדי שיהפכו הצומות ע"י שיהפכו הזדונות כו' (כמבואר בארוכה בלקו"ש פ' ויגש ש.ז. ס"ח ובהערות שם).

ועוד: מכיון "שכל דברי תורה מצווים אנו לעשותן עד עולם" (רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ט) — לכן הוזקק לומר ש"הצומות האלו (דינם מלכתחילה ש)עתידים ליבטל לימות המשיח".

18) רמב"ם סוף הלכות תעניות.

19) כ"ה הגירסא בכמה דפוסים. וראה לקו"ש שם הערה 14.

20) ראה בארוכה לקו"ש שב ס"י.

21) רמב"ם שם רפ"ה.

הראשונה,

איז דער מאורע וואס האט געטראפן בעשירי בטבת (וואס דערפאר האט מען מתקן געווען דעם „צום העשירי") איז — „שבו[22] סמך מלך בבל נבוכדנאצר הרשע על ירושלים והביאה במצור ובמצוק", כמסופר בכמה מקומות בתנ"ך[23]

[ובפרט אין יחזקאל[24], וואס דארטן שטייט ניט נאר דער סיפור המאורע [אז בעשירי בטבת „סמך מלך בבל אל ירושלים"] נאר אויך אז דער אוי־בערשטער האט געהייסן פארשרייבן דאס — „כתב לך את שם היום את עצם היום הזה"[25] (און דורך דעם איז באַ־וואוסט געווארן אז ער איז א נביא אמת[26], ובמילא איז דאס אויך מאמת נבואות הגאולה פון יחזקאל)].

און אע"פ אז אויך נאך דעם וואס „סמך מלך בבל אל ירושלים בעצם היום הזה"[27] איז געבליבן ירושלים גאנץ, און עאכו"כ אז דער ביהמ"ק איז געווען בשלימות, ביז אז ס'איז ניט געווען אפילו קיין גרעון אין די קרבנות — פונדעסטוועגן איז דא א חומר אין עשרה בטבת אויף שבעה עשר בתמוז וואס אין דעם טאג איז „בטל התמיד והובקעה העיר"[28], און אפילו אויף תשעה באב וואס אין אים איז „חרב הבית" (ועל אחת כו"כ אויף צום גדלי'),

ווי דער דין איז (לפי דיעה[29] אחת[30]), אז י"ט בטבת הוא משונה משאר תעניות, שאם הי' חל בשבת לא היו יכולין לדחותו ליום אחר".

וא"ו. דעם טעם אויף דעם בפשטות י"ל[31]: דער „ותבוא העיר במצור"[32] וואס איז געווען בעשרה בטבת איז געווען די התחלה וואס האט סוף סוף דערפירט צום „ותבקע העיר"[33] (וואס איז געווען בשבעה עשר בתמוז), ביז צום „וישרוף את בית ה'"[34] (וואס איז געווען בתשעה באב).

און וויבאלד אז דער ענין פון די ד' צומות איז „כדי לעורר הלבבות לפתוח דרכי התשובה" — דעריבער איז דא א (חומר און א) תוקף מיוחד אין דעם צום פון עשרה בטבת, ווייל דאן (ווען „סמך מלך בבל אל ירושלים בעצם היום הזה"[27]) איז געווען די ווארענונג מל־מעלה אז אויב מען וועט ניט תשובה טאן, וועט פון דער התחלה קומען א המשך כו'.

ז. דער „זכרון דברים אלו" איז דאך בכדי אז „נשוב להיטיב"[1] — איז פון די ענינים וואס מען דארף אפלערנען פון עשרה בטבת [ובפרט בזמנינו זה, וואס דער בלבול המוחות איז אויף אזוי פיל ביז אז „שמים חושך לאור ומר למתוק"[35]]:

---

22) רמב"ם שם פ"ה ה"ב.

23) מ"ב כה, א"ב. ירמי' נב, ד"ה.

24) כד, ב.

25) ובפרט לדעת האבודרהם (הובאה לקמן בפנים) שמלשון את עצם גו' ילפינן דיש לצום זה תוקף דיוהכ"פ (שדוחה שבת).

26) רד"ק ומצודת דוד יחזקאל שם.

27) יחזקאל כד, ב.

28) תענית כו, ריש ע"ב במשנה.

29) אבודרהם הל' תענית — הובא בב"י לטאו"ח סתק"נ. ואף שכותב ע"ז (הב"י) ולא ידעתי מנין לו זה — אינו דוחה דעתו בפירוש. ואף שפרש"י (ד"ה אבל — מגילה ה, א — הובא בב"י שם לפנ"ז) שנדחה הצום מפני השבת, הרי דרש"י בפירושו (משא"כ בשו"ת שלו, כפשוט) פרשן ולא פוסק (יד מלאכי כללי רש"י ס"ב) וכשנמצא פוסק חולק (על פרש"י) אזלינן בותי'. והאבודרהם פוסק הוא.

ובכל אופן צ"ע, דהרי ברור כתב הרמב"ם (הל' תענית פ"ה ה"ה) — הובא בב"י שם: אחד מארבעה ימי הצומות שחל להיות בשבת דוחין אותו לאחר השבת (ואאפ"ל דארבעה לאו דוקא — באם דין אחד מהם הוא היפך כמש"כ בתור ספ"ו).

30) משא"כ בשאר הצומות (לבד יוהכ"פ) — לכ"ע אין מתענין בשבת.

31) ראה עד"ז לקו"ש שם ס"ז.

32) מ"ב כה, ב. ירמי' נב, ה.

33) מלכים שם, ד. ירמי' שם, ז.

34) מלכים שם, ט. ירמי' שם, יג. וראה תענית כט, א.

35) ישעי' ה, כ.

ירושלים איז ירא שלם[36], ד.ה. די שלימות פון יראת שמים[37]. איז בשעת מען זעט א מצור אויף יראת שמים, איז אפילו ווען דער מצור איז ניט אויף ענינים חמורים נאר אויף א דקדוק קל של דברי סופרים, אדער אפילו מערניט ווי אויף אן ענין וואס עס האט מחדש געווען א תלמיד ותיק בדורות האחרונים (וואס אויך דאס איז ניתן למשה מסיני[38])

[ובדוגמת ווי ס'איז געווען דאן, אז דעם ביהמ"ק מיט די קרבנות האט מען ניט געטשעפעט, מען האט געמאכט א מצור מבחוץ[39] — און נאר אויף ירושלים],

דארף מען טאן בל מיני השתדלות צו מבטל זיין דעם מצור, ווארום דאס (דער מצור אויף קלה שבקלות) איז א התחלה וואס קען ברענגען צו ווייטערדיקע תוצאות רח"ל, ווי די גמרא זאגט[40] „היום אומר לו בך כו' עד שאומר לו לך ועבוד כו'".

ח. ווי קען דער יצה"ר איינריידן א אידן צו עוכר זיין אפילו אויף אן ענין וואס איז נתחדש געווארן דורך א תלמיד ותיק — בשעת אז דער איד הערט אז „כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש ניתן למשה מסיני"?

איז דער דרך אין דעם, אז דער יצה"ר רעדט איין דעם אידן, אז דורך דעם וואס ער וועט פארבייגן אויף דעם חידוש פון דעם תלמיד ותיק, וועט ער „פארדינען" א גרעסערע מצוה (אדער עטלעכע מצוות).

און דער יצה"ר איז נאך „מסביר", אז תורה אליין זאגט אז מען קען מדחה זיין איין ענין צוליב א צווייטן, אזוי ווי עשה דוחה לא תעשה; פקוח נפש דוחה שבת, וכיו"ב.

דער אמת איז אבער, אז מיט דער דאזיקער טענה (צו פארבייגן אן ענין קל צוליב אן ענין חמור) איז דער יצה"ר אויסן (ניט צו פארהיטן דעם ענין חמור, נאר) צו מכשיל זיין דעם אידן אין אן ענין קל, און דורך דעם[41] — (דערנאך) אויך אין אן ענין חמור, ווי געבראכט פריער וואס די גמרא זאגט „היום אומר לו בך כו' עד שאומר כו'".

ומובן בפשטות, אז דאס האט קיין שייכות ניט צו דעם וואס עשה דוחה לא תעשה וביו"ב — ווארום דאס (וואס עשה דוחה ל"ת) איז א דין אין עשה ול"ת גופא וואס תורה זאגט: בשעת אבער עס קומט א בשר ודם און וויל מאכן „מסחר" אין מצוות און עבירות, „פארקויפן" א קליינע מצוה ד.ה. אריינ־באקומען אן עבירה, בכדי צו „פאר־דינען" א גרויסע מצוה — ברענגט עס דערצו, אז סוף סוף פארקויפט מען ניט נאר „קלה שבקלות" נאר, ר"ל, אויך „חמורה שבחמורות", כנ"ל.

ט. עפ"ז ווערן גדולי ישראל שבדו־רות שלפנינו אויך מסביר וואס עס שטייט אויף דעם אייבערשטן „לא יקח שוחד"[42]. דלכאורה תמוה: ס'איז דאך „לה' הארץ ומלואה"[43], טא ווי איז שייך מען זאל געבן עפעס דעם אייבערשטן (ובכוונת שוחד און מען דארף בא־ווארענען אז „לא יקח שוחד")?

איז דער ביאור אין דעם: די איינציקע זאך וואס מ'גיט, כביכול, דעם אוי־

---

36) תדב"א רבה — תענית כז, א.

37) ראה [illegible] ב.

38) נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1088 הערה 11.

39) כענין הכתוב — בפשטות הוא: להפסיק תוספת היזק דהקדי' (ע"י שיביאו לתוכה עניני אכו"ם וכו'), דכבית יציאה כו (והשפעה של) העיר כחוצה לה יחבר.

40) שבת קה, ב.

41) וכדברי המשנה: עבירה גוררת עבירה (אבות פ"ד מ"ב).

42) עקב י, יז.

43) תהלים כד, א.

בערשטן (און במילא קען מען מיינען אז דערמיט איז מען אים משחד) איז — ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט יראת שמים, ווארום „הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים״[44].

און אויף דעם זאגט דער פסוק „לא יקח שוחד״: אז מען זאל זיך ניט איינריידן אז מען קען משחד זיין דעם אויבערשטן.

יו״ד. די הוראה איז נוגע במיוחד בענין החינוך:

ס׳זיינען דא אזוינע וואס מיינען אז בכדי צו פועל׳ן אויף די עלטערן אז זיי זאלן וועלן געבן זייערע קינדער אין כשר׳ע מוסדות [אדער בכדי צו פועל׳ן אויף די קינדער גופא וואס געפינען זיך דערווייל בחוץ] דארף מען מאכן פארשידענע „קולות״ און „פשרות״ —

אויף דעם איז די הוראה פון „עשרה בטבת״, אז אויב מען לאזט צו ח״ו א מצור אויף ירושלים — לכאורה, נאר אויף דער שלימות פון יראת השם — זאל כען וויסן די תוצאות וואס עס קומען ארויס דערפון.

ניט נאר וועט אזא חינוך ניט ברענגען דעם קינד און צוגרייטן אים אז שפעטער, ווען ער וועט ווערן עלטער, זאל ער זיין שטארק אין יראת שמים כדבעי, ווארום אדרבה: אזא חינוך לנער ברענגט אז „גם כי יזקין לא יסור ממנה״[45] פון דער וועג פון פשרות — נאך נאך מער: דורך דעם וואס מען איז אים מחנך אז מען „מעג״ פארבייגן אויף „קלות״ — איז די תוצאה דערפון, אז ער וועט פארבייגן אויך אויף „חמורות״.

ואדרבה — אניב מען וויל זיין זיכער אז דער קינד זאל זיין אפגעהיט אין חמורה שבחמורות — מוז מען אים זאגן דאס וואס עס שטייט אין תורת אמת. בשעת מען לערנט מיטן קינד אידישקייט, תורה באופן פון פשרות — דערפילט דער קינד סוף סוף אז מען זאגט אים ניט דעם אמת — ובמילא איז דאס היפך האמת, און ער פארלירט דעם צוטרוי צום מחנך (אויך בנוגע צו דעם וואס ער זאגט אים אן צו זיין אפגעהיט אין חמורה שבחמורות).

און וויבאלד אז יעדער פרט (סיי לטוב סיי למוטב) פון א מענטשן אין זיין יוגנט בעת ער איז נאך א „שתיל״ אדער א „גרעין״[46] אנטוויקלט זיך אין א פיל גרעסערע מאס בעת ער ווערט עלטער,

איז כדאי כל היגיעה וההשתדלות אז דער חינוך זאל זיין בשלימות בכל הפרטים.

יא. עד״ז איז אויך בשעת מען טרעפט א אידן וואס אין יארן איז ער שוין א גדול, אבער ער איז א קטן, קליין אין ענינים פון אידישקייט, טאר מען ניט מאכן א חשבון:

היות אז אויב מען וועט אים זאגן וועגן שלימות פון (אידישקייט) תורה ומצוות״, אז עס זיינען אויך היינט דא תרי״ג מצוות דארף מען מורא האבן אז מען זאל אים אינגאנצן פארלירן, דעריבער וועט מען אים זאגן אז איצטער[47] האט מען צוגעפאסט, ר״ל, די תורה צו דער צייט און באשלאסן (דורך אן אפשטימונג פון די און די ברוב דעות) אז עס זיינען דא נאר א טייל פון די מצוות —

ח״ו ור״ל צו זאגן אזוי: מען דארף אים

44) ברכות לג, ב.

45) משלי כב, ו. ובפרש״י שם: אם לטוב אם לרע. וראה רלב״ג שם.

46) ראה שופטים כ, יט: כי האדם עץ השדה. וראה קונטרס חנוך לנער ע׳ 37. וראה בארוכה לקו״ש ח״א ע׳ 82. ח״ז ע׳ 310 ואילך.

47) ידועה ה„קושיא״ — שאין עתה מצות קרבנות, חידוש תקנת פרוזבול וכו׳ — וקושיא מלכתחילה אינה, כי זהו פרט בדין תורה בקרבנות שיהיו בביהמ״ק (כמו הדה״נ בערש״ק דוקא) ושמיטה רק ביחיד ולא בב״ד וכו׳.

זאגן דעם אמת אז ער איז מחוייב (אזוי ווי אלע אידן אין אלע דורות) צו מקיים זיין אלע מצוות וואס תורת אמת הייסט זיי מקיים זיין, ווארום „זאת התורה לא תהא מוחלפת (ח״ו)"[48],

און אויב דערווייליגע קען מען אויף אים ניט פועל'ן ער זאל גלייך מקיים זיין אלע מצוות — דארף מען אנהויבן צו ריידן מיט אים (בנוגע לקיום בפועל תיכף) בנוגע גלייך מקיים זיין א מצוה[49] וואס מ'קען פועל'ן (עכ״פ — בספק וספק ספיקא) און „מצוה גוררת מצוה"[50] — וועט די מצוה ברענגען אים צום קיום פון נאך א מצוה[51], ביז אז ער וועט ווערן „תמים ושלם בכל אברי הנפש"[52] — ברמ״ח אברים כנגד רמ״ח מ״ע, און בשס״ה גידים כנגד שס״ה מל״ת.

יב. דאס איז אויך פון די ענינים וואס מען דארף ארויסנעמען פון עשרה בטבת

— ובמיוחד פון עשרה בטבת בשנה זו, וואס די קביעות פון עשרה בטבת איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב[53], „טוב לשמים וטוב לבריות"[54] —

אז נוסף צו דער תשובה וואס יעדער איד דארף טאן בנוגע צו די ענינים וואס בינו לבין קונו („טוב לשמים"), דארף זיין די תשובה אויך בנוגע צו טאן מיט אידן, ביז אפילו מיט „בריות"[55].

אז פון עשרה בטבת אן זאל ער אנהויבן טאן ביתר שאת וביתר עז אין דער עבודה פון „אוהב את הבריות ומקרבן לתורה"[56], דורך פועל'ן אויף זיי דעם קיום המצוות גלייך אין וואס עס לאזט זיך פועל'ן אויף זיי, און אויב באמת לית ברירה — עכ״פ איין מצוה, עטלעכע מצוות

ומה טוב — אנהויבענדיק פון די מצוות כלליות (די צען מבצעים[57]) — וואס דאס וועט זיי ברענגען סוף סוף (כנ״ל) צום קיום פון אלע מצוות.

יג. נאך אן ענין אין „אוהב את הבריות ומקרבן לתורה": אז בשעת מען זעט א אידן וואס מיינט אז מצד מצבו ומעשיו בעבר איז ער ניט שייך צו (כל ה)תומ״צ, און אבדה תקוותו ח״ו — דארף מען אים מעודד זיין (ובתוקף ובספ״י) — דורך מסביר זיין אים אז בשעתא חדא וברגעא חדא קען ער נתהפך ווערן מן הקצה אל הקצה [און דאס איז ניט סתם אן עידוד לשם עידוד, נאר דאס איז א פס״ד פון תורת אמת[58]],

אויך דארף מען אים מסביר זיין (כאמור לעיל) אז דורך דעם וואס ער וועט אנהויבן מקיים זיין איין מצוה עכ״פ, ובפרט פון די מצוות כלליות — איז דאס גופא וועט אין אים פועל'ן א זיכוך און ברענגען אים סו״ס צום קיום פון אלע מצוות.

---

48) פיוט יגדל. וראה רמב״ם הל׳ יסוה״ת רפ״ט. הל׳ מלכים פי״א סוף ה״ג. פיה״מ לפי׳ חלק יסוד התשיעי (ע״פ הוצאת הרב קאפח — שהחזיר עסרה — ההשמטות — למקומן).

49) שהרי גם כשהוא במצב כזה שאינו רוצה כלל לקיים מצוות, מחוייב הוא בכל אחת מהן [ובמכ״ש ממ״ש הרמב״ם (אגרת השמד (ד״ה והמין הרביעי), אגרת תימן (ד״ה ויש עלינו לשמוח)) לענין ירבעם בן נבט — אף שהוא יצא מהכלל דכל ישראל יש להם חלק לעוה״ב], ומחוייבים [מצד אהבת ישראל, ערבות, ועוד] להשתדל שיקיים מצוה — איזו שאפשר להשפיע עליו בזה והוכח תוכיח אפילו מאה פעמים.

50) אבות פ״ד מ״ב.

51) ראה ג״כ פיה״מ להרמב״ם במרז״ל (סוף מכות): רצה הקב״ה לזכות כו׳.

52) לקו״ת נצבים מה, ג.

53) ראה פרש״י בראשית א, ז.

54) קידושין מ, א. ובאוה״ת (בראשית לג, ב. משפטים ע׳ איקנז. ועוד) מקשר זה עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

55) ראה תענית כ, ב. תניא פרק לב.

56) אבות פ״א מי״ב. וראה תניא שם.

57) הידועים והן: מבצע אהבת ישראל, חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים — יבנה וחכמי׳. נרות שבת קודש וי״ט, כשרות האוכ״ש, וטהרת המשפחה.

58) קידושין מט, ב. שו״ע אה״ע סל״ח סל״א.

יד. די הוראה הנ״ל פון עשי״ה בטבת [אז מען טאר ניט פארבייגן איין מצוה צוליב א צווייטער] איז שייך במיוחד צו עסקנים:

ס׳זיינען דא ליידער אזעלכע עסקנים וואס מאכן א „מסחר״ מיט מצוות. מען איז זיך עוסק „באמונה״ און מוותר זיין אויף איין מצוה, מיטן איבערזייד אז צוליב דעם וועט מען „פארדינען״ א צווייטע מצוה (טענה׳נדיק, אז די מצוה וועלכע מען „פארדינט״ איז מער נוגע, אדער אז די איז מער על סדר היום. וכיו״ב).

דארף מען וויסן אז דער אויבערשטער איז „לא יקח שוחד״, און דאס וואס מען טאר ניט על פי תורה — איז א איסור גמור, אפילו ווען מען וויל זיך איינריידן (אדער איינריידן א צווייטן) אז דאס וואס מען שווייגט בנוגע איין ענין איז בכדי צו פארדינען א צווייטן ענין.

ובפרט נאך אז מען האט שוין אפגעטייטשט בפירוש בנוגע צו כמה ענינים אז די שתיקה פון די עסקנים איז א (שתיקה כ)הודאה.

טו. והדגשה יתרה בכהנ״ל — לויט דעם רמז־פירוש אין „עוסק בצרכי צבור באמונה״ — אז די עסקנות איז דורכגעדרונגען מיט אמונה אין דעם אויבערשטן.

אז דאס וואס ער קען אויפטאן (דורך זיין עסקנות) בצרכי צבור איז עס ניט ח״ו מצד כחו ועוצם ידו[60] (זיין חכמה וכו׳) נאר מצד דערויף וואס „הוא הנותן לך כח לעשות חיל״[60]

ביז ועיקר — אז נאר די אמונה אין דעם אויבערשטן איז די סיבה וואס ברענגט אים צו זיין אן עסקן: בשעת ער זעט אז מען איז אים מכריח צו טאן אין עסקנות ציבורית, חאטש ער איז באמת בורח מן הכבוד, ווייס ער, אז דאס איז א הוראה מלמעלה אז ער דארף טאן אין דעם און נאר דערפאר איז ער אן עסקן —

במילא איז דאך ניטא קיין ארט אז ער זאל ווערן א משוחד פון כבוד, פון דעם בייגקל וכו׳, און דיכער ניט — אז די זאלן ווערן „לחמו״ אן וועלכן (לדעתו) ער קען ניט אויסקומען —

וואס דאמאלסט „פארקויפט״ ער די מצוה קלה (לדעתו) און דאס ווערט די התחלה אז מחמת דער דאגה תמידית פן יחסר לחמו — כבוד און דער בייגקל — פארקויפט ער א מצוה חמורה וכו׳.

משא״כ אויב בעל כרחך אתה עסקן, ועוד וג״ז עיקר ער ווייס כנ״ל אז זיין עסקנות והצלחה איז ניט כוחו ועוצם ידו, נאר זיין עסק בזה איז נאר א כלי און לבוש צום „וברכך הוי׳ אלקיך״[61]

— איז פשוט, אז דאס וועט אייך ברענגען[62] ער זאל זיין „עוסק בצרכי צבור באמונה״ כפשוטו. צוליב טובת הציבור און ניט כו׳, און זיין עסקנות וועט זיין כפי רצון ה׳, וואס דאן דוקא איז עס א כלי צום ברכת ה׳.

• • •

ויה״ר אז דער עסק בצ״צ באמונה לויט תוה״ק און דער חינוך באמונה לויט

---

59) וידועה דעת הסב״ג (כלית סד) וז״ל: ושבאי אזהרה שלא יתגאה האדם בכה שחננו הבורא הן בממון הן ביפי הן בחכמה אלא יש לו להיות קטן באד ושפל ברך לפני ה׳ אלהי ואנשי יהודית לבוראו שחננו זה המעלה .. וארא בחלום במראית הלילה הנה שכחת את העיקר השמר לך פן תשכח את ה׳ והתבוננתי עליו בבשר והנה יסוד גדול הוא ביראת השם.

[illegible] נו״.

60) עקב ח, יז־יח.

61) ראה טו, יח.

62) וכמבואר באריכה [illegible] פ״ג. ד״ה וידעת תרנ״ז. וראה גם ד״ה [illegible] ואילך), כהפ״צ להצ״צ מצות תגלחת [illegible]

תוה״ק זאָלן נאָכמער צואיילען ביאת משיח צדקנו, און ער וועט מסיים זיין דעם גלות און דערנאָך[63] וועט זיין די אתחלתא דגאולה, און תיכף דערנאָך — די גאולה בשלימותה, „והיתה לה׳ המלוכה״[64].

63) כפס״ד הרמב״ם הל׳ מלכים ספי״א ובתחלתו. וראה בארוכה לקו״ש ח״ה ע׳ 149 הערה 51.

64) עובדי׳ א, כא.

בס"ד. קטע * משיחת אור ליום ג' פ' ויחי,
עשרה בטבת יהפך לשמחה - בחדרו - ה'תשל"ת.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. מ'האט גערעדט פריער וועגן די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון עשרה בטבת - אז אע"פ אז דעמולט האט זיך נאר אנגעהויבן א מצור אויף ירושלים (און אלע ענינים זיינען נאך געווען בשלימות), אעפ"כ האט דאס א חומרא מיוחדת (אפי' לגבי שאר הצומות), וויבאלד אז דאס איז געווען די <u>התחלה</u> וואס האט סוף סוף דערפירט צו אלע צרות שלאח"ז.

און דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה בנוגע צו די ענינים פון תורה ומצוותי' - אז מ'טאר ניט מאכן קיין "פשרות" אין תומ"צ, און מ'טאר ניט מותר זיין אפי' אויף א דקדוק קל של דברי סופרים, און אפי' ניט אויף א תידוש פון א תלמיד ותיק, ווארום בשעת מ'ווועט מאכן "פשרות" און מותר זיין אויף א דבר קל, איז דאס א <u>התחלה</u> וואס דערנאך קען ארויסקומען דערפון א וויתור אפי' אויף דברים תמורים וכו'.

וואס דערפאר איז בשעת ער זעט אז ס'איז דא א מצור אויף ירושלים

[וואס דער ענין פון ירושלים איז "יירא שלם" (תוד"ה הר - תענית טז, א), ד.ה. די שלימות פון יראת שמים (ראה לקו"ת ר"ה ס, ב),

וכמבואר בכ"מ (נסמן בלקו"ש ויצא תשל"ז הע' 47) אז בשעת א איד איז געקומען אין ירושלים בזמן שבית הי' קיים, און ער האט געזעהן די כהנים בעבודתם ולויים בדוכנם וכו' - האט דאס גע'פועל'ט אויף אים א הוספה ושלימות אין דעם ענין פון יראת שמים.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לזמן הזה - אע"פ וואס מ'געפינט זיך נאך אין דער טיפקייט פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, און ס'איז נאך פאר אתחלתא דגאולה - איז דאך אבער דא ביי יעדער אידן דער ביהמ"ק הרותני והפנימי בלבו פנימה, וואס אויף דעדויף זאגט דער אויבערשטער "ושכנתי בתוכם" (תרומה כה, ח. וראה ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. ובכ"מ)],

דארף דאס אים גלייך א טרייסל טאן - אז ער דארף פארדשטארקן שלימות היראה שלו, ווארום ווען דאס וואלט ביי אים געווען בשלימות, וואלט ניט געקענט זיין קיין ענין של מצור אויף דעדויף, ווארום אור איז דותה תושך, ועאכו"כ אן ענין פון שלימות היראה.

- און -

------------

*) שאר השיחות הוגהו ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א, וי"ל בפ"ע.

און דורך דעם וואס ער איז מפשפש במעשיו (וואס דאס איז דאך איינער פון עניני התענית (ראה רמב"ם הל' תעניות פ"א ה"ב)) - איז ער גלייך מבטל דעם מצור וואס איז דא אויף זיין "ירושלים", און ס'ווערט דער ענין החירות בנפשו פנימה, וואס דאס ווערט די הקדמה והכנה צום ענין החירות בכל הפרטים.

וכאמור, אז גלייך ווען ס'איז דא דער ענין המצור, דארף מען דאס שוין מבטל זיין, אז ס'זאל זיין "פרזות תשב ירושלים" (זכרי' ב, ח) - אז שלימות היראה שלו זאל נתפשט ווערן ארום אים (און ניט ווארטן ביז אז מ'וועט זעהן די תוצאות פון דעם מצור, און ערשט דעמולט וועט מען טראכטן וואס צו טאן).

ב. האמור לעיל (אז מ'טאר ניט מאכן קיין פשרות און מוותר זיין אויף קיין ענין) איז נוגע במיוחד צו אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב) - וְוארום וויבאלד אז דאס איז רער פלטרין של מלך, איז דאך נאכמער נוגע אז אלע ענינים זאלן דארטן זיין ע"פ ציורי המלך, ביתר שאת וביתר עוז.

און דאס איז אויך נוגע צו די שטחים פון ארץ ישראל לגבולותי' - אז מ'טאר ניט אפגעבן קיין שטח פון א"י צו א גוי, מצד דעם לאו פון "לא תחנם" (ואתחנן ז, ב. רמב"ם הל' ע"ז פ"י ה"ג-ד. שו"ע יו"ד סקנ"א ס"ח ובט"ז שם), וואס אין דערויף קען מען ניט מאכן קיין פשרות.

וואס די גשמיות פון א"י איז דאך פארבונדן מיט די רוחניות פון א"י - במכ"ש וק"ו דערפון וואס מ'זאגט אז בכל העולם כולו דארף זיין הגברת הרוח על הגשם והצורה על החומר, וואס דאס מיינט (ניט אז מ'איז מבטל דעם חומר, נאר) אז דורך דערויף וואס מ'איז מגביר די צורה על החומר, פועל'ט מען אז מ'זאל קענען דינען דעם אויבערשטן מיטן חומר גופא,

[וכתורת הבעש"ט (היום יום ע' כג) עה"פ "כי תראה חמור שונאך גו'" (משפטים כג, ה), אז בשעת מ'קוקט זיך ארייך און מ'איז זיך מתבונן אין דעם חומר הגוף (ווי ער שטייט קודם העבודה) זעט מען אז ער איז "שונאך", ווארום ער ציט זיך ניט צו ענינים רוחניים, ואדרבה, "רוח הבהמה היורדת היא למטה" (קהלת ג, כא) -

דארף זיין די עבודה אין אן אופן פון "עזב תעזב עמו" - דינען דעם אויבערשטן צוזאמען מיטן חומר הגוף (ובלשון חז"ל (ברכות נד, א במשנה - הובא בפירש"י עה"פ ואתחנן שם, ה) "בכל לבבך - בשני יצריך"), וואס דעמולט איז די נשמה א געזונטע, און זי איז אויך ממשיך ברכת ה' אז ס'זאל זיין א געזונטער גוף],

- ר.ה. -

הנחת הת' בלתי מוגה

ד.ה. אז דער חומר איז פארבונדן מיט די צורה (ווארום די עבודה דארף זיין צוזאמען מיטן חומר) - ועאכו"כ בנוגע צו א"י, אז די גשמיות פון א"י איז פארבונדן מיט די רוחניות פון א"י, וואס דערפאר איז דאך גושה טהור ואוירה טהור (ראה גיטין ח, ב), ניט אזוי ווי ארץ העמים, ביז וואנעט אז "אוירא דארץ ישראל מחכים" (ב"ב קנח, ב).

און דערפאר זעט מען אויך אז דער ענין פון "לא תחנם" (וואס דאס איז פארבונדן מיט די שטחים פון א"י הגשמית) איז נוגע ביז צו דעם ענין פון אמונה בה׳, כמובן פון המשך הפסוקים וואס קומען נאך דעם פסוק "לא תחנם" (ואתחנן שם, ד) - ווארום די ענינים הגשמיים פון א"י גייען צוזאמען מיט די ענינים הרוחניים.

ג. עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן אן עיר הסמוכה לספר (סמוך צום גבול), איז א זיכערע זאך אז מ׳טאר דאס ניט אפגעבן צו א גוי, ווי דער פס"ד אין שו"ע (או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם) אז "עכו"ם שצרו על עיירות ישראל", איז "אפילו עדיין לא באו אלא ממשמשים לבוא", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין" און "מחללין עליהם את השבה", און "בעיר הסמוכה לספר אפילו אינן רוצים לבוא אלא על עסקי תבן וקש מחללין עליהם את השבה, שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

און איצטער איז דאך דער מעמד ומצב, אז יעדער שטח פון גאנץ ארץ ישראל לגבולותי׳ איז ניט ווייט פון דעם גבול, ובמילא איז דאס אזוי ווי אן "עיר הסמוכה לספר", ווארום דורך דעם וואס זיי וועלן האבן די שטאט, איז "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם" (ועאכו"כ בנוגע צו אן "עיר הסמוכה לספר" כפשוטו).

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז מ׳טאר ניט אפגעבן קיין שטח פון א"י צו גויים - וויבאלד אז אין שו"ע איז דא א פס"ד ברור אז "עכו"ם שצרו על עיירות ישראל", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין" און "מחללין עליהם את השבת".

און וויבאלד אז דאס איז אן "עיר הסמוכה לספר" - דארף יעדער איד טאן כל התלוי בו אז דארטן זאל זיין נשק כדבעי (ניט דערפאר וואס דאס איז "כחי ועוצם ידי", נאר) דערפאר וואס אזוי האט דער אויבערשטער געהייסן, וויבאלד אז ס׳רעדט זיך וועגן הגנה כפשוטה אויף כו"כ מבנ"י וואס געפינען זיך על הגבול - און דעמולט איז די הנהגה באופן האמור ע"פ דין פון שו"ע, ובכח השו"ע.

ד. מובן בפשטות אז דער גאנצער ענין הנ"ל האט ניט קיין שייכות צו אתחלתא דגאולה, ווארום ח"ו צו זאגן אז איצטער איז שוין אתחלתא דגאולה -

- וכמדובר -

הנחת הת׳ בלתי מוגה

וכמדובר כמ"פ דער פס"ד הרמב"ם (הל' מלכים ספי"א. וראה לקו"ש ח"ה ע' 149 הע' 51) אז דער סיום הגלות וועט זיין דורך משיח צדקנו, און דער סימן בזה איז, אז "יעמוד מלך מבית דוד כו' ויכוף כל ישראל ללכת בה ולחזק בדקה", אז אידן זאלן לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און ערשט דערנאך וועט זיין דער "קץ שם להושך" (איוב כח, ג), אז משיח צדקנו - וואס ער וועט זיין א נשמה בגוף בגלוי - איז "ילחום מלחמת ה' וינצח", און דערנאך וועט זיין דער "יבנה מקדש במקומו", און ערשט דערנאך וועט דער "ויקבץ נדחי ישראל".

דאס האט אבער ניט קיין שייכות להמדובר לעיל (ס"ג), ווארום אפי' ווען מ'געפינט זיך אין גלות, און אפי' ווען מ'געפינט זיך אין א עיירה קטנה פון אידן אין חו"ל - איז א פס"ד ברור אין שו"ע אז "עכו"ם שצרו על עיירות ישראל", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין" און "מחללין עליהם את השבת", ובמילא איז פארשטאנדיק אז מ'טאר ניט אפגעבן קיין שטח פון א"י.

ה. און מ'דארף זיך אוועקשטעלן מיטן הוקף וואס דער אויבערשטער גיט אידן - און בשעה אז "בשם אלקינו נדגול" (תהלים כ, ו), און "אנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר" (שם ח) - דעמולט ווערן בטל "ידי עשו".

און צוזאמען דערמיט דארף מען אויך האבן "כלי זיין" (ווי געבראכט פריער דעם פס"ד השו"ע אז "יוצאים עליהם בכלי זיין") - אזוי ווי יעקב אבינו האט זיך געפירט, אז ווען ער האט זיך געדארפט טרעפן מיט עשו'ן, האט ער זיך צוגעגרייט לתפלה, לדורון און למלחמה (פס"ז עה"פ וישלח לב, ט. קה"ר עה"פ ט, יח. ועוד);

בתחלת הענין דארף זיין דער ענין התפלה, און דערנאך איז דא דער ענין הדורון, וואס ער גיט אים זאכן וועלכע מ'קען אפגעבן. אזוי ווי גמלים וכיו"ב, וואס דאס זיינען ענינים וואס זיינען פארבונדן ניט (און מ'האט זיי רוכש געווען אין) <u>הו"ל</u> (ס'איז ניט פארבונדן מיט קדושה הארץ, קדושת התורה ומצוותי'), און דערנאך איז דא דער דריטער ענין, אז ער גרייט זיך למלחמה.

ומעשה אבות סימן לבנים (ראה ב"ר פ"מ, ו) - אז די הנהגה דארף זיין אזוי ווי יעקב אבינו האט זיך געפירט, ד.ה. אז (צוזאמען מיטן ענין התפלה, איז) דער צד שכנגד דארף וויסן (עכ"פ דורך "מזלייהו חזו" (מגילה ג, א. וש"נ)) אז מ'איז גרייט אויף און ענין של מלחמה.

און דורך דערויף וואס מ'האט דעם הוקף הנ"ל, און מ'באווייזט אז מ'איז מוכן למלחמה - פירט מען אויס אז

- ס'זאל -

ס׳זאל ניט זיין קיין ענין של מלחמה, ובדוגמא ווי ס׳איז געווען ביי יעקב, אז עשו האט ניט מלחמה געהאלטן מיט אים, נאר "וישקהו" (וישלח לג, ד) [וואס נאך אלע טייטשן וואס זיינען דא אין דערויף (ראה פירש"י עה"פ. ב"ר פע"ח, ט. ועוד), איז אין מקרא יוצא מידי פשוטו], און דערנאך איז "וילך אל ארץ מפני יעקב אחיו" (וישלח לו, ו), און יעקב ובניו זיינען געבליבן אין ארץ הקודש.

ו. און ניט אזוי ווי די וואס מיינען אז דורך דעם וואס מ׳וועט מוותר זיין אויף געוויסע שטחים פון א"י, וועט מען עפעס פארדינען - נאר ווי מ׳האט ליידער געזעהן אין אה"ק אין די לעצטע פאר יאר, אז דורך דעם וואס מ׳האט נאכגעגעבן א לחץ מסוים, איז דאס געווארן (כלשון הכתוב (מסעי לג, נה)) "לשיכים בעיניכם ולצנינים בצידיכם" - אז דאס גופא האט מזמין געווען א לחץ נוסף, ביז צו א לחץ שאין לו גבול,

ביז אז דערפון איז ארויסגעקומען אן ענין וואס האט געבראכט צו היפך פון פקו"נ של כו"כ מבנ"י, הי"ד.

און ווי מ׳האט געזעהן די תוצאות וואס זיינען ארויסגעקומען דערפון וואס מ׳האט נאכגעגעבן דעם לחץ אין (די אזוי גערופענע) מלחמת יום הכפורים. -

ויה"ר אז מ׳זאל ניט דארפן אנקומען צום נס וואס איז געווען בעבר - אז ס׳זיינען געווען אזוינע אידן וואס האבן געוואלט מוותר זיין רח"ל אויף כו"כ ענינים, און דער אויבערשטער האט באוויזן א נס אז דער צד שכנגד האט דאס ניט געוואלט נעמען (ווארום זיי האבן גלייך געזאגט אז זיי ווילן האבן אלץ) -

זאל מען מלכתחלה ניט דארפן אנקומען צו דעם נס - דורך דעם אז ס׳וועט אינגאנצן ניט זיין קיין קס"ד מוותר זיין אויף א חלק פון ארץ ישראל לגבולותי׳.

וכאמור לעיל, אז מ׳האט געזעהן די תוצאות וואס זיינען ארויסגעקומען פון אלע וויתורים - אין מלחמת יוהכ"פ, ועד"ז די זאכן וואס זיינען ארויסגעקומען דורך די פריערדיקע וויתורים, ואין להאריך בדבר המצער ביז אין אן אופן של הבהלה.

ז. און דוקא דורך דעם וואס מ׳וועט שטיין מיט א תוקף אויף ניט אפגעבן און ניט מוותר זיין אויף קיין שטח פון א"י לגבולותי׳ - וועט דאס זיין די וועג צו פארהיטן פון ענינים של מלחמות וכו׳, און ס׳וועט זיין "לא נפקד ממנו איש" (פינחס לא, מט), אפי׳ א נפש אחת מישראל וואס זי איז דאך אן "עולם מלא" (סנהדרין לז, א במשנה).

און בשעת מ׳שטייט מיט א תוקף, און אין אן אופן אז

- "יוצאים -

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

"יוצאים עליהם בכלי זיין" (ווי געבראכט פריער דעם פס"ד פון שו"ע) - באוואדענט דאס און איז מבטל דעם ענין פון מלחמה,

ביז אז דורך דעם ווערט בטל אויך דער איום און דער לחץ, ואדרבה, די לוחצים גופא ווערן נתהפך למסייעים - ווי מ'האט דאס אויך געזעהן אין די ענינים אויף וועלכע מ'האט זיך געשטעלט מיט א תוקף.

וכאמור לעיל (ס"ה) אז מ'דארף זיך פירן אזוי ווי יעקב האט זיך געפירט, אז פריער איז געווען דער ענין התפלה, "הקול קול יעקב" (תולדות כז, כב) [וואס דורך דעם "קול יעקב" אין בתי כנסיות ובתי מדרשות ווערט בטל די "ידי עשו" (ב"ר פס"ה, כ)], און צוזאמען דערמיט באווייזט ער אז ער איז מוכן למלחמה, און ער האט כלי זיין, ווי געבראכט פריער דעם פס"ד אין שו"ע הל' שבת (אז "יוצאים עליהם בכלי זיין"),

און די הנהגה בתוקף האמור ווערט די הכנה קרובה ליום השבת - "למשבית מזיקין מן העולם" (יל"ש בחוקותי רמז תערב), וואס אין דעריף זיינען דא צוויי אופנים: א) "מעבירם מן העולם", אז ס'ווערט נתבטל די גאנצע מציאות פון די מזיקים; ב) "משבית מזיקים שלא יזיקו", אז די מציאות פון די מזיקים בלייבט, נאר זיי ווערן אויס מזיקים, וואס דאס איז אן אופן נעלה יותר, ווארום דאס איז דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, אז דער מזיק אליין ווערט נתהפך מרע לטוב (ראה לקו"ש שבת הגדול תשל"ו ס"ג),

[וואס די צוויי ענינים וועלן זיין אין צוויי באזונדערע תקופות: פריער וועט זיין דער ענין פון "לא ירעו ולא ישחיתו" כפשוטו, שלילת המנגד; און דערנאך וועט זיין אן ענין נעלה יותר אז דער מנגד אליין וועט נתהפך ווערן צו א מסייע - דער ענין פון אתהפכא] -

ועד"ז בנדו"ד - אז די לוחצים אליין ווערן מסייעים צו אידן, וואס דאס ווערט דורך דעריף וואס מ'שטעלט זיך אוועק מיטן תוקף המתאים (כנ"ל).

ובפרט אז מ'האט צוטאן מיט אזוינע אוה"ע וואס זיינען מאמינים - איז בשעת אז מ'איז זיי מסביר אז "אנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר", במילא האט מען ניט קיין ברירה, ווארום ס'איז א דין אין שו"ע אז "אפילו עדיין לא באו אלא ממשמשים לבוא", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין" - איז די הסברה פועל'ט אויף זיי.

און סוכ"ס איז "תורת אמת" מנצח - אז מלכתחלה וועט מען ניט קומען צו אן ענין של מלחמה, וכאמור, אז דאס איז די איינציקע וועג צו באווארענען דעם ענין פון פקו"נ.

- ח. -

ח. און דורך דעם וואס מ'שטייט מיט א תוקף, ווערט דער ענין פון "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך" (תבוא כח, י), אז בשעת די אוה"ע זעהן אז אידן האלטן זיך אן אין תורה, און מ'איז מכריז בגלוי וועגן שם הוי', און אין אן אופן אז "שם ה' נקרא עליך" - אז ער רופט אראפ ביי זיך ג-טליכקייט "כאדם הקורא לחבירו" (בלשון ההניא (ספל"ז)) - פועל'ט דאס דעם "ויראו ממך",

און ס'ווערט דער "תפול עליהם אימהה ופחד (מצד דערויף וואס אידן האלטן זיך) בגדול זרועך" (בשלח טו, טז) - און דאס איז די וועג דורך וועלכע מ'וועט ניט קומען צו אן ענין של מלחמה, ווארום ס'וועט זיין דער "ויראו ממך", און "תפול עליהם אימתה ופחד".

און דאס איז די איינציקע וועג צו ברענגען דעם שלום האמיתי בסוף ימי הגלות -

ביז אז ס'וועט מקוים ווערן די הבטחה וואס "הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה בסוף גלותן ומיד הן נגאלין" (רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה), בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט זיך ענדיקן דער גלות, און ס'וועט זיך אנהויבן אתחלתא דגאולה, און גלייך דערנאך די גאולה בשלימותה, ויקבץ נדחי ישראל, והיתה לה' המלוכה (עובדי' א, כא).

ט. ויה"ר אז אידן זאלן האבן אלע זייערע ענינים בהרחבה, בגשמיות וברוחניות גם יחד, וואס דורך דעם וועלן אידן מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום מצוותי' בכל מושבותיהם, סיי אין חו"ל און נאכמער אין אה"ק -

און דאס וועט באלייכטן די וועג פאר אידן וואס דארפן מחליט זיין בנוגע צו די שטחים פון א"י וכו' - אז זיי וועלן מחליט זיין לויטן פס"ד האמור לעיל, אז בשעה ס'רעדט זיך וועגן אן "עיר הסמוכה לספר", איז "אפילו עדיין לא באו אלא ממשמשים לבוא", שטעלט מען זיך אנטקעגן בכל התוקף, און מ'זאגט אז מ'קען ניט מוותר זיין אויף דערויף, ווארום דאס איז אן ענין פון פקו"נ ממש.

וכאמור, אז דאס גופא וואס מ'שטעלט זיך מיט א תוקף. איז דאס מבטל דעם "ממשמשים לבוא", ביז וואנעט אז דער צד שכנגד דערזעהט סוכ"ס אז טובתו איז ער זאל מסייע זיין אידן, ווי מ'האט דאס שוין אויך געזעהן במוחש.

און אין דערויף קען טאן יעדער איד - דורך דערויף וואס ער איז מוסיף בעבודתו אין "נר מצוה ותורה אור" (משלי ו, כג).

- י. -

י. און דאס האט אויך א קשר מיט פרשת השבוע, פ׳ ויחי -

וכידוע דער פתגם פון דעם אלטן רבי׳ן (סה"ש תש"ב ע׳ 29) אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט, מיט די ענינים פון פרשת השבוע וועלכע מ׳לערנט און מ׳לערנט דעמולט - וואס פון דארטן נעמט מען דעם פתרון און דרך ווי אזוי צו פירן זיך אין די ענינים שהזמן גרמא -

וואס אין דער פרשה שטייט "יהודה אתה יודוך אחיך" (ויחי מט, ח) - ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א (מה, א ואילך) דעם ענין אין עבודת ה׳, וואס אין דערויף איז יעדעדער מחוייב בכל זמן ובכל מקום; און דערנאך איז דער פסוק ממשיך "ידך בעורף אויבך".

און וויבאלד אז אין מקרא יוצא מידי פשוטו, איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם וואס א איד איז מוסיף אין עבודת ה׳ (דער ענין פון "יהודה אתה יודוך אחיך"), ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "ידך בעורף אויבך" בפשטות.

יא. מאמר (כעין שיחה) ד"ה יהודה אתה יודוך אחיך.

* * *

הנחת הת׳ בלתי מוגה

**בס״ד.**

## שיחת עשרה בטבת, יהפך לשמחה, אחרי תפלת מנחה, תשל״ח. – בבית הכנסת –

א. בהמשך צו דעם וואס עס האט זיך גערעדט נעכטן אין אווענט, אור ליום העשירי בטבת [וואס בשנה זו, איז (ווי דערמאנט אויך נעכטן) עשירי בטבת חל ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, „טוב לשמים וטוב לבריות"] בנוגע צו באנייען, אפפרישן און מוסיף זיין אין דעם מנהג וואס איז געווען בכו״כ קהלות אז ביום התענית לאחרי חצות היום (בקשר מיט תפלת המנחה אדער אחרי תפלת מנחה) פלעגט מען ריידן דברי כבושין[1] —

איז אע״פ אז דאס איז ניט געווען נהוג בביהכנ״ס דרבותינו נשיאינו[2], און אויף מחדש זיין א נייעם ענין דארף מען האבן א זהירות יתירה

פונדעסטוועגן, ווי גערעדט כמה פעמים (אויך אין די לעצטע התוועדות׳ן[3]), אז בשעת עס רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען מוסיף אין יראת שמים [ובפרט, וואס זיינען מוסיף אין קיום המצוות בפועל, וואס המעשה הוא העיקר[4]] — איז דאס ניט נאר א הצדקה (א בארעכטיקונג) אויף די נייע ענינים, נאר דאס איז אויך א התעוררות און א עידוד, ווי באלד מען זעט בפועל אז זיי זיינען מוסיף אין יראת שמים —

וואס יראת שמים איז „זה השער להוי׳ צדיקים יבואו בו"[5] — דער טויער דורך וועלכן מען גייט אריין אין אלע ענינים פון תומ״צ [ובלשון הזהר[6]: „ודא איהי תרעא לאעלא"].

און ווי עס שטייט אין זהר[7] אויף „בזאת יבא אהרן אל הקודש"[8], אז „זאת" איז יראת ה׳. און אויף דעם זאגט מען — כפשטות הכתוב — „בזאת יבא אהרן אל הקודש"[9], אז דער אריינגיין פון דעם כהן גדול אין קודש הקדשים ביום הכיפורים, וואס ער איז דער יום המקודש מכל השנה, איז געווען „בהאי זאת", וואס „דא היא יראת ה׳".

וואס די כניסה פון כה״ג ביום הכיפורים לקדה״ק, גיט דעם כח און איז מאיר אין דער עבודה פון יעדער אידן בכל ימי השנה, ב״ז — אין מחשבה דיבור ומעשה[10].

ב. בהמשך צום מנהג הנ״ל פון ריידן דברי כבושין — דארף ניט זיין אין דערויף דוקא אן אריכות, ווארום ווי באלד אז יעדער איד וויל מקיים זיין דעם אייבערשטנס רצון (כפס״ד ברור פון רמב״ם[11]), איז דאך גענוג א וואָרט, א רמז אליין.

ועאכו״כ אז איצט איז נאך דערויף וואס מען האט געזאגט און געהערט די הפטרה „דרשו הוי׳ גו׳" —

וועט מען דעריבער בלויז דערמאנען (און מבאר זיין קצת) אן ענין וואס מען

---

1) בכ״ז ראה בשיחה הקודמת ס״א ובהנסמן שם.

2) לא בריגא, אמויאצק ולא כאן. וע״פ השמיעה גם לא בליובאוויטש.

3) דמוצאי ש״פ מקץ, שבת חנוכה, וזאת חנוכה ס״ז.

4) אבות פ״א מי״ז.

5) תהלים קיח, כ.

6) כתר שם טוב סרל״ט (ל, ד). וראה גם זח״ב נא, א ובאריכות להה״מ לתהלים קה״פ (צו, ד) שבקשר „זה השער להוי׳" עם „בזאת יבא אהרן" גו׳.

7) ח״א יא, ב.

8) ח״ג נו, ב.

9) אחרי טז, ג.

10) כמובן בזה שעבודתו בקדה״ק מכפרת על כאו״א מבנ״י בהדו״ד שלהם. ובפרט ע״פ המבואר בכ״מ (תו״א לז, א. אוה״ת שמע״צ ע׳ איתשפ. המשך וככה תרל״ז פצ״ז. ועוד) שכפרת־תשובת יוהכ״פ היא התשובה שלימה שזדונות נעשו לו כזכיות.

11) הל׳ גירושין בסופו.

האט ערשט געזאגט אין דער הפטרה [וואס איז כולל כל הענינים], די דברים נפלאים וואס דער אויבערשטער זאגט דורך ישעי' הנביא

[וואס ער האט געהייסן מיטן נאמען ישעי' ווייל ענינו איז געווען ישועה[12], כולל די ישועה פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו[13]],

וואס פון דעם וואס די נבואה איז נכתבה — איז א ראי' אז הוצרכה לדורות[14],

ובפרט נאך אז מען האט קובע געווען צו זאגן די נבואה הנ"ל אין א הפטרה — די הפטרה פון די ימי הצומות, כולל אויך דעם „צום העשירי".

ג. פון די ענינים וואס מען זאגט אין דער הפטרה איז: „כה אמר ה' שמרו משפט ועשו צדקה גו'"[15] — דער אויבערשטער זאגט צו אידן אז זיי זאלן טאן אין משפט (תורה[16]) און אין צדקה

[וואס די צוויי זאכן ברענגען די גאולה ווי עס שטייט[17] „ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"],

און ער איז מוסיף „כי קרובה ישועתי לבוא", מיין ישועה — די ישועה פון דעם אויבערשטן, כביכול[18], איז אפהענגיק אין דעם וואס יעדער איד, און אלע אידן, וועלן טאן אין משפט (תורה) און טאן אין צדקה.

ד. דערנאך איז ער מוסיף „וצדקתי להגלות". אז דעמאלט (ווען עס וועט קומען „ישועתי") וועט אויך נתגלה ווערן די צדקה פון דעם אויבערשטן („וצדקתי") — דאס וואס „צדקה עשה הקב"ה בישראל שפיזרן לבין האומות"[19].

דער ענין פון „פיזרן לבין האומות" איז א פלא און א תמיהה הכי גדולה: היתכן אז בנו יחידו של ממה"מ הקב"ה [וואס אלע אידן, אפילו ווען זיי געפינען זיך אין קושי השיעבוד פון מצרים, זיינען זיי מאמינים בני מאמינים[20]. ביז אז תורת אמת איז מעיד אז יעדער איד, יהי' מי שיהי', וויל מקיים זיין דעם אויבערשטנס רצון (ווי געבראכט פריער דעם פס"ד ברור פון רמב"ם)] וואס דארף זיך געפינען בא אביו המלך, זאל גאר זיין אין גלות?

אויף דעם זאגט ער „וצדקתי להגלות", אז לע"ל וועט נתגלה ווערן ווי דער גלות איז געווען אן ענין פון צדקה.

איצטער — איז עס בבחי' אמונה: ווי באלד אז חז"ל זאגן „צדקה עשה הקב"ה בישראל שפיזרן לבין האומות", גלויבט מען אז דאס איז אזוי. דאס איז אבער נאך ניט בגילוי בהבנה[21]. לע"ל וועט זיין „וצדקתי להגלות", אז מען וועט זעהן

---

12) פרש"י ישעי' [illegible] א. [illegible]

13) [illegible]

14) מגילה יד, א.

15) ישעי' נו, א.

16) [illegible] צדקה במשפט הפדה.

17) ישעי' א, כז.

18) ראה מגילה כט, א.

19) פסחים פז, ב.

20) שבת צז, א.

21) כי לאחרי כל הביאורים בזה [illegible] קדושה (תו"א ר"פ לך. תורת ר"פ ח"ס. ביאוה"ז (לאדהאמו"צ) כלי. א ואילך. [illegible]) הרי כמה דרכים למקום ולא ע"י יסורים ר"ל ובפרט יסורי גלות דקשה [illegible] (ראה ס' החינוך מצוה תי).

ר"ל דביאורים הנ"ל הם הסבר' ע"פ סדר ההשתל' והעילמות [illegible] והגבלה [illegible] — אין הגבלה, [illegible].

[illegible]

בגילוי ווי דער גלות איז געווען אן ענין של צדקה.

ה. און אויך דאס (דער „וצדקתי להגלות") איז אפהענגיק אין דעם „שמרו משפט ועשו צדקה" וואס אידן טועהן איז ממהר זיין דעם „קרובה ישועתי".

אע"פ אז מען גלויבט באמונה שלימה בדברי חז"ל אז דער גלות איז אן ענין של צדקה,

איז אבער צוזאמען דערמיט איז מען מתפלל און זועק וצועק[22] אז עס מוז שוין זיין דער „קץ שם לחושך"[23] [ובפרט לויטן פס"ד ברור בש"ס[24] אז ס'איז שוין „כלו כל הקיצין" (אז ס'איז שוין נאך אלע קיצין, לויט אלערליי חשבונות) ובמילא מוז שוין זיין „מיד הן נגאלין"[25]].

וואס דאס (די תפלה וצעקה) ברענגט אויך א הוספה אין דעם „שמרו משפט ועשו צדקה"

— סיי אין משפט (תורה) און צדקה כפשוטם, ביז אויך ווי די זיינען בפנימיות הענינים [כמובא בתורת החסידות הכללית דורכן בעש"ט און מבואר בתורת חסידות חב"ד דורך דעם אלטן רבי'ן און רבותינו נשיאינו ממלאי מקומו] —

ברענגט דאס ניט נאר דעם „קרובה ישועתי" [אז דער אויבערשטער איז ממלא די בקשה פון אידן און נעמט זיי ארויס פון גלות בשעתא חדא וברגעא חדא], נאר אויך דעם „וצדקתי להגלות" — אז מען וועט זעהן די „צדקה" פון דעם ענין הגלות.

22) ויתירה מזו — התירה בצ"ה להתפלל יב"ע ולהתפלל כמה פעמים — בתפלת י"ח יבר' והוספה כדי הצומית. בברכות ההפטרה ידענו.

23) איוב כח, ג.

24) סנהדרין צז, סע"ב.

25) לשון הרמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

ו. דערנאך איז ער מוסיף אין דער הפטרה נאך אן ענין — אז אויך די „בני הנכר" וועלן זיין „נלוים על ה' לשרתו ולאהבה את שם ה' להיות לו לעבדים גו'"[26]:

בזמן הגלות זיינען דאך א טייל פון די בני הנכר אין אן אופן פון (ווי ער זאגט אין תהלים[27]) „רגשו גוים ולאומים יהגו",

איז ניטא צו דער הבטחה גמורה וואס דוד מלך ישראל (וואס ער איז חי וקיים) איז מבטיח[28], אז אויך (בשעת דעם „רגשו" און „יהגו") איצטער (בזמן הגלות) איז דאס „ריק", און אז דער אויבערשטער לאכט זיך אויס פון דעם גאנצן ענין (ווי ער איז מפרט אין תהלים[29] באריכה).

האט מען אויך די הבטחה אז לע"ל וועלן בני הנכר זיין „נלוים על ה' לשרתו גו' להיות לו לעבדים גו'" ביז אז „כי ביתי בית תפלה יקרא לכל העמים"[30]

[וואס דאס איז מתאים מיט דעם וואס שטייט „אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה' לעבדו שכם אחד"[31] — ווארום „לעבדו" איז דער ענין התפלה].

און ער איז מסיים (בההפטרה) „עוד אקבץ עליו לנקבציו"[32] — אז נוסף אויף דעם וואס עס וועט זיין (כהתחלת הכתוב) „מקבץ נדחי ישראל", וועט נאך צוקומען אויך אין זיי (אין די אידן, „עליו לנקבציו") א הוספה פון די ניצוצי קדושה שבאומות העולם[33].

26) ישעי' נו, ו.

27) ב, א.

28) תהלים שב.

29) שם, ד ואילך.

30) ישעי' שם, ז.

31) צפני' ג, ט.

32) ישעי' שם, ח.

33) כאוה"ע עצמם יביאום יבשרו בכמה נבואות ישעי'. ועד שיהיו מלכים אומניך גו' (ישעי' מט, כג).

ז. שוין גערעדט כמה פעמים בנוגע צו דעם וואס דער אלטער רבי פסק'נט אין שו"ע[34] אז בערב שבת דארף מען טועם זיין "מכל תבשיל ותבשיל", אז די זעלבע זאך איז בנוגע צו די שיתא אלפי שנין (וואס זיי זיינען כנגד די ששת ימי בראשית[35]) — אז "בערב שבת" דארף זיין די טעימה פון יעדער ענין ("מכל תבשיל ותבשיל") וואס וועט זיין לע"ל.

און וויבאלד אז אלץ וואס דער אויבערשטער הייסט אידן טאן איז ער דאס (אויך) מקיים[36], און נאך ביתר שאת וביתר עז — איז א זיכערע זאך, אז דער אויבערשטער גיט אידן [יעדער אידן[37] און אלע אידן] צו פארזוכן פון יעדער ענין טוב וואס וועט זיין אז ס'וועט קומען די גאולה האמיתית והשלימה.

ד.ה. אז נוסף דערצו וואס דער אויבערשטער העלפט יעדער אידן אין דער עבודה פון "שמרו משפט ועשו צדקה", אז ער זאל האבן חיות אין לימוד התורה (משפט) און אין קיום המצוות (צדקה) בהידור, ביז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין"

[אין אן אופן אז דאס זאל זיין פארבונדן מיט "צדקתי" און "ישועתי" של הקב"ה, מיט גליא דקוב"ה און אויך מיט סתים דקוב"ה — וואס צו דעם פאדערט זיך אז דער "שמרו משפט" זאל זיין אין גליא דאורייתא און אויך אין סתים דאורייתא[38],

וואס אויך דאס (סתים דאורייתא) איז שייך צו יעדער אידן, ווארום יעדער איד האט א חלק סיי אין פשט סיי אין רמז סיי אין דרוש סיי אין סוד,

ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל[39], אז אין יעדער ענין פון תורה — סיי אין פשט, סיי אין רמז, סיי אין דרוש, סיי אין סוד — זיינען דא ששים ריבוא פירושים, כנגד ששים ריבוא ישראל (וואס אין דעם זיינען נכלל אלע נשמות[40]),

ביז אז ס'איז א פס"ד אז עס איז דא א חיוב אויף יעדער אידן צו לערנען און "להשיג מידיעת התורה הן בפשטי ההלכות הן ברמזים ודרשות וסודות"[41]],

וועט ער אויך געבן צו פארזוכן ב"ערב שבת" דעם "תבשיל" דלע"ל בנוגע די אומות, אז נאך זייענדיק בזמן הגלות וועט שוין זיין א מעין פון "ובני הנכר הנלוים על ה' לשרתו גו'", ביז א מעין פון "והיו[42] מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך".

און וויבאלד אז לויט אלע סימנים פון סוף מס' סוטה האלט מען שוין גאר נאענט צו דער גאולה – ובפרט נאך אז מען האט געהערט מפורש און ברור[43] פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו אז איצטער איז שוין דער זמן הכי אחרון פון גלות — איז דאך פארשטאנדיק, אז מען קען שוין דאס (דעם "לטעום מכל תבשיל ותבשיל") מער ניט אפלייגן ח"ו,

און דעריבער איז שוין צייט אז ניט נאר זאלן זיי מפסיק זיין דעם לחץ און די איומים, נאר אדרבה, זיי זאלן ארויסהעלפן אידן בכל מושבותיהם בכל הענינים הגשמיים. אז אידן זאלן קענען מוסיף זיין אין משפט וצדקה מתוך מנוחת הנפש און מנוחת הגוף,

---

34) או"ח סרס רנ.

35) רמב"ן בראשית ב, ג. לקו"ת דרושי ר"ה נח, ב. ועוד.

36) שמו"ר פ"ל, ט.

37) שהרי כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב (סנהדרין ר"פ חלק).

38) ראה זח"ג עג, א. לקו"ת ויקרא ה, ג.

39) שער הגלגולים הקדמה יז. שי' רוה"ק (קת, ד). לקוטי מהרח"ו שבסוף ש' פרדל.

40) תניא פל"ז (מת, א).

41) הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ד.

42) ישעי' שם.

43) ראה שיחת ח"י אלול תש"א. מכתב כ"ק מו"ח אדמו"ר הי"ב יום בהתלתו. הקול קורא דלאלתר לגאולה (הקריאה והקדושה כ"ה. תבו"ח. מנ"א תש"א. תשרי תש"ג). ועוד.

און דאָס וועט מוסיף זיין נאָך מער זריזות אין דעם „אחישנה" פון דער גאולה האמיתית והשלימה דורך משיח צדקנו,

וואָס דעמולט וועט מען ניט נאָר טועם זיין פון יעדער תבשיל, נאָר מען וועט האָבן דעם תבשיל, יעדער תבשיל, באופן דאכילה,

און ווייבאַלד אַז „ואתם תהיו לי ממלכת כהנים"[44] — וועט די „אכילה" זיין מתוך גדלות[45] ומתוך שמחה וטוב לבב.

און בכדי אַז כל הנ"ל זאָל זיין בזריזות — דאַרף מען מוסיף זיין בזריזות אין תורה און צדקה, און אויך אין תפלה (וואָס על ידה זיינען די תורה און צדקה ווי עס דאַרף צו זיין[46]) ובמבש"כ פון דעם וואָס אפילו בנוגע צו „כל העמים" דאַרף זיין „בית תפלה יקרא לכל העמים".

ויהי רצון אַז בקריב ממש זאָל מקויים ווערן דער פס"ד הרמב"ם[47] אַז „כל הצומות האלו" (כולל אויך דעם צום העשירי) וועלן נהפך ווערן „לששון ולשמחה ולמועדים טובים והאמת והשלום אהבו",

בעגלא דידן, במהרה בימינו ממש.

---

44) יתרו יט, ו.

45) כמו אכילת (קדשים דאכהנים (קרח יח, ח. זבחים צא, א).

וכן ע"פ פרש"י (יתרו שם) „כהנים" — שרים הר׳ ענינם שררה וגדלות.

46) ראה לקו"ת ברכה צו, ב. ובכ"מ (לענין תורה), ומזה מובן גם לענין צדקה (מצוות) — מכיון ש(גדול) תלמוד (ש)מביא לידי מעשה. ולהעיר מהפס"ד (או"ח סקנ"ו): מביהכ"נ (תפלה) לביהמ"ד (תורה) ואח"כ ילך לעסקיו (שאז הוא עיקר העבודה דצדקה).

וראה לקו"ש ח"ה ע׳ 138, שהצדקה שקודם התפלה (יה"כ פרוסה לעני והדר מצלי) — ענינה הוא הכנה לתפלה (ולא כ"כ העבודה דצדקה מצד עצמה), ועיקר העבודה דצדקה (מצד עצמה) היא לאחרי התפלה ותורה, כנ"ל.

47) הל׳ תעניות בסופו.

## תיקון טעות

### לשיחת מוצאי ש"פ חיי שרה, מבה"ח כסלו התשל"ח

| ע׳ | שו"ה | נדפס: | צ"ל: |
|---|---|---|---|
| ז | „שוין | בימים" און | בימים" איז |
| ט | הע׳ 76 | (פד, א) | (פב, א) |
| יא | הע׳ 90 | בסוכה יט, ב | בסוכה כא, ב |
| יא | בשוה"ג | צריכה לימוד" | צריכין לימוד" |
| יט | געזאָגט] | געזאָגט] | געזאָגט]] |
| כא | הע׳ 174 | ברכות כו, ב | ברכות ח, א |
| כא | הע׳ 175 | שם ח, א | שם כו, ב |

**בס״ד. מה שאמר כ״ק אדמו״ר שליט״א**
**להתלמידים השלוחים שי׳ הנוסעים ל„לאס-אנדזשעלעס״,**
**יום ג׳ שהוכפל בו כי טוב, טו״ב טבת ה׳תשל״ח.**

דער אויבערשטער זאל בענטשן און מצליח זיין יעדערן פון אייך און אייך אלעמען צוזאמען, אז די נסיעה זאל זיין בשעה טובה ומוצלחת,

ובפרט אז היינט איז דאך יום השלישי שהוכפל בו כי טוב[1], טוב לשמים וטוב לבריות[2],

איר זאלט אויפבויען דארטן די ישיבה אז זי זאל זיין א „מגדלי אור״ להאיר[3], דורך דעם וואס יעדערער פון אייך און איר אלע צוזאמען וועלן זיין „נרות להאיר״[4],

און דורך דעם — אויפבויען די גאנצע שטאט אז זי זאל באקומען א נייעם אויסזעהן — דורך „נר מצוה ותורה אור״[6],

כולל, כמובן, פנימיות התורה, וואס נתגלתה איצטער בתורת החסידות, ביז אין אן אופן פון „יפוצו מעינותיך חוצה״[5].

מען זאל הערן פון אייך בשורות טובות[7].

• • •

אויף פארבינדן דאס גלייך מיט אן ענין מיוחד בפועל — אזוי ווי יעדערער פון אייך דארף דאך זיין א משפיע, וועל איך געבן יעדערן פון אייך א „קונטרס אהבת ישראל״[8] וואס מען האט אפגעדרוקט במיוחד פאר משפיעים, און וואס איך האב גע׳חתמ׳ט צום סוף פון (דער שיחה שבסוף ה)קונטרס,

און איר זאל דאס אויסנוצן[10] מתוך שמחה[9] וטוב לבב, ובאופן דמוסיף והולך ואור.

[כ״ק אדמו״ר שליט״א נתן לכאו״א מהשלוחים „קונטרס אהבת ישראל״, וב׳ שטרות של דאלאר לצדקה].

---

1) פרש״י בראשית א, ז.

2) קידושין מ. א. ובאוה״ת (בראשית לג, ב. משפטים ע׳ א׳קנז. ועוד) מקשר זה עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

3) ראה אוה״ת ס״פ נח בענין עיר ומגדל דקדושה.

4) גם לאחרים — טוב לבריות.

5) ראה לקו״ש ח״ב ע׳ 484 ואילך.

6) משלי ו, כג. — ועי׳פ המדובר במ״א (לקו״ש ח״ה ע׳ 447) שתומ״צ בערכם זל״ז — הם טוב לשמים, לבריות.

7) ל׳ רבים — פי׳ ג״כ: טוב לשמים, לבריות.

8) שהיא טוב לשמים ולבריות. ובפרט עפכש״כ בתניא פ׳ לב.

9) במילואו — בדבעי למיעבד (כתובות סז, א).

10) שכשהיא כדבעי משתף בה גם אחרים (ראה רמב״ם הל׳ יו״ט פ״ו הי״ח. שו״ע אדה״ז או״ח סתקכ״ט ס״א. ויראה סידור שער הסוכות רנז, רע״ג) ואפילו בריות (שמח תשמח תרנ״ז ע׳ 50 ואילך).

בס"ד. שיחת אור ליום ג׳, כ"ד טבת ה׳השל"ח. <u>הנחה</u>

א. כ"ד טבת איז דאך דער יום ההילולא פון דעם אלטן רבי׳ן, מייסד תורת חסידות חב"ד - וואס תורת חסידוה חב"ד איז א המשך און א ביאור פנימי אויף תורת החסידות הכללית פון דעם בעש"ט [1].

וואס די שייכות פון דעם אלטן רבי׳ן מיטן בעש"ט איז געווען אויף אזוי פיל אז ער האט אים גערופן "זיידע", כסיפור כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו [2],

ביז וואנעט אז ווען ס׳איז געווען די שקו"ט צווישן דעם אלטן רבי׳ן מיט דעם בעש"ט׳ם אן איניקל - האט דער אלטער רבי מדגיש געווען יתרונו אז ער איז אן אייניקל פון דעם בעש"ט און דער בעש"ט איז זיין "זיידע" <u>ברוחניות</u>" [3].

ב. דער נאמען פון דעם אלטן רבי׳ן איז "שניאור זלמן". און לויט דעם וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין שעהיוה"א [4] אז שמו אשר יקראו לו בלה"ק איז מהווה, מחי׳ און מקיים דעם וועמען מ׳רופט מיט דעם נאמען - איז פארשטאנדיק, אז אזוי איז אויך בנוגע צו זיין נאמען, אז אין דערויף ווערט ארויסגעגעבן ענינו פון דעם אלטן רבי׳ן.

והביאור בזה:

ס׳איז דאך ידוע דער ביאור וואס דער בעש"ט האט געזאגט אויף דעם נאמען "שניאור" - אז דאס איז מרמז אויף "שני אור", דער אור פון נגלה דתורה, און דער אור פון פנימיות התורה, תורת החסידות [5].

און דער צווייטער נאמען, "זלמן", איז אותיות "לזמן" [6] - וואס איינער פון די ביאורים בזה [7] איז, אז מ׳איז ממשיך דעם ענין פון "שני אור" אין "(ל)זמן" (און אין מקום), אין עולם, ביז אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו [8].

ד.ה. אז אע"פ אז "(שני) <u>אור</u>" איז אן ענין וואס איז

- העכער -

------------

1) ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1138.
2) התמים ח"ב ע׳ נו. היום יום ע׳ נז.
3) התמים שם. וראה לקו"ש שם ע׳ 1136 ואילך.
4) רפ"א.
5) חוברת י"ט כסלו ע׳ 9. לקו"ר ח"א פג, א.
6) לקלוי"צ אגרות ע׳ רנד. וראה מכתב אדה"ז מי"ט כסלו תק"ם (נדפס בהתמים ח"ח ע׳ כד).
7) לקו"ש שם ע׳ 41.
8) תניא פל"ו.

העכער פון וועלט, ובפרט אז ס'רעדט זיך וועגן דעם "אור" פון <u>תורה</u>[9], וואס אפי' ווי תורה שטייט שוין אין אן אופן פון "אור" - באופן דהמשכה, איז זי אויך העכער פון וועלט, כמאר־ז"ל[10] "אלפים שנה קדמה תורה לעולם", וכמבואר אין תורה החסידות[11] דער ענין פון "אלפים שנה כו'" -

איז אבער ענינו פון דעם אלטן רבי'ן געווען - ממשיך זיין דעם ענין פון "שני אור" אין זמן ומקום, ביז אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

ג. און ווי מ'זעט בכל פעולותיו, אז דער תכלית ומטרה שבזה איז געווען אז סוכ"ס זאל דאס אראפקומען במעשה <u>בפועל</u>,

און אז דאס זאל אנקומען ביז אין א פנה נדחת אין "מקום", און אין א נקודה נדחת אין "זמן" - אין כמה דורות לאחריו, ביז אין דעם דרא דעקבתא דמשיחא - אז אין דעם חושך כפול ומכופל פון דרא דעקבתא דמשיחא, זאל דארטן בוקע זיין דער ענין פון "שני אור", דער אור פון נגלה דתורה און דער אור פון פנימיוה התורה, ביז אין אן אופן אז דאס ווערט <u>איין</u> ווארט - "שניאור".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ענינו פון דעם אלטן רבי'ן איז געווען - פועל'ן אין זמן און מקום (אין <u>וועלט</u>) אז זיי זאלן שטיין אין דער דרגא פון "אור", ביז צו דער דרגא פון "שני אור".

ד. האמור לעיל (דער ביאור אין דעם נאמען פון דעם אלטן רבי'ן) איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות":

"שני אור", דער אור פון נגלה דתורה און דער אור פון פנימיות התורה, איז דער ענין פון "טוב לשמים"; און "לזמן" - דאס וואס מ'איז ממשיך דעם ענין פון "שני אור" אין זמן ומקום (אין וועלט) - איז דער ענין פון "טוב לבריות".

ובפרטיות יותר איז אין "שני אור" גופא אויך פאראן סיי דער ענין פון "טוב לשמים" און סיי דער ענין פון "טוב לבריות" - ווארום דער חילוק צווישן נגלה דתורה, "<u>גופי</u> תורה", מיט פנימיות התורה, "<u>נשמתא</u> דאורייתא"[12] (ווי זיי

- זיינען -

------------

9) להעיר כשהי הגירסאות (כתובות קיא, ב. תניא ספל"ו) טל תורה, אור תורה.

10) כדרש תהלים עה"פ צ, ד. ב"ד פ"ח, ב. ובכ"מ.

11) ראה סה"מ תש"ח ע' 272 ואילך. וש"נ.

12) זח"ג קנב, א.

זיינען בערך דל"ז) - איז ע"ד החילוק צווישן "טוב לשמים" (פנימיות התורה) און "טוב לבריות" (נגלה דתורה).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ענינו פון דעם אלטן רבי'ן איז געווען - סיי דער ענין פון "טוב לשמים" און סיי דער ענין פון "טוב לבריות".

און ווי מ'זעט דאס אויך אין די צען "זכויות" פון דעם אלטן רבי'ן וואס חסידים האבן גערעכנט [13] - אז צווישן זיי זיינען דא ענינים וואס זיינען "טוב לשמים", און ס'זיינען דא ענינים וואס זיינען "טוב לבריות".

און דער ענין (פון "טוב לשמים וטוב לבריות") איז בהדגשה מיוחדת בשנה זו, ווארום בש.ז. איז די קביעות פון יום ההילולא ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב [14], "טוב לשמים וטוב לבריות" [15]. וכמדובר בארוכה כמ"פ אין די התוועדויות במשך ש.ז. וועגן דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות".

ה. כמדובר כמ"פ אז פון יעדער ענין דארף מען ארויסנעמען דעם "בכן" און די הוראה בנוגע לפועל.

ווי מ'זעט דאס אויך אין דעם ענין פון לימוד התורה - אז נאך די גאנצע שקו"ט דארף מען ארויסנעמען די מסקנא בנוגע להלכה במעשה בפועל.

וואס דער ענין (ארויסנעמען די מסקנא בנוגע להלכה למעשה) איז נוגע צו די שקו"ט גופא - ווארום דאס וואס ער ווייסט אז פון זיין שקו"ט וועט מען ארויסנעמען א פס"ד בנוגע למעשה בפועל, פועל'ט אויף אים און העלפט אים ארויס ער זאל זיך מערער פארטיפן אין דעם ענין, און ער זאל מכוון זיין די הלכה לאמיתתה [16].

ועד"ז (און נאכמער) איז בנוגע צו קיום המצוות [וואס לימוד התורה איז דאך אויך איינע פון די רמ"ח מ"ע, ואדרבה, זי איז איינע פון די גרעסטע מצוות [17]] - אז דער עיקר איז קיום המצוה <u>בפועל</u>, און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא [18], אז אפי' אויב ער האט מכוון געווען כל הכוונות וואס זיינען דא אין דער מצוה, ער האט אבער ניט מקיים געווען די מצוה <u>בפועל</u> - פעלט ביי אים דער גאנצער ענין פון קיום המצוה.

- נאר] -

---

13) ראה לקו"ד ח"ד תשיח, ב.
14) פירש"י בראשית א, ז.
15) קידושין מ, א. וראה אוה"ת בראשית לג, ב. ועוד.
16) ראה המשך תרס"ו ע' תכ ואילך.
17) ראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ה"ב-ג.
18) פל"ח.

נאר אין דערויף זיינען דא חילוקים:

אין מצוות מעשיות - איז דער ענין המעשה בפועל - כפשוטו; אין מצוות התלויות בדיבור - באשטייט דער ענין המעשה בפועל אין "עקימת שפתיו (וואס) הוי מעשה"[19];

און אין מצוות התלויות במחשבה וויאהבת ה' און יראת ה', וואס זיי זיינען דאך כולל כל המצוות כולם, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[20], אז אהבה איז כולל כל רמ"ח מ"ע, און יראה איז כולל כל שס"ה מל"ת, וואס דארטן איז דאך לכאו' ניט שייך דער ענין המעשה, און אפי' ניט "עקימת שפתיו הוי מעשה" -

איז דאך מבאר כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו בכמה ממאמריו[21], אז די אהוי"ר דארפן זיין אין אן אופן אז ס'זאל זיין ניכר אין דעם בשר הלב (וואס משכן המדות (אהוי"ר) איז דאך אין לב), און דוקא ווען די אהוי"ר איז ניכר אין בשר הלב, דעמולט איז דער קיום המצוה בשלימותה.

און ווי מ'זעט בפועל אז אהוי"ר אמיתיים פועל'ן אויף בשר הלב כפשוטו, ואדרבה, דורך דערויף ווערט דער לב געזינטער - וויבאלד אז ער איז ממלא תפקידו צו זיין א דירה לו ית', וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס אהבת ה' און יראת ה', זיינען בלבו אין אן אופן אז דער לב ווערט א "דירה" דערצו, וואס דער ענין הדירה איז דאך, אז דארטן געפינט ער זיך בכל עצמותו (כמבואר ענין הדירה אין מאמרי רבותינו נשיאינו[22]).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון יעדער ענין דארף מען ארויסנעמען א הוראה בנוגע למעשה בפועל - ע"ד ווי דאס איז אין לימוד התורה וקיום המצוות.

ו. ובנוגע לענייננו:

די כוונה פון יערער התוועדות ועאכו"כ א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט אן ענין וואס האט געטראפן מיט נשיא הדור (וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט נשיא דורנו, ווארום ער איז דער "ממלא מקום" פון דעם נשיא הראשון, דער אלטער

- רבי -

------------

19) סנהדרין סה, א.

20) פ"ד.

21) סה"מ קונטרסים ח"ב רצ, ב ואילך. ועוד. וראה לקו"ש ח"א ע' 32 ואילך.

22) אוה"ת בלק ע' תתקצז. המשך תרס"ו ס"ע ג'. סה"מ תרע"ח ע' קצב.

רבי, מייסד תורת חסידות חב"ד] איז דאך, אז דאס זאל אראפקומען אין מעשה בפועל.

ובנוגע צו דער התוועדות פון כ"ד טבת, איז פארשטאנדיק, אז די ענינים וואס דארפן דערפון ארויסקומען בנוגע למעשה בפועל - זיינען די ענינים האמורים לעיל, בנוגע צו דעם נאמען פון בעל ההילולא:

"שני אור", דער אור פון נגלה דתורה און דער אור פון פנימיות התורה, ד.ה. אז ס'דארף צוקומען א הוספה אין לימוד התורה, סיי אין נגלה דתורה סיי אין פנימיות התורה,

און אז דאס זאל אראפקומען אין "(ל)זמן", ד.ה. אין מעשה בפועל (וואס מעשה בפועל איז דאך פארבונדן מיט זמן ומקום), וואס דאס איז דער ענין פון קיום המצוות, ביז צו קיום המצוות בהידור.

און כדי אז דער ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות זאל זיין בשלימות - דארף מען האבן הקדמת עבודת התפלה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בכ"מ [23], ועד"ז לאחרי קיום התומ"צ דארף מען אויך אנקומען צו עבודת התפלה, ווארום דער ענין התפלה איז "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה" [24], וואס דורך אים זיינען די תומ"צ עולה למעלה [25].

ז. ובכללות זיינען דאס די צוויי ענינים פון תורה און צדקה, ווארום דער ענין הצדקה נעמט דאך ארום און איז דער תוכן פון כל המצוות [26],

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" [27] - ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין די דרושים [28] עה"פ אז "במשפט" איז דער ענין התורה - וואס דאס זיינען די צוויי ענינים פון תורה און צדקה.

און דורך דעם וואס מ'איז מוסיף אין לימוד התורה ("במשפט") און אין צדקה - איז מען מקדים ומזרז און מ'ברענגט אראפ אין זמן ומקום פון עוה"ז התחתון דעם קיום היעוד "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה",

- במהרה -

------------

23) לקו"ת ברכה צו, ב.
24) ויצא כח, יב. וראה זח"א רסו, ב.
25) ראה ד"ה ואברהם זקן ש.ז. ס"ו ובהנסמן שם.
26) ראה תניא פל"ז (מח, ב). אגה"ק סל"ב. תו"א וישב כט, ג.
27) ישעי' א, כז.
28) לקו"ת ד"פ דברים.

במהרה בימינו ממש, ע"י משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

*   *   *

ח. בנוגע צו א התוועדות אין א יום הילולא, איז דאך לכאו' דא די שקו"ט[29] ווי אזוי ס'דארף זיין די הנהגה אין א יארצייט ויום הילולא -

געפינט מען אבער א הוראה ברורה פון דעם אלטן רבי'ן בנוגע צו יום ההילולא פון דעם מגיד - וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו יום ההילולא שלו:

איינע פון די גרעסטע שמחות וואס זיינען געווען ביים אלטן רבי'ן, איז דאך דער ענין פון י"ט כסלו. ביז אז כ"ק מו"ח אדמו"ר רופט דאס אן בשם "חג החגים"[30], ווי גערעדט אמאל[31] דעם ביאור בזה.

[וואס דער ענין פון י"ט כסלו איז דאך נוגע (ניט נאר צום אלטן רבי'ן אליין, וויבאלד אז בדידי' הוה עובדא, נאר) צו אלע אידן עד סוף כל הדורות, און ס'איז נוגע צו כללות התורה ומצוותי',

ווארום דורך דער גאולה פון י"ט כסלו, האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה"[32], און דורך דעריף ווערט דעד קאתי מר דא מלכא משיחא[33].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון י"ט כסלו איז אן ענין הכי כללי, וואס איז נוגע אין גאנץ סדר השתלשלות, ביז אז ס'איז נוגע אפי' צו אוה"ע, ווארום בביאת משיח צדקנו (וואס דאס ווערט דורך "יפוצו מעינותיך חוצה" - דער ענין פון י"ט כסלו) וועט זיין דער אויפטו פון "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[34]].

איז בשעת דער אלטער רבי שרייבט במכתבו[35] וועגן די גאולה פון י"ט כסלו - שרייבט ער אז דאס איז געווען ב"יום י"ט כסלו, יום ג' שהוכפל בו כי טוב, <u>יום הילולא רבא של רבינו הקדוש נ"ע</u>".

- וואס -

------------

29) ראה לקו"ש ח"ז ע' 343 בהערה.
30) הקדמה לחוברת די"ט כסלו.
31) ראה לקו"ש ח"ה ע' 436.
32) ראה סה"ש הו"ש ע' 112.
33) אגה"ק דהבעש"ט הידועה - נדפסה בסו"ס בן פורת יוסף. ובכ"מ.
34) צפני' ג, ט.
35) נדפס בהיום יום ע' ד.

וואס לכאו׳, דער ענין פון א יום הילולא דארף דאך ארויסרופן א תנועה הפכית (ניט קיין תנועה של שמחה) - זעט מען דאך אז ס׳זיינען דא מענטשן וואס זייער יום הילולא איז פארבונדן מיט אן ענין של שמחה (ביז אז ס׳וועדט "חג החגים") - ווי דער אלטער רבי האט אפגע׳פסק׳נט בנוגע צום יום ההילולא פון רבו, אז דער ענין הגאולה פון י"ט כסלו איז פארבונדן מיט דעם "יום הילולא רבא" פון דעם מגיד, ד.ה. אז דאס איז אן ענין של שמחה.

און וויבאלד אז דער אלטער רבי האט אפגע׳פסק׳נט בנוגע צום יום ההילולא פון דעם מגיד אז דאס איז אן ענין של שמחה, איז דער פסק אויך בנוגע צו יום ההילולא שלו (פון דעם אלטן רבי׳ן).

וואס דאס איז ע"ד תורת הבעש"ט [36] אויף דער משנה [37] "נפרעין מן האדם מדעתו ושלא מדעתו" - אז מ׳פרעגט ביי אים זיין מיינונג בנוגע צו א צווייטן, און בשעת ער פסק׳נט בנוגע צו דעם צווייטן (וואס דאס איז "מדעתו"), גיט ער ארויס דעם זעלבן פסק אויך בנוגע צו זיך אליין, אע"פ אז ווען ער האט דאס געזאגט בנוגע צום צווייטן האט ער ניט געוואוסט אז דערמיט פסק׳נט ער אפ אויך בנוגע צו זיך ("שלא מדעתו").

ועד"ז איז אויך בנדו"ד: וויבאלד אז דער אלטער רבי האט אפגע׳פסק׳נט בנוגע צו יום ההילולא פון דעם מגיד אז דאס איז אן ענין של שמחה, האט ער דערמיט ארויסגעגעבן א פסק אויך בנוגע ליום ההילולא שלו.

ס. און דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם "יום הילולא רבא" פון דעם אלטן רבי׳ן - אז דאס איז ע"ד ווי די הילולא פון דעם מגיד בי"ט כסלו.

ד.ה. אז אזוי ווי י"ט כסלו איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", איז עד"ז כ"ד טבת אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

און צוזאמען דערמיט ווערט דאס א "הילולא רבא" כפשוטו - א שמחה גדולה ביותר, וואס א שמחה גדולה ביותר איז פארבונדן מיט "הילולא" (חתונה) דוקא, כמבואר בארוכה אין המשך שמח תשמח תרנ"ז [38].

וואס דאס נעמט אראפ מלכתחלה די שאלה הנ"ל (ס"ח)

- וועגן -

------------

36) לקו"ש ח"ד ע׳ 1207. וש"נ.
37) אבות פ"ג מט"ז.
38) ע׳ 49 ואילך.

וועגן א התוועדות אין יום ההילולא. ובפרט וועז כ"ד טבת קומט אויס ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב - אזוי ווי די קביעות פון י"ט כסלו בפעם הראשונה, וועלכע איז אויך געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

ובפרט ע"פ המבואר אין דעם בריוו פון דעם טאטן[39] די רמזים אין דעם וואס די "הילולא דבא" פון דעם אלטן רבי'ן איז געווען אין חודש טבת, און בכ"ד טבת - וואס דערפון איז נאכמער פארשטאנדיק ווי אזוי דאס איז אן ענין של שמחה.

י. והמעשה הוא העיקר[40] - מוסיף זיין ביתר שאת ויתר עז אין דעם ענין המעשה בפועל, סיי אין לימוד נגלה דתורה, און סיי אין לימוד פנימיות התורה, און סיי אין קיום המצוות,

און טאן דאס אין אן אופן פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - ווי גערעדט אמאל אז ס'שטייט "מעינותיך", לשון רבים, דערפאר וואס ס'איז דא דער "מעין" ווי דאס איז אין נגלה דתורה, און ס'איז דא דער "מעין" ווי דאס איז אין פנימיות התורה, און ס'איז דא דער "מעין" ווי דאס איז אין קיום המצוות,.

וואס דער ענין פון א "מעין" איז דאך, אז ער איז פארבונדן מיטן מקור, וואס דערפאר איז א "מעין" מטהר בכל שהוא[41], ביז אז ער איז מטהר פון אלע ענינים, אפי' פון אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן אבי אבות פון היפך הטהרה[42].

און די דריי ענינים הנ"ל (נגלה דתורה, פנימיות התורה, און מעשה המצוות) דארפן זיין אין אן אופן פון "יפוצו מעינותיך חוצה", כמדובר כמ"פ[43] דער דיוק בזה, אז ס'דארף זיין אין אן אופן פון "יפוצו", און אין "חוצה".

און טאן דאס בשמחה רבה כפשוטה, ווייבאלד אז דאס איז א יום הילולא רבא - וואס די שמחה גופא וועט נאכמער מוסיף זיין אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

און דורך דעם וועט מען ממהר זיין דעם "אחישנה" אין דעם "אחישנה" גופא[44], וקאתי מר דא מלכא משיחא, ובעגלא דידן.

* * *

- יא. -

------------

39) לקלוי"צ אגרות ע' רמט. רנד.
40) אבות פ"א מי"ז.
41) מקוואות פ"א מ"ז.
42) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1119 ואילך, ובהערות שם.
43) ראה לקו"ש שם. ח"ה ע' 443. ועוד.
44) ראה סנהדרין צח, א.

יא. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה הבאים ישרש יעקב.

* * *

יב. מ׳האט גערעדט פריער (בהמאמר) אז דער תכלית הכוונה אין דער ירידה למצרים, "הבאים מצרימה" [45], איז געווען כדי אז דורך דעריף זאל מען צוקומען צום עילוי פון מ"ת.

וואס דאס איז פארבונדן מיט פרשת השבוע, פ׳ שמוה [46], ווארום אין פ׳ שמות [47] שטייט: "בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה", וואס דאס איז דאך דער ענין פון מ"ת [48].

ועד"ז איז דאס אויך פארבונדן מיט פ׳ וארא (וואס יום ההילולא איז חל ביום ג׳ שהוכפל בו כי טוב פ׳ וארא).

[וואס אין פ׳ וארא רעדט זיך שוין וועגן דעם ענין הגאולה (ניט נאר בתור הבטחה, נאר ווי דער ענין הגאולה שטייט) בגלוי - אז נאך זייענדיק אין מצרים, און אין א מעמד ומצב וואס פרעה איז געווען א מושל בכיפה [49], איז שוין דעמולט געווען דער "והפליתי" [50], די הפרשה והבדלה [51] צווישן אידן מיט אוה"ע בנוגע צו די עשר מכות (וואס וועגן דובם ווערט דערציילט אין פ׳ וארא)] -

ווארום בתחלת פ׳ וארא שטייט: "וארא אל אברהם גו׳ ושמי הוי׳ לא נודעתי להם", און דערנאך איז ער ממשיך: "לכן אמור לבנ"י אני הוי׳", אז דער אויבערשטער וועט נתגלה ווערן צו אידן בשם הוי׳ - וואס דער גילוי פון שם הוי׳ צו אידן האט זיך אויפגעטאן במ"ת, ווי דער בעל ההילולא איז מבאר אין די דרושים אויף פ׳ וארא [52].

יג. און דאס (דער עילוי פון מ"ת וואס צוליב דעריף איז געווען די ירידה אין מצרים) איז פארבונדן מיט פנימיות התורה (וואס נתגלתה בתורת החסידות, ביז אין אן אופן פון "יתפרנסון" [53] - דורך דעם בעל ההילולא), והביאור בזה:

- דער -

------------

45) ויגש מו, ח. שמות א, א.
46) כנ"ל (בהמאמר) השייכות לש"פ שמוה.
47) ג, יב.
48) ראה תיב"ע ופירש"י עה"פ.
49) ראה מכילתא עה"פ בשלח יד, ה. זח"ב ו, א.
50) וארא ח, יח.
51) פירש"י עה"פ.
52) תו"א וארא נו, ג.
53) תקו"ז ת"ו בסופו. וראה לקו"ש ח"ז ע׳ 206.

דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א[54] אז די ירידה למצרים איז געווען צוליב די עלי' וואס וועט קומען לאח"ז - דער עילוי פון מ"ת. און ער איז מבאר דארטן אז ס'זיינען דא ב' עליות: דער עילוי פון מ"ת פון נגלה דתורה, און דער עילוי פון מ"ת פון פנימיות התורה.

וואס דאס איז פארבונדן עם המבואר לעיל (ס"ב), אז דער נאמען "שניאור" איז מרמז אויף "שני אור", דער אור פון נגלה דתורה, און דער אור פון פנימיות התורה, ביז אז די צוויי ענינים (נגלה דתורה און פנימיות התורה) שטייען צוזאמען אין איין ווארט - "שניאור".

וואס דערפאר איז דאך דער דין[55] אז דער נאמען "שניאור" דארף געשריבן ווערן (וואו עס דארף געשריבן ווערן ע"פ תורה) אלס א תיבה אחת, אן א הפסק וואס מ'מאכט בין תיבה לתיבה - וויבאלד אז דאס ווערט איין זאך.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון "שני אור", דער אור פון נגלה דתורה און דער אור פון פנימיות התורה - אז ביידע דארפן ווערן איין זאך.

וכמובן אויך דערפון וואס שטייט אין זהר[12] אז נגלה דתורה איז "גופי תורה", און פנימיות התורה איז "נשמתא דאורייתא" - וואס גוף און נשמה ווערן דאך נתאחד און זיי ווערן איין זאך,

ווארום שלימות הנשמה איז ווען זי איז ממלא תפקידה אלס א נשמה בגוף, און שלימות הגוף איז ווען ער איז חי פון דער נשמה. און ס'איז ניט אין אן אופן אז דער גוף מיטן חיות (נשמה) איז צוויי באזונדערע זאכן, נאר אין יעדער נקודה פון דעם גוף איז דא חיות הנשמה, און די נשמה איז זיך מתאחד און ווערט איין זאך מיטן גוף.

יד. כאמור לעיל אז ס'דארף זיין סיי דער ענין פון נגלה דתורה און סיי דער ענין פון פנימיות התורה - זעט מען דאס בנוגע צום בעל ההילולא, אז נוסף לזה וואס דורך אים איז געווען דער גילוי פון פנימיות התורה, האט ער אויך געשריבן דעם שו"ע, נגלה דתורה, ביז אז דאס (כתיבת השו"ע) איז איינע פון די עשר זכויות פון דעם אלטן רבי'ן[13].

און וויבאלד אז דער ערשטער ענין וואס דער אלטער רבי האט אפגעדרוקט אין נגלה דתורה איז געווען הלכות ת"ת

- און -

---

54) ר"פ שמות.

55) ראה ב"ש שמות אנשים אות ש' בסופו.

און אויך ברכת הנהנין (לוח ברכת הנהנין, און סדר ברכת הנהנין - כידוע אז ס׳איז געווען דער שינוי אין דעם נאמען דורך דעם אלטן רבי׳ן אליין).

- מסדר זיין דעם שו"ע האט ער אנגעהויבן א סך פריער, און הלכות ציצית און הלכות פסח האט ער מסיים געווען נאך דייענדיק ביים מגיד, ווי בני הגאון המחבר שרייבן בהקדמתם צום שו"ע; אבער די ערשטע זאך וואס ער האט אפגעדרוקט, איז געווען הלכות ת"ת -

ווען מען מבאר זיין אן ענין אין הל׳ ת"ת און אויך אן ענין אין התחלת השו"ע (לקמן סי"ז).

אין הל׳ ת"ת הויבט אן דער אלטער רבי: "אע"פ שהקטן פטור מכל המצוות, וגם אביו איננו חייב לחנכו במצוות מן התורה אלא מד"ס, אבל תלמוד תורה מ"ע מן התורה על האב ללמד את בנו הקטן תורה".

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס הויבט אן דער אלטער רבי מיטן חיוב פון ת"ת בנוגע צו א קטן, צום אלעם ערשטן דארף מען מבאר זיין דעם חיוב פון ת"ת ביי א גדול[56], און ערשט דערנאך קען מען זאגן אז דער חיוב פון ת"ת איז דא אויך ביי א קטן?

איז דער ביאור אין דעם: בפשטות[57] איז דער מקור פון חיוב לימוד התורה - דערפון וואס מ׳זאגט אין ק"ש (פעמיים בכל יום) "ושננתם לבניך" און אויך "ודברת בם"[58], וואס "בדברי תורה הכתוב מדבר"[59].

און וויבאלד אז דער מקור אויף חיוב לימוד התורה איז פון "ושננתם לבניך" - דערפאר הויבט ער אן הל׳ ת"ת מיטן חיוב וואס איז דא על האב ללמד תורה את בנו הקטן.

טו. אין דערויף איז אויך דא א רמז - אז כללות לימוד התורה בעוה"ז לגבי לימוד התורה וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, איז אזוי ווי דער לימוד פון א קטן:

ס׳איז דאך ידוע מארז"ל[60] "התורה שאדם למד בעוה"ז הבל הוא לפני תורתו של משיח", ד.ה. אז דאס איז שלא בערך צום לימוד התורה וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו.

- וואס -

---

56) דהרי פשוט שככל חיובי התורה - לגדולים ניתנה, ואא"פ ללמד קודם שילמוד בעצמו ויהיו שנונים בפיו וכו׳.

57) וכ"כ בסהמ"צ להרמב"ם (מ"ע יא) והועתק בספר החינוך (מצוה היט). אבל ראה הל׳ ת"ת לאדה"ז רפ"ב. ולהעיר משער המצוות להאריז"ל ר"פ ואתחנן.

58) ואתחנן ו, ז.

59) ראה יומא יט, ב ובפרש"י ד"ה בם. פרש"י ואתחנן שם.

60) קה"ר פי"א, ח.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער לימוד התורה בעוה"ז איז ע"ד לימוד התורה פון א קטן, וואס ענינו איז דער ענין החינוך, כדי אז ווען ער וועט ווערן א גדול זאל ביי אים זיין דער לימוד התורה כדבעי; איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו לימוד התורה בעוה"ז, אז דאס איז אן ענין של חינוך לגבי עיקר לימוד התורה וואס וועט זיין לע"ל.

ביז אז מ'זאגט דאס אפי' לגבי קיום המצוות - אז דער קיום המצוות בזמן הגלות, איז מערניט ווי א ציון וסימן [61], כמ"ש [62] "הציבי לך ציונים", ד.ה. אז דאס איז אן ענין של חינוך כדי מ'זאל וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין "מצוות רצונך" לע"ל [63].

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו כללות לימוד התורה בעוה"ז - אז דאס איז אן ענין של חינוך צום לימוד התורה דלע"ל.

און ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת [64], אז כדי ס'זאל זיין דער לימוד התורה אין ג"ע, דארף מען האבן דעם "תלמודו בידו" [65], דער לימוד התורה וואס ער האט געלערנט בעוה"ז זייענדיק א נשמה בגוף,

עד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו כללות לימוד התורה שבעוה"ז, אז כדי מ'זאל זוכה זיין צום לימוד התורה וואס וועט זיין לע"ל, תורתו של משיח, דארף מען האבן דעם לימוד התורה בעוה"ז.

וואס אין דערויף (וואס מ'זאגט אז דער לימוד התורה שבעוה"ז איז ע"ד לימוד התורה פון א קטן) איז אויך דא דער רמז, אז אידן ווערן אנגערופן בשם "קטן", ווי ס'שטייט [66] "מי יקום יעקב כי <u>קטן</u> הוא" [און אידן זיינען "<u>המעט</u> מכל העמים" [67]], וכמובן אויך פון סוגית הגמרא אין חולין [68] די מעלה פון אידן אלס א "קטן".

און ווי ס'שטייט [69] "כי <u>נער</u> ישראל ואוהבהו" - אז מצד

- דערויף -

---

61) ראה פירש"י עה"פ עקב יא, יז. רמב"ן עה"פ אחרי יח, כה.
62) ירמי' לא, כא.
63) ראה המשך וככה תרל"ז פי"ז.
64) בהר מ, ב. ועוד.
65) פסחים נ, א. וש"נ.
66) עמוס ז, ב-ה.
67) ואתחנן ז, ז.
68) ס, ב.
69) הושע יא, א.

דערויף וואס אידן זיינען אין דער דרגא פון "נער" (קטן), דערפאר איז "ואוהבהו" [70].

טז. און וויבאלד אז "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל" [71] - איז דא דער ענין וואס אבינו שבשמים איז מחוייב ללמד תורה את בנו הקטן, וואס (נוסף על הנ"ל) בערך הקב"ה זיינען דאך אלע קטנים,

און דער חינוך איז אין אן אופן אז "זה הקטן גדול יהי׳" - ביז אז דוקא ער וועט קענען מברר זיין א ספק בתורה, כמבואר אין אגה"ק [72] אז בירור הספיקות שבתורה קען זיך אויפטאן דוקא דורך א נשמה בגוף, ובפשטות - אז תורה "לא בשמים היא" [73], נאר מ׳דארף פסק׳נן ווי דער פס"ר פון ב"ד דא למטה, ביז אז דער אויבערשטער אליין זאגט [73*] "נצחוני בני נצחוני" [74].

וואס דאס ווערט דורך דעם וואס דער אויבערשטער איז זיי מחנך - אז ער גיט זיי דעם ענין פון הבנה והשגה אין תורה, "יהב חכמתא לחכימין" [75],

[אנהויבנדיק פון מעמד הר סיני, כמובן פון מדרז"ל [76] אז בשעת מ"ת זיינען אידן געשטאנען אין א מעמד ומצב פון א תינוק וואס געפינט זיך אין בית-הספר און דער מלמד לערנט מיט אים תורה],

ביז אז ער ווערט א גדול אין לימוד התורה, ביז אין אן אופן אז דער אויבערשטער זאגט אויף אים "נצחוני בני נצחוני".

יז. אין התחלת השו"ע [אין מהדורא תניינא - משא"כ אין מהדו"ק, וואס דארטן זאגט ער נאר "יתגבר כארי לעמוד בבוקר כו׳", אזוי ווי אין דעם שו"ע פון ב"י] הויבט אן דער אלטער רבי: "יהודה בן תימא אומר הוי עז כנמר וקל כנשר רץ כצבי וגבור כארי לעשות רצון אביך שבשמים" [77].

איז דאך ידוע די שאלה: צוליב וואס ברענגט דער אלטער

- רבי -

---

70) ראה ד"ה כי נער ישראל שמח"ת תרס"ו (תשס"ז).
71) תהלים קמז, יט. וראה שמו"ר פ"ל, ט.
72) סכ"ו (קמד, ב ואילך).
73) נצבים ל, יב. ב"מ נט, ב.
73*) ראה גיטין ו, ב: מאי קאמר (קוב"ה) כו׳ אביתר בני כך הוא אומר יונתן בני כך הוא אומר.
74) ב"מ שם.
75) דניאל ב, כא.
76) ירושלמי תענית פ"ד ה"ה ובמפרשים שם. הוד"ה פורענות - שבת קטז, א. ועוד.
77) אבות פ"ה מ"כ.

רבי דעם נאמען פון בעל המאמר "יהודה בן תימא"?

[איפכא מסתברא (וואס ער ברענגט אויך די משנה צוזאמען מיטן נאמען פון בעל המאמר) איז דאס ניט קיין קושיא, ווארום דרכו איז צו ברענגען מאמרי רז"ל (און אפי' פוסקים) בשם אומרם, משא"כ בנוגע צום אלטן רבי'ן, איז אפי' ווען ער ברענגט אראפ א מאדז"ל (ובארוכה ע"ד ווי דאס שטייט אין סוד) - דערמאנט ער ניט דעם נאמען פון בעל המאמר].

איז ידוע דער ביאור בזה [78], אז דאס איז דערפאר וואס אלס הקדמה צו לימוד התורה (ל' הוראה - שהיא עניננו דשו"ע) דארף זיין דער ענין פון "יהודה בן תימא". והביאור בזה:

"יהודה" איז מלשון הודאה [79], ווארום דער נאמען "יהודה" איז ע"ש "הפעם אודה את הוי'" [80]. און אלס הקדמה צום שו"ע זאגט מען אז ס'דארף זיין דער ענין ההודאה והביטול [81].

[וואס אע"פ אז לימוד התורה דארף זיין בהבנה והשגה דוקא] ביז אז אין תושבע"פ מוז זיין דער ענין פון הבנה והשגה, און אן דעריף איז ער ניט יוצא י"ח מצות ת"ת [82], און דער ענין פון הבנה והשגה איז היפך הענין פון הודאה - קען ער דאך טענה'ן אז פריער דארף זיין דער ענין פון "נשמע", הבנה והשגה, און ערשט דערנאך וועט זיין דער ענין פון "נעשה",

אויף דעריף זאגט מען, אז דער יסוד פון גאנץ שו"ע איז "יהודה" - דער ענין פון הוראה וביטול, ד.ה. אז ס'דארף זיין הקדמת נעשה לנשמע.

עד הויבט אן מיט דעם ענין פון הודאה - און דערנאך, וויבאלד אז דער אויבערשטער וויל אז נאך דעם "נעשה" זאל זיין דער "נשמע", אז ס'זאל אויך זיין דער ענין פון הבנה והשגה אין תורה - הויבט ער אן לערנען תורה אין אן אופן פון הבנה והשגה, ביז אין אן אופן פון יגיעה.

יח. דאס איז אבער נאך אלץ ניט גענוג, ווארום דער ענין ההודאה איז דאך נאר בתחלת הלימוד, און דערנאך איז ער זיך עוסק אין לימוד התורה בהבנה והשגה - קען ער דאך טראכטן אז

- "כחי" -

---

78) ראה גם שיחת יו"ד כסלו תשל"ז סי"ח.
79) תו"א ד"פ ויחי.
80) ויצא כט, לה.
81) ראה שבת ל, ב.
82) ראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב סי"ג. וש"נ.

"כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה" [83], אז וויבאלד ער האט א גוטע קאפ און א גוטע הבנה והשגה, דערפאר קען ער זיך אוועקשטעלן אין אן אופן אז דער אויבערשטער זאגט אויף אים "נצחוני בני נצחוני",

אויף דעדויף קומט די באווארעניש אז ס'דארף זיין "בן תימא". והביאור בזה:

"בן תימא" איז (אויך) דער פירוש בזה אז ענינו (פון יהודא) איז "תימא". ע"ד ווי דער פירוש פון "בן חודין", אז ער שטייט אין אן אופן פון "חודין".

ובעניננו: דאס וואס ער לערנט תורה איז דאס מערניס ווי אין אן אופן פון "בן תימא" - ער זאגט נאך דעם אויבערשטן [84]. ע"ד ווי ס'שטייט "ופי (איז נאר) יגיד תהלתך" [85]. און ווי דער מגיד האט געזאגט צום ב"י (בעל השו"ע) "אני המשנה המדברת בפיך" [86].

ער מוז טאקע זאגן, ווארום לימוד התורה מוז זיין בדיבור דוקא, כמאדז"ל [87] עה"פ [88] "חיים הם למוצאיהם", "א"ת למוצאיהם, אלא למוציאיהם בפה" - ער דארף אבער וויסן אז דאס איז "בן תימא", דאס זאגט זיך ביי אים מצד דערויף וואס ער האט דעם "נפש השנית בישראל" וואס זי איז "חלק אלקה ממעל ממש" [89], במילא וויל ער מקיים זיין רצון הבורא, און וויבאלד אז רצון הבורא איז אז לימוד התורה זאל אראפקומען בהבנה והשגה, ביז צום שכל פון נה"ב, הארעוועט ער און לייגט אדיין זיין שכל אין תורה, און דעמולט האט ער די הבטחה אז ווען ס'וועט זיין "יגעתי", וועט זיין "מצאתי" [90].

וואס דאס איז די הקדמה כללית צום גאנצן שו"ע (דער ענין פון לימוד התורה) - אז ס'דארף זיין דער ענין פון "יהודה בן תימא", און דעמולט איז דער לימוד התורה כדבעי,

און דעמולט איז דער לימוד מביא לידי מעשה - קיום המצוות, וואס כדי אז קיום המצוות זאל זיין כדבעי, דארף ער שטיין אין א מעמד ומצב פון "עז כנמר כו'" ביז "גבור בארי".

- יט. -

------------

83) עקב ח, יז.
84) ראה תו"א יתרו סז, ב. ובכ"מ.
85) ראה סה"מ תרכ"ז ע' תלו ואילך. ובכ"מ.
86) מגיד משרים ד"פ ויקרא. ובכ"מ.
87) עירובין נד, א.
88) משלי ד, כב.
89) תניא רפ"ב.
90) מגילה ו, ב.

יט. אין דערויף איז דא נאך א דיוק:

לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען ברענגען א דוגמא פון א "נמר" (ועד"ז די איבעריקע דוגמאות, נשר, צבי און ארי. ובשו"ע הב"י - דארי), מ׳האט דאך געקענט זאגן אז מ׳דארף זיין אן "עז" - צוליב וואס דארף מען זאגן "הוי עז כנמר"?

נאכמער: דאס וואס מ׳דארף האבן דעם ענין העזות איז דאך נאר בנוגע צו ענינים פון עבודת ה׳ - "שלא להתבייש מפני בני אדם המלעיגים", און ווי דער אלטער רבי באווארנט[91] "שלא יקנה קנין בנפשו להיות עז פנים אפי׳ שלא במקום עבודתו ית׳" - האט דאך דאס לכאורה קיין שייכות ניט צו די עזות פון א "נמר", איז צוליב וואס דארף מען זאגן "הוי עז כנמר"?

[ובפרט אז ס׳קען גאר זיין אז דער מלמד האט קיינמאל ניט געזעהן קיין "נמר", במילא קען ער זיך ניט פארשטעלן די עזות פון א נמר. עאכו"כ אין אמאליקע שטעטלעך [וואס די משנה[92] זאגט דאך "הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה"], ווײַם איך ניט צי איין מלמד פון צען האט אמאל געזעהן א נמר בפועל.

ער האט געוואוסט אז א נמר איז א מזיק און האט חברבורות, דערפון וואס ישעי׳ הנביא זאגט[93], ואומר "ונמר חברבורותיו"[94], און אלע איבעריקע פרטים וועגן א "נמר", ווייסט ער ניט.

ואדרבה, דאס וואס ער ווייסט אז א "נמר" איז אן "עז" - ווייסט ער דאס דערפון וואס די משנה זאגט אים "הוי עז כנמר" (ווארום ווען א "נמר" וואלט ניט געווען קיין "עז", וואלט די משנה ניט געזאגט "עז כנמר")].

כ. והביאור בזה:

דאס וואס מ׳זאגט "הוי עז כנמר כו׳", איז בדוגמא צו דעם וואס די גמ׳[95] זאגט עה"פ[96] "מלפנו מבהמות הארץ ומעוף השמים יחכמנו", אז מ׳לערנט זיך געוויסע זאכן פון

- "בהמות -

------------

91) מהדו"ק ס"א ס"ג.
92) נדרים פא, א.
93) יא, ו.
94) ירמי׳ יג, כג.
95) עירובין ק, ב.
96) איוב לה, יא.

"בהמות הארץ" און "עוף השמים". און ווי די גמ׳ איז ממשיך: "אלמלא לא ניתנה תורה היינו למדין צניעות מחתול וגזל מנמלה. כו׳".

פייטשט אפ רש"י [97] : "שנתן בהם חכמה להורות לנו", אז דער אויבערשטער האט געגעבן חכמה צו די בהמות, כדי אז אידן זאלן זיך לערנען פון זיי.

וואס לכאו׳ איז דאך דאס א דבר פלא: אידן זיינען "בנים אתם לה׳ אלקיכם" [98], און צוליב אידן איז באשאפן געווארן די גאנצע וועלט, כולל אויך די אלע חיות ובהמות: נמר, חתול און נמלה וכו׳, זיינען זיי אלע באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית" [99];

און אעפ"כ זאגט מען, אז בשעת דער אויבערשטער וויל לערנען אידן אן ענין של חכמה, איז "מלפנו מבהמות הארץ": ער באשאפט א חתול און א נמלה וכו׳, און גיט אריין אין זיי חכמה, און אידן דארפן זיך לערנען פון זיי!

וואס דאס איז מתאים מיט תורת הבעש"ט הידועה [100] אז פון יעדער ענין וואס א איד זעט אין וועלט, דארף ער דערפון ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה׳.

און דאס איז אויך וואס מ׳זאגט "הוי עז כנמר" - אז מ׳זאל וויסן אז פון א "נמר" דארף מען אויך אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳.

בשעת ער גייט ארויס אין וועלט, און דערזעט א נמר מיט זיינע תכונות וכו׳ - קען ער לכאו׳ טראכטן ביי זיך: וואס קען מען אפלערנען דערפון אין עבודת ה׳?! פון א "נמר" דארף מען אנטלויפן, ווארום דאס איז א דבר המזיק [ובפרט לויט ווי די משנה [101] זאגט אז א "נמר" איז פון די חיות וואס האבן א דין בפ"ע], אבער וואס קען מען דערפון אפלערנען אין עבודת ה׳?!

זאגט רש"י [99] צו א בן חמש למקרא, אז ער זאל וויסן זיין אז "בראשית" איז "בשביל ישראל שנקראו ראשית", די גאנצע וועלט, שמים וארץ וכל צבאם, זיינען באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית" און "בשביל התורה שנקראת ראשית".

- וואס -

------------

97) עירובין שם ד"ה מבהמות.
98) ראה יד, א.
99) פירש"י ר"פ בראשית.
100) היום יום ע׳ נב. כש"ט הוספות אות קכז ואילך.
101) ב"ק טו, ב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון יעדער ענין וואס איז דא אין וועלט דארף מען אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳, ווארום דאס איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית ובשביל התורה שנקראת ראשית".

ד.ה. אז א איד דארף אפלערנען א הוראה פון ענייני העולם כפי הוראת התורה: בשעת ער דערזעט א "נמר", וואס א נמר איז דאך א מזיק וטורף - זאגט אים תורה אז ניט דאס דארף ער אפלערנען פון דעם נמר, ער דארף אפלערנען פון אים דעם ענין העזות, "הוי עז כנמר" אין ענינים פון עבודת ה׳.

און מ׳קען ניט פרעגן קיין קושיא: היתכן אז מ׳זאל זאגן א אידן אז ער דארף זיך אפלערנען פון א חי׳ וואס איז בטבעה א מזיק, און איז א חי׳ בלתי טהורה - אזוי ווי א "נמר", ועד"ז די איבעריקע זאכן וואס ער רעכנט אויס, נשר און ארי

[מ׳דערמאנט אויך "צבי", וואס צבי איז א חי׳ טהורה, ביז אז ווען מ׳שרייבט א ס"ת אויף עור פון א צבי, איז דאס א גאנצער יחוס וכו׳, ווי מ׳געפינט אין דעם ענין פון "גדולים מעשי חייא" [102], אז דאס איז געווען פארבונדן מיט פאנגען א צבי, און שרייבן אויף זיין עור חמשה חומשי תורה וכו׳ - אבער אלע איבעריקע זאכן וואס מ׳רעכנט אויס (ועד"ז וואס די גמרא זאגט "צניעות מחתול וגזל מנמלה"), זיינען בלתי טהורים],

איז היתכן אז מ׳זאל זאגן א אידן אז ער דארף זיך אפלערנען פון חיות טורפות און בלתי טהורות?!

ע"פ חסידות וואלט מען געקענט מבאר זיין אז דאס גופא וואס די חיות זיינען בלתי טהורות, באווייזט דאס אז זייער שורש איז גבוה ביותר, וואס דערפאר זיינען זיי אראפגעפאלן למטה ביותר [103]; אבער דא רעדט זיך דאך וועגן שו"ע, וואס דער שו"ע פסק׳נט אז א "נמר" איז א חי׳ טמאה, און אז מ׳זאגט "הוי עז כנמר", מיינט מען א "נמר" כפשוטו, אין עוה"ז, א חי׳ טמאה, וואס ער איז אן "עז" - איז לכאו׳, היתכן מ׳זאל זאגן א אידן ער זאל זיך אפלערנען פון א חי׳ טמאה?!

איז דאס מלכתחלה קיין קושיא ניט, ווארום כאמור לעיל אז יעדער זאך וואס איז באשאפן געווארן אין וועלט, איז תכליתה כדי אז א איד זאל זיך אפלערנען דערפון אין עבודת

- ה׳ -

------------

102) ב"מ פה, ב.
103) ראה לקו"ת אמור לד, ג. ובכ"מ.

ה׳, ובמילא איז ניט שייך צו זאגן אז פון דעם ענין וויל ער אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳, און פון א צווייטן ענין וויל ער ניט אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳ (וויבאלד אז דאס איז א חי׳ בלתי טהורה), ווארום פון יעדער ענין וואס איז דא אין וועלט, דארף א איד אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳, כמארז"ל [104] "חייב אדם לומר בשבילי נברא העולם", כולל הפי׳ [105] - כדי ער זאל דערפון אפלערנען א הוראה אין עבודת ה׳.

כא. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

די גמ׳ [106] זאגט: "ג׳ עזין הם, ישראל באומות כו׳". וואס דא רעדט זיך וועגן דעם ענין העזות כפשוטו, ניט וועגן דעם ענין העזות אין עבודת ה׳, ווארום דער ענין העזות אין עבודת ה׳ איז ניט שייך ביי אוה"ע [ביי זיי איז שייך נאר די שבע מצוות בני נח], איז וויבאלד אז מ׳זאגט אז ישראל זיינען עזין שבאומות - מוז מען זאגן אז ס׳רעדט זיך וועגן דעם ענין העזות כפשוטו.

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז א איד מוז אויסנוצן דעם ענין העזות (וואס ער האט בטבעו) אין עבודת ה׳, ווארום אויב ער וועט דאס ניט אויסנוצן אין עבודת ה׳, וועט דער ענין העזות שבטבעו [דאס וואס ישראל זיינען עזין שבאומות] ארויסשפארן אין א כיוון בלתי רצוי.

וכידוע וואס די גמ׳ [107] זאגט: "האי מאן דבמאדים (דער וואס איז געבארן געווארן אין מזל "מאדים") יהי גבר אשיד דמא כו׳ אי גנבא ("לסטים ההורג נפשות" (פירש"י)) אי טבחא אי מוהלא".

ד.ה. אז וויבאלד ער איז געבארן געווארן אין מזל "מאדים", וואס דאס איז פארבונדן מיט "דם" - האט ער די ברירה צו זיין א שוחט (ע"פ שו"ע), וואס דאס איז דאך אן עבודה הכי נעלית, ווארום "אין ושחט אלא ומשך" [108] - דורך דערויף איז ער מושך ומעלה די בהמה וכו׳; און אויב ניט, קען ער ווערן פונקט דער היפך דערפון - א שופך דמים רח"ל (ווארום ער האט בטבעו דעם ענין פון "דם" כו׳, איז אויב ער נוצט דאס ניט אוים אין קדושה, שפארט דאס ארויס אין דעם צד ההפכי).

- ועד"ז -

------------

104) סנהדרין לז, סע"א.
105) ראה הקדמת הרמב"ם לפיהמ"ש ד"ה דע.
106) ביצה כה, ב.
107) שבת קנו, א.
108) חולין ל, ב.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין העזות - אז
וויבאלד ישראל זיינען עזין שבאומות, מוז ער אויסנוצן דעם
ענין העזות אין קדושה, ווארום אויב ער וועט דאס ניט
אויסנוצן אין קדושה, וועט דאס ארויסשפארן אין דעם צד ההפכי.

כב. די הוראה דערפון בנוגע לימינו אלו:

ס'זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן, אז וויבאלד "מי
יקום יעקב כי קטן הוא"[66], דארף מען זיין אראפגעפאלן פאר
יעדער גוי, און מ'טאר ניט זאגן פארקערט פון דעם גוי,
וויל דער גוי האט די "ידים ידי עשו"[109].

באווארענט מען גלייך בתחלת השו"ע "הוי עז כנמר", אז
בשעת ס'רעדט זיך וועגן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט
עבודת ה', דארף ער זיין "עז כנמר" און ניט נתפעל ווערן
פאר קיינעם.

בשעת ער טרעפט זיך מיט א גוי מסוים, דארף ער אים
טאקע אפגעבן דעם כבוד וואס אים קומט, ווארום ס'דארף זיין
"ודרשו את שלום העיר גו' כי בשלומה יהי' לכם שלום"[110],
אבער ווען דער גוי וויל אנרירן אין אן ענין וואס איז
פארבונדן מיט הגנה אויף אידן (ועאכו"כ אויף א קיבוץ פון
א סאך אידן) - דארף ער זיך אוועקשטעלן מיטן תוקף המתאים,
"הוי עז <u>כנמר</u>".

און דאס איז דער ביאור אז התחלת השו"ע (פון דעם אלטן
רבי'ן - וואס ער שרייבט אויך טעמי ההלכות (משא"כ דער ב"י,
וואס אין דעם שו"ע האט ער געשריבן נאר די הלכות אן די
טעמים, דערפאר וואס ער האט זיך פארלאזט אויף זיין חיבור
אויפן טור)) הויבט זיך אן מיט "יהודה בן תימא", און
דערנאך זאגט מען "הוי עז כנמר":

בשעת ביי אים איז דא דער ענין פון "יהודה", "אודה את
ה'", ער גייט טאן א זאך דערפאר וואס ער איז מודה און וויל
מקיים זיין דעם אויבערשטנ'ס רצון, דעמולט שטייט ער אין אן
אופן פון "עז כנמר", און ווערט פאר קיינעם ניט נתפעל, אים
איז קיין נפק"מ ניט וואס די וועלט וועט זאגן אויף דערויף,
ווארום ער גייט מקיים זיין דעם אויבערשטנ'ס רצון.

און אז מ'פרעגט ביי אים: היתכן, דו ווייסט דאך אז
"מי יקום יעקב כי קטן הוא", איז וואס פארטשעפעסטו זיך מיט
דער וועלט? - זאגט ער, אז דער שו"ע הייסט מ'זאל זיין "עז

- כנמר"; -

------------

109) תולדות כז, כב.
110) ירמי' כט, ז.

כנמר"; אין וועלט איז דא א נמר, און ער האט די תכונה פון עזות, און צוליב וואס איז באשאפן געווארן דער נמר מיט זיין תכונת העזות - כדי אז א איד זאל זיך פון אים אפלערנען, אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן אן ענין פון תורה ומצוותי', דארף ער פאר קיינעם ניט נתפעל ווערן, "עז כנמר".

און מ'איז נאך מדגיש "עז כנמר" - דאס וואס א נמר געפינט זיך אין וועלט און האט זיין טרף, און ער האט א קיום פון ששת ימי בראשית ביז ימים אלו - איז דאס נאר דורך דערויף וואס ער האט אין זיך דעם ענין העזות.

נאר ביי א אידן באווארענט מען אז דער ענין העזות דארף ביי אים זיין מערניט ווי בנוגע צו ענינים פון עבודת ה', ד.ה. אז מ'מאנט ביי אים א דבר והיפוכו: דער ענין פון עזות טאר ניט ווערן קיין "קנין בנפשו להיות עז פנים אפילו שלא במקום עבודתו ית'", ולאידך, ווען ס'קומט צו אן ענין פון עבודת ה', זאגט מען אים אז "לה' הארץ ומלואה" [111], במילא ווערט ער (דורך תורת ה') א מלך בעולם, "מאן מלכי רבנן" [112].

און די טענה פון וועלט אז וויבאלד מ'געפינט זיך אין גלות, איז ווי שייך ס'זאל זיין אן ענין של חוצפה ועזות - ענטפערט ער, אז ס'איז דא א דוגמא פון וועלט: א נמר האט דעם ענין העזות, און דורך דעם וואס ער שטעלט זיך אוועק מיט עזות, פירט ער אויס זיינס. און די גאנצע מציאות פון דעם נמר איז (בשביל ישראל) מערניט כדי אז א איד זאל זיך פון אים אפלערנען אז ווען ס'קומט צו ענינים פון עבודת ה', דארף ער פאר קיינעם ניט נתפעל ווערן.

בשעת ס'קומט צו אן ענין פון תורה ומצוותי' - איז וואס הייסט ער זאל נתפעל ווערן פאר א גוי! עאכו"כ ניט נתפעל ווערן פאר א אידן - ווארום יעדער איד האט דאך די נפש השניה בישראל, במילא וויל ער אליין אז מ'זאל אים ניט פאלגן [משא"כ א גוי, וואס ער ווייסט ניט וואס עס טוט זיך, מערניט מצד "מזלייהו חזו" [113]].

וואס דאס ("הוי עז כנמר") איז ניט קיין ענין וואס שטייט אין א ספר מוסר [וואס אויף א ספר מוסר קען מען זיך אויך פארלאזן], אדער אין א ספר חסידות [וואס אויף א ספר חסידות קען מען זיך זיכער פארלאזן] - נאר דאס שטייט אין שו"ע.

- אנהויבנדיק -

------------

111) תהלים כד, א.
112) ראה גיטין סב, א. זח"ג רנג, ב.
113) תניא פכ"ד - ע"פ מגילה ג, א. וש"נ.

אנהויבנדיק פון דער משנה [77], וואס "הטועה בדבר משנה חוזר" [114], ווארום ס'איז ניט שייך זאגן באופן אחר, און דאס ברענגט זיך אראפ אין שו"ע אלס פס"ד - וואס דערפון איז מובן אז די הנהגה מוז זיין באופן האמור, אז ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט עבודת ה', דארף ער שטיין בתוקף המתאים, "הוי עז כנמר".

און דוקא בשעת ער שטייט מיט א תוקף, פירט ער אויס און פועל'ט ביים גוי דאס וואס ער וויל פועל'ן, ביז אז ס'ווערט "ורב יעבוד צעיר" [115].

כג. האמור לעיל (אז ווען מ'שטייט מיט א תוקף, דעמולט פועל'ט מען אויפן גוי) זעט מען אויך פון די מאורעות וואס האבן געטראפן לאחרונה אין ארץ הקודש - אז ס'איז געקומען פלוני בן פלוני פון מצרים, און האט מציע געווען די הצעה פון שלום:

דאס וואס ער איז געקומען מיט דער הצעה פון שלום - איז בפשטות געווען דערפאר וואס ער האט דערזעהן אז מ'האט אנגעהויבן רעדן מיט א תוקף, און ניט נתפעל ווערן פאר גויים,

ובפרט אז ער האט דערהערט אז ס'האט זיך אנגעהויבן הערן בתוקף שם ה' אין אה"ק אז ס'זיינען דא אזוינע וואס שרייען אז "בשם אלקינו נדגול" [116], און "בשם ה' אלקינו נזכיר" [117] - וואס דאס האט גע'פועל'ט אויף אים דערפאר וואס "מזלייהו חזו",

[און דערפאר האט מען אויך געזעהן אז התחלת והמשך דבריו זיינען געווען פארבונדן מיט אן ענין של אמונה -

וואס דער רמב"ם [118] פסק'נט אז אמונת הישמעאלים איז ניט קיין ע"ז (ניט ווי אמונת הנוצרים וואס איז ע"ז [119] - כמבואר אין די ערשטע אין רמב"ם וואס דער צענזאר האט ניט ארויסגעווארפן, אדער אין די דפוסים וואס מ'האט אפגעדרוקט אן א צענזורע פון אוה"ע)],

און ער האט געוואוסט אז ס'זיינען דא אידן וואס שטייען על הגבולות, און זיי קענען מאכן פון אים

- אש-און-פארעך -

------------

114) כתובות פד, ב.
115) תולדות כה, כג.
116) תהלים כ, ו.
117) שם, ח.
118) רמב"ם הל' מא"ס פי"א ה"ז. תשובות הרמב"ם (ירושלים תש"ך) סהמ"ח.
119) רמב"ם הל' ע"ז פ"ט ה"ד. פיה"מ (הוצאת קאפאח) לע"ז פ"א מ"ג.

אש-און-פארעך [ווי מ'האט דאס שוין געזעהן בעבר, און ווען מ'וואלט זיי ניט מונע געווען, וואלט מען שוין לאנג פטור געווארן פון אלע לחצים ואיומים והפחדות], און מ'האט "רכב" און "סוסים", און ער האט חוקר ודורש געווען און האט געזעהן אז כחם רב בפשטות -

האט דאס גע'פועל'ט אויף אים א פחר, און ער האט מחליט געווען אז ע"פ החשבון לוינט ניט פארפירן זיך מיט מלחמות און דערפאר איז ער געקומען מיט דער הצעה פון שלום.

[כל זמן אז ס'זיינען געווען די פריערדיקע, וואס זיי האבן ניט דערמאנט שם ה', און זיינען געווען אראפגעפאלן ביי זיך פאר א גוי, און אפי' ווען מ'האט גערעדט מיט א תוקף, האט מען אבער גלייך געשיקט א שליח מאחורי הפרגוד, און מודיע געווען אז דאס איז מערנים ווי דיבור בעלמא, אבער בפועל וועט מען פאלגן און אלץ אומקערן, אבי זיי זאלן זאגן "אחי הוא" (כמסופר אין תנ"ך[120] בנוגע צו אחאב און מלך ארם) - ואין להאריך אין אן ענין וואס איז ניט בשבחם של ישראל - איז דער פחר ניט געווען אויף אזוי פיל אז דאס זאל פועל'ן ביי אים מאכן דעם צעד ראשון;

אבער בשעת מ'האט אנגעהויבן רעדן מיט א תוקף, און באווייזן אז מ'ווערט ניט נתפעל פאר א גוי, און מ'האט אנגעהויבן דערמאנען שם ה'

[דורך א אידן וואס (כו"כ קענען אים באופן אישי, ואני הקטן בתוכם, און מ'ווייסט אז ער) איז א מאמין באמת (ניט צוליב דעם ביינקל אדער כבוד וכיו"ב, נאר) באמונה פשוטה, און ער האט אין זיך דעם תוקף אז ער ווערט ניט נתפעל פאר א גוי

(נאר אין זיין חבורה זיצן, לידער, אזוינע וואס (האבן סמיכה אויף רבנות וכו', מיט אלע מעלות וואס זיי האבן, אבער זיי) זיינען ביי זיך אראפגעפאלן פאר א גוי, און מ'בארימט זיך אז אזוי איז געווען זיין חינוך - לויט ווי גויים האבן געוואלט)] -

האט דאס גע'פועל'ט אויף אים א פחד, ביז אז ער האט געמאכט דעם צעד ראשון, און איז געקומען מיט דער הצעה פון שלום (וואס ווי דער המשך זאל זיין, איז שוין געווארן א שנוי לטובה)].

וואס דערפון זעט מען אז דוקא ווען מ'שטעלט זיך מיט א תוקף, און מ'ווערט ניט נתפעל פון דעם גוי - דוקא דורך דעם קען מען פועל'ן אז דער גוי זאל זיך דערשרעקן, ביז אז ס'ווערט "ורב יעבור צעיר".

- און -

------------

120) מ"א כ, לב.

און ניט ווי די וואס טענה'ן אז מ'טאר ניט האבן קיין נשק, און מ'טאר ניט רעדן מיט א תוקף, ווייל "אל תתגרה בגוי קטן" [121] – ווארום דאס איז ניט קיין ענין של התגרות, ס'רעדט זיך וועגן ארץ ישראל לגבולותי', און וועגן הגנה אויף כו"כ פעמים ס"ר מבנ"י וואס געפינען זיך אין אה"ק, וואס דערפאר דארף מען שטיין בתוקף המתאים.

כד. מובן בפשטות, אז דאס וואס מ'דארף האבן נשק און מ'דארף שטיין בתוקף וכו', האט ניט קיין שייכות כלל מיט אתחלתא דגאולה – כמדובר כמ"פ [122] אז ס'איז נאך פאר אתחלתא דגאולה, ואדרבה, ס'איז א חושך כפול ומכופל,

ביז אז מ'האט אריינגעשלעפט אין א"י דעם ענין פון חו"ל, דעם רגש הגלות, אויף נתפעל ווערן פון א גוי, און נאכלויפן אים, אפשר וועט ער מסכים זיין אז מ'זאל שרייבן אויף אים אז ער איז א "יהודי"!

ס'קומט איינער און זאגט אז ער איז דער בא-כח פון פרומע אידן, און ער דרוקט און "שטעלט אוועק" א מנורה פון שבעה קנים [123], און שרייבט אן א פאפיר מיט אותיות מרובעות אז יעדער גוי איז א "יהודי" [ניט קיין ישראלי, נאר א "יהודי" – "מודה בכל התורה כולה" [124]], און שרייט אז ער וועט אליין חתמ'נן אויף דערויף אע"פ אז דאס איז היפך ההלכה! – ס'איז ניטא קיין גרעסערער ענין של גלות דערפון! ובפרט אז מ'טוט דאס אין א"י, "פלטרין של מלך"!

וואס דערפון איז ארויסגעקומען היפך קידוש ה' אין דעם ערגסטן אופן – כידוע די השתלשלות הענינים ווי ס'איז געווארן דער תוק האומלל פון "מיהו יהודי", אז פריער איז געווען אנגעשריבן אז מ'זאל אנערקענען מעדניט ווי גיור כהלכה, דערנאך האט מען געמאכט דערפון א טומל: היתכן אז מ'זאל ניט אנערקענען א גיור וואס איז שלא כהלכה?

האט מען געפרעגט וואס זאגט דער מוסלמענער וואס זיצט דארטן, און וואס זאגט דער קאמוניסט וואס זיצט דארטן, און וואס זאגן די אידן וואס געפינען זיך אין א גלות הכי שפל, וואס זיינען בטל פארן גוי בנפשם ובחיצוניותם ובהנהגתם –

- איז -

---

121) ראה פסחים קיג, א.

122) לקו"ש ח"ה ע' 149 הע' 51.

123) שענינה – כמש"נ (זכרי' ד, ב) מנורת זהב כולה – אומתנו (שאינה אומה אלא בתורתנו – רס"ג אמונות ודעות מאמר שלישי פ"ז), בנ"י הנחלקים לשבעה סוגים (ראה בארוכה לקו"ת ר"פ בהעלותך).

124) מגילה יג, א. קידושין מ, א.

איז געווען אזא חושך בעולם רח"ל, אז ס'איז געווען רוב קולות (צוזאמען מיטן מוסלמענער און דעם קאמוניסט) וואס האבן געזאגט אז מ'זאל ארויסווארפן, ר"ל, דעם ווארט "כהלכה" (כדי אז מ'זאל קענען אנערקענען א גיור שלא כהלכה)! וואס דאס איז דאך דער גרעסטער חילול ה' וואס קען זיין!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז ס'זיינען דא כו"כ ענינים הדורשים תיקון, איז אבער דער ענין פון "מיהו יהודי" די ערגסטע זאך:

בנוגע צו שאר הענינים, זאגט מען (בדיבור עכ"פ) אז מ'טוט דאס ניט דערפאר וואס מ'וויל זיך פארטשעפען מיט תורת ה', נאר מ'טוט דאס דערפאר וואס דערפון קומט ארויס א תועלת וכו',

ע"ד ווי דער ענין פון "ניתוחי מתים" - אז מ'זאגט אז מ'טוט דאס צוליב עניני רפואה, "היתר עבודה בשבת" - זאגט מען אז דאס איז אן ענין של סכנה פאר דעם גאנצן שטח, לארץ ולדרים עלי' וכו', מ'בארימט זיך אבער ניט אז מ'טוט דאס דערפאר וואס דאס איז היפך ההלכה;

די איינציקע זאך וואס מ'האט מכריז געווען בגלוי אז מ'טוט דאס דערפאר וואס דאס איז היפך ההלכה - איז דאס דער חוק האומלל פון "מיהו יהודי"!

ובמילא איז מובן אז בשעת מ'הויבט זיך אן דינגען וועלכער ענין איז קודם, און וואס איז אן עיקר וכו' - איז ניט שייך צו דינגען זיך וועגן דעם, ווארום אלע איבעריקע ענינים זיינען אינגאנצן ניט אין דעם סוג פון "מיהו יהודי", ווארום דער ענין פון "מיהו יהודי" איז פארבונדן מיט היפך קידוש ה' ובאופן הכי גרוע, ווארום מ'איז מכריז בגלוי אז מ'טוט דאס דערפאר וואס דאס איז היפך ההלכה (משא"כ בנוגע לשאר הענינים, כנ"ל).

נאר ס'זיינען דא אזוינע וואס זיינען משוחד רח"ל פון כבוד (א ביינקל וכו'), אדער דערפון וואס מ'באקומט געלט פאר א ישיבה וכיו"ב, במילא זוכט מען בארואיקן זיך אליין מיט טענות - ס'איז נאך ניט געקומען די צייט, דער תירוץ, יענער תירוץ, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

און דא זעט מען אז וויבאלד מ'פארלירט דעם ענין העזות אין עבודת ה' - שפארט דאס ארויס אין אן אנדער ענין - אז מ'שטעלט זיך מיט עזות קעגן (גיור דוקא) הלכה.

זעט מען דאך אז ס'איז נאך פאר אתחלתא דגאולה, ואדרבה, ס'איז גאר א חושך כפול ומכופל -

דאס האט אבער ניט קיין שייכות להמדובר לעיל, אז אידן דארפן האבן נשק, און מ'דארף זיך אוועקשטעלן קעגן א גוי

- בהוקף -

בתוקף המתאים - ווארום דאס איז נוגע צו פקו"נ פון כו"כ מבנ"י, וואס אפי' נפש אחת מישראל איז אויך אן "עולם מלא"[104], עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן כו"כ פעמים ס"ר מבנ"י כן ירבו.

כה. און ווי דער פס"ד ברור אין שו"ע[125], אז "נכרים שצרו על עיירות ישראל", איז אויב דאס איז אן "עיר הסמוכה לספר", איז "אפילו אינם רוצים לבוא אלא על עסקי תבן וקש", און אפי' אז זיי זיינען נאך ניט געקומען, נאר "ממשמשים לבוא" - איז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת", "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: מ'וויל דאך מציל זיין אידן פון גויים, און וויבאלד אז "אתם המעט מכל העמים", דארף מען דאך האבן דעם סיוע פון דעם אויבערשטן - איז פארוואס דארף מען נעמען כלי נשק און מחלל שבת זיין - מ'דארף זאגן תהלים, לערנען תורה, אבער ניט ארויסגיין בשבת מיט כלי זיין?!

פסק'נט אפ דער שו"ע אז דער אויבערשטער וויל אז אין <u>אזא פאל</u> זאל זיין "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת", ווארום דער אויבערשטער וויל אז מ'זאל <u>בנדו"ד</u> מאכן א לבוש אין דרך הטבע.

מ'דארף זאגן תהלים, און לערנען תורה, און <u>קאכן זיך</u> אין "הקול קול יעקב", און וויסן אז דער אויבערשטער פירט אן מיט די גאנצע וועלט; אבער דערנאך האט ער א ציווי ער זאל נעמען כלי זיין, און אוועקשטעלן זיך על הגבול, ווארום דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון אידן.

וואס דאס איז דאך א פס"ד אין שו"ע, און דאס האט <u>קיין שייכות ניט</u> מיט אתחלתא דגאולה וכו' - דער זעלבער דין איז ווען ס'רעדט זיך וועגן א עיר וואס געפינט זיך אין חו"ל, און בזמן הגלות.

וכאמור אז דאס איז א פס"ד אין שו"ע - וואס דער שו"ע האט דאך געוואוסט אז ס'שטייט "הקול קול יעקב והידים ידי עשו", ובפרט אז דער ב"י איז געווען א למדן און האט געלערנט תורה בהתמדה ושקידה שלא בערך ת"ח פון איצט, והראי', אז ספרו איז נתקבל געווארן בכל תפוצות ישראל,

ביז אז דער אורים ותומים (אין זיינע הגהות אויף "תקפו כהן"[126]) שרייבט אויף אים א דבר נפלא:

- ער -

---

125) או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם.
126) סקכ"ג-ד (מח, ד). וראה שו"ת הצ"צ חיו"ד סקע"ו ח"ג.

ער ברענגט דארטן אז מ׳קען זיך ניט קריגן אויף אן ענין וואס שטייט אין שו"ע, און ער איז מוסיף אז דאס איז אפי׳ בנוגע צו א דיוק וואס מ׳איז מדייק אין דעם לשון פון שו"ע.

וואס אע"פ אז ס׳קען גאר זיין אז דער ב"י האט ניט מכוון געווען באווארענען דעם דיוק, און ס׳קען גאר ניט זיין ער זאל מכוון זיין אלע דיוקים, ווארום ס׳איז ניט בגדר פון א בשר ודם באווארענען אלע דיוקים וואס מ׳האט מפלפל געווען און מחדש געווען אין די אלע דורות שלאחריו -

זאגט אבער דער אורים ותומים (וואס ער איז דאך געווען א פוסק), אז וויבאלד אז "רוח ה׳ דבר בס", האט דער אויבערשטער ארייגעגעבן אין אים ער זאל שרייבן דעם לשון דוקא, וואס דערפון וועט מען שפעטער מדייק זיין די ענינים וואס אים איז גאר ניט איינגעפאלן (בשכל הגלוי) צו באווארענען, און על יסוד זה דארף מען פסק׳נן דעם פס"ד,

און אעפ"כ פסק׳נט אפ דער שו"ע, אז אין אזא פאל איז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת", ווייל דער אויבערשטער וויל אז מ׳זאל מאכן בנדו"ז א לבוש אין דרך הטבע.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ׳דארף זיך אוועקשטעלן בתוקף המתאים, און ניט נתפעל ווערן פאר א גוי - ווארום דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו פקו"נ פון כו"כ מבנ"י.

כו. ומובן בפשטות, אז קיינער קען ניט זאגן אז דאס האט ניט קיין שייכות צו אים, דערפאר וואס מ׳האט ביי אים ניט געפרעגט דעם דין - ווארום דאס איז אן ענין וואס איז נוגע צו דריי מליון אידן כן ירבו!

ער דארף ניט פסק׳נן קיין דין, ער דארף נאר זאגן אז ס׳איז דא א פס"ד ברור אין שו"ע וז"ל כו׳,

איינער האט זיך אויסגעדריקט אז דאס איז א "דעת יחיד" - מ׳איז טאקע א "דעת יחיד" - פון דעם "בית יוסף", וואס ער איז געווען א יחיד בדורו, און ער האט אפגעדרוקט דעם שו"ע, און ס׳איז נתקבל געווארן בכל תפוצות ישראל, אויף אלע דורות, ביז ביאת משיח צדקנו,

און דער פס"ד איז אז מ׳דארף האבן כלי נשק, און דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט עבודת ה׳, פונקט אזוי ווי מ׳דארף לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, עאכו"כ אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ!

מ׳געפינט זיך טאקע אין גלות, און ס׳איז דא דער ענין

- פון -

פון "אל תתגרה בגוי קטן", עאכו"כ "בגוי גדול", און ס'איז דא דער ענין פון "שלא יעלו ישראל בחומה" [127] - איז דאס אבער דוקא ווען ס'איז ניטא קיין פס"ד ברור אין שו"ע להיפך, און אין דעם פאל איז דא א פס"ד ברור אין שו"ע אז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת".

און בשעת אז איינער וועט פרעגן א שאלה, צי מ'מעג נעמען נשק בשבת כדי צו מציל זיין א אידן - איז אויב מ'וועט אים ענטפערן אז וויבאלד אז ס'איז קדוש היום לאדוננו (ס'איז שבת קודש), במילא דארף ער זיצן און לערנען תורה א גאנצן טאג, און ער טאר ניט נעמען נשק און מציל זיין דעם אידן

[און ער טענה'ט, אז ס'שטייט אין הל' ת"ת אז יעדער איז איז מחוייב צו זיצן און לערנען תורה, אפי' זקן און בעל יסורים, ועאכו"כ ביום השבת, ועאכו"כ ווען ס'איז א זמן של סכנה כפשוטה, דארף מען זיך זיכער פארבינדן מיט תורה, וכמשל הידוע פון ר"ע וועגן די "דגים שבים" [128]] -

דארף ער וויסן זיין אז ער טוט היפך פון א פס"ד ברור אין שו"ע, אז "נכרים שצרו על עיירות ישראל", איז אויב דאס איז אן "עיר הסמוכה לספר", איז "אפילו אינם רוצים לבוא אלא על עסקי תבן וקש", און אפי' אז זיי זיינען נאר "ממשמשים לבוא", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת".

בשעת ס'איז דא א גזירה אויף דעם ענין פון לימוד התורה - דארף מען ערשט לערנען תורה (כנ"ל - דברי רע"ק); אבער בשעת אז די "גזירה" איז "על עסקי תבן וקש" - זאגט תורה אז אפי' ווען מ'געפינט זיך אין חו"ל און אין גלות, דארף מען נעמען נשק (און וויסן ווי אזוי מ'נוצט זיך דערמיט), און ארויסגיין ממקומו כו', ווארום ס'איז אן ענין וואס איז נוגע צו פקו"נ.

כז. אזוי ווי ס'זיינען אבער דא אזוינע וואס האלטן אז מ'טאר ניט רעדן מיט א גוי מיט א תוקף, ווארום מ'דארף ניט איינ'רוגז'ן דעם גוי - האט דער אויבערשטער באוויזן אין די דריי מלחמות, אין אלע דריי האט מען געזעהן וואס עס קומט ארויס פון דער הנהגה וואס מ'איז ביי זיך אראפגעפאלן פארן גוי, און מ'וויל זיך ניט פירן לויט ווי ס'שטייט אין שו"ע:

אנשי הצבא האבן געזאגט אז אויב מ'וועט אפגעבן דעם

- און -

------------

127) כתובות קיא, א.
128) ע"ז ג, ב.

און דעם שטח, וועט דאס קאסטן קרבנות רח"ל, זיינען געקומען די מדינאים און האבן געזאגט, אז מצד פאליטיקע טאר מען זיך ניט שטעלן קעגן דעם גוי, און מ'דארף אים פאלגן - און דערנאך האט דאס אפגעקאסט צענדליקער און הונדערטער קרבנות רח"ל!

ביז ווי ס'איז געווען אין דער מלחמה האחרונה, אז מ'האט מודיע געווען אין וואשינגטאן [וויסנדיק אז מ'וועט דאס גלייך מודיע זיין בכל קצווי חבל] אז מ'וועט ניט אנהויבן קיין מלחמה, און נאכמער: מ'וועט אפי' ניט מאכן קיין גיוס כדבעי, און מ'האט טאקע געטאן אזוי [דא! נוצט מען "נצח ישראל לא ישקר" [129]], מ'האט זיך ניט געגרייט כדבעי - און דערנאך האט דאס אפגעקאסט הונדערטער קרבנות רח"ל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דוקא ווען מ'וועדט ניט נתפעל פאר דעם גוי, נאר מ'שטעלט זיך אוועק מיטן תוקף המתאים, דעמולט איז מען מצלית.

און ווי מ'זעט בפועל, אז בשעת מ'האט זיך געשטעלט מיט א תוקף, האט דער אדון הגדול געזאגט, אז ער איז ניט גורס קיין ממשלה פון לעו"ז. - לכתחלה האט מען גערעכנט אז דאס קען גאר ניט זיין, ווארום ער האט אליין געזאגט אז אי אפשר בלא"ה, און אעפ"כ, בשעת מ'האט זיך געשטעלט מיט א תוקף, האט דאס גע'פועל'ט אויף אים ער זאל זאגן אז ער וויל ניט אז ס'זאל זיין א ממשלה פון לעו"ז.

ועד"ז זעט מען פון דעם מאורע וואס איז געווען לאחרונה אין א"י - אז מצד דערויף וואס ער האט דערהערט אז אידן שטייען מיט א תוקף, האט דאס גע'פועל'ט אויף אים ער זאל קומען און בעטן זיך ביי אידן אז מ'זאל מאכן שלום [וואס דאס גופא וואס ער איז געקומען בעטן, באווייזט אויף אן עניין פון "רב יעבוד צעיר"], כנ"ל (סכ"ג) בארוכה.

[ולאחרי כ"ז זיינען נאך דא אזוינע אידן וואס זיינען רח"ל אזוי פיל פארבלענדעט, אז זיי שרייען אז מ'טאר זיך ניט טשעפען מיט א גוי, און מ'טאר ניט זאגן קיין הויכן ווארט, נאר מ'דארף אים נאכלויפן און זאגן אים אז מ'איז תומך בו - וויסנדיק אז דאס איז אן עניין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק].

און ניט ווי די וואס טענה'ן אז אויב מ'וועט זיך אוועקשטעלן קעגן דעם גוי מיט א תוקף וכו', וועט דאס קאליע מאכן - נאר אדרבה, דוקא דורך דעם וואס מ'שטעלט זיך מיט א תוקף, פועל'ט מען אויפן גוי.

- וואס -

------------

129) שמואל א טו, כט.

וואס דערפאר דארף מען זיך פירן מכאן ולהבא אין אן אופן אז מ׳זאל ניט נתפעל ווערן פאר א גוי, און זיך אוועקשטעלן מיטן תוקף המתאים, וואס דאס גופא ועט פועל׳ן אויפן גוי.

כח. און ווי מ׳זעט דאס אויך פון דער הנהגה פון דעם אלטן רבי׳ן (בעל ההילולא):

איינע פון די הויפט טענות וואס זיינען געווען אויפן אלטן רבי׳ן, וואס דערפאר איז געווען דער מאסר - איז געווען פון דעם וואס ער שיקט געלט אין א"י.

ווארום אזוי ווי דעמולט איז געווען די מלחמה צווישן רוסלאנד מיט טערקאיי, און דער אלטער רבי האט דאך געשיקט געלט אין אה"ק פאר די כוללים וואס זיינען דארטן געווען - האט מען מעליל געווען אויף אים אז ער שיקט די געלט צו די טערקן כדי זיי זאלן קענען מלחמה האבן מיט די רוסישע מלוכה[130].

איז לכאו׳, נאך דערויף וואס ער איז באפרייט געווארן, האט ער געדארפט מכאן ולהבא עכ"פ ניט מאכן קיין שטורעס וועגן שיקן געלט אין די כוללים פון א"י, ווייל ער איז אט ערשט ארויס פון דער סכנה פון היפך החיים [ביז אז ס׳איז געווען אן ענין של נס גדול, ווי דער אלטער רבי שרייבט במכתבו[131] אז ס׳איז געווען "הפליא ה׳ והגדיל לעשות בארץ"], וואס די סכנה איז געווען כנ"ל דערפאר וואס ער האט געשיקט געלט אין אה"ק.

זעט מען אבער אז גלייך ווי ער איז באפרייט געווארן, האט ער ממשיך געווען שיקן געלט אין די כוללים אין אה"ק, ואדרבה, ער האט געשריבן במכתבו[132] אז די צדקה פון א"י (דאס וואס ער האט געשיקט געלט די כוללים אין א"י (וואס מ׳האט דאס אויסגעטייטשט אז ער שיקט די געלט אין טערקאיי)), איז "היא שעמדה לנו לפדות חיי נפשנו כו׳" - דאס גופא האט אים מציל געווען פון דעם מאסר, און ס׳איז געווארן די גאולה, צוזאמען מיטן ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס׳קומט צוגייך א איד און זאגט, אז מ׳טאר זיך ניט שטעלן קעגן א גוי, אפי׳ אז דער גוי וויל אז מ׳זאל אפגעבן דעם "כותל המערבי"

[ס׳איז ניט קיין באהאלטענער ענין - מ׳האט געזאגט בפירוש אז מ׳וויל אפגעבן ירושלים העתיקה. און דאס וואס

- מ׳האט -

------------

130) ספר התולדות אדה"ז ע׳ קצד.
131) נדפס בבית רבי ח"א פי"ח.
132) אגה"ק סו"ס ד׳.

מ'האט אויפגעהערט רעדן וועגן דערויף, איז דאס מצד די אידן וואס האבן זיך ניט דערשראקן פאר דעם גוי],

ווארום אויב מ'וועט זיך שטעלן קעגן דעם גוי, וועט דאס קאליע מאכן - דארף מען וויסן זיין אז ס'איז פונקט להיפך: דוקא דורך דעם וואס מ'שטעלט זיך מיטן תוקף המתאים, פועל'ט מען אויפן גוי, און מ'פירט אויס וואס מ'וויל, ביז אז ס'וועט "רב יעבוד צעיר", כנ"ל בארוכה.

כט. ויה"ר אז מ'זאל ניט דארפן אנקומען צו אלע ענינים הנ"ל ("יוצאים עליהם בכלי זיין" וכו'), ווארום ס'וועט זיין "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[133].

נאר כדי אז ס'זאל ניט זיין קיין פחד פון גויים אויף אידן - דארפן זיך אידן אוועקשטעלן מיטן תוקף המתאים, און ניט שרעקן זיך פאר קיין גוי.

און דורך דעם וואס מ'פירט זיך באופן כזה, ווערט בטל די גאנצע מציאות של מלחמה, ואדרבה, ער מצד השני - מאכט דעם ערשטן צעד אויף קומען בעטן זיך מ'זאל מאכן שלום.

- כדרך התגרים בעט ער אלץ, כדי אז ס'זאל זיין וועגן וואס צו דינגען זיך, מיט נאך כמה טעמים בזה, אבער דא איז ניט נוגע וואס דער "נמר" טראכט, דא איז נאר נוגע וואס, להבדיל, דער אויבערשטער האט באוויזן בנוגע לפועל - אז בשעת מ'שטעלט זיך אוועק מיט א תוקף, און מ'זאגט אז מ'וועט שטיין על עמדם, און מ'האט חיל אויף צו דורכפירן דאס בשלימות (דערפאר וואס מ'האט מבטל געווען די הוות דעת פון די וואס לויפן נאך די גויים) - ווערט דער ענין פון "ורב יעבוד צעיר", ווי מ'האט געזעהן בפועל אז ער איז געקומען בעטן זיך אז מ'זאל מאכן שלום.

דורך דעם וואס מ'איז מקיים דעם פס"ד הנ"ל פון שו"ע, וואס שטייט אין חלק "אורח חיים" (אין הל' שבת) - ווערט דאס דער "אורח חיים" כפשוטו, דאס איז די וועג ווי אזוי א איד דארף לעבן, און דעמולט איז ער לעבעדיק.

און דעמולט ווערט "נפל פחד היהודים (די אמת'ע יהודים) עליהם"[134], און ס'ווערט "תפול עליהם אימתה ופחד"[135], ניט דערפאר וואס דאס איז "כחי ועוצם ידי", נאר דערפאר וואס דאס איז (כהמשך הכתוב) "בגדול זרועך" של הקב"ה.

- ביז -

---

133) בחוקותי כו, ו.
134) אסתר ח, יז.
135) בשלח טו, טז.

ביז אז סוכ"ס וועט זיין דער קיום היעוד "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך" [136], בביאת משיח צדקנו.

און "טועמי' חיים זכו" [137] - מעין זה נאך בזמן הגלות, אז דורך דעם וואס מ'שטעלט זיך בתוקף, און אין אן אופן פון "בשם אלקינו נדגול", ווערן בטל די איומים און להצים, ואדרבה, זיי גופא ווערן מסייעים, ביז אז "גם אויביו ישלים אתו" [138].

ל. ועד"ז בנוגע לכאו"א אין עבודתו בעבודת ה' - אז מ'זאל ניט נתפעל ווערן פאר דעם "א-ל זר אשר בקרבך" [139], פאר די גוי'שקייט שבקרבו, עאכו"כ ניט נתפעל ווערן פאר די גוי'שקייט שמבחוץ, ועאכו"כ ניט נתפעל ווערן פאר א גוי - אין אן אופן פון "אל תתגרה בגוי קטן", וכנ"ל (סי"ט) "שלא יקנה קנין בנפשו להיות עז פנים אפילו שלא במקום עבודתו ית'", נאר אין ענינים וואס זיינען נוגע אין עבודת ה'.

און מ'זאל פארענדיקן די לעצטע טעג פון גלות אין אן אופן אז מ'וועט מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, מתוך שמחה וטוב לבב, ומתוך הרחבה,

און טאנצן בקרוב ממש גייענדיג לקבל פני משיח צדקנו, וואס דורך איס וועט זיין דער "קץ שם לחושך" [140], אז ער וועט פארענדיקן דעם חושך הגלות, און ס'וועט זיך אנהויבן אתחלתא דגאולה, ויבנה מקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל [141], ובקרוב ממש.

צוה לנגן הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת. אני מאמין.

* * *

לא. אזוי ווי מ'האט דאך גערעדט פריער (ס"ז) וועגן דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" -

וועלן מסתמא ארויסגעבן אלע "טאנקיסטן", און פאנאנדערטיילן לכאו"א פון די מסובים שטר אחד געבן לצדקה, און יעדערער זאל נאך מוסיף זיין מדילי'.

ויה"ר אז בקרוב ממש זאל זיין דער "קרובה ישועתי לבוא וצדקתי" -

---

136) ישעי' מט, כג.
137) ראה לקו"ש וישלח - י"ט כסלו' תשל"ז ס"ב. וש"נ.
138) משלי טז, ז.
139) ראה שבת קה, ב.
140) איוב כח, ג.
141) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.

וצדקתי להגלות"[142], ווי געדערס בארוכה בעשירי בטבת[143] - יהפך בקרוב ממש "לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[144], דורך "האמת והשלום אהבו",

און זוכה זיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בקרוב ממש ובעגלא דידן.

(אחרי חלוקת הדולרים) צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעיה פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

לב. אזוי ווי ס'איז דאך דער יום ההילולא פון רעם אלטן רבי'ן, און ס'איז דאך ידוע דער פתגם פון רבי'ן (כהורש"ב) נ"ע[145] אז מיר דארפן אנקוקען צו זיין זכוה, און "זכותו יגן עלינו" - איז מען מציע יעדערן סאן אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן יום ההילולא:

מ'זאל לערנען א פרק משניות וואס הויבט זיך אן מיט איינע פון די אותיות פון שמו הקדוש (עכ"פ איין פרק משניות), און אפלערנען א סעיף אין שו"ע שלו, במקום שלבו חפץ, און לערנען א פרק פון ספרו תניא קדישא, און לערנען אויך אן ענין אין די דרושי חסידות פון בעל ההילולא, ומה טוב אן ענין וואס איז בעהו ובזמנו - אן ענין אין תו"א פ' וארא.

כולל אויך די נתינה לצדקה כנ"ל.

און דאס וועט נאכמער מזרז זיין אז זכותו יגן עלינו ועל כל בני ישראל בכל מקום שהם.

ובפרט לויט ווי דער בעל ההילולא שרייבט אין אגה"ק[146], אז ביום ההסתלקות איז "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו כו' מתגלה ומאיר כו'", און דורך דעם איז "מאיר חסד ה' מעולם עד עולם על יראיו ופועל ישועות בקרב הארץ",

וכידוע דער דיוק אין "בקרב הארץ" וואס שטייט ביי גלות מצרים[147], אז "בקרב הארץ" מיינט אין די ארציות (און חומריות) - זאגט מען אז "פועל ישועות בקרב הארץ", אז אפי' אין "קרב הארץ" פועל'ט דאס אין אן אופן פון "ישועות".

- און -

------------

142) ישעי' נו, א.
143) ס"ג ואילך.
144) זכרי' ח, יט. וראה בארוכה לקו"ש ויגש ש.ז.
145) ראה לקו"ד ח"א כ, א ואילך.
146) סכ"ח.
147) וארא ח, יח.

און ע"פ המבואר אין אגה"ק [148] איז פארשטאנדיק, אז בכל שנה ושנה ווערט ניתוסף אין דערויף ביהר שאת וביתר עז לגבי ווי ס'איז געווען בשנים שעברו, כהציווי "מעלין בקודש" [149].

ויה"ר אז דער "פועל ישועות" זאל נתגלה ווערן בקרוב "בקרב הארץ" - אז ס'זאל זיין "בשלם סכו ומעונתו בציון" [150], וואס אין מקרא יוצא מידי פשוטו [151], אז דאס גייט אויף ירושלים און אויפן ביהמ"ק [152],

בביאת משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

(אח"כ אמר:) די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה - ביז צו די התוועדות הבאה לקראתנו לשלום.

סרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

148) סי"ד.
149) ברכות כח, א. וש"נ.
150) תהלים עו, ג.
151) שבת סג, א. וש"נ.
152) תרגום עה"פ.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ וארא, מבה"ח שבט - בחדרו - ה'תשל"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. מוצאי שבת ווערט דאך אויך אנגערופן "מלוה מלכה" [ניט נאר די סעודה פון מוצאי שבת ווערט אנגערופן מלוה מלכה, נאר כללות העניין פון מוצאי שבת ווערט אנגערופן "מלוה מלכה"] - דערפאר וואס דעמולט איז מען מלוה דעם שבת וואס ווערט אנגערופן "שבת המלכה" (שבת קיט, ב).

און מ'איז איר ("שבת המלכה") מלוה אין אן אופן "כדרך שמלוין את המלך", ווי דער אלטער רבי בדענגט אראפ בשו"ע שלו (או"ח ס"ש ס"ב. וראה שבת שם, א ובפירש"י).

ד.ה. אז אע"פ אז דער "מלך" איז גרעסער פון די "מלכה" [וארום די גדלות פון דער "מלכה" איז פארבונדן און נעמט זיך פון דער גדלות פון דעם "מלך"], פונדעסטוועגן, איז מען מלוה "שבת המלכה" ניט נאר ווי מ'איז מלוה א "מלכה", נאר "כדרך שמלוין את המלך".

ב. דער ביאור פארוואס מ'איז מלוה דעם "שבת המלכה":

וויבאלד אז נאך שבת גייט מען אריין אין ימות החול און עובדין דחול, וואס דער עניין פון עובדין דחול קען דאך ניט זיין בפני המלך (ובמילא אויך ניט בפני המלכה), במכש"כ דערפון וואס "מאן דמחוי במחוג קמי מלכא" (ראה חגיגה ה, ב) איז אן עניין וואס איז היפך פון כבוד המלך -

איז דערפאר ווען ס'הויבט זיך אן די התחלה פון ימות החול, איז מען פריער מלוה דעם "שבת המלכה" ("כדרך שמלוין את המלך"), און דערנאך קען מען זיך פארנעמען מיט דעם עניין פון עובדין דחול און מיט דער הנהגה פון ימות החול בפשטות.

און אויף דערויף האט מען די הבטחה פון "אל תירא עבדי יעקב" (ישעי' מד, ב. ועוד. וראה לקו"ת בלק עב, ב) - אז אע"פ אז בימות החול געפינט זיך ניט דער עבד אין היכל המלכות (און בחדר לפנים מחדר), פונדעסטוועגן, איז "אל תירא עבדי יעקב", וויבאלד אז דער אדון איז צוזאמען מיט אים (מיט "עבדי יעקב").

ואדרבה, ס'איז נאך דא א מעלה אין "עבדי יעקב" - כמבואר בכ"מ אז אין דעם יחוד און פאראייניקונג פון דעם אדון מיטן עבד, איז דא א מעלה און א שלימות וואס איז ניטא ביי שרים וכיו"ב (ראה ברכות לד, ב. וראה אוה"ת ואתחנן ע' רסה).

ג. ע"פ האמור לעיל (ס"ב), איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז לכאו' איז עיקר העניין פון מוצאי שבת דאס וואס מ'איז מלוה

- דעם -

דעם "שבת המלכה" (און "כדרך שמלוין את המלך"), איז אבער צוזאמען דערמיט אויך דא דער ענין וואס דעמולט ווערט אויסגעשטעלט דער סדר העבודה אויף כל ימי השבוע,

[וואס די עבודה איז פארבונדן מיט עובדין דחול, און ענינה איז, מהפך זיין דעם חול אז ער זאל זיין על טהרת הקודש, וואס דאס איז אים מכשיר אז דערנאך זאל ער קענען ווערן בעצמו "קודש"].

און וויבאלד אז לויט ווי מ'שטעלט זיך אוועק אזוי גייט דאס (כמדובר כמ"פ) - איז פארשטאנדיק אויף וויפל ס'איז נוגע התחלת כל הענינים [כולל אויך דעם ענין פון מוצאי שבת (וכללות יום הראשון שבשבוע), וואס דעמולט איז התחלת העבודה פון שבוע זה], אז די התחלה זאל זיין כדבעי, ווארום אין דערויף איז תלוי כל העבודה שלאח"ז.

ד. דער ענין (אז מוצאי שבת און יום ראשון שבשבוע איז התחלת העבודה, און אין דערויף איז תלוי די עבודה פון כל השבוע) איז אויך מרומז אין יום הראשון פון ששת ימי בראשית -

ווארום ביום הראשון זיינען באשאפן געווארן שמים וארץ וכל צבאם, ס'איז מערניט וואס בפועל זיינען זיי געווען נראים על פני הארץ כל אחד ואחד ביומו [וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"], אבער זייער בריאה (ביז אז דאס שטייט בגלוי אין תושב"כ) איז געווען ביום הראשון (פירש"י בראשית א, יד. שם, כד).

וע"פ המבואר בכ"מ (לקו"ח שה"ש כה, א. ובכ"מ) אז בכל שבוע חזר'ן זיך איבער נאכאמאל די אלע ענינים וואס זיינען געווען אין ששת ימי בראשית

[וואס דערפאר איז דער "שיר של יום" פון יעדער טאג פארבונדן דערמיט וואס איז געווען אין דעם טאג אין ששת ימי בראשית (ראה תמיד בסופה. ר"ה לא, א ובפירש"י), אנהויבנדיק פון יום הראשון, וואס דעמולט איז דער "שיר של יום" - "לה' הארץ ומלואה גו'" (תהלים כד, א), דערפאר וואס דעמולט איז באשאפן געווארן די וועלט, ועד"ז בשאר ימי השבוע, ביז צו יום הששי, וואס דעמולט איז דער "שיר של יום" - "ה' מלך גאות לבש" (שם צג, א).

[ביז אז ס'איז מבואר בכ"מ (רמב"ן בראשית ב, ג. ועוד) אז ששת ימי בראשית זיינען כנגד שיתא אלפי שנין דהוי עלמא - יום ראשון כנגד אלף הראשון וכו', ביז יום הששי וואס ער איז כנגד אלף הששי, און יום השבת - כנגד אלף השביעי, "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים" (תמיד בסופה)]]

איז פארשטאנדיק, אז די עבודה פון יום ראשון (וואס

- הויבט -

הויבט זיך אן במוצאי שבת) איז נוגע לכללות העבודה פון שבוע זה, ווייבאלד אז יום ראשון איז בדוגמת יום הראשון פון ששה ימי בראשית, וואס דעמולט זיינען באשאפן געווארן השמים והארץ וכל צבאם (כולל אויך די ענינים וואס בפועל ובגילוי זיינען זיי ארויסגעקומען אין די ימים שלאח"ז, כנ"ל).

און ווייבאלד אז יעדער יום ראשון שבשבוע איז פארבונדן מיט אלע ימי ראשון שבכל השבועות (ווייבאלד אז יעדער יום ראשון שבשבוע איז בדוגמת יום הראשון פון ששת ימי בראשית) - איז פארשטאנדיק, אז ביום הראשון האט מען בכח צו אויסשטעלן די עבודה ניט נאר אויף ששה ימי שבוע זה (און אויך אויף יום השבת פון שבוע זה), נאר מ'האט דעם כח [ובמילא דארף מען דאס אויסנוצן און אראפברענגען בפועל] צו אויסשטעלן די עבודה על כל הימים ושבועות שלאח"ז [אויף וויפל מ'ווייסט שוין די פרטי הענינים וואס זיינען שייך צו יענע זמנים, וואס בהתאם לזה דארף מען אויסשטעלן די פרטי העבודה].

און דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע להתוועדות זו - אז נוסף לזה וואס התחלתה ועיקרה ופנימיותה איז דער ענין פון "מלוה מלכה", און סעודתא דדוד מלכא משיחא (סידור האריז"ל להר"ש מרשקוב. פע"ח סוף שער השבת), איז דאס אויך דער זמן המוכשר אויף אן ענין של התעוררות ועידוד און נתינת כח, בנוגע צו דער עבודה אין די ימים שלאח"ז.

ה. מוצאי שבת זה איז דאך אויך מוצאי שבת מברכים חודש שבט.

וכמדובר כמ"פ אז יעדער חודש האט זיך זיינע ענינים (ענינים כלליים און ענינים פרטיים), ועד"ז איז אויך בנוגע צו חודש שבט.

דער ענין פון ר"ח שבט (וואס ער איז כולל אה כל ימי החודש (ראה עס"ר בתחלתו)) איז דאך מקרא מלא דבר הכתוב - "בעשתי עשר חודש באחד לחודש . . הואיל משה באר את התורה הזאת לאמר" (דברים א, ג-ה), און ווי רש"י (מיוסד על מאמרז"ל (תנחומא דברים ב. פס"ז עה"פ)) טייטשט אפ "בשבעים לשון פירשה להם".

ד.ה. אז דער ענין פון "בעשתי עשׂר חודש באחד לחודש" איז - אז דעמולט איז משה רבינו, דער "רעיא מהימנא", מבאר די תורה ביז אין אן אופן פון "בשבעים לשון".

און פון "עשתי עשר חודש באחד לחודש" (אנהויבנדיק פון שבת מברכים זה, וואס דעמולט איז מען מברך דעם "עשתי עשר חודש") באקומט מען די נתינת כח מיוחדת אויף דעם ענין פון "הואיל משה באר את התורה הזאת" -

אז אזוי ווי ס'איז געווען צום ערשטן מאל, איז דאס

- אויך -

אויך מידי שנה בשנה - בנוגע צו אתפשטותא דמשה בכל דרא ודרא, וואס דער ענין פון "אתפשטותא דמשה" איז דאך דא ביי יעדער אידן (אגה"ק סו"ס ז"ך), וביתר שאת וביתר עז - ביי נשיאי הדור (תניא רפמ"ב), ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (ראה לקמן ס"ח).

ו. נאך אן ענין אין (שבת מברכים) חודש שבט:

בעשירי בחודש שבט, וואס "העשירי יהי' קודש" (לשון הכתוב - בחוקותי כז, לב) - איז דער יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו [וואס דער טאג פון עשירי בחודש איז דאך כלול אין ר"ח, ווארום "ראש חודש" איז דער קאפ פון דעם חודש, וואס ער איז כולל את כל ימי החודש, - און ער ווערט מתברך פון שבת מברכים זה].

וואס ענינו (פון כ"ק מו"ח אדמו"ר) איז דאך געווען, ווי ער האט געזאגט (ראה סה"מ תרפ"ת ע' קמו) בנוגע לגאולה שלו, אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר יעדער אידן, ביז אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה" [אז דער שם "ישראל" איז ביי אים מערניט ווי א כינוי, ווארום דאס זעט זיך ניט אן בגלוי] - און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לכל ענייניו, אז זיי זיינען פארבונדן מיט יעדער אידן, ביז אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה".

און בשעת ס'קומט דער יום ההילולא שלו (בעשירי בחודש) - באקומט מען א נתינת כח אויף גיין בדרכיו, ווארום (ווי געדעדט בכ"ד טבת - יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן, ראס וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק (סכ"ח), אז) ביום ההילולא איז "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו"

[און אויך "פעולתו אשר עבד בה" (יחזקאל כט, כ) - ווי מ'זאגט אין דער הפטורה פון דעם שבת, וואס דארטן רעדט זיך וועגן לעו"ז - און ס'ווערט דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא],

איז דאס "מגלה ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'קומט דער יום ההילולא, באקומט מען די נתינת כח אז מ'זאל קענען גיין בדרכיו [וואס "בתר רישא גופא אזיל" (עירובין כא, א)].

ז. און דער טאג פון עשירי בשבט ווערט מהברך פון דעם שבת מברכים שלפניו, און ווערט מהברך מיט אלע שש לשונות של ברכה והצלחה, ביז צו "ונאמר אמן", וואס "אמן" באווייזט אויף דעם קיום ונצחיות פון דעם ענין - אז דאס פארזיכערט און בדענגט אראפ דעם ענין הברכה ביז למטה מטה (ראה לקו"ש נשא תשל"ו סי"א ובהנסמן שם).

- [וואס -

[וואס דערפאר איז "גדול העונה אמן יותר מן המברך" (ברכות נג, ב) - אע"פ אז אמירת הברכה איז בשם ומלכות] [וואס דאס באווייזט אז דער ענין איז "בלי שום ספק וס"ס בעולם", ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת (פי"א)], אעפ"כ איז "גדול העונה אמן יותר מן המברך", ווארום דער ענין פון "אמן" איז, אז דאס פארזיכערט דעם קיום ונצחיות פון דער ברכה, און ברענגט דאס אראפ ביז למטה מטה].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אלע החלטות טובות וואס מ'נעמט אן אויף זיך אין דעם שבת מברכים, עאכו"כ די החלטות טובות וואס זיינען פארבונדן מיט דער הכנה צום יום ההילולא פון עשירי בשבט ("העשירי יהי' קודש") - ווערן זיי מתברך פון ברכת החודש דשבת מברכים, צוזאמען מיטן ענין פון "ונאמר אמן".

און וויבאלד אז ברכת החודש איז געווען א תפלת ציבור, איז זיכער אז דער אויבערשטער האט מסכים געווען אויף דערויף, ווארום "הן א-ל כביר ולא ימאס" (איוב לו, ה. וראה ברכות ח, א) -

וועט דאס זיכער אראפקומען בגלוי למטה מעשרה טפחים - אז די אלע החלטות טובות וואס מ'האט מחליט געווען בנוגע צו דער עבודה, זאל מען זיי קענען מקיים זיין און זיי זאלן נתקיים ווערן במילואם.

וואס צוליב דערויף דארפן אידן האבן מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, אז ס'זאל זיין הרחבה [היפך פון מצרים, וואס ענינה איז מיצרים וגבולים, מדידות והגבלות] אין אלע ענינים, כולל אויך בני חיי ומזוני, ובכולם - אין אן אופן פון רויחי.

וכידוע דער פתגם פון דעם אלטן רבי'ן (וואס איז געבראכט געווארן כמ"פ דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו) אז דער אויבערשטער גיט אידן גשמיות און אידן מאכן דערפון רוחניות (ראה לקו"ש ח"ד ע' 1275. היום יום ע' צא) -

אז בשעת דער אויבערשטער גיט אידן אלע ענינים פון בני חיי ומזוני, אין אן אופן פון רויחי - באווייזן אידן וואס זיי קענען טאן, אז זיי טועז זייער עבודה, עבודת העבד לקונו, אין אן אופן פון "רויחי".

ח. שבת מברכים שבט איז דאך אלעמאל צווישן יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן

[וואס ער איז געווען דער ערשטער נשיא פון חסידות חב"ד,

און ער האט מודיע געווען אז דער ענין החסידות דארף ווערן נחלת כל עם ישראל כולו (ראה לקו"ש ח"ב ע' 461),

- ד.ה. -

ד.ה. אז ס'וועט זיין דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" מערער און מערער, ביז אז ס'וועט זיין "כי מלאה הארץ דעה את ה'" (ישעי' יא, ט), וואס "דעה את ה'" מיינט דאך די ידיעה אין אלקות, וואס דאס איז דער ענין פון לימוד פנימיות התורה,

און דאס קומט אראפ אין אן אופן פון "דעה" - וואס דאס איז געווען דער אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן, אז תורת החסידות זאל אראפקומען אין אן אופן פון "יתפרנסון" (תקו"ז ה"ו בסופו. וראה לקו"ש ח"ז ע' 206. לקו"ש ואראו ש.ז. סי"ב) - אין חב"ד פון נה"א, ביז אין אן אופן אז ס'ווערט פארשטאנדיק און ס'ווערט איין זאך מיטן חב"ד פון נפש השכלית, ביז אז דאס פועל'ט אויך אויפן נה"ב, בנוגע צו מחשבה דיבור ומעשה.

מיטן יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, בעשירי בחודש שבט ("העשירי יהי' קודש").

און בנוגע צו דער קביעות אין ימי השבוע פון יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן (בכ"ד טבת) און יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (בעשירי בשבט) - איז דא א רמז וואס איז מעודד און מוסיף כח אין עבודת ה'

מתאים צו תורת הבעש"ט (היום יום ע' נב. כש"ט הוספות אות קכז) אז פון יעדער ענין וואס מ'הערט אדער מ'זעט, דארף מען ארויסנעמען און אפלערנען א הוראה אין עבודת ה':

וויבאלד אז חודש טבת איז אלעמאל כ"ט ימים, איז פארשטאנדיק, אז דער חילוק אין ימי השבוע צווישן כ"ד טבת און יו"ד שבט איז בשוה בכל השנים - אז יו"ד שבט פאלט אויס אין ימי השבוע נאך דעם טאג פון כ"ד טבת.

און ווי די קביעות איז בשנה זו, אז כ"ד טבת איז געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב (פירש"י בראשית א, ז), טוב לשמים וטוב לבריות (קידושין מ, א. אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד) וואס דעמולט שטייט דער ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות" בגילוי; און יו"ד שבט איז חל ביום הרביעי (למחרת פון כ"ד טבת (אין ימי השבוע)).

וואס דאס איז נאכמער מדגיש דעם ענין הידוע ומבואר ופשוט - אז וויבאלד כ"ק מו"ח אדמו"ר איז "ממלא מקומו" פון דעם אלטן רבי'ן, איז א זיכערע זאך אז ער איז ממשיך בכל הענינים פון דעם אלטן רבי'ן, ואדרבה, ביתר שאת וביתר עז, וויבאלד אז בינתיים זיינען נאך צוגעקומען כו"כ שנים -

וואס דאס איז מודגש אין דערויף וואס גלייך ווי עס ענדיקט זיך דער יום ההילולא פון דעם אלטן רבי'ן, ביום

- השלישי -

השלישי בשבוע - הויבט זיך אן די עבודה פון "ממלא מקומו" (און כל ההולכים בעקבותיו), וואס זיין יום הילולא איז ביום הרביעי בשבוע (לאחרי יום השלישי) - וואס רעמולט איז די עבודה ביתר שאת וביתר עז.

און ווי מ'זעט דאס (אז די עבודה פון כ"ק מו"ח ארמו"ר איז המשך העבודה פון דעם אלטן רבי'ן, נאר ביתר שאת וביתר עז) אויך אין דעם ענין פון "הואיל משה באר את התורה הזאת", וואס דאס מיינט "בשבעים לשון פירשה להם" (כנ"ל ס"ה):

די תורה פון דעם אלטן רבי'ן [וואס אין איר איז דאך נכלל ונתבאר תורה החסידות הכללית פון דעם בעש"ט און דער מגיר, ביז אין אן אופן פון "יתפרנסון" (כנ"ל)] איז ארויסגעגעבן געווארן דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר אויף אלע-ערליי לשונות (ראה לקו"ש ח"ו ע' 266. וראה שיחת ש"פ שבות, מבה"ח שבט תשל"ז),

וואס דורך דעם דערגרייכט תורה החסידות אפי' צו א אידן וואס "בשם ישראל יכונה", וואס דערווייליע דארף ער אנקומען צו א לשון וואס איז מערניס ווי א כינוי פון דעם לשון האמיתי, לשון הקודש - איז נאר איירער מ'לערנט מיט אים לשון הקודש, גיט מען אים די ענינים פון פנימיות התורה אין אן אופן אז ער זאל דאס פארשטיין בלשונו.

ט. ע"פ האמור לעיל, איז פארשטאנדיק, אז די התעוררות בנוגע צו עבודת ה' [אין מחשבה דיבור ומעשה, "והמעשה הוא העיקר" (אבות פ"א מי"ז)], וועלכע מ'דארף נעמען פון היינטיקן מוצאי שבת

[אלס הכנה צו עשירי בשבט, "העשירי יהי' קודש", און צוזאמען מיטן נתינת כח וואס מ'האט באקומען פון יום ההילולא דכ"ד טבת - ווארום "טוב עין הוא יבורך" (משלי כב, ט. וראה נדרים לח, א), און ווי געזעדט פריער (ס"ח) אז דער אלטער רבי האט געזאגט אז ער גיט דעם ענין פון תורת החסידות אין אן אופן אז דאס זאל ווערן נחלת כל עם ישראל כולו] -

איז פארבונדן (לכל לראש) מיט דעם ענין פון "באר את התורה הזאת":

געבן צו פארשטיין די תורה אין אן אופן אז ס'זאל זיין פארשטאנדיק "בשבעים לשון" (במדינה זו - אין ענגליש, ועד"ז אין יעדער מדינה כלשונה),

[און אין אן אופן אז דער לימוד זאל ברענגען לידי מעשה - וואס דאס איז דאך דער ענין התורה בפשטות, אז מ'זאל וויסן "את המעשה אשר יעשון" (יתרו יח, כ), ביז אז דער לימוד אליין איז "מביא לידי מעשה" (ראה קידושין מ, ב),

- וואס -

וואס דאס איז דאך דער כח וואס איז דא אין לימוד התורה, אז דער לימוד גופא גיט א נתינת כח און ברענגט צו קיום המצוות במעשה בפועל.

וואס דער ענין (פון "באר את התורה הזאת - בשבעים לשון") איז אויך כולל דעם פירוש הפנימי אין "לשון" - דער טבע און די הנהגה פון דעם אידן צו וועלכן מ'גייט צו, וואס לויט טבעו והנהגתו דארף זיין דער אופן היגיעה און דער סגנון מיט וועלכן מ'טרעט צו אים צו און מ'הויבט אן רעדן מיט אים,

וואס דוקא דורך דעם וואס מ'גייט צו אים צו אין זיין "לשון", טבעו והנהגתו וכו' - דעמולט פארשטייט ער דאס (גלייך) לאמיתתו, ד.ה. אז דאס ווערט נקלט ביי אים, ביז אז דאס קומט אראפ במעשה בפועל.

און דאס דארף זיין אין אן אופן פון "באר את התורה הזאת לאמר", וואס דער אפטייטש פון "לאמר" איז דאך מאכן יענעם זאגן (ראה מכילתא עה"פ יתרו כ, א), ד.ה. אז דורך דעם וואס מ'לערנט מיט אים אין אן אופן פון "באר את התורה הזאת - בשבעים לשון", פועל'ט מען אז ס'זאל זיין "לאמר", אז דער מושפע זאל אליין ווערן א משפיע, וואס ער וועט פועל'ן אויף נאך א אידן דעם ענין פון "באר את התורה הזאת", און אויך אין אן אופן פון "לאמר", אז יענער וועט אויך ווערן א משפיע.

און די הוספה ביתר שאת וביתר עז אין דעם ענין פון "באר את התורה הזאת לאמר" - איז די עבודה המיוחדת וואס דארף זיין אלס הכנה צו "עמדו הכן כולכם" אויף מקבל זיין אלע השפעות וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו גיט בכלל, ובפרט ביום ההילולא שלו - ווארום דער ענין פון "באר את התורה הזאת לאמר" איז געווען דער אויפטו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (כנ"ל ס"ח).

י. ובכללות איז דאס די התעוררות בנוגע צו די מבצעים כלליים:

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל" - וואס דאס האט א שייכות מיוחדת מיט "הואיל משה באר את התורה גו'", ווארום "משה רבינו אוהב ישראל הי'" (מנחות סה, ב),

און פון "מבצע אהבת ישראל" קומט דאס אראפ בדרך ממילא - ובפרט נאך אז ער איז זיך מתייגע בזה, ווארום אין עניני קדושה איז ניטא דער ענין פון בדרך ממילא, נאר ס'דארף זיין דער ענין פון יגיעה אין "מבצע חינוך",

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע תורה", "מבצע

- תפילין" -

תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳"',

און אין די דריי מבצעים המיוחדים צו אידישע טעכטער [וואס יעדערער פון זיי איז א "מלכה" בביתה - בדוגמא ווי יעדער איד איז "שורר בביתו" (אסתר א, כב), א מלך בביתו]:

"מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

וכמדובר כמ"פ אז די אלע מבצעים היילן צו נאכמער דעם "מבצע" הכי גדול פון מלך מלכי המלכים הקב"ה - דער "מבצע" פון גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

[וואס דאס האט דאך א שייכות מיוחדת צו מוצאי שבת קודש, ווארום דעמולט פראוועט מען סעורתא דדוד מלכא משיחא],

יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובקרוב ממש.

* * *

יא. מאמר (כעין שיחה) ר"ה וארא אל אברהם גו׳.

* * *

יב. ס׳איז דאך ידוע די תורה פון דעם אלטן רבי׳ן, בעל ההילולא פון כ"ד טבת [און איז איבערגעזאגט געווארן כמ"פ דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (סה"ש תש"ב ע׳ 29 ואילך), און ער האט געהייסן אז מ׳זאל דאס אפדרוקן און מפיץ זיין] אז מ׳דארף לעבן מיט דער צייט - מיט פרשת השבוע וואס מ׳לייענט און מ׳לערנט אין דער צייט.

וואס אין דעוא דערויף פון שבת מברכים חודש שבט, האט מען אנגעהויבן ליינען פ׳ בא [און דאס ווערט נמשך אין מוצאי שבת, און דערנאך אויך על כל ימי השבוע - אז דאס איז דער שבוע פון פ׳ בא].

אין ההחלה פ׳ בא שטייט, אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "בא אל פרעה כי אני הכבדתי את לבו גו׳ למען שתי אותותי אלה בקרבו גו׳".

ד.ה. אז נאך דערויף ווי משה רבינו האט געזעהן אז ס׳זיינען געווען כו"כ אותות ומופתים, און אעפ"כ איז (ניט נאר אז פרעה איז ניט נשתנה געווארן, נאר ס׳איז נאך) געווארן "ויכבד פרעה את לבו" (וארא ח, כח) -

האט דער אויבערשטער געזאגט צו משה רבינו, ער זאל דערפון ניט נתפעל ווערן, ווארום ראס וואס "כבד לב פרעה" (שם ז, יד), איז ניט דערפאר וואס פרעה איז א בעל דעה אויף זיך, נאר ראס איז דערפאר וואס "<u>אני</u> הכבדתי את לבו" (דאס

- קומט -

קומט פון דעם אויבערשטן),

און די כוונה בזה איז, ניט מאכן שווערער ח"ו די עבודה, נאר "למען שתי אותותי אלה בקרבו", אז די אותות ומופתים פון דעם אויבערשטן זאלן שטיין בגילוי, ביז אז מ'וועט דאס זעהן "בקרב הארץ" (שם ח, יד), איבער די גאנצע וועלט, ד.ה. אז די הנהגה נסית זאל זיין מערער בגילוי.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע אלע ענינים וואס מאכן א אידן שווערער עבודתו לקונו [וואס דאס איז דאך כללות הענין פון מצרים (ראה ב"ר פט"ז, ה)],

ביז אין אן אופן אז דער יצה"ר וויל איינרעדן א אידן אז זיין פרנסה (וואס דאס איז כולל כל עניני האדם) איז ניט אין אן אופן פון "למטר השמים תשתה מים" (עקב יא, יא), אזוי ווי אין א"י, ד.ה. אז מ'זעט בגילוי דעם ענין פון השגחה פרטית, נאר דאס איז אין אן אופן ווי אין ארץ מצרים, "והשקית ברגלך כגן הירק" (שם, י. וראה לקו"ש ח"ו ע' 30. לקו"ש שמות ש.ז. ס"ד-ה) -

ווערט ער דערפון אינגאנצן ניט נתפעל, ווארום ער ווייסט אז תכלית הכוונה פון די אלע ענינים המבלבלים ומסתירים, איז מערניט דערפאר וואס מלך מלכי המלכים הקב"ה וויל אז בנו יחידו [וואס דאס איז דאך יעדער איד] זאל מגלה זיין זיינע כחות וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן מן הכח אל הפועל (ראה תניא ספ"ט. ודאה המשך תרס"ו ס"ע שפ ואילך).

און דערפאר איז אע"פ אז מ'געפינט זיך נאך אין די לעצטע רגעים פון גלות, און דער חושך הגלות איז נאך אין אן אופן פון "כבד לב פרעה" - ווערט דערפון א איד ניט נתפעל, ווארום ער ווייסט אז דאס איז ניט קיין חושך אמיתי, ס'איז מערניט וואס דער אויבערשטער וויל אז א איד זאל מגלה זיין כחותיו מן הכח אל הפועל, און כהרס זיין און חרוב מאכן די לעצטע שיריים פון הומת הגלות,

און ס'זאל זיין דער ענין פון "וינצלו את מצרים" (בא יב, לו) - ארויסנעמען פון דארטן אלע ניצוצי קדושה (תו"א נו, סע"ד. ס, ג. וראה בארוכה לקו"ש ח"ג ע' 824 ואילך), סיי די ניצוצי קדושה פון עלמא דאתגליא, "כמצודה שאין בה דגן" (ברכות ט, ב), און סיי די ניצוצי קדושה פון עלמא דאתכסיא, "כמצולה שאין בה דגים" (שם).

וואס דעמולט וועט זיין "תשועת ה' כהרף עין" - בדוגמא ווי ס'איז געווען "כימי צאתך מארץ מצרים" (מיכה ז, טו), אז גלייך ווי "הגיע הקץ" איז "לא עכבן אפילו כהרף עין" (פירש"י בא יב, מא),

- און -

און אין אן אופן פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה" (בשלח יד, ח) - ע"ד ווי ס'איז געווען "כימי צאתך מארץ מצרים".

יג. די הוראה דערפון בנוגע לימינו אלו:

ס'זיינען דא אזוינע וואס זיינען מבולבל: היתכן אז נאך אלע ענינים וואס האבן געטראפן לאחרונה אין א"י, שטייט נאך מלך מצרים אין אן אופן פון "כבד לב פרעה", און מאנט נאך די אלע תביעות [וואס אין בהם ממש, ווארום דאס וואס "רגשו גוים ולאומים יהגו" איז מערניט ווי "ריק" (תהלים ב, א)] - קען זיך דאך א איד דערשרעקן און אנהויבן טראכטן סאך היפך התורה ח"ו, אומקערן א טייל פון ארץ ישראל, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב) -

איף דערויף קומט די הוראה פון פרשתנו, אז א איד דארף וויסן אז דאס וואס "כבד לב פרעה" איז ניט בכח עצמו ח"ו, נאר דאס איז דערפאר וואס "אני הכבדתי את לבו", און די כוונה בזה איז "למען שתי אותותי אלה בקרבו",

וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס א איד אנערקענט דעם אמת, אז דאס איז מערניט ווי א נסיון, און ער קומט לידי החלטה ברורה אז דער אויבערשטער איז דער וואס פארנעמט זיך מיטן "תנים הגדול הרובץ בתוך יאוריו" (יחזקאל כט, ג), און ער איז דער וואס פירט אן מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן, עאכו"כ מיט אידן וואס געפינען זיך אין "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", וואס דארטן זעט מען בגילוי ווי דער אויבערשטער איז משגיח על כל פרט ופרט.

וואס דער ענין (אז "אני הכבדתי את לבו") שטייט דאך אין תושב"כ, ובמילא איז דאס פארשטאנדיק אפי' פאר א קטן ("בן חמש למקרא" (אבות פ"ה מכ"ב)), און ס'איז פארשטאנדיק אפי' פאר אוה"ע, ווארום תושב"כ איז דאך איבערגעזעצט געווארן אויך אין זייערע לשונות (און ווי מ'זעט בפועל אז זיי ווייסן וואס ס'שטייט אין תושב"כ, און זיי נוצן דאס),

[וואס דערפאר זעט מען אז דער איסור פון לערנען תורה מיט א גוי איז נאר בנוגע צו תושבע"פ, משא"כ בנוגע צו תושב"כ (ראה שד"ח כרך ז ע' א'תקסו ואילך)].

יד. און די הנהגה פון אידן דארף זיין אין אן אופן - ווי ער ברענגט אין זהר ר"פ בא - פון "אשרי העם יודעי תרועה ה' באור פניך יהלכון" (תהלים פט, טז):

בשעת אז אידן שטייען אין א מעמד ומצב אז "באור פניך יהלכון" - כ'גייט אין דרך התורה, וואס תורה ווערט אנגערופן "תורה אור" (משלי ו, כג), און זי איז כאיר דרכו פון א

- אידן -

אידן אז ס'זאל זיין "באור פניך יהלכון",

איז בשעת אז די הנהגה פון אידן איז אין אן אופן פון "באור פניך יהלכון" - דעמולט זיינען זיי "יודעי תרועה":

דער ענין פון "תרועה" איז דאך איינע פון די תכסיסי מלחמה אויף מפחיד זיין דעם אויב ושונא (ראה פירש"י שופטים כ, ג), ר.ה. אז דורך דעם ענין התרועה איז מען מטיל אויף אים איכה ופחד.

[וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין התרועה בפנימיותה - ווי דער רס"ג (הובא באבודרהם טעמי התקיעות) איז מבאר אז דער ענין פון תק"ש באווייזט אויף הכתרת ממ"ה הקב"ה, און ס'איז פארבונדן מיט דעם ענין פון מ"ת, וואס דעמולט איז געווען דער "קול השופר הולך וחזק מאד" (יתרו יט, יט)].

ד.ה. אז בשעת אידן פירן זיך אין אן אופן פון "באור פניך יהלכון" - ווערט דער ענין פון "יודעי תרועה", ווי ער איז מבאר אין זהר (פרשתנו לד, סע"א ואילך) אז דער אויבערשטער אליין קומט און פארנעמט זיך מיט "פרעה מלך מצרים התנים הגדול הרובץ בתוך יאוריו", און איז מהפך אלע ענינים לטובה.

טו. עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון כו"כ מבנ"י - איז דאך דעמולט דא דער פס"ד ברור אין שו"ע ווי אזוי מ'דארף זיך פירן [וואס דאס איז די וועג וואס "באור פניך יהלכון"] -

ווי גערעדט פריער (שיחת אור ליום ג', עשרה בטבת. ושיחת אור ליום ג', כ"ד טבת ש.ז.) בארוכה וועגן דעם פס"ד ברור אין שו"ע (או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם) אז "יוצאים עליהם בכלי זיין", אז מ'דארף האבן "רכב" און "סוסים", און דעם ענין פון "תרועה" כפשוטו, כדי צו מפחיד זיין דעם אויב ומנגד.

און בשעת מ'פירט זיך באופן האמור [ניט דערפאר וואס "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה" (עקב ח, יז) ח"ו, נאר דערפאר וואס "באור פניך יהלכון" - וויבאלד אז דאס איז דער פס"ד פון שו"ע] - איז מען יוצא דערמיט אליין וואס מ'גרייט צו די "כלי זיין", ווארום דורך דעם ווערט דער אויב בטל, ביז אז ס'ווערט אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא, און מ'האט שליכות הארץ - דורך דערויף וואס מ'האט שלימות התורה, "באור פניך יהלכון".

טז. אזוי ווי מ'דינגט זיך צי מ'דארף האבן אויך "כלי זיין", אדער כ'קען יוצא זיין נאר מיט "הקול קול יעקב" (הולדות כז, כב) -

- זעט -

זעט מען דאך במוחש ובפועל, אז דאס וואס ער איז
געקומען מלכתחלה רעדן וועגן דעם ענין פון שלום (לאחרי
שלשים שנה וואס די הנהגה איז געווען באופן הפכי) - איז
דאס געווען דערפאר וואס ער מיט׳ זיינע שרים האבן געמאכט א
חשבון גשמי וחומרי, און האבן געזעהן אז אויב זיי וועלן
זיך פארפירן מיט אן ענין של מלחמה, וועלן זיי האבן נאך א
גרעסערע מפלה דערפון וואס זיי האבן געהאט אין די מלחמות
שלפנ"ז.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ס׳איז ניטא וואס צו
נתפעל ווערן דערפון וואס לפי שעה איז "כבד לב פרעה", און
ער מאכט אזוינע תנאים שאין להם שחר וכו׳ - ווארום די אלע
תנאים וואס ער מאנט האבן צו אים ניט קיין שייכות, און ער
האט ניט קיין "אינטערעס" (בלשון העולם) אין דעם, ס׳איז
מערניט וואס מ׳איז לוחץ אויף אים, און דערפאר רעדט ער
באופן כזה;

אים איז נאר נוגע - אז מ׳זאל מאכן שלום מיט אים,
ווארום לויט דעם חשבון בעיני בשר וואס ער מאכט, זעט ער אז
ער וועט ניט מצליח זיין דורך אן ענין של מלחמה, ס׳איז א
זאך וואס "עוצו עצה ותופר" - אפי׳ מצד דעם חשבון פון כלי
נשק, כנ"ל.

ובפרט אז ס׳איז נאך צוגעקומען אן ענין עיקרי:

דער נשק וואס מ׳האט איצטער, איז ניט דערפאר וואס
אזוי זאגן די פאליטיקער, און די וואס מאכן די חשבונות
צווישן איין שר מיט א צווייטן שר - נאר דאס איז מבוסס
אויף דעם וואס "תורת חיים" - הוראה בחיים, און "תורת אמת"
- א הוראה אמיתית, זאגט אז ס׳דארף זיין די הנהגה פון
"יוצאים עליהם בכלי זיין".

צום אלעם ערשטן דארף זיין דער ענין פון "הקול קול
יעקב" - לימוד ההורה, און קיום המצוות (וויבאלד אז תלמוד
איז מביא לידי מעשה), אנהויבנדיק פון דעם ענין החינוך
באופן המתאים, אז ס׳זאל זיין דער "קול יעקב" אין בתי
כנסיות ובתי מדרשות (ראה ב"ר פס"ה, כ), און אויך דער ענין
התפלה - "בשם אלקינו נדגול" (תהלים כ, ו), און "אנחנו בשם
ה׳ אלקינו נזכיר" (שם, ח);

און דעמולט פועל׳ט דער "הקול קול יעקב" אויף די
"ידים ידי עשו" - אז דאס זאל זיין אין אן אופן אז מ׳טוט
דאס נאר דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אפגע׳פסק׳נט אין
שו"ע או"ח ווי אזוי א איד זאל זיך פירן אין "אורח חיים"
שלו בחיי היום יום, עאכו"כ ווען דאס איז נוגע צו פקו"נ,
וואס דער דין (אז "יוצאים עליהם בכלי זיין") איז אויך

- בנוגע -

בנוגע צו חו"ל, ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה".

יז. און בשעת מ'שטעלט זיך אוועק מיטן תוקף פון תורה ומצוותי', וואס דאס איז ממשיך דעם אויבערשטן דא למטה - ווערט דער ענין פון "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך" (תבוא כח, י),

וואס דאס ווערט דורך כללות הענין פון לימוד התורה וקיום המצוות, אנהויבנדיק פון תפילין שבראש (ראה ברכות ו, א),

ביז צו דעם ענין פון "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה" (ראה טו, יח), ובלשון המכילתא (נסמן בלקו"ש אמור תשל"ו הע' 20) אז "ששת ימים תעבוד" איז א מ"ע -

ובנדו"ד - מיינט מען דעם ענין העשי' וואס מ'דארף צוגרייטן "כלי זיין" (אין א כשר'ן אופן, ניט דורך מוותר זיין אויף ענינים של יר"ש) - וויבאלד אז מ'ווייסט אז זיי זיינען "ממשמשים לבוא", כפס"ד פון שו"ע הנ"ל.

און ס'ווערט דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא ביי יעדער אידן בעבודתו - כולל אויך ביי די וואס טראגן די כלי נשק, אז אע"פ אז זיי טראגן נשק גשמי, ווייסן זיי אבער אז דאס איז ניט קיין ענין פון "כחי ועוצם ידי" ח"ו, נאר "בשם אלקינו נדגול", בדוגמא ווי ס'איז געווען אין דעם זמן פון חנוכה (דמיני' אזלינן), אז די "מכבים" האבן אנגעשריבן אויף זייער דגל "מי כמכה בא-לים ה'" (צמח דוד וסה"ד בשם יא. שער ישכר בשם "ראשונים" (לשון הכתוב - בשלח טו, יא)), און דערמיט גייט מען אנטקעגן דעם אויב ומתנקם.

ועד"ז ווערט דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא בנוגע צו אוה"ע - ובמילא דארף מען זיך שוין ניט נוצן מיט די "כלי זיין", ווארום אידן שטייען אין א מעמד ומצב אז "באור פניך יהלכון", וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "אשרי העם יודעי תרועה" (כנ"ל סי"ד-טו).

יח. און דעמולט ווערט א נצחון גמור אין אן אופן של שלום - אז מ'האט שלימות הארץ, דורך שלימות התורה, און אויך שלימות העם - בביאת משיח צדקנו, וואס "יקבץ נדחי ישראל" (רמב"ם הל' מלכים ספי"א),

וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות וועט זיין שלימות העם בכל פזוריהם אין לימוד התורה וקיום מצוותי' - וואס דאס פארבינדט זיי בתכלית השלימות מיט נותן התורה ומצווה המצוה.

און דורך דערויף וואס זייענדיק אין די לעצטע טעג פון

- גלות -

גלוה, נוצט מען זיך מיט "כלי זיין" (וויבאלד אז מ'דארף נאך אנקומען דערצו, ווייל מ'געפינט זיך נאך אין גלות) ע"פ הוראת התורה, ניט פארבייגן צוליב דעם אויף עניני תומ"צ, און ווייסנדיק אז "הוא הנותן לך כח לעשות חיל" (עקב ח, יח) -

ווערט דאס די הכנה קרובה צו "בעהה אחישנה" (ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א) - וואס דעמולט וועט אינגאנצן נתבטל ווערן די גאנצע מציאות פון "כלי זיין", ווארום ס'וועט זיין "וכתתו חרבותם לאתים" (ישעי' ב, ד), מ'וועט דערפון מאכן כלי מחרישה אז ס'זאל זיין "ונתנה הארץ יבולה" (בחוקותי כו, ד), און "והולידה והצמיחה" (ישעי' נה, י),

בביאת משיח צדקנו - וואס "מיד הן נגאלין" (רמב"ם הל' תשובה פ"ז, ה"ה) - יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו,

דורך דערויף וואס מ'וועט שטיין "קוממיות" אין די לעצטע טעג פון גלוה, ווייסנדיק אז "ה' הוא הנותן לך כח לעשות חיל", און וויבאלד אז "באור פניך יהלכון" דערפאר ווערט דער ענין פון "יודעי תרועה", וויבאלד אז מ'גייט בכחו של הקב"ה,

וועט זיין דער ענין פון שלום לכל בנ"י במושבותם - וויבאלד אז שמו של הקב"ה איז "שלום", עאכו"כ "ונתתי שלום בארץ" - אין ארץ הקודש,

און דעמולט וועט מען מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום המצווה, ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות.

יט. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צום קיום היעוד "כי מלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים",

וואס דאס איז דאך דער סיום הרמב"ם אין הל' מלכים - וואס "מאן מלכי רבנן" (ראה גיטין סב, א. זח"ג רנג, ב), און "כל ישראל בני מלכים הם" (שבת סז, א), ביז אז "כל ישראל מלכים הם" (ראה זח"ג כו, רע"ב. הקדמת תקו"ז בתחלתו), נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות,

און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו מתוך הרחבה ומתוך הנהגה של גדולה - ע"ד ווי ס'איז געווען ביי יצי"מ אז "ובנ"י יוצאים ביד רמה" - וויבאלד אז מ'גייט אין אן אופן פון "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" (יתרו יט. ו).

* * *

בס"ד. שיחת יו"ד שבט ה'תשל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. מ'האט שוין גערעדט כמ"פ, אז אע"פ אז די זעלבע התוועדות (צוליב דעם זעלבן ענין) חזר'ט זיך איבער משנה לשנה - דארף אבער צוקומען א הוראה <u>נוספת</u> וואס מ'קען ארויסנעמען פון דער התוועדות, ובעניננו - א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

ד.ה. אז נוסף לזה וואס די ענינים וועלכע זיינען געווען אין דער התוועדות בשנה שעברה ובשנים שלפנ"ז, זיינען נמשך (און מ'דארף זיי האבן) אויך איצטער - דארף נאך צוקומען א הוראה <u>נוספת</u> נוסף אויף די הוראות וואס מ'האט אפגעלערנט אין די פריעדדיקע יארן.

ווארום וויבאלד אז ס'איז דא דער ציווי "מעלין בקודש" (ברכות כח, א) - וואס א ציווי פון "תורת חיים" (הוראה בחיים) איז אויך א נתינת כח - איז פארשטאנדיק, אז מ'קען זיך נים באגנוגענען מים דעם מעמד ומצב וואס איז געווען ביז איצטער, נאר אלעמאל (יעדער טאג, ועאכו"כ אן ענין וואס טרעפט "אחת בשנה") דארף צוקומען א הוראה נוספת, נוסף אויף די הוראות וואס מ'האט אפגעלעדנט אין די פריערדיקע יארן.

און די הוראה נוספת גיט א הוספת חיות וכרץ, אז ס'זאל צוקומען מעד זריזות און לעבעדיקייט און ליכטיקייט אין די הוראות וועגן וועלכע מ'האט גערעדט בשנים שלפנ"ז.

ב. ובדוגמא ווי דאס איז אין לימוד התורה, אז בשעת ס'קומט צו א ידיעה חדשה און אן ענין חדש בתורה, איז נוסף לזה וואס ס'איז צוגעקומען <u>דער</u> ענין חדש, קומט צו (דורך דעם ענין חדש) א הבנה נוספת אין עניני התורה וועלכע ער האט געוואוסט פריער.

וואס אע"פ אז אין תורה זיינען דא דיבוי ענינים, ווי ס'שטייט (איוב יא, ט) "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים", ביז אז תורה איז אין אן אופן פון "אין סוף", ווארום תורה איז דאך "שעשועים גו' <u>לפניו</u>" (משלי ח, ל) - פאר דעם אויבערשטן, וואס ער איז "אין סוף",

פונדעסטוועגן זאגט מען אז דאס איז "תורה <u>אחת</u>", ד.ה. אז יעדער ענין בתורה איז פארבונדן מיט <u>אלע</u> ענינים שבתורה; וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס'קומט צו אן ענין חדש אין הבנה והשגת התורה - באקומט ער אויך א ברייטערן און א טיפערן פארשטאנד אין די ידיעות וואס ער האט (פון פריער) אין שאר חלקי התורה.

[ו]ואס דערפון איז ראס אויך נשתלשל געווארן אין טהם

- חכמוה -

חכמות, חכמת הרפואה אדער חכמת התכונה וכיו"ב,

[וואס די צוויי חכמות (רפואה און תכונה) ווערן געבראכט (על הרוב) אלס דוגמאות אויף חכמות וואס זיינען ניט חכמות התורה, אבער מ'דארף צו זיי אנקומען.

ווארום דער ענין פון חכמת התכונה איז פארבונדן מיט קידוש החודש (וואס דער ענין פון קידוה"ח איז געגעבן געווארן צו אידן נאך פאר מ"ת),

און דער ענין פון חכמת הרפואה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון פקו"נ - וואס "מחשבתן של ישראל קדמה לכל דבר", אפי' צו תורה (ב"ר פ"א, ד), וואס דערפאר איז דאס (דער ענין פון חכמת הרפואה וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון אידן) א הקדמה והכנה אז דערנאך זאל זיין דער לימוד התורה כדבעי.

וכידוע די תורה פון דעם בעש"ט און פון תלמידו וממלא מקומו - דער מעזריטשער מגיד (או"ת הוספות אות קצא), אז א קליין לעכיל אין גוף איז א גרויסער לאך אין נשמה, וואס דערפאר איז דא דער ציווי פון "ונשמרתם מאד לנפשותיכם" (ואתחנן ד, טו), אז ס'זאל זיין דער ענין פון בריאות הגוף, ביז אז פקו"נ איז דוחה את כל התורה כולה (יומא פב, א)],

אז בשעת ס'קומט צו א ידיעה חדשה אין דעם שטח פון חכמת הרפואה אדער חכמת התכונה וכיו"ב - איז דורך דערויף באקומט ער א בעסערן און טיפערן פארשטאנד אין די ענינים (כמה ענינים, אדער אלע ענינים) פון רפואה אדער תכונה וואס ער האט געוואוסט פון פריער].

און דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לענינינו - די הוראה נוספת וואס דארף צוקומען פון דער התוועדות, אז וויבאלד דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט תורה, איז אזוי ווי יעדער ענין נוסף בתורה איז אויך מוסיף אין די פריערדיקע ענינים שבתורה, איז עד"ז אויך בנוגע צו דער הוראה נוספת וואס איז פארבונדן מיט דער התוועדות, אז דורך דערויף באקומט מען נאכמער לעבעדיקייט און ליכטיקייט אין די ענינים והוראות וועלכע מ'האט גענומען אין די התוועדויות פון די פריערדיקע יארן.

וכמובן אז די הוראות דארפן אראפקומען בחיי היום יום, אין מחשבה דיבור ומעשה, והמעשה הוא העיקר (אבות פ"א מי"ז).

ב. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וואס ער איז דאך געווען דער "ממלא מקום" פון די נשיאים שלפניו.

וכמדובר כמ"פ אז וויבאלד אז דער לשון "ממלא מקום"

- איז -

איז א לשון פון תורה (כתובות קג, ב. ועוד), איז פארשטאנדיק אז ער פילט אן די אלע ענינים וואס די נשיאים שלפניו האבן געטאן, ביז אז זייער "מקום" איז "מלא";

און דערנאך קומט צו דאס וואס יעדערער פון די נשיאים האט מוסיף געווען בדורו, לויט דעם ציווי פון "מעלין בקודש", מתאים לענינו של הדור ההוא, ועד"ז איז אויך מובן בנוגע צו דעם בעל ההילולא פון עשירי בשבט.

און וויבאלד אז דאס איז א "השתלשלות" - געפינט מען דעם ענין (וואס יעדער נשיא האט מוסיף געווען), ועכ"פ דוגמתו, אויך ביי די נשיאים שלפניו, און דער אונטערשייד איז נאר אין וואס איז באשטאנען עיקר ענינו.

ובלשון ווי דער אלטער רבי (אגה"ק ס"ד) איז מדגיש אין דעם מאמרז"ל (שבת קיח, ב) "אבוך במאי הוי זהיר טפי" - אין וואס פאר א מצוה איז ער געווען "זהיר טפי"; ס'איז א זיכערע זאך אז ער איז געווען "זהיר" אין אלע מצוות, ס'איז אבער דא די מצוה וואס אין איר איז ער געווען "זהיר טפי".

[וואס יעדער מצוה האט דאך אירע תכונות מיוחדות, אע"פ אז אלע מצוות נעמען זיך פון "תורה אחת" - ע"ד ווי דאס איז אין תורה גופא, אז אין תורה זיינען דא ששים רבוא אותיות. וואס יעדער אות איז אן אות פאר זיך און איז אנדערש פון דעם צווייטן אות, און אין דערויף (אין איר אנדערשקייט) באשטייט איר קדושה - און בצירוף כולם יחד ווערט צוזאמענגעשטעלט א תורה שלימה, "תורה אחת"].

און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר (סה"מ הש"ח ע' 240), אז "זהיר" איז אויך מלשון "זוהר", ליכטיקייט, ד.ה. אז דורך דער מצוה לייכט ביי איס דער אור הנשמה, און דערפאר קומט ארויס דער ענין הזהירות ("זהיר" כפשוטו) אין קיום מצוה זו במיוחד.

וכמבואר בכ"מ אז דורך די מצוה וואס אין איר איז ער "זהיר טפי", זיינען עולה כל ההומ"צ שלו - וואס דאס איז דערפאר וואס די מצוה איז פארבונדן מיט אור הנשמה שלו.

און דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צום בעל ההילולא, אז ס'איז דא דער ענין מיוחד וואס מ'זעט אין זיינע פעולות, און אן ענין וואס אלע זעהן, וואס דערפון גופא איז די הוכחה אז אין דערויף באשטייט דער עיקר הלימוד וואס כל הדור כולו דארף פון אים אפלערנען.

- בנוגע צו די ענינים וואס נאר יחידי סגולה האבן געזעהן, קען מען ניט זיין בטוח אז דער לימוד דערפון און דער "הדבק בדרכיו" איז שייך לכל אחד ואחת; אבער בנוגע צו די ענינים וואס אלע האבן געזעהן, איז א זיכערע זאך אז דאס

- איז -

איז א לימוד והוראה בנוגע לכל אחד ואחת. וכידוע תורת הבעש"ט (היום יום ע' נב. כש"ט הוספות אות קכז) אז יעדער זאך וואס א איד זעט, איז דאס א הוראה אין עבודת ה', און וויבאלד אז די ענינים האבן אלע געזעהן, איז פארשטאנדיק, אז דער לימוד והוראה דערפון איז שייך לכל אחד ואחת.

ד. די נקודה המיוחדה וואס אלע האבן געזעהן ביי כ"ק מו"ח אדמו"ר - איז דאס דער ענין פון מעשה בפועל.

וואס אע"פ אז לכאו' איז דער ענין פון נשיאי חב"ד פארבונדן מיט מוחין שבראש, חכמה בינה ודעת [און ווי מ'זעט דאס אין די מאמרים ושיחות שלו, אז אין זיי זיינען דא ענינים עמוקים אין נסתר שבתורה - וואס דאס איז דאך אויך די "נשמה" פון נגלה דתורה (זח"ג קנב, א)] - איז אבער ביחד עם זה געווען דער ענין (וואס אלע האבן געזעהן און פארשטאנען) פון מעשה בפועל וואס קומט ארויס פון יעדער זאך.

ביז אז אפי' בנוגע צו חב"ד שבתורה, ביז אין פנימיות התורה, איז אויך געווען דער ענין העשי' שבחכמה זו - "ללמדה לאחרים" (ראה סוכה מט, ב), ווי מ'האט געזעהן די השתדלות וואס ער האט זיך משתדל געווען בנוגע צו הדפסה און פרסום און הפצה פון זיין תורה (וואס זי איז דאך א המשך פון תורת הנשיאים שלפניו), און בנוגע צו דער הפצה פון תורת הנשיאים שלפניו.

און די השתדלות אין דעם ענין פון "ללמדה לאחרים", איז געווען אין אן אופן אז מ'זאל דאס איבערזעצן אין אזא סגנון אז סוכ"ס זאל דאס זיין פארשטאנדיק אויך צו "אחרים" - ניט נאר צו "אחרים" דערפאר וואס ער איז אין אן אנדער גוף, נאר אויך צו "אחרים" בנוגע צו אידישקייט, ווארום זיי געפינען זיך אין אן אנדער קרייז, און זייער השקפה איז אן אנדערע, און ניט נאר אנדערש, נאר ס'איז גאר באופן הפכי.

וואס דאס איז בנוגע צו חב"ד שבתורה - אז אין דערויף גופא איז געווען דער ענין העשי' - "ללמדה לאחרים".

און עיקר ענינו איז געווען אין ענינים של מעשה בפועל - ווי מ'האט דאס געזעהן גלייך בתחלת הנשיאות שלו במדינה ההיא, אז ער האט מייסד געווען חדרים אויף לערנען אל"ף-בי"ת, און מייסד געווען מקוואות אפי' אין א פנה נדחת וכיו"ב,

ביז אז ער האט זיך משתדל געווען צו פארשאפן פרנסה פאר אידן, און אין אן אופן אז ס'זאל זיין מעגליך היטן שבת ויו"ט און צניעות מיט אלע פרטים פון תומ"צ - כידוע צו די וואס האבן זיך נאכגעפרעגט, אדער וואס האבן זיך משתתף געווען אין זיינע פעולות, אז איינע פון התחלת פעולותיו איז געווען צו פארשאפן פרנסה פאר אידן דורך "קאפעראטיוון"

- וואס -

- וואס דער סדר בזה איז געווען אז יעדערער האט געארבעט בביתו, במילא האט מען געהאט די מעגליכקייט ארבעטן אין זמן המותר (ניט בשבת ויו"ט), ועד"ז בנוגע לשאר דיני התורה, אז ס'זאל זיין אין אן אופן הכשר.

וואס דער ענין איז דאך אויך געווען פארבונדן מיט א סכנה (אזוי ווי כללות הפצת התורה), און אעפ"כ איז ביי אים געווען בפשטות אז מ'דארף טאן אין די אלע שטחים.

און דערפון איז פארשטאנדיק די נקודה און דער "בכן" וואס מ'דארף דערפון ארויסנעמען בנוגע למעשה בפועל - אז די בחינה אויף יעדער ענין (אז דאס איז אן ענין שהזמן גרמא, און אן ענין עיקרי וכו') איז, בשעת דאס ווערט איבערגעזעצט אין מעשה בפועל.

אנהויבנדיק פון הפצת פנימיות התורה ביז אין חוגים וואס זיינען "אחרים" דערצו, ביז צו פארשאפן פרנסה צו א אידן, אויך צו אזא אידן וואס דורך דעם וועט מען קענען פועל'ן אויף אים ער זאל ווערן א שומר שבת ויו"ט.

און ניט שטעלן דאס (שמירת שבת ויו"ט) אלס א תנאי, נאר צום אלעם ערשטן דארף מען אים פארשאפן די פרנסה, און דערנאך קען מען קומען צו אים און זאגן אז איצטער האט ער די מעגליכקייט (בקלות לפ"ע) צו לעבן בחייו היום-יומיים ווי א איד דארף לעבן.

און די פרטי הדברים והפעולות בזה זיינען דאך ידוע לכל, ואין כאן המקום להאריך בזה.

ה. א נקודה נוספת (וואס איז אויך אן עיקר) בנוגע צו די פעולות פון בעל ההילולא:

ס'זיינען געווען כו"כ פרטים (אין די ענינים) וואס האבן געקענט געטאן ווערן ע"י שליח, און אעפ"כ, דארטן וואו ס'איז געווען די מעגליכקייט ער זאל דאס טאן בגופו, האט ער מקיים געווען דעם ענין פון "מצוה בו יותר מבשלוחו" (קידושין מא, א);

ער האט אליין גערעדט וועגן מאכן די "קאפעראטיוון", און האט אליין געשריבן די מאמרים פון פנימיות התורה מיט א סגנון אז מ'זאל דאס קענען איבערזעצן וכו', און איז אליין ארומגעפארן במדינה ההיא, וואס דער עצם ארומפארן איז געווען אן ענין של סכנה, וואדוס דעמולט איז די השגחה געווען נאך גרעסער און שארפער - האט ער זיך ניט אפגעשטעלט, און האט דאס געטאן אין אן אופן פון "בו" (און ניט "בשלוחו"), כדי אז די זאך זאל אראפקומען בפועל.

- ו. -

ו. וכמדובר כמ"פ די ראי' אויף דערויף (אז מ'דארף אליין טאן, און ניט איבערגעבן דאס צו א שליח) פון א סיפור אין תושבע"פ:

וועגן די גמ' (כתובות קג, ב. ב"מ פה, ב) רעדט וועגן די גדלות פון ר' חייא – זאגט די גמרא: "כמה גדולים מעשה חייא". און וואס זיינען געווען "מעשה חייא" – דערציילט די גמרא אז ער איז געגאנגען פאנגען א צבי, און דערנאך האט ער געמאכט קלף פון זיין עור, און ער האט אויף דערויף אנגעשריבן חמשה חומשי תורה און ששה סדרי משנה, און ער האט אוועקגעגעבן די חמשה חומשי תורה צו "חמשה ינוקי", און די ששה סדרי משנה צו "ששה ינוקי", און האט זיי געזאגט אז זיי זאלן לערנען איינער מיטן צווייטן דעם חומש און דעם סדר וואס ער האט, און דורך דערויף האט ער באווארענט אז די תורה זאל ניט פארגעסן ווערן ח"ו.

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס האט ער געדארפט אליין גיין און כאפן דעם הירש, און מאכן קלף פון זיין עור, און אנשרייבן אויף דעם חמשה חומשי תורה און ששה סדרי משנה – אויף דערויף האט ער געקענט שיקן איינעם פון זיינע תלמידים (און אפי' סתם א אידן, ניט פון זיינע תלמידים)?!

ומובן אז ער האט דאס ניט געקענט טאן זיצענדיק אין ביהמ"ד און לערנענדיק מיט זיינע תלמידים די משניות ובריתות פון תושבע"פ – ווארום כדי צו כאפן א הירש דארף מען ארויסגיין אין שדה; ועד"ז בנוגע צו עיבוד עודות, וואס אין דערויף איז גאר א שאלה צי מ'מעג דאס טאן אין א ביהכ"נ וביהמ"ד, צוליב דעם ריח שבזה –

און אעפ"כ זאגט די גמרא אז ר' חייא האט דאס אליין געטאן, און אויף דערויף זאגט כען "כמה גדולים מעשה חייא".

ד.ה. אז די גדלות פון ר' חייא באשטייט ניט אין דערויף וואס ער איז געווען א גדול בתורה, און ער האט מסדר געווען די ברייתות (נאך דערויף וואס רבינו הקדוש האט מסדר געווען די משניות), ווי די גמ' (חולין קמא, סע"א) זאגט אז ס'דארף זיין א ברייתא ד"תניא בי ר' חייא ובי ר' אושעיא" [פריער ר' חייא און דערנאך ר' אושעיא, וואס סדר אין תורה איז דאך בדיוק, ניט באקראי ח"ו] – וואס אין דערויף קען זיך ר' חנינא פארמעסטן מיט אים, און מ'ווייסט ניט מי גדול ממי,

נאר זיין גדלות איז באשטאנען אין "מעשה חייא", כנ"ל אז ער האט געלערנט חומש מיט א בן חמש למקרא, און משנה מיט א בן עשר למשנה, און האט באווארענט אז די קינדער זאלן ווערן (ניט נאר תלמידים ומקבלים, נאר) אויך מלמדים

- ומשפיעים -

ומשפיעים - זיי זאלן לערנען מיט די אנדערע קינדער דאס וואס זיי האבן געלערנט.

און בשעת אז ר׳ חנינא האט געזאגט אז "אי משתכחא תורה מישראל מהדרנא לה מפילפולי", האט ר׳ חייא געזאגט אז ער האט באווארענט מלכתחלה "דעבדי לתורה דלא תשתכח מישראל", און אויף דערויף זאגט די גמרא "כמה גדולים מעשה חייא".

ז. וואס דאס איז דאך א סיפור וואס ווערט דערציילט אין תושבע"פ, וואס די איז ניתנה למשה מסיני, און יעדער ווארט פון תושבע"פ איז דאך תורה מן השמים, ווי דער רמב"ם (הל׳ תשובה פ"ג ה"ח) פסק׳נט אפ א פס"ד ברור אז אין דערויף (אין דעם וואס מ׳גלויבט אז יעדער פרט פון תושבע"פ איז תורה מן השמים) איז תלוי אז מ׳זאל וויסן אז ער איז א מאמין בעיקר, און האלט זיך אן אין די גאנצע תורה.

וכידוע וואס דער ראגטשאווער (מכתבי תורה מכתב צט) זאגט אז אין תורה איז ניטא קיין סיפורים, נאר יעדער ענין וואס שטייט אין תורה איז א הוראה, און ראס שטייט גאר אין זהר פ׳ בהעלותך (רנב, א), וואס דארטן איז ער מבאר אז ח"ו צו זאגן אויף די סיפורים פון תורה אז זיי זיינען סיפורים - נאר יעדער ענין וואס שטייט אין תורה, איז א הוראה אין עבודת ה׳.

ואדרבה, בשעת אז די הוראה ווערט ארויסגעגעבן אין תורה אין א סגנון של סיפור - האט דאס ע"פ דין א גרעסערן תוקף און מער שטארקייט ווי א הוראה וואס ווערט ארויסגעגעבן אין א סגנון של הלכה - ווי די גמ׳ (ב"ב קל, ב) זאגט: "אין למדין הלכה לא מפי לימוד ולא מפי מעשה * עד שיאמרו לו הלכה למעשה", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת די הוראה שטייט אין א סגנון של סיפור, הלכה למעשה, דעמולט האט דאס נאך א גרעסערן תוקף.

און דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה וואס מ׳האט פון דעם סיפור הנ"ל - אז בשעת ס׳איז דא א זאך וואס ער קען דאס אליין טאן, דארף ער דאס טאן אליין, און ניט איבערגעבן דאס און פארלאזן זיך אז זיין שליח וועט דאס טאן.

ח. דער ביאור בפשטות פארוואס מ׳זאל זיך ניט פארלאזן אויף א צווייטן, נאר מ׳זאל דאס אליין טאן:

- מ׳זעט -

------------

*) הטעם ע"ז שאין למדין הלכה "מפי מעשה" הוא, "שמא טעה בטעם של פס"ד של אותו המעשה" (רשב"ם שם), וזה איננו שייך למעשה חייא, מאחר שאמר הטעם שלא השתכח כו׳ - ופליגא דר׳ חנינא.

מ׳זעט בפועל, אז וויפל דער שליח זאל נאר זיין נאמן בשליחותו, איז בשעה מ׳וועט אים געבן א שליחות ער זאל גיין און כאפן א הירש, און מאכן קלף פון זיין עור, און אנשרייבן אויף דעם חמשה חומשי תורה און ששה סדרי משנה - וועט דאס דער שליח ניט קענען טאן מיט אזא הידור און זריזות און לעבעדיקייט ווי דער משלח וואלט דאס געטאן, ווארום ביים שליח איז ניטא די זעלבע הבנה והשגה אין גדלות התורה (סיי תושב"כ - חומשים, סיי תושבע"פ - ששה סדרי משנה) אזוי ווי ס׳איז ביים משלח.

און דער חילוק איז אויף אזוי פיל, ביז אז צוליב דערויף האט ר׳ חייא געדארפט אפלייגן זיין לימוד התורה אין ביהמ"ד, און ארויסגיין בשדה צו פאנגען א צבי, און דערנאך מאכן קלף פון זיין עור, און אנשרייבן אויף דעם די חומשים און די משניות וכו׳.

וכאמור לעיל אז די זעלבע הנהגה האט מען אויך געזעהן ביי דעם בעל ההילולא, און ביי אים קומט נאך צו אז דער ענין איז געווען פארבונדן מיט סכנת נפשות, און אעפ"כ האט ער זיך ניט אפגעשטעלט, און האט דאס אליין געטאן, ווארום ער איז ניט געווען זיכער אז בשעת דאס וועט געטאן ווערן ע"י שליח וועט דאס אפגעטאן ווערן בשלימות.

ט. און דאס איז די נקודה וואס מ׳דארף ארויסנעמען פון דער התוועדות (נוסף אויף די נקודות וואס מ׳האט גערעדט אין די התוועדויות בשנים שלפנ"ז) - אז בנוגע צו יעדער ענין וואס ער קען טאן אין דערויף, דארף ער זיך ניט באגנוגענען דערמיט וואס ער הויבט אן טאן אין דעם ענין, און דערנאך גיט ער דאס איבער א צווייטן ער זאל דאס משלים זיין, אדער אז ער הויבט גאר ניט אן מלכתחלה, נאר ער זוכט א צווייטן וועמען ער קען דאס איבערגעבן -

איז די הוראה בזה, אז וויבאלד ער האט באקומען א ידיעה אז כ׳קען אויפטאן אין דעם ענין פון אידישקייט, צי דאס איז אן ענין פון לימוד התורה, צי דאס איז אן ענין פון קיום המצוות, ביז אין "בכל דרכיך דעהו" (משלי ג, ו), וואס דאס איז דאך א "פרשה קטנה שכל גופי תורה תלויין בה" (ברכות סג, א) - איז דאס גופא וואס צו אים איז דערגאנגען די ידיעה, איז א הוכחה אז דאס איז די עבודה און די שליחות וואס ער דאדף דורכפירן.

און אפי׳ אז ער טענה׳ט אז ער קען זיך פארנעמען מיט גרעסערע זאכן, און אויף דעם ענין וועט ער געפינען א שליח - זיינעם א תלמיד אדער שכירו ולקיטו, וואס ע"פ דין איז דאך "שלוחו של אדם כמותו" (ברכות לד, ב) - זאגט מען אים אז ס׳איז דא א הוראה פון א מעשה בפועל, ניט פון א הלכה

- בתור -

הנחת הת׳ בלתי מוגה

בתור הלכה, נאר פון א הלכה וואס איז פארבונדן מיט מעשה בפועל - אז בשעת ער אליין קען טאן דעם ענין, איז דעמולט "מצוה בו יותר מבשלוחו", ובמילא דארף ער דאס אליין טאן.

וכאמור לעיל אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין פון הפצת התורה בפועל, דארף ער דאס אליין טאן בגופו, ללמוד וללמד, ועד"ז בנוגע צו דעם ענין פון צדקה, וואס זי איז כללות כל המצוות (תניא פל"ז), ביז צו פועל'ן אויף א אידן אז זיין הנהגה אין עניני הרשות זאל זיין אין אן אופן פון "בכל דרכיך דעהו" -

דארף ער זיך ניט פארלאזן אז אפשר וועט דאס דער צווייטער טאן, ובפרט אז ער וועט אים בעטן ער זאל דאס טאן, און וועט אים מזרז זיין טאן אין דערויף, און ער וועט זיך פארנעמען מיט העכערע ענינים - נאר ער דארף אליין טאן אין דערויף, וויבאלד אז ער האט באקומען די ידיעה אז מ'קען אויפטאן אין דעם ענין.

י. האמור לעיל איז נוגע במיוחד בתקופתנו זו:

אע"פ אז דער אויבערשטער האט אונז בחסדו אוועקגעשטעלט אין א מעמד ומצב וואס ס'איז ניטא קיין סכנה פון פקו"נ בפועל, און מ'דארף ניט אנקומען צו מס"נ בפועל (אזוי ווי ס'איז געווען במדינה ההיא) - איז דאס אבער נאר בנוגע צו פקו"נ בגשמיות, משא"כ אבער בנוגע צו פקו"נ און הצלת נפשות ברוחניות, איז די סכנה גרעסער אין מדינות הרווחה - דארטן וואו ס'זיינען ניטא די מחיצות וואס זיינען מבדיל בין ישראל לעמים, און בין קודש לחול, ביז אויך בין אור לחושך - ווי מ'זעט דאס בפועל.

ובמילא איז שווער צו אפשאצן וואו איז די סכנה און פקו"נ א גרעסערע - צי בימים ההם און במדינה ההיא, אין דעם זמן פון תחלת הנשיאות פון בעל ההילולא, אדער בזמננו זה און אין מדינות הרווחה.

און ווי מ'זעט בפועל - בעוונותינו הרבים, ולצערינו הרב - אז יעדער טאג גייען פארלארן נשמות פון בני ובנות ישראל!

- ח"ו צו זאגן אויף א נשמה פון א אידן אז ס'איז אינגאנצן פארלארן - מ'מיינט אבער "פארלארן" אין דעם מובן אז וועט מ'וועט אים מארגן דארפן מקרב זיין צו אידישקייט, וועט מען דארפן טאן מערער ענינים, און די עבודה וועט אנקומען מיט מערער שוועריקייטן. ביז אז ס'ווערט גאר א ספק צי ער וועט אים טרעפן מארגן, ס'קען זיין אז מארגן וועט ער בכלל ניט וויסן וואו ער געפינט זיך.

- וואס -

וואס דערפאר איז אע"פ אז מצד אחד קען מען טענה'ן אז דעמולט (במדינה ההיא) איז געווען א מעמד ומצב של סכנה, און מ'האט געדארפט אנקומען צו אזוינע אידן וואס ביי זיי איז דער ענין המס"נ געווען א טאג-טעגליכע זאך, משא"כ איצטער וואס מ'דארף ניט אנקומען צו אזוינע מיטלען וואס זיינען שייך לכאו' נאר אין "ימי תירוס" - זעט מען אבער בפועל, אז איצטער זיינען דא מערער אידן וואס גייען פארלארן רח"ל פון אידישקייט, מערער ווי ס'איז געווען בימים ההם.

און מ'קען דאך ניט אפשאצן א אידן און טראכטן צי ער איז א פחות שבפחותים אדער ער איז דער גדול שבגדולים, - ווארום דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ! בנוגע צו פדיון שבויים דארף מען אויסרעכנען מי קודם למי, און דער דין איז אז אמו קודמת וכו' (שו"ע יו"ד סרנ"ב ס"ט), משא"כ אבער בנוגע צו פקו"נ, ווי דאס איז אין דעם דין פון "חייך קודמין" (ב"מ סב, א), אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן א קטן שבקטנים, זאגט מען אז "חייך קודמין" לגבי דעם גדול שבגדולים *.

ואין להאריך בענינים המצערים אויף וויפל ס'איז אן ענין עיקרי און אן ענין חיוני און אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ ממש, אז מ'זאל ארויסנעמען די הוראה במעשה בפועל - אז נוסף אויף דערויף וואס ער טוט אין דעם ענין פון הפצת היהדות בממונו, און נוסף אויף דעם וואס ער טוט אין דערויף בנשמתו, דארף ער טאן אין הפצת היהדות אויך בגופו.

ער דארף גיין בפועל ממש בגופו, און רעדן מיטן צווייטן אידן בפועל ממש בפיו, און באווייזן איס א לעבעדיקן ביישפיל ברמ"ח אבריו ושס"ה גידיו, ווי אזוי מ'דארף לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות.

און דאס איז דער צו השעה און דרישת השעה און הכרח השעה - ווארום אפי' דער וואס איז מקיים נפש אחת מישראל איז "כאילו קיים עולם מלא" (סנהדרין לז, א), ועאכו"כ ווען ס'איז א מעמד ומצב וואס בכחו של כל אחד ואחת (וואס נעמט אויף זיך מפיץ זיין יהדות צווישן אידן) צו מציל זיין כו"כ נפשות פון אידן,

און ווי מ'זעט טאקע בפועל אז זיי האבן שוין מציל געווען כו"כ נפשות פון אידן, און דאס איז געווען אין אן אופן אז די אידן וועלכע מ'האט מציל געווען, זיינען זיי דערנאך געווארן משפיעים אויף גיין מציל זיין אנדערע אידן,

- וואס -

------------

*) לשלימות הענין - ראה ג"כ שיחת ט"ו בשבט ש.ז.

וואס אן אנדערער וואלט צו זיי ניט געקענט צוקומען (מאיזה סיבה שתהי').

יא. און די טענה הידועה אז וויבאלד ער איז א מדוד ומוגבל, איז ווי אזוי וועט ער פאנאנדערטיילן זיין צייט, אז ער זאל קענען יוצא זיין פאר דעם אויבערשטן סיי מצד דעם ענין פון בין אדם למקום און סיי מצד דעם ענין פון בין אדם לחבירו, וואס דאס איז דאך כולל דעם ענין פון הפצת היהדות [אע"פ אז דאס איז אויך אן ענין פון בין אדם למקום, כפירש"י (שבת ל, א ד"ה דעלך) אויפן פסוק "רעך ורע אביך אל תעזוב" (משלי כז, י) - "זה הקב"ה"] -

איז די עצה הידועה אויף דעם, אז מ'זאל גיין פרעגן ביי א רב וואס איז א מומחה בענינים אלו,

[וכמדובר כמ"פ אז ס'זיינען דא רבנים וואס זיינען מומחים בעיקר אין עניני איסור והיתר, און ס'זיינען דא רבנים וואס זיינען מומחים בעיקר אין עניני ממון, ע"ד ווי ס'איז געווען בזמן הש"ס, ווי די גמ' (בכורות מט, ב) זאגט אז הלכה כרב באיסורי וכשמואל בממוני (דערפאר וואס אין דעם איז ער געווען א מומחה (רא"ש ב"ק פ"ד סי' מד)).

ועד"ז איז פארשטאנדיק אז ס'זיינען דא רבנים וואס זיינען מומחים בעיקר אין דעם ענין פון בין אדם לחבירו - וואס די חלוקה צווישן בין אדם לחבירו און בין אדם למקום איז ע"ד החלוקה צווישן איסורי און ממוני],

און ער ווייסט ווי אזוי צו מציל זיין נפשות מישראל, ע"י הפצת התורה ומצוותי' און עניני יהדות בכלל, כולל אויך דעם ענין פון "בכל דרכיך דעהו", וואס אויף דערויף דארף מען האבן א ספעציעלן צוגאנג, בדרכי נועם און מיטן תוקף המתאים, מיט אלע ענינים וואס מ'דארף האבן אויף הפצת היהדות,

איז אז ער וועט פרעגן ביי אזוינע רבנים - וועלן זיי אים מסביר זיין ווי אזוי ס'איז ניט קיין סתירה צו טאן סיי אין דעם ענין פון בין אדם למקום, און סיי אין דעם ענין פון בין אדם לחבירו, ווארום וויבאלד אז ביידע ענינים שטייען אין "תורה אחת", איז א זיכערע זאך אז ער קען ממלא זיין די שליחות אין הפצת היהדות און הצלת נפשות מישראל, און טאן אין אן אופן פון "כמה גדולים מעשה חייא", אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז בדוגמא ווי גיין כאפן א צבי, טוט ער דאס אליין (ניט דורך א שליח).

יב. ועפ"י האמור לעיל (ס"ב) אז בשעת ס'קומט צו אן ענין אין איין ענין שבתורה, קומט צו דורך דעם אין אלע איבעריקע עניני התורה, איז פארשטאנדיק, אז בשעת ביי אים קומט צו

- אין -

אין הבנה והשגה בתורה, קומט אויך צו אין דעם ענין פון הפצת היהדות ביז בגופו ממש,

ועד"ז לאידך גיסא, אז בשעה ביי אים קומט צו אין הפצת היהדות און אין הצלת נפשות מישראל, קומט ביי אים אויך צו אין הבנה והשגה בתורה (וויבאלד אזביידע ענינים (בין אדם למקום - הבנה והשגה בתורה, און בין אדם לחבירו - הפצת היהדות) זיינען פארבונדן און נעמען זיך פון "תורה אחת").

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין התחלת ספרו תורה אור (א, ב) דעם ענין פון "צדקה תרומם גוי" (משלי יד, לד), אז דורך דעם ענין הצדקה (סיי צדקה כפשוטה, ועאכו"כ דער ענין הצדקה ברוחניות) איז "נעשה מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה".

און ווי דער צ"צ (זיין אייניקל און ממלא מקומו) איז מבאר (אוה"ת בראשית (כ"ו) ע׳ 2052) אז דאס וואס ער זאגט "אלף פעמים ככה", איז דאס ניט קיין ענין של גוזמא, נאר דאס איז "אלף פעמים ככה" <u>בפועל</u> - ווי ער ברענגט אויף דערויף די דוגמא פון דעם מאמרז"ל (ויק"ר פ"ב, א) "אלף בני אדם נכנסים למקרא כו׳" און "אחד מהם יוצא" אויף הוראה, וואס אין דעם מאמרז"ל מיינט מען "אלף" כפשוטו, און "אחד" כפשוטו.

און אויף דערויף זאגט מען "צדקה תרומם גוי", אז דורך דערויף וואס ער גיט א צווייטן אידן צדקה כפשוטה בגשמיוה, ועאכו"כ ווען ער גיט אים צדקה ברוחניות, ביז אין אן אופן אז ער באווארענט אן ענין של פקו"נ ברוחניות -

האט ער ניט וואס צו דאגה׳ן "הורתו מתי נעשית", ווארום דורך דעם וואס ער טוט אין דעם ענין הצדקה, איז ער מצליח אין לימוד התורה, ביז אין אן אופן אז אין איין שעה לערנט ער דאס וואס ער וואלט געדארפט לערנען אין טויזנט שעות (לולא ענין הצדקה).

יג. ויה"ר אז יעדערער זאל נעמען די הוראה האמורה, צי אין די אותיות, אדער ער זאל דאס אליין דורכלערנען און נעמען אין זיינע אותיות און אין זיין סגנון.

והמעשה הוא העיקר - אז דאס זאל גלייך אראפקומען בפועל, למטה מעשרה טפחים, פריער בסביבתו הקרובה, און דערנאך אויך בסביבתו הרחוקה.

און דורך דעם וועלן אידן אויפטאן דאס וואס זיי קענען אויפטאן אין דעם ענין פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י" (ישעי׳ כז, יב) - צוזאמענקלייבן נאך א אידן און נאך א אידן צו אידישקייט,

- וועט -

וועט דאס זיין די הכנה קרובה צום קיום היעוד פון "ואתם הלוקטו לאחד אחד בנ"י" כפשוטו, וואס אין מקרא יוצא מידי פשוטו - אז דער אויבערשטער נעמט יעדער אידן פארן האנט, און נעמט אים ארויס צוזאמען מיט כל בנ"י פון דעם גלות האחרון,

און ער ברענגט אלע אידן אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו׳ עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב), בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

יד. אין דערויף קומט נאך צו נאך א טענה: מ׳דארף ווארטן ביז אז יענער וועט קומען און בעטן אז מ׳זאל אים העלפן ווערן נענטער צו אידישקייט, אדער אז מ׳זאל עכ"פ זיין זיכער אז זיין מחשבה ורצון איז אז מ׳זאל אים ארויסהעלפן ווערן נענטער צו אידישקייט, נאר ער שעמט זיך צו בעטן - דוקא דעמולט וועט מען אים ארויסהעלפן און מ׳וועט אים מקרב זיין צו אידישקייט.

איז פארשטאנדיק בפשטות אז די הנהגה איז היפך הציווי פון "ואהבת לרעך כמוך" (קדושים יט, יח), און היפך הציווי פון "הוכח תוכיח את עמיתך" (שם יז), און ס׳איז היפך פון די הוראה פון "כמה גדולים מעשה חייא" - ווארום ס׳איז דאך א זיכערע זאך אז קיינער האט ביי זיך ניט געהאט די ברייטקייט צו בעטן ביי ר׳ חייא ער זאל לויפן אין וואלד און כאפן א צבי, און איבערארבעטן זיין פעל, און אנשרייבן אויף דערויף חמשה חומשי תורה, און פאנאנדערטיילן צו "חמשה ינוקי", נאר ר׳ חייא האט דאס געטאן מעצמו, און האט דאס געטאן ניט אלס א יחיד, נאר דאס ווערט א פס"ד אין גמרא אז "כמה גדולים מעשה חייא".

און אזוי ווי די הנהגה פון ר׳ חייא איז געווען אז ער האט ניט געווארט ביז אז די קינדער וועלן קומען צו אים וכיו"ב, נאר ער האט דאס געטאן מעצמו, איז עד"ז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו קינדער אין אידישקייט (וואס ס׳קען זיין אז ער האט שוין ווייסע האר אויפן קאפ, ער איז אבער א קינד אין אידישקייט) - אז מ׳דארף ניט ווארטן, און מ׳טאר ניט ווארטן ביז ער וועט קומען בעטן אז מ׳זאל אים מקרב זיין צו אידישקייט, נאר מ׳דארף אליין גיין און אים מקרב זיין צו אידישקייט.

און ווי ס׳איז געווען די הנהגה פון בעל ההילולא, אז ער האט ניט געווארט אז מ׳זאל קומען און בעטן ער זאל שיקן א שליח מאכן א חדר אדער בויען א מקוה וכיו"ב, נאר ער האט אליין געטאן אין דערויף, לויט די הוראה פון "כמה גדולים מעשה חייא",

- און -

און הודות צו דער הנהגה זיינען דא כו"כ וואס זיינען ארויסגעקומען פון מדינה ההיא בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו, אין אן אופן אז זיי זיינען שומרי תורה ומצוה, ביז אין אן אופן של הידור - וואס דאס איז הודות צו דער הנהגה פון בעל ההילולא, וואס ער האט ניט געווארט ביז מ'וועט קומען צו אים און בעטן צדקה ברוחניות, ער זאל מסכים זיין פארן אדער שיקן א שליח בויען א מקוה אדער א חדר וכיו"ב, נאר ער האט אליין געטאן אין דעם, לויט דער הוראה פון "כמה גדולים מעשה חייא", און האט געטאן אין דערויף בגופו ובממונו ובנשמתו.

טו. וכמדובר כמ"פ אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן א אידן וואס קומט אינגאנצן ניט בעטן אז מ'זאל אים מקרב זיין צו אידישקייט, איז די סכנה און דער פקו"נ א סאך גרעסער און מערער בולט ווי ס'איז ביי א אידן וואס קומט און זאגט אז ער וויל מ'זאל מיט אים לערנען אידישקייט.

וואס דערפאר איז בשעת ס'רעדט זיך וועגן א אידן וואס קומט ניט בעטן מ'זאל אים מקרב זיין צו אידישקייט, דערפאר וואס ער איז נשבה לבין העכו"ם, עאכו"כ ווען ער איז גאר א מנגד צו אידישקייט - איז דאס אן ענין של סכנה און פקו"נ, וואס בשעת ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ, איז אפי' א כה"ג וואס געפינט זיך אין קדה"ק ביום הקדוש, דארף ער אפלאזן די עבודה (וואס אין איר איז תלוי די כפרה פון כל עם בנ"י בכל מקום שהם), און גיין מציל זיין א נפש אחת מישראל, אפי' ווען ס'איז א ספק וספק ספיקא (ראה לקו"ש ח"ד ע' 1255-6).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ער באקומט א ידיעה אז ס'איז ערגעץ דא א איד וואס ער קען אים ארויסהעלפן, איז ח"ו ער זאל טראכטן אז ער וועט ווארטן ביז אז יענער וועט קומען און פרעגן ביי אים צי ער דארף לערנען אידישקייט, אדער נאכמער: ער וועט בעטן אז מ'זאל מיט אים לערנען אידישקייט - ווארום דאס איז אן ענין פון פקו"נ ברוחניות ממש.

ואדרבה, אויב דער איד ווייסט ניט פון אידישקייט, און ער ווייסט ניט אז ער דארף פרעגן און בעטן אז מ'זאל אים לערנען אידישקייט, עאכו"כ אויב ער איז א מנגד צו אידישקייט - דעמולט איז א סימן אז יש בו סכנה ממשית, און ס'איז ניטא קיין ספק וספק ספיקא אז ער דארף <u>לויפן</u> און אים מציל זיין.

טז. וכמדובר כמ"פ (ראה גם לקו"ש פורים תשל"ז ס"ח) דאס וואס ס'שטייט אין תדבא"ר (פי"א) בנוגע צו די סנהדרין, אז "הי' להם לילך ולקשור חבלים של ברזל במתניהם כו' ויתחזרו בכל עיירות ישראל כו' וילמדו את ישראל כו'".

וואס דער דין איז דאך, אז כדי די סנהדרי' גדולה זאל

- האבן -

האבן איר תוקף (אז זיי זאלן קענען פסק'נן די דינים וואס סנהדרי' קטנה שבכל גבולות ישראל זיינען געקומען פרעגן ביי זיי) - האבן זיי געדארפט זיין אלע צוזאמען אין לשכת הגזית (ע"ז ח, סע"ב. וש"נ. וראה לקו"ש הנ"ל הע' 29).

און ס'איז דאך פארשטאנדיק, אז דאס וואס ס'שטייט אין תדבא"ר אז "הי' להם לילך ולקשור חבלים של ברזל וכו'", מיינט דאס ניט אז זיי זאלן דאס טאן זיצענדיק אין לשכת הגזית, ווארום דעמולט דארף מען ניט האבן אפי' סתם חבלים (ניט נאר אז מ'דארף ניט האבן חבלים של ברזל); חבלים של ברזל דארף מען האבן ווען מ'גייט אוועק לימים רבים, און דער טלטול הדרך איז רב ביותר, דארף מען דעמולט האבן "חבלים" כדי אז די בגדים זאלן בלייבן גאנץ, און וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן א טלטול הדרך גדול ביותר, דארף מען האבן "חבלים של ברזל", ווארום חבלים סתם וואלטן צוריבן געווארן.

און ס'איז אויך פארשטאנדיק, אז מ'מיינט ניט אז אלע שבעים ואחד חברי הסנהדרין זאלן ארומגיין בעיירות ישראל צוזאמען, נאר אדרבה, לתועלת הענין און כדי אז דער ענין זאל זיך אפטאן במהירות, דארפן זיי גיין יעדערער באזונדער, כדי אז זיי זאלן קענען אויפטאן אין איין און זיבעציק ערטער בבת אחת.

און אעפ"כ זאגט תדבא"ר אז דער תפקיד פון די סנהדרין איז, "לילך ולקשור חבלים של ברזל במתניהם כו' ויחזרו בכל עיירות ישראל כו' וילמדו את ישראל כו'" - גיין אין עיירות ישראל און באווארענען אידן אז זיי זאלן ניט אוועקגיין פון אידישקייט, אע"פ אז דורך דערויף וואס זיי גייען אוועק פון לשכת הגזית, ווערט בטל זייער תוקף אלס "סנהדרין גדולה".

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז ח"ו צו זאגן אז מ'וועט ווארטן ביז וואנעט אז יענער איד וועט קומען צוגיין און בעטן אז מ'זאל לערנען מיט אים אידישקייט - נאר טאן לויט די הוראה פון תדבא"ר, אז אפי' סנהדרי' גדולה דארפן אוועקגיין ממקומם אין לשכת הגזית, און ארומגיין בעיירות ישראל באווארענען אידן זיי זאלן ניט אוועקגיין פון אידישקייט.

יז. ביז וואנעט אז ס'איז דא א פס"ד ברור אין שו"ע

וואס ס'זיינען דא אזוינע וואס טענה'ן אז תדבא"ר איז א מדרש, און ס'איז דא דער כלל אז מ'קען ניט אפלערנען הלכות פון אגדות וכו' (נסמן בשד"ח כללים מע' אין למדין כו'), אע"פ אז חלק הדרוש שבתורה איז אויך א חלק פון תושבע"פ, און גאנץ תושבע"פ איז ניתנה למשה מסיני, און

- יעדער -

יעדער ענין שבתורה איז א הוראה - דארף מען דאס ניט זוכן אין מדרשים, ווארום ס'איז דא א פס"ד ברור אין שו"ע],

אין חלק אורח חיים, אין הלכות שבת (סשכ"ה ס"ב), אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן אן ענין של פקו"נ, איז "הנשאל הרי זה כו'" (היפך הענין פון שבח), און ער איז ממשיך דעם ביאור בזה, "שהי' לו לדרוש ברבים שמותר", ד.ה. אז וויבאלד אז מ'קומט ביי אים פרעגן צי מ'דארף טאן אין דעם ענין פון פקו"נ, איז דאס א הוכחה אז ער האט ניט באווארענט מ'זאל וויסן דעם דין בנוגע צו פקו"נ, אז דאס דארף זיין "ע"י גדולי ישראל" (יומא פד, ב. רמב"ם הל' שבת פ"ב ה"ג), ובמילא איז דאס היפך השבח.

וואס דער מקור אויף דערויף (אז "הנשאל הרי זה כו'") איז ראך אין ירושלמי (יומא פ"ח ה"ה), און דאס ווערט אראפגעבראכט להלכה אין מג"א (או"ח רסשכ"ח), וואס ער איז דאך נתקבל געווארן אלס א פוסק בכל תפוצות ישראל, און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין שו"ע שלו, כיסן לשון אז "הנשאל הרי זה מגונה", און דער טעם בזה איז, "שהי' לו לדרוש ברבים שמותר".

[וואס דער אלטער רבי ברענגט דעם ירושלמי כיסן לשון הנ"ל, ווארום וויבאלד ס'רעדט זיך וועגן א פס"ד, טאר מען דאס ניט זאגן מיט א לשון בלתי ברור, נאר מ'דארף זאגן מיטן לשון וואס שטייט אין ירושלמי, אז "הנשאל הרי זה מגונה" · (ראה לקו"ש ח"י ע' 26 ואילך), אבער דא דארף מען דאך ניט אנקומען צו מיין פס"ד, ווארום ס'איז א פס"ד ברור אין שו"ע או"ח סי' שכח בתחלתו, ובמילא דארף מען ניט זאגן בפירוש דעם לשון וואס שטייט אויף דערויף].

וכאמור לעיל (סס"ו) אז בנוגע צו דעם אידן וואס קומט אינגאנצן ניט בעסן אז מ'זאל מיט אים לערנען אידישקייט, איז דער פקו"נ א סאך א גרעסערער ווי ביי דעם וואס בעט אז מ'זאל לערנען מיט אים אידישקייט - ובמילא איז מובן ווי אזוי ס'דארף זיין די הנהגה מיט דעם אידן, אז מ'זאל ניט ווארטן ביז אז ער וועט קומען און בעטן אז מ'זאל אים מקרב זיין צו אידישקייט, נאר מ'דארף אליין גיין און טאן מיט אים, ווארום ס'איז אן ענין פון פקו"נ, און וועגן פקו"נ איז דא דער פס"ד ברור אין שו"ע (כנ"ל).

יח. האמור לעיל איז דאך בנוגע צו פקו"נ ברוחניות (בנוגע צו אידישקייט), ועד"ז איז אויך מובן בנוגע צו פקו"נ בגשמיות - וואס ביי אידן גייט רוחניות צוזאמען מיט גשמיות:

ווען ס'וואלט ניט געווען דער ענין פון "חטאינו", און ס'וואלט ניט געווען קיין מצב של פקו"נ ברוחניות - וואלט

- ניט -

ניט געווען דער ענין פון "גלינו מארצנו",

[סיי בנוגע צו די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל, און סיי בנוגע צו די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, וואס דארטן איז אויך דא דער ענין הגלות און א חושך כפול ומכופל.

- ס'איז טאקע ניט דער זעלבער מעמד ומצב ווי דער גלות איז אין חו"ל, ווארום א"י איז דאך גושה טהור ואוירה טהור (גיטין ח, ב), און ס'זיינען דא כו"כ מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט די גשמיות פון א"י - קומט דאס אבער ניט צום מעמד ומצב ווי א"י דארף זיין,

וואס דאס וועט זיין בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיך ענדיקן דער גלות (סיי אין א"י און סיי אין חו"ל), און ס'וועט זיין אתחלתא דגאולה און די גאולה בשלימותה, ובלשון הרמב"ם (הל' תשובה פ"ז ה"ה) "ומיד הן נגאלין" - אתחלתא דגאולה מיטן המשך ושלימות הגאולה],

אבער אזוי ווי ס'איז געווען דער ענין פון "חטאינו", איז געווארן דער ענין וואס "גלינו מארצנו", און מ'געפינט זיך (בגלוי) אין א מעמד ומצב פון כבשה אחת בין שבעים זאבים, און ס'איז דא דער ענין פון פקו"נ בגשמיות כפשוטו.

וואס דערפאר, איז אזוי ווי בשעת ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ אין אן ענין וואס איז פארבונדן מיט בריאות הגוף, דארף מען פרעגן ביי א רופא מומחה אין עניני בריאות הגוף, איז עד"ז ווען ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ פון א כבשה אחת וואס געפינט זיך בין שבעים זאבים, דארף מען פרעגן א שאלה (בנוגע צו דעם בטחון פון אידן, אז זיי זאלן זיין אויסגעהיט פון אן אויב וכתנקם) ביי די וואס זיינען מומחים אין עניני בטחון, וואס דאס זיינען די אנשי הצבא.

דארף מען ביי זיי פרעגן די שאלה: צי דאס וואס מ'וועט אומקערן דעם און דעם שטח פון א"י, וועט דאס מאכן גרעסער די סכנה פון פקו"נ פון א נפש אחת מישראל רח"ל, אדער להיפך, אז דאס וואס מ'וועט ניט אומקערן וועט מאכן גדעסער די סכנה. און מ'דארף ביי זיי פרעגן ווי איז דער מעמד ומצב מצד דעם ענין פון פקו"נ, און ניט מצד קיינע אנדערע חשבונות.

ווארום ווען ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ, טאר מען ניט מאכן קיינע חשבונות, ווי דער פס"ד איז, אז בשעת גויים זאגן תנו לנו אחד מכם ונהרגנו ואם לאו נהרוג כולכם, יהרגו כולם ואל ימסרו להם נפש אחת מישראל (ירושלמי תרומות ספ"ח. רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ה ה"ה).

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז בנוגע צו פקו"נ

- טאר -

טאר מען ניט מאכן קיינע חשבונות, עאכו"כ ניט קיין חשבונות פון פאליטיקע, און וואס וועלן זאגן אויף דערויף די "שבעים זאבים", און ווי וועט דאס אויסזעהן מארגן און איבערמארגן און מחר לאחרי זמן - וואס די אלע חשבונות זיינען היפך השו"ע;

ע"פ שו"ע דארף מען פרעגן ביי די אנשי הצבא (וואס זיי זיינען די מומחים אין דעם ענין) ווי איז דער מעמד ומצב אין היינטיקער טאג, וואס איז מערער עלול צו גורם זיין אן ענין של פקו"נ (אפי' א ספק וספק ספיקא) פון א נפש אחת מישראל, און ס'איז ניט נוגע קיין שום חשבון וואס וועט זיין מארגן און איבערמארגן, און די אלע חשבונות פון פאליטיקע.

יט. אין דערויף קען מען דאך אבער טראכטן, וואס דארף מען פסק'נן דעם דין בזה אײדער מ'איז געקומען פרעגן, מ'דארף ווארטן ביז אז מ'וועט פרעגן ביי אים די שאלה, און דעמולט וועט ער ענטפערן (וויבאלד אז ער איז א רב, האט ער ניט קיין ברירה און ער מוז ענטפערן אויף די שאלה וואס מ'פרעגט ביי אים).

איז כאמור לעיל (סי"ז) אז בנוגע צו דעם ענין פון פקו"נ איז דא דער פס"ד ברור אין שו"ע אז "הנשאל הרי זה מגונה", ווארום ער דארף מלכתחלה מודיע זיין אז אויב ס'וועט זיין אזא מעמד ומצב איז דער דין כך וכך - במילא קען מען ניט טענה'ן אז מ'דארף ווארטן ביז מ'וועט פרעגן די שאלה, און ערשט דעמולט וועט מען ענטפערן, ווארום דער פס"ד אין שו"ע איז, "שהי' לו לדרוש ברבים כו'".

ובפרט אז מ'האט שוין געפרעגט די שאלה, און געפרעגט כו"כ פעמים, און ס'איז ניט קיין זאך וואס מ'דארף אנקומען צו עדות אויף דעם, איך ווייס פון כמה רבנים וואס מ'האט ביי זיי געפרעגט די שאלה באופן אישי, און כמה רבנים וואס מ'האט ביי זיי געפרעגט די שאלה באופן כללי (בתוך א קבוצה פון רבנים), ואני הקטן בתוכם.

און ס'זיינען דא אזוינע רבנים וואס האבן שוין געענטפערט און האבן געזאגט דעם פס"ד בזה, און כו"כ רבנים וואס מסיבות שונות ומשונות האבן זיי נאך ניט געענטפערט אויף די שאלה.

ובמילא איז מובן אז ס'איז ניטא וואס צו ווארטן ביז מ'וועט קומען און פרעגן די שאלה - ווארום די שאלה איז שוין געפרעגט געווארן, און זי שטייט שוין על סדר היום.

כ. ובפרט נאך לויט ווי מ'זעט אז דער מעמד ומצב איז אין אן אופן פון "אני הכבדתי את לבו" - דארף מען דערפון ניט

- נתפעל -

נתפעל ווערן, ווארום ס׳איז א זיכערע זאך אז דאס איז (כסיום הכתוב) "למען שתי אותותי אלה בקרבו", ווי מ׳האט געלייענט אין די פריערדיקע סדרה (בא י, א).

און פון שבת פ׳ בא, "דמיני׳ מתברכין כולהו יומי" (זח"ג צד, ב), קומט מען צום יום הרביעי פון פ׳ בשלח, וואס דאס איז דער יום ההילולא - וואס אין פ׳ בשלח שטייט אז "בנ"י יוצאים ביד רמה" (יד, ח),

ד.ה. אז דורך דעם וואס אידן זיינען געשטאנען מיט א תוקף, איז ניט נאר אז דאס האט זיי ניט געשאט, נאר אדרבה, דורך דערויף איז געווען "ויהי בשלח פרעה את העם", אז פרעה האט אליין צוגעהאלפן אידן ארויסגיין פון מצרים - ארויסגיין פון די מיצרים וגבולים פון אלע מלכיות, וואס "כל המלכיות נקראות ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל" (ב"ר פט"ז, ה).

און דאס איז אין אן אופן אז "גם אתה תתן בידינו גו׳" (בא י, כה), אז פרעה גיט פון די ענינים שברשותו, כדי צו מסייע זיין אידן אז זיי זאלן שטיין "ביד רמה".

- אבער ביי אידן נעמט מען ניט צו דעם ענין הבחירה [וואס דער ענין הבחירה איז דא ביי אידן מצד דערויף וואס "צדיקים דומין לבודאן" (ב"ר פס"ז, ח), און "ועמך כולם צדיקים" (ישעי׳ ס, כא), איז אזוי ווי דער אויבערשטער איז דער אמת׳ער בעל בחירה, האט ער אריינגעגעבן ביי יעדער אידן דעם כח ער זאל זיין א בעל בחירה], און דער אויבערשטער בעט זיך ביי אידן אז ס׳זאל זיין "ובחרת בחיים" (נצבים ל, יט) - אז מ׳זאל זיך פירן לויט די הוראה פון תורתנו "תורת חיים", וואס אין דערויף איז דא די הוראה ברורה (כנ"ל).

און דורך דעם וואס אידן שטייען מיטן תוקף המתאים, ווערט דער "ויהי בשלח פרעה את העם", אז אע"פ אז ערשט איז געווען דער ענין פון "הכבדתי את לבו", און ער דעדט שווערע ווערטער, ביז אז "ויגרש אותם", ער הייסט ארויסטרייבן די שליחים אז זיי זאלן אוועקפארן -

קערט זיך דאס איבער לטובה, און אין אן אופן אז "לא עיכבם המקום כהרף עין" (פירש"י בא יב, מא), וויבאלד אז "הגיע הקץ" צו דער נקודה אין חושך הגלות,

און ס׳ווערט דער "בשלח פרעה את העם" - וואס כל מלכי מצרים ווערן דאך אנגערופן ע"ש פרעה (פירש"י תהלים לד, א. זח"ב לד, א) - אז ער העלפט ארויס אידן ארויסגיין פון מיצר וגבול כפשוטו, פון די זאכן וואס מאכן אידן איינג אין מנוחת הנפש און מנוחת הגוף,

ביז וואנעט אז מ׳דארף ארויסגעבן געלט אויף נשק בשעת אז מ׳קען אפגעבן די געלט אויף חינוך על טהרת הקודש, און

- אויף -

אויף בויען בתי כנסיות ובתי מדרשות וואס דארטן זאל זיין
דער "קול יעקב" מצפצף (ראה ב"ר פס"ה, כ) אן קיינע בלבולים
[אבער דערווייילע דארף מען אויסגעבן געלט אויף נשק, ווארום
מ'האט די הוראה ברורה אין שו"ע (או"ח ססכ"ט ס"ו) אז
וויבאלד אז "כמשכשים לבוא", איז "יוצאין עליהם בכלי זיין"].

און ס'ווערט "כימי צאתך מארץ מצרים" (מיכה ז, טו) -
וואס דעמולט האט מען ניט געדארפט אנקומען צו כלי זיין,
אע"פ אז ס'איז געווען "חמשים עלו בנ"י מארץ מצרים" (בשלח
יג, יח), וואס איינער פון די פירושים בזה איז "מזוינים",
אז זיי האבן געהאט כלי זיין (פירש"י עה"פ. וראה ירושלמי
שבת פ"ו ה"ז), אבער אעפ"כ האט מען דאס ניט געדארפט נוצן,
און מ'איז ארויסגעגאנגען "ביד רמה".

ביז אז מ'קומט צום שיעור חומש פון יום הרביעי - "אז
ישיר משה ובנ"י את השירה הזאת לה' ויאמרו לאמר" (טו, א) -
וואס דער טייטש פון "לאמר" איז דאך, אז מ'זאל דאס
איבער'חזר'ן לדורות הבאים,

כולל אויך דעם ענין פון "תפול עליהם אימתה ופחד"
(בשלח טו, טז), ווארום "בגדול זרועך ידמו כאבן" (ניט
רערפאר וואס דאס איז "כחי ועוצם ידי" - זיי דארפן אבער
זעהן אז מ'האט כלי נשק וכו'),

און דערנאך וועט זיין "תבאמו ותטעמו בהר נחלתך גו'
מקדש אד' כוננו ידיך" (שם יז). וואס דאס גייט דאך אויפן
ביהמ"ק השלישי, וואס ער וועט זיין א בנין נצחי, דערפאר
וואס "כוננו ידיך",

בביאת משיח צדקנו, וואס יבנה ביהמ"ק במקומו ויקבץ
נדחי ישראל (רמב"ם הל' מלכים ספי"א), בגאולה האמיתית
והשלימה, ובקרוב ממש.

* * *

כא. מ'האט דאך גערעדט פריער בנוגע צו אפלערנען זיך פון
דברי ימי חייו און פעולתו פון בעל ההילולא - ווי אזוי ער
האט געזעהן אז יעדער ענין זאל אראפקומען אין דעם ענין
המעשה שבענין זה,

סיי בנוגע צו לימוד ההורה, אז דאס זאל אראפקומען אין
דעם ענין העשי' שבלימוד - ניט נאר ללמוד נאר אויך ללמד,
ועד"ז בנוגע צו מצוות - ניט נאר לערנען די הלכות פון דער
מצוה, נאר אויך צושטעלן ציצית און תפילין און אנדערע
תשמישי קדושה, כדי אז מ'זאל קענען מקיים זיין די מצוה בפועל,

ועאכו"כ בנוגע צו דעם ענין העשי' בפ"ע - ענינים פון
צדקה, צו פארזארגן אידן מיט פרנסה, וואס דאס אליין איז

- דאך -

דאך א געוואלדיקע זאך, כמארז"ל (תנחומא משפטים טו) "אתה החיית את נפש העני", עאכו"כ אז דערפון איז דערנאך ארויסגעקומען אן ענין של הצלה ברוחניות (אויב יענער האט בעדארפט דערצו אנקומען), ווי מ'האט געזעהן בפועל, אז דורך דעם וואס יענער האט געזעהן אז מ'האט אים ארויסגעהאלפן בגשמיות, האט דאס אויפגעטאן אן ענין של הצלה ביי אים בנוגע צו ענינים רוחניים.

וואס אע"פ אז דאס רעדט זיך וועגן דעם בעל ההילולא, א איד פון מס"נ - אעפ"כ, וויבאלד ער האט געבעטן און מפציר געווען און געשריבן און געדרוקט, אז כל אחד ואחת מישראל, אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה" [אז דער שם ישראל איז ביי אים מערניט ווי א כינוי, ווארום ער פילט ניט אז דאס איז זיין שם העצם, שם האמיתי] קען טאן אין הפצת היהדות, איז דאך פארשטאנדיק, אז יעדערער בדורנו קען און דארף טאן אין דעם.

ובפרט אז די מניעות ועיכובים אויף טאן אין דעם ענין, זיינען שלא בערך קלענער פון די מניעות ועיכובים וואס זיינען געווען אין דערויף במדינה ההיא ובזמן ההוא ווען דער בעל ההילולא האט אנגעהויבן זיין נשיאות, וואס דעמולט האט מען געדארפט אנקומען צו מס"נ בפועל,

ולאידך גיסא, איז דער הכרח צו טאן אין דעם (מצד דעם ענין פון פקו"נ ברוחניות) א סאך א גרעסערער איצטער און אין מדינות הרווחה, וואו ס'זיינען ניטא די מחיצות בין ישראל לעמים און בין אור לחושך, ווי גערעדט פריער (ס"י) בארוכה.

כב. וכמדובר לעיל אז די נחיצות הכי גדולה (צו פסק'נן די שאלה, און טאן אליין ווי דער פס"ד איז, און ניט פארלאזן זיך אויף קיין שלוחים) איז בנוגע צו די וואס קומען ניט מלכתחלה פרעגן און בעטן אז מ'זאל זיי מקרב זיין צו אידישקייט, ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן די וואס ווייסן גאר ניט אז מ'דארף קומען פרעגן, ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן איינעם וואס וויל ניט אז מ'זאל אים פסק'נן די שאלה.

וכמדובר לעיל אז בנוגע צו דעם ענין פון פקו"נ (סיי ברוחניות און סיי בגשמיות) איז דא דער פס"ד ברור אין שו"ע אז "הנשאל הרי זה כו'" היפך ענין השבח, ווארום ער האט געדארפט באווארענען אז ווען ס'רעדט זיך בנוגע צו פקו"נ, איז דער דין כך וכך, ובענינינו - אז מ'טאר זיך ניט רעכנען מיט קיין מיינונג, נאר מיט די מיינונג פון די וואס זיינען מומחים אין דעם ענין, אין דער סכנה און אין דעם ענין אין פקו"נ, כנ"ל בארוכה.

- וכאמור -

וכאמור לעיל, אז אפי' די וואס טענה'ן אז זיי ווילן ווארטן ביז וואנעט מ'וועט ביי זיי פרעגן די שאלה - איז דאס א שאלה וואס איז שוין געפרעגט געווארן ביי כו"כ, ואני הקטן בתוכם, און א שאלה וואס איז געפרעגט געווארן כו"כ פעמים.

ומובן בפשטות אז בשעת מ'פרעגט ביי א רב א שאלה וועגן אן ענין פון פקו"נ - טאר ער ניט אריינגיין אין א חשבון צי מ'וועט אים פאלגן אדער מ'וועט אים סיי-ווי ניט פאלגן, און דאס האט אויך ניט קיין שייכות צו דעם ענין פון "מוטב יהיו שוגגין ואל יהיו מזידין" (שבת קמח, ב), ווארום ס'רעדט זיך וועגן אן ענין פון פקו"נ.

ובפרט אז מ'האט שוין געזעהן בנוגע לכמה ענינים, אז בשעת מ'האט גענטפערט א פס"ד ברור, האט דאס אפגעהאלטן אדער איינגאנצן מבטל געווען אן ענין בלתי רצוי.

ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ בפשטות, וואס אפי' אויב מ'איז מציל א נפש אחת מישראל איז דאך דאס אויך "כאילו קיים עולם מלא" (סנהדרין לז, א), עאכו"כ ווען מ'איז מציל כו"כ נפשות, ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן ניט מאכן גרעסער די סכנה פון פקו"נ, ווי גערעדט פריער בארוכה, ואין הזמן גרמא אויף איבער'חזר'ן נאכאמאל.

כג. האמור לעיל איז דאך אן ענין של דיבור, און א דיבור וואס איז פארבונדן מיט ענינים וואס מ'קען זיי טאן במעשה בפועל - אבער אזוי ווי בשעת מ'וויל פסק'נען א דין וכיו"ב, דארף מען צוס אלעם ערשטן באווייזן א ביישפיל און אליין אויך טאן אזוי -

איז דערפאר אויך הזמן גרמא אויף שיקן עכ"פ אחד מכם, שניים מכם, אין "יהודה" און אין "גליל", אויף צו מחזק זיין די אידן וואס געפינען זיך אין "יהודה" און די אידן וואס געפינען זיך אין "גליל".

און ס'שטייט על סדר היום, אז בל"נ (אויב די נוסעים וועלן מסכים זיין) וועט מען שיקן א קבוצה נוספת אין "יהודה", ובעיקר אין ירושלים עיר קדשנו, ירושלים העתיקה, און א קבוצה נוספת אין "גליל" - אין צפת עיה"ק.

וואס א"י טיילט זיך דאך אויף דריי חלקים, ווי די משנה (שביעית פ"ט מ"ב. ב"ב לח, א) זאגט: "ג' ארצות כו' יהודה ועבר הירדן וגליל" -

איז בנוגע צו "עבר הירדן", איז דערווייל (מפני חטאינו) ניטא דארטן דער ענין פון יד ישראל תקיפה, וואס דאס וועט ערשט זיין בביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט

- גאנץ -

גאנץ ארץ ישראל לגבולותי׳ זייך אין א מצב של גאולה בכל הפרטים (ניט נאר בנוגע צו גושה ואוירה, נאר אויך בנוגע לשאר הענינים), ביז צו דעם ענין פון יבנה ביהמ"ק במקומו,

וועט דערנאך זיין דער "ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך" (שופטים יט, ח), וואס דאס גייט דאך אויף ארץ קיני קניזי וקדמוני (פירש"י שם), וואס דאס איז ארץ עמון ומואב, כמבואר אין מדרש (ב"ר ספמ"ד) די חילוקי הדעות שבזה.

וואס דערפאר שיקט מען א קבוצה נוספת אין "יהודה", און א קבוצה נוספת אין "גליל"].

און די כוונה פון זייער פארן איז בעיקר אויף מחזק זיין דארטן דעם ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות בהידור, צוזאמען מיטן עידוד און נתינת כח ובטחון פאר די אידן וואס געפינען זיך דארטן - אז מ׳זאל וויסן זייך "גדול הוא הרועה" וואס ער איז שומר די כבשה אחת וואס געפינט זיך צווישן שבעים זאבים (תנחומא תולדות ה), אז ניט נאר זיי קענען איר ניט טאן קיין שלעכטע זאך, נאר אדרבה, ס׳ווערט דער "בשלח פרעה את העם", און אין אן אופן אז "גם אתה תתן בידינו גו׳", דערפאר וואס "גדול הוא הרועה", און "לא ינום ולא יישן שומר ישראל" (תהלים קכא, ד),

וואס דער עידוד איז פארבונדן רערמיט וואס פב"פ גייט ארוס און זאגט אז ער קומט פון א מקום מנוחה ורווחה בחסד א-ל עליון, און איז עוקר ממקומו און פארט אהינצו כדי צו מחזק זיין דעם ענין פון לימוד התורה וקיום מצוותי׳ בהידור, מתוך בטחון אמיתי בה׳ אלקי ישראל, וואס ער איז אויך "אלקי הצבאות".

כד. ויה"ר אז זייער פארן (צוזאמען מיטן ביישפיל אז מ׳וועט זיצן און לערנען תורה וכו׳) זאל נאכמער מוסיף זיין אז ס׳וועט זיין די הפצה פון תורה ומצוותי׳ און יהדות בכלל, ביז אז ס׳וועט זיין "מלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים" (ישעי׳ יא, ט), וויבאלד אז "לא יהי׳ שם לא רעב ולא מלחמה ולא קנאה ותחרות", ווי דער רמב"ם זאגט בסיום חיבורו,

וואס בשלימותם וועלן די אלע ענינים זיין בביאת משיח צדקנו, אבער "טועמי׳ חיים זכו" - א מעין דערפון וועט נאך זיין זייענדיק אין דעם חושך כפול ומכופל פון דעם גלות, אז מ׳וועט ניט נתפעל ווערן פון דעם חושך הגלות, און "כל המעדנים מצויין כעפר", ובמילא וועט מען זיך קענען עוסק זיין אין השגת "דעת בוראם" לויט ווי א נברא קען מכיר זיין דעת בוראו, ווי דער רמב"ם זאגט בסוף הלכות מלכים.

און דאס וועט נאכמער ממהר זיין דעם "אחישנה" אין דעם "אחישנה" גופא - וואס עס ווייזט אויס אז דער ענין פון

- "אחישנה" -



<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

"אחישנה" איז נאך נויטיק, אע"פ אז "כלו כל הקיצין" (סנהדרין צז, ב) - וויבאלד אז לע"ע געפינט מען זיך נאך אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, ובאיכות איז מען נאך גאר ווייט פון אתחלתא דגאולה -

איז אבער "תשועת ה' כהרף עין", ע"ד ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", אז "לא עיכבן המקום כהרף עין" (ווי רש"י (בא יב, מא) ברענגט אראפ בפירושו עה"ת פון מכילתא - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז פשוטו של מקרא, פשוטם של דברים).

כה. ויה"ר אז אנשטאט דעם וואס מ'זאל זיך דינגען צי מ'דארף שווייגן און גארניט טאן, אדער מ'דארף עפעס זאגן און משמיע זיין דעם "דבר ה' זו הלכה" (שבת קלח, ב) - זאל מען טאן אין הפצת היהדות (סיי אין חו"ל, סיי אין אה"ק) במרץ הכי גדול וככל האפשרי, און אין אן אופן פון "כדבעי לי' למיעבד" (ראה כתובות סז, א),

און ניט ווארטן ביז אז דער בן "שאינו יודע לשאול" וועט זיך אויסלערנען און וויסן אז ער דארף פרעגן א שאלה, עאכו"כ ניט ווארטן ביז אז דער "בן חמישי", וואס געפינט זיך ניט צווישן די "ארבעה בנים" און ער ווייסט גארניט פון א "סדר", וועט נתעורר ווערן און בעטן אז מ'זאל לערנען מיט אים אידישקייט -

נאר מ'זאל גיין און מחזיר זיין זיי בתשובה, דורך דערויף וואס מ'וועט רעדן מיט זיי וועגן טאן א מעשה בפועל אין עניני יהדות.

און דעמולט, וועט ס'וועט זיין "יכלו כל הנשמות שבגוף" (ראה יבמות סב, א), און ס'וועט זיין "רובו זכאי" ביז "כולו זכאי" (ראה סנהדרין צח, א),

- און דער דין איז דאך, אז "יראה אדם את עצמו ואת כל העולם כולו מחצה על מחצה", און דער "מעשה אחד" פון אן איין און איינציקער אידן (כולל די התעסקות אין אלע ענינים הנ"ל אין אה"ק), איז "מכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, וגרם לו ולהם תשועה והצלה" (רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד) -

וועט דאס אויפטאן בפועל וכפשוטו דעם ענין פון די גאולה האמיתית והשלימה, ע"י משיח צדקנו.

* * *

כו. אזוי ווי ס'איז דאך נהוג צו דערמאנען אן ענין של סיום מסכת - וועט מען מאכן א סיום (עכ"פ בקיצור, מפני קוצר הזמן) אויף א מסכת וואס האט א שייכות צו די ענינים

- האמורים -

האמורים לעיל - וואס די נקודה בזה איז דאך, די מעלה פון ענין המעשה, וואס "המעשה הוא העיקר".

[וכמדובר לעיל (ס"ז) אז דער ענין המעשה איז אזוי גרויס, ביז וואנעט אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם ענין פון תורה, וואס ס'איז ניטא קיין גרעסערע זאך פון תורה - זאגט די גמרא אז "אין למדין הלכה" סיידן פון אן ענין וואס איז אראפגעקומען אין מעשה בפועל.

ובפרט ע"פ המבואר אין המשך הרס"ו (ע' שצ ואילך), אז מ'זעט בפועל ובמוחש, אז טבע האדם איז אז ווען ס'רעדט זיך וועגן א שקו"ט וואס איז ניט נוגע למעשה בפועל, איז אפי' ווען ער איז עוסק במשאו ומתנו - אין לימוד התורה - באמונה, און אין אן אופן של יגיעה, און דער לימוד איז לאסוקי שמעתהא אליבא דהלכתא, קומט דאס אבער ניט צו די יגיעה אין דעם ענין ווען ער ווייסט אז די מסקנא פון זיין שקו"ט איז נוגע למעשה בפועל, ווארום וויבאלד ער איז א איד וואס איז ירא ה', וויל ער ניט גורם זיין ח"ו אז א צווייטער זאל טאן א מעשה בפועל וואס איז היפך רצון ה' - וואס דערפאר איז נוסף צו די יגיעה הרגילה, קומט נאך צו א יגיעה נוספת, וויבאלד ער ווייסט אז דאס איז נוגע למעשה בפועל].

וואס דאס איז דער סיום אויף מסכת נזיר - וואס דארט זאגט די גמרא: "גדול העונה אמן יותר מן המברך" (ווי גערעדט אמאל וועגן דעם (לקו"ש נשא תשל"ו) בארוכה).

וואס דער ענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך", איז פארבונדן מיט גודל מעלת המעשה. והביאור בזה:

די מעלה פון "העונה אמן" לגבי דעם "מברך" איז - אז בשעת דער "מברך" זאגט די ברכה, איז נאך ניט זיכער אז ס'וועט זיך אויפטאן במעשה בפועל דא למטה, און ס'וועט נתקבל ווערן ביז בכל העולם כולו; און דער אויפטו פון דעם "עונה אמן" איז, אז ער איז מחזק און מאמת אז ס'איז א זיכערע זאך אז די ברכה וועט אראפקומען למטה בפועל, און וועט האבן א קיום, ווי ער זאגט אין רע"מ (זח"ג רעא, א) אז דער ענין פון "אמן" איז, אז ס'זאל זיין א "דורנא (א מתנה) בקיומא".

ד.ה. אז דער ענין פון ענייה "אמן" פועל'ט אז די ברכה זאל נמשך ווערן און אראפקומען אין מעשה בפועל, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו - וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות דערפון מיט דעם ענין פון מעשה בפועל.

כז. נאך דערויף וואס די גמרא זאגט "גדול העונה אמן יותר מן המברך", איז די גמרא ממשיך: "אמר ר"א א"ר חנינא תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם, שנאמר וכל בניך למודי ה' ורב שלום בניך".

- וואס -

וואס אין דערויף זיינען פאראן כמה דיוקים (ווי גערעדט אמאל בארוכה), אנהויבנדיק פון דעם דיוק וואס איז דער קשר צווישן דעם ענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך", מיט דעם ענין פון "תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם"?

מ׳קען ניט ענטפערן אז וויבאלד די גמרא וויל מסיים זיין בדבר טוב, דערפאר זאגט די גמ׳ "תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם" - ווארום סיי אז מ׳זאגט "גדול העונה אמן יותר מן המברך" און סיי אז מ׳זאגט "אחד המברך ואחד העונה במשמע, אלא שממהרין למברך תחלה", איז דאס א דבר טוב, ובמילא דארף מען ניט אנקומען צו דעם סיום בדבר טוב פון "תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם" (כמבואר אין מהרש"א (סוף נזיר)).

והביאור בזה:

כאמור לעיל אז דער ענין פון עניית "אמן" איז, אז די ברכה זאל אראפקומען אין מעשה בפועל אין עוה"ז התחתון, און ס׳זאל האבן א קיום (כנ"ל פון רע"מ). וואס דאס טוט אויף דער ענין פון עניית "אמן", ע"ד ווי דער לשון "אמן" איז לגבי שבועה (ראה שבועות כט, ב), עאכו"כ ווען ער זאגט ב"פ אמן (ראה ירושלמי סוטה פ"ב ה"ה. שבועות לו, א) - ווערט דורך דעם אויפגעטאן המשכת הברכה אין מעשה בפועל.

און דאס איז אויך דער קשר מיט "תלמידי חכמים מרבים שלום <u>בעולם</u>" - אז מ׳טוט אויף דעם ענין השלום ניט נאר אין בתי כנסיות ובתי מדרשות, צווישן די תלמידי חכמים, נאר מ׳טוט אויף דעם ענין השלום "<u>בעולם</u>", אין וועלט כפשוטו, וואס דארטן געפינען זיך סיי אידן סיי אוה"ע - זיינען זיי (די תלמידי חכמים) ממשיך דארטן דעם ענין השלום, ביז אין אן אופן פון "<u>מרבים</u> שלום", אז ס׳זאל זיין דער ענין השלום <u>בריבוי</u>.

וואס דאס איז דער קשר צווישן די צוויי ענינים - וואדום אין יעדע דערט זיך וועגן די פעולה וואס מ׳טוט אויף אין וועלט במעשה בפועל.

כח. לכאו׳, איז ניט פארשטאנדיק, ווי אזוי טוט מען אויף אז ס׳זאל זיין "שלום בעולם":

בשעת ס׳רעדט זיך וועגן אויפטאן דעם ענין פון שלום אין בתי כנסיות ובתי מדרשות, צווישן אידן גופא, איז דאס פארשטאנדיק בפשטות, ווארום אע"פ אז ביי אידן איז דא די חילוקי דרגות צווישן "ראשיכם שבטיכם" ביז צו "חוטב עציך ושואב מימיך" - זיינען זיי אבער אלע "נצבים היום <u>כולכם</u> לפני ה׳ אלקיכם" (נצבים כט, ט), וואס דער ענין פון "נצבים גו׳ לפני ה׳ אלקיכם" איז ביי זיי (ניט קיין דבר טפל צו זייער תכונה פון "ראשיכם שבטיכם" וכו׳, נאר) אן ענין

- <u>עיקרי</u> -

עיקרי, ובמילא איז מובן אז מ'קען זיי מאחד זיין צוזאמען (דער ענין פון שלום).

וכמארז"ל (קידושין לב, ב) עה"פ "את והב בסופה" (חקת כא, יד), "אפילו האב ובנו הרב ותלמידו שעוסקין בתורה ונעשו אויבים זה לזה (אן ענין של מלחמה), אינם זזים משם עד שנעשים אוהבים זה לזה, שנאמר את והב בסופה".

וכמובן אויך פון פס"ד הרמב"ם (הל' גירושין ספ"ב) אז יעדער איד, אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל זיך נאר געפינען, וויל ער בפנימיותו מקיים זיין דעם אויבערשטנ'ס רצון - ובמילא איז מובן אז מ'קען פועל'ן דעם ענין השלום און מאחד זיין אלע אידן צוזאמען, ווארום די נקודה הפנימית שלהם, וואס דאס איז זייער עצם, איז זיך מתגבר על כל הענינים החיצוניים שלהם, ובמילא ווערן זיי אלע נתאחד (דער ענין השלום).

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן "עולם" (וועלט כפשוטו), וואס דארטן געפינען זיך די שבעים זאבים - וואס בנוגע צו אוה"ע איז אפי' ווען ס'איז נאר געווען "שש נפשות", רופט זיי אן דער פסוק (וישלח לו, ו) "נפשות ביתו" לשון רבים (פירש"י ויגש מו, כו) - איז ווי אזוי קען מען אויפטאן דארטן דעם ענין פון (אחדות און) שלום?

כט. אויף דערויף זאגט מען אז ביי אידן איז דא דער כח צו אויפטאן דעם ענין פון "מרבים שלום בעולם", און דאס טוען אויף "תלמידי חכמים" דוקא:

דער ענין פון "תלמיד חכם" איז, אז ער (אליין איז נאך ניט בדרגת "חכם", נאר ער) איז א "תלמיד" פון דעם "חכם" [וכמובן אויך דערפון וואס דער חו"ד (בהקדמתו לשו"ע חיו"ד) זאגט, אז א "חכם" איז מערניט ווי דער אויבערשטער אליין, און אלע זיינען נאר אין דער דרגא פון "תלמידי חכמים"].

און בשעת אז מ'דארף אויפטאן דעם ענין פון שלום "בעולם" (אין וועלט),

[אנהויבנדיק ווי דאס איז ביי אידן גופא - ווען ער געפינט זיך (ניט אין בתי כנסיות ובתי מדרשות, נאר) אין וועלט, און איז זיך מתעסק אין "בכל דרכיך" און "כל מעשיך", אין עניני הרשות, וואס דארטן דארף מען דאך האבן א זהירות מיוחדת, וואס דערפאר איז דא דער ציווי נוסף אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" (אבות פ"ב מי"ב), און "בכל דרכיך דעהו" (משלי ג, ו), וואס דאס ווערט אנגערופן "פרשה קטנה שכל גופי תורה תלויין בה" (ברכות סג, א)],

ועאכו"כ ווען מ'דארף אויפטאן דעם ענין פון "שלום בעולם", אין וועלט כפשוטו -

- דארף -

דארף מען אנקומען צו די וואס האלטן אין דער דרגא פון "תלמידי הכמים" (אדער "חכמים" וואס האלטן זיך אז זיי זיינען מערניט ווי "תלמידי חכמים"), ד.ה. אז ער איז ניט קיין גדול בעמו, נאר אים שטייט אן ארויסגיין און פארנעמען זיך מיט א צווייטן אידן וואס געפינט זיך "בעולם", און ס׳איז ניט שייך דער ענין פון "זקן ואינו לפי כבודו", ווארום אדרבה, אין דערויף באשטייט זיין "כבוד", אז ער איז ממלא שליחותו בעולם -

איז בשעת אז די "תלמידי חכמים" גייען ארויס אין "עולם", און מ׳טוט מיט א צווייטן אידן וואס געפינט זיך "בעולם" - דעמולט פועל׳ט מען אז (נוסף צו דעם ענין השלום וואס איז דא אין בתי כנסיות ובתי מדרשות, וואס אויף דערויף איז געגנוג דער ענין השלום בדרך המיצוע, אדער עכ"פ שלום בשלימותו. פועל׳ט מען אויך אז) ס׳זאל זיין דער ענין פון "מרבים שלום בעולם", אז אויך אין וועלט זאל זיין א כעכד ומצב של שלום.

ל. האמור לעיל האט אויך א שייכות צו דעם ענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך":

דער ענין פון ענייה "אמן" איז דאך, אז דורך דערויף ווערט נמשך די ברכה בפועל, און אין אן אופן אז דאס האט א קיום וכו׳ (כנ"ל סכ"ו).

איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון ענייה אמן - ס׳איז דאך געווען אמירת הברכה, און בשם ומלכות, וואס דאס באווייזט דאך אז דאס איז אמת און ס׳איז ניטא קיין ספיקות בזה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר (אגה"ת פי"א) אז וויבאלד אז "ספק ברכות להקל", איז פארשטאנדיק, אז בשעה מ׳מאכט א ברכה איז "אין כאן שום ספק כלל" - איז צוליב וואס דארף מען אנקומען צו ענייה אמן?

איז דער ביאור בזה, ווי דער מהרש"א (סוף נזיר) איז מבאר, אז ס׳קען אמאל זיין א ערעור און א קטרוג צו די המשכה שע"י הברכה זאל נמשך ווערן למטה אדער ניט - און וויבאלד אז ס׳איז דא אן ענין של קטרוג, דארף מען אנקומען צו עניית אמן, וואס דאס איז מחזק און מאמת און איז מודיע אז די ברכה איז קיים ויציב, און וועט נמשך ווערן למטה בפועל.

און אויף דערויף זאגט די גמ׳ "גדול העונה אמן יותר מן המברך", און ברענגט די ראי׳ לזה "שהרי גוליירים (חלשים (פירש"י)) מהגרין במלחמה וגבורים נוצחין", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער "עונה אמן" וואס קומט נאך דעם "מברך", איז ער גרעסער פון דעם "מברך", בדוגמת הגבורים

- וואס -

וואס קומען נאך די גוליירים, און זיי זיינען "נוצחין".

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען שיקן פריער די חלשים און דערנאך די גבורים - זאל מען שיקן מלכתחלה די גבורים?!

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז ס׳איז דא א מעמד ומצב וואס דעמולט איז געוואג מ׳זאל שיקן די "גוליירים" (חלשים), ע"ד ווי אין דעם ענין הברכה, אז ס׳איז דא א מעמד ומצב וואס דער "מברך" אליין פועלט אויף אז די המשכה זאל אראפקומען למטה (וויבאלד אז ס׳זיינען ניטא קיינע קטרוגים);

אבער בשעת אז ס׳איז א מעמד ומצב וואס מ׳זעט אז די "גוליירים" קענען ניט מנצח זיין (ווארום זיי זיינען "חלשים" בערך צו דעם מעמד ומצב) - דעמולט דארף מען שיקן די "גבורים", די "פרשים" (תוס׳ שם), און זיי זיינען "נוצחין". ועד"ז איז דאס אויך אין דעם ענין הברכה, אז ווען ס׳איז דא א מעמד ומצב של קטרוג, דעמולט דארף מען אנקומען צו דעם "עונה אמן", וואס ער איז מנצח און איז מבטל אלע קטרוגים, און פועלט אויף אז די ברכה זאל נמשך ווערן למטה בפועל.

און די גמרא פארגלייכט דעם "עונה אמן" צו די "גבורים" וואס קומען נאך די "גוליירים" (דער "מברך"), אע"פ אז אין דער ברכה איז דא דער ענין פון אמירת שם ומלכות, משא"כ אין עניית אמן, וואס דאס איז מעדנים ווי ר"ת פון "א-ל מלך נאמן" (שבת קיט, ב. וש"נ) - ווארום וויבאלד אז דאס קומט לאחרי הברכה, און דאס פועל׳ט אז די ברכה זאל נמשך ווערן און מקוים ווערן למטה בפועל - איז דאס ע"ד די "גבורים" וואס קומען נאך די "גוליירים", און זיי זיינען "נוצחין".

און דאס איז דער קשר צו דעם ענין פון "תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם" - אז ס׳איז דא א מעמד ומצב וואס מ׳דארף אויפטאן דעם ענין פון "שלום <u>בעולם</u>", און דאס ווערט אויפגעטאן דורך "<u>תלמידי</u> חכמים" - בדוגמת הענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך", אז ס׳איז דא אן ענין של קטרוג (ע"ד המצב וואס מ׳דארף אויפטאן "שלום בעולם"), און מ׳דארף אנקומען צו דעם "עונה אמן" (וואס איז, לכאו׳, נידעריקער פון דעם "מברך", ווארום ס׳איז ניטא דער ענין פון שם ומלכות - ע"ד "<u>תלמידי</u> חכמים" דוקא) וואס ער איז מבטל דעם קטרוג.

לא. עפי"ז וועט מען אויך פארשטיין דאס וואס דוקא אין מסכת נזיר איז מען ניט מסיים "(שנאמר וכל בניך למודי ה׳ ורב שלום בניך) א"ת בניך אלא בוניך" - אז זיי ווערן אנגערופן די וואס בויען די וועלט:

- כדי -

<u>הנחת הה׳ בלתי מוגה</u>

כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון "מרבים שלום בעולם", דארף מען ניט אנקומען צו די דרגא פון "חכמים" וואס זיי זיינען בונים את העולם, "בוניך", נאר ס'איז גענוג די דרגא פון "תלמידי חכמים".

ווארום וויבאלד אז ער איז דאך בנו של הקב"ה, "בניך", און ער איז "למודי ה'", ער איז א "תלמיד" וואס האט געלערנט "תורת ה'" ביי דעם "חכם" - קען ער שוין אויפטאן דעם ענין פון "מרבים שלום בעולם".

און דערפאר ברענגט מען ניט אראפ דעם ענין פון "א"ת בניך אלא בוניך", ווארום כדי צו אויפטאן דעם ענין פון "מרבים שלום בעולם", דארף מען ניט אנקומען צו די דרגא פון "בוניך", "חכמים", נאר אויף דערויף איז גענוג די דרגא פון "בניך", "תלמידי חכמים" *.

און דאס איז אויך די שייכות צווישן דעם ענין פון "תלמידי חכמים" מיט דעם ענין פון "עונה אמן":

די גמ' (ברכות נ, א. וראה שם לח, א) זאגט אז "מברכותיו של אדם ניכר אם הוא ת"ח אם לאו", ד.ה. אז דאס וואס ער ווייסט די הלכות פון ברכות איז א הוכחה אז ער איז א "תכם"; משא"כ אבער אז ס'זאל קענען זיין דער ענין פון עניית אמן, אויף דערויף דארף מען ניט אנקומען צו דעם ענין פון "חכם", ווארום עניית אמן איז די זעלבע ביי אלע ברכות, אויף דערויף איז גענוג אז ער איז א "תלמיד חכם", ער ווייסט דעם דין אז ווען מ'הערט א ברכה דארף מען ענטפערן אמן.

לב. דער קשר פון כהנ"ל מיט דעם ענין פון "נזיר" (וואס דאס איז דאך דער סיום פון מסכת נזיר):

ס'איז דאך ידוע דער מאמר הירושלמי (נדרים פ"ט ה"א) "דייך מה שאסרה תורה". וואס עפי"ז איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: ווי קומט דאס אז ס'איז דא אן ענין פון א "נזיר"?

ועד"ז בנוגע צו דעם וואס בכל דור ודור קומען צו נייע סייגים און גדרים (וואס מ'זאגט טאקע אז דאס איז "בלי נדר", כדי אז ס'זאל ניט ארויסקומען קיין מכשול וכו', אבער עס קומען צו נייע סייגים וגדרים), אז בשעת מ'געפינט א נייע "בקעה", איז "גדר בה גדר" (עירובין ו, א), און "עשו סייג לתורה" (ריש אבות) - וואס לכאו', איז ניט פארשטאנדיק ווי שטימט דאס מיטן מאמר הירושלמי "דייך מה שאסרה תורה"?

איז דאך ידוע דער ביאור בזה, אז בשעת מ'געפינט זיך

- אין -

---

*) לשלימות הענין - ראה שיחת ט"ו בשבט ש.ז.

אין אזא מעמד ומצב וואס ס'איז דא אן ענין של "בקעה" וכו',
דעמולט מוז מען אנקומען צו דעם ענין פון "גדר בה גדר".

וע"ד ווי די גמ' (נדרים ט, ב) דערציילט אז בשעת
איינער האט געזעהן אז "שערו נאה", און ער האט מורא געהאט
אז דאס וועט אים אראפפירן פון דער וועג, דאס וועט אים
ברענגען לידי גאות וכיו"ב, האט ער גענומען אויף זיך
נזירות - אויף דערויף זאגט די גמרא אז דער אופן פון
נזירות איז ווי ס'דארף צו זיין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ'געפינט זיך
אין א מעמד ומצב וואס אויב מ'וועט זיך ניט נוהג זיין
"לפנים משורת הדין" וועט דאס ברענגען צו "חורבן ירושלים"
- "שלימות היראה" (תוד"ה הר תענית טז, א) (ראה ב"מ ל, ב)
- דעמולט דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון "גדר בה גדר",
מ'זאל נעמען אויף זיך א גדר און א סייג נוסף, אין אן אופן
פון "לפנים משורת הדין", ווארום במעמדו ומצבו איז דאס אן
ענין וואס אין דערויף איז תלוי דער קיום פון ירושלים (און
אויך דער קיום פון גאנץ א"י, וואס איז תלוי אין דעם קיום
פון ירושלים).

און דאס איז די שייכות פון דעם ענין הנזירות (מסכת
נזיר) צו דעם ענין פון "גדול העונה אמן כו'" און "תלמידי
חכמים מרבים שלום בעולם":

וויבאלד מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב מיוחד וואס
דערפאר דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון נזירות - איז
ניט מספיק דער ענין הברכה אליין, נאר מ'דארף אויך אנקומען
צום "עונה אמן"; ועד"ז איז ניט מספיק דער ענין פון שלום
סתם (אפי' שלום בשלימותו), נאר מ'דארף אנקומען צו דעם
ענין פון "<u>מרבים</u> שלום <u>בעולם</u>" *.

און בשעת ס'איז דא דער ענין פון "שלום בעולם" - וואס
"שלום שקול כנגד הכל" (פירש"י בחוקותי כו, ו), איז אין
דעם "הכל" אויך דא דער ענין פון "ואולך אתכם קוממיות"
(בחוקותי שם יג), בקומה זקופה (פירש"י שם),

בביאת משיח צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות
לארצנו.

* * *

לג. צוה לנגן ואמר מאמר ר"ה באתי לגני.

* * *

- לד. -

---

*) ראה שיחת י"ג שבט, וט"ו בשבט ש.ז. - הכשך ההדרן.

לד. כ׳האט דאך גערעדט פריער (סכ"ג) וועגן דעם עידוד און חיזוק פון די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק - דורך דערויף וואס מ׳וועט שיקן אהינצו א קבוצה נוספת אין "יהודה" און א קבוצה נוספה אין "גליל".

ועאכו"כ אז מ׳דארף מחזק זיין די ענינים הקיימים שם ביתר שאת וביתר עז, ובמיוחד די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חינוך אין חינוך הכשר אין חינוך על טהרת הקודש פון בני ישראל און בנות ישראל, וכמדובר כמ"פ אויף וויפל ס׳איז נוגע און וויכטיק דער חינוך פון בנות ישראל, בפרט בתקופתנו זו, און ווי מ׳זעט דאס בפועל, אין חו"ל, ובפרט אין ארה"ב (וואס דארטן געפינט זיך רוב מנין ורוב בנין פון אידן), ואין כל צורך להאריך בדבר -

וואס דערפאר איז פארשטאנדיק דער גודל ההכרח אז יעדערער (כאו"א לפי האפשריות שלו) זאל זיך אריינווארפן אין דער התעסקות אין חינוך הכשר ביז חינוך על טהרת הקודש, און ניט ווארטן ביז אז מ׳וועט קומען צו אים און מציע זיין כיבודים וכיו"ב.

ועד"ז בנוגע צו אה"ק, אז מ׳זאל זיך משתדל זיין בנוגע צו די מוסדות חינוך הקיימים כבר, און אויך משתדל זיין אז ס׳זאלן צוקומען נייע מוסדות בכל מקום ומקום לפי ענינו, סיי מוסדות חינוך לבנים ולבנות, סיי בתי כנסיות ובתי מדרשות, סיי דער ענין פון א מקוה טהרה, וואס דאס איז דער יסוד וואס כל בית ישראל נשען עליו - דער ענין פון טהרת המשפחה, מ׳זאל בויען מקוואות, וואס דאס איז פארבונדן מיט "מקוה ישראל מושיעו בעת צרה" (ירמי׳ יד, ח).

לה. דער גודל המעלה פון דעם ענין החינוך, איז פארשטאנדיק פון דעם מאמרז"ל (שבת קיט, ב) עה"פ "אל תגעו במשיחי" (דה"א טז, כב) - "אלו תינוקות של בית רבן".

וואס אע"פ אז רש"י (שבת שם ד"ה במשיחי) איז מפרש אז די תשב"ר ווערן אנגערופן "משיחי", דערפאר וואס "דרך תינוקות למושחן בשמן" - אעפ"כ איז דאס אויך מרמז אויף גודל החשיבות פון די תשב"ר, אז זיי ווערן אנגערופן "משיחי".

וואס "משיחי" גייט דאך אויף א כהן וואס ער איז א "משות", און אויף א מלך וואס איז א "משות", ביז צו דער משיחה ווי ס׳איז געווען ביי דוד וואס "נמשך <u>בקרן</u>" וואס דערפאר "נמשכה מלכותו" (מגילה יד, א), ביז צו דעם ענין פון "משיחי" כפשוטו - משיח צדקנו.

און אויף דערויף זאגט מען אז תשב"ר ווערן אנגערופן "משיחי", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "משיחו" הנ"ל, ביז צו משיח צדקנו - וויבאלד אז ביידע ווערן

- אנגערופן -



<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

אנגערופן "משיחי", און בייביידן איז דא די זעלבע פעולה -- משיחה בשמן, און ביידע זיינען פארבונדן מיט אן ענין של תורה אדער "מנהג ישראל תורה הוא" (תוד"ה נפסל מנחות כ, ב), וואס דערפאר באווייזט דאס אויף דעם קשר פון תשב"ר מיט "משיחי", ביז משיח צדקנו.

און דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די גמרא (יבמות סב, א) זאגט "אין בן דוד בא עד שיכלו נשמות שבגוף" (פון דעם אוצר ששמו גוף (פירש"י שם)) - וואס דערנאך ווערן דערפון תינוקות של בית רבן, און דאס איז פארבונדן מיט "בן דוד בא".

און בשעת אז מ'זאגט "אל תגעו במשיחי - אלו תינוקות של בית רבן", איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "תגעו במשיחי" איז ניט נאר ווען מ'מאכט קאליע דעם ענין החינוך פון תשב"ר, נאר אפי' מי שיש בידו לעשות ואינו עושה, און אפי' מי שיש בידו למחות ואינו מוחה, גייט ער אויך אריין אין דעם כלל פון "תגעו במשיחי" רח"ל.

והמעשה הוא העיקר - כמדובר לעיל אז מ'זאל מוסיף זיין אין דעם ביסוס ועידוד וחיזוק והתפשטות המוסדות הקיימים כבר, ובכל מקום וואו ס'איז דא א צורך בזה (אפי' מצד א ספק וספק ספיקא), זאל מען מוסיף זיין מוסדות חדשים.

ובכל ענינים הנ"ל איז דאך דא דער כלל פון "יגעתי ומצאתי" (מגילה ו, ב), און בשעת מ'טוט אין דערויף האט מען די הבטחה אז "הקב"ה עוזרו" (קידושין ל, ב), און זכות הרבים מסייעתו.

לו. דער ענין החינוך איז נוגע במיוחד בתקופתנו זו, ווארום מסיבות שונות ומשונות, זיינען דא כמה בתי חינוך, אפי' פון די וואס זיינען על טהרת הקודש, וואס מ'איז מוכרח (אדער אז עס ווייזט זיך אויס אז מ'איז מוכרח) צו אפגעבן א חלק פון דעם טאג אויף לימוד חול.

ד.ה. אז נוסף לזה וואס איצטער איז ניטא דער מנהג וואס איז געווען בדורות שלפנ"ז, אז מ'זאל האלטן דעם קינד פון אשמורת הבוקר ביז שפעט ביינאכט, און מ'פארבינדט דאס מיט שמירה בדיאות הגוף וכו' (ביז אז מ'האט גאר מורא צו זאגן אז ס'דארף זיין די זעלבע הנהגה - ווי זיי רופן דאס אן בשם "ווילדקייט"), איז נוסף לזה, אפי' אין די שעות ספורות ומדודות וואס דער קינד געפינט זיך אין דעם בי"ס (אפי' א בי"ס כשר), גיט מען אפ א חלק חשוב פון דעם זמן אויף לימודי חול.

- ס'איז טאקע ניט קיין לימודים אסורים ח"ו, אבער דאס איז לימודי <u>חול</u> (ניט קיין לימודי קודש), ובמילא גייט דאס

- אריין -



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

אריין אין דעם גדר פון "ודברת בם ולא בדברים אחרים" (יומא יט, ב), כמבואר אין הל' ת"ת (פ"ג ה"ד) אז חכמות הטבע (הכמות אוה"ע) גייען אריין אין דעם כלל.

ועד"ז גיט מען אפ צייט אויף התעמלות (גימנאסטיק) אדער שפילן זיך וכיו"ב, מיט דער הסברה אז דאס איז נוגע צו בריאות הגוף, וואס אין דערויף זיינען דא כמה ספיקות, ואין כאן המקום להאריך בזה - אבער עכ"פ איז די מציאות באופן האמור.

און ס'איז דאך מובן בפשטות אויף וויפל ס'איז נוגע דער ענין החינוך, ומובן בפשטות דער גודל האויפטו וואס מ'טוט אויף ווען מ'איז מציל א אידיש קינד און מ'ברענגט אים אריין צו אידישקייט, וואס די איינציקע וועג אויף דערויף איז, דורך לימוד התורה וקיום מצוותי', פריער בתור חינוך, און דאס פועל'ט אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה" (משלי כב, ו).

און בשעת מ'קוקט זיך ארום, זעט מען וויפל אידישע קינדער באקומען א חינוך וואס איז ניט על טהרת הקודש, און אפי' ניט קיין חינוך הכשר.

וואס נאך די אלע גליקן און די "סטאטיסטיקע" און די ידיעות וואס מ'האט, אז דער חינוך הכשר (ביז על טהרת הקודש) איז געוואקסן ת"ל, קומט דאס אבער ניט צום מעמד ומצב ווי ס'האט געדארפט זיין, און אפי' ניט צו א מחצה דערפון. די שקו"ט איז נאר צי ס'איז מערער פון האלב, אדער ס'איז פונקט האלב, אדער ס'איז עפעס ווייניקער פון האלב, אבער לית מאן דפליג אז ס'גייען ארום הונדערטער טויזנטער קינדער וואס באקומען א חינוך וואס איז ניט קיין חינוך הכשר (מ'רעדט שוין ניט וועגן א חינוך על טהרת הקודש). ובפרט נאך אז אפי' ווען ס'בלייבט <u>איין</u> אידיש קינד וואס באקומט נאך ניט קיין חינוך הכשר, רעדט זיך וועגן אן "עולם מלא" (סנהדרין לז, א).

וואס אפי' בשנים כתיקונם, וואס מ'דארף ניט אנקומען צו ברכת ה' און רחמי ה' <u>במיוחד</u>, איז אויך פארשטאנדיק דער גודל הענין און די זהירות וואס דארף זיין אין דעם ענין פון "אל תגעו במשיחי - אלו תנוקות של בית רבן", ומובן דער גודל ההשתדלות וואס מ'דארף זיך משתדל זיין אריינציען יעדער אידישער קינד אין חינוך הכשר;

עאכו"כ ווען מ'שטייט אין א מעמד ומצב וואס מ'זעט בעיני בשר ווי מ'איז מסובב פון די "שבעים זאבים" - איז דאך א זיכערע זאך אז די ערשטע זאך דארף מען באווארענען דעם "אל תגעו במשיחי - אלו תינוקות של בית רבן", און אויך מוסיף זיין אין דערויף, אז אויך די תינוקות וואס מאיזה סיבה שתהי' זיינען נאך ניט קיין תינוקות <u>של בית רבן</u>,

- זאלן -

 <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

זאלן זיי ווערן תינוקות של בית רבן.

לז. וכאן המקום דערמאנען (עכ"פ בקצרה) וועגן א סברא און
א תכנית מבהילה שאין כמוה:

ס'גרייט זיך א נייע גזירה היל"ת אויף דעם חינוך פון
די תשב"ר וואס געפינען זיך אין דעם חינוך הכשר, און חינוך
על טהרת הקודש (די וואס מ'איז מכריח ע"פ החוק צו לערנען
לימודי חול):

אזוי ווי דער גלות איז אזוי שטארק ביי די איינציקע
וואס (ליידער) האבן א דעה בנוגע חינוך, און זיי זיינען
נתפעל געווארן און אראפגעפאלן ביי זיך און מ'איז צוטרייסלט
געווארן און זיך איינגאנצן פארלארן, דערפון וואס ס'איז
געקומען פב"ב פון מצרים, און האט גערעדט דבדי שלום

[בפועל האט ער גארניט געגעבן, מערניט ווי בדיבור -
דארפן אבער די עטליכע אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק
באווייזן אז בנפשם פנימה געפינען זיי זיך אין א גלות שאין
למשה ממנו],

איז מען גלייך ארויס מיט א געוואלדיקע התפעלות, און
געזאגט אז אזוי ווי דער מושל פון מצרים האט באוויזן א
תנועה של שלום, גייט מען מציע זיין (ויש אומרים אז ס'איז
שוין דא די הצעה, און שוין נתקבל געווארן) אז אין די אלע
בתי חינוך וואס באקומען אן עזר פון דער ממשלה, איז נוסף
צו די לימודי חול וואס מ'לערנט דארטן, זאל מען מוזן
לערנען אראביש!

[יעדערער קען מברר זיין צי די ידיעה איז א ידיעה
נכונה - און ס'איז שוין געווען געדרוקט אין די צייטונגען,
נאר מ'האט דאס געשריבן אין עטליכע פארוקטע שורות, ובמילא
איז מען ניט משים לב לזה, ובפרט אז ס'זיינען דא נאך זאכן
וואס עס ווייזט זיך אויס אז זיי זיינען גרעסער דערפון].

קיינעם פון די מדינות ערב איז ניט איינגעפאלן אז
מ'זאל טראכטן וועגן לערנען אידישקייט, אדער לערנען דעם
אידישן לשון, קיינעם פון זיי איז בכלל ניט איינגעפאלן אז
מ'זאל געבן עפעס מער ווי דיבור [אבער אזוי ווי "לב מלכים
ושרים ביד ה'" (ע"פ משלי כא, א), וועלן זיי מוזן געבן,
ווי ער זאגט אין היינטיקע סדרה - "ויהי בשלח פרעה את העם"];

געפינט זיך אבער א איד וואס שעמט זיך ניט און זאגט
בגלוי, אז אזוי ווי ער האט א דעה אין חינוך, און אזוי ווי
ס'איז געווען א מהפכה אין א"י דערפון וואס פב"פ האט
גערעדט אויף אראביש אין אה"ק און אין ירושלים עיה"ק -
דערפאר מוז מען מכריח זיין אז אויב מ'וויל האבן אן עזר

- פון -

פון דער ממשלה, זאל מען צונעמען פון אידישע קינדער א טייל פון די צייט וואס זיי דארפן לערנען אידישקייט, און לערנען מיט זיי אראביש!

ס׳רעדט זיך נים וועגן גאונים וואס קענען שוין כל התורה כולה - ס׳רעדט זיך וועגן די קינדער וואס לערנען אין די בתי-ספר יסודיים (וואס באקומען אן עזר פון דער ממשלה), האט מען מציע געווען (ובכמה חוגים איז מען ארוים פון די כלים דערפון וואס ער האט זיך געכאפט אויף דער "המצאה נפלאה") אז מ׳זאל צונעמען פון אידישע קינדער צענדליקער טויזנטער שעות פון לימוד התורה והיהדות, און אנשטאט דעם זאל מען לערנען די שפראך וואס דערמיט זיינען געשריבן געווארן זייערע ספרים (וואס אין כאן המקום להזכירם בשמם),

וואס אפי׳ ווען זיי וואלטן ארומגעגאנגען בטל - נעמט מען אויך צו צענדליקער טויזנטער שעות פון לימוד התורה, און נים ביי אנשים גדולים וואס האבן שוין געלערנט יהדות, נאר ביי אידישע קינדער, תינוקות של בית רבן.

ובפרט ווען מ׳געפינט זיך אין א זמן וואס מ׳דארף האבן ברכת ה׳ בגילוי ובשופי ובריבוי, למטה מעשרה טפחים - וואס אויף דערויף דארף מען האבן דעם "הקול קול יעקב", ווי תורה פסק׳נט אפ אז דאס איז די ערשטע עצה כדי צו מבטל זיין די "ידים ידי עשו" (ב"ר פס"ה, כ), וואס בעיקר טוט זיך דאס אויף דורך דעם "קול יעקב" פון תינוקות של בית רבן, ווי דער לשון המדרש (שם) אז ס׳דארף זיין "תינוקות מצפצפין בקולן".

איז נוסף לזה וואס אין פוצה פה ומצפצף צו מאנען אז אין דעם מעמד ומצב זאל מען פארגרעסערן דעם מספר השעות פון לימוד התורה, מוסיף זיין אין "הקול קול יעקב", איז אנשטאט דעם וויל מען רח"ל הילו"ת צונעמען צענדליקער טויזנטער שעות פון לימוד התורה ביי אידישע קינדער.

וואס דאס איז געווארן דערפאר וואס ער האט זיך פארלארן און געפינט זיך נים קיין ארט לגבי דער גדלות פון דעם גוי, ווארום ער רעכנט אז מסתמא איז דאס נים מצד דעם ענין פון "לב מלכים ושרים ביד ה׳"; ווארום אויב ער וואלט געטראכט אז דאס נעמט זיך פון דעם אויבערשטן, וואלט ער געטאן עפעס אן ענין וואס זאל ברענגען אז דער אויבערשטער זאל מוסיף זיין בברכותיו.

וכמדובר כמ"פ אז אפי׳ מצד דעם חשבון פון נה"ב, איז פארשטאנדיק, אז די גאנצע זאך וואס ער איז געקומען רעדן דברי שלום, איז מערניט דערפאר וואס אידן זיינען געשטאנען מיט א תוקף - קומט צוגייין איינער און באווייזט אז פון דעם דיבור של שלום אליין האט ער זיך אינגאנצן פארלארן, און ער גייט שיקן אידישע קינדער אז זיי זאלן

- לערנען -

לערנען די שפראך אין וועלכע פב"פ האט גערעדט,

וואס אפי' ווען ראס ווער געטאן ווערן מחוץ פון סדרי הלימוד, טאר מען אויך ניט אפגעבן די צייט אויף אן עניין וואס איז ניט פארבונדן מיט לימוד התורה והיהדות, עאכו"כ. אז מ'וויל אראפנעמען פון דעם מספר שעות הכי מצומצם וואס איז אפגעגעבן געווארן אויף לימוד התורה והיהדות, און מ'זאגט נאך אז אויב מ'וועט דאס ניט טאן, וועט מען ניט געבן קיין עזר אפי' פאר דעם לימוד פון לימודי קודש!

ויש להאריך בכ"ז נאכמער, אבער ממ"נ: אויב די ידיעה כמו שהיא וועט ניט א טריסל טאן, ווייס איך ניט וואס די הסברה בדבר וועט מוסיף זיין, ווארום דאס איז אן ענין וואס דארף ניט האבן קיין הסברה.

וואס די הצעה איז שוין דא עטליכע וואכן, און גלייך ווען ס'איז אנגעקומען די ידיעה, האב איך -כדרכי - געפרואווט טאן אין דעם מאחורי הפרגוד, און ליידער, איז דאס ניט מצליח, וואס דערפאר מוז מען רעדן וועגן דעם בגלוי.

און עס ווייזט אויס אז מ'וויל דאס איינשמוגלען אזוי ווי ס'וואלט געווען אן ענין וואס דארף ניט האבן קיין אפשטימונג (ווייל ס'איז ניט קיין שינוי וכו'), נאר מ'קען דאס דורכפירן דורך א הוראה פון דעם וואס איז מושל אויף דעם ענין החינוך -

וואס דערפאר איז יפה שעה אחת קודם אז מ'זאל מאכן דערפון א שטורעם, ווארום נאך רערויף וואס דאס ווערט בלשון הידוע "סטאטוס-קווא", וועט דערפון ווערן א גאנצער טומל צי מ'קען שוין עפעס משנה זיין, משא"כ איצטער, איז (לפי הידיעה שלי) אויב מ'וועט מאכן דעם שטורעם וואס מ'דארף מאכן אויף אזא ענין, וועט דאס מלכתחלה בטל ווערן, און ס'וועט ניט ארויסקומען לפועל.

לח. ויה"ר אז ס'זאל מלכהחלה ניט ווערן א פקודה, נאר אז דאס זאל נעקר ווערן מעיקרו, ביז אז ס'וועט ניט בלייבן קיין רושם פון רער טיפקייט און דער פינסטערקייט פון דעם גלות אין וועלכע ס'געפינען זיך דוקא די וואס דארפן עפעס אויפטאן בנוגע צו חינוך על טהרה הקודש.

ויה"ר אז פון דעם עניין זאל מען קוכען צו א גרעסערן הישג אכיתי - אז די גדולים וואס זיינען ממונים על החינוך זאלן מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום המצווה, און דער לימוד זאל זיין אליבא דנפשי', ניט ער זאל אריינלייגן אין הורה און ארויסקוועטשן פון איר דאס וואס ביי אים קומט אויס, נאר אז די הורה זאל אים לערנען ווי אזוי א איד דארף זיך פירן ע"פ ההורה, ועאכו"כ ווי ס'דארף זיך פירן א איד

- וואס -

וואס קען אויפטאן עפעס אין חינוך,

און מ'וועט אויך מוסיף זיין אין "חנוך לנער" פון תינוקות של בית רבן - אין לימוד התורה האמיתית אן קיינע פשרות, וואס דאס וועט ברענגען צום קיום המצוות, אויך אין אן אופן אז דאס וועט זיין אן קיינע פשרות.

און דעמולט וועט דער אויבערשטער זיכער מקיים זיין דעם יעוד פון דער גאולה, אז מ'וועט ניט יוצא זיין מיט א גאולה רוחנית, דאס וואס די נשמה איז ניט אין גלות, נאר ס'וועט זיין א גאולה אן קיינע פשרות - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס דאס וועט זיין דורך דערויף וואס אידן וועלן שטיין בקומה זקופה און ביד רמה נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, און וועלן זאגן אז זיי גייען דערפאר וואס משה שטייט בראשם, וואס משה איז דער שליח פון דעם אויבערשטן, און ער גיט איבער דעם דבר ה', אז דער אויבערשטער האט געזאגט "שלח את עמי ויעבדוני" (וארא ז, טז), אז מ'זאל גיין דינען דעם אויבערשטן

[וואס דאס איז דאך דער תכלית ושליחות פון יעדער רב און יעדער ת"ח, ווי די גמ' (שבת קא, ב. פירש"י ד"ה משה חולין צג, א) זאגט אז אויף יעדער ת"ח זאגט מען "משה שפיר קאמרת" - אז ער זאגט גוט, דערפאר וואס ער זאגט וואס משה רבינו האט געזאגט],

און דעמולט ווערן נתפעל דערפון פרעה וכל עבדיו, ביז אז ס'וועט זיין דער ענין פון "בשלח פרעה את העם", ביז צו דעם ענין פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה", ובקרוב ממש.

* * *

לס. ס'איז דאך אויך רגיל צו דערמאנען אין דער התוועדות פון יו"ד שבט וועגן דעם ענין פון "קרן תורה" - אז די וואס ווילן קענען זיך משתתף זיין אין מחזיק זיין די אידן וואס לערנען תורה לשמה אן קיינע כוונות [אפי' ניט צוליב כוונות כשרות (ווארום ברשיעי לא עסקינן (יומא ו, א)), מערניט אז דאס איז שלא לשמה],

און די וואס ווילן קענען אויך שרייבן אויף א באזונדער צעטל שמו ושם אמו, להזכירו על הציון פון בעל ההילולא.

עד"ז וויל מען אויך דערמאנען וועגן די שיעורים פון חת"ת, חומש תהלים און תניא, וואס דער בעל ההילולא האט מפרסם געווען און האט זיך געקאכט אין דעם, און געבעטן אז מ'זאל דאס איינפירן בכל מקום שהוא, סיי ביי חסידים און סיי ביי די וואס זיינען ניט קיין חסידים, ביז אפי' ביי דעם וואס "בשם ישראל יכונה".

- מ. -



הנחת הת' בלתי מוגה

מ. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל זיין דער ענין פון "כי מלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים" נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות - דורך לימוד התורה, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה, און דער לימוד זאל זיין אין אן אופן וואס איז מביא לידי מעשה - קיום המצוות בהידור.

ובקרוב ממש וועט דאס אויפטאן דעם ענין פון "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, וגרם לו ולהם תשועה והצלה" - די תשועה והצלה האמיתית, וואס דאס איז די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משית צדקנו, יבא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

און ס׳וועט זיין דער ענין פון "תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן", ווי מ׳זאגט אין דעם שיעור תומש פון היינטיקן טאג (דער יום ההילולא) - אז אויף די אלע וואס זיינען מצירים לישראל (וואס "כל המלכיות נקראות ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל"), איז "תפול עליהם אימתה ופחד",

ובקרוב ממש וועט זיין "תבאמו ותטעמו בהר נחלתך גו׳ מקדש אד׳ כוננו ידיך", ביז צו "ה׳ ימלוך לעולם ועד" (בשלת טו, יח), למטה מעשרה טפחים, און זעהן דאס בעיני בשר בגילוי ממש, בביאת משיח צדקנו.

את"כ אמר: מסתמא וועט מען פאנאנדערטיילן די צעטלעך וכו׳.

* * *

צוה לנגן לכתחילה אריבער. עוצו עצה. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים.

את"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

צוה לנגן והדיקותי לכס ברכה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* *

*



הנחת הת׳ בלתי מוגה

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט ה'תשל"ה.

הנחה הת' בלתי מוגה

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

א. די התוועדות איז דאך א המשך פון דער התוועדות פון יו"ד שבט, און ס'איז אויך מוצאי "שבת שירה".

און וויבאלד אז "שבת שירה" איז תל (בקביעות ש.ז.) בי"ג שבט - באווייזט דאס נאכמער אויף די שייכות צווישן "שבת שירה" מיט יו"ד שבט, ווארום דער המשך המאמר פון יום ההילולא איז פארבונדן מיט י"ג שבט (וואס ביידע מאמרים (דער מאמר פון יו"ד שבט, און דער מאמר פון י"ג שבט) זיינען ארויסגעגעבן געווארן צוזאמען, איינער בהמשך צום צווייטן, דורך דעם בעל ההילולא),

ביז וואנעט אז די קיצורים אויף דעם המשך ההילולא, און אויך דער סיום המאמר בהמשך צום דיבור המתחיל - זיינען דא מערנים ווי אין די צוויי מאמרים (יו"ד שבט, און י"ג שבט) - וואס דאס איז נאכמער מדגיש די שייכות והמשך שביניהם, ביז אז דאס ווערט איין זאך (אזוי ווי יעדער המשך אין עניני קדושה).

ב. וואס דערפאר איז כדאי צו אנהויבן מיט אן ענין של שירה, און א שירה וואס איז פארבונדן מיט די ענינים אין וועלכע דער בעל ההילולא האט זיך געקאכט - דער ענין פון "ופרצת", און ס'זאל זיין "ופרצת" אין דער שירה פון "ופרצת" גופא.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער הפטרה פון היינטיקע סדרה, וואס דארטן שטייט "צדקת פזרונו בישראל"[1], וואס "פזרונו" איז דאך מלשון "פרזות תשב ירושלים"[2], ווי רבותינו נשיאינו טייטשן אפ[3], וואס דאס איז דער "ופרצת" אין ירושלים, כמאמרז"ל[4] "עתידה ירושלים להיות כא"י וא"י ככל העולם כולו".

און ס'זאל זיין דער "ופרצת" בכל העולם כולו נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות - און דאס זאל נאך שנעלער פורץ זיין די שיריים פון דעם גלות, ביז אז ס'וועט מקוים ווערן (און מ'וועט דאס זעהן בעיני בשר) דער ענין פון "עלה הפורץ לפניהם"[5], ווי ער טייטשט אפ אין מדרש[6] אז

- דאס -

---

1) יהושע ה, יא. 2) זכרי' ב, ח. 3) ראה אוה"ת בשלח ע' תרפא. 4) יל"ש ישעי' רמז תקג. 5) מיכה ב. יג. 6) ב"ר פפ"ה, יד. ובפירש"י שם.

- ב -

דאס גייט אויף מלכא משיחא.

וואס דאס (מלכא משיחא) איז אויך פארבונדן מיט סעודת מלוה מלכה, ווארום די סעודה ווערט דאך אנגערופן סעודתא דדוד מלכא משיחא[7],

בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

ג. וויבאלד אז די התוועדות איז בהמשך צו דער התוועדות פון יו"ד שבט - איז כאן המקום צו מוסיף זיין ביאור אין כמה נקודות וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות פון יו"ד שבט.

און וויבאלד אז א התוועדות איז דאך פארבונדן מיט אן ענין של שמחה, און ס'איז ניטא קיין שמחה ווי די שמחה פון "גמרה של תורה"[8], אן ענין של סיום - וועט מען מבאר זיין נקודות אחדות אין דעם סיום פון מסכת נזיר, וואס האט זיך גערעדט אין דער התוועדות פון יו"ד שבט.

ובפרט אז מסכת נזיר האט א שייכות מיוחדה מיטן בעל ההילולא, ווארום שמו איז געווען "יוסף", און יוסף איז געווען "נזיר אחיו"[9], ואין ענין יוצא מידי פשוטו - דער ענין פון א "נזיר". ובפרט לויט ווי דער ראגאטשאווער[10] איז מבאר די שייכות פון יוסף מיט "נזיר" כפשוטו.

ד. וואס דאדסן[11] האט זיך גערעדט וועגן דעם ענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך", און געבדאכט דעם ביאור בזה פון ספרי קבלה[12] (אע"פ אז מ'האט זיי ניט דערמאנט בשמם), און פון מאמרי רבותינו נשיאינו[13].

און מ'האט אויך מבאר געווען דעם קשר שבזה מיטן בעל ההילולא, און מיט פעולהו אשר פעל במשך ימי חייו בחיים חיותו בעלמא דין, וואס די נקודה העיקרית אין וואס ער האט זיך געקאכט איז דאך געווען דער ענין המעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[14] -

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "גדול העונה

- אמן -

------------

7) סידור האריז"ל להרד"ש מרשקוב. פע"ח סוף שער השבת.
8) ראה רמ"א או"ח סתרס"ט. 9) ויחי מט, כו. ודאה שבת קלט, א. ב"ר פצ"ח, כ. 10) צפע"נ כ"פ וישב. 11) שיחת יו"ד שבט סכ"ו ואילך. 12) בכ"ז ראה זח"א קס, א. זח"ג רכט, א. רעא, א. ועוד. תקו"ז ת"י. הי"ה. 13) אוה"ת בראשית תקסו, א. לקו"ש נשא השל"ו סי"א ואילך. ובכ"מ. 14) אבות פ"א מי"ז.

אמן יותר מן המברך", ווארום דער אויפטו פון דעם "עונה אמן" לגבי דעם "מברך" איז, ווי די גמרא זאגט, אז דער "מברך" איז בדוגמת "גוליירים מתגרין במלחמה", ד.ה. אז דאס איז מערניט ווי די התחלה ופתיחה פון דעם ענין, און דערנאך קומט דער ענין פון "עונה אמן", וואס דאס איז בדוגמת "גבורים נוצחין", דער ענין הנצחון בפועל, וואס דאס איז דער תכלית און דער מכוון אין דעם ענין המלחמה.

וואס לכאו' איז ניט מובן: צוליב וואס דארף מען האבן מלכתחלה די חלשים? - איז דער ביאור בזה, אז ס'דארף זיין די פתיחה און התחלת הענין, וואס דאס טוען אויף די חלשים, ועד"ז בנוגע צו דעם "מברך" און "העונה אמן", אז ס'דארף זיין פתיחת והתחלת הענין, וואס דאס טוט אויף דער "מברך"[15], מלשון ברכה והשפעה, און דערנאך קומט דער "עונה אמן", וואס דאס איז בדוגמת "גבורים נוצחין". און ווי דאס איז אויך בפשטות, אז פריער דארף זיין דער "מברך" וואס זאגט די ברכה, און ערשט דערנאך קען קומען דער "עונה אמן".

ה. כמדובר כמ"פ אז יעדער דוגמא ומשל שבתורה, איז וויבאלד אז תורה איז "תורת אמת", איז פארשטאנדיק, אז אלע פרטים שבזה זיינען בדיוק, און דאס איז מתאים בכל הפרטים.

[לאפוקי פון דעם וואס דער רמב"ם[16] איז מפרש (בנוגע די משלים ודוגמאות שבתורה) באופן אחר, וואס אין כאן המקום לבאר פארוואס איז ער מבאר באופן אחר.

וואס דאס איז דאך דער חילוק צווישן חכמת החקירה (פון חוקרי ישראל האמיתיים) מיט חכמת האמת, וואס דאס איז פנימיות התורה (ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ דעם נאמען אין הל' ת"ת[17]) - אז אין פנימיות התורה (חכמת האמת) זעט מען יעדער ענין ווי ער איז לאמיתתו, און דארטן טייטשט מען אפ (ביז וואנעט אז דאס איז מובן ופשוט אויך אין נגלה דתורה) אז יעדער משל ודוגמא שבתורה דארף זיין מתאים בכל הפרטים, און יעדער פרט איז בדיוק].

וואס אין דערויף איז דא דער דיוק וואס די גמרא זאגט "עונה אמן" דוקא [און ווי גערעדט פריער[18] אז "אמן" איז בגימט' שם הוי' און שם אד'], וואס לכאו', מצד דעם ענין פון "גבורים נוצחין", קען מען זאגן אויך אן אנדער לשון וואס באווייזט אז דער ענין איז אן אמת'ער און האט א קיום וכו', ניט דוקא דעם לשון "אמן", און אעפ"כ איז די גמרא מדייק און זאגט "עונה אמן" דוקא. - מדייק -

------------

15) ראה לקמן ס"ז-ח. 16) בהקדמתו למו"נ. 17) פ"א ה"ד. 18) ד"ה באתי לגני דיו"ד שבט.

מדייק און זאגט "עונה אמן" דוקא.

ו. איז דער ביאור בזה - בהקדים המבואר אין ראגאטשאווער[19] דער אויפטו פון "אמן" לגבי אנדערע ביטויים וואס באווייזן אויך אז מ'איז מקבל דעם ענין:

בנוגע צו דעם ענין פון שבועה, דארף מען ניט האבן אז ער זאל אליין שווערן, נאר אפי' אויב א צווייטער איז אים משביע, און ער איז מסכים און איז מקבל אויף זיך די שבועה, איז דאס אזוי ווי ער וואלט אליין געשווארן.

און דא העלפט ניט דאס וואס דער צווייטער איז שותק, אע"פ אז מ'קען דאס לכאו' טייטשן אלס "שתיקה כהודאה דמיא"[20], נאר מ'דארף האבן אז די הסכמה זאל זיין בדיבור[21], דורך דערויף וואס ער זאגט "אמן" וכיו"ב.

וואס בנוגע צו א מושבע מפי אחרים, דארף מען ניט האבן ער זאל זאגן דעם לשון "אמן" דוקא, ווי דער רמב"ם[22] זאגט: "ואחד העונה אמן, או האומר דבר שענינו כענין אמן, כגון שאמר הן, או מתוייב אני בשבועה זו, קבלתי עלי שבועה זו כו', הרי"ז כנשבע לכל דבר".

א דוגמא צו דעם ענין פון מושבע מפי אחרים, געפינט מען בפירוש אין תושב"כ בנוגע צו א סוטה, וואס זי אליין שווערט ניט, נאר "והשביע הכהן את האשה גו'", און "ואמרה האשה אמן אמן"[23].

אבער די שבועה פון א סוטה איז אנדערש פון אלע איבעריקע שבועות, ווארום אין אלע שבועות דארף מען ניט האבן דעם לשון "אמן" דוקא (כנ"ל), משא"כ ביי א סוטה וואס זי דארף זאגן דעם לשון "אמן" דוקא[24].

און ער איז מבאר אז דער אויפטו פון "אמן" איז, אז דאס איז א הסכמה ניט נאר אויף דעם תוכן פון כללות הענין, נאר אויך אויף די פרטים שבו, און אפי' אויף דעם לשון פון דעם משביע (ווי ער ברענגט דארטן דאס וואס די גמ'[25] זאגט "כל העונה אמן אחר שבועה, כמוציא שבועה מפיו דמי", ד.ה. אז אין דעם לשון פון "אמן" איז נכלל אפי' דער לשון פון דעם משביע).

און ער איז מבאר די נפק"מ בזה (אז "אמן" איז א

- הסכמה -

------------

19) צפע"נ כהדו"ת ע' ז. ע' סח ואילך. 20) יבמות פז, ב. 21) שבועות כו, ב. רמב"ם הל' שבועות רפ"ב. שם ה"י. הל' נדרים רפ"ב. 22) הל' שבועות רפ"ב. 23) נשא ה, כא-כב. 24) ירושלמי סוטה פ"ב ה"ה. 25) שבועות שם. וראה שם לו, א.

הנחה הה' בלתי מוגה

הסכמה אויך אויף די פרטים ולשון פון דעם משביע): בשעת מ׳זאגט אז נאר דער וואס איז נשבע בשם איז חייב מלקות, - איז ווען ער איז מושבע מפי אחרים, און יענער האט געזאגט די שבועה בשם, איז אויב ער האט געענטפערט "אמן", איז דאס פונקט ווי ער איז נשבע בשם, ווארום דער לשון "אמן" איז א הסכמה אויף אלע פרטים ביז אויף דעם לשון פון דעם משביע, משא"כ אויב ער האט געענטפערט מיט אן אנדער לשון (ניט "אמן"), וואס דעמולט איז דאס ניט קיין שבועה בשם.

און דאס איז דער ביאור פארוואס מ׳דארף האבן ביי א סוטה דעם לשון "אמן" דוקא:

ביי א סוטה האט די תורה מחדש געווען אז ס׳איז ניט מספיק אז די וועט אליין שווערן, נאר ס׳דארף זיין "והשביע הכהן את האשה", און זי דארף מסכים זיין אויף דער שבועה.

וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז זי געפינט זיך אין דעם "מקום קדוש", און ס׳איז דא די "מים המרים המאררים", איז פארוואס קען זי אליין ניט שווערן, לכאו׳ איז דאך די שבועה וואס זי שווערט אליין בתוקף יותר?

איז דער ביאור בזה, אז דא האט די תורה מחדש געווען אז אין דער שבועה דארף מען האבן דעם תוקף פון א כהן דוקא, "והשביע הכהן את האשה" (נאר דערצו דארף מען אויך האבן איר הסכמה, כדי אז די שבועה זאל חל זיין אויף איר).

און דערפאר דארף מען האבן אז זי זאל ענטפערן "אמן" דוקא, ווארום מ׳דארף האבן איר הסכמה ניט נאר אויף כללות ענין השבועה (אז ס׳זאל זיין "ונקתה ונזרעה זרע"[26], אדער להיפך ח"ו), נאר אויך אויף דעם תוקף מיוחד וואס איז דא אין דער שבועה (דער תוקף פון א כהן), וואס דערפאר דארף זי זאגן דעם לשון "אמן" דוקא, ווארום "אמן" איז א הסכמה אויף אלע פרטי הדבר (אויך אויף דעם תוקף נוסף וואס איז לכאו׳ ניט פארבונדן מיט כללות הענין), כנ"ל.

ז. עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם דיוק פון "גדול העונה אמן" דוקא:

ווען מ׳וואלט געזאגט אז עיקר המעלה באשטייט אין דעם "עונה אמן", וואס ער איז מאכט דעם ענין הברכה, און ער דארף ניט אנקומען צו די מעלה פון דעם "מברך" (ער זאל אריינעמען אין זיך דעם גאנצן תוקף און די פרטים פון דעם "מברך"),

- ע"ד -

------------

26) נשא שם, כח.

[ע"ד ווי אין דעם משל פון "גבורים נוצחין", וואס לכאו׳, דארפן זיי ניט אנקומען אז זייער נצחון זאל זיין פארבונדן מיט רער התחלה פון די "גוליירים", אז ס׳זאל זיין אין דעם זעלבן אופן און מיט די זעלבע כלי נשק וכו׳] -

וואלט מען טאקע ניט געדארפט האבן דעם ענין פון "עונה <u>אמן</u>" דוקא, נאר ס׳וואלט געווען גענוג אן אנדער לשון וואס איז מאמת דעם ענין הברכה;

וויבאלד אבער אז ס׳איז אויך דא א מעלה אין דעם "מברך", וואס ער טוט אויף די פתיחה און התחלת הענין, און מ׳וויל האבן אז דער "עונה" זאל אויך אריינעמען די אלע פרטים און דעם תוקף ומעלה פון דעם "מברך" - דערפאר דארף מען האבן דעם ענין פון "עונה <u>אמן</u>" דוקא, וואס דער ענין פון "אמן" איז, אז ער איז מאמת ניט נאר דעם כללות הענין, נאר אויך אלע <u>פרטים ותוקף</u> פון דעם ענין.

ח. ע"פ האמור אז אין דעם "מברך" איז אויך דא א מעלה (וואס ער טוט אויף התחלת הענין), וואס דארפאר דארף מען האבן דעם ענין פון "עונה <u>אמן</u>" דוקא, איז פארשטאנדיק, דאס וואס די גמ׳ זאגט "אחד המברך ואחד העונה במשמע, אלא שממהרין למברך תחלה" - "ליתן שכר"[27] - וויבאלד אז דער "מברך" האט די מעלה וואס ער טוט אויף פתיחת וההחלת הענין.

וואס דאס איז ניט קיין סתירה צו דעם וואס די גמרא זאגט "גדול העונה אמן יותר מן המברך" - ווארום מר אמר חדא ומר אמר חדא ולא פליגי; דא רעדט מען וועגן די מעלה פון דעם "מברך", און דא רעדט מען וועגן די מעלה פון דעם "עונה אמן".

וכידוע די שיטה פון רמ"ע מפאנו[28] וואס ער איז מבאר כמה ענינים וואס די גמ׳ זאגט אז דאס איז א פלוגתא - אז מר אמר חדא ומר אמר חדא ולא פליגי [ווי ס׳ווערט אראפגעבראכט אין לקו"ה[29] (בנוגע צו דעם ענין פון "מקל שקדים") אויף דעם מאמרז"ל[30] אז "אדם נידון בכל יום וכו׳"],

ועד"ז איז פארשטאנדיק אויך בנדו"ד, אז אע"פ אז ע"ד ההלכה זאגט די גמ׳ "התנאי היא", אעפ"כ, ע"ד הרמז והדרוש והסוד (און אפי׳ ע"ד הפשט), קען מען זאגן אז מר אמר חדא ומר אמר חדא ולא פליגי.

וואס עפ"ז ווערט פארענטפערט דאס וואס מ׳געפינט אין

- קבלה -

------------

27) פירש"י. 28) עש"ב מאמר הקור דין ח"ב פ"א. פכ"ו.
29) ס"פ קרח. 30) ר"ה טז, א.

קבלה און חסידות ביאורים ארוכים אויף דעם ענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך", אע"פ אז להלכה איז דער פס"ד[31] אז ס'דארף זיין "חטוף ובריך", וואס דערפאר איז דאך דער דין אז דער גדול איז דער "מברך"[32] (און ניט אז דער גדול זאל אפגעבן אמירת הברכה צום קטן, כדי אז ער זאל זיין דער "עונה אמן", ווארום "גדול העונה אמן יותר מן המברך") - וואס לכאו' איז דאך דאס א סתירה?

איז דער ביאור בזה, אז בנוגע להלכה פסק'נט מען טאקע אז ס'דארף זיין "חטוף ובריך", מצד די מעלה וואס איז דא אין פתיחת והתחלת הענין; דערנאך קומט אבער דער חלק הרמז והדרוש והסוד שבתורה, און איז מבאר אז ס'איז דא א מעלה אין סיום הדבר דוקא (ביז אין דעם סוף פון אחרית הימים), וואס דערפאר איז "גדול העונה אמן יותר מן המברך".

וואס דאס (די מעלה אין סיום הדבר דוקא) איז בדוגמא ווי דאס איז אין סדר לימוד התורה, אז פריער לערנט מען נגלה דתורה, און ערשט דערנאך קומט מען צום לימוד פון פנימיות התורה, ביז אז מ'זאגט "אשרי מי שבא לכאן ותלמודו בידו"[33], אז דורך לימוד נגלה דתורה אין עוה"ז, קומט מען דערנאך צום לימוד פון פנימיות התורה אין ג"ע[34].

ד.ה. אז ס'איז דא א מעלה אין דעם "מברך", וואס ער טוט אויף די פתיחה והתחלת הענין, וכמובן אויך בפשטות אז דער גאנצער ענין פון עניית אמן איז שייך ערשט נאך דערויף וואס דער "מברך" מאכט די ברכה (וואס ערשט דעמולט קומט דער ענין פון "אמן", אויף צו מאמת זיין די ברכה);

ולאידך, איז דא די מעלה אין "העונה אמן", וואס ער איז מאמת און ממשיך די ברכה למטה, וואס דאס איז אין אלע ברכות בשוה.

בפרטיות, זיינען דא חילוקים צווישן דעם "אמן" פון איין ברכה מיט די צווייטע -

כמובן אויך דערפון וואס ס'איז מבואר אין כתבי האריז"ל בכ"מ[35] אז ס'זיינען דא כו"כ סוגים אין אמירת אמן: דער אמן וואס מ'זאגט נאך די ח"י ברכות השחר, דער אמן וואס מ'זאגט נאך קדיש, דער אמן וואס מ'זאגט אין תפלת העמידה וכו', וכמבואר די חילוקי הכוונות שבזה,

וכמובן אויך בפשטות, ווארום וויבאלד אז דער ענין פון - "אמן" -

------------

31) שו"ע או"ח סר"א ס"ד. 32) שם ס"א. 33) פסחים נ, א. וש"נ. 34) לקו"ת בהר מ, ב. ועוד. 35) ראה פע"ח שער כוונת אמן (פ"ב). שעה"כ ענין כוונת חזרת העמידה דרוש ה'.

"אמן" איז מחזק זיין און מאמת זיין די ברכה, איז דאך פארשטאנדיק, אז וויבאלד די בדכות אליין זיינען מתולקות, זיינען דא תילוקים אויך אין דעם ענין פון עניית אמן;

אבער דער צד השוה וואס איז דא אין דעם "אמן" שבכל הברכות איז, אז ער איז מאמת ומחזק דעם ענין הברכה, וואס דערפאר איז "גדול העונה אמן יותר מן המברך".

ט. האמור לעיל (די מעלה וואס איז דא אין "העונה אמן") איז דאך אן ענין וואס איז מבואר אין קבלה און אין חסידות - האט אבער דער אויבערשטער מצליח געווען אז דאס איז אויך פארשטאנדיק פון דברי המהרש"א בתדא"ג שלו.

וואס דער מהרש"א איז דאך געווען א גרויסער ראש ישיבה, און האט אויסגעהאלטן די בני הישיבה בשלימות, סיי ברוחניות און סיי בגשמיות, כידוע בדברי הימים שלו,

וואס דאס איז בדוגמא צום מעמד ומצב וואס וועט זיין לע"ל, אז די תורה וועט אויסהאלטן אידן סיי ברוחניות און סיי בגשמיות, און מ'וועט ניט דארפן אנקומען צו קיינע אנדערע ענינים, משא"כ בזמן הזה וואס "הרבה עשו כרשב"י ולא עלתה בידם"[36], און די הנהגה דארף זיין אזוי ווי ר' ישמעאל.

די גמ'[37] זאגט אז "אין עונין אמן במקדש", נאר בגבולין האט מען געענטפערט "אמן".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז "גדול העונה אמן יותר מן המברך" (עאכו"כ לויט ווי דער ענין איז מבואר אין פנימיות התורה) - איז ווי קומט דאס אז אין ביהמ"ק (וואס דארטן איז מאיר אלקות בגילוי) האט מען ניט געענטפערט אמן, און בגבולין האט מען יע געענטפערט אמן?

איז מבאר דער מהרש"א אין תדא"ג: "לפי דעת המקובלים מלת אמן שהוא קיום והאמנת הדבר, הוא מחבר ומצרף שם הקרי והכתיב, דהיינו שם אד' ושם הוי' במספר צ"א כמנין אמן", און דערפאר איז "גדול העונה אמן יותר מן המברך" - "שהוא מצרף הכתיבה".

און עפ"ז איז ער מבאר פארוואס "אין עונין אמן במקדש" נאר בגבולין:

דער חילוק צווישן ביהמ"ק מיט גבולין איז, אז אין ביהמ"ק איז געווען (דער כתיב און) אויך דער קרי בשם הוי', משא"כ אין גבולין וואס דארטן איז געווען דער קרי בשם אד'[38].

- און -

---

36) ברכות לה, ב. 37) סוטה כ, ב. וש"נ. 38) הכיד פ"ז מ"ב. סוטה לז, סע"ב ובפירש"י שם.

און דערפאר האט מען געענטפערט "אמן" בגבולין, ווארום וויבאלד אז בגבולין איז געווען דער קדי בשם אד׳, האט מען געדארפט אנקומען צו עניית "אמן", כדי צו מצרף זיין דעם כתיב (פון שם הוי׳) צום קרי (פון שם אד׳), וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך עניית "אמן", ווארום "אמן" איז בגימט׳ הוי׳ און אד׳ (כנ"ל), וואס דאס איז מגלה אז די פנימיות פון שם אד׳ (שבקרי) איז שם הוי׳ (שבכתיב);

משא"כ אבער אין ביהמ"ק, וואס דארטן איז געווען סיי דער כתיב און סיי דער קדי בשם הוי׳, דארף מען ניט אנקומען צו עניית "אמן", ווארום שם הוי׳ איז געשטאנען בגלוי אויך אין דעם קדי, ביז וואנעט אז כל השומעים האבן געהערט דעם שם הוי׳.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל המעלה וואס איז דא אין "העונה אמן", אז דאס איז דער קיום והאמנת הדבר, און דאס איז מגלה די פנימיות וואס איז דא אין דעם שם אד׳ (שבקרי), אז דאס איז שם הוי׳ (שבכתיב).

[וואס אע"פ אז דער מהרש"א איז דאס מייסד אויף "דעת המקובלים" - איז דאך דאס אבער געדרוקט אין אלע ש"ס׳ן, און יעדערער וואס לערנט דעם חלק ההלכה שבפידוש מהרש"א, לערנט ער אויך דעם תלק האגדה שבפידוש המהדש"א].

י. האמור לעיל (ס"ט) בנוגע צו דער ברכה שבביהמ"ק, איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ׳האט גערעדט פריער" אז דער ענין פון "אמן" איז, ממשיך זיין דעם ענין הברכה אין עוה"ז התחתון שאין למטה ממנו, וואס דאס איז פאדבונדן מיט די מעלה פון מעשה בפועל, אז מ׳נעמט אן ענין פון עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, און מ׳איז אים מהפך צו קדושה. והביאור בזה:

די כוונה אין דעם ענין הברכה שבביהמ"ק (וואס מ׳האט גערעדט פריער (ס"ט)) איז דאך, ניט אז דאס זאל בלייבן אין דעם שטח פון ביהמ"ק, נאר אז דאס זאל נמשך ווערן בכל העולם כולו"[39], ד.ה. אז דער ענין וואס איז דא אין ביהמ"ק זאל נמשך ווערן אויך "בגבולין".

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון אמירת "אמן" [וואס אין אמידת "אמן" איז דאס נאך בדמז, און דאס ווערט נתגלה דורך פנימיות התודה, ביז דורך דעם חלק הדרוש והאגדה אין פירוש המהרש"א], ווי גערעדט פריער (פון פירוש

- המהרש"א) -

------------

39) ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה. ודאה פידש"י ד"ה שקופים - מנחות פו, ב.

המהרש"א) אז דער ענין פון עניית "אמן" בגבולין, טוט אויף און איז מגלה דעם שם הוי׳ וואס איז דא אין דעם שם אד׳, ד.ה. אז בגבולין זאל אויך מאיר זיין דער שם הוי׳, בדוגמא ווי אין ביהמ"ק.

יא. אין דערויף קומט צו נאך א רמז:

דער ענין וואס דער מהרש"א ברענגט אראפ פון "דעת המקובלים", שטייט אויך אין שו"ע להאריז"ל[40] אלס א הוספה פון "צמח".

און ס׳איז מבואר אין די ספרים פון דברי הימים, אז "צמח" האט געשטאמט פון די "אנוסים", און ער איז אנטלאפן פון די מקומות וואו ס׳זיינען געווען די גזירות אויף אידן, און ער האט זיך אומגעקערט צו שמירת התומ"צ בגלוי, און ער איז געווארן פון תלמידי ר׳ חיים וויטאל,

ביז וואנעט אז ס׳זיינען דא כו"כ ענינים אין "חכמת האמת" וואס מ׳ווייסט זיי נאר פון הגהת צמח, און המון רב פון זיינע הגהות ווערן אראפגעבראכט אין ספרי קבלה[41], און כו"כ מהם ווערן אויך אראפגעבראכט אין ספרי חסידות[42].

וואס דאס איז פארבונדן עם המדובר לעיל, בנוגע צו די פעולות פון דעם בעל ההילולא, וואס ער האט זיך געקאכט אז מ׳זאל געפינען א אידן וואס איז אן "אנוס", אדער דערפאר וואס ער איז נשבה לבין העכו"ם, אדער דערפאר וואס "יצרו אנסו"[43] - און טאן מיט אים אין אן אופן פון "ופרצת", ביז וואנעט אז דער "אנוס" וועט אליין ווערן א משפיע, אין אן אופן פון "ופרצת".

וואס דאס איז דאך בדוגמא ווי מ׳געפינט ביי "צמח", וואס ער איז געווען פון די "אנוסים", און דערנאך האט ער זיך אומגעקערט צו שמירת התומ"צ בגלוי, ביז וואנעט אז ער איז געווארן פון תלמידי ר"ח וויטאל, און ווערט אראפגעבראכט אין ספרי קבלה וחסידות.

יב. און דאס איז אויך פארבונדן מיט כללות הענין פון "גדול העונה אמן כו׳":

ס׳איז מבואר בארוכה אין ד"ה להבין ענין הברכה פון

- דעם -

---

40) הל׳ נט"י דשחרית סכ"ז. וראה גם רמ"ז לזח"ג רפה, א - הובא בפי׳ נצו"א שם. 41) ראה הקדמת מהר"ם פאפירש לעץ חיים. שה"ג בערכו (יעקב צמח). מע׳ ספרים ע׳ קול ברמה. 42) לקו"ת חקת נז, ג. 43) ראה רמב"ם הל׳ גירושין ספ"ב.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

דעם אלטן רבי'ן[44], און אויך אין די ביאורים והערות לזה פון דעם צ"צ[45], און אין המשך חייב אדם לברך[46] פון רבי'ן מהר"ש, אז ס'איז דא דער ענין פון "פותח בברוך" און דער ענין פון "חותם בברוך".

וואס בשעת אז די ברכה איז א ברכה ארוכה (זי האט א סגנון ונוסח ארוך), ד.ה. אז מ'דארף דאס ממשיך זיין ביז אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, און אז ס'זאל זיין דער "גבורים נוצחין" - דארף מען האבן דעם "חותם בברוך", ווי ער איז דארטן מבאר אז "חותם בברוך" איז בדוגמת הענין פון "עונה אמן".

ס'איז אבער דא אן אויפטו אין דעם ענין פון "עונה אמן" לגבי דעם ענין פון "חותם בברוך":

דער ענין פון "חותם בברוך" איז א טייל פון דער ברכה, ד.ה. אז דאס זאגט דער "מברך" אליין, ניט קיין זולת, ווערט [וואס דורך דעם באווארענט ער אז דער קטרוג זאל ניט קענען אפשטעלן המשכת הברכה (ע"ד ווי דער מהרש"א איז מבאר אז דער "עונה אמן" איז מבטל דעם קטרוג וואס קען זיין אויף דעם)].

מ'דארף דאך אבער האבן אז דאס זאל אראפקומען במעשה בפועל אין וועלט - אויף דערויף קומט דער ענין פון "עונה אמן", אז דער זולת, וועלט אליין, שרייט "אמן". וואס דאס איז דער אויפטו פון "עונה אמן" לגבי דעם ענין פון "חותם בברוך" - אז דער קיום הברכה טוט זיך אויף מצד דעם זולת גופא.

און דאס איז דער המשך להמדובר לעיל - אז ס'איז ניט בענוג אז מ'פועל'ט דעם ענין פון "ופרצת" בנוגע צו זיך אליין, און אפי' אז מ'פועל'ט ביי זיך דעם ענין פון מעשה בפועל, וואס דעמולט האט ער שוין דעם "פותח בברוך" און "חותם בברוך" - נאר ער דארף אויך אויפטאן דעם ענין פון "עונה אמן" - פועל'ן אויף א צווייטן אידן ער זאל ווערן אן "עונה אמן".

וואס דעם ענין (אויפטאן ער זאל זיין אן "עונה אמן") קען ער אויפטאן אויך מיט אזא וואס איז ניט קיין "חכם" וואס ווייסט נוסח הברכות [ווי די גמ'[47] דערציילט אז מ'האט אויסגעפרואווט אן אמורא צי ער ווייסט נוסח הברכות, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אויף צו וויסן נוסח הברכות דארף מען זיין א "חכם"[48]], ווארום אויף עניית אמן איז גענוג ער זאל זיין א "<u>תלמיד</u> חכם", אז ער וויל טאן דאס וואס דער

- "חכם" -

------------

44) תו"א ו, ב ואילך. 45) אוה"ת בראשית ע' 1118 ואילך. 46) תרל"ח פל"ד. 47) ברכות לח, א. 48) ראה שם נ, א.

"חכם" הייסט אים, וואס דעמולט טוט ער אויף דעם ענין פון "מרבים שלום בעולם", כמדובר לעיל[49] בארוכה[50].

יג. וכמדובר לעיל אז דער ענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך" איז, אז ער איז מקיים ומאמת דעם ענין הברכה, און ניט נאר אז ער איז ממשיך דעם כללות ענין הברכה, נאר ער איז ממשיך די ברכה מיט אלע פרטים און מיטן גאנצן תוקף פון דער ברכה, ווי גערעדט פריער (ס"ו) בארוכה וואס דער ראגאטשאווער איז מבאר בנוגע צו שבועת סוטה,

וואס אין דעם סיום פון מסכת סוטה רעדט זיך וועגן עקבתא דמשיחא - און דאס איז די הכנה צו ביאת משיח צדקנו.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "סוטה" - ווארום בנוגע צו סוטה שטייט "ונקתה ונזרעה זרע"[26], אז "אם היתה יולדת נקבות יולדת זכרים"[51];

און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין דער אויפטו פון "ולציון יאמר איש ואיש יולד בה"[52]:

די עבודה פון אידן בזמן הגלות איז אין אן אופן וואס מ'מוז אנקומען צו דעם ענין פון "הקב"ה עוזרו"[53], ובמילא איז די עבודה פון אידן אין אן אופן של "נקבה", ווארום "איש מזריע תחלה יולדת נקבה"[54];

משא"כ אבער לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון "נקבה תסובב גבר"[55], וועט זיין "ולציון יאמר איש ואיש גו'", אז אפי' "<u>בת</u> ציון" וועט אויך ווערן אן "<u>איש</u>", כמבואר בארוכה אין דרושי חנוכה[56] - וואס דאס איז דער קשר מיט דעם ענין פון סוטה, אז "אם היתה יולדת נקבה (די עבודה אין אן אופן של "בת" בזמן הגלות) יולדת זכרים (דער ענין פון "איש" וואס וועט זיין לע"ל)".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "שבת שירה", ווארום דער חילוק צווישן ענין השירה בזמן הזה מיט דעם ענין השירה דלע"ל איז, אז בזמן הזה איז דאס אן ענין של "שירה", לשון נקבה, און לע"ל וועט זיין דער ענין פון "שירו לה' <u>שיר</u> חדש"[57], לשון זכר[58].

- און -

------------

49) שיחת יו"ד שבט סל"א. 50) לשלימות הענין - ראה שיחת ט"ו בשבט ש.ז. 51) סוטה כו, א. 52) תהלים פז, ה. 53) ראה קידושין ל, ב. 54) ברכות ס, א. 55) ירמי' לא, כא. וראה לקו"ת במדבר ו, ב. 56) תו"א מקץ לז, ג. סידור שער החנוכה רפ, ד ואילך. 57) תהלים צו, א. 58) מכילתא -

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

און דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "אז ישיר משה" - "שר לא נאמר אלא ישיר"[59], וואס דאס גייט אויף די שירה העשירית וואס וועט זיין לע"ל[60], "שיר חדש",

וואס די הכנה לזה איז דורך די עבודה בזמן הזה אין "התלמודו בידו" (לערנען די הלכות פון "גדול העונה אמן כו'", און זיין דער "עונה אמן"), אין אן אופן פון "שירה", לשון נקבה - וואס דאס וועט ברענגען דעם "שירו לה' שיר חדש", בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

יד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה היושבת בגנים.

* * *

טו. מ'האט דאך גערעדט פריער[61] וועגן מעלה המעשה, און אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "מצוה בו יותר מבשלוחו",

און מ'האט אויך גערעדט[62] אז אע"פ אז דער ענין פון א התוועדות איז לכאו' דער ענין הדיבור, אעפ"כ, נוסף לזה וואס ס'דארף זיין די עשי' שבריבור גופא, ד.ה. אז ס'זאל זיין ניט נאר די שקו"ט, נאר אויך די מסקנא בנוגע למעשה בפועל, איז נוסף לזה, מה טוב ונכון ואמת ויציב (ביז אין אן אופן פון "אמן"), אז מ'זאל דאס מקשר זיין מיט אן ענין של מעשה בפועל.

און דערפאר האט מען דעמולט גערעדט וועגן שיקן א קבוצה נוספת אין "יהודה", ובפרט אין ירושלים עיה"ק, און א קבוצה נוספת אין "גליל", ובפרט אין צפת, וואס צפת איז דאך איינע פון די עיירות קדושות שבא"י גופא.

ובפרט אז אין צפת איז דאך געווען די צמיחה פון חכמת הקבלה דורך דעם אריז"ל, כמבואר ומסופר אין דברי ימי ישראל,

וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיט אן ענין של גאולה - אז פנימיות התורה איז נגאל געווארן פון דעם העלם והסתר, ווארום בזמן האריז"ל האט זיך אנגעהויבן דער ענין פון "מצוה לגלות זאת החכמה", כמבואר אין אגה"ק[63].

און דערנאך איז דאס אראפגעקומען דורך דעם אלטן רבי'ן (וואס ער איז דאך געווען א נשמה חדשה[64]) אין אן אופן פון - "יתפרנסון" -

------------

59) מכילתא הובא בתוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. ופירש"י בשלח טו, א. סנהדרין צא, א. 60) תנחומא בשלח י. 61) שיחת יו"ר שבט ס"ה. 62) שם סכ"ג. 63) סכ"ו (קמב, ב). 64) ראה סה"ש תש"ה ע' 127 ואילך.

"יתפרנסון"[65], וואס דורך דערויף ווערט דער ענין פון "יפקון לִי׳ מן גלותא ברחמי"[66].

טז. וואס דער ענין וואס פנימיות התורה איז אראפגעקומען אין אן אופן פון "יתפרנסון", אז דאס קומט אראפ אין חכמה בינה ודעת, איז אויך פארבונדן מיט דעם וואס מ׳האט גערעדט פריער[18] וועגן דעם ענין פון כל הגבוה ביותר יורד למטה ביותר:

דאס וואס פנימיות התורה איז אראפגעקומען ביז אין חכמה בינה ודעת, איז דאס א הוכחה אז דאס נעמט זיך פון א מקום גבוה יותר ווי ס׳איז געווען איידער ס׳איז אראפגעקומען אין חב"ד, וואס וויבאלד אז דאס נעמט זיך פון גבוה ביותר, דערפאר קומט דאס אראפ למטה יותד - ביז אין חב"ד.

וואס דאס איז דאך דער ביאור פארוואס מ׳דארף האבן אז דער גילוי פון פנימיות התורה זאל אראפקומען ביז אין אן אופן פון "יתפרנסון" - ווארום כדי אז מ׳זאל צוקומען צו תכלית השלימות, דארף די עבודה אויך זיין בתכלית השלימות, ד.ה. אין דעם תחתון ביותר (חב"ד), וואס דאס נעמט זיך פון גבוה ביותר (תכליה השלימות).

[און ווי געבראכט[18] די דריי משלים ודוגמאות (וואס ער איז מבאר אין שערי אורה[67]) אויף דעם ענין פון כל הגבוה ביותר יורד למטה ביותר: די דוגמא פון אן אבוקה, די דוגמא פון א חבית מלאה מים, און די דוגמא פון טיפת קטן.

וי"ל[67*] אז דאס איז אויך וואס גאנץ סדר השתלשות שטעלט זיך איין אין די דריי ענינים: אור, מים און רקיע ("אמ"ר") (כמבואר ענינם אין סידור[68], ובארוכה יותר אין די המשכים פון רבי׳ן מהר"ש[69]:

דער ענין פון "אור" איז פארבונדן מיטן משל פון אן אבוקה; דער ענין פון "מים" איז פארבונדן מיטן משל פון א חבית מלאה מים; און דער ענין פון "רקיע" איז פארבונדן מיטן משל פון א טיפה גשמית, וואס דאס איז בדוגמת ענין הרקיע "דאגלידו מיא"[70], אז פון די רוחניות און לחלוחית שבמוח ווערט אן ענין "של "רקיע", און פון דעם "רקיע" ווערן נמשך די י"ב שבטים, י"ב בקר[71] שלמטה מזה, און דערנאך קומט דאס אראפ אין "שבעים נפש", ביז אין "שש מאות אלף רגלי", ששים רבוא מישראל].

- יז. -

---

65) הקו"ז ת"ו בסופו. וראה לקו"ש ח"ז ע׳ 206. 66) זח"ב קכד, ב (ברע"כ). 67) נח, א ואילך. *67) ראה סה"מ באתי לגני ע׳ קטו. 68) ע, א ואיך. 69) ראה המשך חייב אדם לברך תרל"ה פכ"א ואילך. 70) סידור א, ב. ריט, ג. 71) ראה לקו"ת בהעלותך לב, א.

יז. און אויף מקשר זיין דאס גלייך מיט אן ענין גשמי - ווען מען איצטער געבן משקה, און בשעה דיביידע קבוצות וועלן פארן, וועלן זיי דאס מיטנעמען מיט זיך, אבער די התחלה בזה זאל זיין פון דער התוועדות, וואס דאס איז א התוועדות וואס קומט בהמשך צום יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

וכאמור אז בשעת די ביידע קבוצות וועלן אנקומען אהינצו (די ערשטע קבוצה אין "יהודה", און די צווייטע קבוצה אין "גליל"), וועלן זיי דאס דארטן מפיץ זיין, אנהויבנדיק פון דעם ענין כפשוטו - אמירת לחיים, און פון דעם "לחיים" זאל ווערן "לחיים ולברכה", צוזאמען מיט עניית אמן.

יח. וע"פ האמור לעיל[62] וואס די משנה[72] זאגט "ג׳ ארצות כו׳ יהודה ועבר הירדן וגליל" - ווערט דאס זיין די הכנה קרובה צו דעם וואס אידן וועלן באקומען אויך "עבר הירדן", די ארץ פון קני קניזי וקדמוני, וואס דאס ווערט זיין ווען "ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך"[73], בביאת משיח צדקנו (נאך דערויף וואס ס׳וועט זיין שלימות הארץ פון ארץ שבעה אומות).

וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס זייענדיק אין גלות (אין אן אופן פון "נפוצה בגולה"[74]) באגנוגנט מען זיך ניט מיט דער עבודה וואס איז פארבונדן מיט די שבעה אומות, נאר מ׳טוט אויך לפנים משורת הדין - די עבודה אין חב"ד שבנפש, וואס דאס איז כנגד די ג׳ אומות קני קניזי וקדמוני, כמבואר אין דעם המשך פון אל תצר את מואב פון דעם מיטעלן רבי׳ן[75], וואס בשנה זו איז געווארן מאה וחמשים שנה פון יום ההילולא שלו,

וואס דערפאר איז דאס אן ענין מתאים ביותר אז דאס (ביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט מען באקומען די ארץ פון קני קניזי וקדמוני) זאל מקוים ווערן בפועל, דורך דעם ענין פון "שלח נא ביד תשלח"[76],

- וואס כו"כ האלטן אין איין שרייבן בריוו צו מיר, אז "שלח נא ביד <u>תשלח</u>" איז א רמז אויף שנת <u>תשל"ח</u> -

וואס דאס האט דאך געזאגט משה רבינו, און טענתו איז געווען[77], אז וויבאלד אז די גאולה פון גלות אדום וועט זיין

- ע"י -

------------

72) שביעית פ"ט מ"ב. ב"ב לח, א. 73) שופטים יט, ח ובפירש"י. 74) פירש"י שה"ש ח, יג. 75) ע׳ 12 ואילך. 76) שמות ד, יג. 77) ראה לקח טוב עה"פ. פרדר"א פ"מ. תיב"ע עה"פ. וראה לקו"ש חי"א ע׳ 8.

ע"י משיח צדקנו, זאל ער אויך זיין דער "גואל ראשון" - און ער האט טאקע אויסגעפירט זיין טענה, ווארום משה איז "גואל ראשון" און אויך "גואל אחרון"[78] -

זאל מען בקרוב ממש זוכה זיין (יעדערער פון אונז, און אלע צוזאמען) צום ענין פון "שלח נא ביד תשלח" - אז ס'זאל זיין ביאת משיח צדקנו.

[און אויך ווי דער אויסדרוק "שלח נא ביד תשלח" - אז דאס איז פארבונדן מיט אן ענין של עשי', וואס דאס איז דאך דער אויפטו פון דעם ענין היד לגבי ענין הראש, כמובן אויך פון די כוונה פון מצות תפילין].

יט. והמעשה הוא העיקר - אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, זאל יעדערער מאכן פון זיינע ד' אמות אז דארטן זאל זיין א"י[79], ד.ה. אז ס'זאל זיך אנזעהן בגלוי אין זיינע ד' אמות אז "עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[80], און ער זאל דארטן האבן "יהודה" און "גליל", און אויך "עבר הירדן" - די עבודה אין אן אופן פון לפנים משורת הדין (כנ"ל סי"ת).

און דאס וועט זיין די הכנה קרובה צום עיקר הענין - אז דער אויבערשטער וועט פועל'ן די גאולה האמיתית והשלימה פון "יהודה" און "גליל", דורך דערויף וואס אידן האלטן זיך אין שלימות התורה, און אין שלימות העם, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט שלימות הארץ,

און אידן וועלן שטיין מיטן תוקף המתאים אז מ'רעכנט זיך ניט מיט גויים, "ובגוים לא יתחשב"[81] (וויבאלד אז די גויים ווילן זיך ניט רעכנען מיט אידן), אע"פ אז "אל תתגרה (אפילו) בגוי קטן"[82], ווארום דאס איז ניט קיין ענין של גירוי, נאר מ'שטייט מיט א תוקף.

און בשעת מ'שטייט מיט א תוקף, איז א זיכערע זאך אז ס'וועט זיין "תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן", ווי ס'שטייט אין היינטיקע סדרה[83],

און ס'איז א זיכערע זאך אז ס'ווערט מקוים דאס וואס מ'האט אנגעהויבן ליינען אין רעוא דרעוין פון דעם פריערדיקן שבת - "וישמע יתרו גו'", וואס יתרו איז דאך געווען דער

- "כהן" -

------------

78) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שה"פ פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים. 79) ראה לקו"ש ח"ב ע' 621. 80) עקב יא, יב. 81) בלק כג, ט. 82) ראה פסחים קיג, א. 83) בשלח טו, טז.

"כהן מדין", און ער האט געדינט כל ע"ז שבעולם[84], און דערנאך איז ער צוגעקומען צום אמת, "שמועה שמע ובא כו'"[85], ביז אז ער הייסט "יתרו", דערפאר וואס "יתר פרשה אחת בתורה"[86], אז ער האט מיטגעבראכט א פרשה בתורה - וואס דאס איז דאך דער יתרון וואס קומט צו דורך דעם ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא (וואס אין רערויף איז דא א יתרון לגבי דעם ענין האור מצ"ע)[87].

וואס דאס (דער ענין פון אתהפכא חשוכא (פון אוה"ע) לנהורא) טוט זיך אויף דורך דעם וואס א איד איז פועל פעולתו אין אתהפכא חשוכא לנהורא (פריער דער ענין פון אתכפיא, און דערנאך דער ענין פון אתהפכא), וואס דעמולט איז "אסתלק יקרא דקוב"ה בכולהו עלמין"[88], נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות,

ובמילא שטייען אידן אין אן אופן פון "ואולך אתכם קוממיות"[89], ווארום זיי גייען "בגדול זרועך" (של הקב"ה), במילא פועל'ט דאס אז "ידמו כאבן", און נאך פאר דערויף - "תפול עליהם אימתה ופחד",

ובפרט אז מ'פארבינדט דאס מיט מצות תפילין, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[90] - אז ס'ווערט דער ענין פון "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך"[91], אז ס'פאלט אן אויף זיי "אימתה ופחד",

ביז אז דאס ברענגט דעם ענין פון "וישמע יתרו" - "שמועה שמע ובא קריעת ים סוף ומלחמת עמלק"[85], וואס בשעת אידן שטייען מיט א תוקף, שפאלט זיך פאר זיי ים סוף, און ס'ווערט דער נצחון אין מלחמת עמלק,

און אין אן אופן פון "מלחמה <u>לה'</u> בעמלק"[92], במילא דארפן ניט אידן פירן די מלחמה, ווארום "<u>ה'</u> ילחם לכם ואתם תחרישון"[93], אז דער אויבערשטער טוט אויף אלע ענינים דורך די שרים שלמעלה, און דאס פועל'ט אויך למטה, אז ס'ווערט "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[94], און מ'האט שלימות הארץ, צוזאמען מיט שלימות העם, מתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב - וואס דעמולט באווייזן אידן דאס וואס זיי קענען טאן - דער ענין פון שלימות התורה, ביז אז מ'פועל'ט תכלית השלימות אין גאנץ סדר השתלשלות.

- ובדרך -

------------

84) פירש"י יתרו יח, יא. 85) פירש"י ר"פ יתרו. 86) שמו"ר פכ"ז, ח. 87) ראה גם ד"ה באתי לגני דש"ו בשבט ש.ז. 88) ראה זח"ב קכח, ב. תניא פכ"ז. 89) בחוקותי כו, יג. 90) קידושין לה, א. 91) תבוא כח, י. וראה ברכות ו, א. 92) בשלח יז, טז. 93) שם יד, יד. 94) בחוקותי שם, ו.

ובדרך ממילא וועדט דער ענין פון "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מיניקותיך"[95], בדוגמא ווי דער ענין פון "וישמע יתרו", אז ער איז געקומען צולויפן צו אידן, און העלפט זיי ארויס, ביז אז "יתר פרשה אחת בתורה", און ער באטראכט דאס פאר דעם גרעסטן כבוד.

כ. וכן תהי׳ לנו - אז אין די לעצטע טעג פון גלות וועלן אידן שטיין מיט א תוקף (סיי די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, און סיי די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל),

און דעמולט ווערן אידן אן "עם אחד", וואס ער האלט זיך (דורך "תורה אחת") צוזאמען מיט הוי׳ אלקים אחד -

ווערט דעמולט אויפגעטאן דער "ואמת ה׳ לעולם"[96], אז אין דעם העלם והסתר פון עולם זעט מען דעם "אמת הוי׳",

- ניט ווי פרעה האט אמאל גע׳טענה׳ט "לא ידעתי את הוי׳"[97], אע"פ אז פון שם אלקים האט ער יע געוואוסט, ווי ס׳שטייט "אלקים יענה את שלום פרעה"[98] - איז דורך דעם וואס "מזלייהו חזו"[99], ווערט ביי אים אויך נתגלה דער "אמת הוי׳",

און דאס קומט אראפ בגלוי למטה מעשרה טפחים, אז ער גיט נאך די אלע ענינים וואס מ׳דארף נאכגעבן, און א"י בלייבט בשלימותה, ווארום אידן שטייען "ביד רמה"[100].

וואס דאס איז די איינציקע וועג צו אויפטאן אז ס׳זאל זיין א שלום אמיתי נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, און דאס איז די איינציקע וועג אויף צו אויפטאן דעם "מרבים שלום בעולם",

ביז צום דיבוי השלום וואס וועט זיין בקרוב ממש לע"ל, כמבואר אין מדרש[101] אז דעמולט וועט זיין ברכה בריבוי און שלום בדיבוי (און נאך כו"כ ענינים בריבוי) - כן תהי׳ לנו, ובקרוב ממש.

*   *   *

כא. אזוי ווי מ׳האט נאך דערווייל ניט קובע געווען די גאנצע קבוצה, איז דאך שווער צו אויסטיילן איינעם פון זיי -

איז אזוי ווי ס׳געפינט זיך דא דער מייסד ומנהל פון מוסדות חב"ד אין צפת, וועט מען אים געבן די משקה, און ער וועט דאס האלטן בפקדון ביז וואנעט מ׳וועט אויסקלייבן די - קבוצה -

------------

95) ישעי׳ מט, כג. 96) תהלים קיז, ב. 97) שמות ה, ב. 98) מקץ מא, טז. 99) מגילה ג, א. וש"נ. 100) בשלח יד, ח. 101) אסת"ר בסופו.

קבוצה, וואס דעמולט וועט ער דאס זיי אפגעבן, כדי אז זיי זאלן דאס מיטנעמען מיט זיך אין "גליל", ובפרט אין צפת.

ועד"ז בנוגע צו די קבוצה וואס פארט אין "יהודה", ובפרט אין ירושלים עיה"ק - וועט מען געבן די משקה צום חבר ההנהלה פון כולל חב"ד אין ירושלים עיה"ק, און ער זאל דאס האלטן בפקדון ביז וואנעט מ'וועט אויסקלייבן די קבוצה, וואס דעמולט וועט ער זיי דאס אפגעבן, און זיי וועלן דאס מיטנעמען מיט זיך, און מאכן דארטן דעם "ופרצת" ביתר שאת וביתר עז.

און ווי גערעדט פריער[62] בארוכה, אז עיקר תפקידם איז, להרבות התכמה והבינה והדעת אין דעם אויבערשטן, אז זיי זאלן אויפטאן אז ס'זאל זיין א ריבוי אין לימוד התורה, סיי נגלה און סיי תסידות, און פועל'ן דאס בכל הסביבה כולה, וואס כדי צו מצליח זיין אין דעם - דארף מען אנהויבן מיט זיך אליין, אז מ'לערנט תורה בהתמדה ושקידה, און ס'וועט נאך בלייבן גענוג צייט אויף צו טאן אין הפצה.

כב. אזוי ווי מ'דארף דאך געדיינקען אויך וועגן תו"ל - וועט מען געבן משקה פון דער התוועדות צו הנהלת הכולל וואס געפינט זיך דא,

וואס דער כולל וואס געפינט זיך דא, איז דאך פארבונדן מיטן מקום וואו כ"ק מו"ד אדמו"ר נשיא דורנו איז געווען עשר שנים, וואס "העשירי יהי' קודש"[102].

און וויבאלד אז אלע ענינים הויבן זיך אן פון תורה - וועט דאס כולל זיין די אלע ענינים וואס געפינען זיך אין תו"ל, און זיי זאלן דאס דערנאך פאנאנדערשיקן בכל מקום וואוהין מ'קען אנקומען.

כג. מ'האט שוין גערעדט כמ"פ, אז איצטער זיינען ניטא קיין מעליבים ומסתירים אויף פנימיות התורה, און ס'זיינען ניטא קיין מעלימים ומסתירים אויף תורת חסידות חב"ד, און אפי' די וואס זאגן אז זיי זיינען מנגדים דערצו, איז דאס מערניט ווי מן השפה ולחוץ.

וואדוס דאס וואס אמאל האבן ניט אלע אנגענומען תורת הבעש"ט און תורת חב"ד - איז דאס געווען א גזירה מיט א טעם: מ'האט מורא געהאט אז דאס וועט ברענגען צו קלות אין שמירת המצוות;

- וויבאלד -

------------

102) לשון הכתוב - בחוקותי כז, לב. וראה זח"ב רעא, א. בחיי ר"פ תרומה.

וויבאלד אבער אז איצטער זיינען שוין בטל געווארן די אלע חששות, ווארום אדרבה, מ'זעט אז חסידות האט גע'פועל'ט דעם ענין פון הידור אין קיום המצוות; וועןאיינער לייגט צוויי פאר תפילין, זאגט מען אז מסתמא איז ער א חסיד; ער גייט מיט א גארטל, "הכון לקראת אלקיך ישראל"[103], זאגט מען אז מסתמא איז ער א חסיד, ועד"ז בנוגע צו מצה שמורה, מיט נאך כו"כ הידורים, וואס אין כאן המקום להאריך בזה,

איז וויבאלד אז ס'איז בטל געווארן דער טעם (וואס אנדערע האבן ניט געוואלט אנעמען תורת החסידות), איז פארשטאנדיק אז ס'ווערט בטל די גזירה, ווי דער דין איז[104] (ביי א גזירה וואס מ'האט איר תולה געווען אין א טעם) אז בשעת ס'ווערט בטל דער טעם הגזירה, ווערט אויך בטל די גזירה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אלע וואס זיינען מנגד צו תורת החסידות, איז דאס מערניט ווי מן השפה ולחוץ, און מערניט ווי אלס שיריים פון דעם פריערדיקן דור - און זיכער וועלן זיי בקרוב ממש מכיר זיין אז פנימיות התורה מיט נגלה דתורה איז "תורה אחת לכולנו", און פונקט אזוי ווי דער לימוד פון נגלה דתורה דארף זיין בהבנה והשגה, אין חב"ד שבנפש, אזוי דארף אויך פנימיות התורה אראפקומען אין אן אופן פון הבנה והשגה, כמבואר אין כתבי האריז"ל[105] אז ס'דארף זיין אין אן אופן פון "יתפרנסון",

[וואס דער אריז"ל איז דאך אנגענומען אלס א פוסק אחרון סיי ביי חסידים און סיי ביי ניט חסידים, ביז וואנעט אז בכמה פסקי דינים קומט דאס אראפ בנוגע להלכה למעשה].

וכמדובר כמ"פ אז אין יעדער ענין וויל מען האבן א התחלה אין עשי' בפועל - איז צוגעקומען א דבר חדש, אז ס'איז געווען א ישיבה וואס מלכתחלה איז זי געווען א ליטווישע (ניט קיין מתנגד'ישע ח"ו - ווארום די מציאות פון מתנגדים איז שוין ניטא), און דערנאך האט מען זיך פאראייניציקט, ליטוואקעס צוזאמען מיט חסידים [וואס דער אלטער רבי איז דאך אויך געווען א ליטוואק, כמסופר בכ"מ[106] אז די תלמידים פון דעם מגיד האבן אים אנגערופן "ליטוואק"].

וואס דערפאר וועט מען אויך געבן משקה פאר די ישיבה, און ס'זאל זיין "כולה משקה" אין דער שטאט, ועל ידה - אויך בכל הסביבה כולה.

- כד. -

------------

103) עמוס ד, יב. שו"ע או"ח סצ"א ס"ב. 104) ראה רדב"ז הל' ממרים פ"ב ה"ב. וראה באדוכה שיחת ש"פ וישב תשי"ב. 105) ראה הקדמת הרח"ו לשער ההקדמות. ובהנסמן בלקו"ש ח"ז ע' 206 הע' 3. 106) לקו"ד (ח"ב) ע' 512.

כד. ס'איז דאך ידוע דער מכתב פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[107] בנוגע צו דעם חצי כדור התחתון פון עולם, וואס דאס איז ארה"ב, אז אע"פ אז מ"ת איז געווען אין דעם חצי כדור העליון, איז אבער ה"ו צו זאגן אז אין חצי כדור התחתון איז דער ענין פון הומ"צ שוואכער, ס'איז מערניס אז מ"ת איז געווען אין חצי כדור העליון, אבער מ'דארף דאס אויך ממשיך זיין אין דעם חצי כדור התחתון.

וואס צווישן די אלע גליות וואס גלה כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, איז דער גלות האחרון שלו געווען אין חצי כדור התחתון דוקא, ביז וואנעס אז מנוחתו כבוד איז אויך אין חצי כדור התחתון.

וי"ל (בדא"פ עכ"פ) אז ע"ד ווי ס'איז געווען ביי יוסף, אז דורך דערויף וואס קבורתו איז געווען במצרים, האט דאס אויפגעטאן אז ווען מ'האט אים ארויסגענומען און מעלה געווען פון מצרים (ווען אלע אידן זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים), האט מען עי"ז מעלה געווען אלע ענינים פון מצרים;

איז עד"ז י"ל, אז דורך דערויף וואס מנוחתו כבוד פון כ"ק מו"ח אדמו"ר איז אין חצי כדור התחתון, פועל'ט דאס אז מ'איז מעלה אויך דעם גאנצן חצי כדור התחתון. און ווי געבראכט פריער[18] דעם משל אז בשעת מ'וויל אויפהויבן א בנין, הויבט מען אים אויף כמהיהו, ועד"ז בנדו"ד. אז דורך דעם הויבט מען אויף דעם גאנצן בנין מהמהיהו, צוזאמען מיט חצי כדור התחתון.

דער ענין פון חצי כדור התחתון גייט דאך אויף ארה"ב - כמבואר אין דעם מכתב הנ"ל (וואס ראס איז מיוסד אויף דעם מאמר פון דעם אלטן רבי'ן[108] און פון דעם צ"צ[109]).

בשעת מ'גיט אבער א קוק אויף כפת הארץ, זעט מען אז מ'קען מחלק זיין דעם כדור הארץ אויף צוויי אופנים:

כ'קען מחלק זיין דעם כדור הארץ לארכו, צווישן מזרח און מערב: און כ'קען מחלק זיין דעם כדור הארץ לרחבו, צווישן צפון און דרום, וואס דעמאלט איז דער הצי כדור התחתון אין דרום.

און מ'זעט אז דער אויבערשטער האט מצליח געווען אז דארטן (אין חצי כדור התחתון שבדרום) האט מען אויך מייסד געווען מוסדות חב"ד, און מ'לערנט דארטן חסידות, ביז אין

- און -

---

107) נדפס בסה"מ הש"ח ע' 232 ואילך. 108) נעתק בסה"מ שם. וראה מאמרי אדה"ז הקס"ב ע' רצג. 109) אוה"ת נ"ך ע' הרסט ואילך.

אן אופן פון הבנה והשגה,

וכמדובר כמ"פ אז דאס ווערט געטאן סיי בנוגע לבנים, און סיי בנוגע לבנות - וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיט "שבת שירה", ווארום די הפטרה פון "שבת שירה" איז "ותשר דבורה"[110] דוקא,

וכידוע די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[111] בנוגע צו "ותשר דבורה", וואס דארטן איז ער מבאר דעם גודל המעלה פון נשי ובנות ישראל ועבודתם, אנהויבנדיק פון עיקר הענין, אז די איז די "עקרת הבית", די שטעלט אויף די הויז אויפן עיקר, וואס דער עיקר איז, אז מ'איז מחנך די בנים ובנות צו תורה ומצוותי' -

ווערט דאס געטאן סיי אין חצי כדור התחתון ווי דאס איז ממזרח למערב, און סיי אין חצי כדור התחתון ווי דאס איז מצפון לדרום.

וואס דערפאר וועט מען געבן משקה אויך פאר חצי כדור התחתון וואס איז מצפון לדרום, און מ'זאל דאס דארטן מפיץ זיין, ביז אין אן אופן אז מ'וועט נעמען גאנץ אוסטרלי' און ניו-זילאנד, צוזאמען מיט אלע שטעט און שטעטלעך שמסביב, און מאכן פון זיי כלים ראויים וכו'.

כה. און טאן די אלע ענינים הנ"ל בזריזות הכי גדולה, ווארום ס'איז א שאד יעדער רגע וואס מ'האלט רי שכינתא בגלותא[112] - וואס אפי' אויב אים הארט ניט צו זיין אין גלות, ווייל דער יצה"ר רעדט אים איין אז אים איז גאר גוט אין עוה"ז התחתון אפי' ווי ער איז אין זמן הגלות - פארשטייט דאך אפי' א טפש שבטפשים אז פאר שכינתא איז דאס זיכער אן ענין של גלות.

און אויף דערויף זאגט מען "ברח דודי ודמה לך לצבי גו'"[113], ווי רש"י טייטשט אפ, אז מ'בעט זיך ביים אויבערשטן ער זאל ארויסגיין פון גלות, און ניט ער זאל ארויסגיין שטילער-הייד, צעד אחר צעד, אין אן אופן פון עקב בצד אגודל, ווי ס'פאסט פאר א מלך אדער א כה"ג - נאר ס'זאל זיין "ברח דודי", ער זאל אנטלויפן פון דעם גלות אזוי ווי ס'לויפט א פיצל קינד.

וואס אע"פ אז דער ענין פון "ברח" איז שייך נאר ביי

- אידן -

------------

110) שופטים ה, א. 111) לקו"ד ח"ד לקוט לח. וראה לקו"ש ח"א ע' 139. 112) ראה מגילה כט, א. זח"א קכ, ב. 113) שה"ש ח, יד.

אידן, ווי ס'שטייט "כי ברח העם"[114], און ביים אויבערשטן איז דער גאנצער ענין ניט שייך - אעפ"כ, וויבאלד אז דאס איז שייך ביי אידן, איז דאך דאס שייך אויך אין דעם "חלק אלקה ממעל ממש" וואס איז דא ביי יעדער אידן[115], און וויבאלד אז "העצם כשאתה תופס במקצתו אתה תופס בכולו"[116], איז פארשטאנדיק, אז דאס איז שייך אויך ביים אויבערשטן.

און וויבאלד אז מ'קען ניט ווארטן אויף שלימות העבודה אין אן אופן פון אתהפכא, נאר ס'איז גענוג דער ענין פון אתכפיא, און אין דערויף גופא איז גענוג א מעשה אחד, דיבור אחד ביז צו מחשבה אחת[117] - פועל'ט מען אז דער אויבערשטער פאלגט אידן, און ס'ווערט "ברח דודי ודמה לך לצבי או לעופר האילים"[113], און אין די לעצטע טעג פון גלות ווערט פון די "הרי בתר"[118] - "הרי בשמים"[113], נח"ר לפני שאמרתי ונעשה רצוני[119].

און ס'ווערט דער ענין פון "מיד הן נגאלין"[120], און גלייך ווערט געבויט דער ביהמ"ק, און מ'זעט דעם הר המורי' און דעם ביהמ"ק (ווי רש"י טייטשט אפ אויף "הרי בשמים"), צוזאמען מיט הקרבת הקטורת (כפי' התרגום), וואס דאס איז דאך דער ענין הכי נעלה שבקרבנות[121],

בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

כ"ק אדמו"ר שליטא נתן בקבוקי משקה עבור השלוחים לצפת (להרב קפלן), עבור חצי כדור התחתון (להרב גוטניק), עבור השלוהים לירושלים (להרב ווילימובסקי), עבור הכולל דכאן (להרב דווארקין), ועבור הישיבה ב"לאס-אנדזעלעס" (להרב קונין).

* * *

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי כלאפצי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ברך ברכת המזון. ואח"כ חילק לכאו"א מכוס של ברכה.

* * *

- כו. -

------------

114) בשלח יד, ה. וראה תניא פל"א. 115) תניא רפ"ב. 116) כש"ט הוספות אות קסז. המשך תרס"ו ע' תקכב. 117) ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד. 118) שה"ש ב, יז. 119) ספרי ופירש"י עה"פ פינחס כח, ח. 120) רמב"ם שם פ"ז ה"ה. 121) ראה לקו"ש ח"ה ע' 401. ובכ"מ.

כו. אזוי ווי מ׳דארף דאך האבן א הפסקה כדי צו אויסרועהן זיך צו דער התוועדות הקרובה - זאל דערווייליע זיין "כי בשמחה תצאו" פון דער התוועדות, און גרייטן זיך צו דער התוועדות הבאה,

ובעיקר - צו פעולות טובות אין אלע מבצעים, און אין יעדער מבצע,

און זוכה זיין צו דעם "מבצע הגדול" וואס הקב"ה וועט טאן בעצמו - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

*　　*

*

## השמטה

### לשיחת אור ליום ג׳, כ"ד טבת

בהערה 58 צ"ל: וראה פיה"מ להרמב"ם אבות פ"א מי"ז. שערי תשובה לר"י ש"ג אות יז (שלמדו מצות עשה דלימוד התורה מהפסוק "ודברת בם"), אבל שני הנ"ל הרי אינם ספרי פס"ד, וי"ל שהביאו הכתוב שהוא מבואר יותר (ובמכש"כ מס׳ היד - ראה יד מלאכי כללי הרמב"ם ס"ד).

בס"ד. שיחת ט"ו בשבט ה'תשל"ת. <u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט חמשה עשר בשבט, וואס אין דערויף איז דא די מעלה אז דאס איז חמשה עשר בחודש, ונוסף לזה איז דאס אויך חמשה עשר בשבט.

וואס חמשה עשר לחודש (פון יעדער חודש) האט די מעלה אז דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא"[1],

וואס דאס איז דאך פארבונדן במיוחד מיט אידן, ווארום וויבאלד אז מ'זאגט אויף אידן "שהם עתידים להתחדש כמותה"[2], איז דאך פארשטאנדיק אז אזוי ווי נאך מולד וחידוש הלבנה האלט די לבנה אין איין וואקסן, ביז צו חמשה עשר לחודש וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא", איז עד"ז אויך בנוגע צו אידן ("שהם עתידים להתחדש כמותה"), אז בחמשה עשר בחודש שטייען זיי אין א מעמד ומצב פון "באשלמותא".

[וכמבואר בכ"מ אז דאס איז אויך דער טעם וואס די התחלה פון אלע שלש רגלים איז בחמשה עשר לחודש

פסח - בחמשה עשר בניסן, סוכות בחמשה עשר בתשרי, און שבועות - קומט דאך בהמשך צו פסח, וואס דערפאר האט ער ניט קיין יום קבוע בחודש[3], ווארום מ'איז מונה "חמשים יום" פון פסח,

בדוגמא ווי דאס איז ביי שמע"צ, וואס אע"פ אז לגבי כמה ענינים איז ער א "רגל בפ"ע"[4], אעפ"כ, האט ער ניט קיין קביעות בפ"ע, נאר דאס איז "ביום השמיני" פון חמשה עשר בתשרי,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז שבועות איז אויך פארבונדן מיט חמשה עשר בחודש, וויבאלד אז ער קומט בהמשך צו פסח] -

ווארום וויבאלד אז "ישראל אינהו דמקדשי לזמני"[5], איז פארשטאנדיק די שייכות פון "זמני" (די ימים טובים) מיט חמשה עשר בחודש - וואס דעמולט איז דער "אשלמותא" פון בנ"י (כנ"ל)].

ב. און דערנאך קומט צו די מעלה אז דאס איז חמשה עשר בשבט, וואס דעמולט איז דער "ר"ה לאילן"[6].

וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צו אידן, ווארום אידן זיינען געגליכן געווארן צו אן "אילן", ווי ס'שטייט

- "כי" -

---

1) זהא"א רכה, סע"ב. קנ, א. 2) סנהדרין כב, א. 3) ראה ר"ה ו, ב. שו"ע אדה"ז חאו"ח סתצ"ד ס"א. 4) סוכה מח, רע"א. 5) ראה ביצה יז. א. 6) ר"ה בתחלתה.

"כי האדם עץ השדה"[7], און "אתם קרויין אדם"[8].

ובפרט לויט ווי די גמ'[9] טייטשט אפ אז "כי האדם עץ השדה" גייט אויף ת"ח, וואס דאס גייט אויף יעדער אידן, ווארום יערער איז א "תלמיד חכם": "תלמיד", ווי ס'שטייט "וכל בניך למודי ה'"[10], און א "תלמיד חכם" - פון אמיתית החכמה, וואס דאס איז תורה, ביז וואנעט אז די תיות פון א אידן נעמט זיך פון זיין אות אין תורה, ווארום "ישראל" איז דאך ר"ת "יש ששים רבוא אותיות לתורה"[11] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות מיוחדת פון ר"ה לאילן צו אידן.

ג. און בדורנו זה, בשנים הכי אחרונות, איז צוגעקומען נאך אן ענין - אז חמשה עשר בשבט קומט בהמשך צו עשירי בשבט, וואס דאס איז דער יום ההילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

[וואס וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן נשיא הדור, האט דאס א שייכות לכאו"א שבדורנו זה, ווארום "בתר רישא גופא אזיל"[12], ווי דער רמב"ם[13] זאגט אז דער מלך איז "לבו לב כל קהל ישראל", און ווי רש"י[14] זאגט אז "הנשיא הוא הכל"]

וואס ביום ההילולא איז דאך "כל עמל האדם שעמלה נפשו בחייו כו' מתגלה ומאיר בבחי' גילוי", ביתר שאת וביתר עז, כמבואר אין אגה"ק[15] פון דעם אלטן רבי'ן, און דערנאך קומט דער חמשה עשר בחודש, וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "אשלמותא" בכל עניני החודש, ובמיוחד אין דעם ענין העיקרי פון דעם חודש - דער ענין פון יום ההילולא.

ד. און דערפאר איז די התוועדות אויך בהמשך צו דער התוועדות פון יום ההילולא, און אויך בהמשך צו דער התוועדות פון י"ג שבט - ווארום זייער "אשלמותא" איז בחמשה עשר בשבט.

וואס אין די פריערדיקע התוועדויות האט מען דאך גערעדט וועגן מעלת המעשה, וואס "המעשה הוא העיקר" - ווי מ'האט דאס געזעהן אין פעולותיו פון בעל ההילולא,

און ער האט דאס געמאנט ביי כל ההולכים בעקבותיו - און האט דורכגעטראטן די וועג, און געגעבן כח, אז די אלע וואס וועלן טאן אין דעם, איז אפי' בהשתדלות קלה וועט מען

- אויך -

---

7) שופטים כ, כא. 8) יבמות סא, דע"א. 9) תענית ז, א. 10) ישעי' נד, יג. 11) מגלה עמוקות אופן קפו. ועוד. 12) עירובין מא, א. 13) הל' מלכים פ"ג ה"ו. 14) עה"פ חקת כא, כא - מספרי שם. 15) סכ"ת.

אויך מצליח זיין בזה.

ביז אז די הצלחה וועט זיין שלא לפ"ע היגיעה, ובלשון פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[16] "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר אלע אידן, ביז אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה" - וואס דער ענין הגאולה איז דאך געווען שלא לפ"ע היגיעה אין דרכי הטבע (און אפי' שלא לפ"ע היגיעה אין ענינים רוחניים);

און וויבאלד אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר אפי' דעם וואס "בשם ישראל יכונה", איז דאך פארשטאנדיק, אז ביי יעדערן קען דאס אויך זיין אין דעם אופן ווי ס'איז געווען ביי אים - אן ענין של גאולה, ובעניננו - הצלחה שלא לפ"ע היגיעה,

וואס דאס ווערט דורך דעם וואס ער איז מחליט צו טאן אין דערויף, און דערנאך איז "עמרו הכן כולכם" (כלשונו במכתבו הידוע[17]) צו מקבל זיין די ברכה -

וואס דער כלי אויף דערויף איז דער "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה"[18] - דער ענין העשי' ווי דאס איז בכל ענין וענין, ביז צו עשי' כפשוטו, והוא העיקר, ווי גערעדט בארוכה אין דער התוועדות שלפנ"ז[19].

ה. די מעלה פון חמשה עשר בשבט, וואס דעמולט איז דער "קיימא סיהרא באשלמותא" פון כל עניני חודש שבט, ובמיוחד פון דעם ענין פון יום ההילולא

[וואס אע"פ אז "העשירי יהי' קודש"[20], וואס דאס שטייט דאך לגבי מעשר, און דערפון לערנט מען אפ בנוגע צו כו"כ ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "עשירי", אזוי ווי יוהכ"פ וכו' - אעפ"כ, ווען ס'קומט חמשה עשר בשבט, זאגט מען אז דעמולט ווערט דער "קיימא סיהרא באשלמותא" אויך פון "העשירי יהי' קודש"] -

איז פארבונדן דערמיט וואס דעמולט איז "ר"ה לאילן". והביאור בזה:

"(ר"ה ל)אילן" מיינט דאך ניט "חטה ושעורה" [אע"פ אז זיי זיינען פון די שבעה מינים שנשתבחה בהם א"י, ביז וואנעט אז לחד מ"ד ווערט "חטה" אנגערופן "אילן", ווי די גמ' זאגט[21] אז עץ הדעת "חטה הי'"], נאר דאס מיינט די חמשה

- פירות -

---

16) במכתבו לחגיגת י"ב תמוז הראשונה - נדפס בסה"מ תרפ"ח ע' קמו. 17) הקדמה לקונטרס לו (סה"מ קונטרסים ח"ב ע' 794). 18) ראה טו, יח. 19) שיחת יו"ד שבט ס"ד. 20) בחוקותי כז, לב. 21) סנהדרין ע, ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

פירות (שנשתבחה בהם א"י), "גפן תאנה ורמון גו' זית שמן ודבש"[22].

דער תילוק צווישן "חטה ושעורה" מיט די חמשה פירות איז: חטה ושעורה זיינען פארבונדן מיט "לחם", וואס "לחם לבב אנוש יסעד"[23] [וואס "לחם" איז כולל די גאנצע סעודה[24]], ד.ה. אז דאס איז א דבר המוכרח צו חיות האדם (דער קישור הנשמה מיטן גוף); משא"כ שאר הפירות, וואס זיי זיינען ניט מוכרח צו חיות האדם, נאר זיי זיינען ענינים של תענוג.

וכמבואר אין ב"י[25] [און ס'ברענגט זיך אראפ אויך אין חסידות[26], און אין דעם איז דא א דבר פלא, אז דארטן איז אנגעצייכנט דער מ"מ צום ב"י] בנוגע צו נוסח הבדכה "בורא נפשות רבות וחסרונן על כל מה שבראת להחיות", אז "חסרונן" גייט אויף די דברים המוכרחים לחיי האדם, און "להחיות" גייט אויף די ענינים של תענוג, וואס דאס איז א הוספה אין חיות האדם.

[און וויבאלד אז מ'זאגט "להחיות בהם נפש כל חי", איז פארשטאנדיק, אז דער "תענוג" איז ניט פארבונדן מיט ענינים של מותרות ח"ו, נאר ס'איז א תענוג וואס איז מוסיף אין דעם "חיות", אין דער "חטה ושעורה"].

ו. עד"ז געפינט מען די ביידע ענינים (חטה ושעורה און פירות) אין תורה:

תורה ווערט אנגערופן "לחם"[27] און "מים"[28], וואס דאס גייט אויף נגלה דתורה; און תורה ווערט אויך אנגערופן "יין" און "שמן", און "דבש"[28], ווי ס'שטייט[29] "דבש וחלב תחת לשונך" [וואס "דבש" גייט אויף "דבש תמרים"[30], וואס דאס איז פון די מינים שנשתבחה בהם א"י], וואס דאס גייט אויף פנימיות התורה[31].

די שייכות צווישן נגלה דתורה צו "לחם" וכו', און פון פנימיות התורה צו "יין" וכו' - איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער לימוד פון נגלה דתורה איז געווען א דבר הכרחי ביי אלעמען, בכל המקומות ובכל הזמנים, וואס דאס איז בדוגמא צו "לחם" וואס ער איז א דבר הכרחי; משא"כ דער ענין פון פנימיות התורה, וואס ס'איז דאך געווען א משך זמן וואס

- דאס -

---

22) עקב ח, ח. 23) תהלים קד, טו. 24) פירש"י ויצא לא, נד. 25) או"ח סר"ז. 26) לקו"ת ויקרא נב, א. 27) נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1038 הע' 26. 28) ראה ב"ק יז, א. דב"ר פ"ז, ג. שהש"ר פ"א, ב (בסופו). 29) שה"ש ד, יא. 30) פירש"י תבוא כו, ב. 31) ראה לקו"ת תבוא מא, ג. אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך. ובכ"מ.

דאס איז געווען שייך מערניט ווי צו יחידי סגולה[32] [ו]וואס זייער לימוד האט אויך משפיע געווען אויף אלע אידן[], וואס דאס איז בדוגמת "יין" וכו׳ - אן ענין של תענוג (וואס איז מוסיף אין דעם ענין החיות).

אבער דערנאך, ווען ס׳איז געווארן "אכשור דרא" בתמי׳[33] - איז געווארן "מצוה לגלות זאת החכמה", ביז אז ס׳איז געווארן א דבר המוכרח צו לערנען פנימיות התורה, כמדובר כמ"פ אז דער אלטער רבי פסק׳נט אפ אין הל׳ ת"ת[34] א פס"ד ברור, אז יעדער איד איז מחוייב לערנען אויך סודות התורה, וואס דאס איז פנימיות התורה, וואס בדורנו נתגלתה בתורת החסידות.

ז. און דאס איז אויך וואס מ׳זעט אין די פעולות פון בעל ההילולא - אז זיינע פעולות זיינען געווען פארבונדן סיי מיט נגלה דתורה, און סיי מיט פנימיות התורה:

לכל לראש זיינען די פעולות געווען אין ענינים פון נגלה דתורה - מייסד זיין חדרים, בתי כנסיות און בתי מדרשות, מקוואות וכו׳, ביז צו העלפן אין פרנסה אדער פארשאפן פרנסה לכל אחד ואחת מישראל וואס ער האט נאר געקענט דערגרייכן, וואס דאס זיינען ענינים פון נגלה דתורה;

און ס׳זיינען אויך געווען די פעולות אין ענינים פון פנימיות התורה, ובפשטות - דער ענין פון הפצה המעיינות ביז אין חוצה, אנהויבנדיק גלייך בתחלה הנשיאות שלו, במדינה ההיא, ועאכו"כ ווי דאס איז געווען אין די עשר שנים האחרונות פון חיים חיותו בעלמא דין.

ח. עפ"ז איז פארשטאנדיק דער אויפטו פון המשה עשר בשבט, וואס ער איז "ר"ה לאילן" - אז א איד דארף זיך ניט באגנוגענען דערמיט וואס ער איז מקיים תומ"צ אין אן אופן פון "מצות אנשים מלומדה"[35], און ס׳איז אפי׳ ניט מספיק אז ער טוט דאס מיט א חיות אבער ס׳איז נאך ניטא דער ענין התענוג בשלימותו - נאר דער קיום התומ"צ דארף זיין מתוך תענוג, וואס דאס איז דער ענין פון אן "אילן" (כנ"ל ס"ה).

ביז אין אן אופן אז אין דערויף זיינען דא אלע אופנים פון תענוג. "גפן ותאנה ורמון גו׳ זית שמן ודבש", וואס דאס זיינען דאך באזונדערע אופנים אין תענוג, ווארום ס׳איז ניט דומה דער תענוג וואס איז דא אין "גפן" צום תענוג וואס איז

- דא -

---

32) אגה"ק סכ"ו (קכב, ב). 33) יבמות לט, ב ובפירש"י.
34) פ"א ה"ד. 35) ישעי׳ כט, יג.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

דא אין "דבש (תמרים)" -

איז דער ענין פון "ר"ה לאילן" מדגיש אז קיום התומ"צ דארף זיין אין אן אופן אז ער זאל האבן אין דערויף אלע מיני הענוג - סיי ווען ער איז מקיים מצוות בפועל, ועאכו"כ אין לימוד התורה, ועאכו"כ ווען ער איז מייחד ביידע ענינים (לימוד התורה מיט קיום המצוות) צוזאמען, אז דער לימוד איז לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא.

ד.ה. אז דער קיום התומ"צ איז אין אן אופן אז ער האט אין דערויף א תענוג אמיתי, און א תענוג מכל הגוונים, אז אלע סוגי תענוג (דער תענוג אין אכילה ושתי' און ריח וכיו"ב) האט ער אין קיום התומ"צ.

וע"ד ווי ס'איז געווען אין דעם "מן", אז מ'האט אין דערויף טועם געווען אלע טעמים וואס מ'האט נאר געוואלט[36] דעם טעם גיט מען אים, ער דארף אבער האבן די בחירה ער זאל וועלן טועם זיין דעם טעם, ווארום אויב ער ווערט ניט האבן קיין רצון צו טועם זיין דעם טעם, ווערט ער דאס ניט טועם זיין;

איז עד"ז אויך בנוגע צו לימוד התורה - וואס דאס איז בדוגמת ענין המן, וואס ער איז געווען "לחם מן השמים"[37], און דאס איז דער ענין התורה, ווי ס'שטייט[38] "מן השמים השמיעך את קולו", און "הלא כה דברי כאש"[39] - אז ער האט אין דערויף א תענוג אמיתי, ביז צו אלע סוגי הענוג (ע"ד ווי ביים "מן").

והמעשה הוא העיקר - אז דער לימוד התורה וקיום המצוות זאל זיין אין אן אופן פון תענוג, ביז אין אן אופן אז ער איז טועם אין דערויף אלע מיני תענוגים וואס זיינען דא אין די חמשה מיני פירות ("גפן ותאנה ורמון גו' זית שמן ודבש"),

ועאכו"כ אז אין יעדער לימוד און אין יעדער עשי' דארף זיין דער ענין פון כוונת המצווה, וואס דאס איז מוסיף (ניט נאר חיות, נאר אויך) תענוג אין מעשה ודיבור המצוה.

ס. און דאס איז איינער פון די רמזים ולימודים וואס מ'נעמט ארויס פון חמשה עשר בשבט (בכל הדורות), ובמיוחד בדורנו זה, ווען דאס קומט לאחרי יום ההילולא - בנוגע צו דער הליכה בדרכיו ובעקבותיו,

אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון <u>שלימות</u> - דורך

- דערויף -

------------

36) ראה יומא עה, א. 37) בשלח טז, ד. 38) ואתחנן ד, לו. 39) ירמי' כג, כט.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

דערויף וואס ער וועט האבן אין דערויף דעם כח ההענוג המורגש, און ווײבאלד אז ער וועט דאס האבן בכל הפרטים שלו, וועט ער סוכ"ס האבן אין דערויף דעם תענוג הפשוט[40], וואס דעמולט איז דער ענין בשלימות.

און בשעת מ'איז משלים כללות העבודה אין אן אופן פון שלימות - וועדט די גאולה האמיתית והשלימה,

וואס דאס קומט בהמשך צו די גאולה וואס "לא אוהי בלבד גאל הקב"ה", נאר אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה" - וואס דורך דעם איז צוגעקומען א הוספה אין לימוד התורה וקיום המצוות מיט א שטורעם, וואס דאס איז ממהר די גאולה האמיתית והשלימה,

אז ס'זאל זיין בקרוב ממש די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, והקיצו ורננו שוכני עפר[41], והוא בתוכם.

* * *

י. ווײבאלד אז די התוועדות איז בהמשך צו די ההוועדויות הקודמות (יו"ד שבט וי"ג שבט) - דארף מען דאס מקשר זיין אויך מיט די דברי תורה וואס מ'האט גערעדט דעמולט, כולל אויך דאס וואס מ'האט גערעדט אין דעם הדרן אויף מסכת נזיר וואס דאס איז פארבונדן מיטן בעל ההילולא, וואס זיין נאמען איז געווען "יוסף", וואס "יוסף" איז געווען "נזיר אחיו"[42], ווי גערעדט אין די פריערדיקע ההוועדות[43].

וואס דארטן זאגט די גמ' "גדול העונה אמן יותר מן המברך", וואס דער אויפטו פון דעם "עונה אמן" איז, אז ער פועל'ט אז די ברכה זאל מקוים ווערן און נמשך ווערן דא למטה בפועל, ווארום ער איז מבטל די אלע קטרוגים וכו', ווי דער מהרש"א[44] איז מבאר אין חדא"ג שלו.

וכמבואר אין חסידות, אין די מאמרים פון להבין ענין הברכות (אדער מיט אנדערע התחלות) פון דעם אלטן רבי'ן[45] און די נשיאים שלאחריו[46], אז בשעת ס'איז א ברכה ארוכה, דעמולט איז מען "פותח בברוך" און "חותם בברוך" (ווי מ'זעט דאס בפועל) - און מ'פארבינדט דעם ענין פון "חותם בברוך" מיט עניית אמן.

ס'איז דאך אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז אפי' אין א ברכה וואס מ'איז אויך "חותם בברוך", איז דא לאח"ז דער

- ענין -

------------

40) ראה המשך תרס"ו ע' צט ואילך. 41) ישעי' כו, יט.
42) ויחי מט, כו. וראה שבת קלט, א. ב"ר פצ"ח, כ. 43) שיחת י"ג שבט ס"ג. 44) סוף נזיר. 45) תו"א ו, ב ואילך.
46) אוה"ת בראשית ע' 1118 ואילך. ד"ה חייב אדם תרל"ח פל"ד.

ענין פון עניית אמן, וואס דערפון איז מובן אז רער ענין פון "חותם בברוך" איז מערניס ווי בדוגמת הענין פון "עונה אמן".

ד.ה. אז אין א ברכה ארוכה וואס מ'איז אויך "חותם בברוך", זיינען דא צוויי ענינים: (א) די ברכה אליין, און (ב) דער "חותם בברוך", וואס דאס איז בדוגמא צו "עונה אמן".

אבער עיקר ותכלית השלימות פון "עונה אמן" איז אמירת אמן כפשוטו, וואס דאס איז דא סיי ביי א ברכה קצרה וואס מ'איז נאר "פותח בברוך", און סיי ביי א ברכה ארוכה וואס מ'איז אויך "חותם בברוך".

יא. מ'האט דאך גערעדט כמ"פ אז די תורה ווערט אנגערופן "תורה אחת", ביז וואנעט אז דאס איז נוגע אויך להלכה (ווי גערעדט אמאל בארוכה) -

וואס דערפאר איז אפי' בנוגע צו ענינים וואס ע"פ תורה האבן זיי באזונדערע גדרים און באזונדערע כללים, אזוי ווי איסורא און ממונא, וואס "איסורא מממונא לא ילפינן"[47], וויבאלד אז זיי האבן באזונדערע כללים - איז אבער דא אן ענין וואס איז זיי מאחד צוזאמען, וויבאלד אז דאס איז "תורה אחת", און "כולם ניתנו מרועה אחד"[48].

ד.ה. ניט אז זיי ווערן ממש ווי איין זאך, מיט די זעלבע כללים וכו', ווארום אע"פ אז דאס איז טאקע "תורה אחת" און "מרועה אחד" - האט אבער אחרות הפשוטה געוואלט אז בשעת דאס קומט אראפ אין תורה, זאל דאס נתחלק ווערן, ביז אין אן אופן אז "איסורא מממונא לא ילפינן" וכיו"ב.

אבער דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז אע"פ אז איסור און ממון האבן באזונדערע דינים, אזוי ווי דער כלל פון "אזלינן בתר רובא"[49] וואס דאס איז נאר ביי איסורא, משא"כ בממונא, וואס "אין הולכין בממון אחר הרוב"[50] - זיינען אבער דא כמה ענינים וואס מ'לערנט אפ איסורא מממונא וכיו"ב, ווי מ'געפינט דאס אין ש"ס, ביז אין הלכה.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו כמה שקו"ט'ס און "לשיטתו" שבתורה, וואס האבן ניט, לכאו', קיין שייכות צווישן זיך - אז אין א סאך פון זיי קען מען געפינען א קשר ושייכות, ביז וואנעט אז מ'קען דאס געפינען בהתבוננות קלה.

- עס -

------------

47) ברכות יט, ב. וש"נ. 48) חגיגה ג, ב. 49) יבמות קיז, ב. 50) ב"ק כז, רע"ב. וש"נ.

עס מוז טאקע זיין א דבר וואס איז מחלק ומפריד ביניהם, וויבאלד אז דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים; אבער לאידך, איז אויך דא א דבר וואס איז מאחדביידן צוזאמען, וויבאלד אז ביידע ענינים זיינען אין די זעלבע "תורה אחת".

ובנוגע לענייננו: אויף צו באווייזן די רייכקייט פון תורה, קען מען מבאר זיין, אז דער ענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך" אדער "ממהרין למברך תחלה" וואס בפשטות איז די שאלה בזה צי עיקר המעלה איז אין פתיחת והתחלת הענין, אדער אז די מעלה איז אין מבטל זיין די קטרוגים וכו׳, מסיים זיין דעם ענין, איז אויך פארבונדן מיט די שקו"ט הידועה (וואס מ׳האט גערעדט אמאל[51] בארוכה) וועגן דעם ענין פון "בכח" און "בפועל" (כדלקמן).

יב. מ׳האט דאך גערעדט פריער אז די מעלה פון "העונה אמן" איז, אז ער פועל׳ט אז אלע קטרוגים ומונעים ומבלבלים זאלן נתבטל ווערן, און די ברכה זאל נמשך ווערן און אראפקומען בפועל, ובלשון פון רע"מ[52] אז ס׳זאל זיין א "דורונא בקיומא".

לאידך גיסא, איז אבער דא א מעלה אין אמירת הברכה, וואס דאס איז די פתיחה וההתחלת הענין, וכמובן בפשטות אז ס׳קען ניט זיין דער ענין פון אמירת אמן, סיידן אז פריער איז דא דער ענין הברכה.

ד.ה. אז ווען ס׳איז דא דער ענין פון אמירת אמן, איז דאס מכריח אז פריער איז געווען אמירת הברכה (און דער "אמן" טוט נאר אויף אז די ברכה זאל נמשך ווערן למטה וכו׳); ועד"ז ווען מ׳מאכט די ברכה, איז שוין דא אין דערויף דער ענין אז סוכ"ס וועט אויך זיין אמירת אמן, ווארום ס׳איז דא א דין אין תורה (וואס די איז "תורת אמת") אז ווען מ׳הערט א ברכה דארף מען ענטפערן "אמן".

דער חילוק צווישן דעם ענין הברכה מיט דעם ענין פון אמירה אמן ווי דאס איז אין דער ברכה, ועד"ז דער חילוק צווישן דעם ענין פון אמירה אמן מיט דעם ענין פון אמירת הברכה וואס איז דא אין דערויף - איז דער חילוק צווישן "בכח" און "בפועל":

אין אמירת הברכה, שטייט דער ענין הברכה "בפועל" און דער ענין פון "אמן" איז דארטן נאר "בכח"; און אין אמירת אמן, שטייט דער ענין פון "אמן" בפועל און דער ענין הברכה איז "בכח".

- אין -

---

51) לקו"ש ח"א ע׳ 146. ח"ו ע׳ 70 ואילך. ח"ז ע׳ 114 ואילך. שיחת י"ט כסלו, מוצאי ש"פ וישב, ומוצאי ש"פ מקץ ש.ז. 52) זה"ג רע"א, א.

הנחה הת׳ בלהי מוגה

אין אמירת אמן קומט טאקע אראפ די ברכה בפועל, אבער די קומט אראפ בפועל מצד דעם קיום פון תוכן הברכה (וואס דער קיום הברכה איז דער ענין פון "אמן"), ד.ה. אז אין אמירת אמן קומט אראפ בפועל דער גאנצער תוכן הברכה. און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[53] באריכה, אז וויבאלד מ׳זאגט דעם לשון "אמן", קומט אראפ די ברכה מיט אלע פרטים און מיטן גאנצן תוקף - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין פון "אמן" שטייט די ברכה נאכמער בפועל ווי זי איז געשטאנען אין אמירת הברכה.

ד.ה. אז כללות החילוק צווישן אמירת הברכה מיט עניית אמן, איז ע"ד החילוק צווישן "בכח" און "בפועל": אין אמירת הברכה איז דער ענין נאר "בכח", ווארום ס׳איז נאך ניט זיכער אז די ברכה וועט אראפקומען בפועל (ווארום ס׳קען זיין א קטרוג וכו׳); און דער ענין פון אמן, ברענגט אראפ בפועל כל פרטי הברכה מיטן תוקף הברכה וכו׳ [מ׳דארף אבער אויך אנקומען צו אמירת הברכה, ווארום דוקא נאך דערויף וואס ס׳איז דא אמירת הברכה (שם ומלכות, און דער תוכן הפרטי פון דער ברכה), ערשט דעמולט קען זיין דער ענין פון אמירת אמן].

וואס נוסף לזה וואס אין אמירת הברכה איז דאס נאר "בכח", דערפאר וואס מ׳איז נאך ניט זיכער אז דאס וועט אראפקומען בפועל, איז נוסף לזה, אין אמירת הברכה איז דער ענין דא נאר ביי דעם מברך, עכ"פ בדיבור [וואס תוכן הברכה איז ממשיך זיין ברכת ה׳, צי דורך ברכת כהנים, "יברכך ה׳ וישמרך"[54], ועד"ז בשאר הברכות - איז דער ענין דא עכ"פ בדיבורו של המברך], מ׳ווייסט אבער ניט צי דאס איז דערהערט געווארן און נתאמת געווארן ביי די שומעים.

וויבאלד אז זיי האבן "אזנים", האבן זיי "בכח" קולט זיין און מאמת זיין די ברכה, דאס שטייט אבער ביי דעם מברך נאר "בכח" [נוסף לזה וואס דאס איז נאר ברוחניות העינינים]; און דורך אמירת אמן ווערט דאס נתאמת ביי די שומעים "בפועל" [נוסף לזה וואס דורך דעם איז מען זיכער אז דאס וועט אראפקומען "בפועל" בגשמיות].

ועפ"ז איז פארשטאנדיק אז די שקו"ט צי "גדול העונה אמן יותר מן המברך" צי "ממהרין למברך תחלה", איז פארבונדן מיט דער שקו"ט אין "בכח" און "בפועל", וועלכער פון זיי איז מכריע.

און אין דערויף איז אויך דא דער צד המשותף מיט דער

- שקו"ט -

------------

53) שיחת י"ג שבט ס"ו. 54) נשא ו, כד.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

שקו"ט וועגן "איכות" און "כמות", וועלכער פון זיי איז גובר[55] - ווארום כח לגבי פועל איז בדוגמא ווי איכות לגבי כמות *.

ד.ה. אז בשעת מ'רעדט וועגן דעם ענין פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך" ווי דאס איז באופן מוגבל, איז דא איך דערויף נאר דער ענין פון פתיחה והתחלת הענין און דערנאך מבטל זיין די קטרוגים און ממשיך זיין דעם ענין למטה;

אבער ווען מ'איז מרחיב דעם ענין - זעט מען אז דאס איז פארבונדן און האט א שייכות מיט די שקו"ט וועגן "בכח" און "בפועל", און וועגן "איכות" און "כמות", כנ"ל בארוכה.

יג. וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט כו"כ ענינים בתורה, ביז כמבואר אין חסידות דער ענין פון "נשמה" און "גוף", "שמים" און "ארץ" **, "כוונת המצוה" און "מעשה המצוה", "לימוד התורה" און "קיום המצוות" - וואס דער חילוק צווישן די ענינים איז בדוגמת החילוק צווישן "איכות" מיט "כמות".

און דאס איז אויך דער חילוק צווישן התחלת הענין מיטן סיום הענין, ווארום אין דער התחלה איז כלול כל ההמשך כולו (וויבאלד אז דאס איז אן ענין פון קדושה), אבער דארטן שטייט דאס בכח און ברוחניות. וע"ד ווי דער ולד איז כלול אין דער טיפה, וואס דארטן זיינען נאך ניטא קיין רמ"ח אברים ושס"ה גידים וכו'.

ועד"ז איז אויך דער חילוק צווישן ירידת הנשמה למטה מיט דער נשמה ווי זי שטייט למעלה - וואס ס'איז דא דער ענין פון "במי נמלך בנשמותיהן של צדיקים"[57], ווי דער מגיד[58] איז מבאר בארוכה אז דער אויבערשטער האט זיך כהבונן געווען אין "מעשיהם של צדיקים", און דערפון איז געווארן די ההלטה אויף בריאת העולמות, וואס דאס (דער "במי נמלך כו'") איז

- ווי -

---

*) השייכות ד"עונה אמן" ל"כמוה", אף שלכאורה בברכה יש יותר היבוה, יותר "כמות" - ואינו, כי ע"י אמירה אמן נמשך הכל, אלא שזהו בלבוש המתאים להחהון במעלה ברוחניות, ולכן ענינו ע"ד "כמוה".

**) השייכוה ד"שמים וארץ" לכמוה ואיכות, מובנת ע"פ מש"נ[56] "השמים שמים לה' והארץ גו'"; "שמים" - ז"א, "ארץ" - מלכות - וראה הל' יסוה"ה פ"ג. ועוד. ואכ"מ.

---

55) ראה לקח טוב להגר"י ענגל כלל טו. 56) תהלים קטו, טז. 57) רות רבה רפ"ב. 58) או"ת ב, ג.

ווי די נשמה שטייט למעלה;

און דערנאך איז דא דער ענין וואס די נשמה קומט אראפ דא למטה - ווארום דאס וואס די נשמה קען אויספירן די כוונה (וואס דערפאר איז "נמלך בנשמותיהן של צדיקים") איז נאר "בכח", און כדי אז ס'זאל ארויסקומען "בפועל", דארף מען האבן דעם ענין פון ירידת הנשמה למטה[59].

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז ס'דארף זיין דער ענין פון הגברת הנשמה על הגוף, הגבדת האיכות על הכמות, און הגברת הצורה על החומר וכו' - אעפ"כ זעט מען אויף וויפל דער ענין פון "עשי'" איז "לעילא"[60],

ביז ווי דאס איז בנוגע לקיום המצוות, אז אפי' אויב ער וועט מכוון זיין אלע כוונות וואס זיינען פארבונדן מיט דער מצוה, ער האט אבער ניט געטאן די מצוה במעשה בפועל - האט ער ניט מקיים געווען די מצוה[61], און ער האט אפי' ניט די רוחניות פון דער מצוה (ער האט מערניט ווי די ידיעה והבנה והשגה אין דער מצוה, אבער די מצוה אליין, אפי' רוחניות המצוה, האט ער ניט);

משא"כ לאידך גיסא, אויב ער האט מקיים געווען די מצוה במעשה בפועל, און ער האט ניט מכוון געווען די כוונות פון דער מצוה - האט ער מקיים געווען די מצוה, און אפי' בנוגע צו כוונת המצוה, איז וויבאלד אז "לא ידח ממנו נדח", האט ער די הבטחה אז סוכ"ס וועט ער האבן אויך כוונת המצוה, און ער וועט דאס קענען מצרף זיין צו דעם מעשה המצוה, כמבואר בכ"מ - וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק גודל ענין המעשה דוקא.

יד. וואס דאס איז אויך מתאים עם המדובר כמ"פ אז ס'זיינען דא ענינים וואס האבן דעם זעלבן נאמען אויף אן ענין פרטי און אויך אויף דעם כלל כולו,

בדוגמא ווי דאס איז אין דעם ענין פון נשמה וגוף, וואס דאס איז אן ענין כללי, וואס דערפון ווערן מסתעף כו"כ פרטים: שמים און ארץ, תורה און מצוות, און דאס איז אויך פארבונדן מיט איכות און כמות, און מיט בכח און בפועל; און דערנאך איז דא דער ענין פון גוף ונשמה ווי דאס איז בפרטיות וואס אין דערויף איז אויך דא די שקו"ט מי קדם למי, כמבואר אין ספרי מוסר און נאכמער אין ספרי חסידות -

- ע"ד -

------------

59) בכ"ז ראה ד"ה מים רבים ש.ז. ס"ו. שיחת מוצאי ש"פ נח ש.ז. ס"ה ואילך. 60) זח"א קטו, א. זח"ג קח, ב. 61) תניא רפל"ח. 62) ע"פ שמואל ב יד, יד.

ע"ד די שקו"ס אין כללות הענין פון גוף ונשמה (כנ"ל) .

ובדוגמא ווי מ'געפינט אין די נעמען פון די "כוכבים", ווי דער רמב"ם[62] זאגט אז צווישן די שטערן איז דא איין שטערן וואס זיי'ער פרטי איז "כוכב",[63] אע"פ אז דאס איז אויך דער שם כללי פון אלע "כוכבים",

ועד"ז געפינט מען אויך אין שמות המסכתות, אז אין סדר "טהרות" איז דא א מסכת פרטית וואס ווערט אנגערופן "טהרות", אע"פ אז דאס איז אויך דער שם כללי פון כללות סדר "טהרות"[64]. ועד"ז נאך כו"כ דוגמאות.

סו. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך אן ענין:

מ'האט דאך מבאר געווען פריער[65] דאס וואס אין סיום מסכה נזיר איז די גמ' ניט מסיים "(תלמידי חכמים מרבים שלום כו') א"ת בניך אלא בוניך" - דערפאר וואס דארטן רעדט זיך ניט וועגן דער דרגא פון "חכמים" וואס זיי זיינען "בוניך", זיי בויען אויף די וועלט, נאר ס'רעדט זיך וועגן דער דרגא פון "תלמידי חכמים", "בניך", וואס זיי זיינען "מרבים שלום בעולם".

וואס אויף דערויף האט מען געפרעגט: דער זעלבער נוסח ("תלמידי חכמים מרבים כו'") שטייט דאך אויך אין אנדערע מקומות, צוזאמען מיטן סיום פון "א"ת בניך אלא בוניך", און אעפ"כ שטייט דארטן "תלמידי חכמים" - ולכאו', ע"פ המדובר לעיל, האט דארטן געדארפט שטיין "חכמים", ווארום דוקא "חכמים" זיינען "בוניך";

איז דער ביאור בזה (ע"ד האמור לעיל סי"ד):

בשעת מ'רעדט וועגן "תלמידי חכמים", איז דא דער ענין פון "תלמידי חכמים" אין א מושג מצומצם, וואס דאס גייט מערניט ווי אויף דעם "תלמיד" פון דעם "חכם"; דערנאך איז אבער דא דער מושג פון "תלמידי חכמים" במובן רחב יותר - וואס דאס איז כולל אויך "חכמים", "בוניך", ביז אפי' "חכמים" גדולים ביותר.

וואס דער ביאור בזה (פארוואס אפי' "חכמים" ווערן אנגערופן "תלמידי חכמים") איז[66]: וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן חכמת התורה, וואס תורה איז דאך "ארוכה מארץ מדה - ורחבה -

------------

63) הל' יסוה"ת רפ"ג ובפירוש שם. 64) ראה הקדמת הרמב"ם לפיהמ"ש. 65) שיחת יו"ד שבט סל"א. 66) ראה ג"כ הקדמת החוו"ד לשו"ע חיו"ד. ערה"כ (לבעל סדה"ד) ערך ת"ח.

ורחבה מני ים"[67], איז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן חכמים גדולים ביותר, ווערן זיי אויך אנגערופן "תלמידי חכמים", ווארום ס'זיינען נאך דא כו"כ ענינים אין תורה וואס זיי ווייסן נאך ניט.

ואדרבה, דער חלק התורה וואס ער ווייסט נאך ניט, איז נאך גרעסער פון דעם חלק התורה וואס ער האט שוין געלערנט, ביז אז ס'איז גאר שלא בערך, ווארום וויבאלד אז תורה איז א"ס, און זיין השגה איז בהגבלה, איז ווי גרויס דער גבול (השגתו) זאל נאר זיין, איז דאס שלא בערך צו א"ס, ווי דער צ"צ איז מאריך בזה אין ספר החקירה[68], וכמבואר אויך אין תניא[69] אז "לגבי דבר שהוא בלי גבול כו' אין כנגדו שום ערך במספרים", נאר "מספר אחד" מיט "אלף אלפי אלפים ורבוא רבבות" זיינען "כלא ממש חשיבי" בשוה לגבי דעם בל"ג.

ובמילא איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן א חכם גדול ביותר, איז בשעת ער איז מעריך מעמדו ומצבו כדבעי, שרייט ער אז ער דארף נאך לערנען תורה, ובמילא איז ער אין דער דרגא פון "תלמיד חכם".

ביז וואנעט אז ר"א הגדול האט געזאגט "לא חסרתי מרבותי אפילו ככלב המלקק מן הים"[70] - וואס די גדלות פון ר"א הגדול איז דאך פארשטאנדיק דערפון וואס ר"ע האט אויף אים געזאגט תוארים הכי נפלאים[71], און אעפ"כ האט ער געזאגט אז "לא חסרתי מרבותי כו'", וואס די הסברה בזה איז, אז וויבאלד תורה איז בל"ג, און ער דארף נאך לערנען, איז ער נאר בדרגת "תלמיד חכם".

ביז אז מ'זאגט אז משיח צדקנו ילמד תורה את כל העם כולו, אז ער וועט לערנען תורה אפי' מיט משה רבינו און די אבות[72], ווארום דער לימוד התורה וואס איז געווען ביז דעמולט, איז נאך ניט בתכלית השלימות,

[ו]ואס דאס איז ניט קיין סתירה צו דעם וואס מ'זאגט אז "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש ניתן למשה מסיני"[73], וכידוע דער פתגם[74] אז נאכאמאל מ"ת וועט ניט זיין - כמובן פון דעם לשון גופא וואס מ'זאגט אז אע"פ אז דאס איז "ניתן למשה מסיני", פונדעסטוועגן זאגט מען "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש", אז דאס ווערט אנגערופן זיין חידוש, כידוע דער

- ביאור -

---

67) איוב יא, ט. 68) ע' 56. ועוד. 69) פמ"ח. 70) סנהדרין סח, א ובפירש"י. 71) סנהדרין שם. 72) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 73) נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1088 הע' 11. 74) המשך תרס"ו ע' כג. תקמו. ד"ה ויאמר משה תש"ט פ"ו.

ביאור בזה, ווי גערעדט אמאל בארוכה],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' א חכם גדול ביותר ווערט אויך אנגערופן בשם "תלמיד הכם", וויבאלד אז ביי אים קען און דארף נאך צוקומען שלא בערך מערער דערפון וואס ער האט שוין אין ידיעת ההורה.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס'שטייט אין ש"ס דער תואר פון "תלמידי חכמים", איז מכקומו הוא נלמד וועלכן ענין אין "תלמידי חכמים" מיינט מען. ועד"ז בנדו"ד:

בשעת די גמ' איז מוסיף "א"ת בניך אלא בוניך", איז פארשטאנדיק אז מ'רעדט וועגן די "חכמים" וואס זיינען בדרגת "בוניך" [וואס זיי ווערן אויך אנגערופן "תלמידי חכמים", כנ"ל בארוכה]; משא"כ בשעה די גמ' איז ניט מוסיף "א"ת בניך אלא בוניך", איז פארשטאנדיק אז מ'רעדט וועגן די דרגא הפרטית פון "תלמידי חכמים", וואס זיי זיינען נאך ניט אין דער דרגא פון "בוניך".

און ס'איז ניט קיין סתירה דאס וואס אין ביידע ערטער ברענגט זיך דאס אראפ פון דעם זעלבן תנא - ווארום דער תנא האט דאך געזאגט כו"כ מאמרים, איז פארשטאנדיק, אז ער האט געזאגט איין מאמר בנוגע צו "תלמידי חכמים" וואס זיינען מערניט ווי "תלמידים", ניט אין דער דרגא פון "בוניך", און ער האט געזאגט נאך א מאמר בנוגע צו "תלמידי חכמים" בדרגא נעליה יותר, "בוניך" (וואס זיי ווערן אויך אנגערופן מיטן שם כללי פון "תלמידי חכמים").

טז. א דוגמא לזה געפינט מען אויך בנוגע צו דעם תואר פון "עם הארץ" [וואס וויבאלד אז דאס איז אין גבוה גבוה ("תלמיד הכם"), דארף דאס אויך אראפקומען אין מטה מטה ("עם הארץ")]:

די גמרא[75] איז מבאר כמה דרגות אין "עם הארץ" [וואס "עם הארץ" איז דאך דער היפך פון דרגת "חכם", און אפי' דער היפך פון דרגת "תלמיד הכם"], ביז אז אפי' דער וואס קרא ושנה, מערניט וואס לא שמש תלמידי חכמים, ווערט ער אויך אנגערופן "עם הארץ".

ד.ה. אז רא רעדט זיך וועגן איינעם וואס קרא ושנה, ער האט געלערנט כל הסוגיות שבש"ס וכו', ער קען טאקע ניט פסק'נן קיין שאלות, ווייל ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין של פס"ד, דארף מען האבן "שימושה" נאכמער ווי "לימודה"[76],

- אבער -

---

75) ברכות מז, ב. סוטה כב, א. 76) ראה ברכות ז, ב.

אבער ער איז א "חכם" בחכמת התורה - און אעפ"כ, וויבאלד אז לא שמש תלמידי חכמים, ווערט ער אנגערופן בשם "עם הארץ".

וואס דערפון זעט מען דאך, אז ס׳איז דא ווי מ׳רעדט וועגן דעם ענין פון "ע"ה" ווי דאס איז בפרטיות, דערנאך איז אבער דא ווי מ׳רעדט וועגן דעם ענין פון "ע"ה" בכללות, וואס דעמולט קען מען זאגן אז אפי׳ דער וואס קרא ושנה, אבער לא שמש תלמידי חכמים, איז ניט נאר אז ער ווערט ניט אנגערופן "חכם", נאר ער ווערט אפי׳ ניט אנגערופן "תלמיד חכם", ביז אז מ׳רופט אים אן "עם הארץ". וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער דרגא פון "הלמיד חכם", כנ"ל (סט"ו) בארוכה.

יז. אזוי ווי מ׳וויל דאך ארויסנעמען פון יעדער ענין אן עידוד בנוגע צו "ופרצת", הפצת היהדות און הפצת המעיינות - איז עד"ז אויך בנוגע להמדובר לעיל:

בשעת ער טרעפט א אידן וואס לא קרא ולא שנה, ועאכו"כ אז לא שמש תלמידי חכמים, און ער הויבט אן שרייען אז ער וויל ניט האבן צוטאן מיט אזא "עם הארץ" - זאגט מען אים, אז די גמרא זאגט אז אפי׳ דער וואס קרא ושנה אבער לא שמש תלמידי חכמים, איז ער אויך אן "עם הארץ", און וויבאלד אז ער ווערט אנגערופן מיטן זעלבן נאמען ווי דער "עם הארץ" כפשוטו, איז פארשטאנדיק, אז זיי האבן צווישן זיך א צד המשותף, ווארום אויב ניט, וואלט די "תורת אמת" ניט אנגערופן מיטן זעלבן נאמען.

און אע"פ אז ער טענה׳ט אז ער האט אויך משמש געווען "תלמידי הכמים" - זאגט מען אים אז ווען ער וואלט משמש געווען "תלמידי חכמים" כדבעי, וואלט ער געוואוסט אז ער דארף זיך פארנעמען אויך מיטן "עם הארץ",

און דאס גופא וואס ער טוט דאס ניט, און וויל זיך ארויסדרייען, און האט נאך אויף דערויף א הסברה, און ער מיינט אז דאס איז א הסברה אמיתית - איז דאס א הוכחה אז לא שמש תלמידים חכמים כדי צרכם, ועכ"פ כדי צרכו - ווארום דערפון קומט ארויס די נפק"מ בנוגע למעשה בפועל, אז ער פארנעמט זיך אויך מיטן "עם הארץ".

יח. ועד"ז איז מובן די הוראה דערפון לאידך גיסא:

בשעת איינער זאגט אז ער שעמט זיך בעטן אן עזר ביי א צווייטן אידן, ווארום וויבאלד אז ידע איניש בנפשו זיין מעמד ומצב, און ער ווייסט אויך די גדלות פון דעם צווייטן, איז ווי קען ער קומען און בעטן ביי יענעם צדקה ברוחניות, אז יענער זאל אפגעבן פון זיין צייט אויף צו ארויסנעמען אים ממעמדו ומצבו -

- זאגט -

זאגט מען אים אז "לא הביישן למד"[77], ער דארף זיך ניט שעמען, ווארום דאס איז אן עניך וואס איז נוגע צו תורתנו "תורת חיים", און מצוותי׳, עליהם נאמר "וחי בהם"[78].

יט. און בשעת מ׳פירט זיך באופן האמור, אז מ׳האט צוטאן אויך מיט א צווייטן אידן, און אפי׳ מיט אן "עם הארץ" - ווערט דעמולט דער ענין פון "מאיר עיני שניהם ה׳"[79], ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בהקדמתו לספרו תניא קדישא (נאך איידער מ׳הויבט אן לערנען תניא), וואס דארטן רעדט ער צו די וואס ער רופט זיי אן בשם "גדולים" [וואס דער אלטער רבי ווארפט זיך ניט מיט קיין טיטול׳ן], און אעפ"כ זאגט ער אז דורך דעם וואס מ׳פארנעמט זיך מיט א צווייטן אידן, ווערט דער ענין פון "מאיר עיני שניהם הוי׳".

וכן תהי׳ לנו - אז יעדערער זאל זיך אפלערנען פון דער הנהגה פון בעל ההילולא (ועכ"פ א שמץ מנהו), און פארנעמען זיך אויך מיט א צווייטן אידן, אפי׳ מיט אזא וואס "בשם ישראל יכונה".

און טאן דאס באופן האמור לעיל (ס"ח) אז ער זאל אריינלייגן אין דערויף כל התענוג שלו - וואס דאס איז דאך אויך נוגע צו הצלחה העניינים, כמדובר כמ"פ.

וואס דורך דערויף ווערט דער ענין פון "מאיר עיני שניהם הוי׳", און פון דעם אור וואס קומט צו ביי יעדער אידן און ביי אלע אידן, ווערט דער "קץ שם לחושך"[80], סיי צו דעם חושך הפרטי של כל אחד ואחת, ביז צום חושך הכללי פון דעם גלות הכללי,

ביז אז ס׳ווערט דער "לילה כיום יאיר"[81] - בגאולה האמיתית והשלימה, ובקרוב ממש.

* * *

כ. כ׳האב גערעדט אין די פריערדיקע התוועדות[82] בנוגע צו דעם עילוי פון פקו"נ לגבי פדיון שבויים - אז בנוגע צו פקו"נ געפינט מען ניט קיין חילוק צווישן קטן לגדול, משא"כ בנוגע צו פדיון שבויים וואס דארטן זיינען דא חילוקים מי קודם לכי, ווי די משנה זאגט אין סוף הוריות[83] און אראפגעבראכט אויך אין פוסקים[84].

- וואס -

------------

77) אבות פ"ג מ"ה. 78) אחרי יח, ה. יומא פה, ב.
79) משלי כט, יג. תמורה טז, א. 80) איוב כח, ג.
81) תהלים קלט, יב. 82) שיחת יו"ד שבט ס"י. 83) יג, א.
וראה ב"ב לג, א. 84) שו"ע יו"ד סרנ"ב ס"ח-ט.

וואס אויף דערויף האט מען זיך געשטעלט, אז די משנה זאגט דארטן אז די תילוקים זיינען ניט נאר בנוגע צו פדיון שבויים, נאר דאס איז אויך בנוגע צו "להחיות", און ווי דער דין איז טאקע בנוגע צו פקו"נ, ווען ביידע געפינען זיך בסכנה, אז ס'איז דא תילוקים ווער איז קודם וכו'[85].

איז דער ביאור בזה: מ'מיינט ניט צו זאגן אז ביי פקו"נ קען ניט זיין קיין תילוק ווער איז קודם, נאר כדי צו מדגיש זיין די מעלה פון פקו"נ לגבי דעם ענין פון פדיון שבויים, האט מען מבאר געווען אז בנוגע צו פדיון שבויים געפינט מען אלעמאל תילוקים צווישן א קטן וגדול, בכל המצבים ובכל הדרגות ובכל הפרטים; משא"כ אבער בנוגע צו פקו"נ, וואס אע"פ אז ס'איז דא א מציאות וואו ס'איז דא א תילוק צווישן קטן לגדול, געפינט מען אבער א מציאות וואו ס'איז ניטא קיין תילוק צווישן קטן וגדול (משא"כ בנוגע לפדיון שבויים וואס דארטן זיינען די תילוקים בכל האופנים):

בנוגע צו דעם ענין פון פדיון שבויים, איז דאך דער דין[86] אז אויב ער געפינט זיך בשבי, און אמו געפינט זיך אויך בשבי, איז "אמו קודמת לכל", דערפאר וואס ביי איר איז דער בזיון גרעסער וכו';

בשעת ס'רעדט זיך אבער וועגן פקו"נ ממש, איז דער דין אז "חייך קודמין"[87], וואס דאס איז אפי' בנוגע צו "אמו", אז חייו זיינען קודם לחיי אמו[88], וואס דערפון זעט מען אז בשעת ס'רעדט זיך לגבי פקו"נ, זיינען ניטא קיין תילוקים צווישן קטן לגדול, ווארום אפי' ווען ער איז א קטן, זאגט מען אויך אז "חייך קודמין".

וואס דער ענין פון "חייך קודמין" איז פארבונדן און האט דעם זעלבן גדר פון פקו"נ פון א צווייטן אידן. והביאור בזה:

דער ביאור האמיתי אויף דעם וואס "חייך קודמין", איז ניט דערפאר וואס ס'רעדט זיך וועגן איס, ווארום דער גאנצער חיוב פון "ונשמרתם מאד לנפשותיכם"[89], איז ניט דערפאר וואס דאס איז זיין גוף, נאר דערפאר וואס דער גוף איז נכסיו של הקב"ה[90], און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בשו"ע שלו[91] אז "אין לאדם רשות על גופו כלל" (ווי גערעדט אמאל בארוכה[92]) -

- וואס -

---

85) רמ"א שם ס"ח. וראה ט"ז שם. 86) הוריות שם. שו"ע שם ס"ט. 87) ב"מ סב, א. 88) ראה ש"ך שו"ע שם סק"י. 89) ואתחנן ד, טו. 90) ראה רדב"ז לרמב"ם הל' סנהדרין ספי"ח. 91) הל' נזקי גוף ונפש ס"ד. 92) לקו"ש ח"ב ע' 531. שיחת ער"ח מנ"א תשל"ו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון פקו"נ שלו (וואס דערפאר איז "חייך קודמין") איז ניט דערפאר וואס ער דארף היטן זיך, נאר דערפאר וואס ער דארף היטן נכסיו של הקב"ה.

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער דין פון "חייך קודמין", איז פארבונדן און האט דעם זעלבן גדר פון פקו"נ פון א צווייטן:

מצד דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[93] איז פקו"נ פון א צווייטן פונקט אזוי ווי פקו"נ שלו; ולאידך, פקו"נ שלו ("חייך קודמין") איז ניט דערפאר וואס ס'רעדט זיך וועגן זיך, נאר דערפאר וואס דאס איז נכסיו של הקב"ה, ובמילא איז מובן אז דאס האט דעם זעלבן גדר פון פקו"נ פון א צווייטן.

כא. וואס דאס איז א דוגמא אין אן ענין פרטי, דערנאך איז אבער דא א דוגמא אין אן ענין כללי, און אן ענין הכי גדול (וואס מ'האט אויך דערמאנט אין די פריערדיקע ההוועדות (שיחת יו"ד שבט סי"ח)):

בנוגע צו פדיון שבויים, איז דער דין[94] אז דער וואס הציבור צריכין לו יותר, דארף מען אים פודה זיין פריער; משא"כ אבער וועו ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ, איז דער דין[95] אז בשעת גויים זאגן "תנו לנו אחד מכם ונהרגנו ואם לאו נהרוג כולכם, יהרגו כולם ואל ימסרו להם נפש אחה מישראל".

וואס "אחד" לגבי "כולכם" איז דאך שלא בערך, ועאכו"כ ווען זיי זאגן "נהרוג כולכם" וואס דאס איז דאך כולל אויך דעם "אחד" - און אעפ"כ איז דער דין אז מ'טאר ניט ארויסגעבן א נפש אחה מישראל.

וואס דערפון זעט מען אויך אז ווען ס'רעדט זיך לגבי פקו"נ, איז ניטא קיין חילוק צווישן קטן לגדול, ווארום אפי' אז דער "אחד" איז א קטן, טאר מען אים אויך ניט ארויסגעבן, וויבאלד אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ.

כב. אין דערויף קומט צו נאך א פרט:

דער דין איז[96], אז אויב דער "אחד" איז געווען מחוייב מיתה כשבע בן בכרי (ווי דערציילט אין תנ"ך[97] דעם סיפור

- וואס -

------------

93) קדושים יט, יח. 94) הוריות שם. וראה שו"ע יו"ד שם ס"ד. 95) ירושלמי תרומות פ"ח ה"ד. רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ה ה"ה. שו"ע יו"ד סקנ"ז בהגה"ה. 96) ירושלמי שם - לדעת ר"ל. רמב"ם ושו"ע שם. 97) שמואל ב כ, א ואילך. כ-כב.

וואס איז געווען מיט אים), מעג מען אים ארויסגעבן [דאס איז טאקע א הלכה ואין מורין כן, אבער אויב מ'האט אזוי געטאן, האט מען געטאן (ניט ע"פ מדת חסידות, אבער) ע"פ ההלכה].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' אויב ס'רעדט זיך וועגן איינעם וואס איז אזוי ווי שבע בן בכרי, ער איז אבער ניט מחוייב מיתה אזוי ווי שבע בן בכרי - טאר מען אים אויך ניט ארויסגעבן, אפי' ווען מ'זאגט אז "אם לאו נהרוג כולכם".

וואס אין דער עיר וואס שבע בן בכרי איז געווען, איז דארטן אויך געווען סרח בת אשר[98], ומובן בפשטות אז דארטן זיינען געווען נאך כו"כ צדיקים, ווארום וויבאלד אז דאס איז אן עיר בישראל, איז זיכער אז רובם זיינען צדיקים, און אפי' דער מיעוט זיינען אויך בחזקת כשרות, ווארום כל ישראל בחזקת כשרות הם[99], ס'איז מערניט וואס איינער פון זיי איז געווען שבע בן בכרי,

און אויף דערויף זאגט מען, אז ווען שבע בן בכרי וואלט געשטאנען אין א מעמד ומצב וואס ע"פ דין איז ער ניט מחוייב מיתה [ווען ער וואלט ניט מורד געווען אין מלכות בית דוד] - וואלט מען אים ניט געטארט ארויסגעבן, אפי' אז דורך דערויף וואס מ'גיט אים ניט ארויס, שטעלט מען אין סכנה סרח בת אשר [וואס זי איז געווען א נביאה, און זי האט מבשר געווען צו יעקב'ן אז "עוד יוסף חי"[100], און זי האט מאריך ימים געווען אין אן אופן מופלג, נאכמער פון מתושלח]!

וואס דערפון זעט מען גודל החשיבות פון פקו"נ, וואס דאס איז שלא בערך פון דעם ענין פון פדיון שבויים - ווארום ביי פקו"נ איז דא א מציאות וואס ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן א קטן בישראל מיט א גדול בישראל.

כג. דערפון קומט ארויס די הוראה בנוגע למעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר":

וויבאלד אז תורה האט אפגע'פסק'נט אז אזוי ווי א גוף גשמי דארף אנקומען צו לחם ומזון גשמי, אזוי דארף אויך די נשמה האבן איר חיות, דורך תורתנו "תורת חיים" און מצוותי' עליהם נאמר "וחי בהם" - איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות, איז אן ענין של פקו"נ סיי פאר זיך און סיי פאר א צווייטן אידן, ובפרט בדורנו זה וואס

- ס'זיינען -

---

98) ראה פירש"י שם, יט. ב"ר פצ"ד, ט. 99) רמב"ם הל' קידוה"ח פ"ב ה"ב. 100) ויגש מה, כו. פירש"י ש"ב שם. ועוד.

ס'זיינען דא די "מים הזידונים" וכו' וכו'.

און וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן פקו"נ פון א צווייטן אידן, קען ער ניט זאגן אז ער וועט פריער אפטאן אן עניך פרטי שלו, און דערנאך וועט ער זיך פארנעמען מיטן צווייטן אידן, וכידוע הסיפור מיט נחום איש גמזו[101].

און דערפאר, איז גלייך ווי ער דערזעט (אדער מ'זאגט אים) אז ס'איז דא א איד וואס דארף האבן צדקה ברוחניות, און א צדקה וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון זיין נשמה - טוט ער דאס גלייך, און "בזריזות נפלאה", וואס דאס באווייזט אויף "שמחתו וחפצו" וכו', ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק סכ"א - "אך טוב לישראל" - כמדובר כמ"פ.

כד. ועאכו"כ ווען מ'האט שוין אויסגעטראטן די וועג פאר אונז, און מ'גיט א נתינת כח, און מ'זאגט אז ס'דארף נאר זיין "עמדו הכן כולכם" אויף צו מקבל זיין די ברכות -

ווארום כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט געשריבן אין זיין אגרת, אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר יעדער אידן, אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה", ד.ה. אז נשיא דורנו האט ארויסגענומען פון גלות דעם וואס "בשם ישראל יכונה" <u>צוזאמען</u> מיט <u>זיין</u> גאולה,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען ער האלט אין א דרגא נעלית, פארנעמט ער זיך אבער אפי' מיט אן "עם הארץ" אין דער דרגא הכי פחותה (כנ"ל סט"ז-יז) - אזוי ווי ס'איז געווען די הנהגה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

ובדוגמא ווי ס'שטייט אין היינטיקע סדרה[102], אז בשעת ס'איז געווען "ויצא משה לקראת חותנו", איז "כיון שיצא משה יצא אהרן נדב ואביהוא, ומי הוא שראה את אלו יוצאין ולא יצא", אז וויבאלד משה רבינו איז ארויסגעגאנגען מקבל זיין פני יתרו, זיינען אלע אידן ארויסגעגאנגען צוזאמען מיט אים - וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די הוראה הנ"ל וואס מ'דארף אפלערנען פון די הנהגה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

ובמכ"ש וק"ו: דארטן האט זיך גערעדט וועגן "יתרו", וואס ער איז געווען "כהן מדין", וואס דאס מיינט א כהן לע"ז[103] ביז אז מ'שטעלט זיך אין חסידות בכ"מ[104] מיט א

- קושיא -

------------

101) תענית כ, א. וראה שו"ע יו"ד רסרמ"ז. 102) יתרו יח, ז ובפירש"י. 103) מכילתא עה"פ. שמו"ר פ"א, לב. 104) אוה"ת יתרו ע' תשכ"ג. רד"ה וישמע יתרו תרע"ה (המשך תער"ב ח"ב ע' תתנא).



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

קושיא נפלאה: ווי קומט דאס אז בשעת מ'רעדט וועגן מעלת יתרו, דערציילט מען אז ער איז געווען "כהן מדין", ביז וואנעט אז "לא הניח ע"ז שלא עבדה"[105],

און אעפ"כ, הויבט זיך אן די הקדמה צו מ"ת דערמיט אז משה ואהרן צוזאמען מיט כל ישראל, זיינען ארויסגעגאנגען מקבל זיין פני יתרו, וואס דאס איז געווען נאך איידער ער האט געזאגט "עתה ידעתי כי גדול ה' מכל האלקים"[106];

איז דאך עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך לגבי א אידן, וואס וועלכער איד מ'זאל נאר טרעפן, איז ער שלא בערך העכער פון דעם מעמד ומצב אין וועלכן יתרו איז געשטאנען דעמולט.

ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות[107], אז די "עמי הארץ" פון דורנו זיינען א סאך גרעסערע לומדים פון די "עמי הארץ" וואס זיינען געווען בזמן הש"ס (ס'איז א מארנער ווארט, אבער אזוי שטייט אין חסידות),

בפועל קען אמאל זיין אז מ'זאל איצטער טרעפן אן "עם הארץ" לכל הדעות (ניט נאר לויט איין דעה) - דאס איז אבער דערפאר וואס ער איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם (וואס דאס איז ניט קיין ענין של לימוד זכות, נאר דאס איז דער מצב האמיתי), אבער ע"ד הרגיל, שטייט אין חסידות אז אן "עם הארץ" פון איצטער, איז א "למדן" לגבי דעם "עם הארץ" וואס איז געווען בזמן הש"ס,

וואס בזמן הש"ס איז שוין אויך געווען דער ציווי אז מ'זאל זיך פארנעמען מיטן "עם הארץ" (פון דעמולט), ועאכו"כ איצטער ווען ס'איז דא די נתינת כח לזה בגלוי (כנ"ל), ואין הדבר תלוי אלא ברצון,

און אז מ'הויבט אן מאן "באצבע קטנה", העלפט דער אויבערשטער אז מ'איז מצליח צו מיטנעמען דעם "אבן" פון חו"ל, און עולה לרגל זיין צוזאמען מיטן "אבן", און ברענגען איר אין ביהמ"ק - וואס דערצו דארף אנקומען אפי' א תנא הכי גדול, ווי ר' חנינא, ווי דערציילט בארוכה אין מדרש[108], וכמדובר כמ"פ.

כה. ויה"ר אז וויבאלד אז "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[109] - איז אזוי ווי דער אויבערשטער מאנט ביי אידן אז מ'זאל מקיים זיין תומ"צ אין אן אופן אז מ'זאל ארייננלייגן אין דערויף דעם גאנצן תענוג (כנ"ל ס"ח) - וועט

- דער -

---

105) פירש"י יתרו שם, יא. 106) יתרו שם. 107) ראה תו"א מקץ מא, א. 108) שהש"ר בהחלתו. ובכ"מ. 109) תהלים קמז, יט. שמו"ר פ"ל, ט.



הנחת הת' בלתי מוגה

דער אויבערשטער טאן "חקיו ומשפטיו", אז יעדער איד און אלע אידן זאלן האבן א מעמד ומצב פון תענוג, און א תענוג אמיתי, און אלע אופנים של תענוג, ובהרחבה אמיתיה, וואס דעמולט וועט מען קענען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות אין די לעצטע טעג און רגעים פון גלות, מתוך הרחבה אמיתית.

און מ'וועט גיין "ביד רמה" מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס "משיח" איז דאך דער ענין פון "יחידה" פון נש"י[110], וואס דאס איז דער ענין התענוג[111] - וואס ער איז מעורר דעם ניצוץ משיח וואס איז דא בכל אחד ואחת מישראל[112], כמדובר כמ"פ[113].

און מ'וועט גיין אלע צוזאמען אין אה"ק און אין ירושלים עיה"ק און אין ביהמ"ק - אויף צו זעהן אלקות במוחש, כמאמרז"ל[114] "כשם שבא לראות כך בא לראות", ובקרוב ממש.

* * *

כו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה באתי לגני.

* * *

כז. מ'האט דאך גערעדט אין די התוועדויות הכי אחרונות וועגן מעלת המעשה אז "המעשה הוא העיקר", און אז יעדער ענין דארף מען גלייך פארבינדן מיט א מעשה בפועל - איז לאחרי ההקדמה הנ"ל (סכ"ה) אז "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל", דארף דער אויבערשטער געבן יעדער אידן און אלע אידן אז ביי זיי זאל זיין א מעמד ומצב של תענוג אמיתי [וואס אלץ וואס דער אויבערשטער גיט איז דאך "אמת"],

וואס וועגן איז שייך א מעמד ומצב של תענוג אמיתי - דוקא ווען ס'איז ניטא קיין מבלבלים ומעלימים ומסתירים, צי ס'רעדט זיך וועגן די דאגה וואס איז פארבונדן מיט בני חיי ומזוני, ביז צו דער דאגה כללית וואס מ'האט בכלל, ובפרט בנוגע צו אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[115].

ויה"ר אז דארפן זאל מקוים ווערן דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא (ווי גערעדט פריער (בהמאמר)) - בנוגע צו די אלע וואס "מצידים לישראל", און די וואס "רגשו גוים ולאומים יהגו"[116], ובפרט ווי מ'זעט בימים הכי - אחרונים -

------------

110) סה"מ תרצ"ט ע' 207 - בשם הרמ"ז. 111) ראה לקו"ת תבוא מג, ד. 112) מאור עינים ס"פ פינחס. 113) לקו"ש ח"ב ע' 599. ועוד. 114) חגיגה ב, א. 115) עקב יא, יב. 116) תהלים ב, א.

אחרונים אז זיי רעדן דברים קשים -

איז וויבאלד אז "בית יוסף להבה ובית עשו לקש"[117], איז פארשטאנדיק אז די תקיפות און דער קושי איז ניט קיין קושי אמיתי (בדוגמת "קש"), ס'איז מערניט וואס מצד דערויף וואס מ'געפינט זיך אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, און מ'קוקט אויף דערויף בעיני בשר, ווייזט זיך אויס אז דאס זיינען דברים קשים.

און ווי גערעדט פריער בארוכה[118], אז תורתנו הקדושה זאגט אז דאס איז אן ענין וואס "אני הכבדתי את לבו", אבער מצ"ע איז ער אינגאנצן ניט קיין מציאות [אע"פ וואס ער איז דער "תנים הגדול הרובץ בתוך יאוריו" און שרייט אז "לי יאורי"[119]].

און רעמולט ווערט דער ענין וואס דער אויבערשטער[120] זאגט צו משה רבינו "בא אל פרעה[121],

- וואס ביי יעדער אידן איז דאך דא דער "משה" שבו (ווי דערמאנט פריער (בהמאמר) פון תניא[122]), ביז אז דאס איז אן ענין וואס איז נוגע ניט נאר אין דער נשמה, נאר דאס איז נוגע במעשה בפועל, ווארום מ'זאגט דאך אז יעדער אידן "ועתה ישראל מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ה'"[123], און מ'זאגט אז ביי יעדער אידן איז דער ענין פון יראת ה' ניט תופס מקום, "מילתא זוטרתי"[124], דערפאר וואס אזוי איז דאס ביי משה רבינו, און ער האט אין זיך א ניצוץ פון משה רבינו -

און דעמולט דערזעט פרעה אליין אז "אני הכבדתי את לבו", ווארום אע"פ אז ער אליין קלייבט זיך ניט פאנאנדער, איז אבער "מזלייהו חזו"[125], און דער עיקר איז ווי דאס קומט אראפ בפועל, אז די כוונה בזה איז "למען שתי אותותי אלה בקרבו".

און דעמולט ווערט דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא - אז ס'ווערט דער "בשלח פרעה את העם"[126], ביז אין אן אופן אז "גם אתה תתן בידינו גו'"[127], ביז אז "ונצלתם את מצרים"[128], און מ'גייט ארוים פון דעם גאנצן טומל אין אן אופן פון "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[129].

- כח. -

------------

117) עובדי' א, יח. 118) שיחת מוצאי ש"פ וארא סי"ב ואילך. יו"ד שבט ס"כ. 119) יחזקאל כט, ג. 120) ראה זח"ב לד, סע"א ואילך. 121) ר"פ בא. 122) רפמ"ב. 123) עקב י, יב. 124) ברכות לג, ב. 125) מגילה ג, א. וש"נ. 126) בשלח יג, יז. 127) בא י, כה. 128) שמות ג, כב. 129) בשלח יד, ח.



הנחה הת' בלתי מוגה

כח. מ'דארף נאר האבן דעם "פתחו לי כחודה של מחט"[130], אז ס'זאל זיין דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא ביי זיך אליין - מהפך זיין דעם חושך פון דעם יצה"ר וואס ער איז מבלבל און זאגט אז וויבאלד אז "אלה ברכב ואלה בסוסים"[131], במילא דארף מען מורא האבן, און וויבאלד אז מ'האט איימיצן אויף וועמען מ'קען זיך פארלאזן, במילא איז ניט נוגע אויף אזוי פיל דער ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות -

דארף ער וויסן אז אפי' ווען ער האלט נאך ניט אין דער דרגא פון לימוד התורה וקיום המצוות לשמה, נאר ער האלט אין התחלת העבודה, וואס התחלת העבודה דארף זיין אין אן אופן פון שלא לשמה, כמבואר אין רמב"ם[132] - דארף ער אבער לערנען תורה און מקיים זיין מצוות און פירן זיך בחיי היום-יום לויט ווי דער אויבערשטער וויל,

וואס בשעת אז ער פירט זיך אין אזא אופן, איז וויבאלד אז דער אויבערשטער איז "אלקי הצבאות"[133] - ווערט בטל די גאנצע מציאות פון "אלה ברכב ואלה בסוסים",

און די "רכב" און "סוסים" וואס אידן דארפן האבן דערפאר וואס מ'דארף האבן די התלבשות אין דרכי הטבע, אז ס'זאל זיין כלי נשק גשמיים [און ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות[134] דעם פס"ד פון שו"ע[135] אז אפי' ווען "ממשמשים לבוא", איז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת"] - שרעקט דאס אפ די גויים, ביז וואנעט אז ס'ווערט דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא,

דורך דעדויף וואס מ'איז מהפך ביי זיך דעם חושך פון דעם יצה"ר, און מ'גייט בתוקף לויט דיני התורה, ביז אין אן אופן פון שלימות התורה, במילא האט מען אויך שלימות עם ישראל, כולל דעם ענין פון "גיור כהלכה", ועד"ז לאידך גיסא, אז קיין איין איד ווערט ניט ארויסגעלאזט פון כלל ישראל, ווי די גמרא (דוקא אין סנהדרין[136]) פסק'נט אפ אז "אע"פ שחטא ישראל הוא",

ד.ה. ניט נאר אז ער בלייבט א איד, נאר נאכמער: ער ווערט אנגערופן בשם "ישראל", וואס דער שם "ישראל" איז דאך פארבונדן דערמיט וואס "שרית עם אלקים ועם אנשים (ביז אז) - ותוכל" -

---

130) ראה הערת כ"ק אדמו"ר שליט"א בסה"מ תש"ג ע' 198. 131) תהלים כ, ח. 132) הל' תשובה פ"י ה"ה. 133) הושע יב, ו. ועוד. 134) שיחת אור ליום ג', עשרה בטבת ס"ג. אור ליום ג', כ"ד טבת סכ"ה-ו. מוצאי ש"פ וארא סט"ו. 135) או"ח משכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם. 136) מד, א.

ותוכל"[137], אז ער שטעלט זיך אוועק קעגן שרו של עשו[138] [וואס דאס איז כולל דעם גלות הרביעי, גלות אדום], און ס'ווערט דער "שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל",

ביז ווי ס'איז געווען ביי יעקב'ן [וואס "מעשה אבות סימן לבנים"[139]] אז ס'ווערט דער "ברכתני"[140], אז ער בענטשט יעקב'ן, און איז מדגיש בברכתו אז ער ווערט אנגערופן "ישראל" - וואס דאס איז דאך א סיפור וואס ווערט דערציילט אין תושב"כ, ובמילא איז דאס פארשטאנדיק אפי' פאר א "בן חמש למקרא"[141], ואין מקרא יוצא מידי פשוטו[142].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת א איד שטעלט זיך אוועק אין אן אופן אז ער געדיינקט אז ער איז יעקב'ס זון, און ער פירט זיך אזוי ווי יעקב אז "הקול קול יעקב"[143], און קולו של יעקב איז מצפצף בבתי כנסיות ובתי מדרשות[144], וואס דאס מיינט דעם עניין כפשוטו - לערנען תורה און (לימוד מביא לידי מעשה[145]) מקיים זיין מצוות, און האבן בטחון אין דעם אויבערשטן אז ער וועט אים מצליח זיין אין דער עשי' וואס ער טוט ע"פ דרך הטבע כפי הוראת השו"ע -

ווערט מען ניט נתפעל פאר די מסיתים ומבהילים, די וואס זיינען "הירא ורך הלבב"[146] צווישן אידן רח"ל, עאכו"כ אז מ'ווערט ניט נתפעל פאר די מפחידים וואס זיינען מחוץ לגבול ישראל און מחוץ לעם ישראל,

נאר "אנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר"[131], און "בשם אלקינו נדגול"[147], און דעמולט איז גענוג דאס וואס מ'גרייט נאר צו די "רכב" און "סוסים" (דער נשק גשמי), וואס דאס אליין איז שוין מטיל אימה ופחד,

און ווי מ'האט געליינט אין דעם פריעדדיקן שבת (וואס "מיני' מתברכין כולהו יומי"[148]) אז "תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן"[149] - דערפאר וואס ער זעט אז מ'שטייט מיט א תוקף, און א תוקף וואס מ'קען אים ניט משנה זיין, ווארום דאס איז א תוקף וואס איז גענומען פון אמונה פשוטה אין ה' אלקי הצבאות, וואס ער פירט אן מיט דער גאנצער וועלט און מיט יעדער זאך וואס געפינט זיך אין וועלט -

- ווערט -

------------

137) וישלח לב, כט. 138) ב"ר פע"ז, ג. הובא בפירש"י שם, כה. 139) רמב"ן לך יב, ו. וראה ב"ר פ"מ, ו.
140) וישלח שם, כז. 141) אבות פ"ה מכ"ב. 142) שבת סג, א. וש"נ. 143) תולדות כז, כב. 144) ראה ב"ר פס"ה, כ.
145) קידושין מ, ב. 146) שופטים כ, ח. 147) תהלים שם, ו.
148) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 149) בשלח טו, טז.

ווערט בטל די מציאות פון דעם אויב, אבער ניט אז ס'ווערט בטל אינגאנצן, נאר אדרבה, ער ווערט א מציאות וואס איז מסייע, כמאמרז"ל[150] אז פרעה הקריב את לבן של ישראל לאביהם שבשמים, און ס'ווערט דער "בשלח פרעה את העם", ביז "ונצלתם את מצרים" ועד"ז אלע שבעים אומות.

און אין די לעצטע טעג פון גלות האט מען מנוחת הנפש און מנוחת הגוף, און אויך רב טוב גשמי - און מ'איז מוסיף אין לימוד התורה וקיום המצוות, ביז אז מ'ברענגט אראפ די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

כט. מ'האט דאך גערעדט כמ"פ וועגן דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[151], וואס "במשפט" מיינט "כהלכתא"[152], דער ענין פון לימוד התורה, און "בצדקה" איז דער ענין פון צדקה -

איז דערפאר, נאך דערויף וואס מ'האט גע'חזר'ט מאמרי חז"ל, ובפרט מאמרים פון רבותינו נשיאינו (ווי אפגעדרוקט אין אוה"ת להצ"צ ובכ"מ) - וועט אויך זיין דער ענין הצדקה,

און דערפאר, וועלן אויך ארויפגיין די "טאנקיסטן" (אלע פון זיי) כדרכם בקודש, און פאנאנדערטיילן בתוך כל העולם כולו (סיי אין עזרת אנשים סיי אין עזרת נשים) צוויי שטרות לכאו"א, אין אן אופן פון "כפלים לתושי'"[153].

ויהי"ר אז דאס זאל נאכמער מזרז זיין דעם "יפקון בי' מן גלותא ברחמי" - דורך "בהאי חיבורא דילך"[154], וואס דאס איז דער ענין פון הפצת פנימיות התורה, צוזאמען מיט נגלה דתורה, והמעשה הוא העיקר - קיום המצוות בהידור, ומתוך שמחה והרחבה וטוב לבב.

* * *

צוה לנגן ניגון הבינוני. הושיעה את עמך. עוצו עצה. פרזות תשב ירושלים. ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

ל. אויף מסיים זיין מיט א דבר של פועל - זאל מען טאן און מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עז אין אלע מבצעים: אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין" -

---

150) ראה תנחומא בשלח ח. שהש"ר פ"ב, יד. 151) ישעי' א, כז. 152) תרגום עה"פ וישב מ, יג. לקו"ת ר"פ דברים. 153) ראה שמו"ר רפמ"ו. 154) זח"ג קכד, ב.

תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

און דורך דעם וועס מען פועל׳ן אז דער אויבערשטער וועט מקיים זיין דעם יעוד און דעם "מבצע" וואס ער דארף טאן - "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י"[155], אז דער אויבערשטער וועט נעמען יעדערן און יעדערע פארן האנט[156], און וועט זיי ארויספירן פון דעם גלות הפנימי, ביז אז ער פירט זיי ארויס פון דעם גלות כפשוטו,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, און אין אן אופן פון "ושמחת עולם על ראשם"[157].

* * *

לא. אזוי ווי די פרשת השבוע איז די פרשה פון מ"ת - זאל מען זיך גרייטן צו "מתן תורה" און "קבלת התורה", דורך לימוד התורה וקיום מצוותי׳ בהידור, ומתוך שמחה וטוב לבב.

(אח"כ אמר:) די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

צוה לנגן שלש תנועות.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ניגן בעצמו צמאה לך נפשי.

צוה לנגן ופרצת.

* * *

---

155) ישעי׳ כז, יב. 156) ראה פירש"י נצבים ל, ג.
157) ישעי׳ לה, י. נא, יא.

הנחה הה׳ בלתי מוגה

# תקון טעות

## לשיחת אור ליום ג׳, כ"ד טבת

| ע׳ | שו"ה | נדפס | צ"ל |
|---|---|---|---|
| א | 7) | לקו"ש שם | לקו"ש ח"ו |

## לשיחת יו"ד שבט

| | | | |
|---|---|---|---|
| יא | דעס | סי׳ מד | סי׳ ד |
| יד | וועך | לקו"ש .. | יומא פה, סע"א ואילך). |
| לב | אין | ורוב מנין | ורוב בנין |

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ משפטים, מבה"ח אדר ראשון - בחדרו - ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך מוצאי שבת קודש פ' משפטים, און אויך שבת מברכים פון חודש אדר, און אין חודש אדר גופא - אדר ראשון (וויבאלד אז דאס איז שנת העיבור).

וע"פ תורת הבעש"ט[1] אז יעדער ענין איז בהשגחה פרטית, און פון יעדער ענין דארף מען אפלערנען א הוראה אין עבודת האדם לקונו[2]-

איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'טרעפן זיך צוזאמען אלע ענינים האמורים (ש"פ משפטים, מבה"ח אדר, און אדר ראשון), און מ'רעדט וועגן דעריוף אין א התוועדות,

[און אין אן אופן אז דאס ווערט געהערט ע"י כו"כ מישראל, וואס כו"כ מהם געפינען זיך אין א התוועדות פון כו"כ עשיריות מישראל, וואס "כל בי' עשרה שכינתא שריא"[3],

און ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק[4] אז דאס וואס "אכל בי' עשרה שכינתא שריא" איז "אף שאינם מדברים בדברי תורה" - עאכו"כ ווען די כוונה בזה איז אז מ'זאל חזר'ן א דבר תורה, ובפרט פון רבותינו נשיאינו, וואס לאורם נלך עד ביאת משיח צדקנו],

איז א זיכערע זאך אז אין דעריוף איז דא א הוראה אין עבודת האדם לקונו, און אין דער הוראה זיינען דא פרטים וואס נעמען זיך דערפון וואס דאס איז מוצאי שבת קודש פ' משפטים, און פרטים וואס נעמען זיך דערפון וואס דאס איז שבת מברכים חודש אדר, און פרטים וואס נעמען זיך דערפון וואס דאס איז שבת מברכים אדר ראשון.

ב. די הוראה פון מוצאי שבת קודש פ' משפטים:

ווען מ'הויבט אן רעדן וועגן "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם"[5], איז דער ערשטער משפט און דער ערשטער דין פארבונדן מיט "כי תקנה עבד עברי"[6].

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק (ווי ס'שטעלן זיך אויך מפרשים[7]):

- דער -

------------

1) כש"ט הוספות אות קיט ואילך. 2) היום יום ע' נב. כש"ט שם אות קכז ואילך. 3) סנהדרין לט, א. 4) סכ"ג (קלו, ב). 5) משפטים כא, א. 6) שם, ב. 7) ראב"ע. רמב"ן. אברבנאל. כלי יקר עה"פ.

דער ענין פון "כי תקנה עבד עברי" איז דאך אן ענין בלתי רגיל כלל, כמובן אויך פון פרש"י עה"ת[8] [וואס פרש"י איז דאך פארשטאנדיק בפשטות, ביז אין פשוטו של מקרא] אז דער ענין פון "כי תקנה עבד עברי" רעדט זיך אין א פאל וואס "מכרוהו (ב"ד) בגנבתו", וואס דאס איז דאך אן ענין בלתי רגיל כלל וכלל[9];

און אעפ"כ, איז דער ערשטער דין פון פ' משפטים פארבונדן מיט דעם ענין פון "כי תקנה עבד עברי" – וואס סדר אין תורה איז דאך אויך תורה והוראה[10], איז דאך פארשטאנדיק, אז דאס איז א הוראה על כל המקומות ועל כל הזמנים [וויבאלד אז "התורה היא נצחית"[11]], און א הוראה לכל אחד ואחת מישראל.

[כולל אויך – ובהדגשה – נשי ובנות ישראל, כמובן דערפון וואס אין התחלת הסדרה שטייט "ואלה המשפטים אשר תשים <u>לפניהם</u>", און מ'מאכט ניט קיין חילוקים צווישן איש מיט אשה, ווי די גמרא[12] זאגט: "השוה הכתוב אשה לאיש לכל דינים שבתורה".

ובפרט אז "תשים לפניהם" גייט אויף דעם ענין פון לימוד התורה, כדי אז מ'זאל וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין מצוות ה'[13] – איז פארשטאנדיק אז דאס האט א שייכות אויך צו נשי ובנות ישראל, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין הל' ת"ת[14] אויף וויפל דער ענין פון לימוד התורה איז דא (ובמדה הכי גדולה) ביי נשי ובנות ישראל.

וואס דאס קומט בהמשך צו דעם וואס ס'שטייט אין דער פרשה שלפנ"ז (פ' יתרו – די פרשה פון מ"ת) אז משה רבינו איז אנגעזאגט געווארן מיטן ציווי "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל"[15], "לבית יעקב – אלו הנשים"[16], ואדרבה, פריער דארף זיין "תאמר לבית יעקב – אלו הנשים", און ערשט דערנאך "ותגיד לבני ישראל", כמבואר בארוכה אין מדרשי רז"ל[17] דער פירוש וטעם הדבר].

איז דער ביאור בזה[18] פארשטאנדיק ע"פ מדרז"ל[19] אז דורך דעם ענין פון יצי"מ האט דער אויבערשטער קונה געווען אידן פאר עבדים, ווי ס'שטייט[20] "כי לי בני ישראל עבדים", און

- ער -

---

8) משפטים שם. 9) ראה ג"כ לקו"ש משפטים ש.ז. ס"ה. 10) נסמן בלקו"ש ח"ב ע' 551 הע' 11. 11) תניא רפי"ד. 12) קידושין לה, א. 13) פרש"י ריש פרשתנו. וראה גם עירובין נד, ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד סי"ח. 14) ספ"א. 15) יתרו יט, ג. 16) מכילתא ופרש"י עה"פ. 17) שמו"ר פכ"ח, ב. 18) ראה גם של"ה מס' פסחים קנא, ב. 19) ראה שמו"ר פ"ל, ה. 20) בהר כה, נה.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ער האט זיי געגעבן הורה ומצוותי׳,

און אויף דערויף זאגט מען "שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי חנם", וואס "שש שנים יעבוד" גייט אויף דעם זמן פון שית אלפי שני דהוי עלמא[21] - ע"ד ווי ס׳איז געווען ביים אויבערשטן אין זיין מלאכה, אז "ששת ימים עשה ה׳ את השמים ואת הארץ וביום השביעי שבת וינפש[22], עד"ז דארף זיין די עבודה פון א אידן אין אן אופן אז "שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי חנם", כמבואר (די ענינים ע"פ פנימיות התורה) אין דרושי רבותינו נשיאינו[23].

[און דערפון קומט אויך ארויס דער דין, אז בשעת א איד האט אן עבד עברי, דארף ער זיך פירן מיט אים אזוי ווי דער אויבערשטער האט זיך געפירט [וויבאלד אז "ועמך כולם צדיקים"[24], און "צדיקים דומין לבוראן"[25]], אז "שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי חנם"].

ג. האמור לעיל (אז יעדער איד איז אן "עבד" פון דעם אויבערשטן - וואס דאס איז די הוראה פון דעם ערשטן דין אין פ׳ משפטים) האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין פון מוצאי שבת קודש. והביאור בזה:

דער חילוק כללי צווישן יום השבת מיט ימות החול (אנהויבנדיק פון מוצאי שבת) איז, אז בשבת איז "כל מלאכתך עשוי׳"[26], ס׳איז ניט שייך דער ענין המלאכה (וואס דאס איז ענינו של "עבד"), ואדרבה, ס׳דארף זיין "וקראת לשבת עונג"[27], ביז צום תענוג פון רעוא דרעוין, וואס דאס איז תכלית השלימות אין דעם ענין התענוג[28];

משא"כ אין ימות החול, אנהויבנדיק פון מוצאי שבת קודש (וואס קומט גלייך נאך יום השבת), וואס דעמולט הויבט זיך אן דער ענין פון "ששה ימים תעבוד"[29] [ביז ווי ס׳שטייט אין מכילתא דרשב"י[30] אז דאס איז א מצוה] - דער ענין פון אן "עבד".

וואס א איד איז דאך אלעמאל אן "עבד" פון דעם אויבערשטן, און ער געהערט אינגאנצן צום אויבערשטן, ביז אז ער איז "חלק אלקה ממעל ממש"[31], און דאס איז זיין עצמות

- און -

------------

21) תו"א פרשתנו עו, א. תו"ח שם תיא, ב. תמז, א.
22) תשא לא, יז. 23) תו"א ותו"ח שם. 24) ישעי׳ ס, כא.
25) ב"ר פס"ז, ח. 26) מכילתא ופרש"י יתרו כ, ט. שו"ע אדה"ז או"ח סש"ו סכ"א. 27) ישעי׳ נח, יג. 28) ראה המשך תרס"ו ע׳ הקמה. 29) יתרו כ, ט. 30) עה"פ שם. וראה הנסמן בלקו"ש אמור תשל"ו הע׳ 20. 31) תניא רפ"ב.

און פנימיות, וואס דאס איז דאך געזאגט געווארן בנוגע צו יעדער אידן, כמובן פון פס"ד הרמב"ם[32] הידוע, און דאס איז ניט קיין ענין וואס שטייט בהעלם ביז בהעלם גדול, נאר דאס איז אן ענין וואס איז נוגע אין מעשה בפועל, כמובן פון פס"ד הרמב"ם הנ"ל -

איז די גאנצע מציאות פון א אידן - דאס וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[33], אז ער איז אן "עבד" פון דעם אויבערשטן, אבער אין דערויף גופא איז דא דער חילוק וואס שטייט ביי אים מערער בגלוי - צי דער ענין וואס ער איז "עבד מלך", אדער דאס וואס "עבד מלך מלך"[34].

וואס דאס איז דער חילוק צווישן יום השבת מיט ימות החול: ביום השבת שטייט ביי אים בגלוי דאס וואס "עבד מלך מלך", און בימות החול, אנהויבנדיק פון מוצאי שבת קודש, שטייט ביי אים בגלוי דאס וואס ער איז "עבד מלך".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק דער קשר ושייכות צווישן די הוראה פון פ' משפטים (אז יעדער איד איז אן "עבד" פון דעם אויבערשטן) מיטן ענין פון מוצאי שבת קודש - וויבאלד אז במוצאי שבת קודש הויבט זיך אן די עבודה פון ימות החול, וואס דארפן הערט זיך אן בגלוי דער ענין פון "עבד מלך".

ד. ומובן בפשטות, אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן ימות החול, איז וויבאלד אז ער איז "עבד מלך" - פון מלך מלכי המלכים הקב"ה, איז אפי' ווען ער שטייט אין דער דרגא פון "עבד מלך", באשטייט די עבודות אין ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן אויבערשטן; און דער גאנצער חילוק צווישן יום השבת מיט ימות החול איז, אז בשבת איז די עבודה גופא מתוך תענוג, משא"כ בימות החול, וואס דעמולט איז די עבודה מערער מתוך קב"ע און מעשה בפועל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען א איד שטייט אין א מעמד ומצב של "עבד" (אין ימות החול), איז וויבאלד אז ער איז אן עבד פון מלך מלכי המלכים הקב"ה, ווערט ער אינגאנצן ניט נתפעל פון וועלט - ווי די וועלט קוקט אויס, און וואס די וועלט זאגט, און וואס וועלט וויל ער זאל זאגן און טאן, ווארום ער איז עבדו של הקב"ה.

וכמבואר אין חסידות[35] דאס וואס מוצאי שבת קודש הויבט זיך אן מיטן אויבערשטנ'ס אנזאג "אל תירא עבדי יעקב"[36]

- אע"פ -

------------

32) הל' גירושין ספ"ב. 33) קידושין בסופה. 34) פרש"י בהעלותך יב, ח. דברים א, ז. וראה שבועות מז, ב. 35) לקו"ת בלק עב, ב. 36) ישעי' מד, ב. ירמי' ל, י. ועוד.

[אע"פ אז לויט מנהג חב"ד זאגט מען דאס ניט[37], וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס דעמולט הויבט זיך אן די עבודה פון ימות החול, וואס די עבודה איז פארבונדן מיט וועלט וכו'.

און אויך דערויף זאגט מען "אל תירא עבדי יעקב", אז א איד האט ניט וואס צו מורא האבן און נתפעל ווערן פאר די וועלט – וואס דעם אויבערשטנ'ס אן אנזאג איז דאך אויך א נתינת כח[38], און וויבאלד אז דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה[39], איז פארשטאנדיק אז דאס וואס "כה אמר ה' גו' (אל תירא עבדי יעקב)"[40], ווערט דאס א נתינת כח ביז אין אן אופן אז דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל (ווארום דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה).

וואס מכהנ"ל איז פארשטאנדיק די הוראה כללית וואס מ'נעמט פון יעדער מוצאי שבת קודש פ' משפטים, כולל אויך מוצאי שבת קודש פ' משפטים פון שנה זו.

ה. דערנאך קומט צו א הוראה נוספת – דערפון וואס דאס איז שבת מברכים חודש אדר:

כמדובר כמ"פ אז די נקודה פון חודש אדר איז, אז דאס באווייזט אז אפי' ווען אידן געפינען זיך אין א מעמד ומצב פון "אכתי עבדי דאחשורוש אנן"[41] [ווי ס'איז געווען דער מעמד ומצב אין רעם זמן פון פורים (גדול, אדער פורים קטן)], שטייען אבער אידן אין אן אופן גלוי בנוגע לכל עניני יהרות און תורה ומצוותי'.

ד.ה. אז אע"פ אז עס ווייזט זיך אוים אז די וועלט איז נאך דערצו ניט צוגעגרייט, ואדרבה, לכאו' מאנט די וועלט (בדיבור עכ"פ) אז ס'זאל זיין באופן הפכי, ווי עס ווערט דערציילט אין מגילת אסתר, אז די וועלט איז געשטאנען אין א מעמד ומצב ווי אחשורוש (בגלוי – למטה) האט געוואלט, און אידן זיינען געווען אין גלות אין א מעמד ומצב פון "עבדי אחשורוש" –

פונדעסטוועגן, איז ניט נאר אז זיי האבן ניט געפאלגט אחשורוש'ן, און "מרדכי (ועד"ז "עם מרדכי") לא יכרע ולא ישתחוה"[42], נאר אדרבה, די הנהגה האט געבראכט צום מעמד ומצב פון "ונהפוך הוא אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם"[43], ביז אז "שמעו הולך בכל המדינות"[44], ביז אז "רבים מעמי הארץ מתיהדים"[45].

- ביז -

------------

37) ראה ד"ה בראשית ברא ש.ז. הע' 23. 38) ראה במדב"ר פי"ב, ג. 39) ראה שבת קיט, ב. ב"ר פמ"ד, כב. אוה"ת שמות (כ"ד) ס"ע ב'תשב ואילך. 40) ישעי' שם. 41) מגילה יד, א. 42) אסתר ג, ב. 43) שם ט, א. 44) שם, ד. 45) שם ח, יז.

ביז אז דערפון איז נקבע געווארן לדורות אן ענין של שמחה גדולה ביותר, און א שמחה שאין לה הגבלה, ווארום שמחת פורים איז אין אן אופן פון "עד דלא ידע"[46], משא"כ די שמחה פון די "שלש רגלים", וואס די איז במדידה והגבלה דוקא, ווי דער דין[47] איז אז "חייבים ב"ד להעמיד שוטרים ברגלים כו'".

[וואס דאס איז דאך די מעלה פון שמחת פורים אפי' לגבי די שמחה פון "שלש רגלים"[48], אע"פ אז דעמולט איז דא א ציווי מן התורה "ושמחת בחגך"[49], און אפי' בזמן הזה[50], ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ דעם פס"ד בשלחנו הזהב בסוף הל' יו"ט[51].]

ו. וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס פורים איז מותר בעשיית מלאכה[52] - וואס דאס באווייזט אז אפי' ווען מ'שטייט אין א מעמד ומצב וואס מ'איז פארבונדן מיט אן ענין של מלאכה, און ימות החול

[וואס דאס איז אויך דער קשר מיט דעם ענין פון מוצאי שבת קודש - ווי געזאגט פריער (ס"ד) אז במוצאי שבת איז דא דער ענין פון "אל תירא עבדי יעקב", מצד דערויף וואס דעמולט הויבט זיך אן די עבודה פון ימות החול - ע"ד ווי פורים איז מותר בעשיית מלאכה] -

שטייט מען אבער בגלוי אין א מעמד ומצב של שמחה, וואס "שמחה פורץ גדר"[53], ביז אז ס'ווערט דער ענין פון "רבים מעמי הארץ מתיהדים", און "נפל פחד היהודים עליהם" - אפי' אויף די וואס זיינען ניט "מתיהדים",

ביז אז "שמעו הולך בכל המדינות" - אז דורך דעם וואס יעדער איד וואס איז פון "עם מרדכי", בכל מקום שהוא, פירט זיך אין אן אופן ווי "עם מרדכי" דארף זיך פירן, דערגרייכט דאס און עס פועל'ט "בכל המדינות",

וואס דאס איז מהאים צום פס"ד הרמב"ם[54] אז יעדער איד, דורך א מצוה אחת, במעשה, בדיבור, און אפי' במחשבה, איז - "הכריע" -

------------

46) מגילה ז, ב. שו"ע או"ח סתרצ"ד ס"ב. 47) רמב"ם הל' יו"ט פ"ו ה"כ. שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט סי"ג.
48) ראה תו"א רד"ה חייב אינש הב' (מג"א צח, א). לקו"ת נצבים מח, א. 49) ראה טז, יד. 50) רמב"ם שם הי"ז.
51) סתקכ"ט ס"ז. וראה גם הנסמן בלקו"ש חי"א ע' 336 הע' 2.
52) מגילה ה, ב. רמב"ם הל' מגילה פ"ב הי"ד. טושו"ע או"ח סתרצ"ו ס"ג. 53) ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך.
54) הל' תשובה פ"ג ה"ד.

"הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו ("כל המדינות") לכף זכות".

און דעם כח אויף ר"ח אדר, וואס ער איז כולל את כל ימי החודש[55], עאכו"כ די נקודה התיכונה והפנימית פון דעם חודש, וואס דאס איז דער ענין פון פורים [וואס דאס הויבט זיך שוין אן פון ר"ח אדר, ווארום "משנכנס אדר מרבים בשמחה"[56], ווי רש"י[57] טייטשט אפ אז דאס איז פארבונדן מיטן נס פון פורים] - נעמט מען פון שבת מברכים חודש אדר, וואס דאס איז דער שבת.

ז. א דריטע נקודה אין דעם שבת - אז אין אדר גופא איז דאס אדר ראשון.

וואס אדר ראשון האט דאך אן עילוי לגבי אדר שני, ווארום אע"פ אז די ענינים עיקריים פון פורים, קריאת המגילה און מתנות לאביונים, זיינען אין אדר שני דוקא[58] - איז אבער דא א מעלה אין אדר ראשון לגבי אדר שני. והביאור בזה:

דער ענין פון "שנת העיבור" איז פארבונדן דערמיט וואס מ'איז מוסיף נאך א חודש, וואס דאס איז דער חודש פון אדר ראשון. ווי דער דין[59] איז בנוגע צו א נדר און שבועה, אז אויב ער האט געמאכט א נדר צו טאן אן ענין אין חודש העיבור, דארף ער דאס טאן אין חודש אדר ראשון.

וואס דאס איז ניט נאר אין דרך ההלכה, נאר אזוי איז דאס אויך אין פשוטו של ש"ס, ווי רש"י[60] [וואס פרש"י על הש"ס איז פשוטו של ש"ס] און תוס'[61] טייטשן אפ אז בפשטות איז דער חודש העיבור - אדר ראשון.

וואס דער ענין פון שנת העיבור איז דאך, כדי צו משלים זיין דעם חסרון וואס איז דא אין "מנין הלבנה", אז דאס זאל זיך אויסגלייכן מיט "מנין החמה"[62] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק די מעלה וואס איז דא אין דעם ענין פון שנת העיבור, אז דעמולט איז מען משלים דאס וואס ס'האט געפעלט אין "מנין הלבנה".

וואס אין עבודת ה' איז דאך אן ענין עיקרי אז יעדער

- טאג -

---

55) ראה לקו"ת תבוא מא, ג. עט"ר בתחלתו. 56) תענית כט, סע"א. 57) שם ד"ה משנכנס. 58) מגילה ו, ב. שו"ע או"ח סתרצ"ז. 59) שו"ת הרדב"ז ח"א סק"נ. 60) ד"ה יט, ב ד"ה כמה. 61) שם ד"ה אדר. 62) רמב"ם הל' קידוה"ח רפ"א. רפ"ד. טור או"ח סוף הל' ר"ח. ועוד.

טאג זאל זיין א גאנצער, ד.ה. אנגעפילט מיט די ענינים פון תורה ומצוותי'[63] - קען דאך אבער אמאל זיין אז [מצד די ענינים דורך וועלכע ס'איז געווארן פגימת הלבנה, וואס דערפאר ווערט זי אנגערופן "מאור הקטן"[64]] ס'זאל זיין א חסרון אין די טעג, אז זיי זיינען ניט אנגעפילט מיט תורה ומצוותי' כדבעי -

זאגט מען אז דער חסרון איז ניט קיין חסרון קיים ח"ו, נאר אדרבה, דאס איז א ירידה צורך עלי' (אזוי ווי אלע עניני ירידה) - כדי אז א איד זאל באווייזן ע"י פעולתו ועבודתו אז ער איז משלים דעם חסרון,

וואס דער ענין פון קידוש החודש און עיבור השנה איז דאך תלוי אין ב"ד דוקא[65], ביז אז דער אויבערשטער זאגט צו די מלאכים און צום ב"ד שלמעלה "אני ואתם נלך אצל ב"ד של מטה" און מ'וועט זעהן וואס האבן אידן גע'פסק'נט "אימתי ר"ה ואימתי יוהכ"פ"[66] - באווייזט א איד אז דוקא דורך די ירידה וואס ער געפינט זיך אין ב"ד של מטה, איז ער משלים דעם חסרון פון "מנין הלבנה".

ח. אין דערויף קומט נאך צו א מעלה מיוחדת אין חודש העיבור פון שנה זו - אז דאס איז דער סיום וחותם פון דעם גאנצן מחזור, וואס דעמולט ווערט אויסגעגליכן דער חסרון פון שנת הלבנה לגבי שנת החמה <u>בשלימות</u>[67].

און דעמולט (נאך דערויף וואס דער חסרון איז שוין נשלם געווארן) קומט נאך צו א מעלה אין מנין הלבנה לגבי מנין החמה - ווארום שנת החמה איז אן ענין אין וועלכן ס'זיינען ניטא קיין שינויים, ווארום דאס איז אן ענין וואס מ'גיט מלמעלה, משא"כ דער ענין פון שנת הלבנה, וואס עס הייבגט אפ אין דעם ענין פון עבודת בנ"י, וואס "ישראל מונין ללבנה"[68], און דערפאר זיינען אידן "עתידים להתחדש כמותה"[69].

און דאס שטייט בגלוי במיוחד ווען ס'רעדט זיך וועגן שבת מברכים אדר ראשון (וויבאלד אז חודש אדר איז דער חודש העיבור) - וואס דערפון איז פארשטאנדיק די מעלה מיוחדת וואס איז דא אין שבת מברכים אדר ראשון.

- ט. -

---

63) ראה תו"א פרשתנו עה, ג. תו"ח שם תיא, ב. ד"ה ואברהם זקן ש.ז. שיחת מוצאי ש"פ חיי שרה סי"ד.
64) בראשית א, טז ובפרש"י. 65) ראה ר"ה כה, א. 66) דב"ר פ"ב, יד. 67) רמב"ם שם רפ"ט ורפ"י. טור או"ח שם.
68) סוכה כט, א. ב"ר פ"ו, ג. ובכ"מ. 69) סנהדרין מב. א.

ט. און דאס איז כללות הענין פון קידוה"ח און עיבור השנה - אז דאס באווייזט אז דורך דעם וואס אידן זיינען מקדש חדשים און מעבר שנים, ווערט נשלם דער חסרון וואס עס האט געפעלט אין די ענינים פון תורה ומצוותי'.

און כללות הענין פון קידוה"ח און עיבור השנה, וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס "ישראל מונין ללבנה" - איז פארבונדן דערמיט וואס אידן ווערן אנגערופן בשם "קטן"[70], "יעקב הקטן" און "דוד הקטן"[71], אז זיי זיינען זיך מקטין פאר דעם אויבערשטן, און זיי פירן אויס זיין רצון - וואס דאס איז דאך דער ענין פון אן "עבד".

וואס די עבודה פון דעם "עבד" איז מוסיף כח בפמליא של מעלה (כביכול), ביז אז ס'ווערט דער "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[72], וואס דער "נחת רוח" ווערט דורך דעם וואס א איד איז מקריב א קרבן צום אויבערשטן, און אין אן אופן פון "אדם כי יקריב מכם"[73], אז ער איז זיך מקריב צום אויבערשטן[74], און איז מקריב צום אויבערשטן חלקו בעולם, וואס דורך דערויף איז ער מקריב צום אויבערשטן כל העולם כולו, אז ס'ווערט א דירה לו ית' בתחתונים.

און וויבאלד אז דער ענין וואס "ישראל מונין ללבנה" איז מודגש ביותר אין חודש העיבור (מערער ווי דאס איז בשאר החדשים, כולל אויך אדר שני) - איז דערפון פארשטאנדיק, אז דעמולט איז מער מודגש דאס וואס אידן ווערן אנגערופן בשם "קטן", אז זיי זיינען זיך מקטין פאר דעם אויבערשטן, און פירן אויס זיין רצון, לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

י. האמור לעיל (אז אידן ווערן אנגערופן בשם "קטן", דערפאר וואס זיי זיינען זיך מקטין פאר דעם אויבערשטן און מאכן א דירה לו ית' בתחתונים) איז אויך פארבונדן מיט דער התחלה פון פ' משפטים, "כי תקנה עבד עברי". והביאור בזה:

דער אלטער רבי[75] טייטשט אפ אויף "ואלה המשפטים", אז "משפט הוא לשון הליכה, כדמתרגם על פסוק במשפט הראשון[76] כהלכתא קדמייתא", און ער טייטשט אפ אז די "הלכות הם לשון הליכות עולם לו", מלשון הליכה.

און דאס איז כללות ההוראה פון "ואלה המשפטים" - אז די ערשטע "הליכה" פון א אידן באשטייט אין דעם וואס ער

- ווייסט -

------------

70) דאה ב"ר שם. אוה"ת בראשית ד, ב ואילך. סה"מ תרע"ח ע' קנט ואילך. 71) ראה חולין ס, ב. 72) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 73) ויקרא א, ב. 74) לקו"ת ויקרא ב, ג. ד"ה באתי לגני השי"ת פ"ב. 75) תו"א פרשתנו שם. 76) וישב מ, יג.

ווייסט אז ער איז אן "עבד עברי".

און דאס איז אין אן אופן פון "כי תקנה עבד עברי", ביז צו תכלית השלימות אין דעם ענין פון "קנין", ווי דער אלטער רבי[77] איז מבאר, אז ס'זיינען דא די פיר לשונות: ברוך עושך, ברוך יוצרך, ברוך בוראך, ברוך קונך. און דער ענין פון "קונך", "קנין", איז אין עולם האצילות,

און אויף דערויף זאגט מען אז עבודתו איז אין אן אופן פון "כי תקנה עבד עברי", דער ענין פון "קנין", עולם האצילות, ד.ה. אז די נשמה געפינט זיך בגוף דא למטה, אין דעם זעלבן אופן ווי זי איז בעשטאנען אין עולם האצילות.

וואס יעדער נשמה, אפי' א נשמה וואס שטייט אין דער דרגא הכי פחותה פון אן עבד, איז דאך שרשה ומקורה און דער "מזל" שלה אין עולם האצילות וואס "מזל" איז דאך מלשון "נוזל"[78], אז פון דארטן ווערט נמשך און ס'גיסט אראפ צו דער חלק הנשמה וואס געפינט זיך בגוף.

און אויף דערויף זאגט מען אז "שחורה אני ונאוה"[79], כמבואר אין לקו"ת[80] אז אע"פ אז "שחורה אני" מצד די ירידה למטה, ובפרט מצד שחרות הגלות, פונדעסטוועגן איז "ונאוה",

און אע"פ אז "אני ישנה - בגלותא"[81], איז אבער "ולבי ער", און דער "לב" איז "פליג לכל שייפין"[82], וויבאלד אז דער דם און חיות פון דעם גאנצן גוף נעמט זיך (צווישן די "תלת שליטין"[83]) פון דעם "לב" דוקא - וואס דערפאר איז פנימיות הנשמה דוקא בלב און ניט אין מוח שבראש, כמבואר בכ"מ[84].

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז ביי יעדער אידן איז דא די המשכה וואס קומט אראפ פון שורש הנשמה שבאצילות, ביז אז דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל, כמובן פון פס"ד הרמב"ם הנ"ל (ס"ג) - וואס דאס איז דער ענין פון "כי תקנה עבד עברי", אז די עבודה פון א אידן איז אין אן אופן פון "קנין", וואס דאס איז דער ענין פון עולם האצילות, כנ"ל.

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים - ווארום דער ענין פון דירה בתחתונים ווערט אויפגעטאן דורך כללות העבודה פון "כי תקנה עבד עברי", דער ענין פון "קנין".

- יא. -

---

77) תו"א שם עו, ב. 78) לקו"ת ר"פ האזינו. שה"ש טז, ד. ועוד. 79) שה"ש א, ה. 80) שה"ש ו, ג ואילך. ח, ג ואילך. 81) שה"ש ה, ב. זח"ג צה, א. 82) ראה זח"ג רכא, ב. 83) זח"ב קנג, א. 84) ראה סה"מ תרע"ח ע' קנח.

יא. און דורך דערויף וואס ער איז "עבד מלך", און איז פארנומען מיט דעם ענין פון "לשמש את קוני", און ער מאכט אויף א דירה לו ית', אז ס'ווערט דער "ושכנתי בתוכם"[85] - ביי אידן[86], ביז אז ס'ווערט א דירה לו ית' בתחתונים -

ווערט דער ענין פון "באור פני מלך חיים"[87], ומאן דיהיב חיי יהיב מזוני[88], אז ער האט בני חיי ומזוני, ובכולם אין אן אופן פון רויחי, און ער האט דאס מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה.

ובלשון הידוע - "הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו"[89], וואס דאס איז דאך א ציווי אין תורה, ביז בנוגע למעשה בפועל -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז "מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל"[90] - וויבאלד אז דער אויבערשטער האט קונה געווען די "עברים" פאר "עבדים", איז "כקונה אדון לעצמו", ובמילא דארף ער זיי געבן אלע ענינים,

ביז אין אן אופן אז "הקב"ה גוזר גזירה וצדיק מבטלה"[91] - וואס "עמך כולם צדיקים", ווארום יעדער איד איז דאך עכ"פ אין א מעמד ומצב פון אן "עבד', עאכו"כ ווען ער דערגרייכט צו דער דרגא פון "עבד נאמן", וואס דאס איז דאך די שלימות פון אן "עבד"[92].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ער האט אלע ענינים וואס ער דארף האבן, אין אן אופן אז "לא תחסר כל בה"[93], וויבאלד אז ער האט אויפגעטאן אז די וועלט זאל זיין א דירה לו ית', ווערט דאס בדוגמת דירת המלך, וואס "לא תחסר כל בה"[94].

יב. די נקודת ההוראה מכל האמור לעיל:

ווען ס'קומט מוצאי שבת קודש, און א איד דערמאנט זיך אז ס'דארף זיך אנהויבן די עבודה פון ששת ימי החול, "ששת ימים תעבוד"; ועד"ז ווען ס'קומט חודש אדר, און ער דערמאנט זיך אז "אכתי עבדי דאחשורוש אנן"; ועד"ז ווען ס'קומט חודש אדר ראשון (אין שנת העיבור), און ער דערמאנט זיך אז מ'דארף משלים זיין דעם חסרון פון מניך הלבנה -

- פועל'ט -

---

85) תרומה כה, ח. 86) ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. ובכ"מ. 87) משלי טז, טו. 88) ראה תענית ח, א. 89) קידושין כ, א. רמב"ם הל' עבדים פ"א ה"ט. 90) תהלים קנד, יט. שמו"ר פ"ל, ט. 91) מו"ק טז, ב. וש"נ. 92) ראה המשך הרס"ו ע' שטז ואילך. 93) לשון הכתוב - עקב ח, ט. 94) ראה שבת קנג, א.

פועל'ט דאס ניט ביי אים קיין נפילת רוח, אדער ער זאל שטיין אין א תנועה וואס ער איז בטל צו וועלט און הערט זיך צו צו דעם וואס די וועלט זאגט, נאר אדרבה, ער איז אן "עבד" מערניט ווי פאר דעם מלך האמיתי, וואס דאס איז דער מלך מלכי המלכים הקב"ה, וואס ער איז "ממליך מלכים ולו המלוכה"[95],

און ער גייט בשמחה ובטוב לבב טאן אין דער עבודה נעלית פון אדר ראשון - משלים זיין דעם חסרון פון מניך הלבנה, ובפרט לויט ווי דאס איז בשנה זו, אז דאס איז דער סיום פון דעם גאנצן מחזור, וואס דעמולט איז דער חודש העיבור משלים ניט נאר דעם חסרון פון שנה זו, נאר אויך דעם חסרון פון די שנים שלפנ"ז.

און דורך דעם ווערט דער ענין פון "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני", ביז וואנעט אז מ'פועל'ט "שלימות" כביכול אין דעם אויבערשטן, כמבואר אין מדרש[96] אז דאס איז איינער פון די טעמים אויף דעם וואס אידן ווערן אנגערופן בשם "שולמית"[97], און דערפאר ווערן אידן אנגערופן אויך "תאומתי"[98], וואס דאס באווייזט אז דער אויבערשטער דארף האבן (כביכול) אידן צוזאמען מיט זיך, וואס דוקא דעמולט ווערט דאס א דבר השלם.

יב. והמעשה הוא העיקר[99] - אז מ'זאל מוסיף זיין כח וחיות ביז אויך שמחה ותענוג אין דער התעסקות אין עבודת ה', כמצווה בתורתו וואס זי איז "תורת חיים", מתוך שמחה וטוב לבב.

און דאס פועל'ט אויך אין וועלט - אז אע"פ אז ס'קען זיין אז מיט א רגע פריער האט מען געמיינט אז די וועלט איז קעגן, קומט ארויס דער אמת, אז די וועלט איז א דירה לו ית' בתחתונים,

וואס דאס איז דאך געווען גלייך בתחלת בריאת העולם, אז "עיקר שכינה בתחתונים היתה"[100] - פועל'ט א איד ע"י עבודתו, ובפרט נאך דערויף וואס ער באקומט דעם כח פון אברהם יצחק ויעקב און אלע שבעה צדיקים, "שבעה רועים"[101], אז ס'ווערט א דירה לו ית' בתחתונים אויך איצטער, כמבואר אין די דרושים פון יום ההילולא יו"ד שבט[102] - וואס איצטער

- האלט -

------------

95) פיוט "וכל מאמינים" - מוסף דר"ה ויוהכ"פ. 96) ב"ר פס"ו, ב. שהש"ר רפ"ז. 97) שה"ש ז, א. 98) שם ה, ב. שהש"ר עה"פ. 99) ראה אבות פ"א מי"ז. 100) שהש"ר רפ"ה. וש"נ. 101) מיכה ה, ד. תניא פמ"ב. 102) ד"ה באתי לגני ה'שי"ת בתחלתו.

האלט מען דאך אין דעם סיום פון חודש שבט, וואס דעמולט איז דער שבת מברכים פון חודש אדר, און אין שנת העיבור - פון אדר ראשון.

ביז אז מ'איז זוכה צו זעהן בגילוי דאס וואס ער איז מבאר אין די דרושים פון יום ההילולא[103], אז די אוצדות הכי גדולים און דער הון יקר וואס דער אויבערשטער האט צוזאמענגעקליבן און באוויזן דאס קיינעם ניט - גיט ער דאס אפ און ס'ווערט פאנאנדערגעטיילט ע"י פקידי הצבא לכל אנשי הצבא, וואס דאס איז יעדער איד, ווארום יעדער איד איז דאך אן עבד לה' - "צבאות ה'"[104],

אנהויבנדיק דערפון וואס דער אויבערשטער גיט יעדער אידן די "חמדה גנוזה"[105] וואס "נעלמה מעיני כל חי"[106] - דער ענין פון לימוד התורה, "ואלה המשפטים גו'",

כולל אויך דעם ענין פון "שלום בעולם", ווי דער רמב"ם איז מסיים אין סוף הל' מגילה וחנוכה אז "כל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם", אז ס'קומט אראפ אין וועלט שלום און שלימות, ווארום "ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום"[107],

און דערפון איז פארשטאנדיק אז אידן האבן כל העניינים בפשטות למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן גלוי, כולל אויך דעם ענין השלום - וויבאלד אז זיי פירן זיך לויט דעם "עוז לעמו יתן" וואס "אין עוז אלא תורה"[108], אז זיי פירן זיך ע"פ התורה ומצוותי'.

* * *

יד. מאמר (כעין שיחה) ד"ה ואלה המשפטים.

* * *

טו. מ'האט דאך געהערט פריער (בהמאמר) וועגן דעם "דרוש הנכבד" פון רבינו הגדול, וואס ווערט געבראכט בכ"מ אין די ספרים פון דעם מיטעלן רבי'ן[109], און אויך אין אוה"ת פון צ"צ[110] - וואס דערפון איז דא א הוראה נצחית לכל אחד ואחת, בכל מקום ובכל זמן.

אנהויבנדיק דערפון אז גלייך ווען ס'הויבן זיך אן ימות החול, און א איד הויבט אן טראכטן וואס דארף ער טאן

- מיט -

---

103) המשך הנ"ל פי"א. 104) בא יב, מא. 105) שבת פח, ב. 106) איוב כח, כא. 107) תהלים כט, יא. 108) שהש"ר פ"ב, ג. ועוד. 109) ד"ח שער התפלה פס"ו ואילך. תו"ח שמות עא, ב ואילך. 110) משפטים ע' א'קכז ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

מיט זיינע וואכעדיקע זאכן - די ענינים וואס תורה זאגט איס אז דערוויילע זיינען זיי נאך וואכעדיק,

דארף ער וויסן אז דאס איז אן ענין וואס איז נאר דערוויילע, און נאכמער: דאס וואס די ענינים זיינען דערוויילע וואכעדיק, איז דאס נאר כדי אז בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה זאל באווייזן זיין כח און יכולת במעשה בפועל[111] ווי אזוי ער מאכט פון וואכעדיקייט, "חולין", אז ס'זאל זיין "על טהרת הקודש", העכער פון די טהרה פון מעשר שני, און העכער פון די טהרה פון תרומה, כמבואר אין מסכת חגיגה[112], ביז אז די "חולין" זאלן זיין ניט נאר "על טהרת הקודש", נאר אז זיי זאלן ווערן "קודש" ממש.

ד.ה. אז די עבודה דארף זיין אין אן אופן פון "מעט מעט אגרשנו"[113], אין אן אופן פון מן הקל אל הכבד: פריער[114] איז ער אין דער דרגא פון "עבד כנעני", וואס דאס איז תחלת העבודה, אז ער איז ממלא דעם ציווי האדון, וואס דעמולט איז "יהביך לי' נפשא"[115], און דערנאך טוט ער זיין עבודה אין אן אופן פון "זריזין מקדימים"[116], איז ער זוכה און ווערט בדרגת "עבד עברי", וואס דעמולט "יהביך לי' רוח", און גלייך בזריזות ווערט דער "זכה יתיר", וואס דעמולט "יהביך לי' נשמה", וואס דאס איז די דרגא פון "אמה העברי'", און דערנאך שטייט ער אין א מעמד ומצב פון "לו יערנה" אדער "לבנו יעדנה",

ביז וואנעט אז ער קומט צו דער דרגא פון "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[117] ווי דאס איז נאך אין זמן הגלות, אז ער האט מנוחה פון כל הענינים המבלבלים, עאכו"כ אז ער האט מנוחה פון דעם יצר וואס איז אמאל געווען היפך הטוב - וויבאלד אז ס'איז געווען דער ענין פון "זובח את יצרו"[118], און נאכמער: ער האט אים אינגאנצן מהפך געווען, אז ס'זאל זיין "בכל לבבך - בשני יצריך"[119],

וואס דאס איז דאך געווען די דרגא פון אברהם אבינו, כמבואר אין ירושלמי[120] אז דערפאר שטייט ביי אברהם אבינו "ומצאת את __לבבו__ נאמן לפניך"[121] מיט צוויי בי"ת'ן, דערפאר וואס ער האט מהפך געווען דעם יצה"ר -

- און -

---

111) ראה ג"כ המשך תרס"ו ס"ע שפ ואילך. שיחת מוצאי ש"פ נח ש.ז. ס"ה. 112) יח, ב. 113) משפטים כג, ל. 114) בכ"ז ראה בהנסמן בהע' 10-109. 115) זח"ב צד, ב. 116) פסחים ד, א. 117) תמיד בסופה. 118) ראה סנהדרין מג, רע"ב. 119) ברכות נד, א. 120) ברכות פ"ט ה"ה. 121) נחמי' ט, ח.

און וויבאלד אז "אחד הי' אברהם"[122], און ער איז דער "רועה" וואס עניניו ווערן נמשך לכל אחד ואחת מישראל, כמבואר בארוכה אין תניא[123] - איז פארשטאנדיק, אז דער ענין וואס ביי אברהם אבינו איז געווען "ומצאת את לבבו נאמן לפניך", ווערט דאס נמשך לכל אחד ואחת מישראל.

און ווי מ'זעט דאס אויך אין דעם ענין התפלה - אז אין יעדער תפלה (ניט נאר פון ימות החול, נאר אויך אין תפלת שבת ויו"ט, און אין ר"ה ויוהכ"פ, און אין מוספים) הויבט מען אן מיט "אלקי אברהם", און דערנאך קומט דאס אראפ אין "אלקי יצחק ואלקי יעקב", ביז וואנעט אז דאס ווערט כחו ותיותו[124] פון דעם אדם המתפלל - וואס דערפון זעט מען דאך אז עניני של אברהם אבינו קומט אראפ ביי יעדער אידן.

טז. און אין דערויף זעט מען ראך אויך דעם סדר העבודה (כנ"ל, אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "מעט מעט אגרשנו"):

דער ענין התפלה איז דאך אז א איד שטייט אין א מעמד ומצב "כעבדא קמי' מרי'"[125] - און דער סדר בזה איז, אז פריער הויבט ער אן פון די דרגא התחתונה אין "עבד", ביז וואנעט אז ער קומט צו שלימות הדרגא פון "עבד", וואס דאס איז די עבודה פון תפלת העמידה, וואס זי איז נאך העכער פון דער דרגא פון "ואהבת" שבק"ש, כמבואר בארוכה בכ"מ. וכמובן אויך פון פשטות הענינים, אז אין תפלת העמידה דארף זיין דער ענין פון "כעבדא קמי' מרי'" נאכמער ווי דאס איז אין ק"ש[126].

און לויט ווי א איד שטעלט אוים עבודתו אין דעם ענין התפלה, קומט דערפון ארוים די הוראה ווי ער פירט זיך דערנאך במשך כל היום כולו:

ווען ער גייט ארוים מבית הכנסת לבית המדרש[127], און פון בית המדרש צו "הנהג בהם מנהג דרך ארץ"[128], אז ער האט צוטאן מיט עניני ארץ און ארציות - הויבט ער אן (און פירט אוים) דערמיט וואס ער איז מעלה דעם "חול" אז דאס זאל ווערן אין דרגת הטהרה פון מעשר שני, ביז צו דער טהרה פון תרומה, ביז אז דאס ווערט "על טהרת הקודש", ביז אז דאס ווערט "קודש" ממש.

- וואס -

---

122) יחזקאל לג, כד. 123) רפמ"ב. 124) ראה תו"א סז, ב. 125) שבת י, א. 126) ראה לקו"ש שמות ש.ז. הע' 58. 127) ברכות בסופה. 128) שם לה, ב.

וואס דער ענין בזה אין עבודת האדם איז פארשטאנדיק בפשטות:

לכל לראש דארף זיין די עבודה אז עניני החול שלו זאלן ניט זיין וואכעדיק, ד.ה. אז אין דערויף זאל זיך הערן די כוונה פון "אני נבראתי לשמש את קוני", אע"פ אז ער שטייט נאך אין א דרגא אז ער האט הנאה פון דעם ענין - וואס דאס איז בדוגמת הענין פון מעשר שני, וואס די עבודה בזה איז פארבונדן מיט אן ענין של אכילה ושתי' וכו'[129], וואס ער האט דערפון הנאה, נאר דאס איז אן ענין פון "מעשר שני";

דערנאך הויבט ער זיך אויף אין א העכערע דרגא, וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "תרומה", כמבואר אין די דרושים[130] אז "תרומה" האט אין זיך צוויי טייטשן: הפרשה, און אויך הרמה;

און גלייך נאך דער התחלה פון "ויקחו לי תרומה"[131], זאגט מען אז די כוונה בזה איז דער ענין פון "ועשו לי מקדש"[132] - אז מ'זאל בויען דעם "משכן", וואס "משכן אקרי מקדש"[133], וואס דאס איז די דרגא פון "קודש",

ד.ה. אז אלע זיינע ענינים גשמיים, זהב וכסף ונחושת, און אלע י"ג[134] (אדער ט"ו[135]) ענינים וואס מ'רעכנט אויס - מאכט ער פון זיי אן ענין של "מקדש", ניט נאר "על טהרת הקודש", נאר דאס ווערט א "מקדש".

יז. און וויבאלד אז מ'האט דאס אנגעזאגט יעדער אידן, ביז אז דאס הויבט זיך אן "משהתינוק מתחיל לדבר" וואס דעמולט זאגט מען אים שוין "תורה צוה לנו משה מורשה גו'"[136], אז ער באקומט די גאנצע תורה אין אן אופן של ירושה, וואס דער דין ביי ירושה איז, אז אפי' א תינוק בן יומו, און גלייך משיצא לאויר העולם, איז ער שוין יורש הכל[137] - איז פארשטאנדיק אז צו אים איז שוין שייך די גאנצע עבודה.

נאר דאס הייבט אפ אן זיין החלטה, ער זאל מחליט זיין אז ער איז אן "עבד עברי", און אין אן אופן פון "כי תקנה עבד עברי", לשון יחיד, כמבואר אין די דרושים[138] אז

- אע"פ -

------------

129) ראה יד, כב ובפרש"י. 130) אוה"ת תרומה ע' א'שנב. 131) ר"פ תרומה. 132) שם כה, ח. 133) עירובין ב, א. 134) פרש"י ר"פ תרומה. תנחומא תרומה ה. שהש"ר פ"ד, יג. זח"ב קמח, א. 135) בחיי וכלי יקר תרומה כה, ג. וראה זח"ב קלה, א. 136) ברכה לג, ד. סוכה מב, א. הל' ת"ת לאדה"ז רפ"א. 137) נדה מג, סע"ב במשנה. 138) תו"א ריש פרשתנו.

אע"פ אז די התחלה איז "אשר תשים לפניהם", לשון רבים, אעפ"כ איז ער דערנאך ממשיך "כי תקנה", לשון יחיד - אזוי ווי "תשים" שטייט בלשון יחיד,

דערפאר וואס דאס גייט אויף משה רבינו, וואס ער איז דער "רעיא מהימנא"[139], און ער טוט אויף דעם ענין פון "ורעה אמונה"[140] - ער איז ממשיך די אמונה וואס איז דא ביי יעדער אידן אז דאס זאל אראפקומען אין כל כחות הנפש, ביז אין לבושי הנפש, מחשבה דיבור און מעשה, אז דער ענין האמונה זאל ווערן א קנין בנפשו, בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי משה רבינו, וואס ענינו איז געווען דער ענין הדעת.

וכמבואר אין די דרושים[141] אז אין נשמות ישראל זיינען דא צוויי דרגות, ווי ס'שטייט[142] "וזרעתי את בית ישראל גו' זרע אדם וזרע בהמה" - ס'איז דא דער סוג פון אידן וואס ווערן אנגערופן "זרע אדם", וואס זיי האבן דעת אין אלקות, און ס'איז דא דער סוג פון אידן וואס ווערן אנגערופן "זרע בהמה", וואס זיי האבן ניט קיין דעת אין אלקות (קודם ההשפעה פון משה רבינו);

און ענינו של משה רבינו איז, אז ער איז ממשיך דעם ענין הדעת אין די נשמות וואס זיינען אין דער דרגא פון "זרע בהמה", ביז וואנעט אז אויך דער נה"ב שלו זאל ווערן אין דער דרגא פון "אדם", וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס ביי אים איז דער מושל ושולט דער נה"א, וואס זי ווערט אנגערופן "אדם", ווארום "אתם קרויין אדם"[143], ע"ש אדמה לעליון"[144] - ווארום זי איז "חלק אלקה ממעל",

ביז וואנעט אז דער נה"ב ווערט איין זאך מיטן נה"א, ואדרבה, דוקא דורך דער עבודה וואס מ'איז מהפך דעם נה"ב ווערט דער ענין פון "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני", כמבואר אין תניא[145] אז דאס ווערט דורך דער עבודה וואס מ'מאכט איבער די "בירא עמיקתא" אז דארטן זאל ווערן א דירה לו ית'.

וואס דעם כח אויף דערויף נעמט מען פון דעם ענין פון "כי תקנה" - דאס וואס משה רבינו מאכט א קנין אין יעדער אידן ביז אז ער ווערט אינגאנצן קנינו של משה רבינו, וואס ענינו פון משה רבינו איז דאך ווי ס'שטייט[146] "זכרו תורת משה עבדי", און דאס (דער ענין פון "עבדי") ווערט א קנין ביי יעדער אידן,

- ביז -

------------

139) בכ"ז ראה תו"א שם עה, ב. קיא, א ואילך.
140) תהלים לז, ג. 141) תו"א ריש פרשתנו. עו, ב.
142) ירמי' לא, כז. 143) יבמות סא, א. 144) של"ה כ, ב. רסח, ב. שא, ב. ובכ"מ. 145) פכ"ז. 146) מלאכי ג, כב.

ביז אז דאס קומט אראפ אין "המעשה הוא העיקר" - אז ס'ווערט דער "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם", ווי ער טייטשט אפ אין תו"א[75] אז "משפט" איז פארבונדן מיט "הלכות" (כפי' התרגום אויף "כמשפט" - "כהלכתא"), וואס דורך דערויף ווערט דער ענין פון "הליכות עולם לו", דער ענין פון הליכה,

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך לימוד התורה וואס די נשמה לערנט דא למטה לאחרי ירידתה בגוף, ווארום קודם הירידה למטה איז די נשמה געשטאנען אין דער דרגא פון "עומדים", און דוקא דורך די ירידה למטה ווערט זי אין א דרגא פון א "מהלך"[147], נאך העכער דערפון וואס זי איז געווען קודם ירידתה - וואס דאס איז דאך דער ביאור אין דעם ענין פון ירידה צורך עלי', אז די עלי' איז אין א העכערע דרגא דערפון וואס זי איז געווען קודם הירידה[148].

יח. דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה בנוגע למעשה, אז ווען ס'קומט מוצאי שבת קודש, וואס דעמולט דארף מען אנהויבן די עבודה אין עניני העולם, און די וועלט שטייט אין א מעמד ומצב פון "עולם" מלשון העלם והסתר[149], ווי דער מעמד ומצב איז געווען אין ר"ח אדר, פאר פורים, וואס דעמולט זעט מען, לכאו' נאר דעם מעמד ומצב פון "עבדי אחשורוש אנן" -

ווערט א איד דערפון ניט נתפעל, ווארום ער ווייסט אז ווען ס'איז געקומען דער חודש אדר וואס המן האט געמיינט אז ס'וועט זיין באופן הפכי - איז שוין בטל געווארן די גזירה מלכתחלה, ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש[150] אז אין חודש ניסן שלפנ"ז איז שוין די גזירה בטל געווארן דורך דעם "קול גדיים", דער "הקול קול יעקב"[151] וואס איז געווען אין די בתי כנסיות ובתי מדרשות[152] - דער ענין פון לימוד התורה בפשטות,

און ווען ס'איז געקומען ר"ח אדר פון שנה ההיא, און נאך פריער: שבת מברכים אדר פון שנה ההיא, איז שוין געווען דער מעמד ומצב ווי דאס איז לאמיתתו, אז "ונהפוך הוא וגו'", ס'איז מערניט וואס בגלוי איז דאס אראפגעקומען דערנאך, ביום הפורים, וואס "הכל עשה יפה בעתו"[153], און "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[154].

- ועד"ז -

---

147) לקו"ת שלח לט, ד. 148) ראה ד"ה מים רבים ש.ז. ס"ד-ה ובהנסמן שם. 149) לקו"ת שלח לז, ד. 150) אסת"ר פ"ט, ג. 151) תולדות כז, כב. 152) ראה ב"ר פס"ה, כ. 153) קהלת ג, יא. 154) זח"ג צד, ב.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער הנהגה פון יעדער אידן - אז בשעת ער שטעלט זיך אוועק מיט א תוקף אז "לא יכרע ולא ישתחוה", און זיין תוקף איז פארבונדן מיט "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם", אז אפי' די ענינים פון "משפטים" וואס זיינען פארשטאנדיק ע"פ שכל, איז ער מקיים נאר מצד דערויף וואס "תשים לפניהם", דערפאר וואס ער האט דאס געהערט פון משה רבינו,

[וואס דערפאר איז דאך דער דין[155] אז מ'מוז גיין דוקא אין א ב"ד פון אידן, אפי' ווען דער אנדערער ב"ד (פון ניט אידן) פסק'נט אזוי ווי ס'שטייט אין שו"ע],

און נאכמער: דאס איז אין אן אופן אז דאס ווערט "לפניהם", ווי געבראכט פריער (בהמאמר) דאס וואס דער אלטער רבי זאגט בסוף הל' ת"ת[156] אז ס'דארף זיין אין אן אופן פון "משימו בלבם", ד.ה. אז ער טוט אויף אז דאס וואס "לבו ער" זאל אראפקומען און שטיין ביי אים באופן גלוי -

איז דורך דעם שטייט ביי אים בגלוי דער "כי תקנה עבד עברי", און דורך די "שש שנים יעבוד", וואס יעדער שנה איז מרמז אויף אלף שנה פון די שית אלפי שני דהוי עלמא, ובפרט דורך די עבודה פון שנה הששית, וואס די איז מרמז אויף דעם אלף הששי, און אין אלף הששי גופא - לאחרי חצות, דערגרייכט ער און ווערט אלץ נענטער און נענטער און דאס ווערט די הכנה קרובה צום "ובשביעית יצא לחפשי", אז ס'ווערט דער "חפשי" פון אלע ענינים פון העלם והסתר פון עניני העולם, און אלע וואכעדיקע ענינים.

וכמדובר כמ"פ[157] אז ס'דארף זיין דער ענין פון "טועמי' חיים זכו" - אז די התחלה בזה הויבט זיך שוין אן בערב שבת קודש, ביז וואנעט אז דעמולט דארף מען שוין טועם זיין "מכל תבשיל ותבשיל", ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ בשו"ע שלו[158].

יט. וואס דאס איז די הוראה בפשטות - אז יעדער איד דארף וויסן אז מ'גיט אים דעם כח אז בכל מקום וואו ער געפינט זיך, אפי' דייענדיק אין גלות אין א מעמד ומצב פון "עבדי אחשורוש" - זאל ביי אים זיין דער ענין פון "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם", אז אין אלע ענינים טוט ער לויט ווי משה רבינו האט אפגע'פסק'נט, און ווי ס'איז אראפגעקומען אין דעם פס"ד פון שו"ע, כולל אויך דאס וואס מ'דארף טאן

- וואס -

---

155) גיטין פח, ב. שו"ע חו"מ סכ"ו ס"א. 156) פ"ד הי"ח. 157) ראה לקו"ש וישלח תשל"ז ס"ב. 158) או"ח סר"נ ס"ח.

וואס אחשורוש זאגט מצד "דינא דמלכותא דינא"[159], כולל אויך דער ענין פון "ודרשו את שלום העיר וגו'"[160].

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס'שטייט אין שו"ע ווי אזוי מ'דארף זיך פירן - איז איינגאנצן ניט נוגע צי אחשורוש איז מסכים דערמיט צי ער איז ניט מסכים, ואדרבה, די טובה פון אחשורוש'ן און דער ענין פון "שלום העיר" און שלום המדינה ביז צום שלום בכל העולם כולו, איז פארבונדן דערמיט וואס מ'פירט זיך ע"פ התורה דוקא.

וואס דאס איז אויך נוגע אין מעשה בפועל בחיי יום-יום:

בשעת ער הויבט אן טראכטן אז אויב ער וועט זיך פירן בנוגע לפרנסתו לויט די אלע הגבלות פון שו"ע אין די ענינים וואס זיינען בין אדם לחבירו, ער זאל זיך אויסהיטן פון השגת גבול, ביז אויסהיטן זיך אפי' פון "אבק" פון אלע ענינים בלתי רצויים, וועט דאס לכאו' אנרירן זיין פרנסה -

זאגט מען איס אז דאס איז פונקט להיפך: ווען קען ער האבן זיין פרנסה, און האבן דאס אין אן אופן אז ער וועט דאס אויסנוצן אויף געזונטע זאכן און פרייליכע זאכן און גוטע זאכן - איז דאס דוקא דורך דעם וואס ער וועט זיך פירן לויט דיני התורה.

וכמרז"ל[161] עה"פ[162] "הליכות עולם לו" - "א"ת הליכות אלא הלכות", וכידוע דער כלל וואס שטייט אין של"ה[163], אז בשעת מ'זאגט "אל תקרי" מיינט דאס אז באמת זיינען דא ביידע פירושים, נאר איין פירוש שטייט בגלוי, און דעם צווייטן פירוש לערנט מען אפ פון תושבע"פ. ועד"ז בעניננו:

בשעת מ'גיט א קוק ווי דאס איז בגלוי, זעט מען אז דאס איז "הליכות עולם", ער גייט אין וועלט; איז אזוי ווי מ'מאנט אז ס'זאל זיין "הליכות עולם לו", אז ער זאל ווערן א בעה"ב אין וועלט, איז תושבע"פ מבאר ומסביר (דעם צווייטן פירוש), אז ווי אזוי קען ער (און מוז) דאס אויספירן - דורך דעם ענין פון "הלכות".

און מ'זאגט "אל תקרי הליכות אלא הלכות" - דו טארסט ניט ליינען "הליכות" סיידן אז דו וועסט פריער ליינען "הלכות", וואס דאס מיינט בפשטות אז ער זאל זיין "שונה הלכות בכל יום", ווי רש"י[164] טייטשט אפ אז דאס גייט אויף

- די -

------------

159) גיטין י, ב. וש"נ. 160) ירמי' כט, ז. 161)
161) מגילה כח, סע"ב. נדה בסופה. 162) חבקוק ג, ו.
163) כללים אות א' בסופו. וראה הליכות אלי ס"ג.
164) ר"ה הלכות - נדה שם.

די משניות און ברייתות און הלכות למעשה בפועל.

וואס דאס איז די הוראה פון "תורה אור", אז ווען א איד גייט ארויס אין וועלט במוצאי שבת קודש, דארף ער וויסן זיין אז ער איז דער בעה"ב אויף דער וועלט, ער זאל דערפון מאכן א דירה לו ית' בתחתונים, דורך דעם וואס ער מאכט איבער די חיצוניות פון וועלט מלשון העלם והסתר, אז דארטן זאל מען זעהן בגלוי, ביז אין אן אופן פון "וראו כל עמי הארץ"[165], אז דאס איז א דירה לו ית' בתחתונים - אנהויבנדיק דערפון וואס "שם הוי' נקרא עליך", וואס דאס פועל'ט דעם "ויראו ממך", אז ס'פאלט אויף זיי אימתה ופחד.

און דעמולט האט ער די הבטחה אז ס'וועט זיין א וואך פון שלום, און א וואך פון הצלחה, און א וואך אין וועלכע דער ענין פון "ששת ימים תעבוד ועשית כל מלאכתך" וועט זיין לויט ווי ס'שטייט אין תודה, און דערנאך קומט דאס אראפ פון "הלכות" אין "הליכות עולם", אז ס'ווערט א תורה-וועלט.

כ. ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק די הוראה בנוגע צו כלל ישראל:

בשעת כלל ישראל קוקט זיך ארום און זעט אז ס'איז א טומל אין וועלט, און מ'לויפט ארום מקצה העולם ועד קצהו כדי צו פועל'ן א לחץ אויף אידן ח"ו, ביז אויף א קיבוץ גדול פון אידן, כמ"פ ששים רבוא מישראל כן ירבו -

גיט מען גלייך די הוראה אז מ'זאל וויסן אז די גאנצע ארומלויפעניש איז נאר כדי אז ס'זאל זיין "הליכות עולם", אין אן אופן אז ס'איז פארבונדן מיט "הלכות", ד.ה. אז א איד זאל גיין און פירן זיך לויט ווי דער אויבערשטער וויל, ווי ער האט דאס אנגעוויזן אין תורה.

און וויבאלד אז די "הליכות" זיינען פארבונדן מיט "הלכות", ווערט דאס אין אן אופן פון "הוי רץ למצוה"[166], און למצוה קלה כחמורה[167], וכפשטות הענין פון ריצה, אז דאס איז דורך די פיס, ד.ה. אז דאס פועל'ט אפי' אויף די דרגא הכי תחתונה (רגלים), ואדרבה, דורך דערויף וואס די פיס לויפן, נעמען זיי מיט אויך די הארץ און די קאפ.

און ס'איז בכחו של כאו"א מישראל, עאכו"כ עשרה מישראל, ועאכו"כ א קיבוץ גדול ישראל - אז בשעת מ'שטעלט

- זיך -

---

165) הבוא כח, י. 166) אבות פ"ד מ"ב. 167) ראה אבות רפ"ב.

זיך אוועק און מ'איז מכריז בגלוי, ביז אז "שמעו הולך בכל המדינות", אז אידן גייען אין "הליכות עולם" דורך די "הלכות" פון תורה, און דערפאר שטעלן זיי די דרישה אז א"י געהערט צו אידן, און מ'זאגט אז דאס איז אפי' ניט קיין דרישה, ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז "דבר אלקינו יקום לעולם"[168], און "רבות מחשבות בלב איש ועצת ה' היא תקום"[169], וואס דער אויבערשטער "נטלה מהם ונתנה לנו"[170], צו יעדער אידן און צו אלע אידן, וואס יעדער איד האט א חלק אין א"י[171] - איז בשעה מ'שטעלט זיך אוועק בתוקף, פועל'ט דאס אויף דער גאנצער וועלט.

וואס דאס איז דאך א דבר הפשוט אז סוכ"ס וועט דאס זיין אזוי - נאר די וועלט האט א ברירה, און מ'האט אויך געגעבן בחירה צו א אידן, אז אויב ער וויל קען ער דאס טאן מתוך שמחה וטוב לבב, און אין אן אופן פון יפה שעה אחת קודם - באזעצן גאנץ ארץ ישראל, אין אן אופן אז ס'זאל זיין "ישב[172] אדם - אדם העליון[173] - שם", דורך דערויף וואס מ'מאכט דערפון א מקום פון לימוד התורה וקיום מצוותי' עליהם נאמר "וחי בהם"[174].

וואס די התחלה און דער עיקר בזה איז שוין געטאן געווארן, מ'דארף מערנים ווי פארענדיקן די "פכים קטנים", כלשון הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

כא. וואס דאס באשטייט אויך אין דעם וואס א איד שעמט זיך ניט מיטן אמת, אז ער איז א "גוי קדוש"[175] אויף וועלכן דער אויבערשטער זאגט "והייתם לי סגולה מכל העמים"[176], און א פאלק וואס האט די הבטחה גמורה אז "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[177],

און האט די הבטחה גמורה אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"[178], אז די גאנצע בריאה איז "בשביל ישראל שנקראו ראשית", ווארום אידן שטייען אין א מעמד ומצב פון "בשביל התורה שנקראת ראשית"[170], און זיי זאגן אז "בשם אלקינו נדגול"[179], און "בשם ה' אלקינו נזכיר"[180], אז מ'גייט ארויס מיט תורת ה' און מ'איז מכריז בגלוי אז א"י געהערט צו אידן דערפאר וואס "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו",

- ניט -

---

168) ישעי' מ, ח. 169) משלי יט, כא. 170) פרש"י ר"פ בראשית. 171) ראה שיחה מוצאי ש"פ לך ש.ז. סט"ו. וש"נ. 172) ירמי' ב, ו. 173) ראה לקו"ת במדבר ד, ג. ראה לב, ב. 174) אחרי יח, ה. וראה יומא פה, ב. 175) יתרו יט, ו. 176) שם, ה. 177) ישעי' מט, כג. 178) בראשית א, א. 179) תהלים כ, ו. 180) שם, ח.

ניט דערפאר וואס דאס איז "כחי ועוצם ידי"[181], און ניט דערפאר וואס מ'איז גוטע פאליטיקער, אדער דערפאר וואס מ'האט כלי נשק - די אלע ענינים זיינען מערניט ווי ענינים חיצוניים, וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אז מ'דארף האבן אויך די ענינים חיצוניים הנ"ל,

מ'דארף האבן כלי נשק, און מ'דארף האבן אז פב"פ זאל רעדן בכמה שפות און בכמה סגנונים - אבער דער תוכן הדברים איז מיוסד (און ער זאגט דאס אויך בגלוי) אויף דעם ענין פון "אל תקרי הליכות אלא הלכות"; דאס וואס ער רעדט אויף אלע שבעים לשון, נעמט זיך דאס פון די שפה ברורה פון לשון הקודש, וואס זי ווערט אנגערופן "לשון הקודש" דערפאר וואס אין איר איז געשריבן געווארן די תורה הקדושה צום "גוי קדוש", און דורך איר איז אויך איינגענומען געווארן ארץ הקודש וואס פירט זיך ע"פ תורתנו הקדושה.

און בשעת אז די התחלה איז באופן כזה, אז ער זאגט בגלוי, אז דאס וואס א"י געהערט צו אידן איז דאס שוין א דבר שבמציאות, דאס געהערט שוין צו אידן, און מ'קען דאס דורכפירן בדרכי נועם ובדרכי שלום, ובפרט אז מ'האט אויך דעם לבוש אין דרך הטבע, אז ס'איז צוגעגרייט צבא מיט נשק, און מדינאים וואס פרעגן זיך נאך וואס מ'דארף טאן ע"פ תורה, וואס דארף מען זאגן, און אויף וואס קען מען מוותר זיין, און אויף וואס קען מען בשום אופן ניט מוותר זיין -

פועל'ט מען דעמולט אז פון די אלע פארשידענע לשונות פון די שבעים לשון אין וועלכע מ'רעדט, און פון דעם צבא און די כלי נשק וכו' - קומט ארויס דער ענין פון שלום בעולם, אז מ'דארף ניט אנקומען צו די כלי נשק, נאר ס'איז גענוג דאס גופא וואס מ'האט די כלי נשק, אז דורך דעם ווערט "תפול עליהם אימתה ופחד", ווארום דאס איז "בגדול זרועך"[182] פון דעם אויבערשטן, וואס ער האט אנגעזאגט אז מ'דארף האבן דעם לבוש פון צבא כפשוטו מיט נשק גשמי, אבער דער צבא זאגט אז דאס איז "צבאות ה'", און אז "אלה ברכב ואלה בסוסים ואנחנו בשם ה' אלקינו נזכיר".

כב. ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ ממש פון כו"כ מישראל היל"ת, וואס דעמולט איז דא דער פס"ד ברור אין שו"ע, אז מ'טאר ניט אפגעבן אפי' א שעל אחד פון א"י, וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט פקו"נ.

- ווי -

---

181) עקב ח, יז. 182) בשלח טו, טז.

הנחה הה' בלתי מוגה

ווי דער פס"ד אין שו"ע[183], אז ווען ס'רעדט זיך וועגן אן "עיר הסמוכה לספר", איז "אפילו אינן רוצים לבוא אלא על עסקי תבן וקש", און אפי' אז זיי זיינען נאר "ממשמשים לבוא", איז דער פס"ד אז "יוצאים עליהם בכלי זיין כו'" - מ'דארף ארויסגיין פון די ד' אמות וואו מ'איז פריער געווען איינגעשלאסן, און מ'גייט אין אן אופן ווי ס'שטייט אין שו"ע, אז "בשם אלקינו נדגול".

און ס'איז דאך א מעמד ומצב פון "ממשמשים לבוא", ווי זיי אליין זאגן אז אויב מ'וועט זיי ניט נאכגעבן און טאן היפך התורה, וועלן זיי נוצן דעם אנדער וועג רח"ל -

וואס דאס איז דאך ניט ברשותם פון אידן אז זיי זאלן נאכגעבן און אפגעבן א שעל פון א"י - אבער דער גוי האט נאך ניט דערהערט וואס א איד איז, ווארום דער איד האט נאך ניט געזאגט בתוקף הכי גדול, אז ער איז דער וואס גייט ברענגען "דבר ה'", ביז אז דאס וועט אויך אנקומען צו די גויים אז ס'וועט ווערן "לאור גוים"[184], אז די גויים וועלן דערהערן די אלע ענינים פון תומ"צ וואס איז שייך צו זיי, עאכו"כ אז זיי וועלן דערהערן דעם ענין כללי אז "נטלה מהם ונתנה לנו".

וכאמור אז דער פס"ד אין שו"ע איז, אז מ'טאר ניט אפגעבן אפי' א שעל אחד פון א"י, וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ ממש - וואס דערפאר דארף מען האבן כלי נשק וכו', און ביחד עם זה זאגט מען אז מ'טוט דאס נאר דערפאר וואס דאס איז דעם אויבערשטנ'ס אנזאג בתורתו, וואס די תורה איז נצחית בכל מקום ובכל זמן, און א איד זאגט דאס בגלוי און ער טוט אזוי בגלוי, ווארום ער האט דעם כח ויכולת צו טאן דאס וואס די תורה הייסט אים טאן.

כב. וכאמור לעיל (ס"כ) אז מ'דארף באזעצן גאנץ א"י מיט אידן - און דאס וואס מ'וויל איינרעדן איימיצן אז איצטער איז ניטא די מעגליכקייט אויף דעם - איז אמת טאקע אז ווען מ'וואלט באזעצט אלע גבולות גלייך בתחלת השקו"ס, וואלט טאקע געווען בעסער, אבער איצטער איז נאך אויך דא די מעגליכקייט אויף דעם, אויב מ'וועט דאס אפטאן אין אן אופן פון "בעתה אחישנה", איידער ס'וועט קומען א לחץ גדול יותר פון דעם לחץ וואס איז דא איצטער (וואס דער לחץ איצטער איז שוין אויך גרעסער פון דעם לחץ וואס איז געווען ביז איצטער).

- און -

------------

183) או"ח סשכ"ט ס"ו. שו"ע אדה"ז שם. 184) ישעי' מב, ו.

און דאס וואס מ'טענה'ט אז מ'האט איימיצן צוגעזאגט וכו' - איז דאס א טענה שאין לה כל יסוד, ווארום מ'קען ניט צוזאגן אויף א זאך וואס איז ניט ברשותו; דאס איז א זאך וואס געהערט צום אויבערשטן, און דער אויבערשטער האט דאס געגעבן יעדער אידן און אלע אידן, און ער האט דאס אפגעגעבן אין אן אופן אז דאס זאל ווערן "נחלת עולם", אז דאס געהערט צו אידן אויף אייביק.

ובפרט נאך אז דער גוי מיט וועמען מ'האט גערעדט און איט צוגעזאגט, האט סיי-ווי ניט געגלויבט אז מ'וועט האלטן דעם ווארט און מ'וועט דאס מקיים זיין, ווארום "כל הפוסל במומו פוסל"[185] - וויבאלד אז זיי זיינען משנה בדיבורם, זיינען זיי זיכער אז אידן וועלן אויך משנה זיין בדיבורם. ובפרט אז מ'האט שוין מגלה געווען אז זיי האבן שוין משנה געווען בדיבורם און אין די תנאים וואס זיי האבן געמאכט, איז דאך דאס א פתח פתות לדרוחה צו טאן לויט ווי דער אויבערשטער וויל.

וכמדובר כמ"פ אז מ'האט שוין געזעהן בעבר אז ווען מ'האט זיך געשטעלט בתוקף המתאים האט מען אויסגעפירט - אויב מ'האט נאר גערעדט אין א נוסח וואס איז ניט משתמע לתרי אפי, משא"כ ווען מ'האט גערעדט אין א נוסח וואס בלשון העולם ווערט דאס אנגערופן "דיפלאמאטיע", און דערנאך קומען אוה"ע און טייטשן דאס אפ ווי זיי ווילן - ווי מ'האט דאס געזעהן אין די "רעזאלוציע" הידועה בשם "242", אז וויבאלד מ'האט דאס געשריבן אין א נוסח וואס איז משתמע לתרי אפי, איז דערפון געווארן א בכי' לדורות - ביי יעדער לחץ הויבט מען אן מיט דער טענה, היתכן, ס'איז דאך דא די "רעזאלוציע"!

וואס דערפאר איז מה שהי' הי', אבער מכאן ולהבא זאל מען טאן ווי מ'דארף טאן - און א איד איז דאך א בעה"ב אויף משנה זיין און אפי' מהפך זיין אויך דעם עבר.

וואס דערפאר זאל מען מכאן ולהבא באזעצן גאנץ א"י מיט אידן, און ס'איז ניט קיין נפק"מ וואס מ'האט צוגעזאגט, ובפרט אז מ'זאגט נאך אז מ'האט ניט צוגעזאגט, און אפי' אויב מ'האט יע צוגעזאגט, איז אויך ניט קיין נפק"מ, ווארום א"י איז "נחלת עולם" וואס איז געגעבן געווארן צו אידן, "עם עולם", פון "אלקי עולם", דער אויבערשטער, וואס ער איז דער מלך מלכי המלכים פון כל המדינות כולם - וואס סוכ"ס ווייסן זיי אויך דערפון.

- און -

---

185) קידושין ע, א.

און הלואי זאל מען עכ"פ איצטער באזעצן גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' אין אן אופן פון "בעתה אחישנה", און אן קיין רעש און שטורעם, נאר בקול דממה דקה - וואס ראַרסן נייס דער אויבערשטער[186],

און דעמולט איז א זיכערע זאך אז דאס איז דער וועג צו שלום אמיתי, און ס'איז אויך א זיכערע זאך אז ס'איז בכחם צו דורכפירן דאס בפועל למטה מעשרה טפחים.

און ס'איז איבעריקע האַרץ-ווייטאג און קאפ-ווייטאג און צער של ישראל פון די גאנצע שקו"ט בזה - און בשעת אז מ'וועט דאס אפטאָן בשעתא חדא וברגע חדא און בקול דממה דקה, וועט דאס מבטל זיין דעם גאנצן לחץ, ווארום מ'וועט זעהן א מעשה בפועל, וואס אין אחר מעשה ב"ד כלום[187] - וויבאלד אז דאס איז א מעשה ב"ד, ווי דער פס"ד ברור אין תורה אז א"י איז א "נחלת עולם" צום "עם עולם".

כד. וכידוע דער פס"ד פון רבנים און גדולי ישראל, ביז צום פס"ד ברור וואס איז געווען אין דער "כנסי' גדולה", וואס איז געזאגט געווארן בפרסום במעמד פון כו"כ עשירות מישראל - אז מ'טאר ניט אפגעבן קיין אייַן שעל פון גאנץ ארץ ישראל לגבולותי'.

און ס'איז א פלא גדול פארוואס מ'איז ניט מפרסם ומכריז בפרסום הכי גדול דעם פס"ד וואס איז געווען אין דער "כנסי' גדולה" - וואס אלע זיינען דאך מודה אז דאַרטן זיינען געווען גדולי ישראל, ביז וואנעט אז די וואס זאגן אז זיי זיינען איצטער מנהיגי ישראל, האלטן זיך גרויס דערמיט וואס זיי גייען לויט די הוראות פון די גדולי ישראל וואס זיינען געווען אין דער "כנסי' גדולה".

און דאס וואס ס'זיינען דא אזוינע (אויב ס'זיינען דא) וואס ווילן דאס באהאלטן, און מ'זוכט אין דערויף פירושים און סילופים - וועט דאס זיי ניט העלפן, ווארום דאס איז אזוי ווי יעדער "דבר ה' זו הלכה"[188], אז ס'וועט זיכער מקוים ווערן, ובפרט א פס"ד וואס איז געמאכט געווארן דורך זייערע מנהיגים און זייערע רביים און זייערע מלמדים ומורים און ראשי ישיבות, איז דאך א דבר ברור אז דאס איז א פס"ד ברור אויך ביי זיי, ובמילא איז דאס נוגע צו זייער מעשה בפועל.

און וויבאלד אז דאס איז א פס"ד פון דער "כנסי' - גדולה" -

---

186) מלכים א יט, יב. וראה זח"ג רכג, ב. 187) ראה ב"מ יז, סע"א. 188) שבת קלח, ב.

גדולה", וואס דאס איז מיוסד אויף דעם פס"ד פון תורתנו האמיתית והנצחית, און וויבאלד אז "מאן מלכי רבנן"[189] - איז א זיכערע זאך אז דאס איז א פס"ד אפי' פאר די אידן וואס זייערע באי-כח זיינען ניט געווען אין דער "כנסי' גדולה", אדער די וואס מאיזה סיבה שתהי' האבן אהינצו ניט געשיקט קיין באי-כח, און אפי' פאר די אידן וואס זיינען דעמולט געווען אין א מעמד ומצב וואס מ'האט דאס איצטער א נאמען געגעבן "חילוניים"

- וואס ביי אידן איז דאך ניטא קיין "חילוניות", וואכעדיקייט, ווארום ביי מ"ת איז יעדער איד געווארן א טייל פון א "גוי קדוש", א הייליקן פאלק. ער האט טאקע בחירה ווי צו פירן זיך במעשה דיבור ומחשבה, אבער ער קען ניט ענדערן דאס וואס ער איז בעצם - איינער פון דעם "גוי קדוש", וואס קדושה איז היפך פון חילוניות.

כה. ויה"ר אז מ'זאל זיך ניט דערשרעקן פאר "צל ההרים"[190], עאכו"כ אז דאס זיינען ניט קיין "הרים", ס'איז מערניט ווי א "קול עלה נדף", אן אפגעריסענעם בלעטל וואס געפינט זיך ניט אויפן אילן וואס גיט אים זיין חיות,

ווארום בשעת אז א ניט איד זאגט אז ער וויל צונעמען ביי א אידן זיינע א זאך, א זאך וואס איז פארבונדן מיט אידישקייט און תורה ומצוותי', ובפרט א הלכה ברורה - איז מה-דאך אז צונעמען ביי א גוי זיינע א זאך איז איינע פון די שבע מצוות בני נח[191], איז דאך פארשטאנדיק במכש"כ וק"ו בנוגע צו צונעמען ביי א אידן זיינע א זאך, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז א גוי וואס וויל צונעמען ביי א אידן זיינע א זאך, ווערט ער דורך דעם אפגעריסן ממקום חיותו, ובמילא איז ער מערניט ווי אן "עלה נדף".

און אויף דערויף באווארענט דער פסוק[192] אז ס'קען זיין א מעמד ומצב וואס ס'וועט זיך געפינען א איד וואס וועט זיך שרעקן רח"ל פון א "קול עלה נדף", און דער פחד וועט ביי אים זיין אזוי גרויס, ביז אז ער וועט איינרעדן א צווייטן אידן ער זאל זיך אויך דערשרעקן פארן "קול עלה נדף" - וואס דערפאר באווארענט מען אז א איד זאל זיך ניט דערשרעקן פארן "קול עלה נדף".

און מ'דארף זיך פירן לויטן פס"ד ברור פון דעם שו"ע המדובר לעיל (סכ"ב), וואס דער פס"ד איז געווען דער יסוד

- פון -

---

189) ראה גיטין סב, א. 190) לשון הכתוב - שופטים ט, לו. 191) רמב"ם הל' מלכים פ"ט ה"ט. 192) בחוקותי כו, לו.

פון דער החלטה פון כו"כ גדולי ישראל וואס זיינען געווען אין דער "כנסי' גדולה" - וואס אלע זייערע תלמידים און ההולכים בעקבותיהם [און אפי' די וואס זיינען ניט זייערע תלמידים, נאר זיי זיינען תלמידים פון אנדערע גדולי ישראל - איז דאך אבער זייער פס"ד מיוסד אויפן פס"ד פון תורתנו הקדושה], דארפן זיך פירן לויט דעם פס"ד, און לאורם נסע ונלך, אז מ'וועט זיך פירן אין "הליכות עולם" לויט זייער "תורה אור" וואס זיי האבן ארויסגעגעבן אין דעם פס"ד ברור.

און מ'זאל זיך מיט קיינעם ניט רעכענען, ווארום דאס איז מערניט ווי א "קול עלה נדף" מחוץ לגבול ישראל, און מצד דעם העלם והסתר פון חושך הגלות זיינען דא געציילטע אידן וואס דערשרעקן זיך פאר דעם "קול עלה נדף", וואס דאס איז מערניט ווי א "קול", און א "קול" פון אן "עלה נדף", און זיי ווילן נאך איינרעדן א צווייטן אידן ח"ו אז ער זאל זיך אויך דערשרעקן פארן "קול עלה נדף".

און בשעת אז מ'שטעלט זיך אוועק מיטן תוקף פון תורה, איז א זיכערע זאך אז דורך דעם וועט שלום בעולם, ווארום "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם".

כו. וכאמור לעיל אז מ'זאל גלייך באזעצן די גבולות פון א"י מכל הד' צדדים, און ניט רעכנען זיך מיט קיינעם - און די וואס ווילן איינרעדן דברים שלא היו בעולם, אז דורך דעם וועט מען דארפן אוועקנעמען אן אראבער ממקומו - וועט זיין געגוג לפי שעה אז מ'וועט באזעצן כל המקומות הפנויים וואו ס'זיינען ניטא קיין אראבער, זאל מען זיי באזעצן מיט אידן.

וואס יעדער איד איז דאך "חלק אלקה ממעל ממש", וואס דאס איז זיין עיקר, און ער זאגט דאס בגלוי און פירט זיך אזוי בגלוי, אז ער נעמט מיט דעם אויבערשטן ע"י תורתו, ווי ס'שטייט אין מדרש[193] און אין זהר[194] אויף "ויקחו לי תרומה"[195] - "אותי אתם לוקחים", ד.ה. אז דורך תורה נעמט מען אויך דעם אויבערשטן אליין,

זאל מען מאכן אין די אלע נייע ישובים און אין אלע מקומות הפנויים על כל הגבולות וואס מ'וועט באזעצן מיט אידן - א מקום תורה און א מקום תפלה, דורך דעם וואס מ'וועט דארטן מאכן א ביהכנ"ס וביהמ"ד, און אלס הקדמה והכנה לזה - א מקוה טהרה[196],

- און -

---

193) ויק"ר פ"ל, יג. וראה שמו"ר פל"ג, ו. 194) ח"ב קמ, ב - הובא בתניא פמ"ז. 195) תרומה כה, ב. 196) ראה ג"כ שיחת מוצאי ש"פ לך ס"כ.

און יעדער איד בכל מקום שהוא, זאל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, עאכו"כ אין אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[197].

וכאמור אז מ'זאל זיך ניט רעכנען מיט קיין בו"ד, ווארום וויבאלד אז תורה הייסט אז מ'זאל באזעצן גאנץ א"י לגבולותי', ועכ"פ די מקומות הפנויים, איז א זיכערע זאך אז דאס איז ניט היפך הענין פון "אל תתגרה בגוי קטן"[198].

וכמדובר כמ"פ אז מיט יעדער רגע וואס מ'ווארט מיטן באזעצן אידן, איז מען אויף זיך מזמין א לחץ נוסף, ווארום ס'זיינען דא אידן וואס שושקען זיך אז מצד דעם "קול עלה נדף" וועט מען סוכ"ס אפגעבן רח"ל א טייל פון ארץ ישראל לגבולותי' - וואס דערפאר איז די איינציקע וועג צו פועל'ן אז זיי זאלן אויפהערן טומלען און שושקען, דורך דערויף וואס ס'וועט זיין דער מעשה בפועל, אז מ'וועט באזעצן גאנץ א"י לגבולותי' בכל המקומות הפנויים, און מאכן דארטן א מקום תורה, תפלה וטהרה, און א מקום פון קיום המצוות.

כז. ויה"ר אז מ'זאל טאן בכהנ"ל בשמחה וטוב לבב, ומתוך הרחבה אמיתית - וואס דאס איז די איינציקע וועג צו פועל'ן דעם ענין השלום, דורך דערויף וואס מ'וועט פאלגן דעם פס"ד פון גדולי ישראל, סיי פון דער "כנסי' גדולה", סיי די וואס זיינען ניט געווען אין דער "כנסי' גדולה" (מאיזה סיבה שתהי'), וואס זיי האבן אויך געהאט דעם זעלבן פס"ד.

און טאן בכהנ"ל מתוך הרחבה, ויפה שעה אחת קודם, ווארום דורך דעם וואס מ'טוט דאס מיט איין רגע פריער, איז מען שולל א ראגה נוספת און א שקו"ט וצער נוסף, וואס מ'דארף רעדן, און אויף וואס פאר אן אופן וכו' - וויבאלד אז ס'איז שוין געטאן געווארן במעשה בפועל, ואין אחר מעשה ב"ד כלום.

וכאמור לעיל אז מ'האט ניט קיין אנדער ברירה - ווארום ס'איז דא דער פס"ד פון שו"ע אז וויבאלד זיי האבן געזאגט בגלוי אז זיי זיינען "ממשמשים לבוא", מ'דינגט זיך נאר צי דאס איז "על עסקי תבן וקש" וכו', איז דער פס"ד ברור פון שו"ע (אין הל' פקו"נ - וואס זיי שטייען אין הל' שבת) אז "יוצאים עליהם בכלי זיין", ובמילא דארף מען צוגרייטן אידן וואס זאלן האלטן די כלי זיין, און מ'איז זיי מסביר אז מ'טוט דאס נאר דערפאר וואס דאס איז דער פס"ד פון שו"ע, וואס "דבר אלקינו יקום לעולם".

- כח. -

---

197) עקב יא, יב. 198) ראה פסחים קיג, א.

כח. און דעמולט ווערט דער עניין פון "ואכה ה׳ לעולם"[199], אז יעדער איד דערזעט דעם אמת נאך זייענדיק אין דעם העלם והסתר פון עולם, ביז וואנעט אז דאס קומט ארויס בהוכן וסגנון דיבורו, אז ס׳איז ניט שייך צו מוותר זיין אויף די ענינים המדוברים לעיל,

און דעמולט ווערט דאס נתקבל בטוב אויך ביי די גויים - דורך זייער מלאך ושר שלמעלה, וואס "אע"ג דאינהו לא חזו מזלייהו חזו"[200].

און ס׳ווערט דער עניין פון "והיו מלכים אומניך[201] ושרותיהם מיניקותיך", ביז אז ס׳ווערט "לעבדו שכם אחד" - דורך דערויף וואס "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה", אז זיי הערן א "שפה ברורה" פון א אידן וואס רעדט אין לשון הקודש, און דער עיקר איז אז דער תוכן איז א קדוש (אפי׳ ווען ער רעדט אין די שבעים לשון), וואס דורך דערויף קומט דאס אראפ אויך ביי זיי אין א "שפה ברורה" און א החלטה ברורה, אז מ׳זאל אויפהערן טומלען,

און ס׳זאל ווערן שלום ושלוה אין די ענינים וואס זיי דארפן ארויסהעלפן אידן אין די לעצטע טעג פון גלות - וויבאלד אז ס׳דארף זיין "ודרשו את שלום העיר גו׳", סיי אין חו"ל, און סיי אין אה"ק, וואס דארטן געפינט מען זיך אויך אין א מצב פון גלות און חושך כפול ומכופל, וואס דערפאר דארף מען אנקומען צו נשק וכיו"ב, און מ׳דארף אנקומען צו אוה"ע (וואס דאס איז מערנים ווי בחיצוניות) - און די אוה"ע גיבן די אלע ענינים צו אידן בשמחה ובטוב לבב, אזוי ווי זיי האבן דאס געטאן אויך בעבר, ווען מ׳האט גערעדט מיט זיי דברים ברורים אין א "שפה ברורה", און מיט א תוכן קדוש.

כט. ויהי"ר אז יעדערער זאל א קוק טאן אין שו"ע הל׳ הנ"ל - אויב ער וויל זיך ניט פארלאזן אויף מיר - און וועט זעהן דעם פס"ד ברור, אז מ׳טאר ניט אפגעבן צו א גוי קיין שעל פון א"י,

און די תלמידים ויוצאי חלציהם פון די גדולי ישראל וואס זיינען געווען אין דער "כנסי׳ גדולה" וועלן מכריז זיין בגלוי אז זיי האבן א פס"ד ברור ווי זיי דארפן זיך פירן, און וויבאלד אז ער האט תלמידים ומושפעים, איז ער מכריז אז זיי זאלן אויך וויסן דעם פס"ד, ביז אז אלע אידן זאלן וויסן פון דעם פס"ד -

- וכאמור -

------------

199) תהלים קיז, ב. 200) מגילה ג, א. וש"נ.
201) צפני׳ ג, ט.

וכאמור לעיל (סכ"ד) אז ביי אידן זיינען ניטא קיין "חילוניים", ווארום יעדער איד איז דאך א טייל פון דעם "גוי קדוש", ווי מ'האט געלייגט אין דער פרשה פון מ"ת, פ' יתרו.

און דורך דעם וועט מען זיכער דורכפירן דעם אויבערשטנ'ס רצון, און מ'וועט דאס טאן מתוך שמחה וטוב לבב, און דורך דעם וועט מען האבן מנוחה ושלום אמיתי אין די לעצטע טעג פון גלות,

ובקרוב ממש וועט זיין דער "קץ שם לחושך"[202], אז פון דער גאולה פון חודש אדר, פורים קטן און דערנאך פורים גדול, און דערנאך די גאולה פון פסח - וועט מען קומען בשעתא חדא וברגע חדא, בימים הקרובים ממש, צום "מסמך גאולה לגאולה"[203] - צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

יבא ויגאלנו פון דעם חושך הגלות, און ס'וועט גלייך זיין די אתחלתא דגאולה, צוזאמען מיט דעם ענין פון "יבנה ביהמ"ק במקומו, ויקבץ נדחי ישראל"[204], ובפועל ממש.

---

202) איוב כה, ג. 203) מגילה יד, א. 204) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.

* * *

## תיקון טעות

### לשיחת מוצאי ש"פ בשלח, י"ג שבט

| ע' | שו"ה | נדפס | צ"ל: |
|---|---|---|---|
| א | היינטיקע | פזרונו | פרזונו |
| א | וואס | "פזרונו" | "פרזונו" |
| א | 1) | יהושע | שופטים |
| ד | בפרסיות | בפרסיות | בפרסיות |
| יד | רבי'ן | מהר"ש: | מהר"ש): |
| טז | מ'האט | פריערדיקן | מיזתר |
| יט | מיטן | מו"ר | מו"ח |

בס"ד. שיחת יום ב׳, ו׳ אדר ראשון, ה׳תשל"ח - להשלוחים שי׳ הנוסעים לאוסטרליא.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

יעדער זאך איז דאך בהשגחה פרטית[1], איז אזוי ווי איצט איז שוין לאחרי חצות היום, און איר פארט ארויס ביינאכט - ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב[2], און אויך בשבעה באדר,

וואס דעמולט האט משה רבינו געגעבן די י"ג ספרי תורה - יעדער שבט האט באקומען א ספר תורה, און איין ספר תורה איז געבליבן בארון[3],

און אין יעדער ענין איז דאך פאראן א הוראה לכל אחד ואחת[4], ובפרט בנוגע צו אייער שליחות, וואס עיקרה איז דאך אויף מגביר זיין דארטן דעם ענין פון לימוד התורה, להגדיל ולהאדיר,

איז וויבאלד אז די התחלה בזה איז פארבונדן מיט שבעה באדר, וואס שבעה באדר איז פארבונדן מיט "זכרו[5] תורת משה עבדי"[6] - דער ענין פון "תורה", חכמה והשגה, צוזאמען מיט "עבדי", דער ענין פון קבלת עול - איז דאס אויך א נתינת כח מיוחדת אויף דער שליחות.

* * *

וויבאלד אז אלע ענינים זיינען דאך מיוסד אויף אהבת ישראל,

אנהויבנדיק פון אהבת הקב"ה לישראל, וואס דערפון קומט ארויס אויך דער ענין פון אהבת ישראל ביי אידן[7] - וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראן"[8], און "ועמך כולם צדיקים"[9],

- וועט מען געבן יעדערן פון אייך דעם "קונטרס אהבת ישראל" וואס מ׳גיט צו משפיעים, וויבאלד אז אייער ענין איז סיי ללמוד מיט זיך, און אויך ללמד לאחרים[10].

* * *

לתוספת הצלחה אין דער שליחות - וועט מען אייך אויך געבן א שליחות בנוגע צו אפגעבן געלט אויף צדקה - בעיקר

- אין -

---

1) כש"ט הוספות אות קיט ואילך. וש"נ. 2) פרש"י בראשית א, ז. 3) רב"ר פ"ט, ט. מדרש תהלים עה"פ צ, א. 4) כש"ט הוספות אות קכז ואילך. וש"נ. היום יום ע׳ נב. 5) מלאכי ג, כב. 6) ראה שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ. 7) ראה סה"ש ה׳ש"ת ע׳ 2 ואילך. 8) ב"ר פס"ז, ח. 9) ישעי׳ ס, כא. 10) ראה סוכה מט, סע"ב.

אין אוסטרליא, און וויבאלד אז איר שטעלט זיך אויך אפ אין ענגלאנד (אין לאנדאן) און אין אה"ק - זאלט איר דארטן אויך געבן אויף צדקה.

ויה"ר אז ס'זאל זיין בהצלחה רבה ומופלגה,

און איר זאלט פירן אהינצו בשורות טובות, און מ'זאל אויך הערן פון אייך בשורות טובות.

* * *

נתן לכאו"א מהשלוחים שי' קונטרס אהבת ישראל, שטר של עשר לירות, שטר של חמש פונט דאנגליא, ושטר של עשר דאלאר דאוסטרליא.

(אח"כ אמר:) מסתמא וועט מען באלד ברענגען דעם מאמר ד"ה ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם - זאלט איר דאס אויך מיטנעמען, און איר זאלט אויספירן דארטן דעם "תשים לפניהם" - כשלחן ערוך[11].

[אח"כ אמר להורים שי': א יישר כח פאר אויפהאדעווען אזוינע קינדער. ונתן לכאו"א מהם שטר של דאלאר לצדקה].

ס'זאל זיין מועדים לשמחה - א פרייליכן אדר ראשון, און נאכמער פרייליכער אדר שני, און ס'זאל זיין מסמך גאולה לגאולה[12] - צו דער גאולה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

מ'זאל הערן פון אייך בשורות טובות.

* * *

כ"ק אדמו"ר שליט"א ביקש לדבר עם השלוחים שי' בלבד, ואמר להם:

אזוי ווי איר פארט דאך דורך אין א"י, און איר וועט דאך זיין ביים כותל המערבי - וועט איר מסתמא זאגן דארטן די תפלות לויט ווי ס'פירט זיך דארטן, און אויך געבן ביים כותל המערבי אויף צדקה.

נתן לכאו"א מהשלוחים שי' שטר של עשר לירות.

מסתמא וועט איר גלייך אנשרייבן די פרטים פון אייער זיין אין ענגלאנד, און דערנאך אין א"י (נים ווארטנדיק ביז איר וועט אנקומען אין אוסטרליא) - אדער אז יעדערער זאל אליין שרייבן, און בעסער אז מ'זאל אויסקלייבן איינעם וואס ער וועט שרייבן בשם כולם, און אלע וועלן חתמ'נען.

- ועד"ז -

---

11) פרש"י ר"פ משפטים. 12) מגילה ו, סע"ב ובפרש"י שם.

הנחת הת' בלתי מוגה

ועד"ז זאלט איר שרייבן א דו"ח פון אוסטרליא פעם בחודש - אדער אז אלע זאלן חתמ׳נען, אדער אז איינער זאל חתמ׳נען בשם כולם, אבי אז דער תוכן זאל זיין א גוטער,

און ס׳זאל זיין אין אן אופן פון "ופרצת".

פאר געזונטערהייט, און מ׳זאל הערן פון אייך בשורות טובות.

*　　*　　*

אח"כ נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו את המאמר ד"ה ואלה המשפטים דשנה זו, ואמר: ס׳זאל זיין ביי אייך דער "אשר תשים לפניהם".

אח"כ נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו שטר של דאלאר, לתת לצדקה כאן.

ואח"כ אמר: ס׳זאל זיין "מרבים בשמחה"[13], און מ׳זאל הערן פון אייך בשורות טובות.

*　　*

*

---

13) תענית כט, א.

# בס"ד. שיחת יום ג׳, פורים קטן ה׳תשל"ח.

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה וקבל היהודים.

ב. מ׳האט דערמאנט פריער (בהמאמר) אז בשנה זו הויבט זיך אן דער יובל השני זינט דער מאמר "וקבל היהודים" איז געזאגט געווארן בפעם הראשונה (בשנת תרפ"ז) [1].

[ובפרט נאך אז פאר א יארן איז ניט געווען א שנת העיבור, ובמילא איז דאך ניט געווען קיין "פורים קטן" — קומט דאך אויס אז דאס איז אויך דער "פורים קטן" פון דעם סיום וחותם פון יובל הראשון [2]. אבער דאך, בעיקר איז דאס דער ערשטער "פורים קטן" פון יובל השני].

און וויבאלד אז "יובל" איז "עולמו של לוי", כמרז"ל [3] עה"פ [4] "וישב שם עד עולם", "עולמו של לוי [5] חמשים שנה" — איז פארשטאנדיק, אז בשעת עס הויבט זיך אן דער יובל השני, איז דאס אן אופן פון "ראה עולם חדש" [6].

ד. ה. אז בנוגע צו אלע אופני העבודה (וואס עבודה איז דאך תכלית בריאתו כמחז"ל [7] אני נבראתי לשמש את קוני) וועלכע זיינען געווען ביי אים לפנ"ז אין דעם ערשטן יובל [וואס וויבאלד אז "כל ישראל בחזקת כשרות" [8] איז דאס זיכער געווען כדבעי] — ווערט איצטער אן "עולם חדש", א נייער סדר אין עבודה, באופן נעלה יותר [9] לגבי ווי עס איז געווען אין דעם יובל הראשון (פון תרפ"ז ביז תשל"ז) [10].

ג. ומובן בפשטות דער גודל העילוי וואס ווערט אויפגעטאן ביובל השני —

וואס אע"פ אז אויך אין דעם ערשטן יובל איז דאך דא בכל יום ויום דער ציווי (צוזאמען מיטן נתינת כח [11]) פון "מעלין בקודש" [12] — איז אבער פארשטאנדיק, אז ס׳איז ניט דומה די עלי׳ וואס איז דא מיום ליום צו דער עלי׳ וואס איז דא משבוע לשבוע, צו דער עלי׳ וואס איז דא מחודש לחודש, ביז צו דער עלי׳ וואס איז דא אין א שנה חדשה,

[כמבואר אין מדרשי רז"ל אז ווען ס׳הויבט זיך אן א נייער יאר (א נייער "תמליכוני עליכם" [13]), הויבט זיך אן א נייער אופן אין עבודה, וכמובן אויך פון אגה"ק [14] אז בכל ר"ה ווערט נמשך אן "אור חדש עליון יותר שלא הי׳ מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה" (און

---

1) נדפס ב"התמים" ח"ו (ע' 72). בסה"מ התש"א ע' (80) יא"ח — וגם בקונטרס בפ"ע (ובהוספות).

2) דעיבור דשנה — משלים (גם) החסרון (לגבי שנת החמה) דשנת הלבנה ד(סיום) היובל הראשון.

3) ירושלמי ברכות פ"ד ה"א. הובא בפירש"י עה"פ. ובמכילתא ובמפרשים כא, ו (הובא בתוס' בפרש"י שם), וקידושין כא, א "שחמשים שנה קרויים עולם".

4) שמו"א א, כב.

5) ראה רמב"ם סוף הל' שמיטה ויובל "ולא שבט לוי בלבד אלא כל איש כו' אשר נדבה רוחו כו'". וראה אוה"ת הר עה"פ ובמפרשים שם. — וראה שיחה דהשלושים שני, כ' אדר, תשי"ח.

6) ב"ר פ"ח, ח.

7) קידושין בסופה.

8) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב.

9) ע"פ הלכה בשו"ת שלי — שמקיים הצ"ע בעלי' בקודש.

10) ראה באריכה שיחת י"ב תמוז תשל"ז ס"ב ואילך.

11) ראה במדב"ר פי"ב, ג.

12) יומא כח, א. ושנ"ג.

13) ר"ה טז, א.

14) ס"ד.

דערנאָך קומט דאָס אַראָפּ בהתלבשות אין מעשה התחתונים בכל יום מימות השנה)].

אין דערפון פאַרשטאַנדיק דער גודל העילוי וואָס קומט צו משמיטה לשמיטה (במכש״כ פון דעם גודל העילוי וואָס קומט צו משנה לשנה), ועאכו״כ ווען ס׳קומט די עלי׳ פון דעם ערשטן יובל צום צווייטן יובל (וואָס אין אַ יובל זיינען דאָ שבעה שמיטות — זיבן מאָל דער עילוי משמיטה לשמיטה ודשנת היובל [15]).

ד. דערפון איז אויך פאַרשטאַנדיק, אַז אויב מאיזה סיבה שתהי׳ איז געווען אַן ענין של („חטא״) חסרון [16] אין דער עבודה במשך פון דעם יובל הראשון — איז בשעת ס׳קומט דער יובל השני קען מען ממלא זיין אויך דאָס וואָס עס האָט געפעלט אין דער עבודה ביובל הראשון,

ביז — אַנהויבן אַן עבודה חדשה, ביז אין אַן אופן — אַז זי איז אין אַן אופן של חידוש גמור לגבי עבודתו עד עתה, אין דעם יובל הראשון.

ה. אין עבודת ה׳ זיינען דאָך פאַראַן כו״כ פרטים, ביז צו „כל מעשיך לשם שמים״ [17] און „בכל [18] דרכיך דעהו״ [19] — איז אָבער פאַרשטאַנדיק, אַז דער חידוש וואָס דאַרף זיין אין דער עבודה בנדו״ד, דאַרף זיין לכל לראש אין די ענינים וועגן וועלכע ס׳רעדט זיך אין דעם מאמר (תורה — הוראה) ד״ה „וקבל היהודים״.

וואָס עיקר הנקודה אין דעם מאמר איז — דער ענין פון חינוך, חינוך כפשוטו, אַז ס׳זאָל זיין „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז״ [20] (וואָס דאָס ברענגט דעם ענין פון „להשבית אויב ומתנקם״ [20]),

וואָס דאָס איז אויך נוגע צו גדולים, סיי גדולים בשנים, און סיי גדולים באמיתית ענינם — אין עבודת ה׳, זיי דאַרפן אויך אָנקומען צו דער עבודה פון „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז״.

ו. דער ענין פון „עוז״ איז דער ענין התורה, ווי ער ברענגט אין דעם מאמר [21] מארז״ל [22] „אין עוז אלא תורה —

אָבער „תורה״ האָט דאָך כו״כ שמות (ניט נאָר „עוז״), איז וויבאַלד אַז מ׳האָט דאָ אויסגעקליבן דעם נאָמען „עוז״, איז פאַרשטאַנדיק, אַז אין דערויף איז מודגש אַז די עבודה דאַרף זיין בתוקף (דער ענין פון „עוז״), אין אַן אופן פון „אל יתבייש מפני בנ״א המלעיגים״, ווי ס׳שטייט אין דער התחלה פון אלע ד׳ חלקי השו״ע [23].

און ניט נאָר „אל יתבייש״, נאָר אדרבה, ער שטייט אין אַן אופן פון תוקף, „איתן״ [24] — וואָס דעמולט ברענגט דאָס אויך אַריין הצלחה בכל פרטי עבודתו.

און ווי מ׳זעט בפועל, אַז בשעת ער פירט אויס שליחותו באופן של חלישות, אָדער עכ״פ ניט בתוקף המתאים, איז ער טאַקע מקיים דעם „אל יתבייש מפני בנ״א המלעיגים״ — דאָס קומט אָבער

---

15) להעיר בשו״ת הרשב״א ח״א ס״ט (ע״ד שבירת ההיכל), מפרשי התורה ובפרט בכתהאריז״ל ובדרושי חסידות בענין היובל.

16) כפרש״י (מ״א א, כא): אני ובני שלמה חטאים — „חסרים״. ראה לקו״ת מסות פב, א.

17) אבות פ״ב מי״ב.

18) משלי ג, ו.

19) ראה רמב״ם הל׳ דעות ספ״ג. טושו״ע או״ח סרל״א. וראה לקו״ש ח״ג ע׳ 907. 932.

20) תהלים ח, ג.

21) ד״ה וקבל היהודים הנ״ל פ״ב.

22) שהש״ר פ״ב, ג. וראה גם בהנסמן בכה״מ שם ע׳ 180 בהערה. ועוד.

23) טושו״ע (ושו״ע אדה״ז) בתחלתו.

24) ראה ביאור איתן — בלקו״ת וכו׳ (כמצויין בס׳ הכפתחות).

ניט צום אופן העבודה ווען ער שטעלט זיך אוועק מלכתחלה בתוקף המתאים, וואס דעמולט איז עבודתו בקלות יותר ובהרחבה יותר, ווארום די גאנצע מציאות פון די „מלעיגים" איז ביי אים (בעולר"י) ניטא.

ז. דאס איז אויך פארבונדן עם האמור לעיל אז אין דעם יובל השני הויבט זיך אן די עבודה אין אן אופן פון „ראה עולם חדש". והביאור בזה:

ס'איז מבואר אין דעם מאמר [25] אז בשעת ער ווערט נתעלה אין א דרגא נעלית יותר (אז ער איז ניט שייך אל הזולת), איז אים דער זולת ניט מבלבל, בדוגמא ווי ס'איז ניט שייך אז ער זאל נתפעל ווערן פון די „מלעיגים" וועלכע געפינען זיך אין אן אנדער עולם (אדער אפי' נאר אין אן אנדער שטאט).

דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ער שטעלט זיך אוועק אין אן „עולם חדש", זיינען די „מלעיגים" ניטא במציאות אין זיין עולם, ובמילא דארף ער ניט אנקומען צו דער התבוננות פארוואס ער דארף זיך ניט שעמען פאר די „מלעיגים" —

ער דארף נאר האבן ביי זיך דעם תוקף צו אנערקענען אז ער געהערט צו אן „עולם חדש" (און די אלע מלעיגים און מסתירים ומבלבלים זיינען געבליבן אין אן עולם תחתון ממנו), און דעמולט איז בדרך ממילא ילך לבטח דרכו, ומתוך שמחה וטוב לבב.

ח. די התבוננות הכי קלה בזה (ער זאל דערהערן אז ער געפינט זיך אין אן „עולם חדש", העכער פון דעם עולם וואו ס'געפינען זיך די „מלעיגים") איז — ווי ס'שטייט אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג „ונפלינו אני ועמך מכל האדם אשר על פני האדמה" [26],

וואס דער ענין פון „ונפלינו" איז נאך העכער פון דעם ענין פון „אתה בחרתנו". והביאור בזה:

דער ענין פון בחירה איז שייך דוקא בא צוויי זאכן וואס האבן צווישן זיך עפעס א צד השוה, קען זיין ער זאל אויסקלייבן די זאך אדער די צווייטע זאך: משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן צוויי ענינים וואס האבן ניט צווישן זיך קיין שייכות און קיין נקודה משותפת, איז ניט שייך אין דערויף דער ענין הבחירה: ער האט ניט קיין ברירה צו אויסקלייבן די אנדערע זאך, ווארום ס'איז דא מערניט ווי איין זאך וואס האט דאס וואס ער זוכט (די אנדערע זאך האט דאך ניט קיין שייכות דערצו).

און דערום זאגט מען „ונפלינו אני ועמך גו'", כמבואר אין דעם מאמר ד"ה ועתה אם נא מצאתי חן בעיניך פון תרע"ח [27] ובכ"מ: משה רבינו האט געבעטן ביים אויבערשטן אז ס'זאל זיין דער ענין פון „ונפלינו אני ועמך", אידן זאלן זיין אין אן אופן „מופלא לגמרי .. בבחי' אין ערוך לגמרי מכל העם" [28] — וואס דעמולט איז אפילו ניט שייך צו זאגן „אתה בחרתנו" (דער ענין פון בחירה),

ובמבואר אין תניא [29] אז דער ענין פון „ובנו בחרת מכל עם ולשון" גייט אויף דעם „גוף החומרי הנדמה בחומריותו לגופי אומות העולם", משא"כ כו' [30] ובפרט מצד די פנימיות פון א אידן, וואס דאס איז אמיתית המציאות שלו (ווארום ביי אים איז „גופו טפל" און „נפשו עיקר" [31]) — שטייט ער אין אן אופן פון „ונפלינו אני ועמך מכל האדם

25) ד״ה הנ״ל פי״ד.

26) תשא לג, טז.

27) סה״מ תרע״ח ע׳ רכג.

28) כן הוא במאמר תרע״ח שם. ״אדי״ צ״ל ״האדם״ (וכן שם לפני זה).

29) פמ״ט (סט, סע״ב ואילך).

30) לדרגות שלו שהן למעלה מ״גוף החיצוני״ שלו.

31) ראה תניא פרק לב.

אשר על פני האדמה", ער שטייט בהבדלה פון „כל האדם גו'", ביז צו הבדלה אין אן אופן פון פלא.

און דעמולט איז פארשטאנדיק בפשטות אז מ'דארף אים גארניט מסביר זיין אז ער האט ניט וואס צו רעכנען זיך און נתפעל ווערן פון די „מלעיגים" — וואָרום זיי זיינען ניטא במציאות אין זיין וועלט.

ט. וואס דאָס איז א התבוננות פשוטה ביותר — ניט קיין ענין פון „רזי תורה" (וואָס האט א שייכות דוקא צו די אידן וואס הנהגתם היום־יומית (וואס אלעמאל דארף דאך זיין דער אל יתבייש) איז ע"פ קבלה), נאָר ס'איז פארשטאנדיק פון פשוטם של כתובים ומרז"ל — אז „ונפלינו אני ועמך מכל האדם אשר על פני האדמה" [32].

דאס איז א התבוננות וואס איז שייך צו יעדער אידן, וואָרום „כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב שנאמר [33] ועמך כולם צדיקים לעולם יירשו ארץ נצר מטעי מעשה ידי להתפאר" [34] — וואס „כל ישראל" איז דאך כולל כל אחד ואחת מישראל ממש [חוץ פון די וועלכע מ'רעכנט אויס בפירוש — און אפי' בנוגע צו זיי, איז דאך פארשטאנדיק פון ירושלמי [35] אז נאך דערויף וואס זיי האבן מקבל געווען זייער עונש, ווערן זיי א מציאות חדשה, ובמילא האבן זיי אויך א חלק לעוה"ב [36]].

י. וכאמור איז דאס א התבוננות הכי פשוטה — אז ער באטראכט זיך אז ער איז בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה, וואס דאס איז דאך ניט נאר ווען די נשמה איז געשטאנען למעלה אין דער „איגרא רמא", נאר אויך ווי די נשמה געפינט זיך אין דער „בירא עמיקתא", ואדרבא — דוקא דארטן האט איר דער אויבערשטער געמאכט פאר א שליח (כמותו) לעשות לו ית' דירה בתחתונים [37].

— ווי ס'שטייט אין מדרש [38] „היו מכבדין את המצוות שהם שלוחי", וכמבואר בארוכה אין לקו"ת [39] אז יעדער איד איז „שלוחו של אדם — העליון — כמותו" [40], און „כמותו דהמשלח ממש".

וואס אמיתית ענין שליחות [41] איז ניט א פעולה וואס איז געווען נאר ווען ער האט אים ממנה געווען אויף דער שליחות, נאר דאס ווערט (בלשון הידוע [42]) א „פעולה נמשכת", אז בכל רגע ורגע באקומט ער פון־דאס־ניי דעם מינוי השליחות אויף לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

און דער ענין פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים איז „לא נפלאת היא ממך גו'" [43] און „לא בשמים היא גו'" [43], נאר ס'איז „קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו" [44] —

דורך דערויף וואס ער פירט זיך ע"פ שו"ע, און אין דערויף גופא פירט ער זיך לפנים משורת הדין [45], וואס דאס איז דאך שוין אויך געווארן א דין אין

---

32) אעפ"כ הייתה צ"ל בקשת ותפלת משה ע"ז — מפני „הגוף החומרי כו'" (תניא ספמ"ט — הובא לעיל בפנים).

33) ישעי' ס, כא.

34) סנהדרין ר"פ חלק.

35) כלאים פ"ט ה"ג.

36) ראה בארוכה תשובות וביאורים ע' 28 ואילך.

37) תנחומא נשא טז. במדב"ר פי"ג, ו. ועוד.

38) תנחומא ריש ו (הובא בלקו"ת ויקרא ב, א).

39) שם א, ג ואילך.

40) ברכות לד, ב ושי"נ.

41) שלכן בפשטות יכול המשלח לבטלה בכל רגע.

42) ראה מפענח צפונות פ"ה.

43) נצבים ל, יא־יב.

44) שם, יד.

45) ברכות ז, א. ושי"נ. וראה ב"מ פג, א ובפרש"י שם ד"ה בדרך טובים.

שו״ע [45], און ער פירט זיך אין דעם דין און אין דעם לפנים משורת הדין לויט דער הדרכה פון רבותינו נשיאינו אין תורת החסידות, מאור שבתורה, אז די ענינים שע״פ דין ולפנים משורת הדין זיינען מוארים און דורכגענומען מיטן חיות פון תורת החסידות.

יא. די נתינת כח אויף דער עבודה, און אויך דעם ביאור אין דעם אופן העבודה בזה — האט מען פון דעם מאמר „וקבל היהודים", וואס דארטן רעדט זיך כו״כ פרטים אין דעם אופן העבודה.

און די וואס דארפן אנקומען צו הסברה נוספת — איז ע״ד ווי דער אלטער רבי שרייבט בהקדמתו לתניא אז ער בעט אז די „גדולים שבעיר" זאלן מסביר זיין די ענינים וואס שטייען אין תניא צו די וואס דארפן אנקומען צו הסברה נוספת — עד״ז בנוגע צו די הוראות פון רבותינו נשיאינו, ממלאי מקומו פון דעם אלטן רבי׳ן, ביז צו כ״ק מו״ח אדמו״ר נשיא דורנו, וואס לאורם נסע ונלך — אז די משפיעים און די משפיעות [46] דארפן דאס מסביר זיין צו די וואס דארפן אנקומען צו הסברה נוספת.

סיי ווען יענער בעט אז מ׳זאל אים דאס מסביר זיין, און אפי׳ אויב ער בעט ניט, דארף מען אים דאס אויך מסביר זיין, ואדרבה, ווען יענער בעט ניט אז מ׳זאל אים מסביר זיין, דארף מען זיך נאכמער [47] משתדל זיין צו מסביר זיין אים די הוראות בנוגע לפועל פון די נקודות וענינים המבוארים בהמאמר.

• • •

יב. נאך אן ענין וואס איז אויך פון די מטרות פון דער התוועדות:

דער דין [49] איז אז שלשים יום לפני החג איז שואלין ודורשין בהלכות החג, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו א ענין גדול וואס כו״כ וועלן טאן, א ענין ציבורי, אז מען דארף אנהייבן זיך מתעסק זיין אין דערויף שלשים יום לפנ״ז [50].

ובנוגע לעניננו: אזוי ווי „פורים קטן" איז דאך שלשים יום לפני „פורים גדול" (ווי דער אלטער רבי רופט זיי אן בסידורו) — איז כאן הזמן והמקום מעורר זיין וועגן די הכנות צו „מבצע פורים", אז דאס זאל זיין מיטן גאנצן שטורעם, ביז אז דאס וועט דערגרייכן „ביום אחד" [51] צו אלע אנשים נשים וטף וועלכע געפינען זיך „בכל מדינות המלך" [52], מלכו של עולם [53], מלך מלכי המלכים הקב״ה.

וואס כדי אז מ׳זאל קענען דורכפירן דעם „מבצע פורים" כדבעי, דארף זיין די הכנה לזה באופן מסודר — ווארום אע״פ אז דאס ברענגט דערנאך צו א שמחה אין אן אופן פון „עד דלא ידע" [54], למעלה פון סדר און מדידה והגבלה, אעפ״כ דארף אבער די הכנה לזה זיין באופן מסודר.

און דערפאר איז מען שוין מעורר וועגן דעם ענין פון „מבצע פורים" —

---

46) ב״ב ל, ב. וש״נ. ואפילו כדי״מ שבין אדם לחבירו — ראה שו״ע חו״מ סרנ״ט ס״ה. ושם סר״ב סי״ב. וראה רמב״ם הל׳ דעות פ״א ה״ה. וראה שו״ע אדה״ז סקנ״י. ס״ג. ואכ״מ.

47) ראה ג״כ שיחת י״ב כסלו תשל״ז סכ״ס ואילך. הכפה לקינגרס אהבת ישראל — הוצאה מיוחדת להמשפיעים שי׳.

48) כיון שהסבר הוא עד כדי כך — שאינו יודע שחסר הוא. וראה שיחת י״ד שבט ש.ז. כ״ד ואילך.

49) שו״ע אדה״ז ר״ס הלכות פסח. וש״נ.

50) ראה ר״ס שקלים: באחד באדר משמיעין על השקלים. ובכ״מ.

51) ע״ד ל׳ הכתוב — אסתר ג, יג.

52) אסתר א, כב.

53) ראה מגילה טו, ב. אסת״ר פ״ג. א.

54) מגילה ז, ב.

און ווי געריעדט בארוכה די פרטים שבזה בשנים שעברו.

„ומיסמך גאולה לגאולה" [57] — אז די גאולה פון פורים איז שוין א הכנה, און א הכנה אין אן אופן פון „מיסמך", צו דער גאולה פון פסח — וואס זי איז פארבונדן מיט „מבצע פסח".

• • •

יג. בהמשך להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון שליחות — די שליחות פון כאו"א מישראל אויף מאכן א דירה לו ית' בתחתונים, קומט נאך צו אין דערויף איצט — אן ענין מיוחד:

כל עניני התורה זיינען אין אן אופן פון כללות ופרטות [58], אזוי אויך: בכללות — איז כל אחד ואחת מישראל שלוחו של מקום לעשות לו ית' דירה בתחתונים, ס'זיינען אבער דא די וואס ביי זיי שטייט דער ענין השליחות בגלוי ובפרטות יותר, ביז אז דאס קומט אין שליחות כפשוטה.

ובנוגע לענינינו — וואס דאס איז אויך פון די מטרות פון דער התוועדות — זיינען דאס די שלוחים וואס האבן זיך (ע"פ השגחה פרטית) מתנדב געווען און זיי פארן אין ירושלים עיה"ק, „עיר שחוברה לה יחדיו" [59], אין ירושלים (וואס מ'רופט זי איצטער אן) העתיקה, און פון דארטן און דורך דארטן — אויך אין ירושלים החדשה [55]

[שלא כדעת הטועים אז עס הויבט זיך אן פון ירושלים החדשה און פון דארטן קומט מען צו ירושלים העתיקה — „קרית חנה דוד" [56] אין ירושלים העתיקה, וואס זי איז די „עיר הבירה" וואס איז געגעבן געווארן צום „עם עולם" אין אן אופן פון „נחלת עולם", און דורך ירושלים העתיקה האט מען אויך ירושלים החדשה, און פרווארי' וכל הסביבה שלה, אלעס וואס איז אין די גבולות פון ירושלים],

און אויך אין צפת עיה"ק — כידוע אז אין צפת [60] איז געווען התחלת הגילוי פון חכמת הסוד, חכמת הקבלה (ווי זי ווערט אויך אנגערופן „חכמת האמת" [61]), דארטן האט דער אריז"ל מגלה געווען תורתו, און אין אן אופן אז דאס איז אנגעקומען לדורותיו אחריו [62], דורך תלמידיו: ר' חיים וויטאל, דורך „גורי האריז"ל" [63] בכלל.

[וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט זיך משתדל געווען מאז אז ס'זאל זיין דער ענין פון חיזוק ועזר ישוב ארץ ישראל בכלל, ובפרט אין ירושלים (העתיקה) און אין חברון און אין צפת און אין טבריא — וואס דאס זיינען די „ד' ערי הקודש" [64] וועלכע זיינען געווען פארבונדן במיוחד מיט כוללים וכו'].

55) שם ו, סע"ב.

56) ראה (פרש"י ו)תו"כ ר"פ בהר. חגיגה ו, סע"א ואילך. ועוד.

57) תהלים קכב, ג.

58) ראה מגילה ב, ב: כרך וכל הסמוך לו וכל הנראה עמו נידון ככרך.

59) ישעי' כט, א.

60) ראה ס' טוב הארץ (לבעהמ"ס מצת שמורים — מס' כנפי יונה להרמ"ע מפאנו) לז, ב בגודל מעלת צפת (נוסף ע"ז שהיא מ„שלש, ואח"כ (כשנתיישבו גם בטבריא מ)ארבע ערי הקודש" — נוסף על ירושלים וחברון, בנוגע לכספי הכוללים וכו').

61) ראה אגה"ת ספ"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ה"ד.

62) „וכמ"ש האריז"ל דדוקא בדורות אלו האחרונים מותר ומצוה לגלות זאת החכמה" (אגה"ק רסכ"ו).

63) שכו"כ מהם הובאו ופעמים רבות בס' חסידות (משנת חסידים (וראה פס"ד להצ"צ ליו"ד סקס"ו „והמ"ח לא העתיק רק ד' האריז"ל" (אבל בשו"ת שלו חאה"ע סקמ"ג „ואפשר הוא מהאריז"ל")). עמק המלך (וראה לסו"ת שה"ש כז, א) ועוד). וכבר שקו"ט בזה ממש"כ הרח"ו בסוף הקדמתו לס' ע"ח ובהקדמתו לש' ההקדמות. ואכ"מ.

64) כידוע במכתבי השד"רים דאז (לאחרי שנת ת"ק).

וכאמור — אין דערויף זעט מען דעם ענין השליחות בגלוי לעיני כל, למטה מעשרה טפחים: עס האבן זיך מתנדב געווען אברכים און נשיהם וילדיהם, און אויך בחורים (וכולם — „בחורים מעם"[65]), און זיי פארן בעזרת ה' בקרוב ממש אין ירושלים העתיקה, און דורך איר אויך אין ירושלים החדשה (ביז אין אן אופן פון „עתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל"[66]), ועד"ז אין צפת.

יד. און ס'איז דאך זיכער אז זיי פארן אלס שלוחים פון כל המסובים והנמצאים כאן, און דורך זיי — אויך בשליחות פון דעם גאנצן קיבוץ פון בנ"י וועלכע געפינען זיך במדינה זו[67].

און דורך דערויף וואס זיי פארן אהינצו, איז דאס כאילו ווי יעדערער (מהמשלחים והמשלחות) פארט אליין אהינצו, און איז זיך מתיישב דארטן, און איז מעודד ומחזק די אידן וואס געפינען זיך שוין אין אה"ק אז זיי זאלן נאך מער מרבה זיין ולהגדיל ולהאדיר דעם ענין פון הפצת התורה, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה,

כולל אויך דעם ענין פון „תורה" מלשון „הוראה"[68] — דעם ענין החינוך (ווי גערעדט אין דעם מאמר), און באופן אז דערפון זאל ארויסקומען דער „מעשה הוא העיקר"[69] — וויבאלד אז „גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[70] — דער ענין פון מעשה בפועל.

וואס די פעולה בזה דארף זיין — אנהויבנדיק פון דעם ביסוס וחיזוק פון די מוסדות תורה און מוסדות חינוך הקיימים כבר, און אויך מייסד זיין (בבל מקום וואו מ'דארף האבן) מוסדות תורה וחינוך חדשים,

צוזאמען מיט א מקוה טהרה — וואס דאס איז פארבונדן[71] מיט דעם ענין פון „וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם"[72], און „אשריכם[73] ישראל לפני מי אתם מטהרין ומי[74] מטהר אתכם"[75].

און אויך פארגרעסערן (נאכמער) דעם ענין פון הפצת „חכמת האמת", צוזאמען מיט פירושה וביאורה ווי דאס ווערט ארויסגעגעבן דורך רבותינו נשיאינו אין תורת החסידות, אנהויבנדיק פון תורת הבעש"ט והמגיד, און דערנאך אין תורת חסידות חב"ד[76] פון דעם אלטן רבי'ן און ממלאי מקומו, ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

טו. אזוי ווי מ'וויל דאס פארבינדן מיט אן ענין של מעשה בפועל (ווי ס'איז אויך געווען בפעמים הקודמות[77]) — וועט מען איצטער געבן יעדערן פון זיי ספרים פון רבותינו נשיאינו (וספרים וואס זיינען מבאר די מאמרים ותורות פון רבותינו נשיאינו) — דער ענין פון

---

65) ע"ד ל' הכתוב — תהלים סח, כ.

66) ראה יל"ש ישעי' רמז תקג.

67) וכהפס"ד דזכין לאדם שלא בפניו (כתובות יא, א. שו"ע חו"מ סרמ"ג ס"ח. ובכ"מ).

68) ראה זח"ג נג, ב.

69) אבות פ"א מי"ז.

70) קידושין מ, ב.

71) דמדתו של הקב"ה היא מדה כנגד מדה (סוטה ח, ב. ובכ"מ).

72) יחזקאל לו, כה.

73) סיום וחותם מסכת יומא ופרק יוהכ"פ. ולהעיר שמסכת יומא נקראת בכ"מ (רמב"ם בהקדמתו לפיה"מ. אגרת רי"ש גאון (מהדורת לוין ע' 6 וע' 33). פירוש רה"ג לכלים פכ"ו מ"ד) גם בשם כפורים. וגם „יומא" — פירושו יום המיוחד היהדוע, „אחת בשנה".

74) כמשנה שלפנינו בש"ס ובמשניות הל' הוא „מי". אבל בירושלמי, רי"ף ועוד כאן (וכ"ה בד"ה ארע"ק אשריכם שבהערה הבאה) הוא כבפנים.

75) ראה ד"ה ארע"ק אשריכם (אוה"ת יוהכ"פ ע' אתקעו ואילך). לקו"ש אחרי תשל"ו ס"ו ואילך.

76) שע"י באה פנימיות התורה באופן ד„יתפרנסון" — ראה בארוכה לקו"ש ח"ז ע' 206.

77) ראה ג"כ בהשיחה להשלוחים שי' העולים לצפת, יום ג', ד"ך שבט תשל"ו (נדפסה בלקו"ש משפטים תשל"ז).

תורה.

און אויך געלט, כיי אויף דעם ענין פון „ושבי׳ בצדקה״ [78] — געבן לצדקה לפני נסיעתם דא, און דערנאך געבן לצדקה אין אה״ק, אנהויבנדיק פון נתינת הצדקה (און לימוד התורה) ביים כותל מערבי (אין ירושלים העתיקה), און דערנאך — כל אחד ואחת מתאים לשליחותם;

און אויך אויף התחלת ההוצאות וואס זיי וועלן האבן אין אה״ק — וויבאלד אז מ׳דארף האבן סיי דעם ענין פון „קמח״ און סיי דעם ענין פון „תורה״ [79]

[און אין אן אופן אז דער „קמח״ און די „תורה״ זאלן זיין פארבונדן זב״ז, וואס דעמולט איז דער „קמח״ העכער, ווארום אע״פ אז בעיני בשר זעט א ניט איד אז דאס איז „קמח״ כפשוטו, איז אבער אמיתית הענין אז דאס איז ווי „קמח״ שטייט אין תורה, ברייננגט צו תורה און ווערט נתעלה בתורה [80]

ועד״ז לאידך: „תורה״ איז פארבונדן מיטן „קמח״ — ווי „תורה״ שטייט בשרשה ומקורה, וואס ד׳ איז חכמתו ורצונו של הקב״ה [81], ווערט זי נמשך דא למטה, מכריח עס זאל זיין קמח וכו׳ — ביז אז דאס ווערט אנגעזועהן אין חיצוניות עוה״ז הגשמי, ביז אז דאס דערנעמט און איז מבטל די חומריות פון עוה״ז הגשמי, כמבואר בכ״מ].

טז. ומובן אז דאס רעדט זיך וועגן כל אחד ואחת פון די שלוחים, סיי אנשים און סיי נשים,

בדוגמא ווי ביי מ״ת, אז דאס איז געווען סיי צו אנשים און סיי צו נשים, ואדרבה, פריער איז געווען „כה תאמר לבית יעקב [82] — אלו הנשים״ [83], און ערשט דערנאך „ותגיד לבני ישראל — אלו האנשים״.

ועד״ז געפינט מען אויך בנוגע צו כיבוש הארץ בפעם הראשונה, אז בנות צלפחד האבן געמאנט „תנה לנו אחוזה״ [84] אין א״י, ביז וואנעט אז „ויקרב משה את משפטן לפני ה׳״ [85], מיטן גאנצן שטורעם וואס בנות צלפחד האבן אויפ־געטאן — וואס דורך דעם איז נתגלה געווארן די חביבות וואס כל נשי ובנות ישראל האבן געהאט צו ארץ ישראל [86]:

ועד״ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו נשי ובנות ישראל בכל הדורות, ועאכו״כ בימינו אלו — כמבואר בכ״מ [87] אז דרא דעקבתא דמשיחא איז בדוגמא צום דור פון משה רבינו (צי מ׳פארשטייט דאס יא צי מ׳פארשטייט דאס ניט — אבער „אזוי [88] אזוי איז דער ענין״).

יז. ויה״ר אז די אלע פרטים פון דער שליחות זאלן זיין א התחלה און א הכנה והקדמה קרובה, אז בקרוב ממש וועלן אלע אידן ארויסגיין פון גלות, „בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו״ [89],

אנהויבנדיק פון די וועלכע האבן ממנה געווען די שלוחים אויף טאן

---

78) ישעי׳ א, כז.

79) ע״פ אבות פ״ג מי״ז: אם אין קמח אין תורה, אם אין תורה אין קמח.

80) ראה תניא רפל״ז (מו, ע״ב): והיותן נכלל ג״כ בנוגה כו׳. ושם פ״ח: ועולה לה׳ כעולה וכקרבן.

81) ראה תניא פ״ד.

82) יתרו יט, ג.

83) מכילתא ופרש״י עה״פ. שמו״ר פכ״ח, ב.

84) פינחס כז, ד.

85) שם, ה.

86) ראה פרש״י שם כו, סד. שהנשים „היו מחבבות את הארץ״. ובפרט בנות צלפחד — פרש״י שם כז, א: יוסף חבב את הארץ כו׳ ובנותיו חבבו את הארץ. וראה תנחומא פינחס ז. במדב״ר פכ״א, י׳.

87) שער הגלגולים הקדמה כ. ספר הליקוטים להאריז״ל עה״פ שמות ג, ד.

88) לשון כמה מזקני החסידים לאחרי שקו״ט עמוקה בעניני דא״ח וכבי״ז לא נחה דעתם בהבנת הענין לתכליתו, אלא שהונח (אפגעלייגט) אצלם הענין בודאות וכבהירות.

89) לשון הכתוב — בא י, ט.

בשליחותם אין די אַלע ענינים, וואָס דאָס זיינען כל המסובים כאן, און על ידם — כל בנ״י בכל מקום שהם וואָס ווילן זיך מצטרף זיין דערצו.

ביז וואַנעט אַז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות [נ], ווארום ס׳וועט זיין „ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ״י״ [ס], אַז דער אויבערשטער וועט נעמען יעדער אידן און אַלע אידן פאַרן האַנט [ע] און וועט זיי אַרויסנעמען פון דעם גלות.

און בקרוב ממש וועט מען גיין מיט אַ טאַנץ צו מקבל זיין פני משיח צדקנו.

• • •

[נתן לכאו״א מהשלוחים שיחיו: קונטרס אהבת ישראל, קונטרס פורים תרפ״ז, מאמר ד״ה ואלה המשפטים תשל״ח, שיחת יום ז״ך שבט תשל״ז. ושטר של עשר שקל, של שקל, של מאה לירות וששה שטרות של עשר לירות.

לכאו״א מהשלוחות תחיינה: סידור, תניא, קונטרס אהבת ישראל, שיחת ז״ך שבט הנ״ל, מכתב להכינוס דנשי חב״ד ש. ז. ושטרות ממון כנ״ל. ועוד שני שטרות של שקל עבור הוריהן שיחיו.

לכאו״א מילדי השלוחים שיחיו: סידור, שיחת ז״ך שבט הנ״ל, ושטרות ממון כנ״ל להי״ל ה״ם].

• • •

יח. כאן המקום אויך אָפּגעבן אַ דאַנק צו די עלטערן פון די שלוחים און שלוחות, וואָס זיי האָבן זיי אויפגע־האָדעוועט אין אַזאַ אופן אַז זיי זאָלן נעמען אויף זיך די שליחות — וואָס יעדער זאַך איז טאַקע בהשגח״פ, מ׳דאַרף אָבער אויך האָבן פעולת התחתונים, ובפרט דער ענין החינוך פון דעם פאָטער און דער מוטער: און אויך דערפאַר וואָס זיי האָבן געגעבן דעם רשיון בשמחה ובטוב לבב אַז זיי זאָלן פאָרן אין דער שליחות, אע״פ אַז ס׳איז געווען אין דעם שאלות ואין כאן המקום לדבר ע״ז.

והעיקר — וויבאַלד אַז די שאלות זיינען איינגאַנצן בטל ואין להם שום מקום כלל וכלל, איז אַ זיכערע זאַך אַז דאָס וועט נאָך מער מוסיף זיין אין ברכות ה׳, אַז יעדערער פון זיי (די עלטערן), און אַלע צוזאַמען בתוככי כלל ישראל, וועלן האָבן בשורות טובות און אַ סאַך נחת פון די שלוחים און די שלוחות, און מ׳וועט אויפנעמען דעם נחת בשמחה ובטוב לבב.

כדי צו פאַרבינדן דאָס מיט אַ פעולה בגשמיות למטה מעשרה טפחים — וועט מען געבן צו די שלוחים (די שלוחות האָבן שוין באַקומען), סיי די אברכים און סיי די בחורים, שני שקלים פאַר יעדערן פון די עלטערן [צוזאַמען מיטן יישר כח (להוריהם)] אַז זיי זאָלן דאָס אָפּגעבן לצדקה.

און ממשיך זיין ברכת ה׳ בכל המצטרך להם, ובעיקר — אין דער נקודה הפנימית, אַז זיי זאָלן האָבן אַ סאַך נחת פון די שלוחים.

[נתן לכאו״א מהשלוחים שיחיו שני שטרות של שקל עבור ה׳ריהם שיחיו — לצדקה].

• • •

יט. אַזוי ווי מ׳דאַרף דאַך מזכה זיין את כל המסובים כאן אין אַ ענין פון „ציון במשפט תפדה״ [פ] — דער ענין פון תורה [צ], האָט מען געחזר׳ט פון מאמר וקבל היהודים און „ושבי׳ בצדקה״ [ק] (ווי ס׳איז אויך געווען בפעמים הקודמות) —

---

נ) ראה באריכה לקו״ש ח״א ע׳ ו ואילך.

ס) ישעי׳ כ״ז, י״ב.

ע) ראה פרש״י נצבים ל, ג: אוחז בידיו ממש.

פ) ישעי׳ א, כז.

צ) ראה לקו״ת ר״פ דברים.

וועלן ארויפגיין די „טאנקיסטן", און נעמען און פאנאנדערטיילן שקלים לכל המסובים, סיי אנשים און סיי נשים (צו די וואס האבן נאך ניט באקומען אלס שלוחים אדער שלוחות) — און ווי־באלד אז בשנה זו איז פורים קטן חל ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב [94], „טוב לשמים וטוב לבריות" [95], וועט מען געבן יעדערן פון די מסובים שני שקלים.

ויה"ר אז דאס זאל זיין די הכנה קרובה ממש, אז בקרוב ממש וועט מען זעהן בפועל דעם ענין פון „ונפלינו אני ועמך מכל האדם אשר על פני האדמה" [96], ווי ס'שטייט בפרשת שבוע זה — אז ס'וועט זיין „והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך" [96], וואס דער ענין (אז א „מלך" און א „שר" זאלן זיך פארנעמען מיט א פשוט מישראל) נעמט זיך מצד דעם ענין פון „ונפלינו אני ועמך גו'".

דאס זאל זיין למטה מעשרה טפחים, און בדרכי נועם ודרכי שלום, ובקרוב ממש — נאך אין זמן הגלות.

און דערפון וועט מען גלייך קומען צו דעם ענין פון „מיד הן נגאלין" [97], ובשמחה וטוב לבב.

• • •

כ. כמדובר כמ"פ אז המעשה הוא העיקר — אנהויבנדיק פון די שלוחים און שלוחות, אז זיי זאלן דורכפירן שליחותם בהצלחה רבה ומופלגה (מיטן נתינת כח פון כל המסובים כאן).

סיי בנוגע צו לימוד התורה און סיי בנוגע צו קיום המצוות, סיי בנוגע צו ישוב הארץ בפנימיות און סיי בנוגע צו ישוב הארץ בפשטות, סיי צו מחזק זיין און מעודד זיין את לבב כל אחד ואחת וואס געפינט זיך אין אה"ק, „ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" [98], ביז אז אלע זאלן וויסן אז „עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א־ל" [99].

און ס'וועט זיין שלימות הארץ, אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' וועט זיין „נחלת עולם" צום „עם עולם", צוזאמען מיט שלימות העם און שלימות התורה — וואס די אלע דריי (שלימות הארץ, שלימות העם און שלימות התורה) נעמען זיך פון דער שלימות האמיתי', וואס דאס איז די שלימות פון עצמות ומהות.

וואס „עיקר שכינה בתחתונים היתה" [100] דוקא, און דורך יעדער פעולה, במחשבה אדער בדיבור אדער במעשה, וואס א איד טוט ווי דער אויבערשטער וויל, וואס דאס איז דער ענין פון קיום המצוות כפשוטו, ביז צו „כל מעשיך לשם שמים" און „בכל דרכיך דעהו" — מאכט ער א דירה לו ית' בתחתונים.

און דורך דערויף ברענגט ער „תשועה והצלה", כפס"ד הרמב"ם [101], צוזאמען מיט כל עניני ברכות, ביז צו א ברכה כפשוטה בחיצוניות העולם, אין בני חיי ומזוני, ובכולם — רויחי, נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, ביז צום מרחב האמיתי וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו.

כא. און דאס וועט מוסיף זיין כח ועוז, אז מ'וועט זעהן שוין איצט און בעיני בשר ווי דער „רגשו גוים ולאומים

---

94) פרש"י בראשית א, ז.

95) קידושין מ, א. ובאוה"ת (בראשית לג, ב. משפטים ע' אקנז. ועוד) בקשר זה עם יום השלישי

שהוכפל בו כי טוב.

96) ישעי' מט, כג.

97) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

98) עקב יא, יב.

99) ישעי' ח, י.

100) שהש"ר פ"ה, א. רפ"ב. וראה ד"ה באתי לגני השי"ת בתחלתו.

101) הל' תשובה פ"ג ה"ד.

יהגו" איז „ריק"[102], און „יושב בשמים ישחק ה' ילעג למו"[103],

און בדרכי נועם ודרכי שלום וועט מען איינעמען גאנץ ארץ ישראל לגבולותי', און דער ישוב וועט זיין מיוסד אויף מוסדות תורה און מוסדות תפלה, אז ס'וועט זיין דער „הקול קול יעקב"[104] אין די בתי כנסיות ובתי מדרשות[105], צוזאמען ובהקדמת — מקוה טהרה, כמדובר כמ"פ[106].

וכמדובר כמ"פ אז בשעת א איד שטעלט זיך אוועק בתוקף המתאים, איז פאר אמת ווערט מען נתפעל, און די גאנצע מציאות פון דעם מעלים ומסתיר ווערט בטל, און נאכמער: ער ווערט א מסייע דערצו אז ארץ ישראל לגבולותי' זאל זיין „נחלת עולם" — אין דעם העלם והסתר פון וועלט[107] גופא — צום „עם עולם", וואס דאס איז כל אחד ואחת מישראל, וואָרום „ועמך כולם צדיקים לעולם יירשו ארץ"[108], כולל — „ארץ" כפשוטה, ארץ הקודש, וויבאלד אז זיי זיינען „נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"[108].

און מ'וועט זעהן ווי ס'ווערן בטל די אלע מבלבלים וואס טענה'ן אז ס'איז נאך ניט געקומען דער זמן אויף אנ־האלטן אויך ווייטער אלע טיילן פון ארץ ישראל וואס מען האט, און „אל תתגרה בגוי (גדול ו)קטן"[109], מיט אלע טענות דורך וועלכע מ'וויל מבלבל זיין און מונע זיין אידן פון אנהאלטן ארץ ישראל לגבולותי' כפס"ד השו"ע[109],

און מתוך שלום ומנוחה ושמחה וטוב לבב.

וכמדובר כמ"פ אז בשעת מ'האט די כלי נשק כדבעי, וועט מען יוצא זיין דערמיט אליין וואס מ'וועט דאס האלטן, דאס וועט פועל'ן דעם „תפול עליהם אימתה ופחד"[110] וויבאלד אז דאס איז „בגדול זרועך"[110],

ניט „כחי ועוצם ידי"[111], נאר דער־פאר וואס מ'גייט בשליחותו של הקב"ה,

עס וועט זיין „ידמו כאבן"[110].

כב. ויה"ר אז פון דער סדרה פון „כי תשא" (וואס מ'לייענט בתורה בשבוע זה), וואס דארטן שטייט (והתורה היא נצחית) „ונפלינו אני ועמך מכל העם אשר על פני האדמה", און דארטן[112] רעדט זיך וועגן די י"ג מדה"ר וואס „אינן חוזרות ריקם"[113], און וועגן די לוחות האחרונות[114], וואס אין עבודת האדם איז דאס דער ענין התשובה[115], „לאתבא צדיקיא בתיובתא"[116] —

וועט מען (דורך דעם) קומען צו די סדרה שלאחרי' — אז ס'וועט זיין „ויקהל משה (ס'וועט זיין „הקיצו ורננו שוכני עפר"[117] ומשה ואהרן עמהם[118]) את כל עדת בנ"י"[119], אז ער וועט מקהיל זיין קהילות גדולות[120],

און בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צו זעהן דעם ביהמ"ק השלישי, וואס

---

102) תהלים ב, א.

103) שם, ד.

104) תולדות כז, כב.

105) ראה ב"ר פס"ה, כ.

106) שיחות מוצאי ש"פ לך לך ש.ז. ס"כ. מוצאי ש"פ חיי שרה ש.ז. כפ"ה.

107) דעולם הוא מלשון העלם והסתר — לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ.

108) ראה פסחים קי"ג, א.

109) שו"ע (ושו"ע אדה"ז) או"ח סשכ"ט ס"ו. וראה שיחות כ"ד טבת ש.ז. סכ"ב ואילך — בארוכה.

110) בשלח טו, טז.

111) עקב ח, יז.

112) תשא לד, ו־ז.

113) ר"ה יז, ב

114) תשא לד, א ואילך.

115) ראה ד"ה ויתן לך תרס"ו. ובכ"מ.

116) הובא בלקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש ג, סע"ב. וראה זח"ג קנג, ב.

117) ישעי' כו, יט.

118) ראה תוד"ה אחד — פסחים קיד, ב יומא ה, ב.

119) ויקהל לה, א.

120) יל"ש ר"פ ויקהל (הובא בשו"ע אדה"ז או"ח סר"צ ס"ג).

דעמולט וועט מען אויך זעהן דעם משכן שעשה משה — וואָרים מעשה ידי משה זיינען נצחיים און ידי עכו"ם האבן אין דערויף ניט שולט געווען [121], און בשעת יבנה המקדש, ס'וועט געבויט ווערן דער ביהמ"ק השלישי, וועט אויך נתגלה ווערן דער משכן שעשה משה — וואָס וועגן דערויף רעדט זיך אין פרשת „ויקהל" (און אין פרשת „פקודי"),

און ס'וועט זיין דער ענין פון „אלה [122] פקודי המשכן גו' אשר פקד על פי משה" [123], און מ'וועט זוכה זיין צו דעם ענין פון „ויקרא אל משה" [124], און דורך אים („ואתה" [125]) וועט זיין „תצוה את בנ"י" [126], דאָס וועט אָנקומען לכל אחד ואחת מישראל,

ביז אַז ס'וועט זיין „ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים" [127], ווי דער רמב"ם איז מסיים בסוף הל' מלכים וסוף ספרו „יד החזקה" —

כן תהי' לנו, בעגלא דידן, ובקרוב ממש.

• • •

[אָמר: די וואָס דאַרפן מאַכן אַ ברכה אחרונה וועלן מסתמא מאַכן אַ ברכה אחרונה.

נתן היין והמזונות — לשמחת חו"כ דהחתונה שהייתה לאח"ז.

נתן בקבוק משקה להשלוחים שיחיו הנוסעים לירושלים העתיקה, ואמר: מ'זאָל דאָס טיילן — כנהוג שם — ביים כותל המערבי, און דערנאָך — בכל ירושלים כולה,

בקבוק משקה להשלוחים שיחיו הנוסעים לצפת.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו].

---

121) סוטה ט, סע"א. וראה צפע"נ עה"ת ר"פ תרומה. ברכה לד, א. ועוד.

122) שמורה באצבע ואומר אלה.

123) פקודי לח, כא.

124) ויקרא א, א.

125) ראה אוה"ת תצוה ע' איתקנא. ד"ה ואת תורת הבית תרפ"ט פי"א (סה"מ קונטרסים ח"א ע' מה). וראה לקו"ש תצוה — ז' אדר ש.ז. בסופו. ש„ואתה" מורה על עצמיות שלמעלה משם ותואר, ו„תצוה" מלשון צוותא וחיבור. והיינו שנעשה צוותא וחיבור דבנ"י עם עצמות דמשה, המקושר עם עצמות א"ס.

126) תצוה כז, כ.

127) ישעי' יא, ט.

# השמטה

ע' ג סור א' בסופו צ"ל: מכל העם (האדם **) ... ובהערות שם צ"ל: *25) כי כוונת הכתוב היא גם בנוגע לכל יחיד דבנ"י לגבי יחיד דאו"ה (שנקראים „האדם" — תוד"ה ואין יבמות סא, א), כדלקמן הערה 28 — בהתאם להנקודה שבפנים השיחה, שכאו"א מבנ"י (כל יחיד) צ"ל במצב ו„תפליתי" מיחיד דאו"ה.

ומש"כ בקרא „מכל העם" (וכן לפנ"ז „ועמך") — פי': תפלינו אני ועמך (כאו"א מהם) מכל (האדם שבכל) העם גו'.

שם הערה 28) צ"ל: 28) עפמשנ"ת במאמר תרע"ח שם הטעם ע"ז — הוא (גם) בנוגע ליחיד, ולאו דוקא בנוגע לכללות בנ"י.

שם סור ב' בסופו נדפס „ונפלינו ונפלינו" וצ"ל: ונפלינו

שם נדפס האדם וצ"ל: האדם **. ובהערות שם: *31) ראה תוד"ה ואין שם.

ע' ד סור א' בתחילתו נדפס האדמה", וצ"ל: האדמה,

שם שו"ה בהבדלה נדפס „מכל האדם גו'", וצ"ל: מכל האדם כו',

בס"ד. שיחה יום ד׳, ט"ו אדר דאשון,
שושן פורים קטן, ה׳תשל"ח -
להשלוחים שיחיו העולים לירושלים העתיקה ולצפת עיה"ק.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

בנוגע צו די געלט מיט די ספרים וואס מ׳האט אייך געגעבן[1] - איז דאך ביי יעדערן פון אייך דא אויך דער צילום פון דער שיחה פון פאר א יארן[2], און דארטן איז אנגעצייכנט בנוגע צו די געלט, אז מ׳זאל געבן אויף צדקה סיי דא און סיי דארטן, מיט אלע פרטים שבזה.

און אלס א הוספה - האט מען אייך געגעבן דעם קונטרס אהבת ישראל, און מ׳וועט אייך אויך געבן א הוספה אין געלט אויף געבן לצדקה.

אזוי ווי מ׳האט דאך פאר א יארן געגעבן לקוטי שיחות, וועט מען דעם מאל אויך געבן לקוטי שיחות, צוזאמען מיט די לקוטי שיחות פון היינטיקע סדרה, און אויך אן ענין של צדקה.

נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו: ספר לקו"ש כרך י"ג, לקו"ש כי תשא ש.ז. ושטר של דאלאר לצדקה.

* * *

מ׳האט דאך דערמאנט נעכטן[1] בתחלת השיחה וועגן "עולמו של לוי"[3] - וואס באמת איז דאך יעדער איד און אלע אידן דער ענין פון "לוי", ווארום דער תפקיד פון א אידן איז דאך אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "הפעם ילוה אל הוי׳"[4] - די התאחדות (ביז אין אן אופן פון "ילוה") מיטן אויבערשטן.

און צווישן אידן גופא, איז אפי׳ אז מ׳האט אויסגעקליבן שבט לוי - זיינען זיי דאך אבער "שלוחים" פון אלע אידן און זיינען דערמיט מוציא יעדער אידן און אלע אידן, ווי ס׳שטייט[5] אויף די לויים "נתונים נתונים המה לי מתוך בני ישראל", ווי רש"י[6] איז דאס מבאר בפירושו עה"ת.

ונוסף לזה: בנוגע צו שבט לוי וואס ער איז דער שבט המובחר פון אלע אידן - זאגט דאך דער רמב"ם אין סוף הלכות שמיטה ויובל, "לא שבט לוי בלבד אלא כל איש ואיש כו׳ אשר

- נדבה -

------------

1) בההתוועדות דפורים קטן. 2) ז"ך שבט תשל"ז (נדפסה בלקו"ש משפטים תשל"ז). 3) ראה ירושלמי ברכות פ"ד ה"א. הובא בפרש"י עה"פ "וישב שם עד עולם" (ש"א א, כב). 4) ע"ד לשון הכתוב - ויצא כט, לד. 5) בהעלותך ח, טז. וראה במדבר ג, ט. 6) במדבר שם, ח. שם, יב.

נדבה'רוחו אותו כו' להבדל לעמוד לפני ה' כו'", אז ער פארנעמט זיך מיט דינען דעם אויבערשטן אין אן אופן מיוחד, אז ער איז אפגעשיידט פון עניני עוה"ז - ווערט ביי אים "ה' חלקו ונחלתו לעולם", און "אתה תומיך גורלי"[8], ווי דער רמב"ם איז מבאר בארוכה.

וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן במיוחד מיט אייער שליחות - אז במשך פון דער זמן השליחות זאלט איר זיין אפגעשיידט פון ענינים פון ארציות, און טאן אין הפצת היהדות בכלל, אין לימוד התורה, סיי נגלה דתורה און סיי פנימיות התורה, און אויך אין קיום המצוות בהידור, ובמיוחד - טאן אין הפצת המעיינות,

וואס אין דערויף באשטייט דער ישוב פון א"י באמיתיות ובפנימיות - די נשמה פון א"י, און דאס איז אויך מוסיף הצלחה אין ישוב א"י כפשוטו, וואס אין עניין יוצא מידי פשוטו.

* * *

וויבאלד אז אין דערויף זיינען דא ביידע פרטים און כללים - סיי דער ענין פון "משפט" - דער ענין פון תורה, ווי דער אלטער רבי[9]ברענגט אראפ דעם פירוש התרגום[10]"כהלכתא קדמיתא", און סיי דער ענין פון "צדקה" - דער ענין פון געבן געלט אויף צדקה נאך פארן אוועקפארן, ובפרט אנקומענדיק דארטן,

איז יהי"ר אז איר און מיר און אלע אידן בכל מקום שהם, זאלן זוכה זיין בקרוב ממש צו קיום היעוד "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[11], בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

פארט געזונטער-הייד און מ'זאל הערן פון אייך בשורות טובות, ובקרוב.

* * *

------------

7) ויקהל לה, כא. וראה רמב"ן שם. 8) תהלים טז, ה. 9) לקו"ת ר"פ דברים. 10) עה"פ וישב מ, יב. 11) ישעי' א, כז.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ ויקהל, פ׳ שקלים, מבה"ה אדר שני
- בחדרו - ה׳תשל"ח.

הנחת הת׳ בלהי מוגה

א. ס׳איז דאך מוצאי שבת קודש פ׳ שקלים, וואס דאס ווערט אנגערופן פ׳ "שקלים" ע"ש סיום הקריאה און דער הפטורה פון דעם שבת - און איצטער געפינט מען זיך במוצאי שבת זה.

וואס דערפון גופא וואס עס ווערט אנגערופן "מוצאי שבת" (אז דאס ווערט אנגערופן ע"ש השבת), איז פארשטאנדיק, אז אין דערויף איז מודגש ווי אלע ענינים פון שבת שטייען בתקפם אין דעם זמן (וואס ווערט אנגערופן "מוצאי שבת")[1], און דערפון ווערט דאס דערנאך נמשך על כל הימים שלאח"ז.

ב. דער ענין פון קריאת פ׳ שקלים איז דאך, כמבואר אין משנה[2] און אראפגעבראכט אויך אין פוסקים[3], אז בשבת שלפני ר"ח אדר (ווען ר"ח אדר איז חל בתוך ימי השבוע) "קורין פרשת שקלים".

וואס דער טעם[4] אויף דערויף איז: דער ענין השקלים איז דאך די נתינה פון "מחצית השקל" וואס יעדער איד האט געגעבן, און ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[5] אז פון דעם "מחצית השקל" האט מען געקויפט קרבנות ציבור על כל השנה כולה,

און אזוי ווי פון ר"ח ניסן דארף מען ברענגען די קרבנות ציבור פון דער "תרומה חדשה"[6] (פון דעם "מחצית השקל" וואס מ׳האט געגעבן מחדש) - האט מען געדארפט מכריז זיין וועגן דערויף שלשים יום לפנ"ז, וואס דערפאר איז "באחד באדר משמיעין על השקלים"[7], כדי אז מ׳זאל האבן גענוג צייט צו ברענגען דעם "מחצית השקל", און אז אלץ זאל זיין צוגעגרייט אין אן אופן אז שלשים יום לאח"ז, בר"ח ניסן (ובהמשך לזה - אויך במשך כל השנה כולה, ביז ר"ח ניסן פון שנה הבאה), זאל מען שוין מקריב זיין די קרבנות ציבור פון דער "תרומה חדשה".

און דערפאר ווען ס׳קומט דער שבת שלפני ר"ח אדר (ווען ר"ח אדר איז חל בתוך ימי השבוע), לייענט מען אין קריאת התורה (תושב"כ) פרשת שקלים,

און וויבאלד אז "גדול לימוד שמביא לידי מעשה"[8], איז - פארשטאנדיק -

---

1) ראה ג"כ שיחת מוצאי ש"פ לך ש.ז. הע׳ 4. 2) מגילה כט, סע"א. 3) רמב"ם הל׳ תפלה פי"ג ה"כ. שו"ע או"ח תרפ"ה ס"ה. 4) מגילה שם, ב. 5) עה"פ תשא ל, טו. 6) מגילה שם. ר"ה ז, א. 7) ריש מס׳ שקלים. 8) קידושין מ, ב.

פארשטאנדיק, אז דורך דער קריאה אין תושב"כ, און דורך דעם ביאור ופירוש בזה אין תושבע"פ, קומט דאס אראפ אין די ימים שלאח"ז, ובמיוחד אין דעם טאג פון ר"ח אדר, אז ס'זאל זיין דער ענין פון "משמיעין על השקלים".

ג. עפ"ז איז פארשטאנדיק (בפשטות הענינים, ועאכו"כ ווי דאס איז בפנימיות הענינים) אז שבת פרשת שקלים איז א הכנה און א נתינת כח [ניט נאר אויף די ימים שלאח"ז אין דער וואך פון שבת פ' שקלים, ובמיוחד אויף ר"ח אדר, נאר דאס איז אויך א הכנה און א נתינת כח] אויף כללות העבודה וואס הויבט זיך אן בר"ח ניסן הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה, ביז ר"ח ניסן פון שנה הבאה.

והביאור בזה:

די עבודה פון א אידן האט דאך אין זיך כו"כ פרטים - און אזוי ווי דאס איז אין כללות עניני התורה[9], אז ס'איז דא ווי זיי שטייען בפרטיות, און ס'איז דא ווי זיי שטייען בכללות, ביז אין אן אופן פון "כלל גדול", איז אזוי אויך בנוגע צו כללות הענין פון שליחות הנשמה למטה:

בכללות, איז די עבודה פון א אידן ער זאל זיין אן "עבד" פון דעם אויבערשטן, ווי די משנה[10] זאגט: "אני נבראתי לשמש את קוני"; אבער בפרטיות, ווערט די עבודה פאנאנדערגעטיילט אין ג' קוין, תורה עבודה און גמ"ח[11], וואס זיי זיינען בולט ומודגש אין דעם קו העבודה.

וואס דער קו העבודה גייט דאך אויף עבודת הקרבנות אין ביהמ"ק, ובמיוחד - די קרבנות ציבור, וואס דאס איז דאך די עבודה פון דעם כלל גדול פון כל אחד ואחת מישראל, וואס יעדערער פון זיי איז א טייל פון ציבור כל ישראל.

[וואס בזמן שביהמ"ק הי' קיים, האבן זיך די ענינים אויפגעטאן דורך עבודת הקרבנות אין ביהמ"ק, ובמיוחד דורך די קרבנות ציבור; און בזמן הזה איז אויך דא דער ביהמ"ק הרוחני, און דער ביהמ"ק וואס איז דא ביי יעדער אידן אין הארצן, כלשון הכתוב[12] "(ועשו לי מקדש) ושכנתי בתוכם" - "בתוך כל אחד ואחד"[13], אז ביי יעדער אידן איז דא דער משכן און מקדש לו ית'.

און אזוי ווי ס'איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים,

- אז -

------------

9) ראה פרש"י ר"פ בהר. 10) קידושין בסופה. 11) ראה אבות פ"א מ"ב. 12) תרומה כה, ח. 13) ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. ועוד.

אז דורך די קרבנות ציבור זיינען נתעלה געווארן מלמטלמ"ע אלע ענינים וואס א איד האט געטאן, און דורך דערויף זיינען אויך אראפגעקומען די המשכות מלמעלמ"ט, סיי המשכות רוחניות, און דערנאך אויך המשכות גשמיות;

איז עד"ז אויך בזמן הזה, אז ס'איז דא דער ענין פון "תפלות כנגד תמידין תקנום"[14], תפלת שחרית איז כנגד תמיד של שחר, און תפלת בין הערביים איז כנגד דעם תמיד של בין הערביים – וואס דורך דעם ענין פון עבודת התפלה, טוט אויף א איד, בכל זמן ובכל מקום וואו ער געפינט זיך, די אלע ענינים וואס זיינען אויפגעטאן געווארן דורך די קרבנות ציבור].

וואס דערפון איז ראך פארשטאנדיק, אז שבת פ' שקלים איז א הכנה און א נתינת כח אויף כללות העבודה פון כל השנה וואס הויבט זיך אן פון ר"ח ניסן – ווארום בר"ח ניסן האט מען אנגעהויבן מקריב זיין די קרבנות ציבור (וואס דאס איז כללות ענין העבודה, כנ"ל) פון דער "תרומה חדשה" (ביז ר"ח ניסן פון שנה הבאה), און די הכנה (צוזאמען מיטן נתינת כח) לזה איז פון ר"ח אדר, וואס דעמולט איז "משמיעין על השקלים", און אויך פון שבת פ' שקלים, וואס דעמולט איז "קורין פרשת שקלים".

וכאמור, אז בשבת פ' שקלים, גיט מען כחות יעדער אידן, און אלע אירן בכל מקום שהם, אז דער ענין פון ר"ח אדר זאל זיין בתכלית השלימות, וואס תכלית השלימות פון ר"ח אדר איז אויך כולל, אז יעדער איד גרייט צו אלע ענינים הנצרכים, אז די עבודה פון כל השנה כולה (וואס הויבט זיך אן בר"ח ניסן, כנ"ל) זאל זיין אין אן אופן פון <u>התחדשות</u> ("תרומה <u>חדשה</u>").

ד. כמדובר כמ"פ אז אלע ענינים וואס זיינען געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, זיינען דיי דא בפנימיות וברוחניות הענינים אויך לאחרי שחרב ביהמ"ק, ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון "שקלים".

אין דעם ענין פון "מחצית השקל" געפינט מען א דבר פלא[15]:

ס'איז דא א נפק"מ צווישן "תרומת השקלים" מיט "תרומת המשכן", אז "תרומת המשכן" איז געווען פארבונדן מיט "כל <u>נדיב לבו</u> יביאה"[16], און וויבאלד אז "אין דעותיהם שוות"[17], איז פארשטאנדיק, אז די נדיבות הלב איז <u>ניט</u> גלייך ביי אלעמען, ובמילא קומט דאך אויס אז יעדערער האט געגעבן אויף

- "תרומת -

---

14) ברכות כו, ב. 15) בהבא לקמן ראה ג"כ לקו"ש חי"א ע' 110 ואילך. 16) פרשתנו לה, ה. 17) ראה ברכות נח, א.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

"תרומת המשכן" כפי נדבת לבו, ד.ה. אז אין דערויף זיינען געווען חילוקים;

משא"כ בנוגע צו "תרומת השקלים", וואס אין דערויף זיינען אלע אידן געווען גלייך, ווארום יעדער איד האט געדארפט געבן "מחצית השקל", און מיט דער הדגשה אז "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט"[18].

און אויף אזוי פיל איז די הדגשה אז "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט", ביז וואנעט אז ס'איז דא א מחלוקת און א שקו"ט[19] צי מ'זאל דאס רעכנען אין מנין המצוות אלס א לאו בפ"ע, וואס דערפון זעט מען אויף וויפל דער ענין (פון "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט") איז חשוב ומודגש.

וואס לכאו', איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאגט מען טאקע אז מ'דארף געבן "מחצית השקל" דוקא, און "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט"?

נאכמער: לכאו' וואלט געווען גענוג אז דער פסוק זאל זאגן "זה יתנו גו' מחצית השקל"[20], וואס דערפון אליין פארשטייט מען שוין אז ס'דארף ניט זיין קיין ריבוי אדער מיעוט בזה, ווארום די נתינה דארף זיין "מחצית השקל"; בשעת מ'איז אבער מוסיף "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט", איז מען דאך מדגיש אז ס'איז דא די מציאות פון אן "עשיר" און ס'איז דא די מציאות (ההפכית) פון א "דל",

איז לכאו', וויבאלד אז מ'וויל מדגיש זיין אז די נתינה פון "מחצית השקל" דארף זיין גלייך ביי אלע אידן, דארף מען נאר זאגן "זה יתנו גו' מחצית השקל", און ניט זאגן "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט", וואס דערמיט איז מען מדגיש אז אין דער נתינה פון דעם "מחצית השקל" גופא, איז דא די מציאות פון אן "עשיר" און א "דל" (ווארום "תורת אמת" רופט זיי אן "עשיר" און "דל"), נאר לפועל דארפן ביידע געבן "מחצית השקל"?

ה. והביאור בזה:

דער ענין פון "מחצית השקל" אין עבודת האדם, איז פארבונדן מיט דעם ענין המס"נ[21] וואס נעמט זיך פון עצם הנשמה, וואס אין דערויף זיינען אלע אידן גלייך.

וואס אין דעם ענין המס"נ איז ניטא קיין אונטערשייד

- פון -

---

18) תשא שם. 19) ראה ביאור הרי"פ פערלא לסהמ"צ לרס"ג מ"ע כ'. 20) תשא שם, יג. 21) ראה תו"א תשא פו, ד. אוה"ת תשא ע' א'תקכו-ח. וראה לקו"ש שם.

פון איין אידן מיטן צווייטן, כמבואר אין הניא[22], אז בשעת ס'קומט צו אן ענין וואס א איד ווייסט[23] אז דאס דירט אן זיין פארבונד מיטן אויבערשטן, איז כדי ער זאל בלייבן ביהדותו, איז אפילו א קל שבקלים מוסר נפשו על קדושת ה'.

ועד"ז בנוגע צו דעם ענין המס"נ וואס איז דא ביי דעם גדול שבגדולים - אז דער ענין המס"נ ווערט ניט ארויסגערופן (און אפגעמאסטן) מצד דעם וואס ער איז א גדול שבגדולים, נאר ביי אים איז דאס אויך אן ענין וואס איז למעלה פון טעם ודעת, דער ענין פון מס"נ, וואס דער ענין פון מס"נ בפנימיות, איז דאך מסירת הרצון, כמבואר בכ"מ[24], ד.ה. אז ער גיט אפ אינגאנצן זיין רצון, און דערפאר טוט ער דעם ענין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין פון מס"נ זיינען ניטא קיינע חילוקים צווישן איין אידן מיטן צווייטן, וואס דאס איז דער ענין פון "מחצית השקל".

ו. און אע"פ אז די נתינה בפועל (בחיצוניות הענינים) איז ביי אלעמען בשוה, "מחצית השקל", איז מען אבער מדגיש "העשיר (לא ירבה) והדל (לא ימעיט)", ווארום בפנימיות הענינים איז דא ווי די נתינה פון דעם "מחצית השקל" איז אין אן אופן של עשירות, און ס'איז דא די נתינה אין אן אופן פון היפך העשירות.

והביאור בזה (אין עבודת האדם):

בנוגע למעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[25], איז דער ענין המס"נ ביי אלעמען בשוה, און ס'איז ניטא קיין חילוק צווישן דעם גדול שבגדולים מיטן קטן שבקטנים, ווארום ביידע זיינען מקדש שמו ית' - וואס דאס ווערט אפגעטאן און אויפגעטאן דורך מעשה המצוות, כולל אויך דעם ענין פון "כל מעשיך לשם שמים"[26], עאכו"כ[27] דורך "בכל דרכיך דעהו"[28];

אבער בפנימיות הענינים, איז בשעת מעשה גופא דער ענין המס"נ ביי דעם גדול שבגדולים באופן הכי נעלה, משא"כ ביי דעם קטן שבקטנים, וואס ביי אים איז דער ענין המס"נ ניט אין דעם זעלבן אופן.

ובלשון פון דבותינו נשיאינו[29] - אז "מחצית השקל" איז געווען "עשר גרה" (ווארום "עשרים גרה השקל"[20]), וואס דאס

- גייט -

-------------

22) פי"ד. פי"ח. 23) ראה סה"מ תש"י ע' 114 ואילך.
24) תו"א מקץ לו, ב. ובכ"מ. 25) ראה אבות פ"א מי"ז.
26) שם פ"ב מי"ב. 27) ראה לקו"ש ח"ג ע' 907, 932. ועוד.
28) משלי ג, ו. 29) תו"א שם. אוה"ת תשא ע' א'תתנ. אוה"ה שם.

גייט אויף עשר כחות הנפש, און די נתינה פון "מחצית השקל" מיינט אז אלע עשר כחות הנפש שטייען אין אן אופן פון מסירת נפש (כולל אויך מסירת הרצון, כנ"ל);

וואס דערפאר, איז מצד דעם ענין המס"נ שבזה, זיינען ניטא קיינע חילוקים צווישן איין אידן מיטן צווייטן, ווארום מס"נ איז דאך פארבונדן מיט עצם הנשמה, און מצד עצם הנשמה איז "כולן מתאימות ואב אחד לכולנה"[30],

אבער לאידך, וויבאלד אז ער גיט אפ אלע עשר כחות נפשו, איז דאך פארשטאנדיק, אז אין דערויף זיינען יע דא תילוקים, ווארום דער גיט אפ עשר כחות הנפש פון א גדול שבגדולים, און דער אנדערער גיט אפ עשר כחות הנפש פון זיין דרגא.

וכאמור לעיל, אז בנוגע למעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר", איז ניטא קיין חילוקים צווישן איין אידן מיטן צווייטן, ווארוםביידע טוען אויף דעם ענין פון "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[31]; אבער בפנימיות הענינים, איז דא דער חילוק צווישן דעם אופן העבודה פון אן "עשיר" מיט דעם אופן העבודה פון א "דל".

ז. וואס דאס איז בדוגמא צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין א התוועדות שלפנ"ז[32], אז ס'זיינען דא כמה טעמים אויף דעם ענין פון בריאת העולמות:

ס'איז דא דער טעם פון "בגין דישתמודעון לי'"[33], און דער טעם פון "שיתגלו שלימות כחותיו וכו'"[34] - וואס די צוויי טעמים זיינען שוין אין סדר השתלשלות, אין אצילות (ועד"ז אין די עולמות שלמטה מזה) און אין נשמות דאצילות, כמבואר אין המשך תרס"ו[35], אבער דער טעם האמיתי אויף דעם ענין פון בריאה העולמות איז, דערפאר וואס "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים"[36].

וואס דער טעם פון "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים", ווערט דורכגעפירט בפועל דורך דעם גדול שבגדולים בשוה ווי דאס ווערט דורכגעפירט דורך דעם קטן שבקטנים; משא"כ מצד די אנדערע טעמים פון בריאת העולמות, וואס דארטן איז דא חילוקים צווישן די עבודה פון א גדול שבגדולים מיט דער עבודה פון א קטן שבקטנים.

- .ח -

---

30) תניא פ' לב. 31) ספרי ופרש"י פינחס כח, ח.
32) שיחת מוצאי ש"פ נח ש.ז. ס"ד ובהע' 28. שיחת עשרה בטבת ש.ז. הע' 21. 33) זח"ב מב, ב. 34) שער ההקדמות הקדמה ג'.
35) ע' תמו. 36) תנחומא נשא טז. במדב"ר פי"ג, ו. תניא פל"ו.

ח. די הוראה דערפון בנוגע לפועל - וואס פון יעדער ענין דארף דאך ארויסקומען דער "בכך"[37] בנוגע למעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר":

א איד דארף געדיינקען, אז מעמדו ומצבו במשך כל השנה כולה איז, אז ער איז אן עבד פון דעם אויבערשטן, וואס דער ענין פון אן "עבד" איז דאך, אז ער האט ניט קיין אייגענעם רצון, זיין רצון איז דער רצון האדון[38], ד.ה. אז במשך כל השנה כולה דארף א איד שטיין אין א מעמד ומצב פון מס"נ (מסירת הרצון), וואס דאס איז דער ענין פון אן "עבד".

[ניט נאר אז "אחת בשנה"[39] שטייט ער אין דעם מעמד ומצב פון מס"נ, דערפאר וואס דעמולט שטייט זיין נשמה בגילוי, ביז אין אן אופן פון "אחת", וואס דאס גייט אויף יחידה שבנפש (ווי דער אפטייטש פון תוס'[40] אויף "אחת") - נאר במשך כל השנה כולה שטייט ער אין דעם מעמד ומצב,

ווארום כל זמן אז ער איז א מציאות פון א נברא, דארף ער וויסן אז זיין מציאות באשטייט אין דעם וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[10], ער זאל זיין אן "עבד" פון דעם אויבערשטן - וואס ענינו פון אן "עבד" איז דער ענין פון מס"נ, כנ"ל].

ביחד עם זה דארף אבער דער ענין המס"נ אראפקומען און נמשך ווערן אין כחות פנימיים, ובלשון הכתוב אז ס'איז דא דער ענין פון "עשרים גרה השקל", און ער גיט "מחצית השקל", "עשר גרה", אז ער גיט אוועק די עשר כחות הנפש שלו, ד.ה. אז די עבודה פון מס"נ נעמט דורך אלע עשר כחות נפשו - וואס מצד די עשר כחות הנפש קומען ארויס די חילוקים פון "עשיר" און "דל" (כנ"ל ס"ו).

ט. וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז מצד דעם עיקר און פנימיות העניינים, טוען אויף ביידע, דער "עשיר" מיטן "דל", בשוה, אין אן אופן פון "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט" (מצד דעם ענין המס"נ), פונדעסטוועגן, דארף מען זיך משתדל זיין אז ס'זאל אויך זיין די עבודה פון די כחות פנימיים, עשר כחות נפשו (אז זיי זאלן זיין דורכגענומען מיטן ענין המס"נ).

ווארום פונקט אזוי ווי ער פירט אויס דעם טעם פון בריאת העולמות אז "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה - בתחתונים" -

------------

37) ראה סה"מ תש"י ע' 189. 38) ראה המשך תרס"ו ע' שכו-ז. 39) ל' הכתוב - אחרי טז, לד. 40) ד"ה עד אחת - מנחות יח, א.

בתחתונים" [וואס אין דערויף זיינען אלע אידן בהשוואה (כנ"ל ס"ד)], אזוי דארף ער אויך דורכפירן די טעמי הבריאה הפרטיים וואס קומען לאח"ז (וואס זיי זיינען פארבונדן מיט די עבודה פון די כחות פנימיים).

און אע"פ אז "ראשית העבודה ועיקרה ושרשה" איז דער ענין פון קב"ע, כמבואר אין תניא[41], און ווי מ'זעט אויך בפשטות אז התחלת עבודת היום הויבט זיך אן מיט אמירת "מודה אני"[42], אן ענין פון הודאה ומסירת הרצון – דארף אבער דערנאך אויך זיין די עבודה וואס איז פארבונדן מיט די כחות הפנימיים שלו, ביז מיט כל עשר כחות נפשו.

– ס'זיינען דא זמנים במשך היום וואס דעמולט זאגט ער "הודו לה'", און "מודים אנחנו לך" (אין תפלת העמידה) וכיו"ב; און ס'זיינען אויך דא זמנים במשך היום וואס ער דארף טאן כל התלוי בו [ביז אין אן אופן אז "תורת אמת" איז מעיד אויף אים אז ער האט געטאן "כדבעי למיעבד"[43]] אז די עבודה זאל זיין בכל עשר כחות נפשו,

וואס מצד די עבודה וואס איז פארבונדן מיט די כחות פנימיים, זיינען דא די חילוקים צווישן אן "עשיר" און א "דל", און אויב ער איז אן "עשיר", דארף ער ברענגען א קרבן עשיר דוקא[44].

י. ע"פ האמור לעיל, איז פארשטאנדיק, אז בשעת איינער שטייט אין א מעמד ומצב פון א "דל", דארף ער ניט זיין אראפגעפאלן ביי זיך, ווארום מצד אמיתית העניינים, טוט ער אויף די זעלבע זאך וואס עס טוט אויף דער "עשיר", אין אן אופן פון "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט".

ובפרט ע"פ המבואר אין לקו"ת[45], אז ס'זיינען דא ענינים אין וועלכע ס'איז דא מעלת הרגל על הראש, ווארום ס'איז דא א מעלה אין דעם "רגל" וואס דער "ראש" דארף צו אים אנקומען, וואס מצד דעם ענין, שטייט דער "רגל" אין אן אופן פון "עשיר" –

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז אפי' ביי א קטן שבקטנים, און אפי' ביי א קל שבקלים, איז דא א מעלה און אן ענין אין וועלכן ער איז אן "עשיר" (בדוגמת מעלת הרגל לגבי הראש).

– ועד"ז –

---

41) רפמ"א. 42) ראה ג"כ לקו"ש שם ע' 111. 43) ראה כתובות סז, א. 44) ראה נגעים בסופה. 45) ר"פ נצבים. וראה תו"א בתחלתו.

ועד"ז לאידך, אז אפי' דער גדול שבגדולים, וואס מי לפו גדול פון משה רבינו - איז "תורת אמת" מעיד אז משה רבינו איז געווען "עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה"[46] [וואס מדתו איז דאך געווען מדת אמת, און אעפ"כ איז ער געווען "עניו מאד גו'"], וואס "מכל האדם" איז דאך כולל אלעמען, כמובן בפשטות.

עאכו"כ לויטן פירוש פון רבותינו נשיאינו[47], אז במיוחד איז ער געווען "עניו" לגבי דעם דרא דעקבתא דמשיחא, ד.ה. אז מצד מדת האמת שבו, איז ער געווען אן "עניו" באמיתיות לגבי דעם דרא דעקבתא דמשיחא - דערזעהנדיק דאס וואס זיי פארמאגן, און אז ער דארף אנקומען צו זיי.

און ווי רבותינו נשיאינו[48] זיינען מבאר דאס וואס ס'שטייט[49] "שש מאות אלף רגלי העם אשר אנכי בקרבו" - אז אע"פ אז דער "עם" איז בבחי' "רגל" ("רגלי העם"), פונדעסטוועגן, כדי אז "אנכי" זאל נמשך ווערן "בקרבו", ביי משה רבינו, ווערט דאס אויפגעטאן דורך "רגלי העם" (דורך רעדויף וואס משה רבינו געפינט זיך צוזאמען מיט די "שש מאות אלף רגלי העם"). וואס דאס איז בדוגמת המבואר לעיל וועגן מעלת הרגל על הראש.

יא. דערפון האט מען דעם לימוד והוראה לפועל - אז ווען ער מאכט א חשבון צדק בנפשו, און ער באטראכט זיך אז אע"פ אז ער האט טאקע אויפגעטאן גדולות ונפלאות, קומט דאס אבער ניט צו דעם וואס ער האט געקענט אויפטאן, ווארום זייענדיק "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"[50], האט ער געקענט אויפטאן שלא בערך מערער, כמדובר כמ"פ[51], ביז וואנעט אז דאס וואס ער האט אויפגעטאן, איז אן ענין וואס איז היפך העשירות לגבי דאס וואס ער האט געקענט אויפטאן -

איז דאס טאקע א התבוננות וואס דארף זיין, און די דארף ברענגען א תועלת - ער זאל מקיים זיין דעם ציווי פון "מעלין בקודש"[52] אין אן אופן פון תכלית השלימות; אבער ח"ו אז די התבוננות זאל אים ברענגען צו אן ענין של עצבות, וכמבואר באריכה אין תניא[53] אויף וויפל דער ענין העצבות איז מושלל.

- וואס -

---

46) בהעלותך יב, ג. 47) ראה תו"ח שמות סד, ב. לקו"ד ח"א קי, א. סה"מ קונטרסים ח"א ע' 106. תש"י ע' 237. 48) ד"ה וקבל היהודים תרפ"ז פ"ה (סה"מ תשי"א ע' 184). וראה תו"א שם. 49) בהעלותך יא, כא. 50) ישעי' ס, כא. 51) ד"ה וקבל היהודים דפורים קטן ש.ז. ס"ב. 52) ברכות כח, א. וש"נ. 53) פכ"ו ואילך.

וואס לכאו׳, ווערט דאך די שאלה: ווי אזוי קען "תורת אמת" פארלאנגען פון אים ער זאל ניט שטיין אין א מעמד ומצב פון עצבות, בשעת ער ווייסט אז דאס איז דער "חשבון צדק"?

איז דער ביאור בזה (ע"פ האמור): נוסף לזה וואס ער האט די אלע כחות כדי ער זאל קענען צוקומען צו תכלית השלימות שלו, האט ער אויך (אפי׳ ווי ער שטייט במעמדו ומצבו) אזא עשירות, ביז וואנעט אז ער ווערט נכלל אין "כל האדם" פאר וועלכע משה רבינו איז "עניו מאד". – צי ער פארשטייט דאס יע צי ער פארשטייט דאס ניט, אבער ער ווייסט אז דאס איז דער אמת לאמיתתו.

ובמילא איז פארשטאנדיק, אז ס׳איז ניט שייך ער זאל זיין אין א מעמד ומצב של עצבות, ווארום דאס איז בדוגמא ווי איינער האט א "הון יקר" וואס ער זעט אים ניט בעיני בשר, וואס ס׳איז דאך ניט שייך אז ער זאל זיין בעצבות און טראכטן אז ער איז אן "עני", וויבאלד אז ער ווייסט דעם אמת, אז ער האט א "הון יקר".

ועד"ז בנדו"ד – אז מצד דעם וואס ער ווייסט דעם אמת, אז ער האט דעם ענין העשירות (כנ"ל בארוכה), און דאס לייגט זיך אפ ביי אים אין אן אופן פון ראי׳, או אין דערויף איז ניט שייך קיין ספק וספק ספיקא, וויבאלד אז אזוי זאגט "תורה אמת" – איז ניט שייך ער זאל זיין אין א מעמד ומצב של עצבות.

און דעמולט קען ער עובד זיין עבודתו לקונו מתוך שמחה אמיתית – סיי די עבודה אין די ענינים וואס ער האט שוין בפועל, און סיי די עבודה פון להעלות בקודש – אז פון דעם ענין פון "רגלי" זאל ער צוקומען צום מעמד ומצב אז דער "משה" שבקרבו[54] וועט ווערן דער מושל ושולט על כל עניניו במשך כל היום כולו – זאל דאס אלץ זיין מתוך שמחה אמיתית.

וואס כל האמור לעיל קומט ארויס אלס א פועל יוצא און א קיצור פון מאמרי רבותינו נשיאינו אויף פ׳ שקלים, ווי ס׳איז שוין געדרוקט בכ"מ, אנהויבנדיק פון תו"א, און אויך אין ספרי רבותינו נשיאינו ממלאי מקומו.

יב. מאמר (כעין שיחה) ד"ה כי תשא.

* * *

יג. ע"פ האמור לעיל (ס"ו) אז "המעשה הוא העיקר" – איז נוסף אויף דעם וואס מ׳האט גערעדט פריער (ס"ג) אז דער ענין

- פון -

------------

54) ראה תניא רפמ"ב.

פון "שקלים" דערמאנט א אידן און איז אים מעורר און גיט אים כחות, אז ער זאל זיך גרייטן, און צוגרייטן אלע ענינים וואס מ'דארף האבן, אז די עבודה פון א גאנץ יאר וואס הויבט זיך אן בר"ח ניסן הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה, זאל זיין אין אן אופן ווי תורה וויל, און ווי תורה גיט דעם כח אויף צו דורכפירן דעם ענין - איז נוסף לזה קומט צו נאך אן ענין:

דער ענין פון "שקלים" איז דאך פארבונדן מיט "פורים", ווארום דער ענין פון נתינת השקלים האט מבטל געווען גזירת המן, ווי די גמרא[55] זאגט: "גלוי וידוע לפני מי שאמר והי' העולם שעתיד המן לשקול שקלים על ישראל, לפיכך הקדים שקליהם לשקליו", ד.ה. אז דורך דעם ענין פון "שקלים" איז נתבטל געווארן גזירת המן,

ביז אז ס'איז געווארן אין אן אופן פון "ונהפוך הוא"[56], אז פון אלע ענינים הפכיים איז געווארן "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר"[57] (מיט אלע פירושים שבזה, נוסף אויפן פירוש בפשטות הכתובים).

און וויבאלד אז דער ענין פון "שקלים" איז פארבונדן מיט "פורים" (כנ"ל), איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'קומט שבת פ' שקלים, דארף מען דעמולט מעורר זיין וועגן דעם ענין פון "מבצע פורים".

וואס דאס איז נוסף אויף דעם וואס מ'האט מעורר געווען וועגן "מבצע פורים" אין דער התוועדות פון פורים קטן, ווארום שלשים יום לפני החג איז שואלין ודורשין בהלכות החג[58] [ווי גערעדט דעמולט אז יעדער ענין חשוב וגדול וואס איז פארבונדן מיט הכנות וטרחות, דארף מען שוין דערמאנען וועגן אים שלשים יום לפנ"ז], איז נוסף לזה, וויבאלד אז לדעת רשב"ג דארף מען דערמאנען וועגן דעם ענין "שתי שבתות" לפנ"ז[59], וואס די צוויי וואכן שלפני פורים הויבן זיך אן בר"ח אדר, און די נתינת כח לזה איז בשבת מברכים חודש אדר - וואס דערפאר דערמאנט מען נאכאמאל וועגן דעם ענין פון "מבצע פורים".

און די התעסקות בזה זאל זיין אין אן אופן פון "ויקהל משה את כל עדת בנ"י"[60] (ווי דערמאנט פריער (בהמאמר)),

[ווארום וויבאלד אז ביי יעדער איד איז דא בחי' משה שבקרבו, כמבואר אין תניא[54], ביז אז דאס שטייט ביי אים

- בגלוי -

---

55) מגילה יג, סע"ב. 56) אסתר ט, א. 57) שם ח, טז.
58) פסחים ו, א. וש"נ. שו"ע אדה"ז ריש הל' פסח.
59) פסחים שם. 60) ריש פרשתנו.

בגלוי, וואס דערפאר זאגט מען יעדער אידן "ועתה ישראל מה ה׳ אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ה׳"[61], אז מצד דערויף וואס ביי יעדער אידן איז דא בחי׳ משה, איז ביי אים יראה א "מילתא זוטרתי"[62] – איז פארשטאנדיק, אז ביי אים דארף זיין די עבודה פון "ויקהל משה את כל עדת בנ"י" –

ד.ה. אז ער זאל זיך משתדל זיין אז כל עניני התורה ומצוותי׳, ובמיוחד דער ענין שהזמן גרמא – "מבצע פורים", זאלן ארומנעמען "את כל עדת בנ"י" בכל מקום שהם.

יד. וכאן המקום מעורר זיין אויך וועגן אלע "מבצעים" וואס זיי זיינען דאך די ענינים כלליים פון וועלכע ס׳וועלן נמשך אלע פרטים:

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל", וואס דאס איז דאך א "כלל גדול בתורה"[63],

און דערנאך קומט דאס אראפ אין "מבצע חינוך", אז ער איז מחנך זיך און כל הנמצאים סביבו – און וויבאלד אז דאס קומט אלס א המשך צו "מבצע אהבת ישראל", איז פארשטאנדיק אויף וויפל ער איז זיך משתדל אין דעם חינוך פון כל אחד ואחת מישראל, ווארום "אב אחד לכולנה", און נאכמער (אויב מ׳דארף אים מסביר זיין וואס ער וועט האבן דערפון בגופו וחלקו בעולם): "מי יודע גדולתן ומעלתן"[30],

און דערנאך קומט דאס אראפ אין די כללות׳דיקע ענינים (וואס זיי זיינען פרטים לגבי דעם ענין פון "אהבת ישראל" און "חינוך"):

"מבצע תורה" – די הפצה פון לימוד התורה, "מבצע תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[64], "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים – יבנה וחכמי׳",

און דערנאך קומט דאס אראפ אין די ג׳ יסודות שעליהם כל בית ישראל עומד – די ג׳ ענינים וואס זיינען שייך צו עקרת הבית: "מבצע נרות שבת קודש", וואס דאס באלייכט א אידישע הויז "מערב שבת לערב שבת"[65], וואס דעמולט קומט מען צו א העכערן אופן אין די ליכטיקייט פון נרות שבת,

"מבצע כשרות האכילה ושהי׳", אז דער דם ובשר כבשרו ווערט פון כשר׳ע אכו"ש, וואס דורך דעם ווערט זיין גוף א

- כשר׳ע -

---

61) עקב י, יב. 62) ברכות לג, ב. 63) תו"כ ופרש"י עה"פ קדושים יט, יח. ירושלמי נדרים פ"ט ה"ד. ועוד.
64) קידושין לה, א. 65) ראה פרש"י ח"ש כד, סז. וראה בארוכה לקו"ש ח"ש תשל"ו.

כשר׳ע מציאות - וכמדובר כמ"פ[66] אז "כשר" איז ר"ת "כמוצא שלל רב"[67], ווי דער טאטע איז מבאר בכ"מ[68], ד.ה. דורך דערויף טוט ער אויף אין חלקו בעולם אז ס׳ווערט דער ענין פון "כמוצא שלל רב",

און "מבצע טהרת המשפחה", וואס דאס ווערט די הכנה קרובה צו "וזרקתי עליכם מים טהורים"[69], און "אשריכם ישראל לפני מי אתם מטהרים ומי מטהר אתכם"[70].

און נוסף לזה קומט צו דער מבצע שהזמן גרמא - "מבצע פורים".

וכמדובר לעיל אז די התעסקות אין אלע מבצעים, ובמיוחד אין "מבצע פורים", דארף זיין אין אן אופן פון "ויקהל משה את כל עדת בנ"י" - אז דאס זאל אנקומען לכל אחד ואחת מבנ"י.

טו. ובמיוחד דארף זיין די השתדלות (אין "מבצע פורים") בנוגע צו די וואס דארפן אנקומען צו א עידוד און א נתינת כח בזה, דערפאר וואס זיי ווייסן ניט דעם גודל הענין פון פורים, ארער אז זיי ווייסן אינגאנצן ניט (רח"ל) וועגן דעם ענין פון פורים.

ובדוגמא ווי דער רמב"ם זאגט אין דעם סיום פון הל׳ מגילה[71]: "מוטב לאדם להרבות במתנות לאביונים מלהרבות בסעודתו ובשלוח מנות לרעיו, שאין שם שמחה גדולה ומפוארה אלא לשמח לב עניים כו׳" -

וואס דער ענין פון אן "עני" איז דאך "אין עני אלא <u>בדעת</u>"[72] - איז דאך פארשטאנדיק אז ס׳דארף זיין די השתדלות הכי גדולה אין דעם ענין פון "מתנות לאביונים", מיט אלע פירושים וואס זיינען דא אין "מתנות", כולל אויך דעם ענין העיקרי, משתדל זיין זיך אז זיי זאלן מקיים זיין כל עניני פורים, און אלע מצוות פון פורים (די זיבן מצוות), און אז דאס זאל ביי זיי זיין אין אן אופן של שמחה, ביז אין אן אופן פון "מרבים בשמחה"[73], ביז צו א שמחה אין אן אופן פון "עד דלא ידע"[74].

און בשעת מ׳איז זיך משתדל מיט א צווייטן אידן, אפי׳ מיט אן "אביון", ווי רש"י[75] טייטשט אפ אז ער איז "תאב לכל

- דבר" -

------------

66) ראה הגש"פ עם לקוטי טעמים כו׳ ע׳ רמט ואילך.
67) תהלים קיט, קסב. 68) לקולו"צ אגרות ע׳ קצח.
69) יחזקאל לו, כה. 70) יומא בסופה. 71) פ"ה הי"ז.
72) נדרים מא, א. 73) תענית כט, סע"א. הובא ב"מועדים בהלכה" במקומו. 74) מגילה ז, ב. 75) ראה טו, ד.

דבר", אז יעדער זאך וואס מ'וועט אים נאר געבן איז ער
דערצו "האב", ווארום ער האט דאס ניט - דארף מען זיך ניט
באגנוגענען דערמיט וואס מ'וועט פועל'ן אויף אים מקיים
זיין א טייל פון מצוות פורים, אדער אפי' אלע מצוות פורים
און אויך דער ענין פון שמחת פורים, אבער ניט אין אן אופן
פון ריבוי שמחה, ביז צו "עד דלא ידע";

נאר מ'דארף זיך משתדל זיין אז אפי' דער "אביון" זאל
האבן אלע "מתנות" וואס זיינען פארבונדן מיט פורים, כולל
אויך דעם ענין פון שמחת פורים, ביז אין אן אופן פון "עד
דלא ידע".

און ווי געבראכט פריער פון רמב"ם אז "אין שם שמחה
גדולה ומפוארה אלא לשמח לב עניים כו', שהמשמח לב האומללים
דומה לשכינה, שנאמר[76] להחיות רוח שפלים ולהחיות לב נדכאים".

טז. עד"ז איז אויך פארשטאנדיק אז ס'דארף זיין א השתדלות
מיוחדת בנוגע צו די אידן וואס געפינען זיך אין בתי רופאים,
וואס מצד מצב הבריאות שלהם קענען זיי אליין ניט אויספירן
אלע ענינים פון פורים בתכלית השלימות - זאל מען זעהן אז
זיי זאלן האבן אלע ענינים פון פורים, כולל אויך דעם ענין
פון שמחת פורים, ביז צו א שמחה אין אן אופן פון "עד דלא
ידע".

ועאכו"כ אז מ'דארף זיך משתדל זיין בנוגע צו די
"נדכאים" וואס געפינען זיך (מאיזה סיבה שתהי') אין בתי
אסורים - אז זיי זאלן אויך האבן אלע ענינים פון פורים
בתכלית השלימות.

און מ'קען ניט פרעגן די שאלה (וואס א ניט איד האט
געפרעגט ביי ר"ע'ק[77]), אז וויבאלד אז דער אויבערשטער האט
אים געבראכט צו אזא מעמד ומצב (ער זאל זיין אין בית
האסורים), איז ווי קען מען זיך ארייננמישן און געבן אים
צדקה און משמח זיין אים?

- ווארום יעדער איד איז בנו של מלך מלכי המלכים
הקב"ה, איז דאך דאס בדוגמא צו א בן מלך וואס מאיזה סיבה
שהחי' געפינט ער זיך במעמד ומצב בלתי רצוי (און דאס איז
בידיעת האב), וואס בשעת אז ס'קומט א צווייטער און זעט אז
דער בן מלך זאל האבן אלץ וואס ער דארף האבן, און אין אן
אופן ווי עס פאסט פאר בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה
- שטייט דעמולט דער אב בשמחה גדולה ביותר, ובלשון הרמב"ם
אז "אין שם שמחה גדולה ומפוארה כו'".

- יז. -

---

76) ישעי' נז, טו. 77) ראה ב"ב י, א.

יז. האמור לעיל איז מרומז אין א סעיף נפלא פון שו"ע[78], בנוגע צו דעם ענין פון מקרא מגילה

[וואס דערמיט (מיט דעם ענין פון מקרא מגילה) הויבט זיך אן דער גאנצער ענין פון פורים, ווארום אין דער מגילה ווערט דערציילט פרשת החג, און "תקפו של נס"[79], און ערשט נאך דערויף וואס מ'לייענט די מגילה, ווייסט מען ווי אזוי מ'דארף טאן אלע ענינים פון פורים, ביז צו דעם ענין פון שמחה אין אן אופן פון "עד דלא ידע"],

וואס דארטן שטייט: "מנהג טוב להביא קטנים וקטנות לשמוע מקרא מגילה".

וואס לכאו', איז ניט פארשטאנדיק: מאי קמ"ל, ס'איז דאך שוין מבואר בארוכה אין הל' שבת[80] ווי אזוי מ'איז מחוייב מחנך זיין קטנים און קטנות, איז דאך דערפון אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די מצוה פון "מקרא מגילה".

ובפרט אז זיי (די קטנים וקטנות) זיינען דאך אויך געווען באותו הנס, ווארום די גזירה איז דאך געווען "מנער ועד זקן טף ונשים ביום אחד", ווי דערציילט אין דער מגילה[81].

און אעפ"כ טיילט מען דאס אויס אין א באזונדער סעיף, און מ'זאגט אז "מנהג טוב להביא קטנים וקטנות לשמוע מקרא מגילה".

וואס אין דערויף האט מען א רמז נפלא: אז דער ענין פון "מבצע פורים" דארף ארומנעמען אויך "קטנים וקטנות", סיי קטנים און קטנות בדעת, און סיי קטנים און קטנות כפשוטו - אז זיי זאלן אליין מקיים זיין די מצוות פון פורים, און אויך מחנך זיין, אז זיי זאלן זיך משתתף זיין אין דעם ענין פון "מבצע פורים" - איינצווירקן אויף זייערע חברים (קטנים און קטנות) צו וועלכע זיי קענען דערגרייכן, אז זיי זאלן אויך מקיים זיין די מצוות פון פורים.

יח. וואס דאס איז דער רמז וואס מ'האט אין דעם סעיף - אבער בפשטות איז דאס אן ענין של דין, און מ'דארף דאס אפטאן כפשוטו, אז מ'זאל ברענגען קטנים און קטנות צו הערן "מקרא מגילה".

און אע"פ אז אחרונים (אנהויבנדיק פון דעם של"ה[82] און דער מג"א[83]) באווארענען אז די קטנים וקטנות קענען מבלבל

- זיין -

---

78) או"ח סתרפ"ט ס"י. 79) פרש"י אסתר ט, כט.
80) שו"ע או"ח סשמ"ג. 81) אסתר ג, יג. 82) ראה של"ה רס, ב. 83) או"ח סתרפ"ט סקי"א.

זיין צו הערן די מגילה - איז אפי׳ אויב מאיזה סיבה שתהי׳ זיינען זיי מבלבל [דערפאר וואס עס מאכט ניט אויס אז ביי קטנים זאל אויך זיין די שמחה אין אן אופן פון "עד דלא ידע"] - איז דאך דא די עצה היעוצה (ווי דער מנהג איז בכ"מ) אז מ׳ווארפט אפ ביז וואנעט די קטנים וקטנות זיינען מכה המן׳ן מיט א פשיטות און א תמימות ווי אידישע קינדער האבן אין זיך, און ערשט דערנאך איז מען ממשיך אין קריאת המגילה, אין אזא אופן אז ס׳איז ניטא דער חשש אז מ׳וועט פארפעלן אין קריאת המגילה.

און בשעת אז ס׳וועט זיין א מרה-שחורה׳ניק וואס וועט טענה׳ן אז ס׳קען זיין אז דאס וועט פארט מבלבל זיין -

איז דאך ידוע דער מארז"ל[84] עה"פ[85] "ודגלו עלי אהבה", אז "אפילו התינוק מדלג על האזכרה כו׳ אמר הקב"ה ודילוגו עלי אהבה", אז אפי׳ ווען ס׳טרעפט אז מצד דערויף וואס זיי זיינען תינוקות זיינען זיי מדלג אויף "אזכרות" (שמות קדושים) - זאגט דער אויבערשטער אז וויבאלד דאס זיינען תינוקות של ישראל, איז דאס זיכער פארבונדן מיט זייער פשיטות און תמימות, ובמילא איז "ודילוגו עלי <u>אהבה</u>" [מ׳איז משנה דאס וואס ס׳שטייט אין פסוק, און מ׳טייטשט דאס אפ אז דאס גייט אויף דעם וואס א תינוק איז "מדלג על האזכרה"].

און מ׳איז נאך מדייק "ודילוגו <u>עלי</u> אהבה", וואס "עלי" באווייזט אויף אן ענין וואס שטייט אין אן אופן של מקיף, כמבואר אין דרושי רבותינו נשיאינו[86] בנוגע צו דעם לשון "עלי", בדוגמא ווי אן עטרה און א כתר של מלך, וואס איז מקיף ראשו של המלך -

וואס דער ענין פון כתר ועטרה צום אויבערשטן, ווערט אויפגעטאן דורך תפלותיהם של ישראל, כמרז"ל[87] "מס"ט קושר כתרים לקונו מתפלותיהם של ישראל",

און דאס ווערט אויך אויפגעטאן דורך קטנים וקטנות שבישראל - כמובן פון תורת הבעש"ט[88] אויף "ואתה קדוש יושב תהלות ישראל"[89], וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז דאס מבאר בארוכה במאמרו הידוע[90] [וואס ער האט ארויסגעגעבן אויף אידיש דוקא, וואס דאס איז די שפראך וואס אפי׳ קטנים וקטנות פארשטייען],

- אז -

------------

84) שהש"ר פ"ב, ד. 85) שה"ש ב, ד. 86) ראה אוה"ת חנוכה (כ"ה) תתקכג, א. 87) ראה הערת כ"ק אד"ש בסה"מ תש"ח ע׳ 202. 88) כש"ט הוספות אות כז. 89) תהלים כב, ד. 90) ד"ה ואתה קדוש - סה"מ אידיש ע׳ 138.

אז ס'איז דא ווי דער אויבערשטער שטייט בתכלית העילוי, אין אן אופן פון "קדוש", אז ער איז קדוש ומובדל פון עולמות; און כדי אז דער "ואתה קדוש" זאל זיין "יושב", ד.ה. ער זאל נמשך ווערן למטה, וואס די המשכה ווערט אנגערופן "בשם ישיבה, כמו היושב שמשפיל קומתו"[91] - ווערט דאס אויפגעטאן דורך "תהלות ישראל", דורך דערויף וואס אידן זיינען מהלל און משבח דעם אויבערשטן.

וכמבואר דארטן בארוכה, אז הנהגת הבעש"ט איז געווען אין אן אופן, אז נים קוקנדיק אויף דעם עילוי שבעבודתו בעצמו, האט ער זיך מטלטל געווען און איז ארומגעפארן אין עיירות ישראל, און גערעדט מיט נשים און עמי הארץ און מיט קטנים און קטנות, אין אן אופן אז דאס וועט זיי ברענגען אז זיי וועלן זאגן "געלויבט השי"ת" וכיו"ב, וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק גודל המעלה וואס עס טוען אויף קטנים וקטנוה.

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'קומט אן "עת רצון" ווי דער זמן פון פורים - כמבואר אין תקו"ז[92] אז יוהכ"פ, "אחת בשנה"[39], איז מערניט "כפורים", אזוי ווי "פורים" (בכ"ף הדמיון), ווארום בפורים איז דא דער ענין פון אכו"ש וכו', ביז "לבסומי בפוריא עד דלא ידע", כמבואר בארוכה אין דרושי פורים[93] - דארף מען זעהן אז די קטנים וקטנות זאלן אויך טאן אין אלע עניני פורים, מקרא מגילה וכו'.

יט. "והמעשה הוא העיקר":

אזוי ווי ס'איז געבליבן אינגאנצן עפעס מערער פון צוויי וואכן צו פורים - זאל מען זיך משתדל זיין טאן באופן מסודר אין "מבצע פורים" (בהוככי שאר המבצעים), אין אן אופן אז דאס זאל ארומנעמען "כל עדת בנ"י", אנשים נשים וטף וואס געפינען זיך "בכל מדינות המלך"[94], מלך מלכי המלכים הקב"ה[95], כולל אויך קטנים וקטנות (סיי בדעת און סיי כפשוטו, כנ"ל), אז יעדערער פון זיי זאל זיך צוגרייטן צו פורים, און אויפטאן בפורים אלע ענינים וואס דארפן אויפגעטאן ווערן.

און די התעסקות אין דערויף זאל זיין ביתר שאת וביתר עז - וויבאלד אז מ'האט די נתינת כח פון שבת, וואס דעמולט איז "כל מלאכתך עשוי'"[96], און "וקראת לשבת עונג"[97] -

גייט ער מיטן כח (און תענוג) פון שבת אין אן אופן

- פון -

---

91) לקו"ת קדושים כט, ג. 92) תכ"א (נז, ב). 93) ראה תו"א מג"א צה, ד. 94) ל' הכתוב - אסתר ט, כ. 95) ראה אסת"ר פ"י, א. 96) מכילתא עה"פ יתרו כ, ט. שו"ע אדה"ז או"ח סש"ו סכ"א. 97) ישעי' נח, יג.

הנחת הת' בלתי מוגה

פון "אל תירא עבדי יעקב"[98], אז ער האט ניט קיין מורא פאר אלע שווערקייטן,

און ניט נאר אז זיי שטערן אים ניט בנוגע למעשה בפועל, נאר ער האט גאר ניט דעם רגש היראה בפניהם, ואדרבה, ער איז הולך ומנצח, ביז אז ס'ווערט דער "ונהפוך הוא"[56], אז דער ענין וואס האט פריער מבלבל געווען צו די מבצעים, ובמיוחד צו "מבצע פורים", ווערט ער נהפך צו א מסייע.

כ. און די התעסקות אין "מבצע פורים" וועט זיין אין אן אופן אז סוכ"ס וועט דאס ארומנעמען "כל עדה בנ"י" אין דער גאולה פון פורים און אויך אין כללות ענין המבצעים, וואס זיי ווערן נרמז אין "אורה ושמחה וששון ויקר", ווי גערעדט בארוכה אין די התוועדויות שבשנים שעברו[99],

ביז אז ס'וועט מקוים ווערן דער יעוד פון "מיסמך גאולה לגאולה"[100] – די גאולה פון פורים צו די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס "בניסן נגאלו בניסן עתידין ליגאל"[101] – און ווי גערעדט פריער (ס"ג) אז דער ענין פון "שקלים" איז א הכנה בפועל ממש דורך דעם וואס מ'גיט די "שקלים" כפשוטו צו דער עבודה פון כל השנה כולה וואס עס הויבט זיך אן פון ר"ח ניסן –

איז יה"ר אז ס'זאל זיין דער "מיסמך גאולה לגאולה" בסמיכות ממש, נאך איידער ס'קומט חודש ניסן, און ווען ס'וועט קומען ר"ח ניסן וועט מען שוין שטיין בדרך ממילא אין דעם מצב פון גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

וואס דעמולט וועט מען זעהן דעם ענין פון "אלה פקודי המשכן משכן"[102], צוויי מאל "משכן", וואס דאס איז דאך א "רמז למשכן שנתמשכן בשני חורבנין"[103] (ווי דערמאנט פריער (בהמאמר)), אז אין דעם ביהמ"ק השלישי וועט מען אויך האבן דעם ביהמ"ק הראשון און ביהמ"ק השני, נוסף אויף דעם "משכן" כפשוטו, וואס ער איז דאך מעשה ידי משה, און די גמרא[104] זאגט דאך אז מעשה ידי משה זיינען נצחיים וואס איצטער איז דער "משכן" באהאלטן, און בביאת משיח צדקנו וועט מען זעהן "אלה פקודי המשכן",

- און -

---

98) שם מד, ב. ירמי' ל, י. ועוד. וראה לקו"ת בלק עב, א. 99) שיחת ליל אדר"ח אדר ב'. ז' אדר ב' השל"ו. 100) מגילה ו, סע"ב. 101) ר"ה יא, א. שמו"ר פט"ו, יא. 102) ר"פ פקודי. 103) תנחומא פקודי ב. שמו"ר פנ"א, ג. פרש"י עה"פ. וראה לקו"ש פקודי תשל"ז. 104) סוטה ט, סע"א.

און דאס וועט זיין אין אן אופן פון "אלה פקודי גו׳",
וואס "אלה" באווייזט דאך אויף דעם ענין פון גילוי[105]: אז
מ׳וועט זעהן דעם ענין פון "פקודי המשכן" בגילוי ממש,
לעיני בשר, ביז אין אן אופן אז מ׳וועט באווייזן אויף
דערויף מיטן פינגער[106].

וואס די התחלה בזה איז דורך די עבודה פון "זה יתנו"
- אז די עשר כחות הנפש וואס זיינען מלובש אין דעם גוף
וחלקו בעולם [דורך די ג׳ לבושים פון מחשבה דיבור ומעשה],
וועלן שטיין בגילוי,

וואס דורך דערויף איז מען גלייך זוכה צום "זה יתנו"
- דער גילוי פון עצמות אוא"ס[107] וואס וועט שטיין בגילוי,
ביז אין אן אופן פון ב"פ זה[108], ווי דערמאנט פריער (בהמאמר),

כן תהי׳ לנו - בקרוב ממש, ובעגלא דידן.

* * *

------------

105) ראה לקו"ת פקודי ד, ג. ועוד. 106) ראה פרש"י בשלח טו, ב. 107) המשך תער"ב ח"ב ע׳ תתעד. 108) ראה תענית בסופה.

בס"ד. ר"ד כ"ק אדמו"ר שליט"א, בזמנים שונים, ה'תשל"ח.

**הנחה פרטית בלתי מוגה**

נוסח המברק שהואיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לשלוח לכל קצוי תבל.

**"לשנה טובה תכתבו ותחתמו".**

/מקום החתימה/

**יום ב' כ"ט אלול:** אחרי התרת נדרים (לפני מנין מזקני אנ"ש) אמר כ"ק אד"ש: "א יישר כח אייך, א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה".

כשהרש"ג מסר את הפ"נ אמר לו אד"ש לשנה טובה ומתוקה, לקח שני מטבעות ונתן לו, ואמר: שיש כאן שתי עשרות, אחד כנגד עשרת הדברות ואחד כנגד עשרה מאמרות, א' לצדקה וא' לעשות בו כטוב בעיניו, אח"כ הוסיף שבטח יוסיף לצדקה על מה שבין כך נותן.

וכן הורה קודם קבלת פדיונות שכולם יקחו שתי דיימס כנ"ל, מקופסא שעמדה ע"י דלת חדרו.

לכמה שעברו עם בניהם אמר אד"ש: הרי הוא בעצמו כבר יכול לכתוב.

לכמה נתן אד"ש בעצמו את המטבעות.

**יום ב' דר"ה:** אחרי הבדלה לפני שהתחיל לחלק כוס של ברכה אמר כ"ק אד"ש:

אם לא יהי' מאורגן, ויהיו דחיפות, כדי למנוע אי נעימות ורעש ממני ומהזולת, אציע למנות ממונים בכל פנה ושהם יחלקו, ואז ימנעו ענינים בלתי רצוים, או שיהי' סדר ואירגון, יש לכם שתי ברירות ותבחרו כרצונכם. אח"כ אמר: תמנו עשרה גבאים ואתן להם ע"מ לחלק. כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לחלק כוס של ברכה. יוסי מלמד (צלם עתון אלגעמיינער) החל לצלם ועמד ע"י הצלם פריידין אמר לו אד"ש הרי שמו יוסף שענינו להוסיף, סימן שיש לו על מה להוסיף, וצריך להוסיף. אחרי כוס של ברכה ברך ברכה אחרונה והתחיל לנגן ופרצת.

**יום ה' ג' תשרי:** אחרי תפלת ערבית כשיצא לביתו (מאוחר) עמד הצלם פ. וצילם שאל אותו אד"ש, מדוע לא הולך לאכול אחרי הצום (אפפאסטען), וענה לאד"ש, כיון שהרבי צם עדיין הוא גם יכול לצום, אמר לו אד"ש, אבל אתה עובד קשה, אמר הנ"ל לאד"ש אתה הרי עובד יותר קשה, אד"ש חייך.

**יום ו' ד' תשרי:** אחה"צ כשאד"ש חזר מהבית כשנכנס לג"ע הת', הסתובב חזרה והביט לתוך הזאל וקרא לר' ז.ו. ואמר לו: פארוואס זייט איר אזוי פאר חלמ'ט, והרים ידיו למעלה בתנועות תמיהה! מיד התחיל ז. לשיר, ורמז בראשו להגביר את השירה.

**יום א' וא"ו תשרי:** בעת ההתוועדות אחרי הסיום פנה אל הר' הירשפרונג ודיבר אתו, הנ"ל אמר לאד"ש שיש לו מקור על הרמב"ם שדובר בשיחה שלפנ"ז, ואמר לו אד"ש אדרבה, תכתוב את זה בכתב, ובינתיים תקיים מצות צדקה.

**מוצאי יום הכיפורים:** אחרי הבדלה טרם צאתו אמר עם הקהל ג"פ "גוט יום טוב", אח"כ כשעלה לחדרו עמד לוי"צ פ. וצילם ואמר לו אד"ש: "און דו לוי יצחק זאלסט (אויך) האָבן א שנה טובה".

**י"ג תשרי:** בההתוועדות בעת חלוקת הדולרים הסתובב ושאל איפה הפרטיזן, ז. שעמד מאחורי אד"ש, הנ"ל התחיל להתקרב אמר לו אד"ש שיכול להישאר במקומו, והתחיל אד"ש לשיר בייעט בייעט ורמז לו שימשיך בזה, ומחא כפיו הק'.

באמצע ההתוועדות שאל את י.ל.ג. אם הקבוצות מאה"ק ופריז הגיעו? וענה שעדיין לא. באמצע השיחה שדיבר אודות אה"ק, הגיעו הקבוצה מאה"ק ואמר הריל"ג לאד"ש שהקבוצה מאה"ק הגיעו, לאחרי שגמר לחלק הדולרים להטנקיסטים הגיעה הקבוצה מצרפת, ואחרי השיחה שאל איפה הצרפתים, וקרא להר' ש.א. וניגש עם ילדיו, אד"ש שאל אותו אם קיבל דולארים כשענה בשלילה נתן אד"ש לו ולבניו שני דולאר לכ"א, אח"כ נתן לו חבילה ואמר לו כדי לחסוך זמן, שיחלק הוא בין הטנקיסטים שהגיעו, וצוה לנגן האדרת והאמונה, באמצע פנה לש.א. ורמז לו שיחלק את הדולארים עכשיו.

צוה לנגן: האפ קאזק, ופרצת, ומחא כפיו הק' חזק מאוד, בין הקהל ישב א' עם טייפ רמז לו אד"ש שיוריד את הטייפ ושימחא כף.

טרם צאתו צוה לנגן ושמחת, נתן את המזונות להר' מ. ירוסלבסקי ויצא כשמרמז בידו להגביר את השירה.

**ערב חגה"ס:** אחה"צ כשאד"ש חזר מהבית עמד ר' ז.ו. ע"י הזאל והתחיל לשיר, ע"י הפתח עמד מר ה. שאל אותו אד"ש באנגלית למה עומד פה שיכנס פנימה, אד"ש "תמך" בו, והכניסו בין קבוצת הבחורים ששרו עם ר' ז. ע"י הזאל.

לפני תפלת ערבית כשאד"ש עלה למקומו ומחא כפים, הביט לפתע במבט רציני לעבר צד המזרחי, והראה באצבעו על א' שעמד וצילם ושאל: ער האט שוין היינט געזאגט חת"ת? ושאל עוה"פ הנ"ל לא הבין, אמר אד"ש שישאלו אותו אם אמר היום חת"ת, וענה שבד"כ אומר והיום לא, אח"כ שאל אד"ש: דער וואס לעבען עם האט געזאגט חת"ת? הנ"ל הסתתר, ואמר אד"ש: הרי יש שם עוד א' שעושה תמונות, כשהבחור התרומם שאל אותו אד"ש שוב באם אמר היום חת"ת, וכשפניו הק' חיוורים אמר: ביין?! וואס איז וויכטיגער מאכן בילדער אין א ביהכנ"ס אדער זאגן חת"ת?

**לשון הברכה להאורחים שי' בעת ביקורו בסוכה, ליל ש"ק חוהמ"ס:** [בשעה 9:00 נכנס כ"ק אד"ש לסוכה, בפתח הסוכה אמר אד"ש לר"מ י. גוט שבת, אח"כ נכנס פנימה והביט על כל האורחים, פנה לר' מ.י. ושאל אותו אם יש אוכל על השולחנות ובאם יש ספסלים, נאלץ ר"מ להוריד את העומדים מהספסלים והראה לאד"ש את השולחנות.

אד"ש הלך עד סוף הסוכה ואמר] "א גוטן שבת עס איז דאך זמן שמחתנו ... די וואס זיינען געקומען אויף חודש תשרי, זאל זיין בא זיי מבורכת ה' ארצו, ממגד שמים מטל ומתהום רובצת תחת, וממגד תבואות שמש וממגד גרש ירחים.

און מ'זאל הערן בשורות טובות.

<u>רשימה פרטית בלהי מוגה</u>

אזוי ווי דער יאר הויבט זיך אן אין יום השלישי שהוכפל בו כי טוב, זאל זיין טוב לשמים וטוב לבריות.

א פריילכען שבת א גמר חתימה טובה".

בעת צאתו מהסוכה אמר: עס איז דאך "ושמחת בחגיך" (ורמז שינגנו הניגון).

**יום א' כ' תשרי:** אחרי התפלה אמר א' לאד"ש שנוסע לרוסי' ברך אותו אד"ש בנסיעה טובה ואמר לו שהכינו עבורו מכתב, שיכנס למזכירות לקחתו, וברכו בבשו"ט.

לפני מנחה בסוף חלוקת הלעקאך ניגש רוסי א' וביקש ברכה מאד"ש והתחיל לבכות, ואמר ברוסית "רבי עזור לי", אד"ש שאלו בחיוך: מה אתה בוכה? הרי עתה זה הוא "זמן שמחתינו"? ריל"ג רצה להוציאו ואד"ש משכו בחזרה והכניסו לסוכה, ואמר לו שיאכל מהמזונות ושיברך לישב בסוכה ושישב, (הלה לא ישב) כשסיים לאכול אמר לו אד"ש שיעשה ברכה אחרונה, הנ"ל לקח סידור וחיפש, אמר לו אד"ש: לפני תפלת מנחה, ולא הבין, אמר אד"ש שוב לפני התפלה שבתפלת מנחה, באמצע בכה, אמר אד"ש: ביו"ט (זמן שמחתינו) אסור לבכות, ואד"ש עזר לו באמירתו, כמה מועד המסדר צעקו לעבר הבחורים שצריכים "אוועק טרייבן אלעמען", אמר אד"ש פארוואס טרייבן, מ'טאר נישט טרייבען, הנ"ל דיבר באמצע, אמר לו אד"ש שאסור לדבר באמצע, אח"כ אמר לו אד"ש שיורד גשם וא"א להיות פה הרבה זמן.

**ליל שמע"צ:** אחרי הקפות קידש בסוכה, ואח"כ נכנס כ"ק אד"ש לחדרו הק' והורה ע"י המז' "שאלו שעשו כבר הקפות - ילכו לביתם לסעוד סעודת יו"ט, ואלו שעדיין לא עשו הקפות ילכו לערוך הקפות בשמחה".

רופא א' נכנס לעשות בדיקות ושאלו אד"ש: איזה דבר גורם שהדם יוצא, אם המחט או הריקות שבו שמושך הדם מהגידים? וענה הרופא הריקות, והמשיך כ"ק אד"ש: שפעם התעניין בזה, שבא אליו א' וטען שהוא ריק ואינו שייך לכלום, ואמרתי לו אדרבה דבר של ריקות מושך לתוכו בכח חזק יותר, ובמילא הוא כלי לכל הענינים של טוב וקדושה, וסיים: הרי בשמע"צ הרבנים אומרים "סערמאנס" ומכיון שאני אינו מורשה לדבר, במילא אני אומר מה שאמרתי ואתה תמסור להשאר.

**יום שמיני עצרת:** אחרי התפלה ביקש אד"ש שכל המתפללים (בהמנין בגעה"ת) יעברו על ידו, וברך את כולם בגוט יום טוב, לכהנים אמר יישר כח, להר' שמרי' גורארי' (מת"א) אמר שידבר עם הגבאים אודות מכירת המצוות בשבת בראשית.

אחה"צ הורה אד"ש מ'זאל ניט פארגעסען גיין משמח זיין אידן בהבתי כנסיות ושילכו לשם עם "שטורעם", וכן תפלה ערבית וההקפות וכו' (בערב) שיהיו בשמחה גדולה, און דער עיקר מיט א שטורעם, וכן אמר שאלו שרוצים לעשות להטבת בריאותי שילכו לשמח.

אחה"צ נכנס לאד"ש הר' ש.א. קזרנובסקי, כשנכנס אחל לאד"ש רפו"ש, ומעיניו זלגו דמעות, ואמר לו אד"ש ס'איז דאך א סתירה צו "ושמחת בחגיך", מ'וויל דאך אז מיר זאל צוקומען אין בריאות, איז דאס דווקא דורך מרבה זיין בשמחה. בכיות איז נגד רצוני. ואד"ש נתן לו 2 בקבוקי משקה (שהכניסו לפני החג לאד"ש) ואמר לו: שזה ע"מ לחלק בעת ההתוועדות שלפני הקפות שבודאי יארגנו ובודאי לא יחסר בה הד"ת, ההתעוררות, והשמחה ושאח"כ יערכו את ההקפות ושיהיו בשמחה ושלא יגרע משמחת החג.

<u>רשימה פרטית בלתי מוגה</u>

וכן נכנס הרש"ג, ואמר לו אד"ש שימכרו את הפסוקים דאתה הראת - לטובת ישיבת תומכי תמימים - כרגיל, ובלי שינויים, ואמר שאת השתתפותו יתן בדולארים יחידים, וכל אלו שיקנו פסוק יקבלו דולאר אחד.

רופא א' שבא באמצע יו"ט מקליוולאנד וראה שישנם כבר הרבה רופאים שאל את כ"ק אד"ש שמכיון שישנם כבר הרבה רופאים, וספק גדול באם יקבלו את חוו"ד, ואו"כ האם לא עבר עבירה בזה שחילל יו"ט? וענה כ"ק אד"ש: שזה כמו בעדות לקידוש החודש, שאומרים לעדים שיבואו ומחללים שבת ויו"ט ע"ז אע"פ שיש ספק גדול באם יקבלו עדותם, כיון שאם לא יבואו לא ידעו אף פעם על מולד החודש, כך גם כאן בכדי לרפאות יהודי מחללים יו"ט גם על ספק.

**ליל שמח"ת:** כ"ק אד"ש שאל להריל"ג: אם הלכו לשמח בהבתי כנסיות? וענה: כן. ושאלו שוב: וואס טוט זיך אונטן (בביהכנ"ס)? וענה הריל"ג: שמתוועדים בשעה 9:00. ושאל אד"ש: מיט א שטורעם? והוסיף: תמסור להם שאמרתי שיהי' מיט א גרויסען שטורעם. בהזדמנות אחרת אמר לו: תאמר להם שכמו שרקדו הלילה מיט א גרויסן שטורעם, שירקדו מחר מיט א גרעסערן שטורעם.

ההקפות היו בשטורעם גדול מאוד ועד ששמעו למעלה את הריקודים והשירה וכו', וכששמע כ"ק אד"ש את השיר "דער רבי איז געזונט" חייך ביותר ואמר להד"ר "דאס איז חסידים"...

אחרי תפלת ערבית אמר כ"ק אד"ש שיחה להריל"ג שימסרנה ברבים (בעת ההתוועדות של יום שמח"ת) (בהמשך למה שאמר להרופא לעיל ע' 3): שכשיש חסרון בענין הי"ז יכול להתבטאות בשני אופנים א) שכל הדבר (הענין) חסר, ב) שחסר בהענין (כלומר לא שהדבר חסר אלא שישנו חסרון בדבר (בהענין)). ואז זה מכריח תוספת ותגבורת, והביא דוגמאות לזה משאיבת הדם שכשמוציאים דם מהאדם יש לזריקה מקום חלל, ועי"ז ששואבים ויוצא האויר ונהי' מקום חלל עי"ז מתמלא החלל עם דם, כלומר שהחלל ממשיך לתוכו תוספת, רואים מזה שדבר שהי' חסר זה לא חסרון אלא אדרבה.

וכן אמר לו אד"ש שפעם אמר לו א' ביחידות שהוא ריק מעניני תומ"צ, ממילא אין טעם לדבר אתו ע"ז, ענה לו אד"ש שאדרבה מכיון שהוא כלי ריק הוא שואב יותר כוחות מנשמתו, וביכלתו לקבל תומ"צ.

וכמו"כ בענין הצמצום שלצורך התהוות העולמות הרי הצמצום **הכריח** את ענין הקו, והוסיף, כיון שישנו ענין ד"יפקד מושבך" (הכוונה, שאד"ש לא יהא נוכח בהתוועדות), לא צריך להגרם עי"ז גרעון, כ"א אדרבה, ואמר לו שידבר ע"ז עם ר' י.כ. וכן שיוסיף בזה מ"מ וכו'.

שאלו את כ"ק אד"ש באם מה שמנגנים למטה מפריע לו? וענה: עס איז געשמאקע מוזיק.

**יום שמחת תורה:** אחה"צ שאל את הריל"ג מה נעשה למטה (בביהכנ"ס)? וענה: שהקהל **בשמחה** גדולה. ואמר כ"ק אד"ש: זאג דעם עולם אז אויף ווייטער זאל זיין מיט נאכמער שטורעם.

בשעה 11:00 בא הריל"ג עם כוס של כ"ק אד"ש (עם קצת יין בתוכו) ועם הבקבוק של יין שממנו עשה הבדלה ואמר שכ"ק אד"ש שלח היין לכוש"ב, ושימסור זה להר' ח., וכן אמר שכ"ק אד"ש צוה לו להכריז "הכרזה", אבל אד"ש אמר: דו זאלסט זיי זאגן נאך זייער מעריב פאר הבדלה, ואחרי מעריב הכריז שכ"ק אד"ש יאמר שיחה בחדרו הק', וישמעו את זה ע"י המיקן למטה בביהכנ"ס.

<u>רשימה פרטית בלתי מוגה</u>

לאחרי השיחה שאלו הרופאים את אד"ש באם הספיק לדבר מה שרוצה, בשעה קלה? וענה: אם זה תלוי במה שאני רוצה הרי אין שיעור לזמן הדיבור.

**יום ה' כ"ד תשרי, אסרו חג:** בבוקר פורסם מטעם המזכירות בשם אד"ש שמבקשים להמשיך לכתוב מכתבים כמקודם, ובי"ה המצב משתפר, כמו"כ נודע שבערב תתקיים יחידות עבור האורחים, אד"ש ישב בפתח חדרו, ויקבל את הפתקים אך אד"ש לא יקרא את הפתקים ולא יענה עליהם תשובות בשעת מעשה. כמו"כ חלק הר' ח. בקבוקי משקה לאורחים השלוחים.

כ"ק אד"ש ביקש שיביאו אליו את כל הדואר שנתקבל בימים אלו. בקשר לזה אמר לו א' הרופאים שאולי כדאי שינוח משך זמן כב' שבועות ואח"כ יתחיל לענות על המכתבים? ואמר אד"ש: שבאם יחכה עד אז הרי לאחרי ב' שבועות תהי' העבודה קשה יותר מפני שאז יהי' ריבוי גדול של מכתבים, וכן אמר בהמשך לענין הנ"ל: שכמו בענין של סיגריות הרי מי שרגיל בזה איננו יכול להסיח דעת מזה כלל, ואם צריך להסיח דעת בע"כ אזי פועל זה על בריאותו כמו שמצינו בחכמת הפסיכולוגיא, כמו"כ הוא והוא רגיל כל הזמן לקבל מכתבים ולענות, ופתאום צריך להפסיק הרי"ז היפך טובת בריאותו ח"ו,

רופא א' הציע שא' מהמזכירות יקרא המכתבים ויתנו לו דו"ח כללי ממה שנעשה וכו' וענה ע"ז אד"ש: שזה ע"ד דוגמא מרופא שיבוא אליו חולה והוא ישלח החולה לאדם שני ואח"כ יתן לו דו"ח כללי מהנעשה עמו, הרי מובן שהרופא לא יסתפק בזה וכו' וכמו"כ כאן.

בערב התקיימה יחידות לאורחים שעומדים ליסוע עד יום א', אד"ש ישב בפתח חדרו הק', כל אחד עבר ומסר את פתקו, אד"ש נתן לכאו"א דולאר לצדקה ואמר: נסיעה טובה, שנת הצלחה בגשמיות וברוחניות וברוחניות ובגשמיות, יעקב הלך לדרכו בכל הענינים.

**יום א' כ"ז תשרי:** התקיימה יחידות כשהר' ז. ו. עבר שאל אותו אד"ש: מתי הוא נוסע וענה שלמחרת, שאל אד"ש האם השאיר ממלא מקום, וענה שהר' ז.א. ממלא את מקומו, שאל אד"ש האם אחד מספיק והמשיך שהיות והוא כהן שיצרף אליו גם לוי.

בסוף היחידות נתן שטר של דולאר לחברי המזכירות ולרופא ואמר להם: שיהי' שנת הצלחה בגשמיות וברוחניות.

בערב שוב התקיימה יחידות, אד"ש ישב בפתח חדרו הק', כשכל אחד מוסר את הפתק שלו ואד"ש מכניסו לקופסא שמונחת על ידו, ואומר לכ"א: שנת הצלחה בגשמיות וברוחניות ונתן לכאו"א שטר של דולאר לצדקה.

להרבה ילדות נתן שתי דולאר ואמר להם שישפיעו על אחרות שידליקו נרות שבת.

כשהר' ז.א. עבר אמר לו אד"ש: האם הוא ממלא מקום של ז. וענה בחיוב, ברך אותו בהצלחה, אח"ז שאלו אד"ש האם יש גם לוי, וענה בחיוב (י.צ. ה.), חייך אד"ש ואמר לו שיהי' בהצלחה ושיהי' וילוו עליך וישרתוך.

לכמה ילדים שעברו ברך אותם אד"ש: שיהי' ירא"ש חסיד ולמדן.

להר' י.ג. נתן אד"ש דולאר לצדקה, אח"כ נתן לו עוד כמה שטרות ואמר לו: שזה השתתפות להתוועדות בא. ושיהי' בהצלחה ושנשמע בשו"ט.

<u>רשימה פרטית בלתי מוגה</u>

להר' ג.מ.ג. אמר: שנתראה בשנה הבאה געזונטער הייט.

**יום ה' בדר"ח מר-חשון:** בשעת הצהרים, פורסם בשם אד"ש, שרוצה שיסירו את כל המחסומים מפתח הבית, וכמו"כ שיפתחו את הזאל למעלה כדי שיוכלו ללמוד שם. ולשאלת הרופא שהרעש מפריע למנוחה, אמר אד"ש שקול תורה לא מפריע.

**שב"ק פ' נח, ג' חשון:** אד"ש בקש מהרופא רשות להיכנס לזאל למעלה ולשמוע קרה"ת ושיהי' בלי הגבלות ז.א. שיתנו לכולם להיכנס, ולנימוק הרופא שא"א להכניס את כולם כי אז יהי' דוחק ומחסור באויר, ענה אד"ש שהצונו יותר שיכנסו ממה שיגבילו את הקהל מלהיכנס.

**יום ה' ט"ו מר-חשון:** כ"ק אד"ש דיבר עם הרופאים שני ענינים (א' בימי חודש תשרי וא' בימים אלו) א) שאלה: ידוע שכליות נק' "כליות יועצות" ולכאורה איזה קשר יש להם עם הראש ששייכים לענין של עצה? (וכמדומה שכ"ק אד"ש ביאר מעצמו) שישנו אבר שמקשר הכליות עם הראש וא"כ יש להם קשר.

הציע ג"כ: שיחשבו אם יש חילוק בין גידול איברים החיצונים לגידול איברים הפנימיים ויעיינו בזה, מפני שזה יועיל להרבה ענינים.

ר' נ.מ. נכנס לכ"ק אד"ש ואמר לו כ"ק אד"ש מזל טוב (עבור הולדת נכדו). ושאלו מה שם הילד? וענה: שניאור זלמן. ושאלו שוב: נאך וועמען א נאמען? והשיב: ע"ש ר' שנ"ז ווילענקין ע"ה (מלמדו של כ"ק אד"ש). ואמר כ"ק אד"ש: הוא למד אתי און מיט די ברידער חומש, רש"י, גמ', ער האט מיר געשטעלט אויף די פיס. ער איז געווען א געהויבענער איד, געווען אן ארימאן, די ווייב האב איך ניט געקענט. זי איז געווען א שטרייטגע. אח"כ אמר: דער קינד זאל אויסוואקסן ווי ער איז געווען.

**יום ה' כ"ב חשון:** אחרי קרה"ת נכנסו לג"ע הת' הר' א'. ש. והר' א. ח. (אלו שהתעסקו בהוצאת הספרים וכת"י מפולין) ומסרו לאד"ש ב' ספרים ובו כתבי יד מהרביים ואמרו לאד"ש שזה מהרביים וכו' אד"ש אמר להם:

"א יישר כח גיט דער אויבערשטער

אזוי ווי דאס איז אן ענין פון פדיון שבויים, זאל דאס זיין פדיון שבויים ביי די אלע וואס וועלן דאס לערנען.

ס'איז דאך אויך אן ענין פון קיבוץ גלויות, זאל דאס זיין א התחלה פון קיבוץ גלויות ביי נשמות, קיבוץ גלויות ביי גופים, ביז צו קיבוץ גלויות ע"י משיח צדקנו בפועל ממש.

אשרי חלקם פון די אלע וואס האבן געהאט א שייכות אין דערויף, ובפרט אז ס'איז געווען טלטולי דגברא, ואעפ"כ האט מען דאס געטאן בשמחה וטוב לבב.

מ'זאל אנזאגן בשורות טובות תמיד כל הימים"

לפני שיצאו אמר אד"ש (בחיוך רחב ועשה בתנועה בידו הק') שצריכים להיות בשמחה און עס איז ניטא פון וואס צו זיין אן געצויגען.

**יום ד' כ"ח מר-חשון:** בשעה 2:40 יצא כ"ק אד"ש מחדרו החוצה (בפעם הראשונה) ונכנס לספרי' שלו לראות את הביכלאך שהביאו מפולין כו'. דפדף כל הביכלאך. וכן ראה שם

<u>רשימה פרטית בלתי מוגה</u>

עלים מספר "עץ חיים" ישן ואמר: עס איז א טייערע זאך, מען דארף דאס לייגן אין א מקום שמור. וכן קרא אגרת שכ' הגאון ר"א ו. ע"ה. ראה שם שעון גדול שיש לו פנים של אדם כשבחוץ מזריח השמש פניו ג"כ מאיר וכמו"כ לאידך גיסא, ושאל ע"ז אם אינו שייך לאותו האיש? בשעה 3:55 יצא מהספרי' וחזר לחדרו הק'.

**יום ה' י"ד כסלו:** היום שוב הגיע אד"ש בליווי ד"ר ר. בדרך מהבית לברוקלין דיבר עם אד"ש בענין שיחותיו של אד"ש ושאל: שבשיחת אחרי (לקו"ש ח"ז אחרי (א') ע' 121-122) מבואר המשל מרש"י "אל תאכל צונן ואל תשכב בטחב" וכם הוא הנמשל בנוגע לאהרן הכהן, כמבואר שם בהשיחה.

ושאל: לכאורה הרצון של אהרן הכהן להיכנס לקדה"ק זה לא ענין של קרירות - צונן, אלא אדרבה חמימות, ענה לו אד"ש: היות והוא רצה להיכנס סתם שלא ע"פ הציווי, הרי"ז ענין של צונן.

ושאל עוד, מבואר בשיחה שהחלק הראשון במשל "אל תאכל צונן" קשה יותר מ"אל תשכב בטחב" ולכאורה ע"פ חוקי הרפואה נראה ההיפך, לשכב בטחב קשה יותר מאכילת צונן, והשיב לו אד"ש: שעל שכיבה בטחב יש עצה להתכסאות היטב, משא"כ באכילת צונן שזה חודר לתוכו.

(נ.א. - א) מהו הדמיון בין הצמאון דאהרן להנהגה דחולה, הרי חולה **מתחילה** אוכל או שוכב במקום **קר ואח"כ** נעשה חולה (**חם**), משא"כ באהרן הוא **להיפך, מתחילה** הוא בצמאון "חולת אהבה" ענין החום לקדושה, **וכמו"כ** אח"כ?

ב) לכאורה לשכב בטחב הוא קשה יותר (לפי חכמת הרפואה) מאכילת דבר קר?

וביאר כ"ק אד"ש: א) בנוגע לזה שאין המשל דומה לנמשל - הנה אין הכוונה כאן שזה דומה) בכל הפרטים כ"א הכוונה בזה הוא, שצריכים באווארענען ענין **שלא** יהי' (מפני שהוא שלא כדבעי), ב) יש מעלה בשכיבה שאח"כ קען מען נאך באווערנען, משא"כ אכילה הרי נכנס תוך הגוף וא"כ הסכנה קרובה לבוא.

(הנ"ל נתן מז"ט לכ"ק אד"ש (בקשר עם י"ד כסלו) וכ"ק אד"ש חייך).

**י"ס כסלו:** בעת ההתוועדות בהניגונים הורה לכו"כ לומר לחיים.

אמר לר' ז. ט.: איר האט דאך היינט יום הולדת, נו, זאגט לחיים, וכשמילא הכוס (קטן) ביין, רמז שימלא עד הסוף, וחייך אליו חיוך רחב.

אמר לא' שכוסו אינו מלא (היינו שיאמר לחיים על כוס מלא).

בחלוקת הדולארים: ניגשו רק אלו שהשתתפו היום במבצעים, ביניהם גם כמה טנקיסטים מאנ"ש הנוסעים למבצעים כל יום ראשון, לא' אמר אד"ש שיקח ביד ימין, לכהן א' שעבר אמר אד"ש: מ'טאר זיך ניט משמש זיין מיט א כהן, אבער ס'איז דאך "לאו זמן עבודה" ס'איז דאך "בלילה". נתן להר' וו. חבילת דולארים עבור העזרת נשים, כשחזר שאל אותו באם כבר חילק לכולם.

<u>רשימה פרטית בלתי מוגה</u>

**יום ג' ב' דחנוכה:** אחרי מנחה אמר שיחה, ולאח"ז נעמד כ"ק אד"ש בפתח הדלת של הזאל למטה - הדלת הראשונה מהכניסה ל-770. מיד נעמד תור כדי לקבל שטר של דולאר - דמי חנוכה - מכ"ק אד"ש. (נתן לחברי המזכירות שטר של דולאר ואמר להם שהיום זה בלי הגבלות, ומיד הלכו לעבודתם) באמצע אמר אד"ש שיביאו הילדים ונתן לכל אחד שטר של דולאר, בהתחלת החלוקה עבר רק חלק קטן כי רבים חשבו שמא... אד"ש הביט איך שעוצרים ואמר: די וואס האלטן אפ דעם עולם זאלן זיי וויסען אז זיי פארטשעפען זיך מיט מיר (ואמר זאת פעמיים כשפניו רציניים, והצביע על עצמו כשאמר זאת) מיד נפתחו המעצורים וכולם החלו לעבור בשורה מסודרת, ואד"ש נתן לכאו"א שטר של דולאר, לכמה נתן שטר נוסף ואמר להם למי למסור זאת. בעת החלוקה שרו ואד"ש רמז בידו הק' להגביר את השירה, בעת החלוקה דיבר עם כמה אנשים.

לרד"ר אמר (בתנועה בידו): אן קונצן. לד"ר ר. אמר, היום זה בלי הגבלות.

לז. מארגנטינה - נתן עוד דולאר ואמר לו שזה בשביל המדינה שיהי' שם שקט (הכוונה לרעידת האדמה שפקד שם) (להרבה ילדים נופף לשלום). אחרי שסיים לחלק הורה לכולם לצאת מביהכנ"ס ואמר שיכנסו כעת הנשים, ונתן לכל אחת ואחת שטר של דולאר. לגב' ש. שאל אד"ש: איפה בנה וענתה שנסע לחתונה ואמר אד"ש: "לחתונה של י."? ונתן לה בשבילו עוד דולאר.

**מוצאי ש"פ מקץ, אדר"ח טבת:** בשעה 10:30 נסע אד"ש הביתה, בחוץ עמד ר' ב.א. עשה אד"ש בידו בתמי' ואמר לו הרי צריכים ללכת לשמח יהודים.

**יום א' א' טבת:** כ"ק אד"ש נכנס לתפלת מנחה, אחרי קדיש דרבנן קרא אד"ש להר' י.י.ה. - שהנחה את המסיבה - ואמר לו שכעת יאמרו את י"ב הפסוקים, ואח"כ יאמר (אד"ש) שיחה -.

הילד של ר' שד"ב ה. אמר את י"ב הפסוקים כשכל הילדים והקהל אומרים אחריו מלה במלה, באמצע אמירת הפסוקים קרא אד"ש שוב להר' י.י.ה. ואמר לו שיודיע שלא רק הבנים צריכים לומר אחריו אלא גם הילדות.

אד"ש אמר שיביאו מיקרופון עבור ר' י.י.ה. וכשלא הי', אמר לי.י.ה. שיעלה על הבימה ויעמוד על ידו, ושיתרגם את השיחות לאנגלית.

**יום ב' ב' טבת:**

בשעה 12:30 נכנס הר' י.י.ה. לאד"ש, אד"ש הודה לו על המסיבה שנערכה אתמול, ואמר שזה גרם לו נח"ר גדולה.

אח"כ אמר לו כ"ק אד"ש: איך זוך א "בעל מרץ" און א "בעל סוד" און איך האב דיר געפונען, איך וויל מאכן א פארברייגגען (נאך מנחה), און פאר דערויף וואשען זיך, און דערנאך טיילן כוס של ברכה, און אויך טיילן (פאר די שלוחים) בקבוקים.

איך וויל ניט אז מען זאל דאס מפרסם זיין בכדי עס זאל ניט שטערן קיינעם פון דער ארבעט, ווי די גמרא זאגט בהנוגע די קריאות פון ימי החול (שקצרו בזה).

ושאל הנ"ל: אם יכול לספר למרכז? וענה כ"ק אד"ש: לא. ושאל שוב: אם יכול לספר למשרד השידורים (בכדי שידעו בעוד מועד)? וענה: לא. ובכלל אינו נוגע לפרסם שהרי יכולים לקנות הטייפ כ-10 דקות אחרי ההתוועדות. ושאל הנ"ל אם יכול לספר לתלמידי הישיבה (דכאן)? וענה אד"ש: שלספר לתלמידי הישיבה כאן הוא פירסום כ"כ כמו עד אוסטרלי', ושאל הנ"ל: אם יכול לספר לבנו שנמצא במאריסטאן? וענה כ"ק

<u>רשימה פרטית בלתי מוגה</u>

אד"ש שיעשה כמו שעושה עם שאר המוסדות שלו (היינו שיאמר להם שאם רוצים שיהיו כאן). והוסיף כ"ק אד"ש: שיכול לספר לאחיו שיחיו.

אח"כ אמר לו כ"ק אד"ש: כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אמאל געזאגט אז עס זיינען פאראן דריי סוגים אין א בעל סוד: א) אז ער דערציילט גלייך (לאחרי פיתוי קל). ב) מען דערקענט אז ער האט א סוד אבער ער דערציילט ניט. ג) אז מען דערקענט גארניט אז ער האט א סוד.

וסיים כ"ק אד"ש: בוודאי יבחר לו את הדרך הנכון בזה. ואמר לו ג"כ, שיכניס הדברים באופן שלא יהי' ניכר לשום אדם כו'. כ"ק אד"ש רצה ליתן לו מעות עבור ההוצאות. וענה הנ"ל: שיש לו.

בשעה 3:35 נכנס לההתוועדות אמר שיחה קצרה ואמר שאלו שעדיין לא נטלו ידיהם שיטלו ידיהם.

נטל ידיו הק' (כשראה את שני החלות הגדולות שהכינו - לחם משנה - חייך אד"ש (ראה לקמן בסוף הע') פרס חתיכה קטנה מהחלה בידו הק' ועטף אותה במפית, העביר את שני החלות הגדולות לצד שמאלו ואמר שאלו שנטלו ידיהם - או שיטלו, שיקחו מהחלות, (כשעלו כולם בבת אחת אמר אד"ש): לאו דוקא בבת אחת. וכשהתחילו לחטוף אמר שיקחו רק חתיכה.

(כשר' מ.פ. כ. הגיע שאלו אד"ש באם הרש"ג כבר הגיע וענה בחיוב).

(לפני בהמ"ז שתה כוס מים ולפנ"ז שפך מעט מהכוס).

צוה להר' טלשעוסקי להכריז - כרגיל - על הסדר שיהי' ואמר הר' ט. שכעת יברכו ברכת המזון ואח"כ יחלקו כוס של ברכה ושיהי' בסדר מסודר.

לפני ברהמ"ז מילא הר' מענטליק את הכוס (מחדש) ביין, (והיין מהכוס שפכו לכוס אחר) אח"כ ברך בהמ"ז.

אחרי ברהמ"ז ברך מפרה"ג, אח"כ התחיל לחלק כוס של ברכה, ולא חילק ממקומו הרגיל בקצה השולחן, אלא במקומו שיושב בהתוועדות, נתן לכאו"א לחיים, ולעסקנים ולמנהלי מוסדות נתן בקבוקי משקה, להרבה נתן שני בקבוקים, להרבה נתן בקבוקי משקה עבור קרוביהם העסקנים.

**יום ג', ג' טבת:** כ"ק אד"ש קרא לחדרו את הר' י.י.ה. שי', ושאלו: ווי אזוי האט איר זיך אן עצה געגעבן צו האלטן דעם סוד. (בנוגע לההתוועדות)? הנ"ל: הבאתי את הדברים במכונית שלי והכנתי אותם שם עד עת ההתוועדות, ושאלו שוב: ווי האט ד.ב.י.גערואוסט דערפון? וענה הנ"ל: כי בכל פעם הוא משרת את כ"ק אד"ש ובמילא חשב שכ"ק אד"ש רוצה שהנ"ל ישרתו ולא אחר. (ונענה בראשו לאות הסכמה). ושאלו שוב: וואס האט איר דערציילט צו "מרכז"? וענה הנ"ל: שאמר להם ששמע מכ"ק אד"ש בהנוגע השיחה להילדים כו' ומתעניין בזה עכשיו. והמשיך לספר: אחי א. שי' סיפר כל הסוד. כשנכנס למרכז שאלוהו למה בא? וענה: לתפוס מקום, ואז הבינו. כ"ק אד"ש חייך, אח"כ אמר לו שהטעם מה שלא שאלו כל הפרטים בעת כוש"ב מפני שהי' אז קהל גדול ולא רצה לעכבם. ועוד אמר לו שבפעם השני' שיהי' התוועדות לא יביא שני חלות מפני שה"עולם" יחשבו שצריכים לחם משנה גם באמצע השבוע.

וסיים כ"ק אד"ש: שרוצה לשלם לו שלא יהי' עבד לוה לאיש מלוה, ונתן לו 20 דולאר.

**ו' טבת עש"ק ויגש:** הר' י.י.ה. נכנס לכ"ק אד"ש, אד"ש נתן לו השיחה ד"יום ז' דחנוכה, תשל"ח" (מוגה). ושאלו בהנוגע לתירגום השיחה באנגלית. וענה הנ"ל שכבר נתן זה לנ.מ. ואמר לו כ"ק: שיזכירו עוה"פ.

אח"כ אמר לו כ"ק אד"ש: שרצונו לידע כמה הי' הסה"כ של ההוצאות בעבורה ההתוועדות דיום זאת חנוכה. והוסיף: שאם לא ירצה לקבל המעות ממנו הרי מכיון שהתוועדות זו היא ע"ד לוחות שניות שניתנו בחשאי, קען נאך אמאל טרעפן אזא ענין-פארברייגגען - ואז אודיע ע"י אדם שני ולא על ידו.

והמשיך: איר ווייסט ניט די מעשה וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט!? ער האט מיר דערציילט די מעשה - איך האב ניט פארשטאנען פארוואס דערציילט ער מיר דאס - עס איז געווען ר' שמואל גורארי', וואס ער איז געווען א גביר וכו', האט כ,ק אדמו"ר נ"ע עם אריינגערופן צו זיך מוצאי ר"ה און געזאגט אז ער וויל ער זאל פארען אויף א שליחות כו', האט ער זיך אנגעהויבן דרייען, ער דארף אהיים פארן, ער איז ניט שייך דערצו כו', דערנאך האט ער שוין מסכים געווען און געפרעגט: וואו? האט דער רבי נ"ע געזאגט אין פעטערבורג. און געגעבן עם דרייסיק רובל, האט ער זיך אפגערופן: איך גיב דאך דעם רבי'ן הונדערטער רובל איז צוליב וואס דארף מיר דער רבי געבן די דרייסיק רובל? האט דער רבי נ"ע געענטפערט: בשעת מען גיט די אייגענע געלט מישט זיך אריין דער בעל דבר משא"כ בשעת מען גיט קהל'ישע געלט.

ושאלו כ"ק אד"ש: וויפיל האט געקאסט די משקה? וענה: שקיבל בחנם. ושאלו שוב: וואו קריגט מען משקה בחנם?! והמשיך הנ"ל: מא' שיש לו חנות גדולה ממשקאות ושולח אלי לפעמים תכופות כמה קעסטלאך ממשקאות והיות שיודע שליובאוויטש שותים וודקה במילא נתן לי מזה. ושאלו: מי זה? ואמר הנ"ל: שבחודש תשרי כתב לכ"ק אד"ש בהנוגע אשתו שהיתה חולנית, ואמר כ"ק אד"ש: דאס איז דאך שוין א לאנגע צייט צוריק (לפני תשרי) והוסיף הנ"ל: שהאיש הנ"ל אמר לו (בתשרי) אז וויפיל ער האט ליב די ווייב איז ביי עם.א סאך טייערער דער רבי, ווייל די ווייב דארף נאר ער איר האבן, משא"כ דעם רבי'ן דארפן **אלע** האבן. (כשאמר זה נעשו פניו הק' רציניות ואמר אד"ש): דער אויבערשטער האט געגעבן יארן פארביידען.

ושאלו כ"ק אד"ש: און וויפיל האט געקאסט די חלה? וויפיל חלה איז געווען? וענה הנ"ל: זעכציק פונט (ועשה כ"ק בידיו הק' כעין תמי'). ושאלו שוב: היאך קנה כ"כ הרבה באמצע השבוע? וענה הנ"ל: שבא למאפי' ואמר שיוריקו הכל. ושאלו: וויפל האט געקאסט די חלה: וענה הנ"ל: 65 דולר. ואמר לו כ"ק אד"ש: שכבר נתן 20 דולר ביום ג' ויתן עכשיו 25 דולר. ולקח מקופה א' ונתן 20 דולר ומקופה שני' לקח עוד חמש דולר ונתן לו. ואח"כ אמר כ"ק אד"ש: א בארגין! ואמר להנ"ל שהוא ישתתף בממונו ע"י הנתינה של 20 דולר.

מתחילה לא רצה הנ"ל ליקח ואמר (שקבלתו הוא בקבלת עול), ואמר לו כ"ק אד"ש: מען דארף וועלן (נעמען). כשסיים לדבר עמו אמר לו: א פרייליכן שבת.

**יום א' ח' טבת:** בגעה"ת עמד הרי"ה ובנו, אד"ש נתן לו קונטרס אהבת ישראל בצירוף חתימתו הק' - הוצאה מיוחדת עבור המשפיעים - ואמר לו כיון שאתה משפיע, וזה הוצאה מיוחדת עבור המשפיעים, ובו חתימתי והברכות.

וכן נתן לו קונטרס מכתבי ברכה - מוחדש תשרי - עבור אשתו. נתן לבנו תניא כיס ו-10 לירות עבור צדקה (ושיתן זאת ביום הבר מצוה) וברך אותו שיהי' חסיד ירי"ש ולמדן.

וכן נתן לו חבילת סידורים ואמר לו שאחד עבור אשתו, ושהשאר היא תחלק לילדים (מכיון שעד י"ג צריך לאמו) ונתן לו 200 דולאר עבור הוצאת המקוה שבונים בעירו. רי"ה אמר לאדי"ש שהרי הוא נותן לאדי"ש כסף ובמילא גם זה נכלל בזה, אדי"ש סיפר לו הסיפור הידוע מאדמו"ר נ"ע והרש"ג (ראה לעיל ע'10 ) ועדי"ז כאן. הנ"ל אמר שרוצה להשתתף ואדי"ש הסכים רק על סכום של 20 דולר. אח"כ ברך אותו בהצלחה על משרתו החדשה בתור רב.

**יום ג' עשרה בטבת:** בג"ע הת' עמד הר' י.י. אדי"ש נתן לו בקבוק קטן, יין מכוס של ברכה מההתוועדות דזאת חנוכה, ואמר לו שזה עבורו ובני משפחתו ושיתוועד בכ"מ.

וכן נתן לו 80 לירות שיתן לאשתו ולכל א' מילדיו שטר של 10 לירות. נתן לו קונטרס אהבת ישראל של המשפיעים ובסוף הקונטרס חתימתו הק', ונתן עבור אשתו קונטרס מכתבי ברכה (מר"ה), נתן כמה ספרי תניא עבורו ועבור בניו וכן כמה סידורים עבור אשתו ועבור בנותיו, וברך אותו בנסיעה טובה ובהצלחה.

**יום ד' י"א טבת:** בערב כשהלך אדי"ש שאל את הר' ב.א. באם נוסע למחרת לאה"ק וענה בחיוב, אח"כ שאל אותו באם קיבל כסף כדי לתת לצדקה שם, וכשלא ענה בחיוב, חזר אדי"ש לחדרו הק' ונתן לו שני שטרות של 10 לירות עבור צדקה באה"ק.

**מוצש"ק פ' ויחי, י"ד טבת:** אדי"ש אמר להרי"ו בנוגע השיעור תניא על הרדיו בלילה זו (שהיא ליל ניטל) שיספר (איזה) סיפורים מרבותינו נשיאינו.

**ר"ד כ"ק אדמו"ר שליט"א בעת ביקור הרב מנאראל שליט"א, יום ב' ט"ז טבת:** (אחרי תפלת מנחה עמדו בגעה"ת הרב שפירא (מנאראל) שליט"א ובנו הרב ר' ד"ב והנכד הבר מצוה א.י. ונכדותיו הקטנות) אדי"ש ברכם בברכת מז"ט, ופנה להרב ואמר: מזל טוב אייך, איך גיב אייך אפ מזל טוב פאר דער בר מצוה, און נאך א גרעסערער מזל טוב פארן מאכען דעם כולל אין בני ברק.

**כ"ק אדי"ש:** מ'לערענט שו"ע אויך ביי אייך?
**הרב:** כ' אב איינגעפירט ביי מיר אין בית המדרש לערענט מען יעדען פרייטאג נאכט שו"ע "הרב".
**כ"ק אדי"ש:** נו, דאס איז א שוחד פאר מיר, אבער איך מיין צי אין כולל לערענט מען שולחן ערוך הלכה למעשה (הוראה - רבנות) ווייל איך הער אז עס פעלען רבנים אין א"י.
**הרב:** דער גאנצער כולל איז דאך מיוסד אויף הוראה, עטליכע יונגעלייט האבען שוין גענומען הוראה (סמיכה).
**כ"ק אדי"ש:** "יורה יורה" "ידין ידין"?
**הרב:** נאר איינער האט "ידין ידין" אויך.
**כ"ק אדי"ש:** נו, דער עיקר איז דאך "יורה יורה". מען לערענט "פרי מגדים" אויך?
**הרב:** פרמ"ג און תוו"ד.
**כ"ק אדי"ש:** מ'זאגט דאך אז דער פמ"ג האט געהאט א שייכות צום בעש"ט.
**הרב:** לא שמעתי, נאר צו דעם רבי ר' בער האב איך יא געהערט אז דער פמ"ג איז געווען.
**כ"ק אדי"ש:** (כנראה חשב שהרב מנאראל כיוון להרבי ר' ברוך) שאלו: איר מיינט דעם בעל שם טוב'ס אייניקעל?

**הרב:** ביי דעם מעזריטשער מגיד ז"ל. והמשיך הנ"ל: שאומרים שהיה לו ברכה מהמגיד זצוק"ל, שהי' אצל המגיד וכשיצא שאלו אותו איזה רושם עשו עליו החבריא קדישא של המגיד זי"ע, והשיב הפמ"ג שמרגיש כ"כ בשפלות נגדם כמו להבדיל האינו יהודי כשקוראים אותו להדליק הנר ביוה"כ אצל היהודים בביהכ"נ, והיה לו ברכה מהמגיד ז"ל.

**הרב:** אומרים בשם דעם הייליגען רוזינער ז"ל שאמר פעם אז אידען זיינען שוואך בבחינת יד פילט ער א שוואכקייט אין דער האנט, טאמער זיינען אידן שלאף בבחינת רגל פילט ער א שלאפקייט אין די פיס, טאמער פילען זיך אידען שוואך בכלל טוט עס וויי דער גאנצער גוף, דער ליובאוויטשער רבי דארף זיין געזונט, וועט ער משפיע זיין געזונט אין אלע אידען.

**כ"ק אדי"ש:** נו, אפשר הויבט מען אן פריער מיט אלע אידן.

**הרב:** אבער אזעלכע אידן זיינען דאך ראשי ומנהיגי הדור, דארפן זיי משפיע זיין אידן זאלן זיין געזונט. (כ"ק אדי"ש הקשיב לדברים אלו בפנים רציניות).

אח"כ אמר כ"ק אדי"ש: כ'בין זייער צופרידען צו הערען אז מ'לערנט ביי אייך אין כולל הוראה, ובירכו בהצלחה.

אח"כ שאל אדי"ש באם נכדותיו מדליקות נרות בעש"ק, וענה בחיוב, ואמר הר' ש. שאף חתם על ה"קול קורא" בנוגע לנש"ק, ואמר לו אדי"ש: יישר כח, אח"כ נתן אדי"ש שטר של דולאר לילדות באמר שהוא רגיל לומר "שיאיר מזלם". ונתן להם הדולר.

**יום ג' י"ז סבת:** ע"י געי"ת עמד הר' מ.ל. שנוסע לאה"ק, אדי"ש שאל אותו באם נוסע היום וענה בחיוב, ברך אותו אדי"ש בנסיעה טובה ובשמיעת בשורות טובות, אח"כ שאל אותו באם קיבל כסף לתת צדקה שם וענה שקיבל דמי חנוכה, שאל אדי"ש באם קיבל לתת לצדקה באה"ק, וענה בשלילה, אמר לו אדי"ש שיחכה, ונכנס לחדרו הק', יצא ונתן לו 5 שטרות של 10 לירות כדי לתת שם לצדקה.

אחרי תפלת מנחה עמדו הת' השלוחים הנוסעים ללמוד בלוס אנג'לס עם הר"י בגעי"ת, אדי"ש נכנס לחדרו כשהסידור בידו הק' ויצא כשבידו מספר קונטרסים "אהבת ישראל", וקונטרס מכתבי ברכה וחבילת דולארים.

**יום ב' כ"ג סבת:** בעת ההתוועדות נגש הר' פ.מ. וביקש ברכה אדי"ש אמר לו שיהי' שנת הצלחה בגו"ר, ותשפיעו יותר (היות והוא משפיע) אז יהי' לכם יותר מלמעלה ובשמחה ובטוב לבב. כן נגש הר' קזרנובסקי.

**יום ו' ה' שבס:** בשעה 11:00 נכנס הר' י.י.ה. לאדי"ש, ודיבר עם אדי"ש בענין הדינר של מכון חנה שיתקיים ביום ג' ט' שבט. כ"ק אדי"ש הודיע לו שמר ד.ר. מברזיל ג"כ ישתתף בדינר ושיכבד אותו בנאום, כיון שהוא עתיד להיות גדול במועצת העירי' בעירו בברזיל.

**יום ד' ו"ד שבס:** לפני שאדי"ש יצא מההתוועדות דיבר עם הר"פ מאה"ק הנ"ל אמר לאדי"ש שאכן יש למחות נגד ענין לימוד השפה הערבית באה"ק, אמר לו אדי"ש שזה צריכים לדבר באה"ק.

**יום ה' י"א שבס:** קיבל ליחידות, לכו"כ אמר בעת היחידות: מען זאל זיך זעען נאך אמאל.

הרי"כ שי' נכנס ליחידות ואמר לו כ"ק אדי"ש: ר' יעקב איר האט מיר געזאגט אז איר האט צוויי ענינים איבער צוגעבן (הנ"ל כתב לאדי"ש בתשרי שיש לו ב' דברים שרוצה להראות לאדי"ש). הנ"ל הוציא תמונה והראה לאדי"ש, ואמר שאדי"ש הכיר היטיב את

<u>רשימה פרטית בלתי מוגה</u>

